פאַליאַקן, אָבער אויך אַ גרויסע צאָל יידישע פרויען און מיידלעך האָבן באַקומען אַרבעט אַהיים און געפלאָכטן שטולן פאַר טהאָנעטס פאַבריק. דער רוב יידן אין שטאָט האָט זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל און מלאכה. די שטאָט איז געוואָרן אַ האַנדלס־צענטער פאַר די אָרטיקע אַרבעטער און פאַר די פויערים פון די שכנותדיקע דערפער, וועלכע פלעגן קומען אין שטאָט אויף די וועכנטלעכע יאַרידן. אַ דינע שיכט רייכע יידן האָט זיך באַשעפטיקט מיט צושטעלונגען פאַר דער רעגירונג, מיט וואַלד־האַנדל אאַ״וו. די צאָל איינוווינער אין שטאָט איז אויסגעוואָקסן אין יאָר 1897 ביז 11.767 און די צאָל יידן ביז 5054, ד. ה. 43% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

## ז. די קהילה און אירע פרנסים

אינעם אינערלעכן לעבן פון די ראַדאָמסקער יידן זענען נישט פאָרגעקומען קיין וועזנטלעכע ענדערונגען. די שטאָט האָט זיך געפונען בעיקר אונטער דער השפעה פון חסידות, דעם רבס הויז און די הייזער פון די ראַדאָמסקער צדיקים. אין יאָר תרכ״ו (1866) איז ר׳ שלמה הכהן נפטר געוואָרן און זיין אָרט פאַרנעמען: הרב צבי מאיר הכהן ווי אַ רב און אב״ד און ר׳ ישׂשכר הכהן ווי אַן אדמו״ר.

בראש פון דער קהילה זענען געשטאַנען פרנסים („דאָזאָרעס״) געוויילטע יעטוועדע דריי יאָר. די וואַלן זענען פאָרגעקומען אין שול אָדער אין בית־מדרש אין דער אָנוועזנהייט פון אַ רעגירונגס־פאָרשטייער, וועלכער האָט נישט איין מאָל אַריינגעמישט זיך ביים באַשטימען דעם ראש הקהל. די אויסגעוויילטע זענען געווען פון צווישן די אָרטיקע גבירים, „נכבדים״, האַלב־אויפגעקלערטע יידן וואָס האָבן געהאַט אַ „חזקה״ אויף דער אָנפירונג מיט דער קהילה. דאָס זענען געווען הערשל באַנקיר, יוסף הערש שאַץ, פישל דאָנסקי, גבריאל גאָלדבערג, ישראל רעכטערמאַן, מאיר ראָזענבאום, גאַריכטער, בעריש פערשטער, א״אַ. זייער עיקר אויפגאַבע איז געווען איינמאָנען פון די שטאָט־איינוווינער קהילה־עטאַט; אויך האָבן זיי רעפּרעזענ־טירט די קהילה פאַר דער מאַכט.

אויסער דער אָפיציעלער קהילה זענען אויך געווען אין שטאָט עטלעכע פילאַנטראָפּישע און הילפס־אינסטיטוציעס ווי די „חברה קדישא״, „תלמוד־תורה״, „הכנסת־אורחים״ א״אַ. בדרך כלל איז דאָס קהילה־לעבן געפלאָסן רויק און נאָר פון צייט צו צייט לייע־נען מיר אין דער העברעישער פּרעסע פון יענער צייט, אין דער „הצפירה״ און „המליץ״, אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן אַן אויסערגעוויינ־לעכן פאַל, ווי למשל, וועגן דער גרויסער עקספּלאָזיע פון אַ פאַס מיט דינאַמיט, וואָס האָט געהערט צו די פישער און בעת וועלכער עס זענען דערהרגעט געוואָרן אַכט מענטשן און פינף פאַרוווּנדעט. אין שכנות האָט זיך געפונען אַ שולע אָבער צום גליק האָבן די קינדער זיי פאַרלאָזן קורץ פאַר דער עקספּלאָזיע.

אַנדערע קאָרעספּאָנדענציעס אין דער פּרעסע שילדערן די פאַר־שידענע פאָרמען פון דער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, רעליגיעזע פייערלעכקייטן וואָס האָבן געמאַכט אַ רושם אין שטאָט אדג״ל. פון די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענציעס דערוויסן מיר זיך ווער עס זענען געווען די אַקטיווע טוער און די בעלי־השפּעה אין שטאָט.

אָט איז אַן אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענץ פון יאָר 1893 וועלכע שילדערט דאָס לעבן פון די רוסישע זעלנער אין ראַדאָמסקער מילי־טערישן גאַרניזאָן און דערציילט וועגן אַן אַלטן יידישן סאָלדאַט, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין אַ סך קאַמפן. „אין דער שטאָט נאָוואָ־ראַ־דאָמסק איז די טעג געשטאָרבן אינעם הונדערסטן יאָרטאָג פון זיין לעבן דער מיליטערישער שניידער פון פולק וואָס סטאַציאָנירט דאָרט. זיין נאָמען איז געווען קאַהאַן. פונעם טאָג ווען ער איז אַריין אין מיליטער — ד.ה. פון זיין צוואַנציקסטן לעבנס־יאָר — ביז צום טויט האָט ער געדינט ווי אַ מיליטערישער שניידער. דער פאַרשטאָרבענער האָט אָנטייל גענומען אין אַ סך מלחמות וועלכע אונדזער מיליטער האָט בעת זיין לעבן געפירט. דינענדיק נאָך אין מיליטער האָט ער געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה און אַ דאַנק אים האָבן די יידישע מילי־טער־לייט געדאַוונט בציבור בעת דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה. די ספר־תורה האָט ער געשאָנקען פאַרן טויט די זעלנער וואָס זענען אין מיליטער. דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג טאַרנאָווסקי האָט באַפוילן מקיים צו זיין דעם ווילן פון פאַרשטאָרבענעם און די ספר־תורה איז איבערגעפירט געוואָרן מיט געזאַנג און טענץ פון דער שטאָטישער שול אין אַ צוגעגרייט געצעלט. נאָך יום־טוב וועלן די יידישע זעלנער נעמען מיט זיך דאָס געצעלט אין די פעלד־לאַגערן ווו זיי וועלן זיך געפינען אין די זומערדיקע חדשים״.

פון דעם זעלביקן יאָר געפינען מיר אויך אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ב. שטאַטלער, דעם ראַדאָמסקער מיטאַרבעטער פון דער „הצפירה״, וועגן אַ „קולטור־קאַמף״ אין שטאָט. דער ראש־הקהל, הער באַנקיר, אַ ייד, אַ משכיל און אַ תקיף דערצו, האָט זיך אַמאָל צעקריגט מיט אַ וואַנדערנדיקן מגיד וואָס איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ דרשה קעגן די משכילים. „די פאָריקע וואָך — ווערט דערציילט אין דער קאָרעס־פּאָנדענץ — איז פאַרבייגעפאָרן אונדזער שטאָט ראַדאָמסק איינער פון די וואַנדערנדיקע פון שטאָט צו שטאָט מגידים און מיט זיינע רייד וואָס ער האָט געהאַלטן אין שול, האָט ער אויפגעהויבן אַ גרויסן רעש און געפילדער קעגן די משכילים וואָס לייענען ספרים חיצונים און געמוסרט קהל, אַז ער זאָל אַנטקעגנשטעלן זיך די וואָס טוען שלעכטס, ווייל צוליב זיי איז דאָס גאַנצע בייז וואָס האָט געטראָפן אונדזער שטאָט. במשך פון עטלעכע חדשים זענען אין איר געשטאָרבן עטלעכע הונדערט קינדער. אויך האָט ער שטאַרק געשאָלטן אין אַ פאַרריסענער שפּראַך, די משכילים, זייערע ביכער און לייענער, פון וועלכע אויך אונדזער שטאָט איז, פאַרשטייט זיך, ניט פריי. באַוויגן אים צו זאָגן אַזעלכע האַרבע ווערטער האָט דער פאַקט וואָס עמעץ האָט אַראָפּגעריסן פון דער שולוואַנט דאָס קוויטל אין וועלכן דער מגיד האָט מקיים געווען דעם מאמר חז״ל: „שרי ליה לצורבא מרבנן לאודועי נפשאה״ (אַ תלמיד חכם מעג זיך מפרסם זיין) און האָט זיך שטאַרק גערימט און געלויבט און דעם גאַנצן צאָרן אויסגעלאָזט צו די משכילים.

אַ גרויסער דאַנק קומט דעם ראש הקהל פון אונדזער שטאָט, הער באַנקיר, וואָס דערוויסנדיק זיך וועגן מגיד, האָט ער פאַרמאַכט דאָס מויל פון אייזל און באַפוילן אויסרופן שבת קודש פון בעלעמער, אַז יידן באַגערן נישט אַזעלכע דרשנים און די טירן פון דער שול זענען פאַרמאַכט געוואָרן פאַרן דאָזיקן מגיד מישרים. זיין נאָמען איז נישט באַוווּסט, ווייל צוליב אַן אומבאַקאַנטער סיבה פאַרהוילט ער אים און רופט זיך „דער פוילישער מגיד״. זיין היים־שטאָט איז ביאַלא און זיין אויסשפּראַך איז ענלעך צו דער ליטווישער אויסשפּראַך״.

אין אַן אַנדערער קאָרעספּאָנדענץ ווערט דערציילט וועגן דער גלייכגילטיקייט פון די קהילה־מיטגלידער וועלכע העלפן נישט דעם ראש הקהל, דעם הער באַנקיר. דער קאָרעספּאָנדענט האָט ווייזט אויס איבערגעטריבן שילדערנדיק אין שוואַרצע פאַרבן דעם מצב פון דער קהילה. אָט זענען זיינע ווערטער: אין אונדזער שטאָט וואָס רעכנט זיך צווישן די גרויסע שטעט, זענען נישט פאַראַן אַזעלכע גמילות־חסדים אינסטיטוציעס ווי עס זענען געגרינדעט געוואָרן לעצטנס אין די אַנדערע שטעט ווו אחינו בני ישראל וווינען, און נאָך אַ טאָפּלט, פירפאַך בייז איז צו באַמערקן אין אונדזער שטאָט, מיר האָבן אויך נישט קיין שול, קיין בית־מדרש און מקוה ווי עס פאַרמאָגן אַנדערע שטעט, ווייל די שול האַלט ביים איינפאַלן, דאָס בית־מדרש איז צע־שטערט געוואָרן מיט פינף יאָר צוריק און די מקוה איז בחזקת סכנה פאַר אַלע אירע באַזוכער און קיינער זאָרגט זיך נישט צו פאַרריכטן זי אין דער צייט. מיט צוויי יאָר צוריק איז אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ ראש הקהל דער געערטער הער באַנקיר וועמען עס זענען באַקאַנט

די פלאָגן פון אונדזער שטאָט, ער איז אָבער איינער און קיינער קומט אים נישט צוהילף, ווייל איטלעכער האָט אין זינען זיינע געשעפטן און איין שוואַלב קען קיין זומער נישט מאַכן. ער שרייט געוואַלד: צען יאָר כסדר זאַמלען זיך אונדזערע תושבים יעטוועדן חול־המועד פסח און סוכות אָבער אָן אַ טאָלק. פרייטיק, ערב שבת קודש פרשת עקב האָבן זיך אונדזערע תושבים פאַרזאַמלט לויטן באַפעל פון ראש הקהל און מיט דעם מיט וואָס זיי זענען זיך צונויפגעקומען מיט דעם זענען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען, גאָרנישט אויפטוענדיק און אין אַלע קהלשע ענינים זעט מען בלויז אָפּגעשטאַנענקייט אָן שום פאָרשריט.

אַן אַנדערע קאָרעספּאָנדענץ פון יאָר 1894 דערציילט וועגן אַ סיום־פייערונג פון אַ ספר־תורה, וואָס עס האָט געלאָזט שרייבן די מוזיקאַנטן־קאַפעליע אין שפיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער גרינדער פון דעם ציוניסטישן פאַראיין, מ. לעווקאָוויטש. „די מוזיקאַנטן־קאַפעליע איז לויבנסווערט, כאָטש זיי זענען קנאַפּ אין צאָל און דער אייבערשטער האָט זיי נישט באַשאָנקען מיט רייכקייט, האָבן זיי אָבער דאָך מנדב געוועזן פון זייערע פאַרדינסטן, לאָזנדיק שרייבן אַ ספר־תורה פאַר זיך און געפראַוועט די פאָריקע וואָך אַ סיום. דער דיריגענט פון דער קאַפעליע, הער משה לעווקאָוויטש, האָט זיך באַמיט אַז דער סיום זאָל אויספאַלן אימפּאָזאַנט, ער האָט איינגעלאַדן אַלע נכבדים פון אונדזער שטאָט און צווישן זיי דעם ה׳ פערשטער און דעם הער רעכטערמאַן און מען האָט געפירט די ספר־תורה אין שול אַריין מיט גרויס פראַכט און פאַראַד. דאָרט האָט דער חזן מיט דער באַגלייטונג פון די מוזיקאַנטן געזונגען דעם „הנותן תשועה״ און „לדוד מזמור״. נאָכדעם האָבן די מוזיקאַנטן געגרייט פאַר די געסט אַ גרויסע סעודה און דערמיט האָט עס זיך פאַרענדיקט״.

און אָט איז אַ קאָרעספּאָנדענץ פון יאָר 1895 (תרנ״ה) וועגן אַ פילאַנטראָפּישער אַקציע אין שטאָט: „אין שטאָט ראַדאָמסק (פעטריקאָווער פּאָוויאַט) האָט דער חשובער גביר ר׳ ישראל רעכטערמאַן, באַוויליקט זיך צו פאַראינטערעסירן מיט די נויטן פון די אָרעמע תלמוד־תורה־קינדער, וועלכע וועלן נישט קענען גיין לערנען צוליב דעם מאַנגל אין שיך. ער האָט באַזאָרגט מיט שיך די אָרעמע קינדער און אייניקע פון זיי האָט ער געשאָנקען וואַרעמע מלבושים. הלוואי זאָלן אויך אַנדערע נדבנים זיך אָפּרופן און נאָכטון זיין ביישפּיל און די ברכות פון אָרעמע קינדער וועלן רוען אויף זייערע קעפּ״.

אַזוי איז געפלאָסן דאָס יידישע לעבן אין שטאָט רויק און אָן ערנסטע אויפטרייסלונגען ביז עס איז אויפגעקומען די ציוניסטישע באַוועגונג. די דורות־לאַנגע ליבשאַפט צו דעם אוראַלטן היימלאַנד האָט מיט אַ נייעם כוח זיך אויפגעוועקט אין די הערצער פון די ראַדאָמסקער יידן און עס האָט זיך אַנטפּלעקט וואָסערע גרויסע אוצרות פון אהבת ישראל זענען אין זיי פאַרבאָרגן.

## ח. דאס געזעלשאפטלעכע לעבן אויפן שוועל פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914-1897)

דער רוף פון ד״ר טעאָדאָר הערצל און פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט, האָבן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויך אין חסידישן ראַדאָמסק. צווישן די בחורים פון רבנ׳ס בית־מדרש זענען געווען אַ סך חובבי־ציון, פיל פון זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער נייער באַוועגונג צוליב דער גלייכגילטיקייט צו איר פון די עלטערן און אויס מורא, אַז דאָס זאָל זיי נישט ברענגען צו ביטול התורה. און דאָך האָט די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע געהאַט אַ השפעה און חברים פון פאַרשיידענע קרייזן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג צווישן זיי בית־מדרש־לערנער ווי ר׳ שלמה קראַקאָווסקי, עזריאל פזשעראָווסקי און ר׳ אברהם מינסקי. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרויסער אַקטיווקייט ר׳ משה לעווקאָוויטש, דער דיריגענט פון דער דערמאָנטער אויבן מוזיקאַנטן־קאַפעליע. ער איז געווען דער ערשטער פאָרזיצער פון ראַדאָמסקער ציוניסטישן פאַראיין. ר׳ משה איז געווען אַ פשוטער ייד, ער האָט אָבער זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דער ציוניסטישער טעטיקייט פאַרנאַכלעסנדיק זיינע פריוואַטע געשעפטן. ער איז נישט מיד געוואָרן פון פרעדיקן שעהנווייז לטובת דעם ציוניסטישן געדאַנק און די גאַנצע צייט וואָס עס האָט עקזיסטירט דער פאַראיין, איז ער געוועזן די רוח החיה אין אים. אַחוץ אים איז געווען אויך טעטיק לעאָן רוזשעוויטש, אַ זון פון אַן אַסימילירטער משפחה וואָס איז געווען ווייט פון יידישקייט און יידן — און אָט האָט זיך אין אים אויפגעוועקט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און ער איז געוואָרן איינער פון די טעטיקסטע עסקנים אין דעם פאַראיין. אַנדערש ווי אין די אַנדערע פוילישע שטעט, ווו דער ציוניזם האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקער קעגנערשאַפט מצד די חסידים, איז דער ראַדאָמסקער „הויף״ פאַרבליבן נייטראַל צום ציוניזם. וועגן רב ר׳ צבי־מאיר ווערט דערציילט, אַז ער האָט געקויפט אַן אַקציע פון קאָלאָניאַל באַנק און ער האָט אַפילו אָנגעשריגן אַמאָל אויף אַ חסיד וואָס האָט פאַרגליכן דעם ציוניזם צום „בונד״, ווי צוויי פאַרטייען וואָס ברענגען שאָדן דעם יהדות. רבי צבי־מאיר האָט אים געזאָגט, אַז די ליבשאַפט צו ארץ־ישראל וועט באַשיצן די ציוניסטן און זיי ראַטעווען פון אַלעם בייזן. צווישן זיינע שטוב־איינגייער זענען געווען אויך טרייע ציוניסטן. שלמה חזן (זאַקס), הערצלס פריינד איז געווען איינער פון ר׳ צבי מאירס געטרייעסטע פריינד. באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך דער שמש פון דער קהילה, ר׳ קאָפּל גלידמאַן (אַ זון פון ר׳ אַברהם־לייב גלידמאַן, שמש פון „תפארת שלמה״ ז״ל) מיטן גאַנצן האַרצן האָט ער זיך איבערגעגעבן דער ציוניסטישער אידעע און אָן פחד געפירט די פּראָפּאַגאַנדע אין שטאָטישן בית־מדרש.

אין יאָר 1898 ווערט דערציילט אינעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג וועגן דער גרינדונג פון אַ ציוניסטישן פאַראיין אין דער שטאָט.

„נאָוואָ־ראַדאָמסקאָ, דעם 21סטן נאָוועמבער 1898. אַ דאַנק די באַמיונגען פון הער מ. לעווקאָוויטש, א. ד. בריל און ב. שטאַטלער, איז פאָרגעקומען שמיני עצרת אַ ציוניסטישע אסיפה אין דער שטוב פון הער מ. גרינבערג. אויף דער אַסיפה זענען אָנוועזנד געווען די חשובסטע פערזאָנען און צווישן זיי די קהילה־פירער. דער הער צ. גאָלדמאַן האָט געהאַלטן צוויי ציוניסטישע רעדעס. נאָך אים האָט גערעדט אונדזער חבר לדעה הער מ. לעווקאָוויטש, וואָס אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס גרינדן פון פאַריין און זיינע אינסטיטוציעס. אין אַ שיינער פאָרם האָט ער איבערגעגעבן וועגן פאַרלויף פון צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל און אַלע צוהערער האָבן אים אַפּלאָדירט. נאָך אים האָט דער שטאָטישער חזן, הער ש. זאַקס געזונגען ציוניסטישע לידער.

אין דער דאָזיקער צייט דערשיינט אויך אין דער „הצפירה״ אַ ברייטערע קאָרעספּאָנדענץ וועגן ציוניזם אין ראַדאָמסק: „אין אונדזער שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישער פאַריין, וואָס ציילט צוויי הונדערט מאַן, וועלכע האָבן אונטערגעשטיצט דעם באַשטעטיקטן דורך דער רעגירונג קאָמיטעט צו שטיצן ערדאַרבעטער אין די קאָלאָניעס פון אונדזער הייליק לאַנד און זיי האָבן אויך געחתמעט צוויי הונדערט אַקציעס. די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן פאַראיין האָבן זיך אונטערגענומען צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון חיבת־ציון אין די שכנותדיקע שטעט. אין שפּיץ פון דער אגודה שטייען די אָנגעזעענע הערן: ל. רוזשעוויטש, ע. פאָלמאַן, מ. לעווקאָוויטש, ל. טענצער, ב. שטאַטלער, אד׳ בריל, י. זילבערשטיין, ש. זאַקס און ל. רייכמאַן.

נאָך דער ערשטער התלהבות איז געקומען די רעאַקציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַלגעמיין. די לאַגע פון די רוסישע יידן

האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. די פּאָגראָם־שטימונג וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן י״ה האָט זיך געלאָזט אויך פילן אין דער געגנט פון ראַדאָמסק. אין יאָר 1902 זענען אויסגעבראָכן אַנטי־יידישע אומרוען אין דעם שכנותדיקן טשענסטאָכאָוו, זיי זענען אָבער גלייך דערדריקט געוואָרן דורך דער מאַכט. די ציוניסטישע מאַסן האָבן מיט אומגעדולד אויסגעקוקט דעם טשאַרטער פון סולטאַן און דעם אָנהויב פון אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע שטימונגען האָבן אויך געהערשט אין ראַדאָמסק. אין די רייזע־נאָטיצן פון אַ זשורנאַליסט מיטן פּסעוודאָנים „יהודי״ וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין „המליץ״ סוף יאָר 1899 ווערט אַזוי געשילדערט די ציוניסטישע באַוועגונג אין שטאָט: „איך פאָר ווייטער. אַ שעה רייזע פון פּ. (פּיעטריקאָוו) געפינט זיך די נייע ר. (נאָוואָ־ראַדאָמסק), עס וווינען אין איר צוויי טויזנט משפחות, דאָ לעבט אויך איינער פון די „הייליקע״ און מיט אים זיינע חסידים. דערווירטשאַפטלעכער מצב פון דער שטאָט איז נישט קיין שלעכטער, עס געפינען זיך אין איר פאַרשיידענע פאַבריקן און אַ סך פאַרדינען אַדאַנק זיי זייער ברויט בכבוד און בריוח. איר גייסטיקער מצב שיידט זיך נישט אונטער פון די אַנדערע פּוילישע שטעט. עס זענען פאַראַן „ציוניסטן״ אין שטאָט און צווישן זיי חסידים און אויפגעקלערטע, אָבער אַ חוץ זאַמלען געלט, ווייסן נישט די נ. ר. (נאָוואָ־ראַדאָמסקער) ציוניסטן קיין זאַך און זיי איבן נישט אויס קיין אידעאָלאָגישע השפּעה און אַזוי ווי זייער גאַנצער ציוניזם באַגרענעצט זיך בלויז צו געבן געלט, איז נישט קיין ווונדער אַז זייער ערשטע התלהבות איז פאַרביי און זיי שטייען ווי אויף „גליענדיקע קוילן״, וואַרטן יעטוועדן טאָג אויפן „טשאַרטער״ וואָס זאָל קומען און טאָמער פאַרזוימט ער זיך וועט זייער ציוניזם אינגאַנצן פאַרשווונדן, אויב ד״ר הערצל וועט זיך נישט צואיילן און אָנשרייבן זיי לכל הפּחות בכבודו ובעצמו אַ בריוו פאַרזיכערנדיק אויף זיין ערן־וואָרט, אַז ער האָט שוין געמאַכט ערנסטע שריט, און טאַקע ערנסטע, כדי צו דערגרייכן דעם טשאַרטער״.

טראָץ דער צייטווייליקער ירידה פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, לייענען מיר דאָך פון צייט צו צייט וועגן פאַרשיידענע ציוניסטישע געלט־זאַמלונגען און אסיפות. אַזוי ווערט דערציילט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון יאָר 1906: „דאָ איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דעם ציוניסטישן פאַריין, אויף וועלכער עס איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון דער העלזינגפאָרסער קאָנפערענץ און עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וועגן איינפירן אַ זעלבסטבאַשטייערונג לטובת דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין אַן אַנדערער קאָרעספּאָנדענץ ווערט דערציילט אַז צום צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס זענען פאַרקויפט געוואָרן שקלים אויף אַ סומע פון 24 רובל.

מחוץ דער ציוניסטישער טעטיקייט, האָט די קהילה זיך ווייטער אַנטוויקלט און גענומען אָנטייל אין אַלע דערשיינונגען פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן.

אין יאָר 1898—99 איז פאַרענדיקט געוואָרן דער בוי פון דער גרויסער יידישער שול אין ראַדאָמסק. דאָס איז געווען אַ שיינער בנין וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד די שטאָטישע יידן.

ר׳ יחיאל וויינטרויב, אַ ראַדאָמסקער תושב (איצט אין תל־אביב) שילדערט אין זיינע זכרונות די שול ווי „אַ בית־מקדש מעט לויט איר פּראַכט. אין פראָנט פון פירשטאָקיקן בנין איז געווען אַ טאָוול מיט די עשרת הדברות אין פאַרגילדענע אותיות. די פּרעכטיקע טירן זענען געווען פאַרזען מיט וויטראַזשן אויף וועלכע עס זענען געווען צייכענונגען פון לייבן. די טיר האָט געפירט אין אַ לאַנגן און ברייטן קאָרידאָר, דורך צוויי אַנדערע טירן איז מען אַריין אין שול. אינמיטן שול איז געשטאַנען אַ הויכער בעלעמער. אויף דער סטעליע האָבן געהאָנגען שיינע זשיראַנדאָלן. יעטוועדער זשיראַנדאָל האָט אַראָפּגעהאָנגען פון אַ שטערן וואָס איז געווען אויסגעמאָלט אויף דער סטעליע, וועלכע איז געווען אין דער פאָרם פון אַ בלויען הימל באַדעקט מיט שטערן. פון איין זייט איז געווען אַ געמעל פון דער נאַכט — די לבנה און שטערן, פון דער צווייטער זייט אַ געמעל פון דער זון און די מזלות. אין יעטוועדן זשיראַנדאָל זענען געווען אַ סך געשליפענע גלעזערנע בלישטשנדיקע לייכטער און ווען מען האָט אָנגעצינדן די ליכט, האָט מען געהאַט דעם רושם, אַז מען געפינט זיך אין אַן אַנדערער וועלט. אויך די פאַרביקע וויטראַזשן האָבן באַשיינט די שול. אַרום דעם היכל אויבן פון אַלע דריי זייטן איז געווען די גרויסע ווייבער־שול. די וואָס האָבן נאָך זוכה געווען צו זען ר׳ שלמה זאַקס און זען אים ווי ער האָט געזינגען און געדאַוונט מיט זיין זיסער שטימע די תפילות, וואָס פליסן פון האַרצן, האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי הערן די שטימע פון די לוויים און זייער געזאַנג אין די אוראַלטע צייטן״.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אינערלעכן לעבן פון די שטאָטישע יידן און זייער באַציונג צו דער מאַכט איז די פייערלעכע אויפנאַמע לכבוד דעם רוסישן מיליטער אין יאָר 1900: „פרייטיק, ערב שבת קודש, האָט די יידישע קהילה אין אונדזער שטאָט איינגעאָרדנט אַן ערן־באַל פאַר די מיליטערישע אָפּטיילונגען וואָס סטאַציאָנירן דאָ און וועלכע גייען ארויס אויף דער מלחמה אין ווייטן מזרח. בראש פון די אָרגאַניזאַטאָרן זענען געשטאַנען די חשובע בעלי־בתים הר׳ צבי באַנקער והר׳ ד. בוגאיסקי, וועלכע האָבן באַוויזן צוגרייטן אַלץ אין אַ שיינער פאָרם און צוגעפּאַסט צו דער צופרידנהייט פון די באַאַמטע און הויכע געסט וואָס זענען געקומען אויפן באַל. דער רוסישער פּאָפּ האָט געזאָגט אַ תפילה פאַרן וווּל פון די סאָלדאַטן און האָט זיי געבענטשט, אַז זיי זאָלן מצליח זיין אין זייער וועג און אומקערן זיך בשלום אין אונדזער לאַנד. שפּעטער האָט געהאַלטן אַ רעדע אין דער מדינה־שפּראַך דער משכיל ר׳ ז. גאָלדמאַן, קאַזיאָנער רב אין בזשעזשניצע. זיינע אַנגענעמע ווערטער אַדורכגעפלאָכטן מיט פּסוקים פון די הייליקע שריפטן האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די צוהערער און פון דער מחנה האָט זיך געלאָזט הערן אַן אויסגעשריי „הוראַ״ אַלס צייכן, אַז זיין רעדע האָט אויסגענומען אין די אויגן פון פאָלק און די הויכע געסט האָבן אים געדריקט די האַנט מיט ליבשאַפט. בעת דעם באַל האָט דער אויפגעקלערטער רב געהאַלטן אַ טאָאַסט לכבוד דעם קיסר ירום הודו און די זעלנער און ער האָט ווייטער געלאָזט הערן זיינע קלוגע משלים מעניני דיומא און די געסט צופרידענע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין זייערע געצעלטן.

אין אַ שפּעטערדיקן נומער פון דער „הצפירה״ איז דערשינען אַן אויסבעסערונג, אַז „אין דעם באַל וועלכער איז געווען איינגעאָרדנט לכבוד די זעלנער וואָס גייען אַוועק אויף דער מלחמה אין ווייטן מזרח האָבן אָנטייל גענומען אויך קריסטלעכע בירגער פון די אָנגעזעענע אין שטאָט, סיי לויט זייער פאַרמעגן און סיי לויט זייען אויפטוען. און נאָר צוליב אַ טעות איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם דערמאָנטן נומער אַז די קהילה אַליין האָט איינגעאָרדנט דעם באַל״.

אין די דאָזיקע יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן פון ראַדאָמסק די עמיגראַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ביז דעם יאָר 1898 האָבן זיך געפונען בלויז איינצלנע ראַדאָמסקער יידן אין אַמעריקע. זיי האָבן גערופן זייער פאַריין מיטן נאָמען: „נאָוואָ־ראַדאָמסקער פאַריין פאַר קראַנקן־הילף״. דער עמבלעם פון פאַריין זענען געווען 2 הענט אויסגעשפּרייטע צו דער תפילה פון ברכת הכהנים צום אָנדענק פון ר׳ שלמה הכהן דעם „בעל תפארת שלמה״.

אין יאָר 1906 נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם, פאַרשטאַרקט זיך כסדר דער פאַריין און פאַרנעמט זיך מיט הילפס־אַרבעט צווישן זיינע מיטגלידער און באַזונדער צווישן די עמיגראַנטן פון ראַדאָמסק. ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה האָט דער פאַריין

אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט שיקן שטיצע זייער אַלטער היימשטאָט אין פוילן.

אָנפאַנג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין ראַדאָמסק די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט אָנטײל גענומען אין דער רעוואָלוציע קעגן צאַר אין יאָר 1905.

ראַדאָמסק האָט אויך געדינט ווי אַ מקום־מקלט פאַר די רעוואָלוציאָנערן וועלכע האָבן געגנבעט די נאָענטע דייטשע גרענעץ. דער דיכטער לייוויק פלעגט שטענדיק דערמאָנען דעם רעוואָלוציאָנער אלי׳ אליבאַרדע און זקן שרייבער, וועלכע האָבן אים און אַנדערע רעוואָלוציאָנערן אויפגענומען מיט ליבשאַפט און באַמיט זיך זיי בשלום אַריבערפירן איבער דער גרענעץ.

אָנהויב 19טן יאָרהונדערט (1903) איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו פון עפענען אַ יידישע מאָדערנע שול אין ראַדאָמסק. די דערציאונג אין שטאָט איז אין אַלגעמיין געווען אַ שטרענג טראַדיציאָנעלע. אַלע יינגלעך זענען דערצויגן געוואָרן אין חדרים. די איינצלנע אויפגעקלערטע יידן האָבן געשיקט זייערע זין און טעכטער אין די אַלגמיינע שולן, אָבער צוליב די שוועריקייטן אויף וועלכע די קינדער האָבן אָנגעטראָפן לערנענדיק צוזאַמען מיט קריסטלעכע קינדער, האָבן זיי זיך באַמיט עפענען אַ באַזונדערע שול. און אָט איז אַ קאָרעספּאָנדענץ אויף דער דערמאָנטער טעמע: „ביז איצט האָבן די יידישע קינדער געלערנט צוזאַמען מיט די פּוילישע קינדער אין די רעגירונגס־שולן. אָבער צוליב די שוועריקייטן אין אַרייננבאַקומען זיך פון די קינדער אין די דאָזיקע שולן, האָבן די יידן זיך באַמיט און באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ פּאָלקס־שול פאַר אָנפאַנגער. צום באַדויערן אָבער איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל נישט אין אַ פּאַסיק אָרט פאַר אַ שול. דאָס דירה־געלט קאָסט טייער און עס איז נישט פאַראַן קיין געלט אויף אויסצוהאַלטן נאָך אַ לערערין. צוליב דעם לערנט נאָר אַ קליינע צאָל קינדער אין שול. אפשר וועלן אונדזערע שטאָטלייט פאַרשטיין מיט דער צייט, אַז ביי דינגען אַ לאָקאַל פאַר דער שול, דאַרף מען זיך רעכענען מיט דעם ווויל פון די קינדער און דער דערציערישער נוצלעכקייט און נישט מיטן ווויל פון דעם אָדער יענעם גבאי, וועלכער האָט צופעליק אַ ליידיקע דירה״.

די ראשי הקהל אין ראַדאָמסק אין יענער תקופה זענען געווען:

ה. ב. פערשטער, געשטאָרבן דעם 26.8.1898; נאָך אים איז געווען ראש־הקהל ה׳ געריכטער, אַ באַוווסטער בעל־צדקה, וואָס פלעגט מנדב זיין יעדעס יאָר פורן קאַרטאָפל און קוילן אויף ווינטער, פאַר אָרעמע־לייט.

אַ גאָר נייע תקופה אינעם לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַדאָמסק, האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין לויף פון דער מלחמה. אַזוי ווי אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון פוילישן יידנטום, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אויך אין ראַדאָמסק אויסגעצייכנט די דאָזיקע תקופה מיט איר ברוייזנדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — אַ תקופה פון אַ נייעם לעבן און נייע באַוועגונגען.

# זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט

יחיאל פאָזנאַנסקי

## אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יידישע ראַדאָמסק

ראַדאָמסק איז געווען אַן אַלטע שטאָט, אָבער זי איז נישט געווען קיין אַלטע יידישע שטאָט, ווייל ביז לערך תק״מ האָט קיין ייד נישט געטאָרט וווינען אין איר. דער ערשטער ייד וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון דער שטאָט ראַדאָמסק אין דעם דאָרף מלידזעוו, ווו ווינטשע האָט געהאַט זיין גוט און וואָס איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ פוילן מיטן נאָמען „ווינטשעס הריין״, איז געווען משה אָפּמאַן, אַ שניידער. די לעגענדע דערציילט, דאָס איין מאָל איז דער פּרייסישער קייזער דורכגעפאָרן ראַדאָמסק האָט ער געברויכט אַ שניידער, וואָס זאָל פאַר אים עטוואָס מאַכן, האָט מען אים געזאָגט, דאָס אין דער שטאָט וווינט נישט קיין שניידער נאָר אין דאָרף מלידזעוו, האָט ער געהייסן ברענגען דעם שניידער. ווען דער ייד איז געקומען, פרעגט אים דער קעניג: „פאַרוואָס וווינסטו נישט אין דער שטאָט?״ האָט דער ייד געענטפערט דאָס עס איז פאַרבאָטן פאַר אַ ייד צו וווינען אין דער שטאָט. האָט דער קייזער אָדער קעניג געגעבן אַ באַפעל דאָס דער ייד זאָל מעגן וווינען אויף דעם בוגאַי, דאָס איז די געגנט ווו עס איז שפּעטער געשטאַנען דאָס קינאָ־טעאַטער. צווישן סטאָקל און דעם טעאַטער זענען געשטאַנען אַ פּאָר אַלטע הייזלעך — די ערשטע יידישע הייזלעך פון ראַדאָמסק.

דער ר׳ משה אָפּמאַן האָט געהאַט צוויי זין, איינער האָט געהייסן רפאל (געווען אַן אָליינניק), דער צווייטער — שמעון (געווען אַ קצב). אויך האָט ער געהאַט אַן איידעם וואָס האָט געהייסן יעקעלע בוגאַיסקי. פון דעם רפאל אָליינניק זענען אַרויסגעקומען אַלע אָליינניקעס. רפאל האָט געהאַט אַ זון וואָס האָט געהייסן יצחק, מען האָט אים גערופן איציק אָליינניק. דער איציק אָליינניק האָט געהאַט אַ זון בערל אָליינניק און אַן איידעם אין דער קראָקעווער גאַס, וואָס האָט געהייסן אויך לייבל אָליינניק. פון דעם זון שמעון, וואָס איז געווען אַ קצב, זענען אַרויסגעקומען אַלע קצבים, ווייל אַלע 52 קצבים פון ראַדאָמסק זענען אַלע געווען איין משפּחה.

זיבן קצבים זענען געווען וואָס האָבן געהייסן שמעון אָפּמאַן און מיין זיידע ר׳ מיכאל שו״ב ז״ל האָט יעטווערן פון זיי געגעבן אַ צונאָמען, כדי צו וויסן וועמען מען מיינט. אויך די קצבים וואָס האָבן נישט געהייסן אָפּמאַן זענען אויך געווען פון דער זעלביקער משפּחה אָפּמאַן, צב״ש יעקיל טעלמאַן, דער קצב שקלאַרטשיק, וועמענס פרויען עס זענען געווען געבוירענע אָפּמאַנס; אויך איז געווען פון דער זעלבער משפּחה דער באַקאַנטער האָלץ־סוחר אָפּמאַן. ער האָט אויך געשטאַמט פון די קצבים.

און פון דעם איידעם יעקעלע בוגאַיסקי זענען אַרויסגעקומען די באַקאַנטע פאַמיליעס בוגאַיסקי. דער יעקעלע האָט געהאַט אַ זון — פייוועלע בוגאַיסקי, וועלכער האָט געהאַט פיר זין, דער עלטסטער איז געווען אברהם בוגאַיסקי, אַן אָנגעזעענער שיינער בן־תורה; דער צווייטער זון איז געווען יצחק בוגאַיסקי, וואָס האָט געהאַט אַ שענק אין מאַרק, דער דריטער איז געווען דער באַקאַנטער לאַנגיעריקער דאָזאָר אין ראַדאָמסק דוד בוגאַיסקי, וואָס האָט געהאַט דעם „האָטעל פּאָלסקי״ (אין דעם הויף איז געווען די ציוניסטישע שול). דער יינגסטער האָט געהייסן פיניע בוגאַיסקי, האָט געוווינט אויף דער סטשאַלקאָווער גאַס און געהאַנדלט מיט תבואות. דער דערמאָנטער פייוועלע האָט אויך געהאַט אַן איידעם מיט נאָמען יאָסקע לאַריע.

מיין פאָטער ר׳ יחזקאל שו״ב ז״ל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין

יאָר תר״כ, האָט מיר דערציילט דאָס ווען ער איז אַלט געווען זיבן יאָר, ד. ה. אין תרכ״ז, האָט מיין זיידע ר׳ מיכאל שו״ב ז״ל געוווינט בשכנות אין הויז אויף דער קראַקאָווער גאַס מיט רפאל אַליינִיק. דעמאָלט איז רפאל אַליינִיק שוין אַלט געווען 105 יאָר, האָט ער זיך אַמאָל צעקריגט מיט זיין ווייב וואָס איז שוין אַלט געווען 103 יאָר. ער האָט אַריינגערופן מיין פאָטער און געזאָגט צו אים: „זעסט כאַסקעלע, אַזוי ווי דו קוקסט זי אָן יעצט, אַזוי האָט זי אויסגעזען מיידלווייז, איך האָב באַלד נישט געוואָלט דעם שידוך נאָר דער קאָזשעניצער מגיד האָט מיר געגייט". האָט די פרוי אָנגענומען מיין פאָטער ביי דער האַנט און אים אַריינגעפירט אין דער קיך, געעפנט די שאַנק און געזאָגט: „זעסט כאַסקעלע וואָס פאַר בעל־הביתטע איך בין? די אַלע טעפּלעך זענען נאָך פון מיין חתונה (די טעפּ זענען געווען שוואַרץ ווי קויל), דאָס הייסט שוין איבער אַכציק יאָר אַלט און ער זאָגט, אַז איך בין נישט קיין לייטיש ווייבל."

דער דאָזיקער רפאל אַליינִיק האָט געאַרבעט און פאַרדינט מיגיע כפּיו ביז זיין פטירה (ער איז אַלט געווען איבער 105 יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן). ער האָט דערציילט דאָס ער האָט באַקומען אַ ברכה פון קאָזשעניצער מגיד, דאָס ער וועט האָבן אריכת־ימים און דאָס ביז זיין ענדע וועט ער נישט ברויכן אָנצוקומען צו קיין מתנת בשר ודם.

## דאָס בית החיים

ביז תקפ״ט איז אין ראַדאָמסק נישט געווען קיין בית־חיים נאָר מען האָט געפירט די מתים קיין סולמעזשיץ. אין יאָר תקפ״ט איז אומגעגאַנגען די שרעקלעכע קראַנקהייט די כאָלערע, האָט די שטאָט קובר געווען אַלע וואָס זענען געשטאָרבן פון דער קרענק, יידן און גויים, אויף אַ קליין בערגל נעבן דעם שפּעטערדיקן יידישן בית־החיים. דעמאָלט האָבן די יידן געקויפט דאָס בית־החיים. די עלטסטע מצבה וואָס איך האָב אויסגעזוכט איז געווען פון תקפ״ט. מען מוז וויסן, דאָס דעמאָלט איז נאָך געווען אין ראַדאָמסק זייער ווייניק יידן. מיין זיידע, ר׳ מיכאל שוחט ז״ל האָט דערציילט, אַז ווען ער איז געקומען קיין ראַדאָמסק אַלס שוחט אין יאָר תר״ה, איז אין ראַדאָמסק נאָך נישט געווען קיין געשעפט. ווען מען האָט געוואָלט קויפן סחורה אויף אַ מלבוש, האָט מען געמוזט גיין קיין פּלאָוונע, דען אין יענער צייט איז פּלאַווּנע געווען אַ שטאָט פון סוחרים און פיל געשעפטן.

ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען די אייזנבאַן, איז דער פּלאַן געווען, דאָס זי זאָל דורכגיין פאַרביי פּלאָווּנע, האָבן זיך די פּלאָווּנער בעלי־בתים אַנטקעגנגעשטעלט אַז די אייזנבאַן זאָל אַדורכגיין דורך זייער שטאָט אויס מורא אַז זי וועט שטערן די רו פון דער שטאָט. אַזוי איז עס געקומען, אַז מען האָט געמוזט אַדורכפירן די אייזנבאַן פאַרביי ראַדאָמסק. באַלד אָבער נאָכדעם, ווי די אייזנבאַן האָט אָנגעהויבן צו גיין, האָבן זיך די מיינסטע פּלאָווּנער סוחרים איבערגעטראָגן קיין ראַדאָמסק, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דער מסחר. מען קאָן זאָגן, דאָס דרייסיק פּראָצענט ראַדאָמסקער האָבן געשטאַמט פון פּלאָווּנע, איך וועל נאָר אָנרופן עטלעכע באַקאַנטע רייכע פאַמי־ליעס וואָס האָבן געשטאַמט פון דאָרט: די ריכטערמאַנס, רייכמאַנס, גראָסבערגס, ראדאשיצקיס, קראקאווסקיס, ראָזנבוימס, פּישמאַנס, אויסער פיל פאַמיליעס וואָס זענען נישט געווען אַזוי באַקאַנט. פון דאַמאָלט אָן האָט זיך ראַדאָמסק אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען ווי אַן אָנגעזעענע שטאָט.

## דער ערשטער רב

דער ערשטער רב פון ראַדאָמסק נאָך אויף דער בוגאַי, איז געווען הרב ר׳ נחום הכהן. מען האָט אים נישט גערופן דער רב נאָר דער מורה־צדק. ער האָט געגרינדעט די ערשטע יידישע קהילה און ער איז געווען אַ גאַנץ גרויסער גאון. מען האָט אויף אים געזאָגט, דאָס ער האָט געקענט גאַנץ ש״ס און אַלע פוסקים ראשונים ואחרונים בעל־פה, דערצו איז ער געווען אַ גרויסער עניו און פשטן און אויך אַ גרויסער נסתר, אַ בעל־קבלה. גאַנצע נעכט האָט ער עוסק געווען אין קבלה. גענוג צו דערמאָנען, דאָס אין דער שטאָט האָט מען אויף אים געזאָגט, דאָס ער האָט געהאַט גילוי־אליהו. פון אים האָב איך געקענט אַן אייניקל אין ראַדאָמסק, ער האָט געהייסן רובינשטיין, געהאַט אַ שפּייז־געוועלבל אויף דער סטאַציע־גאַס און געווען אַ גערער חסיד. דער מורה־צדק איז נפטר געוואָרן אין תקצ״א. זיין קבר איז געווען הינטער דעם אוהל פון די רביים. ווען איך פלעג קומען אויף דעם בית־החיים מיט מיין פאָטער ז״ל האָט ער זיך אייביק אָפּגעשטעלט ביי דעם קבר פון דעם נישט פיל באַקאַנטן רב און צדיק זי״ע.

נאָך דעם מורה־צדק איז געקומען דער ערשטער רב, הרב אדמו״ר שלמה הכהן ראַבינאָוויץ וואָס דורך אים איז ראַדאָמסק באַקאַנט געוואָרן אין גאַנץ פּוילן.

## דער תפארת שלמה

הרב אדמו״ר ר׳ שלמה הכהן ראַבינאָוויץ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תקס״א אין וולאָשטשאָווע. זיין פאָטער, הרב ר׳ דוד צבי הכהן, אַליין אַ סוחר האָט אָבער געשטאַמט פון רבנים. דער „תפארת שלמה" איז געווען אַ תלמיד פון די באַרימטע רביים, רבי מאיר׳ל אפּטער, ר׳ פישעלע סטריקאָווער, פון רבין ר׳ בער פון ראַדאָשיץ, ר׳ כאַסקעלע קוזמערער, ר׳ ישעיה׳לע פּזשעדבאָזשער אויך פון רבי משה׳לע לעלעווער. מען דערציילט, אַז ווען דער רבי ר׳ משה׳לע לעלעווער וואָס האָט געוווינט אין פּזשעדבאָזש, איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן די חסידים אים געפרעגט: „רבי ביי וועמען לאָזט איר אונז איבער?" האָט ער זיי געזאָגט: „איך לאָז אייך איבער ביי דעם ראַ־דאָמסקער רב".

אין ראַדאָמסק זענען געבליבן פיל מעשיות און לעגענדעס פון דעם רב. פון די אַלע מעשיות און אויך פון זיינע תורות און ווערטלעך, וואָס דאָס פאָלק האָט פון אים דערציילט, קאָן מען זען דאָס אויסער רבי און רב איז ער געווען אויך אַן אויסערגעוויינלעך גרויסער מענטש און ייד און איינער פון די גרעסטע מנהיגים וואָס דאָס יידנטום האָט פאַרמאָגט. ער האָט געפירט די שטאָט ראַדאָמסק ווי אויך זיינע פיל טויזנטער חסידים מיט אויסערגעוויינלעכער חכמה.

ווי גרויס זיין אהבת ישראל איז געווען קאָן מען זען פון דעם פאָלגנדן: ביים תפארת שלמה איז נישט געווען קיין אונטערשיד צווישן אַ רייכן יידן און אָרימען ייד, אָדער ווי מען זאָגט — צווישן אַ שיינעם ייד און אַ פּשוטן פאָלקס־ייד. אין דעם זינען האָט ער אויס־געטייטשט דעם פסוק אין פ׳ צו ז׳ י׳ ויקרא. די תורה זאָגט: „לכל בני אהרן תהי׳ איש כאחיו" אַלע יידן דאַרפן זיין ביים כהן, דאָס הייסט ביי דעם מנהיג ישראל אָדער ביים רבין גלייך, איש כאחיו.

דער תפארת שלמה איז געווען אויך אַ גרויסער בעל מנגן און קאָמפּאָזיטאָר. אין דער גאַנצער חסידישער וועלט זענען נאָך ביז איצט באַקאַנט די חסידישע, זיסע און פולע התלהבות־ניגונים וואָס מען האָט געזונגען אין ראַדאָמסקער הויף צו זמירות פון שבת. די אַלע ניגונים האָט דער תפארת שלמה אליין פאַרפאַסט. וועלכער ראַדאָמסקער געדענקט נישט דעם פולן התלהבות ניגון פון רבינ׳ס פרייטיקצו־נאַכטיקן „שלום עליכם", אָדער פון „אשת חיל" אָדער די ניגונים פון שלוש סעודות? דאָס זענען געווען אמתדיקע הימלישע געזאַנגען וואָס האָבן יעטוועדן יידן גערירט ביז צום האַרצן.

ער איז געווען אַ רבי פון פרומערן חדר (אין פּוילן האָט זיך דאָס חסידות געטיילט אין דריי טיילן: דאָס פילאָזאָפישע חסידות, ווי קאָצק, דאָס שמחה׳דיקע און אהבת־ישראלדיקע חסידות, ווי וואָרקע און דאָס פרומע חסידות ווי מאגעלניצע, פּזשעדבאָזש, ראַדאָשיץ, שידלאָווצע און ראַדאָמסק). דער תפארת שלמה איז אָבער געווען אַן אויסנאַם. ער האָט פאַרקערפּערט די חסידישע פרומקייט צוגלייך מיט

דער פילאָזאָפישער און אויך די שמחה של מצוה. דאָס קאָן מען זען פון דער פאָלגנדיקער מעשה:

ס׳איז באַקאַנט דאָס דער תפארת שלמה איז געווען אַ גרויסער וויצלער, ד. ה. אַ ווערטלעך־זאָגער. יעדן פרייטיק ווען ער איז געזעסן אין דער באָד פאַרן גיין אין דער מקוה, האָט ער געהאַלטן אין איין זאָגן וויצן (געוויס דערפאַר כדי ער זאָל נישט טראַכטן וועגן תורה־ענינים וואָס עס איז פאַרבאָטן אין דער מקוה). איינמאָל זיצנדיק אין דער באָד, איז אַריינגעקומען אַ פרומער חסיד און פון געוווינהייט האָט ער אַ קוש געטון די וואַנט פון דער מקוה אַלס מזוזה. האָט זיך דער תפארת שלמה צעבייזערט אויף דעם חסיד און געשריגן: „בהמה, מער פעלט מיר שוין נישט נאָר אַז די קאָצקער חסידים זאָלן האָבן פון מיר צו לאַכן דאָס מיינע חסידים קושן די וואַנט פון דער מקוה”.

ער האָט איינמאָל געזאָגט: וואָס האָט דער רבש״ע געוואָלט פון מיר, דאָס ער האָט מיר געגעבן אַלס חסידים אַזעלכע פרומאַקעס; ווען ער וואָלט מיר געגעבן אַזעלכע חסידים ווי קאָצק, וואָלט איך געקענט פירן אַ שיינע רביסטווע.

אין דעם זינען האָט ער געזאָגט אויך די חסידים שוטים, וואָס ער האָט זיי נישט געקענט ליידן, דעם פסוק: „ואמלא אותו רוח אלקים, בחכמה ובתבונה ובדעת” (פ׳ תשא לא׳ ג׳). עס ווערט מערערע מאָל דערמאָנט און גערימט די מידה פון חכמה, דען אַמערגסטן איז אַ פרומער און אַ שוטה דערצו, מחמת צווישן די זאַכן וואָס ווערן אויסגערופן אין הימל קודם יצירת הולד, ווערט אויך אויסגערעכנט אויב טפה זו תהי׳ הכם או טפש (נדה ט״ז). וויבאַלד אַלזאָ אַזאַ איינער וואָס מען האָט אויסגערופן אַ טפש איז נאָך דערצו אַ פרומער אויך, מיינט ער אַז וויפיל נאָר ער איז, איז ער נאָך אַלץ נישט יוצא לגבי דער מצוה וואָס מען האָט אויף אים גוזר געווען אין הימל.

דער תפארת שלמה איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון אַסימי־לאַציע אין דאָס קאָן מען זען פון דער פאָלגנדיקער געשיכטע:

אין ראַדאָמסק האָט זיינער צייט געלעבט אַ רייכע פרוי מיטן נאָמען שיינדל־מרים פערשטער (איר זון, דער באַקאַנטער ר׳ בעריש פערשטער האָט אויסגעבויט דעם „האָטעל פאָלסקי” און אינעם הויף אויפגעשטעלט אַ שול, וואָס מען האָט דעמאָלט גערופן „די דייטשע שול” און שפּעטער איז זי געוואָרן „די ציוניסטישע שול”). די משפחה פערשטער האָט זיך גערעכנט צווישן דער ראַדאָמסקער אַריסטאָקראַ־טיע. זעלבסטפאַרשטענדלעך דאָס די שיינדל־מרים האָט איר טאָכטער און איר קוזינע שוין דעמאָלט געשיקט אין די פּוילישע שול און אין די צוויי מיידלעך האָבן זיך פאַרליבט רוסישע אָפיצירן. אויסגערעכנט אין טאָג פון יום־כפור זענען די צוויי מיידלעך אַוועק מיט די רוסישע אָפיצירן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ רעש דאָס האָט דעמאָלט געמאַכט אין אַזאַ פרומע שטאָט ווי ראַדאָמסק דאָס צוויי יידישע מיידלעך זענען אַוועק מיט רוסישע אָפיצירן, זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט גויים. איז מען געלאָפן מיט אַ געוואַלד צום רב, האָט ער געזאָגט: „פאַרוואָס זענען מיין נטע־פייוולס טעכטער נישט אַוועק מיט אָפיצירן, נאָר מיין נטע־פייוולס טעכטער זיצן אינדערהיים, לערנען יידיש און פירן אַ יידיש הויז. זיי קענען נישט קיין אָפיצירן. אָבער שיינדל־מרים האָט געשיקט אירע טעכטער אין די גויישע שקאָלעס, האָבן זיי געהאַט די געלעגנהייט זיך באַקענען מיט רוסישע אָפיצירן”.

(נאָטע־פייוול האָט אויך געשטאַמט פון וולאשטשאָווע און איז געווען אַ קרוב פון תפארת שלמה. ער איז געווען דער פאָטער פון דעם אַלטן גראָסבערג, וועלכן מען האָט גערופן „בארטעק”, אייגנטי־מער פון אַ שענק אויף דער סטשאלקאָווער גאַס).

דער תפארת שלמה זאָגט אויף דעם פסוק „ויאמר את אחי אני מבקש” (וישב ל״ז, ט״ז): עס איז נישט גענוג דאָס מיר זאָלן זיך מצער זיין אויף גלות השכינה, זי נויטיקט זיך נישט לגמרי אין אונדזער רחמנות. „ואתה ד׳ לעולם תשב” — דו רבונו־של־עולם, ביסט אומעטום אויף דיין אָרט „מלא כל הארץ כבודך”, דער עיקר ווייטיקט אונדז דאָס האַרץ אויף „למה לנצח תשכחני”, פאַרוואָס דו פאַרגעסט אָן אונדז. אַז מיר זענען נישט ביי זיך אינדערהיים איז אונדז טאַקע זייער ביטער. „את אחי אני מבקש” — אינטערעסירן דאַרפן מיר זיך הויפטזעכלעך מיט דעם גורל פון אונדזערע ברידער און זייערע אויסטערלישע ליידן.

## דער תפארת שלמה אַלס מנהיג און אַלס רב פון שטאָט

אַלע ראַדאָמסקער האָבן געוווּסט, אַז די ווייבער־שול איז געווען געשלאָסן יום־כיפור אָוונט צו כל־נדרי ביז צום סוף פון נאַצי־חורבן, אָבער ווייניק האָבן געוווּסט, אַז די שול איז געווען געשלאָסן אַלס תקנה וואָס דער תפארת שלמה האָט מתקן געווען, כדי די פרויען זאָלן ליבער זיצן אינדערהיים אין דער נאַכט פון יוה״כ, ווייל עס זענען פאָרגעקומען זייער פיל אומגליקן ספּעציעל אין די ווייבער־שולן אין דער נאַכט פון יו״כ. איך געדענק דאָס אין יאָר תרע״ג זענען אין אמשינאוו געהרגעט געוואָרן אין דער שול אין דער יו״כ־נאַכט זעקס פרויען פון אַ קלייניקייט. עס האָט אָנגעהויבן צו ברענען אַ נאַפט־לאָמפּ, האָבן די פרויען גענומען אַרויסלויפן פון דער שול און די זעקס פרויען זענען גאַנץ איינפאַך צעטראָטן געוואָרן אין דער בהלה. און דאָס האָט דער תפארת שלמה מיט זיין חכמה פאָרויסגעזען, ער האָט מתקן געווען אַ שטרענגע תקנה אויף לעולם ועד, דאָס די שול זאָל זיין געשלאָסן פאַר פרויען אין דער צייט פון כל־נדרי.

נאָך אַ גוט וואָרט פון תפארת שלמה דעם אוהב ישראל, וואָס כאַראַקטעריזירט צוגלייך זיין השגה וועגן דעם עם הספר. ער זאָגט אויף די תפילה אין ר״ה—יו״כ: אבינו מלכנו כתבנו בספר פרנסה וכלכלה — גיב אונדז רבונו־של־עולם די מעגלעכקייט מיר זאָלן קענען בלייבן ביי די ביידע זאַכן — ביים ספר און ביי פרנסה; מיר זאָלן נישט זיין אַזוי פאַרהאָרעוועט אין דער פרנסה, אַז מיר זאָלן נישט האָבן קיין צייט און קיין מנוחה צו לערנען און אַריינצוקוקן אין אַ ספר, און פאַרקערט, אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן חלילה צו זיצן ביים ספר דערפאַר בלויז ווייל עס איז נישטאָ וואָס צו טון, ווייל עס איז נישטאָ קיין פרנסה, נאָר עס זאָל זיין בספר פרנסה וכלכלה.

נישט לאַנג נאָכדעם ווי דער תפארת שלמה איז אָנגעקומען אַלס רב קיין ראַדאָמסק, איז אויך אָנגעקומען פון ראָספּשע מיין זיידע ר׳ מיכאל אלס שו״ב. ער איז נישט געווען קיין ראַדאָמסקער חסיד נאָר אַ וואָרקער און שפּעטער אַן אמשינאָווער חסיד, דאָס האָט אָבער גאָרנישט געשטערט, אַז זיי זאָלן זיין די בעסטע גוטע פריינד און דער תפארת שלמה האָט כמעט נישט געפסקנט קיין שאלה אָן ר׳ מיכאל שו״ב. מען דערציילט, דאָס עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אין אַ רעסטאָראַן ווו עס זענען איינגעשטאַנען הונדערטער חסידים, האָט זיך געמאַכט ערב יום־כיפור אַ שאלה אויף אַן עוף, אַ הון וואָס מען האָט שוין געהאַט געזאַלצן מיט נאָך הונדערטער הינער און אויסגע־מישט זי מיט אַלע הינער. דער בעל־אכסניא האָט געפרעגט אַ שאלה ביי די רבנים, וואָס זענען געקומען אויף יו״כ צום תפארת שלמה, האָבן אַלע רבנים געפסקנט דאָס אַלע הינער זענען טריפה. אין דער אכסניא האָט זיך אָבער געפונען אַ שאַרפער חסיד, נישט קיין רב נאָר אַ פשוטער ייד, האָט אים פאַרדראָסן וואָס די פרעמדע רבנים פסקענען די שאלה, זאָגט ער: „וואָס פאַראַ רעכט האָט איר צו פסקענען, עס איז דאָך דאָ אַ רב אין שטאָט, זאָל ער פסקענען”. ווי דער בעל־אכסניא האָט דאָס דערהערט, איז ער באַלד געגאַנגען מיט דער שאלה צום רב. דער תפארת שלמה איז גראָד אויפגעשטאַנען פון שלאָף, זאָגט ער: „גייט און רופט מיר ר׳ מיכאל שו״ב”. ר׳ מיכאל איז געקומען גלייך פון שעכטהויז, זאָגט צו אים דער ת״ש: „זוכט נאָך וועגן דער שאלה”. ר׳ מיכאל זוכט נאָך אין פאַרשידענע ספרים, פוסקים ראשונים ואח־רונים און אַלע פסקענען טריפה. נאָר איין מחבר — אַן אחרון — איז דאָ וואָס זאָגט, אַז בהפסד מרובה און לצורך גדול, קאָן מען מכשיר זיין. דער תפארת שלמה האָט פונקט זיך געוואַשן און דער זיידע

זאָגט אים די מיינונג פון אַלע גדולים וואָס זאָגן טריפה, נאָר דער און דער מחבר זאָגט: „בהפסד מרובה ולצורך גדול" קאָן מען מתיר זיין. זאָגט דער ת"ש: „זאָגט מיר דאָס לשון וואָס דער מחבר זאָגט" האָט אים דער זיידע געזאָגט געגוי דאָס לשון וואָס דער מחבר זאָגט. רופט זיך אָן דער ת"ש: „אַ הפסד מרובה און אַ צורך גדול איז דאָך איצטער זיכער דאָ, דען עס איז ערב יום־הכפורים, ווע‏לן מיר זיך ביידע מצרף זיין מיט דעם בעל המחבר, אַזוי זענען מיר אַ בית־דין פון דריי — דער מחבר, דער ת"ש און ר' מיכאל (דריי הייסט אַ בית־דין) און מיר זאָגן: כשר". און דעם רעסטאָראַטאָר זאָגט ער: „גייט אַהיים מאַכן יום־טוב פאַר יידן". דאָס באַווייזט ווי ווייט ער איז געווען דבוק מיט ר' מיכאל שו"ב און ווי גרויס עס איז געווען זיין אהבת־ישראל. ער האָט מכשיר געווען אַזאַ שווערע שאלה וואָס כמעט אַלע האָבן געזאָגט טריפה וואָרום ער האָט געפילט וואָס עס הייסט ביי אַזאַ אָרימאַן אַ הפסד מרובה און וואָס עס הייסט אַ צורך גדול צו האָבן פלייש פאַר פיל יידן לכבוד יום־טוב.

וואָס פאַראַ גרויסער חכם דער תפארת שלמה איז געווען, קאָן מען זען פון דער פאָלגנדער מעשה: ווען ר' מיכאל שו"ב איז אָנגע־קומען אַלס שו"ב האָט ער געוווינט אין דעם הויז וואָס האָט שפּעטער געהערט צו ר' יאָסעל נייקראָן. ער האָט זיך געפירט אַז שבת נאָכמיטאָג האָט ער באַלד נאָך דעם שבת־טיש פאַרמאַכט די לאָדנס און זיך געלייגט שלאָפן ביז אַ שעה פאַר נאַכט, קוים צו דאַווענען מנחה און עסן שלוש־סעודות. דען באַלד נאָך הבדלה איז ער געגאַנגען צו די קצבים שעכטן בהמות און קעלבער אויף זונטיק פרי (דעמאָלט איז נאָך נישט געווען קיין שעכטהויז נאָר יעדער קצב האָט געשאָכטן אין שטאַל). אַזוי אַז ער איז געגאַנגען פון איין קצב צום צווייטן ביז נאָך צוועלף ביינאַכט. האָט ער געהאַט אַ שכן, אַ פּראָסטן בעל הבית, האָט עס דעם בעל הבית פאַרדראָסן דאָס דער שוחט שלאָפט שבת אַ גאַנצן טאָג. דער בעל הבית האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן אַזאַ מעשה און נאָך מערערע אויפפּאַסן דאָס דער שוחט שלאָפט אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג, איז ער זונטיק פרי אַריינגעגאַנגען צום רב כדי אים צו פאַרמסרן. ער קומט אַריין פרעגט אים דער ת"ש: „וואָס זאָגסטו נייעס באַלד אינדערפרי?" זאָגט ער: „רבי, איך בין נישט קיין מוסר, אָבער איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן. עס קומט שבת נאָך דעם עסן לייג איך מיך אויך שלאָפן, דאַן שטיי איך אויף, זאָג מיין תהלים מיט מיינע עמדות, איך גיב דער קאָזע צו עסן איך פיר דאָס פערד אָנצופויען, דאַן גיי איך צו מנחה, איך הער אַ דרשה פון אַ מגיד, אָדער הער לערנען חומש, דאַן עס איך שלוש־סעודות און דער נייער שוחט שלאָפט נאָך. ווי קאָן דאָס אַ ייד, איבערהויפּט אַ שוחט, אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג שלאָפן און נישט אָנקוקן אַ יידיש ספר?" האָט דער ת"ש אַריינגערופן די רביצין און איר געזאָגט: „גיטעלע גיי קויפן פלייש" און דעם בעל־הבית האָט ער געגעבן אַ ברידערלעכן קלאַפּ אויף די פּלייצע און געזאָגט: „דו האָסט מיך ביים לעבן דער־האַלטן, ווייל איך האָב קיינמאָל זונטיק נישט גענוצט קיין פלייש טראַכטנדיק ווי קאָן אַ שוחט גיין שבת־צו־נאַכטס שעכטן, ער איז דאָך זיכער מיד, דאָס הייסט אין שולחן ערוך: „ידיו כבדים עליו". דען שבת עסט מען שווערע מאכלים, איבערהויפּט ציבעלעס, מען עסט טשאָלנט, אַ קוגל און מען טרינקט נאָך דערצו אַ ביסל בראָנפן, אַביסל ביר, ווי קאָן דער שוחט גיין שחטען? נאָר אַזוי ווי דו האָסט מיר דערציילט, אַז דער שוחט שלאָפט שבת נאָכמיטאָג אַ גאַנצן טאָג איז דאָך שוין ביים שוחט שבת־צו־נאַכט נאָך הבדלה, ווי ביי אַן אַנדערן זונטיק אינדערפרי, ער איז שוין ריכטיק אויסגערוט, איז דאָך זיין שחיטה כשר וישר אַזוי אַז עס קומט דיר אַ גרויסן יישר כוח".

מיין זיידע ר' מיכאל שו"ב איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער שטאָט אַלס רופא, זיינע רעצעפּטן האָט מען גענומען אין אַלע אַפּטייקן. ווען אַן אָרימער ייד, אַן אָרימער קצב, אַ שניידער, אַ שוסטער אָדער עמיץ פון דער משפחה זייערע איז קראַנק געוואָרן



אַ כתב־הסכמה פאַר אַ סופר סת"ם, אַרויסגעגעבן און אונטערגעשריבן דורך הרה"ג ר' שלמה הכהן און זון ר' אברהם הכהן ראַבינאָוויטש.

כתב־הסכמה של סופר סת"ם, ניתן ונחתם ע"י הרה"ג ר' שלמה הכהן ובנו ר' אברהם הכהן רבינוביץ

און זיי האָבן נישט געהאַט דעם רובל צו באַצאָלן אַ דאָקטאָר, האָט מען גערופן ר' מיכאל שוחט אָנשטאָט אַ דאָקטאָר, ווייל ר' מיכאל שו"ב האָט נישט גענומען באַצאָלט; פאַרקערט, ווען דאָס איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, האָט ר' מיכאל שוחט שוין געזען אַז עס זאָל זיין געלט צו באַצאָלן דעם אַפּטייקער און אַז עס זאָל זיין האָלץ צו וואַרע־מען ביים קראַנקן. האָבן די פרומע חסידים נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַזאַ מעשה, דאָס דער שוחט זאָל גיין צו קראַנקע ווייבער, האָבן זיי פאַרמסר'ט ר' מיכאל'ן פאַר דעם תפארת שלמה, דאָס עס איז אַ סקאַנדאַל אַז אַ שוחט זאָל גיין צו קראַנקע פרויען. דער תפארת שלמה האָט דערויף געענטפערט די חסידים, אַז אין פּשעדבאָרזש איז דאָ אַ שטאַרק פרומער שוחט ר' חיים, אַ ראַדאָמסקער חסיד און פונדעסטוועגן האָט ער צוגעגעבן: „ווען חיים שוחט זאָל שחטן וועל איך נישט עסן פון זיין שחיטה, כאָטש ער איז זייער פרום, אָבער פון מיכאל'ס שחיטה עס איך יאָ, וואָרום אַ שוחט מוז זיין אַ בעל־מלאכה און ר' מיכאל איז אַ בעל־מלאכה. און דאָס וואָס ער גייט צו קראַנקע פרויען, ברענגט ער זיי אַ רפואה".

מיין פאָטער ר' יחזקאל שו"ב ז"ל האָט מיר דערציילט, אַז מיין זיידע ר' מיכאל שו"ב פלעגט יעטוועדן פרייטיק, ווען ער איז געגאַנ־גען פון דער מקוה, אָפּטרעטן ביים תפארת שלמה טועם זיין פון שבת,

דאָס הייסט, טרינקען אַ גלעזל בראָנפן, עסן אַ קיכל מיט פיש. דען חסידים זאָגן, אַז מען מוז שוין פרייטיק טועם זיין פון שבת, ווייל עס שטייט: „טועמה חיים זכו״.

אַ וואָך פאַר דער פטירה פון תפארת שלמה האָט מיין זיידע מיטגענומען מיין פאָטער צום רב. ער איז דעמאָלט אַלט געווען זעקס יאָר. האָט דער תפארת שלמה געגעבן אַ קניפּ אין בעקל מיין פאָטער און געזאָגט צו אים: „כאַסקעלע דו וועסט אויך זיין היגער שוחט״. און אַזוי איז געווען. מיין פאָטער איז געווען כל ימיו שוחט אין ראַדאָמסק. מיין פאָטער האָט געהאַט אַלס קינד אַביסל געבויגענע פיס ווי כמעט יעדעס קינד האָט עס, פרעגט דער תפארת שלמה דעם זיידן: „וואָס מאַכסטו גאָרנישט צו דעם?״ זאָגט מיין זיידע: „אפשר וועט עס גוט זיין צום פריזיוו״. זאָגט דער ת״ש: „דו האָסט רעכט, ער וועט אויף דעם פעלער פריי ווערן פון מיליטער״. און באמת, מיין פאָטער איז באַפרייט געוואָרן אויף דעם פעלער. ווען ער איז אַריינגעקומען צום פריזיוו, האָט דער רוסישער דאָקטאָר געזאָגט: „שוין ווידער אַ לאָמער ייד, באמת״. ווער עס האָט געקאַנט מיין פאָטער ווייסט, אַז ער האָט געהאַט נאָרמאַלע פיס נאָר אַ קליין ביסל געבויגן, אָבער געגאַנגען איז ער ווי אַלע מענטשן.

## זין און אייניקלעך פון „תפארת־שלמה״

מען דערציילט, דאָס דאָנערשטיק אָוונט פאַר דער פטירה זענען געקומען קיין ראַדאָמסק דער רבי ר׳ צמח פון שידלאָווצע און ר׳ אהרן. ווען דער „תפארת שלמה״ האָט געגעבן שלום ר׳ אהרן, האָט ער אים געזאָגט „די חכמינו ז״ל זאָגן: ‚ארון נושא את נושאיו׳, דער ארון טראָגט זיינע טראָגערס״. ר׳ אהרן איז געווען אַ גרויסער חכם און בעל מדרגה, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען די כוונה פון די ווערטער. ער האָט זיך דערשראָקן און איבערגעפרעגט וואָס זאָגט דער רבי. אָבער דער תפארת שלמה האָט גלייך אָנגעהויבן צו ריידן פון עפּעס אַנדערש. אין דער זעלבער נאַכט, דאָנערשטיק, כ״ט אדר, דריי ביינאַכט איז ער פלוצים נפטר געוואָרן, זיצנדיק ביים אָפּענעם זהר פון אחרי מות שני בני אהרן. נפטר ונקבר כ״ט אדר, תרכ״ו זי״ע.

דער תפארת שלמה האָט געהאַט דריי זין: ר׳ לייבוש, ר׳ הירש־מאיר און ר׳ אברהם־ישכר. אויך האָט ער געהאַט דריי טעכטער: שרה, רבקה און רחל. די איידעמס זענען געווען: ר׳ ליפמאַן ליטמאַנאָוויטש, ר׳ יחיאל לאנדא און ר׳ ישראל קראָן.

ר׳ לייבוש איז געווען אַ שטאַרק ערלעכער ייד און אַ זייער ערלעכער סוחר. ער האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אין מאַרק. ביים גרויסן געשעפט איז ער געזעסן יומם ולילה על התורה והעבודה. אַן אמתער איש תם, יושב אהלים. ר׳ לייבוש האָט געהאַט פיר זין: ר׳ יחזקאל, ר׳ אליעזר, ר׳ איתמר, ר׳ יצחק און אַ טאָכטער. דער איידעם איז געווען ר׳ משה וואַרשטאצקי.

דער צווייטער זון, ר׳ צבי הירש מאיר איז געוואָרן שטאָט־רב נאָך דער פטירה פון זיין גרויסן פאָטער. ער האָט זיך גערעכנט אַלס איינער פון די גרעסטע גדולים. ער האָט געפירט אַ גרויסע ישיבה. געווען אַ גרויסער מרביץ תורה ברבים און דערצו אַ גרויסער בעל־קבלה. ער איז געזעסן יומם ולילה על התורה והעבודה. אַלע לומדים פון שטאָט האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי אים יעדן אָוונט צו שמועסן און מפלפל צו זיין אין לערנען. ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן פון די פילע מענטשן וואָס זענען צו אים געקומען. ער איז געווען זייער אַ פשוטער, צוגעלאָזטער מענטש. פאַר יעדן מענטש וואָס איז צו אים געקומען האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט. ער האָט געהאַט פריינט פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַלע האָבן אים ליב געהאַט; ווען איך זאָג: אַלע, מיין איך פרומע ווי אויך פרייע יידן, אויך אַלע מינים חסידים זענען געווען זיינע אָנהענגער.

נאָך דער פטירה פון זיין גרויסן פאָטער איז ער געפאָרן צום טריסקער מגיד, ווו ער איז געווען פאַררעכנט אַלס דער ערשטער טריסקער חסיד. שפּעטער איז ער געפאָרן צום רבין ר׳ מאָטעלע פון קוזמיר. דאָך זענען פיל ראַדאָמסקער חסידים וואָס זענען געקומען קיין ראַדאָמסק צו דעם רבין, זיין ברודער, אַריינגעגאַנגען צו ר׳ הירש־מאיר זיך מזכיר זיין ביי אים.

ער האָט איבערגעלאָזט פיר זין. דער עלטסטער, הרב ר׳ ישראל פנחס הכהן, איז געוואָרן שטאָט־רב, ממלא מקומו. דער צווייטער זון — הרב ר׳ גרשון איז געווען רב אין מאָדזשיץ; דער דריטער זון — הרב ר׳ יצחק־איטשע איז געווען רב אין פלאָוונע און דער יונגסטער זון — ר׳ יהושע׳לע לעבט אין ישראל. איין זון — ר׳ דוד איז נפטר געוואָרן בחייו.

דער זון, הרב ר׳ ישראל־פנחס הכהן, איז ליידער געווען דער לעצטער רב אין ראַדאָמסק, ביז עס איז געקומען דער וועלט־מערדער היטלער, און דער לעצטער רב פון די גרויסע רבנים איז געוואָרן דעפּאָרטירט צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג פון ראַדאָמסק. פון לעצטן רב זענען געבליבן אין ישראל צוויי זין — ר׳ שלמה וואָס וווינט אין כפר־חסידים און איז געווען איינער פון זיינע ערשטע גרינדער; דער צווייטער זון — ר׳ יהושע אלעזר (אַן איידעם פון ר׳ אליעזר סטראָווינסקי) איז געשטאָרבן אין חיפה.

דער יינגסטער זון אדמו״ר הרב ר׳ אברהם־ישכר איז געוואָרן דער ממלא מקומו אַלס רבי נאָך זיין גרויסן פאָטער. געבוירן איז ער געוואָרן אין תר״ג, מען האָט אים גערופן נאָך זיין ספר וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אויף די גאַנצע תורה „חסד לאברהם״. ער איז געווען פון די קלוגסטע און איידלסטע רביים אין פוילן. דער וואָס האָט אַמאָל געלערנט און זיך פאַרטיפט אַביסל אין דעם ספר „חסד לאברהם״ קאָן פאַרשטיין זיין חכמה אין תורה. דערצו איז ער געווען אַן אויסערגעוויינלעך איידעלער מענטש און אַ גרויסער עניו. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יעדן מענטש אַזוי ווי מיט זיינס אַ קינד. ווי גרויס זיין עניוות איז געווען קאָן מען זען פון דער פאָלגנדיקער געשיכטע וואָס מען דערציילט פון אים: בשעת דער חסד לאברהם האָט זיך משדך געווען מיט דעם גערער רבין (הרב ר׳ מענדעלי, דער פאַביאַניצער און שפּעטער קאַלישער רב, איז געווען אַן איידעם פון חסד לאברהם. זיין פרוי איז געשטאָרבן יינגערהייט איבערלאָזנדיק אַ קינד ר׳ אברהמלי וואָס איז שפּעטער געווען פאַביאַניצער רב) האָט ער געשיקט זיינס אַ חסיד, אַ גרויסן למדן, קיין גער צו פרווון דעם חתן, ווי עס איז געווען דער מנהג אין פוילן, ספּעציעל ביי די רביים. ווען דער חסיד איז צוריקגעקומען פון גער פרעגט אים דער חסד לאברהם אויב עס איז טאַקע אמת דאָס אין גער איז שטאַרק אָנגענומען די מידה פון עניוות און מען האַלט זיך דאָרט פאַר גאָרנישט אויס גרויס עניוות. ענטפערט אים דער חסיד: „יא, דאָס איז אמת. אין גער האַלט מען זיך טאַקע פאַר גאָרנישט, די מעשה איז אָבער וואָס אַ צווייטן האַלט מען דאָרט נאָך פאַר אַ גרעסערן גאָרנישט״.

דער חסד לאברהם איז נפטר געוואָרן י״ג אלול תרנ״ב.

דער חסד לאברהם האָט געהאַט פינף זין און פינף טעכטער. די זין זענען געווען: ר׳ אלימלך, ר׳ יחזקאל, ר׳ שלמה, ר׳ יעקלי, און ר׳ נתן וועלכן מען האָט גערופן ר׳ נאָטקע.

ר׳ אלימלך איז געווען זייער אַן איידעלער ייד און אַ גרויסער למדן. ער איז נפטר געוואָרן נאָך ווען זיין פאָטער האָט געלעבט. ר׳ אלימלך׳ס פרוי איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער שטאָט. ווער האָט עס נישט געקענט מינטשע׳ן? זי האָט געהאַט אַ גרויס הורט־געשעפט מיט מאַנופאַקטור אויף דער פזשעדבאָזשער גאַס.

ר׳ אלימלך האָט איבערגעלאָזן נאָר טעכטער. פיר טעכטער האָט ער געהאַט. דער עלטסטער איידעם איז געווען הרב ר׳ משה׳לע פון ראַווע; די צווייטע טאָכטער איז געווען די לעצטע רביצין, די פרוי פון לעצטן רבין — הקדוש ר׳ שלמה הענעך זצ״ל. די דריטע טאָכטער איז געווען די פרוי פון דעם באַקאַנטן „מזרחי״־טוער ר׳ מענדעלע פרענקעל, אַ זון פון כענטשינער רבין און אַ ברודער, פון איין מוטער.

פון הרב ר׳ ישעיה׳לע שפירא ז״ל. די יינגסטע טאָכטער איז געווען די פרוי פון ר׳ נתן (מען האָט אים גערופן ר׳ נטע׳לע), דעם זון פון בלענדאָווער רבין.

דער צווייטער זון, אדמו״ר ר׳ יחזקאל, איז געוואָרן רבי, ממלא מקומו נאָך זיין גרויסן פאָטער. ער איז באַקאַנט פון זיין ספר „כנסת יחזקאל״. דאָס איז געווען אַן־אייגנאַרטיקער רבי, אַן אויסערגעוויינלעך פרומער, אַן אמתער איש צדיק תמים במעשיו וואָס איז געזעסן יומם ולילה על התורה ועל העבודה. ווען מען איז געקומען אין רבינ׳ס הויף איז שטענדיק — אַפילו אין מיטן נאַכט — געווען ליכטיק ביים רבין אין פענצטער, כי לא פסק פומי מגרסא. ער פלעגט גיין אינמיטן דער נאַכט אין מקוה און ווען די מקוה איז געווען געשלאָסן, האָט ער אויס־געהאַקט די שויבן, אַריינגעגאַנגען אין מקוה דורכן פענצטער און זיך געטובלט אין קאַלט וואַסער.

דער כנסת יחזקאל איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער תמים במעשיו און אַ גרויסער מאמין אַז אַ ייד וועט חס ושלום נישט גנבענען דען עס שטייט דאָך בפירוש: „לא תגנוב״. ס׳האָט געטראָפן אַמאָל אַ מעשה, אַז אַ קונדס אָדער אַ גנב איז אַריינגעגאַנגען אין רבינ׳ס שלאָפצימער ביינאַכט און אַרויסגעגנבעט די זילבערנע לייכטער און פאַרשידענע אַנדערע זילבערנע ווערטזאַכן. מען האָט געוווּסט באַשטימט, אַז דער רבי איז נישט געשלאָפן און האָט געזען ווער עס האָט געגנבעט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט זאָגן. די ליצני הדור האָבן געזאָגט, אַז ער האָט נישט געקענט שרייען, ווייל די גנבים האָבן דאָס ערשטע אַוועקגענומען דאָס נעגל־וואַסער און ביז מען גיסט זיך נישט אָפּ די הענט טאָר מען דאָך נישט ריידן, אָבער אין דער אמתן האָט ער געוווּסט ווער דער גנב איז נאָר ער האָט נישט געוואָלט חושד זיין אַ יידן אין גניבה; אַ ייד וועט דאָך נישט עובר זיין אויף אַזאַ גרויסע עבירה פון „לא תגנוב״, סיידן ער האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער נויט און האָט זיך אויסגעבאָרגט די זאַכן, כדי ער זאָל קענען פאַרקויפן אָדער פאַרזעצן אויף צו ראַטעווען זיך און שפּעטער וועט ער דאָס באַשטימט צוריקגעבן — „והשיב את הגזלה אשר גזל״.

זיין תורה זאָגן ביים טיש איז געווען אַ געוואַלדיקע עבודה. ער האָט געזאָגט די תורה מיט אַזאַ התלהבות, דאָס ער האָט געקענט מאַנכמאָל איבערחזרן אַ וואָרט מערערע מאָל. אין אַ געוואַלדיקער התלהבות פלעגט ער אַריינפאַלן, ווען ער האָט געזאָגט אַ תורה־וואָרט פון זיין פאָטער. „דער טאַטע זכרונו לברכה האָט געזאָגט״ — פלעגט ער איבערחזרן מערערע מאָל. ווען ער איז אַריינגעפאַלן ביים דאַווע־נען אין התלהבות האָט אָנגענומען פשוט אַ פחד. איך געדענק ווי ער האָט אַמאָל ראש השנה געדאַוונט מוסף פאַר דעם עמוד. ער איז נישט געווען קיין מנגן, ער האָט איבערהויפּט נישט געקענט זינגען נאָר די חסידים האָבן צווישן זיך געמאַכט אַ קאַפּעליע אונטער דער אָנפירונג פון בלינדן יחזקאל פון בענדין, וועלכער האָט זייער שיין געזונגען. ווער עס האָט נישט געהערט זיין דאַווענען ראש־השנה, דער קאָן נישט האָבן קיין אַנונג וואָס עס הייסט אַ חסידישער „כל עצמותי תאמרנה״. ווען ער האָט געזאָגט: „ותמלוך אתה ד׳ אלוקינו מהרה לבדך על כל מעשיך״ — האָט אַרומגענומען אַ ציטער אין אַלע אברים. נישט נאָר דאָס בית המדרש איז געווען איבערפולט נאָר אויך דער גאַנצער הויף איז פול געווען מיט חסידים — מתפללים און ראַדאָמסקער בעלי־בתים וואָס האָבן יעדן ראש־השנה געדאַוונט ביים רבין. אַזוי, למשל, איז דאָס קצבים־שטיבל אין ראש־השנה און יום־כיפור געווען געשלאָסן שוין פון די צייטן פון תפארת שלמה, אַלע קצבים זענען געגאַנגען די ימים נוראים דאַווענען צום רבין. אויך זענען געקומען פיל בעלי־בתים שוין נאָך זייער עסן הערן דאָס דאַווענען ביים רבין. נאָך דעם דאַווענען האָט דער גאַנצער עולם באַלד געדאַוונט מנחה ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם דאַווענען איז שוין געווען באַלד פינף אַזייגער, איז טאַקע דער גאַנצער עולם חסידים אין פוילישע שטריימלעך ווי אויך אין גאַליציאַנישע שטריימלעך מיט די שפּיצן, און זייער פיל ראַדאָמסקער יידן און פרויען געגאַנגען צו די סטריקא (אַ טייכל מיט דעם נאָמען) אויך צום סטאָקל (אַ וואַסער־קוואַל מיט דעם נאָמען), זאָגן תשליך. דאָס איז געווען אַ רעליגיעזע פּראָצעסיע וואָס אין מערב־אייראָפּע זעט מען דאָס גאָרנישט ביי יידן. אַלע מענער אין זיידענע יובעצעס מיט שטריימלעך אויף די קעפּ אָדער אין סאַמעטענע היטלעך. די פרויען — אין ווייסע שאַלן, און די אַלטע פרויען מיט ווייסע קופּקעס אויף די קעפּ. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט ביים טייך מיט די מחזורים אין די הענט און געזאָגט תשליך מיט גרויס כוונה. נאָך דעם זאָגן האָבן די מיינסטע אויסגעליידיקט די קעשענעס, אַריינגעוואָרפן די עבירות אין וואַסער כדי צו מקיים זיין: „ותשליך במצולות ים כל חטאותם״. און דאָס יינגוואַרג, יונגע חברה׳ניקעס, האָבן געשטיפט און געוואָרפן שטיינער אין וואַסער. דאַן האָבן די חסידים באַגלייט דעם רבין מיט געזאַנג ביז אין בית־המדרש צום טיש, טאַנצנדיק מיט גרויס התלהבות. דער רבי מיט די חסידים האָבן צוזאַמען געפּראַוועט דעם יום־טוב־טיש. די עלטערע חסידים, איבערהויפּט די שיינע יידן, גרויסע לומדים און אַלטע חסידים זענען געזעסן אויף צוויי לאַנגע בענק פון ביידע זייטן טיש. הינטער די בענק זענען געשטאַנען די שאַרפע חסידישע יינגעלייט וואָס האָבן געוואָלט זען יעטוועדע תנועה פון רבין, ווי ער עסט, ווי ער שאָקלט זיך, ווי ער זינגט די זמירות. ווען עס איז געקומען דער מאָמענט און דער רבי האָט אָנגעהויבן זאָגן תורה איז געוואָרן אין בית המדרש אַזאַ שטילקייט, אַז מען האָט געקענט הערן דאָס זשומען פון אַ פליג. ווען דער רבי האָט געזאָגט תורה האָבן זיך די חסידים נישט דערלויבט אַפילו אַ הוסט צו געבן. אַזאַ טיש האָט געקענט דויערן ביז דריי שעה. נאָך דעם טיש האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די חסידישע טענץ. איבערהויפּט האָבן זיך ביים טאַנצן געוואָרפן אין די אויגן די גאַליציאַנער חסידים מיט זייערע שטריימלעך מיט די דרייצן שפּיצן. ביים טאַנצן האָבן זיך די שפּיצן געוואָרפן און געשאָקלט ווי זיי וואָלטן מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער התלהבות.

דער כנסת יחזקאל איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 48 יאָר, שבת־צו־נאַכטס האַלב צען, י״ח מרחשון תרע״ב. צו זיין לויה וואָס איז פאָרגעקומען זונטיק נאָכמיטאָג, זענען געקומען טויזנטער חסידים פון גאַנץ פוילן און גאַליציע. עס זענען געקומען עקסטרא־צוגן פון לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, בענדין א. אַ. פינפאונצוואַנציק טויזנט יידן האָבן אָנטייל גענומען אין דער לויה. איך האָב געזען ווי חסידים זענען געשטאַנען אין גאַס און געוויינט ווי קליינע קינדער, ווייל דער רבי איז געווען זייער באַליבט ביי זיינע חסידים און איז נפטר געוואָרן יונגערהייט. צו דער לויה זענען אויך געקומען כמעט אַלע רביים פון פוילן. ער האָט איבערגעלאָזט צוויי זין: הרב ר׳ שלמה הענעך וואָס איז געוואָרן רבי ממלא מקומו נאָך זיין באַליבטן פאָטער; דער צווייטער זון — ר׳ אלימלך איז געווען רב אין שידלאָווצע.

דער דריטער זון פון חסד לאברהם איז געווען ר׳ שלמה׳לע. ער איז געווען אַ ייד, אַ סוחר און געוווינט אין עלקוש (אלקוש). אַ פיינער און ליבער מענטש, אַ גרויסער עניו, פשוט ביי זיך און אַ גרויסער בעל מידות טובות.

דער פערטער זון איז געווען רבי ר׳ נתן הנקרא ר׳ נאָטקע. ער איז געווען רבי צוערשט אין קרימאלאוו, שפּעטער אין זאַווירטשע. אויסגעזען האָט ער אינגאַנצן ווי זיין פאָטער, געווען איז ער די גוטסקייט אַליין, כולו אהבת ישראל און זיין איידלקייט איז נישט צו באַשרייבן. אַלס רבי האָט ער זיך פיל אָפּגעגעבן מיט זיינע חסי־דים און מוסר נפש געווען פאַר יעטוועדן יידן (ער איז געווען זייער באַליבט ביי אַלעמען). האָט געלעבט בעת ס׳האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה און צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע ברידער און שוועס־טער אומגעקומען פון די הענט פון די דייטשע וועלט־מערדער. זיין זון, ר׳ אלימלך, זאַווירטשער רב, איז געווען אַ לאַנגע צייט אין

אוישוויץ, געאַרבעט שווערע אַרבעט אין היטלעריסטישן קאָנצענ־טראַציע־לאַגער. ווען די מערדער האָבן אָפּגערוימט דעם לאַגער פון אוישוויץ פאַר דעם אַריינמאַרשירן פון די רוסן, האָט ער צוזאַמען מיט אַלע אומגליקלעכע יידן מאַרשירט צופוס נאָך דאַכאַו, אָבער ליידער האָט דער איידעלער ייד און רב נישט געהאַט קיין כוח צו מאַרשירן און די מערדער האָבן אים אויפן וועג דערשאָסן. דאָס האָט מיר דער־ציילט אַ ייד פון פּאַריז, זיין אח לצרה, וואָס איז ניצול געוואָרן.

דער פינפטער זון פון חסד לאברהם, ר׳ יעקעלע איז געווען רב אין קלאבוצק. נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער זענען זייער פיל חסידים געפאָרן צו אים קיין קלאבוצק. ער איז נאָך געווען זייער יינג, אינגאַנצן איבער די צוואַנציק, האָבן די חסידים אויף אים גע־זאָגט: דרך כוכב מיעקב. ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך גוטן קאָפּ, געווען אַ גרויסער מתמיד אין לערנען און אַ מזג־טוב. ליידער איז ער נפטר געוואָרן זייער יינג אין אָטוואָצק. ער האָט איבערגעלאָזט צוויי זין און אַ טאָכטער.

## די איידעמס פון תפארת שלמה

דער עלטסטער איידעם פון תפארת שלמה איז געווען ר׳ ליפּמאַן ליטמאַנאָוויטש. דאָס איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע קאָצקער חסידים, אַ גרויסער למדן אין נגלה און אין נסתר און דערצו אַ שאַר־פער חסיד. מען דערציילט דאָס ווען ער האָט געוואָלט פאָרן קיין קאָצק האָט ער מורא געהאַט עס צו זאָגן זיין שווער, דער תפארת שלמה. ער האָט נאָר אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און אַריינגעשריגן: „שווער, זייט געזונט, איך פאָר קיין קאָצק״.

די קאָצקער חסידים האָבן אים געוואָלט מאַכן פאַר זייער רבין נאָך דער פּטירה פון רבין ר׳ העניך הכהן פון אַלעקסאַנדער, אָבער ער האָט נישט געוואָלט ווערן רבי נאָר געפאָרן קיין גער, ווו ער איז געווען פון די גרעסטע חסידים מיט קאָצקער התלהבות. דער סאָכאַ־טשעווער רבי, ר׳ שמואל, איז געווען זיין איידעם.

ר׳ פּנחס ליטמאַנאָוויטש האָט געהאַט צוויי זין: ר׳ מענדעל ליטמאַנאָוויטש, אַ ייד אַ גרויסער למדן, אָבער זייער אַ פּשוטער ביי זיך. דער צווייטער זון, ר׳ שלמה (מען האָט אים גערופן שלמה ר׳ ליפּמאַנ׳ס) האָט געהאַט אַ ווייַן־געשעפט, געווען אַ פיינער ייד און אַן ערלעכער סוחר. פון אים איז געבליבן אין ירושלים אַ טאָכטער שרה־פייגע; דער מאַן אירער איז הרב ר׳ שבתי באָרנשטיין, אַן איי־ניקל פון רבין ר׳ אברהמלע, סאָכאַטשאָווער גאון דעם אבני נזר. הרב ר׳ שבתי איז אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ קענער פון ש״ס, פּוסקים ראַ־שונים ואחרונים, אָנגעזען אין דער לומדישער וועלט פון ירושלים.

דער צווייטער איידעם פון תפארת שלמה איז געווען ר׳ יחיאל לאַנדא. ער איז געווען אַ וואָרקער און שפּעטער אַלעקסאַנדער חסיד, אַ ייד מיט אַ הייס ידיש האַרץ, אין תר״ס איז ער עולה געווען מיט זיין פרוי רבקה, די טאָכטער פון תפארת שלמה, קיין ארץ ישראל. נפטר געוואָרן אין צפת. זיין איידעם איז געווען דער באַליבטער ראַ־דאָמסקער מוהל ר׳ אביגדור זילבערשטיין, מען האָט אים גערופן: אביגדור מוהל. אביגדור מוהל׳ס זון איז געווען אַ גרויסער אָנגע־זעענער רב אין טאָראָנטע (קאַנאַדע). הרב הגאון ר׳ ישראל זיל־בערשטיין, וואָס איז געווען פריער רב אין בייזיטשין, אַן אייניקל פון ר׳ יחיאל לאנדא לעבט אין טבריה און הייסט קעניג. דער דריטער איידעם איז געווען ר׳ ישראל קראהן, אַן אַלטער קאָצקער חסיד.

## די איידעמס פון חסד לאברהם

דער ערשטער איידעם איז געווען דער באַקאַנטער רבי, ר׳ מענ־דעלע פון אָטוואָצק, אַן אייניקל פון וואָרקער רבין. אַ יאָר נאָך דער חתונה איז געשטאָרבן זיין פרוי, די טאָכטער פון חסד לאברהם.

דער צווייטער איידעם איז געווען הרב ר׳ מענדעלע, דער זון פון גערער רבין, דעם בעל שפת אמת, וואָס איז געווען פּאַביאַניצער רב, שפּעטער קאַלישער רב. אויך זיין פרוי איז געשטאָרבן יינגערהייט. ס׳איז נאָך איר געבליבן אַ זון, אַברהמעלע, פּאַביאַניצער רב אויפן פאָטערס אָרט.

דער דריטער איידעם איז געווען ר׳ מאָטל בלאָס. ער האָט גע־ווינט ביים רבין אין הויף. געהאַט אַ גרויס הירט־געשעפט מיט שפּייז און געווען אַ קלוגער ייד.

דער פערטער איידעם איז געווען דער באַקאַנטער רבי און צדיק הקדוש, ר׳ אברהמעלע זצ״ל פון אַמשינאָוו. וועגן אים וועל איך עקסטראַ שרייבן, ווייל ער איז געווען באַקאַנט און באַליבט אין דער גאַנצער שטאָט. זיין פרוי איז געווען די יינגסטע טאָכטער פון חסד לאברהם, די באַקאַנטע קלוגע רביצין טשיפּעלע.

צום שלוס וויל איך נאָך עטוואָס באַשרייבן דעם לעצטן רבין, וואָס איז אומגעקומען פון די וועלט־מערדער — דער קדוש אדמו״ר ר׳ שלמה חנוך הענעך הכהן. ער איז געווען אַ גרויסער חכם, זיינע חסידים האָבן אויף אים געזאָגט: „משלמה ועד שלמה לא קם כשלמה״, ד״ה דאָס ער האָט געהאַט חכמת שלמה המלך. זייט דער ערשטער וועלט־מלחמה פון יאָר 1914 האָט ער געוווינט אין סאָסנאָוויץ, ווייל ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז ער גראָד געווען אין בערלין און עס איז אים קוים נאָך גרויס מי געלונגען צו קומען קיין סאָס־נאָוויץ, דער ראַדאָמסק איז נאָך געווען באַזעצט דורך די רוסן. אין סאָסנאָוויץ האָט ער געפירט רבישאַפט און גלייכצייטיק אָנגעהויבן מאַכן גרויסע געשעפטן בשותפות מיט זיינע חסידים און ער איז מיט דער צייט זייער רייך געוואָרן. אַזוי איז ער געבליבן וווינען אין סאָסנאָוויץ. מען האָט אויך דערציילט, אַז ער האָט נישט געוואָלט צוריקקומען קיין ראַדאָמסק וווינען, ווייל זיין פאָטער און זיין זיידע זענען נפטר געוואָרן ווען זיי זענען אַלט געווען 48 יאָר און ער איז קראַנק געוואָרן אויף די זעלבע צוקער־קראַנקהייט ווי זיין פאָטער און זיין זיידע, האָט ער געוואָלט אַריבערוואַרטן די יאָרן, ער זאָל אַריבער די פופציק מחוץ פון ראַדאָמסק. שפּעטער האָט ער אַדאַנק זיין קלוגן קאָפּ געמאַכט אַ גאַנץ גרויס פאַרמעגן, מען האָט אים גע־



אין צענטער: דער רבי ר׳ שלמה חנוך הכהן ראַבינאָוויטש, דער לעצטער אדמו״ר פון „ראַדאָמסקער דינאַסטיע״, (לינקס: זיין איידעם, ר׳ דויד־משה)

במרכז: הרבי ר׳ שלמה חנוך הכהן רבינוביץ, האדמו״ר האחרון של „השושלת הראדומסקאית״ (משמאל: חתנו ר׳ דויד־משה)

שאַצט אַלס דעם גרעסטן מיליאָנער אין פוילן. ליידער האָבן אים די דייטשע מאַסן־מערדער דערהרגעט אין וואַרשע.

אַזוי איז אומגעקומען און פאַרשווּנדן די שיינע גרויסע חסידישע דינאַסטיע וואָס איז געווען באַרימט אין גאַנץ פוילן צוזאַמען מיט דעם גאַנצן פוילישן יידנטום וואָס איז געווען דער יסוד פונעם וועלט־יידנטום.

## פערזענלעכקייטן און געשטאַלטן

### דער דאָקטאָר רבי חיים־דוד זצ״ל

צווישן תק״ם און תק״פ האָט געלעבט אין ראַדאָמסק אינעם הויז נעבן מאַגיסטראַט (שפּעטער יוסל נייקראַנ׳ס הויז) אַ דאָקטאָר וועלכן מען האָט גערופן פּראָפעסאָר בערנאַרד. ער איז געווען דער גרעסטער מעדיצינער אין דער גאַנצער סביבה און מען האָט אים גערופן צו אַלע פּריצים, גוטבאַזיצער און אויך צו דער פירשטין לובאָמירסקי, מיט איין וואָרט: דער גרעסטער און אָנגעזעענסטער דאָקטאָר. ער האָט גאָרנישט געוווּסט פון קיין יידישקייט, נישט געוווּסט אַפילו פון יום־כיפּור, אַ גאַנץ אַסימילירטער צווישן די פּאָליאַקן איז ער ווייט אַוועק פון יידנטום.

איינמאָל — דערציילט די לעגענדע — האָט אים געזען דער באַקאַנטער רבי, ר. דוד׳ל לעלעווער זצ״ל, און ער האָט געזאָלט זאָגן: „אַ שאָד, דער ייד האָט אַ גרויסע נשמה און מען דאַרף עפּעס טון כדי זי צו ראַטעווען״. ער האָט אָנגעזאָגט זיינע מקורבים, דאָס ווען דער דאָקטאָר וועט אַמאָל קומען קיין לעלעוו (וואָס איז נישט ווייט פון ראַדאָמסק), זאָל מען אים צוּוויסן געבן. איינמאָל איז דער דאָקטאָר געקומען אין אַ שבת קיין לעלאוו, האָט מען צו וויסן געטון דעם רבין אַז דער דאָקטאָר איז דאָ. ר׳ דודל איז אַרויסגעגאַנגען און זיך געשטעלט אין אַ הויז. דער דאָקטאָר איז דורכגעריטן אויפן פערד (ער איז געריטן צו דער פּיליצע אָנצופויען דאָס פערד) און ר׳ דוד׳ל האָט שטאַרק געקוקט אויף דעם דאָקטאָר. צוריקוועגס האָט דער דאָקטאָר שוין געפירט דאָס פערד. דאַן האָט ר׳ דוד׳ל אים געלאָזט זאָגן, דאָס ער וויל זיך מיט אים זען. איז דער דאָקטאָר ספּעציעל געקומען קיין לעלעוו און ר׳ דוד׳ל האָט זיך מיט אים פאַרשלאָסן אין צימער אויף אַ גאַנצן טאָג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווייסט קיין מענטש נישט וואָס זיי האָבן דאָרט גערעדט, אָבער דאָס ווייסט מען, אַז זיי ביידע זענען דעמזעלבן טאָג געפאָרן קיין לובלין צום רבין פון לובלין, דעם „חוזה״. זיי זענען דאָרט געבליבן צען וואָכן און נאָכדעם ווען דער דאָקטאָר איז צוריקגעקומען קיין ראַדאָמסק איז ער געוואָרן אַ ריכטיקער בעל תשובה, ער האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס גאַנצע געשיר, טעפּ, טעלער און אַלץ געקויפט נייעס. אויך זיין פרוי, די דאָקטאָרין איז געוואָרן אַ בעלת תשובה. זי האָט זיך אָפּגעשוירן די האָר און אָנגעטון אַ קופּקע אַזוי ווי גאַנץ פרומע פרויען האָבן צו יענער צייט געטראָגן. דער דאָקטאָר האָט זיך גענומען לערנען תורה מיט אַזאַ התלהבות ווי גרויסע יידן זענען מסוגל עס צו טון און מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ גרויסער תלמיד חכם אין נגלה און אין נסתר. אויך האָט ער זיך פיל מסגף געווען, ד. ה. געפאַסט תעניתים, געגאַנגען טובל זיין זיך יעדע נאַכט, אַפילו ווינטער האָט ער אויפגעהאַקט דאָס אייז און געגאַנגען צו טבילה כדי מכפר צו זיין אויף זיין פריערדיק נישט יידיש לעבן.

דער דאָקטאָר איז אַוועק פון ראַדאָמסק און זיך באַזעצט אין פּיעטרקאָוו. דאָרט האָט ער זיך איבערגעגעבן אינגאַנצן דעם לימוד התורה און זיין נאָמען איז באַקאַנט געוואָרן אין גאַנץ פוילן שוין אַלס דאָקטאָר ר׳ חיים־דוד. עס זענען צו אים געקומען די גרעסטע באַקאַנטע פערזענלעכקייטן כדי צו באַוווּנדערן דעם מערקווירדיקן דאָקטאָר בעל התשובה. ווען ער איז שפּעטער, שוין אַלס רבי, געגאַנגען צו אַ קראַנקן האָט ער צוערשט געזאָגט פאַרשידענע קאַפּיטלעך תהלים, דאַן האָט ער אונטערזוכט דעם קראַנקן. פיל מאָל האָט ער גאָרנישט געוואָלט פאַרשרייבן, אויך קיין געלט נישט געוואָלט נעמען ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט נישט מער וואָס צו מאַכן ביי דעם קראַנקן. פיל מאָל האָט ער זיך געהייסן געבן 36 רובל אויף צדקה־צוועקן, וואָס עס איז דעמאָלס געווען פיל געלט. ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז מען האָט נישט אַזויפיל געלט, האָט ער געענטפערט: „פאַרקויפט אַלץ, אַפילו די קישנס אָבער דאָס געלט מוז זיין״, וואָרעם ער האָט געזען, אַז דעם קראַנקן פעלט נאָר פדיון נפש, מען זאָל אים אויסלייזן מיט צדקה. צו אָרעמע יידן איז ער געגאַנגען אָן יעטווּעדע באַצאָלונג. אויך צו רייכע פּאָליאַקן האָט מען אים ווייטער גערופן און אויך דאָרט האָט ער צוערשט געזאָגט תהלים. די אַנדערע יידישע דאָקטוירים האָבן אויף אים געזאָגט מחמת קנאה, אַז ער איז משוגע געוואָרן, אָבער ער האָט זיך אויפגעפירט אין אַלע הינזיכטן נישט ווי אַ משוגענער, נאָר ווי אַן אמתער גרויסער צדיק און אויסערגעוויינלעך גרויסער מענטש, וואָס ער האָט פאַרדינט האָט ער אלץ אַוועקגעגעבן פאַר אָרעמע לייט.

מיין פאָטער, ר׳ יחזקאל שו״ב ז״ל, האָט מיר דערציילט, אַז מיין עלטער־זיידע, ר׳ מענדעלע שו״ב ז״ל, פון פּיעטרקאָוו, איז געווען דער בעסטער פריינד פון דאָקטאָר זצ״ל. דער דאָקטאָר פלעגט, לויט זיינע ווערטער, דורכזיצן גאַנצע נעכט לערנענדיק תורה; אויך פלעגט ער יעדע נאַכט, דריי אַ זייגער, אויפוועקן די קינדער און געבן זיי עטוואָס צו עסן, ווייל ער האָט געזאָגט: „ווי קען אַ קינד דורכשלאָפן צוועלף שעה אָן עטוואָס צו עסן? דאָס מוז עס אָפּשוואַכן״.

אויך די דאָקטאָרין איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך פרום. מיין זיידע ר׳ מיכאל שו״ב, האָט דערציילט, דאָס ווען ער איז געווען אַ ייִנגל פון צען יאָר האָט אַמאָל דער דאָקטאָר פרייטאָג־צו־נאַכטס פאַרגעסן זיין טאַבאַק־פּושקעלע, האָט ער געשיקט מיין זיידן ער זאָל גיין צו אים אַהיים עס ברענגען. די דאָקטאָרין האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט אַרויסגעפירט פון שטוב און אים געהייסן וואַרטן אין דרויסן זאָגנדיק: „דו ווייסט, מיין קינד, אַז ביי אונדז יידן איז פאַראַן איסור יחוד?״ ער האָט געמוזט וואַרטן אין דרויסן ביז זי האָט אַרויסגעברענגט דאָס טאַבאַק־פּושקעלע.

דער דאָקטאָר זצ״ל פלעגט זאָגן, אַז מיט אַ חולה דאַרף מען זיך נוהג זיין אַזוי ווי עס שטייט אין דאַווענען: בורא רפואות, נורא תהלות, אדון הנפלאות. פריער דאַרף מען דעם קראַנקן פאַרשרייבן אַ רעצעפּט, דאָס איז „בורא רפואות״, אויב עס העלפט נישט, דאַרף מען זאָגן תהלים, דאָס איז „נורא תהלות״ און דאַן אויב דער מצב ווערט ערגער, מוז מען האָפן אויף אַ נס פון הימל, דאָס איז „אדון הנפלאות״.

פון דעם דאָקטאָר זצ״ל זענען געבליבן דריי קינדער, אָבער אַלע גרויסע אָרעמעלייט. אַן אייניקל איז געוועזן רבי אין גאָרשקאָוויץ. מען זאָגט, אַז דער דאָקטאָר זצ״ל האָט געזאָלט איבערלאָזן אַ ברכה פאַר זיינע קינדער: אריכות ימים אָבער אָרעמעלייט, כדי זיי זאָלן בלייבן גוטע יידן. ער איז נפטר געוואָרן אין פּיעטרקאָוו. די שטאָט האָט אים אויסגעבויט אַן אוהל. מיין עלטער־זיידע, ר׳ מענדעלע שו״ב ז״ל, האָט מען אַלס זיינעם אַ פריינד קובר געווען ביים אוהל. מיין זיידע האָט געלאָזט אַ צוואה די קינדער, אַז ווען זיי וועלן ח״ו זיין אין אַן עת צרה זאָלן זיי פאָרן קיין פּיעטרקאָוו אויף דעם דאָקטאָרס אוהל. ביז צום סוף פון פוילישן יידנטום זענען יידן פון גאַנץ פוילן געקומען אויף דעם ציון פון דעם וווּנדערבאַרן דאָקטאָר בעל־תשובה און גרויסן צדיק און רבי און גוטן יידן זכותו יגן עלינו.

### דער רבי ר׳ הערשעלע גידזשעלער זצ״ל

נישט ווייט פון ראַדאָמסק איז פאַראַן אַ קליין שטעטל הייסט עס גידזשעל. דאָרט האָט געלעבט אַ צדיק אַ גרויסער נסתר און ווייניק באַקאַנט אַלס רבי, אָבער באַקאַנט צווישן די גרויסע רביים וואָס זענען געקומען צו אים. ער האָט געהייסן ר׳ הערשעלע גידזשעלער.

דאָס איז געווען אַ מערקווירדיקער באַהאַלטענער גרויסער ייד. די מערסטע צייט האָט ער פאַרברענגט אין די וועלדער, געגאַנגען אָנגעטון איז ער ווי אַ פויער, מיט אַ שטרויענעם שטריק אַרומגעבינדן אַלס גאַרטל און ווען אַ רבי אָדער אַזוי אַ תלמיד חכם איז צו אים געקומען אויף אַ באַזוך, האָבן זיי געמוזט וואַרטן ביז ער איז געקומען פון וואַלד מיט אַ בינט האָלץ אויף די פּלייצעס. זיין צדקות איז גאָרנישט צו דערציילן, זיין גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט אויף תורה ועבודה און התבודדות אין וואַלד, פון וואַנען ער האָט געבראַכט האָלץ פאַר די אָרעמע יידן. די מערסטע תורה האָט ער געזאָגט אויף פּויליש. דעם שבת פאַר זיין פטירה, דאָס איז געווען פ׳ ראה, דען ער איז נפטר געוואָרן כ״א מנחם אב תקצ״ט, האָט ער געזאָגט אַ תורה, וואָס שפּיגלט אָפּ די גרויסקייט פון דעם נסתר:

ראה אנכי נותן לפניכם היום — האָט ער געזאָגט — ראה אנכי, איז דער טייטש: „פּאַטש סאָביע", קוק פאַר דיר, זאָלסטו נישט זוכן עבירות און שלעכטע מידות ביי אַנדערע מענטשן, נאָר זוך דיינע אייגענע שלעכטע מידות, דען קיין מענטש איז נישט קיין פּאַרטיקער מאָראַלישער מענטש. קוק נאָך אויב דו טוסט געצוג גוטס מיט די נאָנטע, אייביק זאָל דער מענטש קוקן פאַר זיך: „פּאַטש סאָביע".

כ״א מנחם אב זענען יידן פון גאַנץ פּוילן געפאָרן אָדער געגאַנגען צופוס קיין פּלאָווגע אויף דעם קבר פון מערקווירדיקן און באַרימטן צדיק. פון אים האָט געשטאַמט די פאַמיליע ראַדאָשיצקי אין גידזשעל און ראַדאָמסק. אין מאַרסייל (פראַנקרייך) לעבט זיינס אַן אייניקל — ברוך ראַדאָשיצקי.

## מורה הוראות

דער ערשטער מורה הוראה האָט געהייסן ר׳ וואָלף. ער איז געווען מורה הוראה אין די צייטן פון תפארת שלמה. געפירט די אַלטע וואָרקער און שפּעטער אַמשינאָווער חסידים, געווען זייער אַ שאַרפער קאָפּ, אַן אָנגעזעענער תלמיד חכם און אַ גרויסער מושלם.

פון אים האָט געשטאַמט די פאַמיליע לאַנדא. דער פאָטער פון די לאנדאס איז דער גוט־באַקאַנטער מלמד, ר. יאָסקע מלמד, וואָס איז געווען אַ שאַרפער חסיד.

שפּעטער איז געוועזן מורה הוראה ר׳ שמואל זעלווער, וועלכן מען האָט גערופן ר׳ שמואלע מורה הוראה. ער איז געווען איינער פון די אַלטע קאָצקער חסידים. זיין זון, ר׳ ישראלקע מורה הוראה, איז געווען אַ הויכער ייד, אַ הדרת פנים, אַ גרויסער בעל מנגן און פיל יאָרן בעל מוסף ביים סאָכאַטשאָווער רבין. עס האָבן מיר דערציילט יידן, וואָס געדענקען נאָך דעם עונג יום טוב, וואָס ר׳ ישראלקע ראַדאָמסקער האָט פאַרשאַפט די חסידים מיט זיין דאַווענען אין די ימים־נוראים אין סאָכאַטשעוו, מיט זיין כאָר וואָס איז באַשטאַנען פון די באַקאַנטע משפחה זינגערס פון ראַדאָמסק — מענדעלע און שלמהלע עפּשטיין.

אין דערזעלבער צייט איז אויך געווען מורה הוראה ר׳ הירש־יוסף. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער בקי אין אַלע פּוסקים, מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט אויסגעלערנט זיבעציק מאָל דעם יורה דעה. ווען מען איז געגאַנגען צו אים פרעגן אַ שאלה, האָט מען פריער אויס געוווּסט, אַז ניינציק פּראָצענט שאלות זענען געווען ביי אים כשר, דען ער האָט שוין שטענדיק געפונען די פּוסקים וואָס זענען מקיל. איך געדענק, אַז ווען עס איז געווען אין שעכטהויז אַ שווערע שאלת הריאה, האָבן זיך די אָרעמע קצבים געבעטן ביי די שוחטים, דאָס זיי זאָלן מיט דער שאלה גיין צו ר׳ הירש־יוסף׳ן, דען זיי זענען זיכער געווען אַז ביי ר׳ הירש יוסף וועט שוין זיין כשר.

נאָך ר׳ הירש־יוסף איז געוואָרן מורה הוראה ר׳ יוסף־אליעזר בוקי, דער וואָס איז געגאַנגען אין די וועגן פון ר׳ הירש־יוסף. ר׳ יוסף־אליעזר איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער אָבער מיט אַ גרויסן קאָפּ, אַ גוטער קאָפּ און אַ גרויסער חריף.

נאָך זיין פטירה האָט פאַרנומען זיין אָרט זיין זון ר׳ טוביה בוקי. אַ גרויסער תלמיד־חכם. אַ קורצע צייט איז אויך געווען מורה הוראה ר׳ הענעך זעלווער, אַ זון פון ר׳ ישראלקע מורה הוראה. דער ר׳ העגעך איז געווען אַ שטילער און באַשיידענער מענטש אָבער אַ גרויסער למדן און איינער פון די גרויסע תלמידים פון סאָכאַטשאָווער גאון און רבי, ר׳ אברהם בעל „אבני נזר".

## שוחטים

דער ערשטער שוחט וואָס איז געווען גוט באַקאַנט אין ראַדאָמסק, איז געווען מיין זיידע, ר׳ מיכאל שוחט ז״ל. ער איז געבוירן געוואָרן אין פּיעטרקאָוו. זיין פאָטער איז געווען דער באַקאַנטער שוחט ר׳ מענדעלע מגזע שוחטים פון פיל דורות. ר׳ מיכאל שו״ב איז געווען דער ניינטער דור פון ר׳ שבתי הכהן, דער מחבר פון ר׳ שפתי הכהן, באַקאַנט ביים גאַנצן יידנטום מיט דעם נאָמען דער ש״ך. ר׳ מיכאל האָט געשטאַמט פון דעם ש״ך׳ס טאָכטער, וועלכע מען האָט גערופן די שיינע אסתרקע. צו ערשט איז ער געווען שוחט אין ראָספּשע, שפּעטער איז ער געקומען קיין ראַדאָמסק אַלס שוחט כמעט אין דער זעלבער צייט וואָס דער תפארת שלמה זצ״ל איז געוואָרן רב אין ראַדאָמסק. ער איז געווען אַ וואָרקער חסיד נישט בלויז ווייל ער איז געפאָרן קיין וואָרקע, נאָר ווייל ער האָט מקיים געווען אין טאָג־טעגלעכן לעבן די לערע פון זיין גרויסן רבין. די לערע פון זיין רבין, רבי יצחק פון וואָרקע, איז געווען אהבת ישראל, וואָס עס האָט געמיינט ליב האָבן יעטוועדן ייד אָן אונטערשייד צי ער איז אַ חסיד צי אַ פּראָסטער ייד, אַ בעל־מלאכה. ר׳ מיכאל שוחט האָט טאַקע געהאַט זיין חברה וואָס איז באַשטאַנען פון פּראָסטע יידן, בעלי מלאכות, מיט וועלכע ער האָט געלערנט יעדן שבת חומש, רש״י און משניות. ער האָט אויסגעשטעלט פיל יידן בעלי מלאכות אַלס שיינע בני־תורה. איך האָב נאָך געקענט אייניקע פון זיי, וועלכע מען האָט גערופן ר׳ מיכאל׳ס חסידים, דאָס זענען געווען געציל שניידער און פייוול פעלצנמאַכער. פיל זענען אַפילו געוואָרן פיינע איידעלע יידן חסידים, אַזוי איז מיין שווער ר׳ יוסף־בער געלבאַרד געוואָרן אַ חסיד און אַ ייד וואָס האָט געקענט לערנען נאָר אַדאַנק ר׳ מיכאל שו״ב.

יעדן טאָג זענען ביי אים געזעסן ביים טיש צום עסן מעררע דורכרייזנדע אָרעמע יידן. פאַר יעדן אָרעמען יידן איז זיין הויז געווען אָפן. אין שבתים און ימים־טובים האָט ער געהאַט ביים טיש צען ביז פופצן יידישע סאָלדאַטן וואָס האָבן געדינט אין רוסישן מיליטער אין ראַדאָמסק. צוואַנציק רובל וואָס זענען אים איבערגעבליבן האָט ער יעדן חודש געשיקט קיין ארץ ישראל פאַר אָרעמע יידן. ער איז אויך געווען אַ גרויסער קענער פון מעדיצין, עס איז נישט געווען קיין אָרעמער קראַנקער אין ראַדאָמסק, וואָס מען זאָל צו אים נישט רופן ר׳ מיכאל שוחט. אַלע אַפּטייקן האָבן אָנגענומען זיינע רעצעפּטן. די פרומע חסידים האָבן געהאַט תרעומת אויף אים, היתכן אַ ייד אַ למדן און דערצו אַ שוחט זאָל גיין צו קראַנקע ווייבער, האָט מען אים פאַרמסרט ביים תפארת שלמה (זע אויבן).

ער איז אויך געווען — קאָן מען זאָגן — דער רבי פון די שוחטים פון גאַנץ פּוילן און רוסלאַנד. ער האָט געשריבן זיינע באַקאַנטע ספרים דעם „דעת חכמים" און דעם „דעת הזבח" אויף שחיטה און טריפות הריאה. אַלע שוחטים ווי אויך פיל רבנים פון גאַנץ פּוילן און רוסלאַנד האָבן זיך געוואָנדן צו ר׳ מיכאל שו״ב. ווען זיי האָבן געהאַט אַ שווערע שאלה אין עניני טריפות הריאה. זיינע בעסטע ידידים וואָס זענען געשטאַנען מיט אים אין שאלות און תשובות, זענען געווען ר׳ שלמה קליגער פון בראָד, דער מחבר פון „טוב טעם ודעת", דער קאַלישער רב ר׳ חיים אלעזר וואַקס, דער מחבר פון „נפש חי", אויך דער טאַרנאָווער רב, ר׳ ישראל הכהן ראַפּאַפּאָרט, דער מחבר פון שו״ת „מהר״י הכהן". ווי ווייט ער איז געווען באַהאַוונט אין תורה־

לערנען מיט דעם תפאַרת שלמה, קאָן מען זען פון דער הסכמה וואָס דער רב, ר׳ הירש מאיר הכהן זצ״ל שרייבט צום ספר פון ר׳ מיכאל שו״ב בזה הלשון: „הנני מעיד מה שהוא בזכרוני מילדותי בעת האדמו״ר זלה״ה הי׳ לומד עם בני הישיבה בלילי החורף אחר לימוד הישיבה הי׳ מפלפל כבוד הרב הנ״ל עם האדמו״ר זלה״ה כמעט בכל לילה ולילה הי׳ משים לילות כימים ובעת שהובאה שאלה לפניו בעניני טריפות הי׳ שולח אחר כבוד הרב הנ״ל והי׳ מצרפו כאחד מן המופלגים כדי שיבוא מכשורא״.

ווי גרויס און אָנגעזעען ער איז געווען אין דער לומדישער וועלט, קאָן מען זען פון דער הסכמה צו זיינע ספרים פון הרב הגאון ר׳ שלמה קליגער בעהמ״ח „טוב טעם ודעת״. ער שרייבט בזה הלשון: „אשר שלח במכתב עם התשובה מן יום ב׳ במדבר תקי״ך וזה לשונו בסוף התשובה הנ״ל ובנידון ספרו יתחיל להדפיסו ויישר חילו ויעשה ויצליח וימצא ספרו חן בעיני אלקים ואדם, ואם ירצה יגמול לי חסד ויזכרני בתוך ספרו בכמה מקומות ותבוא עליו ברכה. ונדון לעזוב שחיטתו אל יעשה כן אם יש רק בכוחו לשחוט כי מזכה הרבים, כי לא יהי׳ נמצא שוחט דכוותי יעיין בירושלמי פ״ו דפסחים הלכה א׳ א״ר יוסי בר׳ ביוון ח״ו דהוא בעולה אלא הי׳ אומר מאן אמר לי דחורן חורן מקדש שם שמיא דכוותי יע״ש מוכח סברא זו שכתבתי יעיי״ש לכך כל מה שאפשר לא יניח שחיטתו והשי״ת יהי׳ בעוזרו שלא יצא מידו שום מכשול רק יעשה הכל כהלכה כרצונו ית׳ כנפשו ונפש המעתיק הק׳ שלמה קליגער״.

דער תפאַרת שלמה האָט איבערגעלאָזן אַ צוואה דאָס אַזוי לאַנג ווי ר׳ מיכאל שוחט וועט גיין אויף די פיס זאָל ער גיין אין שעכטהויז און אַזוי איז געווען. ר׳ מיכאל שו״ב איז געגאַנגען אין שעכטהויז צו דער בדיקה ביז ער איז אַלט געוואָרן 77 יאָר. ער איז אויך געווען אַ גרויסער וויצלער און ווערטל־זאָגער. אין גאַנץ פוילן האָט מען נאָכ־דערציילט זיינע ווערטלעך און וויצן.

אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע האָט אַ מאָל פּאַסירט מיט ר׳ מיכאל שו״ב און עס איז כדאי זי דאָ צו דערציילן. ווען ער האָט פאַרטיק געהאַט זיינע כתבים פון דעם ספר וואָס ער האָט געשריבן, איז ער געפאָרן קיין וואַרשע לאָזן דרוקן דאָס ספר. די כתבים און אַכציק רובל האָט ער אַ־יינגעפּאַקט אין אַ גרויס טיכל (צו יענער צייט זענען נאָך נישט געווען קיין אַקטן־טאַשן ווי איצט). אָנקומענדיק קיין וואַרשע איז ער אַריין אין טראַמוויי וואָס איז נאָך דאַן געפאָרן מיט פערד. ווי נאָר ער איז אַרויף אויפן טראַמוויי האָט זיך געמאַכט אַרום אים אַ גרויס געשטופעניש. ווען ער האָט זיך ענדלעך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק האָט ער באַמערקט, אַז עס פעלט אים דאָס טיכל מיט די כתבים און די אַכציק רובל. ער איז געפאָרן אין אַמשינאָווער שטיבל אויף פּאַנסקע 28 און ווען ער איז אַריינגעקומען איז געוואָרן אַ גרויסע שמחה. ר׳ מיכאל איז געווען שטאַרק אָנגעזעען ביי די חסידים, ווייל ער איז יעדעס יאָר געקומען צו זיי קיין וואַרשע אין נאָמען פון אַמשינאָווער רבין נאָך כוללות. פרעגן אים די חסידים: וואָס זייט איר אַזוי נידערגעשלאָגן?״ דען זיי האָבן אים געקענט אַלס אַ מענטש וואָס איז קיינמאָל נישט געווען נידערגעשלאָגן נאָר אייביק לוסטיק מיט אַ גוט וואָרט. דערציילט ער זיי וואָס פאַראַ אומגליק עס האָט אים געטראָפן, אַז מען האָט אים צוגעגנבעט זיינע כתבים מיט זיין גאַנץ געלט. זאָגן אים די חסידים: „נישט געזאָרגט, קודם וועלן מיר מאַכן אַ טרינק בראָנפן, עס וועט שוין גוט זיין און בטחון בשהי״ת״. מען האָט געמאַכט אַ לחיים און צוויי אָנגעזעענע יינגעלייט, איינער פון זיי איז געווען דער באַקאַנטער וואַרשעווער מוהל ר׳ יעקב יוסף ראָזענטאַל, זענען אַרויסגעפאָרן קיין פּראַגע ביי וואַרשע, וווּ עס האָט געוווינט דער באַקאַנטער רבי פון די גנבים, ר׳ כאַסקעלע שפּיגעל־גלאַס, (נישט צו פאַרטוישן מיט דעם באַקאַנטן נשיא פון כולל פוילין — ר׳ יחזקאל שפּיגעלגלאַס). זיי קומען אַריין צו דעם רבין פון די חסידים, רופט ער צו זיי זיך אָפּ: „וואָס זאָגט איר נייעס?״

(איר מוזט וויסן, אַז דער רבי פון די גנבים איז געווען אַ ייד מיט אַ שיינער ווייסער באָרד, געזעסן און געלערנט, נאָר זיין פּרנסה איז געווען וואָס די גנבים האָבן אים געהאַלטן אַלס זייער מנהיג. ער האָט זיי איינגעטיילט יעדן זיין חלק אין די גניבות, אויך האָבן זיי ביי אים געהאַלטן זייערע דין־תורות, מיט איין וואָרט אַ בעסערער אונטער־וועלט־מענטש). די יינגעלייט דערציילן אים די גאַנצע געשיכטע מיט די כתבים און דעם געלט וואָס מען האָט געגנבעט. ענטפערט ער: „אויב מיינע קינדער (ד.ה. די באַנדע גנבים — וואָס שטייען אונטער זיין השפעה — מחבר) האָבן דאָס שטיקל אַרבעט געמאַכט, מעגט איר זיכער זיין, דאָס די כתבים וועלן צוריקגעגעבן ווערן. קומט מאָרגן צוועלף אַזייגער אין די „קאַוויאַרניע״ (ד״ה אין קאַפע־הויז) וועל איך אייך שוין קענען געבן צו זאָגן״. צומאָרגנס צוועלף אַזייגער קומען די חסידים מיט ר׳ מיכאל שו״ב אין די „קאַוויאַרניע״. ר׳ כאַס־קעלע איז שוין דאָ און ער זאָגט זיי: „די כתבים זענען פאַראַן״. פרעגט מען אים: „און דאָס געלט?״ ענטפערט ער, אַז דאָס געלט איז שוין כבר נאכל (אויפגעגעסן) די קינדער אַרבעטן דאָך, מוזן זיי עסן. אָבער פאַר די כתבים — זאָגט ער — קומט אים שכר טרחה. פרעגן זיי אים: „וואָס הייסט? איר האָט דאָך שוין די אַכציק רובל און איר פאַרלאַנגט נאָך שכר־טרחה?״ זאָגט ער: „איך האָב שוין געזאָגט, דאָס געלט איז כבר נאכל, אָבער פאַר מיין טרחה, וואָס איך ברענג צוריק די כתבים קומט מיר שכר טרחה״. מען רעדט מיט גוטן און מיט בייזן, עס העלפט גאָרנישט, ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע. ענדלעך זאָגט ער: „איר ווייסט דאָך יש דין בישראל, זאָל מען גיין צו אַ דין תורה, צו ר׳ זיינוועלע. (צו יענער צייט איז געווען וואַרשעווער רב ר׳ זיינוועלע קלעפּפיש, אַ ייד, אַ גרויסער חכם). אַלזאָ מען גייט צו דער דין־תורה. יעדער האָט געטהענט זיינע טענות און ר׳ זיינ־וועלע האָט געפּסקנט, אַז מען מוז ר׳ כאַסקעלן געבן דריי רובל. ווען מען האָט אים געגעבן די דריי רובל האָט ער געזאָגט אַז די כתבים ליגן אין אַ שאַלטער אויף דער הויפּט־פּאָסט. אַזוי איז געווען און מען האָט די כתבים צוריקבאַקומען.

דער בעסטער פריינד פון ר׳ מיכאל שו״ב איז געווען ר׳ אברהם סופר. ער איז געווען דער גרעסטער און אַממיינסטן באַקאַנטער סופר אין גאַנץ פוילן. אַ ייד אַ גרויסער למדן און אַן אַלטער וואַרקער חסיד. איך האָב נאָך די ספר תורה, וואָס מיין זיידע ר׳ מיכאל שו״ב האָט געלאָזט שרייבן ביי ר׳ אברהם סופר. דער אברהם סופר איז אויך געווען אַ ייד אַ וויצלער אַזוי ווי ר׳ מיכאל שו״ב. מען האָט דער־ציילט אין ראַדאָמסק, אַז ווען מיין באָבע ע״ה, ר׳ מיכאלס שו״ב׳ס פרוי, איז פלוצים געשטאָרבן יינגערהייט (זי איז אַלט געווען 39 יאָר) איז ר׳ מיכאל שוחט געווען אין שעכטהויז. אַלע האָבן געפרעגט ווער וועט גיין זאָגן ר׳ מיכאל אַזאַ שלעכטע בשורה, אַז זיין ווייב איז געשטאָרבן, אַזאַ בשורה ווייל דאָך נישט יעדער גיין זאָגן, זאָגט ר׳ אברהם סופר: „איך וועל גיין״ און ער גייט אין שעכטהויז. ער קומט אַריין פרעגט אים ר׳ מיכאל: „וואָס זאָגסטו נייעס, אברהם?״ ענטפערט ער: „האָסט געהערט, מיכאל, דאָס נייעס אין דער שטאָט? אַלע ווייבער אין שטאָט זענען געשטאָרבן״. זאָגט ר׳ מיכאל: „ווער ווייס אויב מיין פרוי איז נישט געווען די ערשטע וואָס איז גע־שטאָרבן״.

ר׳ מיכאל שוחט האָט געהאַט צוויי זין: ר׳ משה־יואל, וואָס איז געווען שוחט אין אַמשינאָוו, ער איז געשטאָרבן יינגערהייט. דער צווייטער זון איז געווען מיין פאָטער, ר׳ יחזקאל שוחט ז״ל. אויך האָט ער געהאַט צוויי טעכטער. די עלטסטע, חנה, איז געווען די פרוי פון באַקאַנטן ר׳ משה דוד פרידמאַן, וואָס איז געווען לאַנגע יאָרן סעקרע־טאַר פון כולל פוילן בעת ר׳ מאָטל האַראַוויץ פון פּיעטרקאָוו איז געווען נשיא פון כולל פוילן. שפּעטער האָט ער געהאַט אַ שיין וויין־געשעפט אין מאַרק. (ווען ער איז געשטאָרבן האָט עס איבערגענומען זיין איידעם מענדעלע לאַנדא). ער איז געווען פיל יאָרן בעל־מוסף

ביי דעם חסד לאברהם און איינער פון די אָנגעזעענסטע ראַדאָמסקער חסידים. די צווייטע טאָכטער, גאָלדע, איז געווען די פרוי פון ר׳ משה גראסבערג פון פיעטרקאָוו, אַ שיינער און אָנגעזעענער בעל הבית. וועגן מיין פאָטער, ר׳ יחזקאל שוחט, וועל איך שרייבן אינעם קאַפּיטל וועגן דער חברא קדישא.

## ר׳ נח שו״ב און זיין זון ר׳ הענעך שו״ב

נאָך ר׳ מיכאל׳ן איז געווען שוחט ר׳ נח רובינשטיין. דאָס איז געווען אַ זעלטנהייט פון אַ ייד. אַ שיינער תלמיד חכם, איינער פון די איבערגעבליבענע אַלטע קאָצקער חסידים. ווען מען האָט מיט אים גערעדט האָט מען געזען זיין קאָצקער שאַרפקייט און ערלעכקייט. ער האָט זיך נישט געבוקט פאַר קיין מענטשן, יעטוועדן געזאָגט דעם אמת און גלייכצייטיק האָט מען געזען די גוטסקייט פון דעם ייד. ער האָט געהאַט ווו צו לערנען גוטע מדות, ער איז געווען אַן איידעם פון דעם באַקאַנטן פאָלקס־רבין, ר׳ יעקעלע ווידאמער, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט זיין אהבת ישראל. דערצו איז ער נאָך געפאָרן לאַנגע יאָרן צום אַלטן קאָצקער רבין, ר׳ מענדעלע. ער איז געווען אַ קליינער און אַ דיקער אָבער אַן אמתער גבור. ווען אַ קצב האָט זיך דערויף פאַרדינט, האָט ר׳ נח געקענט געבן אים אַ פּאַטש, אַז ער האָט שוין מורא געהאַט אַן איבעריק וואָרט אויסצורײדן. ער איז נישט געווען קיין פחדן, די קצבים האָבן טאַקע פאַר אים געציטערט, אָבער גלייכצייטיק האָבן אַלע אים ליב געהאַט פאַר זיין פשטות, ערלעכקייט און גוטע מדות.

זיין זון, ר׳ הענעך שוחט, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך גוטער און באַשיידענער מענטש פול מיט רחמנות פאַר יעדן ייד; זיין גוטסקייט איז גאָרנישט צו באַשרייבן. נאָך מיין פאָטער ז״ל איז ער געווען מיין רבי אין שחיטות. איך האָב פון אים פיל געלערנט. ער האָט זייער פיל געליטן פון רכילות און מלשינות צוליב זיין גוטסקייט. ער איז געשטאָרבן ייִנגערהייט אין תרפ״ב. די גאַנצע שטאָט האָט געטרויערט נאָך דעם זעלטענעם גוטן ייד.

ר׳ הענעך שו״ב האָט איבערגעלאָזט אַ זון, הירש־מאיר, וואָס איז געווען שו״ב אויף זיין פאָטערס אָרט. ליידער איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע ראַדאָמסקער יידן.

פון ר׳ נח שו״ב זענען געבליבן אין ארץ ישראל צוויי זין, טובי׳ און מענדל רובינשטיין. ביידע לעבן אין חיפה.

## ר׳ יחזקאל שו״ב און די חברה קדישא

מיין פאָטער, ר׳ יחזקאל שו״ב, איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, ער פלעגט אויפשטיין יעדן טאָג פינף אַזייגער פרי און געזעסן און געלערנט, ריכטיקער געזאָגט, געשטאַנען און געלערנט. די טעג ווען ער איז נישט געגאַנגען אין שעכטהויז האָט ער געלערנט ביז צען אַזייגער, דאַן איז ער ערשט געגאַנגען אין מקוה און אין בית המדרש צום דאַווענען. ער האָט יעדעס יאָר אויסגעלערנט דעם שולחן־ערוך מיט דעם מגן אברהם. ווען מען האָט געדאַרפט וויסן אַ דין אין שולחן־ערוך איז מען געקומען אים פרעגן. אויך האָט ער געהאַט זיינע שעורים גמרא מיט תוספות און ספעציעל יעדע וואָך אויסגעלערנט דעם זוהר פון דער סדרה. ער איז געווען פיל יאָרן דער גבאי פון דער תלמוד תורה און אַלע יאָרן דער צווייטער גבאי פון דער חברא קדישא. אויף וויפל איך קאָן מיך דערמאָנען איז ער געווען צווייטער גבאי צוזאַמען מיט ר׳ מענדל פייערמאַן, שפּעטער מיט ר׳ משה פעלמאַן דאַן מיט ר׳ יעקב יהושע זעליגסאָן און צולעצט איז געווען גבאי ר׳ יעקב דוד פייטלאָוויטש. דער אַקטיווסטער און דער טעטיקסטער אין דער חברא קדישא איז אָבער געווען תמיד ר׳ יחזקאל שו״ב. ער האָט זיך ממש מוסר נפש געווען פאַר דער מצוה פון חסד של אמת. ווען מען האָט אים גערופן צו אַ נפטר, אַפילו אינמיטן דער נאַכט, איז ער שטענדיק געווען גרייט, שנעל זיך אָנגעטון און ממש געלאָפן מקיים צו זיין די מצווה פון חסד של אמת.

איך וויל איבערגעבן אייניקע פאַקטן ווי גוט אָרגאַניזירט עס איז געווען די ראַדאָמסקער חברא קדישא און מיט וואָס פאַראַ מסירת נפש די חברא־קדישא־לייט האָבן געאַרבעט און חס ושלום נישט פאַר אַ וואָסערע ס׳איז באַלוינונג, נאָר באמת ווי געטרייע סאָלדאַטן פון יידישן פאָלק. אייניקע פון חברה־קדישא־לייט האַלט איך פאַר מיין חוב דאָ צו דערמאָנען צוליב זייער מסירות׳דיקער אַרבעט.

דער עלטסטער פון די חברא־קדישא־לייט איז געווען ר׳ מרדכי גליקסמאַן (מען האָט אים גערופן מרדכי סקאלקא, ווייל ער האָט געהאַט אַ „סקאלקע״ אויף איין אויג). ער איז געווען אַ שניידער, אָבער ווען עס איז געווען אַ נפטר, האָט ער געלאָזט זיין אַרבעט און זיינע געשעפטן און איז געווען דער ערשטער וואָס איז געקומען נייען די תכריכים און מיטגעאַרבעט ביי דער טהרה. פון אים איז געבליבן אַן אייניקל, חיים גאָלדבערג, אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן אין חיפה.

דאַן זענען געווען: ר׳ הענעך דער ראש ישיבה, ר׳ אברהם יצחק בענדלמאַכער, ר׳ שמואל־זיינוול ברענער, דער פישער ר׳ דוד זאַיאָנץ, דער שניידער חיים יעקב גאָלדנער, וועלכן מען האָט גערופן „ווייסעלע״, ווייל ער האָט געהאַט אַ בלאָנדע באָרד (ער איז געווען אין דער חברה־קדישא פיל יאָרן ווי אַן איבערגעגעבענער טרייער סאָלדאַט); ר׳ מאיר־אהרן רודניצקי פון די אַקטיווסטע און אָנגעזעענסטע עסקנים פון „חברא־קדישא״ (זיין זון יחזקאל איז פיל יאָרן פרעזידענט פון דער ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק); דאַן ר׳ הערש־לייב בירנבוים, אַ שניידער, זייער אַ פרומער און איידעלער ייד און ועל כולם, ווער פון אונדז עלטערע ראַדאָמסקער געדענקט נישט דעם משמש פון דער שול און משמש פון דער חברה־קדישא, ר׳ יוסף ווייסבערג? מען האָט אים גערופן יוסף סאפקאוער, ער האָט זיך ממש מוסר נפש געווען ביי זיין הייליקער אַרבעט. פיל מאָל — קאָן איך מיך דערמאָנען — איז דער סאפקאווער געקומען דריי אַזייגער ביינאַכט כדי אויפוועקן מיין פאָטער ז״ל און צוזאַמען געגאַנגען צו אַ נפטר. ער האָט זיך אַזוי ווייט מוסר נפש געווען אין די יאָרן 1918—1919 ווען אין ראַדאָמסק איז אומגעגאַנגען די שרעקלעכע קראַנקהייט פלעק־טיפוס, אַז ער איז געגאַנגען מטהר זיין אַלע מתים פון דער קראַנקהייט ביז ער האָט זיך אַודאי אָנגעשטעקט און איז געשטאָרבן אין פסח 1919. ער האָט געהאַט אַ לויה וואָס ראַדאָמסק האָט אַזעלכעס נישט געזען. די גאַנצע שטאָט, אנשים, נשים וטף זענען געגאַנגען באַגלייטן דעם באַליבטן משמש און חברה־קדישא־מאַן צו זיין אייביקער רו. פון אים איז געבליבן אַ זון ווייסבערג אין מעץ, זייער אַ פיינער יידישער בעל הבית.

בעת דער מלחמה אין יאָר 1914 איז דער קריגס־פראָנט געווען ביי דעם שטעטל בזשעזשניצע. אין ראַדאָמסק זענען נאָך געווען די רוסן. נאָך שווערער מי און פּראָטעקציע האָט די חברא קדישא באַקומען די דערלויבעניש פון רוסישן גענעראַל־שטאַב אַרויסצופאָרן יעדע נאַכט צום פראָנט ווו זיי האָבן געזוכט אין די שוצן־גראָבנס יידישע הרוגים. ווען זיי האָבן אַזאַ הרוג געפונען האָבן זיי אים געבראַכט קיין ראַדאָמסק. מען האָט די הרוגים אַריינגעלייגט אין דעם אַלטן הייזל וואָס איז געשטאַנען ביי דער מקוה. דאָס הייזל איז אַמאָל געווען דאָס ערשטע בית המדרש פון תפארת שלמה, שפּעטער האָבן דאָרט געהאַט די חברה טרעגער זייער מנין. יעדן טאָג איז מיין פאָטער ר׳ יחזקאל שו״ב ז״ל מיט דעם מורא הוראה ר׳ יוסף בוקי ז״ל (דער רב איז געווען אַ כהן) געגאַנגען אין דעם הייזל, אויסגעטון אַלע קדושים און אַראָפּגענומען אַלע צייכנס וואָס קענען דערמעגלעכן צו דערגיין זיין נאָמען און פאַמיליע און דאָס צוליב היתר עגונות. אויך האָט מען אַלע קדושים פאָטאָגראַפירט. אַ ריירנדיקער פאַקט איז געווען ווען מען האָט געבראַכט אַ הרוג פון די שוץ־גראָבנס, אַ רוסישן

סאָלדאַט ביי וועלכן מען האָט נישט געפונען קיין דאָקומענטן אָבער מען האָט אים געפונען אָנגעטון אין די תפילין.

מיין פאָטער מיט ר׳ יוסף בוקי האָבן אויפגענומען אַלע קערפער־צייכנס מיט עדות פון דער חברה קדישא וואָס עס האָט שפּעטער געהאָלפן מתיר זיין עגונות. בעת די רוסן זענען געווען אין ראַדאָמסק האָבן זיי אַרויסגעיאָגט אַלע יידן פון די דערפער וואָס זענען געווען נאָענט צום פראָנט, און די דאָרפסיידן זענען געקומען וווינען קיין ראַדאָמסק. נאָכדעם ווי די רוסן זענען אָפּגעשטויסן געוואָרן דורך די עסטרייכער (נאָך חנוכה תרע״ה) איז געקומען אַ פויער פון דאָרף דאָברעשיץ צו אַ יידן פון דעם דאָרף און אים דערציילט דאָס בעת די שלאַכטן איז דאָרט געהרגעט געוואָרן אַ יידישער סאָלדאַט און דער פויער האָט אים באַגראָבן צוזאַמען מיט אַ קאָזאַק נעבן אַ בוים. דאָס איז געווען דער צייכן. די חברה קדישא האָט געמאַכט אַלע באַמיונגען ביי דער עסטרייכישער מיליטער־מאַכט וועגן אַ דערלויבעניש צו ברענגען דעם יידישן סאָלדאַט צו קבר ישראל. עס האָט געדויערט ביז ווינטער תרע״ו ביז זיי האָבן ענדלעך דערהאַלטן די דערלויבעניש. אַ מנין פון דער חברה קדישא איז אַרויסגעפאָרן ביינאַכט מיט שטורקאַצן צו באַלויכטן דעם שטח און מען האָט געזוכט די גאַנצע נאַכט ביז מען האָט געפונען דאָס קבר פון יידישן קדוש צוזאַמען מיט דעם קאָזאַק. צומאָרגנס פרי האָט מען דעם קדוש געבראַכט קיין ראַדאָמסק צו קבר ישראל. די גאַנצע שטאָט האָט זיך באַטייליקט אין דער לויה.

די מסירות נפש פון דער ראַדאָמסקער חברה קדישא איז געווען אַ זעלטענער ביישפּיל פון אהבת ישראל. זיי האָבן זיך אויפגעפירט ווי דיסציפּלינירטע סאָלדאַטן. בפרט איז דאָס געווען צו זען אין די יאָרן 1918—1919 ווען אין ראַדאָמסק איז אומגעגאַנגען, גלייך ווי אין גאַנץ פּוילן — די שרעקלעכע קראַנקהייט, פלעק־טיפוס.

### חזנים

דער ערשטער חזן אין ראַדאָמסק איז געווען ר׳ אברהמעלע אַדמינינער, אַ ייד אַ שיינער תלמיד חכם, אַן אָנגעזעענער חסיד און אַ ליבער גוטער מענטש. זיין דאַווענען איז געווען אַ געמיש פון חזנות מיט חסידישער התלהבות. ער איז געווען אַן אויסנאַם צווישן חזנים, דען מען זאָגט אַז אַ חזן איז אַ נאַר, אָבער ער איז געווען אַ גרויסער חכם.



ר׳ שלמה זאקס

נאָך אים איז געווען חזן ר׳ שלמה זאַקס, אַ שיינער מענטש מיט אַ הדרת־פּנים און אַ באַרימטער בעל מנגן. ער איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ פּוילן מיט זיינע זיסע און האַרציקע תפילות. געווען איז ער פון די ערשטע חובבי ציון אין ראַדאָמסק. ווער עס האָט געהערט זינגען שלמה חזן אויף אַ שמחה מיט דער באַגלייטונג פון דעם באַקאַנטן מוזיקער און הייסן ציוני, משה לעווקאָוויטש, דער האָט געקענט האָבן אַן אָנונג וואָס עס הייסט יידישע האַרציקע נגינה, דען ביידע צוזאַמען האָבן אַריינגעטון אין דער נגינה נשמה און אַ רעליגיעז נאַציאָנאַל געפיל.

שפּעטער איז געווען חזן אַ קורצע צייט ר׳ פישל וואָס איז שפּעטער געווען חזן אין דער אזוי גערופענער דייטשער שול אין טשענסטאָכאָוו. דאַן איז געווען חזן יהושע פרידבערג וואָס איז שפּעטער אַריבער אַלס חזן קיין ענגלאַנד.

### שמשים

ביים תפארת שלמה איז געווען אַ שמש, וועלכן מען האָט גערופן אברהם־לייב גבאי. ער איז געווען דער פאָטער פון קאָפּל שמש. אברהם־לייב האָט זיך איינגעבילדעט, אַז די גאַנצע רביסטווע שטיצט זיך נאָר אויף אים, ער האָט אַפילו אַמאָל געזאָגט (גערעדט האָט ער אונטער דער נאָז): „ווען אברהם־לייב וועט נישט זיין גבאי וועט דער רב נישט זיין קיין רב". געווען איז ער אויך אַ פאַנאַטיקער פון פרומע חסידות. אין י״ב אלול פאַלן אויס צוויי גרויסע יאָרצייטן: פון רבין ר׳ בונים פון פשיסכע, דער באַגרינדער פון פילאָזאָפישן חסידות וועמענס תלמידים עס זענען געווען דער רבי ר׳ מענדל פון קאָצק און דער רבי ר׳ יצחק דער וואָרקער. אין דעם טאָג פאַלט אויך אויס די יאָרצייט פון רבין ר׳ משה׳לע פון קאָזשעניץ זצ״ל, דער גרינדער פון פרומען חסידות. האָט מען אַמאָל געפרעגט אברהם־לייב גבאי אין י״ב אלול: „היינט איז די יאָרצייט פון רבין ר׳ בונים?" האָט ער געענטפערט מיט רוגזה: „היינט איז נישט בונים׳ס יאָרצייט, היינט איז די יאָרצייט פון רבין ר׳ משה פון קאָזשעניץ".



ר׳ לייבל שמש

זיין זון קאָפּל איז געווען שמש אין קהל׳ס בית־המדרש. ער האָט אויך געהאַט דעם שליסל פון אוהל פון די רביים. קאָפּל איז געווען אַ באַזונדערער טיפּ ייד מיט אַ גרויסער געלער באָרד, געקענט שיין לערנען און געווען אַ גרויסער תקיף, נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם ווי דאָס בית־המדרש וואָלט געווען זיין אייגנטום. פיל יידן האָבן טאַקע גערופן דאָס בית־המדרש: „קאָפּלס בית־המדרש". ער איז געווען אַ הייסער ייד, אַ חסיד פון רבין ר׳ מאָטעלע פון קוזמער און גלייכצייטיק איז ער געווען פון די ערשטע ציונים אין דער שטאָט און געלאָזט זיך קאָסטן פיל געלט פאַר ארץ ישראל. יעדן טאָג איז ער געזעסן ביי יצחק אַראָנאָוויטש אָדער ביי בעריש שטוצקי און געלייענט מיט התמדה די „הצפירה".

אַ זייער פיינער ייד איז געווען ר׳ בערל שמש. ער איז געווען דער פאָטער פון וויטענבערג וואָס האָט געהאַט די בוכהאַנדלונג און אויך דער שווער פון באַקאַנטן אברהמטשע מינסקי. דאָס איז געווען, קען מען זאָגן, אַן אַריסטאָקראַטישער שמש. אויך איז ער געווען אין זיינער צייט דער איינציקער גוטער מוהל אין שטאָט און האָט געפירט אין מאַגיסטראַט די יידישע מעטריקע־ביכער, געבורטס־שיינען, חתונה־אַקטן אדג״ל. בכלל איז ער געווען אַ געבילדעטער מענטש.

שפּעטער איז געווען שמש זיין זון לייבל צוזאַמען מיט דעם באַליבטן שמש יוסף סאפּקעווער. די צוויי שמשים זענען אויך געווען

די חברה־קדישא־שמשים. אויך איז געווען בית־דין שמש און חברה־קדישא־שמש פּרץ. ער האָט אויך גערעדט אונטער דער נאָז. מען דערציילט, אַז ווען ר׳ דוד, דער זון פון ראַדאָמסקער רב ר׳ הירש מאיר, איז נפטר געוואָרן ייִנגערהייט, האָט די רביצין זיך געקויפט אַ קרקע ביים זונס קבר. זי איז דעמאָלט אַלט געווען פופציק יאָר און פּרץ שמש איז שוין אַלט געווען קרוב שמונים. די רביצין האָט פאַרלאַנגט אַז מען זאָל איינשרייבן אין פּנקס פון דער חברה־קדישא אַז זי האָט געקויפט די קרקע, רופט זיך אָן פּרץ שמש: „רביצין, רביצין, מען ברויכט נישט איינצושרייבן איך וועל שוין געדענקען ווען דער וועט קומען". ער איז שוין געווען אַזוי געוווינט קובר צו זיין מענטשן אַז ער האָט גאָרנישט אַנדערש געטראַכט נאָר אַז ער וועט אַלע איבערלעבן. ער האָט געהאַט צוויי זין, איינער פון זיי איז געווען איטשע־אלעזר פעלמאַן.

## ר׳ יעקב דוד ווייִנטרויב זצ"ל

אין ראַדאָמסק האָט געלעבט איינע פון די שענסטע געשטאַלטן וואָס דאָס פּוילישע ייִדנטום האָט פאַרמאָגט, מען קאָן זאָגן איינער פון די אַלטע לעגענדאַרישע ל"ו צדיקים. נישט פיל מענטשן אין שטאָט האָבן געקענט דעם גרויסן ייִד און צדיק דורך און דורך, איך האָב געהאַט די זכיה צו קענען דעם ייִד נאָר אַ קליין ביסל, ווייל ער האָט געוווינט אין דעם הויז ווו מיין פאָטער ז"ל האָט געוווינט. דאָס איז געווען אַ ייִד אַ גרויסער תלמיד חכם אין נגלה ד"ה אין תנ"ך, גמרא, פּוסקים ראשונים ואחרונים, אַלץ האָט ער גוט געקענט, אָבער נאָך מער איז ער געווען אַ גרויסער נסתר אין קבלה, ער האָט געקענט אַלע קבלה־ספרים פון מהר"ל, אַוולאַי, לוצטו, האר"י הקדוש, מיט איין וואָרט: עס איז נישט געווען קיין קבלה־ספר וואָס ר׳ יעקב דוד זאָל נישט האָבן געלערנט און נישט נאָר גלאַט געלערנט, נאָר ער איז געווען אַדורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון די גרויסע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן באַגרינדעט די קבלה, מען קאָן זאָגן דאָס ער איז געווען ווי איינער פון די חכמי הקבלה פון צפת. איך האָב אים עטלעכע מאָל געהערט זאָגן תורה. איך מוז מודה זיין אַז איך בין נישט קיין גרויסער מבין אויף קבלה, אָבער וויפל איך ווייס פון אַנדערע וואָס האָבן יאָ עטוואָס פאַרשטאַנען און אויך דאָס קנאַפּע וואָס איך האָב תופס געווען פון זיין תורה זאָגן, האָט מען זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַ גרעסערן גדול בישראל ווי ר׳ יעקב דוד.

ווען דער רבי פון אַלעקסאַנדער, ר׳ ישראל־יצחק דער ישמח ישׂראל איז נפטר געוואָרן אין תר"ע זענען פיל אַלעקסאַנדער חסידים געקומען קיין ראַדאָמסק און געוואָלט מאַכן ר׳ יעקב דוד אַלס זייער רבין, אָבער ווי שוין געזאָגט, ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין מנהיג און נישט קיין רבי, נאָר ער איז געפאָרן צום נייעם רבין ר׳ אהרן פון ביאַלאַ. דער אַלעקסאַנדער רבי איז נפטר געוואָרן אין חודש שבט און ר׳ יעקב דוד איז שוין געפאָרן קיין ביאַלאַ אויף פּורים. ער האָט נישט געקענט לענגער וואַרטן נישט צו זען דעם נייעם רבין און מנהיג רוחני. ווען דער רבי ר׳ אהרן איז נפטר געוואָרן אין שבועות (ער האָט נאָר געפירט עטלעכע חדשים) איז ר׳ יעקב־דוד באַלד געפאָרן צום ברודער, ר׳ מענדעלע אין סטריקאָוו. ווי גרויס זיין אהבת ישראל איז געווען און וואָס פאַראַ ווייטן קוק ער האָט געהאַט, קען מען זען פון דעם פאָלגענדן, וואָס זיין זון, הרב ר׳ יחיאל ווייִנטרויב פון תל־אביב, האָט מיר דערציילט.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פּוילישע מלוכה איז אַנטשטאַנען און מען האָט געפילט אויף שריט און טריט דעם געמיינעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, האָט ער געזאָגט זיין זון: „איך בעט דיך אַז דו זאָלסט אַוועקפאָרן פון פּוילן, ווייל ווען איך וואָלט געהאַט גענוג כוחות, וואָלט איך געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און וואָלט געשריגן אַז אַלע ייִדן זאָלן אַוועק פון פּוילן, אָבער איך האָב נישט קיין כוח און חוץ דעם ווער וועט מיך הערן? מיינע קינדער זאָלן אַלע אַוועק פון פּוילן, ווייל אין פּוילן וועט נישט גוט זיין פאַר ייִדן". אויך זיין עלטערן זון ר׳ נח האָט ער אויך דאָס זעלבע געזאָגט אַז ער זאָל פאָרן קיין ארץ ישראל. און פאַקטיש, כמעט אַלע זיינע קינדער האָבן זיך געראַטעוועט, ווייל ער האָט זיי פאַר זיין פּטירה געהייסן פאָרן קיין ארץ־ישראל.

וועגן זיין אהבת ישראל און זיין גרויסער אהבת ציון זאָגט עדות דאָס פאָלגנדיקע. הרב ר׳ יחיאל האָט מיר דערציילט, אַז מיין פאָטער ר׳ יחזקאל שו"ב ז"ל האָט אַמאָל געפרעגט דעם הרב ר׳ יעקב־דוד: וואָס איז אייער מיינונג ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך וואָס מען דערציילט, אַז פיל פרייגעזאָנענע ייִדן וואָס האַלטן גאָרנישט פון ייִדישקייט פאָרן קיין ארץ־ישראל און בויען דאָס לאַנד מיט מסירת נפש" האָט אים ר׳ יעקב־דוד געענטפערט: „דוד המלך זאָגט אין תהלים קאַפּיטל ס"ט: ‚כי אלקים יושיע ציון ויבנה ערי יהודה וישבו שם וירשוה׳ ווי אַזוי וועט דאָס זיין? ‚וזרע עבדיו ינחלוה׳ אַלע ייִדן אַפילו פּושעים וועלן העלפן אויסלייזן דאָס לאַנד פון די גויים, אָבער ‚ואוהבי שמו ישכנו בה". דער סוף וועט זיין, אַז אין ציון וועלן בלייבן נאָר די אוהבי שמו און די וואָס זענען נישט אוהבי שמו אָדער זיי וועלן תשובה טון אָדער זיי וועלן דאָס לאַנד פאַרלאָזן, ווייל ואוהבי שמו ישכנו בה".

ווי שוין געזאָגט, האָט ער זיין גאַנץ לעבן עוסק געווען נאָר אין תורה ועבודה, מפרנס געווען די משפּחה האָט זיין געטרייע פרוי פרימעט, וועלכע מען האָט גערופן „פרימעט די קופּקע", ווייל זי האָט געטראָגן נישט אַ שייטל ווי אַלע פרומע פרויען, נאָר אַ קאָפּ־צודעק וואָס מען האָט גערופן אַ קופּקע, ווי עס האָבן געטראָגן די גאַנץ פאַרצייטישע פרויען. זי האָט געבאַקן קוכנס און לעקעכער אויף חתונות, אויך חלות אויף שבת פון וואָס די משפּחה האָט זיך מפרנס געווען.

די פרוי איז געשטאָרבן אין ארץ־ישראל און פון איר זענען געבליבן דריי זין אין ארץ־ישראל. דער עלטסטער זון איז הרב ר׳ נח ווייִנטרויב. ער האָט געהאַט פיל ספרים איבער תורה און קבלה. דער צווייטער זון, ר׳ אהרן, וווינט אין ירושלים. אַ גרויסער למדן און אַ מחבר פון פיל ספרים. (ער זעט אויס אינגאַנצן ווי זיין פאָטער ז"ל). דער דריטער זון איז הרב ר׳ יחיאל ווייִנטרויב, וווינט אין תל־אביב און איז אַ רב אין אַ שול. דאָס איז אַ זעלטן פיינער מענטש, אַ מזג טוב מיט די גוטע מדות פון זיין פאָטער. דער ייִנגסטער זון, מרדכי, איז שוחט און חזן אין אַמעריקע און אַ גרויסער תלמיד־חכם.

## הערש דוד נאָמבערג

דער באַקאַנטער שרייבער און זשורנאַליסט הערש־דוד נאָמבערג, איז אייגנטלעך געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט אַמשינאָוו, אָבער דערצויגן איז ער געוואָרן אין ראַדאָמסק. זיין מוטער חיהלע איז געווען די טאָכטער פון דעם באַרימטן חסידישן, רייכן און אָנגעזעענעם ייִד, ר׳ בונים אייזנבערג, וואָס איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ פּוילן מיט זיין צדקה געבן. ער איז געווען, קען מען זאָגן, דער גרעסטער נדבן פון גאַנץ פּוילן, ביי אים אין הויז איז שטענדיק געשטאַנען אַ קעסל מיט הייס עסן, אַז ווען אַן אָרעמער ייִד האָט זיך געפונען אין דער געגנט, איז ער ספּעציעל געגאַנגען קיין אַמשינאָוו אָנעסן זיך צו דער זעט ביי ר׳ בונים אייזנבערג און דערצו האָט ער נאָך באַקומען אַ שיינע נדבה. דער ר׳ בונים איז בכלל געווען אַ זעלטנהייט פון אַ רייכן ייִדן. אויסער דעם עסן און געלט, וואָס ער האָט יעדן געגעבן, האָט ער נאָך זייער גוט אויפגענומען די אָרעמעלייט און האָט באמת מקיים געווען דעם הוה מקבל כל אדם בסבר פּנים יפות. אַלע חסידים און לומדים האָבן געצויגן צו ר׳ בונים אייזנבערג כדי צו זיצן ביי זיין טיש און ער האָט זיך געפירט ווי אַ חסידישער רבי. געפאָרן איז ער צום רבין ר׳ צדוק הכהן פון לובלין ווו מען האָט אים געהאַלטן פון די חסידים מיט גרויסע מדרגות.

ער האָט געהאַט דרייצן קינדער. צו יענער צייט האָט ער געגעבן יעדן קינד צען טויזנט רובל נדן. די טאָכטער חיהלע האָט חתונה מיט הערש דוד'ס פּאָטער אין אַמשינאָוו. זי האָט אָבער לאַנג נישט געלעבט מיט אים צוליב צוויי סיבות. ערשטנס, איז דער מאַן גלייך נאָך דער חתונה „קאַליע געוואָרן" ווי מען האָט דעמאָלס געזאָגט, ד.ה. געוואָרן אַ משכיל און אַוועק פון רעליגיעזן וועג; צווייטנס, איז ער קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז און איז געפאָרן קיין מעראַן איטאַליע זיך היילן, ווו ער איז נאָך עטלעכע חדשים געשטאָרבן. אינצווישנצייט איז פון דער אומגליקלעכער חתונה געבוירן געוואָרן הערש־דוד.

ווען דאָס קינד איז אַלט געווען צוויי יאָר האָט זיין מוטער חיהלע נאָך אַמאָל חתונה געהאַט און דאָס מאָל פון ראַדאָמסק מיט ר' איטשע שטערנפעלד, אַן אָנגעזעענער און איידעלער ייד, אַ גרויסער בן תורה און אַ גערער חסיד, איינער פון די טיש־זיצער אין גער. אַזוי, איז הערש־דוד געקומען אַלס קינד קיין ראַדאָמסק און דערצויגן געוואָרן אין דער חסידישער אַטמאָספער ביי זיין זיידן ר' בונים אייזענבערג און ביי ר' איטשל שטערנפעלד. שוין אַלס קינד האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס גרויסער עילוי, געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן גוטן קאָפּ וואָס האָט תופס געווען די שווערסטע זאַכן און אַ זעלטן גוטן זכרון.

צו אַכצן יאָר האָט ער חתונה מיט זיין ליבע פרוי מאַשעלע, די טאָכטער פון באַקאַנטן אייזן־סוחר ר' מרדכי שפּירא. מיט איר האָט ער געהאַט דריי זין: משה, אליעזר און יחזקאל. גלייך נאָך דער חתונה, ווען ער איז נאָך געווען אַ חסידישער יונגערמאַן און געדאַוונט און געלערנט אין גערער שטיבל, האָט ער שוין געהיים, און שפּעטער אַפילו שוין עפנטלעך אָנגעהויבן צו לייענען און לערנען די מאָדערנע ליטעראַטור. ער האָט זייער פיל געלייענט און שטודירט גאַנצע נעכט. אויך האָט ער שוין אין געהיים אָנגעהויבן שרייבן זיינע ערשטע און בעסטע ווערק אין וועלכע ער האָט געשילדערט ראַדאָמסקער טיפּן. ספּעציעל געלונגען איז די שילדערונג פון אַלטן גערער־קאָצקער חסיד, וועלכן מען האָט גערופן פישל קאָצקער.

נאָך עטלעכע יאָר קעסט ביי זיין שווער און זייענדיק שוין אַ פּאָטער פון דריי קינדער, האָט ער זיך געעפנט אַ שפּייז־קרעמל. ווען אַ קונה איז אַריינגעקומען עפּעס קויפן אין דער אָפּוועזנהייט פון נאָמבערגס פרוי, האָט ער זיך נישט אָפּגעריסן פונעם בוך וואָס ער האָט געלייענט, נאָר אַריינגעשריגן צום קונה, אַז ער קומט גלייך אַריין און דער קונה זאָל זיך דערוויילי אַליין באַדינען. פּאַמעלעך האָט מען אים פונאַנדערגעשלעפּט די גאַנצע סחורה פון דער קראָם.

נאָמבערג האָט זיך אָנגעהויבן צו חברן מיט פּאַרגעשריטענע, געשפּילט שאָך און אויפגעהערט לערנען ווי פריער. אַזוי ווי זיין שווער מרדכי שפּירא איז געווען אַ פּאַנאַטיש־פרומער ייד, האָט ער אים געצוואונגען אָפּצוגטן זיין פרוי מאַשעלע, וועלכע ער האָט אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט. אויך האָט ער זייער געליבט זיינע קינדער, אָבער טראָץ דעם האָט ער געגעבן אַ גט זיין פרוי און איז אַוועק פון ראַדאָמסק קיין וואַרשע, ווו ער האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט. אין אַ קורצער צייט איז ער שוין באַקאַנט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט אַלס גוטער ליטעראַט און זשורנאַליסט.

אינצווישנצייט האָט זיין פרוי אויפן פּאַרלאַנג פון איר פּאָטער, חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן מאַן, אָבער זי האָט נישט לאַנג מיט אים געלעבט, ווייל זי האָט נישט געקענט פאַרגעסן איר הערש־דודן און האָט זיך געגט מיט איר צווייטן מאַן. ווען הערש־דוד איז שוין געווען באַקאַנט אין דער יידישער וועלט איז ער צוריקגעקומען קיין ראַדאָמסק און געוואָלט צוריק חתונה האָבן מיט זיין געליבטער פרוי מאַשעלע, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל לויט דעם יידישן דין, טאָר נישט אַ פרוי וואָס האָט נאָך דעם גט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן מאַן, חתונה האָבן אַ צווייט מאָל מיט איר ערשטן מאַן.

אַזוי אַרום איז הערש־דוד געבליבן זיין גאַנץ לעבן איינזאַם און נישט מער חתונה געהאַט. ווען ער איז שוין געווען דער גרויסער באַקאַנטער ליטעראַט נאָמבערג, פלעגט ער יעדעס יאָר קומען קיין ראַדאָמסק אויף אַ באַזוך צו זיין געליבטער און קלוגער מוטער חיהלע שטערנפעלד ווי אויך כדי צו זען זיך מיט זיינע קינדער. ער האָט זייער ליב געהאַט זיין מוטער און האָט צוליב געטון איר יעטוועדן פּאַרלאַנג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיין פרומע מוטער האָט פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל דאַווענען אין טלית־און־תפילין, האָט ער אָנגעטון דעם טלית און די תפילין און אינצווישנצייט האָט ער אָבער אינגאַנצן פאַרגעסן און זייענדיק פאַרטון אין זיינע געדאַנקען פלעגט ער אַרויסגיין אויפן באַלקאָן און לויפן אַ פּאַרטראַכטער אַהין און צוריק אין טלית־און־תפילין ביז די מוטער האָט עס באַמערקט און אים אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף.

ווען זיין יינגסטער זון, יחזקאל, איז געשטאָרבן אין אָטוואָצק, זייענדיק אינגאַנצן פופצן יאָר אַלט, האָט מען אַרויסגערופן צו אים פון וואַרשע דעם פּאָטער. ער האָט אָבער נישט געוואָלט פאָרן און געזאָגט: „מיין זון וועל איך שוין נישט מאַכן לעבעדיק, אָבער ווען איך וועל אים זען גוססן, וועל איך עס נישט איבערלעבן".



ה. ד. נ א מ ב ע ר ג און זיינע 3 זין (פון לינקס): מ ש ה, אַ דרוק־אַרבעטער, לעבט אין ישראל; י ח ז ק א ל, געשט. אין 1914; א ל י ע ז ר, אומג' אין 1943 אין פּאָניאַטאָוועק.
הסופר ה. ד. נומברג ושלושת בניו.

הערש־דוד נאָמבערג איז געשטאָרבן אין אָטוואָצק און איז צו קבורה געקומען אין וואַרשע. זיין קבר געפינט זיך ביים אוהל פון די דריי גרויסע שרייבער: י. ל. פּרץ, ש. אַנ־סקי און יעקב דינעזאָן. זיין פרוי מאַשע האָט חתונה געהאַט מיט דעם אָנגעזעענעם, פרומען און קלוגן ייד ר' איטשעלע וואַלהענדלער צו וועלכן ראַדאָמסקער יידן זענען געגאַנגען צו אים אַלס בורר מיט די שווערסטע דין־תורות. זיי האָבן געהאַט אַ זון, קלמן, וואָס איז געווען שוחט אין מיעכאָוו.

## אברהם גראַכיליצער — דער „גאַספּאַדין ראַבין"

אברהם גראַכיליצער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ ווייסער שיינער באָרד, אַן אמתער הדרת־פּנים. ער איז נישט געווען קיין בן־תורה; פּשוט געזאָגט, ער האָט נישט געקענט לערנען, אָבער ער איז געווען זייער אַ פרומער ייד און אַן איינגייער אין רביס הויף. געווען איז ער אַ גרויסער מאמין אינעם כוח פון די חסידישע רביים, ד.ה. אמונת צדיקים און נישט פאַרפעלט קיינמאָל צו זיין ביים רבינס טיש. באַזונדער אַ גרויסער מאמין איז ער געווען אין דער רופא

דרועא פון שלוש־סעודות, און מיטגעשאקלט זיך מיט דעם רבין ביים זינגען זמירות פון שלוש סעודות, ווי די גרויסע חסידים אדורכגעזאפטע מיט דביקות און התלהבות. געוווינט האט ער אויף דעם בוגאי, נישט ווייט פון די רוסישע קאשארן, וווּ עס האט סטאציאנירט דאס רוסישע מיליטער. אין דער געגנט האבן געוווינט ווייניק יידן. אמאל אין א שבת האט ער באמערקט, אז אין די קאשארן הערשט א גרויסע אויפרודערונג, די אפיצירן און די סאלדאטן זענען געלאפן ווי צעמישט. גייט צו אברהם גראכיליצער צו אן אפיציר און פרעגט זיך: „אנטשולדיקט מיר, וואס איז געשען אין די קאשארן, ווארעם איך זע דאך אזא לויפעניש אהין און אהער, האט דאך געמוזט פאסירן עפעס אויסערגעוויינלעכס". האט אים דער אפיציר דערציילט, אז אלע זענען צערודערט צוליב דעם, וואס מען ווייס נישט וואס צו טון מיט די פערד וועלכע זענען אלע מיט איין מאל קראנק געווארן און זיי האלטן ביים פגרן און דער דאקטאר־וועטערינאר איז מאכטלאז, ווייל ער ווייס נישט וואס דאס איז פארא קרענק און ממילא ווייס ער נישט קיין רפואה דערצו. מען האט שוין געבראכט אלע וועטערינארן פון שטאט, אבער קיינער ווייס נישט וואס דאס איז. מען האט שוין געגעבן אלע מינים מעדיקאמענטן, אבער די לאגע איז האפנונגסלאז. זאגט אברהם גראכיליצער צום אפיציר: „אין וועל זען עטוואס צו מאכן און מעגלעך, אז איך וועל קענען ברענגען א רפואה פאר די פערד".

אין א שבת נאכמיטאג, גייט דער גראכיליצער צום רבין צו שלוש סעודות. ביים סוף דעם בענטשן פון שלוש סעודות, ווען דעם רבינס שמש האט שוין אריינגעבראכט די צוויי ליכט (דער שמש פלעגט שטיין מיט די צוויי ליכט הינטער דער טיר ביז ער האט געהערט ווי מען זאגט אויף א קול: ויתן לך כתר מלוכה, דאן איז ער אריין מיט די ליכט) גייט אברהם גראכיליצער און שארט צונויף אלע שטיקלעך חלה און אלע ברעזעלעך וואס זענען געבליבן פון שלוש־סעודות און אלץ אריינגעטון אין דער רויטער נאז־פאטשיילע, דאוונט מעריב, הערט דעם רבינס הבדלה און דעם שיינעם המבדיל וואס די חסידים האבן געזונגען און גייט גלייך אין די קאשארן, דארט מעלדעט ער ביים גענעראל, אז ער האט געבראכט א גוטע רפואה פאר די קראנקע פערד. פרעגט אים דער גענעראל: „ווער זייט איר, א דאקטאר? א וועטערינאר?" ענטפערט אים אברהם גראכיליצער: „איך בין דער ‚ראבין' און איך וויל האפן, אז מיט מיינע הייליקע מיטלען וועל איך קענען היילן די קראנקע פערד". ווי באוווסט, זענען די רוסן אפילו די גענעראלן זייער אבערגלויביש, זיי גלויבן אין אלע הייליקע. דער הייליקער ראבין זאל היילן זיינע קראנקע פערד, בפרט אז ער האט שוין נישט געהאט קיין אנדערע האפענונג.

אברהם גראכיליצער האט גענומען די שטיקלעך חלה מיט אלע ברעזעלעך, אויסגעמישט זיי מיט א זאק האבער און געהייסן עס געבן עסן די פערד. די נארישקייט איז געלונגען, עס איז געשען א נס און אלע פערד זענען געזונט געווארן. שטעלט אייך פאר, וואס פארא נאמען דער אלטער „הייליקער ראבין" האט באקומען ביי די רוסישע אפיצירן און ספעציעל ביים גענעראל. מען האט וועגן אים גערעדט ווי וועגן א הייליקן מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד, זיי האבן אים גערופן „גאספאדין ראבין". פון דעם מאמענט איז ער געווארן דער יידישער שליח אדער שתדלן ביי דעם גענעראל, ווי אויך ביי אלע רוסישע אפיצירן. ווען מען האט געדארפט א טובה פאר יידן און ספעציעל מען זאל באפרייען די יידישע סאלדאטן ערב יום־טוב, אדער ווען יידישע סאלדאטן האבן געוואלט קומען אין שטאט נאך דער דינסט־צייט כדי עסן כשר ביי יידישע משפחות, וועלכע האבן זיי איינגעלאדן, האט דער רבי אדער דער רב געבארגט אברהם גראכיליצער זיין שיינעם שטריימל מיט דער שיינער זיידענער זשורפיצע און א שיינעם שטעקן מיט א זילבערנעם קאפ און אזוי אנגעטון אין דעם רבס מלבושים, איז ער געגאנגען צום גענעראל זיך משתדל זיין פאר די יידן און ער האט יעטוועדעס מאל געפועלט אלץ וואס נאר ער האט פארלאנגט. דען קיין רוסישער אפיציר האט נישט געהאט די העזה אפצוזאגן דעם פארלאנג פון דעם „הייליקן ראבין". אויך צו יעטוועדער פייערלעכקייט ביי די רוסן, ווי א „גאלוווקע" (ד.ה. א געבורטסטאג אדער א יארצייט פון צאר און זיינע משפחה־מיטגלידער) איז דער „גאספאדין ראבין" געגאנגען אנגעטון אין רבינס שיינע זיידענע מלבושים מיט דעם שיינעם שטריימל אלס פארטרעטער פון די ראדאמסקער יידן. איך מוז באמערקן, אז ער האט גערעדט א גוטן רוסיש וואס עס איז געווען א זעלטנהייט ביי די ראדאמסקער יידן. לייכט זיך פארשטעלן ווי שטאלץ אברהם גראכיליצער איז געווען צוליב דעם גרויסן כבוד וואס מען האט אים אפגעגעבן, אז ער האט שוין פשוט אליין אנגעהויבן גלויבן אז ער איז באמת א רב. א פאקט איז אבער, אז ער האט געטון זייער א סך טובות די ארעמע אומגליקלעכע יידישע ייִנגעלייט וואס זענען אריינגעפאלן אין פאניעס הענט אלס סאלדאטן.

# דער אנהייב פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג

## דויד קרויזע

אונטער דער השפעה פון דער השכלה און חובבי־ציון־באוועגונג איז אין ראדאמסק אנטשטאנען אן ארגאניזאציע פון די ארטיקע שטיבל־ און בית־המדרש־בחורים א. נ. „תפארת בחורים". די פירער פון דער ארגאניזאציע זענען געווען: שמעון יורבורסקי, הערשל קרויזע, מלך גראסמאן, שמחה קאלקא, זיסמע טיבערג, מרדכי־זעליג ראזענבלאט און אנדערע. זיי האבן זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע פון ציוניסטישע און קולטורעלע טעטיקייט, ווי זאמלען געלט פארן אדעסער קאמיטעט, פארשפרייטן ביכער אדג"ל. אין שטאט האט מען געקוקט קרום אויף דער דאזיקער באוועגונג און אירע מיטגלידער האט מען געקרוינט מיטן נאמען „אפיקורסים", נישט געקוקט דערויף וואס אפילו די פון זיי, וואס האבן זיך געלערנט א מלאכה, האבן נישט פארפעלט צו גיין יעטוועדן טאג צו מנחה מעריב און געלערנט א פרק משניות.

די רעוואלוציאנערע פאליע און די פרייהייטס־באוועגונגען אין רוסלאנד אינעם יאר 1904 האבן מיטגעריסן מיט זיך אויך די מיטגלידער פון דער יונגער ארגאניזאציע. אין די שטיבלעך און אין קאפלס בית־המדרש ווערן דערציילט מוראדיקע זאכן וועגן די יידישע רעוואלוציאנערן, וועלכע מען האט גערופן „אחדות־יונגען". די טעטיקייט פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין ווארשע און אין לאדזש רופט ארויס אן איבערקערעניש אויף דער יידישער גאס אין

אַלע שטעט אין פוילן נישט אויסמיידנדיק ראַדאָמסק. ראַדאָמסק האָט זיך גערעכנט פאַר אַ חסידישע שטאָט, מאַמעס האָבן דאָ שטאָלצירט מיט זייערע גאָטספאָרכטיקע זין און געדאַנקט גאָט, אַז אַהער האָט זיך נאָך די „קליפּע" נישט אַריינגעכאַפּט און עס זענען דאָ נישט פאַראַן קיין „אחדות־יונגען". אָבער בעת די מאַמעס האָבן זיך אַזוי געגרויסט מיט זייערע קינדער, זענען שוין די גאָטספאָרכטיקע בחורים געווען פאַרכאַפּט מיטן רעוואָלוציאָנערן גייסט.

## דער ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט

אסתר־תענית, ווען דער לאָמער שמואל בעקער האָט פאַרענדיקט לייענען אין דער נייער שול די מגילה, איז אַרויף אויפן בעלעמער איינער פון די געוועזענע חברים פון דער „תפארת־בחורים"־אָרגאַניזאַציע, שמחה קאַלקא, און אויסגערופן: „אין נאָמען פון די פאַרטיי ס.ס. וועט רעדן אַ חבר פון טשענסטאָכאָוו, ה' אַלעקסאַנדער". אַלע טירן זענען פאַרמאַכט געוואָרן כדי קיינער זאָל נישט קענען אַרויסגיין און ביי יעדער טיר זענען געשטאַנען צוויי חברים מיט רעוואָלווערן אין האַנט. יידן זעענדיק רעוואָלווערן, האָבן זיך דערשראָקן און געשוויגן. חבר אַלעקסאַנדער האָט אָנגעהויבן ריידן, ער האָט אָבער געענדיקט ווייל אַ חבר פון „בונד" האָט געמאַכט צווישנרופן. עס איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער טומל, היציקע קעפּ האָבן אָנגעהויבן דראָען מיט די הענט און דער גבאי פון שול, אברהמעלע קליינער, האָט גענומען שרייען: „שקצים, אין די וועלדער גייט מיט אייערע פאַרזאַמלונגען און פאַרשוועכט נישט קיין מקום קדוש!"

דאָס איז געווען דער ערשטער צייכן, אַז די „קליפּה" האָט זיך אַריינגעכאַפּט אויך צווישן די ראַדאָמסקער שטילע און גאָטספאָרכטיקע בחורים.

## דער ערשטער סטרייק ביי די קאַמאַשנשטעפּערס

שבת ביי שלוש־סעודות זיצן מיר, איך און מיין ברודער הערשל, און זינגען מיטן טאַטן זמירות. פּלוצים הער איך, מען רופט מיך פון גאַס. איך גיי צו צום פענצטער און זע יאָסל מאָשקעס (יאָסל קוציק). איך זאָג אים ער זאָל צוּוואַרטן, ווייל מיר האַלטן שוין ביים גיין אין שטיבל און דאַן וועל איך קענען מיט אים ריידן. אויפן וועג צום שטיבל האָב איך אים געפרעגט וואָס ער האָט מיר צו זאָגן, דערקלערט ער מיר, אַז זעקס אַזייגער קומט פאָר ביי לייזער טענצער אין האָטעל, צימער נומער 7, אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע קאַמאַשנמאַכער־געזעלן און לערניינגלעך און איך מוז אויך קומען. איך האָב אים געזאָגט, אַז כ'וועל פרעגן מיין ברודער. איך האָב טאַקע דערציילט מיין ברודער צוליב וואָס יאָסל־מאָשקעס האָט מיך גערופן און ער האָט מיך געהייסן גיין צו דער פאַרזאַמלונג צוזאָגנדיק אויסצוגעפינען אַ תירוץ פאַרן טאַטן אין פאַל ווען ער וועט אים פרעגן ווו איך בין. אונדזער „שטיבל" האָט זיך געפונען אויף דער זשאַבע־גאַס ביי ראשע די גענדזלערין. ווען מיר זענען צוגעקומען צו דוד בר גאַיסקיס הויז ווו עס איז געווען לייזער טענצערס האָטעל, האָב איך מיך דאָרט אַ גליטש אַריין געטון. כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר פון צימער 7 און געזאָגט דעם פּאַראָל: „טעריטאָריע". די טיר האָט זיך געעפנט און איך בין געווען אינעווייניק. חבר שלמה בוגאַיסקי („דער גראָבער קאָפּ", ווי מען האָט אים גערופן), האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר איינעם, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט און גערויכערט אַ פּאַפּיראָס, כאָטש עס איז נאָך געווען שבת. זיין אויסזען איז געווען אַן אויסטערלישעס, לאַנגע האָר ווי ביי אַ רוסישן פּאָפּ, רויטע אויגן אונטער דיקע אויגנגלעזער. דאָס אַלץ האָט אויף מיר געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק און איך האָב מיך געפילט ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. ס'האָט געצויגן צום טאַטן אין „שטיבל" און כ'האָב מיר געטראַכט: דאָס איז דאָס ערשטע און לעצטע מאָל. אויך האָט מיך געפייניקט דער געדאַנק וואָס וועט זיין אויב דער טאַטע וועט געוויר ווערן ווו איך בין געגאַנגען. כ'האָב מיך אָבער געטרייסט דערמיט, אַז מיין ברודער וועט מיך שוין ווי ס'איז אַרויסדרייען.

אין צימער זענען שוין געווען פאַרזאַמלט די געזעלן און לערניינגלעך. אינצווישנצייט זענען אָנגעקומען הערשל עפּשטיין מיט יאָסל קוציק און האָבן אַרויסגעליינט פון אַ צעטל די אָנוועזנדע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס פעלן צוויי געזעלן און איין לערניינגל: דעם בראַיערס זון, און כאַסקל זאַמבערגס זון,ביידע פון דער קראָקאָווער גאַס און דאַנע, לייבל געלבאַרדס זון, פון דער סטשאַלקאָווער גאַס. די דאָזיקע דריי האָבן קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז זיי ווילן נישט גיין צו די „אַחדות־יונגען".

ד פאַרזאַמלונג האָט געעפנט שלמה בוגאַיסקי דערקלערנדיק דאָס דער חבר אברהם וויעוויורקע פון טשענסטאָכאָוו וועט ריידן וועגן דער לאַגע פון יידישן אַרבעטער. דעם אמת זאָגנדיק האָב איך קיין סך נישט פאַרשטאַנען פון זיין ריידן, אָבער דאָס אַז מען דאַרף ווייניקער אַרבעטן און באַקומען מער געלט האָב איך יאָ פאַרשטאַנען און דאָס האָט מיר זייער געפעלן.

נאָך דעם ווי דער רעדנער האָט געענדיקט, האָב איך געפרעגט צי איך קען שטעלן אַ שאלה. מען האָט מיר געענטפערט, אַז איך קאָן פרעגן וועגן אַלעס וואָס עס איז מיר נישט געווען קלאָר. דאַן האָב איך מיך אָפּגערופן: „יאָ, ס'געפעלט מיר זייער גוט אַז איך וועל נישט דאַרפן טראָגן דאָס טשאָלנט צום בעקער און פירן יאָסעלען אין חדר אַריין און טון נאָך אַנדערע הויז־אַרבעטן, וואָס געהערן נישט צו מיר, נישט דאַרפן זיצן דריי יאָר אויף דער לער און דעריבער בין איך אַפילו מסכים צו סטרייקן, אָבער וואָס וועט זאָגן דערויף דער טאַטע? צי וועל איך האָבן די העזה צו זאָגן מיין מייסטער וואָס דאַוונט מיטן טאַטן אין איין שטיבל און פאָרן צו איין רבי, אַז איך וויל נישט אַרבעטן?" און דערויף האָט מיר דער רעדנער געענטפערט: דיין פראַגע איז זייער אַ נאַיווע אָבער אַ זאַכלעכע. אַזעלכע שאלות איז מיר שוין אויסגעקומען צו הערן און דעריבער וועט יעטוועדער איינער דאַרפן אָנגעבן דעם אַדרעס פון זיינע עלטערן און נאָך איידער דער סטרייק וועט אויסברעכן וועט יעדער פאָטער באַקומען אַ בריוו פון טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט מיט דעם פאָלגנדיקן אינהאַלט: „אַזוי ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו סטרייקן בכדי אויסצובעסערן די לאַגע פון אייער קינד וואָרענען מיר אייך, אַז איר זאָלט אים נישט שטערן". מיט אַזאַ בריוו וועלן זיך די עלטערן רעכענען. עס איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו סטרייקן.

## דער סטרייק ברעכט אויס מיט דער הילף פון פּ. פּ. ס.

זונטיק האָט שוין מיין טאַטע באַקומען אַ בריוו וועגן סטרייק. עס זענען אין אים אויסגערעכנט געוואָרן די פאָלגנדיקע פאָדערונגען: א) אָפּשאַפן יאָר־ און זמן־אַרבעט; ב) צען־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג; ג) פאַרבאָט פון באַשעפטיקן לערניינגלעך ביי הויז־אַרבעט; ד) איינפירן היגיענישע אַרבעטס־באַדינגונגען. און ווייטער איז געקומען די וואָרענונג: „די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע מאַכט אייך דערויף אויפמערקזאַם, אַז איר האָט נישט קיין רעכט צו שטערן אייער זון צו סטרייקן אין קעגנפאַל וועט מען זיך מיט אייך אָפּרעכענען".

אין שטוב האָט זיך געטון חושך. דער טאַטע האָט געטענהט: „וואָס הייסט? איך האָב שוין גאָרנישט קיין דעה איבער מיין קינד. נאָר זיי, די אחדותניקעס? זיי וועלן אים צוביסלעך אַריינציען ביז עס וועט נישט זיין נישט קיין טאַטע, נישט קיין מאַמע און נישט קיין גאָט ר"ל, נאָר זיי!". מיין ברודער וואָס האָט שוין געאַרבעט ביי פאַנסקין אין דער דרוקעריי, האָט אַ סך געלעזן און געווען אונטערן איינפלוס פון דער השכלה, האָט זיך באַמיט צו באַרויקן דעם טאַטן. ערשטנס, האָט ער אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז עס איז געפערלעך

זיך צו שפּילן מיט פייער און צווייטנס, האָט ער צוגעגעבן, איז דאָך טאַקע בעסער, אַז מען אַרבעט נישט קיין גאַנצע נאַכט און מען טראַגט נישט דעם פּוטערקוכן צום בעקער. הכלל, דער טאַטע האָט מסכים געווען צום סטרייק בתנאי, אַז איך זאָל נישט גיין אויף פאַרזאַמלונגען פון די אַחדות־יונגען.

נאָך דעם ווי עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אַלע פאַרברייטונגען איז דער סטרייק אויסגעבראָכן. פּ.פּ.ס. האָט דעלעגירט צוויי אַרבעטער פון טאַנעטס מעבל־פאַבריק וועלכע זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט דעם הויכן איציק, אַ שוסטער, און שלמה דינער איבער אַלע וואַרשטאַטן און איבערגעגעבן די בעלי־הבתים די פאָדערונגען. צו אונדז האָבן זיי זיך געווענדט מיט די ווערטער: „טאָוואַזשישע פּראָשע ז' נאַמי". דאָס האָט געהייסן אַז מיר דאַרפן פאַרלאָזן די אַרבעט און מיטגיין מיט זיי. מיר האָבן טאַקע אַלע ווי איין מענטש פאַרלאָזן די אַרבעט און אַזוי איז אויסגעבראָכן דער ערשטער סטרייק אין ראַדאָמסק.

די סטרייקנדיקע האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי גינטערן אין גאָרטן, ווו עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ סטרייק־קאָמיסיע פון פינף חברים: שלמה בוגאַיסקי, הערשל עפּשטיין, יאָסל קוציק, שלמה דינער און איך. אויך די מייסטערס האָבן זיך אָרגאַניזירט. זיי האָבן קאָנצענטרירט די אַרבעט אין דריי פלעצער און אָנגעהויבן אַרבעטן — מיט דער הילף פון פרויען און קינדער — ביי אשר ווינער, ביי וויגדערן און ביי ראובן ליבערמאַן.

נאָך עטלעכע וואָכן סטרייקן האָט די סטרייק־קאָמיסיע גערופן אַ פאַרזאַמלונג ביי פּולראַלען אין סטאַדאָלע אויף דער קראָקעווער גאַס. מען האָט אַרומגערעדט די לאַגע און באַשלאָסן אַראָפּנעמען די רעדלעך פון די מאַשינען. מיר האָבן זיך צעטיילט צו דריי מאַן מיט רעוואָלווערן אין טאַש און אַוועק אויף די דריי פלעצער. ביי צוויי האָבן מיר טאַקע אַראָפּגענומען די רעדלעך נאָר ביי ראובן ליבערמאַן (ביי אַצ'קאָווסקין אין הויז) איז געוואָרן אַ טומל. איינער פון אונדז האָט אויסגעשאָסן אין דער לופט, אָבער דערווייל האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה אַז פּאָליציי קומט און מיר זענען געשווינד אַנטלאָפן. ווען די פּאָליציי איז אָנגעקומען זענען מיר שוין אַלע געווען איבערגעטון און קיינער איז נישט אַרעסטירט געוואָרן. די דאָזיקע אַקציע האָט טאַקע געהאַט אַ פּעולה, די מייסטערס האָבן דערפילט אַז ס'איז שלעכט און זיי האָבן נישט מיט וואָס צו שטעפּן, האָבן זיי פאַרגעלייגט אַ בוררות אויף וועלכע מיר זענען איינגע־



די באַן־סטאַציע תחנת־הרכבת

גאַנגען. זיי האָבן דעלעגירט צו די פאַרהאַנדלונגען צוויי חשובע בעלי־בתים פון שטאָט, טוביה קאַלקאַ און לאָזער פעלמאַן און דער סטרייק איז ליקווידירט געוואָרן צו אונדזער טובה. אַלע אונדזערע פאָדערונגען זענען נאָכגעגעבן געוואָרן און מיר האָבן זיך צוריק אומגעקערט צו דער אַרבעט מיט די רעדלעך אין די הענט.

וואָכנלאַנג האָט מען אין אַלע שטיבלעך, און אין קאָפּלס בית־המדרש גערעדט וועגן סטרייק. יידן האָט געזיפצט און געקרעכצט זעענדיק ווי די „קליפּה" ר"ל האָט זיך אַריינגעכאַפּט אויך אין דעם שטילן און גאָטספאַרכטיקן ראַדאָמסק און אַז די אָרגאַניזאַטאָרן און פירער זענען דווקא באַלעבאַטישע און חסידישע קינדער מיט וועלכע טאַטע־מאַמעס האָבן אַזוי שטאָלצירט.

נישט געקוקט דערויף וואָס סטרייקן און פאַרזאַמלונגען זענען געווען פאַרבאָטן, זענען ספּאָנטאַניש אויסגעבראָכן נייע סטרייקן. עס האָבן געסטרייקט זאָקן־מאַכערס, שניידערס, שוסטער, בעקערס א"א און די אָרגאַניזיר־אַרבעט איז געפירט געווען מיטן גרעסטן ברען.

דריי אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיך געשאַפן אויף דער יידישער גאַס: פּועלי־ציון, ס. ס. און „בונד". יעדע פּאַרטיי האָט געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויפן געביט פון סאָציאַל־פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן באַמיענדיק זיך צו געווינען וואָס מער חברים, באַקומען די העגעמאָניע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס און אויך צווישן די ברייטע פאָלקסמאַסן.

## דער סטרייק ביי די זאָקנמאַכערס

צוויי זאָקן־וואַרשטאַטן זענען געווען אין שטאָט, איינע פון יאָסל האַמער ביי דוד־לייב פייערמאַן אין הויז, און די צווייטע פון לאָמען יענקל אויף סטשאַלקאָווער גאַס. באַשעפטיקט אין די דערמאָנטע וואַרשטאַטן זענען געווען מייסטנס מיידלעך פון באַלעבאַטישע היימען, אַלץ גאָטספאַרכטיקע קינדער מיטן אויסנאַם פון צוויי שוין באַוווסטזיניקע אַרבעטער. דאָס זענען געווען: ליפּאַ מלמדס זון, אברהם „דער לאַנגער קאָפּ", אַן אַנאַרכיסט און יוסף־בער מלמדס טאָכטער, די שוואַרצע דבורה, אַ פּועלי־ציוניסטקע. די צוויי האָבן אָרגאַניזירט דעם סטרייק מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע. געווען איז דאָס זייער אַ שווערער סטרייק קודם־כל צוליב דעם, וואָס דער מענטשן־מאַטעריאַל איז געווען זייער אַן אָפּגעשטאַנענער. די מיידלעך האָבן מורא געהאַט מען זאָל נישט זאָגן, אַז זיי געהערן צו די אחדות־יונגען און צווייטנס, איז יאָסל האַמער געווען שטאַרק פאַרעקשנט. „ביי מיר — האָט ער געזאָגט — וועלן זיי נישט אויספירן". מיר האָבן גערופן אַ פאַרזאַמלונג און אויסגעוויילט אַ סטרייק־קאָמיטעט פון פיר חברים: אַברהם „דער לאַנגער קאָפּ", די שוואַרצע דבורה, ראובן אקרענט און איך (די לעצטע דריי פון פּועלי־ציון). טראָץ די שוועריקייטן אויף וועלכע עס איז אויבן אָנגעוויזן געוואָרן האָבן מיר — מיט דער הילף פון דער טשענסטאָכאָווער פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע — געוווּנען דעם סטרייק און די בעלי־בתים האָבן אָנגענומען אַלע פאָדערונגען וועלכע די אַרבעטער האָבן אַרויסגעשטעלט.

## דער סטרייק פון די קעכינס

דער סטרייק פון די קעכינס האָט אַרויסגערופן אַ רעש און צערודערונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אונטער דער השפּעה פון די „אַחדות־יונגען" געזען אין זיי אַ סכנה פאַרן כשרות. אָנגעפירט מיטן סטרייק האָבן די ס.ס. דער דאָזיקער סטרייק האָט אָנגערירט דירעקט אויך דעם רבישן הויף צוליב דעם האָט דער רבי, ר' כאַסקעלע גערופן אַן אסיפה אין גרויסן בית־המדרש און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געוואָנדן צו די פאַרזאַמלטע: „יידן, ס'ברענט אַ פייער, דאָס כשרות איז אין סכנה!" און אַלע פאַרזאַמלטע האָבן געוויינט. צו מאָרגנס האָט דער רבי געלאָזט רופן צו

זיך הערשל גליקסמאַן און הערשל קרויזע און געפּרוּווט אויף זיי משפּיע זיין צו ליקווידירן דעם סטרייק. זיי האָבן אים אָבער דערקלערט אויס טאַקטישע טעמים, אַז מיט דעם סטרייק פירט אָן נישט די ראַדאָמסקער, נאָר די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע און דאָס האָט געווירקט. דער סטרייק האָט געדויערט אַ חודש צייט און די קעכינס האָבן אים געוווּנען.

## די פּאָליטישע טעטיקייט

די אַגיטאַציע־טעטיקייט פון די פּאַרטייען איז געפירט געוואָרן אין דריי פּונקטן: אויף די אַזוי־גערופענע אַרבעטער־„בירזשעס" און אין די גערטנער און וועלדער אַרום דער שטאָט. דאָס וואָרט „בירזשע" אין דעם פאַל מיינט נישט ווי געוויינטלעך אַן אָרט וווּ מען האַנדלט מיט וואַליוטע און ווערט־פּאַפּירן. אויף די דאָזיקע בירזשעס האָט מען „געהאַנדלט" מיט „איזמען": ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, בונדיזם, אַנאַרכיזם, סיימיזם אדג"ל.

ווי אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען? יעטוועדע פּאַרטיי האָט געהאַט אַ באַשטימטן טראָטואַר־אָפּשניט: דער „בונד" האָט פאַרנומען דעם טראָטואַר פון נחמיה זאַנדבערג ביז יאָסל נייקראָן; די פּוע"צ — פון דוד־לייב פייערמאַן ביז סטשאַלקאָווע גאַס; די ס.ס. פון ניימאַרקן ביז קראָקעווער גאַס. אויף די דאָזיקע ערטער האָט יעדע פּאַרטיי געבראַכט אין אַ באַשטימטן טאָג אַן עלטערן און באַוווסטזיניקן חבר, וועלכער האָט שפּאַצירט מיט נאָך צוויי חברים און אַגיטירט זיי פאַר דעם פּראָגראַם פון זיין פּאַרטיי. נישט אַלע פּאַרטייען האָבן איינגעאָרדנט זייערע שפּאַצירן אין איין טאָג. ס'האָט אויך געטראָפן, אַז עס זענען אָנגעקומען סטראַזשניקעס (פּאָליציי־לייט) אָדער קאָזאַקן און געזוכט אין די קעשענעס פון די שפּאַצירנדיקע. מיר האָבן געוווּסט פריער ווען די „געסט" וועלן קומען, אַ דאַנק אַ סטראַזשניק מיטן נאָמען דלובאָק, וועלכער האָט צוויסן געטון שטענדיק ווען עס האָט געזאָלט פאָרקומען אַזאַ אָבלאַווע. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע שפּאַצירנדיקע זענען געווען דעמאָלט „ריין", נישט געהאַט ביי זיך קיין קאָמפּראָמיטירנדיקן מאַטעריאַל און קיינער איז נישט געוואָרן אַרעסטירט.

אַזוי האָט אויסגעזען די אָרגאַניזאַציע־טעטיקייט אויף דער בירזשע. עס האָבן אויסער דעם אויך עקזיסטירט „טשיינעס" (טיי־הייזער). די „טשיינע" פון פּוע"צ האָט זיך געפונען ביי יאָסל צינצינאַטוס, אויף דער קראָקעווער גאַס; די ס.ס.־"טשיינע" ביי חנניה לעווערקאָוויטש אין דער שול־גאַס און דער„ בונד" האָט זיך פאַרזאַמלט ביי באַנקירן אין גאָרטן אויפן נייעם וועג. יעטוועדן אָוונט נאָך דער אַרבעט זענען זיך די אַרבעטער צונויפגעקומען אין זייערע „טשיינעס" און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די התלהבות וואָס האָט געהערשט. דאָס לעבן האָט געשפּרודלט ווי אַ לעבעדיקער קוואַל. אין איין מאָל האָבן זיך פאַרזאַמלט אייניקע חברים און איינער פון זיי האָט פאָרגעלייענט אַ בראָשור מיטן נאָמען: „וואָס ווילן מיר פּועלי־ציון?" פון חבר אבנר, דערשינען אין פאַרלאַג „האַמער". אין אַ צווייטן ווינקל ווידער איז געזעסן מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט און איינגעקנעלט מיט אַ גרופּע חברים אַ בלעטל קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע פון בער באָראָכאָוו.

ס'האָט אויך געטראָפן אַז די „טשיינעס" זענען פּלוצים אַרומגערינגלט געוואָרן דורך פּאָליציי אָבער דער אויבן־דערמאָנטער דלובאַק און אַ צווייטער (וועמענס נאָמען איך דערמאָן מיך נישט), האָבן אונדז שטענדיק צוויסן געטון, אַז עס גרייט זיך אַן אָבלאַווע און דעריבער האָבן מיר קיין מאָל נישט געליטן.

עס איז געווען אָנגענומען אַז איין פּאַרטיי האָט איינגעלאַדן די צווייטע צו אַ דיסקוסיע. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אין די וועלדער אַרום דער שטאָט: אין באָראָווער אָדער פלאַוונער יוואַלד. אַזוי האָט למשל אַרויסגערופן דער „בונד" די ס.ס. אויף אַ דיסקוסיע און אַראָפּגעבראַכט צו דעם צוועק דעם חבר אַבראַמאָוויטש פון טשענסטאָכאָוו, וועלכער איז געווען אַ גוטער רעדנער. ס.ס. פון איר זייט, האָט געבראַכט נאָך אַ שענערן און בעסערן רעדנער, דעם אַזוי־גערופענעם „געלן אהרן" אָדער „אהרן טשענסטאָכאָווער", ווי מען האָט אים גערופן (ד"ר אהרן סינגאַלאָווסקי, שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון „אָרט", געשטאָרבן אין יאָר 1957). אַ דיסקוסיע צווישן אַזעלכע צוויי רעדנער האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס צווישן אַלע אַרבעטער אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי.

כדי אויסצומיידן פּראָוואָקאַציעס, זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פּאָסטנס פון איינער פון די פּאַרטייען און די אָנטיילנעמער האָבן געמוזט זיי איבערגעבן אַן אָנגענומענעם פּאַראָל, למשל: „טעריטאָריע" אָדער „אויטאָנאָמיע". ווער עס האָט דעם פּאַראָל נישט געוווּסט, איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די פּאָסטנס ביז איבער דער פאַרזאַמלונג. די פּאָסטנס זענען געווען פונאַנדערגעשטעלט אָנהייבנדיק פון מאַגיסטראַט ביז אין וואַלד אַריין.

## אָנטייל פון חברטאָרינס

דער אָנטייל פון פרויען אין די פּאַרטייען איז נישט געווען קיין קליינער. די אַקטיווסטע צווישן זיי זענען געווען: אין פּוע"צ — איטע אַראַנאָוויטש, געוועזענע פרוי פון פּיניע קאַלקאַ, געשטאָרבן יונג נאָך דער חתונה; לייטשע וואָלינסקי, די פרוי פון אברהם „דער לאַנגער קאָפּ", סאַלע סלאַוויק, יאָסקע מלמדס איניקל. אין ס.ס. זענען געווען טעטיק: חייטשע־שרה שוועטער, די פרוי פון מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט, פרומעט מעדוויעדאָוו און אַנדערע.

די אַרבעט פון די פרויען איז באַשטאַנען אין איבערפירן רעוואָלווערן פון איין שטאָט אין די צווייטע, ברענגען פּראָקלאַמאַציעס פאַרן ערשטן מאַי און ענלעכע אַרבעטן וואָס פרויען איז געווען לייכטער אויסצופירן. אויך איז זייער אויפגאַבע באַשטאַנען אין פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן חסידישע טעכטער און אַרבעטערינס.

## געסט אויף יום־טוב

אויב דאָס לעבן איז געווען אינטענסיוו און לעבעדיק אַ גאַנץ יאָר, איז עס נאָך אינטענסיווער און לעבעדיקער געווען אין די ימים־טובים־טעג. די סיבה דערפון איז געווען וואָס אַלע ראַדאָמסקער יונגעלייט וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַנדערע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו א"אַ, זענען זיך אויף יום־טוב צונויפגעקומען קיין ראַדאָמסק און געבראַכט מיט זיך די לופט פון פרעמדע און גרויסע שטעט.

אַזוי איז געקומען חבר בעריש קוגעל אַן אַקטיווער און באַוווסטזיניקער חבר פון פּוע"צ; יעקב־יוסף, אַ קנאותדיקער פּועלי־ציוניסט; שמחה קאַלקאַ פון טשענסטאָכאָוו, אַן אינטעליגענטער און אַקטיווער עסעסאָוויעץ, יענקל טעפּל פאַרפעלס, אַ חבר פון „בונד" א"אַ. יעטוועדע פּאַרטיי האָט אויפגענומען אירע חברים מיט האַרץ, עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קלענערע פאַרזאַמלונגען פון די גרופּעס־פאָרשטייער און די געסט האָבן איבערגעגעבן וועגן דער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי אין דער שטאָט פון וועלכער זיי זענען געקומען און וועגן אירע נאָענטסטע אויפגאַבן. אויך זענען פאָרגעקומען דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען מיט זייער באַטייליקונג און פאַרוויילונגען לכבוד די געסט. מיט איין וואָרט: עס איז געווען לעבעדיק אין שטעטל. יעטוועדער אַזאַ באַזוך האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם און אַקטיוויזירט די אַרבעט אין שטאָט.

## „ווילדע יונגען"

אין ראַדאָמסק האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ גרופּע אונטערוועלט־מענטשן, „די ווילדע יונגען" האָט מען זיי גערופן. זייערע פירער האָט געהייסן כתריאל פאַלדאַק. געווען איז דאָס אַ הויכער פעסטער

בחור און שוין זיין צורה און קליידונג האָבן עדות געזאָגט וואָס פאַר אַ טיפּ דאָס איז. דאָס היטל מיט אַ פּוילישן דאַשעק האָט ער געטראָגן פאַררוקט אויף אַ זייט, באַקן־בערד ביז אין העלפט פּנים, לאַנגע פאַרדרייטע אַרויף וואָנסעס, אַן אויסדעקאָלטירטע שוואַרצע וועסט פון וועלכער עס האָט אַרויסגעשיינט אַ ווייסע פאַרלאַגע און אַ פּאַפּירענער קראַגן; אין וועסטל־טאַש איז געלעגן אַ גראָבער זייגער צוגעטשעפּעט מיט אַ ברייטער קייט, הויכע ביז צו די קניען לאַקירטע שטיוול און אַ גראָבער שטעקן אין האַנט וואָס האָט געוואָרפן אויף אַלעמען אַן אימה. אָט דער דאָזיקער פאַלדאַק איז געווען דער פירער פון די ראַדאָמסקער ווילדע יונגען. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געאַרבעט און זייער פאַרשווענדעריש לעבן האָבן זיי געפירט אַדאַנק „פּרעטענסיע־געלט״, ד״ה פּשוט שאַנטאַזשירט מענטשן און אויסגעפּרעסט ביי זיי געלט. אַזוי למשל איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען מאשונסקי, וועלכער האָט געפירט אַ געהיים ברייזל (בראָנפן־פאַבריקל) אין אברהמעלע שענקערס הויז. האָט ער זיי געמוזט צאָלן חודש־געלט זיי זאָלן אים נישט מסרן. זיי האָבן אויך אָנגעטון נאָך אַנדערע מעשים, למשל, ווען עס איז געקומען אַ מיידל פון ברעזניצע דינען אַלס קעכין האָבן זיי זי פאַרבעטן אויף אַ שפּאַציר הינטער די סטאַדאָלעס און אויב זי האָט נישט מסכים געווען, איז איר נישט געווען וואָס מקנא צו זיין.

אַ מאָל איז טאַקע פאָרגעקומען אַ פאַל וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט. אויף זשאַבע גאַס האָט געוווינט אַ בעל־הבית מיטן נאָמען נח זאַבערמאַן. אַ מאָל איז ער און פרוי אַוועקגעפאָרן אויף אַ חתונה און איבערגעלאָזן די קעכין זי זאָל אַכטונג געבן אויף די דירה. ביינאַכט האָבן זיך אין דירה אַריינגעריסן פאלדאק מיט זיין חברה און אָפּגעטון מיט דער קעכין וואָס זיי האָבן געטון... ווען זאבערמאַן האָט זיך אומגעקערט פון דער חתונה, האָט אים די קעכין דערציילט וואָס מיט איר האָט פּאַסירט און די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן דער פּאָליציי. די גאַנצע חברה איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט זיי יעדן טאָג געפירט געשמידטע אין קייטן צום „סלעדאוואטל״ (אויספאָרשונגס־ריכטער), וועלכער האָט געוווינט אין בעריש פערשטערס הויז. אין שטעטל איז געווען לעבעדיק. חדר־ייִנגלעך זענען נאָך זיי נאָכגעלאָפן מיט פייפערייען, ווייבער האָבן אויף זיי געשפּיגן און אויסגעלאָזט צו זייערע קעפּ אַלע בייזע חלומות און ראַדאָמסק האָט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן.

צו זייער זכות דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן די ראָל וועלכע זיי, די „ווילדע יונגען״ האָבן דערפילט בעת דעם פּריזיוו, צוליב וואָס זיי האָבן געוווּנען די סימפּאַטיע פון דער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן דעמאָלט באַוויזן גרויס גבורה. פון צייט צו צייט פלעגן קומען קיין ראַדאָמסק שקצים פון די אַרומיקע דערפער, סטאַביעצק, רייזעכאָוויץ, פאַיענטשנא, א״אַ כדי צו שטעלן זיך צום מיליטער („לאָסעוואַניעס״). איידער זיי זענען געגאַנגען צו דער מיליטער־קאָמיסיע („פּריסוסטווע״) וואָס האָט זיך געפונען אָנהויב נייער וועג, זענען זיי צוערשט אַריין אין יצחק בוגאיסקיס שענק, גוט זיך אָנגעטרונקען און שפּעטער אָנגעהויבן טשעפּען יידן. די ווילדע יונגען האָבן זיי אָבער אַזוי צעהרגעט, אַז מען האָט זיי פּשוט געמוזט פירן צו דער קאָמיסיע, ווייל אַליין זענען זיי שוין נישט בכוח געווען צו גיין.

## דער ערשטער צוזאַמענשטויס מיט די „ווילדע יונגען״

איין מאָל בעת אַ פאַרזאַמלונג פון פּוע״צ אין גינטערס גאָרטן האָבן מיר פּלוצים דערהערט געשרייען: „נידער מיט די אַחדות־יונגען, זאָל לעבן דער קייזער!״ און גלייך נאָכדעם האָבן זיך אַריינגעריסן די „ווילדע יונגען״, מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט און געוואָרפן זיך אויף די פאַרזאַמלטע. מיר האָבן זיי נישט געשוויגן און פון ביידע זייטן זענען געווען פאַרוווּנדעטע.

דעם זעלביקן טאָג האָבן זיך פאַרזאַמלט פאָרשטייער פון אַלע דריי פּאַרטייען און אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל קעגן זייער פירער, כתריאל פאלדאק. דער אורטייל איז אָבער נישט אויסגעפירט געוואָרן, ווייל פאָלדאַק האָט באַלד געבעטן אַנטשולדיקונג און זיין חברה האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן גלייך פאַרלאָזן ראַדאָמסק. אייניקע פון זיי זענען טאַקע אַוועק נאָך אַמעריקע און אַנדערע זענען געוואָרן גוטע חברים, טעטיקע אין דער „באָיאָווער״ סעקציע (קאַמפּס־סעקציע) אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן די אונטערוועלט־גרופּע וואָס האָט שאַנטאַזשירט די ראַדאָמסקער יידישע באַפעלקערונג און באַזונדערס די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג.

## די „באָיאָווע״ סעקציע

יעטוועדע פּאַרטיי האָט געהאַט אַ קאַמפּס־סעקציע וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצופירן טעראָריסטישע אַקציעס. אין דער פּועלי־ציוניסטישע סעקציע זענען געווען אַקטיוו: הערשל ראדאל, חיים בוידעמס, משה־וואָלף קאזאל און אַנדערע. אויך דער בונד האָט געהאַט אַזאַ סעקציע. אין שפּיץ פון דער עסעסישער סעקציע זענען געשטאַנען שלמה דינער, יאָסל קוציק, דער רויטער נתן און אַנדערע.

מיטן אָנטייל פון פּ.פּ.ס. איז איין מאָל אויסגעפירט געוואָרן דורך די פּועלי־ציוניסטישע „באָיאָווצעס״ אַן איבערפאַל אויף דער „קאַזנאַטשעיסטווא״ (מלוכה־קאַסע) וואָס האָט זיך געפונען אין חיים־דוד זאַנדבערגס הויז אויף סטשאַלקאָווע גאַס. ס׳איז דעמאָלט פאַרכאַפּט געוואָרן אַ שפּאָרע סומע געלט פאַר וועלכן עס זענען איינגעקויפט געוואָרן רעוואָלווערן און קינזשאַלן. אַ צווייטער פאַל איז געווען, ווען צוויי פּראָוואָקאַטאָרן זענען דערהרגעט געוואָרן דורך אַ גרופּע אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט יאָסל קוציק.

אין ראַדאָמסק האָט זיך דעמאָלט געלאָזט פילן אַ פּאָגראָם־שטימונג און אַלע יידישע פּאַרטייען האָבן זיך פאַראייניקט כדי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. צו דעם צוועק איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געלט־זאַמלונג צווישן דער פאַרמעגלעכער יידישער באַפעלקערונג. אויס מורא, האָבן אַלע געגעבן, בלויז אייניקע, ווי למשל, כאַסקעל ראַבינאָוויטש („דער טויבער כאסקל״), האָבן זיך אָפּגעזאָגט ביישטייערן פאַר דעם פאָנד. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ שניט־קראָם אין מאַרק, האָט מען באַגאָסן די סחורה מיט נאַפט. ביי אבא שוואַרץ און ביי ניימאַרקן, וועלכע האָבן אויך נישט געוואָלט זיך באַשטייערן, זענען אויסגעהאַקט געוואָרן די שויבן.

אין די יאָרן 1905 און 1906 האָט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג דערגרייכט איר העכסטע מדרגה און די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געהאַט אַן אַבסאָלוטע העגעמאָניע איבערן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט. זייער אָנזען איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז בעת אַ קאָנפליקט צווישן מאַן און ווייב זענען די צדדים געגאַנגען נישט צום רב נאָר צו דער פּאַרטיי. אַלע אַרבעטער זענען געווען אָרגאַניזירט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אויסגעקעמפט זיך בעסערע אַרבעטס־ און לוין־באַדינגונגען.

די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע אויף דער יידישער גאַס אין שטילן און גאָטספאָרכטיקן ראַדאָמסק, זענען געווען די תפארת־בחורים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט אינעם קליינעם בוידעם־שטיבעלע ביי מענדעלע ליפשיץ אין מאַרק. ווער זענען זיי געווען? פון פּוע״צ: מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט, יענקל חנוכה־לעכטלס, בעריש קוגלס, סראָלקע האמער און אַנדערע; פון ס.ס. שמחה קאלקא, הערשל קרויזע, הערשל גליקסמאַן, יידל באָרנשטיין, מלך גראָסמאַן, הערשל עפּשטיין, יאָסל קוציק, דער רויטער נתן און נאָך אַנדערע. פון „בונד״ די ברידער טאַנסקי, אַברהם שאול מאירס, אַלע בארדא, זקן שרייבער, פינטשע ראַבינאָוויטש און שמעון מעדוויעדאוו.

אין 1907 הויבט זיך שוין אָן צו פילן די שטאַרקע האַנט פון דער צאַריסטישער מאַכט. מיט דער הילף פון די באַקאַנטע פּראָוואָקאַטאָרן, אזעף אין רוסלאַנד און נח"ל אין לאָדזש ווערן אַרעסטירט די פּאַרטיי־פירער. אין לאָדזש איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ תליה נישט ווייט פונעם גרויסן יידישן טעאַטער, דעם א.ג. זאַמבערגס טעאַטער, (אויף דער קאָנסטאַנטינער גאַס). אויך אין דער וואַרשעווער ציטאַדעל איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ תליה און גענעראַל סקאַלאָן אין וואַרשע און דעם גענעראַל קאַזניאַקאָוו אין לאָדזש געלינגט צו ברעכן די אַרבעטער־באַוועגונגען און אָפּשטויסן זייער אָנגריף.

דער ערשטער וואָס איז געהאָנגען געוואָרן איז געווען אַ ראַ־דאָמסקער מיטן נאָמען דוד יחיאל קרויזע (מיין טאַטנס אַ ברודער), אַן אַקטיווער חבר פון „בונד".* ווען זיינע ברידער האָבן זיך ביי אים געבעטן ער זאָל זיך ווענדן נאָך אַ באַגנעדיקונג צום קייסער האָט ער שטאָלץ געענטפערט, אַז ער וועט נישט בעטן ביים רוסישן דעספּאָט, ער זאָל אים שענקן דאָס לעבן און איז מוטיק געגאַנגען צו דער תליה.

אין 1908 איז שוין די רוסישע רעוואָלוציע געווען באַזיגט. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז געצווונגען געווען צוריקציען זיך פון־נעם העראָישן קאַמף אויף די באַריקאַדן און אויסבאַהאַלטן זיך צוריק אין די וועלדער און קעלערס. אויך אין ראַדאָמסק איז געוואָרן שטיל, חברים זענען זיך צעפאָרן אין אַלע עקן וועלט און די אָרטיקע בעלי־בתים האָבן געזונגען אַ לידל:

הער נאר איטשע־בער
קום נאר דא אהער
כ'וועל דיך עפעס זאגן
וועסט א הנאה האבן:

מ'האט שוין אויסגעהרגעט
אלע סטרייקערס
מ'וועט שוין מעגן ארבעטן
ביז צוועלף אזייגער!

## די שטילע צייט

אַ טיפן תהו ובוהו האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך די רעוואָלוציע אין אַלגעמיין און באַזונדערס צווישן די יידישע אַרבעטער. דאָס פּאָליטישע לעבן איז כמעט ווי אָפּגעווישט געוואָרן פון דער אויבער־פלאַך און אויך אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן איז אַריינגעטרעטן אַ קריזיס וואָס עס האָט פאַרשטאַרקט דעם עמיגראַציע־שטראָם באַזונ־דערס פון אַרבעטער.

אין דער לאַגע האָט אָנגעהויבן אַן אַקטיווע טעטיקייט די טערי־טאָריאַליסטישע פּאַרטיי וועלכע האָט פּראָפּאַגאַנדירט דעם געדאַנק צו עמיגרירן קיין גאַלוועסטאַן **. אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפעסאָר מאַנדעלשטאַט פון קיעוו זענען אָרגאַניזירט געוואָרן קאָמיטעטן כדי צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן געדאַנק. אויך אין ראַדאָמסק איז אַנטשטאַ־נען אַזאַ קאָמיטעט.

בעת עס איז פאָרגעקומען אין לאָדזש אַ קאָנפערענץ פון דער באַוועגונג, האָבן מיר — הערשל עפּשטיין און איך וואָס האָבן זיך גראָד געפונען אין לאָדזש — באַקומען אַ בריוו, אַז מיר זאָלן רעפּרע־זענטירן אויף דער קאָנפערענץ ראַדאָמסק. בעת דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ האָבן די בונדיסטן אויפגעהויבן אַ גרויסן טומל כדי צו שטערן, אָבער דעמאָלט האָט זיך באַוויזן דער געלער אהרן, אָדער אהרן טשענסטאכאווער (ד"ר סינגאלאווסקי) און אים איז געלונגען צו באַהערשן די לאַגע.

נאָך דער קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן אַ טעטיקייט אין אַלע שטעט און אויך אין ראַדאָמסק, אָבער זי האָט ליידער נישט לאַנג געדויערט, ווייל מען האָט אָנגעהויבן אויסצונוצן די לעגאַלע שילד פאַר פּאָליטישער אַרבעט. מעגלעך אַז עס איז געווען אויך דערביי די האַנט פון ספּעציעלע דעלעגירטע פּראָוואַקאַטאָרן. דער סוף אָבער איז געווען, אַז די דאָזיקע קאָמיטעטן זענען דערקלערט געוואָרן אַלס אומלעגאַלע און זייער טעטיקייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דערמיט האָט זיך אויך אין ראַדאָמסק איינגעשטילט דאָס פּאָליטי־שע און געזעלשאַפטלעכע לעבן.

## „סוווי דאָ סוועגאָ"

אין 1912 זענען פאָרגעקומען וואַלן צו דער פערטער רוסישער דומע. די פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי (ען־דע) האָט אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט איינעם פון די געפערלעכסטע אַנטיסעמיטן, ראמאן דמאָווסקי, און פאַרלאַנגט פון די יידן זיי זאָלן פאַר אים שטימען. די פּ.פּ.ס. האָט אַרויסגעשטעלט אַ קאַנדידאַט מיטן נאָמען יאגיעללא, וועלכער איז מיט דער הילף פון די יידישע שטימען אויסגעוויילט געוואָרן.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן האָט אַזוי אויפגעבראַכט די ענדע־קעס־נאַראָדאָוצעס, אַז זיי האָבן דערקלערט די יידן ווי פאַררעטער פון פּוילישן פאָלק און גערופן צו באָיקאָטירן זיי. די אינטענסיווע אַגיטאַציע צווישן דער דאָרפישער און שטאָטישער באַפעלקערונג אונטער דער לאָזונג „סוווי דאָ סוועגאָ" האָט געשלאָגן טיפע וואָרצ־לען. די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן גרינדן ספּעציעלע געזעלשאַפטן פאַר איינקויפן פּראָדוקטן פון די פּויערים, געעפנט ספּעציעלע קראָמען און וואַרשטאַטן, די גלחים האָבן געפּריידיקט מען זאָל אויסמיידן יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות, שטיצן די אייגענע, און די דאָזיקע אַקציע האָט געהאַט אַ פּעולה. די דאָרפס־באַפעלקע־רונג האָט אויפגעהערט צו קויפן ביי יידישע סוחרים און אויסגעמיטן יידישע בעלי־מלאכה.

דעמאָלט איז אויך פאָרגעקומען דער באַרימטער עלילת־דם פּראָצעס קעגן בייליסן, וועלכער האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק־שטימונג און אַ נידערגעשלאָגנקייט אויף דער יידישער גאַס וואָס עס האָט געבראַכט צו אַ בהלהדיקער עמיגראַציע. עס האָבן עמיגרירט סוחרים, בעלי־מלאכה און אַרבעטער.

אויף וויפיל די שווערע לאַגע האָט זיך געלאָזט פילן אין די גרויסע שטעט האָט זי זיך נאָך פיל מער געלאָזט פילן אין די קליינע שטעטלעך און שטעט און צווישן זיי אויך אין ראַדאָמסק. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן וואָס האָט זיך אַזוי שיין אָנגעהויבן אַנט־וויקלען איז אָפּגעשטאָרבן, דער „הזמיר" האָט זיך פאַרמאַכט צוליב מאַנגל אין געלט און טויער און שטיל איז געוואָרן אויף דער יידישער גאַס. עס האָבן זיך שוין מער נישט געהערט די יידישע אַרבעטער־און נאַציאָנאַלע לידער: דער „פאַראָם", „שיר הזורע" וואָס האָבן געהילכט אַמאָל ווי חנניה לעווקאָוויטש אויף דער שול־גאַס. אַ בית־עלמין־שטילקייט האָט באַהערשט די שטאָט און נאָר געציילטע פון יעטווע־דער פּאַרטיי זענען געבליבן און אויך זיי האָבן נישט געפירט קיין שום טעטיקייט. דער מצב האָט אָנגעהאַלטן ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

---

* ד. י. קרויזע איז געווען אַ וועבער־אַרבעטער אין לאָדזש, אַ מיט־גליד פון דעם אָרטיקן „בונד"; אויפגעהאָנגען דעם 16טן אויגוסט 1905 אין וואַרשעווער ציטאַדעל; 20 יאָר אַלט.

** גאַלוועסטאַן, אַ פּאָרט־שטאָט אין טעקסאַס, פאַראייניקטע שטאַטן. די גאַלוועסטאָן־באַוועגונג (אַנטשטאַנען אין 1907) איז איניצירט און פינאַנ־סירט געוואָרן דורכן באַרימטן נדבן י. שיף און איר אויפגאַבע איז געווען צו לענקן די יידישע עמיגראַציע דורכן דערמאָנטן פּאָרט אין די דרום און דרום־מזרחדיקע שטאַטן. די באַוועגונג איז געווען טעטיק ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און במשך פון די זיבן יאָר (1907—1914) איבערגעפירט בס"ה אַרום צען טויזנט עמיגראַנטן.

האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַלס רב געשטערט ווערן אינעם לערנען. האָט אים ר׳ בער ראַדאָשיצער געהייסן דאָס רבנות אָננעמען און ער האָט געפאָלגט.

אדר שני תקצ״ד (מערץ 1834) איז ר׳ שלמהלע אָנגעקומען אין ראַדאָמסק. אַלט געווען איז ער רעמאָלט 34 יאָר.

די שכירות זיינע איז דאַן געווען 15 פוילישע גילדן אַ וואָך (2 רובל מיט 25 קאָפּיקעס). חוץ דירה און אַן אתרוג אויף סוכות. שפּעטער איז די שכירות זיינע געוואַקסן ביז 6 רובל אַ וואָך און די רביצין האָט געמעגט פירן באַזונדער מסחר.

אָט אַזוי האָט ר׳ שלמהלע אָפּגעלעבט אין ראַדאָמסק 32 יאָר, ביז ער איז נפטר געוואָרן — כ״ט אדר תרכ״ו (דעם 16טן מערץ 1866).

ווי באַמערקט, האָבן די מענטשן פונעם פאָלק געהאַט ביי ר׳ שלמהלען די גרעסטע חשיבות. ביי יעדער פראַגע פונעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן פלעגט ער גיכער הערן די עצות פון די פאָלקס־מענטשן און עס פלעגט אים נישט אַרן, ווען די לומדים פונעם שטעטל האָבן זיך צוליב דעם געקרימט.

אַזוי ווי ער האָט געוויינלעך געדאַרפט האָבן דאָס „סנדקאות״ ביי אַלע ברית׳ן אין שטאָט, ווערט דערציילט, אַז איינער אַ מופקר איז אים אַמאָל געקומען מכבד זיין מיט סנדקאות. האָט דעם רבינ׳ס בני־בית געוואָלט, ער זאָל דאָס דאָזיקע סנדקאות ניט אָננעמען. האָט דאַן ר׳ שלמהלע אויף דעם געזאָגט: „זעט, ווי מען קען אַ יידישע נשמה ניט אָפּשאַצן! ווען עס טרעפט זיך אַמאָל אָט דעם מענטש, צו טאָן אַן עברה, איז ער מפקיר זיין נשמה און ער טוט זי אַליין, טרעפט זיך אים אָבער אַ מצוה, ברענגט ער זי צו מיר... מוז איך דערפאַר די מצוה אָננעמען און איך בין אויך גרייט, אָוועקצוגעבן צום בעל־ברית דעם גאַנצן שכר פון דער מצוה, ווען ער וועט מיר צוזאָגן, אַז ער וועט זיך פון הייגט אָן סטאַרען, אָפּצוהיטן דעם אויבערשטענס מצוות, ווי ווייט עס וועט אים נאָר זיין מעגלעך!״...

# די ראַדאָמסקער דינאַסטיע

**י. פיינקינד**

## א.

די ראַדאָמסקער דינאַסטיע, מיט דעם „תפארת־שלמה״ אין דער שפּיץ, איז אַזוי אַלט ווי די יידישע קהילה אין ראַדאָמסק. אין אָנהויב האָבן יידן נישט געטאָרט וווינען אין ראַדאָמסק. די דאָזיקע פּריווילע־גיע האָבן זיי באַקומען פון קעניג וולאַדיסלאַוו דעם פערטן. פון יאָר 1643, וואָס איז חל געווען יורידיש ביז דעם יאָר 1862. פאַר דעם האָבן זיך די יידן באַזעצט אויף די פעלדער אַרום דער שטאָט. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ „תחום־המושב״ פון יידן אויף דעם בוגאַי, וואָס איז געווען אַ פאַרשטאָט, אָפּגעטיילט פון „מקום״ דורך אַ טייער מיט אַ שליאַבאַן, ביי דער בריק.

די ערשטע יידישע אייוווינער זענען באַשטאַנען פון צוגערייזטע, פון דער אַרומיקער אַרימער געגנט. אין יאָר 1832 האָבן די אָרטיקע יידן, וואָס האָבן פריער געהערט צו דער קהילה אין פּשעדבאָזש, אויסגעפּועלט ביי דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט אַ זעלבשטענדיקע קהילה מיט אַן אייגענעם „בית־החיים״. ביז דעמאָלט פלעגן די ראַדאָמסקער יידן קובר זיין זייערע מתים אין סולמיערזשיץ.

אין יאָר 1834 האָט די ראַדאָמסקער קהילה פאַרבעטן אַלס מרא־דאתרא דעם רבי ר׳ שלמה׳לע פון וולאָשטשאָווע, ר׳ הירש וולאָשטשאָ־ווער׳ס זון. ער איז געווען דער ערשטער רב אין ראַדאָמסק און האָט באַקומען געהאַלט 15 גילדן (2,25 רובל) אַ וואָך. אין רבנות־בריוו האָט זיך ר׳ שלמה׳לע אויסגערעדט מיט די בעלי־בתים, אַז זיין גיטעלע, די רבי׳צן, זאָל מעגן האַנדלען און האַלטן אַ קלייט. ער האָט נישט געוואָלט זיין אָפּהענגיק אין גאַנצן פון די שטעטלדיקע בעלי־בתים...

אין וולאָשטשאָווע האָט די רבי׳צין אויך געהאַט אַ קלייטל, אָבער זי האָט נישט געהאַט דאָרט קיין גרויסע הצלחה אין האַנדל, צוליב דעם טאָקע האָבן ר׳ מאיר׳ל אָפּטער און „דער מאגילניצער״ צוגע־רעדט ר׳ שלמה׳לען, אַז ער זאָל אָננעמען אין ראַדאָמסק דאָס כסא־הרבנות, כאָטש די שטאָט איז נאָך דאַן געווען קליין. די רבי׳צן האָט אין ראַדאָמסק געהאַנדלט אויפן מאַרק מיט מולטערס און אַזוי אַרום צוגעהאָלפן דעם רב אין דער פרנסה, כאָטש די ראַדאָמסקער קרעמער האָט נישט געשמעקט דער רבי׳צנס קאָנקורענץ...

פאַר דער צייט פון ר׳ שלמה׳לען, דער מחבר פון „תפארת־שלמה״, איז ראַדאָמסק געוואַקסן הן אין אָנזען און רייכטום און הן אין יידן. אָבער דער „תפארת־שלמה״ איז נישט שטאַרק צופרידן געווען פון זיינע בעלי־בתים. זייענדיק אָבער שטאַרק אָנגעזען אין די לומדישע און תלמודישע קרייזן, האָבן אים די רביים געקרוינט אַלס רבי און אַ דאַנק דעם האָט ער אָנגעהויבן ציען חיונה פאַר זיין הויזגעזינט. דער „חידוש־הרים״, ר׳ חיים צונזער און נאָך אַזעלכע גדולים, האָבן אים שטאַרק מחזק געווען; ר׳ משה לעלעווער, פאַר זיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט געהייסן זיין עולם פאָרן קיין ראַדאָמסק.

תחילה האָט דער „תפארת־שלמה״ געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון „די קאָצקער״, אָבער שפּעטער זענען זיינע גרעסטע מתנגדים און שונאים געוואָרן זיינע בעסטע פריינד און אָנהענגער. דער „תפארת־שלמה״ האָט זיי מנצח געווען מיט זיין גרויסע צדקות, לומדות, און חסידות.

דער גרויסער פּוילישער גאון, דער „חידושי־הרים״, האָט זיך שטאַרק געחברט מיט דעם „תפארת־שלמה״. ער פלעגט זיין עולם שיקן צו אים בכל צרה שלא תבוא, אַז דער „תפארת־שלמה״ זאָל מיט זיינע תפילות אויספּועלן אין הימל ישועות און נחמות פאַר יידן. טויזנטער מענטשן פלעגן באַלאַגערן זיין בית־המדרש אין ראַדאָמסק, זוכנדיק ביי אים הילף. כאָטש דער „תפארת־שלמה״ פלעגט זיך אויף דעם שטאַרק כעסן, און אָפּטמאָל אַפילו מיט די הענט אָפּגעשטופּט פון זיך דעם עולם און געשריִען, דאָך האָט דער עולם געשטורעמט זיינע טירן: זיינע געשרייען האָבן די חסידים געהאַלטן פאַר אַ סגולה אַראָפּצונעמען גזירות וואָס זענען געהאַנגען איבער די קעפּ, און מען איז טאָקע געהאָלפן געוואָרן.

## ב.

דער „תפארת־שלמה״ האָט שוין אַלס בחור פון דער פּיעטריקאָ־ווער ישיבה שטאַרק געשעמט אַלס גרויסער עילוי. צו דרייצן יאָר האָט ער שוין געקענט אויסווייניק דעם גאַנצן „אורים ותומים״ פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ און אַליין געשריבן „חידושים״. ער פלעגט זיך אויך שטאַרק פאַרטיפן אין די קבלה־ספרים, ביינאַכט, ווען ער איז פאַרבליבן ביחידות אין בית־מדרש און זיך געעוסקט אין חסידות.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז שטייענדיק אַמאָל אַזוי פאַרטיפט ביים

פענצטער פון דער מזרח־וואַנט פון בית־המדרש, אַרויסקוקנדיק צום אַלטן „בית־החיים" און זאָגנדיק „זוהר", האָט זיך אים שטאַרק פאַר־בענקט צו רחמים און עס איז אים געוואָרן קאַלאַמוטנע אויפן האַרץ. האָט דער „תפארת־שלמה" אַרויסגענומען דעם שופר פון באַלעמער און אָנגעהויבן בלאָזן „תקיעות". פּלוצלינג האָט ער דערזען ווי מתים אין תכריכים באַלאַגערן דאָס פענצטער און שרייען צום אים: „איז דאָס דער קול־שופר פון משיח און פון תחית־המתים?". האָט זיך דער „תפארת־שלמה" פון דעם חזיון שטאַרק דערשראָקן, אַוועקגע־וואָרפן דעם שופר, תיכף פאַרלאָזט דעם בית־המדרש און געלאָפן ווי די אויגן האָבן אים געטראָגן. און די מתים האָבן, נעבעך, געמוזט צוריקגיין אין זייער אייביקער רו אַריין. ווען ער האָט דערציילט די מעשה דעם „ברית־אברהם", ביי וועלכע ער האָט געלערנט, האָט ער אים שטאַרק אָנגעמוסרט דערפאַר, וואָס ער גיט זיך אָפּ מיט חסידות אַנשטאָט מיט תלמוד און מפרשים.

אָבער דער „תפארת־שלמה" איז זיך ווייטער געגאַנגען זיין אויסגעטראָטענעם וועג, און ווען ער איז געוואָרן רבי האָט ער — ווי עס דערציילן די חסידים — ממש מחיה־מתים געוועז און געוויזן אַנדערע גרויסע מופתים.

אין דער צייט פון פוילישן אויפשטאַנד, אין יאָר 1863, האָבן די יידן זיך געפונען צווישן צוויי פייערן. יעדע מינוט זענען געקומען אַנדערע מענטשן און האָבן ביים רבין מרעיש־עולם געווען: דאָ האָבן די קאָזאַקן געכאַפּט אַ ייד און געפירט אים צו דער תליה; דאָ ווילן די פּאָווסטאַנצעס אַ ייד אויפהענגען. און אַ פּאַרוואָס א.אַ.וו. א.אַ.וו. דער „תפארת־שלמה" האָט טאַקע אַסך יידן אָפּגעראַטעוועט דאַן פון טויט.

ווען די פּאָווסטאַנצעס האָבן פאַרנומען אין פלאָוונע דעם דאָרטיקן יידישן גוט־באַזיצער, האָבן די קרובים געמאַכט אין רבי'נס בית־מדרש אַ גרויסן רעש און נישט געוואָלט פון דאָרטן אָפּטרעטן. האָט זיך דער „תפארת־שלמה" אויף זיי שטאַרק אָנגעבייזערט, ווי זיין טבע איז געווען, און געהייסן זיי אַהיימפאָרן. „עס וועט נאָר אויסגיין צו געלט און דאָס געלט וועט אויך נישט זיין פאַרפאַלן" — האָט ער געזאָגט. האָבן די קינדער פון גוט־באַזיצער געפאָלגט דעם רבי און אויסגעקויפט זייער פאָטער פאַר 8 טויזנט רובל. דער פּריץ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גרופּע פּאָווסטאַנצעס האָט זיך דערוווסט, אַז דאָס געלט האָט געהייסן געבן דער ראַדאָמסקער „פּראָראָק", וועלכן ער האָט גוט געקענט און נישט איינמאָל זיך ביי אים אויך מזכיר געווען דורך זיין יידישן פאַכטער. האָט דער פּריץ דאָס געלט נישט איבערגעגעבן דעם רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, נאָר ער האָט עס אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און פאַרקלעפּט, האָט אויפגעשריבן אויפן קאָנווערט פון וועמען און וויפיל ער האָט דערהאַלטן און עס באַהאַלטן ביי זיך אין דער היים לזכרון.

פּלוצלינג איז באַפאַלן דעם פּריצס הייזל דער גענעראַל ברעמזען, וואָס האָט אין יענער געגנט אָפּערירט מיט דעם גענעראַל וואַגנערס קאָזאַקן. מאַכנדיק אַ רעוויזיע ביים פּריץ האָט ער געפונען דעם קאָנווערט מיטן געלט און אויפשריפט. דער גענעראַל ברעמזען האָט געהייסן ברענגען צו זיך דעם יידישן גוט־באַזיצער פון פלאָוונע, וואָס זיין נאָמען האָט פיגורירט אויפן קאָנווערט. איז מען ווידער געלאָפן קיין ראַדאָמסק, און דער „תפארת־שלמה" האָט זיך געכעסט אויף די קינדער און געהייסן תיכף זיך לאָזן צום גענעראַל אָפּנעמען דאָס געלט. דער גענעראַל האָט אויסגעהערט די גאַנצע מעשה מיטן געלט און נישט וועלנדיק איינרייסן מיטן רבין, וועגן וועלכן ער האָט זיך אַ סך אָנגעהערט, האָט ער באַפרייט דעם פלאָוונער גביר און אים צוריקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט. אַזוי אַרום האָט זיך פאַרווירקלעכט דער צוזאָג פון דעם „תפארת־שלמה".

ג.

אין ראַדאָמסק גופא האָט זיך דער „תפארת־שלמה" שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער באַפעלקערונג. האָט מען באַדאַרפט יידן אויסלייזן פון „פּריזיוו", איז ער געגאַנגען מיט ר' טוביה, זיין גבאי, מבית־לבית צונויפנעמען געלט אויף פדיון־שבויים. ווינטער ווידער האָט ער געקליבן נדבות אויף האָלץ פאַר די אָרעמע; פאַר פסח — קמחא־דפסחא, און אין אַן עת־צרה — פאַר אָרעמע, קראַנקע א. אַ. וו.

מאידך־גיסא האָט דער „תפארת־שלמה" זיך קעגנגעשטעלט יעדע דערשיינונג וואָס איז נישט געווען לפי־רוחו און זיך אין אַלץ־און־אַלעם געמישט. ער האָט אַפילו אין דער מאָדע פון דער דאַמען־וועלט זיך געמישט, און געקעמפט קעגן דעם מיט זיין גאַנצער ענערגיע. ער האָט אויסגערופן אַן איסור אויף דער מאָדע פון די „קרינאָ־לינעס", וואָס זענען אויפגעקומען אין יאָר 1862, אַז די יידישע פרויען זאָלן עס נישט טראָגן. ווען אַ געוויסע גביריש ווייבל אין ראַדאָמסק, האָט נישט קוקנדיק אויפן רבינס איסור דערלויבט זיך צו באַווייזן אין גאַס אין אַ „קרינאָלינע", האָט איר קיין צרות נישט געפעלט. דער „תפארת־שלמה" האָט איר אויף אַן אמתן פאַרשאָלטן און ס'איז אויך טאַקע מקויים געוואָרן: אירע קינדער זענען דעם זעלבן יאָר רחמנא־לצלן אַוועקגעשטאָרבן.

ס'ווערט דערציילט אין די חסידישע מעשה־ביכלעך וועגן דער מחלוקת, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם ראַדאָמסקער פּראָפּינאַטאָר, צו וועמען דער „תפארת־שלמה" איז בכבודו־ובעצמו געגאַנגען וועגן אַ נדבה אויף פדיון־שבויים. דער פּראָפּינאַטאָר האָט נישט געוואָלט געבן אַזוי פיל וויפל דער רבי האָט זיך געהייסן פון אים געבן, און דעריבער האָט ער דאָס געלט נישט געוואָלט נעמען. האָט דער פּראָפּינאַטאָר געדראָט דעם „תפארת־שלמה", אַז ער וועט אים מסר'ן, ווייל ער באַפרייט יידן פון מיליטער. אַ קורצע צייט נאָכדעם, האָט מען ביים פּראָפּינאַטאָר, וואָס איז געווען אַ גרויסער גביר, אַוועקגענומען די פּראָפּינאַציע, ווייל די יידן האָבן אים באָיקאָטירט, און ער איז געוואָרן אַ פּשוטער בעטלער. דער רבי האָט אים פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט מוחל זיין דאָס דראָען מיט מסירה.

ד.

דער „תפארת־שלמה" איז נפטר געוואָרן ערב ראש־חודש ניסן תרכ"ו (1866), אין עלטער פון 63 יאָר. (ער איז געבוירן געוואָרן אין וולאָשטשאָווע אין יאָר תקס"ג). 32 יאָר איז ער געווען מרא־דאתרא אין ראַדאָמסק.

מיט אַכט טעג פריער (מוצאי־שבת, כ"ג אדר) איז נפטר געוואָרן דער „חידושי־הרים", זאָגנדיק פאַרן טויט, אַז דעם קומענדיקן פריי־טאָג וועט מען האָבן אין הימל אַ טייערן „בעל־תפילה" צו קבלת־שבת. דאָס האָט ער געמיינט דערמיט דעם „תפארת־שלמה", וועלכער איז געווען אויך אַ גרויסער בעל־מנגן. אַ צווייטע ווערסיע דערציילט, אַז ווען דער „תפארת־שלמה" איז געוווירר געוואָרן וועגן דעם טויט פון דעם „חידושי־הרים", האָט ער פאַרלייגט די הענט און געזאָגט: „לכבוד דעם דאָזיקן גאַסט וועט מען אַוודאי מיך אַרויפבעטן מקבל־שבת זיין אין הימל". מיט אַן האַלבער שעה נאָכדעם, איז טאָקע דער גרויסער „כהן־לאל־עליון" נסתלק געוואָרן.

פון זיינע זעקס זין, האָט די השגחה אויסגעוויילט אַלס ממלא־מקום דעם גרויסן מעורב־בין־הבריות, דעם רבי ר' אברהמעלע („חסד־אברהם"), וועלכער איז נפטר געוואָרן י"ג אלול תרנ"א (1891). זיין זון, ר' יחזקאלע, דער „כנסת־יחזקאל" איז געווען דער ממלא־מקום נאָך זיין גרויסן פאָטער, און איז געשטאָרבן יונגערהייט (ח"י חשון תרע"א, 1911).

די אַלע דריי רביים פון איין דינאַסטיע זענען באַערדיקט געוואָרן אין איין „אוהל", וואָס סימבאָליזירט דריי דורות ראַדאָמסקער חסידות. נעבן דעם „אוהל" געפינט זיך דאָס קבר פון דער רבי'צין

גיטעלע, די ווייב פונעם „תפארת־שלמה". זי האט געפאסט יעדן מאנטיק און דאנערשטיק, און איז געשטארבן אין עלטער פון 92 יאר. מען דערציילט, אז איינמאל איז גיטעלע קראנק געווארן, נאך בחייו פון „תפארת־שלמה", האט ער מתפלל געווען פאר איר געזונט, און אזוי געזאגט: „רבונו־של־עולם, אזוי פיל פריצים האבן גרויסע גיטער און דו לאזט זיי צו רו, און איך האב נאר א קליין גיטעלע — טא לאז איר אויך צו־רו". מיט דער תפילה האט דער „תפארת־שלמה" אויסגעבעטן פאר זיין ווייב אריכת־ימים, און פון דעמאלט האט זי נישט געקרענקט.

פון דער דאזיקער צדקנית איז ארויסגעקומען א גאנצער דור פון רבנים און רביים אין פוילן. דער לעצטער ראדאמסקער רבי, ר' שלמהלע ראבינאוויטש, איז געווען דער פערטער דור פון דער ראדאמסקער דינאסטיע, וועלכע ווערט באטראכט אלס די דריטע אנגעזעענסטע דינאסטיע פון אלע רביישע דינאסטיעס אין פוילן (גער, אלעקסאנדער און ראדאמסק). דער רבי ר' שלמהלע איז געווען א מיליאנער, ער האט אויסגעהאלטן עטלעכע ישיבות אין פוילן מיט זיין געלט און איז אויך געווען א גרויסער מכניס־אורחים (זיינע געשעפטן האבן געטראגן דערויף...).

ה.

פון די פיל לעגענדעס, מיט וועלכע די חסידישע וועלט האט באצויבערט די „ראדאמסקער־דינאסטיע", וויל איך איבערגעבן אויך די פאלגנדיקע.

דער „תפארת־שלמה" פלעגט פארן צום יארצייט פון דעם רבי ר' אלימלך קיין ליזשענסק. היות ווי ער איז געווען א כהן, האט ער זיך שטענדיק אפגעשטעלט אויף א פלאץ נעבן בית־עלמין, קעגנאיבער דעם הייליקן קבר, און דארט געלערנט און מתפלל געווען. דער פויער, צו וועמען דאס פלאץ האט געהערט, האט געהאלטן פאר א זכיה, אז זיין פעלד ווערט געבענטשט פון אזא פרומען און געטלעכן מאן, פאר וועלכען ער האט גרויס דרך־ארץ געהאט, און האט דאס שטיקל פעלד נישט פאראקערט און נישט פארזייט. אויף דעם פלאץ זענען ארויסגעוואקסן עטלעכע נוס־ביימער, אונטער זייער שאטן פלעגט דער „תפארת־שלמה" לערנען און מתפלל זיין. די ביימער האבן נושא־פירות געווען אזוי פיל, אז פון דעם האט דער פויער געהאט פרנסה א גאנץ יאר...

מעגלעך, אז די דאזיקע נוס־ביימער שטייען נאך ביזן היינטיקן טאג, און זענען נושא־פירות לרוב...

# חסידים – שטיבלעך – מנינים

יוסף לעהמאן

וועגן אן אלטן מתנגד דערציילט מען, אז ווען זיין איינציקער זון האט אים פארלאזט און איז געווארן א חסיד, האט ער אים פארן טויט צוגערופן צום בעט און פארלאנגט פון אים א תקיעת־כף, אז דעם קדיש, וואס ער וועט זאגן נאך אים זאל על כל פנים נישט זיין קיין חסידישער מיט ויצמח פורקנא, נאר א מתנגדישער. דער זון האט אים געגעבן דעם תקיעת־כף אבער באלד ביים ערשטן קדיש אויפן פרישן קבר, האט ער געזאגט דעם ויצמח פורקנא ויקורב משיחא. ווען מען האט אים געפרעגט: „היתכן, אפילו ביים ערשטן קדיש ביזטו עובר אויף דעם תקיעת־כף און אויף דעם טאטנס צוואה"? האט ער געענטפערט: „דער טאטע געפינט זיך שוין איצט אויפן עולם האמת און ער ווייסט שוין דעם אמת, אז מען דארף טאקע יא זאגן ויצמח פורקנא..."

אן ענלעכע געשיכטע איז געשען מיט ר' ליפמאן ליטמאנאוויטש, עלטסטן איידעם פון תפארת שלמה, וועלכער האט געגעבן זיין שווער תקיעת־כף און אים פייערלעך צוגעזאגט, אז קיין קאצק וועט ער מער נישט פארן, אבער א געוויסן אוונט האט ער מיט א רעש אנגעקלאפט אין פענצטער און א געשריי געטון: „שווער ס'ברענט". ווען דער דערשראקענער תפארת שלמה האט אים געפרעגט: ווו? האט ר' ליפמאן אנגעוויזן מיטן פינגער איפן הארצן, זאגנדיק: „אט דא ברענט אין מיר א פייער, ס'ציט קיין קאצק" און איז פארשוואונדן אויף לאנגע וואכן צו ר' מענדעלע קאצקער.

כאטש ר' ליפמאן ליטמאנאוויטש איז געווען אזוי נאענט צום תפארת שלמה, האט אים אבער דאס ליכט פון זיין גרויסן שווער וואס האט צוגעצויגן טויזנטער חסידים פון גאנצן לאנד, נישט גענוגנט. צוזאמען מיט א גרופע יינגעלייט, צווישן זיי ר' פישל ווייס (קאצקער), ר' הערש־יוסף דיין, ר' חיים שפירא, ר' פנחס וואלף מלמד, האט ער געשאפן דאס ערשטע קאצקער שטיבל אין שטאט. מיט דער צייט האבן זיך געשאפן נישט געקוקט אויף דער גרויסער רבישער דינאסטיע וואס האט זיך געפונען אין ראדאמסק, צענדליקער חסידישע שטיבלעך און מנינים, וועלכע האבן געפראוועט חסידות פאר זיך און געפארן לערנען די וועגן פון אנדערע גוטע יידן מיט וועלכע פוילן און גאליציע זענען געווען אזוי רייך.

דער המשך פון קאצק איז געווען גער. דאס גערער שטיבל האט זיך אויסגעצייכנט צווישן די דאזיקע חסידישע שטיבלעך סיי מיט זיין כמות און סיי מיט זיין איכות. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האט עס זיך געפונען אין א קליין חדרל אינעם הויף ווו אהרן וואלף שווארץ האט געהאט זיין סאדע־וואסער פאבריק. דערנאך איז עס איבערגעגאנגען אין א גרויסער דירה אויפן מארק 2, אין יאסל בייקראנס הויז. דארטן האבן געדאוונט העכער צוועלף מנינים יידן און צווישן זיי אנגעזעענע לומדים און חסידים. דאס דאזיקע שטיבל איז זעלטן ווען געווען פארמאכט א חוץ עטלעכע שעה ביי נאכט; פון באגינען ביז שפעט אין דער נאכט האט זיך פון דארט פונאנדערגעטראגן דער קול פון תורה.

געלערנט אינעם שטיבל האבן בחורים, קעסט־יינגעלייט און סתם חסידישע יידן וועלכע האבן זיך אריינגעכאפט אין שטיבל כדי אפצרלערנען דעם דף היומי, אדער גלאט אריינקוקן אין א ספר בעת זייערע ווייבער האבן זיי פארטרעטן אין קראם.

די חשובסטע צווישן די ראדאמסקער גערער חסידים זענען געווען ר' מענדל ליטמאנאוויטש און ר' יצחק מאיר אייבעשיץ. די דאזיקע צוויי זקני תלמידי חכמים האבן מיט זייער לומדות, חסידות און יחוס באשיינט נישט בלויז די גערער חסידים, נאר מיט זיי האבן זיך געגרויסט אלע חסידים אין שטאט. און אויב עס פלעגט אפילו טרעפן א יינגער חסיד, וועלכער האט מחמת קנאה מבטל געמאכט די גערער, איז עס אבער נישט חל געווען אויף די אויבנדערמאנטע צוויי גרויסע חסידישע אויטאריטעטן. אין תוך אבער זענען זיי געווען צוויי פארשידענע טיפן און כאראקטערן.

## ר׳ מענדל ר׳ ליפּמאַנ׳ס (ליטמאַנאָוויטש)

אַ זון פונעם עלטסטן איידעם פון תפארת שלמה. ער האָט ווייטער ממשיך געווען די מסורת פון זיין גרויסן פאָטער ר׳ ליפּמאַן, געפאָרן קיין גער און עוסק געווען אין גערער חסידות. נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז געווען אַ ראַדאָמסקער אייניקל, האָט ער נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער ראַדאָמסקער דינאַסטיע נאָר כל ימיו געדאַוונט אין גערער שטיבל. ר׳ מענדל איז נישט נאָר געווען אַ גרויסער בעל־יחוס נאָר אויך אַ גדול בתורה און אַ בקי נפלא אין ש״ס און פּוסקים, געזעסן אַ גאַנצן טאָג און געלערנט נישט מישנדיק זיך בכלל אין וועלטלעכע ענינים. געלעבט האָט ער פון גרויסן הויז אין מאַרק וואָס זיין שווער האָט אים געקויפט. מיט די ענינים פון הויז, האָט זיך אָבער פאַרנומען זיין פרוי ביילע, זי האָט גענומען דירה־געלט, געדינגען זיך מיט די לאָקאַטאָרן א.אַ.וו. אַפילו חתנים פאַר די טעכטער און כלות פאַר די זין האָט אויך זי צוגעקליבן.

ר׳ מענדל האָט געשטעקט נאָר אין די ד׳ אמות של תורה, מער האָט אים גאָרנישט אינטערעסירט. צוגייענדיק צו דער ספרים־שאַנק כדי עפּעס נאָכצוזוכן אין אַ ספר, פלעגט ער אַזוי פאַרכאַפּט ווערן פון דעם מחברס אויספירונגען, אַז ער האָט געקענט אָפּשטיין דריי־פיר שעה און מעיין זיין אין ספר, פאַרגעסנדיק דערביי אין דעם גאַנצן אַרום. ר׳ מענדל ר׳ ליפּמאַנס איז געווען נישט בלויז דער גרעסטער אויטאָריטעט פון גערער שטיבל, נאָר אויך דער גרעסטער למדן אין דער גאַנצער ראַדאָמסקער געגנט און אַ גרויסער בר־סמכא אין תורה־ענינים. אינטערעסאַנט אָבער, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז געווען דער עלטסטער זון פון דעם גרויסן קאָצקער חסיד, ר׳ ליפּמאַן און אַן אייניקל פון תפארת שלמה, איינגעטונקט כולו אין חסידישן יחוס און דערצו אַ גדול בתורה, איז ער דאָך נישט געווען אין די אויגן פון די ראַדאָמסקער גערער חסידים קיין אויטאָריטעט אין די ענינים פון חסידות. ר׳ מענדל איז געווען אַריינגעטון ראשו ורובו אין פּלפּול און הלכה, נישט אינטערעסירט זיך מיט חסידישע ענינים און אַפילו צום רבין קיין גער איז ער נישט געפאָרן עפּטער ווי איין אָדער צוויי מאָל אין יאָר און דאָס נישט אויף קיין יום־טוב נאָר אויף אַ געוויינלעכן שבת. געווען פּשוט אַ שאַד, ביטול תורה. צוליב דעם אַלעם האָט טאַקע אין די ענינים פון חסידות נישט דעצידירט זיין וואָרט נאָר דאָס וואָרט פון אַ צווייטן גדול: ר׳ יצחק מאיר אייבעשיץ.

## ר׳ יצחק מאיר אייבעשיץ (ר׳ יצחק מאיר קאָצקער)

ר׳ יצחק מאיר אייבעשיץ איז געווען — ענלעך ווי ר׳ מענדל ליפּמאַנס — פון רבישן יחוס. אַן איידעם פון פּילצער רבין, ר׳ פּנחס־מנחם יוסטמאַן, איז ער אין דער יוגנט געווען אַ נאָענטער חבר פון גערער רבין, ר׳ אברהם מרדכי אַלטער זצ״ל. זיי האָבן צוזאַמען געגעסן קעסט און צוזאַמען געלערנט. להיפך צו ר׳ מענדל ר׳ ליפּמאַנס איז ער נישט געווען קיין געבוירענער ראַדאָמסקער, אָבער געוווינט צענדליקער יאָרן אין ראַדאָמסק. זיין זון, ר׳ נחום, איז געווען דער איידעם פון ר׳ יאָסל בעסער.

מחוץ פון די חסידישע קרייזן איז ר׳ יצחק מאיר געווען ווייניק באַקאַנט אין שטאָט. ער איז געווען אַ יושב אוהל, שטענדיק געזעסן אין שטוב און געלערנט נישט מישנדיק זיך אין קיין שום אַנדערע ענינים. ערשט אויף די עלטערע יאָרן פלעגט ער מיטגיין מיט זיין זון, ר׳ נחום, דעם איינציקן מוהל דעמאָלט אין שטאָט, און באַקומען איינע פון די מצוות אויף דעם ברית מילה. דער אונטערשיד צווישן די צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן ביי די גערער חסידים אין ראַדאָמסק איז באַשטאַנען דערין, וואָס ר׳ מענדל ר׳ ליפּמאַנס איז געווען דער עמוד התורה זייערער און ר׳ יצחק מאיר — דער עמוד החסידות, דער פּוסק אחרון אין אַלע ענינים פון חסידות.

אויך אין די כאַראַקטערן האָבן זיך די צוויי זקנים אונטערגעשידן. ר׳ מענדל איז געווען דער גרויסער עניו און מצניע לכת, קיינ־מאָל קיינעם נישט געזאָגט קיין מוסר און קיינמאָל נישט רעאַגירט אויף קיין עוולה וועלכע מען האָט אים פאַרשאַפט. צו אים האָט געהאַט אַ צוטריט אַפילו אַ קינד, ווייל ער האָט בכלל נישט געוווּסט וואָס עס הייסט זיך בייזערן אויף עמעצן. ר׳ יצחק מאיר דאַקעגן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט חסידישער שאַרפקייט און תקיפות. ער האָט זיך בכלל נישט גערעכנט מיט אַנדערע חסידישע פּערזענלעכקייטן אין שטאָט. דאָס האָט טאַקע זייער אָפט געפירט צו קאָנפליקטן, איבערהויפּט פלעגן פאָרקומען רייבונגען צווישן אים און דעם אַמשינאָווער רבין אין ראַדאָמסק, ר׳ אברהמעלע, בעת זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן אויף אַ ברית־מילה. דער אַמשינאָווער איז צוגעגאַנגען צו יעטוועדער זאַך מיט גרויסע הכנות, וועלכע פלעגן דויערן שעהן, דער פּשוטער עולם האָט נישט געהאַט קיין ברירה און געוואַרט מיט דרך ארץ, אַנדערש אָבער ר׳ יצחק מאיר קאָצקער, וועלכער איז געווען אַ זקן און עס וואָלט אים אַליין געפּאַסט צו זיין אַ רבי. דאָס לאַנגע וואַרטן אויף ר׳ אַברהמעלע האָט אים דענערווירט, ער פלעגט נישט אויסהאַלטן און אַרויס מיט תרעומותן און ס׳איז אַפילו דערגאַנגען עטלעכע מאָל צו סכסוכים צווישן זיי.

ר׳ יצחק־מאיר איז נפטר געוואָרן פאַר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך גערעכנט צווישן די „שיינע יידן" אין ראַדאָמסקער גערער שטיבל ר׳ איטשל שטערנפעלד (דער שטיף־פאָטער פון הערש־דוד נאָמבערג), ר׳ נח שוחט, ר׳ שלמה שטשעראַנסקי, ר׳ פייוול ראָזענצווייג, ר׳ ברוך מרדכי סופר א״אַ.

אויף דעם זון פון ר׳ ברוך מרדכי סופר, יוסף מענדל, איז כדאי זיך דאָ אַ ביסל אָפּשטעלן.

יוסף מענדל איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, אָבער פון דעם טיפּ פריילעכע קבצנים. ער איז געווען באַשאָנקען מיט באַדייטנדיקע הומאָריסטישע פעאיקייטן. חסידים פלעגן אויף אים זאָגן, אַז ער איז אַ לץ. ביי יעטוועדער חסידישער מסיבה, יום־טוב, אָדער ביי אַנדערע געלעגנהייטן, פלעגט יוסף־מענדל אויפטרעטן מיט אַ פּורים־דרשה, אָנגעפּיקעוועט מיט סאַטירע אויף די קליינע מחלוקה׳לעך, סכסוכים צוליב כבוד, גבאות אָדער אַנדערע קלייניקייטן, ווי דער שטייגער איז געווען אין די שטיבלעך.

די עיקר פייַלן פון זיין סאַטירע האָט ער געשיקט קעגן די חסידישע תקיפים און גבירים, אַריינזאָגנדיק זיי דאָס, וואָס אַלע האָבן געוווּסט, אָבער האָבן נישט מעיז געווען עס אַרויסצוברענגען אויפן קול. יוסף מענדל האָט נאָך קיינעם נישט געפרעגט, ביי אַ געלעגנהייט פלעגט ער אַריינפאָרן יענעם מיט וויצן און רמזים ביז אין דער זיבעטער ריפּ און דער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער. דער קרבן — כאָטש עס האָט אים גוט פאַרדראָסן — האָט בלית ברירה אויך מיטגעלאַכט. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע וויצן האָבן אים קיין גוטע פריינד נישט פאַרשאַפט און די צאָל פאַרבאַהאַלטענע שונאים זיינע אין גערער בית המדרש האָט געוואָקסן.

מיט אַמאָל האָט זיך יוסף־מענדלען פאַרגלוסט אַרויסגעבן אַן אייגן וויצנבלאַט. אַמאָל צו פּסח האָט זיך אין ראַדאָמסק באַוויזן אַ הומאָריסטישע צייטונג פון 12 זייטן, גרויסן פאָרמאַט, אונטערן נאָמען „ראַדאָמסקער קרומער שפּיגל". רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער: יוסף מענדל זעליגפעלד. די דאָזיקע אויסגאַבע איז געווען מלא וגדוש מיט הומאָר, וויצן, קיבעץ און סאַטירע און אַלץ אָנגעשריבן דורך יוסף־מענדלען אַליין. ער איז אויך געווען דער פאַרשפּרייטער פון דער דאָזיקער צייטונג און באַלד אויפן אָרט איינקאַסירט די פּאָר גראָשן וואָס זי האָט געקאָסט. דער גרעסטער טייל פון הומאָריסטישן און סאַטירישן מאַטעריאַל אין דער דאָזיקער ערשטער צייטונג איז געווען געווידמעט דעם גערער שטיבל און די חסידים וואָס האָבן דאָרט געדאַוונט. יוסף מענדל האָט נישט בלויז קריטיקירט און אָפּגעלאַכט פון

די קליינע מחלוקה׳לעך און סכסוכים וועלכע זענען פֿאָרגעקומען אין גערער שטיבל גופא, נאָר ער האָט אָפּגעשפּעט פון פאַרשידענע יידן צוליב זייערע שוואַכקייטן און פעלערן.

אין גערער שטיבל האָט געדאַוונט אַ געוויסער מ. ק., וועלכער האָט געוווינט אַ קורצע צייט אין ראַדאָמסק. אַמאָל איז ער געווען אַ גרויסער סוחר, אָבער לעצטנס איז אים געגאַנגען שלעכט. ער האָט נישט געהאַט קיין פּרנסה און דערצו נאָך זייטיקע צרות. דער ייד האָט געקענט לערנען און געווען אַן אָנגעזעענער גערער חסיד, צוליב די צרות אָבער האָט ער, ווי מען האָט געשמועסט, אָנגעהויבן נעמען אַן איבעריקן טרינק בראָנפן. קיינער האָט וועגן דעם אין שטאָט נישט געוווּסט און אַוודאי האָט מען אים נישט געזען אין גאַס שיכורן. יוסף־מענדל האָט אָבער אַ גרויסן טייל פון זיין ערשטן „קרומען שפּיגל" געווידמעט דעם דאָזיקן מ.ק., אָפּגעחוזקט פון אים און אים פאָרגעשטעלט ווי ער וואָלט גאַנצע טעג געלעגן שיכור אין רינשטאָק. מען קאָן זיך פאָרשטעלן די חרפּה פון דעם דאָזיקן מ. ק., וועלכער האָט זיך באַמיט צוריקצוקומען צו זיין פריערדיקער מאַטעריעלער מדרגה און דערצו אַ טאַטע פון קינדער, וואָס זענען געשטאַנען אין שידוכים.

יוסף־מענדלס אָנפאַל אויף דעם יידן האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין גערער שטיבל. ערב פּסח, ווען דער עולם איז געקומען צום דאַווענען, האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. דאָס איינציקע געווער וואָס חסידים פלעגן אָנווענדן אין אַזעלכע פאַלן איז געווען אַרויסוואַרפן פון שטיבל. אויך אין דעם פאַל האָט מען מעכב געווען דאָס דאַווענען ביז יוסף־מענדל וועט נישט פאַרלאָזן דאָס שטיבל. אַממייינסטן געטומלט האָבן די אַלע וועלכע האָבן געטראָגן אַ בייז האַרץ אויף דעם הומאָריסט צוליב זיינע בדחנישע אַרויסטריטן קעגן זיי אויף די חסידישע מסיבות. צווישן די גרעסטע שרייערס איז געווען זיינוול גאָלדבערג און ר׳ יצחק סיליווער. עס האָבן זיך אָבער געפונען אויך אַזעלכע וועלכע האָבן אים פאַרטיידיקט בלויז צוליב דעם, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז יוסף־מענדל האָט אַרויסגעגעבן די צייטונג פּשוט כדי ער זאָל האָבן אויף צוגרייטן פּסח. איינער פון זיינע פאַרטיידיקער איז געווען ר׳ אברהם יצחק שו״ב, וועלכער האָט געקענט די אמתע לאַגע פון יוסף מענדלען און זיין מוטער, די אלמנה נאָך ר׳ ברוך מרדכי סופר. אויך ר׳ משה בנימין לעהמאַן האָט געזאָגט אַ גוט וואָרט לטובת יוסף מענדל. ווייל נישט איין מאָל איז אים אויסגעקומען צו ראַטעווען די דאָזיקע פאַמיליע פּשוט פון נויט.

געענדיקט האָט עס זיך דערמיט, אַז מען האָט באַשלאָסן באַלד נאָך יום־טוב צונויפרופן עטלעכע יידן אויף אַ דין־תורה און אַרויסטראָגן אַ פּסק־דין אין דעם דאָזיקן ענין. דערווייל דאַרף יוסף מענדל מפייס זיין די יידן וועלכע ער האָט באַליידיקט. אינעם בית־דין איז אַריין אויך זיינוול גאָלדבערג און ר׳ יצחק סיליווער. ווער מען האָט וועגן דעם איבערגעגעבן דעם „רעדאַקטאָר" איז ער אַרויף אויפן באַלעמער, געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ און אויסגערופן, אַז ער קאָן נישט מסכים זיין אויף די צוויי באַשלוסן. קודם כל קען ער נישט מפייס זיין און בעטן מחילה ביי די יידן וועלכע ער האָט אָנגעגריפן, ווייל לויט דעם דין וואָלט ער געדאַרפט אויסטון די שיך און זיינע שקאַרפעטקעס זענען צעריסן, שעמט ער זיך, און נישט נוהג זיין זיך ווי עס געהערט, וויל ער נישט. בנוגע דער דין־תורה ווייטער, זאָגט ער פאָרויס, אַז ער וועט זיך נישט אונטערוואַרפן דעם פּסק־דין, ווייל ער האַלט נישט פון אַזאַ מין תורה וואָס קומט אַרויס פון שוסטערס און שוויגערס (מילכיקערס) — אַ רמז אויף איניקע דיינים.

די דאָזיקע דערקלערונג האָט ביי אַ טייל אַרויסגערופן געלעכטער און ביי אַ אַנדערע נאָך פאַרשטאַרקט דעם כעס און יוסף מענדל האָט פאַרלאָזט דאָס גערער שטיבל. ווייטער איז מיט אים געשען, דאָס וואָס עס איז געשען מיט אַלע חסידישע יינגעלייט וועלכע מען האָט פאַר עובר זיין אויף אַ קוצו של יוד אַרויסגעוואָרפן פון שטיבל. כל זמן זיי האָבן נאָך געדאַוונט אין שטיבל, אויב זיי זענען אַפילו געכאַפּט געוואָרן אויף דער מעשה, האָבן זיי דאָך געהאַט געוויסע אָפּהאַלטן און זיך גערעכנט מיט זייער סביבה. מיטן מאָמענט אָבער ווען מען האָט זיי עפנטלעך אויסגעשלאָסן פון דעם חסידישן ציבור איז הותרה הרצועה, האָבן זיי זיך וואָס אַמאָל מער דערווייטערט פון יידישקייט. יוסף מענדל האָט זיך אָפּגעשוירן די באָרד און די פּאות, אַראָפּגעוואָרפן די לאַנגע מלבושים, גענומען זיך קליידן קורץ און דערווייטערט זיך פון דער חסידישער סביבה. דעם „ראַדאָמסקער קרומען שפּיגל" האָט ער ווייטער אַרויסגעגעבן אָבער איצט האָט ער שוין נישט געשעפּט זיין מאַטעריאַל פון גערער שטיבל, נאָר אויסגעברייטערט זיין טעמאַטיק אויף אַלגעמיין שטאָטישע ענינים און פערזאָנען. די ערשטע צייטן איז דער דאָזיקער זשורנאַל אַרויסגעגאַנגען יעטוועדע וואָך, אָבער מיט דער צייט איז ער אַרויס נאָר אויף יעדן יום־טוב און מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

## שלמה ר׳ ליפּמאַנס

ר׳ ליפּמאַנס צווייטער זון, ר׳ שלמה, איז אויך געווען פון די חשובע חסידים אין גערער שטיבל. ער איז געווען דער איידעם פון לאַסקער רב, דעם מחבר פון „חדות יעקב" און אַן איייניקל, פון ווייבס צד, פון „חות דעת". ר׳ שלמה האָט געהאַט אין ראַדאָמסק אַ גרויס וויין־געשעפט אויף דער פּשעדבאָרסקע גאַס אין זיין אייגן הויז. להיפּך צו זיין עלטערן ברודער ר׳ מענדל, איז ער דווקא געווען אַ גוטער סוחר און גלייכצייטיק אַ שאַרפער חסיד. ער האָט געהאַט דריי זין און דריי טעכטער. זיין עלטסטער איידעם איז הרב שבתאי באָרנשטיין, וועלכער וווינט אין ירושלים. ר׳ שלמה׳ס קינדער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט שאַרפע מוחות און אַ נטיה צו מנהיגות, אַ ירושה פון דור דורות און גאונים סיי פון פאָטערס און סיי פון דער מוטערס צד.

דער יינגסטער זון, יחזקאל, האָט אַלס יונגער בחור אָרגאַניזירט די חברה בחורים אין ראַדאָמסקער גערער שטיבל, די דאָזיקע חברה האָט מיט דער צייט אַדורכגעפירט אַ גאַנצע איבערקערעניש, געענדערט דעם אָנגענומענעם לעבנס־שטייגער און דיקטירט די עלטערע חסידים ווי אַזוי זיך צו פירן. יחזקאל איז געווען דער מנהיג און ראש החברה פון די דאָזיקע בחורים. זיין עלטערער ברודער אברהם־מאיר איז געווען אַ יוצא־דופן אין אַלע הינזיכטן און נישט פאַרשאַפט קיין כבוד דער משפּחה.

## ר׳ משה־מענדל ראָזענבלאַט

ר׳ משה מענדל איז געווען אַן איידעם פון אַלטן ראַדאָמסקער רב, ר׳ צבי מאיר. ער איז געווען דער לאַנגיעריקער גבאי פון גערער שטיבל און בעל־תפילה. נאָך אין די עלטערע יאָרן זיינע פלעגט ער דאַווענען כל נדרי, מוסף און נעילה אין יום־כיפור. געווען צייטן ווען ער האָט איינגעשטודירט אַ כאָר יונגע בחורים פון גערער שטיבל. ר׳ משה־מענדל האָט זיך גערעכנט צווישן די בעסטע בעלי־תפילה אין שטאָט. די שטאָטישע בעלי־בתים האָבן זיך נישט איין מאָל געווענדעט צו אים מיט אַ בקשה ער זאָל דאַווענען ימים נוראים אין דער גרויסער שול. גלייכצייטיק איז ער געווען בעל־קורא אין גערער שטיבל און איינער פון די שענסטע גערער חסידים. ר׳ משה מענדל איז געשטאָרבן מוצאי יום־כיפור אין שטיבל נאָכדעם ווי ער האָט אַ גאַנצן טאָג געדאַוונט פאַרן עמוד.

אין ראַדאָמסקער גערער שטיבל איז שבת געדאַוונט געוואָרן אין צוויי מנינים. דער ערשטער מנין האָט געדאַוונט שחרית האַלב אַכט אינדערפרי לויטן גערער נוסח, וועלכער האָט זיך געהאַלטן שטרענג ביים שולחן ערוך נישט עובר צו זיין אויף זמן תפילה. נאָך שחרית האָט זיך דער עולם אַוועקגעזעצט לערנען אין צווייטן חדר. ניין אַזייגער האָט אָנגעהויבן דאַווענען אַ צווייטער מנין, וועלכער האָט

געדאַוונט און שפּעטער געלייענט אָן הפסקה. מוסף האָט דאָס גאַנצע שטיבל געדאַוונט צוזאַמען.

מיטן ערשטן מנין האָבן געדאַוונט די שאַרפע חסידים, די אַזוי גערופענע „יינגעלייט". דער צווייטער מנין איז באַשטאַנען פון די עלטערע חסידים, די אַזוי גערופענע „שווערע חסידים", וועלכע זענען נאָכנישט געווען גרייט צוליב זייערע הכנות, אַזוי פרי צו דאַווענען. סיי אינעם ערשטן און סיי אינעם צווייטן מנין האָבן געדאַוונט אָנגעזעענע חסידים מיט וועלכע מען האָט זיך שטאַרק גערעכנט. אויב מיטן „האַלב אַכטער מנין" האָבן געדאַוונט אַזעלכע חסידים ווי ר' נחום אייבעשיץ, יעקב־אשר ראָזענמאַן, יצחקל סילווער, יצחק גליקסמאַן, וואָלף פרענק, יעקב גודזעלער א'אַ' האָבן דערפאַר מיטן צווייטן מנין געדאַוונט אַזעלכע חסידים ווי ר' יוסף אליעזר מו"ץ, משה מענדל ראָזענבלאַט, אברהם יצחק שו"ב, איטשעלע וואָלהענדלער, ר' הענך ווייס א.אַ.

## ר' נחום אייבעשיץ

ר' יצחק־מאיר'ס זון, ר' נחום אייבעשיץ, איז געווען דער היפוך פון זיין פאָטער. ר' נחום איז געווען מעורה בין הבריות און זיך שטאַרק געמישט אין כלל זאכן. ער איז געווען דער אַדרעס פון דער אגודת־ישראל אין ראַדאָמסק, דער גייסטיקער מנהיג פון בית־יעקב און בנות אגודת ישראל. זיין שווער איז געווען יוסף בעסער. נאָך דער קעסט האָט זיך ר' נחום געעפנט אַ הורט־קראָם פון גאַלאַנטעריע אין זיין שווערס הויז. ר' נחום האָט זיך אָבער נישט געטויגט פאַר מסחר, גיכער האָט אים געפּאַסט צו זיין אַ ראש ישיבה, אָדער סתם אַ גייסטיקער מנהיג. אויסער זיין חכמה און לומדות האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך איידלקייט מיט וועלכער ער האָט געוווּנען די הערצער אויך פון די גרעסטע קעגנער. דאָס גאַלאַנטעריע־געשעפט האָט נישט מצליח געווען און ר' נחום איז געבליבן אָן פרנסה. דעמאָלט איז אין גערער שטיבל ווי אויך אין די אגודה קרייזן געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אים פאָרצושלאָגן אַלס קאַנדידאַט אויף מורה־הוראה אין וועלכן ראַדאָמסק האָט זיך צו יענער צייט געניייטיקט. דער באַשלוס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דעם קהילה־ראַט און האָט נאָר געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורך דער מאַכט. דער ראַדאָמסקער רב אָבער, וועלכער האָט געהאַט זיינע חשבונות מיט דער קהילה און בפרט מיט דער ראַדאָמסקער אגודה־פראַקציע, האָט זיך דעם אַנטקעגנגעשטעלט און די נאָמינאַציע איז נישט צושטאַנד געקומען. ר' נחום איז שפּעטער געוואָרן דער איינציקער מוהל אין שטאָט. מיט דער צייט איז אויך געקומען צו אַן אויסגלייך צווישן דער אגודה און דעם רב, אַ דאַנק די חסידים וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט אַדורכצופירן זייערס אַ קאַנדידאַט אויף שוחט און אַזוי אַרום איז אויך ר' נחום באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער מאַכט אַלס מורה הוראה.

## ר' יעקב אשר ראָזענמאַן

ר' יעקב־אשר האָט געשטאַמט פון סטאַבניץ (קעלצער געגנט) און קיין ראַדאָמסק איז ער געקומען אַלס איידעם פון ר' מענדל ר' ליפּמאַנס. ר' יעקב אשר איז געווען דער שאַרפסטער צווישן די „יינגעלייט" אין ראַדאָמסקער גערער שטיבל, זייענדיק שוין אַליין אַ שווער, האָט ער זיך נאָך געפירט ווי אַ יינגערמאַן אויף קעסט. קיין גער איז ער געפאָרן נישט בלויז אויף אַ שבת אָדער יום־טוב ווי אַנדערע חסידים, נאָר ער פלעגט זיצן ביים רבין צוגלייך מיט די יושבים וואָכנלאַנג אָדער אַפילו חדשים, איבערלאָזנדיק אין דער היים דאָס ווייב מיט אַ שטוב קינדער, איז ער אַוועק קיין גער אויף שבת צו די ערשטע סליחות און אַהיים געקומען ערשט נאָך שבת בראשית אויסהאַלטן דאָס ווייב מיט די קינדער פלעגט דער שווער אָדער ריכטיקער די שוויגער ביילע. בעת ר' יעקב־אשר פלעגט זיין אין ראַדאָמסק צווישן איין נסיעה צום רבין און דער צווייטער, האָט מען אים געזען אַ גאַנצן טאָג אין גערער שטיבל וווּ ער איז געזעסן און געלערנט (און לערנען האָט ער גראָד געקענט גוט), אָדער אַן אַרומדרייענדיקן זיך אַרויף און אַראָפּ מיט אַ ציגאַרעטל אין האַנט פאַרטון אין זיינע מחשבות.

ר' יעקב־אשר האָט געהערט צו דעם טיפּ חסידים, וועלכע מען האָט געקענט טרעפן אין דער קאָצקער תקופה, וועלכע זענען שוין אָבער אין דער לעצטער תקופה אין ראַדאָמסק פאַרשוווּנדן. אין דער יוגנט האָט ער נאָך באַוויזן צו זיין ביים שפת אמת און דעריבער האָט ער נישט געזאָגט בעת ער האָט דערמאָנט דעם שפת אמת „דער שפת אמת זכרונו לברכה", נאָר: „דער רבי ז"ל האָט געזאָגט", ווי עס פלעגן זאָגן די אַלטע חסידים וועמענס ערשטער רבי ס'איז געווען דער שפת אמת. ווען אין גערער שטיבל האָבן גענומען הערשן די בחורים, די „יושבים", איז יעקב־אשר געווען זייער שטאַרקער אָנלען און אונטערשטיצער און נישט איין מאָל האָט מען אים געזען בראש פון זייערס אַ סעודה'לע אָדער איינגעפלאָכטן מיט זיי צוזאַמען אין אַ פייערדיקן ריקוד. ר' יעקב־אשר איז געשטאָרבן האַרט פאַרן מלחמה־אויסברוך.

## ר' יצחק גליקסמאַן

עס וואָלט געווען אַן עוולה צו שרייבן וועגן גערער שטיבל אין ראַדאָמסק און נישט דערמאָנען ר' יצחק גליקסמאַן. אויסער ראַדאָמסק האָט מען אים גערופן יצחק ראַדאָמסקער און אין שטאָט גופא ר' יצחק דער „היגער".

ר' יצחק איז געווען אַ געבוירענער אין ראַדאָמסק און דער רוח־החיים פון די גערער. אַ רירעוודיקער, אַ פלינקער און נישט קיין פוילער, פלעגט ער זיין שטענדיק דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע אונטערנעמונגען אין גערער שטיבל און איבערהויפּט פון אַ סעודת־מצוה, אַ יאָרצייט אָדער ראש־חודש. ער איז געווען דער געלט־נעמער און צוגרייטער און מחלק. אָן יצחקן האָט זיך גאָרנישט אָנגעהויבן, ער איז שטענדיק געווען בראש אויך דאַן ווען מען האָט געדאַרפט העלפן אַ יידן, צוזאַמענעמען פאַר אַ נצרך אָדער קלויבן געלט פאַר אַ וויכטיקן צוועק. מען האָט געוווּסט אַז ווי באַלד ר' יצחק וועט זיך נעמען צו אַן ענין, וועט ער מצליח זיין. געווען אַ געוויסע צייט, ווען ר' יצחקס שטערן ביי די גערער איז געפאַלן, דאָס איז געווען אין דער תקופה ווען עס האָט אָנגעהאַלטן דער שטילער ברוגז צווישן די גערער מיט דעם רב צוליב ר' נחום אייבעשיץ און דעם שוחט פון די גערער, וועלכע דער רב האָט נישט געוואָלט באַשטעטיקן. ר' יצחק איז געווען דעם רב'ס אַ ידיד נפש, ער איז געווען דער וואָס האָט אַדורכגעפירט דעם שידוך פון ראַדאָמסקער רב'ס זון, יקותיאל נתן־נטע מיט ר' מענדל לאַנדא'ס טאָכטער, אויך האָט ער פאַרשאַפט דאָס כסא־רבנות אין בריסק דקוי' דעם רב'ס זון. ער איז דעריבער געווען דעם רב'ס אַ מענטש און ער האָט עס נישט פאַרהוילן. ביי יעטוועדער געלעגנהייט האָט ער פאַרטיידיקט דעם רב און די גערער חסידים האָבן זיך דעריבער גענומען באַציען צו אים מיט חשד. מען האָט זיך געהיטן פאַר אים מיט אַ וואָרט אויפן רב און מען האָט אויך אויפגעהערט אים משתף צו זיין אין די ענינים. ר' יצחק האָט זיך אָבער דערפון גאָרנישט געמאַכט, פאַרקערט, אַזוי ווי ער איז פון דער נאַטור נישט געווען קיין רודף כבוד איז ער אַפילו צופרידן געווען דערפון וואָס מען לאָזט אים צורו מיט כלל ענינים. ער האָט נאָך אַ טאָג האַנדלען אָפּגעגעבן זיך מיט לערנען. אין יעטוועדן אויפדערנאַכט בין מנחה למעריב פלעגט מען אים זען זיצן צוזאַמען מיט ר' מענדל ר' ליפּמאַנס און משה מענדל ראָזענבלאַט און לערנען דעם דף היומי.

מיט דער „אגודה" פּאָליטיק פון גערער שטיבל אין דער קהילה האָבן אָנגעפירט: זיינוול גאָלדבערג און אברהם גראָסמאַן. די ראַדאָמסקער אגודה האָט געהאַט מער ווי צוויי פאָרשטייער אין דער

קהילה אָבער דער רוח־החיים פון דער פּאַרטיי אין שטאָט זענען געווען די אויבנדערמאָנטע צוויי עסקנים.

זיינוול גאָלדבערג האָט געשטאַמט פון קינצק (קאָנסקע), אַ זון פון פּשוטע עלטערן (דער פאָטער איז געווען אַ שוסטער), איז ער נאָך אַלס קינד באַקאַנט געווען ווי אַן עילוי און שפּעטער געווען דער בעסטער תלמיד פונעם קינצקער רב, ר׳ יהושע׳לה דעם מחבר פון „יואב יהושע״. ר׳ זיינוול איז געווען אַ למדן מיט אַ שאַרפן מוח און אויסערגעוויינלעכן זכרון. עס איז נישט געווען קיין מאמר חז״ל, אַז ר׳ זיינוול זאָל נישט וויסן ווו און אויף וועלכן אָרט ער געפינט זיך. נישט געווען קיין שווערע סוגיא אין ש״ס, אַז זיינוול זאָל נישט וויסן ווי זי געהעריק אויסצוטייטשן. ר׳ זיינוול גאָלדבערג איז בטבע געווען אַ היציקער און זיינע דעות פלעגט ער פאַרטיידיקן מיט אַזאַ אייפער און ברען, אַז נישט איין מאָל איז ער אָנגעפאַלן אויף זיין קעגנער מיט האַרבע ווערטער. אַזוי איז אויך געווען ביי זיין אַרבעט אין דער קהילה. ער האָט זיך אַרומגעריסן מיט אַלע קעגנערישע פּאַרטייען, אַריינגעזאָגט דעם אמת „אין די אויגן״, און איינגעקויפט זיך מאַסן קעגנער צוליב וואָס עס האָט געליטן זיין סאָדע־וואַסער פאַבריקל אין שטאָט. ער האָט טאַקע קיינמאָל נישט געהאַט קיין פּרנסה בריווח. אין דער לעצטער צייט האָט ער געלערנט דעם דף־היומי מיט דעם עולם אין גערער שטיבל.

אַן אַנדער טיפּ עסקן איז געווען ר׳ אברהם גראָסמאַן. ער האָט געשטאַמט פון יענדזשעיאָוו און געקומען קיין ראַדאָמסק איז ער אַלס אייזיקל קליינערמאַנס איידעם. אויך ער האָט געקענט לערנען, כאָטש ווייט נישט אַזוי ווי ר׳ זיינוול גאָלדבערג, און גערעכנט זיך צווישן די שיינע יינגעלייט נאָך דאַן ווען ער האָט געגעסן קעסט ביים שווער. שפּעטער האָט ער געפירט גרויסע געשעפטן, געווען אַ שותף צו אַ גרויסער גלאָז־הוטע און צום סוף געהאַט אַ שיין געשעפט פון פאַיאַנס אין מאַרק. ער איז נישט געווען קיין גביר, אָבער אַ בעל־פּרנסה און געפירט אַ ברייט הויז.

ר׳ אברהם האָט נישט געקלאַפּט אין טיש אַריין בעת די קהילה־זיצונגען. אַ ייד אַ פּיקח מיט אַ שנעלער אָריענטאַציע, האָט ער גלייך דערשפּירט דעם קעגנערס שוואַכע זייט. מיט גלאַטע רייד, אַמאָל אויך מיט אַ חניפהלע פּשוט און אַמאָל מיט אַ חריפותדיקן פּאָרטל, פלעגט ער פאַרנאַרן די קעגנער און ווען יענע האָבן זיך געכאַפּט אויף זיינע אמתע כוונות איז שוין על פי רוב געווען צו שפּעט. אַ געוויסע צייט איז ר׳ אברהם גראָסמאַן געווען דער ראש הקהל און בעת זיין קאַדענץ האָט ער זיך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. אַ דאַנק זיין העפלעכער און קול־טורעלער באַציאונג צו מענטשן; ער האָט אויך גערן געטון אַ טובה אַ יידן. די אַלע מעלות האָבן אים מיטגעהאָלפן ווען ער איז אַרויס מיט אַ פּריוואַטער ליסטע צום ראַדאָמסקער שטאָטראַט. ער האָט אָנגעצויגן די נייטיקע צאָל שטימען און באַקומען דעם מאַנדאַט.

די ראַדאָמסקער אגודה האָט געהאַט נאָך אַ ראַטמאַן פון צווישן מתפללים אין גערער שטיבל. דאָס איז געווען יצחק שפּירא, וועלכער האָט געהאַט אַ לאַגער פון אַלט־אייזנוואַרג.

### ראַדאָמסקער־גערער שטיבל

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין ראַדאָמסקער גערער שטיבל זענען געווען די בחורים אַזוי גערופענע „יושבים״. דאָס איז געווען אַ נייער טיפּ פון אַ בחור אַ חסיד, וואָס מען האָט ביז דאַן נישט געזען.

אין אַלגעמיין איז געווען אָנגענומען, אַז „אַ בחור מאַכט קידוש איבער שפּענער״, פראַווען חסידות האָט ער רעכט געהאַט ערשט נאָך דער חתונה ווען ער איז געזעסן ביים שווער אויף קעסט. אַזוי איז געווען ביים שפת אמת און אויך אין די ערשטע צייטן פון שפּעטערדיקן גערער רבין האָט אַ בחור זיך נישט דערוואַגט אַריינצובאַקומען אין דער ערשטער שורה פון די שטייערס אַרום דעם רבינס טיש. מען וואָלט אים גלייך דאָרט נישט צוגעלאָזט. אין גער איז באַקאַנט געווען אַן אַלטער חסיד מיטן נאָמען ר׳ בונים לוקאָווער. דעם דאָזיקן חסיד האָט מען אויך גערופן ר׳ בונים „בחור״, ווייל אין דער יוגנט איז ער געווען דער איינציקער בחור, וועלכער האָט גענאָסן פון דער פּריווילעגיע זיך אַריינצושטופּן אין דער ערשטער ריי פון די וועלכע זענען געשטאַנען ביים פראַווען דעם טיש. דאַקעגן אין די לעצטע צייטן האָבן די ערשטע פידל ביי די טישן אין גער געשפּילט דווקא די בחורים. די זעלביקע ענדערונג האָט מען אויך שפּעטער באַמערקט אין די אַנדערע חסידישע הויפן, אָבער אָנגעהויבן האָט עס זיך ביי די גערער.

די כוונה פון דער דאָזיקער ענדערונג איז געווען צו פאַרשטאַרקן דאָס אמתע חסידות וועלכע האָט שטאַרק געליטן ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די ערשטע יאָרן נאָך איר. די „אגודת ישראל״ איז געשאַפן געוואָרן בכדי צו פאַרשטאַרקן דאָס יידישקייט. דער גערער רבי וואָס איז געווען איינער פון אירע גרינדער און אָנפירער האָט אָבער איינגעזען, אַז די אגודיסטישע באַוועגונג אַליין איז נאָכנישט גענוג כדי צו פאַרשטאַרקן דאָס חסידות גופא. פאַרקערט, אין פיל פאַלן פירט די דאָזיקע באַוועגונג צו געוויסע פאָרמען פון וועלטלעכקייט. דאָס „גלעקל״, דער וועלטלעכער אופן פון היינט־צייטיקע מאָדערנע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען זענען פרעמד געווען דעם גייסט פון דעם עכט פאַרצייטישן חסיד. פון דער דאָזיקער יוגנט, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אגודיסטישער באַוועגונג זענען געווען גאַנץ שוואַכע האָפענונגען אַז עס זאָל אַרויס אַ טיפּ פון יענע חסידים. דעריבער האָט דער גערער רבי גענומען פאַרשטאַרקן קודם כל דעם אייגענעם לאַגער און דאָס ערשטע זיך גענומען צו דער יוגנט. לויטן כלל „אם אין גדיים אין תישים״ זענען אין גער געשאַפן געוואָרן גרופּעס בחורים „יושבים״. זיי זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן גערער כוללות, געזעסן גאַנץ יאָר אין גער, געלערנט און עוסק געווען אין חסידות. דאָס האָט געדאַרפט זיין דער אַוואַנגאַרד און דער קערן, כדי אָפּהיטן און אויפלעבן דאָס מקורותדיקע גערער חסידות, וואָס האָט געצויגן זיין יניקה פון קאָצק. רעקרוטירט האָבן זיך די יושבים פון בחורים, וואָס האָבן געשטאַמט פון גאַנץ פּוילן ווו נאָר דאָס גערער חסידות האָט דערגרייכט. קומענדיק אַהיים נאָר איין מאָל אין יאָר, בעת דער רבי איז געפאָרן זיך היילן אין די בעדער, האָבן די דאָזיקע יושבים באַמיט זיך צוצוציען זייערע חברים, גערער בחורים, צו זייער דרך. אַזוי אַרום האָט זיך מיט אַמאָל אין אַלע גערער שטיבלעך פון אַלע עקן פּוילן פונאַנדערגעטראָגן אַ רוף: „צוריק צום מקור״. דאָרט ווו עס האָט זיך נאָר באַוויזן אַ יושב האָבן זיך גלייך געשאַפן גרופּעס בחורים, וועלכע האָבן זיך אונטערגעשיידט מיט זייער לבוש און התנהגות פון אַלע חסידישע בחורים. עס איז געווען ווייניק דאָס וואָס ביז דאַן האָבן בחורים געטראָגן פּאות הינטער די אויערן און אַ שוואַרץ חסידיש שניפּסל צום ווייסן העמד. פּאות האָט מען געדאַרפט טראָגן אַראָפּהענגנדיקע און אַ קראַוואַטל, אַפילו אַ חסידיש איז געווען פאַרבאָטן. די דאָזיקע בחורים האָבן געטראָגן זיידענע היטלעך מיט אַ קאַפּל פון הינטן, די הויזן אַריינגעלאָזט אין די זאָקן און אַ גרויסן טלית קטן לויטן דין אויף וועלכן מען האָט געקענט מאַכן אַ ברכה יעדן טאָג.

דאָס פּריוואַטע לעבן איז געווען כמעט אַ בשותפות׳דיקעס. מען האָט אויסגענוצט יעטוועדע געלעגנהייט צו עסן בחברותא סיי אינדערוואָכן און סיי שבת. בכלל האָט מען זיך באַמיט וואָס מער צו זיין צוזאַמען און וואָס ווייניקער אין דער היים, בכדי די השפּעה פון אַ נישט געווינטשענער היים זאָל זיין וואָס שוואַכער. אין די ערשטע צייטן איז דאָס התנהגות פון די דאָזיקע בחורים געווען דערווידער אפילו דעם עלטערן דור פון די גערער חסידים, פּשוט דערפאַר, וואָס די דאָזיקע חברה אין יעטוועדן שטעטל איז געווען אַ וועלט פאַר זיך און בכלל זיך נישט גערעכנט מיט קיינעם, אפילו נישט מיט די

אַלטע חסידים. אויך די טאַטעס פון די דאָזיקע בחורים, אַפילו חסידים, זענען נישט געווען שטאַרק צופרידן מיט דער אויפפירונג און לבוש פון זייערע קינדער. קודם כל האָבן די יושבים איינגעפירט נייע מנהגים ביי זיך אין שטוב, נישט געגעסן מיט קיין אשה ביי איין טיש, האָט זי געמעגט זיין די אייגענע שוועסטער אָדער מוטער, שטאַרק מקפיד געווען אַז דער אַרבל אָדער קלייד אפילו פון די קליינע קינדער אין שטוב זאָלן נישט זיין צו קורץ און בכלל מדקדק געווען פיל מער ווי דער אייגענער פאָטער אַז אַלץ אין שטוב זאָל זיך פירן לויטן נוסח פון זייער חסידות. אַחוץ דעם האָבן זיך די טאַטעס פון די דאָזיקע בחורים שטאַרק געדאגהט ווו וועט מען נעמען כלות פאַר די דאָזיקע באַבערדלטע און באַפאותדיקע בחורים, וואָס זייער לבוש און אויסזען איז אין יענע צייטן געווען אַ נייעס אפילו אין די חסידישע קרייזן. דער דאָזיקער פחד פון די עלטערן איז אָבער געווען אַן אומזיסטער, ווייל גער האָט אַלץ פאָרויסגעזען און געשאַפן די רפואה פאַר דער מכה. מיטן אָרגאַניזירן די בית־יעקב־שולן און שפעטער די בנות אגודת ישראל, איז גלייכצייטיק אויך פאַרענטפערט געוואָרן די דאָזיקע פראַגע. די עלטערע חסידים האָבן שלום געמאַכט מיט דער נייער מאָדע פון בחורים חסידים, ווייל גער האָט לעצטנס טאַקע שטאַרק מקרב געווען דווקא די בחורים.

דער גרינדער און ערשטער ראש החברה פון דער דאָזיקער באַוועגונג אין ראַדאָמסק איז געווען יחזקאל ליטמאַנאָוויטש, ר׳ שלמה ר׳ ליפמאנס אַ זון. אין גער גופא איז יחזקאל געווען פאַררעכנט צווישן די ערשטע און חשובסטע יושבים, קומענדיק אַמאָל אַ היים קיין ראַדאָמסק, האָט ער צוזאַמענגערופן אַלע בחורים, לערנערס פון גערער שטיבל, און געשאַפן אַ חברה. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס ערשטע האָבן אַלע געדאַרפט טראָגן אַראָפהענגענדיקע פיאות, נישט הינטער די אויערן און נישט קיין לאַנגע הויזן נאָר אַריינגעלאָזטע אין די זאָקן. אַחוץ דעם האָבן אַלע געדאַרפט אָנטון זיידענע היטלעך. אויף יום־טוב איז די גאַנצע חברה אַוועקגעפאָרן קיין גער און דאָרט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער נייער דרך. ווען מען איז שוין געווען פאַרטיק מיט די אייגענע, האָט מען זיך באַמיט אויף צוציען פרעמדע בחורים און אַפילו סתם יידישע יינגלעך פון גאַס. דער ערשטער אַזעלכער וואָס איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון די יושבים און געבליבן ביי זיי איז געווען הערשל, זלמן זילבערשאַץ׳ס זון, אַן אייגנטימער פון אַ שפייז־געוועלבל אויף דער שוו. ראזאליא גאַס. דאָס דאָזיקע בחורל, וואָס איז אויסגעוואָקסן אין אַ ריין קריסטלעכער סביבה האָט מיט זיין פלאַקסענעם קעפל אַליין אויסגעזען ווי אַ שייגעצל, איז אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען יאָסל נייקראַנס הויף, דאָרט האָט ער געזען ווי יינגלעך אין זיין עלטער דרייען זיך אַרום מיט אַזעלכע לאַנגע פאות און גאַרטלען, מאַנכע אויך מיט שפראָצנדיקע בערדלעך און מאַכן מאָדנע הוויות. הערשל זילבערשאַץ האָט זיך דערנענטערט צו זיי מיט פאַרחידושטע אויגן בכדי זיי אָנצוקוקן פון דער נאָענט. די בחורים האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ שייגעץ און געפרעגט אויף פויליש וואָס ער וויל, הערשל האָט זיך פונאנדערגעלאַכט און געענטפערט זיי אויף יידיש. די בחורים האָבן אים נישט אָפגעשטויסן, נאָר פאַרקערט, גערעדט מיט אים זייער העפלעך. ווען הערשל איז פאַרבייגעגאַנגען דאָרט דאָס צווייטע מאָל, האָט מען אים שוין פריינטלעך באַגעגנט. נאָך אַ לענגערן שמועס, האָבן זיי אים געפרעגט צי ער וואָלט נישט געוואָלט מען זאָל מיט אים לערנען. ווען הערשל האָט דאָס דערציילט אין שטוב, אַז מען וויל מיט אים לערנען אומזיסט, האָט זיך זיין פאָטער וועלכער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד און נישט געקאָנט זיך דערלויבן צו האַלטן אַ מלמד צו זיין זון, שטאַרק דערפרייט און עס האָט לאַנג נישט געדויערט און הערשל זילבערשאַץ איז געוואָרן איינער פון די יושבים.

אַ צווייטער פאַל איז געשען מיט מענדל וואַקסמאַן, דעם זון פון לאַנגיעריקן קאַסירער פון דער ראַדאָמסקער יידישער באַנק, מיכאל וואַקסמאַן. דאָ האָבן זיי אָבער שוין געהאַט אַ שווערער שטיקל אַרבעט.

מיכאל וואַקסמאַן, אַ ייד אַ משכיל אַ פאָרגעשריטענער אַביסל און אַ מיטגליד פון „מזרחי", איז געווען פאַראינטערעסירט צו געבן זיין זון אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע דערציונג, ער האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין, אַז זיין קינד זאָל טראָגן אַ זיידן היטל, אַראָפהענגענדיקע לאַנגע פאות, „קריכן אויף די ווענט" און פראַווען גערער חסידות לויטן נוסח פון די „יושבים". צום אָנהויב האָט דער פאָטער געפרוווט ווירקן אויף זיין זון מיט גוטן און אָפווענדן אים פון דעם נייעם וועג, אָבער ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער זיך גענומען בכוח נישט דערלאָזן אַז מענדל זאָל זיך טרעפן מיט זיינע נייע חברים. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאַט קיין פעולה. מענדלען האָט געצויגן צו די „יושבים". צום סוף האָט דער פאָטער פשוט פאַרשפאַרט זיין זון אין שטוב בכדי ער זאָל נישט קענען גיין אין גערער שטיבל. די יושבים זענען אָבער אייך נישט געשלאָפן. אַ געוויסן טאָג האָט מען מענדלען אַדורכגעגנבעט פון שטוב און אַוועקגעשיקט קיין גער. בלית ברירה האָט דער פאָטער געמוזט אויפגעבן דעם קאַמף.

מיט יאָרן שפעטער איז מענדל געצוווּנגען געווען פאַרלאָזן די „יושבים" צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע אין וועלכער זיינע עלטערן האָבן זיך געפונען נאָכדעם ווי דער פאָטער האָט פאַרלאָזן זיין פאָסטן אין באַנק. מענדל האָט זיך געמוזט נעמען צו אַן אַרבעט, ביזן סוף אָבער איז ער פאַרבליבן אַ רעליגיעזער חסידישער יונגערמאַן.

צו דער אויבנדערמאָנטער חברה איז אויך צוגעצויגן געוואָרן וואָלף, יעקב פייערמאַנס יינגסטער זון. ר׳ יעקב אַליין האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט און די שטוב האָט נישט געקענט משפיע זיין אויף וועלוועלען. די יושבים האָבן אים געשיקט קיין גער און זיך באַמיט ער זאָל ווערן אַ גערער חסיד.

די אַקציע פון שיקן פרעמדע בחורים קיין גער איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, די רייזע־קאָסטן אַליין פון ראַדאָמסק קיין גער האָבן אין יענער צייט באַטראָפן געגנוג טייער. קיין געלט פון דרויסן האָבן די יושבים נישט באַקומען, קיין אייגנס האָבן זיי אויך נישט געהאַט, ווייל פונוואַנען זאָלן בחורים וואָס לערנען אַ גאַנצן טאָג האָבן געלט? זיי האָבן דעריבער געפונען אַ פשוט מיטל. יעטוועדן טאָג פלעגן צוויי בחורים אַרויס אין די בתי־תפילה קלויבן נדבות. ווען צוויי חסידישע בחורים זענען צוגעקומען צו אַ יידן אינמיטן דאַווענען נאָך אַ נייטיקע נדבה, האָט זיי קיינער נישט אָפגעזאָגט. מען איז געווען זיכער, אַז מן הסתם נעמט מען צונויף פאַר אַן אָרעמען קראַנקן, וואָרעם פאַר זיך קלויבן זיי דאָך נישט. קיינעם איז אָבער נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס געלט קלויבט מען אויף אַוועקשיקן אַ „געכאַפטע נשמה", ווי די קעגנער האָבן עס אָנגערופן קיין גער. די יושבים האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַט זייער באַרעכטיקונג פאַר דער דאָזיקער אַקציע. לויט זיי איז ראַטעווען אַ יידישע נשמה געווען אַזוי חשוב ווי ראַטעווען אַ גוף.

די מנהיגים פון דער חברה פלעגן זיך טוישן יעדעס מאָל. ווען אַ מנהיג האָט חתונה געהאַט איז באַשטימט געוואָרן אויף זיין אָרט אַ צווייטער. דער לעצטער מנהיג און ראש החברה איז געווען בער גרוניס, אַ זון פון מאיר גרוניס, דעם הענדלער מיט אַלט אייזן. דער דאָזיקער בער גרוניס האָט נישט פאַרלאָזט די חברה אפילו אין געטאָ. אין יענער צייט פון הונגער און טיפוס, ווען דער גרעסטער טייל יידישע שטיבן זענען געווען שוין חרוב און יעטוועדער האָט געזאָרגט נאָר כדי צו ראַטעווען זיין אייגן לעבן האָט זיך געפאָדערט אַ ספעציעלער כוח, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון אַחדות און ברודערלעכקייט. בער גרוניס מיט זיין חברה האָבן זיך אויפגעהאַלטן געהיים אין אַ דירה אין דער שול־גאַס אין בעריש לאָנדאָ׳ס הויז, עס האָבן זיך נאָך דעמאָלט געפונען נשים צדקניות, וועלכע האָבן גע־

זאָרגט אַז די דאָזיקע — אין יענער צייט אומבאַהאָלפענע חסידישע בחורים, פון וועלכע אַ גרויסער טייל האָט שוין נישט געהאַט קיין אייגענע היים, זאָלן נישט שטאַרבן פון הונגער און זאָלן ווייטער קענען זיצן און לערנען און אויסהיטן זיך פון די נאַציס.

בעת דעם אַלגעמיינעם גירוש קיין טרעמבלינקע איז בער מיט זיין חברה צוגענומען געוואָרן.

קיין ארץ־ישראל זענען עולה געווען פון גערער שטיבל צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה: די ברידער יצחק און ישראל איילבירט, יחיאל טראַן, יוסף באַזשיקאָווסקי, משה קירש, און משה בנימין לעהמאַן מיט זיין משפּחה.

## סטריקאווער שטיבל

דאָס דאָזיקע חסידים שטיבל וואָס האָט זיך געפונען אינעם הויף פון אבא שוואַרץ, מאַרק נמ׳ 6, האָט זיך גערעכנט פון די „שענסטע״ שטיבלעך אין שטאָט. געדאַוונט האָבן דאָרט טאַקע נישט קיין גרויסע צאָל מתפללים אָבער דערפאַר זענען דער גרעסטער טייל פון זיי געווען לויטער חסידים און בני תורה.

דער חשובסטער פון די סטריקאָווער חסידים אין ראַדאָמסק איז בלי ספק געווען דער זקן שבחבורה ר׳ יעקב־דוד וויינטרויב. דער דאָזיקער נאָמען איז געווען באַקאַנט נישט בלויז אין ראַדאָמסק גופא, נאָר האָט געשמט אין גאַנץ פּוילן צווישן די סטריקאָווער און אַלטע אלעכסאַנדרער חסידים. ר׳ יעקב־דוד איז געזעסן כל ימיו על התורה ועבודה. אויסגעטון אינגאַנצן פון וואָכעדיקע דאגות האָט ער זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט רוחניות. מיט דער פּרנסה אין שטוב האָט זיך פאַרנומען זיין ווייב פרומעט (מען האָט זי גערופן „פרומעט די קופקע״) , זי האָט דערצויגן די קינדער און זיי חתונה געמאַכט, ער



ר׳ יעקב־דוד וויינטרויב

אַליין האָט נאָר געוווסט די ד׳ אמות של תורה.

ר׳ יעקב־דוד האָט זיך אַוודאי עוסק געווען נישט בלויז אין נגלה, נאָר אויך אין נסתר און האָט געהאַט גרויסע ידיעות אין קבלה. ווען עס איז נפטר געוואָרן דער אַלטער סטריקאָווער רבי, איז ר׳ יעקב־דוד פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די חשובסטע קאַנדידאַטן איבערצונעמען דאָס מנהיגות איבער די סטריקאָווער חסידים אין פּוילן.

וועגן ר׳ יעקב־דודן האָט מען דערציילט דעם אינטערעסאַנטן פּאַל:

ווען מען האָט געזאָלט אויפנעמען ר׳ אברהם־יצחק באַטשאַן אַלס שוחט אין ראַדאָמסק, האָבן די אַלעקסאַנדרער חסידים געשיקט ר׳ יעקב־דודן קיין סוכטשעניאָוו, אַ קליין שטעטעלע אין קעלצער קרייז, ווו ר׳ אברהם־יצחק איז געווען שוחט ביז דעמאָלט, כדי זיך דערוויסן וואָס פאַר איינער איז דער נייער קאַנדידאַט אויף ראַדאָמסקער שוחט. אין יענעם שטעטעלע איז גראָד געווען אַ גרויסע מחלוקת צווישן די גערער און אַלעקסאַנדרער חסידים. ר׳ אברהם יצחק איז געווען אַ גערער. ר׳ יעקב דוד איז געקומען אין שטעטל אַריין און אַלס אַלעקסאַנדרער חסיד איז ער אויפגענומען געוואָרן אין סוכעדניאָוו דורך די אַלעקסאַנדער. ער האָט זיי נישט דערציילט די סיבה פון זיין קומען, נאָר דרך אגב האָט ער זיך געפרעגט אויף ר׳ אברהם־יצחקן. כנהוג האָבן די אַלעקסאַנדרער אויסגערעדט אויף דעם גערער שוחט אסור לדבר, די דאָזיקע אינפאָרמאַציע האָט געדאַרפט גענוג זיין, אַז ער זאָל צוריקפאָרן מיט דער דעה, אַז דער דאָזיקער שוחט איז נישט ראוי אויפגענומען צו ווערן אין ראַדאָמסק און ער האָט טאַקע אַזוי געוואָלט טון. אָבער זייענדיק שוין ביי דער באַן האָט ער זיך מיישב געווען, אַז עס איז נישט יושרדיק אַרויסצוטראָגן אַ פּסק־דין אויף אַ יידן כל זמן ער האָט מיט אים אַליין נישט גערעדט און נישט געזען זיינע מעשים. ער האָט זיך צוריקגעקערט און איז אַריין צום שוחט. געזאָגט האָט ער, אַז ער איז אַ משולח פון אַ ישיבה און בעט אַ נדבה. דערווייל האָט ער זיך אַריינגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס אין לערנען און דערביי אויך זיך אָנגעפרעגט אויף אייניקע פון די אַלעקסאַנדרער חסידים אין שטעטל טאַקע אויף די זעלבע, וועלכע האָבן אויסגערעדט אויף דעם שוחט. דווקא דאָ האָט ר׳ אברהם־יצחק אַרויסגעוויזן זיין ערלעכקייט ער האָט זיך וועגן זיי אויסגעדריקט גאָר גוט און נישט גערעדט קיין שלעכטס, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַן ערלעכן ייד. ר׳ יעקב־דוד האָט אויך בייגעוווינט ווי דער שוחט שעכט און ער האָט געזען, אַז ער איז דווקא אַ מומחה אין שחיטות. ביים געזעגענען זיך האָט ר׳ אברהם־יצחק גענומען דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט באַקומען פאַר שעכטן דעם טאָג און אים אָוועקגעגעבן פאַר דער כלומרשטער ישיבה. ערשט דעמאָלט האָט ר׳ יעקב־דוד אים אויסגעזאָגט ווער ער איז און וואָס ער איז געקומען און געוווּנטשן מזל־טוב. קומענדיק קיין ראַדאָמסק האָט ר׳ יעקב־דוד דערקלערט אַ צופרידענער די אַלעקסאַנדרער חסידים, אַז דער נייער שוחט איז טאַקע אַ גערער חסיד אָבער די אַלעקסאַנדרער חסידים אין ראַדאָמסק וועלן זיין פאַר אים.

אין די לעצטע יאָרן האָט ר׳ יעקב־דוד נישט געקאָנט קומען דאַוונען אין סטריקאָווער שטיבל אַריין, מען האָט דעריבער איינגעאָרדנט אַ מנין ביי אים אין שטוב. אַזוי אַרום איז נאָך מער בולט געוואָרן זיין התנהגות פון אַ „גוטן יידן״.

ר׳ יעקב־דוד האָט איבערגעלאָזט אַ סך קינדער און איידעמס. אַלע זענען זיי געווען חסידים און בני תורה. אייניקע זין זיינע האָבן עולה געווען קיין א״י אַ דאַנק דעם פּאַטערס השפּעה.

## ר׳ ישראלקע טיבערג

די גרעסטע דעה אינעם סטריקאָווער שטיבל האָט בלי ספק געהאַט ר׳ ישראלקע טיבערג. אַליין דער שטאַם פון אַ פּאַרצוויגטער

מִשפּחה, זין, איידעמס און אייניקלעך וועלכע זענען געווען אָנגעזעענע חסידים אין סטריקאָווער שטיבל, האָט מען זיך דאָרטן גערעכנט מיט זיין וואָרט, אויב נישט, האָט ער, ווי מען האָט דערציילט, געקלאַפּט מיטן שטעקן אין טיש אַריין און זיך צעשריגן, אַז אַזוי מוז זיין ווי ער וויל און פאַרשטענדלעך, אַז מיט אים האָבן געהאַלטן אַלע זיינע קינדער. ר׳ ישראלקע טיבערג איז אין עניני דשמיא געווען זייער אַ מקפּיד און איז געווען גרייט זיך מוסר נפש זיין אויף דער מינדסטער קלייניקייט וועלכע האָט אָנגערירט יידישקייט. מען האָט דערציילט, אַז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען ער האָט געהאַט אַ טאַבאַק־געוועלבל אין מאַרק, איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז טאַבאַק־געוועלבער מוזן זיין אָפן אין שבת. אין די ערשטע צייטן האָט ר׳ ישראלקע זיך נישט צוגעפּאַסט צו דער פאַראָרדענונג און זיין געוועלבל פּריטיק פאַרנאַכט פאַרמאַכט. מען האָט אים צוליב דעם אַרעסטירט און איינגעזעצט אין תּפיסה. זיצנדיק אַ גאַנצע וואָך אין געפענגעניש האָט אָבער ר׳ ישראלקע נישט געוואָלט מוותר זיין אויף אָנצינדן ליכט לכבוד שבת אין זיין צעלע; ווען מען האָט אים דאָס נישט דערלויבט, איז ער גרייט געווען אויף אַ הונגער־שטרייק.

אויף די עלטערע יאָרן האָט ר׳ ישראלקע טיבערג איבערגעגעבן זיין געוועלבל די קינדער און ער אַליין איז געזעסן און געלערנט.

## ר׳ לייבקע דונסקי

ר׳ לייבקע מקווה׳ניק איז געווען אַ אמתער ערלעכער ייד און דערצו אַ למדן, ער האָט טאַקע עוסק געווען אויך אין דער גראָבער אַרבעט וועלכע עס פאָדערט זיך ביי אַ באָד, אָבער אין די פרייע צייט האָט מען אים געזען זיצן ביי אַ ספר און לערנען. אַפילו שטייענדיק ביים אַריינגאַנג אין דער מקוה כדי איינצוקאַסירן מקוה־געלט (אגב ער האָט קיינמאָל נישט געפאָדערט קיין ספּעציעלן פּרייז פאַר אַריינגיין אין מקוה) האָט מען אים געזען לערנען אָדער זאָגן. ר׳ לייבקע איז געווען זייער אָנגענומען ביים חסידישן עולם, נישט דווקא אין סטריקאָווער שטיבל ווו ער איז געווען פון די אָנגעזעענע חסידים נאָר בכלל אין דער שטאָט. ר׳ לייבקע האָט אויך מחבר געווען אַ ספר — דאָס איז געווען אַ ליקוט פּסוקים פון תהלים, וועלכע ער האָט אַליין געלאָזט דרוקן און עס צעטיילט. עס איז אינטערעסאַנט, אַז ר׳ לייבקע אַליין האָט נישט געשטאַמט פון חסידישע ספערן, זיינע ברידער און שוועסטער האָבן נישט געהערט צום חסידישן קלאַס. איין ברודער זיינער איז געווען באַקאַנט אין ראַדאָמסק מיטן נאָמען „פּיליפּ מיטן צילענדער" זיין שוועסטער גולטשע בלומשטיין האָט געהאַט אַ גאַלאַנטעריע־געוועלבל אין הויז פון נחמיה זאַנדבערג און שוין אין יענע צייטן געטראָגן אייגענע האָר, אירע זין זענען געווען גאָר פריי. זיין צווייטער שוואָגער לייביש ראָזענצווייג דער אייזן־סוחר איז טאַקע געווען אַ בעל־הבתישער ייד אָבער נישט קיין חסיד. די מקוה אין ראַדאָמסק האָט ר׳ לייבקע געהאַלטן אַ סך יאָרן. די קהילה אין ראַדאָמסק האָט טאַקע יעדעס יאָר דערקלערט אַ קאָנקורס פאַר קאָנטראַקטאָר איבער די מקוה, אָבער ווער האָט זיך דאָס דערוואַגט צו קאָנקורירן מיט ר׳ לייבקען.

## ר׳ מענדל לאַכמאַן

ר׳ מענדל לאַכמאַן איז אויך געווען פון די אָנגעזעענסטע סטריקאָווער חסידים. וועגן אים איז דאָ אין דעם דאָזיקן ספר אַ ספּעציעלע אָפּשאַצונג.

## ר׳ דוד ראַפּאָפּאָרט

ר׳ דוד האָט זיך גערעכנט צווישן די יונגע לייט פונעם סטריקאָווער שטיבל. ער איז געווען דער עלטסטער איידעם פון ר׳ הענעך שוחט. ר׳ דוד איז געווען אַ ייד וואָס האָט געקענט לערנען און טאַקע געזיצן און געלערנט ווען ער איז נאָר געווען פריי פון זיינע געשעפטן. ער האָט געהאַט אַן אייל־און פּאָקאָסט־פאַבריקל בשותפות מיט דוד יאַקובאָוויטש (דוד יוזשעק). די דאָזיקע צוויי שותפים זענען באמת געווען אַ רעטעניש. דוד יאַקובאָוויטש איז געווען אַ פּראָסטער מענטש אַ קעגנער פון כל מיני „כלי קודש", געשאָלטן און פיינט געהאַט חסידים און „שיינע יידן" און דווקא ר׳ דוד ראַפּאָפּאָרט איז נישט געווען פריי פון די דאָזיקע „עבירות" — דער איידעם און שוואָגער פון שוחטים און אַליין אַ שאַרפער חסיד.ביידע דוד׳ן זענען אָבער געווען גרויסע ערלעכע לייט און כאָטש זיי האָבן אָנגעהערט צו צוויי באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, האָבן זיי דאָך געפירט זייער שותפות יאָרן לאַנג אָן סיכסוכים.

ר׳ דוד ראפּאפּאָרט איז אויך געווען אַן עסקן פון דער אגודת ישראל און אַ סך יאָרן געווען דאָזער פון דער „אגודה" אין דער יידישער קהלה אין ראַדאָמסק. ר׳ דוד ראַפּאָפּאָרט האָט געהאַט אַן איינציקע טאָכטער האניע וועלכע אין געווען באַקאַנט אין ראַדאָמסק אַלס געלערנט און קולטורעל מיידל. זי איז געווען אַן אָנפירערין פון בנות אגודת ישראל אין ראַדאָמסק.

## דאס אלעקסאנדרער שטיבל

בעצם קאָן מען זאָגן, אַז אין ראַדאָמסק זענען געווען צוויי אַלעקסאַנדרער שטיבלעך, דאָס ערשטע האָט זיך געפונען אויף רעימאָנטא, ווו עס האָבן געדאַוונט די „שיינע יידן" און דאָס צווייטע האָט זיך געפונען אַ געוויסע צייט אינעם „רבישן הויף" אין אַ קליין חדרל, נעבן דעם בית המדרש פונעם אמשינאָווער רבין. דאָרטן האָבן געדאַוונט די אַזוי גערופענע יינגעלייט „געכאַפּטע אויף דער מעשה". צווישן די פּני פון די אַלעקסאַנדרער איז געווען אין ראַדאָמסק קודם כל זייער לאַנגיאָריקער גבאי ר׳ יידל מארגולעווסקי.

ר׳ יידל איז געווען דער ראש וראשון אין אַלעקסאַנדרער שטיבל הן וואָס איז געווען נוגע ספּעציעל דאָס אַלעקסאַנדרער חסידות און הן לאָקאַלע עסקנות. ער האָט געזאָרגט נישט בלויז פאַר דעם קיום און אויסהאַלטונג פונעם שטיבל גופא, נאָר אויך געהאַט אינזינען יעטוועדן מתפלל. ווו אַן אָנגעווייטיקט האַרץ פון אַן אַלעקסאַנדרער חסיד איז מען באַלד געקומען צו ר׳ יידל. דער דאָזיקער גבאי האָט שוין געוווּסט ווען מען דאַרף העלפן און מיט וואָס און ער האָט טאַקע געהאָלפן. נישט איין מאָל האָט ער פאַרשלאָסן זיין געוועלבל (כשרע פּוטער) און געלאָפן זיך באַמיען פאַר זיינס אַ חסיד, וועלכער האָט נישט געהאַט אויף שבת אָדער געהאַט אַ חולה אין שטוב און מען האָט געדאַרפט שאַפן אַ פּאָר גילדן. ר׳ יידל האָט זיך געפילט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מענטשן, געפרייט זיך מיט זייערע פריידן און מצער זיך געווען מיט זייערע ליידן. אַ געוויסע צייט איז ר׳ יידל מארגולעווסקי אויך געווען דער גבאי פון דער תלמוד תורה אין שטאָט און אין יענער צייט האָבן טאַקע די אָרעמע יתומים אויפגעלעבט, זיי האָבן געהאַט אַ טאַטן. ר׳ יידל האָט געזאָרגט פאַר זיי נישט בלויז פאַר זייער רוחניות נאָר אויך בנוגע גשמיות, אַ לעפל עסן, אַ פּאָר שיך און אַ מלבוש.

ר׳ יידל איז געשטאָרבן האַרט פאַר דער וועלט־מלחמה. געשטאָרבן איז ער נאָך יונג אין קראָקע ווו מען האָט אים אַוועקגעפירט אויף אַן אָפּעראַציע וועלכע איז נישט געלונגען. נאָכן טויט האָט מען אים געבראַכט צו קבורה אין ראַדאָמסק. דער ארון איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַלעקסאַנדרער שטיבל און פון דאָרט איז אַרויס די לוויה. די אַלעקסאַנדרער חסידים און אויך דער גאַנצער חסידישער קיבוץ אין ראַדאָמסק האָט אויפריכטיק באַוויינט די דאָזיקע אבידה.

צווישן די חשובע אַלעקסאַנדרער חסידים האָבן זיך אויך גערעכנט ר׳ מרדכי־יוסף מלמד, אַ באַקאַנטער גמרא־מלמד, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קפּדנות און שטרענגקייט. ר׳ מרדכי־יוסף האָט אויפגעשטעלט אַ דור פון זין און איידעמס לויטער חסידים, אַלע זענען געפאָרן קיין אלעקסאַנדער און גערעכנט זיך אַלס אָנגעזעענע אלעקסאַנדרער חסידים.

ר׳ יעקב כהן „בעל שם״, איז געווען אַ געלער הויכער ייד, זייער אָפּגעהיטן אין אַלע מצוות, געדאַוונט זייער שפּעט אין בית המדרש און קיינמאָל, סיי זומער און סיי ווינטער, נישט פֿאַרפֿעלט זיך טובל צו זיין פֿאַרן דאַווענען.

הערשל ראַפּאָפּאָרט, אַ זון פֿון דער באַוווּסטער צדיקת און צדקה־טוערין, ברײַנדל ראַפּאַפּאָרט. ר׳ הערשל אַליין איז געווען אַ ייד אַ סוחר אָבער זיך פֿאַררעכנט צווישן די אַלעקסאַנדרער חסידים שוין בלויז צוליב זיין יחוס און אויך דערפֿאַר וואָס ער האָט געהאַט בלויז חסידישע זין.

צווישן די אַלעקסאַנדרער זענען געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פּאָליטיק און אין דער ערשטער ריי קהילה־פּאָליטיק. דער לאַנגיאָריקער קהילה־עסקן און אַ געוויסע צייט אויך פּרעזעס פֿון דער ראַדאָמסקער קהילה איז געווען ר׳ יהודה־הירש טיגער.

טיגערס פּערזענלעכקייט האָט ווייט איבערגעשטיגן די גרענעצן פֿון אַלעקסאַנדרער שטיבל. ער האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ שטאָט־עסקן און בעת זיין קאַדענץ אין דער קהילה האָט ער זיך אַרויסגע־וויזן אַלס פֿאַרשטענדלעכער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, וועלכער האָט געזאָרגט נישט נאָר פֿאַר אנשי שלומנו נאָר אַוועקגעגעבן זיין צייט און מי פֿאַרן וווּיל פֿון דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג אין שטאָט. יהודה־הירש איז געווען אַן אַלעקסאַנדרער חסיד און דווקא אָנגענומען ביים אַלעקסאַנדרער רבין, כאָטש ווען ער איז אַרויסגע־פֿאָרן אין געשעפֿטלעכע ענינים האָט ער זיך קורץ געקליידעט און געטראָגן אַפֿילו אַ צוגעשוירענע באָרד. דאָס האָט אָבער נישט געמינערט זיין חשיבות אַלס חסיד ביי די אַלעקסאַנדרער, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז ר׳ יהודה הירש איז אַ וואַרעמער חסידישער ייד און דערצו אַ בן־תורה. נישט געקוקט וואָס ער איז געווען שטאַרק פֿאַרנומען אין זיין קנעפּל־פֿאַבריק און אויך אין קהילה־ענינים, האָט ער נישט פֿאַרפֿעלט צו לערנען יעטוועדן טאָג אַ בלאַט גמרא.

זיין שטוב איז שוין געווען אַ פֿאָרגעשריטענע, די קינדער ווייט פֿון חסידות, אַ חוץ איין זון, יוסף, וואָס איז געגאַנגען אין זיין פֿאָטערס וועגן, האָט געלערנט אין אַ ישיבה און אויסגעוואָקסן אַ חסידישער יונגערמאַן. יוסף האָט זיך גערעכנט פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע חסידישע יינגעלייט אינעם אַלעקסאַנדרער ציבור.

אין די לעצטע צייטן האָבן זיך אינעם אַלעקסאנדרער שטיבל פֿאַרמערט די יונגע און דאָרט, ווי אין גערער שטיבל, האָבן בחורים אַ גאַנצן טאָג געזעסן און געלערנט. זיי זענען געווען אפֿילו קליין אין צאָל, אויך זייער דרך אין חסידות איז נישט געווען תורתם אומנתם, ווי די יושבים אין גערער שטיבל. אָבער עס איז געווען תורתם אומנותם, זיי האָבן זיך געפֿירט לויט דעם עכטן חסידישן שטייגער.

**דער רבינס בית המדרש**

דער לעצטער רבי און מנהיג פֿון דער ראַדאָמסקער דינאַסטיע איז געווען ר׳ שלמה הענעך ראַבינאָוויטש, אַן אייניקל פֿון חסד לאברהם און תפֿארת שלמה און אַ זון פֿונעם כנסת יחזקאל. נאָך דער פּטירה פֿון רבין ר׳ כאַסקעלע האָבן זיך אַרום זיין זון, ר׳ שלמה הענעך, קאָנצענטרירט די אַלע אַלטע און יינגע חסידים וועלכע זענען פֿאַרבליבן נאָך זיין זיידן און פֿאָטער, צווישן זיי אויך דער רוב אייניקלעך און אור־אייניקלעך פֿונעם תפֿארת שלמה און חסד לאברהם, וועלכע זענען געווען פֿאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. אמת, אַז נאָכן חסד לאברהם האָט זיך אָפּגעטיילט איינער פֿון די זין און האָט געפֿירט רביסטווע פֿאַר זיך, דאָס איז געווען דער קרימאלאווער רבי, וועלכער האָט געוווינט אין זאַוויערטשע. דער גרעסטער טייל אָבער פֿון די ראַדאָמסקער חסידים, צווישן זיי די לומדים און חסידים, זענען פֿאַרבליבן ביים ראַדאָמסקער רבין, ר׳ שלמה הענעך ז״ל.

דעם חסידישער הויף האָט דער ראַדאָמסקער רבי איינגעאָרדנט דווקא נישט אין ראַדאָמסק נאָר אין סאָסנאָווצע, וווּ ער האָט געוווינט ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָרט אַהין פֿלעגן אויך יעדן יום־טוב אָדער שבת ציען די ראַדאָמסקער חסידים פֿון גאַנץ פּוילן, דער עיקר פֿון קאָנגרעס־פּוילן און גאַליציע. אין ראַדאָמסק גופֿא איז דער גרויסער רבישער בית המדרש מיט זיינע גרויסע און שטאַרקע טישן און בענק, וואָס האָט געקענט אַריינעמען טויזנטער חסידים, געווען אַ גאַנץ יאָר ווי פֿאַריתומט, אויפֿגעלעבט האָט ער נאָר אין די טעג פֿון יאָרצייטן נאָך די גרויסע ראַדאָמסקער רביים דעם תפֿארת שלמה און חסד לאברהם, ווען עס זענען געקומען טויזנטער חסידים אויף די קברים פֿון די אויבנדערמאָנטע רביים. אויף די דאָזיקע געציילטע טעג האָבן אויך געוואַרט די אַלע גבאים און מקורבים וועלכע האָבן זיך אַמאָל געדרייט אַרום דעם „הויף״ און זייט דער רבי האָט פֿאַרלאָזט ראַדאָמסק זענען זיי געבליבן אָן פּרנסה. גאַנץ באַזונדער האָבן אויף די יאָרצייטן געוואַרט די אַכסניה׳לעך, וועלכע זענען געווען צעוואָרפֿן אין דער גאַנצער שול־גאַס און האָבן זיך געשאַפֿן נאָר צוליב דעם „הויף״. אין יענע צייטן האָט דאָס געשעפֿט „געבליט״, חסידים זענען געקומען און אַוועקגעפֿאָרן, מ׳האָט געשריבן קוויטלעך, געגאַנגען „שלום נעמען״ און זיך געזעגענט. לעצטנס האָבן אַלע אַכסניה׳לעך ווי יעקל טיימאַכערס, פֿריילך א.אַ. געפּוסטעוועט. נאָר דריי טעג אין יאָר האָבן זיך ביי זיי פֿאַרפֿולט די צימערן, דאָס איז געווען אין די יאָרצייטן.

די פּני פֿון די ראַדאָמסקער חסידים אין ראַדאָמסק גופֿא זענען געווען אין דער ערשטער ריי די זין, איידעמס און אייניקלעך פֿון תפֿארת שלמה׳ס דריי זין: חסד לאברהם, ר׳ צבי־מאיר ראַדאָמסקער רב, און ר׳ אריה לייבוש. געווען זענען דאָס ר׳ איתמר ראַבינאָוויטש מיט זיין זון שלמה־יצחק, ר׳ יחזקאל ראבינאָוויטש און יצחק ראַבינאָ־וויטש, דריי ברידער זין פֿון אריה לייביש, ווי אויך די קינדער פֿון מאטיל בלאס און די איידעמס פֿון מינטשעלע ראַבינאָוויטש, ר׳ מענדל, פֿרענקל און ר׳ נתן שפּירא. די לעצטע צוויי, שוואָגערס פֿונעם לעצטן ראַדאָמסקער רבין.

ר׳ נתן שפּירא איז געווען דער יינגסטער איידעם. ער איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ חסיד און דערצו אַ גוטער מענטש בטבע און די חסידים האָבן אים גערימט פֿאַר זיין גוטסקייט. אין די לעצטע צייט איז ער אַריבער קיין לאָדזש און געווען דאָרט איינער פֿון די דירעק־טאָרן פֿון דעם גרויסן מאַנופֿאַקטור לאַגער „ווידזעווסקא מאַנופֿאַק־טורא״, וועלכער האָט געהערט צום ראַדאָמסקער רבין. בעת דער מלחמה איז ער פֿאַרוואָגלט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ, געוווינט אויף פֿאַוויע גאַס נר. 5 און ווי דער רוב יידן האָט ער געליטן נויט. עס איז געווען אַ גרויסער צער צוצוזען ווי דער דאָזיקער איידעלער ייד האָט געפּרווּט זיך מפרנס זיין דערמיט וואָס ער האָט אַרומגע־טראָגן צו פֿאַרקויפֿן ביליקע צוקערלעך אין די געוועלבלעך.

**ר׳ מענדל פֿרענקל**

דער צווייטער שוואָגער פֿון ראַדאָמסקער רבין, ר׳ מענדל פֿרענקל, איז אויך געווען אינעם וואַרשעווער געטאָ. זיין לאַגע איז געווען אַביסל אַ בעסערע ווי די לאַגע פֿון ר׳ נתן שפּירא. ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן צוזאַמען מיט זיין זון משה, אַ יינגער בחור, ביים פּיאַסעטשנער רבין, ר׳ קלונימוס קלמן שפּירא, וועלכער איז געווען זיין שטיף ברודער (פֿון איין מוטער). דאָרטן ביים רבין אין הויז איז ר׳ מענדל פֿרענקל מיט זיין זון געווען פֿון די „סמוכים על שולחן־נו״ און פֿאַר דעם פּיאַסעטשנער רבין האָבן די חסידים שוין געזאָרגט, אַז ער׳ זאָל על כל פּנים נישט שטאַרבן פֿון הונגער.

דער שרייבער פֿון די שורות, וועלכער איז געווען נאָך דער מלחמה אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פֿון דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, האָט זיך אָנגעטראָפֿן ביים עפֿענען דעם רינגעלבלום־אַרכיוו אויף אַ העפֿט זכרונות פֿון די ערשטע מלחמה־

טעג אין ראַדאָמסק, געשריבן דורך משה פרענקל. ווי עס ווייזט אויס, איז דער יונגער משה פרענקל געווען באַקאַנט מיט דער געהיימער אַרבעט פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום אין וואַרשעווער געטאָ, עס איז כמעט ווי זיכער אַז אויך די אַנדערע דאָקומענטן וועגן יודנראַט אין ראַדאָמסק וואָס געפינען זיך אין דעם רינגעלבלום־אַרכיוו זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך משה פרענקל.

אָט די דאָזיקע שייכות פון משה פרענקל מיט דעם געהיימען אַרכיוו באַזירט זיך אויך אויף דעם וואָס איינער פון די גאָר וויכטיקע מיטאַרבעטער פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען הרב הובערבאַנדט וועלכער איז געווען אַ חסיד און אַ יוצא ונכנס ביים פּיאַסעטשנער רבין און גאַנץ מעגלעך אַז ער איז עס געווען דער וואָס האָט צוגעצויגן דעם יונגן משה פרענקל צו דער געהיימער אַרבעט פון ד״ר רינגעלבלום.

צווישן די אָנגעזעענע ראַדאָמסקער חסידים האָט זיך אויך גערעכנט ר׳ מענדל לאַנדא. ער האָט געהאַט אַ ווייַן־געשעפט אין מאַרק. די קינדער זיינע זענען אַלע געווען חסידישע און געגאַנגען אין די וועגן פון זייער פאָטער. דער איידעם זיינער איז געווען הרב יקותיאל נתן נטע דער רב פון בריסק ד׳קוי, אַ זון פון לעצטן ראַדאָמסקער רב.

### ר׳ יידל קאָזשיוואָדע

ר׳ יידל איז געווען פון די שאַרפע ראַדאָמסקער חסידים. ער איז געווען דער עלטסטער איידעם פון שמואל גאָלדבערג און שוואָגער פון חיים גאָלדבערג. לויט זיינע שטענדיקע וויכוחים מיט די גערער חסידים האָט מען געקאָנט מיינען אַז דער דאָזיקער ייד האָט פיינט אַלע די וואָס זענען נישט קיין ראַדאָמסקער חסידים. אין דער אמתן האָט ר׳ יידל קאָזשיוואָדע פאַרמאָגט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, ממש אַ ניצוץ פון ר׳ יצחק לוי באַרדיטשעווער. לויט ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן האָט דער דאָזיקער ר׳ יידל מיט זיין פרוי פייגל־דבורה עוסק געווען בסתר אין העלפן יידן, אָן רעש און אָן פרסום, אויסגעהיט פאַר מענטשנס אויגן און אויערן האָט מען באַזאָרגט מיט פלייש אויף שבת פיל געפאַלענע משפחות בעת די גאַס האָט נאָך נישט געוווּסט פון זייער דחקות. ער אַליין פלעגט שטיין יעדן דאָנערשטיק אויף דער נאַכט און פאַקן די פּעקלעך, נאָכטראָגן דעם קויש דעם ווייב און זי האָט בסוד, קיינער זאָל נישט וויסן, אַריינגעבראַכט די שטיצע דאָרטן ווו מען האָט געדאַרפט. דערביי פלעגט ער אַליין בלייבן שטיין אינדרויסן בכדי נישט צו פאַרשעמען די דאָזיקע מקבלים.

### ר׳ שמואל־מאיר שטייניץ

ר׳ שמואל מאיר שטייניץ איז געווען דער איידעם פון ישעיהו בעקער, וועלכער האָט געהאַט זיין בעקעריי אין מאַרק אינעם הויז פון מענדל ר׳ ליפּמאַנס. אין דער דאָזיקער בעקעריי פלעגן חסידים באַקן ערב פסחדיקע מצה שמירה און דאָס געזאַנג פון הלל פלעגט זיך פונאַנדערטראָגן ווייט און ברייט. ישעיה בעקער האָט זיך גאָרנישט געגאַרט אין דעם דאָזיקן איידעם. אַ חוץ דעם וואָס ער איז געווען פון אַ חשובער משפחה, איז ער אַליין געווען אַ למדן, נישט קיין נאַר און אַ פעאיקער מענטש. הגם מען האָט ר׳ שמואל מאירן צוגעזאָגט קעסט, נדן און אַ געשעפט איז אָבער דער שווער לעצטנס פאַראָרעמט געוואָרן און ר׳ שמואל שטייניץ האָט געמוזט זוכן פרנסה פאַר זיין ווייב און קינדער. אַ געוויסע צייט איז ער געווען דער סגן פון מנהל אין דעם ניי־געשאַפענעם חדר פון דער אגודה „יסודי תורה״. ווען דאָס חדר איז אונטערגעגאַנגען איז ר׳ שמואל שטייניץ ווייטער געבליבן אָן פרנסה. זייענדיק אָבער אַן אַרבעטסזאַמער מענטש און נישט וועלנדיק אָנקומען צו קיינעם האָט ער זיך נישט געשעמט מיט קיין שום אַרבעט און איז אָנגעקומען אַרבעטן אין דער גלאָז־הוטע פון פּישמאַנען אַלס אַ געוויינלעכער פיזישער אַרבעטער, דערנאָך אַלס מאַגאַזינער. אין דער גלאָז־הוטע האָט ער זייער שווער געאַרבעט, אויף דער נאַכט אָבער איז ער געזעסן און געלערנט. ווען דער ראַדאָמסקער רבי האָט געגרינדעט אין ראַדאָמסק די ישיבה „כתר תורה״ איז ר׳ שמואל שטייניץ אויפגענומען געוואָרן אַלס ראש ישיבה. אין די ערשטע צייטן איז דער עולם געווען אין אַ ספק צי עס איז געמאַכט געוואָרן דער ריכטיקער אויסוואַל פאַר דעם דאָזיקן הויכן אַמט. דער מרחק פון פיזישן אַרבעטער אין אַ גלאָז הוטע ביז דעם שטענדער פון אַ ראש ישיבה איז געווען אַ צו ווייטער, אָבער מיט דער צייט האָט ר׳ שמואל מאיר שטייניץ אַרויסגעוויזן אַז ער איז ראוי לאותה איצטלא און דער ראַדאָמסקער רעליגיעזער ציבור האָט זיך גענומען באַציען מיט דרך ארץ און כבוד צו דעם נייעם גייסטיקן מנהיג.

די ראַדאָמסקער חסידים האָבן אויך געהאַט זייערס אַ דאָזאָר אין קהילה־ראַט דאָס איז געווען דוד יחיאל זינגער, דער איידעם פון קאָס (דער בעקער).

אויך איינער פון די שוחטים האָט געהערט צו די ראַדאָמסקער חסידים, דאָס איז געווען הענעך דוד כהן, דער־איידעם פון שלמה יצחק ראַבינאָוויטש. דעם דאָזיקן שוחט איז נישט לייכט אָנגעקומען נאָמינירט צו ווערן אַלס שוחט אין ראַדאָמסק נישט געקוקט וואָס ער איז באמת געווען אַ ירא שמים, געקענט לערנען און די שטאָט האָט דווקא אין יענער צייט זיך גענויטיקט אין אַ שוחט. דער ראַדאָמסקער רב איז געווען דערפאַר, די אגודה־פראַקציע אין דער ראַדאָמסקער קהילה איז אָבער געווען קעגן. דאָס זעלבע איז געווען מיט ר׳ נחום אייבעשיץ, וועלכן די קהילה האָט געוואָלט אויפנעמען אַלס מורה הוראה נאָר דער רב איז געווען קעגן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז סיי אין ערשטן און סיי אין צווייטן פאַל האָבן געשפּילט אַ ראָל פּאָליטישע סיבות, אָבער די מאַכט האָט נישט באַשטעטיקט קיין שום כלי קודש אָן דער הסכמה פון ביידע צדדים. נאָך יאָרן מחלוקת זענען ביידע צדדים געקומען צו אַן אויסגלייך און סיי ר׳ הענעך דוד כהן און סיי ר׳ נחום אייבעשיץ זענען אַריינגענומען געוואָרן אין דער רשימה פון די כלי קודש ביי דער ראַדאָמסקער קהילה. לויט דעם דאָזיקן הסכם האָבן אויך גערער חסידים אין ראַדאָמסק באַקומען נאָך אַ שוחט, דאָס איז געווען ר׳ משה בוימגאָלד, דער איידעם פון אברהם יצחק שו״ב, אגב זייער אַן אָרנטלעכער און פעאיקער יונגערמאַן. אַזוי אַרום איז אין יענער צייט דער ראַדאָמסקער ציבור באַרייכערט געוואָרן מיט צוויי נייע שוחטים.

פעם בא היהודי הקדוש מפשיסחא לעיר וולשצובי, ובא בערב שבת לפנות ערב לבית הכנסת, ושמע שילד קטן קורא שיר השירים לפני אביו. הפך היהודי פניו אליו, נטה אוזן קשבת לקול הקורא ושמע כמה רגעים, ואמר: — נו, נו! הקטן הזה אומר שיר השירים כעין שלמה המלך. השומעים חרדו ונבהלו לדברים האלה, והיהודי ניגש אל הילד ונשקו על ראשו.

ואותו ילד היה זה שנתפרסם אחר כך להרב הקדוש מראדומסק, בעל „תפארת שלמה״. ואמר הרב: — הרגשתי את כוח הנשיקה של היהודי עד שנעשיתי בר־מצוה והנחתי תפילין על אותו מקום, ואז ידעתי כי נשיקת היהודי היתה כמו הנחת תפילין.

(מסיפורי חסידים על ה„תפארת שלמה״)

# רבי אַברהמ׳ל קאַליש („דער אַמשינאָווער״)

**זאב סאבא**

מען האָט אים אַלע יאָרן גערופן: „דער אַמשינאָווער רבי״, כאָטש דריי־פערטל פון זיין לעבן האָט ער געוווינט אין ראַדאָמסק און נישט פאַרלאָזן די שטאָט ביז צום טאָג פון זיין טויט.

פון די פריסטע יוגנט־יאָרן ביז אויפן היינטיקן טאָג איז פאַרבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון זיין וווּנדערבאַרע געשטאַלט. איך דערמאָן מיך מיינע ערשטע „באַגעגענישן״ מיט אים מיט 35—36 יאָר צוריק. איך בין נאָך דאַן אַ קליין ייִנגל געווען, פאַרטון אין שפּילערייען, אַ ברויערנדיקער פלעג איך אַרומלויפן צוזאַמען מיט מיינע חברים, לאָבוזעס ווי איך, איבערן רבינס הויף. מיר זענען פאַרקאָכט אין אונדזערע שפּילערייען, ווער עס איז אַ „פערד״ און ווער אַ „פורמאַן״, ווער אַ „גנב״ און ווער אַ „פאָליציאַנט״, דאָס שפּיל איז אין פולן ברען, די פּנימער פלאַמען און די קולות גייען ביז אונטערן הימל. פּלוצים ווערט אַלץ שטיל. ר׳ אַברהמ׳ל האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך אַ פענצטער פונעם גרינעם הויז און מיט איין ווענדונג צו אונדז האָט ער אונדז אַלעמען איינגעשטילט.

און כאָטש די ווענדונג איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ גמרא־ניגון און געזאָגט געוואָרן ווי סתם אין דער וועלט אַריין, דאָך איז עס גענוג געווען כדי אונדז אַרויסצורייסן פון דער וועלט פון „פערד״ און „גנבים״. מיר זענען צוריק געוואָרן ייִדישע, שטילינקע און „בעלי דרך־ארץ׳דיקע״ ייִנגלעך.

אָפט פלעגן מיר זיך אָנשטויסן אָן אים ווען ער איז אַדורכגעגאַנגען דעם הויף. געמאַכט האָט ער עס שטענדיק מיט אייליקע שריט, לויפנדיק כמעט. בעת די דאָזיקע באַגעגענישן האָבן מיר אינסטינקטיוו און מיט יראת הכבוד פריי געמאַכט פאַר אים דעם וועג און מיר האָבן נאָכגעפאָלגט מיט אונדזערע בליקן זיין דאַרע געשטאַלט, אַן איינגעהילטע אין זיידענער קאַפּאָטע, און זיין ברייטן און ווייסן שטערן. יעטוועדער פון אונדז האָט געזוכט אַ ווינקל כדי זיך צו באַהאַלטן ווי מורא האָבנדיק צוניפצוטרעפן זיך מיט זיינע דורכדרינגענדיקע און ברענענדיקע בליקן.

ר׳ אַברהמ׳ל אַליין האָט אָן ספק געבראַכט דערצו, אַז די „פּני״ זאָלן אים פאַרלאָזן. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ מנין קבצנים — די „עשרה בטלנים״ האָבן מיר זיי אין שטאָט גערופן — זיי זענען געווען זיין סוויטע מיט וועלכער ער האָט זיך נישט צעשיידט.

מעגלעך, אַז דער טויט פון זיין איינציקן זון יענקלה וועלכער איז ייִנגערהייט פאַרשניטן געוואָרן, האָט געבראַכט דערצו אַז עס האָט זיך אָפּגעטון פון „הויף״ די חסידישע שמחה און דער חסידישער ניגון. עצבות און דבקות האָבן באַהערשט דעם רבינס שטוב און נישט פאַרלאָזן זי נישט אין די וואָכעדיקע טעג און אַפילו נישט שבת און יום־טוב־טעג. ווי ער וואָלט געוועלן אונטערדריקן אין זיך יעטוועדע נייגונג צו עולם הזה און זיינע תאוות, איז ר׳ אַברהמ׳ל געזעסן טאָג און נאַכט איבערן ספר און אַריינגעטון זיך אין תורה לערנען.

די אָרעמקייט וואָס האָט געהוליעט אין זיין שטוב מיט אַ ברייטער האַנט איז אים אינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען — נישט אַזעלכע ענינים האָבן באַשעפטיקט זיין געדאַנק — וואָס עס האָט אים ווייגעטון איז, אַז דער גייסט פון ייִדישקייט פאַרשווינדט פון צווישן דער ייִדישער יוגנט אין שטאָט. ס׳איז גענוג געווען, אַז עמיץ פון זיינע חסידים זאָל קומען אים דערציילן, אַז עטלעכע פרויען וואָס האָבן געוואָלט צוקוקן זיך צו די „הקפות״ אין שמחת־תורה זענען אַריבער די שוועל פון דער מענער־שול, אַז ער זאָל זיך אַ רייס טון און לויפן, כולו פלאַם און פייער אין שול אַריין, אַרויף אויף דער בימה און אַ וויינענדיקער שרייען אויף די גרויסע זינד וואָס קאָן מיט זיך ברענגען אַן אומגליק אויף דער שטאָט. עס האָט נישט קיין סך געפעלט ער זאָל פאַרוואַנדלען די שמחת־תורה אין אַ תשעה־באב, ביז ער האָט ענדלעך באַוויזן צו פאַרטרייבן די פרויען.

עס פלעגט אויך טרעפן, אַז צו אים איז דערגאַנגען ווען אַ ייִדישע פריזיערניע וואָס אַרבעט פרייטיק שפּעטלעך, איז ער געלאָפן אין שפּיץ פון עטלעכע חסידים זיינע צו דער זינדיקנדיקער פריזיערניע און האָט דאָרט אָנגעמאַכט פשוט אַ חורבן. קיין שום זאַך האָט אים נישט צוריקגעהאַלטן פון שטיין אויף דער וואַך פון שבת, נישט די פאָליציי און נישט דאָס געריכט.

עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַ ייִדישע פוטבאָל־מאַנשאַפט האָט געשפּילט מיט אַ נישט ייִדישער מאַנשאַפט אום שבת און די זאַך איז דערגאַנגען צו ר׳ אַברהמ׳ל. נישט לאַנג טראַכטנדיק האָט ער זיך אַריינגעריסן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ אַוועקגעשטעלט זיך אינמיטן פּלאַץ און נישט געלאָזט ווייטער פירן דאָס שפּיל ביז די ייִדישע מאַנשאַפט האָט פאַרלאָזן דעם שפּילפּלאַץ.

מיט אַזעלכע מעשים האָט ר׳ אַברהמ׳ל זיך געקויפט דאָס האַרץ פון ייִדישן ראַדאָמסק. עס איז נישט מעגלעך געווען נישט צו באַוווּנדערן זיין טיפן גלויבן און זיין איבערגעבנהייט בלב ובנפש דעם דאָזיקן גלויבן.

אַזוי האָט ר׳ אַברהמ׳ל פאַרבראַכט זיינע יאָרן אין אָרעמקייט און ענִיוות, אַ פאַרטיפטער שטענדיק אין לערנען גמרא און באַהערשטער פון טרויער. נאָר זיין אייניקל, דער זון פון זיין איינציקער טאָכטער, דעם אָטוואָצקער רבינס שנור, נאָר דאָס קליינינקע קינד האָט באַוויזן פון צייט צו צייט אַרויסצוברענגען אַ שמייכל אויפן טרויעריקן געזיכט פון זיידן.

ווען ראַדאָמסק איז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן בעת דער גרויל תקופה פון זייער הערשאַפט איז ר׳ אַברמל׳ס לאַגע געווען ערגער פון אַנדערע ייִדן. ווי אַ מענטש וואָס איז פאַרטון אין ספרים, און ווייט פון לעבן, איז ער געווען תמיד אויסגעטון פון יעדוועדער פעאיקייט זיך צוצופאַסן צו דער ווירקלעכקייט. דערצו נאָך האָבן אַלע שונא־ישראל אין שטאָט געקענט דעם רבישן הויף און געזען אין איר די פעסטונג פון ייִדישן גייסט וועלכער דאַרף פאַרטיליקט ווערן.

די ליידן און פּיין האָבן געטון דאָס זייעריקע. די מענטשן זענען געווען פאַרטון מיט זיך און זייערע אייגענע צרות און פאַרגעסן אָפט אָן זייער אומבאַהאָלפענעם רבי׳ן. דאָך דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז אַ סך ייִדן אין שטאָט האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייער מויל טיילנדיק דעם ביסן מיט דעם רבי׳ן. נאָך אַ געוויסער צייט האָט דער ייִדן־ראַט באַשטימט פאַר דעם רבי׳ן אַ סטאַבילע כאָטש זייער באַשיידן געהאַלט. דאָ דאַרף אויך דערמאָנט ווערן אַז עס האָבן זיך אַפילו געפונען עטלעכע רייכע פויערים וואָס האָבן געשיקט פון צייט צו צייט דעם ר׳ אברמ׳ל אַביסל קאַרטאָפל, בוראַקעס, מייערן אדג״ל. דער רבי אָבער האָט ווי זיין שטייגער פאַרטיילט די באַקומענע פּראָדוקטן צווישן די נויטבאַדערפטיקע, הונגערנדיק אַליין.

אינעם שווערן ווינטער פון יאָר 1940 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע טראַנספּאָרטן מיט לאָדזשער פּליטים. די בתי־מדרשים און שולן האָבן זיך אין גיכן פאַרפולט. צווישן די מאַסע פאַרטריבענע האָבן זיך געפונען אַ סך קראַנקע, אַלטע לייט און קינדער. דעם אַמשינאָווער רבינ׳ס שטוב איז געווען אָפן פאַר די דאָזיקע אומגליקלעכע. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין נאַכט האָט דעם רבינ׳ס קיך געווימלט מיט אומגליקלעכע מוטערס און זייערע זויגקינדער. אַ חוץ די פּוילישע צורריי ישראל האָבן זיך אין ראַדאָמסק געפונען עטלעכע פאָלקסדייטשן, וואָס זענען אַריינגעטראָטן אין דער אָרטיקער פּאָליציי

נאָך דער דייטשער אקופּאַציע פון דער שטאָט, און אָנגעטון די יידן געברענטע צרות. צום אומגליק האָבן זיי איינגעאָרדנט די פּאָליצייסטאַציע אין דער יידישער געגנט, אין הומבלעטס הויז, און דאָס איז געווען אַ קוואַל פון אָן אַ סוף צרות און פּיין.

איך דערמאָן זיך אָן א געוויסן חנוכה־אוונט, ווען די שטאָט־פּאָליציי האָט זיך צוזאַמען מיט די ס. ס.־לייט אַריינגעריסן אין דער דירה פון פּייוול בוגאיסקי. ווי די שדים מלאכי חבלה זענען זיי אַריינגעפאַלן אין שטוב און געצווונגען אונדז אַלעמען אַרויס אין גאַס. אַרויסקומענדיק פון שטוב האָב איך באַמערקט ווי די פאַרשנייטע גאַס איז פול מיט ליידן. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט שלעכטס. צופעליק זענען מיר געשטאַנען אַנטקעגנאיבער דעם רבינ׳ס פענצטער. פון אַלע זייטן האָבן געשטראָמט געפּלאָגטע, געטריבענע און געיאָגטע יידן. די רוצחים האָבן זיך אומגעקערט און אָנגעציילט 500, 600, 700, אָבער פיכנער, דער פירער פון די מערדער האָט געמאַכט גוואַלדן, אַז זיי דאַרפן ברענגען אויפן פּלאַץ נישט ווייניקער ווי טויזנט יידן.

אינמיטן דערינען האָט זיך איינער פון די פּאָליציאַנטן־פאָלקסדייטשן דערנענטערט צו פיכנער׳ן און אָנווייזנדיק אויף דעם באַלויכטענעם פענצטער געזאָגט אין אַ צעבראָכענעם דייטש: ,דא וווינט דער ראַבינער׳. דער מערדער פיכנער האָט געקאָכט פון כעס. ער איז צוגעגאַנגען צו דער ערשטער שורה אַרויסגענומען פון איר פיר מענטשן און זיי באַפוילן במשך פון זעקס מינוט אַראָפּברענגען דעם רבין.

דער צופאַל האָט געוואָלט אַז אַלע פיר זענען אויסגעוואָקסן אין רבינ׳ס סביבה. דאָס זענען געווען אברהם־בונים אייזען, בעריש הערבערט, יעקב אייכנער און דער שרייבער פון די שורות. ווי פאַרשטיינערט זענען מיר געבליבן שטיין נישט קענענדיק זיך רירן פון אָרט. צווישן געשרייען און קלעפּ וועלכע האָבן זיך געשאָטן אויף אונדזערע קעפּ האָבן מיר זיך באַוויגן אין דער ריכטונג פון רבינס הויז. צוקומענדיק צו דער טיר האָבן מיר אַ ווײַלע זיך פאַרהאַלטן צוהערנדיק זיך צום שטילן גמרא־ניגון וואָס איז דערגאַנגען צו אונדז פון אינעווייניק. זעענדיק אַ ליכט־שטראַל וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט דורך דעם לאָדן, האָט פיכנער אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און שרייענדיק: „ער שלאָפט נאָכנישט דער הונט" און אַריינגעשאָסן אין פענצטער. מיר זענען אַלע געשטאַנען ווי געליימטע. נאָך אַ ווײַלע האָבן זיך געלאָזט הערן שוואַכע פאַמעלעכע שריט. אין דער טיר וואָס האָט זיך געעפנט האָט זיך אַריינגעריסן פיכנער מיט דעם רעוואָלווער אין האַנט און מיר נאָך אים. דאָס בילד וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן וועל איך קיינמאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן. פיכנער איז שטיין געבליבן מיטן רעוואָלווער אין האַנט, ווי דאָס לשון וואָלט אים אָפּגענומען געוואָרן. אַנטקעגן אים איז געשטאַנען ר׳ אברהמ׳ל, זיין פּנים איז געווען בלאַס, זיינע גרויסע אויגן דערשראָקענע. ער האָט געטראָגן ווייסע קליידער און א טלית־קטן וועלכנס ציציות האָבן דערגרייכט ביז צו די ווייסע זאָקן. איך האָב געפילט ווי עס קומט דאָ פאָר אַ געראַנגל צווישן צוויי קעגנזעצלעכע כוחות. ביידע זענען געשטאַנען שטומע און געקוקט איינער אויפן צווייטן. פאַמעלעך האָט דער מערדער אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער און נישט אויפהערנדיק צו קוקן אויפן רבין האָט ער זיך אָנגעהויבן הינטערווײַלעכץ אַרויסרוקן. ביי דער טיר האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און שעפּטשענדיק אונדז געפרעגט: „איז דאָס דער רבי? און ווען עמיץ פון אונדז האָט עס באַשטעטיקט, האָט פיכנער געזאָגט: „שוטה איינער דאָס דו ביזט, דאָס איז דאָך אַ געטלעכער מאַן און נישט סתם אַ מענטש. און אַ פאַרטראַכטער האָט ער פאַרלאָזן דאָס הויז. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן טיף אָפּגעעטעמט וואָס מיר זענען אַרויס פון דער צרה.

נישט שטענדיק אָבער געשען נסים. פיל האַרבער איז געווען דער פאַל פון די צוויי פּאָליציאַנטן פאָלקסדייטשן, אַבראַמאָוויטש און נעלנער? וועלכע האָבן אָנגעשטויסן זיך זוכנדיק אַ יידישן קרבן אויף דעם רבינס שטוב און געפונען אים ווי שטענדיק אַ זיצנדיקן איבער אַ ספר. די צוויי רוצחים האָבן אָנגעהויבן אים באַשיטן מיט קלעפּ און אין זייער רציחה האָט איינער פון זיי, נעלנער, גענומען אַ שוועבעלע און אונטערגעצונדן דעם רבינ׳ס באָרד. אין זיין גרויסן ווייטיק האָט דער רבי אַרויסגעלאָזן אַ קללה קעגנאיבער דעם רוצח׳ אַז זיין האַנט זאָל אים אָפּגעהאַקט ווערן נישט צוגעבנדיק דערצו גאָרנישט. אויף די געשרייען פון רבי׳ן האָבן זיך פאַרזאַמלט מענטשן און נאָך בעטענישן און שוחד פון עטלעכע הונדערט זלאָטעס האָבן זיי באַוויזן צו ראַטעווען דעם רבי׳ן פון די רוצחים׳ס הענט.

במשך פון אייניקע וואָכן איז דער רבי געלעגן אין בעט און די צוויי רוצחים האָבן ווייטער געטון זייער אוממענטשלעכע אַרבעט ביז זיי זענען אַריינגעפאַלן. מען האָט ביידע געכאַפּט ביי אַ גניבה און דערווייטערט זיי פון דער פּאָליציי. נישט האָבנדיק קיין ברירה האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייערע פאַכן מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַשעפטיקט איידער זיי זענען עולה לגדולה געווען. אַבראַמאָוויטש איז צוריק געווארן א גערטנער און נעלנער, דער וואס האט אונטערגעצונדן דעם רבינ׳ס באָרד, האָט זיך גענומען צוריק צו זיין פאַך ווי אַן קוואַליפיצירטער אַרבעטער אין דער מעבל־פאַבריק פון טהאנעט מונדוס.

בעת ער האָט אַ מאָל געאַרבעט ביי דער העבל־מאַשין האָט זיך נעלנערס האַנט איינגעקלעמט צווישן די וואַלקעס און אַ העלפט פון איר איז צעשמעטערט געוואָרן.

די ידיעה דערוועגן האָט זיך גיך פאַרשפּרייט אין שטאָט. אַסך האָבן דערין געזעען דעם רבינ׳ס קללה און געהאָפט אַז די נקמה וועט דערגרייכן אויך אַלע דייטשן פאַר זייערע ווילדע מעשים קעגן יידן. עטלעכע וואָכן נאָכדעם ווי נעלנער איז אַרויס פון שפּיטאָל מיט דער אָפּגעהאַקטער האַלבער האַנט, בין איך געווען אַן עדות ווי די צוויי זענען געקומען צום רבי׳ן און האָבן געבעטן זיך ביי אים ער זאָל זיי מוחל זיין זייערע מעשים, דער רבי אָבער האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. די צוויי האָבן געוויינט, פאָרגעשלאָגן געלט און אויסגעדריקט זייער חרטה, דער אָבער איז געבליבן נישט גערירט. העכער אַ שעה צייט האָבן געדויערט די תחנונים און בעטענישן פון די צוויי רוצחים ביז עס האָבן זיך אַריינגעמישט דעם רבינ׳ס מקורבים, צווישן זיי געדענק איך ר׳ יצחק רובין, יצחק און אהרן־יידל לאנדוי, דוד־יחיאל זינגער, יחזקאל פּרענטקע, ישראל גליקסמאַן און אַנדערע. נאָר אַ דאַנק זייער אינטערווענץ האָט דער רבי געזאָגט, אַז ער איז זיי מוחל, די האַנט אָבער האָט ער זיי בשום אופן נישט געוואָלט דערלאַנגען.

דערווייל האָט זיך די לאַגע אין יידישן געטאָ פאַרערגערט. די דערשיטערנדיקע מיט זייער אכזריות גזירות האָבן זיך כסדר פאַרשטאַרקט. דאָס לעבן איז געוואָרן נישט צו דערטראָגן. דער רבי, אַליין אַ דערשלאָגענער און צעבראָכענער, האָט מיט אַלע כוחות באַמיט זיך צו טרייסטן דעם עולם. פאַר די וועלכע האָבן פאַר אים אויסגעוויינט זייער האַרץ האָט ער שטענדיק געפונען ווערטער פון טרייסט און דערמונטערונג.

אין יאָר 1942 ווען דער טויט האָט אָנגעהויבן שפּרייזן איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך איז דערגאַנגען צום רבי׳ן די טרויעריקע בשורה אַז זיין איידעם, דעם אָטוואָצקער רבינ׳ס זון, איז דערמאָרדעט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין משפּחה אין אָטוואָצקער וואַלד. מיט אַ שווער האַרץ האָט ער עס איבערגעגעבן זיין טאָכטער, דער פרוי פון דערמאָרדעטן, וועלכע האָט אין דער מלחמה־צייט געוווינט אין זיין שטוב. קרעכצנדיק אַז עס האָט זיך דאָס האַרץ צעריסן, האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן פוסבענקל צו זיצן „שבעה".

דעם דריטן טאָג נאָכן דערהאַלטן די ידיעה האָט דער רבי גערופן צו זיך אַ מנין יידן צו מנחה און מעריב דאַווענען. מיט אַ שטילער שטימע פול צער און ביטערניש האָט ער געזאָגט קדיש. נאָכן ענדיקן

די תפילה איז ער שטיין געבליבן ביים עמוד, מיט דעם קאָפּ אַריינגעטאָן אין די הענט. בעת זיין גוף האָט געציטערט פון וויינען. פלוצים האָט ער זיך אַ ווענד געטון צו די מענטשן און אין אַ שטילער שטימע אָנגעהויבן זינגען אַ ניגון פול מיט דבקות. (די פאַרזאַמלטע זענען דערשטוינט געבליבן צוליב דער פלוצימדיקער ענדערונג און זייערע בליקן האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין רבינ׳ס געשטאַלט). פון זיין גליענדיק פנים און די לויכטנדיקע אויגן האָט מען געקענט דרינגען, אַז אָט האָט זיך דער רבי מתגבר געווען איבערן שטן און זעט מיט די אויגן פון זיין גייסט די דערנענטערנדיקע זיך גאולה. דער רבי איז שטיל געבליבן און געהייסן רופן די רביצין, די טאָכטער און ברענגען דאָס דריי־יעריק אייניקל ווי אויך אָנצינדן ליכט און ברענגען „כיבוד״. נאָכדעם ווי מען האָט געגרייט די טישן האָט זיך דער רבי אַוועקגעזעצט פון אויבן אָן האַלטנדיק אויף די קני דאָס אייניקל דעם קליינינקן שלמה׳לען. מיט אַ ציטער־דיקער שטים האָט ער אָנגעהויבן בענטשן אים ער זאָל זוכה זיין צו זען נחמות און אויפנעמען משיח׳ן. זיין שטים איז כסדר געוואָקסן און צום סוף האָט ער אויסגערופן: „מזל טוב, מזל־טוב יידן! די ווארקער און אָטוואָצקער קייט וועט נישט צעריסן ווערן פון איצט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט שלמה׳לע זיצן אויף דער אָטוואָצקער רבנות שטול״. די פאַרזאַמלטע טרינקען לחיים, ווינטשן דעם רבי׳ן און דעם אייניקל און פון זייערע אויגן פליסן טרערן. צווישן די ווייבער ברעכט אויס אַ יללה און דער רבי רופט אויס מיט טרערן אין די אויגן צו די פאַרזאַמלטע, אַז זיי זאָלן זיך שטאַרקן ס׳איז דאָך אַ טאָג פון פרייד פאַר אונדז אַלעמען און אינעם זכות פון יינגיטשקן צדיק וואָס איז ריין פון יעטוועדע זינד, וועט זיך דער אויבערשטער מרחם זיין איבערן יידישן פאָלק... טרינקען יידן לחיים!... און ביטערע קרעכצן רייסן זיך אַרויס פון זיין מויל...

מיט שטילע טריט און הערצער פול מיט צער זענען זיך די פאַרזאַמלטע פונאַנדערגעגאַנגען אין זייערע שטובן.

ווינטער 1942 האָבן אָנגעהויבן דערגיין די שרעקלעכע שמועות וועגן טויט־טראַנספּאָרטן. דאָס האַרץ וויל נישט גלויבן אָבער נישטאָ קיין רעטונג. עס הייבט זיך אָן אַ לויפעניש נאָך פאַרשידענע מינים תרופות. יידן פאַרשאַפן זיך פאַר גרויסע געלטער צייגנישן פון פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער, וואָס דאַרפן כלומרשט באַשיצן פון שרעקלעכן גזר דין.

צוויי טעג נאָך ראש השנה, האָבן זיך באַוויזן אין רבינ׳ס שטוב, דער פרעזעס פון יודנראַט גוטשטאַט און פיינסקי. די צוויי האָבן געבראַכט דעם רבי׳ן אַ „דורכגאַנגס־שיין״ און געלט און אים געראָטן ער זאָל פאַרלאָזן די שטאָט און פאָרן קיין פּילץ. דער רבי קוקט אויף זיי מיט אויסגעלאָשענע אויגן און פרעגט אַ פאַרוווּנדער־טער: „פאַרוואָס זאָל איך פאַרלאָזן די שטאָט אין וועלכער איך האָב געוווינט העכער אַ העלפט פון מיין לעבן?״ די צוויי הויבן אָן צו דערקלערן, אַז אין פּילץ איז שוין פאַרביי די „אַקציע״ און דאָס לעבן איז דאָרט זיכערער, בעת ראַדאָמסק איז נאָך פאַר דער „אַקציע״ און ווער ווייס וואָס עס דערוואַרט אירע איינוווינער. גלייכער, בכן, אַז דער רבי זאָל וואָס פריער אַוועקפאָרן מיט זיין משפחה פון דאַנען. דער רבי הערט זיי אויס און איז נישט תופס פאַרוואָס ער זאָל פלוצים פאַרלאָזן די שטאָט און ווערן פּילצער רבי. און דער רבי פרעגט וואָס איז געשען מיט דעם פּילצער רבין? פיינסקי, וועלכער איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געווען אין רבינ׳ס שטוב און וועלכער האָט ווי לאַנג ער לעבט נישט גערעדט מיט אים אַ וואָרט, שטייט איצט אַ פאַרוווּנדערטער אַנטקעגן דעם מענטשן וואָס וויל זיך נישט ראַטעווען פון דער געפאַר, עקשנט זיך איין און וויל נישט אָנ־נעמען די צייגניש וואָס פיל וואָלטן פאַר איר אַוועקגעגעבן זייער גאַנץ פאַרמעגן. כאָטש פיינסקי איז געווען אַן אַסימילאַטאָר, איז ער געווען אַן ערלעכער און גוטער מענטש. ער האָט אַמאָל געפּרוווט אויפקלערן דעם רבין די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע. מיר ווילן נישט — האָט ער געזאָגט — פאַרטרייבן דעם רבין פון שטאָט, אָבער די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט געפינט זיך אין אַ גרויסער סכנה און מיר ווילן אַז דער רבי זאָל ניצול ווערן פון דער דאָזיקער סכנה.

איידער פיינסקי האָט נאָך באַוויזן צו ענדיקן זיינע ווערטער, איז דער רבי אויפגעשפּרונגען און אָנגעהויבן שרייען: וואָס האָסטו געזאָגט? אַלע יידן פון שטאָט געפינען זיך אין אַ סכנה און איך וועל זיי פאַרלאָזן? אַזעלכעס וועט נישט געשען. איך האָב געקענט לעבן מיט די דאָזיקע יידן וועל איך אויך קענען שטאַרבן מיט זיי צוזאַמען. זאָגנדיק דאָס האָט ער צעריסן אויף שטיקלעך די צייגניש וואָס איז געלעגן פאַר אים אויפן טיש אויסרופנדיק: אַזוי וועט צעריסן ווערן דער גזר דין פון אַלע יידן!

דעם 9טן אָקטאָבער 1942 האָב איך געזען דאָס לעצטע מאָל דעם אַמשינאָווער רבי צווישן אַ מאַסע פון טויזנטער יידן וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ פאַר דעם קהילה־ראַט בנין.

די „אַקציע״ איז געווען אין פולן ברען און ווען דער הויפּט־מערדער קאַמפּיניק האָט געהייסן אַלעמען זיך אַנידערזעצן איז דער אַמשינאָווער רבי געווען דער איינציקער וואָס איז שטיין געבליבן בעת זיין בליק נעמט אַרום די גאַנצע עדה.

דעם 12טן אָקטאָבער איז דער רבי אַרויסגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע ראַדאָמסקער יידן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעב־לינקע. דאָרט האָט ער אויסגעהויכט צוזאַמען מיט אַלע יידן זיין הייליקע נשמה.

מתחילה סירב הצדיק ר׳ שלמה מראדומסק, בעל „תפארת שלמה״, לקבל עליו את עול האדמו״רות. בשבוע שלפני חג השבועות, כשראה שנתאספו אליו המון חסידים מערים שונות, להסתופף בצלו בימי מתן תורה, התחיל לגעור בהם ולצעוק מרה שיסעו לדרכם, כי הוא איננו רבי, ולא יתן להם להיכנס אליו. למחר משראה שהחסידים אינם שומעים בקולו והקהל הולך ורב, החליט ועשה מעשה: עזב את כל ה„עולם״ ונסע בכבודו ובעצמו להצדיק ר׳ יחזקאל מקוזמיר לחוג שם את החג.

כשבא לקוזמיר נתן לו ר׳ יחזקאל שלום בתמיה רבה ואמר: — מה זה עשה מר? הייתכן להניח עדת ישראל כצאן אשר אין להם רועה ולברוח מאתם? הלא על הפסוק „וירד משה מן ההר אל העם״ פירש רש״י: „מלמד שלא היה משה פונה לעסקיו, אלא מן ההר אל העם ומן העם אל ההר״... השיב ה„תפארת שלמה״: אבל משה רבינו היה על־כל־פנים אצל הר סיני, והלא אף אני רוצה להיות אצל הר סיני...

ואותו חג השבועות היה מפורסם בעולם החסידים. הזקנים שבדור היו אומרים, כי מי שלא היה שם באותו שבועות, לא טעם טעם שבועות מעולם. הקוזמירי כיבד את הראדומסקאי ב„אקדמות״, שכן היה ה„תפארת שלמה״ מנגן נפלא. כשעלה על הבמה יחד עם שמונים איש משוררים ומנגנים, וכולם יחד השמיעו צלצלי תרועת הזמרה והנגינה, וקול הראדומסקאי הולך וחזק מאוד ועולה על גביהם, נדמה היה שכותלי בית־הכנסת רעדו והשמשיות שבחלונות חרדו חרדה גדולה, וכל הקהל פג לבם ונתבטלו חושיהם מעריבות מתיקות השירה והזמרה. (מסיפורי חסידים על ה„תפארת שלמה״)

חלק שלישי / דריטער טייל

## התוכן - אינהאלט

# דיוקנאות מן העבר

**שלמה זעירא**

כמו מבעד ערפל כבד נראים לי עכשיו הזמנים בהם עברו עלי שנות ילדותי הראשונות בראדומסק. בעודני צעיר עזבתי את העיר ובינתיים טושטשה דמות־דיוקנם של האנשים שסובבוני בשנים ההן.

אודה ולא אבוש כי בשנות בחרותי, בתקופת החלוציות בא״י, כמעט והשתדלתי לשכוח את האנשים הטובים הללו, את סביבתם, את שיחם ושיגם ואת מידותיהם הטובות והרעות.

היום, כאשר אתה מפנה את מחשבתך ל„שם״ ול„אז״, יש ומבעד הערפל הכבד נגלה לך אור מיוחד במינו, אור זה הדור, אשר חי בתקופת ילדותך, בתקופת בין־השמשות, בעת שקיעתה של היהדות „העתיקה״, הנאנחת תחת עול הגלות והמצפה למשיח שיבוא רכוב על חמור, ובשעת זריחתה של היהדות החדשה, יהדות האוטואמנסיפציה.

קשה להעלות על הניר את זכרון כל אלה שראויים לכך, כי רבים הם. ומדי דברי בם, זכור אזכרם ומעי יהמו בי. בשורות הבאות אנסה לשרטט אי־אלו דמויות אשר משום־מה זכרונם נחרת עמוק בלבי.

### צלילי „התקוה״ הראשונים

אם אינני טועה היתה דירת הורי הראשונה בבית אדולף לבקוביץ ברחוב שחצה את פסי הרכבת — רחוב ברזניצקא.

והנה לבעל־הבית, מר אדולף לבקוביץ, היתה חצוצרה, מעין זו בה היו משתמשים מכבי־האש העירוניים. בערבי ימות־הקיץ היה מר אדולף רגיל להשמיע בחצוצרה שלו מנגינה חדשה, שדובבה ללב ושטרם עמדתי אז על תוכנה ומשמעותה. לא היתה זו מנגינת בית־הכנסת (בכלל לא נראה לי מר אדולף מבאי בית־כנסת...) ולא זמר יהודי עממי אחר, אלא משהו חדש. רק כעבור זמן מסויים נודעה לי במקרה, טיבה של המנגינה ושורשה, ודבר זה העלה בעיני את מר אדולף לעילא ולעילא. ומעשה שהיה כך היה.

בשנת 1906 — אם אינני טועה — הוכרז בעיר „מצב־חרום״. על כל העיר הוטל עוצר קפדני החל משעה 8 בערב וכל מי שהעיז להיראות ברחוב אחרי שעה זו עלול היה להיאסר ע״י משמרות פרשי הקוזקים ואף לטעום טעם מגלב קוזק רוסי. באחד הערבים הייתי אצל סבי, רב יחזקאל ז״ל וקרוב לשעה שמונה שבתי הביתה בלווית מר פלמאן, דייר הבית השכן. בהיותנו כבר במרחק כמה עשרות מטרים מהבית שמענו קול שעטת פרסות סוסים וקריאה: „סטוי!״ (עצור!) התחלנו לרוץ. הספקנו עוד להיכנס לשער בית פלמן ולסגור אחרינו את פתח השער על הבריח. כעבור שנייה דפק קוזק בקת־רובהו בשער וצעק: „פתחו! ואם לא — אירה!״. מופחדים ורועדים עמדנו על מקומנו ושתקנו. אחרי שהחיל הסתלק ודממה השתררה ברחוב, פתח מלווני את פתח השער, הוציאני החוצה ופקד עלי ללכת בלאט הביתה. בלב רועד הגעתי לבית לבקוביץ, בו גרנו. בחצר פגשני בעל־הבית והתפלא על בואי בשעת העוצר. סיפרתי לו את פרשת המקרה וסיימתי באנחה „אוי!״. הוא התקרב אלי ולחש באוזני: „עודך קטן, יתכן ועוד תזכה לחיות בארץ־ישראל״. בתומי, תום ילד בן ארבע, שאלתיו: „היבוא המשיח?״. „בודאי יבוא!״ — ענני. „ומדוע איננו שומעים את שופרו? אומרים, שלפני בואו יתקע בשופר גדול״ — אמרתי והראתי לו בכך את בקיאותי. „האינך שומע לפעמים את חצוצרתי? זהו השופר שלי״ — סיים את השיחה. סבור הייתי שהוא לועג לי. רק כעבור שנה־שנתיים נודע לי, כי מנגינת החצוצרה היתה שיר „התקוה״.

### עמלים כחולי־זקן

מטרלינק הסופר כתב את „הצפור הכחולה״ ומשוררים אחרים מדברים לפעמים דרך משל על „דם כחול״ ואילו אני ראיתי במו עיני יהודים עמלים, עובדים וזקניהם — זקני שער כחול.

בעודני ילד קטן ואני בא מפעם לפעם לבקר בבית סבי, רב הערשעלע ז״ל, והנה לתמהוני אני נתקל בחצר ביהודים כחולי־זקן וכחולי־שפם. זמן רב עבר עד שהתברר לי פשר הדבר. בחצר סבי היה בית־חרושת קטן ל„מקלות״ אולטראמרין, צבע־כחול לכביסה; אגב לישת הבצק הכחול וחיתוכו למקלות ספגו גם הזקנים את אבקת הכוחל וקיבלו את גוון התכלת, וכך הופיעו יהודים־פועלים כחולי־זקן ושפם.

אגב, שמעתי פעם מפי סבי, כי פדידריך בייער הגרמני, מיסד הפירמה הידועה לצבעים ורפואות „בייער״, בא פעם לראדומסק והציע לו, או לאביו, הסבא רב משה, להקים בשותפות בראדומסק בית־חרושת לצבע אולטראמרין. הכוונה היתה, לחסוך את דמי־המכס הגבוהים שהרוסים הטילו על סחורות גרמניות. הסבא לא קיבל את הצעתו ובית־החרושת נבנה אז בעיירה קטנה ע״י העיר ריגה.

### המתמיד

תקופת המעבר של שינוי ערכין אצל הנוער המקומי החלה מיד עם כניסת הצבא הגרמני לעיר במלחמת העולם הראשונה. הרבה בחורים אשר עד אז היו יונקים מן המסורת והתלמוד ורק בשעה של לא יום ולא לילה הסתכלו בספרי־השכלה, פנו עכשיו ללימודי־חול בפרהסיה ובעסק גדול. מהם נמשכו בכל חום מזגם אחרי בעיות הזמן, מי לציונות ומי לבונד. ואילו אחרים פנו ללימודים על מנת לקבל תעודת־גמר. מובן, שחינוכם המסורתי, לימודם הקטוע ואף גילם עמדו להם לשטן על דרכם. רק מעטים הגיעו למטרתם תודות לשקי־דתם הגדולה וכוחם־סבלם הרב. אחד המתמידים האלה היה ידידי יעקב אַהרונוביץ ז״ל (אחר־כך ד״ר לרפואה בראדומסק). אף על פי שהיה גדול ממני בכמה שנים, היה נוטה להיכנס אתי בשיחות על לימודיו בכלל ועל סוגיות מיוחדות בפרט. הלימודים לא היו אצלו עול שהוטל עליו מלמעלה, כדי להיבחן בהם ואחר־כך להיפטר מהם, כרגיל אצל תלמידים בבתי־הספר. הלימודים היו עבורו חוויה, מעין עונג רוחני, שלאוו כל אדם זוכה להגיע אליהן ומכל־שכן להשיגן כראוי ולהבינו. הוא היה דש בכל סוגיה קלה כחמורה, בכל סעיף ובכל פסוק כמין חומר, וכל מה שמובן ופשוט וטבעי אצל תלמיד רגיל היה אצלו מעין גילוי מיוחד, שכדאי לברך עליו בשם ומלכות.

שנינו עזבנו את העיר באותה הרכבת לחו״ל. (חודש לפני זה היינו שנינו בפייטרקוב על מנת לקבל היתר יציאה לחו״ל בתור סטודנטים. בדק אותנו קצין צבא זקן שרצה לדעת, מדוע אנו חפצים ללמוד דווקא בחו״ל. עניתי לו בקיצור נמרץ מה שעניתי ואילו יעקב פרש לפניו יריעה שלמה ורחבה על החינוך וההשכלה וכמעט שגילה לו מה שלא היה צריך לגלות... הזקן התרשם מן המשכיל המתלהב ואישר את יציאתו לחו״ל). מי שלא ראה את שמחת יעקב בנסעו ברכבת לשוויצריה ללמוד, לא ראה שמחת אדם מאושר מימיו. מרוב שיחה עם נוסעים אחרים הזניח את המטען, וכשהגענו לעיר פוזן נמסר לו, כי מטענו לא הגיע. חכיתי בעיר זו 24 שעות מתוך תקוה שבינתיים תמצא האבדה ונוכל להמשיך בדרכנו יחד. אבל המטען לא הגיע ונפרדנו איש מחברו. זאת היתה שיחתנו האחרונה. המתמיד המשיך אח״כ בלימודיו וכעבור שנים מספר הוסמך כד״ר לרפואה.

### המשכיל

איש יהודי היה בראַדומסק, ענו וצנוע, ושמו מנדיל פיינזילבר. בר־אורין ובר־אבהן; היה שולט במכמני ספרותנו העתיקה והחדשה ובלשון העברית ומקובל כתלמיד־חכם מופלג. פרנסתו היתה על חנות קטנה. אבל, לאמיתו של דבר היתה זו התעסקות אגב־אורחית. עיקר התעסקותו היתה חקר התנ״ך, הספרות והפילוסופיה.

זמן־מה אחרי כיבוש העיר ע״י האוסטרים עלה בידי לקבל רשות

נסיעה לעיר פייטרקוב. סיפרתי על כך לאחד מחברי. למחרת, השכם בבוקר, בא אלי החבר ובפיו בקשה גדולה, לא, חלילה, בעניניו הוא, אלא בענין דחוף הנוגע למנדיל הנ״ל.

נעניתי להפצרותיו וניגשנו אליו. מנדל פיינזילבר, שזו היתה פגישתי הראשונה אתו, לקחני הצידה ובדחילו ורחימו סיפר לי, כי זה הדשים אינו רואה שינה בלילות משום שבעיה חמורה, שמקורה בתנ״ך, מענה אותו. והואיל ולפי דעתו נמצא בפייטרקוב יהודי (אם איני טועה, היה שמו פנחס ברון, שעלה אחר כך ארצה) שבכוחו לפרש לו את הבעיה, בקשתו ממני לגשת אליו, למסור לו מכתב ואף להביא ממנו תשובה. בפייטרקוב חיפשתי את המשכיל דשם ומצאתיו בדירה קטנה ועלובה. לפני עמד יהודי לבוש ארוכות בעל הדרת־פנים של תלמיד־חכם. מסרתי לו את המכתב. הוא ניגש תיכף למלאכה: עיין בספר פלוני ובספר פלמוני. לבסוף כתב תשובה למשכיל הראדומסקאי.

חברי, שמסר למנדיל פיינזילבער את המכתב, סיפר לי אחר־כך, כי באותו היום שבת הלה מכל מלאכתו בחנותו. והסתגר בד׳ אמותיו כדי לעכל את תוכן המכתב.

### העקשן למופת

עקשן מובהק, יחיד במינו, היה נחמן צבי גולד־פז ז״ל. לעקשנותו לא היה גבול. לא היתה זו עקשנות סתם, קאפריזית, אלא רצון נוקשה: להתגבר על רשעות אדם, על קשיים בלימודים או בעבודה, ואפילו על חוקי הטבע. (היה מעשה ופגשתיו ביום של שרב קשה כשהוא יושב על־יד כד מים ענק ולוגם ממנו מפעם לפעם לגימות גדולות. מובן, שמיד פלט את המים ע״י הזעה. שאלתיו: „ובכן, מהי התכלית שבשתיית כל־כך הרבה מים?״. רוצה אני להתגבר על כוחו של השרב; נראה מי יהיה חזק יותר!״ — ענני).

במשך כל שנות הכרתנו בארץ נדמה היה לי, כי עיקר תכליתו בחיים היה להילחם ולנצח. אכן, בעל אומץ־רוח יוצא מן הכלל היה וכמעט שלא ידעתי דוגמתו. משמצא ענין הראוי, לפי דעתו, להילחם עליו או גילה עול שיש לעקרו מן השורש — שום מאבק לא היה קשה בשבילו וקיבל על עצמו את כל יסורי המלחמה עד תומה.

קצר המצע מלהשתרע ולמסור כאן אפילו חלק ממעשיו בשטח זה. אסתפק בשתי אפיזודות בלבד. על אחת הוא עצמו סיפר לי, ואילו על השניה שמעתי לפני זמן־מה מפי י. מרמינסקי, חבר הועד הפועל של ההסתדרות.

עם כניסת הצבא האוסטרי לעיר בשנת 1915 החלו לחטוף אנשים לעבודות ביצורים. מי שנתפס ראה בזה גזירת המלכות והשלים עמה עד יעבור זעם. לא כן הגיבור דנן, נחמן־צבי, הוא חשב ומצא, כי לפי היושר והצדק, אין לצבא הכובש רשות לכך; והיה כאשר נתפס — התחמק מידי השוטר הצבאי וברח. כנראה, כי גם השוטר היה עקשן ורדף אחריו והענין התפתח לבריחה ורדיפה דראמטית; היינו: מן הרחוב לחצר, מן החצר לבית ומשם לגג ומגג זה לגג של הבית הסמוך עד שנחמן צבי נתפס והובל לעבודה. אבל, בזה לא נגמר הענין. היה עליו להתיצב שוב לעבודה למחרת בבוקר. מכיון שלא בא, הלך השוטר אליו. כאשר רק נפתחה הדלת וה„כפתור הנוצץ״ נכנס, מיד עשה נחמן צבי „ויברח״ גדול, השוטר רץ אחריו מסימטה לסימטה, מבנין לבנין ומגג לגג עד שלבסוף נפל לידי השוטר והפעם ספג ממנו מכות נמרצות. כתום פרשת המכות ירק השוטר ואמר: „יקחך השד, יהודי ארור! לך לכל הרוחות! אינני רוצה לראותך יותר״.

בשנת 1920 עלה נחמן ארצה. בקבוצת חלוצים זו היה גם י. מרמינסקי, לייבל גולדשמיד ז״ל מעין־חרוד ואחרים. בוינה — התחנה הראשונה בדרך — נתקבלה ידיעה על מקרי הקדחת המרובים בארץ ועל המחסור החמור בחינין. בעזרת ידידים הושגה הלואה בסך 3000 דולר ונקנתה כמות חינין.

בזמן ההוא היה יצוא החינין מוינה אסור מטעם השלטונות. ובחצות הלילה התפרצו שוטרים אוסטרים למלון בו התגוררו החלוצים שלנו, נכנסו ישר לחדרו של נחמן צבי, ודרשו ממנו שימסור להם את החינין. אבל, כאשר נחמן צבי טען שלא ראה ולא שמע דבר על חינין החלו להרביץ לו מכות הגונות. הוא הגיב על כך בצעקות איומות בעברית: ה־ת־פ־ז־ר־ו! ה־ת־פ־ז־ר־ו!״ זה היה סימן לחבריו שיברחו. כשעתיים היכו אותו השוטרים והוא באחת: התפזרו! בסוף הירפו ממנו והמשלוח הגיע ארצה. (אגב, כאשר פתחו ביפו את השקיקיות מצאו בהן במקום הינין — חול...).

אצל נחמן־צבי נתקיים הפתגם המובא במדרש: „כשהרימו את החרס נמצאה המרגלית״. תחת חיצוניותו הנוקשה היה לב רגיש לכל נדכא ולכל נצרך. עשרות אנשים החיים אתנו בארץ חייבים לו תודה בעד עזרה נאמנה, מוסרית וחומרית שהגיש להם. היה חבר טוב, איש רעים להתרועע, דמות שורשית, מוצקה. אמנם, לא ליטש את לשונ: בדברו עם זולתו ומכל־שכן עם יריבו; שפת־חלקות לא ידע ואולי גם לא חונן בגינוני התנהגות בחברה לא משלו; אבל, היו אלה כחריצים דקים בגוש שיש או בזלת.

חבר שהכיר את נחמן צבי מקרוב שח לי לפני זמן־מה: „אילו היו לנו היום במדינה חמישים איש כנחמן־צבי גולד, יתכן שלא היינו עדים למשבר חברתי השורר בארץ״...



ה„ספורט וודני״

# אן אינטערוויו מיטן עלטסטן לאנדסמאן אין אמעריקע

**מאריס שווארץ**

אין אַ קאַלטן נאָכמיטאָג, אין מאָנאַט דעצעמבער, האָב איך אָנגעקלונגען אין דער טיר פון אונדזער לאַנדסמאַן. צום באַדויערן, האָב איך אים געפונען קראַנק אין בעט, אין אַ זייער שוואַכן צושטאַנד.

— שלום עליכם, משה׳לע! — האָט ער אויסגערופן.

— ר׳ אברהם־לייזער! — האָב איך געזאָגט, — שעמט אייך, איר דער בעל־כוח מאַכט זיך נאַריש און לייגט זיך אין בעט אַריין.

— ביסט גערעכט, מיין קינד.

— ר׳ אברהם־לייזער, איך בין צו אייך געקומען, ערשטנס: פון אייך נעמען אַ גרוס צו אונדזער היים־שטאָט, ווייל מיר גיבן אַרויס איצט אַ בוך, וווּ יעדער לאַנדסמאַן קען באַשרייבן זיין לעבנס־געשיכטע, שיקן אַ גרוס קיין ראַדאָמסק; צווייטנס, איר זאָלט מיר דערציילן מעשיות פון אַמאָל, פון אַלטע צייטן, ווייל איך וויל עס אין אונדזער בוך אַריינגעבן.

די אויגן האָבן ביי אים געלויכטן, אַ רויטע פאַרב האָט זיך באַוויזן אויף זיינע באַקן. „איך געדענק אַ סך זאַכן, אָבער וואָס קומט אַרויס — ניטאָ קיין כוח", און מיט אַ שוואַכער שטימע האָט ער אָנגעפאַנגען צו דערציילן.

מיט 90 יאָר צוריק, איז ראַדאָמסק ניט געווען קיין שטאָט. ס׳האָט געהייסן אַ טריפה־מקום. דאָס יידישע ראַדאָמסק איז געווען אויף דעם בוגיי, דאָרט האָט געוווינט אַ „מורה־צדק", דאָרט איז געווען די מקווה. די פירער דעמאָלט זענען געווען: יוסל צדוק און שרה־דבורה, יוסל האַמפעלס ווייב. די נגידים האָבן געוווינט אין פלאַווּנע (רייכמאַן, ריכטערמאַן, באַנקער, בעסטערמאַן, האַסענבערג). נאָך דער „פאָווסטאַניע" אין 1863, ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויפן טראָן, איז ראַדאָמסק געוואָרן אַ יידישע שטאָט. בייטאָג האָבן יידן געהאַנדלט אין שטאָט און ביי נאַכט זענען זיי אַהיימגעגאַנגען אויף דעם בוגיי, אָדער געפאָרן קיין פלאַווּנע, ווייל זיי האָבן ניט געטאָרט וווינען אין שטאָט אָדער דאָרט נעכטיקן.



אברהם־לייזער גליקסמאַן

מען האָט געשוואַרצט פון ראַדאָמסק אויפן בוגיי שנאַפּס, און פלייש. עס איז דעמאָלט געווען משה סטראַזשניק, און אהרן „פאַרענקישקע", אויך אַ סטראַזשניק. שפּעטער האָט דער קיסר דערלויבט יידן וווינען אין שטאָט, נאָר קיין הייזער האָבן יידן ניט געטאָרט קויפן אויף זייערע נעמען; האָבן זיי געקויפט הייזער אויף גוייִשע נעמען. ערשט ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויפן טראָן, האָט מען דערלויבט יידן קויפן הייזער.

די כלל־טוערס דעמאָלט זענען געווען: לייזער ריכטערמאַן, ישראל זילבערשאַץ און זיין ווייב האָדל (זי איז געוועזן אַ צדיקת, שטענדיק געהאַט 8 אורחים ביים טיש), ווי אויך בעריש פּעשטער און דער אַלטער אברהם בעם.

שפּעטער זענען געקומען נייע נגידים: דוד בוגייסקי האָט געבויט די נייע שול; באַנקער און פערשטער האָט געלייגט דעם ערשטן פונדאַמענט; ישראל ריכטערמאַן האָט איבערגעבויט דעם אַלטן בית־המדרש. בערנאַרד פעשטער איז געווען דער שענסטער ייד פון שטאָט, ער פלעגט דאַווענען ביים רבין, און איז געווען גבאי פון „חברה קדישא". עס איז געווען אַ מנהג שמחת־תורה צו טאַנצן אויף אַ ברעט, צו מאַכן הקפות; האָט פעשטער געזאָגט אַ מאָל צו בערל שמש: „גיב די אָרעמע־לייט הקפות", — קיין פעסל ביר האָט ער ניט געהייסן געבן...

אברהם־לייזער האָט מיר נאָך ווונדערלעכע מעשיות דערציילט: פון רבין ר׳ בער פון ראַדאָשיץ; פון יוסף, גבריאל, ישראל זילבערשאַץ; פון ,חסד־אברהם׳ ז"ל; פון ,תפארת־שלמה׳ ז"ל. און פון פיל אַנדערע.

# איך געזעגן זיך מיט מיין היים־שטאט

**שרה האמער־דזשאקלין**

אָפט ווען איך בלייב מיט זיך אַליין און טראַכט פון מיינע קינדער־יאָרן און פון מיין היים־שטאָט, הויבט זיך פאַר מיר אויף אַ לאַנג פאַרגעסענער פאָרהאַנג. ס׳נעמען אויפטויכן געשטאַלטן פון טייערע, ליבע יידן, יידענעס, קינדער, משפחה, פעטערס און מומעס.

האָט געלעבט אַמאָל אַ שטעטל וואָס האָט געאָטעמט מיט יידיש לעבן, פאַרמאָגט אַ בליענדע יוגנט. איצט איז עס יידן־ריין...

מיין חלום, אַז איך וועל אַמאָל פאָרן אַהיים זיך זען מיט משפחה און פריינד, גיין אויף מיין מוטערס קבר, און ווידער באַטרעטן די ערד וווּ עס איז אַמאָל געשטאַנען מיין וויגעלע. אָט דער חלום איז אָפּגעווישט און אויסגעלאָשן.

אָבער פון מיין זכרון וועט קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט ווערן מיין היים־שטאָט ווי איך געדענק זי נאָך פון מיינע פריע קינדער־יאָרן.

איך זע צום הונדערטסטן מאָל יענעם שרעקלעכן פרייטיק־צונאַכטס ווען מיין יונגע מאַמע איז אַזוי פלוצלינג אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער וועלט. קורץ נאָך דעם איז נפטר געוואָרן דער נאָוואַראַדאָמסקער ר׳ יחזקאל. זיין זון, שלמה העניך ראַבינאָוויטש, האָט איבערגענומען דעם כסא־הרבנות און עס איז איבערגעריסן געוואָרן אַ שטילע און לאַנג־יאָריקער שותפות מיט מיין פאָטערס זאָקן־פאַבריק.

די געשעפטן האָבן אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ און מיין טאַטע האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז מיטן אַוועקגיין פון דער מאַמען און אַרויספאָרן פונעם רבין, שלמה העניך, האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן דאָס מזל־ברכה. ער איז כסדר אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט, האָט ווייניק גערעדט, און געהאַלטן אין איין חשבונען. איין מאָל,

ער איז אַהיימגעקומען פון מנחה ומעריב, האָט ער אויסגערעדט פיר ווערטער וואָס האָבן איבערגעאַנדערשט אונדזער גאַנץ לעבן. ער האָט שטיל אָבער פעסט אַ זאָג געטאָן:

— מיר פאָרן קיין אַמעריקע.

כאָטש איך בין קוים 11 יאָר אַלט געווען, האָב איך קלאָר באַנומען אַז דאָס מיינט אַן איבעררייס מיט משפחה, מיט פריינד, און מיט די היים־שטאָט וואָס איז מיר דעמאָלט געווען אַזוי ליב און טייער. מיר האָבן זיך שטיל גענומען גרייטן אין וועג אַריין. מיר זענען אָפּגעשטיגן אין פשעדבארש, כדי זיך געזעגענען מיט דער מומע דבורהלע און פעטער זינדל טענענבוים וועלכע האָבן דעמאָלט חתונה געמאַכט זייער עלטסטן זון ווידגער מיטן מורה־הוראה׳ס טאָכטער, און פון דאָרט ממשיך זיין די רייזע קיין אַמעריקע.

אַ טאָג איידער איך האָב פאַרלאָזן נאָוואָראַדאָמסק, בין איך אויפגעשטאַנען זייער פרי. איך בין איינע אַליין אַרויס איבער דער שטאָט, כדי זיך צו געזעגענען אויף שטים לשון מיט די גאַסן און געסלעך, מיט די געוועלבער, מיט די ביימער און גראָזן און מיט די מענטשן.

איך בין געגאַנגען מיט דער שול־גאַס און זיך קודם געלאָזט צו דער מומע חיה׳ס און פעטער יצחק אייזינס געשעפט, וואָס איז עפּעס געווען אַ געמישטע קראָם, — פון איין זייט פּאָליצעס איז געווען אָנגעלייגט שניט־סחורה, אויף דער צווייטער זייט איז געלעגן שפּייז, זעקלעך מיט בעבלעך, רייז, זעק מעל, זייף, נאַפט, און נאָך פאַרשידענע שפּייזן. ווען איך בין אין יענעם אינדערפרי אַריין אין געוועלב, האָט די קראָם אין מיינע אויגן אָנגענומען דעם אויסקוק פונעם הערלעכסטן געשעפט אין דער וועלט!...

געווינט האָט מיין מומע מיטן פעטער און זייערע דרייצן קינדער ביי חנניה לעווקאָוויטש, ווו עס האָט זיך אויך געפונען דער הזמיר. נאָך אַמליבסטן איז מיר געווען דער לאַנגער הויף, וואָס האָט פאַר אונדז קינדער געדינט פאַר כלערליי שפּילערייען. מיר פלעגן אויפן הויף אויסגראָבן גריבלעך, צום זאַמד צוגיסן וואַסער און דערפון אויסבאַקן פאַרשידענע געבעקסן...

מיר פלעגן אויך אין די גריבלעך שפּילן אין בעבלעך. סוכות און שמחת־תורה האָבן מיר דאָרטן געשפּילט אין ניסלעך. נאָך אַמבעסטן האָט אונדז דער הויף געדינט צו שפּילן אין יאָגעלעך, אין באַהעלטענישן, אין שפּרינגען איבער קלעצער. די קלעצער זענען אָנגעצייכנט געוואָרן מיט ווייסן קרייד אויף דער שוואַרצער ערד. מיר פלעגן דאָס דאַרפן אַריבערשפּרינגען אויף איין פוס און דערביי, האָט מען געדאַרפט זאָגן עפּעס אַ שפּרוך.

בשכנות איז מאַיעסטעטיש געשטאַנען הויך, די געמויערטע קאַמעניצע. אין אָוונט האָבן זיך פענצטער צעצונדן און אונדז באַלויכטן דעם וועג. אָבער דעמאָלט ווען איך בין זיך געקומען געזעגענען מיטן הויף און מיט דער קאַמעניצע, האָט דאָס אין מיינע קינדערישע אויגן אָנגענומען דעם אויסזען פון אַ מין צויבער־שלאָס וואָס אַזעלכעס, האָב איך דעמאָלט געמיינט, וועל איך שוין גאָר קיינמאָל נישט זען...

פון דאָרטן האָב איך מיך געלאָזט גיין מיט דער שול־גאַס צום מאַרק. איך בין פאַרבייגעגאַנגען די פּלומפּ און דערזען וואַלוועלע דער וואַסער־טרעגער. די קינדער פלעגן אים רופן מיטן צונאָמען, רייצן זיך מיט אים און שרייען: — וואַווע, דו ביסט אַ מויד און ניט קיין יונג! און ער פלעגט אַן אָנגעצונדענער ענטפערן:

— איך בין אַ יונג, אַ יונג און ניט קיין מויד!... איך גיי חתונה האָבן מיט טאָבעלע מאַשקעס און וועל איר קויפן אַ הויז מיט אַ געזעמס... און מיר פלעגן אַלע ווי אין כאָר אָפּענטפערן:

— ניין, ניין, וועסט ניט חתונה האָבן ווייל דו ביזט אַ מויד, אַ מויד איז נישט קיין יונג.

אָבער דעמאָלט ווען איך האָב דערפילט אַז איך זע וואָווען צום לעצטן מאָל, איז ער מיר מיט אַמאָל געוואָרן ליב און טייער. אָנשטאָט זיך מיט אים צו רייצן, האָב איך אַ פאַרבענקטע אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט וואַווע, איך פאָר אַוועק.

איך האָב אַריינגעטאָן די האַנט אין קעשענע, געוואָלט אים געבן אַ צוקערל. ער האָט זיך דערשראָקן, געמיינט, אַז איך וויל אים עפּעס וואַרפן, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— פאָר אין דער ערד אַריין.

— איך פאָר קיין אַמעריקע, האָב איך ערנסט געזאָגט און דערלאַנגט אים אַ קאַרמעלקע. ער האָט אַוועקגעשטעלט די וואַסער־קאַנען, גענומען דאָס צוקערל, מיך לאַנג באַטראַכט און געזאָגט:

— נו, פאָר געזונטערהייט און ברענג מיר משיח׳ן. איך דאַרף אים זייער נויטיק האָבן...

איך האָב פון דערווייטנס דערזען ביילקע די משוגענע. זי האָט געהאַלטן פאַרוויקלט אַ פּאַק שמאַטעס אין אויסזען פון אַ ליאַלקע. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז איר קינד. ווייבער פלעגן דערציילן, אַז ביילע איז משוגע געוואָרן ווייל עס האָבן זיך ביי איר נישט געהאַלטן קיין קינדער. געוויינטלעך, פלעג איך איר נאָכלויפן צוזאַמען מיט אַ באַנדע קינדער, זיך רייצן מיט איר, ציען איר פאַרן קלייד, רופן „משוגענע". וואָס העכער זי האָט געשריגן, אַלץ מער האָבן מיר קאַמאַנדעוועט און זיך גערייצט מיט דער אומגליקלעכער. נאָר דעמאָלט ערב מיין אָפּפאָר נאָך אַמעריקע, האָב איך מיט אַמאָל דערפילט צו איר גרויס רחמנות. איך האָב איר געגעבן אַ קאַרמעלקע. זי האָט עס מורא געהאַט צו נעמען.

— נאַ, נעם, האָב איך זיך געבעטן ביי איר און דערביי אַראָפּגענומען פון זיך די פאַטשיילע און זי איר דערלאַנגט.

זי האָט ווילד אַ כאַפּ געטאָן דאָס טיכל, איינגעדעקט דערמיט איר „קינד", געקוקט אויף מיר מיט ווילדע אויגן, אַ כאַפּ געטאָן דאָס צוקערל פון מיין אויסגעשטרעקטער האַנט און אַנטלאָפן. דערביי האָט זי עפּעס געפּלאַפּלט וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען.

איך בין געבליבן שטיין לעבן מאָשקעס אכסניה און מיט גרויס בענקשאַפט געקוקט אויף די הילצערנע געביידע, ווו עס פלעגן איינשטיין וואָיאַזשאָרן און אויך חסידים וואָס פלעגן קומען צום רבין אויף שבתים און יום־טובים. איך האָב דערזען טאָבעלען און זיך מיט איר שטאַרק דערפרייט.

ווייבער מיט טיקעס פריש געבעקס האָבן זיך געאיילט אַהיים צו זייערע מענער און קינדער. יידן מיט סאַמעטענע תפילין־זעקלעך זענען געגאַנגען פון דאַווענען. איך האָב זיי לאַנג נאָכגעקוקט, איינגעזאַפּט אין זיך יעדע געשטאַלט. אפשר איז דאָס געקומען נישט באַוווסטזיניק בכדי איך זאָל זיי אויף מיינע רייפע יאָרן קענען באַשרייבן.

איך האָב שוין אין איין־וועגס אָפּגעטראָטן אין רבינס הויף. צו מיינע אויערן האָט זיך דערטראָגן דאָס מלמדישע מורמלען פון די לערנער. אַ גרויסע בענקשאַפט האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב געוואָלט וויינען.

פון רבינס הויף האָב איך אַ פאַרטראַכטע זיך געלאָזט גיין צום „נייעם וועג" — די שפּאַציר פּראָמענאַדע פון דער ראַדאָמסקער יוגנט.

פלוצלינג האָב איך געהערט ווי עמעצער פרעגט:

— פאַרוואָס גייט עפּעס אַזאַ קליינע מיידעלע אַזוי פאַרטראַכט?

איך האָב מיך אומגעקוקט און געזען מיין פאָטערס חבר, מיכאל וואַקסמאַן. אַ ביסל פאַרשעמט פאַר מיין „פאַרטראַכטקייט" האָב איך שטיל געענטפערט:

— מיר פאָרן קיין אַמעריקע. עס איז אַ ווייטער און לאַנגער וועג. איך לאָז דאָ אַלץ איבער. איך וועל קיינעם דאָ מער נישט זען. איך וויל נישט פאָרן! און איך האָב זיך צעוויינט.

— נו, וויין נישט, שרהלע, האָט ער מיר אַ גלעט געטאָן אויפן אַקסל. אַמעריקע איז אַ בעסער לאַנד פאַר יידן, ווי פוילן...

איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט באַנומען זיינע רייד. איך האָב מיך מיט אים געזעגנט און בין אַוועק ווייטער.

איך בין צוגעקומען צום באָבריקער טייך, געקוקט אויפן וואַסער וווּ מיר פלעגן גיין ערב ראש השנה צו תשליך. ווי שיין דער טייך איז, ווי פרידלעך און רויק. איז נאָך פאַראַן ערגעץ אויף דער וועלט אַזאַ שיינער טייך ?.. נישט ווייט האָט זיך געפונען די שול. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעקוקט און אַן איבעריקן מאָל באַוווּנדערט דעם אויסגעמאָלענעם אויפן סופיט בלויען הימל, מיט די שטערן, די קליינע וואָלקנדלעך און די פליענדיקע מלאכימלעך. צום לעצטן מאָל האָב איך אַרויפגעקוקט צו דער ווייבער־שול און זיך געלאָזט גיין צום „נייעם וועג", דער ראָמאַנטישער אַלייע וווּ געזעלן, נייטאָרינס און זאָקן־מאַכערינס פלעגן שבת נאָך דעם טשאָלנט שפּאַצירן און דאָרטן פאַרקניפּן שטילע ראָמאַנען. די זון האָט געלויכטן און געוואָרפן מיט זשמעניעס גאָלדענע שטראַלן.

יענער פרימאָרגן איז געווען שטיל און רויק. די קאַשטאַן־בוימער האָבן גערוישט. פון ערגעץ האָט אַ פייגעלע זיך צעזונגען; אַ הינטל האָט געהאַווקעט. איך בין צוריק אין שטאָט, דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעקלונגען עלף.

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ קאַטערינשטשיק און אַרום אים זענען געשטאַנען אַ רעדל קינדער. אויפן אַקסל איז ביי אים געזעסן אַ מאַלפּע. ער האָט געדרייט דאָס רעדל און די קאַטערינקע האָט אויסגעשפּילט אַ מאָנאָטאָנעם ניגון:

רויטע קאַרשעלעך רייסט מען,
און גרינע לאָזט מען שטיין,
שיינע מיידעלעך נעמט מען,
און מיאוסע לאָזט מען גיין.
אוי! וויי איז צו מיר!
און צו מיינע לאַנגע יאָר
אַ ליבע האָבן מיר ביידע געשפּילט
פעליגע דריי פערטל יאָר!

דערביי האָט ער געבעטן אַז מען זאָל אַריינוואַרפן אַ גראָשן אין טעפּעלע. און די מאַלפּע וועט אַרויסציען אַ צעטעלע אין וועלכן ס'וועט פאָרויסגעזאָגט ווערן אונדזער צוקונפט...

איך האָב אַריינגעוואָרפן אַ גראָשן, די מאַלפּע האָט מיר דערלאַנגט אַ ראָזעווע צעטעלע און איך האָב געלייענט:

— וועסט לאַנג לעבן. דו וועסט קריגן אַ בריוו און דו פאָרסט אַוועק אין אַ ווייטן וועג.

צומאָרגנס גאַנץ פרי זענען מיר איינגעשטיגן אין אַ בויד וואָס איז געשטאַנען לעבן מאָשקעס אכסניה. נאָכדעם ווי די פור איז שוין געווען אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, האָט דער פורמאַן אַ שמייס געטאָן די פערד מיט אַ „וויאָ, פערדעלעך, וויאָ". זיי האָבן מיט אַ שטאַרקן גאַלאָפּ זיך געלאָזט לויפן מיט דער שול־גאַס צו פרזעדבערזשער וועג. ווען מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעפאָרן אַ היפּשן וועג, איז אונדז נאָכגעלאָפן אייגל, די מומע חיה'ס. זי האָט אַזוי געשריגן און יאָמערלעך געוויינט, אַז דער פורמאַן האָט אָפּגעשטעלט די בויד און אַ פאַרוווּנדערטער געפרעגט וואָס זי וויל.

— איך וויל מיך געזעגענען מיט די קינדער, האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר מיט מיינע שוועסטער. זי האָט, ווייזט אויס, דעמאָלט זיך דערוווּסט אין דער לעצטער מינוט וועגן אונדזער אָפּפאָרן, איז זי געקומען זיך געזעגענען. זי האָט אונדז געקושט און דערביי ביטער געוויינט. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געהאַט אַ פאָרגעפיל אַז זי וועט אונדז שוין קיינמאָל מער נישט זען...

ווער האָט דעמאָלט געקענט איינפאַלן, אַז אָט דאָס ווונדערלעכע מיידל וועט אויף אַן אכזריותדיקן אופן אומקומען אין טשענסטאָכאָווער געטאָ צוזאַמען מיט איר מאַן און זיבן זין, און קיינמאָל אַפילו צו קיין קבר ישראל נישט קומען...

# אויסגעמיטן א פאגראם

## זונדל גרינשפאן

(אַ קאַפּיטל זכרונות פון דער יידישער זעלבסטשוץ אין ראַדאָמסק)

שבועות־צייט 1906, אין אַ שבת־טאָג פאָרן גרינעם דאָנערשטיק, האָבן מיר אַ גרופּע חברים, שפּאַצירט מיטאָגצייט אויפן „נייעם וועג". געווען צווישן אונדז: צמח שוסטערס צוויי זין, בונדאָווצעס, ציביה די פּיצעלעס, פּייוול אָנפירער פון פּוע"צ, ווילהעלם אַן עסעסאָוויעץ, יעקיל דעם שניידערס, אַ פּועלי־ציוניסט, פעלדמאַן און אַנדערע. ווי דער שטייגער אין יענע צייטן זענען מיר געווען פאַרטיפט אין אַ דיסקוסיע איבער ציוניזם, בונד אדג"ל. פּלוצים האָבן מיר באַמערקט אַ גרופּע פון אַן ערך פופציק רוסן, וועלכע זענען, זעט אויס, אָנגעקומען מיט דער באַן. די זאַך איז אונדז געווען אויפפאַלנד און מיר האָבן צו זיי צוגעשיקט משה יודקען דעם טרעגער, אַ בונדאָוויעץ, ער זאָל אויסגעפינען וואָס טוט דאָ די חברה אין ראַדאָמסק.

משה יודקע איז געווען אַ הויכער בחור און האָט אויסגעזען ווי אַ רוס. ער איז צוגעגאַנגען צו די חברה, באַגרוסט זיי מיט אַ ברייטן „זדראַסטוויטיע" אויף רוסיש און גלייך געוואָרן מיט זיי אַ גאַנצער חבר. זיי האָבן זיך פונאַנדערגעשמועסט און אָנגעהויבן אים אויספרעגן וויפל עס זענען פאַראַן יידן אין שטאָט. „זייער פיל" — האָט זיי משה יודקע געענטפערט — און וואָס האָט איר בדעה צו טון דאָ? — האָט ער זיי געפרעגט. נאָך אַ קורצן שמועס האָבן זיי אים מגלה סוד געווען, אַז זיי ווילן פשוט אויסשעכטן די יידן.

ער איז מיט זיי מיטגעגאַנגען ביז צום בורגאַי, וווּ זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פונעם פּאָגראָם. פון יודקען האָבן זיי געבעטן ער זאָל זיי שיקן צו הילף די אַנטיסעמיטישע יוגנט.

יודקע האָט תיכף וועגן דעם גאַנצן ענין איבערגעגעבן אליעזר טאַנסקי (בונד), דוד קראַוזע, וואָלף פּיצעלע און פישלאָוויטש (פּוע"צ) און עס איז גלייך צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אויפן „נייעם וועג" פאַר דער באַן. די דריי פּאַרטייען — פּוע"צ, בונד און ס.ס. — האָבן זיך גלייך פאַראייניקט און פונאַנדערגעטיילט צווישן די חברים געווער. יעטוועדע פּאַרטיי האָט צו יענער צייט זיך באַמיט צו באַזאָרגן מיט געווער — בראַונינגען, הומעלוווקעס, קינזשאַלן אדג"ל און אויסבאַהאַלטן עס צווישן די שטיינער אדג"ל. דאָס געווער איז געשמוגלט געוואָרן פון דייטשלאַנד מיט דער הילף פון די סאָציאַלדעמאָקראַטן, אין וועגענער מיט היי, דורך מיסלאָוויץ, סאָסנאָווצע און ניוווקע.

דעם זעלביקן שבת פאַרנאַכט, ווען די אַר־

בעטער זענען אַהיים געגאַנגען פון דער נייער מעבל־פאַבריק „מאַזאָוויע" האָט מען וועגן דעם ענין איבערגעגעבן די פּעפּעסאָווצעס.

צווישן מנחה־מעריב האָט מען שוין באַמערקט מאַרשירן די פּאָליאַקן־ענדעקעס מיט די כוליגאַנעס. מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט די פּעפּעסאָווצעס אין אַ גרופּע אויף דער סטאַציע־גאַס, אַרויס אין מאַרק און אין דער קראָקעווער גאַס, צוריקמאַרשירט ביז ראָג סטשאַלקאָווסקע און אַזוי מאַרשירט ביז עס איז פינצטער געוואָרן.

די ענדעקעס זענען געקומען פון מאַרק און אַריין אין די סטשאַלקאָווסקע גאַס. מיר זענען זיי אַנטקעגנגעקומען פון דער קראָקעווער גאַס, אַריין אין מאַרק און אַריינגעריסן זיך אין זייער גרופּע. גלייך איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. זיי זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון דער סטשאַלקאָווסקע, אָבער די פּעפּעסאָווצעס האָבן זיי פאַרהאַלטן ביים שפּיטאָל. דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער ריכטיקער קאַמף. מיר האָבן צעקלאַפּט די פיר נאַפט־לעמפּ וואָס האָבן באַלויכטן די שטאָט און געשלאָגן די כוליגאַנעס אין דער פינצטער וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען נאָך הילף און שפּעטער באַנוצט זיך אַפילו מיט אַ טרומייטער. נאָך אַ קורצער צייט זענען אָנגעקומען צו רייטן פופציק קאָזאַקן פון דער זשאַנדאַרמעריע און דעמאָלט זענען מיר מיט די פּעפּעסאָווצעס פאַרשוווּנדן.

די זעלביקע וואָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די כוליגאַנעס פּלאַנירן צו אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם נאָך דער צערעמאָניע פון „גרינעם דאָנערשטיק". מיר האָבן דערוועגן מיטגעטיילט די פּעפּעסאָווצעס פון דער ראַקאָווער פאַבריק אין טשענסטאָכאָוו און געבעטן זיי קומען אונדז צו הילף. זיי זענען טאַקע געקומען מיט געווער. אויך מיר האָבן זיך צוגעגרייט אָפּצושטויסן דעם אָנפאַל און פאַרטיידיקן זיך קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס. אין פיל הייזער האָט מען געגרייט וויטריאָל צו באַגיסן די כוליגאַנעס.

מיר האָבן פונאַנדערגעשטעלט גרופּעס אין די פאָלגנדיקע פּונקטן: 1) אין שול־גאַס, ביי מרדכי זעליג ראָזענבלאַט נעבן דער קירכע; 2) אין מאַרק נעבן קליינערמאַנס פּאָרצעלאַן־געשעפט, נעבן טויער פון ערשטן הויז; 3) ראָג מאַרק און טשענסטאָכאָווער; 4) ראָג מאַרק־קראָקעווער גאַס; 5) ראָג מאַרק־סטשאַלקאָווסקע.

דער מאַרק איז געווען פול מיט פּויערים וואָס זענען געקומען אויף די פירן צום גרינעם דאָנערשטיק און מיר האָבן געוואַרט ביז צום סוף פון דער צערעמאָניע.

נאָך דער צערעמאָניע האָבן מיר באַמערקט, אַז עס זענען אָנגעקומען קאָזאַקן מיט דעם נאַטשאַלניק יאַשטשעמסקי פון מאַגיסטראַט. דער נאַטשאַלניק איז געווען אַ פּעפּעסאָוויעץ און האָט אַ סך געהאָלפן די סאָציאַליסטן. ווייזט אויס, אַז אים איז באַקאַנט געווען דער פּלאַן פון אַ פּאָגראָם און די צוגרייטונגען פון זעלבסטשוץ און האָט אָנגענומען די געהעריקע מיטלען כדי פונאַנדערצוטרייבן דעם פּויערישן המון און אויסמיידן אַ בלוט־פאַרגיסונג.

אַזוי איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם אין אונדזער שטאָט אַ דאַנק דער וואַכזאַמקייט פון דעם זעלבסטשוץ.

# שלום־עליכם צו־גאַסט אין שטאָט

## לאה קאָניעצפּאָלער

מיינע זומערדיקע באַזוכן אין ראַדאָמסק געהערן צו מיינע בעסטע יוגנט־דערינערונגען. אַליין אַן איינוווינערין פון דער דערביייִקער „גרויסער" שטאָט טשענסטאָכאָוו מיט אירע גרויע הייזער און מויערן, האָט מיך געצויגן צו דער שכנותדיקער ראַדאָמסק, מיט איר שיינער געגנט, דאָרט ווו ס'האָט געוווינט מיין פעטער שלמה קאָניעצפּאָלער און איך פלעג כמעט יעדן זומער דאָרט פאַרברענגען מיינע זומער־פעריען.

איך געדענק נאָך ביז היינט די פרייע פעלדער פון זאַקשאָוו, דעם פּלאַוונער סאָסנעוואַלד און עס איז נאָך ביי מיר געבליבן דער טעם פון דער מילך, ראַזאָוון איינגעבאַקענעם ברויט מיט פּוטער, מיט וועלכע מען פלעגט אונדז מכבד זיין אין ר' מאיר גבריאל'ס פאָלוואַרק... הויפּטזעכלעך איז ביי מיר געבליבן אין זכרון די ראַדאָמסקער יוגנט, אַזאַ היימישע, נאָענטע און איבערגעגעבענע.

צווישן מיינע זכרונות פון יענער צייט פאַרנעמט אַ בכבודיקן פּלאַץ די דורכרייזע פון גרויסן יידישן שרייבער, שלום־עליכם, דורך דער ראַדאָמסקער באַן־סטאַציע און אונדזער באַגעגעניש מיט אים.

דאָס איז געווען אָנהויב יוני 1914. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז 6.30 אָוונט וועט שלום עליכם אַדורכפאָרן דער ראַדאָמסקער באַן־סטאַציע מיטן וואַרשע־ווינער שנעל־צוג. די ידיעה האָט אויף אונדז, יוגנט, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. עפּעס אַ קלייניקייט, אַ געלעגנהייט צו זען דעם גרויסן באַליבטן יידישן שרייבער און אפשר גאָר מיט אים באַוויזן צו רעדן!

צו דער באַשטימטער שעה האָבן מיר, אַ גרופּע יוגנט, זיך פאַרזאַמלט אויף דער באַן־סטאַציע. מיר זענען געווען אַלע אויסגעפּוצט אין אונדזערע בעסטע מלבושים און האָבן מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט דאָס אָנקומען פון שנעל־צוג.

פּלוצים האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַקס־רעגן און פון דערווייטן האָט זיך באַוויזן דער אָנקומענדיקער צוג. מיר האָבן געזוכט שוץ אונטער אַ שמאָל דעכל כדי זיך צו באַהאַלטן פאַרן רעגן. אָבער דאָס דעכל האָט קוים געסטאַיעט פאַר אונדז אַלע.

דער רעגן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און מיט אים האָט זיך אַריינגעקייקלט דער צוג. פון איינעם פון די ערשטע וואַגאָנען האָט מען אונדז אָנגעוויזן אויף אַ וואַגאָן אין וועלכן עס געפינט זיך דער שרייבער. וואָס רעגן, ווען רעגן, מיר האָבן זיך אַ לאָז געטון צו דעם אָנגעוויזענעם וואַגאָן. דער צוג האָט שוין גענומען רירן און אין איינעם פון די וואַגאָנען־פענצטער האָט זיך באַוויזן דער שרייבער מיט זיין פרוי. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ ווייסער רוסישער רובאַשקע, געטראָגן אַ פּאָר גרויסעברילן און אויפן קאָפּ אַ ברייטן פּאַנאַמע־הוט. דערזעענדיק אונדז שטיין אונטער דעם שלאַקס־רעגן און פאָכן צו אים מיט אונדזערע טאַשן־טיכלעך, האָט ער גענומען שמייכלען, אַרונטערגענומען זיין ברייטן הוט און גענומען מיט אים פאָכן ווי לאַנג ער האָט אונדז נאָר געקענט דערבליקן.

אונדזער גליק איז געווען נישט צו באַשרייבן. עס האָט פון אונדז גערינען וואַסער, אונדזערע בעסטע מלבושים זענען אויסגעווייקט געוואָרן, אָבער עס האָט זיך געלוינט — מיר האָבן געהאַט די זכיה צו זען שלום עליכם'ן און באַגריסט צו ווערן פון אים.

# קרבנות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

דוד קאַניעצפּאָלער

אַט די דאָזיקע שורות שרייב איך אין מדינת ישראל אין יאָר 1955 נאָכן איבערלעבן דאָס טרויעריקסטע און טראַגישסטע קאַפּיטל פון אונדזער פאָלק. דאַכט זיך, אַז נאָכן היטלעריסטישן גיהנום וואָס פאַראַ איינדרוק דאַרף שוין אויף מיר מאַכן עטלעכע היימלאָזע משפחות פון יאָר 1916 ? אָבער דאָך לאָזט זיך נישט פאַרגעסן די צייט אין וועלכער דאָס יידישע ראַדאָמסק און איר יוגנט האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מענטשלעכקייט און אָפּפערוויליקייט. אַט די דאָזיקע דערינערונגען פילן אָן דאָס האַרץ מיט שטאָלץ און מיט אַ טיפן טרויער נאָך דער יידישער, מענטשלעכער, ראַדאָמסקער שיינקייט וואָס איז אַזוי חרוב געוואָרן.

א.

אָנהויב נאָוועמבער 1914 האָט דאָס רוסישע מיליטער אַוועקגעשטעלט זיין קאַמפּס־פּאָזיציע אַרום ראַדאָמסק. פאַרשידענע רוסישע מיליטערישע פאָרמאַציעס האָבן דורכמאַרשירט די שטאָט. פון אָנהויב האָט די יידישע באַפעלקערונג שטאַרק געליטן. אָבער שפּעטער האָט זיך ווי עס איז איינגעשטעלט און מ'האָט זיך איינגעלעבט מיט דעם קריגס־קאָנצערט פון אויפרייסנדע שראַפּנעלן און שיסערייען. פון קיין לופט־באָמבאַרדירונג אָדער אַטאָם באָמבעס האָבן מיר דעמאָלט נאָך נישט געוווּסט.

אַט אין דער דאָזיקער צייט האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען אַז די רוסישע אַרמיי איז נישט אומשטאַנד זיך מטפל זיין מיט אַלע אירע פאַרוווּנדעטע זעלנער און אַז אויפן שלאַכטפעלד געפינען זיך זייער פיל פאַרוווּנדעטע, צווישן זיי אויך יידן.

גלייך האָט זיך געפינען אין ראַדאָמסק אַ גרופּע יידן, וועלכע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם ענין. זיי האָבן זיך געוואָנדן צו דער קהילה און צום רעטונגס־קאָמיטעט אין וועמענס שפּיץ עס א'יז געשטאַנען ר' פישל דונסקי. און ווען די דאָזיקע האָבן נישט אַרויסגעוויזן די געהעריקע איניציאַטיוו, האָט אונדזער גרופּע, מיטן ה' גליקמאַן, דער דענטיסט, בראש, צוגעטרעטן צו דער רעטונגס־אַרבעט. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט הערשקע נתן'ס ראָזענצווייג, דער אייגנטימער פון אַ פערד און דראָזשקע, און אין עטלעכע שעה זענען מיר געוועזן נעבן פראָנט.

נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיט די מיליטערישע אָרגאַנען, האָבן מיר גלייך מיט זיך מיטגענומען עטלעכע פאַרוווּנדעטע יידן און זיי אַוועקגעפירט אין חתונה־זאַל פון דער פרוי זאַקס. דאָס ברענגען פון די פאַרוווּנדעטע האָט אויפגערודערט די גאַס. יידן האָבן געבראַכט שטרוי, אַנדערע האָבן געבראַכט ברויט און טיי ; מען האָט אָנגעהויבן גרייטן פאַר זיי אַ וואַרעם מיטאָג.

נאָכן פאַרזאָרגן די פאַרוווּנדעטע מיט מעדיצינישער הילף, זענען מיר ווידער צוריקגעפאָרן אויפן פראָנט ברענגען ווייטערע פאַרוווּנדעטע. צווישן די פאַרוווּנדעטע (רוסישע זעלנער) האָבן זיך געפונען עסטרייכער, און איך קען נאָך היינט נישט פאַרגעסן די בעטנדע בליקן פון די אָרעמע עסטרייכישע פאַרוווּנדעטע, אַז מיר זאָלן זיי נישט איבערלאָזן אויפן פעלד. נאָך גרויסער מי איז אונדז געלונגען צו פועלן און מיר האָבן באַקומען די דערלויבעניש מיט זיך מיטצונעמען די עסטרייכער. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז איינער פון זיי געוועזן אַ יידישער אָפיציר. ווי לאַנג אונדזער רעטונגס־אַקציע האָט געדויערט געדענק איך שוין נישט, אָבער עס איז אונדז געלונגען צו ראַטעווען אַ סך פאַרוווּנדעטע יידישע זעלנער.

6 וואָכן האָבן זיך געפירט די קאַמפן אין דער געגנט פון ראַדאָמסק. די לעצטע טעג פאַרן אָפּטרעטן פון רוסישן מיליטער האָבן זיך אַ סך רוסישע זעלנער אַרומגעשלייכט אין שטאָט. די רוסישע מיליטערישע מאַכט האָט באַקאַנט געמאַכט אַז פאַר אויסבאַהאַלטן מיליטער־לייט דראָט טויט־שטראָף. דאָך האָבן יידישע זעלנער געפונען אַ וואַרעמע און רויקע היים אין אַ סך יידישע ראַדאָמסקער משפחות.

צו אונדז אין שטוב פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען אַ יידישער זעלנער וועלכער האָט געשטאַמט פון אָדעס. איך געדענק זיין לעצטן באַזוך ביי אונדז. עס איז געוועזן אַ חנוכה־אָוונט. ווי געוויינלעך, איז דער זעלנער זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. מיין מוטער האָט גראָד, ווי דער שטייגער איז געוועזן, „אויסגעלאָזט" פסחדיק שמאַלץ און דער זעלנער איז געזעסן מיט אונדז און געגעסן „גריוון". די שטוב־וואַרעמקייט און די דראָענדיקע סכנות האָבן אים וויזט אויס, גערירט און זיצנדיק ביים טיש זענען ביי אים די טרערן גערינען פון די אויגן. מיין פאָטער האָט אים געטרייסט און אים נישט אַוועקגעלאָזט פון שטוב און ער איז געבליבן נעכטיקן ביי אונדז. פאַרן שלאָפן גיין האָט ער געבעטן אים פרי אויפוועקן, כדי ער זאָל קענען גיין אין בית־המדרש אַריין דאַווענען ווייל ער האָט גראָד צומאָרגנס יאָרצייט.

צומאָרגנס האָט די עסטרייכישע אַרמיי אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט. צווישן די געפאַנגענע רוסישע זעלנער האָבן מיר געפונען אונדזער אָדעסער.

ב.

אין מיטן ווינטער, ענדע 1915 און אָנהויב 1916 האָבן די דייטשן געברענגט קיין ראַדאָמסק אַ טייל פון דער עוואַקוּאירטער באַפעלקערונג פון ווייסרוסלאַנד, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ גרעסערע צאָל יידישע משפחות, זיי זענען צייטווייליק איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין די אויסגערוימטע פאַבריקס־זאַלן פון די „געברידער טהאָנעט".

מיר, אַ גרופּע יוגנט, מיטגלידער פון דער „קולטורא", וועלכע האָט נאָך דעמאָלט געהייסן „יוגנט־פאַריין", האָבן זיך גלייך אַוועקגעלאָזט אין דער פאַבריק, כדי צו זען מיט וואָס מיר קענען העלפן.

וואָס מיר האָבן דאָרט געטראָפן האָט אויפגעציטערט אונדזערע יינגע הערצער. אין די ווינקלען פון דער פאַבריק האָבן זיך געטוליעט די היימלאָזע משפחות. זייערע פּנימער האָבן אויסגעדריקט שרעק, פאַרצווייפלונג, הילפסלאָזיקייט און אַזאַ צער אַז ביי אַ טייל פון אונדז האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

אויפן אָרט האָבן מיר באַשלאָסן אַז דאָ מוז עפּעס געטון ווערן. איך געדענק נישט קיין זיצונגען אָדער בודזשעט־דיסקוסיעס, אָבער איך געדענק זייער גוט די גרויסע רונדע, אייזערנע טעפּ מיט מאכלים וואָס זענען געליפערט געוואָרן. איך געדענק די טעפּ געטראָגן פון דער שטאָט אין דער פאַבריק אַריין און געהאַלטן פון איין זייט דורך דוד קרויזע און פון דער אַנדערער זייט דורך דוד קאַניעצפּאָלער, פיניע קאַלקע און לייזער בייגעלמאַן, אברהם ווינטער און פישל פאַריז און נאָך אַנדערע חברים (ווער שמועסט וועגן געלט געבן). דער פאַריין האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסע קיך, ווו אונדזערע חברות מיט לייצ'ע ווילענסקא אין דער שפּיץ, האָבן געקאָכט.

דאָס שטילן דעם הונגער פון די אומגליקלעכע האָט אין זיי אַריינגעגאָסן אַ ניי געפיל. די מענטשן האָבן אָנגעהויבן פילן אַז זיי זענען צווישן יידן, און אַז זיי וועלן נישט פאַרלוירן גיין. פון די ווינקלען דערהערט זיך דאָס געלעכטער פון יוגנט און די הילכיקע פריידיקע קולות פון קינדער.

עטלעכע וואָכן האָט געדויערט די הילפס־אַקציע און אין משך פון די צייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטאַרקע פריינדשאַפט צווישן אונדז און צווישן די היימלאָזע יוגנט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן איידעלע ליבע־פעדעם צווישן אַ טייל פון אונדז און זיי...

# געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין די יאָרן 1914/15

פיניע קאַלקע

עס איז שוין געווען אַ שיינע פּאָר חדשים זינט די וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. אונדזער שטאָט איז געווען פאַרנומען פון די עסטרייכער, וואָס זענען געווען אין אַלע הינזיכטן אַ סך מילדער פון די דייטשן. די באַפעלקערונג פון דער שטאָט האָט זיך גאַנץ פריינדלעך איינגעלעבט מיט די נייע הערשער, סיי מיט די פּראָסטע זעלנער און סיי מיט די העכערע מיליטערישע און שטאָט־באַאַמטע. די צייטונגען, וואָס פלעגן צו אונדז אָנקומען פלעגן אונדז באַריכטן די טעגלעכע נייעס מיטן געוויינלעכן נוסח פון שטענדיקע נצחונות, חוץ „קליינע״ אויסנאַמען פון אַ „סטראַטעגישן״ ריקצוג. וואָס אָט די ווערטער מיינען אין דער מלחמה־שפּראַך האָבן מיר גראָד פאַרשטאַנען, כאָטש אַלע נייעסן זענען געווען אונטער אַ שטרענגער מיליטערישער צענזור.

דאָס עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט האָט זיך פּיל־ווייניק סטאַביליזירט. די פאַר־מלחמה אינדוסטריע איז טאַקע געווען אינגאַנצן פאַראַליזירט, די גרויסע מעבל־פאַבריקן און קלענערע פאַבריקלעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט, דערפאַר האָבן זיך אַנטוויקלט נייע מלחמה־פּרנסות ווי פירן לעבנס־מיטל אָדער אַנדערע סחורות פון איין שטאָט אין דער צווייטער. דאָס איז געוואָרן דער הויפּט־קוואַל פון חיונה פאַר דער אַלגעמיינער יידישער, ווי נישט יידישער באַפעלקערונג. אַלץ האָט געהאַנדלט און געמסחרט. דער אמתער נאָמען דערפון איז געווען: שמוגל.

אָבער גראָד אין דער צייט האָט זיך אין ראַדאָמסק, ווי אין די מיינסטע שטעט פון פוילן, אָנגעהויבן אַ קאָכעדיקע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט. די יוגנט האָט ווי דערוואַכט פון אַ לאַנגן לעטאַרגישן שלאָף, און מיטן גאַנצן הייסן ראַדאָמסקער טעמפּעראַמענט זיך געוואָרפן צום פרישן לעבנס־קוואַל, וואָס האָט געהייסן: קולטור. די אָרעמסטע שיכטן ווי די רייכע, די שניידער און די שוסטער־אַרבעטער ווי די אינטעלעקטואַלן — אַלע זענען געווען באַהערשט פון אָט דעם קולטור־שטראָם.

דאָס אָרעמע יידישע אַרבעטער־געסל האָט דערוואַכט צום לעבן און אַרויסגעשטעלט זיינע וואָרט־זאָגער. אָט זענען זיי: דוד קאָניעצפּאָלער, אַ טישלער־אַרבעטער, אברהם ליפּשיץ, לייבל געלבאַרד, אַן אמתער פּראָלעטאַרישער קעמפער, לייזער בייגעלמאַן, פישל גליקסמאַן, ברידער קרויזע, ברידער גאָלד, פייוול איצקאָוויטש א״אַ.

די אינסטיטוציע, אַרום וועלכער אַלע האָבן זיך גרופּירט, איז געווען די באַוווסטע „קולטורא״ מיט איר ביבליאָטעק און לייען־זאַל. ווי הונגעריקע היישעריקן באַפאַלט די יוגנט יעדן אָוונט די ביבליאָטעק און לייען־זאַל און די ביכער ווערן געטראָגן אין גאַס, ווי ראַדאָמסק וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אוניווערסיטעט־שטאָט.

רייכע קולטור־אָוונטן מיט מוזיקאַלישע פּראָגראַמען ווערן איינגעאָרדנט. צו יעדן קולטור־אָוונט גרייט מען זיך ווי צו אַ גרויסן יום־טוב. פון וואַרשע קומען אָפּט די פירער פון די יידישע בירגערלעכע און אַרבעטער־פּאַרטייען צו אַגיטירן פאַר זייערע פּראָגראַמען און אידייען. עס קומט דער מזרחי־פירער הערשל פאַרבשטיין, די ס.־ס.־ישע פירער ד״ר יוסף קרוק, פיניע בוקסהאָרן, דער „בונד״ פירער וולאַדימיר מעדעם, די פּועלי־ציוניסטן זרובבל, דוואַ (ד. באָגען). יעדער רעפעראַט שאַפט אַ הייסע פּאַרטייאישע טעמפּעראַטור. די מאַסע ווערט אַריינגעצויגן אין די פּאָליטישע דעבאַטן. ס׳האָט פּאַסירט, אַז אויפן רעפעראַט פון אַ ציוניסטישן רעדנער וועגן ארץ־ישראל שטעלט זיך אויף אַ שניידער אַרבעטער און פרעגט אים וואָס הערט זיך עפּעס מכוח די יידן אין פוילן; אויפן רעפעראַט פון בונדישן פירער וולאַדימיר מעדעם שפּרינגט אויף אַ צעקאָכטער ציוניסטישער בחור און פאָדערט אויף דעם רעדנער צו באַווייזן נישט נאָר די שלעכטע, נאָר אויך די גוטע זייטן פון ציוניזם (אַ שיינע פאָדערונג פון אַ נאַיוון בחור!..). מעדעם ענטפערט אים נישט געטראַכטערהייט, אַז דאָס לאָזט ער איבער פאַר אים און דער פּראָלעטאַרישער עולם שעפּט דערפון נחת.

אונטער דער ווירקונג און אָנפירונג פון די פּאַרטיי־צענטערס אין וואַרשע און אויך פון דער שכנותדיקער שטאָט טשענסטאָכאָוו פאָרמירן זיך אין ראַדאָמסק די אָרגאַניזאַציעס פון די יידישע אַרבעטער פּאַרטייען אין פוילן. עס אַנטשטייט די אָרגאַניזאַציע פון ס. ס., שפּעטער „פאַרייניקטע״, וואָס האָט, נאָכפאָלגנדיק טשענסטאָכאָוו, פאַרנומען אין ראַדאָמסק דעם ערשטן פּלאַץ. נאָך זיי איז געקומען דער „בונד״ און פּוע״צ. מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך שפּעטער געשאַפן, האָבן אָנגעפירט די „פאַרייניקטע״ און דער „בונד״. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון די „פאַרייניקטע״ און פּועלי־ציון. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַרבעטער קינדער־היים, דאָס מאָדערנסטע און שענסטע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער יידישער גאַס. פאַרשטייט זיך, אַז צו משיחס צייטן, ווען אַלע אַרבעטער פּאַרטייען וועלן לעבן בשלום, איז נאָך געווען ווייט און די פּאַרטייען האָבן זיך נישקשה אַרומגעריסן. דערווייל איז אָנגעקומען די נייע גרויסע עפּאָכע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס רעוואָלוציאָניזירט די אַרבעטער־מאַסן. מיט דעם האָט שוין די אָקופּאַציע־מאַכט, אַפילו פון די „ליבע״ עסטרייכער, נישט געקענט משלים זיין.

די מלחמה אָבער האָט אויך באַשאָנקען ראַדאָמסק מיט אַנדערע געשעענישן, (וואָס האָבן איבערגעריסן אי די „קולטורעלע אידיליע״, אי דעם פּאָליטיש־פּאַרטייאישן קאַמף).

עס איז אָנגעקומען קיין ראַדאָמסק אַ צוג מיט היימלאָזע פון די מלחמה־פראָנטן אין ווייס־רוסלאַנד און ליטע. די היימלאָזע צערמיינסטן יידישע מיט עטלעכע פון זייערע קריסטלעכע שכנים, האָבן זיך געשלעפּט מיט די באַנען עטלעכע וואָכן ביז מען האָט זיי פאַרפירט קיין ראַדאָמסק. די ראַדאָמסקער יוגנט (געבענטשט זאָל זי זיין!), האָט אויף אַ ווייל איבערגעריסן דעם פּאַרטיי־קאַמף, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און מיט איר געוויינלעכן ראַדאָמסקער ברען און ענטוזיאַזם זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט צו געבן די ערשטע הילף די אומגליקלעכע יידישע מלחמה־קרבנות. יונגע קרעפטיקע הענט האָבן געטראָגן די אַלטע צעבראָכענע גופים פון די פליטים און געשלעפּט זייערע קלימאַקעס, וואָס זיי האָבן באַוויזן צו ראַטעווען מיט זיך פון מלחמה־חורבן. די צייטווייליקע היים פאַר זיי איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין קאָהנס פאַבריק. באַלד דערנאָך האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופּעס, צו זאַמלען עסן, צו שאַפן געלעגערס און אַלץ אין וואָס די היימלאָזע האָבן זיך גענויטיקט. דאָס איז נישט געווען קיין איינמאָליקע אויפגאַבע, נאָר אַ שטענדיקע טאָגטעגלעכע,

איבערגעגעבענע זאָרג און אַרבעט, וואָס איז אויך געווען פאַרבונדן מיט אַ שווערן קאַמף מיט די עסטרייכישע שטאָט־באַאַמטע. ווייל ווען מען האָט געקענט קריגן וואַרעם עסן און אַנדערע נויטווענדיקייטן ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג — האָט מען אָבער אַזעלכע לוקסוסן ווי צוקער און קוילן געמוזט אויסקעמפן ביי די עסטרייכישע „בעהערדן”, אָבער אויך דאָס איז געטאָן געוואָרן. גאַנץ באַזונדער האָבן זיך אויף דעם געביט אויסגעצייכנט דער בריליאַנטענער טוער פישל גליקסמאַן און לייזער בייגעלמאַן. באַזונדער האָט פישל גליקסמאַן מיט זיין פאָלקסטימלעכער נשמהדיקייט און הומאָר געמונטערט און אויפגעהייטערט די געמיטער פון די דערשלאָגענע היימלאָזע.

די ברידערלעכע ליבע און פריינדלעכקייט וואָס ראַדאָמסק האָט אַרויסגעוויזן צו די היימלאָזע האָט ביי זיי אַרויסגערופן די וואַרעמסטע געפילן צו דער שטאָט און אירע ייִדן. פישלען און לייזערן האָבן זיי פאַרגעטערט. אַ סך פון די היימלאָזע זענען שפּעטער אַריבער קיין אַמעריקע און דאָ האָבן זיי מיט זייער הילף און אינטערעס פאַר ראַדאָמסק אַרויסגעוויזן זייער דאַנקבאַרקייט צו אונדזער אַלטער היימשטאָט.

# ייִדישע זעלבסט־שוץ אין יאָר 1919

**בערל דודקעוויטש**

די ערשטע צייטן נאָך פוילנס אומאָפּהענגיקייט, איז די פּאָליטישע לאַגע געווען זייער נישט קלאָר. די מאַכט אין צענטער איז געווען לינק אָבער די אויספיר־מאַכט אויף די פּלעצער איז געווען איינגעשטעלט זייער רעכט. און די אַלע רעכטע פּאַרטייען האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אַרויסצורופן פאַרשידענע אומרועז. נאַטירלעך אַז די בעסטע געלעגנהייט פון אַלע און פאַר אַלע צייטן — זענען די ייִדן. און אָט דעם 4־טן מערץ 1919, געווען איז עס זונטיק. עס פאַרזאַמלען זיך זייער פיל אונטערגעהעצטע פּאָליאַקן אויפן נייעם וועג, און דער בלינדער און לאָמער אַנטיסעמיט וויטאַלסקי שרייט, דאָס נאָר די ייִדן זענען שולדיק וואָס עס פעלט אויס ברויט. „זאַל מען נאָר זוכן ביי די ייִדישע בעקערס וועט מען שוין געפינען”. די זעלבסט־שוץ, געגרינדעט פון די ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטייען, איז נאַטירלעך געווען גלייך אינפאָרמירט און געווען גרייט אויף יעדן פאַל.

אברהם דודקעוויטש ווערט אויפגעהויבן אויף די אַקסלען פון די חברים און דערקלערט מיט אַזאַ זיכערע שטימע, דאָס נישט אמת איז אַז ייִדן באַהאַלטן מעל אָדער ברויט, דער אמת איז אַז די אַפּראָוויזאַציע־מאַכט גיט נישט אַרויס גענוגנט מעל, ווייל זיי זענען פאַראינטערעסירט אַז עס זאָלן זיין אומרועז א.אַ.וו. א.אַ.וו. צוהילף דעם חבר דודקעוויטש קומט דער פּאָליאַק סקאָמסקי אַרויסגעשיקט פון דער דערבייאיקער סטאַראָסטוואַ (אגב, האָט עס דעמאַלט געהייסן — פּאָלקס־קאָמיסאַרן) און ער שטיצט אונטער די מיינונג פון די ייִדן. און אַ גרופּע לינקע פּ. פּ. ס. נעמען גלייך איבער די מאַסע און אַנשטאָט אין די ייִדישע בעקערייען לענקט זי די מאַסע אין „אַרעסט”, ווו מען באַפרייט איינציקע פּאָליטישע אַרעסטירטע. און דאַן ווערן באַזייטיקט די באַאַמטע פון דער שטאָטישער אַפּראָוויזאַציע.

ביי דער געלעגנהייט האָבן שוין די מיטגלידער פון דער ייִדישער זעלבסט־שוץ, אויסגעפירט אַן איבערפאַל אויף דעם געוועזענעם עסטרייכישן זשאַנדאַרעם מיטן צונאָמען „מאַראַנצל” אַ שרעקלעכער אַנטיסעמיט און מנוול. אָנטייל גענומען האָבן דעמאָלט די מיטגלידער פון זעלבסט־שוץ: ס. וואָלאַשצאָווסקי און דער גראָבער הערשל סורקעוויטש, רובינשטיין פינטשע, קאָניעצפּאָלער, קובע וויעלונסקי, העניך קאָלקע, לייביל גאָלדבערג, סרולקע אַלטמאַן, אברהם שוסטאַק, גאָטאיינער, משה פּשעראָווסקי, אַלעק פלאַוונער, חיים שייליץ, אברהם איילע דודקעוויטש, מאָטל פעלדבערג און אַנדערע.

דער טעלעפאָן איז פריער געוואָרן איבערגעריסן. נאַטירלעך, די גאַנצע ראַדאָמסקער ייִדישע יוגנט איז געווען גרייט זיך קעגנצושטעלן יעדן פּרוּוו פון די רעכטע עלעמענטן אָדער סתם פּאָגראָמשטשיקעס. די רעאַקציע האָט אָבער נישט געשוויגן, זייערע עלעמענטן וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט באַהערשט די מאַכט אָרגאַנען, האָבן אַדורכגעפירט אַ סך אַרעסטן און צווישן זיי נאַטירלעך אויך איינציקע מיטגלידער פונעם זעלבסט־שוץ, מיט אַ. דודקעוויטש בראש.



## אן אינטערעסאנט קארטל פון יאר 1915

די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע־קאַרטל איז אָפּגעהיט געוואָרן ביי קרובים פון דער פאַמיליע מישא (משה) ווינטער, געוווינט אויף קאַלינסקע־גאַס נר. 2 (אין יאָר 1915). די פאָטאָגראַפיע שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרופּע ראַדאָמסקער ייִדן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין ווידאַמע. אויפן צווייטן זייט פון דער פאָטאָגראַפיע שרייבט אַ זון פון דעם א״ד מישא (משה) ווינטער צו זיינע עלטערן:

„... איך האָב מיך געזשאַלעוועט אַז איך בין קראַנק אויף די פיס, אָבער כ׳ווייס נאָך נישט וואָס ס׳וועט זיין, צי איך וועל באַפרייט ווערן... איך האָב געאַרבעט שבת שווערע אַרבעט... מיר האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן שבת, האָבן מיר געקראָגן געשלאָגן... איך גיי מאָרגן צום דאָקטאָר... מער קיינע נייעס... איך גריס אייך און די כלה גאר פריינטלעך”...

די דאָזיקע קאַרטל איז כנראה איבערגעשיקט געוואָרן דורך אַ געלעגנהייט, ווייל נאָך דער אויבן־געבראַכטער אינפאָרמאַציע, איז צוגעשריבן: „ביטע איבערצוגעבן מישא (משה) ווינטער, קאַלינסקע 2”.

# א פראקלאמאציע פון דער דייטשישער ארמיי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַן אַרמיי־אָפּטייל פון דייטשלאַנד־עסטרייך־אונגאַרן באַזעצט נאָווא־ראַדאָמסק. ביים אַריינמאַרשירן אין שטאָט, אין יאָר 1914, איז פאַרטיילט געוואָרן אַ פּראָקלאַמאַציע צו דער יידישער באַפעלקערונג, אין וועלכער זיי האָבן געוואָלט געפינען סימפּאַטיע און שטיצע. דער גענעראַל שטאַב־הויפּט פאָן־הינדענבורג און גענעראַל לודענדאָרף, וועלכער האָט נאָך דער פאַרלאָרענער מלחמה געוואָרפן גאַל און שמוץ אויף די יידן און פּראָפּאַגאַנדירט היטלעריסטישע תורה, האָט געפּרווט אָפּצולייקענען, אַז ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער מיט אונטערטעניקע ווערטער געבעטן הילף ביי די פּוילישע יידן. אין אַרכיוו פון נאָווא־ראַדאָמסקער „רעליעף" אין אַמעריקע געפינט זיך אַן אָריגינאַל פון דער פּראָקלאַמאַציע, וועלכע מען האָט דעמאָלט פאַרטיילט אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן אין די גאַסן פון יידישע שטעטלעך אין פּוילן.

מיר ברענגען דאָ די פּראָקלאַמאַציע אין אָריגינאַל, מיט די זעלבע ווערטער און אָרטאָגראַפיע, כדי דעם דאָקומענט אָפּצוהיטן פאַר די צוקונפטיקע דורות.

**מאָרים שוואַרץ** (פּ.ש.א.)

---

די העלדישע אַרמייען פון די גרויסע מיטל־אייראָפּעאישע רעגירונגען דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן זענען אַריין אין פּוילן.

דער מעכטיקער מאַרש פון אונדזערע אַקציעס האָבן געצווונגען די דעספּאָטישע רוסישע רעגירונג צו אַנטלויפן; אונדזערע פאָנען ברענגען אייך רעכט און פרייהייט, גלייכע בירגער־רעכט, פרייהייט פון גלויבן, פרייהייט צו אַרבעטן אומגעשטערט אין אַלע צווייגן פון אַ עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן אין אייער גייסט.

צו לאַנג האָט איר זיך געלאָזט אונטערדריקן אונטער דעם אייזערנעם מאָסקאָוויטישעס יאָך. ווי פריינד קומען מיר צו אייך.

די באַרבאַרישע פרעמדע רעגירונג איז אויס. די גלייכע רעכט פאַר יידן זאָל געבויט ווערן אויף פעסטע פונדאַמענטן. לאָזט אייך ניט אָפּנאַרן ווי אַ סך מאָל פריער דורך די חניפה'דיקע פאַרשפּרעכונגען.

צו האָט אייך נישט אין יאָר 1905 דער צאַר צוגעזאָגט גלייכע רעכט פאַר יידן און ער האָט נישט דערויף געגעבן דעם העכסטן מאַניפעסט?

ווי האָט מען אייך אָפּגעצאָלט דעם דאָזיקן חוב, וואָס מען האָט אויף זיך גענומען פאַר דער גאַנצער וועלט? געדענקט דאָס אַרויסטרייבן, וואָס מען טרייבט טאָג־טעגלעך די יידישע מאַסן פון זייערע איינגעזעסענע מקומות.

געדענקט: דעם ביילים פּראָצעס און די אַרבעט פון דער באַרבאַרישער רעגירונג צו פאַרברייטערן דעם שרעקלעכן ליגן פון בלוט גענברויך ביי יידן. אַזוי האָט דער צאַר געהאַלטן זיין מאָנאַרכישן וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן זייענדיק אין קלעם.

ער איז ווידער אין קלעם! אָט דאָס איז די סיבה פון זיינע פאַרשפּרעכונגען. אייער הייליקער חוב איז איצט, צוזאַמען צו־נעמען אַלע קרעפטן מיט די אַרבעטער פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע פאָלקס קרעפטן. אייער יונגער דור, אייערע קהילות, אייערע חברות, מוזן זיך שטעלן ווי איין מאַן מיטצוהעלפן די הייליקע זאַך. מיר דערוואַרטן אַז איר וועט באַווייזן דורך פאַקטן אייער פאַרשטאַנד. אין אייער איבערגעבנקייט ווענדט זיך מיט דעם גרעסטן בטחון צו די קאָמענדאַנטן פון אונדזער מיליטער. אין די ערטער וואָס זענען נאָענט צו אייך אַלע סאָרטן ליפערונגען וועלן באַלד און גוט באַצאָלט ווערן.

באַנעם דעם וועג צו באַצווינגען אין גאַנצן דעם שונא און צו ברענגען דעם נצחון פון פרייהייט און גערעכטיקייט!

**די אבערע לייטונג פון די פארבינדעטע דייטשע און עסטרייכישע אונגארישע ארמייען**



אַן אָפּטיילונג פון דער דייטשיש־עסטרייך־אונגאַרישער אַרמיי (בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה) באַקומט צוגעטיילט דעם עסן אויפן מאַרק־פּלאַץ אין ראַדאָמסק.

חלק רביעי / פערטער טייל

## התוכן - אינהאלט

באַלד אַרומגעקליבן די שענסטע באַלעבאַטים פון שטעטל, און זיי האָבן מיט גרויס נייגעריקייט זיך צוגעקוקט צום ספעקטאַקל. דער „בידניצער דיבוק” איז געלעגן אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, דאָס העמד צעכראַסטעט, אַ האָריק לייב האָט זיך אַרויסגעזען. ער האָט געזונגען און געדאַוונט, זיין מויל איז געווען פאַרמאַכט, שווייס האָט זיך געגאָסן פון זיין פנים און גאַנצן קערפער, ער האָט זיך דערביי געוואָרפן און געמאַכט פאַרשידענע שטיק. ביי אונדז קינדער, האָט ער אַרויסגערופן באַוואונדערונג און אַ באַהאַלטענעם שרעק. אויך באַלעבאַטים און יידענע יונגעלייטלעך, איידעמלעך אויף קעסט, האָבן געקוקט, געזען, געהערט און געגאַפט. דערפאַר האָבן זיי אים באַלוינט מיט אַ ברייטער האַנט און געוואָרפן גרעסערע מטבעות.

אָפגעזונגען, פלעגט דער „בידניצער דיבוק” אויפשטיין, אָפווישן דעם שווייס מיט אַ רויט גרויס טאַשן־טיכל, אויפהויבן די צעוואָרפענע מטבעות און פלעגט זיך פאַרנייגן ווי אַ קונצן־מאַכער. דאָס צוזאַמענגעקליבענע געלט פלעגט ער אַריינלייגן אין אַ לעדערנעם בייטל און דאָס פאַרזיכטיק אַריינשפילען אין דער אונטערשטער הויזן־קעשענע. נאָכ'ן אָפרוען זיך אַ היפשע וויילע, האָט ער זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, און ווידער מיט אַ פאַרמאַכט מויל געזונגען. האָט אַמאָל געטראָפן, אַז די מטבעות זענען געווען קליינע אָדער ווייניק, האָט דעמאָלט דער „סטראַזשניק” געזידלט און געשאָלטן מיט געפערלעכע קללות און דאָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ שרעק. פלעגט מען דעמאָלט אים צווואַרפן דעם לעצטן גראָשן, וואָס מען האָט ביי זיך געהאַט, אַבי דער גוי, דער נאַכאַל, זאָל אויפהערן...

עטלעכע יאָר פלעגט דער „בידניצער דיבוק” קומען יעדן ראש־חודש אלול קיין נאוואראַדאָמסק און האָט אַוועקגעריסן דאָס שטיקל בעטל־ברויט ביי די איינגעבירטיקע אָרעמעלייט, און באַלד נאָך די ימים־נוראים פלעגט ער פאַרשווונדן. אַ בייז האַרץ האָבן אויף אים געטראָגן די נאָוואָראַדאָמסקער אָרעמעלייט. זיי פלעגן מיט אים איינטענה'ן ער זאָל פאַרלאָזן „זייער שטאָט”, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. זיי האָבן אים געשאָלטן, געזידלט, גערופן גנב־מאַשעניק, אים אָפגעגאָסן מיט אַ פאָמויניצע־וואַסער, זיך אַפילו געכאַפט שלאָגן, אָבער ס'האָט אַלץ ניט געהאָלפן. זענען די אָרעמעלייט געלאָפן צום רבי'ן און אים דערציילט וועגן דעם „בידניצער דיבוק”. האָט דער רבי געשיקט דעם שמש און געהייסן ברענגען צו אים דעם דיבוק, אָבער יענער איז פאַרשווונדן אויף אַ שטיקל צייט און זיך ערשט ווידער באַוויזן צום סוף חודש־אלול, און באַלד נאָך יום־טוב איז ער ווידער נעלם געוואָרן. דורכ'ן יאָר פלעגט מען אָן אים פאַרגעסן, אָבער אַזוי שנעל ווי עס האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים האָט ער זיך ווידער באַוויזן. אַן אימה פלעגט דעמאָלט באַפאַלן דאָס שטעטל, נאָוואָראַדאָמסק איז געגאַנגען כאָדאָראָם. מאַמעס האָבן געסטראַשעט קינדער מיטן דיבוק. כלה־מיידלעך האָבן מורא געהאַט צו גיין אַליין אין גאַס אין די אָוונטן. יונגע מעוברת'ע פרויען האָבן געלאָזט די מזוזות איבערקוקן, און ניט געגאַנגען אין גאַס אַפילו בייטאָג אָן אַ פאַרטוך (אַ סגולה קעגן ניט־גוטע). אַלטע ווייבער פלעגן דערציילן, אַז זיי האָבן אַליין געזען ווי פונקט 12 ביינאַכט ווערט פונ'ם „בידניצער דיבוק” צוויי מענטשן: אַ חזן און אַ סטראַזשניק, און אַז דער סטראַזשניק דער שיכור, לויערט אויף יונגע מיידלעך...

✶

מורא'דיק און מיסטעריעז האָט נאָוואָראַדאָמסק אויסגעקוקט אין די שפעטלעכע אויפדערנאַכטן, ווען בלויז מענער האָבן זיך געשלייכט איבער די גאַסן און געסלעך. פאַרלאָזן און פוסט איז געווען דער „נייער וועג”, די ראָמאַנטישע אַלייע ווו עס פלעגן שפאַצירן מיידלעך און בחורים, די איינציקע געפלאַסטערטע אַלייע, אָן בלאָטעס, מיט הויכע צעוואָקסענע קאַשטאַן־ביימער פון ביידע זייטן. דאָס רוישן פונ'ם באבריגער טייך האָט זיך דערטראָגן אַהין און זיך אויסגעמישט מיטן שטילן שעפטשען פון די פאַרליבטע פאָרלעך. ניט איין ליבע איז דאָרט פאַרקניפט געוואָרן, און ניט איין צעבראָכן האַרץ מיט פאַרטרויערטע אויגן האָט מיט בענקשאַפט געקוקט אויף די פאַרביישפאַצירנדע יונגע־לייט און מיט די אויגן געזוכט יענעם, וועלכער האָט איר געשוואָרן אייביקע ליבע... אין די שטילע זומערדיקע אָוונטן האָבן צום „נייעם וועג” געשטראָמט באַלעבאַטישע יונגעלייט, מיט לאַנגע געהאַקטע יאַבידלעך, וועלכע פלעגן בגנבה וואַרפן זייטיקע בליקן צו די באַלעבאַטישע טעכטערלעך, און אַ ראָמאַן אָן ווערטער האָט זיך אָנגעפאַנגען שפינען... אַמאָל פלעגט אויך אַהין זיך פאַרגנב'נען אַ ישיבה־בחור, מיט פאַררוקטע פאות אונטער די אויערן, וועלכער פלעגט אונטערן ספר לייענען טריף־פסול'ס און מיט אַ קלאַפנדיק האַרצן געלאָזט זיך אויפן געפערלעכן „נייעם וועג”, וואָס האָט געלאָקט און געצויגן צו יענער פאַרבאָרגענער וועלט פון די מעשה־ביכלעך. אויך געזעלן שניידער־יונגגן, שוסטער, זאָקן־מאַכער, קאַמאַשן־שטעפער, האָבן שפאַצירט אויפן „נייעם וועג” — יונגע־לייט, אין וועלכע ס'האָט אָנגעפאַנגען אויפוואַכן אַ קעמפערישער גייסט נאָך עפעס בעסערס, און פון צעהיצטע מיילער האָט זיך געהערט די ווערטער: „קאַרל מאַרקס”, שטרייק, קאַמף, פאַרזאַמלונגען, פרייע אַמעריקע. און שטילערהייט, אַז קיין זייטיקער זאָל חלילה ניט הערן, האָט מען געזונגען „דאַלאָי־ניקאָלאַי” (אַרונטער מיטן צאַר). די געזעלן פון פאַרשידענע פאַכן זענען שוין אָבער ניט געגאַנגען אַליין, מיט זיי פלעגן שוין מיטשפאַצירן די נייטערינס, שניידערינס, זאָקן־מאַכערינס און דינסטמיידלעך.

אָבער מיטן קומען פון „בידניצער דיבוק” פלעגן אָנהויבן פאַרשווינדן די יונגע מיידלעך פון „נייעם וועג”. צוערשט פלעגן אויספעלן די באַלעבאַטישע טעכטער, שפעטער אויך די אַרבעטאָרינס, און ס'איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַ מאַנצבילשע אַלייע. האָבן די יונגעלייט פאַרשטאַנען, אַז די מיידלעך קומען ניט אויס מורא פאַרן דיבוק, ווייל זיי וואַגן ניט ביינאַכט צו קומען אַליין אויפן „נייעם וועג”, און די בראַווע, וועלכע האָבן שוין יאָ געוואַגט, האָבן אָבער זייערע מאַמעס ניט געלאָזט אַרויסגיין אויף דער נאַכט אַליין. אַזוי אַרום איז פוסט געוואָרן דער „נייער וועג” אָן די מיידלעך. די שפאַצירנדיקע יונגע־לייט האָבן מיטאַמאָל דערפילט ווי „אימיצער” האָט ביי זיי צוגערויבט דעם יום־טוב פון זייער יונג ראָמאַנטיש לעבן. ליידיק און אָן אינהאַלט איז געוואָרן די כישוף'דיקע אַלייע. דער „אימיצער”, האָבן זיי געוווסט איז דער „בידניצער דיבוק”, און זיי האָבן באַשלאָסן צו נעמען נקמה.

לייבקע „רעוואָלוציאָנער” האָט פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג, און נאָך לאַנגע, היציקע דעבאַטן איז באַשלאָסן געוואָרן פטור צו ווערן פונם „בידניצער דיבוק”, פאַריאָגן אים אויף שטענדיק. אויף צומאָרגנס, ווען מיר, קינדער, זענען אין ענגשפט געשטאַנען און פאַרגאַפטע זיך צוגעקוקט צום בידניצערס ספעקטאַקל, ווי ער זינגט מיט אַ פאַרמאַכט מויל ווי אַ חזן און שעלט ווי אַ סטראַזשניק, זענען פלוצלינג אָנגעקומען חברה „אחדות”־יונגען מיט שטעקנס אין די הענט. פונקט דעמאָלט איז דער דיבוק געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד, און געהאַלטן אינמיטן זינגען המבדיל.

— זאָג בעסער אָפ ווידוי — האָט הירשל קאַקוסקע אַ געשריי געטאָן — איידער מיר שיקן דיר אויף יענער וועלט.

דער דיבוק האָט זיך ווייטער געזונגען.

— בידניצער, מיר זענען געקומען אַרויסטרייבן דעם דיבוק — האָט בערל וואַשעוואַדע אויפגעהויבן זיין שטעקן.

— טראָג זיך אָפ „בידניצער דיבוק”, מיט גוטן און גיי אין דיין רו אַריין — האָט אים געוואָרנט מענדל בעקער.

—אויב ניט, וועט מען דיר אַוועקטראָגן אַ טויטן — האָט נאָך איינער אַריינגעשריגן.

נאָר דער „בידניצער דיבוק” האָט געזונגען נאָך מיט מער ברען און ניט געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט צום גאַנצן אַרומיקן טומל.

—אוי, אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין — האָט אויסגעשריען שימעלע שוסטער, מיט אַן אויפגעהויבענעם שטעקן.

— ווען דו וואָלסט געווען אַן אמת׳ער דיבוק — האָט אַריינגעוואָרפן מאָטעלע שאַפּירא, אַ יונג בחור׳ל פון חסידישע עלטערן (אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז ער איז קאַליע געוואָרן) — וואָלסטו געגאַנגען צו אונדזער רבי׳ן ווען מען האָט דיר גערופן, און ער, זאָל לעבן, וואָלט שוין געווען פאַרטריבן פון דיר דעם ניט־גוטן...

הויב דיך אויף און טראָג זיך אָפּ פונדאַנען די מינוט! — האָט לייבקע „רעוואָלוציאָנער״ באַפוילן.

נאָר דער „בידניצער דיבוק״ זינגט נאָך שטאַרקער, אַזוי ווי די גאַנצע זאַך וואָלט זיך מיט אים ניט אָנגעקערט. און מיר, קינדער, זענען געשטאַנען געפּלעפּט און זיך צוגעקוקט מיט שרעק.

— הויב זיך אויף און טראָג זיך אָפּ, און טאַקע די מינוט! דו הערסט! די רגע!

„דער „בידניצער דיבוק״ זינגט העכער, שטאַרקער, און מיט מער ברען.

מיט אַמאָל, אויפן ווונק פון לייבקע „רעוואָלוציאָנער״ האָט גענומען האָגלען מיט קלעפּ אויפן בידניצער. שטעקנס און פויסטן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין שווערן קערפּער.

כאַצקעלע פאַצעט האָט געשריען: גנב־איינער, פּאַסיקל־שפּילער, סיבירניק! דו וועסט אונדזערע מיידלעך און קינדער מער ניט שרעקן מיט פאַלשע דיבוקים. אַרויס פון נאָוואָראַדאָמסק! אַוועק פון דאַנען, דו מאַשעניק!

דער „בידניצער״ האָט אויפגעהערט זינגען, און געשריגן מיט באַנימענע קולות, אַז מען זאָל אים אויפהערן שלאָגן.

— זאָגסט אונדז צו, אַז דו וועסט זיך אָפּטראָגן? — פרעגט שלמה דונער.

— אוי, איך קען ניט! האָט דער בידניצער אַרויסגעקרעכצט.

— צעטרייבערן מיר דיך ווי אַ טריפה־בהמה — האָט אויסגערופן איציקל קצב, אַ הויכער יונג מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג.

— הערט אויף! איך... איך זאָג צו... — האָט אַרויסגעקרעכצט דער בידניצער — איך זאָג צו!

לייבקע „רעוואָלוציאָנער״ האָט אַ ווונק געטאָן צו דער חברה און די קלעפּ האָבן אויפגעהערט.

— זאָג אונדז צו, אַז דו וועסט מער דיין גנב׳יש פּרצוף דאָ ניט ווייזן!

— איך זאָג צו — האָט דער בידניצער קוים אַרויסגעסאָפּעט, און בלוט איז אים גערונען פון דער נאָז.

דיין געביין זאָל זיך מער דאָ ניט געפינען...

— ניט געפינען... — האָט ער נאָכגערעדט שוואַך און נאָכגעביק.

דער בידניצער וויל זיך אויפהויבן און קען ניט; חברה ווילע יונגען הייבן אים אונטער; ער בלייבט שטיין, וואַקלט זיך ווי אַ שכור און זאָגט, אַז ער וויל פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, נאָר ער האָט ניט קיין געלט אויף אַ בילעט.

— זאָלסט אַזוי האָבן דאָס גוטע געזונט, ווי דו האָסט ניט אויף קיין בילעט — בענטשט אים „בערישל אַקטיאָר״, אַ יונג בחור׳ל, וואָס האָט געשפּילט „מכירת יוסף״ אין פּורים, און ס׳איז אים שוין פאַרבליבן דער נאָמען „אַקטיאָר״. פונדעסטוועגן געבן אַלע צושטייער אויף אַ בילעט, מען לייגט צוזאַמען דאָס געלט און מען פירט אים אונטערן אָרעם צום וואָקזאַל.

חברה וואַרט, דער צוג קומט אָן, מען שטופּט אַריין דעם בידניצער אין וואַגאָן, די טיר פאַרמאַכט זיך, אַ לאַנגער פייף, אַ קנויל רויך שפּאַרט אַרויס פונעם לאָקאָמאָטיוו. די באַן פאַרשווינדט און צוזאַמען מיט דער באַן איז אויף אייביק פאַרשווונדן פון אונדזער שטעטל דער „בידניצער דיבוק״.

(פון „פאָרווערטס״, ניו־יאָרק)

# באגעגענישן מיט נאוואראדאמסקער

ד״ר חיים שאשקעס

דאָס איז געווען אין יאָר 1925, אויף אַ פאַרוויילונג פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, אין זיין באַרימטן לאָקאַל אויף טלאָמאַצקע דרייצן.

הונדערטער שרייבער, זשורנאַליסטן און געסט האָבן אָנגעפילט די פאַרהעלטניסמעסיק נישט גרויסע זאַלן, ווו עס איז געווען דער יידישער ליטעראַרישער אַדרעס אין פוילן און אויך אַ צוציונגסקראַפט פאַר דער קליינשטעטלדיקער יוגנט, וואָס האָט געוואָלט בעת אַ וואַרשעווער וויזיט כאָטש אַן אָטעם טאָן מיט דער לופט פון זייערע באַליבטע דיכטער און פובליציסטן, וועלכע מען האָט דאָ געקענט זען היימיש און אינטים. אָט עסט דער עסטעט יוסף העפטמאַן געמאַרעניִרטן הערינג אין דער עסייאיסט י. מ. ניימאַן טרינקט טיי מיט בוימל־חלה... עס קומט אַריין דער פוילישער־רעדנער נתן שוואַלבע, אָנגעשטאָפּט מיט נייעס פון אויסערן־מיניסטעריום, און שיט עס אויס פאַר אַ גרופּע קאָלעגן.

דער דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש זיצט אין ווינקל מיט אַ „ליטעראַרישער ביילאַגע״, אַזוי האָט מען גערופן די מיידלעך, וועלכע האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו די שרייבער, און דערציילט איר מיט אַ ביירא־ניש־ליידנדיקן אויסדרוק אויפן פּנים די געשיכטע פון זיינער אַ לעצטער ליבע.

דער אַצילותדיקער סעקרעטאַר פון פאַריין, מלך ראַוויטש, דאַן נאָך יונג, אָבער מיט נישט קיין קלענערער אַטאַקירנדיקער וויזיע ווי היינט, דיסקוטירט מיט אַ גרופּע יונגע דיכטער די טעזן פון זיין דאַן פּאָפּולערן פאָרטראַג איבער „פרייער ליבע״, וועלכער האָט פאַרכאַפּט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון יידישן שטעטל אין די דעמאָלטיקע פרימאָרגן־יאָרן פון אויפוואַכונג.

אויף דער עסטראַדע, אונטער דעם גרויסן אייל־בילד פון י.ל. פּרץ, שפּילן יידישע כלי־זמר אַן אַרגענטינישן טאַנגאָ, און דאַן הויבט זיך אויף פון טישל דער קליינינקער, בלאָנד־בלאַסער הערש־דוד נאָמבערג, און לאַדט איין צום טאַנץ אַ יונג מיידל.

דאָס פּאָרל בילדעט אַ היפּשן קאָנטראַסט: ה. ד. נאָמבערג טאַנצט מיט אַן אָנגעשטרענגט אומעטיק געזיכט, אַזוי ווי אימיצער זאָל אים נויטן. ער שטעלט די פיס ווי אַ מתמיד, וועלכן דער טאַנץ־רבי האָט אָנגעזאָגט, ווען מען דאַרף אַ דריי טון רעכטס, אַ טופּע טון לינקס, און שטעלן זיך אויף די שפּיץ פינגער. און דאָס מיידל, מיטן קאָפּ בלאָנדע לאָקן באַוועגט זיך נאַטירלעך, שוועבנדיק, אַ ביסל נישט זיכער אין די אָרעמס פון איר טאַלאַנטפולן קאַוואַליר...

צוזאַמען מיט מיר זיצן ביים טישל און אָבסערווירן נאָמבערגס באַלעטישע באַמיאונגען צוויי לאַנדסלייט זיינע: דער ווי אַ שפּרינג־

פעדער רירעוודיקער לודוויק וויינבערג, דער פאָטאָגראַפיסט פון שטאט נאָוואָראַדאָמסק, און זיין יונגע עקסצענטרישע טאָכטער טוסיע. און ווען דער טאַנגאָ איז געענדיקט, זעצט זיך אַוועק ביי אונדזער טישל דער פּאַרשוויצטער נאָמבערג. ער אָטעמט שווער; ער איז קענטיקט אָנגעשטרענגט; אָבער ער פרייט זיך צו זען מיינע געסט, וועלכע איך האָב געבראַכט אין ליטעראַטן־פּאַריין, כדי זיי זאָלן האָבן וואָס שפּעטער צו דערציילן אין שטאָט.

ה. ד. נאָמבערג האָט יאָרן לאַנג פאַרבראַכט אין נאָוואָראַדאָמסק ווו זיין מוטער, די אלמנה, האָט חתונה געהאַט מיטן „שאַרפן" גערער חסיד און נגיד ר' איטשע שטערנפעלד.

ער צערעדט זיך מיט וויינבערגן וואַרעם וועגן יענער שטאָט אויף וועלכער עס הערשט שוין כמעט הונדערט יאָר דער גייסט פון גרינדער פון דער ראַבייאישער דינאַסטיע פון „תפארת שלמה" (ר' שלמה ראַדאָמסקער). ער וויל וויסן, וואָס הערט זיך אין רבינס הויף ווו עס ציט נאָך איצט דעם גאָלדענעם פאָדים פון חסידות דאָס אייניקל פון „תפארת־שלמה", ר' שלמה חנוך הכהן.

די טאַנגאָ אַטמאָספערע אַרום אונדז ווערט פלוצלינג אָנגעזאַפּט מיט רירנדיקע זכרונות פון נאָמבערגס קינדהייט, מיט אַ וועלט פון חסידישע שאָטנס, פון וועלכע דער שרייבער איז אַזוי ראַדיקאַל אַוועק.

דערציילט דערביי נאָמבערג אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד פון זיין קינדהייט, ווען ער האָט געלערנט גמרא ביים אמסטעווער רב און מען האָט דאַן פאָראויסגעזאָגט, אַז דער עילוי נאָמבערג וואַקסט אַ גדול בישראל, אַ גרויסער רב, פאַרשטייט זיך. אָבער — זאָגט נאָמבערג — די קליפּה, לא עליכם, האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די תלמידים, און מיר פלעגן שפּילן אין די אָוונטן אין קאָרטן. מען האָט דאָס שנעל דערטראָגן צום אַמסטעווער רב און איינמאָל אַ שבת־צו־נאַכט, ווען מיר האָבן געהאַלטן אין מיטן אַן „אָקע" אין צימערל פון מיין חבר אלימלך שוואַרץ, קלאַפּט מען אין טיר און איך דערהער דאָס הוסטעלע פון מיין רבין. ענטפער איך דורך דער טיר מיט אַ שטימע פון אַ מת, וואָס קומט צו חלום: „אויב דער וואָס קלאַפּט קומט מיט גוטע כוונות, זאָל ער אַריינקומען, אויב אָבער ער מיינט אונדז שלעכטס צו טאָן, זאָל ער בלייבן אין דרויסן"...

„דער רב איז קיין נאַר נישט געווען און איז שווייגנדיק אַוועק. אָבער מיט אייניקע טעג שפּעטער, ווען איך האָב איבערגעזאָגט דעם בלאַט גמרא אויסנווייניק און מיט היץ, האָט מיך דער רבי פלוצלינג אָפּגעשטעלט מיט די ווערטער: „דו זעסט, הערש־דוד, אויב דו וועסט אין צען יאָר אַרום זיין אַ פרומער ייד און אַ לערנער, וועט דאָ אויף מיין גלאַטער האַנט אויסוואַקסן האָר"... מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז די נבואה זיינע איז אַ רעזולטאַט פון מיין קאָרטן־שפּילן.

„אגב, ווי איר ווייסט, איז די פאָראויסזאָגונג פון אמסטעווער רב מקוים געוואָרן נאָך פריער ווי אין צען יאָר אַרום, ווען איך בין שוין נאָך דער חתונה מיט דער ראַדאָמסקער שיינהייט מאַשעלע געפאָרן אויף ימים־נוראים קיין גער צום רבין, האָט מיר דאָ אין וואַרשע אין מיטן וועג פאַרהאַלטן אַן אַנדער „רבי", און מיט אים בין איך שוין געבליבן"...

נאָמבערג ווייזט אָן מיטן פינגער אויפן פאַרביקן פאָרטרעט פון י. ל. פרץ, וועלכער קוקט אויף אונדז אַלעמען אַראָפּ פון וואַנט, און ער זעצט פאָר ווייטער:

„אָבער ווען אין נאָוואָראַדאָמסק זענען אין גיכן אָנגעקומען די „הצפירה"־נומערן מיט מיינע אַרטיקלען און דערמיט איז שוין באַשטעטיקט געוואָרן דער פריערדיקער קלאַנג, אַז איך בין געוואָרן אַן אַפּיקורס, איז דאַן געקומען קיין וואַרשע מיין נגידישער שווער ר' מרדכי שאַפּיראָ מיט מיין יונג ווייבל מאַשעלע, און מען האָט מיך געבייט, איך זאָל זי אָפּגטן. און כך־הווה, כאָטש זי, מאַשעלע, האָט נישט געוואָלט און האָט ביים גטן ביטער געוויינט"...

דער אָרקעסטער הויבט אָן צו שפּילן עפּעס אַ לעבעדיקן שימי־מאָטיוו און ה. ד. נאָמבערג, אַ ביסל אַן אויסגעטרוקנטער פון פריערדיקן שוויצן, לאַדט איין טוסיען צום טאַנצן. דער פאָטאָגראַפיסט וויינבערג גיט מיר אַ זאָג: „אַזוי איז ער שוין, מיין גרויסער לאַנדסמאַן, אַמאָל געשפּילט אין קאָרטן און פלעגט פאַרשפּילן, שפּעטער זיך אַריינגעצויגן אין ביליאַרד און זעלטן אַריינגעיאָגט די קויל אין נעץ, און איצטער וויל ער טאַנצן, טרעט ער אויף די פיס פון מיין טעכטערל. איך קען אָפּטמאָל נישט פאַרשטיין די דאָזיקע גרויסע גייסטער, דאַכט זיך, אַזאַ פקח, אַזאַ טיפער מענטשן־קענער, און אַזוי אָפט אַ קרבן פון קליינלעכע מענטשלעכע שוואַכקייטן"...

✶

נאָך אין דעם זעלבן יאָר האָב איך באַזוכט נאָוואָראַדאָמסק, אָדער ווי די פּאָליאַקן האָבן די שטאָט גערופן, ראַדאָמסקאָ.

זי איז שוין נישט געווען די זעלבע חסידישע פעסטונג, ווי אין די צייטן פון נאָמבערגס קינדהייט. ווען איך האָב אַ פרעג געטאָן דעם פּרעזידענט פון אונדזער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, (ר' יצחק שפּיראָ), וויפל אַפּיקורסים זענען געווען אין שטאָט פאַרן „פינפטן" רעוואָלוציאָנערן יאָר, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון ציילן די פינגער פון זיין לינקער האַנט... ער האָט פאַרבויגן אַ פינגער מיטן „בונדיסט" אליבאַרדע, דערנאָך מיט איינעם ז. שרייבער, דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטון דעם נאָמען ווייס, דערמאָנט נאָך אַ נאָמען און ביי דעם געבליבן. אַלע, הייסט עס, אַפּיקורסים האָט מען דאַן געקענט אָנציילן אויף די פינגער פון איין האַנט.

און די אַנדערע צען טויזנט יידן? זיי זענען יעדן פרימאָרגן געלאָפן דאַווענען אין גרויסן בית־מדרש, אין נייעם בית־מדרש, אין שול ביים רבינס הויף, אין געווער שטיבל, אין קאָצקער, אין אַמשינאָווער און נאָך אין צענדליקער בתי־תפילה. נאָכדעם האָבן זיי אָנגעפילט דעם מאַרק, געטאַפּט אין די פורן ביי די פויערים און אין די קלייטן זענען געזעסן די בריהדיקע יידענעס און געזאָרגט פאַר פרנסה פון די לומדישע מענער.

און טאָמער, חס־וחלילה, איז דער רבי שלאַף געוואָרן, האָט זיך דאָס לעבן כמעט אָפּגעשטעלט אין שטעטל. מען האָט געוואַרט אויף אַ וואָרט, אויף אַ ווונק פון רבינס הויף, ווי גייט עס אים דאָרטן, צי די היץ איז שוין אַראָפּגעפאַלן. עפּעס אַ קלייניקייט — הונדערט יאָר רבישע דינאַסטיע פון „תפארת שלמה".

דער לעצטער רבי, ר' שלמה העניך הכהן, האָט געירשנט פון זיין גרויסן עלטער־זיידן נישט נאָר די גאונישע לומדות, נאָר אויך זיין וועלטלעכן שכל־הישר. ער האָט דאָס באַנוצט צום מסחר און עס האָט אים שטאַרק אָפּגעגליקט. ער איז רייך געוואָרן, געקויפט פאַר קליינגעלט גאַנצע גאַסן מיט הייזער אין בערלין, און שפּעטער געצויגן פון זיי אַ גוואַלדיקע הכנסה. אָבער מיט דעם ריזיקן איינקונפט האָט ער געגרינדעט אַ רייע ישיבות אונטער דעם נאָמען „כתר תורה". ער האָט פון זיינע אייגענע מיטלען אויסגעהאַלטן די פיל הונדערטער לערנער דאָרטן מיט עסן און קליידונג. דער לעצטער ראַדאָמסקער רבי איז נאָך ביי זיין לעבן געוואָרן אַ לעגענדע. איך האָב זיך אייניקע מאָל געטראָפן מיט זיין איידעם, דעם יונגן רב ר' משה ראַבינאָוויטש, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין שווער דעם רבין געווען פאַרטון אין אָרגאַניזירן די „כתר תורה"־ישיבות. עס איז געווען צו באַוווּנדערן די פאַנאַטישע מסירת־נפש, מיט וועלכער דער דאָזיקער אויך וועלטלעך זייער געבילדעטער יונגערמאַן האָט דורכגעפירט דאָס אויפבויען און פלאַנצן פון די „הייזער פון דער תורה".

און זאָל שוין דערביי דערמאָנט ווערן, אַז אויך זייער טויט, דער טויט פון לעצטן ראַדאָמסקער רבין, פון זיין איידעם און פון זייער משפחה איז געווען אַזוי העלדיש און הייליק, ווי גרויס עס איז געווען זייער לעבן.

אין וואַרשעווער געטאָ, אין יאָר 1942, אין דעם הויז פון זייער

טרייען חסיד ר׳ נתן־פנחס (נאָסקע) ערליך, אין טאָג פון זיבעצנטן אב, איז געקומען דער טראַגישער סוף פון דער ראַדאָמסקער דינאַסטיע.

ווען אין וווינונג פון רבין האָבן זיך אַריינגעריסן די געשטאַפּאָ־רוצחים און געפאָדערט, ער זאָל אַראָפּגיין אויפן הויף „צו דער אויסזידלונג״ און מיט דעם ווייזן אַ ביישפּיל די הונדערטער אַנדערע איינוווינער פון זעלביקן הויז, האָט זיך ר׳ שלמה־הענעך אַנטזאָגט. ער האָט נישט געוואָלט פאַרפירן זיינע שכנים, ער האָט געוווּסט, אַז „אויסזידלונג״ מיינט טויט... אָנגעטון אין טלית און תפילין האָט ער אַליין פאַראָרדנט, מען זאָל אים דעם ערשטן שיסן, כדי נישט איבערלעבן די בזיונות, און ווען די קוילן זענען געפאַלן, האָבן זיי איינער נאָך דעם אַנדערן פאַרשניטן דעם לעצטן ראַדאָמסקער רבין, זיין איידעם, זייערע פרויען, זייערע קינדער און אייניקלעך, צוזאַמען 34 נפשות... דער הייסעסטער ווונטש פון רבין איז דאָך מקוים געוואָרן. אַ מנין יידן האָט זיי אַלעמען געבראַכט צו קבר־ישראל אויפן גענשער בית־עלמין נעבן אוהל פון נאָוואָמינסקער רבין. דער רבי און זיין איידעם ליגן צוזאַמען; די רביצין אסתרל מיט איר טאָכטער רייזעלע ליגן בשכנות — הנאהבים והנעימים...

✶

„אָט דאָ, אין דער הייזקע, איז געווען באַהאַלטן דער דיכטער לייוויק, ווען ער איז אין „פינפטן״ יאָר אַנטלאָפן פון סיביר און זיך געקליבן „שוואַרצן״ די גרענעץ...״ אַזוי דערציילט מיר דער בוכהאַלטער פון אונדזער באַנק.

קוק איך אָן דאָס געסל, דאָס הייזל, רעד איך אויך שפּעטער מיט אלי אליבאַרדע, וועלכע האָט נישט איין יידישן רעוואָלוציאָנער געהאָלפן אַנטלויפן קיין אויסלאַנד דורך דער דייטשער גרענעץ, וואָס געפינט זיך אַ צען מייל פון שטאָט. ווייס איך אויך, אַז ביים דיכטער ה. לייוויק איז נאָך עד היום געבליבן אַ געפיל פון הייסער דאַנקבאַרקייט צו יענע יידישע יונגעלייט אין נאָוואָראַדאָמסק, וואָס האָבן אים אַרויסגעוויזן אַזאַ האַרציקע גאַסטפריינטלעכקייט, בעת ער האָט זיך געשלעפּט אומלעגאַל אַזש פון סיביר אין זיין לאַנגן וועג קיין אַמעריקע. און דאָרטן אין שטעטל איז אויך געבליבן אַ געפיל פון שטאָלץ, אַז דאָס האָבן זיי מיטגעווירקט, אַז אין וויטן אַמעריקע זאָל זיך פונאַנדערבליען אַ גרויסער יידישער דיכטער.

שפּעטער שוין, האַרט פאַר דער וועלט־מלחמה, ווען איך בין דורכגעפאָרן מיט אַן אויטאָ פון פּיאָטרקאָוו קיין טשענסטאָכאָוו און זיך פאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר שעה אין נאָוואָראַדאָמסק, האָבן מיר פריינט אָנגעוויזן דאָס הויז, ווו עס האָט געוווינט הערשל גרינשפּאַן, וואָס האָט אין פּאַריז דערשאָסן דעם דייטשן דיפּלאָמאַט פאָן־ראַט. די וועלט איז דאַן אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם שאָס. אָבער די יידן אין נאָוואָראַדאָמסק זענען שטאָלץ געווען וואָס פון זייער סביבה איז דער נקמה־נעמער אַרויסגעקומען. אגב, האָט מען די משפחה גרינשפּאַן נאָך מיט פיל יאָרן צוריק גערופן אין שטאָט „די קאָזאַקן״, אַן אָנדייטונג, אַז אין די אַלטע צייטן האָבן זיי זיך אויך נישט געלאָזן „שפּייען אין דער קאַשע״.

✶

מיט אַ יאָר צען צוריק, ווען איך פלעג קומען קיין ניו־יאָרק נישט אַלס עמיגראַנט, נאָר אַלס „חשובער״ שליח פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין פוילן, האָט מיך אימיצער אָפּגערופן אין מיין האָטעל דורכן טעלעפאָן און אַ זאָג געטון:

„מיין ליבער ד״ר שאָשקעס, איך האָב אייך נעכטן געזען אויף דער פאַרלעזונג אין האָטעל בילטמאָר און באַמערקט, אַז איר טראָגט נאָך ברילן פון דער קאַפּיטאַן דרייפוס־עפּאָכע. דורך אַזעלכע גלעזער קענט איר די מאָדערנע וועלט נישט אָנקוקן. איצט מוזט איר אָנהויבן זען דורך אַמעריקאַנער ברילן. איך האָב שוין די פּריווילעגיע פון געבן אַזעלכע ברילן, אַלס מתנה, צו אַלע שרייבער און פּאָליטיקער, וואָס קומען דאָ פון אייראָפּע, און דעריבער מוזט איר אויך מיין מתנה אָננעמען. איך וואַרט אויף אייך אונטן אין האָטעל. מיין נאָמען איז משה, אָדער מאָריס שוואַרץ״...

ווען איך האָב שפּעטער באַזוכט און גערעדט פאַר די נאָוואָראַדאָמסקער לאַנדסלייט, האָט געצויגן מיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט די צוגעבונדנקייט פון אָט די אַלע, מערסטנטיילס פרייגעזאָגענע לאַנדסלייט צום זכרון דער ראַדאָמסקער רבישער דינאַסטיע.

איך האָב זיי געהערט דערציילן וועגן דער גרויסקייט פון ר׳ שלמהלען, דעם „תפארת שלמה״, וואָס איז שוין אייגנטלעך געשטאָרבן מיט אַ יאָר זיבעציק צוריק, און די מעשיות וועגן אים האָבן זיי געקענט הערן נאָר פון זיידעס און טאַטעס. אָבער דאָך ווייסן פיל נאָוואָראַדאָמסקער אין ניו־יאָרק, אַז דעם אַלטן רבינס „קידוש לבנה״ האָט געמאַכט טאַנצן די יידישע פאָלקס־מענטשן אין גאַס, אַז ווען ר׳ שלמהלע האָט געדאַוונט שבועות, האָט מען בפירוש געזען די גאַנצע געשיכטע פון „קבלת התורה״ און כמעט געהערט די „קולות וברקים״ פון באַרג סיני...

איר דערוויסט זיך דאָרט, למשל, אַז ווען איינער אַ יידישער מסור האָט פּרובירט אַריינשרייבן אַן אות אין דער ספר־תורה, וואָס די חסידים האָבן פאַרענדיקט פאַרן רבין, האָט די פעדער זיך נישט געוואָלט באַוועגן און אַז דער מסור האָט זי פּרובירט שטאַרק אַ קוועטש טאָן, האָט די פעדער אים אַ שפּריץ געטון אין אויג און ער איז בלינד געוואָרן...

איך דערוויס זיך אויך וועגן דער גרויסער היפּנאָטישער קראַפט, וואָס דער „תפארת שלמה״ האָט באַנוצט מיט קנאַפּע הונדערט יאָר צוריק, איידער די מעדיצינישע וועלט האָט פון דעם געוווּסט. קראַנקע זענען אויסגעהיילט געוואָרן פון קליפּות און דיבוקים און שדים און רוחות פלעגן שנעל פאַרלאָזן די הייזער, ווען דער רבי האָט זיי ענערגיש געיאָגט...

דאָס פאָלק האָט נישט פאַרגעסן די האַרציקייט, די ניגונים און די ליבשאַפט פון זייער אַלטן רבין. ווי אַ גאָלדענער פאָדים ציט זיך דאָס פון דור צו דור און איז געבליבן שטעקן אין די נאָוואָראַדאָמסקער משפחות פון בראָנקס, פון ברוקלין, פון טשיקאַגאָ, פון קאַנאַדע און פון וויטן לאָס־אַנדזשעלעס. ווי אַ שטיל געזאַנג שלענגלען זיך די דאָזיקע זכרונות און די צאַרטע באַשרייבונגען פון שרה האמער־דזשאקלין, די ראַדאָמסקער דיכטערין.

קוק איך אָן דעם מאָדערנעם אַמעריקאַנער ייד, מיין פריינט משה שוואַרץ, וועלכער איז פּראָגרעסיוו, ווייט נישט רעליגיעז און זוכט נייע וועגן אין לעבן, ווי ער זוכט זיי אין דעם אָפּטיקער־פאַך, און וועלכער איז באַקאַנט אין גאַנץ אַמעריקע אַלס דער דערפינדער אין דער ברילן־בראַנזשע, און איך פרעג זיך אַליין: ווו נעמט דער מענטש אַזוי פיל פּיעטעט, ווען ער רעדט וועגן „אונדזער קדוש דעם לעצטן רבין״, ווען עס בליצן אים די אויגן, דערמאָנענדיק די ישיבות „כתר תורה״, ווען ער באַזינגט פשוט דעם אַלטן לעבנס־שטייגער פון זיין היים־שטאָט, איינע פון די הונדערטער, מיט אירע בתי־מדרשים, שטיבלעך, חזנים, ימים־טובים, מיט אָט דעם רירנדיקן גלאַנץ און פּראַכט פון אונדזער פוילישער עפּאָכע, וואָס איז אַוועק מיטן רויך פון די בלוטיקע פייערן?!

פאַראַן, ווייזט אויס, ברילן, וואָס קוקן מיט דורות צוריק, וואָס זען בילדער דורכן געוועב פון זכרונות, און אַזעלכע ברילן קען מען אין ערגעץ נישט געפינען; זיי זענען ערגעץ ווו אין די שוואַרצאַפּלען, וואָס קוקן טיף, צוריק און ווייט.

(פון בוך „אַ וועלט וואָס איז פאַרביי״, אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס, 1949).

# א חתונה אויפן בית־הקברות

זאב סאבאטאווסקי

יאָר 1916, די ערשטע וועלט־מלחמה איז אין פולן גאַנג. דאָס פייער האָט אַרומגענומען כמעט דעם גאַנצן אייראָפּעישן קאָנטינענט אוןביידע קריגערישע אַרמייען באַרימען זיך מיט זייערע גרויסע נצחונות. אָט דאַכט זיך, אַז אַלע מלכים און גענעראַלן פון ביידע צדדים וועלן אַרויס אַלס זיגער. אָבער עס איז מער קיין סוד נישט פאַר קיינעם, אַז פאַרשפּילן די מלחמה וועט די ציווילע באַפעלקערונג. יעדע מפּלה און אָפּטריט פון איין אַרמיי, אָדער דער נצחון און אַריינמאַרש פון דער קעגנערישער אַרמיי, ברענגען מיט זיך נייע צרות און פרישע גזרות.

*

דער ווינטער האָט זיך אָקאָרשט פאַרענדיקט. דער יינגער פרילינג פירט דעם לעצטן קאַמף מיט די אָפּטרעטנדיקע ווינטער־טעג. דער טעם פון דעם קומענדיקן זומער האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין דער לופט און פּלוצלינג איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־מגפה. מיט אַמאָל האָט זי זיך אַריינגעריסן און באַלד האָט זי זיך פאַרשפּרייט אין אַלע טיילן פון דער שטאָט און צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די עפּידעמיע פאַרשפּרייט זיך און מיט איר וואַקסט די שטערבלעכקייט פון טאָג צו טאָג. אַ פּאַניק כאַפּט אַרום די גאַנצע באַפעלקערונג. דערצו האָבן אונדזערע „גוטע" פּוילישע שכנים געפונען באַלד — ווי דער שטייגער — אַז דער גורם פון דער מגפה זענען די יידן: דאָס האָט די יידישע אומריינקייט געבראַכט די מגפה...

*

די „געבילדעטע" אַנטיסעמיטן האָבן אַזוי געטענהט: די יידישע תורה אָנערקענט דאָס יידישע פאָלק אַלס אַ שמוציק פאָלק און דערפאַר טאַקע האָט זי פאַרזאָגט אַז יעדער ייד דאַרף יעדן פרי־מאָרגן, ווען ער עפנט נאָר אויף זיינע אויגן, אָפּגיסן זיינע נעגל מיט וואַסער. און דאָס לויפן יעדן פרייטיק אין מקווה אַריין זיך וואַשן, איז דאָס נישט דער בולטסטער סימן פון אומריינקייט?.. די טענות זענען טאַקע נישט שטאַרק אויסגעהאַלטן, אָבער אויף צו פירן אַ פיינטלעכע העצע קעגן די יידן, איז דאָס גאַנץ גענוג געווען...

*

די מגפה וואַקסט. עס איז נישטאָ מער קיין שטוב ווו עס געפינט זיך נישט קיין קראַנקער. די פּוילישע שפּיטעלער זענען איבערגעפולט און עס דראָט אַ סכנה, אַז די יידישע קראַנקע וועלן מוזן בלייבן אין זייערע היימען און דערמיט פאַרגרעסערן די מגפה. דעמאָלט ווערט שנעל געשאַפן אַ יידישער טיפוס־שפּיטאָל, אין אַ קליינער הילצערנער כאַטע נעבן דעם קרוציפיקס, צווישן די גאַסן ראַלנע, סטאַדאַלנע און וואַנוואַזאַווע.

*

די לייטונג פון שפּיטאָל איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון ר׳ יצחק קצב און זיין טאָכטער, די גרויסע גיטל, ווי מען פלעגט זי רופן אין שטאָט. זיי ביידע, ווי אויך די באַדינערשאַפט, האָבן אַרויסגעוויזן די גרעסטע איבערגעבנהייט און מסירות־נפש. ד״ר מיטעלמאַן ז״ל, וועלכער איז דעמאָלט צוריקגעקומען אַלס אינוואַליד פון קריג, וואַרפט זיך אין דער רעטונג־אַרבעט מיט זיין גאַנצער נשמה און האַרץ. ער, ווי אויך דער גוטער־ייד און נישט־געקרוינטער דאָקטאָר, ר׳ משה פישהאָף, אַרבעטן טאָג־און־נאַכט נישט רעכנדיק זיך מיט דער סכנה. ס׳אַנטפּלעקט זיך אַ נייער טיפּ „דאָקטאָר", ר׳ מיכאל מלמד: ער גייט פון קראַנקן צו־קראַנקן מיט וואַרעמע טרייסט־ווערטער, וואָס ווירקן אָפט אויף די קראַנקע בעסער ווי די מעדיצינען...

*

אַ קורצע צייט נאָכן גרינדן פון דעם שפּיטאָל, אין סאַמע מיטן פון דער מגפה, איז אַוועקגעריסן געוואָרן דורכן טיפוס דער דאָקטאָר מיטעלמאַן. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר דעם שפּיטאָל. אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען דער עסטרייכישער דאָקטאָר שווייגער. ער און זיינע געהילפן האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען אָפּצושטעלן די מגפה, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די שטערבלעכקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרמערט פון־טאָג צו־טאָג. פרומע, גוטע יידן, האָבן געטון זייערס: — דאָס תהילים זאָגן האָט נישט אויפגעהערט; פרומע ווייבער זענען געלאָפן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אויף דעם בית־הקברות און עס אויסגעמאָסטן מיט ווייסן לייוונט. די ברענענדיקע ליכט אין בית־המדרש, פאַר די קראַנקע־גוסדיקע מענטשן, האָבן זיך נישט אויסגעלאָשן. אָבער די אַלע סגולות און תפילות האָבן נישט אָפּגעשטעלט די מגיפה און דער מלאך־המוות האָט ווייטער געבושעוועט. ווען זיין אָרעם האָט דערגרייכט דעם קברן ר׳ שמש, האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן אין זיין טויט געזען אַ סימן, אַז דאָס וועט שוין זיין דער לעצטער קרבן פון דער מגפה. אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז אַ פאַלשע טרייסט: מענטשן זענען ווייטער געפאַלן ווי די פליגן. ווען דער צווייטער קברן, ר׳ יוסף סאפּקעווער איז אויך אַוועקגעשטאָרבן, האָט די בהלה אין שטאָט דערגרייכט איר העכסטן פונקט. דער בית־המדרש איז פול געווען מיט תהילים־זאָגערס מען האָט געפאַסט תעניתים און געזאָגט „יום־כיפור־קטן". אָט איז מען געבליבן סיי אָן אַ יידישן דאָקטאָר און סיי אָן קברנים...

*

בעת די מגפה און די בהלה האָבן פולשטענדיק באַהערשט די שטאָט, איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אָנצונעמען דאָס לעצטע מיטל: פראַווען אַ חתונה אויפן בית־הקברות. גוטע יידן און פרומע יידענעס האָבן אָנגעהויב׳ זוכן מיט ליכט אַ חתן מיט אַ כלה, וואָס זאָלן מסכים זיין שטעלן זייער חופה אויף דעם בית־הקברות. נאָך אַ לאַנגן זוכן און נישטערן האָט זיך צוערשט קוים געפונען די כלה. ביי משה קאַלקאַ אין הויז, נעבן דער צווייטער מחילה־בריק, האָט געוווינט אַן אָרעמע אלמנה מיט אַ האַלב־טוץ איבערגעשטאַנענע טעכטער. איינע פון די טעכטער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאַסנדע בית־הקברות־כלה. נאָר גייט מאַכט אַ חתונה בלויז מיט אַ כלה... האָבן די שטאָט־שדכנים באַשלאָסן, אַז זיי מוזן געפינען פאַר יעדן פּרייז אַ חתן. עס האָט זיך אָנגעהויבן ממש אַן אָפּענסיווע כדי צו כאַפּן אַ חתן. אין דער דאָזיקער אָפּענסיווע האָבן זיך באַטייליקט די באַקאַנטע שטאָט־עסקניות: בראַנדעלע ראַפּאָפּאָרט, מינטשעלע די רביצן, פייגעל די קאָפּקע, הינדע ישראל־יעקלס, פערל הערצקיס, געלע די בעקערין, חוה אייזן, רחלה האמער און די אַלטע צדיק׳סטע די מקווה־יידענע. סוף־סוף האָט מען מיט מזל ברכה געפונען אַ חתן אַן אַנטיק, מיט אַ שיינעם מחותן.

*

ווער האָט נישט געקענט משה׳לע הענטשקע־מאַכער מיט זיין זון שימעלע? דער טאַטע מיט זיין נאַריש־לאַכנדיק פּנים, מיט די

צוויי גרויסע הילצערנע קאַנען איבער די פּלייצעס, פלעגט זיין אַן אָפּטער אַריינגייער אין די גבירישע הייזער, מיט פולע עמער וואַסער פון דער שטאָט־פּלומפּ. דערצו איז ער געווען אַ הייסער חסיד פון ראַדאָמסקער רבין ר' שלמה־הענעך. משהלעס זון, שימעלע, דער חתן, האָט זיך נישט באַנוגנט מיט איין רבין, נאָר יעדן שבת פלעגט ער זיך אויסוויילן אַן אַנדערן רבין. שבת־בראשית האָט ער געדאַוונט אין גערער שטיבל און געגעסן ביי אַ גערער חסיד, שבת־נח ווידער איז ער אַריבער דאַווענען אין סאָכאַטשעווער שטיבל און געמאַכט שבת ביי אַ סאָכאַטשעווער חסיד. אַזוי האָט ער געטוישט די רביים פון־שבת צו־שבת און אויך די שבת־סעודותן ביי זייערע חסידים. בקיצור — אַ פּאַסיקער חתן...

*

הכלל, עס איז שוין פאַראַן מיט־מזל אַ חתן מיט אַ כלה. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּרשה: אַ כלה דאַרף אַ קלייד, אַ פּאָר שיך צו דער חתונה; דער חתן ווידער מוז האָבן אַ פּאָר הויזן, אַ כאַלאַטל, אַ פּאָר שטיוול. דערצו נאָך האָט שלמה־יצחק עפּשטיין, דער שטאָט וויצלער, איינגערוימט דעם חתן אין אויער, אַז ער דאַרף נישט גיין צו דער חופּה ביז ער וועט נישט באַקומען אויפגעציילט דעם נדן. ס'טייטש, שימעלע — האָט ער מיט אים איינגעטענהט — דו האָסט אַזעלכע רייכע מחותנים: יוסף נייקראַן, חיים אייכנער, אברהמ'לע קליינער, מאיר און דניאל און יעקב ראָזענבוים, ישראל ריכטערמאַן, שלמה שטשערבינסקי, דוד בוגאַיסקי, לייזער טענצער, שמעון דונסקי, משה לעווקאָוויטש, שבתי און יצחק פייערמאַן, נאָך אַזעלכע גבירים — טאָ ווי אַזוי קענסטו גיין צו דער חופּה אָן אַ שיינעם גרויסן נדן?... די דאָזיקע ווערטער האָבן טאַקע שטאַרק אויסגענומען ביי שימעלען און ער איז אַרויס מיט אַזאַ מענה־לשון: „אָן אַ נדן נעם איך נישט די כלה, און זאָל זיך די מגפה ווייטער טוען אירס"...

*

עס איז נישט געווען קיין ברירה — די שטאָט־עסקניות האָבן זיך געלאָזט איבער דער שטאָט. מען איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אָנגעהויבן שלעפּן אַלטע לייבטער, צעריסענע העמדער, געלאַטע־טע ציכן, געוואַשענע בעטוועש, געניצטע טישטעכער, און וואָס נישט?.. מען האָט מיט מזל געדונגען אויף דער קראָקאָווער גאַס אַ שטוב און מען האָט דאָרט אַריינגעשטעלט אַ פּאָר אַלטע בעטן און אַ לאַמען טיש מיט אַ פּאָר צעבראָכענע בענקלעך. אַלץ איז געווען פאַרטיק און די שטאָט האָט אין האַרצקלאַפּעניש אָפּגעוואַרט דעם חופּה־טאָג, וואָס דאַרף אויסלייזן די שטאָט פון דער שרעקלעכער מגפה.

*

עס איז דינסטיק אין פרימאָרגן. איבער דער שטאָט הערשט אַ שטילקייט. אין גאַס באַווייזן זיך די ערשטע צוויי פרומע ווייבער און מיט שנעלע טריט גייען זיי אין דער ריכטונג פון דער כלה'ס דירה. די כלה האָט זיך איינגעקשנט און וויל נישט גיין אין מקווה אַריין. די צוויי פרומע ווייבער ווענדן אָן אַלע מיטלען און נאָך גרויס מי איז זיי געלונגען זי מיטצונעמען מיט זיך, כדי מקיים זיין די הייליקע מצוות־טבילה.

*

דער זייגער גייט זיך דערווייל זיין נאָרמאַלן גאַנג. די שטאָט וואַכט אויף פון שלאָף. עס הערט זיך דאָס קלינגען פון די קלויסטער־גלאָקן. עלטערע בעלי־בתים אָנגעטון אין אויסגעפּרעסטע צייגענע כאַלאַטלעך און אין גראָבע ווייכע שטיוול, טלית־און־תפילין אונטערן אָרעם, שפּאַנען אין דער ריכטונג פון בית־המדרש. דאָס דאַווענען גייט היינט שנעל, אַלע גרייטן זיך צו דער גרויסער חתונה.

*

דער זייגער איז שוין 12 בייטאָג. דער עולם הייבט זיך אָן צוזאַמענקומען און פון אַלע גאַסן שטראָמען מענטשן. אָט גייט זיך שוועבנדיק דער אַלטער „לייבעלע קלעזמער", ער איז אויסגעפּוצט ווי אויף די חתונות פון די גבירישע טעכטער. אָט גייט זיך מיט געציילטע טריט ר' משה לעווקאָוויטש, דער גרינדער פון דער ציר־ניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָמסק. סקורקאַ דער בדחן, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן „דער קאָם־מאַכער", גייט און וויצלט זיך אויפן חשבון פון יינגן פּאָרל. אַרום 2 אַזייגער נ.מ. איז שוין די גאַנצע שטאָט געווען אויף איין פּלאַץ.

*

קאַפּל, דער בית־מדרש־שמש, שוויצט ווי אין אַ הייסער באָד. ער טיילט באַפעלן ווי אַ גענעראַל אויפן פראָנט. נאָר ווער הערט אים? אַלע זענען נייגעריק צו זעען דעם צעשראָקענעם חתן, וואָס שטייט נעבעך און ציטערט. נעבן אים שטייט דער הויפּט־מחותן, זיין פאָטער משהלע און זיין פּנים באַשיינט אַ נאַרישער שמייכל. פּלוצ־לינג, ווי אויף אַ קאָמאַנדע, צעשפּילט זיך די מוזיק. עס ווערט אַ געיעג, אַלע ווילן זעען דאָס באַדעקן די כלה, וועלכע איז איינגע־קוואַרטירט ביים ראַדאָמסקער רבין אין שטוב. אונטער די קלאַנגען פון הילכיקער מוזיק ציט זיך די „פּראָצעסיע" פון דער שול־גאַס צום בית־הקברות, גרויס־און־קליין באַגלייטן חתן־כלה צו דער חופּה. דער געדראַנג איז געווען אַזוי גרויס, אַז נאָר אַ דאַנק דעם וואָס די שטאָט־בריונים האָבן גענומען אויף זיך די שמירה אויף חתן־כלה, איז געבליבן פון זיי וועמען חתונה צו מאַכן...

*

אין אַ מזלדיקער שעה זענען חתן־כלה און זייערע באַגליי־טער אָנגעקומען אויפן בית־הקברות. פלוצים ווערט אַלץ שטיל און אַ מיסטישער שרעק כאַפּט אָן דעם עולם. ס'ווערן אויף שנעל, נישט ווייט פון „אהל", צוזאַמענגעשטעלט 4 דרענגער, וועלכע לייבל־שמש האָט מיט זיך מיטגעבראַכט. דער שווייגנדיקער עולם הערט זיך צו צום פייערלעכן קול פון מסדר־קידושין און מען הערט דעם חתן נאָכ־זאָגנדיק מיט אַ קול פון אַ כליפּנדיק־קינד דעם „הרי את מקודשת לי". מען הערט ברעכן גלעזער און באַלד דערנאָך פאַרהילכט דער בית־הקברות מיט מזל־טוב־געשרייען און ווינטשעוואַניעס. מען פירט צוריק דאָס יונגע פּאָרל אין שטאָט אַריין.

*

איצט הייבט זיך ערשט אָן די אמתע שמחה. אין קהלס בית־המדרש זענען געדעקט די טישן, אַרום זיי זיצן די שענסטע בעלי־בתים און זענען זיך מהנה מיט אַביסל משקה און גוטע זאַכן, וואָס מ'האָט צוגעגרייט. די מוזיק שפּילט. דער בדחן לאָזט זיך הערן און הייבט אָן אויסצורופן דרשה־געשאַנק. דער עולם גיט — ווער־מער ווער — ווייניקער, קיינער זאָגט זיך נישט אָפּ פון געבן דרשה־גע־שאַנק פאַר חתן־כלה. עס פעלן אויך נישט קיין לצים, וואָס זענען מכבד דעם חתן פון דערווייטן מיט אַ קאָפּ פון אַ הערינג, אָדער סתם מיט אַ שמאַטע. דאָס יינגוואַרג רוישט און טומלט. קאַפּל־שמש לויפט אַרום מיט אַן אויפגעפּראַלט העמד און שרייט, אַז די לאָבוזעס וועלן אים אַ תל מאַכן פון בית־המדרש...

*

צומאָרגנס גייט זיך די שטאָט ווידער איר נאָרמאַלן גאַנג. נאָך דער חתונה פּילט מען אַ פאַרלייכטערונג אויפן האַרצן, אַזוי ווי מען וואָלט אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע משא פון דער פּלייצע. און אין מיטן מאַרק, ביי דער שטאָט־פּלומפּ, האָט זיך ווידער באַוויזן דער פרישער־זיידענער יונגערמאַנטשיק, מיט צוויי שפּאָגל־נייע קאַנען אַרומגעצויגענע מיט גלאַנציקע בלעכענע רייפן...

# דריי דורות וואַסער־טרעגער

יעקב עלבוים

לייבעלע „וואַסער־טרעגער", אַזוי האָט מען אים גערופן. געווען איז ער טאַקע אַ וואַסער־טרעגער און נישט אַבי־ווער, נאָר מיט אַ שיינעם יחוס, וואָס האָט זיך געצויגן אַזש פון „תפארת־שלמה"ס צייטן: לייבעלעס זיידע, ר' נטע — האָט אַ סך יאָרן געטראָגן וואַסער פאַרן „תפארת־שלמה" זצ"ל, דעריבער טאַקע פלעגט לייבעלע אַזוי זיך גרויסן מיט זיין „פאַך". ווען די ווייבער פלעגן אים נאָכשרייען: „ווו איז שוין דאָס וואַסער?" פלעגט ער אויסגלאָצן אַ פּאָר אויגן, צעשפּרייטן ברייט די פיס, עפענען דאָס מויל און אויסציען אַזאַ מין דרשה: „וואָס מיינט איר זיך! ווייסט איר דען נישט, אַז די קאַנען זענען הייליק, אַז מיט די קאַנען פלעגט מיין זיידע ר' נטע אָנפילן די פאַס ביים „תפארת־שלמה" אין בית־המדרש! מיטן וואַסער פון די דאָזיקע קאַנען האָבן געוואַשן זייערע הענט דער רבי זצ"ל און זיינע טויזנטער חסידים. איצט קומט איר, חוצפּהניצעס, און ווילט אויך וואַסער פון די דאָזיקע קאַנען. דאָס איז חילול־השם!..."

*

די דאָזיקע הייליקע קאַנען פון ר' נטען זענען אַריבער בירושה צו זיין זון מיכאל, דער פאָטער פון לייבעלען. מיכאל — „וואַסער־טרעגער" האָט באַזאָרגט מיט וואַסער די שפּעטערדיקע רבנים פון דער „ראַדאָמסקער דינאַסטיע" — דעם „חסד־לאברהם" און דעם „כנסת־יחזקאל". מיכאל אָבער פלעגט באַזאָרגן מיט וואַסער אויך פּשוטע משפּחות און זיך ניט געיחוס'ט מיט זיינע קאַנען אַזוי ווי ס'האָט זיך מיט זיי שפּעטער געיחוס'ט זיין יורש־לייבעלע.

*

אָרעמע ווייבער זענען תמיד נאָכגעלאָפן נאָך די וואַסער־קאָנען פון מיכאל ווייל זיי זענען געווען גרויסע און תמיד מיט אַ פולער מאָס. מיכאל איז געווען אַ גאָר צוטריטלעכער מענטש און פלעגט זיך אויסשמועסן מיט זיינע קונות'טעס, ער פלעגט זיך אויך גרויסן דערמיט, וואָס אין זיין טאַש האָט ער תמיד מיטגעטראָגן אַן אַקציע פון דער קאָלאָניאַל־באַנק פאַר ארץ־ישראל. ער איז געווען אַ „חובב־ציון" און א שטענדיקער שפּענדער פאַרן קרן־קימת־לישראל.

*

ר' מיכאל האָט אַוודאי געשטרעבט דערצו, אַז דער משפּחה־יחוס פון וואַסער־טראָגן זאָל נישט איבערגעריסן ווערן. דעריבער האָט ער אָנגעהויבן מחנך זיין צו דעם זיין זון לייבעלע, וועלכער איז געווען ניט קיין געבענטשטער מיט שכל און מיט אויסערלעכן אויסזען. דער טאַטע האָט פאַרשטאַנען, אז דער זון וועט די וואַסער־קאַנען ניט אַוועקוואַרפן און אזוי ארום וועט ער האָבן אויף קיום און גלייכצייטיק אָפּהיטן די ירושה־חזקה פון זיידן און טאַטן.

*

לייבעלן האָט מען פון זיינע קינדער־יאָרן גערופן אויך „לייבעלע נאַר". קיין באָרד און וואָנסעס זענען ביי אים נישט געוואַקסן, דאָס קול איז בי אים געווון נישט ווי ביי א זכר. זיין פּנים האָט תמיד ספק־געוויינט ספק־געלאַכט. זיין לבוש איז תמיד געווען משונה'דיק, איין הויז־נאָגאַווקע קירצער ווי די צווייטע, דער אונטערשטער מלבוש א לאנגער, און דער אויבערשטער — א קורצער. ווען ער איז אלט געווען 50 יאָר — איז ער נאָך געווען אַ בחור...

*

חברה קליינוואַרג פלעגן תמיד נאָכלויפן לייבעלען און נאָכשרייען: „לייבעלע נאַר, לייבעלע מויד, אַ כלה ווילסטו?.." די קונדסים פלעגן אים שלעפּן ביי די מלבושים, אויסגיסן די וואַסער־קאַנען, באַוואַרפן מיט בלאָטע. אין די ערשטע מינוטן פלעגט ער זיך אָנצינדן, זיך וואַרפן מיט די פויסטן און שיטן מיט קללות, אָבער מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער פלעגט ער אויסברעכן מיט אַ יאָמערלעך געוויין. דאַן פלעגן די קונדסים אים אָפּלאָזן, אַרומרינגלען אים פון אַלע זייטן און זייערע פּנימער האָבן אויסגעדריקט רחמנות און חרטה. לייבעלע פלעגט זיך באַרויקן, אויפהויבן זיינע פוסטע וואַסער־קאַנען און ווידער שפּרייזן צום ברונעם, באַגלייט מיט בליקן פון מיטגעפיל און צער. אָבער ווען ער איז אָנגעקומען שפּעטער מיט פולע וואַסער־קאַנען, האָט זיך דאָס גאַנצע „ספּעקטאַקל" ווידער אַמאָל איבערגעחזרט...

*

צענדליקער יאָרן האָט לייבעלע אַזוי זיך אַרומגעפּלאָגט, ווי אַ פאַרשאָלטענע נשמה וואָס טראָגט אויף זיך אַ קללה פון רבונו־של־עולם, ביז זיין פינצטערן גורל האָט אַ שטראַל באַלויכטן. ביי ענדע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אויסגעלייזט געוואָרן פון זיין לאַנגיאָריקער שאַנד־און־שפּאָט — ער האָט חתונה געהאַט. ס'איז געווען אַ קהלשע־חתונה, אַ חתונה וואָס גאַנץ שטאָט האָט געפּראַוועט, מיט מחותנים און אונטערפירער, מיט כלי־זמרים און בדחנים, מיט דרשה־געשאַנק און אַ סעודה כיד־המלך. נאָך אַזאַ חתונה, איז לייבעלע פאַרבליבן וואַסער־טרעגער, אָבער שוין מער נישט — „לייבעלע נאַר, לייבעלע מויד"...

*

אָט די יידישע פאָלקסטימלעכע טיפּן ווי די וואַסער־טרעגער, אָדער אַפילו די אַזוי גערופענע „שטאָט־נאַראָנים", וואָס קינדער און דערוואַקסענע האָבן פון זיי אָפּגעלאַכט — האָבן צוגעגעבן אַ ספּעציעלן קאָלאָריט דער שטאָט און האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן מיטן אַלגעמיינעם לעבנס־שטייגער ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דווקא די אָט טיפּן, ווען זיי וואָלטן אויסגעפעלט אין יענעם אַמאָליקן לעבן, וואָלטן אויך אונזערע איצטיקע זכרונות יועגן אמאָל געווען בלאַסער, ווייל ס'וואָלט זיי אויסגעפעלט **דער** וויטאַלער קאָלאָריט פון דער יידישער אייגנהאַרטיקער פאָלקסטימלעכקייט.



לייבעלע „וואַסער־טרעגער" און זיין פרוי
לייבעלה „שואב המים" ורעיתו

# אויף אונדזער היימישער בינע

ישראל מערקין

ישראל מערקין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1910, אין ראַדאָמסק, און שפּעטער געווען דאָרט טעטיק אין „השומר הצעיר". ער האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער אין פּוילן (אין יאָר 1931) און שפּעטער עמיגרירט קיין אַרגענטינע (1935). דאָרט האָט ער באַזוכט די דראַמאַטישע־שול ביים יידישן אַרטיסטן־פאַראיין און אַריינגעטראָטן (אין יאָר 1936), אין דער יידישער דראַמאַטישער סטודיע.

ישראל מערקין האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אַלס אַקטיאָר דורך גוטן אויסשפּילן די ראָלן: ערווין — „בונט אין אויסבעסערונג־הויז"; רובינטשיק — „200,000"; ביל — „מיסיסיפּי"; ניקיטין — „דאָס לעבן רופט"; יאָסעלע — „בויטרע"; דער משוגענער — „אין פּאַליש"; טשאַרני — „דער מבול"; און פיל אַנדערע.

מיר ברענגען דאָ צוויי קאַפּיטלעך זכרונות פון ישראל מערקין, פון זיינע יוגנט־יאָרן אין ראַדאָמסק.

די רעדאַקציע

א.

## „דאמסקי" - דער זינגענדיקער מאלער

גערופן האָט מען אים „דאַמסקי". זיין ריכטיקן נאָמען האָט קיינער ניט געוווסט, ס'איז אַפילו קיינעם ניט איינגעפאַלן צו פרעגן. און גערופן האָט מען אים „דאַמסקי" נאָר דערפאַר, ווייל אַ „גענגעלע" האָט ער געהאַט אַזאַ, וואָס האָט אים גיכער ענלעך געמאַכט צו אַ פרוי, ווי צו אַ מאַן. ער פלעגט ניט גיין, נאָר ממש שוועבן אין דער לופטן: אַ שלאַנקער, אַ בויגזאַמער מיט אַ גרויסער שוואַרצער טשופּרינע, וואָס פלעגט שטענדיק זיין צעפּאַטלט, און מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, וואָס פלעגן שטענדיק שמייכלען.

אַ גאַנץ יאָר האָט קיינער ניט געוווסט זיין באַשעפטיקונג, ס'האָט קיינער ביי אים ניט געפרעגט. אָבער ווי נאָר די ערשטע פרילינג־שטראַלן האָבן גענומען שמעלצן דעם שניי און אָנזאָגן אַז אָט־אָט רוקט זיך אָן דער פסח, און ווייבער־באַלעבאָסטעס האָבן גענומען טראַכטן וועגן אויסמאָלן זייערע אָרעמע שטיבער, דעמאָלט פלעגט „דאַמסקי" זיך באַווייזן אין זיין פולן פּראַכט. מיט אַ פּאָר שמאָלע קורצע הויזן, פון וועלכע עס קוקן אַרויס צוויי דאַרע פיס, אַ לייטער אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל, צוויי עמערס ביי דער זייט, דאָס פּנים אויסגעשמירט אַזוי, אַז מען האָט די אויגן ניט אַרויסגעזען, — מאַרשירט זיך „דאַמסקי" אונטערזינגענדיק צי גאָר פייפנדיק עפּעס אַ ניגונדל ווי זיין שטייגער איז געווען.

„דאַמסקי" איז געווען אַ מאָלער, און אַ מאָלער ניט פון די געוויינלעכע. געוווסט האָט מען, אַז אַחוץ זיינע אַרבעטס־מכשירים וועלכע ער ברענגט מיט זיך, ברענגט ער אויך מיט אַ סך פרייעלעכקייט, וואָרעם אַחוץ מאָלן האָט „דאַמסקי" געוואַלדיק ליב געהאַט צו זינגען און פלעגט ער זיך צעזינגען אַזוי שטייענדיק אויף זיין לייטער פלעגט ממש די סטעלע ציטערן. קינדער פלעגן קלעטערן אויף די פענצטער, שכנים פלעגן זיך צונויפלויפן פון די דערבייאיקע שטיבער. — הערן ווי „דאמסקי" זינגט אויס זיינע ראָמאַנסן... און אַז „דאַמסקי" פלעגט זען, אַז זיין אוידיטאָריע ביי די פענצטער פאַרגרעסערט זיך, פלעגט ער ערשט דעמאָלט באַווייזן וואָס ער קען: ער פלעגט דאַן אַראָפּ פון לייטער, צעזעצן זיך נידעריק און דריגען מיט די דאַרע פיס זיינע, אויספירנדיק עפּעס אַ מאָדנעם טאַנץ, און ווינקענדיק לאָבוזעוואַטע מיט די אויגן. ס'רוב פלעגט ער אויסזינגען דעם רעפריין פון אַ לידל: „פיניע פון פינטשעוו"! „פיניע פון פינטשעוו"!..

אַז אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ און מען האָט געדאַרפט וואָס מער אַריינכאַפּן, פלעגט „דאַמסקי" אויף גיך הייסן אַרויסטראָגן דאָס ביסל אָרעמקייט און מיט אַן ערנסטער מינע זיך נעמען גרייטן צום מאָלן. אָבער ווי נאָר „דאַמסקי" פלעגט געבן די ערשטע פּאָר שמירה און געהאַט פאַרענדיקט דאָס ערשטע ניגונדל, פלעגט ער פאַרשווינדן ווי אין וואַסער אַריין — אַזוי אין איין שטוב, און אַזוי אין אַ צווייטער... אַזוי אַרום האָט מען טאַקע ניט איין מאָל געקענט זען, ווי ווייבער יאָגן זיך נאָך אים: — „דאַמסקעלע", האָסט מיך איינגעזייפט, אַז אויסרייסן זאָל עס דיך! און ס'האָט טאַקע גאַנץ אָפט פּאַסירט, אַז ניט איין באַלעבאָסטע האָט געגעכטיקט צוליב אים אויפן גאַס.

ניט שטענדיק פלעגן אים אָבער געלונגען זיינע „פוילע שטיקלעך". געווען אויך יידענעס־קאָזאַקן, וואָס ווי נאָר „דאַמסקי" פלעגט אַריבערטרעטן די שוועל, פלעגן זיי אים פאַרשליסן אין שטוב. דעמאָלט האָט שוין „דאַמסקי" ניט געהאַט קיין ברירה און געמוזט פאַרענדיקן די אַרבעט. אין אַזוינע פאַלן, פלעגט „דאַמסקי" ווערן אַ טייל פון די בני־בית — מיטעסן און איבערנעכטיקן און פילן זיך ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. און ווען „דאַמסקי" פלעגט מיט מזל פאַרענדיקן זיין מאָלן, האָט מען ערשט דאַן מיט רעכט געקענט באַוווּנדערן זיין טאַלאַנט. מען האָט גלייך דערקענט, אַז „דאַמסקי" האַלט ניט פון די געוויינלעכע רעגלען אין מאָלעריי, ער האָט זיין קינסטלערישן אינסטינקט. ער האָט שוין מן הסתם דאַן פאָרויסגעזען די שפּעטערדיקע „איזמען", וואָס וועלן אויפקומען אין דער מאָדערנער מאָלעריי. די לאַנגע פּאַסן בלומען, מיט וועלכע מען פלעגט אַזוי ליב האָבן צו באַצירן אַלע שטיבער, פלעגן זיך ביי אים ציען פון דער סטעלע ביז צום פּאָל, און אַנשטאָט אַרויסצוקומען גלייכע, זענען זיי ביי אים אַרויסגעקומען קרומע, פאַלנדיקע. אַז מען פלעגט אַריינקומען אין אַזאַ שטוב, האָט זיך געקאָנט אויסווייזן, אַז דאָס האָט די שטוב צוליב איר אַלטקייט זיך ביסלעכווייז אויסגעקרומט...

די יידענעס פלעגט ווייניק־וואָס העלפן זייער באַקלאָגן זיך אויף די צעקרימטע ליניעס. אַלס ענטפער אויף אַלע אומצופרידענע קרעכצענישן און פאָרוואורפן, פלעגט „דאַמסקי" בלויז אַ פייף טאָן אָדער אויסזינגען זיין באַרימטן „פיניע פון פינטשעוו"!... אמת, דערפון פלעגן זיך די בלומען־פּאַסן ניט אויסגלייכן, אָבער ווער האָט זיך געשטעלט קריגן מיט אים דעריבער? פלעגט מען אים טאַקע באַצאָלן זיין מלאכה־געלט, ער פלעגט אָנווינטשעווען אַ „פריילעכן פסח און מ'זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר", און מיט זיין מאָדנעם גענגעלע פאַרלאָזן די שטוב. בלויז דאָס קליינוואַרג פלעגט אים נאָכלויפן און נאָכשרייען: „דאַמסקי!" „דאַמסקי!"..

ווו ביסטו היינט — „דאַמסקי"?..



„דאמסקי"

ב.

# אַ קרבן פון אַ ביסל זאַמד לכבוד שבת...

יעדן ערב־שבת האָבן די „פּיאַסקאַזשעס" (די זאַמד־שקצים) ביי אונדז אין ראַדאָמסק געבראַכט זאַמד אין שטאָט אַריין, צו פאַר־קויפן די יידן אויף אויסצושיטן איבער דער פּאָדלאָגע, וואָס האָט צוגעגעבן אַ ליכטיקייט אין דער שטוב. דאָס גאָלדיקע זאַמד האָבן זיי גענומען פון די זאַמד־גרובנס אין די „גליאַנקעס".

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914, האָט געהערשט אין ראַדאָמסק, צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, אַ גרויס אָרעמ־קייט. און אויך ביי אונדז אין שטוב האָט די אָרעמקייט זיך גאָר שטאַרק געלאָזט פילן. מיין פאָטער האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע קינסטלערישע פייגעלעך און פון דעם האָט ער געצויגן זיין פּרנסה. אין דער צייט פונעם קריג, איבערהויפּט אין די ערשטע צייטן, האָט דאָס מיליטער זיך אָפּט געביטן: דאָ רוסן, דאָ דייטשן, און דאַן ווידער רוסן, און עסטרייכער. עס זענען אויך פאָרגעקומען שלאַכטן אַרום ראַדאָמסק, אַזוי אַז ס'איז געווען אוממעגלעך צו פאַרלאָזן די שטאָט כדי צו פאַרקויפן די שיינע פייגעלעך צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג.

אין אַ געוויסן פרייטיק פרי, ווען די מוטער האָט נישט געהאַט די פּאָר גראָשן צו קויפן דאָס קעסטלעך זאַמד, האָט זי געזאָגט צו מיין עלטערן ברודער צלאל, דאָס ער זאָל מיטנעמען אין חדר אַריין אַ קליין זעקעלע און צוריקגייענדיק פון חדר זאָל ער ברענגען פון די „גליאַנקעס" אַ ביסל זאַמד אויסצושיטן אין שטוב לכבוד שבת.

די גאַנצע צייט איז מיין מאַמע געווען שטאַרק אומרואיק וועגן איר קינד און האָט שוין אַפילו געהאַט חרטה, וואָס זי האָט דאָס קינד געהייסן ברענגען דעם זאַמד פון אַזאַ ווייטן וועג. ווען עס איז געקומען די צייט וואָס צלאל האָט שוין געדאַרפט זיין צוריק און ער איז נאָך נישט געווען אין שטוב, איז די אומרואיקייט געשטיגן. מען איז אַרויס אין גאַס מיט דער האָפענונג, אפשר האָט ווער געזען דאָס קינד. ליידער האָט קיינער נישט געוווּסט צו זאָגן ווו דאָס קינד געפינט זיך.

דער פאָטער, קומענדיק פון דער גאַס אין שטוב אַריין און דער־וויסנדיק זיך וואָס עס איז געשען, איז גלייך געלאָפן צו די זאַמד־גרובן. נישט באַקומענדיק קיין געניגנדיק ענטפער פון די זאַמד־שקצים, האָט ער הויך געשריגן: צלאל! צלאל! צלאל! רוף זיך אָפּ! ווו ביסטו? ער האָט אָבער קיין ענטפער נישט באַקומען. דאַן האָט ער מיט די הענט, שוין אין דער צוגעפאַלענער טונקלקייט, גענומען אַוועק־שאַרן דאָס זאַמד אַלץ טיפער און טיפער, ביז ס'האָבן זיך זיינע הענט אָנגעטראָפן אויף אַ מענטשלעכן קערפער — דאָס איז געווען מיין אומגליקלעכער ברודער צלאל. מיין טאַטע האָט דעם טויטן גוף גענומען אויף די הענט און באַגלייט פון הונדערטער יידן גע־בראַכט צוריק אין שטוב.

עס איז געווען אַ שבת פון געוויין און יללה, — דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען איבערגענומען פון אונדזער אומגליק. פאַר אַלע איז געווען קלאָר דאָס די זאַמד־שקצים האָבן אים דערמאָרדעט, ווייל ער האָט אַליין געוואָלט נעמען אַ ביסל זאַמד.

שפּעטער מיט חדשים, אין איינעם אַ פרייטיק נאָכמיטאָג, איז נעבן אונדזער שטוב געשטאַנען אַ פּאָליאַק ביי אַ פּויעריש־וועגעלע מיט זאַמד. פּלוצלינג רייט צו אַ עסטרייכישער זעלנער און האָט פאַרלאַנגט פון דעם פּאָליאַק ער זאָל מיט אים מיטפאָרן ווייל ער דאַרף דאָס פערד מיט דעם וואָגן אויף אַ „פּאָדוואָדע" (ווי מיר האָבן גערופן די אָפּט פאַרנומענע פערד און וואָגנס). ווען דער פּיאַסקאַזש האָט זיך אַנטקעגן־געשטעלט, האָט דער זעלנער אויסגעשאָסן פון זיין רעוואָלווער און דער זאַמד־פירער איז געבליבן ליגן טויט. זייער פיל יידן האָבן דאַן דערקלערט, אַז דער דערשאָסענער פּאָ־ליאַק איז דער זעלבער וועלכער האָט דערמאָרדעט מיין ברודער צלאל ז"ל, און איצט האָט ער באַקומען זיין גערעכטע שטראָף: גאָט שענקט נישט קיינעם פאַר זינד פון הריגה.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין אַרגענטינע, נישט לאַנג פאַרן אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג, האָב איך געלייענט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון פּוילן, אַז אין בידגאָשטש ביי פּויזן קומט פאָר אַ פּראָצעס קעגן אַ יידישן יונגערמאַן, וואָס האָט גע־דינט אין עסטרייכישן מיליטער אין ערשטן וועלט־קריג און האָט דאַן דערשאָסן אַ פּויער אין ראַדאָמסק. דאָס איז אוודאי געווען יענער אומבאַקאַנטער יידישער יונגערמאַן, וואָס האָט אומבאַוווּסטזיניק גענומען נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון מיין ברודער צלאל, דער קרבן פון אַ ביסל זאַמד לכבוד שבת...

אינעם בית־המדרש פון ר' שלמה הכהן פון ראַדאָמסק (דער „תפארת־שלמה"), האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז דער בעל־תקיעה, אַ גרויסער למדן, אַ חסיד און אַ ירא־שמים — האָט זיך אַזוי „פאַרהאַקט" ביים סאַמן אָנהייב פון די תקיעות, אַז ער האָט נישט געקענט אַרויסברענגען פונעם שופר קיין איין קול. האָט דער „תפארת שלמה" אַרויסגערופן פון צווישן די מתפללים אַ יונגן בחור און דער דאָזיקער האָט אַ נעם געטאָן דעם שופר און אַרויסגעבלאָזן די גאַנצע סדרה פון תקיעות ווי ס'באַדאַרפט צו־זיין, מיט אַ ריינעם און שיינעם קול.

נאָכן דאַווענען האָט ר' שלמה הכהן צוגערופן דעם „דורכגעפאַלענעם" בעל־תקיעה און האָט צו אים געזאָגט:

כ'וועל דיר דערציילן אַ משל. אין אַ געוויסער מדינה האָט מען באַשטעלט, ביי אַ געניטן מייסטער, אַ נייע קרוין פאַרן מלך, אויסגעזעצט פון פּערל און דיאַמענטן. דער מייסטער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיין וואַרשטאַט אַ גאַנצן חודש, אַריינ־טראַכטנדיק ווי אַזוי אַמבעסטן אויסצופילן די פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. אַ טאָג פאַר דער קאָראָנאַציע, ווען דער דורכגעטראַכטער אַרבעטס־פּלאַן איז שוין געווען גאָר קלאָר אין זיין געדאַנק, האָט ער גענומען די קרוין און האָט געוואָלט אויסזעצן די טייערע שטיינער. אָבער אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט אים באַהערשט אַ גרויסע מורא און ער האָט דערפילט אַז זיינע כוחות פאַרלאָזן אים...

דער מייסטער האָט אַרויסגערופן אין וואַרשטאַט אַ פאַרבייגייענדיקן יינגל, וואָס האָט קיין שום באַגריף נישט געהאַט וועגן דער אַרבעט און פאַר וועמען זי דאַרף געמאַכט ווערן. ער האָט דעם יינגל געגעבן די קרוין אין די הענט, באַוויזן אים גענוי ווו און ווי אַזוי אויסצוזעצן די טייערע שטיינער און איז אַרויס זיך אָפּפרישן נאָך דער גרויסער איבעררַאשונג. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט נאָך אַ קורצער צייט אין וואַרשטאַט, איז דאָס קרוין געווען אויסגעפּערטיקט אין בעסטן אופן...

(מסיפורי חסידים וועגן „תפארת שלמה")

# דער נר־תמיד פֿון דער גרויסער שול

דוד קאַניעצפּאָלער

געווידמעט דעם אָנדענק פֿון מיין פֿאָטער ר׳ שלמה בר׳ צדוק ז״ל

אין די לעצטע צוויי צענדליקער יאָרן פֿונעם 19־טן יאָרהונדערט, ווען מען האָט געבויט די שטאָטישע שול אין ראַדאָמסק, איז דאָס געווען אַ גאָר גרויסע געמיינזאַמע אָנשטרענגונג פֿון דעם גאַנצן דעמאָלסטיקן שטאָטישן ישוב. די שול איז געוואָרן געבויט גאָר רחבותדיק: 2 אַריינגענג פֿון פֿראָנט־זייט און צוויי אַריינגענג פֿון די אַנדערע זייטן האָבן באַדינט די מענער־שול, אין וועלכער עס האָבן זיך געפֿונען העכער 600 זיץ־פּלעצער. אויך צו דער פֿרויען־אָפּטיילונג אין דער שול האָבן געפֿירט צוויי ברייטע טרעפּן־אַריינגענג אויסגעפּערטיקטע ביד רחבה. דער פּאָלוש איז באַשטאַנען פֿון צוויי גרויסע צימערן, וואָס האָבן געדינט פֿאַר צוזאַמענקונפֿטן פֿון דעם ועד פֿון שול און בשעת הצורך אויך פֿאַר קלענערע גרופּן מתפּללים.

גרויסע אָנשטרענגונגען זענען געמאַכט געוואָרן מצד די האַנטווערקער־קרייזן ביים בויען די שול. מען האָט זיך גאָר פֿיל אָנגעהערט וועגן אָט די פֿרייוויליקע אָנשטרענגונגען פֿון די האַנטווערקער ביים בויען די שול. אויך יונגע בחורים־האַנטווערקער האָבן גאַנצע מאָנאַטן געאַרבעט ביי דאָס אינערלעכע אויספּערטיקונג פֿון דער מענער־שול, ווי אויך פֿון דער פּרעכטיקער גאַלעריע אין דער פֿרויען־שול.

די שול איז געווען אַ גאָר וויכטיקער אָביעקט אין אונדזערע קינדער־יאָרן. דאָ זענען מיר געווען אין די יום־טובֿדיקע און שבתדיקע טעג צוזאַמען מיט אונדזערע עלטערן, געדאַוונט און איינגעזאַפּט אין זיך די פּרעכטיקע פֿאָלקס־ניגונים פֿונעם חזן ר׳ שלמה זאַקס און נאָך זיין טויט פֿון זיינע נאָכפֿאָלגער, ווי ה. פֿישל מיט זיינע גרויסע כאָרן (אָנגעפֿירט דורך ספּעציעלע דיריגענטן), ווי אויך אַנדערע חזנים.

אין די ערשטע יאָרן איז דער סופֿיט פֿון שול אויסגעמאָלט געוואָרן דורך דעם נישט־יידישן קינסטלער ה. מיקע און עס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ הימל מיט שטערן. איבערן אָרון־הקודש האָט געפֿלאַטערט אַ גרויסער אָדלער און פֿון ביידע זיינע זייטן, כמעט אין דער גאַנצער לענג, זענען געווען אויסגעמאָלט די 12 מזלות, לויט די חודשים. שפּעטער איז אויפֿגעבויט געוואָרן דער באמת וווּנדער־שיינער אָרון־הקודש, אויסגעפּערטיקט דורך דעם מצבֿה־קריצער ה. רייך, צוזאַמען מיט אַ גרופּע וואַרשעווער טישלער און האָלץ־שניצער. אַלץ איז געמאַכט געוואָרן פֿון ווייסן האָלץ מיט זייער פֿיל שניצעריי־עלעמענטן, און גאָר אימפּאָזאַנט איז געווען דער קופּאָל איבער די טירן פֿונעם אָרון־הקודש, וואָס איז געשפּענדעט געוואָרן דורך דער פֿאַמיליע רייכמאַן פֿון פּיעטרקאָוו.

אויף די געשניצטע באַריערס ביי די זייטן פֿון אַרויפֿגאַנג צום אָרון־הקודש האָבן זיך געפֿונען פֿיין־געשניצטע שלייפֿן. פּערזאָנען פֿון די עקסטרעמע רעליגיעזע קרייזן האָבן מיט טאַשן־מעסערלעך אויסגעקראַצט די שלייפֿן, ווייל זיי האָבן אויסגעזען ווי קרייצן. פֿון דעם שול סופֿיט זענען אַראָפּגעהאָנגען גרויסע זשיראַנדאָלן־לעמפּ וואָס האָבן געשאַפֿן אַ באַזונדערע געהויבענע שטימונג אין דער אַלגעמיינער וואַרעמקייט פֿון דער שול.

אין די יאָרן 1905/8 האָבן די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען פֿון־צייט צו־צייט אויסגענוצט די שול אין שבתים און ימים־טובֿים פֿאַר אויפֿקלערונגס־רעפֿעראַטן. האָט זיך ווער אַנטקעגנגעשטעלט די דאָזיקע אימפּרעזעס, זענען זיי פֿאָרגעזעצט געוואָרן אונטערן דרוק פֿון געווער. דעמאָלט האָט טאַקע דער ראַדאָמסקער רבֿ ר׳ צבֿי־מאיר ראַבינאָוויטש זצ״ל געשאַפֿן די חבֿרה „משמרת־הקודש” וואָס האָט געציילט 12 חבֿרים (מיטן רבֿ בראש) לויט די 12 שבֿטים. דאָס זענען געווען בעלי־בתּים און בעלי־מלאכות וואָס האָבן



דער ועד פֿון דער גרויסער שול (יאָר 1930)
ס׳שטייען (פֿון רעכטס): שלמה דאַונער, בצלאל קאַלקאַ, יודל יאַקובאָוויטש, יודל דאַווידאָוויטש, י. בוגייסקי. ס׳זיצן: חיים אַפּמאַן, יחזקאל קליינמאַן, אהרן־איטשע פֿעלמאַן, לייב קאַרף, בנימין האַלצבערג, הערשל קראַסקאָפּף, שמעון זאַבערמאַן. אונטן: מרדכי וואַלדפֿאַגעל, אַבֿרהם שייעוויטש.

אַקטיוו געהאָלפֿן בויען די שול און זייער אויפֿגאַבע אין דער א״ד חבֿרה איז געווען, אָפּצוהיטן שבת און יום־טובֿ אַז דאָס דאַווענען זאָל נישט געשטערט ווערן דורך די רעוואָלוציאָנערן.

אין שול איז געווען איינגעפֿאַסט אַן אייגנאַרטיקער נר־תמיד, וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ פֿיר־קאַנטיקן שטיין (4 מעטער הויך) מיט אַ קופּערנעם אייל־לאָמפּ אין דער שפּיץ. אין דעם שטיין האָט מען איינגעפֿאַסט מאַרמאָרענע טאַפֿלען מיט אויסגעקריצטע נעמען פֿון די נדבֿנים און חבֿרים פֿון דער חבֿרה „משמרת הקודש” און זייער יושבֿ־ראש.

נאָכן טויט פֿון מיין טאַטן, האָט ר׳ דוד בורשטין געבראַכט צו אונדז אין שטוב דעם פּנקס פֿון „משמרת הקודש”, וואָס איז באַשטאַנען פֿון צוועלף בלעטלעך, אויף וועלכע עס זענען געווען איינגעשריבן, מיט אַ שיינעם כּתבֿ, דער פֿולער נאָמען פֿון דער חבֿרה און די נעמען פֿון די חבֿרים (מיט די יאָרן פֿון זייער געבורט). איך האָב דאַן איינגעשריבן דעם טאָג און יאָר ווען מיין פֿאָטער איז געשטאָרבן, ווייל ער איז געווען אַ חבֿר פֿון „משמרת הקודש”.

אין מיין זכּרון שווימען אויף די בילדלעך פֿון די צוזאַמענקונפֿטן ביים רבֿ ר׳ צבֿי־מאיר ראַבינאָוויטש זצ״ל, אין זיין דירה אויף דער שול־גאַס (מיר קינדער פֿלעגן באַקומען פֿונעם רבֿ אַן עפּל און אַ קניפּ אין בעקל). שפּעטער זענען די דאָזיקע מסיבות פֿאָרגעקומען ביים חזן ר׳ שלמה זאַקס ז״ל.

אין די ימים־נוראים ווען ביים ראַדאָמסקער רבין פֿלעגן זיך צונויפֿזאַמלען זייער פֿיל חסידים, איז געווען אַ טראַדיציע, אַז אַ גרויסער טייל חסידים איז געקומען אין שול אַריין צו מוסף, הערן דעם חזן מיט זיין כאָר, ווייל אין דער צייט איז געווען די הפסקה צווישן שחרית און מוסף ביים רבין. דעמאָלט איז די שול געווען פֿול

געפּאַקט מיט מתפללים, און אַזוי איז אויך געווען שמחת־תורה צו די הקפות. ווען מיר זענען געווען קינדער, איז אין דער שול געווען ביי אַ 30 ספרי־תורות, און ר׳ לייבל שמש מיטן דאָזאָר שאַץ האָבן געהאַט פיל אַרבעט ביים פאַרטיילן די הקפות.

דער שרייבער פון די שורות געדענקט אויך ווי אַזוי עס זענען פאַרקויפט געוואָרן די „שטעט" אין דער שול דורכן פאָרשטייער פון מאַגיסטראַט (אין דער רוסישער שפּראַך), פאַרן ערשטן וועלט־קריג. טייל פלעצער זענען דורך אַ ליציטאַציע פאַרקויפט געוואָרן „אויף שטענדיק" (אין דער מענער־שול און אויך פאַר פרויען), און די איבעריקע פלעצער זענען דורך די גבאים „פאַרדונגען" געוואָרן יעדעס יאָר פאַר ראש־השנה.

זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן: דער בעל־קורא ר׳ שמואל קראַקאָווסקי (שמואל דער בעקער), וועלכער האָט געווינט ביי גאָלדבערגן אין הויז (אויפן „נייעם־וועג") און דער אַלטער שמש ר׳ פּרץ וואָס איז געווען באַקאַנט פון זיין „טראַדיציאָנעלן" רוף בעת קריאת־התורה: — „זאָל אויבן, ביי די ווייבער, שטיל זיין, ווייל מען קאָן נישט לייענען"...

טראָץ דעם קינסטלערישן סופיט און דעם אימפּאָזאַנטן ארון־הקודש, האָט דאָך נאָך זייער פיל געפעלט, אַז די שול זאָל זיין פולשטענדיק אויסגעפּערטיקט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז גאָר פיל געטאָן געוואָרן אויסצורעמאָנטירן די שול, סיי אויסערלעך און סיי פון אינעווייניק.

ראַדאָמסק האָט צו יענער צייט נאָך נישט געהאַט קיין גרעסערן זאַל אויף יידישע צוזאַמענקונפטן. ביי פאַרשידענע פייערלעכע פאַראַנשטאַלטונגען איז די שול טאַקע אויסגענוצט געוואָרן אויף אָט די צוועקן, ווי אויך פאַר רעפעראַטן אויף נאַציאָנאַלע און ארץ־ישראל־דיקע טעמעס.

✶

יאָרן זענען פאַרלאָפן, יידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן, מיליאָנען פון אונדזער פאָלק זענען פאַרטיליקט געוואָרן און אַלע אונדזערע הייליקייטן זענען וואַנדאַליש פאַרניכטעט געוואָרן. זענען מיר געשטאַנען אין יאָר 1947, אַ קליינע גרופּע אָפּגעראַטעוועטע, אין דער חרובער שול אין ראַדאָמסק — געבויגן פון דעם גרויסן צער און ווייטיק. אונדזערע בליקן וואַנדערן איבער די ווענט, גלעטן די שפּורן פון ארון־הקודש און בעלעמער, די קינסטלערישע אויפשריפטן פון תפילות אויף די ווענט. מיר דערמאָנען: אָט דאָ איז געזעסן דער רב, און דאָ דער דאָזאָר, דאָ מיין פאָטער און דאָ דיינע נאָענטסטע...

פּלוצים פאַלט מיין בליק אויף אַ שפּיץ פון אַ שטיין, וואָס קריכט אַרויס פון דער ערד און איך דערקען אַז דאָס איז אַ טייל פונעם נר־תמיד. מיר גראָבן אָפּ אַ ביסל די ערד און עס זענען דערשינען פאַר אונדזערע אויגן באַקאַנטע אויפשריפטן... און אין דעם מאָמענט פול מיט צער האָט באַהערשט אונדז דער געדאַנק: ס׳איז אַ סימן אַז נישט געלונגען איז די שונאים צו פאַרטיליקן אונדזער פאָלק; דער נר־תמיד וואָס איז דאָ צעשמעטערט געוואָרן וועט ערגעץ אַנדערש ווידער אויפלייכטן...

כי נצח ישראל לא ישקר!





דאס בילד פון לינקס איז די פראָנטאָווע וואַנט פון דער גרויסער שול, די איינציקע וואַנט וואס איז פארבליבן נאָכן חורבן (1945). דאס בילד פון רעכטס איז צוגעשיקט געווארן דורכן ראדאמקער מאגיסטראט אין יאר 1965 און דא זעט מען שוין בלויז רואינען (אין פאדערגרונט, לינקס) פון דער גרויסער שול. אין הינטערגרונט פון לינקס איז דאָס הויז ווו ס׳האָט זיך געפונען „קאָפּלס בית־מדרש", און פון רעכטס — דאָס הויז ווו ס׳האָט געווינט דער אַמשינאָווער רבי.

התמונה מצד שמאל היא החזית של בית־הכנסת הגדול, הכותל היחידי שנשאר לפליטה אחרי חורבן הקהילה בראַדומסק (1945). בתמונה מצד ימין, שנתקבלה ממועצת העירייה בראַדומסק בשנת 1965, נראות רק הריסות של בית־הכנסת (במגרש הקדמי, משמאל), וכן הבתים אשר שימשו מרכזי־תפילה ובית־המגורים של הרבי מאמשינוב.

חלק חמישי / פינפטער טייל

## התוכן/אינהאלט

# עקזיסטענץ־מקורות און באַשעפטיקונגען

מ. ה־ר

### א. ביז דעם ערשטן וועלט־קריג

צוגלייך ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן, זענען אויך אין ראַדאָמסק די יידן געווען די גרונטלייגער פון דעם ווירטשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן.

מיט מער ווי הונדערט יאָר צוריק, ווען נאָווא־ראַדאָמסק איז געווען אַ נאָמען פון אַ קליינעם מקום, אָן וועלכער ס׳איז עקאָנאָמישער אָדער ווירטשאַפטלעכער באַדייטונג, ווען די קליינע צאָל יידן האָבן געוווינט אין דער פאָרשטאָט „בוגיי״, אָדער אין דעם דערבייאיקן פּלאָוונע, געפינען מיר שוין דאָרט יידישע משפחות, וועלכע האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אינעם עקאָנאָמישן לעבן, נישט נאָר אין ראַדאָמסק און פּוילן, נאָר אויך אין דער דעמאָלסדיקער רוסישער אימפּעריע.

דער ראַדאָמסקער יידישער איינוווינער ר׳ בעריש פּערשטער, איז געווען אַן אונטערנעמער וועלכער האָט געבויט די אייזנבאַן כמעט איבער גאַנץ רוסלאַנד. ער האָט געבויט די עלעקטרישע טראַמווייליניע אין וואַרשע און הונדערטער רעגירונגס־בנינים איבער דעם ברייטן שטח פון רוסלאַנד, פּוילן און אַנדערע לענדער פון דער דעמאָלסדיקער צאַריסטישער אימפּעריע. אין ראַדאָמסק גופא האָט ער אויסגעבויט אַן אייגן גרויסע הויז, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען: דער גרויסער האָטעל, דאָס איינפאָר־הויז, די פּאָסט, די אַפּטייק א.ד.ג. צוזאַמען מיט זיין פּריוואַט וווינונג, האָט ער אויסגעבויט זיין פּריוואַטע שול, וועלכע איז געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „פּערשטערס שול״ — שפּעטער „בית יעקב״.

אין דער צייט האָט געוווינט אין דעם דערבייאיקן פּלאָוונע, און שפּעטער אין ראַדאָמסק גופא, דער גביר ר׳ לייזער רעכטערמאַן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אימפּאָרטער און עקספּאָרטער פון פאַרשידענע וואָל־ און בוימוואָל־אַרטיקלען.

די משפחה באַנקער האָט אויסגעבויט דעם באַוווסטן „האָטעל־באַנקער״ מיט דעם גרויסן פּאַרק, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן כמעט אין אַ יידישן פאַרוויילונג־צענטער.

מיט יאָרן שפּעטער טרעפן מיר די גרויסע עקספּאָרט און אימפּאָרט פירמע פון תבואה, פון דוד געריכטער, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון דער תבואה־בערזשע אין ברעסלאַו. די פירמע האָט געהאַט אייגענע מאַגאַזינען ביי דער באַן־סטאַציע, און געפירט גרויסע געשעפטן נישט נאָר אין דעם גרויסן רוסלאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע.

די יידישע איניציאַטיוו און שאַפונגס־גייסט פון דער אינדוסטרי, האָבן ביים סוף פונעם 19־טן יאָרהונדערט געגעבן באַשעפטיקונג פאַר פיל טויזנטער אַרבעטער פון ראַדאָמסק און אומגעגנט — נאַטירלעך נישט־יידישע. דאָס האָט אָבער געהאַט אַן אומדירעקטע אויסווירקונג אויפן עקאָנאָמישן לעבן פון אַ גרעסערן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ גרויסע יידישע אונטערנעמונג פון עסטרייך, וואָס האָט פּראָדוצירט „ווינער מעבל״, האָט אויסגעבויט אין ראַדאָמסק, אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, אַ גרויסע פאַבריק אונטער דער פירמע „יעקב יוסף כהן״, וועלכע האָט באַשעפטיקט ביז צוויי טויזנט אַרבעטער, נישט־יידן, און אַ פּאָר צענדליק באַאַמטע, אַלע יידן. דער גענעראַל־דירעקטאָר ה. בלומענפעלד, אַן עסטרייכישער בירגער, האָט אַלס ייד נישט באַקומען קיין וווינרעכט פון דער רוסישער מאַכט, — האָט ער געלעבט אויף אַ טויף־שיין. אין אָנהייב, זענען אין דער פאַבריק געווען באַשעפטיקט אַלס אַרבעטער אויך אייניקע יידישע האַנטווערקער (טישלער, בלעכער און אַנדערע), פון וועלכע אייניקע האָבן געאַרבעט זונטיק אָנשטאָט שבת. יידן זענען געווען די צושטעלער פון פאַרשידענע רוי־מאַטעריאַלן פאַר דער פאַבריק.

צו דער זעלבער צייט, האָט די ראַדאָמסקער יידישע פאַמיליע רוזשעוויטש אויסגעבויט אַ גרויסע צעראַטע־פאַבריק אין שטאָט, וועלכע האָט געזאָלט זיין די ערשטע אויף דעם געביט אין פּוילן. אין דער פאַבריק זענען אויך געווען באַשעפטיקט יידישע פאַכמענער, אין אָנהייב אַפילו יידישע אַרבעטער. די פאַבריק איז שפּעטער איבערגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע.

די גרויסע גלאָז־הוטע פון דער משפחה פישמאַן, אין דעם דערבייאיקן דאָרף יאַשין, צוזאַמען מיטן גרויסן לאַנדווירטשאַפטלעכן פאַרמעגן פון דער משפחה, האָט אויך באַרייכערט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון ראַדאָמסק און איר נאָענטע אומגעגנט. בכלל האָט די משפחה פישמאַן אין יאַשין געפירט אַ ברייט יידיש לעבן. אין די ימים־טובים, ווי ראש־השנה, סוכות און פּסח, זענען זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען אַלע יידישע אָרעמעלייט כמעט פון גאַנץ פּוילן. זיי האָבן דאָרט געדאַוונט, באַקומען עסן און שלאָפן און מלבושים, און צום אַוועקגיין האָט יעדער פון זיי באַקומען 1 רובל.

אַ באַדייטנדיקע ראָלע אינעם ווירטשאַפטלעכן יידישן לעבן האָט אויך געשפּילט ר׳ מאיר ראָזענבאום, וואָס האָט געוווינט קודם אין פּלאָוונע און שפּעטער אין ראַדאָמסק. ער איז געווען דער שעפער פון דער באַרימטער האָלץ־פירמע ראָזענבאום, און זיינע קינדער האָבן געהערט צו די בכבודיקסטע און רייכסטע יידישע משפּחות אין ראַדאָמסק.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער גרויסער טאַרטאַק פון ישראל רעכטערמאַן, דער זון פון לייזער רעכטערמאַן. דער טאַרטאַק, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ פּאָר צענדליק נישט־יידישע אַרבעטער, איז געפירט געוואָרן דורך יידן. דער הויפּט־דירעקטאָר איז געווען ר׳ איתמר ראַבינאָוויטש, אַן אייניקל פונעם רביישן הויף. דער טאַרטאַק האָט געפירט גרויסע עסקים מיט דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער.

ביים סוף פונעם 19־טן און אָנהויב פונעם 20־טן יאָרהונדערט, זענען אין ראַדאָמסק געווען אייניקע גרויסע הורט־געשעפטן פון פאַרשידענע בראַנזשעס. זיי זענען געווען די פאָרגייער פונעם מסחר נישט נאָר אין ראַדאָמסק נאָר פון דער גאַנצער אומגעגנט. אין דער ערשטער ריי — דאָס גרויסע הורט־געשעפט פון מאַנופאַקטור, פון פרוי מינטשעלע ראַבינאָוויטש, אַ שנור פון „חסד־לאברהם״. אין איר געשעפט זענען געווען אַ צענדליק אָנגעשטעלטע, אַלע חסידישע יידן, לומדי־תורה (מינדיטש, גיטלער און אַנדערע), וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען טיכטיקע סוחרים. די פרוי מינטשעלע ראַבינאָוויטש איז געווען די שוויגער־מוטער פונעם לעצטן ראַדאָמסקער רבי׳ן ר׳ שלמה הענדיך ראַבינאָוויטש (דערשאָסן געוואָרן אין וואַרשע, צוזאַמען מיט זיין משפחה, זומער 1942).

דאָס גרויסע הורט־געשעפט פון טאַבאַק און אַנדערע אַרטיקלען, פון יוסף נייקראַן, געהערט אויך צו די האַנדל־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אין אַ זייער גרויסער מאָס באַווירקט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן דאָס גרויסע הורט־געשעפט פון גאַלאַנטעריע פון יוסף בעסער, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ צוויי־צענדליק אָנגעשטעלטע. יעדער טאָג אין וואָך פלעגט אַן אַנדער פּראָווינץ־שטעטל קומען איינקויפן סחורה אין דעם געשעפט (פּזשעדבאָרזש, בזשעזיניצע, פּאַיענטשנאָ, פּלאָוונע, גידזשעל און אַנדערע).

די משפחות דוד און משה בוגייסקי, און אַנדערע, זענען געווען נישט נאָר אָנגעזעענע סוחרים אין ראַדאָמסק, נאָר אויך שאָסיי־בויער אין גאַנץ פּיעטריקאָווער גובערניע.

אַ באַזונדערן איינדרוק האָט אין דער צייט געמאַכט, דאָס סאָלידע געשעפט פון יחיאל־דוד ניימאַרק, אַ געשעפט פון ספרים, מוזיק־אינסטרומענטן און ענלעכע אַרטיקלען. די פיינע איינריכטונג און באַנעמונג האָבן עדות געזאָגט אויף דעם הויכן קולטורעלן ניוואָ פון דער משפחה ניימאַרק.

די יידישע איניציאַטיוו האָט אויך געשאַפן אַ גרויסע דאַמפף־מיל, דורך דער משפחה פייערמאַן.

די פאַמיליעס ווינער און פייערמאַן זענען אויך די פּיאָנערן אין דער קנאָפּף־אינדוסטריע פון האָלץ. דאָס איז געווען אַ פולשטענ־דיקע נייע פּראָדוקציע־צווייג נישט נאָר אין ראַדאָמסק נאָר אין פוילן בכלל.

דאָ דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די משפחות: שפּירא, גרונדמאַן, זילבערשאַץ און אַנדערע, אין דער אייזן־בראַנזשע; מענדל עפּשטיין, כעמישע בראַנזשע, און פיל אַנדערע נעמען און בראַנזשעס.

יידן איז אין פאַרצייטיקן ראַדאָמסק נישט דערלויבט געווען צו בויען אָדער צו באַזיצן הייזער. ערשט אין דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט, בעת דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, איז די דערלויבעניש געגעבן געוואָרן. מען קען אָן שום גוזמה זאָגן, אַז העכער 80 פּראָצענט פון אַלע הייזער אין ראַ־דאָמסק, זענען געבויט געוואָרן דורך יידישע איניציאַטיוו און געלט. דער בוי־אונטערנעמער פון יענער צייט, ר׳ מאַנדעל פייערמאַן און שפּעטער זיין זון שמואל־מאיר, האָבן צענדליקער יידישע הייזער אויפגעבויט. די משפחה פייערמאַן האָט אויך געהאַט אייגענע צע־געלניעס א.ד.ג.

דאָס רוסישע מיליטער, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין ראַ־דאָמסק, צו יענער צייט, האָט באַזעצט די קאַזאַרמעס, וואָס האָבן געהערט צו די יידן שוואַרץ, זאַנדבערג און אַנדערע. דאָס זעלבע איז מיט די רוסישע פּאָסט, באַנק א.ד.ג.

די יידישע ווירטשאַפטלעכע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן גע־שאַפן און אַנטוויקלט דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין ראַדאָמסק, האָבן נישט גענאָסן פון קיין שום הילף. זייער אייגן פלייס, איניציאַטיוו און פאַרשטאַנד, האָבן געבויט פאַר זיך און פאַר אַנטוויקלען דאָס ווירטשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע לעבן פון דער שטאָט. אמת, צו יענער צייט, זענען אויך געבויט געוואָרן אין ראַדאָמסק גרויסע אונטערנעמונגען פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל, ווי די גרויסע מעבל־פאַבריק פון די „געברידער־טהאָנעט”, די מעטאַל־פאַבריק „מעטאַ־לורגיא” און אַנדערע. אָבער דאָס איז געווען די עקספּאַנסיע פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל געשטיצט דורך מלוכות און רעגירונגען, דאַן ווען די יידן האָבן געמוזט, שטאַפּל נאָך שטאַפּל, אויסקעמפן זייערע פּאָזיציעס.

דאָס ווירטשאַפטלעכע יידישע לעבן, אין די צען יאָר פאַרן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג, האָט מיטגעמאַכט אַ גאָר שאַרפן קריזיס, וואָס האָט מיטגעווירקט צו אַ ברייטער יידישער עמיגראַציע. יידן פון ראַדאָמסק זענען געפאָרן אין פאַרשידענע לענדער מעבר־לים, איבערהויפּט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. טראָץ די קריזיס־יאָרן זענען די גוט־איינגעאָרדנטע יידישע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס נישט צעשטערט געוואָרן, און זענען געפירט געוואָרן מיט דערפאָלג ביזן אויסברוך פונעם ערשטן וועלט־קריג (1914).

אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן סיי די „איי־גענע” רוסישע אַרמיי און שפּעטער די „פרעמדע” עסטרייכישע אַרמיי — ביידע האָבן צעשטערט אַלץ וואָס איז אין משך פון דורות געשאַפן געוואָרן. יידן האָבן זיך געמוזט שאַפן נייע פּרנסות פון שמוגל, אפילו דאָס דערבייאיקע טשענסטאָכאָוו איז שוין געווען „אויסלאַנד”, באַזעצט דורך דער דייטשער אַרמיי. די אָרעמקייט האָט זיך פאַר־שפּרייט מיט אַ גרעסערע שנעלקייט, און מיט איר — עפּידעמישע קראַנקייטן, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט זייער פיל קרבנות.

## ב. צווישן ביידע וועלט־מלחמות (1918—1939)

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט; יעדער האָט געפילט, אַז דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן וועט מוזן זיך איבערפאָרמען, און ס׳איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע: ווי וועט זיך דאָס אויס־ווירקן אויף דער יידישער באַפעלקערונג? באַלד אין די ערשטע יאָרן (1918—1920) האָט זיך פוילן פאַרוויקלט אין אַ נייער מלחמה מיט סאָוויעט־רוסלאַנד. אין אָנבליק פון די נייע ווירטשאַפטלעכע שווע־ריקייטן, האָט די יוגנט ווידער געזוכט וועגן פאַר עמיגראַציע אין פאַרשידענע לענדער, אַ גרויסער טייל קיין ארץ־ישראל. דאָך האָט די יידישע אָרטיקע באַפעלקערונג זיך אַפילו פאַרגרעסערט. סוף־כל־סוף האָט זיך די פויליש־רוסישע מלחמה פאַרענדיקט, די גרע־נעצן האָבן זיך סטאַביליזירט, די ווירטשאַפט וואָס איז כמעט פול־שטענדיק רואינירט געוואָרן, האָט אָנגעהויבן זיך באַוועגן אויף נייע רעלסן. אָבער דאָ האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מען וויל עלימינירן דעם יידישן פאַקטאָר פונעם נייעם ווירטשאַפטלעכן לעבן אין פוילן.

סטאַניסלאַוו גראַבסקי, דער פוילישער ווירטשאַפט־מיניסטער אין דעם נאָכמלחמהדיקן פוילן, האָט עס גלייך דערוויזן מיט זיין עקאָנאָמישן פּלאַן פון יאָר 1923, וואָס אָנשטאָט מיטצוהעלפן ווירט־שאַפטלעך זיך איבערצובויען, האָט פאָרגעזען פאַרשידענע מיטלען, ווי אַזוי צו דערדריקן די יידישע ווירטשאַפט. דער יידישער אונ־טערנעמונגס־גייסט האָט אָבער ווידער באַוויזן צו אויפבויען פון דאָס ניי זיינע בכבודיקע ווירטשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע פּאָ־זיציעס. יידן האָבן ווידער אויפגעשטעלט קלענערע און גרעסערע פאַבריקן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט אַ גאָר באַדייטנדע צאָל אַרבעטער, פּראָדוצירט די נויטיקע אַרטיקלען סיי פאַרן אָרטיקן געברויך און סיי פאַר אַנדערע שטעט אין פוילן, און אַפילו עקספּאָר־טירט נאָך אויסלאַנד.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, הויבט אָן דער יידישער אַרבעטער מערער אַריינצודרינגען אין דער אינדוסטריע.



די מעבל־פאַבריק פון די „געברידער טהאָנעט”
ביהח״ר לרהיטים של „האחים טהאנעט”

די פּאָלגענדיקע טאַבעלע נעמט אַרום די עיקרדיקע אינדוסט־ריעלע בראַנזשעס און אונטערנעמונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט אין ראַדאָמסק אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן, ס'רוב פון־דאָס־ניי אויפגעשטעלטע אונטערנעמונגען אויסשליסלעך דורך יידן (צו יענער צייט זענען יידן געווען קענטיק פאַרטראָטן אויך אין דער אָנגעגעבענער אַלגעמיינער צאָל פון די אַרבעטער).

| ל.ג. | בראַנזשע | אייגנטימער | פירמע | צאָל יידן אָנגעשטעלט |
|---|---|---|---|---|
| 1. | געבויגענע מעבל | יעקב־יוסף כהן | „מאַזאָוויאַ" | 700 |
| 2. | „ „ | שטיינלאוף | „וואַרטאַ" | 100 |
| 3. | „ „ | כאסקעלעוויטש און וויינאַפל | „לאַבאָר" | 70 |
| 4. | „ „ | כאַסקעלעוויטש און יעקב ראָזענבאום | „קסאַוועראָוו" | 100 |
| 5. | „ „ | ברידער מינץ | „מינץ" | 100 |
| 6. | טאַרטאַק | זיגמונד האראוויטש | „זאקשיוועק" | 70 |
| 7. | „ | שלמה קראקאווסקי און חיים גיטלער | „ראדאָמסקאָ" | 50 |
| 8. | „ | יוסף רייז און בעריש מייזל | — | 25 |
| 9. | „ | לעאָן זנעמיראָווסקי און הערמאן ראדאל | — | 60 |
| 10. | פאַבריק פון קאַסטנס | לייזער רייס | — | 20 |
| 11. | קנעפּ־פאבריק | פייערמאַן | „פאָרטונא" | 250 |
| 12. | „ „ | קופערשטאָק | — | 30 |
| 13. | מעטאַל־אויסאַרבעטונג | אברהם משה שפירא | — | 70 |
| 14. | דרוקעריי | מארקוס און יוסף פיינסקי | — | 40 |
| 15. | גאָלז־הוטע | מרדכי גאָלדבערג | „הוטא" | 50 |
| 16. | גלאָז־הוטע | פישמאַן | „יאשין" | 20 |
| 17. | צעגעלניע | פייערמאַן | — | 30 |
| 18. | ברויעריי | — | „פאָציעכא" | 20 |
| 19. | ליכט־פאַבריק | האמפעל | — | 15 |
| 20. | מיל | מייטליס | — | 15 |
| 21. | „ | לייזער רוזשאנסקי | — | 10 |
| | | | צוזאַמען | 1845 |

די ווייטערדיקע פאַרטיילונג נעמט אַרום 1500 באַשעפטיקטע יידן, וואָס זענען געווען פאַרטראָטן אין אַלע עיקרדיקע באַשעפטי־קונגען, האַנדלס־אָפּצווייגן און פּראָפעסיעס: האַנטווערקער — 790; סוחרים און קליינהענדלער — 590; כלי־קודש — 52; פרייע פּראָ־פעסיעס — 39; באַאַמטע — 29.

## האַנטווערקער

| | | | |
|---|---|---|---|
| שניידער | 214 | האָלץ־שניצער | 10 |
| טישלער | 146 | שפּייז־פּראָדוצירער | 9 |
| קצבים און וואורשט־ | | גלעזער | 7 |
| מאַכער | 70 | שלאָסער | 6 |
| שוסטער | 65 | גילזן־מאַכער | 6 |
| בעקער און קאָנדיטער | 43 | איינבינדער | 6 |
| היטל־מאַכער | 30 | זייף־פּראָדוצירער | 6 |
| שטולן־פלעכטער | 20 | קירזשנער | 5 |
| מאָלערס | 15 | שטריקער | 5 |
| זייגערמאַכער | 13 | בערשטל־מאַכער | 4 |
| פריזירער | 11 | וויין־און־קוואַס־מאַכער | 4 |
| בלעכער | 10 | עלעקטריקער | 3 |
| גאַרבער | 10 | פאַרשידענע אַנדערע | 72 |
| | | סה"כ | 790 |

## סוחרים און קליינהענדלער

| | |
|---|---|
| מאַרק־שטייער | |
| (סטראַגאַנעס) | 120 |
| שפּייז־קרעמער | 100 |
| מעל און תבואה | 42 |
| באַקליידונג | 30 |
| לעדער־אַרטיקלען | 20 |
| גאַלאַנטעריע | 20 |
| שוכוואַרג | 15 |
| בוי־מאַטעריאַל | 15 |
| גרינוואַרג | 11 |
| פיש־האַנדל | 11 |
| האָלץ־פּאַניר | 10 |
| פאַרב־אַרטיקלען | 10 |
| פעדלער | 10 |
| ביכער און שרייב־מאַטעריאַל | 10 |
| האָטעלן און אכסניות | 8 |
| רעסטאָראַנען | 8 |
| פּיוויאַרניעס | 8 |
| אייער־האַנדל | 7 |
| מוזיק־אינסטרומענטן | 6 |
| קיך־מכשירים | 6 |
| אייזן־האַנדל | 5 |
| נאַפט־פּראָדוקטן | 4 |
| פּרוכט־האַנדל | 4 |
| פּאַרטיקע מעבל | 3 |
| שפּילצייג | 3 |
| טאַבאַק און פּאַפּיראָסן | 2 |
| פאַרשידענע אַנדערע | 102 |
| סה"כ | 590 |

## כלי־קודש

| | |
|---|---|
| מלמדים | 24 |
| שמשים א"א | 7 |
| שוחטים | 5 |
| הרב ודיינים | 4 |
| סופרי סת"ם | 3 |
| באָד־באַאַמטע | 2 |
| פאַרשידענע אַנדערע | 7 |
| סה"כ | 52 |

## פרייע פּראָפעסיעס

| | |
|---|---|
| דאָקטוירים און פעלדשערס | 14 |
| לערער | 14 |
| אינזשינערן | 3 |
| אַפּטייקער | 2 |
| זשורנאַליסטן | 2 |
| אַדוואָקאַטן | 1 |
| אַנדערע | 3 |
| סה"כ | 39 |

## באַאַמטע

| | |
|---|---|
| בוכהאַלטערן | 15 |
| וואַלד־אָנגעשטעלטע | 6 |
| לאָטעריע־אַגענטן | 2 |
| קהילה־אָנגעשטעלטע | 2 |
| מאַגיסטראַט־אָנגעשטעלטע | 2 |
| פאַרזיכערונגס־אַגענט | 1 |
| עקספּעדיטאָר | 1 |
| סה"כ | 29 |

אַ באַזונדערן פּלאַץ האָט פאַרנומען די מעבל־בראַנזשע. צענדליקער יידישע מעבל־וואַרשטאַטן האָבן פּראָדוצירט דאָס שענסטע מעבל, און געשיקט כמעט איבער גאַנץ פּוילן. נאָך דער באַוווסטער שטאָט קאָלוואַריע, וואָס האָט געשמט אַלס צענטער פון מעבל פאַר גאַנץ פּוילן, האָט ראַדאָמסק פאַרנומען דעם צווייטן פּלאַץ פון שיין און גוט מעבל (שלאָף־צימערס, עס־צימערס, קאַבינעט־מעבל אאַ"וו). די פּראָדוקציע איז דערגאַנגען צו הונדערטער־טויזנ־טער זלאָטעס מאָנאַטלעך און האָט געשאַפן פּרנסה־מעגלעכקייטן פאַר פיל יידישע פאַמיליעס: צושטעלער פון רוי־מאַטעריאַלן; פּאַ־קערס, פורמאַנעס אד"ג.

אויך די סוחרים, סיי די גרויסע און סיי די קליינהענדלער, האָבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווידער אויפגעפרישט זייערע פּרנסה־קוואַלן. אָבער אויף זיי האָט זיך באַזונדער אויסגעגאָסן דער גאַנצער צאָרן פון די אַנטיסעמיטישע פּוילישע רעגירונגס־קרייזן. וועלנדיק אויפשטעלן אַ פּוילישן סוחרטום האָט מען פון איין זייט געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דעם יידישן סוחר און קליינהענדלער, דורך שטייערן און אַנדערע שיקאַנעס, און פון דער צווייטער זייט געשטיצט דעם פּוילישן סוחר מיט שטייער־פאַרלייכ־טערונגען און קרעדיטן. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע פון „סוואָי דאָ סוועגאָ" און בויקאָטן — האָבן זיך שטאַרק געלאָזט פילן אין ראַדאָמסק.

דער שטענדיקער קאַמף, וואָס די יידישע ווירטשאַפטלעכע קרייזן האָבן געהאַט צו פירן פאַר זייער עקזיסטענץ, האָט זייער שלעכט געווירקט אויף דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, וואָס

איז געווען זייער נויטיק ביים שאפן געמיינזאמע הילף־איסטי־טוציעס. פארשידענע פרווון זענען געמאכט געווארן ביים שאפן יידישע קרעדיט־אנשטאלטן, וועלכע זאלן העלפן דעם סוחר, האנט־ווערקער און קליינהענדלער. ליידער האבן די אלע קאאפעראטיווע און אנדערע קרעדיט־אינסטיטוציעס נישט געשטאנען אויף דער געהעריקער הויך. טראץ דער שווערער ווירטשאפטלעכער לאגע האבן פארשידענע געזעלשאפטלעכע און פערזענלעכע ארומרייסענישן גורם געווען צו דער ליקווידאציע פון כמעט אלע דורך שווערער מי געשאפענע קרעדיט־אנשטאלטן. ווי נויטיק עס זענען געווען די קרע־דיט־אינסטיטוציעס, קענען באשטעטיקן די פאלגענדיקע ציפערן, וועלכע עס גיט איבער די „ראדאמסקער צייטונג" פון 18.3.1927 אין א באריכט פון דער יידישער קאאפעראטיווער באנק פארן יאר 1926: „הלוואות, ארויסגעגעבן אויף א סומע פון 271,454 זלאטעס; אינקאסא־דאקומענטן זענען געווען אויף א סומע פון 1,849,000 זלאטעס; אין דער זעלבער צייט האט די באנק באקומען אויסערלעכע הלוואות אויף א סומע פון נאר 16,000 זלאטעס".

אין דער דערמאנטער צייטונג פון 31.7.1931 לייענען מיר פאלגענדיקעס: „עס ווערט פראפאנירט (דורכן רעוויזיאנס־פארבאנד) אין ווארשע, אז די מיטגלידער זאלן דעקן אלע הזיקות, אז אויפן ארט זאלן געצייכנט ווערן, גוטוויליקע וועקסלען אויף א סומע פון 25 טויזנט זלאטעס, אז די שולדן פון אינקאסעס זאלן באלד רעגו־לירט ווערן; אן אנאליזע איבערן בילאנס פירט צום אויספיר, אז אחוץ די פייען איז א אונטערשטעלונג מיט 15—20 טויזנט זלאטעס".

עס זענען געמאכט געווארן פרווון צו שאפן א קליינהענדלער־באנק, וואס האט זיך אין אנהויב זייער שיין אנטוויקלט. אבער צוליב פאופעריזאציע פון דער יידישער באפעלקערונג, האט זי געליטן פון כמעט כראנישע פראלאנגאטעס פון די הלוואות און אנדערע נישט פינקטלעכקייטן אין די פינאנציעלע התחיבותן, וואס האבן נישט דערלויבט די אינסטיטוציע זיך ווי געהעריק צו אנטוויקלען. אינעם יאר־באריכט פאר 1931 לייענען מיר אין דער „ראדאמסקער צייטונג" דאס פאלגענדיקע: „ס'איז דער טרויעריקער עפילאג פון דער „קאא־פעראטיווער־באנק", דער סוף פינעם פיי־קאפיטאל. דער אומשטאנד וואס די פיל אייגנטימער פון וועקסלען, וועלכע רעקרוטירן זיך פון ארעמע לייט, און וועלכע זענען צעבראכן געווארן ביים ארויסבא־קומען א טייל פון זייערע בלוטיקע גראשנס, האט געמוזט האבן א נעגאטיווע ווירקונג אויף דער „קליינהענדלער באנק", זי האט זיך אנגעהויבן מיט א יאר צוריק גוט צו אנטוויקלען, אבער איז אין לעצטן יאר געבליבן שטיין אין א פארגליווערטן צושטאנד. און הגם די דאזיקע באנק פונקציאנירט פינקטלעך, טראגט זי אבער מער דעם כאראקטער פון אן אינקאסע־קאנטאר ווי פון א באנק, מחמת זי האט נישט קיין אומלויף־קאפיטאל. דער סך־הכל איז — דער געפלאנטער קליינהענדלער און האנטעווערקער שטייט ביים היינטיקן טאג הילפלאז און האט נישט ווו צו בארגן די הונדערט צו צוויי הונדערט זלאטעס".

אין משך פון דער צייט איז אויך געשאפן געווארן א גמילת־חסדים־קאסע, וועלכע האט זיך אין אנהויב שוואך אבער שפעטער גאר שיין ענטוויקלט.

די ארעמקייט צווישן דער יידישער באפעלקערונג האט אנ־גענומען אלץ גרעסערע און שטרקערע פארמען. מענטשן וועלכע האבן מיט אייניקע יארן צוריק געפירט א שיין לעבן פון זייער ארבעט אדער האנדל, זענען רואינירט געווארן, דורך די שטייערן און אנטי־יידישע ווירטשאפטלעכער פאליטיק. אזוי ארום האט זיך פארגרעסערט די צאל מקבלים פון שטיצע. דא דארף דערמאנט ווערן, אין דער ערשטער ריי, די הילף פון די ראדאמסקער לאנדס־לייט אין אמעריקע, וואס איז אנגעקומען אין א באדייטנדיקער מאס, אבער וועלכע איז אין גרונט גענומען, געווען ווי א טראפן אין ים.

אין יאר 1926 איז אנגעקומען די סומע פון 10,000 זלאטעס. אין א באריכט אין דער „ראדאמסקער צייטונג" פון 26.3.26 לייענען מיר וועגן דער פונאנדערטיילונג פון אט דער סומע: „עס זענען ארויסגעגעבן געווארן — 82 שטיצעס צו 5 זל.; 200 צו 10 זל.; 155 צו 40 זל.; צוזאמען 506 שטיצעס אויף א סומע פון 8270 זלאטעס".

אין דער „ראדאמסקער צייטונג" פון 16.4.1926 לייענען מיר אין א ווענדונג פון מ. ז. ראזענבלאט צו די ראדאמסקער לאנדסלייט אין אמעריקע: „אין משך פון די לעצטע יארן האט אייער הילפס־קאפיטאל פאר אונדזער שטאט באטראפן ביי פיר טויזנט דאלאר. ס'איז ממש נישטא קיין ווערטער אויסצודריקן אונדזער דאנקבאר־קייט צו אייך ליבע ברודער און שוועסטער... ליידער איז אבער אייער הילף־ארבעט נישט באהויכט מיטן גייסט פון פראדוקטיווי־שאפן, ווייל די דאזיקע ארבעט איז א ריין פילאנטראפישע און דער פאר קאנען מיר חלילה, געשטעלט ווערן פאר א נסיון צו ווערן מקבלים — נעמער פון צדקה... מיר זענען בלויז קרבנות פון די גרויסע שטייער־לאסטן, פון בויקאט און אויסראטונגס־פאליטיק קעגן דער גאנצער יידישער באפעלקערונג אין פוילן. דאס וואס מיר ווינטשן איז א קרעדיט־אינסטיטוציע פאר ביליקן און לאנגטערמיניקן קרעדיט, אוועקגעשטעלט אויף פעסטע יסודות, אן שום בייגעשמאק פון צדקה און פילאנטראפיע. נאר אזא אנשטאלט וועט אונדז ביים לעבן דערהאלטן, אויב נישט אין גאנצן — טא כאטש טיילווייז אונדז שטעלן אויף די פיס... ראטעוועט, כל זמן ס'איז נאך נישט שפעט!"

די דאזיקע הילף פאר א פראדוקטיוון קרעדיט, וואס מען האט געבעטן אין יאר 1926, איז מן הסתם נישט אנגעקומען. דערווייל איז די לאגע ערגער געווארן ממש פון טאג צו טאג. די שטייערן זענען געוואקסן, די באיקאט־אקציע האט זיך פארשטארקט און די עקזעקוציעס פון יידיש פארמעגן האבן ארומגענומען אלע קרייזן. אין „ראדאמסקער צייטונג" פון 16.10.1931 לייענען מיר וועגן א געשאפענעם יידישן הילף־קאמיטעט, מען רעדט שוין נישט וועגן



ביים פארטיילן שוכווארג און קליידונג פאר ארעמע קינדער, מיט דער פינאנציעלער־הילף פון ניו־יארקער לאנדסמאנשאפט־פארבאנד. די קאמיטעט־מיטגלידער (שטייען, פון רעכטס): אברהם קאמעלגארן, יודל דאווידאוויטש, יעקב וויטענבערג, חיים קריינדלער; (ס'זיצן) — לייזער רוזשאנסקי, זוקין שרייבער.

בעת חלוקת דברי־הנעלה והלבשה לילדי עניים, בסיוע כספי של בני־עיר מניו־יורק (מצד ימין — חברי הוועד).

פּראָדוקטיווע הילף־אַקציעס נאָר פּשוט וועגן אַ הילף־קאָמיטעט. דאָ איז אָבער געקומען דער סטאַראָסטע און פאַרלאַנגט, אַז די יידישע סוחרים און האַנטווערקער זאָלן איינצאָלן 50 פּראָצענט פון די קאָסטן פאַר פאַטענטן פאַר דער אָרעמער פוילישער באַפעלקערונג, בשעת די פוילישע סוחרים האָבן באַשלאָסן בייצושטייערן פאַר דעם צוועק אַן איינמאָליקן אָפּצאָל פון 5 ביז 25 זלאָטעס. די „ראַדאָמסקער צייטונג" פון 13.11.1931 שרייבט אין צוזאַמענהאַנג דערמיט: „אַ שטאַרקע פאַרביטערונג האָט אַרויסגערופן די מיטטיילונג פון ד"ר לובעלסקי וועגן די שטערונגען וואָס די מאַכט־אָרגאַנען מאַכן דעם יידישן הילף־קאָמיטעט, פאַרלאַנגענדיק אַ סטאַטוט באַשטעטיקט פון וואָיעוואָדע אד"ג".

*

פון דאָס אויבן באַשריבענע איז צו זען, אַז די ראַדאָמסקער יידן זענען געווען די יעניקע וואָס האָבן געבויט דאָס ווירטשאַפט־לעכע און עקאָנאָמישע לעבן צוזאַמען מיט דער שטאָט; טראָץ דעם זענען זיי געוואָרן אונטערדריקט און דיסקרעמינירט דורך די פוילישע סאַנאַציע־פאַקטאָרן, ערב דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג דורך די פינצטערע היטלעריסטישע בעסטיעס.

ערב דעם אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג, האָבן די עקזיסטירנדיקע אין שטאָט אַרבעט־צווייגן אַרומגענומען בערך 1500 יידישע האַנטווערקער, סוחרים און באַאַמטע, וואָס ס'מיינט אַ באַפעלקערונג פון 6000 נפשות.

# די טעטיקייט פון האנטווערקער־פארבאנד

**דוד בוגייסקי**

ס'ווערט געזאָגט: ...אהב את המלאכה ושנא את הרבנות. כאָטש מיר גרויסן זיך מיט דעם תנא יוחנן הסנדלר, פונדעסטוועגן האָבן זיך יידישע עלטערן, מיט צענדליקער יאָרן צוריק, געוווּנטשן אַז זייערע קינדער זאָלן ווערן רבנים און נישט קיין בעלי־מלאכות.

אין ראַדאָמסק טרעפן מיר, אויף דער שוועל פונעם 20־טן יאָר־הונדערט, גוט איינגעפונדעוועטע יידישע בעלי־מלאכות: טישלער — ר' יוסף שפּאלטן און דוד בורשטיין (דוד העניעס); בלעכער — ר' זעליג גאָלדבערג און זיין זון מרדכי; און פיל אַנדערע, וועלכע באַזיצן אייגענע הייזער און געווען זייער שיינע בעלי־בתים אין שטאָט.

ביי אַלע גרויסע גוט־באַזיצער אַרום ראַדאָמסק, ביי די קאַטוילישע קירכעס און פּראַוואָסלאַוונע צערקוועס, זענען כמעט אַלע אַרבעטן אויסגעפירט געוואָרן דורך יידישע בעלי־מלאכות. ס'איז שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט ר' משה אָדער ר' יצחק בלאכארזש, צום ביישפּיל, געדעקט די קאָמפּליצירטע דעכער אויף די טורעמס פון די קירכעס. זיי זענען געווען ווונדערבאַרע פאַכלייט, און זייער אַרבעט אויסגעפירט געוויסנהאַפט און גוט.

ר' שמואל בעקער (דער לאמער שמואל) איז געווען צענדליקער יאָרן דער בעל־קורא אין שטאָט־שול, און טיילמאָל אויך פאַרטראָטן דעם חזן.

די יידישע האַנדווערקער האָבן געמוזט פירן אַ שווער און האָרעפּאַשנע לעבן. זיי האָבן אויך געהאַט אויסצושטיין פיל שיקאַנעם פון דער קליינער צאָל פוילישע האַנטעוורקער, וועלכע זענען געווען אָרגאַניזירט אין זייערע צעכן, וועמענס סימבאָלן זענען געווען די הייליקע אַפּאָסטאָלן. די שיקאַנעס האָבן נישט ווייניק מיטגעווירקט צו באַשווערן נאָכמער דאָס לעבן פון די יידישע האַנטווערקער.

נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דער יונגער ציוניסטישער עסקן אין לאָדזש, אינזשיניער יאַן קירשראוט, גענומען די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן דעם יידישן בעל־מלאכה. אין די יאָרן פונעם ערשטן וועלט־קריג, זענען אין פאַרשידענע שטעט אין פוילן געשאַפן געוואָרן יידישע האַנטווערקער פאַראיינען. אין יאָר 1916 איז אויך אין ראַדאָמסק געשאַפן געוואָרן אַ „יידישער האַנטווערקער־קלוב" און שפּעטער — „יידישער האַנטווערקער־פאַראיין", אַלס אָפּטיילונג פון דער וואַרשעווער צענטראַלע. די ערשטע גרינדער זענען געווען: לודוויג ווינבערג, לאַנגיעריקער פרעזעס, יצחק סלאַביאַק, שמואל באַנד, פייוול און אברהם ווילהעלם, זוקין שרייבער, יעקב בוגייסקי, שלמה גאָלדבערג, ראובן ליבערמאַן, עמנואל רובין, שמעון און שלמה קוגעל, הערשל קרוזקאָפּ, שמעון האזע און אַנדערע.

אין די ערשטע יאָרן האָט דער „יידישער האַנדווערקער קלוב" געפירט נאָר אַ הילפס־אַרבעט צווישן זיינע מיטגלידער, געשאַפן אַ „טיי־האַלע" און לייען־זאַל ווו די מיטגלידער האָבן אין די אָוונטן באַקומען אַ גלאָז־טיי, געלייענט אַ צייטונג און זיך דורכגעשמועסט וועגן געמיינזאַמע פּראָבלעמען. ווען פוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָט זיך אויסגעברייטערט די טעטיקייט פונעם „יידישן האַנטווערקער פאַראיין": הילף ביים אויסקויפן פאַטענטן; פאַרטיידיקן ביי די שטייער־אויסמעסטונגען; אַ הילפס־קאַסע צו דערטיילן הלוואות. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן איינקויף־שטעל פאַר רוי־שטאָפן, און ס'האָט זיך געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון דער לעדער־בראַנזשע.

מיט דער צייט האָט דער „יידישער האַנטעוורקער פאַראיין" געפירט אַ ברייטע קולטורעלע טעטיקייט. אין יאָר 1924 ווערט געשאַפן אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, און אַ דראַמאַטישע סעקציע אונטער דער לייטונג פון ש. באַנד. מען אָרדנט איין רעפעראַטן, לעקציעס, פאַרזאַמלונגען א. ד. ג. די גרינדער פון דער ביבליאָטעק זענען געווען: לודוויג ווינבערג, יצחק סלאַביאַק, יעקב בוגייסקי, עמנואל רובין, אַבאַ טרוסקאלאסקי, גליקסמאַן און ראָזענצווייג. די ביבליאָטעקאַרן זענען געווען: הירשל וויטנבערג, גליקסמאַן, ראָזענצווייג, דוד בוגייסקי, פישל קאזשיוואָדאָ, דוד וויעלונסקי, באָלטשע טרוסקאָלאַסקי און רוזשע וואַקסמאַן. די ביבליאָטעק האָט זיך אַנטוויקלט אַלס איינע פון די אָנגעזעענע קולטור־אַנשטאַלטן אין שטאָט (ביי 3,500 ביכער און 350 לעזער).

זייער אַ שיינעם יום־טוב האָט דאָס ראַדאָמסקער יידנטום געהאַט, ביי דער פייערונג פון צען־יעריקער עקזיסטענץ פונעם „יידישן האַנטעוורקער פאַראיין" (יאַנואַר 1927). אין דער „ראַדאָמסקער צייטונג" פון 14.1.1927 לייענען מיר:

„די פייערונג איז געעפנט געוואָרן דורכן פרעזעס אינזש. פאַליוואָדע און איז פאָרגעקומען אין מאַגיסטראַט־זאַל, וואָס איז געווען הערלעך דעקאָרירט, און האָט געטראָגן אַן אימפּאָזאַנטן כאַראַקטער. צו דער פייערונג זענען געקומען פאָרשטייער פון דער אַדמיניסטראַטיווער און מוניציפּאַלער מאַכט, בראש מיטן סטאַראָסטע און שטאָט־פּרע־

זידענט ...אונטער די טענער פון מוזיק מאַרשירן אַריין אין זאַל די מיטגלידער פון האַנטווערקער־פאַרוואַלטונג. נאָך זיי שפּרייזט דער 90־יעריקער יצחק פלאקאוויטש, דער עלטסטער יידישער בעל־מלאכה אין ראַדאָמסק, און טראָגט דעם פאַרהילטן פאָן. נאָך אים מאַרשירן אַריין די פאָרשטייער פון די פאַרשידענע פאַך־סעקציעס, מיט די ספּעציעלע אָפּצייכנונגען פון זייערע סעקציעס. די באַנד פון פאַרהילטן פאָן שניידט דורך ה׳ קאָן פון דער צענטראַלע, און די הערן האזע און קראוסקאָפּ אַנטהילן דעם פאָן, וואָס פלאַטערט אויף איבערן זאַל״.

נאָך די באַגריסונגען פון די פוילישע און יידישע פאָרשטייער, האָט געהאַלטן אַ זייער געלונגענע באַגריסונג־רעדע ה׳ ראובן בייקראַן, וועלכער האָט געזאָגט צווישן אַנדערע: „דער יידישער האַנטווערקער איז ווירקלעך, אין פאַרלויף פון דורות, געוועזן איגנאָרירט. און אויב די שטעלונג פון דער געזעלשאַפט איז צו אים געוואָרן אַ פּאָזיטיווע, איז עס אַ פועל־יוצא פונעם באַפרייאונגס־קאַמפף פונעם יידישן פאָלק, פון וועלכן דער יידישער האַנטווערקער איז אַ וויכטיקער טייל. אויב מיר האָבן דערלעבט אַז די מאַכט קומט אונדז באַגריסן, באַווייזט עס נאָר, אַז מען קאָן אונדז נישט ליב האָבן, אָבער דרך־ארץ האָט מען פאַר אונדז, ווען מיר האָבן אין זיך אַ קראַפט. נאָר אַ פאָלק וואָס קעמפט פאַר זיין באַפרייאונג, און מאַרשירט צו זיין ענדציל, קאָן האָבן פענער. אין גלות מצרים האָבן מיר קיין פענער נישט געהאט, ערשט ווען מיר האָבן זיך פון דער קנעכטשאַפט באַפרייט, האָבן מיר פענער געשאַפן. די פענער ווערן נאָר געשאַפן דערצו, כדי צו גיין פאָרווערטס צו אונדזער ענדציל און שטרעבן צו דעם אַלגעמיינעם יידישן פאָן, צו דעם דגל יהודה״.

די פייערונג האָט געמאַכט אַ זייער גרויסן איינדרוק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג, אין שטאָט.

***

אין יאָר 1927, נאָך שווערע קאַמפן, איז געלונגען אויסצופועלן אַ מער ליבעראַלן אינדוסטריע־געזעץ, און דאַן איז דער יידישער האַנטווערקער גלייכגעשטעלט געוואָרן מיטן נישט־יידישן: ביים שאַפן פאַך־צעכן, באַקומען דיפּלאָמען, אָנטייל נעמען אין די האַנטווערקער־קאַמערן אד״ג. צוגלייך מיט דעם האָט דער יידישער האַנטווערקער־פאַרבאַנד באַקומען דאָס רעכט צו באַשטעטיקן, ווי לאַנג דער באַטרעפנדיקער בעל־מלאכה האָט געפירט זיין ווערקשטאַט. אויף דעם סמך, האָט דער האַנטווערקער באַקומען די נויטיקע „האַנטווערקער־קאַרטע״, וואָס האָט דערמעגלעכט צו פירן לעגאַל אַ ווערקשטאַט.

מיט דער צייט, ווערט דער יידישער האַנטווערקער־פאַרבאַנד אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט ביז 600 מיטגלידער. דער האַנטווערקער האָט געהאַט זיינע פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט און אין די שאַצונג־קאָמיסיעס פאַר פאַרשידענע שטייערן, דער פאַרשטייער אין שטאָט־ראַט איז געווען אינזשיניער פאַליוואָדאַ.

נאָך דער פילסודסקי איבערקערעניש (יאָר 1926), האָבן די פוילישע רעכטע עלעמענטן, צווישן די פוילישע האַנטווערקער, נישט געוואָלט קאָאָפּערירן מיט די מאַכט־אָרגאַנען. דאַמאָלסט האָט זיך דעם יידישן האַנטווערקער אויסגעדוכט, אַז אין דער לאַגע וועט ער זיך קענען מער־וויניקער, אַנטוויקלען. אָבער אין אַ גאָר קורצער צייט אַרום, ווען דאָס פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע לעבן אין פוילן איז אַרויף אויף די אַנטיסימיטישע רעלסן, האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט די פּאופּעריזאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. די שרעקלעכע שטייערן האָבן געצילט צו פאַרניכטן דעם יידישן פּראָדוקטיוון עלעמענט — דעם יידישן האַנטווערקער, און אַלע אַנדערע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס האָט ליידער דערפירט צו אינערלעכע אַרומרייסענישן ביז צו דער שאַפונג פון 2 יידישע האַנטווערקער פאַראיינען, וועלכע האָבן זיך שפּעטער ווידער פאַראייניקט. טראָץ די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען און שווערן קאַמף, איז נישט געלונגען צו באַהערשן די שווערע ווירטשאַפטלעכע לאַגע.

דער יידישער האַנטווערקער אין ראַדאָמסק האָט געהאַט אַ שיינע געזעלשאַפטלעכע און פאַכמענישע טראַדיציע. ער האָט תמיד געשטרעבט, סיי אינערלעך און סיי אויסערלעך, אויסצוקעמפן אַ געהעריקע פּאָזיציע אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן. בעת דעם גרויזאַמען אויסראָטונג־פּראָצעס פונעם יידישן פאָלק, האָבן די היטלער־בעסטיעס געמאַכט אַן ענדע אויך צו די שטרעבונגען און קאַמפן פונעם יידישן האַנטווערקער פאַר אַ בכבודיקער פּאָזיציע ביים לעבן.

# דער פאַרבאַנד פון די קליינהענדלער

**אברהם וואלדפאגעל**

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די קליינהענדלער האָט זיך אָנגעפאַנגען צוגלייך מיט דער אַנטשטייאונג פון דער פוילישער מדינה (1918). עס האָט זיך שוין דאַן געפאָדערט אַן אָרגאַניזירטער כוח, וואָס זאָל לעזן בשותפותדיקע פּראָבלעמען פון קליינהענדלער. עס איז צוזאמענגערופן געוואָרן אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פון באַוווסטן געזעלשאַפטלעכן טוער אַדאָלף לעוואָקאָוויטש און ער האָט אָנגעצייכנט דעם וועג פון דער טעטיקייט.

אין משך פון דער צייט זענען אין קליינהענדלער־פאַרבאַנד געווען אַקטיוו אין דער פאַרוואַלטונג און קאָמיסיעס: שמואל־לייב וויטענבערג, יעקב הערבעט, יעקב בוגייסקי, מ. יאקובאָוויטש, שמעון וואלדפאגעל, יעקב כענטשינסקי, משה־דוד פריימאַן, מיכאל גרייצער, חיים לוסטיגער, זלמן זילבערשאַץ, יהושע ראָזענצווייג, זיסמאַן בלום, יהודה דאַווידאָוויטש, חיים בודזיק, אברהם הערצבערג, הערשל פעלמאַן, דוד ראדאל, ראמעק ראָזענבוים, משה בערגער א. אַ.

די הויפּט־אויפגאַבע פון די פאַרבאַנד־אינסטאַנצן איז געווען, צו פאַרטיידיקן די קליינהענדלער אין די מלוכה־אַמטן, ספּעציעל קעגן הויכע שטייערן. אַ פאָרשטייער פון די קליינהענדלער איז געווען אַנוועזנד ביים אויסמעסטן די שטייערן פאַר קליינע סוחרים. אויך אין דער פּאָליציי און אַנדערע אינסטיטוציעס פלעגט דער פאַרבאַנד אינטערווענירן פאַר זיינע מיטגלידער. דער פאַרבאַנד פלעגט יעדן מאָנאַט פאַרעפנטלעכן אַ פרייז־קוראַנט, אַזוי ווי עס האָט געפאָדערט די מאַכט.

דער לאָקאַל פון פאַרבאַנד האָט זיך געפונען צוערשט אויף פשעדבאָרסקאַ 6 און דערנאָך אויף ריימאַנטאַ 14.

טראָץ דעם וואָס אין שטאָט איז געווען אַן האַנטווערקער־און־סוחרים באַנק, האָט זיך אָבער געניטיקט אַ גמילת־חסד־קאַסע פאַר קליינהענדלער. אין יאָר 1926 איז געוואָרן באַשטימט צו שאַפן אַזאַ קאַסע און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג פון 6 חברים: שמואל־לייב וויטענבערג, שמעון וואלדפאגעל,

דעם פועלי־ציון פּראָגראַם און אָפּגעשטעלט זיך אויף די אויפגאַבן פון דער באַוועגונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל. „טעמערל" איז צום סוף, ווייזט אויס, נמאס געוואָרן דאָס זיצן אויפן רעפּעראַט פון וועלכן ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען און האָט פאַרלאָזט דעם זאַל.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן די מפּלות פון רוסישן מיליטער און אין דער לופט האָט זיך אָנגעהויבן פילן די אָנקומענדיקע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. פאַרשטייט זיך אַז די צענזור האָט געזאָרגט דערפאַר אַז עס זאָל צו אונדז נישט דערגיין דער אמת, אָבער ער האָט זיך געטראָגן אין דער לופט און געשטאַרקט אונדז אין אונזער קאַמף.

אויסנוצנדיק די אַלגעמיינע שטימונג האָבן מיר אַדורכגעפירט אַ ריי אַקציעס אויף די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטס־פּלעצער. דאָס זענען געווען קליינע וואַרשטאַטלעך און פאַבריקלעך ווו עס האָבן געאַרבעט מיינסטנס פרויען. באַזונדערס שווערע באַדינגונגען האָבן געהערשט אין דער גילזן־פאַבריק פון דער פירמע גרוניס. מיר האָבן אָנגעווענדעט דאָ אַן אייגנאַרטיקן קאַמפּס־מעטאָד וועגן וועלכן עס איז כדאי צו דערציילן.

אין דער גילזן־פאַבריק זענען געווען באַשעפטיקט ביז אַ 20 פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אין שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען און פאַר אַ נישטיקן לוין. מיר האָבן באַשלאָסן צו שטורעמען די „פעסטונג": אַרויסגעטראָטן מיט פאָדערונגען, געפירט פאַרהאַנדלונגען און צום סוף אָפּגעשטעלט די אַרבעט. דער אייגנטימער, אַ חסידישער ייד, האָט גערופן די טאַטעס פון די אַרבעטאָרינס, ס׳רוב מלמדים און רעליגיעזע יידן, צום רב. דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן פאַרשטענדלעך, שטרענג געהיים. אַזוי ווי מיין שוועסטער האָט אויך געאַרבעט אין דער דאָזיקער פאַבריק, האָבן מיר זיך גלייך וועגן דעם דערוווּסט און אָנגעהויבן אַ קעגנאַקציע. עס איז אונדז געלונגען איבערצייגן די פאָטערס אין אונדזער ערלעכן קאַמף און די מערהייט פון זיי האָט באַשלאָסן צו דערקלערן דעם רב, אַז די פאָדערונגען פון די „יונגען" זענען גאָרנישט אַזוי אויסטערליש און אַז זיי קאָנען אין דער פראַגע נישט משפּיע זיין.

די דין־תורה ביים רב איז געווען באַשטימט אויף מוצאי־שבת. איך און מיין חבר שייקע ראָזענבלאַט * זענען אַהינגעגאַנגען און האָבן שוין נאַטירלעך געטראָפן דעם פאַבריקאַנט און מאַנכע פון די טאַטעס אין דער אַזויגערופענער בית־דין שטוב. נאָך הבדלה איז אַריינגעגאַנגען דער רב אין דער באַגלייטונג פונעם פאַבריקאַנט. דערזעענדיק אונז האָט ער זיך מיט אונדז פריינטלעך באַגריסט און אָנגעהויבן אויספרעגן ביי די טאַטעס וואָס זיי מיינען וועגן דעם ענין. זיי האָבן אים דערציילט אַז פאַר אַ 9—10 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג פאַרדינט נישט דער אַרבעטער אַפילו אויף קיין ברויט צו דער זאַט. מיר האָבן באַמערקט, אַז דער שטרייט געהערט אייגנטלעך נישט צו דער קאָמפּעטענץ פון רב, האָט ער זיך אָנגעהויבן צוריקציען פון גאַנצן ענין. אויף דעם פאַבריקאַנטס חוצפּהדיקער פראַגע: „מה יש?" האָט דער רב מודה געווען אַז די פראַגע דאַרף מען גלייכער דערליידיקן מיט אונדז איידער מיט אים. נאַטירלעך האָט זיך גרוניס געמוזט אונטערגעבן. ער איז געקומען אין אונדזער לאָקאַל און אונטערגעשריבן אַלע באַדינגונגען.

די מלחמה־געשעענישן האָבן אינצווישנצייט אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען צוגעשמידט צו די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד. די ידיעות פון דאָרטן זענען געווען זייער קאַרג צוליב דער צענזור, אָבער דאָך גענוג כדי מיטצורייסן אונדזערע יונגע נשמות.

אויך אין פוילן זענען פאָרגעקומען וויכטיקע ענדערונגען. דער פוילישער לעגיאָן געשאַפן דורך פּילסודסקין ביי דער עסטרייכיש־דייטשער אַרמיי איז געוואָרן אויפגעלייזט. פּילסודסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַלייגן די געטריישאַפט־שבועה צו דער דייטשער מאַכט וועלכן גענעראַל בעזעלער האָט פון אים פאַרלאַנגט און ער איז אינטערנירט געוואָרן אין דער מאַגדעבורגער פעסטונג. די לעגיאָניסטן זענען אינטערנירט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן אין פוילן.

די פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פ.א.וו. האָט זייער פלייסיק געפירט איר געהיימע טעטיקייט. מיר האָבן מיט זיי אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט און טייל מאָל — באַקומען ידיעות וועגן זיי פון אונדזער צענטער. אין ראַדאָמסק האָבן זיך באַוויזן פיל נייע פּנימער און נאָר ווייניקע פון אונדז האָבן געוווּסט ווער זיי זענען און וועלכע אויפגאַבן זיי דערפילן. די עסטרייכישע מאַכט איז שוין ווייט נישט געווען די וואָס אַמאָל. די צייט האָט געאַרבעט קעגן איר. עס האָבן אויפגעוואַכט די אַספּיראַציעס פון די קליינע פעלקער וועלכע האָבן געלעבט אונטער דעם עסטרייכישן רעזשים. אויך צו אונדז דערגייען קאַרגע ידיעות וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע און דער אַנטשטייונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל.

די אַלע ידיעות קומען אָן אין אַ פאַרנעפּלטער פאָרם, אָבער זענען גענוג כדי אויפצובריזן אונדזערע געמיטער. אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט אויף אונדז די דעקלאַראַציע פון אַמעריקאַנישן פּרעזידענט ווילסאָן מיט די 14 פּונקטן און מיר הויבן אָן צו גלויבן אַז מיר האָבן איבערגעלעבט די לעצטע מלחמה. פאַרוואָס אייגנטלעך נישט? דער רוסישער צאַר האָט שוין אַבדיקירט, די טעג פון דער עסטרייכישער דינאַסטיע זענען געציילטע און עס הערן זיך שוין גאַנץ דייטלעך שטימען פון די רעפּובליקאַנער און סאָציאַליסטן קעגן דייטשן קייזער ווילהעלם. אויך פאַר דעם יידישן גערודפטן פאָלק עפנט זיך אַ נייע פרייע און גערעכטע וועלט.

אונדזער אָרגאַניזאַציע ווערט נאָך אַקטיווער. מיר נוצן אויס יעטוועדע געלעגנהייט כדי צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון פועלי־ציון, פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. עס ווערן פּראָקלאַמירט וואַלן צום שטאָטראַט און מיר נעמען אין זיי אָנטייל. לויט דער וואַל־אָרדינאַציע דאַרף דער קאַנדידאַט אויף אַ ראַטמאַן אַלט זיין מינדסטנס 30 יאָר און צווישן אונדז איז אַזאַ פּאַסיקער קאַנדידאַט ניטאָ. מיר שטעלן דעריבער אַרויס אונדזערן אַ סימפּאַטיקער, פריינד איטשע אורבאַך, וועלכער ווערט אויסגעוויילט אַלס ראַטמאַן. קיין גרויסע האָפענונגען אויף דעם שטאָטראַט האָבן מיר נישט געלייגט, אָבער אַ טריבונע איז דאָס געווען און די וואַל־אַגיטאַציע אַליין האָט געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג.

פון דער צענטראַלע אין וואַרשע באַקומען מיר די איבערראַשנדיקע ידיעה, אַז אונדזערע צוויי פּראָמינענטע חברים, באָראָכאָוו און זרר־בבל, געפינען זיך אין רוסלאַנד און אַז חבר באָראָכאָוו נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם צוזאַמענפאָר פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. מיר באַשליסן איינלאַדן די חברים קיין ראַדאָמסק ווי באַלד זיי וועלן קומען קיין פוילן. דער גורל האָט אָבער געוואָלט אַנדערש און אין דעצעמבער 1919 האָט דער טויט איבערגעריסן דאָס יונגע, שעפערישע לעבן פון בער באָראָכאָוו, דעם אידעאָלאָג פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג פון יידישן אַרבעטער. אַנשטאָט אַ פייערלעכע אויפנאַמע האָבן מיר ליידער געמוזט איינאָרדענען אַ טרויער־אָוונט. אונדזער גרויסע איבערגעגעבנהייט און ליבשאַפט צום שעפער פון אונדזער באַוועגונג האָבן מיר אויסגעדריקט אינעם פּראָגראַם פונעם אָוונט. מיר האָבן איינגעלאַדן דעם פּראָפעסאָר ווילענבערג פון טשענסטאָכאָוו, וועלכער האָט געשילדערט דאָס לעבן און די טעטיקייט פונעם גרויסן נפטר דורך בילדער. טראָץ דעם וואָס דעמאָלט איז דער באַן־פאַרקער כמעט געווען אָפּגעשטעלט צוליב די שניישטורעמס, איז דאָך געקומען צו אונדז דער חבר שורעק כדי מיט זיין רעפעראַט צו באַערן בער באָראָכאָווס אָנדענק.

* געשטאָרבן אין יאָר 1938 אין דער פּיעטרקאָווער טורמע.

**אונדזער טעטיקייט ביים סוף פונעם קריג**

די ערשטע זעקס חדשים פונעם יאָר 1918 קענען דרייסט באַצייכנט ווערן ווי די ערשטע געבורטס־ווייען פון דער נייער וועלט — ווי מען האָט דעמאָלט געגלויבט. אויף דער פּוילישער גאַס האָט מען שוין געזען אַלע פאָרבאַרייטונגען צו דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש, די באַנייונג פון דער פּוילישער זעלבסטשטענדיקער מדינה. די פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פּ.אָ.וו. האָט איינגעאָרדנט עפנטלעכע פּאָליטישע מיטינגען און געמאַכט אַלע פאָרברייטונגען איבערצונעמען די מאַכט. פאַר זייער אַן ענגן קרייז פון אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אַפילו פאָרגעשטעלט געוואָרן דער צוקונפטיקער „פאָלקס־קאָמיסאַר“ פון דער שטאָט. זיין נאָמען געדענק איך לײדער נישט, אָבער זיין אויסזען און דאָס עטוואָס אויסגעקרומט מויל אין אַ זייט, איז מיר פאַרבליבן אין זכרון.

אַלע יידישע פּאַרטייען האָבן זיך נאָך געפונען אינעם לאָקאַל פון דער „קולטורא“. די „פּועלי־ציון“ האָבן דאַן „עקספּראָפּריאירט“ דעם חתונה־זאַל פון דער פאַמיליע זאַקס, כדי דאָרט איינצואָרדענען זייער „אַרבעטער־ווינקל“. ווען איך קוק זיך אום, זע איך מיט וואָס פאַראַ ענערגיע מיר האָבן געאַרבעט נישט שפּאָרנדיק קיין כוחות און נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום שוועריקייטן. און מיר האָבן טאַקע דערגרייכט וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען צו דערגרייכן.

נישט זייענדיק בכוח אַליין אַרויסגעבן געהעריקע פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופן, האָבן מיר איבערגעזעצט פון פּויליש און אַנטשפּרעכנט איבערגעאַרבעט פּראָקלאַמאַציעס פון אַ פריערדיקן פּעריאָד, כדי זיי זאָלן זיין גרייט אין געהעריקן מאָמענט. מיר האָבן געשאַפן אַ קאָמיסיע מיט מאָטל פעלדבערג * אין דער שפּיץ, אָפּצוקויפן געווער פון די עסטרייכישע זעלנער, ווייל מיר האָבן זיך געגרייט צו אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ קעגן די פּוילישע כוליגאַנעס. מיר האָבן מיטגעהאָלפן דעם פריינד יצחק זאַקס אָפּצוקויפן די אינסטרומענטן פונעם עסטרייכישן אָרקעסטער.

אונדזער לאָקאַל איז באמת געווען דער צענטראַלער פּונקט פון דער יוגנט און די אַרבעטער־מאַסן אין דער שטאָט.

דעם 10טן נאָוועמבער 1918 האָב איך באַקומען אַ מיטטיילונג דורך אַ באַן־אַרבעטער אַז צוויי אונדזערע חברים קענען זיין אַנוועזנט ביים איבערנעמען די באַן פון דער דייטשער מאַכט (הגם ראַדאָמסק האָט אַדמיניסטראַטיוו געהערט צו דער עסטרייכישער אָקופּאַציע־מאַכט, איז די באַן געווען אין די הענט פון די דייטשן).

פּינקטלעך זעקס אָוונט זענען מיר, חבר לייבוש זאַנדבערג און איך, געקומען צום בנין וווּ עס זענען דערליידיקט געוואָרן די באַן־פראַכטן און צוזאַמען מיט נאָך אייניקע אַרבעטער צוגעגאַנגען צום וואָקזאַל. אַלץ איז פון פאָרויס געווען באַשטימט, ווער עס זאָל איבערנעמען די באַן־קאַסע, די וואָג, דעם טעלעגראַף און טעלעפאָן א״אַ. אַלץ איז אויסגעפירט געוואָרן אָן קיין שום ווידערשטאַנד. די באַן־קאַסעס זענען געווען כמעט ליידיק. נאַטירלעך זענען די אַלע אַמטן באַזעצט געוואָרן דורך פּאָליאַקן, געוועזענע באַן־אַרבעטער.

די אַרבעטסלאָזיקייט און אָרעמקייט זענען געווען זייער גרויס. בלויז די בעקערס זענען געווען באַשעפטיקט און צווישן די איבעריקע אַרבעטער האָט געהערשט אַ שרעקלעכע נויט. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן צו שאַפן אַ ביליקע קיך וווּ מען זאָל קענען פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל באַקומען אַ מיטאָג און אַן אָוונטברויט. די געלטמיטלען פאַר דעם צוועק זענען געשאַפן געוואָרן צווישן די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים וואָס זענען רייך געוואָרן אין דער מלחמה. און אונטער דער לייטונג פון ש. ל. רובינשטיין, מיין ברודער פּינטשע און אייניקע חברטעס, ווי די שוועסטער קרויזע און אַנדערע, האָט זיך געפירט אַ לענגערע צייט אַ ביליקע קיך ביי דער „אַרבעטער־היים“.

אויך האָבן מיר געשאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן ראַט. אין דער שפּיץ זענען געשטאַנען ש. ראָזענבלאַט, איך און אַנדערע. דעם חבר פישל פאַריז איז איבערגעגעבן געוואָרן אָרגאַניזירן די יוגנט. די חברים וואַקסמאַן, קאַמעלגאַרן, גליקסמאַן און פישל פעלדבערג און אַנדערע האָבן געזאָרגט פאַר פּרעסע, בראָשורן און געלט־ענינים.

יעדער נומער פון דער „אַרבעטער־צייטונג“ איז געווען פאַר אונדז אַ קוואַל פון ידיעות און וויסן. אַזוי זענען פאַרלאָפן די ערשטע וואָכן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט אין אונדזער אָרגאַניזאַציע.

סוף דעצעמבער 1918 האָט געדאַרפט פאָרקומען דער ערשטער עפנטלעכער צוזאַמענפאָר פון פּועלי־ציון, און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צו אים. עס איז באמת שווער היינט איבערצוגעבן אונדזער דעמאָלטיקע איבערלעבענישן. מיר זענען געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער אידעע פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פונעם יידישן פאָלק און פון אַלע אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער. אין רוסלאַנד האָבן די באָלשעוויקעס אונטער דער פירונג פון לענין און טראָצקי איבערגענומען די מאַכט און געשאַפן די אַרבעטער־דיקטאַטור. טראָצקי וואַרפט זיין באַרימטע לאָזונג: „קיין שלום און קיין מלחמה“. פּוילן איז נאָך 150 יאָר ווידער אומאָפּהענגיק און אין דער שפּיץ שטייט יוזעף פּילסודסקי, אַ געוועזענער סאָציאַליסט. אין דייטשלאַנד פילט מען נאָך די לעצטע קראַמפן פון דער אַלטער ווילהעלמישער ממשלה און דער אָנהייב פון אַ נייער אָרדענונג. אויך אין ארץ־ישראל איז פאָרגעקומען אַ פולשטענדיקע ענדערונג. די אַלטע פאַרפוילטע טערקישע מאַכט איז פאַרטריבן, די ענגלישע מיליטערישע מאַכט האָט דעראָבערט דאָס לאַנד. עס ווערט געבוירן אַ נייע וועלט און די פּועלי־ציון־באַוועגונג דאַרף אויסאַרבעטן איר פּראָגראַם וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער נייער צייט.

מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָבן מיר געוואַרט אויפן צוזאַמענפאָר אין וועלכן עס האָבן געדאַרפט אָנטייל נעמען אַלע אָנפירנדע פערזענלעכקייטן פון דער פּועלי־ציון וועלט־באַוועגונג.

אין אונדזער אָפּטיילונג זענען פאָרגעקומען כסדרדיקע פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס אויף וועלכע מען האָט באַהאַנדלט די פּונקטן פון טאָג־אָרדענונג פונעם צוזאַמענפאָר און געפּרווט אויסאַרבעטן פּאָליטישע רעזאָלוציעס.

מיר האָבן געוויילט דריי דעלעגאַטן: דוד קאָניעצפּאָלער, לייביש זאַנדבערג און שייקע ראָזענבלאַט. ווי געסט זענען געפאָרן: יוסף ראָזענצווייג, משה זאנדבערג און נאָך פיר חברים וועמענס נעמען איך געדענק לײדער נישט.

די השפּעה פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט געווירקט אויף אַ טייל פון אונדזער באַוועגונג און נישט וויניק מי האָט געמוזט אָנווענדן דער חבר מוליע אַלס פאָרזיצער כדי דער צוזאַמענפאָר זאָל זיך ענדיקן בשלום. פון איין זייט זענען עס געווען די חברים זלמן רובאַשאָוו, יאַרבלום, ד״ר יצחק שיפּער, ברוך צוקערמאַן און רודל, וועלכע האָבן פאַרטרעטן די אַזוי־גערופענע רעכטע ליניע און פון דער צווייטער זייט די חברים זרובבל, ד״ר מיכאל קאַן און כמעט דער גאַנצער צ.ק. פון פּוילן וואָס האָבן פאַרטרעטן די אַזוי־גערופענע לינקע ליניע. פון די דעלעגאַטן האָבן די לאָדזשער און ראַדאָמסקער חברים פאַרטרעטן די לינקערע איינשטעלונג. טראָץ דעם וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַרענדיקט אַ געאייניקטער, האָט זיך אָבער געפילט אין דער לופט אַז פריער אָדער שפּעטער וועט אַרויסשווימען דאָס פּראָבלעם פון לינק און רעכט. דער עיקר אָבער איז געווען, אַז דער צוזאַמענפאָר האָט פּראָקלאַמירט די פאַראייניקונג פון די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס פון גאַליציע און פּוילן.

* אומגעקומען בעת די טראַגישע געשעענישן אין טשענסטאָכאָוו, צוזאַמען מיט זיין פרוי.

## די נייע תּקופֿה

צוריקקומענדיק פֿון צוזאַמענפֿאָר האָבן מיר געפֿילט אַז מיר זענען אַריינגעטראָטן אין אַ נייער תּקופֿה פֿון דער פּאַרטיי־אַרבעט. עס זענען געשטאַנען פֿאַר אונדז נייע פּראָבלעמען און אויפֿגאַבן. אַזוי האָט עס זיך אונדז על כּל פּנים אויסגעדאַכט און אַזוי האָבן מיר עס אויך געוואָלט זען.

די אַרבעט אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפֿירט מיט דער גאַנצער ענערגיע און איבערגעבנקייט. צוליב דער אומנאָרמאַלער עקאָנאָמישער לאַגע האָבן מיר געשאַפֿן אַ שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו און שפּעטער אויך אַ בעקעריי, וועלכע האָבן געדאַרפֿט באַפֿרידיקן די באַדערפֿענישן פֿון אונדזערע חברים און די אָרעמע מאַסן. מיט די דאָזיקע אונטערנעמונגען האָבן אָנגעפֿירט אונדזערע חברים מיט לייבוש זאַנדבערג און אברהם קאַמעלגאַרן אין דער שפּיץ.

צו יענער צייט האָבן געדאַרפֿט פֿאָרקומען די וואַלן צום אַרבעטער־ראַט, וועלכער האָט געדאַרפֿט אויסגעווײַלט ווערן אין אַלגעמיינע געהיימע און דירעקטע וואַלן. דאָ באַקומען מיר אָבער דעם ערשטן פּאָליטישן קלאַפּ. דאַשינסקי פּראָקלאַמירט, אַז די פּ. פּ. ס. וועט נישט זיצן צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן אינעם אַרבעטער־ראַט און זיי ווילן אַ באַזונדערן אַרבעטער־ראַט. דאָס זעלביקע מאַכן די קאָמוניסטן. די יידישע אַרבעטער ווילן נישט מיטמאַכן אָט די שפּאַלטונגס־אַרבעט און באַשליסן אַדורכפֿירן די וואַלן צווישן זיך באַזונדער און דאַן אָנשליסן זיך אין אַן אַלגעמיינעם אַרבעטער־ראַט. מיר גייען אַרויס פֿון די וואַלן מיט אַ באַדייטנדיקן זיג איבער אַלע אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען. אָבער צו דער פּראַקטישער אַרבעט איז עס דעמאָלט נישט געקומען, ווייל עס איז אין ראַדאָמסק נישט געשאַפֿן געוואָרן קיין פֿאַראייניקטער אַרבעטער־ראַט.

אונדזער אַרבעט האָט זיך פֿונאַנדערגעוואָקסן און מיר זענען שוין נישט אומשטאַנד געווען זי צו פֿירן מיט אונדזערע לאָקאַלע כּוחות. דאַן איז געקומען צו אונדז אַ חבר כּוֹן גאָמבין, וועלכער האָט אונדז באַדייטנד אַרויסגעהאָלפֿן אין דער אַרבעט בעת מיר זענען געשטאַנען פֿאַר נייע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע אויפֿגאַבן. דער מלוכה־שעף פּילסודסקי האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן וואַלן צו די שטאָטראַטן. מיר האָבן אָנגעשטרענגט אַלע כּוחות און דערגרייכט צוויי ראַטמענער און אַן אייגענעם לאַווניק, ד"ה אַ פֿאַרטרעטער אין מאַגיסטראַט — דעם חבר יעקב־שמואל האזע.

דער אָנזען פֿון אונדזער פּאַרטיי איז כּסדר געוואָקסן און מיר זענען געווען טעטיק אויף אַלע געביטן. כּדי אונדז אַרויסצוהעלפֿן, האָט די צענטראַלע צו אונדז דעלעגירט דעם חבר פּאַסטערנאַק, אַ בוכהאַלטער, וועלכער האָט געפֿירט די ביכער פֿון די ווירטשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס און ווי אַ דערפֿאַרענער און אינטעליגענטער חבר געהאָלפֿן אונדז אויפֿצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטייען.

★

דאָס איז געווען די בלי־צייט פֿון אונדזער פּאַרטיי אין ראַדאָמסק. אויך דער צענטראַל קאָמיטעט האָט עס ווייזט אויס, אַזוי אָפּגעשאַצט. ווייל עס האָבן אונדז צו יענער צייט באַזוכט די פּראָמינענטסטע און חשובֿסטע חברים פֿון צענטער, צווישן זיי שאול אמסטערדאם, ד"ר א. ש. יוריס וועלכע זענען געקומען פֿירן די וואַל־אַקציע צום ערשטן קאָנסטיטואירנדיקן סיים אין יאָר 1919. די פּועלי־ציון האָבן אין כעלמער קרייז אַדורכגעפֿירט איין מאַנדאַט, דעם ד"ר ראָזענפֿעלד וועלכער איז אָבער פּלוצים געשטאָרבן. אויף זיין אָרט איז אַריין ד"ר יצחק שיפּער. דער חבר ד"ר יוריס האָט באַזונדערס ליב באַקומען אונדזער שטאָט, וועלכע האָט אים געענטפֿערט מיט אַ סך סימפּאַטיע. זיינע רעפֿעראַטן האָבן שטענדיק געצויגן אַ גרויסע צאָל צוהערער.

דאָס זעלבע דאַרף אויך געזאָגט ווערן וועגן די גייסטרייכע רעפֿעראַטן פֿון חבר יארבלום. אין מיין זכּרון איז איינגעקריצט דער איינציקער באַזוך און רעפֿעראַט פֿונעם חבר ניר (נחום־יעקב ראַפּאַלקעס). ער איז געקומען צו אונדז אין פֿרילינג 1919. פּוילן האָט שוין געפֿירט דעם קריג מיט די סאָוויעטן, די יוגנט איז געווען מאָביליזירט. גראָד דעם טאָג ווען עס איז אָנגעקומען חבר ראַפּאַלקעס האָט זיך די פּוילישע רעקרוטן פֿאַרגלוסט אַ הוליע טאָן אויף דער יידישער גאַס. דאָך איז דער רעפֿעראַט פֿאָרגעקומען און דער רעפֿערענט האָט באַרירט אין אים אַלע אַקטועלע פּראָבלעמען. די לאַגע איז געווען דעמאָלט אַ געדריקטע און אַ גרופּע חברים האָבן פֿאַרבראַכט כּמעט אַ גאַנצע נאַכט אויף אַ געשפּרעך מיטן חבר ראַפּאַלקעס וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע, וועגן אונדזער באַוועגונג אדג"ל.

אויך וויל איך דאָ דערמאָנען דעם חבר עמנואל וואָלינסקי פֿון לאָדזש, וועלכער איז שפּעטער אַ דאַנק זיין ברודער געוואָרן פֿון אַן אָרעמען אַרבעטער אַ רייכער פֿאַבריקאַנט, אָבער ווייטער געטריי געדינט דער פּאַרטיי און איר מיטגעהאָלפֿן אין אירע וואַל־אַקציעס.

★

אַ גרויסע שׂמחה האָט אַרויסגערופֿן ביי אונדז די ידיעה אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו דעלעגירן צו אונדז אויף אַ באַזוך דעם חבר זרובבֿל. מיר האָבן געדאַרפֿט מאַכן אויפֿן אָרט געהעריקע פֿאָרבערייטונגען, און דאָס איז נישט געווען פֿון די לייכטע זאַכן. דער נאָמען זרובבֿל האָט געמוזט געדרוקט ווערן אויף די פּלאַקאַטן מיט גרויסע אותיות און אַזעלכע אותיות האָט נישט פֿאַרמאָגט אַפֿילו די גרעסטע דרוקעריי ביי אונדז פֿון דער פֿירמע פּיינסקי. מיר האָבן געמוזט אויסשניידן ספּעציעלע אותיות פֿון האָלץ. אַלץ איז שוין געווען פֿאַרטיק און מיר האָבן זיך געגרייט, געווען איז עס פֿרייטיק, מקבל זיין אונדזער גרויסן און באמת ליבן חבר. אַ שעה פֿריער איידער מיר דאַרפֿן גיין צו דער באַן אויפֿנעמען אונדזער גאַסט, זע איך אים דורכן פֿענצטער פֿון אונדזער וווינונג ווי ער



דער פּאַרטיי־ראַט פֿון דער ייד. סאָצ. דעמאָקר. אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון", אין יאָר 1919.

שטייען (פֿון רעכטס): געווערצמאַן, משה זאַנדבערג, ש. ראָזענבלאַט, מאיר יארבלום, ד. קאַניעצפּאָלער, ל. רובינשטיין, ש. זאַמבעק, צ. וולאַשטשאַווסקי.

צווייטע שורה: ש. וואַלדפֿאָגעל (טשענסטאָכאָוו), יחיאל טיגער, פֿישל פּאַריז, גיטל קרויזע־ווילהעלם, יוסף ראָזענצווייג, ש. וואַקסמאַן, פֿישל פֿעלדבערג.

אונטן: לייביש זאַנדבערג, פּ. בערמאַן, שׂרה זאַיאַנטשקאָווסקי־פּאַנקאָווסקי. שלמה וואַקסמאַן.

שפאנט גלייך צו אונדזער שטוב. די פרייד איז געווען זייער גרויס, אבער גלייכצייטיק האבן מיר זיך געריכט אויף א שווערן פארוווּרף. מיין מוטערס ווארעמע אויפנאמע ביי אונדז אין שטוב האט אבער אלץ פארגלעט. מיר זענען אפגעקומען מיט א לייכטן פארוווּרף: „אויב מען האט נישט אפגעווארט דעם חבר זרובבל איז חבר זרובבל געקומען אפווארטן דעם חבר דוד..."

עס איז מיר אבער באשערט געווען אויסהערן דעם טאג א צווייטן פארוווּרף. דער קאמיטעט צוזאמען מיטן גאסט האבן געווארט אין די מעבלירטע צימערן פון דער „קליינער חוה" (דעם ביינאמען געדענק איך לײדער נישט) אויף דער מעלדונג אז מען קאן שוין קומען אין טעאטער־זאל. דער זייגער איז שוין אכט, אכט און א האלב און קיינער קומט נישט. מיר שיקן א שליח דערוויסן זיך וואס עס הערט זיך און ער קומט נישט צוריק.

„חבר דוד — זאגט זרובבל — איך האב טאקע א בארד, אבער לערנען זיך שערן דארף מען אויף דער אייגענער בארד". מיין געמיט־צושטאנד איז זיך לייכט פארצושטעלן, אבער דאס איז נאכנישט אלץ, מיר באשליסן צוגיין צום טעאטער. קומענדיק אין טעאטער הינטער די קוליסן געפינט חבר זרובבל א זייטיק לעכל אין דער קורטינע און השם ישמרנו! ער קאן נאר זען די ערשטע צוויי־דריי רייען וועלכע זענען זייער שיטער באזעצט. ער דערקלערט, אז ער פארט גלייך צוריק. צום גליק האט א צווייטער חבר געפונען א לאך אינמיטן פון דער קורטינע און ער רופט צו דעם חבר זרובבל. עס ווייזט זיך ארויס אז אין זאל געפינען זיך הונדערטער מענטשן. קיינער האט נישט געקענט קומען אונדז רופן, ווייל אלע זענען געווען באשעפטיקט ביי דער קאסע, און אזוי ווי דער חבר ש. ל. רובינשטיין האט געהיט די ארדענונג איז פארשטענדלעך, אז קיינער מיט קיין בילעט האט זיך נישט געקענט אוועקזעצן אין די ערשטע רייען.

אזוי איז דער באזוך פון אונדזער ליבן גאסט אדורך מיט א גרויסן מאראלישן און מאטעריעלן דערפאלג טראץ אלע אינצידענטן.

*

דאס זענען אייגנטלעך געווען די יארן פון אויפשטייג פון דער ראדאמסקער פועלי־ציון ארגאניזאציע. עס קומען דאן די יארן 1920—1921, פוילן פארוויקלט זיך אין א מלחמה מיטן ראטן־פארבאנד, שליסט אן אפמאך מיט פעטלורען און וויל אנעקסירן אוקראינע, באווייזט אפילו צו דערארבערן קיעוו אבער דאן קומט די קאנטר־אפענסיווע און דאס סאוויעטישע מיליטער דערגייט ביז הינטער ווארשע. אלץ איז פאראליזירט. אונדזערע חברים פארלאזן פוילן און זענען עולה קיין ארץ־ישראל, א טייל ווערט מאביליזירט אין מיליטער. אויך איך האב פארלאזן דעמאלט ראדאמסק אויף א קורצע צייט און אריבער קיין ווארשע ווו איך בין פארבליבן זעקס חדשים. ווען איך בין געקומען צוריק איז שוין נישט לייכט געווען אויפצושטעלן די פארטיי ארגאניזאציע אין אזא פארנעם ווי פריער. נאך א יאר, אין 1922, בין איך אריבער קיין טשענסטאכאוו.

# די פארטיי פון לינקע „פועלי־ציון"

ישעיה־בער גאלדבערג

נאך זייער אינטענסיווע טעטיקייט פון דער פועלי־ציון פארטיי סיי אין דער צייט פונם ערשטן וועלט קריג, און סיי נאך דעם, איז אין רעזולטאט פון דער שפאלטונג אין פ.צ. אויף רעכטע און לינקע, געקומען צו א סטאגנאציע אין דער פארטיי־טעטיקייט. אויך אינערלעכע סיבות האבן געפירט צו אט דעם שטילשטאנד. א טייל אנפירענדיקע חברים האבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אנדערע זענען מאביליזירט געווארן אין פוילישן מיליטער אדער פארלאזן ראדאמסק. אויך רדיפות פון פוילישע מאכט־ארגאנען אויף די לינקע ארבעטער־פארטייען, און באזונדערס אויף די לינקע „פועלי־ציון" און דאס שליסן דורך דער מאכט די ארבעטער־היים אין דער שול־גאס, האבן גורם געווען צו דעם מצב.

נאך א געוויסער צייט האבן אייניקע חברים באשלאסן אויפצולעבן די פארטיי. נישט האבנדיק קיין לאקאל האבן זיי זיך פארזאמעלט אין דעם טישלער־ווערקשטאט פון דער משפחה קאניעצפאלער. אויף די הובל־בענק איז אויסגעשפרייט געווארן וויס פאפיר מיט צובייסן, און עס איז דורכגעפירט געווארן א פארזאמלונג מיט דער אנוועזנהייט פון די חבר'טעס און חברים: איטע זילבערשטיין, עטקע קאניעצפאלער, יעקב שמואל האזע, יחיאל טיגער, פישל פאריז. חנן בירנצווייג, גיטל קרויזע, שייקע ראזענבלאט, מרדכי מאשקאוויטש, משה דודקעוויטש, דוד ליפשיץ, פינטשע קאניעצפאלער און ישעיה־בער גאלדבערג.

נאך א לענגערער דיסקוסיע איז באשלאסן געווארן צו גרינדן אין ראדאמסק אן אפטיילונג פון דער געזעלשאפט „אוונט קורסן פאר ארבעטער".

נאך א סך באמיאונגען איז אונדז געלונגען צו דינגען א לאקאל אין דער סטאציע־גאס ביי עמנואל וואלקאוויטש. דער „לאקאל" איז אייגנטלעך געווען א חורבה פון א תבואה־שפייכלער, אן טירן



די פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט „אוונט־קורסן פאר ארבעטער", שטייען פון רעכטס: לייביש מאשקאוויטש, איטע זילבערשטיין, חנן בירנצווייג, עטקע קאניעצפאלער, י. ב. גאלדבערג.
זיצן: פ. קאניעצפאלער, מ. מאשקאוויטש, יחיאל טיגער, מ. דודקעוויטש, יחיאל־מאיר ראזענצווייג.

אָן פענצטער, און אָן אַ פּאָדלאָגע. א. ד. ג. די חברים האָבן אין אַ קורצער צייט אַלץ געבראַכט אין אָרדנונג, און דעם שפּייכלער פאַרוואַנדלט אין א לאָקאַל. אויף די ווענט זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן די פּאָרטרעטן פון ב. באָראָכאָוו, קאַרל מאַרקס, שלום עליכם, י. ל. פּרץ און אַנדערע. ביים אַריינגאַנג האָב איך אויפגעמאָלט אַ שילד „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער״.

אין אַ געווויסן שבת צונאַכט איז ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ גאָר גרויסן עולם אַרבעטער און יוגנט פון אַלע פּאַרטייען, פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפנונג. עס איז דערביי געמאָלדן געוואָרן אַז אין די נאָענטסטע טעג ווערן געעפנט אָוונט־קורסן, מיט אַ פאַרשיידנאַרטיקן לערן־פּראָגראַם. עס איז אויך פאָרגעקומען אַ קינסטלערישער טייל אויסגעפירט פון די חברים און חברטעס. פאַרן שלוס פון פּראָגראַם, האָט עמעצער אויסגעלאָשן די עלעקטריע, און אַ יעוורסעקישע באַנדע האָט זיך אַריינגעריסן און מיט מעסער פאַרווונדעט אייניקע חברים. ווען מען האָט צוריק געמאַכט ליכטיק, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער חבר משה פּשעראָווסקי איז שווער פאַרווונדעט און אַנדערע חברים זענען לייכט פאַרווונדעט געוואָרן. צום גליק האָט די פּאָליציי נישט אויסגעניצט דעם פאַל, כדי צו שליסן דעם לאָקאַל און מיר האָבן געקאָנט פאָרזעצן אונדזער אַרבעט.

די קורסן זענען געוואָרן זייער גוט באַזוכט. די ביבליאָטעק אונטער דער לייטונג פון ח׳ יחיאל טיגער איז פון וואָך צו וואָך געוואָרן רייכער מיט ביכער. אונטער דער לייטונג פון חבר פ. פּאַריז איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישע סעקציע וועלכע האָט געמאַכט אייניקע אויפפירונגען. עס זענען אויך אַיינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן אויף אַלגעמיין־פּאָליטישע און ציוניסטישע טעמעס.

חבר חנן בירנצווייג האָט געשאַפן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען צו וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַ סך אַרבעטער. אויך אַ יוגנט־סעקציע איז געשאַפן געוואָרן.



**דער קאָמיטעט און חברים פון די לינקע „פּועלי ציון״.**

**זיצן (פון רעכטס): ר. האַמפּעל, ש. ראָזענבלאַט, י. ש. האזע, ח. טיגער, העפטלער.**

**צווייטע שורה: פ. פּאריז, מ. מאשקאוויטש, י. באום, — ח. בירענצווייג, א. זילבערשטיין, י. ב. גאָלדבערג, ה. קליינמאַן, מ. ערליך.**

**אויבן: ב. דודקעוויטש, ר. קאָפּעלאוויטש, מ. דודקעוויטש, — ע. פּזשעראווסקי, ג. וולאשטשאַווסקי, עטקע קאַניעצפּאלער, —.**

***

אונדזער פּאַרטיי איז זיך גאָר שטאַרק צעוואַקסן, טראָץ די פּאָליציייִשע שיקאַנעס און אַרעסטן. מען קען דרייסט זאָגן אַז אין אַ געוויסער תקופה איז דאָס געווען די שטאַרקסטע פּאַרטיי פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און פאָלקס־מאַסן. אַ דאַנק דער טיכטיקער אַרבעט האָט די פּאַרטיי אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן און באַקומען 684 שטימען און 2 מאַנדאַטן צום שטאָט־ראַט, ווי אויך אַ לאַווניק (אַ מיטגליד אין דער לייטונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג). דער לאַווניק איז געווען יעקב ש. האַזע* און די ראַטמענער זענען געווען די חברים ש. ראָזענבלאַט און יחיאל טיגער.

דורך אונדזער איניציאַטיוו איז אין יאָר 1926 איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער לינקער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ זומער־קאָלאָניע פאַר יידישע קינדער אין ווישניצע. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אויך באַשטימט סובסידיעס פאַר יידישע ביבליאָטעקן, קינדערהיים און אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס.

אונדזער פראַקציע האָט געשטעלט אויפן סדר־היום פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג די וויכטיקע פראַגע פון באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער און באַאַמטע אין די שטאָטישע אונטערנעמונגען. נאָך אַ גרויסן קאַמף איז דער פונקט ליידער אָפּגעוואָרפן געוואָרן, סיי דורך די פוילישע רעאַקציאָנערע ראַטמענער, סיי פון דער פּ.פּ.ס. (פוילישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי), די לעצטע מיטן מאָטיוו, אַז דאָס קאָן פאַרשטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם. אונדזער פראַקציע האָט ווייטער געפירט דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, און געצוווּנגען די פוילישע אַרבעטער־פאָרשטייער צו שטימען פאַר דעם פאָרשלאַג וועלכער האָט באַקומען אַ מערהייט. אונדזער חבר פישל פּאַריז האָט דאַן באַקומען דעם פּאָסטן פון אַ שלאָסער אין אַ שטאָטישן אַנשטאַלט.

אין דער יידישער קהילה איז אונדזער פּאַרטיי רעפּרעזענטירט געוואָרן דורך חבר פישל פּאַריז.

אַ דאַנק די אָוונט־קורסן, ביבליאָטעק און רעפעראַטן ווי אויך די פּ. צ.־פּרעסע, האָט זיך פּאָפּולער געמאַכט דער באָראָכאָוויסטישער געדאַנק צווישן די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן, באַזונדערס צווישן די אָרעמע און אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ספּאָרט־קלוב „שטערן״ וווּ די יידישע אַרבעטער האָבן באַקומען פיזישע דערציאונג און אַנטיילגענומען אין אַלגעמיינע פאַרמעסטונגען.

אונדזערע ערשטע מאַי־פייערונגען האָבן — טראָץ די פּאָליצייִשע שיקאַנעס — זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן פון שטאָט.

אַזוי האָט דער יידישער אַרבעטער אין ראַדאָמסק, ביז אין די 30ער יאָרן, הויך געטראָגן די פאָן פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטס־פּאַרטיי פּועלי־ציון.

די פּאַרטיי פון לינקע „פּועלי־ציון״ האָט צוגעגעבן א ספּעציעלן פארב־ניואַנס אינעם אלגעמיינעם פילפאַרביקן „בוקיעט״ פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג: דעם ניואַנס פון רויט — בלוי־ווייס אינעם פּראָצעס פון פאַרווירקלעכן די אידעען פון סאָציאַליזם, דעמאָקראַטיע און ציוניזם. אין דעם דאָזיקן נאַטירלעכן דרייעק האָט זיך אין יענער תקופה געפורעמט דאס יידיש פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פוילן און די יידישע ארבעטערשאפט, וואָס האָט געקעמפט פאַר אַ בעסערן און שענערן לעבן אין דער דאָיקייט און פאר א נייעם און שעפערישן לעבן אין ארץ־ישראל, — האָט אין די שורות פון לינקע „פּועלי־ציון״ געפונען אן ענטפער אויף אירע סאָציאַלע און נאַציאָנאלע טרוימען און באגערן.

* אין די שפּעטערע יאָרן איבערגעגאַנגען צום „בונד״.

# דער ראַדאָמסקער „בונד"

אבֿרהם ליטמאַן

דער ראַדאָמסקער „בונד" האָט געהאַט זיין היים אויף דער סטשאַלקאָווסקע־גאַס אין שכנות מיט די „פאַריייניקטע", אינעם „גראָסער־קלוב". דאָרט האָט געראַנדעוועט פון יידישער יוגנט און עס האָט זיך געפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט אין דער פאָרם פון אַרבעטער־קורסן, רעפעראַטן, אַ לייען־זאַל אדג"ל. דער עיקר האָט זיך אָבער דער „בונד" פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, כדי צו קעמפן קעגן דער עקספּלאָאַטאַציע פון די יידישע מאַסן און פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע.

אין יאָר 1921 איז אין לייבל געלבאַרד׳ס הויז אָרגאַניזירט געוואָרן דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די נאָדל־אַרבעטער, וועלכער האָט מיט דער צייט געציילט פיל מיטגלידער. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון פאַריין איז פאָרגעקומען אויף דער קראַקאָווער גאַס 41 און עס האָבן אין איר אָנטייל גענומען אַרום 75 אַרבעטער. די פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע זענען געוואָרן איינגעלאַדן צו דער פאַרזאַמלונג, האָבן רעפּרעזענטירט: פון „בונד" — חיימל איצקאָוויטש, פון די „פאַריייניקטע" — פּנחס קאַלקע און פון די „פּועלי־ציון" — דוד קאָניעצפּאָלער.

דער פאַריין איז געווען אומלעגאַל, ער האָט אָבער מיט מסירות נפש געפירט זיין טעטיקייט. פאָרזיצער איז געווען לייבל געלבאַרד, סעקרעטאַר — יאַמע ווייסבערג. א געוויסע צייט איז אויך געווען פאָרזיצער — מאַלטשע סאַנדאָמירסקי פון „פּועלי־ציון". טעטיק אינעם פאַריין איז אויך געווען פּנחס („פּיניע") קאַלקע. הגם ער — ווי די גאַנצע משפּחה קאַלקע — איז געווען אַ „פאַריייניקטער".

די עקזעקוטיווע פון „בונד" איז באַשטאַנען פון פינף חברים: אבֿנר ירחמיאל, חיים איצקאָוויטש, לייבל געלבאַרד, אבֿרהם דיקערמאַן און הערשל בראַמבערג.

פון די עלטערע „בונדאָווצעס" זענען געווען אַקטיוו די חברים: זקן שרייבער, אַלע באַרדע, מרדכי אהרן רייכער, פישל גערשענאָוויטש, דער געלער שימע, לייזער טאַינסקי, אבֿרהם באַנאַף און פייוול פּישעלעוויטש.

דער „בונד" פלעגט איינאָרדענען לעקציעס מיטן אָנטייל פון די חשובֿסטע פירער, וועלכע זענען געקומען פון טשענסטאָכאָוו, לאָדזש און וואַרשע. ווען אַזאַ לעקציע איז פאָרגעקומען, פלעגט די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ אָנפילן דעם זאַל און ס׳איז געווען אַ גרויסער יום־טובֿ. דער דורשט נאָך וויסן איז געווען גאָר שטאַרק און די טעטיקייט פון „בונד" אויפן קולטור געביט איז געווען גרויס.

דער בונדישער קלוב אין ראַדאָמסק האָט אויך שטאַרק געהאָלפן די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן צוריקגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד נאָך דער ער׳שטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1917. ווען זיי זענען געקומען קיין ראַדאָמסק און געבעטן הילף, האָבן מיר אַליין, אמת, זיי מיט גאָרנישט געקענט העלפן, מיר האָבן אָבער אַרויסגעשיקט דעלעגאַציעס צו די רייכע יידישע בעלי בתים און פאַרלאַנגט פון זיי צו העלפן די וואַנדערער. די דעלעגאַציעס זענען באַשטאַנען פון די חברים ראָזענבערג, איצקאָוויטש און מעדזשינסקי. די דאָזיקע חברים האָבן טאַקע געווירקט אויף אייניקע פון די אינטעליגענטע רייכע בעלי בתים וועלכע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן. דאָס זענען געווען ראָזנבוים, מרדכי גאָלדבערג, פּאַנסקי א"אַ. זיי האָבן אונדז אַריינגעשיקט שפּייז און מיר האָבן געעפנט אַ קיך וווּ די וואַנדערער האָבן באַקומען אַ טעלער זופּ מיט ברויט.

כאָטש דער „בונד" איז אָרגאַניזירט געוואָרן ווי אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטיי וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו קעמפן פאַר סאָציאַליזם, איז ער אָבער געוואָרן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך און אויך אין אונדזער ראַדאָמסק, אַ פאָלקס־באַוועגונג, צו וועלכער עס האָבן געהערט נישט בלויז אַרבעטער, בעלי־מלאכות, נאָר אויך פון מיטל־קלאַס און ספּעציעל די אינטעליגענטע יוגנט, אַפילו פון פאַרמעגלעכע היימען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, צווישן ביידע וועלט־מלחמות (1918־1939), האָט דער „בונד" געשפּילט א באַדייטנדיקע ראָלע אינעם אַלגעמיין־יידישן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און איז געבליבן טריי זיינע עיקרדיקע רעוואָלוציאָנערע אידעען אַלס אַרבעטער־פּאַרטיי. צוגלייך ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, האָט אויך אין ראַדאָמסק דער „בונד" געפירט א וויכטיקן קאַמף פאַרן רעכט און וווילזיין פון די יידישע אַרבעטער און האָראָפּאַשנע מאַסן אין די מלוכהשע, מוניציפּאַלע און יידישע־קהלשע אינסטיטוציעס, פאַר דער אויטאָנאָמיזאַציע פונעם יידישן פאָלקס־לעבן. דער „בונד" האָט זיך ספּעציעל געווידמעט דער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט פון דער אַרבעטער באַוועגונג און אויף דעם געביט האָט ער געדינט אַלס נאַטירלעכער פאַרבינדלער צווישן די יידישע און פּוילישע אַרבעטער.

מיט זיין געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער פאַרצווייגטער טעטיקייט — דורכן פאַרשפּרייטן די „פאָלקס־צייטונג", זשורנאַלן און ביכער פון דער אויסגאַבע „קולטור ליגע", דורך אָרגאַניזירן פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן און „קעסטל־אָוונטן" — האָט דער „בונד" מיטגעווירקט אין דער פּראָגרעסיווער אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכער און־קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די אָפּגעשטאַנענע פאָלקס־מאַסן, פאַר וועלכע דאָס אָפּגעשטאַנענקייט איז צו־יענער־צייט געווען דער גרעסטער שונא זייערער אינעם קאַמף פאַר א בעסערן מאָרגן.

אמת, דעם דאָזיקן „בעסערן מאָרגן" האָבן זיך די יידישע פאָלקס־מאַסן אין פּוילן און אין ראַדאָמסק נישט דערוואַרט. זייער „מאָרגן" איז דערטרונקען געוואָרן אינעם ים פון אומשולדיק בלוט, — וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן דורך די רוצחים־הענקער — די טרעגער פון פאַשיזם און פינצטערן נאַציאָנאַליזם אינעם 20־טן יאָרהונדערט.



„בונד"־עקזעקוטיווע אין יאָר 1921.
פון רעכטס: לייבל געלבאַרד, חיים איצקאָוויטש, חבר אבֿנר, הערשל בראָמבערג, אבֿרהם דיקערמאַן.

# די ציוניסטישע ארבעטער־פּאַרטיי „התאחדות"

## חיים קריינדלער

אין אָנפאַנג פון די צוואָנציקער יאָרן, ווען ס'איז געגרינדעט גע־וואָרן אויף דער היסטאָרישער פּראַגער קאָנפערענץ די ציוניסטישע אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות" מיט א. ד. גורדון און חיים ארלאָזאָראָוו בראש, איז אויך אין אונדזער שטאָט אַנטשטאַנען אַזאַ אָרגאַניזאַציע. אירע גרינדער זענען געווען עטלעכע געוועזענע חברים פון צעירי־ציון: דוד כאשטשעוואַצקי, מאיר וואלקאוויטש, שמואל לאכמאן און חיים קריינדלער. די פּאַרטיי איז געווען די קלענסטע לויט דער צאָל חברים, שוין צוליב דעם פאַקט אַליין וואָס זי איז אַנטשטאַנען די לעצטע אין אַ קליינער שטאָט אין וועלכער עס זענען טעטיק געווען יאָרנלאַנג אַ סך פּאַרטייען. נישט געקוקט דערויף איז „התאחדות" געווען גענוג פּאָפּולער, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די אָרטיקע קרנות (קרן קימת, קרן־היסוד) און אויך געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן אָרטיקן נאַציאָנאַל־פּאָליטישן לעבן. דעם עיקר טראָפּ האָט זי געלייגט אויף דער עטישער זייט פון דער ציוניסטישער אידעע.

אַרום „התאחדות" האָט זיך גרופּירט אַ טייל פון דער ערנסטער יוגנט, וועלכע האָט געגרינדעט אַ שיינע ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון א. ד. גורדון. די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אין אַן אַנטשפּרע־כנדיקן לאָקאַל, אין וועלכן עס זענען פאָרגעקומען פון צייט צו צייט רעפעראַטן, פאַרוויילונגען, אַקאַדעמיעס פאַרן קרן קימת און קרן־היסוד. דער פאָרשטייער פון אונדזער פּאַרטיי אין קרן קימת איז גע־ווען ח' יצחק לאַכמאַן, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך אַקטיווקייט אויפן דאָזיקן געביט.

ווען די פּאַרטיי האָט זיך געמוזט אויס פאַרשידענע סיבות ליק־ווידירן, איז די א. ד. גורדון־ביבליאָטעק איבערגעשיקט געוואָרן קיין רעמבערטאָוו.

אין שפּיץ פון „התאחדות" איז געשטאַנען אַ ועד צו וועלכן עס האָבן געהערט די חברים: אלימלך קליינער, דוד כאשטשעוואצקי, יחיאל מאיר וואלקאוויטש, דוד ערליכמאן,* אסתר שטערנפעלד, מאיר בירנבוים, יהודה זאנדבערג, חיים קריינדלער, אליעזר קאפּלאַן, שמואל לאַכמאַן. צום סניף האָבן געהערט: דב בראנער, דוד נוימאַן, אליהו לאגזשיצקי, יעקב גרושקע, אלי גרושקע, משה יצחק שיטענבערג, יעקב אפּמאן, זאב וואלקאוויטש, שמואל ראָזענצווייג, דוב וויינשטאָק, יעקב זיידמאַן, יעקב פרידבערג, שלמה שאַץ, רפאל דאָמבראָווער, עמנואל דאָמבראָווער, דוד פייערמאַן, פאַניע גאסלאווסקי, איטשע מייטליס, גיטל געלבארד, רחל מאנעלעס.

צוליב דער באַדייטנדער ראָל וואָס זיי האָבן געשפּילט אין ראַ־דאָמסקער נאַציאָנאַל־יידיש לעבן פאַרדינען באַזונדערס דערמאָנט צו ווערן צוויי טוער פון התאחדות: דוד כאשטשעוואצקי און מאיר וואלקאוויטש.

דוד כאשטשעוואצקי איז געווען אַ ייד, אַ בן תורה, אַן איבער־געגעבענער ציוניסט מיט אַ סך שכל און אַ געזונטן פּאָליטישן חוש, אַן אומפּשרותדיקער שונא פון כלערליי נישט אויפריכטיקע קהילה־פאַרזאָרגער, קעגן וועלכע ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט און זיי עקשנותדיק באַקעמפן. מען האָט אים טאַקע צוליב זיין קאָמפּראָמיסלאָזיקייט גערופן „דער ליטווישער עקשן". אין תוך איז ער אָבער געווען אַ גוטהאַרציקער, און טאָמער איז געשען ביי אַ יידן עפּעס אַן אומגליק, האָט ער זיך טיף דערמיט איבערגע־נומען און איז געווען גערירט ממש ביז טרערן.

וועגן זיין פעאיקייט תופס צו זיין די ווירקלעכקייט און אַרויס־ציען די געהעריקע מסקנות, קענען עדות זאָגן די ווערטער מיט וועלכע ער האָט זיך געוואָנדן צו זיינע פריינד, בעת עס איז אַנט־שטאַנען אין ראַדאָמסק דאָס געטאָ: „די דייטשן האָבן באַשלאָסן אונדז צו פאַרניכטן — האָט ער געזאָגט — אונדזער חוב איז צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד, אַוועקלייגן עטלעכע צענדליק דייטשן, שטאַרבן ווי העלדן און נישט לאָזן זיך אויסשחטן ווי לעמער". זיינע ווערטער



אַ גרופּע חברים פון „התאחדות".
שטייען: (פון רעכטס): י. גרושקע, דויד ניימאַן, אלי גרושקע, דויד פייערמאַן, שמואל לאכמאן, אלימלך קליינער.
זיצן: י. זאַנדבערג, מאיר בירנבוים, מ. וואלקאָוויטש, ד"ר טארלא, דויד כאשטשעוואצקי, אלי קאפּלאן, ד. ערליכמאַן.
אונטן: זאב וואלקאוויטש, משה שיטענבערג, א. לאגזשיצקי.



אַ גרופּע חברים פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה".

---

* דערנאָך איבערגעגאַנגען צו די רעוויזיאָניסטן.

זענען לײדער נישט אױפגענומען געװאָרן און ער האָט געטײלט דעם ביטערן גורל פון אונדזערע ראַדאָמסקער ברידער.

מאיר װאָלקאָװיטש איז געװען אַ קנאותדיקער ציוניסט ביז בטלנות. װי אַן אמתער פאָלקסמענטש האָט ער מיט לײב און לעבן זיך געװידמעט דער אַרבעט פאַרן קרן קימת. אַלס מורשה איז ער געװען אַ נקי כפּיים און באַצױגן זיך צו זײן אַרבעט װי צו אַן עבודת הקודש. מיט אַ באַזונדערער פּיעטעט פלעגט ער פאַרטײלן חמשה־עשר בשבט די פײגן און באָקסערס, װאָס זענען צוגעשיקט געװאָרן דורך דער קק״ל־צענטראַלע, פאַר קלײנע קינדער.

װאָס שײך זײן פּאָליטישער אַרבעט איז ער געװען שטאַרק נישט קאָנסעקװענט און מיר זענען פון אים אױסגעשטאַנען אַ סך צרות. װיפל מאָל מיר האָבן מיט אים אַלס מיטרעדאַקטאָר פון דער פּיעטריקאָװער װאָכנבלאַט „אונדזער צײטונג" ענדגילטיק אױסרעדאַקטירט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין װעלכער עס האָט געדאַרפט זײן אַ שאַרפערער אָנגריף אױף אַ פּאָליטישן קעגנער, האָבן מיר שטענדיק געפונען שבת בײם לײענען די אָפּגעדרוקטע קאָרעספּאָנדענץ, װעזנטלעך געענדערט נישט אינעם גײסט פון דעם ערשטן טעקסט.

מאיר איז נפטר געװאָרן עטלעכע יאָר פאַר דער צװײטער װעלט־מלחמה.

אין יאָר 1929 איז געשאַפן געװאָרן אַ סניף פון „גורדוניה", װאָס האָט אַרומגענומען אַ קלײנע צאָל קינדער פון ציוניסטישע עלטערן, װעלכע האָבן געװאָלט געבן זײערע קינדער אַ ציוניסטישע דערציאונג.

מיטן גרינדן די הכשרה־קבוצה אין ראַדאָמסק, װאָס איז באַשטאַנען פון „התאחדות" און „גורדוניה" חברים, האָבן אײניקע חברים פון דער הכשרה זיך איבערגעגעבן דער דערציאונגס־אַרבעט פון אָרטיקן סניף „גורדוניה". עטלעכע חברים פון „גורדוניה" האָבן זוכה געװען עולה צו זײן קײן ישראל.

# די טעטיקייט פאַרן קרן קימת לישראל

## ד. אחי־פנחס

שױן דער 5טער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל אין יאָר 1901, האָט אָפיציעל באַשטעטיקט דעם רעיון פון פּראָפעסאָר הערמאַן שפּירא װעגן דעם קרן קימת לישראל װאָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל אױסצולײזן דעם באָדן אין ארץ־ישראל פון פרעמדע הענט, מיט דער הילף פון שפּענדונגען פון די ברײטע ײדישע פאָלקסמאַסן. אָט דער נאַציאָנאַלער פאָנד, איז שױן אין זײנע ערשטע יאָרן, אַרומגענומען געװאָרן מיט אַ באַזונדער געפיל פון די ײדישע פאָלקס־מאַסן.

אונדזערע מוטערס האָבן די װײס־בלױע פּושקע פון ק.ק.ל. געלאָזט אױפהענגען צוזאַמען מיט דער פּושקע פון „רבי מאיר בעל הנס" און אַ סך פון אונדז, געדענקען נאָך, װי אונדזערע מוטערס האָבן אונדז געשיקט מיט דער פּושקע פון ק.ק.ל. צום עסיק־מאַכער ה' בריל, ער זאָל זי אױסלײדיקן און מיט װאָס פאַר אַ יראת־הכבוד ער האָט דאָס געמאַכט. אָט דאָס געפיל פון אַ ספּעציעלער שליחות, װאָס איז איבערגעגעבן געװאָרן צום פאָלק, האָט באַהערשט די פאָלקס־מאַסן. װער געדענקט נישט די קערות ערב יום־כיפור אין דער שול און בתי מדרשים, אָדער די ק.ק.ל.־זאַמלונגען אױף חתונות און אַנדערע שמחות. אָדער שױן שפּעטער די ק.ק.ל.־מאַרקעס, מיט די בילדער פון ד״ר מאַקס נאָרדאו און אַנדערע.

נאָכן ערשטן װעלט קריג, אין יאָר 1922, װען קײן ראַדאָמסק איז געקומען דער ציוניסטישער עסקן מאיר װאָלקאָװיטש, אַ חבר פון „התאחדות", איז מיט זײן איניציאַטיװ רעאָרגאַניזירט געװאָרן די טעטיקײט פון ק. ק. לישראל אױף מער גרזעלשאַפטלעכע יסודות. טראָץ דעם װאָס עס איז דאַמאָלסט נישט געװען קײן ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אין אײגנטלעכן זין, האָט ער אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט חיים גאָלדבערג, עטלעכע עסקנים, װעלכע האָבן אַקטיװ זיך באַטײליקט אין זאַמלונגען פאַר ק.ק.ל.

ענדע יאָר 1925, האָבן זיך די ח״ח מ. װאָלקאָװיטש און ח' גאָלד־בערג, באַטײליקט אין אַ ראַיאָן־צוזאַמענפאָר אין פּיעטרקאָװ. לױט זײער באַריכט איז אין יאָר 1925 אין ראַדאָמסק געזאַמלט געװאָרן די סומע פון 5.200 זל. װײטער װערט אין באַריכט איבערגעגעבן, אַז די עלטערע ציונים באַטײליקן זיך נישט אין דער אַרבעט און בלױז „התאחדות", „החלוץ" און „פּועלי־ציון" (פאַראײניקט מיט צ. ס.) דערפילן װי געהעריק זײער פליכט.

אין יענער צײט, האָט די ציוניסטישע טעטיקײט אין ראַדאָמסק זיך אָנגעטראָפן אױף גרױסע שװעריקײטן. דער „בלימל"־טאָג פאַרן ק.ק.ל. האָט אַרײנגעבראַכט אַ גאָר קלײנע הכנסה, אַזױ אַז אין דער „ראַדאָמסקער צײטונג" פון 8.9.1926 שרײבט מען װעגן דעם „דער טײװל פײערט זײן נצחון".

ה' װאָלקאָװיטש און זײנע געטרײע מיטאַרבעטער טוען אַלץ כדי װידער אױפצולעבן די טעטיקײט פאַרן קרן קימת. עס װערט געשאַפן אַ „גאולת־הארץ־רינג": יעדער שפּענדער רופט אַרױס אַ צװײטן, אַז אױך ער זאָל שפּענדן פאַרן ק.ק.ל. די נעמען פון די שפּענדער װערן פאַרעפנטלעכט אין דער צײטונג. דער דאָזיקער אױפטו איז געקרױנט געװאָרן מיט אַ גרױסער הצלחה און אַרומגענומען װאָס



דער ועד פון קק״ל אין יאָר 1926.
שורה אױבן (פון רעכטס): ז. װאָלקאָװיטש, ב. מאַרגאַלעװסקי, י. פרידמאַן, י. ראָזענצװײג, א. אָפּמאַן, דױד מאַרגאַלעװסקי.
צװײטע שורה: א. ב. אײזן, י. ליבערמאַן, ח. גאָלדבערג, מ. שיטענבערג.
זיצן: ז. אָפּמאַן, י. זאַנדבערג, — נאמן (שליח פון א״י), מ. װאָלקאָװיטש (מורשה), מאיר בירנבױם.



בעתן אפשליסן אַ „בלימל״־אַקציע פאַרן קק״ל.
שורה אויבן (פון רעכטס): א. לאגזשיצקי, חיה־פעסיע גאָלדבערג, ז. וואָל־קאָוויטש, שמואל ניימאן, חיה זילבערשטיין, יצחק וויינטרעטער, איטע זעלקאָוויטש, שרה פישמאן; צווייטע שורה: —, בוגייסקי—בלום, —, מרים בוים, רוחמה ראָזענצווייג, חנה געלבאַרד, גרושקא; דריטע שורה: אסתר עלבוים, א. ב. אייזן, זיידמאַן, מ. וואלקאָוויטש, חיים גאָלדבערג, העלא פאריז.

אַמאָל אַ גרעסערן קרייז פון דער יידישער באַפעלקערונג. לויט אַ באַריכט אונטערגעשריבן פון מורשה וואלקאָוויטש און מזכיר לאַגזשיצקי, איז די הכנסה אין חודש תמוז 1927 געווען 124.80 זל. די זעלבע אונטערשריפטן באַשטעטיקן, אַז די הכנסה פאַרן יאָר תרפ״ז איז געווען 1,007.80 זל. וואָס ווערט אויך באשטעטיקט דורך דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע פון די עסקנים ב. בראונער און ש. לאַכמאַן. אין מאָנאַט אָקטאָבער 1927, בעת אַ באַזוך פונם דעלעגאַט פון דער ק.ק.ל. צענטראַלע ח. אזרחי, איז אויפן פאָרשלאַג פון ה׳ וואלקאָוויטש און אַנדערע, דאַן געשאַפן געוואָרן — אויפן אָרט פון דער נאַציאָנאַל־פאָנד קאָמיסיע — דער „גדוד קרן קימת לישראל״ אונטער דער לייטונג פון פאָלגענדע חברים: ראש הגדוד וואלקאָוויטש, סגן וואָלף שפירא; קאַסירער יצחק לאַכמאַן; חיים גאָלדבערג און חברה גרונדמאַן. אין דער רעוויזיאָנס קאָמיסיע: ב. בראונער, י. ליבערמאַן, שפרה וויטענבערג און אייכנער. מיטן אַנטשטיין פונם גדוד הנוער האָבן די אַקציעס פאַרן ק.ק.ל. איבערגעשטיגן אַלע דער־וואַרטונגען, טראָץ דעם וואָס אין די קרייזן פון דער עלטערער יידישער באַפעלקערונג, האָט פשוט געהערשט אַן אַנטי־ציוניסטישע שטימונג, אָבער די אונגעהויערע התלהבות פון דער יוגנט, האָט אַלץ איבערוואונדן, און די הכנסות האָבן גענומען שטייגן. שוין אין חודש תשרי תרפ״ח איז אייגנעפלאָסן 73.00 זל.

די „ראַדאָמסקער צייטונג״ פון 23.12.1927 שרייבט אין צוזאַמענ־האַנג מיט דער פאָרשטייענדיקער חנוכה אַקציע: „מיר גלויבן, אַז די שוואַרצע כמאַרעס זענען שוין פאַרביי פונם ראַדאָמסקער הימעל... און די יעניקע פערזאָנען וואָס וועלן באזוכט ווערן דורך די זאַמלער, וועלן מיט פאַרגעניגן דערפילן זייער חוב אַלס יידן, לגבי דעם יידישן פאָלק, און ארץ־ישראל״.

אין יאַנואַר 1928 האָט מ. וואַלקאָוויטש, — צוליב וויכטיקע פערזענלעכע מאָטיוון — רעזיגנירט פון זיין אַמט אַלס מורשה. און בעת׳ן באזוך פון א. ביאַלאָפאָלסקי פון דער צענטראַלע, ווערט געוויילט אַלס מורשה אליהו לאגזשיצקי, אַלס סגן ש. ניימאַן, קאַ־סירער יצחק לאַכמאַן און מזכיר ד. מ. קאָרנבערג. די אינטענסיוויטעט פון דער ארבעט שטייגט אַלץ ווייטער, די מיטגלידער פונעם גדוד ווערן צאָלרייכער.

אַ דאַנק דער אַרבעט פון ק.ק.־עסקנים, לייטערט זיך וואָס אַמאָל מער אויס די אנטי־ציוניסטישע אַטמאָספער, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן דורך די „יורדים״ פון ארץ־ישראל, וואָס זענען געקומען קיין ראַדאָמסק. דאָס ווייזט די הכנסה פאַרן ק.ק.ל. אין חודש תמוז 1928 די סומע פון 170.19 זל. און אין חודש תשרי תרפ״ט די סומע 240.21 זל.

באַזונדערס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין די רשימות פון די צאָלער פיגורירט נאָך אַלץ אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע. מען געפינט אפילו אַ רשימה פון קליינע קינדער מיט נדבות פון... 5 גראָשן, דאָס באַווייזט, ווי טיף די אַגיטאַציע פון די איבערגעגעבענע עסקנים איז אריינגעדרונגען אין באוווסטזיין פון דער יוגנט. פון אַ בלימל־טאָג פאַרן ק.ק. אין מאָנאַט אָקטאָבער 1928 איז שוין דאָס מאָל אַריינגעפלאָסן 105.80 זל.

אין יאַנואַר 1929, ווערט אויף אַ פאַרזאַמלונג — אונטערן פאָרזיץ פון ח׳ כאַשצעוואָצסקי באַשלאָסן, צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיסיע פון עלטערע חברים, וועלכע זאָלן זיך אַקטיוויזירן ביי דער ק. ק. אַרבעט. עס ווערן געוויילט די חברים: כאַשצעוואַצסקי, קריינדלער, ש. לאַכ־מאַן, און וואלקאָוויטש. עס ווערט אויך באַלשאָסן צו פאַרגרעסערן די צאָל פון די ק.ק.ל.־פושקעס און צו אָרגאַניזירן די פרויען אַלס שטענדיקע צאָלערינס פאַרן ק.ק. לישראל.

דאָס פרעזידיום פונם גדוד, נעמענדיק אין אַכט די איבער־געבנקייט פון דער ניי־געשאַפענער יוגנט גרופע און פון דער עקזיסטירנדיקער גרופע, האָט אָנגענומען דעם געוואַגטן באַשלוס צו זאַמלען די סומע פון 1,000 זלאָטעס אין משך פונם חודש תשרי 1929. אין דער „ראַדאָמסקער־צייטונג״ פון 15.11.29 לייענען מיר: „די אָנשטרענגונג פונם גדוד איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. אויף א׳ חשון, זענען די הכנסות אָפגעשלאָסן געוואָרן מיט דער סומע פון 1.001.99 זל.״

ראַדאָמסק נעמט אויך אַנטייל אין דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט פאַרן ק.ק.ל. אינם קרייז. צום צוזאַמענפאָר אין סאָסנאָוויעץ, וועלכער איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1929 איז דעלעגירט געוואָרן חיים גאָלדבערג.

פונם חנוכה־אָוונט אין יאָר 1929, בעת וועלכן עס איז אין קינסטלעריש־מוזיקאַלישן טייל אַרויסגעטראָטן ה׳ נתן אויפמאַן, איז די ריינע הכנסה געווען 200 זל.

אַלס אַנערקענונג פאַר דער שיינער לייסטונג פאַרן קרן קימת פון ראַדאָמסק, באַשליסט די צענטראַלע, איינצואָרדנען דעם 23טן פעברואַר 1930 אין ראַדאָמסק אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ מיטן אַנטייל פון די דעלעגאַטן: א. ביאַלאָפאָלסקי, הרב יעקובסאָן און לאה ווידראָ־וויטש פון דער ארץ־ישראל דעלעגאַציע.

פאַרן כבוד פון די שטעט און שטעטלעך און זייערע עסקנים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער א״ד ראַיאָן־קאָנפערענץ אין ראַדאָמסק און זענען שפּעטער אומגעקומען אין פינצטערן היטלע־ריסטישע גהינום, זאָל מיר דערלויבט זיין צו פאַרצייכנען זייערע נעמען אינם ספר הזכרון פון ראַדאָמסק:

אַפעלשטיין און שיליט — דזשיאַלאָשין; פלאט און גרין — ברעזע־ניצע; ראָזענבלום, טענענבוים, גרינבלאַט און דייטשמאן — פרזעד־באָרזש; כאדא רחל און רייכמאַן — פון קלאבוצק; אונגער — פון טאַמאַשאָוו; קושינסקי, דאַווידאָוויטש און פלאַטאָוויטש — פון סילמערזשיץ; מלינאַרסקי — פון סילעוו; בלושטיין און ראָזענטאַל — פון פיעטרקאָוו; יאַבלאָנסקי, ב. ליפשיץ, און יוכבד ליפשיץ — פון פייענטשנא; גליקסמאַן — פון קלעשטשאָוו; שוסטאַק — פון קרזעפיצע; סאַמבער און פלאוונער — פון בעלכעטאָוו; קאָוואַלסקי, גרויסמאַן, טענענבוים און כאנאוויטש — פון קאַמינסק; קאמוניץ

און פרענק — פון קרזעפיץ; מאראָוויטש — פון גארשקאָוויץ; צוזאַמען מיט אָרטיקע דעלעגאַטן, האָבן אין דער קאָנפערענץ אַנטייל־גענומען 45 דעלעגאַטן. אין ישראל און אין פאַרשידענע אַנדערע לענדער, געפינען זיך אַוודאי אייניקע פון זיי, וואָס האָבן על־פי־נס אויסגעמיטן די מערדערישע אויסראָטונגס־אַקציע. טאָ זאָלן אָט די ווערטער זיין אַ קליינע סאַטיספאַקציע פאַר זייער איבער־געגעבענער אַרבעט לטובת אונדזער אַלט־נייער מדינת ישראל. און פאַר יענע טייערע עסקנים, וואָס האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל פון זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער פון ראַדאָמסק זאָלן די ווערטער זיין אַ בינטל „נישט־פאַרגעס־מיך״־בלומען אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים...

די „ראַדאָמסקער־צייטונג״ פון 28.2.1930 שרייבט אויספירלעך וועגן דער קאָנפערענץ און וואָס פאַר אַן אימפּאָזאַנטע ארץ־ישראל־מאַניפעסטאַציע זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. איבער 500 יידן פון ראַדאָמסק האָבן בייגעוווינט די פאַרהאַנדלונגען און רעפעראַטן. אָבער ביז גאָר אינטערעסאַנט זענען די באַגריסונגען וועלכע ווייזן ווי דער ק.ק.ל. און זיינע איבערגעגעבענע עסקנים האָבן ענדלעך אָבגערייניקט די אַנטי־ציוניסטישע שטימונג אין ראַדאָמסק. אינם נאָמען פון סוחרים־פאַריין, האָט באַגריסט ר. נייקראָן, וועלכער האָט צוגעזאָגט מאַטעריעלע אונטערשטיצונג פאַרן ק.ק.ל. פון די קליינ־הענדלער האָט באַגריסט מ. בערגער וועלכער האָט דערקלערט: „דער ציוניזם לעבט ווידער אין ראַדאָמסק. אויב ביז איצט האָט ער זיך געפונען אין אַ לעטארגישן שלאָף, איז עס נאָר געווען דערפאַר, ווייל עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אים אויפוועקן״.

ח. קריינדלער („התאחדות״) האָט געזאָגט: „אויב די צענטראַלע פון ק.ק.ל. האָט באַשלאָסן איינצואָרדנען די קאָנפערענץ אין ראַ־דאָמסק, איז עס אַ באַווייז אַז, ראַדאָמסק שטייט אויף דער געהערי־קער הויך מיט איר טעטיקייט פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן פאָנד. עס דערמאָנט יענע צייטן, ווען אין ראַדאָמסק האָט כמעט נאָר די „התאחדות״ אויפגעהאַלטן די אַרבעט פארן ק.ק. לישראל. מיט גרויס צופרידנקייט שטעל איך פעסט, אַז עס קומען יידן אַליין בעטן פושקעס פון ק.ק.ל.״.

חיים גאָלדבערג (פ״צ־צ״ס) האָט אין באַריכט פון ראַדאָמסק, גע־זאָגט: „נאָך דעם יאָר תרפ״ה, ווען די הכנסה פון ק.ק. האָט באַטראָפן 7.000 זל. איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן — צוזאַמען מיט דער „ירידה״ פון די עולים — אויך געקומען די שטאַרקע ירידה פון די הכנסות פאַרן ק.ק.ל. נאָר אַדאַנק דער איבערגעגעבענער ציוניסטישער יוגנט, און דעם געשאַפענעם גדוד, האָט ווידער אויפגעלעבט די טעטיקייט, פאַרן ק.ק.ל.״.

פאַרן יאָר תר״ץ האָט די צענטראַלע באַשטימט פאַר ראַדאָמסק די סומע פון 5.000 זל. די גאַנצע סומע איז געדעקט געוואָרן.

כ׳ תמוז איז פאָרגעקומען די הרצל־אַקאַדעמיע מיטן אַנטייל פון ד״ר יצחק שיפּער פון וואַרשע, אויף וועלכער עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער עליה־גזירה.

אין חודש יולי 1930 איז דערהאַלטן געוואָרן פונם הויפּט־ביוראָ פון קק״ל אין ירושלים, דער דיפּלאָם וועגן איינשרייבן אין ספר־הזהב דעם חבר אפרים טשיזשיק, וואָס איז געפאַלן בעת די געשעענישן אין ארץ־ישראל. די איינשרייבונג איז געמאַכט געוואָרן דורך דעם גדוד ק.ק. אין ראַדאָמסק. די אויפשריפט אויף דעם דיפּלאָם לויטעט: „אפרים טשיזשיק ז״ל מגבורי ההגנה העברית בארץ־ישראל, נפל על משמר ההגנה בחולדה במאורעות אב תרפ״ט. נרשם ע״י הגדוד של הקרן הקימת לישראל בראַדומסק (פולין)״. אונטערשריפט: מנחם אוסישקין.

אין דער לעצטער צייט, האָט מיט דעם גדוד אָנגעפירט ה. כאַשצעוואַצסקי, אויפן פלאַץ פון ה. לאגזשיצקי, וועלכער האָט פאַר־לאָזט זיין אַמט. אין סעפּטעמבער 1930 איז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פונם גדוד ,אונטערן פאָרזיץ פון ח. גאָלדבערג, אויסגע־וויילט געוואָרן פאָלגענדע פאַרוואַלטונג: וואָלקאָוויטש, האַרטמאַן, גאָלדבערג, אייזן, אייכנער, קאָרנבערג, מילא גאָלדבערג, לאַכמאַן, גאָרפינקל, י. ליבערמאַן, מ. בירנבוים און חברה גיטלער.

יאַנואַר 1931, איז דעלעגירט געוואָרן קיין ראַדאָמסק ד״ר א. ש. יוריס, פונם הויפּט־ביוראָ פון ק.ק.ל. אין ירושלים. דער באַזוך האָט באַזונדערס מיטגעווירקט, אויסצובררייטערן די טעטיקייט פאַרן ק. ק. ל.



די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פאַרן קק״ל אין יאָר 1930.

שורה אויבן (פון רעכטס): א. פייערמאַן, ר. גיטלר, מ. פייערמאַן, ד. הארטמאַן, ב. רובין, ש. זילבערבערג, ש. בלומשטיין, נ. מאַרקאָוויטש, ג. בלומשטיין.
צווייטע שורה: א. אייכנער, צ. גיטלער, ל. גרונדמאַן, י. ראָזענבוים, ש. האַרטמאַן, מ. שפירא, סעטשעמסקא, מ. רובין, ש. פייערמאַן, ד. אייכנער, ה. גראָסמאַן.
דריטע שורה: ש. האַמפעל, ח. האַרטמאַן, מ. באנקער, מ. גאָלדבערג, מ. וואָלקאָוויטש, ראטענבערג, י. ראָזענבוים, ד. מ. קארענבערג, יצחק לאַכמאַן.
זיצן: פ. סאָבאל, ר .שפירא, ר. בוגייסקי, פ. גאסלאווסקי, א. ווארשאווסקי, ג. יאקובאוויטש.



בעת אַ כינוס פאַרן קק״ל (אין קאמינסק).
אויבן (פון לינקס): חיים גאָלדבערג, מ. וואָלקאָוויטש, א. ביאַלאָפּאָלסקי



די עסקנים פאַרן קק"ל, בעתן געזעגענען דעם חבר יהודה ליבערמאַן, פאַר זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל (8־טן מאי 1933).
שורה אויבן (פון רעכטס): ד. מ. קאַרענבערג, יצחק קופערשטאַק, דניאל אייכנער, מילא גאָלדבערג, מאַניע שפּירא, ר. ביאַליסטאָק, יעקב אייכנער, לייבל שמואלאָוויטש.
צווייטע שורה: יחזקאל סקורניצקי, יאַדזיא שמואלאָוויטש, אבנר גורפינקל, יהודה ליבערמאַן, חיים האַרטמאַן, —, רפאל ראַפּאַפּאָרט; אונטן: ב. קריוויס, —, א. גליקסמאַן, וואַרשאַווסקי, גראַסמאַן.

צום 70־יעריקן געבוירן־טאָג פונם גרויסן נאַציאָנאַלן מנהיג נחום סאָקאָלאָוו, האָט דער גדוד ק.ק.ל. אין ראַדאָמסק באַשלאָסן זאַמלען טעלעגראַמעס מיט אונטערשריפטן פון דער ראַדאָמסקער יידישער באַפעלקערונג, איינבינדן זיי אין אַ פּראַכט־באַנד און איבערשיקן דעם חשובן יובילאַנט — דורך דער פאַרמיטלונג פון ק. ק. ל. צענטראַלע — אַלס מתנה פון די ראַדאָמסקער יידן.

אין יולי 1931, מעלדעט די „ראַדאָמסקער־צייטונג" וועגן דעם, אַז די פּאָליציי האָט איבערגעריסן אין מיטן א הערצל־אַקאַדעמיע איינגעאָרדנט דורך דעם גדוד.

אין אויגוסט 1931 איז אין דער שטאָטישער שול, איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן ק.ק.ל. אַן אזכרה נאָך די געפאַלענע העלדן אין ארץ־ישראל פאַר די לעצטע 2 יאָר — מיט דער באַטייליקונג פון ח' פּויגעלמאַן פון דער צענטראַלע. דער גדוד האָט אויך באַשלאָסן, אַז די תשרי־אַקציע פאַרן ק.ק. לישראל אין יאָר 1931 זאָל געפירט ווערן אונטער דער לאָזונג „30 יאָר קרן קימת לישראל" (1901—1931).

אַן איִנטערעסאַנטער צוזאַמענשטעל פון די הכנסות פאַר די יאָרן 1925—1930, ווייזט אַן זייער בולט אויף די ציוניסטישע שטימונגען אין ראַדאָמסק: יאָר תרפ"ה, איינקונפט — 5.926 זל.; תרפ"ו — 2.707 זל.; תרפ"ז (אַ „רינג") — 966 זל.; תרפ"ח — 701 זל.; תרפ"ט — 960 זל.; תר"ץ — 5.462 זל.; ס"ה — 15.992 זלאָטעס.

אין די ערשטע 4 חדשים פונעם יאָר תרצ"א, איז געווען ריינע הכנסה 1.175.58 זל.

אין יולי 1931 האָט דער פאַרדינסטפולער ציוניסטישער עסקן מ. וואָלקאָוויטש פאַרלאָזט די לייטונג פון ק.ק.ל. און אויף זיין פּלאַץ ווערט געוויילט אַ פּרעזידיום פון 3 חברים אַלס הנהלה פון ק.ק.ל. אין צוזאַמענשטעל פון: יצחק לאַכמאַן, חיים האַרטמאַן און שמואל ניימאַן.

אין די יאָרן 1932—1933 איז דאָס פּרעזידיום פון ק.ק.ל. באַשטאַנען פון די חברים: יהודה ליבערמאַן (אין ישראל), אבנר גאָרפינקעל און חיים האַרטמאַן. די לעצטע צוויי עסקנים זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מערדערס.

אין די לעצטע יאָרן, איז ווען די עקאָנאָמישע לאַגע פונם פּוילישן יידנטום בכלל און ראַדאָמסקער בפרט, געוואָרן ערגער. היטלערס קומען צו דער מאַכט, האָט זייער שטאַרק באַאיינפלוסט די פּוילישע אַנטיסעמיטן (מיטן „אזאָן" אין דער שפּיץ) צו פאַרשטאַרקן די אַנטי־יידישע פּאָליטיק, ווי באָיקאָט, עקסצעסן א.ד.ג. נאַטירלעך זענען אויך די הכנסות פון ק.ק.ל. געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַכער.

מיטן פאַרעפנטלעכן אינם יזכור־ספר אָט דעם אַרטיקל וועגן דער אַרבעט פונם ק. ק. ל. אין ראַדאָמסק און זייערע עסקנים, ווילן מיר באַווייזן, וואָס פאַר אַ שיין בלאַט די ראַדאָמסקער יוגנט האָט פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון ציוניסטישן אידעאַל.

# די „אגודת ישראל"

## יעקב עלבוים

דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום אין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַרן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה בעת דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע, אין דער אַזוי גערופענער „אגודת האורטודוקסים". אַזאַ „אגודת האורטודוקסים" לויטן מוסטער פון וואַרשע און אַנדערע שטעט איז אַנטשטאַנען אויך אין ראַדאָמסק. ענדגילטיק קריסטאַליזירט האָט זיך די אָרגאַניזאַציע פון פרומען יידנטום ערשט מיטן אַנטשטיין פון פּוילן אין יאָר 1918. אויפגערופן און בראַשורן געהתמעט דורך די גדולי התורה, רביים און רבנים רופן די רעליגיעזע יידן אַנצושליסן זיך אַן דער „אגודת שלומי אמוני ישראל". אונטערן איינפלוס פון רעליגיעזע עסקנים וואָס זייערע שריט האָבן אויך אָנגעשפּאַרט אין ראַדאָמסק איז דאָ אַנטשטאַנען די אָרגאַניזאַציע.

אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געשטעלט די חשובסטע רעליגיעזע יידן פון שטאָט און צווישן זיי: דער ראַדאָמסקער רב הרב ראַבינאָוויטש, דער אַמשינאָווער רבי ר' אברהמעלע, הרב זעלוער, הרב בוקי, ר' י. מ. אייבעשיץ, ח. ש. קראַקאָווסקי, י. י. זעליגזאָן, ד. י. זינגער, אַ. גראַסמאַן, מ. לאַכמאַן, י. ד. פּייטלאָוויטש, נ. אייבעשיץ, י. שפּירא, ע. פּיללער, ל. דונסקי, ב. גאַנשעראָוויטש, שו"ב י. פּאַזנאַנסקי, שו"ב י. י. באַטשאַן, ל. דאַנקעוויטש, י. פּייערמאַן, ח. זעלוער, מ. עלבוים, ד. ל. פּייערמאַן, י. בערגער, ז. גאָלדבערג א"אַ.

דער צייטווייליקער קאָמיטעט פון דער אגודת שלומי אמוני ישראל פאַרמעסט זיך אויף גרויסע מעשים, דער עיקר אָבער ווייל מען צוציען די יוגנט וועלכע רייסט זיך צום לעבן. בעת די פאַרשידענע פּאַרטייען פירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט, גרינדן ביבליאָטעקן, פאַרשפּרייטן פּרעסע אדג"ל איז ביי די רעליגיעזע יידן אַלץ פאַרנאַכלעסיקט און מען מוז אָנהויבן פון סאַמע אָנפאַנג. דער צייטווייליקער קאָמיטעט טרעט צו מיט גרויס התלהבות צו זיין אַרבעט. עס ווערט צונויפגערופן אַ גרויסע אסיפה פון פאַרשטייער פון די שטיבלעך און מנינים ווי אויך פון חשובע שטאָטישע בעלי־בתים און מען לייענט פאַר דעם קול

קורא פון די רביים און רבנים. די פאַרזאַמלטע שליסן זיך אָן אינעם רוף און ס'ווערט באַשלאָסן צו דעלעגירן צו יעדן מנין און שטיבל עסקנים און רעדנער בכדי צו אָרגאַניזירן די רעליגיעזע יידן אין דער אגודת שלומי אמוני ישראל.

די שליחים זענען אויפגענומען געוואָרן אומעטום מיט גרויס התלהבות און ספּעציעל דורך דער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צום געזעלשאַפטלעכן לעבן. צו יענער צייט איז פאָרגעקומען אין וואַרשע די ערשטע קאָנפערענץ פון אָרגאַניזירטן אָרטאָדאָקסישן יידנטום, אין וועלכער עס האָט אויך אָנטייל גענומען אַ דעלעגאַציע פון עטלעכע ראַדאָמסקער יוגנטלעכע. די קאָנפערענץ האָט געענדערט דעם נאָמען פון „שלומי אמוני ישראל" אויף „אגודת ישראל".

נאָך דער דערמאָנטער וואַרשעווער קאָנפערענץ, איז די ראַדאָמסקער אָרגאַניזאַציע רעאָרגאַניזירט געוואָרן, עס איז געוואָרן אויסגעוויילט אַ סטאַבילער קאָמיטעט אין וועלכן עס איז אַריין דער רוב פון די אויבן דערמאָנטע עסקנים און בעלי־בתים און אייניקע נייע ווי: ר' י. גראַנאַט, ח. ראַפּאָפּאָרט, י. שטאהל, מ. פּישהאָף, ד. בלאַגער, וו. פראַנק.

גלייכצייטיק איז אַנטשטאַנען אויך אַ שטאַרקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיט די פאָלגנדיקע יוגנטלעכע עסקנים אין דער שפּיץ: הרב נ. ראַבינאָוויטש, ד. קראַקאָווסקי, י. ב. פּישהאָף, ז. זעליגמאַן, ל. ליטמאַנאָוויטש, מ. וואָלהענדלער, י. דונסקי, ש. א. קופּערשטאָך, א. ראָזענצווייג, א. זעלווער י. זאַנדבערג א"אַ. און פון די לעבן געבליבענע דאַרפן דערמאָנט ווערן אייניקע עסקנים וואָס געפינען זיך היינט אין ישראל און זענען אויך דאָ טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, ווי הרב באַרנשטיין, ה. ליבערמאַן (אין ירושלים), י. אַלבערט, י. עלבוים, י. באַזשיקאָווסקי (אין תל־אביב).

מיט דעם וווּקס פון דער אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן די פרויען־אָרגאַניזאַציע „בנות אגודת ישראל" און אַ רעליגיעזע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „פועלי אגודת ישראל", יעדע מיט אַ באַזונדערע פאַרוואַלטונג אין דער שפּיץ.

די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט אַ שטאַרקע טעטיקייט: יעדע אויף איר געביט. די ראַדאָמסקער אגודת ישראל האָט געשיקט דעלעגאַטן צו פאַרשידענע קאָנפערענצן און זיצונגען פון צ. ק. אין וואַרשע ווי אויך צו דער כנסיה הגדולה אין ווין און אין מאַריענבאַד (הרב ראַבינאָוויטש, ראַדאָמסקער רב, ה. ש. קראַקאָווסקי, י. בערגער א"אַ).

## חינוך און קולטור

היות ווי גלייך נאָך דער מלחמה איז דאָס עם־הארצות געווען גרויס, דער חינוך איז געווען צוריקגעשטאַנען און יעטוועדע פּאַרטיי האָט זיך באַמיט צוציען צו זיך דעם אונטערוואַקסנדיקן דור, האָט די אגודת ישראל נישט געקענט שטיין פונדערווייטנס און האָט זיך גענומען מיט דעם גאַנצן חסידישן ברען צו אָרגאַניזירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע חינוך־נעץ פאַר ייִנגלעך און מיידלעך, בכדי צו דערציען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן דור.

עס איז איינגעלאַדן געוואָרן קיין ראַדאָמסק דער באַקאַנטער אָרטאָדאָקסישער עסקן אויפן חינוך־געביט, אלכסנדר־זישיע פרידמאַן פון וואַרשע, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן צו שאַפן אויפן אָרט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר ענינים פון חינוך. די קאָמיסיע איז תיכף צוגעטרעטן צו זאַמלען געלט, געדונגען אַ גרויסע דירה און אין ראַדאָמסק איז געעפנט געוואָרן דער ערשטער מאָדערנער געזעלשאַפטלעך־רעליגיעזער בית־ספר פאַר ייִנגלעך „יסודי תורה". די שמחה אין שטאָט איז געווען אין לשער, ווייל צום ערשטן מאָל איז אין ראַדאָמסק אַנטשטאַנען אַ מאָדערנער רעליגיעזער חינוך מוסד, מיט באַקוועמע צימערן, אין וועלכן עס האָבן געלערנט די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפטן פאַר לימודי קודש און לימודי חול מיט דעם מנהל ה' ברומער אין דער שפּיץ. דער מוסד האָט טאַקע אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל טאַלאַנטירטע תלמידים.

אויך האָט די אגודת ישראל געעפנט אין פאַרשידענע פּונקטן פון שטאָט שעורי ערב ושבת, ווו עס איז געלערנט געוואָרן דער דף היומי, דינים אדג"ל דורך דעם הרב זעלווער, הרב בוקי, י. ל. דונסקי, ה. ש. קראַקאָווסקי, ד. י. זינגער, הרב ראַבינאָוויטש א"אַ. ביים ענדיקן אַ מסכתא זענען איינגעאָרדנט געוואָרן עפנטלעכע פאַראַנשטאַלטונגען און מסיבות. צו איינעם אַזאַ סיום איז ספּעציעל פאַרבעטן געוואָרן דער שעפער פונעם דף יומי, דער לובלינער רב הרב שפּירא זצ"ל. שווער צו שילדערן דעם רושם וואָס דער אַרויסטריט פון לובלינער רב האָט אַרויסגערופן אין שטאָט. די שול איז געווען איבערפולט פון מענער און פרויען פון אַלע שיכטן אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי. מיט זיינע פלאַמיקע ווערטער האָט הרב שפּירא צוגעשמידט אַלע צוהערער, און זיין אַרויסטריט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גראַנדיעזע מאַניפעסטאַציע פאַר אַ פאַרשטאַרקטער אגודיסטישער באַוועגונג בכלל און פאַר דעם אָרטאָדאָקסישן חינוך בפרט.

די אגודת ישראל האָט אָבער געזאָרגט נישט בלויז פאַר ייִנגלעך, עס איז אויך געזאָרגט געוואָרן פאַר די טעכטער, די צוקונפטיקע מאַמעס. עס איז איינגעלאַדן געוואָרן דער באַקאַנטער „בית יעקב" עסקן, ר' א. ג. פרידענזאָן פון לאָדזש, וועלכער האָט אויפגעקלערט די וויכטיקייט פונעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן שולוועזן פאַר מיידלעך א. נ. „בית יעקב". זיינע רעפעראַטן האָבן געהאַט די געהעריקע פעולה און אין ראַדאָמסק איז געגרינדעט געוואָרן אַ „בית־יעקב"־שול מיט די בעסטע לערער קרעפטן, אבסאָלווענטינס פון קראַקאָווער „בית יעקב" סעמינאַר. אין דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער „בית יעקב" שול האָט אָנטייל גענומען די שעפערין פון דעם בית יעקב שולוועזן, שרה שענירער. די פייערלעכקייט איז פאָרגעקומען אין שטאָטישן טעאַטער וואָס איז געווען איבערפולט. די „בית יעקב" שול האָט דערצויגן אַ דור מיידלעך אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גייסט.

די ראַדאָמסקער אגודת ישראל האָט אויך געזאָרגט פאַר פאַרשפּרייטן די אָרטאָדאָקסישע פרעסע, זשורנאַלן און פאַרשידענע אויסגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע און צוזאַמען מיט דער פּיעטריקאָווער אגודה אַרויסגעגעבן אַ וואָכנצייטונג אונטער דער רעדאַקציע פון באַוווסטן וואַרשעווער פּובליציסט און רעדאַקטאָר א. ב. עקערמאַן. רעדאַקטאָר פון דער ראַדאָמסקער אָפּטיילונג אינעם דאָזיקן וואָכנבלאַט איז געווען י. עלבוים.

נאָכדעם ווי דער לובלינער רב האָט פּראָקלאַמירט דעם דף־יומי־גראָשן (איינצאָלן יעדן טאָג אַ גראָשן פאַר יעדן אָפּגעלערנטן דף־יומי) איז געשאַפן געוואָרן אויך אין ראַדאָמסק אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר דער „ישיבת חכמי לובלין" וועלכע האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַלע אַקציעס לטובת דער ישיבה, ווי פאַרטיילן פּושקעס, פאַרקויף פון ציגל, אותיות אין דער ספר תורה וואָס איז געשריבן געוואָרן א"אַ.

## די פּאָליטישע טעטיקייט

אין פּוילן האָט זיך צו יענער צייט געפירט אַ לעבעדיקע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, עס זענען פאָרגעקומען וואַלן צום סיים, סענאַט, צו די שטאָטראַטן און קהילות. אויך אויף דעם געביט איז די אגודת־ישראל נישט געבליבן הינטערשטעליק. צו די סיים־און סענאַט־וואַלן איז זי געגאַנגען געאייניקט מיטן אַלגעמיין יידיש־בירגערלעכן כלל און אַדאַנק איר מיטאַרבעט האָט זי געהאָלפן אַריינפירן אין די פּוילישע געזעצגעבערישע אינסטאַנצן די מאַקסימאַלע צאָל יידישע פאַרטרעטער. צו די שטאָטראַט־וואַלן איז די אגודה געגאַנגען אַמאָל זעלבסטשטענדיק, אַמאָל פאַראייניקט



די אָרגאַניזאַציע „בנות אגודת ישראל“.
ערשטע שורה אויבן (פון רעכטס): לאה גראָסמאַן, הינדע ראָזענפעלד, רות בעסער, דאָבע דאַנקאָוויטש, חנה אָפּמאַן, —, תמר רייכמאַן, אסתר גאָלדבערג, חיה ראָזענפעלד, בלומע זעמעל, זיידמן, חיה פּאַקטאָר, —, לאַנדאו, —, רחל שימקאָוויטש.
צווייטע שורה: לאה בלאגער, דאָבע ווערטהיים, שרה זילבערשטיין, ראָזע פּייערמאַן, זאסיע ראָזענבלום, חנה פישעלעוויטש, העניע ראַפּפּאָרט, דבורה ערליך, זאסיע טיבערג, רבקה גאָלדבערג, שרה פריילין, רבקה ראַזענצווייג, רות לוריא, ערשקאָוויטש, רוזשקא קופּערשטאָך.
דריטע שורה: פייגע בלאגער, פּערל נאַנבערג, ציפּע לוטקעוויטש, רעגינא גאָלדבערג, פייגע פראַנק, שרה בוכנער (לערערין), לאה טענענבוים (לערערין), אדזיא וואלהענדלער, (אינסטרוקטאָרין), פרידא וורוצלאַווסקי, גיטע פראַנק, חנה מייטליץ.
פערטע שורה. —, דאָבע כהן, זלאַטע מאָשקאָוויטש, חנה וויצנבלאַט, דינה אייבעשיץ, הינדע קאַמלגאָרן, בלומע זעמעל, גוטע גאָלדבערג, ראָזע פּייערמאַן, פּערל עלנבערג, בראָניא טאָביאַזש.
אונטן: מינדל וורוצלאַווסקי טובה ראָזענצווייג, רחל עלנבערג, בעלא שייע, מלכה פּייערמאַן, —, מינדל אוקראַנט, יוכבד קאַצאָוויטש, שרה אייבעשיץ.

מיט אַנדערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, אָפּהענגיק פון פאַרשידענע אָביעקטיווע פאַרהעלטענישן.

די פאַרטרעטער פון אגודת־ישראל אין שטאָטראַט (אין די פאַרשידענע קאַדענצן) זענען געווען: י. שפּירא, ע. פּילהער, א. גראָסמאַן, ד. בוגאַיסקי, י. בערגער א"אַ. זיי האָבן מיט שטאָלץ און כבוד פאַרטראָטן די אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן און ספּעציעל פאַרטיידיקט די יידישע רעליגיעזע ענינים און אַדאַנק זייערע באַמיונגען איז געלונגען צו באַקומען פון מאַגיסטראַט סובסידיעס פאַר פאַרשידענע אַלגעמיינע מוסדות, דערונטער אויך רעליגיעזע.

אַ באַזונדער שטאַרקע טעטיקייט האָט געפירט די „אגודת ישראל“ בעת די קהילה־וואַלן, ווען זי האָט זיך געהאַט צו פאַרמעסטן מיט אַנדערע יידישע פאַרטייען. דער עיקר קאַמף האָט זיך געפירט, צי דאַרף די קהילה טראָגן אַ וועלטלעך־נאַציאָנאַלן אָדער אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. פאַרשטייט זיך, אַז די אגודה איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די קהילה דאַרף זיין אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע און האָט געפירט אַן אומפשרותדיקן קאַמף כדי צו באַקומען אַ וואָס גרעסערע פאַרטרעטערשאַפט אין איר. דער אגודה איז געלונגען צו פאַרייניקן אין ראַדאָמסק אַלע רעליגיעזע יידן כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל און זי האָט אַריינגעפירט אין דער קהילה (אינעם ראַט און פאַרוואַלטונג) די באַוווסטע עסקנים: **ה. ש. קראַקאָווסקי, א. גראַסמאַן, י. ד. פּייטלאָוויטש, ז. גאָלדבערג, י. ה. טיגער, ב. גאַנשעראָוויטש, ד. ל. פּייערמאַן, ד. י. זינגער, י. י. זעליגמאַן, ל. דאַנקאָוויטש, י. בערגער, וואָלף פרענק, משה וויינרייך, דוד ראַפּאָפּאָרט** א"אַ.

דער פאַרייניקטער רעליגיעזער פראָנט האָט טאַקע דערגרייכט אַ נצחון און באַוויזן אַריינצופירן אַ מערהייט אין די קהילה־אינסטאַנצן, וואָס עס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אַ סך אויפצוטון לטובת דער יידישער באַפעלקערונג און באַזונדערס אויפן רעליגיעזן געביט.

## ארץ־ישראל

די אגודה האָט אויך געפירט אַ טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל, אַדורכגעפירט פאַרשידענע אַקציעס און געלט־זאַמלונגען לטובת דעם אגודיסטישן ארץ־ישראל־פאָנד „קרן הישוב“ אדג"ל. בעת דעם מיליאָן־קאַמפּיין פאַרן „קרן הישוב“ זענען אַראָפּגעקומען קיין ראַדאָמסק דער באַוווסטער סענאַטאָר א. מענדעלסאָן און דער באַקאַנטער לאָדזשער גרויס־אינדוסטריעלער י. וואַידיסלאַווסקי. אין שטאָט איז געוויילט געוואָרן אַ פאַראייניקטע „קרן־הישוב“־קאָמיטעט פון אגודת ישראל, צעירי אגודת ישראל, און פּועלי אגודת־ישראל מיט י. עלבוים אַלס מורשה. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט לטובת ארץ־ישראל, ווי אַקציעס, געלט־זאַמלונגען אדג"ל.

מיט דעם וווּקס פון דער אַלגעמיין חלוצישער באַוועגונג, האָט זיך געלאָזט פילן אויך אין די רייען פון דער אגודת ישראל אַ דראַנג נאָך ארץ־ישראל, ספּעציעל צווישן דער יוגנט. עס זענען דעריבער אַנטשטאַנען פאַרשידענע הכשרה פּונקטן פון דער אגודה, צעירי אגודת־ישראל און פּועלי אגודת־ישראל, ווו די חברים האָבן זיך מכשיר געווען ביי פאַרשידענע אַרבעטן צו דער עליה קיין ארץ־ישראל און שפּעטער עולה געווען אויפן חשבון פון די צוגעטיילטע פאַר אגודת־ישראל סערטיפיקאַטן.

אויך צווישן די עלטערע חברים פון דער אגודה איז געוואָקסן די שטרעבונג עולה צו זיין, וואָס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך די פילמאָליקע נסיעות פון גערער רבין קיין ארץ־ישראל. נאָך יעדע אַזאַ נסיעה איז געקומען צו אַן התעוררות צווישן די ראַדאָמסקער אגודה־חברים און סתם רעליגיעזע יידן. עס האָבן דאַן עולה געווען הרב ש. בארנשטיין (יו"ר פון צעירי אגודת־ישראל), י. אלבערט, ה. ל. ליבערמאַן מיט זיינע עלטערן און ברודער, י. באזשיקאָווסקי, מ. קירש, י. א. ראזענצווייג, מ. ב. לעהמאַן, י. טראהן א"אַ.

## פילאַנטראָפּישע אוןווירטשאַפטלעכע טעטיקייט

די אגודה האָט געפירט אַן אינטענסיווע פילאַנטראָפּישע טעטיקייט. זי האָט אַדורכגעפירט פאַרשידענע אַקציעס און זאַמלונגען כדי צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע חברים, עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ גמילות־חסדים־קאַסע, וועלכע האָט פאַרטיילט קליינע אָנפּראָצענטיקע הלוואות. פון אַ באַזונדערער וויכטיקייט איז געווען די אגודה־באַנק אין שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען י. בערגער אַלס דירעקטאָר. די באַנק האָט אַדורכגעפירט פאַרשידענע האַנדלס־און געלט־אָפּעראַציעס, געגעבן גרעסערע הלוואות סוחרים און בעלי־מלאכות.

*

סיי די אגודה און סיי אירע באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, ווי צעירי אגודת ישראל, פּועלי אגודת ישראל, האָבן געפירט אין שטאָט אַ שטאַרק פאַרצווייגטע קולטור־און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. די „בנות יעקב“ זענען געווען טעטיק אויפן געביט פון חינוך־וועזן. אין שפּיץ פון ספּעציעלן קאָמיטעט פאַר דער „בית־יעקב“ שול איז געשטאַנען **הרבנית ראבינאָוויטש, הרבנית קאליש, הרבנית שפּירא** און די פרויען: **בערגער, פישמאַן, קראַקאָווסקי, אייבעשיץ, באַטשאַן, פרענק, זעליגמאַן** א"אַ.

# די אלגעמיינע ציוניסטן און „הנוער הציוני”

## יששכר מינסקי

סוף צוואָנציקער יאָרן האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָמסק נישט אַרויסגעוויזן כמעט אינגאַנצן קיין אַקטיווקייט. אין דער פעסטונג פון דער אָרגאַניזאַציע, אין דעם א״ג „בית־יעקב” שולעכ׳ל, זענען פאַרבליבן בלויז די נדרים פאַרן קק״ל און די טראַדיציאָנעלע כ׳ תמוז־אזכרות.

פונעם דאָזיקן צושטאַנד פון אַפּאַטיע האָט אַרויסגעריסן די ציוניסטישע אָרגאַניזציע אבנר גורפינקל. זיין אַרבעט האָט ער געמוזט פירן פון אָנהייב אַליין, קעגן ווילן פון די אַמאָליקע עסקנים, וועלכע האָבן זיך באַטראַכט ווי די לעגיטימע בעלי־בתים פון דער מכלור־מרשטער אָרגאַניזאַציע.

גורפינקל האָט געטון זיין אַרבעט בשלימות. אַדאַנק זיין ענערגיע און מסירות האָט די אָרגאַניזאַציע אויפגעלעבט. אין יאָר 1931 האָט זי פאַרנומען דעם אויבן אָן ביים זאַמלען געלט פאַר די קרנות און אַדורכגעפירט צום שטאָט־ראַט אַן אייגענעם ראַטמאַן, יוסף זעליגמאַן.

צו דער קליינער גרופּע אַקטיווסטן: א. גורפינקל, מנחם פאכטער, יעקב־יוסף שימקעוויטש, חיים האַרטמאַן, לייב גרונדמאַן, משה טוכמייער און יששכר מינסקי, וועלכע האָבן זיך אַ לאַנגע צייט געראַנגלט מיט גרויסע שוועריקייטן, זענען מיט דער צייט צוגעקומען באַקאַנטע עסקנים, ווי ד״ר אַראָנאָוויטש, הערמאַן ראָדאַל, יעקב וויטענבערג, יוסף זעליגזאָן, אברהם־שמואל גאָלדשטיין, ניסן סאבעל א״אַ.

די אָרגאַניזאַציע האָט געפירט קורסן פאַר עברית און איינגעאָרדנט רעפעראַטן מיט דער באַטייליקונג פון אָרטיקע און פרעמדע רעפערענטן.

דורך דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1933 דער קן פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני” און אין יאָר 1938 — די ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצ״א”.

במשך פון די ערשטע צוויי יאָר האָבן מיט דעם „הנוער הציוני” אָנגעפירט די חברים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע: מינסקי, טוכמייער, א״אַ, אָבער שפּעטער האָט די באַוועגונג אַרויסגעגעבן שוין אייגענע פירער, ווי רבקה ביאַליסטאָק, גיטל ערליך, מרים טיגער, דינה און יששכר וויטענבערג א״אַ.

דער „הנוער הציוני” האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט און געאַרבעט מיט גרויס מסירות פאַר די קרנות, פאַרנעמענדיק אויף דעם געביט דאַס ערשטע אָרט צווישן די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט, אָרגאַניזירט קורסן פאַר עברית און באַהערשט די יידישע גימנאַזיע, וועלכע איז פריער געווען ווייט פון ציוניזם.

די וויצ״א־אָפּטיילונג איז געשאַפן געוואָרן ערשט אין יאָר 1938 און שוין באַלד אין אָנהייב זענען צוגעטרעטן צו דער אָרגאַניזאַציע אַ סך פרויען פון שטאָט. אין שפּיץ פון וויצ״א זענען געשטאַנען די פרויען זנאַמיראָווסקי, גרושקע, שפּירא, נייקראָן א״אַ.

דער אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1939 האָט אַ סוף געמאַכט צום יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אונדזער שטאָט.



חברים פון „הנוער הציוני” (1933).
שטייען (פון רעכט): פייערמאַן, מ. טוכמייער, יששכר מינסקי, גראָסמאַן.
אין צענטער — מלכה לאַנדאו. אונטן — מ. טיגער, א. גליקסמאַן
ר. ביאַליסטאָק.

...דער באַזוך פון יצחק גרינבוים, דער ציוניסטישער מנהיג און פראָמינענטער פירער פון פוילישן יידנטום, וועט לאַנג בלייבן איינגעקריצט אין זכרון פון די ציוניסטן און סתם־יידן אין ראַדאָמסק... ביים אויסשטייגן פון צוג האָט דעם גאַסט באַגריסט אין העברעאיש ח. האַרטמאַן, אין נאָמען פון אויפנאַם־קאָמיטעט און גדוד הקק״ל... דעם פאַרזיץ ביי דער אקאדעמיע אין קינא־זאַל האָט געפירט דער ה׳ וואָלקאָוויטש... דער גאַסט האָט געהאַלטן אַ 2 שעהדיקע רעדע וועגן 50 יאָר ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג... נאָך אַ קורצן אָפּרו אין דער וווינונג פון ה׳ אייכנער, האָט דער חשובער גאַסט באַזוכט די הכשרה־קבוצה „התאחדות”... דערנאָך איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון קק״ל אונטערן פאָרזיץ פון ה׳ קאָרנבערג... 9 אַ זייגער אָוונט איז פאָרגעקומען אַ געזעגענונגס־באַנקעט אין דער וווינונג פון ה׳ גאלדבערג, אין וועלכן ס׳האָבן אנטיילגענומען איבער 100 פערזאָן, פאָרשטייער פון אלע ציוניסטישע גרופּירונגען און פון דער ראַדאָמסקער יידישער אינטעליגענץ...

(אויסצוגן פון א באריכט אין „אונזער צייטונג”, דעם 11.12.31)

# דער קן פון „השומר הצעיר״

**דוד בוגייסקי**

אין די יאָרן 1915—1916 איז אין ראַדאָמסק אַנטשטאַנען די ערשטע יידישע סקויטן־אָרגאַניזאַציע לויטן מוסטער פון דער ענגלישער באַדענפּאול־באַוועגונג. פון אָנהויב האָט דער סקויטינג געטראָגן אַריין דערציערישן כאַראַקטער, לייגנדיק דעם טראָפּ אויף גוטע מידות און אויף האַרטעווען פיזיש די יוגנט. די סקויטן האָבן זיך קעגנזייטיק געהאָלפן אין די לימודים, געמאַכט ווייטע אויספלוגן אין דער געגנט פון ראַדאָמסק אדג״ל. צו דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט מערסטנטייל די יידישע שילער פון דער גימנאַזיע און די פאָלקסשולן.

די ערשטע אינסטרוקטאָרן זענען געווען: יעקב זאַרסקי, די ברידער קאָניעצפּאָלסקי, וויינבערג, זעליג ווילהעלם, שלמה האזע, גוטע שאַץ און איר ברודער, העניעק ווינער. צוערשט האָט זיך דער לאָקאַל פון די סקויטן געפונען ביי טעלמאַנען אויף זשעראמסקי־גאַס 1, שפּעטער אויף מינעראַלנע 1 און צום סוף ביי מייטליצן אויף טשענסטאכאווסקא.

מיט דעם אַריינטריט פון „פּרחי־ציון״ — (אַ ציוניסטישע יוגנט־גרופּע אין שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען דוד גאָלד) און נאָכן אָנשליסן זיך פון סקויטינג אין „השומר הצעיר״, האָט אָנגעהויבן אין דער אָרגאַניזאַציע הערשן אַ ציוניסטישער גייסט, וואָס עס איז נישט שטאַרק געווען צום האַרצן די רעליגיעזע און אַסימילאַטאָרישע קרייזן, וועלכע האָבן געפילט אַז זיי פאַרלירן די השפּעה איבער דער יוגנט. אין דער תקופה האָט זיך די סקויטן־יוגנט פאַרזאַמלט אין ציוניסטישן לאָקאַל „בית יעקב״ און דעם פּאַטראָנאַט איבער איר האָט איבערגענומען ראובן נייקראָן.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין שטאָט איז געווען דעמאָלט אַ שוואַכע. זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויסן אינטערעס פאַר די טעאָרעטישע און פּראַקטישע פּראָבלעמען פון ציוניזם און באַגרענעצט זיך בלויז צו געלט־זאַמלונגען פאַר די קרנות.

אַן אַנדער גייסט האָט געהערשט אין שומרישן „קן״. דאָ האָט יעדער שומר געפונען זיין היים, דאָ האָט ער זיך געלערנט העברעאיש (ביים לערער כאַשטשעוואצקי), יידישע געשיכטע, פּאַלעסטינאָגראַפיע, געזונגען א״י־לידער, געטאַנצט א״י־טענץ אדג״ל. פון צייט צו צייט זענען פאָרגעקומען ווייטע אויספלוגן בעת וועלכע מען האָט גענעכטיקט אין געצעלטן, געקאָכט און אַלץ אַליין זיך צוגעגרייט. בעת איינעם פון אַזעלכע אויספלוגן (נאָך „זלאָטי פּאָטאָק״), זענען דעם לאַגער באַפאַלן אַנטיסעמיטן, אָבער די יוגנט האָט געשטעלט אַ מוטיקן ווידערשטאַנד און צום סוף פאַרטריבן די כוליגאַנעס. דער דאָזיקער אויספלוג וואָס איז געווען בכלל אַ זייער געלונגענער, האָט איבערגעלאָזן אויף אַלע זיינע אָנטיילנעמער אַ טיפן איינדרוק.

די ספּעציפישע אַטמאָספערע פון פרייהייט און פריילעכקייט, וואָס האָט געהערשט אין השומר און צוגלייך אויך די אינערלעכע דיסציפּלין וואָס האָט געהאַט פאַר אַ צוועק צו האַרטעווען די יוגנט און צוגרייטן זי צום ארץ־ישראל לעבן, האָבן צוגעצויגן די ייִנגלעך און מיידלעך און דער השומר איז גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינע פון די גרעסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט.

מיט דער צייט איז ביים השומר געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק מיט העברעאישע, פּוילישע און יידישע ביכער, עס זענען געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט אברהם אפמאַן און אַ כאָר מיט וועלכן עס האָט דיריגירט זאַקס.

חנוכה פלעגט דער השומר איינאָרדנען אין לאָקאַל פון „קינעמא״ חנוכה־אָוונטן מיט רעציטאַציעס, מוזיק, ספּאָרט־איבונגען, פּיראַמידעס אדג״ל, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי דער באַפעלקערונג.

דער השומר האָט געהאַט זיינע פאָרשטייער אין ק. ק. ל., אין דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י און זיך באַטייליקט אין די אַקציעס פון קרן היסוד. בעת די נאַציאָנאַלע ימים־טובים האָבן די שומרים מאַר־



אַ פלוגה פון „השומר הצעיר״ אין יאָר 1921.
שורה אויבן (פון רעכטס): יעקב שפּירא, א. י. קאהן, י. דאמב, ח. ראָזענבלאַט, דאמב, י. גראָסמאַן, זלאטניק, גראָסמאַן, ש. ביאַליסטאָק.
צווייטע שורה: דבורה בוגייסקי, —, א. גראָסמאַן, פ. ווינער, גראָסמאַן, —, קופּערשטאָק, ש. רובינאָוויטש, ק. בוגייסקי.
דריטע שורה: ק. בוכמאַן, —, מינסקא, ה. דודקעוויטש, יאדזיא בוגייסקי, מ. וואַקסמאַן, ס. וויטענבערג, ווינער, א. גראָסמאַן, נ. ווינער.
אונטן: מ. בוגייסקי, ב. ווינער, ח. מינסקי, ב. גראָסמאַן, ע. בוגייסקי, רובינאָוויטש.



אַ גרופּע מדריכים פון „השומר הצעיר״ אין יאָר 1928.
שורה אויבן (פון רעכטס): חוה וואַרשאַווסקי, רבקה בוגאַיסקי, לאה שלאמקאוויטש, יאַקובאָוויטש, קראוזקאָפּ, העניע פּאצאנאָווסקי.
צווייטע שורה: יאדזיא כץ, מרים פּאצאנאווסקי, צפּורה גוסלאווסקי, שאול קארפּ, רחל זיידמאַן, סעטשעמסקי, שרה גליקסמאַן.
אונטן: אברהם האזע, יעקב אייכנער, אהרן ראטענבערג.

שירט איבער די ראַדאָמסקער גאַסן אַנגעטוענע אין אוניפאָרמען אין געשלאָסענע רייען, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף אַלעמען.

דערצויגן אינעם גייסט פון קעגנזייטיקער הילף, האָבן די שומרים מיט אַן אַ שיעור איבערגעבנקייט זיך פאַרנומען מיט זייערס אַ קראַנקן חבר, מאטקע פאצאנאווסקי. זיי האָבן געהאַלטן אַ שמירה ביי זיין בעט טאָג און נאַכט, געזאָרגט פאַר מעדיצינישער און פינאַנציעלער הילף און ווען מאָטקע איז טראָץ אַלע באַמיונגען געשטאָרבן, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַ מצבה אויף זיין קבר.

אַ סך געטון פאַרן „השומר" האָט פראָפעסאָר בראמבערג, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן אָרגאַניזירן אַ שומרים־גרופע אין דער יידישער גימנאַזיע.

אַ חוץ דער דערציערישער, קולטורעלער און אידעאָלאָגישער אַרבעט, האָט דער השומר אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט קאָנקרעטע אויפגאַבעס פון א"י לעבן. צו דעם צוועק זענען איינגעאָרדנט געוואָרן זומער־קאָלאָניעס אין די אַרומיקע דערפער, ווו די שומרים האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער. זיי זענען אויך געשיקט געוואָרן אויף הכשרה־פונקטן (מרים פאצאנאווסקא און שרה גליקסמאַן). אַן ענגער קאָנטאַקט איז אָנגעהאַלטן געוואָרן צווישן השומר און דעם „החלוץ". וועלכער האָט געפירט אַן ענלעכע אַרבעט צווישן עלטערע חברים.

צווישן די אַקטיווסטע מיטגלידער פון „השומר הצעיר" אין ראַדאָמסק דאַרפן דערמאָנט ווערן: שלמה האזע, צבי וויטענבערג, בן־ציון גראסמאן, דוד בוגייסקי, דוד וויעלונסקי, אברהם קאהן, יעקב אייכנער, יעקב גראסמאן, אסתר לעווקאוויטש, פעלא זילבערבערג, לאה זשארסקא, פאָלא גאסלאווסקא, מרים פאצאנאווסקא, מלכה פייערמאַן, מאָליע ליטמאַנאָוויטש, רבקה בוגייסקא, שמואל ביאליסטאָק א"אַ.

צענדליקער שומרים האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל און אַ סך פון זיי געפינען זיך ביזן היינטיקן טאָג אין די קיבוצים.

# די יוגנט־ארגאניזאציע „פרייהייט"

## י. ש. מאשקאוויטש - שמשון גראנעק

„פרייהייט" איז ענטשטאַנען אין רעזולטאַט פון דער פאַראייניקונג צווישן דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער יוגנט (י.ס.א.י.) פון די רעכטע פועלי־ציון מיט דער ציוניסטישער סאָציאַליסטישער יוגנט פון צ. ס. (ציוניסטן סאָציאַליסטן). די פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין חודש דעצעמבער 1926 — איין יאָר שפעטער נאָך דער פאַראייניקונג פון ביידע פאַרטייען.

אין דער קאָנפערענץ פון דער יוגנט האָבן זיך באַטייליקט: בערל לאָקער, פאָרשטייער פון וועלט־פאַרבאַנד פון פ.צ. (צ.ס.) און א. ציזלינג, שליח פון דער הסתדרות צום „החלוץ" אין פוילן. אונדזער דעלעגאַט אויף דער קאָנפערענץ איז געווען יהודה ליבערמאַן.

ביי די רעכטע פוע"צ אין ראַדאָמסק איז נישט געווען קיין יוגנט־גרופע, דאַקעגן ביי די צ.ס. איז געווען אַ גרעסערע יוגנט גרופע, וועלכע איז באַלד אַריבער אין „פרייהייט" און איז געוואָרן דאָרט זייער טעטיק. די מערהייט חברים פון דער גרופע האָבן געוווינט אין אצקאווסקיס הויז, אין דער שול־גאַס. דאָרט זענען געווען: יעקב און רחל ליבערמאַן, דויד און לאה וואדיסלאבסקי, אשר און נתן גראסמאַן, יחזקאל צוקערמאַן און אַנד׳. מיטן שאַפן פון „פרייהייט" זענען צוגעקומען נייע חברים, ווי טוביה באזשיקאָווסקי ז"ל, אברהם גאָלדבערג (איצט אַ חבר אין קיבוץ שפיים), די ברידער אברהם און טוביה מאַנדעל, יעקב־שמואל מאָשקאָוויטש (איצט אַ חבר אין קיבוץ עין־הכרמל), יחזקאל סקורניצקי און פיל אַנדערע.

די נייע יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט מיט אַ ווערבירונג־אַקציע פון חברים אין אירע רייען. פיל אַרבעטער־יוגנטלעכע און קינדער פון אָרעמע היימען, זין און טעכטער פון בעלי־מלאכהס און קליינהענדלער, וועלכע האָבן געדאַרפט אַרויסהעלפן די עלטערן אין דער פרנסה פון פרי ביז שפעט אין דער נאַכט, — האָבן זיך פאַרשריבן אַלס חברים אין „פרייהייט". אין דער אָרגאַניזאַציע איז דאָס הויפטגעוויכט געלייגט געוואָרן אויף דערציערישער און קולטורעלער אַרבעט, היות פיל יוגנטלעכע האָבן אַפילו קיין עלעמענטאַרע בילדונג נישט געהאַט. דער ציל איז געווען: דערציען די יוגנט אין ליכט פון די אידעאַלן פון ציוניזם און סאָציאַליזם, אין גייסט פון דער חלוצישער יוגנט־באַוועגונג וואָס אירע צילן זענען געווען הכשרה און עליה.

די דערציערישע אַרבעט האָבן אָנגעפירט די פאַרטיי־חברים: מ. ז. ראָזענבלאַט, אריה ציפלער, יהודה ליבערמאַן, חיים גאָלדבערג א"אַ, וועלכע האָבן געפירט סיסטעמאַטישע קרייזן מיט פאָרלעזונגען וועגן אַקטועלע פראַגן. שפעטער האָט פראָפ׳ ישראל בראָמבערג פיל געלייסטעט פאַר דער דערציערישער אַרבעט.

די געשאַפענע שלום־עליכם־ביבליאָטעק האָט באַדייטנד באַרייכערט די יוגנט מיט וויסן — די „פרייהייט" חברים זענען געווען די איבערגעגעבנסטע לייענער אין דער ביבליאָטעק און פיל געהאָלפן אין איר אַנטוויקלונג.




דער קאָמיטעט פון „פרייהייט".
פון רעכטס: ירחמיאל הערבערט, טוביה באזשיקאָווסקי, יחזקאל סקורניצקי, טוביה מאנדעל, דויד וואדיסלאַבסקי.

אין די זומער חודשים זענען יעדן שבת איינגעאָרדנט געוואָרן אויספלוגן אין די דערבייאיקע וועלדער, דאָרט האָט מען געזונגען ארץ־ישראלדיקע לידער, געטאַנצט הורה׳ס און געפירט שמועסן וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען.




„פרייהייט"־קאָנפערענץ געווידמעט דער טעטיקייט פאַרן קרן־קיימת־לישראל, פאָרגעקומען אין קאַמינסק (אין יאָר 1930), מיט דער באַטייליקונג פו״ז אברהם ביאַלאָפּאָלסקי (צענטראַל־קאָמיטעט).

שורה אויבן: יחזקאל דיקערמאַן, פּישמאַן, ברכה גראָסמאַן, קאָס, מענדל גראָסמאַן, מנדל פּישהאָף, —, גרשון גאָסלאָווסקי, —, —, גיטל דאַווידאָוויטש. יאדל האמפּעל.

צווייטע שורה: ב. שטיין, בירנצווייג, י. ברענער, י. הערבעט, יעקב ווענגלינסקי, שקלאַרטשיק, בערל קופּערוואַסער, אברהם־מענדל פּוטשעוויטש.

דריטע שורה: ראָזענבלום, משה ווייגמאַן, טייכנער, שרה דאַוונער, חנה געלבארד, יחזקאל סקורניצקי, אהרן פישעלעוויטש, משה־יצחק שיטנבערג שמואל ניימאַן, א. ביאַלאָפּאָלסקי, חיים גאָלדבערג, שלמה ניימאַן, שלמה ברענער, יעקב ליבערמאַן, יעקב ווידיסלאַווסקי, טוביה באזשיקאָווסקי.

אונטן: —, —, —, דאַווידאָוויטש, פ. הירשבערג, טוביה מאַנדל, רחל ליבערמאַן, ראָזענבערג, שקלאַרטשיק, —, אליעזר האפּטמאַן, פישל זאנדבערג.



אַ גרופּע „פרייהייט"־חברים פאַרן אָפּפאָרן אויף הכשרה.

שורה אויבן (פון רעכטס): יוסף־ליבערמאַן, שמשון גראַנעק, פּישל זאנבדערג, אברהם טייכנער.

צווייטער שורה: משה ראָזענבערג, גיטל ווורצל, יעקב מענאלע, שלאמקאָוויטש, אברהם דיקערמאַן. אונטן: פּישל זיידמאַן, שרה ניימאן, ——.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „פרייהייט" האָט כסדר אויפגענומען נייע חברים און איז געוואָרן דער שוץ־מויער קעגן דער קאָמוניסטישער אַגיטאַציע, וואָס האָט געזייט שנאה צווישן דער יידישער יוגנט קעגן דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אין א״י. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז צו יענער צייט האָט אין ראַדאָמסק געהערשט אַן אַנטי־ציוניסטישע שטימונג, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך די יורדים פון דער 4־טער עליה, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט „אַ היים" און גערעדט שלעכטס אויף א״י. אין רעזולטאַט פון דעם האָבן די בירגערלעכע ציוניסטישע פּאַרטייען אָפּגעשטעלט זייער טעטיקייט און ס׳זענען געבליבן יחידים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין די ציוניסטישע ראַמען. ס׳איז כמעט נישט געווען ווער ס׳זאָל זיך קעגנשטעלן דער אַנטי־ציוניסטישער טעטיקייט. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי און „החלוץ", זענען דאַן געווען די איינציקע אין שטאָט וואָס האָבן געפירט אַ שטאַרקע טעטיקייט קעגן דער „רויטער" אַסימילאַציע און אָפּגעראַטעוועט הונדערטער יוגנטלעכע פון דער דאָזיקער השפעה וואָס האָבן זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

די אויפקלערונג־טעטיקייט איז מיט יעדן יאָר אַלץ מער געשטיגן און האָט אַרומגענומען אַלץ ברייטערע געביטן פונם ציוניסטישן און סאָציאַליסטישן לעבן אין ארץ־ישראל. גלייכצייטיק פלעגט „פרייהייט" יעדעס יאָר זיך באַטייליקן אין אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום־טוב דעם 1־טן מאי. מיט וואָכן פריער, פלעגט מען ברייט דיסקוטירן, אויף ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען, די באַדייטונג פון דעם יום־טוב, געלערנט אַרבעטער־לידער, צוגעגרייט פּלאַקאַטן און טראַנספּאַרענטן, געפירט אַ לעבהאַפטע אַגיטאַציע צווישן דער יידישער יוגנט זי זאָל אנטיילנעמען אין דער ערשטער־מאי דעמאָנסטראַציע.

טיילמאָל זענען די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס פון 1־טן מאי געווען געמיינזאַמע מיט אַנדערע יידישע און פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטייען און טיילמאָל האָט יעדע פּאַרטיי דעמאָנסטרירט באַזונדער. די דעמאָנסטראַציעס פון דער פאַראייניקטער פּוע״צ־צ.ס. פּאַרטיי האָבן תמיד קאָנצענטרירט אַלע ציוניסטישע־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען — אַחוץ די פּאַרטיי־חברים און „פרייהייט"־אָוצעס אויך די מיטגלידער פון „החלוץ", פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י, שפּעטער אויך פון „העובד" און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זענען געווען אונטער דער השפעה פון דער פּאַרטיי. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס זענען געווען די גרעסטע און צום בעסטן אָרגאַניזירט פון אַלע אַנדערע דעמאָנסטרירנדיקע גרופּירונגען.

זייער אַקטיוו זענען די „פרייהייט" חברים געווען באַטייליקט אין דער אַרבעט פון קק״ל און אַלע אַנדערע אַקציעס און געלט־זאַמלונגען: ביים איינאָרדענען באַזאַרן, בלימל־טעג א״אַ אונטערנעמונגען, „פרייהייט" האָט פאַרנומען דעם ערשטן אָרט — נאָכן גדוד קק״ל — צווישן אַלע ראַדאָמסקער יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין די אַקציעס פון קק״ל. די שטענדיקע „פרייהייט" פאָרשטייער אין דעם קאָמיטעט פון קק״ל זענען געווען די חברים: י. סקורניצקי, מ. גראָסמאַן, א. ציפּלער, י. בירנבוים, י. גראנעק, ל. הויפּטמאַן, ח. צוקערמאַן און אַנדערע.

ביי די וואַל־אַקציעס צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן האָט „פרייהייט" פאַרשפּרייט פיל שקלים און אין די אויפקלערונג־פאַרזאַמלונגען וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעפירט האָבן זיך באַטייליקט די פּאַרטיי־חברים: א. ביאַלאָפּאָלסקי ז״ל, אנשל רייס, ל. שפּיזמאַן, י. ריטאָוו, לייזר לעווין א״אַ. די פאַרזאַמלונגען האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג און געבראַכט גוטע רעזולטאַטן בעת די וואַלן.

נאָך עטלעכע יאָרן פון דערציערישער אַרבעט, האָט זיך אין יאָר 1930 אָנגעהייבן די הכשרה פון די „פרייהייט"אָוצעס און שפּעטער זייער עליה קיין ארץ־ישראל. די ערשטע חברים וואָס זענען געפאָרן

אויף הכשרה זענען געווען: י. ש. מאשקאוויטש (איצט אין קיבוץ עין־הכרמל), ט. מאַנדעל, ב. שטיין, י. פייערמאַן, א. דימאַנט, מאַנעלע, הויפטמאַן און פיל אנדערע. די הכשרה־פונקטן פון אונדזערע חברים זענען געווען: קלעסאָוו, גראכאוו, קיבוץ באראכאוו־לאָדזש און בענדין.

אין יאָר 1931 האָט אַ טייל חברים עולה געווען, טראָץ די גע־שלאָסענע טויערן פון א"י. לכבוד דער עליה פון די חברים זענען פאָרגעקומען באַנקעטן, אויף וועלכע מען האָט האַרציק געזעגנט די אָפּפאָרנדיקע.

יעדעס יאָר פלעגן איבערגיין חברים פון „פרייהייט" אין דער פאַרטיי. דאָס זענען געווען דערהויבענע מאָמענטן און שטענדיק איז דאָס פאָרגעקומען אויף אַ פייערלעכן אופן און ביי ספּעציעלע מסיבות. אַזאַ ערשטע מסיבה איז פאָרגעקומען אין יאָר 1931, ווען עס זענען אַריבער אין דער פאַרטיי די חברים: סקורניצקי, באַזשי־קאָווסקי, גראָסמאַן, ווידיסלאַווסקי, יעקב ליבערמאַן און אַנדערע. די נייע פאַרטיי־חברים האָבן באַגריסט חיים גאָלדבערג, יהודה ליבער־מאַן און אַנדערע. אין יאָר 1933 זענען אַריבער די חברים: גראַנעק, קופּערוואַסער, בירנבוים, די ברידער מאַנדעל און אַנדערע.

אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן זענען פאָרגעקומען אַזעלכע פייערונגען, און די נייע חברים האָבן פאַרטראָטן די עלטערע חברים וועלכע זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל אָדער פאַרנומען אַנדערע וויכטיקע פאַרטיי־פּאָזיציעס.

די חברים פון „פרייהייט" האָבן אין איינקלאַנג מיט זייער אַקטי־ווער ציוניסטיש־חלוצישער טעטיקייט מיטגעהאָלפן דער פאַרטיי אין אירע אָרטיקע פּאָליטישע אַקציעס, ווי וואַלן צום שטאָט־ראָט. קהילה א.ד.ג.

אינם צוזאַמענטרעף פון די „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציעס פון לאָדזשער ראַיאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1930, האָבן אַנטייל גענומען 38 חברים פון ראַדאָמסק. יאָר איין יאָר אויס, האָט די „פרייהייט" איינגעאָרדנט זומער־קאָלאָניעס פאַר די חברים, וועלכע האָבן זייער פיל גענאָסן פון דעם.

ענדע יאָר 1931 האָט די אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" אין ראַדאָמסק, איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע צו איר 5־יאָריקן יובילעאום, אויף וועלכע עס זענען אַרויסגעטרעטן מיט באַגריסונגען: ז. שערף, פון ארץ־ישראל, ח. גאָלדבערג, יהודה ליבערמאַן, ש. ניימאַן, יעקב ליבערמאַן. אַ פאָרשטייער פון „טור", און פון יוגנט פון דער פּויל־ישער אַרבעטער פאַרטיי פ.פ.ס. און אַנדערע.

די חברים פון „פרייהייט" זענען געווען זייער אַקטיוו ביים שאַפן דעם ספּאָרט־קלוב „הפועל" און זענען געווען די אַקטיווסטע מיטגלידער אין די פאַרשידענע ספּאָרט־סעקציעס ווי אויך אין דער דראַמאַטישער סעקציע.

דער קלוב האָט געפירט אַן אַקטיווע טעטיקייט און זיך געפונען אין אַ גרויסן שיינעם לאָקאַל נעבן קינאָ. אינעם קלוב זענען געווען טעטיק פיר מענער־גרופּעס און פינף פרויען־גרופּעס, וועלכע האָבן זיך גימנאַסטיקירט אונטער דער אָנפירונג פון די אינסטרוקטאָרן: דוד וויעלונסקי און מונדעק פייערמאַן. (ביידע האָבן אַדורכגעמאַכט ספּע־ציעלע קורסן פאַר גימנאַסטיק־אינסטרוקטאָרן).

דער קלוב האָט געהאַט אַ שטאַרקע פינג־פּאָנג־סעקציע, וועלכע איז געווען וויצע־מייסטער פון טשענסטאָכאָווער קרייז; אַ נישט־שלעכטע פוטבאָל־סעקציע, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטן עטלעכע נצחונות איבער פאַרשידענע פוטבאָל־קלובן און געווען מייסטער פון די „הפועל" קלובן אין לאָדזשער קרייז.

זייער אימפּאָזאַנט איז אויסגעפאַלן די פייערונג פונם אינטער־נאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן יוגנט־טאָג, אין נאָוועמבער 1936.

אין יאָר 1937 האָט די „פרייהייט" איינגעאָרדנט אַן אויסשטע־לונג פון די אַרבעטן פון די חברים, וואָס האָט אַרומגענומען מאַלעריי, שטריקעריי, לאובזעג־אויסאַרבעטונגען, סטאָלעריי, מעטאַל־אויסאַר־בעטונגען, שניידעריי, א.ד.ג. די אויסשטעלונג וועלכע האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק, איז באַגלייט געוואָרן מיט רעפעראַטן, אַקאַ־דעמיעס אאַ"וו. אין יאָר 1938 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון „פרייהייט" און „החלוץ הצעיר".

אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט די יוגנט אין ראַדאָמסק אין די חלוציש־ציוניסטישע רייען פון „פרייהייט" ביז — ביז עס זענען געקומען די פינצטערע טראַגישע טעג פון סעפּטעמבער 1939, ווען די מערדערישע דייטשע באַנדעס האָבן געזייט טויט און אומקום.

נאָך די ערשטע חדשים פונם קאַטאָרגע־לעבן אין ראַדאָמסקער געטאָ, האָט חבר טוביה באַזשיקאָווסקי, דער מדריך און מחנך פון „פרייהייט", באַשלאָסן צו שאַפן די ערשטע אונטערגרונט־גרופּן פון דער יידישער יוגנט אין ראַדאָמסק, נישט האָבנדיק קיין שום פאַר־בינדונג מיט אַנדערע שטעט אין פּוילן, און נישט מיטן צענטער אין וואַרשע.

די חברים פון „דרור"־„פרייהייט" זענען עס געווען די וועלכע האָבן געשאַפן די ערשטע פיר גרופּן צו פינף חברים, אַלס קערן פון דער יידישער אונטערגרונט צו קעמפן קעגן די דייטשן. דער ערשטער צוזאַמענטרעף פון אָט די פיר „פינפטלעך" איז פאָרגעקו־מען אין דער וווינונג פונם וועטעראַן פון די רעכטע פועלי ציוניסטן, חבר מרדכי זעליג ראָזענבלאַט.



חברים פון „פרייהייט" און „החלוץ" בעת דער געזעגענונג פון יעקב־שמואל מאָשקאָוויטש, פאַר זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל (1931).

שורה אויבן (פון רעכטס): פישל זאנדבערג, חיים קליינער, פיניע הערשבערג, יצחק לאַכמאַן, פייגל יאַקובאָוויטש, ——) ווענגלינסקי, א. מאָשקאָוויטש, יוסף ליבערמאַן, גיטל דאַווידאָוויטש.

צווייטע שורה: פישל זיידמאַן, צבי ציפלער, שרה פישמאַן, שמחה רייך, שרה געלבאַרד, ש. טייכנער, שרה פרענטקא, ברוך שימאַנאָוויטש ,יחזקאל ברענער, גיטל ווענגלינסקי, בערל קופּערוואַסער, שמשון גראַנעק, ——, דב קריוויס.

דריטע שורה: משה ברענער, וואָלף ברענער, אהרן פישעלעוויטש, טוביה בוזיקאָווסקי, חיים גאָלדבערג, יהודה ליבערמאַן, יעקב־שמואל מאָשקאָוויטש, פּראָפ' ישראל בראמבערג, משה־יצחק שיטענבערג, ירחמיאל הערבערט, חנה געלבאַרד, יחזקאל דיקערמאַן, אברהם מאַנדעל, דויד ווידיסלאַבסקי, יעקב ליבערמאַן, פישמאַן.

פערטע שורה: אברהם דיקערמאַן, א. טייכנער, —, יצחק גאַטעסמאַן, —, רחל ליבערמאַן, שרה ניימאַן, שקלאַרטשיק, —, משה ליבערמאַן.

פינפטע שורה: חנה אָפּמאַן, —, ציפלער, ג. שערמאַן, א. שערמאַן, גיטל ווידיסלאַווסקי, אברהם בירנבוים, טוביה מאַנדל, —, מאָשקאָוויטש, משה ראָזענבערג, פנחס ליבערמאַן, לאה ווידיסלאבסקי, —, —, טקאַטש, חנה וויינמאַן, וואָלף שימאַנאָוויטש.

# חלוצים זענען עולה קיין ארץ־ישראל

הלל פאַכטער

אויסערלעך האָט אונדזער שטאָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ גראָען, שטילן יידישן יישוב, אַ. פאַרטועַנער בלויז אין דאגות פרנסה. געווען אָבער מאָמענטן, ווען דער ישוב איז אַרויס פון זיין טאָג־טעגלעכקייט און באַוויזן, אַז אין אים קלאַפּט אַ הייס יידיש האַרץ.

צו אַזעלכע מאָמענטן האָט געהערט יענער הייסער אויגוסט־אָוונט, אין יאָר 1929. אויפן באַן־וואָקזאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק יידן — בכבודיקע בעלי־בתים און סתם ייִנגע בחורים. נישט זיי האָבן זיך פריער אָפּגעשמועסט, נישט זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט. ספּאָנטאַן זענען זיי געקומען אַהער כדי אָפּוואַרטן די באַן, וואָס האָט געזאָלט אָנקומען פון וואַרשע. די מאָרגן־צייטונגען האָבן געמאָלדן, אַז נאָכמיטאָג פאָרט אַרויס פון וואַרשע אַ גרויסע גרופּע חלוצים קיין ארץ־ישראל. און מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען דעם עקספּרעס־צוג, וואָס פאָרט פאַרביי ראַדאָמסקער צען אַזייגער אָוונט. מ׳וועט אַלזאָ קענען זאָגן די חלוצים אַ האַרציקן „פאָרט געזונטערהייט" און באַגלייטן זיי מיט אַ ברכה אויף זייער וועג אין היימלאַנד.

דאָרט שטייט ווידער דער קליינער יידישער ישוב איינגעהילט אין פלאַמען און ברענגט קרבנות, כדי צו דערהאַלטן די שוין דער־ראָבערטע פּאָזיציעס און דעראָבערן נייע. איצט פאָרן בחורים אַהין, כדי צו פאַרשטאַרקן די רייען פון די קעמפער און בויער אין יידישן היימלאַנד, דאַרף זיי דעריבער באַגלייטן אַלעמענס ברכה.

אָט קומט אָן דער צוג. אַ רויטער שיין פון די גרויסע, קיילעכדיקע לאַמטערנעס דערנענטערט זיך און שניידט זיך אַריין אין די פינצטער־ניש פון דער נאַכט. און עס איז פאַראַן עפּעס סימבאָלישעס אין דער רויטקייט וואָס באַלייכט די שוואַרצע פעלדער אַרום... אין די פענצטער פונעם צוג באַווייזן זיך יונגע, שטראַלנדיקע פּנימער פון די חלוצים, אין זייערע הענט פלאַטערט די בלוי־ווייסע פאָן. די פאַר־זאַמלטע קוקן אויף זיי מיט שטאָלץ און מיט קנאה. אָט דאָס זענען די, וואָס פאָרן קעמפן און בויען און אַלעמענס הערצער זענען פול מיט גלויבן, אַז זיי וועלן נאָך זוכה זיין צו זען מיט די אייגענע אויגן די באַפרייטע יידישע מדינה. אַ געזאַנג פון „התקוה" האָט זיך אַרויסגע־ריסן פון אונדזערע הערצער און פאַרהילכט דעם רעש פון אָפּפאָרנ־דיקן צוג.

**⚒ הסתרות „החלוץ" ברדומסק. ⚒**

| הזמנה | איינלאַדונג. |
|---|---|
| הננו מבקשים בזה לבוא על<br>„נשף־פרידה"<br>לכבוד חברים חלוצים משה קמלגרין ומאיר דוד גלדברג לרגשי נסועתם ארצה ישראל<br>שיהיה בשבת 25/4 תרפ״ה בשעה תשע בערב באולם „אמוני־יד" ברחוב קאליסקא 17 № | מיר האָבען דעם כביד אייך איינצולאַדען אויף דעם<br>„אבשייד־אווענד"<br>צוליב דעם אבפאַרען פון די חברים משה קמלגרן ומאיר דוד גלדברג נאך ארץ־ישראל<br>וועלכע קימט פאר שבת דעם 25/4 אים 9 אווענד אין לאקאל פון האנדווערקער־פעראיין קאליסקא 17. |

אַן איינלאַדונג צו אַן אָפּשייד־אָוונט פאַר חברים וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1925.

שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, זענען מיר זיך פונאַנדערגעגאַנגען. אין האַרצן האָט געקלעמט אַ בענקעניש און אַ קנאה, אָבער גלייכ־צייטיק איז אויך רייף געוואָרן דער הייסער באַגער באַפרייען זיך פון די גלות־קייטן און נאָכפאָלגן די חלוצים, כדי צוזאַמען מיט זיי, האַנט ביי האַנט, בויען דאָס נייע לעבן אין אונדזער אַלט־נייעם לאַנד.

# דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט אין ניו־יאָרק

ד. אל־ד

אין יאָר 1934 האָט אַ גרופּע חברים, אָפּשטאַמיקע פון ראַדאָמסק און טשענסטאָכאָוו, אָרגאַניזירט אין אַמעריקע הילפס־קאָמיטעטן, צו העלפן די פּאָליטישע אַרעסטירטע פון זייערע היימאַט־שטעט. דער ראַדאָמסקער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך גערופן „נאָוואָ־ראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט" איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדיקע מיטגלידער: דייוו לעפקאָוויץ, שמעון און פרימעט מעדוויעד, אייב ראָזענבערג, יחזקאל פּאַצאַנאָווסקי, לייבל געלבאַרד, אייב אָבערמאַן, סעם דיקערמאַן, סעם און דזשאַנעט פריילין, הערי און רחל דזשייקאָבס, סעידי לאַגלערע, ישראל בוכמאַן, לייבל גאָלדבערג, הערי רודניצקי, פיליפּ לאַגער, הערי סעדלעצקי, שלמה וואַקסמאַן, מעקס שאַפּיראָ, מייק בראַדער, דזשעק שוואַרץ, בעלא שוואַרץ, פּינחס קאַלקאַ, העראַלד פּינקאָוויץ, דזשעק בעסטערמאַן.

פון די מאַטעריאַלן, וואָס דער „נאָוואָ־ראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט" האָט פאַרעפנטלעכט אין אַמעריקע — באַקומט זיך אַן אָפּשפּילונג וועגן זיין כאַראַקטער, צילן, אויפגאַבן און אויפטוען. דער פּאַטראָנאַט האָט זיך באַטראַכט אַלס אינסטרומענט פאַרן קאַמף קעגן דער פּוילישער רעאַקציע, וואָס האָט באַצוועקט דורך איר אַנטיסעמיטישער אויס־ראָטונג־פּאָליטיק און דורך גרויל־געזעצן, אַוועקצורויבן דאָס רעכט און עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פון די ברייטע יידישע מאַסן אין פּוילן.

אמת, די פּוילישע מאַסן זענען אויך געווען קרבנות פון דער רעאַקציע, אויך זייער לעבן־סטאַנדאַרט איז געווען געדריקט. אָבער, ווען די צייט איז געוואָרן קריטיש פאַר דער פּוילישער רעאַקציאָנע־רער רעגירונג, האָט זי אָנגעווענדעט די אַלטע צאַריסטישע מעטאָדן פון העצע קעגן די יידן, לויטן אַלטן כלל אַז די יידן זענען שולדיק אין דער קריטישער לאַגע. אויף אַזאַ אופן האָט די רעגירונג געוואָלט אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די פּוילישע פאָלקס־מאַסן און

זייער געזעכטן צאָרן — אין אַן אַנדער ריכטונג.

די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין פּוילן, יידן און נישט־יידן, וואָס האָבן געוואַגט זיך קעגנשטעלן די רעגירונג־קרייזן, טאַדלען זייערע מעשים און פּראָטעסטירן קעגן זייערע האַנדלונגען — זענען אומ־ברחמנותדיק דערדריקט געוואָרן מיט כוח, דורך אַריינוואַרפן זיי אין תפיסות אָדער אינטערנירן אין ספּעציעלע איזאָלאַציע־לאַגערן. לויט אַן אַלגעמיינער אָפּשאַצונג, פון די יאָרן 1934—1935, זענען דאַן גע־ווען אַרעסטירט און אינטערנירט אין פּוילן אַן ערך 50,000 מענטשן, אין 364 טורמעס און לאַגערן, פאַר די אויבן־דערמאָנטע „פאַר־ברעכנס". די אַלע וואָס האָבן געוואַגט צו טאַדלען אָדער פּראָטעסטירן קעגן דער מאַכט, האָט מען צוגעטשעפּעט די פּאַראַגראַפן פון קאָדעקס וועגן אַנטי־מלוכהשער אָדער קאָמוניסטישער טעטיקייט, כאָטש נישט אַלע פון די פאַראורטיילטע זענען געווען דווקא, טעטיקע קאָמוניסטן.

צווישן די ראַדאָמסקער יוגנטלעכע, וואָס זענען דורכן אָרטיקן קרייז־געריכט פאַראורטיילט געוואָרן צו תפיסה (אין יאָר 1934), זענען געווען: הערשל וויטענבערג, שייקע ראָזענבלאַט, רוזשע סאלעצקי און ליובע ראָזענבאום (צו 4 יאָר); לייביש ראָזענצווייג און מיטעק קאזאק (צו 3 יאָר); דוד בוגייסקי און לאָזער קאלקע (צו 2 יאָר); מאיר גאָלדשטיין (1½ יאָר); צוזאַמען 9 יוגנטלעכע.

אין יאָר 1934 האָט דער „נאָוואָ־ראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט" געציילט 86 מיטגלידער. דער דאָזיקער הילפס־קאָמיטעט האָט איבערגע־שיקט קיין ראַדאָמסק מאַטעריעלע־שטיצע, שפּייז און קליידונג פאַר די שטעטלדיקע פּאָליטישע אַרעסטירטע און זייערע משפּחות. די טעטיקייט פונעם דאָזיקן הילפס־קאָמיטעט איז אין אַ געוויסער מאָס געשטיצט געוואָרן פון דורך די אַלגעמיינע לאַנדסמאַנשאַפט־סאָ־סייטעס פון די ראַדאָמסקער אין אַמעריקע, און האָט געהאַט אַ פּאָ־זיטיוון אָפּקלאַנג אין די אַרבעטער־קרייזן און צווישן די פאָלקס־מאַסן אין ראַדאָמסק גופא.

אין א באַגריסונג וואס דער „נאוואראדאמסקער פּאַטראָנאַט" האָט פארעפנטלעכט בעת א פאראייניקטן באַנקיעט פון דעם אלגעמיינעם נאָוואָראדאמסקער „רעליף" אין ניו־יורק (פעברואר 1937) ווערט געזאָגט:

„ווערטע פריינט! די אידישע טראגעדיע אין גאנץ פּוילן, האָט דערגרייכט א שטופּע וואָס ערגער קען שוין ניט זיין, און איז אויך שוין אריינגעדרונגען אין אלע עלעמענטן פון אידישן לעבן. עס איז ניטא קיין גרעניץ צו דעם ווילדן באַרבאריזם, הפקר־דיקן צושטאנד און אָפענע ברוטאלע פּאָגראָמען. מען נעמט צו די אלגעמיינע אידישע פרנסות: מילך־האנדל, קצבים, בעקערייען ,און די אידישע ארבע־טער ווערן אין די מאסן ארויסגעשטויסן אין אָפּגרונט. די אידישע סטודענטן ווערן ארויסגעווארפן פון די הויך־שולן, צובלוטיקטע און באליידיקטע, און מען לאָזט זיי ניט פאָרטזעצן זייער לאַנגע געגארטע האָפנונגען, פון צו ווערן דאָקטוירים, אָדער אנדערע אינטעליגענטע־פּראָפעסיעס. און ווי קאָן מען, ווערטע פריינט, אין אזא בלוטיקן קאָשמאר באפרייען זיך פון דעם פיינלעכן געפיל, מיט פארשידענע פוסטע האָפנונגען, אין א צייט ווען אונזערע שוועסטער און ברידער באָדן זיך אין א ים פון צרות און נויט, און קיינער טוט גאָרניט".

„טייערע פריינט! מיר אַפּעלירן צו אייך, העלפט אונז אין דער הייליקער ארבעט! מיר מוזן זיין אייניק קעגן אזא מעכטיקן שונא! שליסט זיך אָן אלס מיטגלידער פון „נאָוואָראדאָמסקער פּאַטראָנאַט", ווייל מיר דארפן פארדאָפּלען אונזער הילפס־ארבעט. שטייט ניט פון ווייטן אלס צושויער אין אזא ערנסטן היסטאָרישן מאָמענט, ווערט אליין איינע פון די אקטיווסטע אין דער דאָזיקער ערלאכער הילפס־ארבעט. דאמיט וועט איר זיך סטימולירן אייער מענטשלאכן גייסט, צו העלפן לינדערן די פיין פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע און זייערע פאמיליעס, וואָס גיבן אוועק זייערע יונגע לעבנס פאר די ליידן פון גאנצן אידישן פאָלק".




די ז'. ט. ק. — יידישע געזעלשאַפט פאַר נאַטור־קענטשאַפט, געגרינדעט דורך מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, בעת אַן אויספלוג אין שטאָטישן וואַלד (דעם 6־טן מאי 1933).

שטייען (פון רעכטס) מ. מייטליס, —, פישעלעוויטש, ד. בוגייסקי, ס. קראַקאָווסקי, א. וויטענבערג, ח. קאהען, —, זיידמאַן, ס. ציפּלער, י. בירענבוים, ס. גראָסמאַן, ל. שרייבער, ל. גרונדמאַן, י. ראָזענשטיין, ל. גאָלדבערג, —, גליקסמאַן, גאסלאווסקא, י. פייערמאַן, שייקע ראָזענבלאַט, י. גאָלדבערג, ח. בוגייסקי.

צווייטע און דריטע שורות: א. ניימאַן, ו. אָפּמאַן, א. בוגייסקי, בלומשטיין, ד. ראָזענשטיין, ר. יאַקובאָוויטש, —) פישעלעוויטש, —, דיקערמאַן, פ. אָזמאַן, פזשעראווסקי, מערקין, שפּירא, בעסער, פזשעראָווסקי, ניימאַן.

# מפעל ארלוזורוב קאמיטעט אין ראדאמסק.

## ג. ה.

אין ארץ־ישראל איז דורך א מערדערישע האנט איבערגעריסן געווארן דאס טאט־רייכע לעבן פון אונזער אונפארגעסלעכן פירער **ד"ר חיים ארלאזאראוו.**

דער 18־טער ציוניסטישער קאנגרעס, וועלנדיק פאראייביקן דעם אנדענקן פון אונזער טראגיש־אומגעקומענעם מנהיג, האט באשלאסן צו שאפן אין ארץ־ישראל אויף זיין נאמן **א גרויס קאלאניזאטאריש ווערק,** אויף וועלכן עס זאלן באזעצט ווערן אייניקע הונדערט משפחות דערונטער אויך דייטשע יידן.

דער ארטיקער ארלאזאראוו קאמיטעט האט באשלאסן אנצוהויבן די א ק צ י ע אין דער לויפנדער וואך. און צו דעם צוועק וועלן אייך באזוכן אין די נאנסטע טעג אונזערע פארשטעער וועלכע מיר בעטן צו איבערגעבן א געהעריקע שפענדונג.

אין נאמן פון מפעל ארלוזורוב קאמיטעט:
חיים גאלדבערג, משה גאלדבערג, דוד מאיר קארנבערג

" " " די ציוניסטישע ארגאניזאציע:
ד"ר י. אראנאוויץ, יוסף זעליגזאן, יעקב שפירא

" " " י. ס. א .פ. „פועלי־ציון" (פאר.מיט צ. ס.)
וואלף שפירא, משה שיטענבערג, סקורניצקי יחזקאל

" " " די קרן קימת קאמיסיע:
חיים הארטמאן, אברהם אייזען

" " " „ה ח ל ו ץ" ב. קופערוואסער, אבארזאנעק

" " " די ליגע פארן ארב. ארץ־ישראל
לעמאן, פייוול לאריע

" " " י. א. ס. ק. „הפועל"
ל. שפירא, י. ציפלער

" " " פרייהייט ארגאניזאציע
ש. גראנעק, א. דיקערמאן

" " " „הנוער־הציוני"
ישכר מינסקי, מ. טיגער

" " " „גורדוניה" ה. אפמאן, ר. ווארשאווסקא

**ראדאמסק, נאוועמבער 1933**

דער אויפרוף פון פאראייניקטן „מפעל ארלוזורוב"־קאמיטעט (1933)

חלק שביעי / זיבעטער טייל

# התוכן / אינהאלט



✶

# „לינת־הצדק" ו„ביקור־חולים"

יהודה שייה

החברה „לינת־הצדק" פעלה הרבה שנים בעירנו, ומטרתה היתה: — עזרה רפואית, לכל ענפיה, לעניי העיר. אמנם, היתה קיימת „קופת־חולים" ממשלתית, אולם זו דאגה לעובדים־פועלים מאורגנים, בלבד, שביניהם מעטים היו היהודים. משפחות יהודיות רבות, מהשכבות העממיות היו משוללות כל עזרה רפואית. „לינת־הצדק" השתדלה, איפוא, למלא חוסר זה לגבי אותן משפחות. אבי יצחק שייה ז"ל היה אחד מפעילי הוועד של חברה זו, והיתה לי ההזדמנות לעקוב מקרוב אחרי פעולותיה.

הפעולה של „לינת־הצדק" הסתעפה לכמה כיוונים: א. במקרה הצורך נשלחו רופאים לבתיהם של החולים; ב. חולקו „פתקים" לביקורי־בית אצל רופאים; ג. ניתנו כספים או „פתקים" לקבלת רפואות בבתי־מרקחת; ד. חולקו בהשאלה כלי־רפואה, כגון: בקבוקי־גומי, טרמוסים, מדי־חום, סירים סניטריים וכיו"ב; ה. נקבעו תורנויות למשמרות לילה אצל חולים רציניים; ו. הונהגו עתים לביקור־חולים, היינו: חברי „לינת־הצדק" ו„ביקור־חולים" היו מבקרים בבתיהם של חולים, לשם שיחת־עידוד, טיפול ובירור שאלות הקשורות במחלה ובמצב הכלכלי של המשפחה.

למימון פעולות החברה היו כמה דרכים, כגון: א. התרמה בבתי־הכנסת בעת „עלייה" לתורה, בשבתות ובחגים; ב. רכישת תורמים קבועים, בתשלום חודשי; ג. עריכת מגביות מיוחדות בעת שמחות משפחתיות, אירוסין, חתונות, חגיגות בר־מצווה וכיו"ב; ד. טיפול בהשגת תרומות קבועות או חד־פעמיות מאירגוני ה„לאנדסמאנשאַפטן" בחוץ־לארץ, או מאנשים־יחידים שם.

שנים מספר לפני מלחמת־העולם השנייה הצטרפו ל„לינת־הצדק" אנשים צעירים, שהתמסרו בעיקר למפעל „כוס־חלב" לילדי־עניים, במוסדות לימוד־וחינוך. תודות לצעירים הוקל במידת־מה מצבה הכספי של החברה, שהיתה נתונה מאז ומתמיד בגרעון שוטף ועסקניה היו „שוברים את הראש" איך לכסות את הגרעון ולספק את הצרכים השוטפים. עם עסקניה הבולטים של החברה, בתקופה האחרונה נימנו: ר' אברהם־יעקב טיברג, ר' לייזר רוזשנסקי, ר' אליעזר קפלן ור' יצחק שייה.

מיספר החברים הקבועים של החברה „ביקור־חולים" היה ניכר למדי. הם קיימו בית־ועד משלהם (בחצר הזילברשצים, בשטח כיכר־השוק) והיו מתכנסים שם כולם ביומי־דפגרא ובימים־הנוראים לשמוע את ה„דרשות" מענייני־דיומא, מפי רב־החברה הר"ר יעקב־דוד זצ"ל. בימי חול היו רבים מאנשי־החברה באים לשם לשמוע מפי רב־החברה „פרק במשניות" ובימי שבת, בין מנחה למעריב — „דרוש" בפרשת־השבוע. עם העסקנים־הפעילים של „ביקור־חולים", בתקופה האחרונה, נימנו: ר' מיכאל מלמד, ר' משה פישהוף ור' י. מרקוביץ. זה האחרון, מחלק־חלב לפי התעסקותו (גר ברחוב פזשדבורסקה) מת ממחלת ה„טיפוס" שנדבק בה בעת מילוי תפקיד מטעם „ביקור־חולים" אצל אחד מבני־העיר, שחלה במחלה הנ"ל.

*

בשנת 1938 הצליחה הברת „לינת־הצדק" לגייס סכום של כ־2,000 זהובים, שנחשב להישג גדול בימים ההם. דבר זה נתאפשר תודות לתרומה ניכרת, שנתקבלה אותה שנה מאת ה„רעליעף" של בני־עיר בניו־יורק (היו"ר דאז — שלמה אפשטיין, והמזכיר — לאון איילנברג) ומאת הנדבן סאל גרינבערג, אף הוא מניו־יורק. סאל גרינבערג היה מתורמיה הקבועים של „לינת־הצדק" ונוסף על תרומותיו האישיות, שהיה שולח מזמן לזמן לצרכי־צדקה־וסעד של מוסדות העיר, היה מעודד גם את ה„רעליעף" ואת ה„סאָסייעטי" של הראדומסקאים באמריקה, שאף הם יתמכו ויסייעו בכך. בשנה הנ"ל (1938) תרם סאל גרינבערג מכספו־הוא והעביר לראדומסק 265 דולר מזה: 50 דולר למען „לינת־הצדק"; 30 דולר למען „בית־לחם"; 60 דולר בשביל בשר לעניים; 25 דולר בשביל יולדות עניות; 100 דולר למען קופת גמ"ח.

ביום 1 לנובמבר 1938 נערכה בראדומסק עצרת חגיגית של חברת „לינת־הצדק", שהיתה מוקדשת לסיכום פעולותיה המוצלחות של החברה בשנה החולפת ולציון דרכי־פעולתה לעתיד, וכן לציון חלקו של סאל גרינבערג מניו־יורק בפעולה הנדונה (אותה שעה מלאו 35 שנה מאז הגירתו לאמריקה; ובקשר לכך החליטה „לינת־הצדק" לתלות את תמונתו במועדון החברה).

הוועד המורחב של „לינת־הצדק" באותה שעה היה מורכב מהאנשים הבאים: אליעזר קפלן (יו"ר) ומשה ברגר (סגן־יו"ר); לייזר רוזשנסקי, מיכאל גרייצר, יצחק־הירש גליקסמן, יצחק שייה, יעקב בוגייסקי, זקן שרייבר, חיים לוסטיגר, ברל צוקרמן, זלמן זילברשץ, שמעון גנשרוביץ, יודל דבידוביץ אהרן־וולף שוואַרץ, זעליג צימבערקנופף, אלי גרונדמן, לייבוש זילברשץ, יהושע לנדא, אברהם זרנבייצקי, יעקב חנצינסקי, מרדכי־דוד וואלדפויגל שלמה סובעל ואברהם קמלגורן (מזכיר).

בעצרת הנ"ל הוחלט: א. לקבוע את סאל גרינבערג בתור ראשון לחברי־הכבוד של חברת „לינת־הצדק", להוציא על כך תעודה מתאימה לחתן־הכבוד ולרשום את המאורע ב„פנקס־החברה"; ב. לסיים את מפעל כתיבת ספר־תורה, שהחברה „לינת־הצדק" החלה בו עוד לפני מלחמת־העולם הראשונה והגיעה לגמר היריעה ה־14; ג. להקים מרפאה קבועה ליד „לינת־הצדק".

עסקני „לינת־הצדק" ניגשו במרץ רב לביצוע ההחלטות שנתקבלו, אולם בטרם חלפה שנה — השתנו העתים, נגוזה התכנית והיא לא תבוצע לעד...



**הוועד של „לינת הצדק"**
**די פאַרוואַלטונג פון "לינת הצדק"**

**אויבן (פון רעכטס): א. ה. גליקסמאַן, שמעון גאנשעראוויטש, חיים לוסטיגר, יודל דאָווידאָוויטש, זלמן זילבערשאַץ, יהושע לאנדאו, יעקב כענטשינסקי צווייטע שורה: י. זאַרנאָוויצקי, זעליג צימבערקנאָפּ, משה בערגער, לייזער רוזשאנסקי, א. קאַפּלאַן, ל. וולאטשאווסקי, זקן שרייבער, א. קאמעלגארן.**
**אונטן: בערל צוקערמאן, יצחק שייה, מרדכי וואלדפאגעל.**

# ה„חברה־קדישא" ועסקניה

י. ויינטרויב – י. כרמלי

## א. חסד של אמת

עוד בשנת תקפ"ה (1825) הובילו יהודי ראדומסק את מתיהם לקבורה בעיירה הסמוכה סילמרזשיץ, אולם מספר שנים לאחר־מכן נקנתה חלקת־אדמה לבית־הקברות בתחומי העיר. המקורות הרא־שונים בדבר קיומה של „חברה־קדישא" בראדומסק, מובילים אותנו לשנת ת"ר (1840). מבין הגבאים הראשונים של חברה זו היו ידו־עים: ר' מאיר טיל, ר' לייזר טנצר ועוד. זה האחרון היה בעל בית־מלון, מחסידי־וורקא החשובים, איש נכבד ועסקן ציבורי. עם קום התנועה הציונית, נהיה ר' לייזר ציוני וסבל בגלל ציוניותו מצד החסידים. בהיותו בעל אופי חזק, עזב את ה„שטיבל", ולא חזר אלא לאחר זמן: כשבאו החסידים לפייסו, הוא חזר להתפלל אתם.

המוסד „חברה־קדישא", היו לו הכנסות הגונות ונחשב לאחד המוסדות החשובים בעיר. ביום ז' אדר, יום פטירת משה רבנו, נהגו אנשי הח"ק לצום ולומר סליחות. בגמר הצום היו עורכים „סעודת־מלכים" ובשעת סעודה זו היו בוחרים בגבאי ראשון. על־פי־רוב נמסרה הגבאות לעסקנים ישרים ובעלי שיעור־קומה, שידעו לנהל את ענייני החברה בתקיפות ובלי משוא פנים. מהעשירים היו לוק־חים הרבה כסף, כדי שיוכלו לעסוק חינם בקבורת העניים ולגמול להם „חסד של אמת". אנשי החברה עמדו במבחן בעבודתם הקדושה, ביחוד בעתים של מגפות או מלחמות. אנשי החברה הסתכנו בנפשם כדי להביא לקבר ישראל את המתים ממחלות מדבקות. הם היו משו־טטים בשדות־קרב, בודקים את החללים, מוציאים את היהודים מבי־ניהם וקוברים אותם לפי מינהגי ישראל.

מלבד שני הגבאים הנ"ל היו ידועים בקרב העסקנים של הח"ק החברים הבאים: יעקב פרידמן־קולטין, מנדל פייארמן, משה פלמן, וולף בירנצווייג, מרדכי גליקסמן, שבתאי פייארמן, יעקב־יהושע זליגסון, נחמיה זנדברג, ר' מאיר־אהרן רודניצקי, פנחס ציפלר, שמואל גולדברג, בערל קמלגרן, איטשע טיל, ועוד.

יחיאל ויינטרויב

## ב. גבאים ומשמשים בקדושה

### ר' מאיר טיל

אחד הגבאים הראשונים, היה ר' מאיר טיל (1840—1880). מפי אשתו לאה טיל, שהאריכה ימים אחרי מות בעלה, שמעתי הרבה דברים על פעולותיו.

עוד בהיותו בגיל עשרים, התמסר ר' מאיר טיל לפעולות של עזרה סוציאלית. הוא היה „הכתובת" לעזרה־ראשונה, גמילות־חס־דים וחסד־של־אמת. הוא היה בעל לב טוב ובעל מידות נעלות. בהיותו גבאי של „חברה־קדישא", היה מזניח את עסקיו הפרטיים.

ר' מאיר טיל היה גם הגבאי של חברת „ביקור־חולים". הוא נידבק בטיפוס־הבהרות מחולה אחד, שהלך לבקרו, ומת ממחלה זו בדמי ימיו. כבן ארבעים היה במותו והשאיר אחריו חמישה ילדים קטנים. אחרי מותו המשיך ר' משה פישהוף בתפקיד הגבאי של חברת „ביקור־חולים", ואילו לגבאי „החברה־קדישא" נבחר ר' מרדכי גליקסמן, הנודע בשם ר' מרדכי סקלקא. אחריו כיהן במישרת הגבאי של ח"ק — ר' זאב־וולף בירנצווייג, שהקים בית־תפילה מיוחד, לח"ק, ב„פאליש" של בית־המדרש.

### ר' קאָפל שמש

הרוח החיה בח"ק לפני מלחמת־העולם הראשונה היה ר' קאָפל שמש. אצלו היו שמורים המפתחות של ה„אהל", שבו היו טמונים אדמו"רי ראדומסק: בעל „תפארת־שלמה", בעל „חסד־לאברהם" ובעל „כנסת־יחזקאל". בכל ערב ראש־חודש ובכל ימי ה„יארצייט" של הצדיקים הנ"ל, היה ר' קאָפל מקדים לצאת מביתו ומפתחותיו בידיו, כדי לפתוח את ה„אהל" בפני המתפללים המרובים, שהיו באים להשתטח על קברותיהם של הקדושים.

גם באמצע השנה היו מטריחים את ר' קאָפל לפתוח את ה„אהל", כדי להתפלל לשלומו של חולה מסוכן. מנהג היה, למדוד את ה„אהל" בבד לבן („אויסמעסטן דעם קבר") ולחלק את הבד המדוד לעניים — סגולה לרפואה שלמה.

ר' קאָפל שמש היה גם ציוני נלהב, שנשא בלי פחד את דגל הציונות ברמה. הוא היה קונה את ה„שקל", חותם על מניות ה„בנק הקולוניאלי" ומטיף לרעיון הציונות בין החסידים.

### ר' יעקב־יהושע זליגסון

אחרי מותו של ר' זאב־וולף בירנצווייג, נבחר לגבאי ר' יעקב־יהושע זליגסון (1910). הוא היה מחסידי גור, בעל מרץ ובעל מידות נעלות והצליח לארגן מחדש ולהרחיב את מסגרת הפעולות והתפ־קידים של הח"ק. הוא כינס לאסיפה את עשירי העיר ונכבדיה ודרש מהם להשתתף בכספים, למען הרחבת החברה וביסוסה. הוא גם הנ־היג „חברות־כבוד" בחברה, כלומר, חברים שלא עסקו בפועל בקבורת המתים, אלא שילמו דמי־חבר בלבד („חברי־הכבוד" נרשמו בפינקס הח"ק). עם „חברי־הכבוד" נמנו: ר' דניאל רוזנבוים, שבתאי פייארמן, מרדכי גולדברג, העניך־פישל קוצקר, איטשע גרוניס, יעקב פייארמן, משה המפל, משה פישהאף, נחמיה זנדברג, לייזר דונסקי, שלמה קר־קובסקי.

כחברים פעילים („מתעסקים") של הח"ק בתקופה הנדונה, זכורים לנו: דב זיונץ, שמואל גולדברג, שמחה ישעיה, מאיר אוברזנק, ויבדל"ח אהרן אוברזנק, פנחס ציפלר, ברל קאמלגרן, ויבדל"ח משה־בנימין ליהמן, ישעיה קאמלגרן, מאיר־אהרן רודניצקי, קאָפל שניידער, אברהם קאמלגרן, אברהם גרשנוביץ, ועוד.

אחת הפעולות העיקריות של ר' יעקב־יהושע היתה: קנית שטח־קרקע נוסף לבית־הקברות וגידורו בגדר־מגן סביב (מבטון ולבנים). הוא גם בנה בית בחזית בית־הקברות, שכלל: דירה בשביל השומר, חדרי־שירות בשביל ה„מתעסקים", חדר „טהרות", חדר ללימוד „מש־ניות", ועוד. לזכותו תירשם גם העזרה הסוציאלית הנרחבה, לעניים ולמעוטי־יכולת, שהושיטה הח"ק, לרבות העובדה, שהיא כיסתה מתק־ציבה את כל ההוצאות לקבורת העניים. ר' יעקב־יהושע העביר גם את בית־התפילה של הח"ק למרכז העיר, לביתו של ר' נחמיה זנדברג (שמעתי, שבית־התפילה הנדון נרשם כתרומה לטובת ה„חברה־קדי־שא). בחגים ובמועדים היו מזמינים לבית־התפילה של הח"ק את „חברי־הכבוד", שהיו נודרים לטובת החברה. הרב שלמה גרוסמן היה ה„בעל־קורא" הקבוע של החברה.

היה מנהג בח"ק להתאסף בביתו של הגבאי ב„שמחת־תורה" ולב־לות שם במאכל ובמשתה כדת. אמנם, ה„שתיה" לא היתה נדירה בח"ק גם בכל ימות השנה, אבל בעיקר שתו ושמחו בצוותא — בז' אדר, בשמחת־תורה, בחג־השבועות ובפורים.

### ר' משה־איטשע השומר

כשנבנה הבית בחזית בית־הקברות, חיפשו מועמד למשרת שומר קבוע במקום. לא היה קל להשיג איש מתאים, שיסכים לגור בדד, כארבעה ק"מ מחוץ לעיר. אחרי חיפושים רבים הופיע משה־איטשע והציע את שירותו כשומר, אולם הגבאי דרש ממנו, שישא תחילה אשה. רק לאחר שהשומר מצא לו בת־זוג, הוא השתכן במקום־מגוריו

החדש, שם קיבל דירה על כל הנוחיות ומשכורת חודשית קבועה. בעיר היו מרוצים מ„הטרנזקציה" הכפולה הזאת: הנישואין של ר' משה־איטשע והבטחת שמירה מסודרת בבית־הקברות.

**במלחמת־העולם הראשונה (1914—1917)**

בשנים הראשונות של מלחמת־העולם הראשונה, היו ידי הח"ק מלאות עבודה. הח"ק טיפלה בחיילים יהודיים, שהובאו הרוגים ופצו־עים מהחזית. כן היה צורך לסייר בסביבות ראדומסק ולטפל בחללים שהיו נגועים קודם במחלות מדבקות.

בשנת 1917 פרצה מגיפת־טיפוס בעיר ובמשך שבועות מספר היו כשבעים מקרי־מות. אנשי החבר"ק, ור' יעקב יהושע זליגסון בראשם, עסקו וטיפלו בחולים ובמתים במסירות נפש. בערב ר"ח ניסן יצאו כל אנשי החבר"ק לבית־הקברות ובראשם הרב ר' ישעיה'לי, בנו של ר' אברהם־משה מרוזשפשא. אחרי אמירת תהילים ותפילה לעצירת המגיפה, נאם הר"ר ישעיה'לי בפני הקהל בדברים נרגשים וסיים במלים: „כל ישראל יבכו את השריפה, ואני מוכן בעצמי לכבות את השריפה". יומיים לאחר־מכן נפטר פתאום הר"ר ישעיה'לי, וכל העיר בכתה מר על שנשרף בעצם ימי המגיפה־השריפה, שבכל נפשו ובלהט אמונתו רצה לכבותה...

יוסף כרמלי (קמלגרן)

# די יידישע קהילה

**ד. ק-ר**

אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן האָט שוין אין 16טן יאָרהונדערט עקזיסטירט אַ העכערע זעלבסט־פאַרוואַלטונג — דער „ועד ארבע ארצות" (פון 1580 ביז 1764, ווען דער פוילישער סיים האָט די אינסטיטוציע אויפגעלייזט). שפּעטער איז אין יעדן גרעסערן אָדער קלענערן יידישן ישוב געווען די קהילה, זיין רעפּרעזענטאַנץ, סיי כלפּי חוץ, סיי כלפּי פּנים.

די קהילה האָט אויפגענומען דעם רב, שוחטים, שמשים און אַנדערע כלי־קודש; געזאָרגט פאַר בתי תפילות, בית הקברות, מקווה און אַ תלמוד־תורה, ווו קינדער האָבן באַקומען עלעמענטאַרע רעליגעזע דערציאונג. קיין וועלטלעכע דערציאונג איז דאַמאָלסט איבערהויפּט נישט געקומען אין פראַגע.

ווען דער „תפארת שלמה" איז אין יאָר 1834 אויפגענומען גע־וואָרן אלס רב, האָט שוין געמוזט זיין וועלכע עס איז קהילה רעפּרעזענטאַנץ אין ראַדאָמסק, וואָס האָט אונטערגעשריבן דעם כתב־רבנות מיט די תנאים, ווי 15 פוילישע גילדן אַ וואָך שכירת א. ד. ג. יאָרן שפּעטער, ווען די גבירים בעריש פּערשטער, לייזער ריכטערמאַן, רייכמאַן, אברהם בעם, זילבערשאַץ און אַנדערע וועלכע האָבן טיילווייז געווינט אויפן „בוגיי" אָדער אין דערבייאיקן פלאַוונע, האָבן זיי געוויס זיך אינטערעסירט מיט די צרכים פון דער קהילה. ווייל ווען דער „תפארת־שלמה" איז נפטר געוואָרן כ"ט אדר תרכ"ו — 16 מערץ 1866 — האָט שוין עקזיסטירט דער ראַדאָמסקער בית הקברות.

דוד בוגייסקי איז שוין געווען דאָזאָר, ווען מען האָט, אין די לעצטע יאָר־צענדליקער פון 19טן יאָרהונדערט, געבויט די שטאָט־שול און די ערשטע פונדאַמענט־שטיינער האָבן געלייגט פּערשטער און באַנקער.

אויף דער שוועל פונם 20טן יאָרהונדערט, איז אין ראַדאָמסק געווען דער פירענדער דאָזאָר ר' יוסף שאַץ, וואַרשיינלעך דער יושב־ראש, און זיין זון אָשר איז געווען דער סעקרעטאַר. דער לאָקאַל פון דער קהילה האָט זיך שוין דאַן געפונען אין מאַרק, אין הויז פון אַבע שוואַרץ, און שוין נישט אין אַ צימער פון דער שול.

ר' יוסף שאַץ האָט געדאַוונט אין שול צוזאַמען מיט עמך. זיין פלאַץ איז געווען נעבן רב.

די פאָרשטייער פון דער קהילה ,ווי קליין אין צאָל זי איז געווען — זענען געוויילט געוואָרן, אַפילו ביי דער צאַרישער מאַכט. וואַל־רעכט האָבן געהאַט נאָר די יידן וועלכע האָבן געצאָלט עטאַט, דעם ספּעציעלן קהילה־שטייער, אָבער אַזעלכע זענען געווען אין ראַדאָמסק גאָר ווייניק.

שפּעטער זענען געוויילט געוואָרן אין דער קהילה לייזער טענ־צער, פישל דונסקי און אַנדערע.

אין דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט מיט דער יידישער קהילה אָנגעפירט הער פישל דונסקי. די טעטיקייט איז אייגענטלעך נישט געווען קיין גרויסע. זי האָט זיך באשרענקט נאָר מיט דערטיילן הילף די נויטליידנדע יידן, ווי קאַרטאָפל, באָבלעך, זאַלץ, טיילמאָל אויך צוקער א.ד.ג. די מיטלען איינצושאַפן די פּראָדוקטן זענען געקומען פון די נדבות פון די פאַרמעגלעכע יידן און פון דעם אַלגעמיינעם שטאָטישן הילפס־קאָמיטעט.

ערשט אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען פוילן האָט באַקומען זעלבסטשטענדיקייט, איז אין יאָר 1919 דער־שינען דער דעקרעט פון פילסודסקין וועגן באַשטימען דעמאָקראַ־טיש־געוויילטע יידישע קהילות.

די דעמאָקראַטיש־געוויילטע יידישע קהילה אין ראַדאָמסק איז באַשטאַנען פון אַ ראַט פון 12 מיטגלידער. דער ראַט האָט געוויילט די פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קהילה־טעטיקייט.

פרויען האָבן נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט צו די קהילה־אינסטאַנצן.

די טעטיקייט האָט זיך באַגרענעצט בלויז צו רעליגיעזע באַדער־פעניש — כאָטש לויט דעם דעקרעט, האָט די קהילה אויך געהאַט רעכט צו עפענען שולן, פירן אַ באַגרענעצטע קולטור־טעטיקייט, אונטערשטיצן עמיגראַציע א.א.וו. — די געזעלשאַפטלעכע און פאַר־טייאישע פאָרשטייער אין די קהילה־אינסטאַנצן האָבן זיך באַמיט אויסצוברייטערן די טעטיקייט אויף ברייטערע געזעלשאַפטלעכע יסודות, וואָס נישט אַלע מאָל איז עס געלונגען, סיי צוליב אויסער־לעכע שטערונגען, און נאָך מער צוליב אינערלעכע שטרייטן און קאַמף פאַר פאַרטייאישער העגעמאניע.

אין דער צייט צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן אַלס פאָר־שטייער פון פּאָליטישע פאַרטייען, ווירטשאַפטלעכע פאַראיינען, חסי־דים שטיבלעך, א.ז.וו. זיך געפונען פאָלגנדיקע פערזאָנען: חיים געלבאַרד, ש. ניימאַרק, אַ. מ. וואַקסמאַן, אַ. גראָסמאַן, ש. קראַ־קאָווסקי, יוסל בערגער, י. פייטלאָוויטש, ב. גאַנשעראָוויטש, פייערמאַן, ל. דאַנקעוויטש, ז. גאָלדבערג, משה וויינרייך, דוד ראַפּאָ־פּאָרט, וואָלף פרענק, י. ה. טיגער, יעקב גריכטער, מ. וואָלקאָוויטש, מ. קאַפּלאַן, וואָלף שפּירא, מ. א. רייכער, זקן שרייבער, אברהם־בינם

אייזן, פישל פּאַריז, אינז' פּאַליוואָדאַ, אהרן גליקמאַן, ה. ל. זיידמאַן און אַנדערע.

2 גמינע־בודזשעטן פאַר די יאָרן 1926 און 1927 וועלכע ליגן פאַר אונדז, כאַראַקטעריזירן די טעטיקייט פון דער קהילה אין ראַ־דאָמסק.

אינם בודזשעט פון יאָר 1927 לייענען מיר:

**הוצאות:**

א. פּאַרן ראַבינאַט — רב, 2 מורה־הוראות, שמש פאַרן רב; צוזאַמען — 14.650 זל.

ב. סינאַגאָגע — חזן, געהילף, שמשים, בעל־קורא, וועכטער, רעמאָנט, באַלייכטונג, קאַנאַליזאַציע, אתרוגים און אַנדערע ווירט־שאַפטלעכע אויסגאַבן; צוזאַמען — 7.150 זל.

ג. קאַנצעלאַריע — פּענסיע פאַר 3 באַאַמטע, לאָקאַל־באַהיי־צונג, באַלייכטונג, שרייב מאַטעריאַלן און באַדינונג; צוזאַמען — 7.870 זל.

ד. פּענסיע פאַר שוחטים; צוזאַמען — 24.700 זל.

ה. בית־הקברות — קברנים, שניידערס, וועכטער, תכריכים פאַר אָרעמע און אַנדערע אויסגאַבן; צוזאַמען — 3.850 זל.

ו. עמעריטור — די אלמנה פון חזן — 750 זל.

ז. סובסידיעס: שטיצע־פאָנד — 6.000 זל.; לערער אין תלמוד־תורה — 1.000 זל.; סובסידיע אין תלמוד־תורה — 1.500 זל.; איינשרייבגעלד פאַר אָרעמע שילער אין גימנאַזיע — 600 זל.; פאַראיין צו שטיצן אָרעמע קימפּעטאָרינס — 30 זל.; קינדער־היים — 400 זל.; אַקסילום אַקאַדעמיקום — 100 זל.; קרן־היסוד — 100 זל.; קנית ספרים — 150 זל.; לובלינער ישיבה — 200 זל.; מסבתא — 100 זל.; קרן הישוב — 150 זל.; מעדיצינישע הילף — 1.000 זל.; צוזאַמען — 11.650 זל.

ח. נישט פאָראויסגעזעענע אויסגאַבן — 2.100 זל.; צוזאַמען הוצאות — 72.720 זל.

**הכנסה:**

שחיטה — 53.404 זל.; שול — 674 זל.; בית־הקברות — 4.000 זל.; עטאַט־שטייער — 14.642 זל.; צוזאַמען — 72.720 זל.

די סובסידיע־פּאָזיציעס, וועלכע מאַכן אויס בערך 15% פונם בודזשעט, זענען אָבער געווען נישט רעאַלע, ווייל אויסער וואָס די אויפזיכט־מאַכט שטרייכט מאַנכע פּאָזיציעס און צוליב מאַנגל אין געלד, וואָס איז אַ כראָנישע קראַנקייט, ווערן אַ סך פּאָזיציעס נישט אויסגעצאָלט.

דער בודזשעט פאַרן יאָר 1927 זעט אויס פאָלגנדיק:

**אויסגאַבן:** ראַבינאַט — 15.250 זל.; שול — 7.350 זל.; קאַנ־צעלאַריע — 8.070 זל.; שחיטה — 24.648 זל.; בית־הקברות — 3.650 זל.; סובסידיעס און עמעריטור — 15.700 זל.; פאַרשידענע אויסגאַבן — 4.900 זל.; צוזאַמען — 79.568 זל.

**הכנסות:** שול — 744 זל.; שחיטה — 49.697 זל.; בית הקברות — 4.000 זל.; מקווה — 960 זל.; עטאַט־שטייער — 19.937 זל.; פאַרדינסט פון מצה־מעל — 4.200 זל.; צוזאַמען — 79.568 זל.

צו דעם אַנגענומענעם בודזשעט באַמערקט די „ראַדאָמסקער צייטונג" פון 16.1.1927: „דער דאָזיקער בודזשעט איז דורך דעם קהילה־ראַט אָנגענומען געוואָרן, ביי דער אַנוועזנהייט פון 6 דאָזאַ־רעס, אין אַלע 3 לייענונגען, טראָץ דעם, וואָס עס איז נישט געווען קיין קוואָרום".

אין די ווייטערדיקע יאָרן, האָט זיך די קהילה־טעטיקייט אין ראַדאָמסק נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון דער פאַרכישופטער פּאַרטיי־און קליינזל־פּאָליטיק. טראָץ דעם, וואָס אין דער קהילה האָבן זיך געפונען דאָזאָרעס מיט אַן אַנדער קוק אויפן געזעלשאַפטלעכן לעבן, זענען זיי אָבער געשטערט געוואָרן דורך די פּאַרטייען, ווי „אגודה", חסידים־שטיבלעך און אפילו יחידים, וואָס האָבן מיט דער הילף פון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען געצווונגען צו פאַרוואַנדלען די דעמאָ־קראַטיש־געוויילטע קהילה ווידער אין אַ „דאָזאָר־שטיבל", וואָס האָט ווייט נישט געבראַכט קיין כבוד דער יידישער רעפּרעזענטאַנץ.

אין דער „ר. צייטונג" פון 20.1.28 לייענען מיר: „די פּאָריקע וואָך איז אויף אַ ליציטאַציע, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דער קראַנקן־קאַסע, פאַרקויפט געוואָרן דאָס מעבל פונם זיצונגס זאַל א.ד.ג."

די אָפּאָזיציע, דאָס הייסט יענע אַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן געוואָלט פון די גמינע־אינסטאַנצן שאַפן די יידישע רעפּרעזענטאַנץ־אָרגאַנען, וואָס זאָלן אָנפירן מיט די קולטורעלע, און ווירטשאַפטלעכע באַדערפענישן ווי אויך מיט אַנדערע פּראָבלעמען אויף דער יידישער גאַס, האָבן ליידער אַחוץ שטורמישע זיצונגען מיט ליידנשאַפטלעכע דעבאַטן גאָרנישט געקאָנט אויספירן.

נישט נאָר, ס'איז נישט געלונגען די ציוניסטישע פאַרשטייער, דורכצופירן אַז די קהילה זאָל ערנסט באַהאַנדלען דאָס ארץ־ישראל פּראָבלעם, נאָר אויך פּראָבלעמען וועגן מצב פון די ראַדאָמסקער יידן, סיי עקאָנאָמיש סיי קולטורעל, זענען נישט באַהאַנדלט געוואָרן. כמעט די גאַנצע קהילה־טעטיקייט, האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום שוחטים, און דאָס גלייכן.

די אָרעמקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז כסדר גע־וואַקסן. דאָס האָט געצווונגען די גמינע־עסקנים, אין ווינטער, פאַנאַנ־דערצוטיילן איבער 500 קערץ קוילן און אויף פסח ביז 2.500 קילאָ מצות.

אויך די ווייטערדיקע קהילה־בודזשעטן זענען נישט געענדערט געוואָרן, נאָר ווידער זיך באַוועגט אין קרייז פון ראַבינאַט: שוחטים און בית הקברות. דאָס אַלץ האָט געווירקט נעגאַטיוו אויף דעם אינטערעס פון דער ראַדאָמסקער יידישער באַפעלקערונג צו דער גמינע. דער עטאַט איז וואָס ווייטער אַלץ וויניקער איינגעפּלאָסן, וואָס האָט געווירקט אויפן אויסצאָלן די פּענסיעס פאַרן ראַבינאַט אָדער באַאַמטע, שוין נישט רעדנדיק — פאַר די באַשטעטיקטע סוב־סידיעס דורך דער מאַכט.



בית הקהילה — דער בנין פון דער קהילה.

אין דער „ראַדאָמסקער צייטונג" פון 9.9.27 לייענען מיר: „...דען וואָס האָט די געמינע ביי אונז אויפגעטאָן פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ? איר „געשיכטע" באַווייזט דאָך קלאָר און דייטלעך אַז זי האָט נישט געהאַט קיין גרעסערן פּאַרנעם ווי זאָרגן פאַרן ראַבינאַט, שוחטים א.ד.ג. צו וואָס טויג דאָס גאַנצע קלאָפּערגעצייג און הארמידער? ווען פאַר דער שטאָט האָט מען ביז היינט נישט געטאָן כחוט־השערה. ווען די געמינע האָט אַפילו נישט געקאָנט ביז היינט געפינען די 2,000 זל. כדי צו פאַריכטן דעם דאַך פון דער שול, דורך וועלכן ס'גיסט זיך וואַסער און פאַרניכטעט דעם קינסטלעריש־געמאָלטן סופיט, וואָס איז — נעמענדיק אין אַכט די הערלעכע מאַלערײַ — אַן אבידה שאינה חוזרת. נישט רעדנדיק שוין וועגן די שול־געביידע גופא, וואָס פון דרויסן זעט זי שוין באַלד אויס ווי אַ חורבה".

און ווייטער: „צו איז זיך דעריבער צו וווּנדערן, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרלוירן דעם אינטערעס צו אונזער „סוווערענער רעליגיעזער מלוכה" און באַטראַכט זי נישט מער ווי פאַר אַ באַלאַסט אויף אירע פּלייצעס".

אַזוי האָט זיך געפירט ביז דעם 29.5.31 ווען עס זענען פאָרגעקומען נייע וואַלן צו דער יידישע קהילה אין ראַדאָמסק.

די „ראַדאָמסקער צייטונג" פון 29.5.31 ברענגט פאָלגענדע רשימה פון די וואַל־ליסטעס און זייערע צאָל מאַנדאַטן:

| | | |
|---|---|---|
| 1. רעכטע „פּועלי ציון", | 136 שטימען | — 2 מאַנדאַטן; |
| 2. לאָדזשער שטיבל, | 131 שטימען | — 2 מאַנדאַטן; |
| 3. ציוניסטישער בלאָק, | 102 שטימען | — 1 מאַנדאַט; |
| 4. קליינהענדלער, | 242 שטימען | — 4 מאַנדאַטן; |
| 5. האַנדווערקער, | 96 שטימען | — 1 מאַנדאַט; |
| 6. טאָמאַשאָווער שטיבל, | 67 שטימען | — 1 מאַנדאַט; |
| 7. „חברה קדישא", | 38 שטימען | — 0 |
| 8. אגודה, | 166 שטימען | — 3 מאַנדאַטן; |
| 9. אַלעקסאַנדער שטיבל, | 73 שטימען | — 1 מאַנדאַט; |
| 10. קצבים, | 75 שטימען | — 1 מאַנדאַט; |
| 11. גראָסמאַנס ליסטע, | 73 שטימען | — 1 מאַנדאַט; |
| 12. לינקע „פּועלי ציון" | 59 שטימען | — 0 |

און די צייטונג באַמערקט: „פונם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענשטעל קאָנען געמאַכט ווערן פאָלגענדע אויספירונגען. די ליסטע 1 פון די רעכטע פ.צ. האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. ד'ער ציוניסטישער בלאָק וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן טאָמאַשאָווער שטיבל, קאָן באַטראַכט ווערן אַלס צופרידנשטעלנדער, ווייל אַ סך ציוניסטן שטימען אויף אַנדערע ליסטעס ווי ווירטשאַפטלעכע און אַנדערע. אַ פאַראויסגעזעענעם זיג האָט אָפּגעהאַלטן די ליסטע 4 פון די קליינהענדלער."

„דער צוזאַמענשטעל פון דער קהילה באַשטייט פון פאָלגענדע פּערזאָנען: זקן שרייבער, וואָלף שפּירא, ה. ל. זיידמאַן, ח. יאַקובאָוויטש, אַ. מ. וואַקסמאַן, מ. בערגער, י. ח. זינגער, ש. ל. וויטנבערג, ב. גאַנשעראָוויטש, מ. פּאָליוואָדאַ, יעקב אָפּמאַן, יצחק שפּירא, קראַקאָווסקי, י. ח. טיגער, קאַטלעסקי, יוסף בערגער, און אברהם גראָסמאַן."

אין דער אויבנדערמאָנטער צייטונג פון 17.7.31 לייענען מיר פאָלגענדן אויפרוף פון דער מערהייט געוויילטע ראַטמענער:

„אַ ווירדיקן ענטפער האָט איר געגעבן דעם 29טן מאַי די יעניקע וואָס האָבן אין דער קהילה געשאַכערט אין פערלויף פון 7 יאָר. אַ דאַנק אייער קלאָרן פאַרשטאַנד און אָריענטאַציע, האָט איר אויסגעוויילט אין דער קהילה מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען



אַ דעלעגאַציע פון דער יידישער קהילה (מיטן רב בראש), בעת אַן אַלגעמיין־שטאָטישע כּ״ערונג אין טאָג פון פּוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב פון 3־טן מאַי.

פון רעכטס: ה. ל. זיידמאַן, יוסף בערגער, נח זאבערמאַן, משה בערגער (קהילה־פּרעזעס), הרב דמתא מענדל פרענקעל, אברהם גראָסמאַן, י. ד. פייטלאָוויטש, יעקב אָפּמאַן.

און אנשויאונגען, פון אלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג וועלכע ס'פאַראייניקט איין ציל: צו סאַנירן און געזונט מאַכן די ווירטשאַפט פון דער קהילה. אין דער דאָזיקער ניי־געשאַפענער לאַגע, מיט די ריינסטע און ערלעכסטע כוונות, זענען מיר גרייט צו אָפּפערן אונזער ענערגיע און מי, און דערפילן די פליכט וועלכע איר 1.200 וויילער — האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט".

די „אגודה" פאָרשטייער, וועלכע האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע דעם באַרימטן פּאַראַגראַף 20, לויט וועלכן מען האָט געקאָנט שטרייכן פון דער וויילער־ליסטע יעדן ייד וואָס איז — לויט זייער מיינונג — נישט גענוג רעליגיעז, האָבן דאָך נישט געקאָנט ביישטיין דעם שטאַרקן אַנטי־אגודה'שן דרוק פון די וויילער. עס האָט זיך געשאַפן אַ בלאָק פון נאַציאָנאַלע עלעמענטן, געשטיצט דורך די פאָרשטייער פון ווירטשאַפטלעכע יידישע אינסטיטוציעס.

דער ראַדאָמסקער יידישער קיבוץ — צוגלייך מיטן גאַנצן פּוילישן יידנטום — לעבט איבער אין אָט יענע יאָרן, איינע פון די שווערסטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צייטן. די אַנטי־יידישע פּאָליטיק פון די סאַנאַציע־רעגירונגען דערפירן צו אַן אַלץ שטאַרקערער פּויפּעריזאַציע פון די יידשע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען צוליב דער באָיקאָט־אַגיטאַציע א.ד.ג. ליידער איז אויך אָט די קאַדענץ פון דער יידישער קהילה נישט געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך. אינערלעכע פּאַרטייאישע אַרומרייסענישן און „קלייזל"־פּאָליטיק דערמעגלעכן נישט אויפצוהויבן דעם פּרעסטיזש פון דער קהילה. גאָר אָפט ווערן אַריינגעטראָגן צו דער מאַכט פאַרשידענע אַנקלאַגעס און דאָס דערפירט אין יאָר 1936 צו נייע וואַלן וועלכע האָבן אָבער נישט פיל פאַרבעסערט די סיטואַציע אין דער קהילה. ביי אָט די וואַלן זענען פאָרגעקומען קליינע ענדערונגען אינם צוזאַמענשטעל. פון די רעכטע „פּועלי־ציון" איז געוויילט געוואָרן אברהם־בינם אייזן א.ז.וו.

וועלנדיק געטריי אָפּשפּיגלען די לעצטע יאָרן פונם ראַדאָמסקער יידישן קיבוץ, האָבן מיר זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער אין אונדזער רעכטלעך־דעמאָקראַטיש־געוויילטער קהילה.

# אין דער אלגעמיינער שטאט־פארוואלטונג

ד. ר.

מיט דער אנטשטייאונג פונם אומאָפּהענגיקן פּוילן, אין יאָר 1918, איז רייף געוואָרן דער געדאַנק, פון מוניציפּאַלע וואַלן, אויף דעמאָקראַטישע יסודות. אמת, אין די יאָרן 1914/16, אין דער צייט פונם ערשטן וועלט קריג, זענען בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פאָרגעקומען אין די גרעסטע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדז, טשענ־סטאָכאָוו און אַנדערע, וואַלן צו די שטאָט־ראַטן, לויטן „קוריע"־סיסטעם. יעדער שיכט פון דער באַפעלקערונג האָט געוויילט אין באַזונדערע „קוריעס" און אין דער לעצטער „קוריע" האָבן געוויילט די יעניקע בירגער, וועלכע האָבן אין די איבעריקע „קוריעס" נישט געהאַט קיין וואַלרעכט. אָבער אין עסטרייכישן גענעראַל־גובער־נאַמענט, צו וועלכער עס האָט אויך געהערט ראַדאָמסק, זענען קיין שטאָט־ראַט וואַלן נישט פאָרגעקומען.

דער בורמיסטזש פון דער שטאָט איז געווען אַ נאָמינירטער — פון דער צאַרישער מאַכט — ביזן ערשטן וועלט־קריג, און פון דער עסטרייכישער מיליטער פאַרוואַלטונג — אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה. די שטאָט־פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פונם בורמיסטזש, און אייניקע נאָמינירטע בירגער אַלס זיין בייראַט. ביז צום אויסברוך פונם ערשטן וועלט־קריג, איז פון דער יידישער באַפעלקערונג געזעסן אין מאגיסטראט ה' גבריאל גאָלדבערג, וועלכן מען האָט גערופן דער „צלאָנעק" (פאַרגרייזט פונם פּוילישן וואָרט „טשלאָנעק").

בכלל, האָט צו יענער צייט, נישט געהאַט די טעטיקייט פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען אַזאַ פאָרם ווי היינט. צו פאַרשענערן די שטאָט, האָט קיינער נישט געטראַכט און אויך קיין רעכט געהאַט. דאָס האָט דערליידיקט דער גובערנאַטאָר, געבליבן פאַרן מאַגיסטראַט איז בלויז איינצוקאַסירן די שטייערן, צו רעפּרעזענטירן אויף פייע־רינגען, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער רוסישער מאַכט. אין צייט פון די „גאַלוווקעס", האָט דער בורמיסטזש אָנגעטאָן זיין צערעמאָניאַלן נאַפּאָלעאָנסקן הוט מיט די 2 דעכלעך פון פאָרנט און הינטן, אַרומגעזוימט מיט גאָלדענע בענדלעך, און געקומען אין שול אַריין, ווו עס זענען געווען פאַרזאַמלט די קינדער פון דער פאָלקס־שול און חדרים. דער חזן האָט געמאַכט דעם „הנותן־ישועה" פאַרן צאַר און זיין פאַמיליע און מען האָט געזונגען דעם רוסישן הימנון „באָזשע צאַריאַ כראַני".

אין די דאַמאָלסדיקע בודזשעטן פון מאַגיסטראַט, האָט פיגורירט אַ פּאָזיציע: „דאָזאָר באָזשניצי". דער מאַגיסטראַט האָט, צום ביישפּיל, פאַרקויפט די „שטעט" אין דער שול אויף אַן עפנטלעכער ליצי־טאַציע, אַדורכגעפירט דורך אַ ספּיעציעלן באַאַמטן, און איינקאַסירט דאָס געלט. ער פלעגט אויך באַקומען צוגעשיקט דעם חשבון פאַר נאַפט, ליכט און בעזעמער פון דער שול. ערשט שפּעטער איז געזעסן אין מאַגיסטראַט דער ה' אברמ'טשע מינסקי, אַלס נישט־געצאָלטער באַאַמטער, וועלכער האָט זיך בעסער אָריענטירט אין די ביכער, ווי דער גאַנצער מאַגיסטראַט מיטן בורמיסטזש צוזאַמען. אַזוי האָט מער ווייניקער אויסגעזען די „שטאָט־פאַרוואַלטונג" פון ראַדאָמסק ביזן יאָר 1919, ווען פּילסודסקי האָט — אַלס שעף פון פּוילן — אַרויסגעגעבן זיין באַרימטן דעקרעט, וועגן דעמאָקראַטישע וואַלן צו די פּוילישע מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען.

די יידישע באַפעלקערונג איז געשטעלט געוואָרן פאַר גאָר אַ נייעם פּראָבלעם, ווען עס זענען באַשטימט געוואָרן די וואַלן צום ערשטן שטאָט־ראַט אין ראַדאָמסק. אמת, אין די לעצטע יאָרן, איז דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטיי־לעבן אויף דער יידישער גאַס געווען באַדייטנד אַנטוויקלט, באַזונדערס צווישן די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, דאָך האָט די וואַל־אַגיטאַציע געדאַרפט זיין אַ זייער אינטענסיווע, כדי קלאָר צו מאַכן די יידישע באַפעלקערונג וואָס עס באַדייטן די וואַלן צו דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. טראָץ געוויסע נישט־גינסטיקע פּאַראַגראַפן פון דער וואַל אָרדינאַציע איז געלונגען דער יידישער באַפעלקערונג צו באַקומען אַ געהעריקע פאַרטרעטונג ביי דעם ערשטן געוויילטן שטאָטראַט אין **ראַדאָמסק.**



דער בנין פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (מאַגיסטראַט)

אויך אויף דער נישט יידישער גאַס, איז דער קאַמף צווישן די רעכטע און לינקע כוחות, געווען זייער אַ פאַרביטערטער. די שטאָט־ראַט וואַלן האָבן געדאָרפן אָפּשפּיגלען, די אַלגעמיינע פּאָלי־טישע סיטואַציע, וואָס האָט דאַמאָלסט געהערשט אין פּוילן. די פּ.פּ.ס. האָט אַ דאַנק איר ענערגישן יונגן פּראָפעסיאָנאַל ה. לענק און מיט דער הילף פון די יידישע שטימען באַקומען אַ מערהייט אין ערשטן שטאָט־ראַט.

דאַן איז אַנטשטאַנען אַ פּראָבלעם: ווער זאָל זיין דער ערשטער בורמיסטזש אין דער דעמאָקראַטיש־געוויילטער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דער איינציקער קאַנדידאַט פון דער פּ.פּ.ס. איז געווען **דער יונגער** סטאַראָסטעצקי, אַ זון פון אַ פּויער, וואָס איז אויפן וועג צו ווערן אַ גלח, געוואָרן אַ מיטגליד פון דער פּ.פּ.ס. אָבער ווען מען **האָט** אים פאָרגעלייגט דעם מאַנדאַט האָט ער דערקלערט, אַז לויט **זיין**

מיינונג, דאַרף אַ בורמיסטזש פון דער שטאָט זיין אַ בעל־בתּישער מענטש „מיט אַ בייכל" און נישט ער, נאָך אַ בחור.* סוף כל סוף האָט ער דעם מאַנדאַט אָנגענומען, און אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ערשטער בורמיסטזש פון דער דעמאָקראַטיש־געוויילטער שטאָט־פּאַרוואַלטונג אין ראַדאָמסק.

די יידישע באַפעלקערונג האָט אויך באַקומען 1 פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט (לאַווניק). דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די רעכטע פּוילישע עלעמענטן, מיט די ענדעקעס בראש, צו פירן זייער אַנטי־סעמיטישע טעטיקייט און אַנטי־יידישן קורס. אויך די פּ.פּ.ס. קאָן מען נישט צושרייבן קיין גרויס פאַרשטענדעניש פאַר די יידישע נויטן און פאַרלאַנגען. בכלל, איז די דאַמאָלסדיקע פּאָליטישע סיטואַציע אין פּוילן, געווען ווייט פון סטאַביליזאַציע. באַלד נאָך דער מלחמה, האָט זיך פּוילן ווידער פאַרפּלאָנטערט אין אַ מלחמה מיט דער יונגער סאָוויעטן־מאַכט. די אינערלעכע פּאָליטישע אַרומ־רייסענישן פאַר דער העגעמאָניע איבערן פּאָליטישן לעבן, האָט זיך דאָך געמוזט זייער קלאָר אָפּשפּיגלען אין דעם לאָקאַלן פּאָליטישן לעבן פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג.

ביי די קומענדיקע וואַלן צום שטאָט־ראַט, איז שוין דאָס אַלגע־מיינע בילד געווען גאָר אַן אַנדערער. אויף דער פּוילישער גאַס האָבן געזיגט די רעכטע עלעמענטן, און אַלס בורמיסטזש איז געוויילט געוואָרן זייער פאָרשטייער דער ה' שוואַדאָווסקי. זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אַז די טעטיקייט פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג איז אין יענער צייט געווען זייער פיינטלעך כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ זייער כאַראַקטעריסטישן פאַקט פון דער דאַמאָלסטיקער צייט איז ווערט צו פאַרצייכענען:

לייזער גליקסמאַן, אַ פרייוויליקער פון פּילסודסקיס לעגיאָן, האָט באַמערקט, אַז אין מאַגיסטראַט הענגט פּילסודסקיס בילד אָן אַ גלאָז. אויף זיין ווענדונג צום ענדעקישן לאַווניק, מען זאָל אים דערלויבן צו פאַרגלאָזן דעם פּאָטרעט אויף זיין חשבון, האָט אים דער לאַווניק אָפּגעשיקט צום בורמיסטזש. דער לעצטער האָט אים דערקלערט: „פּילסודסקי איז אַ בונטאָווניק, קאָנסט זיין בילד אַרויסוואַרפן אויפן מיסט". ווען ה' לענק האָט דעם פאַקט איבערגעגעבן אויף אַ מאַסן־מיטינג פון דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט, האָבן זיך געהערט אויסרופן: „אויפהענגען דעם מאַגיסטראַט"!

אין יאָר 1926, האָט די מאַי־איבערקערעניש פון פּילסודסקין געענדערט די פּאָליטישע סיטואַציע אין פּוילן, אַזוי אַז אין יאָר 1927 קומען ווידער פאָר וואַלן צום שטאָט־ראַט: צום ערשטן מאָל אין יוני, וועלכע מ'האָט גלייך בטל־געמאַכט, און צום צווייטן מאָל אין דעצעמבער.

אין יוני זענען געוויילט געוואָרן 7 יידישע ראַטמענער אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 24, און אין דעצעמבער 8 ראַטמענער: יעקב־שמואל האַזע, ישעיה ראָזענבלאַט, מ. פּאָליוואָדאַ, ד"ר גליקמאַן, ראובן נייקראָן, דוד סאָבאַל, דוד בוגייסקי, און יצחק שפּיראָ. דעם „בונד" האָט געפעלט אַ קליינע צאָל שטימען צו באַקומען אַ מאַנ־דאַט, און דעם בלאָק פון די רעכטע „פּועלי ציון", מיט די האַנטווער־קער האָט געפעלט אייניקע שטימען צום צווייטן קאַנדידאַט** (די רעכטע פּ. צ. זענען געבליבן אָן אַ מאַנדאַט).

לויט דעם פּאַרטייאישן צוזאַמענשטעל, האָט דער געוויילטער שטאָט־ראַט פאָרגעשטעלט אַזאַ בילד: פּ.פּ.ס. — 9 מאַנדאַטן; ענ־דעקעס — 5; כאַדעקעס — 2; בירגערלעכער יידישער בלאָק — 4; אומפּאַרטייאישע יידן — 2; לינקע פּ. צ. — 2.

נאָך זייער לאַנגע פאַרהאַנדלונגען, איז געוויילט געוואָרן אַלס בורמיסטזש דער קאַנדידאַט פון דער פּ.פּ.ס. ד"ר פיידאַק, וויצע. ה. קאָזיעלאָ (אויך פּ.פּ.ס.־לאַווניק), ה' ציגאָנקעוויטש און ה' האַזע פון די לינקע „פּועלי ציון" (די 4 פּערזאָן שטעלן מיט זיך פאָר דעם מאַגיסטראַט). אינטערעסאַנט צוצוגעבן, אַז דער ה. נייקראָן, וועלכער האָט קאַנדידירט אויף דער רשימה פון די רעכטע פּוילישע ראַט־מענער אַלס לאַווניק, האָט קוועסטיאָנירט די וואַלן פון ה. האַזע, אַלס לאַווניק, און איבערגעגעבן דעם ענין צו דער העכערער מאַכט, וועלכע האָט אין אַ שפּעטערן טערמין באַשטעטיקט דעם ה' האַזע אַלס לאַווניק (דאָס הייסט אַלס מיטגליד פון דער שטאָט־פּאַרוואַל־טונג).

„אונזער צייטונג" פון 23.3.1928 גיט איבער וועגן אַן אינטערע־סאַנטן „שפּראַכן־קאַמף" צווישן 2 יידישע ראַטמענער — דעם לאַווניק האַזע און ראַטמאַן נייקראָן:

„ווען ה' האַזע האָט פאָרגעלייענט זיין פּאָליטישע דעקלאַראַציע אינם נאָמען פון די לינקע פּ. צ. און פּאָדערט צווישן אַנדערן — רעכט פאַר יידיש אין די שטאָטישע אַמטן, א.ד.ג. און נאָך דעם אָנגע־הויבן לייענען אויף יידיש די זעלבע דעקלאַראַציע, האָבן די רעכטע פּוילישע ראַטמענער געמאַכט אַ גרויסן טומל. דער פאָרזיצער האָט אָפּגעשטעלט דעם רעדנער מיט דער באַמערקונג: „הגם יעדע נאַציע האָט רעכט צו באַניצן זיך מיט איר שפּראַך, דאָך איז אין שטאָט־ראַט די אָפיציעלע שפּראַך פּויליש."

ווייטער לייענען מיר אין דער צייטונג: „ראַטמאַן נייקראָן פּאָלעמיזירט מיט ה' האַזע, אַז די פראַגע פון דער „מוטער־שפּראַך" יידיש איז נאָך ווייט נישט דערליידיקט, מחמת אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האַלט, אַז די מוטער־שפּראַך איז העברעאיש."

טראָץ דער לינקער מערהייט, פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג, איז דער קאַמף פון דער יידישער פאָרשטייערשאַפט נישט קיין קלע־נערער. נישט געקוקט אויף די אַלע צוזאָגן, וועגן סובסידירן יידישע אינסטיטוציעס דורך דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג, ווערן אויסגענוצט געוויסע „פּרינציפּיעלע" אַרגומענטן, ווי דער נאָמען „תלמוד־תורה" אד"ג צוליב וואָס די לינקע קאָנען נישט שטימען. דאָך געלינגט טייל־


זומער־קאָלאָניע פאַר יידישע קינדער, אויסגעהאַלטן דורכן מאַגיסטראַט(1930). אין צענטער שטייט דער יידישער לאַווניק יעקב־שמואל האַזע.

* איבערגעגעבן פון איינעם וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער דעלעגאַציע.

** הגם אין יוני האָבן די רעכטע פּ. צ. אַליין דורכגעפירט אַ ראַטמאַן.

מאָל, דורך אַ געמיינזאַמען קאַמף פון אַלע יידישע ראַטמענער, צו דערגרייכן קליינע סובסידיעס פאַר יידישע בילדונג־און קולטור־צוועקן ווי אויך פאַר טעטיקע אינסטיטוציעס. אָבער די אויפזיכטס־מאַכט איבער דער שטאָט וואַרפט כמעט שטענדיק אָפּ אָדער פאַר־קלענערט די דאָזיקע סובסידיעס.

לויט דער אויבנדערמאָנטער צייטונג, פאַרשאַפט נישט דער קאַמף צווישן די לינקע און רעכטע יידישע ראַטמענער קיין איבע־ריקן כבוד דער יידישער באַפעלקערונג. עס זענען אפילו פאָרגעקומען פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן די אָדער יענע יידישע ראַטמענער. מיר פאַרצייכענען עס נאָר, כדי צו באַווייזן די „התלהבות" פון די יידישע ראַטמענער ביים פאַרטיידיקן די רעכטע אָדער לינקע „פּרינ־ציפּן" פון זייערע בלאָק־שותפים.

די „ראַדאָמסקער־צייטונג" פון 8.3.29 ברענגט פאָלגנדע באַ־שטעטיקטע ציפערן פון יידישע סובסידיעס: תלמוד־תורה — 1.500 זל.; גמילות־חסדים־קאַסע — 1.000 זל.; בית־יעקב שולע — 250 זל.; קינדער־היים — 2.000 זל.; קינפעטאַרין־פאַראיין — 1.500 זל.; „התאחדות" ביבליאָטעק — 300 זל.; האַנדווערקער ביבליאָטעק — 650 זל.; שלום־עליכם ביבליאָטעק — 300 זל.; ביבליאָטעק ביי די אוונט קורסן — 650 זל.; „ייווא" אין ווילנא — 350 זל.; און „אקסיליום אַקאַדעמיקום" — 250 זל. צוזאַמען — 7.750 זל. (אויף אַן אַלגעמיינעם בודזשעט פון 768.417 זל.).

ליידער האָט דער קרייז־סיימיק, אויך די אויבנדערמאָנטע סוב־סידיעס פאַרקלענערט מיט 3.000 זל. די אויבנדערמאָנטע צייטונג גיט אויך איבער די רעדעס פון ה. נייקראַן און ה. האַזע וועגן דעם ענין. ה. נייקראַן ווייזט אָן: „דער בודזשעט איז אייגנטלעך נאָר אַ פּאַר־טיי־בודזשעט. די דריי הונדערט טויזנט זל. וואָס דער מאַגיסטראַט באַקומט פון שטייערן, זענען 85% פון יידן. און טראָץ דעם באַקומט די יידישע באַפעלקערונג נאָר גראָשנס אויף זייערע אינסטיטוציעס".

הער האַזע, אין זיין בודזשעט־רעדע, ווייזט אָן אויף די גרויסע עוולה'ס וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג באַגייט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג: „אַלץ רעדט וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, אָבער אין דער ווירקלעכקייט זעט עס אויס זייער טראַגיש. אויף דער צאָל פון 90 אָנגעשטעלטע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זענען פאַראַן נאָר 4 יידן, שוין אַריינגערעכנט די יידישע לערער וועלכע אַרבעטן פאַר גראָשנס. מיר האָבן גערעכנט, אַז אונדזערע קריסטלעכע חברים־סאָציאַליסטן וועלן אונדז פאַרשטיין. מיר זענען אָבער ביז איצט אַנטוישט."

דער רעדנער פּאָלעמיזירט מיט די יעניקע וועלכע זאָגן, אַז דער יידישער אַרבעטער איז נישט געווינט צו אַרבעטן. ער זאָגט: „אין פיל לענדער ווי פראַנקרייך און אַנדערע, אַרבעטן יידישע אַרבעטער אין קוילן־גרובן א.ד.ג. און אויב דאָס איז נאָך ווייניק, גייט קיין פּאַלעסטינע וועט איר זיך איבערצייגן ווי אַזוי יידישע אַרבעטער אַרבעטן."

ער פאַרלאַנגט, אַז שטייערן זאָלן צאָלן נאָר די פאַרמעגלעכע און די אָרעמע זאָלן פולשטענדיק באַפרייט ווערן פון צאָלן שטייערן.

אין יאָר 1930 איז דער ד"ר פיידאָק אָפּגעשטעלט געוואָרן אַלס בורמיסטזש פון ראַדאָמסק. דעם 1טן מערץ 1931 האָבן ווידער געזאָלט פאָרקומען וואַלן צום ראַדאָמסקער שטאָט־ראַט. די פּוילישע באַפעל־קערונג גייט אין 2 בלאָקן: פּ. פּ. ס. און אַלע רעכטע פּוילישע פּאַרטייען, ווי „נ. ד.", „כ. ד." און אפילו די „ב. ב." (דאָס איז די פּאַרטיי וואָס איז ביי דער מאַכט זינט פּילסודסקיס איבערקערעניש אין מאַי 1926). דאַקעגן אויף דער יידישער גאַס, איז די צעברעקלונג זייער שטאַרק. ה. האַזע איז אַריבער פון די לינקע „פּ.צ." צום „בונד" און פירט זייער ליסטע א.ז.וו. א.ז.וו. אָבער אין דער לעצטער מינוט זענען די וואַלן אָפּגערופן געוואָרן און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ רעגירונגס קאָמיסאַר — דער פירער פון דער אָרטיקער „ב. ב." ה. סימאַן. דאָס הייסט, אַז די שטאָט פאַרוואַלטונג וועט געפירט ווערן לויט דער אַלגעמיינער פּאָליטיק אין לאַנד, לויט דער אַנטיסעמיטישער ריכטונג פון סקלאַדקאָווסקיס „אָוושעם", דעם סופּער־אַנטיסעמיטישן „אָזאָן" און ד. ג. אַזוי צום ביישפּיל לייענען מיר אין דער „ראַדאָמסקער־צייטונג": „ווי עס זאָל נישט זיין, צי מיט כוונה אָדער צופעליק, איז איצט צוריקגעשטעלט געוואָרן דער „סטאַ־טוס־קוואָ" פון פּאַניעס צייטן. אין אָרטיקן מאַגיסטראַט אַ חוץ דעם ה. אברהמ'טשע מינסקי — אַרבעט שוין נישט מער קיין איין יידישער באַאַמטער. די נייע לייטונג האָט באַזייטיקט דעם ה. האַראַ־וויטש פון זיין אַמט.

✶

מיר האָבן זיך ביז איצט אָפּגעשטעלט נאָר אויף דער יידישער לאַגע אין ראַדאָמסק, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָרטיקער מוניצי־פּאַלער מאַכט. פאַר דער שטאָט ראַדאָמסק, איז אָן שום ספק, די לעצטע דערמאָנטע שטאָט־פאַרוואַלטונגען — זינט דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט פון 1918 — געווען אַ גרויסע ברכה. די שטאָט האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. עס זענען צוגעקומען פיל גער־טנער און פּאַרקן. אויך די שול־נעץ איז אויסגעברייטערט געוואָרן, דאָס זעלבע ווזין־פּערטלען א.ד.ג. ליידער האָט די יידישע באַפעל־קערונג פון דעם אַלעם גאָר ווייניק גענאָסן. פּאַרקערט: קיינער פון די מאַכטהאָבער, נישט אין פּוילן בכלל, און נישט אין ראַדאָמסק בפרט, האָט נישט געזאָרגט פאַר יידישער באַפעלקערונג אין אירע נויטן, און אַמווייניקסטן די לעצטע מאַכט־האָבער, ווי מיר האָבן זיי פאַרצייכנט אויבן. זיי האָבן אין דער לעצטער צייט, פאַרן אויסברוך פונם צווייטן וועלט קריג, אין דער צייט פונם בעק־היטלער אָפּמאַך, ממש זיך פאַרכליניעט פון די גרויסע דערגרייכונגען אויפן אַנטי־יידישן געביט ביי די דייטשע שותפים. מיט אַלע מעגלעכקייטן, האָט די הערשנדע סאַנאַציע־מאַכט, געפּרוווט איבערצושטייגן אין איר אַנטיסעמיטיזם, אפילו די געשווירענע „ענדעקעס" און די ברוד־טאַלסטע „נאַראָדאָווצעס". כסדר האָט מען פאַרגרעסערט די אַנטי־



דער יידישער קאָמיטעט וואָס האָט פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה (1939) אַדורכגעפירט אַן אַלגעמיינע געלט־אַקציע פאַר שטאַרקן די מיליטערישע לופט־קרעפטן פון פוילן.

סעמיטישע טענדענץ און אנטי־יידן פּאָליטיק אויפן עקאָנאָמישן געביט. די באָיקאָטן, פּיקעטן און „אַנטי־סטראַגאַנעס״ פּאָליטיק, האָבן דערפירט אפילו צו פּאָגראָמען אין יידישע שטעט. דאָס האָט נישט אָפּגעשראָקן די פּאָליטיק פון רידז־שמיגלי, סקלאַדקאָווסקי און פּול־קאָווניק קאָץ. נישט נאָר האָט מען זיך געקוויקט מיטן אַנטי־שחיטה־געזעץ פון דער פּריסטעראָוואַ, נאָר אָפּן געפּריידיקט דעם אַריער־פּאַראַגראַף וואָס מען דאַרף איינפירן אין פּוילן.

דאָס אַלץ, האָט דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַדאָמסק, אין דער צייט — ערב דעם צווייטן וועלט קריג — פאַרפינצטערט דאָס לעבן.

# די „חברה־קדישא״ און אירע עסקנים

י. לעהמאַן – י. רודניצקי

## א. חסד של אמת

ביי יידן איז די „חברה־קדישא״ שטענדיק געווען איינע פון די נייטיקסטע, אויב נישט די סאַמע נייטיקסטע אינסטיטוציע פונעם קהל. די דאָזיקע חברה איז געווען די ערשטע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יעטוועדן יידישן ישוב, אין סאַמע אָנהויב פון זיין אַנטוויקלונג, טייל מאָל, נאָך איידער עס איז געווען אויפן אָרט אַ בית־הקברות. נאָך דאַן, ווען מען האָט געדאַרפט פירן אַ בר־מינן קובר זיין אין נאָענטסטן שטעטל, האָבן זיך שטענדיק געפונען עטלעכע יידן, וועלכע האָבן געוווסט די דיני־טהרה, געטאָן דעם מת זיין „רעכטס״ אויפן אָרט, און דערנאָך אַוועקגעפירט אין נאָענטסטן ישוב קובר זיין.

בדרך כלל איז דער פּינקס פון דער „חברה־קדישא״, מיט זיינע פאַרצייכענונגען און תקנות, שטענדיק געווען אַ וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר היסטאָריקער, צו לערנען די געשיכטע און לעבנס־שטייגער פון יידישע קהילות. די ראַדאָמסקער „חברה־קדישא״ האָט אַוודאי אויך געהאַט איר פּינקס און טראַדיציע, לײדער איז דער פּינקס פאַרשוווּנדן, צוזאַמען מיט דער „חברה־קדישא״ און מיטן גאַנצן יידישן ישוב. מיר ברענגען, דעריבער, בלויז אַ ביסל זכרונות, וואָס מיר האָבן צוזאַמענגעקליבן וועגן דער דאָזיקער חברה, אין דער לעצטער תקופה.

די „חברה־קדישא״ אין ראַדאָמסק איז באַשטאַנען פון דריי גרופּעס חברים: „מתעסקים״ (טעטיקע), „חייטים״ (שניידער) און חברי־כבוד״ (ערן־מיטגלידער). דער יסוד און עמוד־התווך פון דער חברה זענען געווען די „מתעסקים״: אויף זיי איז געלעגן דער חוב אַדורכצופירן די טהרה און די אַלע אַרבעטן וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער לוויה און קבורה. צווישן דער גרופּע האָט שטענדיק געמוזט זיך געפינען איינער אַ בן־תורה, אַ בקי אין די אַלע דינים און מנהגים, וואָס מען באַדאַרף אָפּהיטן — פון דער גסיסה ביז צום פאַרענדיקן די קבורה („סתימת־הגולל״). דערביי האָט ער אויך באַדאַרפט קענען דעם „מעבר־יבוק״ און אויך יענע מנהגים, וואָס האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין יעדער שטאָט באַזונדער. אַחוץ דעם, האָבן צווישן דער דאָזיקער גרופּע באַדאַרפט זיין מענטשן מיט פיזישן כוח, ווייל די אַרבעט איז געווען אַ שווערע.

דער גרעסטער טייל פון די „מתעסקים״ זענען געווען פּשוטע באַלעבאַטישע יידן, ס׳רוב בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן די אַרבעט פון דער „חברה־קדישא״ געטאָן נאָר לשם מצווה, טייל מאָל ממש מיט מסירות־נפש. ספּעציעל נישט לייכט איז געווען די אַרבעט, בעת מען האָט באַדאַרפט אַדורכפירן די טהרה אויפן בית־הקברות, אין דער טהרה־שטיבל. בדרך־כלל איז די טהרה אַדורכגעפירט געוואָרן ביים מת אין שטוב, לכבוד המת. בלויז אין פאַל פון אַ מת־מצווה, אָדער ווען אַ פרעמדער ייד איז צופעליק געשטאָרבן אין ראַדאָמסק, איז די טהרה אַדורכגעפירט געוואָרן אויפן בית־הקברות. דאָרטן איז געווען אַ טהרה־שטיבל, אָבער די כלים און די אַנדערע נויטיקע זאַכן האָט מען באַדאַרפט ברענגען, יעדעס מאָל, פון שטאָט. די „מתעסקים״ אַליין האָבן דאָס געדאַרפט אַרויסברענגען און טראָגן אייניקע קילאָמעטער צופוס.

די „מתעסקים״ זענען שטענדיק געווען גרייט צו דערפילן דעם חוב, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען. זיי פלעגן צו־יעדער צייט אָן תרעומות פאַרלאָזן זייערע אַרבעטן און פּרנסות און זענען געגאַנגען טאָן די מצווה. נישט איין מאָל איז אויסגעקומען צו גיין צופוס, ביי אַ שטאַרקן פראָסט, אייניקע קילאָמעטער ביזן בית־הקברות, און דאָרטן פיזיש שווער אַרבעטן. נישט איין מאָל האָט מען געדאַרפט טוישן דעם קברן און די האַק, ביים גראָבן דעם קבר, ווייל די ערד איז געווען פאַרפרוירן. דאָס גראָבן דעם קבר האָט טייל מאָל געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אין אַזאַ פאַל, פלעגט דער זייטיקער עולם זיך בדרך־כלל אָפּטראָגן, ווייל דער פראָסט האָט געברענט. אָבער די משפחה פונעם מת, און כמעט אַלע „חברה־קדישא״־לייט, זענען תמיד געבליבן אויפן אָרט, ווייל מען האָט דאָך נישט געקענט דערלאָזן צו הלנת־המת און אַדורכפירן „סתימת־הגולל״ אָן אַ מנין.

אין די גרויסע שטעט, איז שוין אין דער לעצטער תקופה דער ענין קבורה געווען מאָדערניזירט, דורך איינפירן ספּעציעלע כלים און דינגען מענטשן צו דער טהרה. דאָרט האָט מען אויך נישט אַזוי שטאַרק מקפּיד געווען אויף אַלע מנהגים, בעיקר ביי אומבאַקאַנטע יידן. אין ראַדאָמסק, אָבער, איז יעטוועדער טויט־פאַל געווען אַ שטאָט־געשעניש, ווייל מען האָט געקאָנט יעדן מענטשן און ממילא האָט דער ענין פון „חסד־של־אמת״ געטראָגן אַ פאַמיליאַרן כאַראַקטער. עס האָט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן מוותר זיין, אָדער זיך גרינגער מאַכן, אין ענינים וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו כבוד־המת.

די צווייטע גרופּע אין דער „חברה־קדישא״ איז געווען די „חייטים״ — שניידער, וועלכע האָבן גענייט די תכריכים פאַרן מת. אויך זיי האָבן נישט גענומען געצאָלט פאַר זייער אַרבעט. די שניידער זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נאָכן פאַרענדיקן דאָס נייען די תכריכים אָנטייל גענומען אויך אין דער טהרה און אין דער קבורה.

צווישן די „מתעסקים״ און „חייטים״ פון „חברה־קדישא״, אין דער תקופה פון דער ערשטער ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען געווען די פאָלגענדיקע: יעקב־יהושע זעליגמאַן, יחזקאל שו״ב, יצחק בענדלמאַכער, העניך ווייס (העניך־פישל קאָצקער), משה־בנימין לעהמאַן, יעקב־דוד פייטלאָוויטש, שמואל זיינוויל (פישער), אברהם לעדערמאַן (דעם לאָמען יעקלס איידעם), ישראל וואָלדפאָגעל (ישראל „כהן גדול״), י. ברענער, אברהם גערשאָנאָוויטש, מאיר בעקער (דער פאָטער פון לייבל גערשאָנאָוויטש, ראש־הישיבה פון „כתר־תורה״ אין טשענסטאָכאָוו), דוד זאַיאָנץ, יצחק אפּמאַן (קצב), שלמה צווילינג (גלעזער), **פייוול פּאַרזענטשעווסקי**

(שניידער), שייע קאַמעלגאַרן (שניידער), מאיר־אהרן רודניצקי (שניידער), פנחס ציפּלער (שניידער), חיים־יעקל גאָלדנער (שניידער), מרדכי גליקסמאַן (סקאַלקע), שמואל גאָלדבערג (שניידער), קאַפּעל שניידער (קברן), יעקל „ראַניץ" (שניידער), הערש־לייב „טעפּער" (שניידער), יוסף משמש א. אַ.

די „חברי־הכבוד" (ערן־מיטגלידער) זענען נישט גערופן געוואָרן צו קיין „שוואַרצע אַרבעט", זיי האָבן זיך אַליין געמאָלדן אין אויסנאָם־פאַלן, ביי אַ גאָר חשובן בר־מינן. אין די לעצטע יאָרן זענען געווען פאַרשריבן אינעם פּנקס אַלס חשובע חברה־קדישא לייט: דער ראַדאָמסקער רב ר' ישראל־פּנחס הכהן, ר' ישראלקע זעלוועער מו"ץ, ר' איתמר ראַבינאָוויטש, שמואל־מאיר פייערמאַן, דניאל רויזענבוים, יעקב רויזענבוים, שבתאי פייערמאַן א. אַ.

גרויס מסירות־נפש, העלדישקייט און אָפּפערוויליקייט, האָבן די ראַדאָמסקער „חברה־קדישא"־לייט אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת עס איז פאָרגעקומען די גרויסע שלאַכט אויף די פעלדער צווישן ברעזניצע און ראַדאָמסק. גרופּעס „חברה־קדישא"־לייט פלעגן אַרויסלאָזן זיך אויף פויערישע וועגנער. אין די פינצטערע נעכט, און אויף די פאַרזייטע מיט הרוגים פעלדער אויפזוכן יידישע געפאַלענע זעלנער, כדי צו ברענגען זיי צו קבר־ישראל אויפן ראַדאָמסקער בית־הקברות. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אָן דעם וויסן פון דער מאַכט, טייל מאָל אונטער אַ האָגל פון קוילן. אַ סך אַזוינע קברים זענען געווען אויף דעם ראַדאָמסקער בית־הקברות, באַדעקטע מיט פּשוטע שטיינער, אַלס צייכן אַז דאָ ליגט באַגראָבן אַ יידישער זעלנער, וואָס איז געפאַלן ביי דער אויבנדערמאַנטער שלאַכט. אויף אַ טייל קברים איז געווען אָן אויפשריפט: „פּה נקבר איש־חייל שלא נודע שמו"; טייל מאָל מיט דער באַצייכענונג: אָפּיצער אָדער אונטער־אָפּיצער, אויב מען האָט עס געקאָנט אויפקלערן בעת דער קבורה.

אַ צווייטן קאַפּיטל פון מסירות־נפש האָט די „חברה־קדישא" אין ראַדאָמסק פאַרשריבן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער טיפוס האָט געבושעוועט אין ראַדאָמסקער געגענט, ווי אין גאַנץ פּוילן צו־יענער־צייט, פאַרשלינגענדיק הונדערטער קרבנות פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין יענער צייט האָט געטראָפן, אַז די צאָל פון די לוויות אין שטאָט האָט דערגרייכט ביז צען אין איין טאָג. נישט קוקנדיק אויף דער סכנה אַליין אָנגעשטעקט צו ווערן מיט דער געפערלעכער קרענק, זענען די „חברה־קדישא"־לייט געשטאַנען גאַנצע טעג, טייל מאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט, און געאַרבעט ביים מטהר זיין און ביים באַגראָבן די טויטע. אויך אין אַ יום־טוב, ווען אַנדערע זענען געזעסן מיט זייערע פאַמיליעס ביים טיש און נהנה געווען פון שמחת־החג, האָט מען נישט איין מאָל די „חברה־קדישא"־לייט אַוועקגענומען פון זייערע משפּחות אין גערופן צו טהרה און קבורה פון אַ פאַרשטאָרבענעם יידן.

ליידער, האָבן זייטיקע מענטשן נישט תמיד ווי־געהעריק אָפּגעשאַצט די שווערע און וויכטיקע אַרבעט פון דער „חברה־קדישא". מען האָט אין שטאָט זיך תמיד געוויצלט איבער דער „גרויסער סעודה", וואָס די „חברה קדישא" פלעגט פּראַווען ז' באדר און איבער דעם „טרונק בראָנפן", וואָס זיי פלעגן אַ מאָל נעמען.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען דער גבאי פון דער „חברה־קדישא" ר' זאב־וואָלף בירענצווייג, אַ באַלעבאַטישער ייד, נישט קיין חסיד. נאָך אים איז געווען גבאי ר' משה פעלמאַן, אַ חסיד און אַ למדן, וועלכער איז געווען שטאַרק אָנגעזען אין שטאָט און האָט געפירט די „ממשלה" איבערן ראַדאָמסקער בית־הקברות מיט גרויס פאַרשטאַנד. נאָך אים איז געווען גבאי ר' יעקב־יהושע זעליגסאָן, אַ חסידיש־סוחרישער ייד. אין זיין צייט איז די „חברה־קדישא" געווען שטאַרק דיסציפּלינירט. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע האַנט און האָט מקפּיד געווען אויף יעדער קלייניקייט. אויך בנוגע דער קרקע האָט ער זיך געפירט מיט תקיפות און אַ קבר פאַר אַ בר־מינן האָט ער געגעבן נאָר לויט זיין איינזען, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיינעם. ער האָט דעריבער טאַקע נישט איין מאָל אַרויסגערופן רוגז אויף זיך מצד די קרובים פונעם פאַרשטאָרבענעם, אָבער ער האָט ביי קיינעם נישט געפרעגט און פאַר קיינעם נישט געהאַט קיין פחד.

„די ממשלה" איבער דעם „קעניגרייך פון טויט" פון ר' יעקב־יהושע האָט זיך געענדיקט מיטן מאָמענט, ווען די קהילה האָט איבערגענומען אין איר רשות דעם בית־הקברות. פון דאַן אָן זענען די ענינים פון קרקעות און געלט דערליידיקט געוואָרן נאָר אין דער קהילה. דער גבאי און די „חברה־קדישא" האָבן שוין מער נישט דעצידירט וועגן די פּרייזן פון די קברים און אויך נישט וועמען צו געבן אַ מער־בכבודיקן אָרט אויפן בית־הקברות. די „חברה־קדישא" האָט אַזוי־אַרום פאַרלוירן די אַבסאָלוטע הערשאַפט איבער די פאַרשטאָרבענע, און איז געווען נאָר אַ פונקציאָנעלע אינסטיטוציע פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. טראָץ דעם האָבן די „חברה־קדישא"־לייט ווייטער אויסגעפירט זייער חוב בשלמות, פרייוויליק און נאָר לשם־מצווה, כאָטש זייער מאַכט איז געוואָרן געבראָכן. פון־צייט צו־צייט פלעגן טאַקע אויסברעכן פאַרשידענע רייבונגען צווישן זיי און דער קהילה־פאַרוואַלטונג. עס איז אַפילו דערגאַנגען ביז צו שטרייקן, אָבער דאָס זענען געווען שטרייקן מיט קליינע פאָדערונגען. עס האָט זיך נעמלעך געהאַנדלט וועגן די עטלעכע פּראָצענט, וועלכע די „חברה־קדישא" פלעגט באַקומען פון אַ גבירישער לוויה, פאַר זייער קאַסע, אָדער צוליב דעם וואָס די ראשי־הקהל האָבן פוגע־בכבוד געווען אין דער „חברה־קדישא". די דאָזיקע שטרייקן זענען תמיד גלייך ליקווידירט געוואָרן און די „חברה־קדישא"־לייט האָבן ווידער זיך מיט־עסק געווען מיט „חסד־של־אמת".

די „חברה־קדישא" האָט אויך געהאַט איר אייגענעם בית־התפילה. אין די ערשטע צייטן האָבן די חברים געדאַווענט אין אַ פּאָליש פון קהל'ס בית־המדרש, דערנאָך זענען זיי אַריבער אין אַן אייגן שטיבל, וועלכע האָט זיך געפונען אין נחמיה זאַנדבערגס הויז (אויף רעימאַנטאַ־גאַס נומער 8).

יוסף לעהמאַן

## ב. עסקנים פון טהרה און קבורה

דאָס רוב מיטגלידער פון דער חברה־קדישא, זענען געווען שניידער, סיי מענער און סיי דאַמען־שניידער (מען האָט דאָך געמוזט נייען תכריכים אויך פאַר פרויען). אויך פון די שיכטן פון די אזויגע־ר־פענע שיינע יידן, חסידישע בעלי־בתים, האָבן זיך גרופּירט מיטגלידער. אָבער די מערהייט חברים פון דער חברה קדישא, די וועלכע האָבן אויסגעפירט די הייליקע ארבעט ביים מת — די מתעסקים — זענען געווען דאָס רוב בעלי מלאכות און פּשוטע בעלי־בתים. ערן־מיטגלידער זענען געווען דער רב פון ראַדאָמסק, רייכע יידן און תלמידי חכמים. אָבער זיי האָבן זייער זעלטן זיך פאַרנומען מיט דער פּראַקטישער אַרבעט פון טהרה. טראָץ דעם וואָס דער בית־הקברות האָט פאַקטיש געהערט צו דער קהילה, האָט מען זיך געמוזט רעכענען מיט דער מיינונג פון דער חברה קדישא. ווייל איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, מוז מען דאָך צו זיי אָנקומען. די אַרבעט פון דער חברה קדישא איז געווען אַ פרייוויליקע. די בעלי מלאכות, וועלכע זענען אַליין געווען נישט קיין פאַרמעגלעכע מענטשן האָבן שטענדיק אָוועקגעלייגט זייער אַרבעט און גערן געגאַנגען טאָן זייער הייליקע אַרבעט צום מת, אפילו ווען דאָס איז געווען אין יום־טוב. (דעם צווייטן טאָג יום־טוב זענען פאָרגעקומען לוויות). די לייטונג, די אָנפירערשאַפט איז געלעגן אין די הענט פון יושב־ראש, פונם גבאי. אויף וויפל איך געדענק, איז פון 1900 געווען גבאי ר' מאַנדל פייערמאַן. זיינע מיטהעלפער

זענען געווען: מרדכי גליקסמאַן (מרדכי סקאַלקע), מאיר־אהרן רודניצקי, חיים יעקב וואַסעלע, יוסף סאַפּקאָווער, אברהם לייזר קאַמעלגאַרן, שמואל גאָלדבערג, פּנחס ציפּלער און אַנדערע. אַזוי ווי אַ ייד איז געשטאָרבן, האָט מען גערופן די חברה־קדישא זי זאָל דעם מת „אַרונהייבן" אַראָפּנעמען פון בעט און לייגן אויף דער ערד מיט די פיס צו דער טיר און אונטערלייגן אַ פּאָר שטרוי. שפּעטער האָבן זיי שוין דורכגעפירט די טהרה און קובר געווען אויף דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ. נאַטירליך, ווער עס איז געווען אַ רייכער אָדער אַן אָנגעזעענער בעל הבית האָט באַקומען אַ שיינעם קבר נענטער צו די קברים פון די רביים. ווען עס איז געשטאָרבן אַ פרומער ייד, אָדער גאָר אַן אָנגעזעענער בעל־הבית, זענער געקומען די ערן־חברים פון דער חברה קדישא צו דער טהרה. אָדער ווען עס איז נפטר געוואָרן אַ רבי, דאַמאָלסט זענען די מתעסקים געווען, נאַטירלעך, אָנגעזעענע רביים. אָבער די אָרטיקע חברה־קדישא איז שטענדיק געווען אָנווענזנד, מ'זאָל זי חלילה נישט מבייש זיין.

די איינציקע באַלוינונג פאַר די חברה־קדישא־מיטגלידער איז געווען, וואָס זיי האָבן געהאַט אַן אייגן שטיבל צום דאַוונען און פון צייט צו צייט געמאַכט אַ קידוש נאָכן דאַוונען, איבערהויפּט שמחת־תורה. דאַמאָלסט איז געגאַנגען אײן פּעסל ביר נאָכן צווייטן, פאַרשטייט זיך מיט אַרבעס און הערינג. באַלד נאָכן דאַוונען און נאָך די הקפות, האָט מען געמאַכט דעם אמתן לחיים, פאַרביסן מיט האָניק־קוכן, און באַקומען אַ געפלאָכטענע הבדלה אין איינציקע קאָלירן, וועלכע מען האָט גענוצט ביים מאַכן שבת צו נאַכטס די הבדלה. דאַמאָלסט, ביי דער געהויבענער שטימונג, פלעגט מען אויך ווידער אויסוויילן דעם גבאי אויף נאָך אַ יאָר.

בדרך כלל פלעגט דער גבאי באַשטימען דעם פּרייז פאַר דער קרקע. אָבער ווען עס איז געשטאָרבן אַ גביר, פלעגן זיך צוזאַמענקומען איייניקע בעלי־בתים צום דאָזאָר ה' יוסף שאַץ, אָדער צו דוד בוגייסקי, און באַשטימען דעם פּרייז. עס פלעגט גענומען ווערן אין אַכט, ווי דער פאַרשטאָרבענער האָט זיך געפירט ביים לעבן, צי ער האָט געגעבן צדקה א.ד.ג. עס האָט אַפילו געטראָפן אַ פאַל, אַז אַ מת איז געלעגן איייניקע טעג, ווייל די קינדער האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט געבן די סומע וואָס די קאָמיסיע האָט באַשטימט. אָבער זיי האָבן דאָך באַצאָלט און די קבורה איז דורכגעפירט געוואָרן. אין ראַדאָמסק איז אויך געווען אַ מנהג, אַז מען האָט מיטן מת געמאַכט 7 מאָל הקפות אַרום דעם אָפענעם קבר. דאָס איז געמאַכט געוואָרן דורך די חברה קדישא־מיטגלידער. מאַנכעס מאָל פלעגן זיי אויך, באַלד נאָך דער קבורה, מאַכן אַ לחיים פון 95ער ספּירט כדי „צוריק צוקומען צו זיך" — ווי זיי האָבן געפלעגט זיך אויסדריקן.

מאַנכע פון די שניידער'ס פלעגן זיך אויך ווינצלען, אַז טראָץ וואָס־דער, אָדער די געשטאָרבענע, איז געווען אַ „גרימאַשנער" קונה איז דאָס מאָל, ביי די תכריכים נישט געווען קיין שום פאָרוואָרפן, עס האָט אַלץ געפּאַסט אין בעסטן אָרדנונג.

אין דער חברה קדישא איז אויך געווען אַ ספּעציעלע פרויען־אָפּטיילונג וועלכע האָט געטאָן איר הייליקע אַרבעט ווען עס איז געשטאָרבן אַ פרוי. די פרויען־מיטגלידערינס פון דער חברה־קדישא, פּונקט ווי די מענער — זענען געווען זייער בכבודיקע־פרויען אין דער שטאָט און געטריי אויסגעפירט זייער שליחות.

מיין פאָטער מאיר אהרן רודניצקי, ז"ל, האָט צענדליקער יאָרן אויסגעפירט די הייליקע אַרבעט פון אַן אַקטיוון מיטגליד אין דער חברה קדישא, ביז די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אים צוזאַמען מיט אַלע יידן פון ראַדאָמסק אומגעבראַכט.

יחזקאל רודניצקי (ניו־יאָרק)

# אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף

מ. ה—ר

## א. גמילות־חסדים־קאַסע

ראַדאָמסק — אַזוי ווי יעדער אַנדערער יידישער ישוב, האָט אויך געהאַט אַ גמילת־חסד קאַסע, וואָס האָט אַרויסגעהאָלפן מיט קליינע הלוואות, — אָן פּראָצענט — די קליינע הענדלער, מאַרקשטייער, בעלי־מלאכות א. ד.ג. די ערשטע וועלט־מלחמה און די שפּעטערדיקע דעוואַלוואַציעס פון געלט, האָבן חרוב געמאַכט און אָפּגעשוואַכט אָט די אַלע גמ"ח־קאַסעס. ערשט אין יאָר 1926, ווען דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך געקייקלט וואָס אַמאָל מער באַרג אַראָפּ, האָבן איייניקע עסקנים פון די קליינהענדלער באַשלאָסן צו שאַפן אַ גמילת־חסדים־קאַסע, וואָס זאָל העלפן מיט קלענערע קרעדיטסומעס, אויפצוהאַלטן דעם ווערקשטאַט אָדער „שטעל" אין מאַרק.

אין די ערשטע צייטן, האָט זיך די גמ"ח־קאַסע זייער שוואַך אַנטוויקלט. זי האָט נישט געקאָנט שאַפן קיין געהעריקע סומע געלט מיט וועלכע זי וואָלט געקאָנט אָפּערירן. מיט דער צייט, האָבן זיך געפונען יחידים וואָס האַלטן נישט פון דער דאָגמאַ „לא נברא העולם אלא בשבילי" און אויך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן וואָס האָבן אונטערשטיצט די אינסטיטוציע אויף גאָר ווייט. אויב פון אָנהויב האָט מען נאָר געקאָנט אַרויסגעבן 5 הלוואות אַ וואָך און אפילו אין חודש יאַנואַר 1927 נישט מער ווי די 5 הלוואות, האָט מען שוין אין יולי 1927 געקאָנט צוטיילן 30 הלוואות (דער קאַפּיטאַל האָט דערגרייכט אין דער צייט 1.034 זל.).

צוליב דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יענער צייט אין פּוילן, האָט אויך דער „דזשאָינט" אין וואַרשע געשאַפן אַ צענטראַלע הילפס־קאַסע מיט אַ גרעסערער סומע, וואָס האָט געשטיצט מיט קרעדיטן די אָרטיקע גמ"ח קאַסעס. אויך ראַדאָמסק האָט מיט דער צייט גענאָסן פון אָט די קרעדיטן, וואָס האָט נאַטירלעך געהאָלפן אין אַ גאָר באַדייטנדיקער מאָס דער אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע.

כדי די ראַדאָמסקער גמ"ח־קאַסע זאָל קאָנען געניסן פונעם „דזשאָינט", — האָט זי באַדאַרפט זיין קרעדיט־פעאיק סיי מיט איר אייגן קאַפּיטאַל און סיי מיט איר לייטונג און טעטיקייט. די ה"ה דוד ראָדאַל, דוד גראָסמאַן, אַ. לעווקאָוויטש און אנדערע, האָבן די ערשטע אַריינגעבראַכט גרעסערע סומען. בראש פון דער קאַסע האָבן זיך געשטעלט פאָלגנדע פּערזאָנען: ערן־פּרעזעס: ה. ד. ראָזענבוים, פאָרזיצער: מ. בערגער, ש. ל. וויטענבערג, ח. ש. שיטענבערג, מ. וואַקסמאַן, פ. בוגייסקי, ד. סאָבאָל, וואַלדפאָגעל. יעקובאָוויטש און פעלמאַן.

פונם באַריכט פון יאָר 1928, דאָס הייסט, פאַר 2 יאָר טעטיקייט, זעען מיר: „דורך די 2 יאָר זינט די קאַסע עקזיסטירט איז געוואָרן געבאָרגט 12,236 זל. דער אקטיוו פון דער קאַסע איז: הלוואה פון דער צענטראַלע — 6.926 זל.; נדבות און איינשרייבגעלד — 3.725 זל.; וקלאַדן — 1.683 זל.; אַרטיקע הלוואה — 375 זל.; סובסידיע פון דער גמינע — 250 זל.; צוזאַמען — 12.959 זל.״.

אין דער ניי־געוויילטער פאַרוואַלטונג זענען אַריין: ש. ל. וויטענבערג, פּ. בוגייסקי, בערגער, פריימאַן, וואַלדפויגל, קאַפּלאַן, לוסטיגער, דוד גאָסלאַווסקי און פעלמאַן.

לויט ווי עס טיילט מיט די אָרטיקע צייטונג פון 8.8.30, האָט די ג״ח קאַסע, אַלס אַנערקענונג פאַר איר גוטער טעטיקייט באַקומען אַ צווייטע הלוואה פון 6.000 זל.

די לייטונג פון דער ג״ח קאַסע באַמיט זיך צו פאַרגרעסערן איר קאַפּיטאַל, כדי צו קאָנען לינדערן די אַלץ וואַקסנדיקע נויט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, אַלס אַ רעזולטאַט פון דער אַנטי־יידישער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. עס ווערן איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען און אויפקלערונגס־רעפעראַטן וועגן דער נויטיקייט פון אָט דער אינסטיטוציע. אויך דער „דזשאָינט״ שטיצט ווייטער די קאַסע מיט קרעדיט.

סוף יאָר 1930 שטעלט זיך דער באַריכט פאָר אַזוי: אין יאָר 1928 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן הלוואות אויף אַ סומע פון 17.030 זל.; אין יאָר 1929 — 60.090 זל.; אין יאָר 1930 ביז חודש אויגוסט — 32.890 זל.; ס״ה זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן הלוואות זינט דער גרינדונג פון דער קאַסע — 2288 הלוואות אויף דער סומע פון 164.570 זל.

עס דאַרף אויך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז גראַד די אינסטי־טוציע, וועלכע האָט געהאַט קאָנסטרוקטיווע צילן, איז דורך די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע מינימאַל אינטערעסירט געוואָרן.

אין דעם אַלגעמיינעם באַריכט פון דער „ראַדאָמסקער צייטונג״ פאַרן יאָר תר״ץ (1930), לייענען מיר וועגן דער ג״ח קאַסע: די אינסטיטוציע פאַרברייטערט כסדר איר טעטיקייט, און דער קאַפּיטאַל באַטרעפט שוין ביז 40.000 זל. אַ דאַנק דער מוסטערהאַפטער אָרדנונג, האָט די אינסטיטוציע אין פאַרלויף פון יאָר באַקומען ווייטערע לאַנג־טערמיניקע הלוואות פון „דזשאָינט״.

אין יאָר באַריכט פון דער צייטונג פון תרצ״א, לייענען מיר וועגן דער ג״ח קאַסע: „די גמילת חסדים קאַסע — די וויכטיקסטע אינסטיטוציע פון קאָנסטרוקטיווער סאָציאַלער הילף. הגם איר אומלויף־קאַפּיטאַל האָט זיך פאַרן לעצטן יאָר נישט פאַרגרעסערט, האָט זי אָבער פאַרטיילט פיל הונדערטער הלוואות אָן צינזן אויס־צוצאָלן וועכנטלעך אין קליינע ראַטעס. ביים היינטיקן טאָג געניסן פון דער אינסטיטוציע ביז 50 מיטגלידער״.

ליידער איז אויך די אינסטיטוציע נישט געשוינט געוואָרן פון מענטשלעכע שוואַכקייטן. אָבער דאַן האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון אָט דער וויכטיקער אינסטיטוציע, דער נדבן און איבער־געגעבענער עסקן מ. לאַכמאַן, און ער האָט ווייטער מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער גמילת־חסדים־קאַסע.

דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין ראַדאָמסק, — ווי אין גאַנץ פּוילן — איז ערב דעם צווייטן וועלט קריג געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. די גרעסערע קאָאָ־פּעראַטיווע פינאַנס־אַנשטאַלטן האָבן ליידער זיך געמוזט ליק־ווידירן, פריער אָדער שפּעטער. אמת די ג״ח־קאַסע האָט נישט געקאָנט פאַרטרעטן קיין קרעדיט באַנק, זי האָט אָבער געשטיצט די געפאַלענע קליינהענדלער, מאַרק שטייער און האַנטווערקער, מיט אָנפּראַצענטיקע הלוואות וואָס האָט זיי פיל געהאָלפן. זאָלן די עסקנים פון אָט דער אינסטיטוציע דערמאָנט ווערן מיט כבוד.

## ב. לינת־הצדק

די ווערטער „ביקור־חולים״ געהערן אַוודאי צו די עלטסטע באַגריפן אינם יידישן לעבן. אין קלענסטן יידישן ישוב, ווו עס איז נאָר געווען אַן אָרט צום דאַווענען, האָט שוין עקזיסטירט דער באַגריף פון „ביקור־חולים״, פון העלפן דעם צווייטן. דווקא די הילף איז געגעבן געוואָרן נישט בלויז קראַנקע, נאָר יעדן וואָס האָט זיך אין איר גענויטיקט. כאָטש מען איז נאָך אַליין נישט געווען פאַרזאָרגט מיט אַלעמען, איז דער ווילן צו העלפן דעם צווייטן געווען גאָר שטאַרק אַנטוויקלט, און דאָס איז געטאָן געוואָרן אין די ראַמען פון „ביקור־חולים״, שפּעטער „לינת־הצדק״.

אין ראַדאָמסק איז די חברה „ביקור־חולים״ געשאַפן געוואָרן מיט לאַנגע יאָרן צוריק. נאָך אין סוף פונם 18טן יאָרהונדערט איז שוין געווען די חברה אין הויז פון ה. זילבערשאַץ, וואַרשיינלעך האָט זי זיך געפונען פריער ערגעץ אַנדערשוו. וועגן דער טעטיקייט פון אָט דער חברה, זענען פאַראַן זייער ווייניק ידיעות. מיר ווייסן וועגן משמרות ביי קראַנקע, העלפן קראַנקע, און צוזאַמענקומען צום דאַווענען, לערנען צוזאַמען אייניקע מאָל אין דער וואָך. איבערהויפּט אין די ווינטערדיקע פרייטיק־צו־נעכט און זומער אום שבת נאָך מיטאָג. אין די ערשטע יאָרן פון 20טן יאָר־הונדערט איז שוין געשאַפן געוואָרן דער „לינת־הצדק״. זיין אייגענטליכע טעטיקייט אין ברייטערן זין פון וואָרט, הויבט זיך אָן אין דער צייט פאַרן ערשטן וועלט קריג. ה׳ משה פישהאָף, אברהם משה וואַקסמאַן און אַנדערע זענען אייגענטלעך געווען די פילאַרן, וועלכע האָבן אויפ־געהאַלטן און אויסגעהאַלטן די געזעלשאַפט. נאָך לאַנג פאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט די געזעלשאַפט געשיקט אירע מיטגלידער אויף שמירות צו קראַנקע יידן, באַמיט זיך צו העלפן מיט דאָקטוירים און רפואות, „אַנעקסירט״ פערשטערס־שול אויף אַן אייגן מנין א.ד.ג. אָבער מיטן אויסברוך פונעם ערשטן וועלט קריג, ווען אין די יאָרן 1914—15, איז די אָרימקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער, האָבן די אויבנדערמאָנטע יידן באמת אויפגעטאָן גרויסע זאַכן. צוליבן הונגער וואָס האָט דאַן געהערשט האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן פאַרשידענע קראַנ־קייטן. דער „לינת־הצדק״ האָט זייער פיל געהאָלפן, נישט נאָר מיט מעדיצינישע הילף — נאָר מיט וואָכן־געלט אויף צו פאַרשטאַרקן די באַשפּייזונג א.ד.ג. ביזן היינטיקן טאָג, איז אייגנטלעך נישט קלאָר פון וואַנען האָבן די יידן — איבערהויפּט ה׳ פישהאָף — גענומען געלט אויף דאָס אַלץ. נישט די קהילה, נישט די אַמעריקאַ־נער ברידער האָבן דאַמאָלסט געהאָלפן. דאָך איז די טעטיקייט געווען גאָר באַדייטנד און ווירקזאַם.

ביים סוף פון דער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין ראַדאָמסק פאַרשפּרייט זייער שנעל עפּידעמישע קראַנקייטן. משה פישהאָף און זיינע טרייע מיטהעלפער שאַפן דעם ספּעציעלן עפּידעמישן שפּיטאָל פאַר די יידישע קראַנקע. אמת, נישט מיט אַלע סאַניטאַרע איינריכ־טונגען. זענען דאָך דאַמאָלס אין ראַדאָמסק בכלל נישט געווען מער ווי 3 דאָקטוירים. ערשט שפּעטער ווען עס קומט צוריק פון דער מלחמה ד״ר מיטעלמאַן ווערט דער עפּידעמישער שפּיטאָל איבער־געטראָגן פון אַלטן הילצערנעם בנין אין לאָקאַל פון אַ געמויערט הויז, מיט די מעגלעכע סאַניטאַרע איינריכטונגען און געהעריקן מעדיצינישן פּערסאָנאַל. אָבער דאָס מינערט נישט, די איבערגעגע־בענע אַרבעט פון עסקנים, מיט משה פישהאָף אין דער שפּיץ, צו העלפן קראַנקע אָרעמע יידן אין ראַדאָמסק. און ווער ווייס, וויפל אָט די איניציאַטיוו האָט פאַרמיטן ווייטערדיקע קרבנות פון די

עפּידעמישע קראַנקייטן, וואָס האָבן אין יענער צייט געהערשט אין ראַדאָמסק.

באַלד נאָכן קריג, איז ד״ר מיטעלמאַן גופא געפאַלן אַ קרבן פון די עפּידעמישע קראַנקהייטן — נאָך אַ רעצידיוו טיפוס־קראַנקייט שיידט ער זיך מיט דער לעבעדיקער וועלט. דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף די אַקטיווע טוער פון „לינת־הצדק״, און עס באַמערקט זיך אַ שטילשטאַנד אין זייער טעטיקייט.

אין דער צייט קומט קיין ראַדאָמסק אַ צווייטער יידישער מעדיצינער — ד״ר אַבוש — און מיט זיין איניציאַטיוו ווערט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון דער מעדיצינישער געזעלשאַפט „טאָז״. אין דער ערשטער, צייטווייליקער פאַרוואַלטונג, ווערן געוויילט ד״ר אַבוש, ד״ר גליקמאַן, ראַמעק ראָזענבוים, י. ה. טיגער, ל. וויינבערג און די פרויען פישמאַן און סאָבאָל.

די ערשטע אַקציע פון „טאָז״ איז די גרינדונג פון אַן אייגענער אַמבולאַטאָריע. און עס ווערן אַרויסגעשיקט די ערשטע 6 קינדער אויף קוראַציע קיין וואַרשע.

אין יאָר 1928 ווערט מיט דער איניציאַטיוו פון ה׳ משה פישהאָף, ווידער אויפגעלעבט די געזעלשאַפט „לינת־הצדק״. אַלס ערשטע טעטיקייט ווערט ווידער באַשלאָסן איינצופירן משמרות ביי קראַנקע. די שטאָט ווערט פאַרטיילט אין „רעווירן״ און אין יעדן „רעוויר״ ווערן באַשטימט משגיחים צו וועמען מען דאַרף זיך ווענדן און וועגן אַ משמר. שפּעטער ווערן פאַראייניקט ביידע חברות „לינת־הצדק״ און „ביקור־חולים״ אונטערן נאָמען „לינת־הצדק״, און די געזעלשאַפט טרעט צו צו אַן אינטענסיווער טעטיקייט.

פון אַ באַריכט פון ה׳ פישהאָף, ווייזט זיך אַרויס אַז אין משך פון די ערשטע 3 חדשים איז די הכנסה געווען 347.53 זל. און די הוצאה 341.69 זל. דורך דער צייט זענען געשיקט געוואָרן צו קראַנקע 81 „משמרים״, א.ז.וו. א.ז.וו.

אין דער פאַרוואַלטונג ווערן אויף דער פאַרזאַמלונג פון 2 סעפּטעמבער 1928 אויסגעוויילט די ה״ה: יעקב ראָזענבוים, מיכאל וואַקסמאַן, א. גרונדמאַן, מ. פישהאָף, ל. רוזשיינסקי, ה. א. יאַקובאָוויטש, פסח ליפּעל, אשר ווינער, אברהם קאַמעלגאַרן און ישראל בירנבוים. די טעטיקייט לעבט ווידער אויף; עס ווערן געגעבן מעדיצינישע נאַכט־וויזיטן אומזיסט, און שטיצע, ווי צוקער, טיי, מילך א.ד.ג. וואָס ווייטער באַקומט די חברה מער אָנערקענונג און אונטערשטיצונגען פון די ראַדאָמסקער אין אַמעריקע.

לויט דער „ראַדאָמסקער־צייטונג״ פון 13.9.29 האָט די חברה „לינת הצדק״ צו 33 קראַנקע געשיקט 466 „משמרים״, 54 קראַנקע האָבן באַקומען 976 ליטער מילך, 17 קראַנקע האָבן באַקומען 26 ק״ג צוקער, 2 קראַנקע — 2 קילאָ פּוטער, צו 129 קראַנקע זענען אויסגעבאָרגט געוואָרן 173 כלים, 152 קראַנקע האָבן גענאָסן פון 456 דאָקטוירים־וויזיטן און 412 רעצעפּטן, 130 וויזיטן זענען געמאַכט געוואָרן דורך פעלדשערס. דער ווייטערדיקער בודזשעט האָט באַטראָפן שוין 8.059 זל., דערפון 6.000 זל. אויף מעדיצינישע הילף.

אין די ערשטע 4 מאָנאַטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 264 רעצעפּטן, 138 דאָקטוירים־וויזיטן און 43 וויזיטן פון פעלדשערס. און די הכנסה האָט דורך דער צייט באַטראָפן 2.000 זל.

אין יאָר 1930, האָט דער לינת־הצדק באַקומען 25 דאָלאַר פון די ראַדאָמסקער אין אַמעריקע.

אין יאָר 1931 מוז די געזעלשאַפט אויסברייטערן איר טעטיקייט, ווייל דער אַרטיקער מאַגיסטראַט ווערט צו דער צייט אָנגעפירט דורך אַ באַשטימטן קאָמיסאַר וועלכער האָט אָפּגעשטעלט יעדע הילף פאַר יידן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ביז צום אויסברוך פונם צווייטן וועלט קריג, האָט דער „לינת־הצדק״ באַקומען באַדייטנדע געלט־אונטערשטיצונגען פון די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, באַזונדערס פונם בן־עיר ה׳ סאל גרינבערג, וועלכער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די געזעלשאַפט, אין וועלכער ער איז אויך געווען אַן ערן־מיטגליד.

*

בכלל האָבן די ראַדאָמסקער יידן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע נייגונג צו העלפן, נישט לאָזן חלילה פאַלן נויטבאַדערפטיקע ברידער־יידן.

אין זומער 1928 ברעכט אויס אַ שריפה אין דעם דערביייאיקן יידישן שטעטל ראָספּשע. די ראַדאָמסקער יידן קומען גלייך צו הילף ד׳ דאָרטיקע יידישע איינוווינער און עס ווערן געזאַמלט ביז 2.000 זל. און אויך מלבושים.

אין יאָר 1929 האָבן די ראַדאָמסקער יידן דורכגעפירט אַ גרויסע אַקציע אויף מצות פאַרן רוסישן יידנטום. ליידער באַזיצן מיר נישט קיין אינפאָרמאַציעס וועגן די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אַקציע. די אָרעמקייט איז שוין אין יענער צייט געווען זייער גרויס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. אַ פאַקט, אַז דער ספּעציעלער קאָמיטעט האָט פאַרטיילט אומזיסטע מצות פאַר 500 יידישע פאַמיליעס. און מיר ווייסן דאָך ווי נישט גערן אַ יידישע משפחה ווענדעט זיך נאָך הילף.

עס ווערן געגרינדעט אין ראַדאָמסק אַלץ נייע הילפס־אינסטיטוציעס. עס ווערט געגרינדעט דורך די בחורים וועלכע לערנען אין בית־המדרש, די חברה „תומכי־עניים״, מיטן ציל צו געבן הילף די זייער פאַראָרעמטע יידן — סיי אַרטיקע סיי דורכרייזענדע — כאָטש מיט אַן אומזיסטן מיטאָג פון צייט צו צייט.

אויך אַ געזעלשאַפט פאַר קינדער־שוץ און יתומים פאַרזאָרגונג, ווערט געשאַפן, בראש מיט די ה״ה קריינדלער, ה. פּרוכטער און פּרל. בעהם.

די דאָזיקע ברייט־פאַרצווייגטע הילפס־טעטיקייט האָט אָנגעהאַלטן ביז די היטלעריסטישע הארדעס האָבן פאַרטיליקט דעם גאַנצן יידישן קיבוץ אין ראַדאָמסק.

## ג. פרויען־פאַראיין צו שטיצן אָרעמע קינפּעטאָרינס

נאָך פאַרן ערשטן וועלט קריג, האָט אין ראַדאָמסק עקזיסטירט אַ פאַראיין צו שטיצן אָרעמע יידישע קינפּעטאָרינס. שטיל, באַשיידן, אָן יעדן רעש און געזעלשאַפטלעכן געפילדער, האָבן אייניקע איידעלע פרויען אויסגעפירט די געהויבענע מיסיע, פון באַזוכן די פרויען וועלכע האָבן זיך צו זיי געווענדעט נאָך פאַרן געבורט, און געהאָלפן מיט וואָס מען האָט נאָר באַדאַרפט. און די הילף איז געווען זייער נויטיק, ווייל די פרויען האָבן נישט געבוירן אין קיין שפּיטאָל, נאָר אין זייער אָרעמע קעלער־וווינונגען. די א״ד איידעלע פרויען האָבן טיילמאָל געמוזט ברענגען אַ ריין ליילעך און אַ העמד, און די ערשטע וועש פאַר דעם ניי־געבוירענעם קינד. טיילמאָל האָט די אינסטיטוציע זיך פאַרשטענדיקט מיט מלכה די הייבוען אָדער מיט איר טאָכטער רוזשאַ, זיי זאָלן גיין צו די אָרעמע פרויען, און זיין דאָרט אייניקע טעג ווען די קינפּעטאָרין איז געלעגן צו בעט, און העלפן אויך צוגרייטן די שמחה פון ברית.

דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן שטיל־באַשיידן, אָן פאַרזאַמלונגען און וואַלן. די איידעלע פרויען האָבן פאַרשטאַנען אַז מען דאַרף נישט פאַרלעצן דעם כבוד פון די אומגליקלעכע אָרעמע יידישע פאַמיליעס.

פון די סובסידיעס אין די לעצטע קהילה־בודזשעטן, און פון קלענערע אָדער גרעסערע אונטערשטיצונגען פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, ווערט באַוווסט וועגן דער דאָזיקער נאָבעלער און נויטווענדיקער אינסטיטוציע. זייערע נעמען קאָנען מיר נישט אָנרופן, פּשוט ווייל זיי זענען נישט באַקאַנט. זאָל זייער איידעלע טעטיקייט דערמאָנט ווערן מיט כבוד אינם ספר־זכרון פון ראַדאָמסק.

# „בית־לחם" – ברויט־פאַר נויטבאַדערפטיקע

## אברהם וואַלדפאָגעל

די סאָציאַלע אינסטיטוציע „בית־לחם" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1933 דורך געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אַלס ציל צו לינדערן די נויט פון בעלעבתישע משפחות,



דער קאָמיטעט פאַרן „בית לחם".

אויבן (פון רעכטס): מרדכי קאַמינסקי, אברהם־יצחק בעסער, דוד גראָסמאַן, יעקב־דוד..., י. גאנטשארסקי.

צווייטע שורה: וואָלף פריימאַן, י. וואַלדפאָגעל, זלמן זילבערשאַץ, שלמה־יצחק האַמפּל, ......, אברהם קאַרנאָווסקי, גרוינער פישמאַן,

ערשטע שורה: יעקב כענטשינסקי, מלך יאַקובאָוויטש, דניאל ראָזנבוים, הרב ישראל־פנחס הכהן ראַבינאָוויטש, מנדל ראָזענטאַל, יעקב ראָזענבוים, יצחק לאַנדאַו.

עקאָנאָמיש רואינירטע, וואָס האָבן זיך געשעמט אליין אויסצושטרעקן די האַנט נאָך שטיצע. די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון דער אינסטיטוציע איז פאָרגעקומען אין „שטיבל" פון יעקב ראָזענבוימס הויז (רייטמאַנטא 38), בעת וועלכער ס'איז אַרומגערעדט געוואָרן די לאַגע פון ככבודיקע פאַמיליעס שירדו מנכסיהם. ס'איז דאַן אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו קלייבן דאָס נויטיקע און ווי אַזוי עס צו פאַרטיילן, כדי חס־וחלילה נישט פוגע בככבוד זיין אין די נויטבאַדערפטיקע.

ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אַקציע צו ווערבירן סטאַבילע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן געצאָלט חודש־אָפּצאָל. גלייכצייטיק זענען באַשטימט געוואָרן געוויסע פאָרלעך, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען איבערן שטאָט און געזאַמלט חלות און ברויט. ווען די זאַמלער פלעגן זיך באַווייזן אין אַן הויף, מערסטנטייל שבת, פלעגן זיי אויסרופן: „גוט שבת יידעלעך, דאָס „בית־לחם" איז דאָ", און באַלד פלעגן זיך אַרויסשיטן פון אַלע דירות מענטשן מיט חלות און ברייטלעך אין די הענט. יעדער איינער האָט באַטראַכט אַלס הייליקן חוב אַנטיילצונעמען אין דער דאָזיקער זאַמל־אַקציע, פאַרשטענדעניש און הילפס־גרייטקייט האָט אַרומגענומען הן די זאַמלער און הן די געבער.

אין דער וואָך פון פסח פלעגט די דאָזיקע אַקציע אָנגיין אַלע טאָג, און דאַן האָבן מענטשן געגעבן נישט נאָר מצות נאָר אויך אייער און אַנדערע פּראָדוקטן.

די נויטבאַדערפטיקע, וואָס האָבן זיך צוריקגעהאַלטן פון נעמען די פּראָדוקטן בפרהסיה, פלעגן באַזאָרגט ווערן בסתר — אין דער שטיל, אַז די שכנים און באַקאַנטע זאָלן דערפון נישט וויסן.

די אינסטיטוציע „בית־לחם" האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דער אָרעמער באַפעלקערונג.

# פילאַנטראָפיש־קאָנסטרוקטיווע הילפס־טעטיקייט

## צ. אויס–ן

אויסצוגן פון דער פרעסע (1931—1939)

„די צייט", 4טער סעפּטעמבער 1931

### פייערלעכע דערעפענונג פון „הכנסת־אורחים"

באַשיידן און שטיל ווי זיין ריזן־אונטערנעמונג, אָט אַזוי האָט זיך אויך געפּלייסט דער פונדאַטאָר און נדבן ה' מענדל לאַכמאַן, אַז די פייערלעכע דערעפענונג פון „הכנסת־אורחים" זאָל אַדורך באַשיידן און שטיל, אַז ס'זאָל נישט אָנמאַכן קיין רעש אין דער שטאָט. ס'איז שוין אָבער אַ כלל: „הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו". זענען טאַקע צו דער פייערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אויפגעבויטן בנין, זונטיק אָוונט — געקומען פיל, פיל הונדערטער מענטשן. דער געדראַנג איז געווען שרעקלעך און פאַרשטייט זיך, אַז גאָר אַ גאַנץ קליינער טייל האָט געקענט אַריינגעלאָזט ווערן אין זאַל פון „הכנסת־אורחים", בעת דער גרעסטער טייל איז געבליבן אויפן הויף.

דער בנין גופא — אַ 2 שטאָקיקע געביידע, איינגעריכטעט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און קאָמפאָרט. אַ גרויסער געוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף דער היגיענישער איינריכטונג. אין פּאַרטער, פון איין זייט, אַ גרויסער צימער מיט ניין בעטן (מאַטראַצן און וואַרעמע קאָלדרעס). שיין געמאָלט, קאַפּל־אויוונס, עלעקטרישע באַלויכטונג, וואַש־טישלעך, האַנטיכער, אַ שאַנק פאַרן געפּעק פון אורח. מיט איין וואָרט — נישט איינער וואָלט זיך געווונטשן צו האָבן אַזאַ וווינונג מיט אַזאַ איינריכטונג. דאָס דאָזיקע צימער איז באַשטימט פאַר בעסערע אורחים.

פון דער צווייטער זייט פּאַרטער — אַ זאַל וואָס טרעט נישט אָפּ אין דער איינריכטונג דעם באַשריבענעם צימער — נאָר אָן בעטן. דאָ איז דער אויפנאַם־צימער פאַרן אורח, ווו ער קען זיך אָפּרוען און טרינקען אַ גלאָז־טיי, וואָס וועט ווערן אַרויסגעגעבן אומזיסט. אין דאָזיקן זאַל הענגט אַן אָנדענקונג־טאָוול אויף וועלכן ס'איז אויפגעשריבן, אַז די ווילטעטיקע אינסטיטוציע איז געשאַפן געוואָרן

דורכן פונדאַטאָר מ. לאַכמאַן און פרוי, צום אָנדענקונג פון זיינע פאַרשטאָרבענע עלטערן: ירחמיאל־דוד און אסתר־חיה.

ביי דעם זאַל געפינט זיך אַ צווייטער צימער מיט ניין בעטן, איינגעריכטעטע נישט ערגער ווי דאָס ערשטע שלאָף־צימער און איז באַשטימט פאַר אורחים פון „צווייטער־מדרגה".

עס איז איבעריק אָנצוווייזן, אַז מ. לאַכמאַן, אַלס שטרענג־פרומער ייד, האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אין זאַל זאָל זיך געפינען אַ שאַנק מיט ספרים, קאָמפּלעטן טלית־און־תפילין און אפילו יאַרמולקעס צום שלאָפן. אין די תקנות, וואָס זענען אויסגעהאָנגען אויף די ווענט, ווערט אָנגעוויזן, אַז אַן אורח קאָן נישט געניסן פון „הכנסת־אורחים" אויב ער טראָגט נישט קיין טלית־קטן, וועלכן ער קען אויך באַקומען געקויפט אויפן אָרט, ביים אויפזעער ה' י. זעליקאָוויטש.

אויפן שטאָק פאַרנעמט אַ וווינונג דער אויפזעער, און פון דער צווייטער זייט — ווידער צוויי צימערן פאַר אורחים, וואָס זענען נאָך נישט אויסגעפּערטיקט.

אין אַלגעמיין האָט די איינאָרדענונג געמאַכט אַן אימפּאָנירנדן איינדרוק, דאָך איז די פייערונג געווען באַשיידן. דער ערשטער האָט גענומען אַ וואָרט דער רב, וועלכער האָט געמאָלט אַ בילד ביי וואָס פאַראַ באַדינגונגען עס איז אויסגעקומען ביז איצט צו נעכטיקן אין ראַדאָמסק אַ פרעמדן אָרעמאַן. אַדורכפלעכטנדיק זיין „דרשה" מיט ציטאַטן פון חז"ל, ווייזט ער אָן, אַז נישט קוקנדיק אויף דער שווערער צייט האָט דער נדבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף די גרויסע קאָסטן און ביים לעבן זיך אויפגעשטעלט אַן אייביקן בנין. נאָכן רב האָבן גערעדט מעניני־דיומא די ראַבינאַט־מיטגלידער, ה"ה זעלווער און בוקי.

דאַן האַלט אַ שעהדיקן „דרוש" דער פונדאַטאָר גופא, מענדל לאַכמאַן. דער „דרוש" איז געזאָגט געוואָרן מיט באַגייסטערונג און התלהבות, און ס'האָט זיך ווירקלעך געפילט, אַז דער מענטש געפינט זיך ערגעץ אין די „עולמות העליונים".

„נישט איך — הויבט אָן זיין „דרוש" מ. לאַכמאַן — בין דער נדבן פון „הכנסת־אורחים" נאָר הקב"ה. איך בין בלויז זיין שליח, מחמת „ערום יצאתי מבטן אמי". איך האָב מיר נישט מיטגעבראַכט קיין געלט אויף דער וועלט, און וועל מיר עס אויך נישט מיטנעמען אחר מאה שנים.". אין זיין ווייטערדיקן טייל פון „דרוש", וואָס איז אַדורכגעפלאָכטן מיט מאמרי־חז"ל פון תלמוד, מדרש, זוהר און כתבי־הקודש, און בינדן זיך איינס מיטן צווייטן, ווייזט מ. לאַכמאַן אָן אויף דעם אומזין פונעם מענטש, וואָס לעבט נאָר פאַר זיין אייגענעם „איך". ער מאַכט דערביי געלונגענע פאָרווורפן די יעניקע, וואָס קענען לייסטן לטובת־הכלל און באַדענקן זיך נישט ווו זיי האַלטן אין דער וועלט. ווייטער דערמאָנט דער רעדנער וועגן דער וויכטיקייט פון דער גמילות־חסדים־קאַסע אין וועלכער ער אַרבעט־מיט אַקטיוו, און וועלכע דאַרף אין דער איצטיקער צייט פאַרשטאַרקט ווערן מיט אַ גרעסערן קאַפּיטאַל.

נאָך דעם ווי ס'ווערט געטיילט משקה און ס'ווערט געזונגען „מזמור שיר חנוכת־הבית", רעדט נאָך י. שוויאַטלאָווסקי און דער אַמשינאָווער רבי. דערמיט ווערט די פייערונג 11 אַזייגער אין אָוונט געענדיקט.

„די צייט", 23טער נאָוועמבער 1934

## פאַרזאַמלונג פון דער גמילות־חסד־קאַסע

**פונעם באַריכט, וועלכן ס'האָט אָפּגעגעבן ה' ראדאל, איז צו זען, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע אַנדערטהאַלבן־יאָר איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 235 הלוואות, אויף אַ סומע פון 52182 זל. די גרויס פון די הלוואות האָט באַטראָפן פון 25 ביז 300 זל. פאַרן דערמאָנטן פעריאָד האָבן די אַדמיניסטראַטיווע קאָסטן באַטראָפן 2700 זל.**

די פאַרוואַלטונג האָט איינגעפירט אַז פאַרוו.־מיטגלידער טאָרן זיך נישט באָרגן קיין געלט אין דער קאַסע און טאָרן אויך נישט זשירירן קיין וועקסלען.

דער אַקטיוו פון דער קאַסע שטעלט זיך פאָר פאָלגנד (דעם 31טן יאַנואַר 1934): מזומן: 1,304.60; ביי לווים — 25,416.69; אינווענטאַר — 378; אַ ווקלאַד אין דער קליינהענדלער־באַנק (ע"ה) — 430; צוזאַמען — 27,529.29 זלאָטעס. דער פּאַסיוו איז: חוב אין „דזשוינט" — 18,110 זל.; אייגן־קאַפּיטאַל — 9,419.29 זל.

עס הויבט זיך אָן אַ דיסקוסיע און עס טרעטן אַרויס פאַרשידענע רעדנער. ה' וואַלדפאַגעל וויל, אַז הלוואות זאָל מען קענען לייכטער באַקומען (בראַוואָ, ה' וואָלדפאַגעל, אין אייערע צייטן איז עס טאַקע אַזוי געגאַנגען; טאָ ווער ווייס, אויב צוליב דעם טאַקע האָט די רעוויזיאָנס־קאָמיסיע נישט איבערגעריסן איר אַרבעט)... ה' יאַקובאָוויטש מאַכט פאָרווורפן דער פאַרוואַלטונג, ווייל זי האָט נישט אָפּגענומען די סובסידיע פון דער קהילה (שטותים, ה' יאַקובאָוויטש, די קהילה האָט נישט קיין געלט אויף אַזעלכע נאַרישקייטן)... צום סוף טראָגט דער רעדנער אַריין אַ פאָרשלאַג אויסצודריקן דער פאַרוואַלטונג אַ צוטרוי־וואָטום, ווייל זי איז נישט באַגאַנגען קיין מיסברויכן (אוי, אַ בראָך איז צו דיר, ראַדאָמסק, אויב דו ביזט דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז מען דריקט שוין אויס צוטרוי דערפאַר, וואָס די פאַראַוואַלטונג האָט נישט גע'לקח'נט)...

די אָפּאָנענטן ענטפערט ה' ראדאל, און עס ווערט טאַקע אויסגעדריקט צוטרוי דער אָפּטרעטנדיקער פאַרוואַלטונג.

די וואַלן גיבן פאָלגנדן רעזולטאַט: עס ווערן געוויילט אין דער פאַרוואַלטונג די ה"ה — ראדאל, קאַפּלאַן, ש. גליקסמאַן, ש. ל. וויטענבערג, יאַקובאָוויטש, ז. זילבערשאַץ, לוסטיגער, מ. ד. פריימאַן און אפמאַן. אויך איז געוויילט געוואָרן אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: מ. וואָלקאָוויטש, גערייכטער און טיגער.

„נאָוואָ־ראַדאָמסקער אַלמאַנאַך", 1939

## טעטיקייט־באַריכט פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס

דאָ דרוקן מיר אַ באַריכט פון ל. פינקעלקראוט, סעקרעטאַר פון דעם פאַרטיילונג־קאָמיטעט אין וואַרשע, צו וועלכן די פעדעראַציע פון פוילישע יידן אין אַמעריקע שיקט איבער אַלע געזאַמלטע געלטער. ל. פינקעלקראוט האָט ספּעציעל באַזוכט אונדזער היים־שטאָט נאָווא־ראַדאָמסק, כדי צו העלפן עפענען די ליי־קאַסע, וואָס דער נאָווא־ראַדאָמסקער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק האָט געשאַפן, אויף דעם נאָמען פון אונדזער סאָסייטי.

די רעדאַקציע

**די לאַגע: די פרוון פון ברוטאַלן פּיקעטירן יידישע געשעפטן, האָבן זיך אין ראַדאָמסק נישט איינגעגעבן. אָפּטמאָל האָט זיך זאָגאַר די קריסטלעכע באַפעלקערונג די פרווון קעגנגעשטעלט. עס ווערט אָבער געפירט, שוין זייט אַ לענגערע צייט, אַ סיסטעמאַטישע אַרויסשטויסונג פון יידן פון זייערע איינגעפונדעוועטע ווירטשאַפט־פּאָזיציעס.**

**אויב אַמאָל איז אַ פוילישע געשעפט, אָדער האַנטווערקער־וואַרשטאַט, אין געוויסע בראַנזשן, כמעט נישט געווען בנמצא (ווי למשל: זייגערמאַכעריי, אייזן־געשעפט, היטל־און קאַפּעלוש־בראַנזשן), זענען היינט אין יעדער בראַנזשע צוגעקומען פוילישע געשעפטן, וועלכע זעען זיך שוין בולט אָן אין שטאָט, מיט די אויפשריפטן „קריסטלעך געשעפט". מיט זייער עסטעטיש אויסזען, פאַרדונקלען זיי אין אַ גרויסער מאָס אַ טייל פון די יידישע געשעפטן, וועלכע זענען אין געוויסע פאַלן אָפּגעשטאַנען, אין הינזיכט פון אויסערלעכן עפעקט. מען זאָגט אויך, אַז די נייע קרעמער האָבן זיך שוין אויסגעלערנט האַנדלען.**

ביי אַ רואיקער אַטמאָספער און ברייטערער קרעדיט־אונטערשטיצונג, וואָלטן זיך די יידישע הענדלער און האַנטווערקער געקאָנט ווי־עס־איז אַן עצה געבן, און זיך צופּאַסן צו דעם גייסט פון דער צייט.

1. דער „לינת־הצדק" פאַרמאָגט אַ לאָקאַל אין הויז פון דער יידישער קהילה. די אינסטיטוציע טיילט מעדיצינישע הילף דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע געניסט נישט פון די סאָציאַלע פאַרזיכערונגען. זי דעקט איר בודזשעט פון מיטגליד־אָפּצאָל, אַן ערך 1800—2000 זלאָטעס אַ יאָר (אינקאַסאָ־קאָסט אַן ערך 20%); ווי אויך דורך נדבות און נדרים ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן א.אַ.וו. די געזעלשאַפט האָט סימפּאַטיע אין שטאָט.

2. מען האָט מיר איבערגעגעבן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ געזעלשאַפט „תומכי־יולדות עניות", דער טעטיקייט פון וועלכער עס ווידמעט איר צייט די פרוי מאַרקאָוויטש. (געגעבן זיך צו באַקענען מיט דער טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט האָב איך נישט געהאַט די געלעגנהייט).

3. אַן „הכנסת־אורחים" פאַר וואַנדערנדיקע אָרעמעלייט, פאַרמאָגט אַ ספּעציעלן בנין אויפן הויף פון דער יידישער קהילה. (ער האַלט זיך אויס). איך האָב געפונען די איינריכטונג פאַרהעלטניסמעסיק גאַנץ ריין.

4. אין גאַנצן פאַרוואָרלאָזט איז די פראַגע פון קינדער־שוץ: דערנערונג, באַקליידונג, זומער־קאָלאָניעס. קיינער פאַרנעמט זיך נישט דערמיט און קיינער זאָרגט נישט וועגן דעם. אין קאָנטראַסט צו פיל אַנדערע שטעט, ווו די פראַגן ווערן באַטראַכט אַלס די וויכטיקסטע, איז דאָס אמת אַ שאָד. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָט די געזעלשאַפט „טאָז" געמאַכט אייניקע מאָל פּרוּוון אויף דעם געביט, אָבער דאָס האָט נישט געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג. (צוליב מאַנגל אין צייט האָב איך דעם ענין נישט געקאָנט פּערזענלעך אונטערזוכן).

## קאָנסטרוקטיווע הילף

די אַלגעמיינע גמילות־חסדים־קאַסע עקזיסטירט אין שטאָט מערערע יאָרן (געשטיצט דורכן „דזשוינט"). אויף אַ קורצע צייט האָט די גמילות־חסדים־קאַסע אָפּגעשטעלט די טעטיקייט, צוליב פאָרמעל יורידישע טעמים. זי האָט שוין די שטערונגען באַזייטיקט, באַקומען די לעגאַליזאַציע און צוריק אָנגעהויבן איר טעטיקייט.

אין דער שפּיץ פון דער אינסטיטוציע שטייט ה' דוד ראַדאַל, צו וועלכן מען האָט צוטרוי אין שטאָט, אָבער נישט אַלע קרייזן זענען פון דער לייטונג פון דער גמילות־חסדים־קאַסע צופרידן (מען האָט צו איר טענות). די אומצופרידנהייט טראָגט, לויט מיינע איינדרוקן, נאָך די געשפּרעכן וואָס כ'האָב געהאַט מיט פאָרשטייער פון די קליינהענדלער און האַנטווערקער, אַ ריין פּערזענלעכן כאַראַקטער. ווי מען האָט מיר אויפגעקלערט, קומט אין דער נאָענטסטער צייט פאָר אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, ווו די ענינים וועלן אפשר ווערן אויסגעגליכן.

נאָכן קריזיס פון די יאָרן 1930/2 און אונטערגיין פון די אָרטיקע בענק, איז די יידישע באַפעלקערונג אין ראַדאָמסק (אַ פאַרהעלטניסמעסיק לעבעדיקע שטאָט) געבליבן אָן אַן אייגענער קרעדיט־אינסטיטוציע. דאָס פעלן פון אַ קאָאָפּעראַטיווע־אינסטיטוציע האָט זיך שטאַרק געפילט סיי ביי די סוחרים אין ראַדאָמסק און סיי אין דער אַלגעמיינער נעץ פון יידישן קאָאָפּעראַטיוון וועזן, וועלכער האָט זיך געמוזט באַנוצן ביי די פאַרשידענע פאַרמיטלונג־אָפּעראַציעס מיט נישט־יידישע אינסטיטוציעס. עס האָבן דאַן אויפגענומען די איניציאַטיוו, צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע, אַ גרופּע יידן פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. די לייטונג באַשטייט פון פאָלגנדע פּערזאָנען: משה בערגער, ש. ל. וויטענבערג, דוד וואלדפאגעל, אלימלך יעקובאָוויטש, מענדל לאַכמאַן, יחיאל־שלמה שיטענבערג. דער ה' יצחק שאַפּירא פאַרנעמט דעם פּרעזידענטאַמט פון דער פאַרוואַלטונג. (צו דעם ה' יצחק שאַפּירא האָט די גאַנצע שטאָט צוטרוי).

דער קאָאָפּעראַטיוו ציילט היינט סך־הכל 77 מיטגלידער, מיט 1703 זל. פאָר־קאַפּיטאַל (5500 פקדונות — וועקלאַדן). צוליב מאַנגל אין קאַפּיטאַל קאָן די אינסטיטוציע נישט באַדינען מיט קרעדיט די ברייטערע שיכטן און קאָן אויך נישט געניסן פון אויסערלעכן קרעדיט. אין דעם הינזיכט איז איר טעטיקייט באַגרענעצט הן בנוגע דער אַלגעמיינער קרעדיט־טעטיקייט, הן בנוגע דעם ענגן קרייז מיטגלידער. די אינסטיטוציע געהערט צום אגודהשן רעוויזיאָנספאַרבאַנד און ווערט פון אים קאָנטראָלירט און אינסטרואירט.

די שטרעבונג פון דערמאָנטן פאַרבאַנד איז, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל ווערן די אמתע פאָלקס־באַנק אין ראַדאָמסק, זאָל פאַרברייטערן די טעטיקייט און צוציען מיטגלידער פון אַלע קרייזן. ווי וויכטיק עס איז די באַדייטונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַר דער אַלגעמיינער נעץ פון קאָאָפּעראַטיוון און פאַר דער שטאָט, קאָן דינען פאָלגנדעס:

דער קאָאָפּעראַטיוו דערליידיקט פּינקטלעך אַלע אויפטראַגן, געניסט דעריבער פון צוטרוי און באַקומט אינקאַסעס פון אַלע עקן פון לאַנד און פון דער אינקאַסע־צענטראַלע. די אינסטיטוציע דערליידיקט מאָנאַטלעך ביי 2000 אַזעלכע אינקאַסעס און דערטיילט אויך, כאָטש אין אַ באַגרענעצטער מאָס, קרעדיטן. אין משך פון די לעצטע דריי חדשים זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 88 קרעדיטן אויף אַ סומע פון 2,511 זל. די סאַלדאָ פון אַרויסגעגעבענע קרעדיטן, צום קוואַרטאַל, באַטרעפט 1,538 זל.

די הכנסות זענען מיינסטן פון די אינקאַסע־אָפּעראַציעס. אין יאָר 1937 האָבן דער באַנק אַריינגעבראַכט אַן ערך 15,000 זל. (הכנסה), דערפון איז געבליבן נאָכן דעקן פון אַלע הוצאות אַן עודף פון 3,320 זל., וועלכער איז פאַרשריבן אויפן געזעלשאַפטלעכן רעזערוו־פאָנד. דער רעזערוו־פאָנד (ד. ה. געזעלשאַפטלעכער קאַפּיטאַל) באַטרעפט היינט, צוזאַמען מיטן עודף פון די פריערדיקע יאָרן (3,339 זל.), די אַלגעמיינע סומע פון 6,659 זל.

פאַר די לעצטע דריי חדשים, ביזן קוואַרטאַל, האָט דער קאָאָפּעראַטיוו געהאַט:

| | |
|---|---|
| איינקונפט פון אינקאַסע־אָפּעראַציעס . . | 2,787.00 זל. |
| צינזן פון קרעדיטן . . . . . . | 620.00 זל. |
| צוזאַמען . . | 3,407.00 זל. |
| אויסגאַבן פון בודזשעט . . . . . | 2.819.00 זל. |
| אַן עודף פון . | 588.00 זל. |

ווי מיר זעען שוין ביים איצטיקן סטאַדיום, זאָגאַר אַן פרעמדע געלטער, דעקט דער קאָאָפּעראַטיוו, בלויז פון די פאַרמיטלונג־אָפּעראַציעס, אַלע זיינע הוצאות, מיט אַ היפּשן עודף.

עס זענען באַשעפטיקט דערביי אין ביורע 5 פּערזאָנען, וועלכע וואָלטן ביי היינטיקע צייטן נישט באַקומען אַנדערשווו קיין באַשעפטיקונג. עס לעבן דעריבער פון דער אינסטיטוציע, באַשיידן, נישט אָנרירנדיק קיינעם, 5 יידישע משפחות.

אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן דער לעגאַלער יורידישער אַפּאַראַט, וועלכער קאָן אָן שום ריזיקע, ביי אַ געהעריקע אונטערשטיצונג מיט קרעדיט, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געהעריקער פינאַנץ־אינסטיטוציע אין ראַדאָמסק, דורך וועלכע עס זאָל קאָנען צירקולירן דער יידישער געלט־אומלויף.

די באַאַמטע אַרבעטן איבערגעגעבן, און די אויפזיכט דערביי האָט דער פון אַלעמען געאַכטעטער ה' יצחק שאַפּיראָ.

חלק שמיני / אַכטער טייל

# התוכן / אינהאלט



### סופרים ואמנים — שרייבער און קינסטלער

# הגימנסיה היהודית של ל.וויינטראוב

שלמה הפטלר



לודביקה וויינטראוב

ביחד עם אלפי היהודים של קהילת ראדומסק ניספתת בשואה המנהלת ובעלת הגימנסיה היהודית הגב' לודביקה וויינטראוב. היא נולדה בפיוטרקוב (1890), שם התחנכה וסיימה את הגימנסיה העירונית. לאחר שגמרה את האוניברסיטה בג'נבה (שווייצריה), חזרה לפולין עם דיפלומה של מורה לגרמנית. בשנים הראשונות שלאחר מלחמת־העולם הראשונה, השתכנה בראדומסק ובעזרת אזרחי־העיר האמידים ייסדה את הגימנסיה הראשונה בעיר, לבנים ולבנות. בהתחלה היה המוסד בבית בלומשטיין (רחוב סטשלקובסקה מס. 18), שם היו רק 6 כיתות, אולם כשהועברה הגימנסיה לרחוב קרקובסקה, לבית סובינסקי, נפתחו במקום הזה 8 כיתות מלאות. בשנת 1933 הועברה הגימנסיה של ל. וויינטראוב לבנין הגימנסיה הפולנית של סטניסלב ניימיץ, שנסגרה בגלל סיבות שונות.

מתחילת היווסדה של הגימנסיה, היו ללודביקה וו. קשיים כספיים עצומים. רוב התלמידים שילמו חצי־מחיר של שכר־לימוד והיו גם כאלה ששילמו פחות מזה — את המינימום, אך למרות זאת התגברה ל. וויינטראוב עם סגל־המורים שלה על הקשיים. בשנות השלושים עמדה הגימנסיה היהודית שלה על רמת־לימודים גבוהה ביותר, אף עלתה בכך על שתי הגימנסיות הנוצריות וקיבלה שבחים משלטונות ההוראה־והחינוך הפולניים.

הכרחי להזכיר גם את חבר המורים של הגימנסיה, אשר במשך שנים רבות עמדו לצדה של לודביקה וו. ועזרו לה להגשים את מטרתה הנעלה, הקניית השכלה תיכונית לנוער היהודי. עם הנ"ל נימנו: ד"ר פרופ' יעקב פוליסיוק, ד"ר פרופ' עלזה פוליסיוק, פרופ' שמעון ביר, פרופ. ישראל ברומברג, פרופ. יוסף ברבג, הגב. ש. רוזנצווייג, הגב. אדלה וכטל, וכן דוד ארליכמן, יליד ראדומסק, שהיה המורה לעברית. היה גם חוג מצומצם של אוהדים, אשר סייע בדרכים שונות.





**התמונה למעלה:**

המחלקה החמישית וחבר־המורים של הגימנסיה בשנת־הלימודים 1919/20.

עומדות (מימין): רחל רובין, האחיות רז'כטר, א. זז'בסקי, ר. גליקסמן, ט. וויינברג, ר. זקס, ש. טיגר, ב. רוזנבוים, מ. סלומניצקי.

שורה שניה: ג. גרוסמן, המנהלת ל. וויינטראוב, זלצמן, אלטמן, ה. ארונוביץ.

שורה שלישית: ז. גבורז', ב. לוריה.

דער 5־טער קלאַס און לערער־פערסאָנאַל אין שול־יאָר 1919/20.

**התמונה למטה:**

בוגרי הגימנסיה בשנת 1932.

עומדים (מימין): י. ליכטנשטיין, הורוביץ, משה גלברד, משה הרטמן, ארנה רודל, יששכר מינסקי, —, אופמן, דובשיץ, דובז'ינסקה, יעקב ברוצקי.

חבר המורים: פרופ' ישראל ברומברג, הגב' גרוסקופ, פרופ' פולישוק (מנהל הגימנסיה), הגב' פולישוק, פרופ' וואבון, פרופ' אנזלהיים.

גימנאַזיום־אַביטוריענטן און לערער־פערסאָנאַל אין יאָר 1932.

ווען אין פּוילן האָבן זיך צעבליט די „הזמיר״־כאָרן, וווהין די יידישע יוגנט האָט געשטראָמט מאַסנווייז, ווייל זיי האָבן דאָרט גע־פונען אַ מקום מקלט, ווו זיי האָבן זיך באַפרייט פון די רעליגיעז־פרומע פּענטעס, געזונגען פּרעכטיקע געזאַנגען, געהערט אַ ניי וואָרט, ניט געווען קיין מחיצה צווישן בחור־מיידל — דאַן איז נאָוואָ־ראַדאָמסק געווען פון די ערשטע צו אָרגאַניזירן אַזאַ „הזמיר״. און אַז נאָוואָ־ראַדאָמסק האָט עפּעס געטאָן, האָט עס געדאַרפט זיין בעסער און ווייטער גייענדיקער ווי ערגעץ אַנדערש.

שטייט מיר פאַר די אויגן דער פּרעכטיקער „הזמיר״־לאָקאַל, מיט זיין גרויסן שיינעם קאָנצערט־זאַל, אַן אַייגענע ביבליאָטעק, אַ דירה פאַרן דיריגענט — אַ גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע היים פאַר דער יוגנט, וועלכע האָט אַזוי געזוכט צו אַנטלויפן, כאָטש אויף אַ ווײַלע פון דער פרום יידישער געטאָ און געפונען אין דעם „הזמיר״ דאָס געגאַרטע אָרט, ווו די יוגנט האָט זיך אַזוי ווונדערלעך אויסגעלעבט.

האָט דער „הזמיר״ פאַרמאָגט נישט בלויז אַ גוטן כאָר, וועלכער האָט אַזוי שיין געזונגען, נאָר אויך אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט סטודירט און אויסגעפירט דראַמעס פון יידישע שרייבער, ווי למשל: „מיטן שטראָם״ פון שלום אַש א. ד. גל. האָט מען געלייענט און דיסקוטירט יידיש־לעטעראַרישע ווערק. האָט מען פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט ליטעראַריש־מוזיקאַלישע אָוונטן — געהאָלפן בויען דעם בנין: יידישע קולטור. און דאָס איז אין יענע יאָרן, אין די פּויליש־יידישע שטעטלעך געווען אַ געפאַר.

אַנדערש איז דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער „הזמיר״ געווען דערמיט. וואָס ער איז נישט איבערגעגאַנגען פון איין עקסטרעם צום צווייטן. ווי עס איז געווען דער פאַל אין אַנדערע שטעט (פון בית־המדרש פאַנאַטיזם, צו קולטור פאַנאַטיזם). נאָוואָ־ראַדאָמסק האָט פאַרשטאַנען, אַז יוגנט — איז יוגנט! אַז „לא על רוחניות לבדו אדם יחיה״, אַז נישט בלויז קונסט, קולטור וועט באַפרידיקן יונגוואַרג. האָט דער „הזמיר״ איינגעאָרדנט אָפטע פאַרווײַלונגען, ווו מען האָט געטאַנצט, געהוליעט, „געשלאָסן באַקאַנטשאַפט״, געלאַכט און געשטיפט. ווי זאָגט אַ יידיש ווערטל: וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייט איז צו לייט. אין נאָוואָ־ראַדאָמסקער „הזמיר״ האָט מען אַלעס געגעבן און גענומען מיט פולע עמערס: געזאַנג, דראַמע, ליטעראַטור — פאַר דער נשמה; און טאַנץ, שפּילערייען, גיין אויף „מאַיאָווקעס״ און אַלערליי פאַרווײַלונגען — פאַרן גוף.

שפּרודלדיק און רייך איז געווען די טעטיקייט פון נאָוואָ־ראַדאָמסקער „הזמיר״, וועלכער האָט באַוויזן צו דערציען במשך פון זיין קורצער עקזיסטענץ קאַדרען פון איבערגעגעבענע קולטור־טוער און אַרויסגעגעבן אַ שפּאָר ביסל טאַלאַנטן.

**מיכל געלבאַרט**

# די „קולטורא״ - אירע צילן און אקטיווע טוער

## ד. קאניעצפאלער - ד. קרויזע

### א. א צענטער פאר פארצווייגטער קולטור־טעטיקייט

נאָך עטלעכע חדשים קאַמפן אַרום ראַדאָמסק, איז די שטאָט סוף 1914 פאַרנומען געוואָרן דורך דער עסטרייכישער אַרמיי. ערגעץ ווייט האָבן זיך געפירט בלוטיקע שלאַכטן, אָבער אין ראַדאָמסק גופא האָט דאָס לעבן אָנגענומען מער ווייניקער נאָרמאַלע פאָרמען. נאָרמאַלע, פאַרשטייט זיך, אין די מלחמה־באַדינגונגען. אין שטאָט האָט געהערשט אַ גרויסע אָרעמקייט, די פאַבריקן און וואַרשטאַטן האָבן נישט געאַרבעט און די ספּעקולאַציע מיט שפּייז־אַרטיקלען האָט געבליט. נישט געקוקט אָבער אויף דעם געפאַלענעם עקאָנאָמישן מצב פון דער באַפעלקערונג, געהערן דאָך די דאָזיקע מלחמה־יאָרן צו די אינהאַלטסרייכע און אינטערעסאַנטסטע תקופות אין דער געשיכטע פון די ראַדאָמסקער יידן.

גלייכצייטיק מיט דעם גרויל וואָס די מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט. האָט זי אויך געבוירן גרויסע האָפענונגען אויף אַ נייער עפּאָכע אין וועלכער עס וועלן הערשן שלום און סאָציאַלע גערעכ־טיקייט. די דאָזיקע וויזיע פון אַ נייער שענערער וועלט האָט אויך מיטגעריסן די ראַדאָמסקער יוגנט. די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טע־טיקייט, וואָס איז אַזוי ברוטאַל אונטערדריקט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט נאָך די שטורמישע יאָרן 1905—1906 און געווען במשך פון יאָרן אינגאַנצן פאַראַליזירט, האָט ווידער אויפגעלעבט און אַרומגעכאַפּט ברייטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג. גלייכ־צייטיק איז געוואָקסן דער דראַנג צו וויסן צווישן דער יוגנט און אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט גע־פירט במשך פון די מלחמה־יאָרן אַן אינטענסיווע און פילפאַרביקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט דער דאָזיקער טעטיקייט האָב איך אָנגעקניפּט דעם צווייטן טאָג שבועות 1915. איך האָב גראָד שפּאַ־צירט אויף דעם „נייעם וועג״ מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע און געווען ווי דער שטייגער אין יענע צייטן, פאַרטיפט אין אַ הייסער דיסקוסיע. פּלוצים האָט מיך אַוועקגערופן אָן אַ זייט אַבא ווינער (אומגעקומען דעם 20סטן יולי 1943 אין טשענסטאָכאָוו) און מיר אָנפאַרטרויט אַ סוד, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ יוגנט־גרופּע און איך בין איינגעלאַדן צו אַ פאַרזאַמלונג נאָך דעם זעלביקן טאָג, דריי אַ זייגער נאָכמי־טאָג אינעם „לאָקאַל״, וואָס געפינט זיך אין אַ דאַך־שטיבל איבער אהרן־וואָלף שוואַרצס סאָדע־וואַסער פאַבריקל. אין שפּיץ פון דער גרופּע זענען דעמאָלט געשטאַנען עטלעכע עלטערע חברים, ווי מ. ז. ראָזענבלאַט, הערשל און דוד קרויזע א״אַ.

נישט לאַנג דערנאָך האָט די גרופּע געדונגען אַ דרייצימער־לאָקאַל אין שפּאַלטינס הויז אויף דער סטשאָלקאָווער גאַס, אויסנו־צנדיק צו לעגאַליזאַציע־צוועקן ראָזענבלאַטס אַן אַלטע קאָנצעסיע אויף אַ ביבליאָטעק.

די גרופּע האָט אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט און מיט יעדן חודש זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער, צווישן זיי דוד גאָלד, פּיניע קאַלקע, יעקב אַראָנאָוויטש, שלמה גבריאל וואַקסמאַן, מאיר בירנבוים, אברהם ווינטער, פישל גליקסמאַן, ל. בייגלמאַן א״אַ, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיווקייט. אַזוי ווי פאַר דער מאַכט האָט געדאַרפט פיגורירן אַלס פּרעזעס אַן „עלטערער״ מענטש, האָבן מיר צוגעצויגן דעם פאָטאָגראַפיסט ווײַנבערג, וועלכער האָט פיגורירט אָפיציעל אַלס פּרעזעס, אָבער פאַקטיש האָבן מיר, יוגנטלעכע, אָנגעפירט מיט דער רייכער קולטור־דערציערישער אַרבעט.



הוועד של האיגוד לתרבות „קולטורה".
די פאַרוואַלטונג פון דער „קולטורא".
שטייען (פון רעכטס): י. פייערמאַן, הערשל קרויזע, דויד קאַניעצפּאָלער, אברהם ליפשיץ, לייזער בייגעלמאַן, מאיר בירענבוים, אבא ווינער, י. בוגייסקי. זיצן: ד"ר יעקב אַראָנאָוויטש, א. רייכמאַן, ל. וויינבערג (פּרעזעס), דוד קרויזע, מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט.

מיר האָבן געשאַפן אַ רייכע ביבליאָטעק, איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, אָוונט־קורסן, מוזיקאַלישע און קינסטלערישע אָוונטן. נישט זייענדיק רייך אין אייגענע כוחות, האָבן מיר זיי אַראָפּגעבראַכט פון די אַרומיקע שטעט, ווי טשענסטאָכאָוו, לאָדזש א"אַ. באַזונדערס פאַרדינען דערמאָנט צו ווערן די קינסטלערישע אויפטריטן פון פּראָפעסאָר ווילענבערג פון טשענסטאָכאָוו און די טעאַטער־פאָרשטעלונגען מיט יוליוס אַדלער. אַדאַנק אונדזער איניציאַטיוו האָט די באַרימטע צו יענער צייט ווילנער טרופּע, מהנה געווען אונדזער שטאָט מיט עטלעכע פאָרשטעלונגען.

דער אָנזען פון דער יוגנט־גרופּע איז געווען אַזוי גרויס, אַז קינסטלער יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער עסטרייכישער שטאָט־אַדמיניסטראַציע האָבן גערן אָנגענומען אונדזערע איינלאַדונגען אַרויסצוטרעטן מיט פאָרלעזונגען, רעציטאַציעס אדג"ל. אַזוי, למשל, איז אויפגעטרעטן ד"ר טינדאַל־טויסינג, דער באַגאַבטער שוישפּילער פון ריינהאַרדט־טעאַטער אין אונדזער לאָקאַל מיט אַ ציקל רעציטאַציעס פון היינע, שילער, לעסינג א"אַ. כאָטש מיר האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט קיין פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, האָבן מיר דאָך פון צייט צו צייט געווידמעט די הכנסה פון קינסטלערישע אָוונטן אויף צו לינדערן די נויט, וואָס האָט געהערשט צווישן די אָרעמע פאָלקס־שיכטן.

אַ צייט האָבן מיר נישט געהאַט קיין אָפיציעלע לעגאַליזאַציע, וואָס עס האָט אונדז אָבער נישט געשטערט צו זיין שטאַרק אַקטיוו. נאָכדעם ווי דער פאַריין, וועלכן מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „קולטורא" האָט באַקומען די לעגאַליזאַציע, האָבן מיר פאַרפילפאַכט אונדזער ענערגיע און געפירט אונדזער טעטיקייט מיט גרויס אייפער און ברען.*

* בעת דער באַרימטער יידישער היסטאָריקער מאיר באַלאַבאַן, וועלכער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון לייטער פאַר יידישע ענינים ביים עסטרייכישן גענעראַל־גוווערנמענט, האָט באַזוכט אונדזער שטאָט, איז ער שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון אונדזער טעטיקייט. דער נאָמען „קולטורא" האָט ער מיט שפּאַס דערקלערט שטאַמט פון „קול תורה". אַ סברה אַז פּראָפעסאָר באַלאַבאַן האָט מיטגעהאָלפן ביים לעגאַליזירן דעם פאַריין.

אין די לעצטע מלחמה־יאָרן האָט זיך אין פּוילן שטאַרק פונאַנדערגעבליט דאָס פּאַרטיי־פּאָליטישע לעבן. אויך אין ראַדאָמסק האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן שליחים פון די פאַרשידענע פּאַרטייען; עס האָבן זיך געשאַפן גרופּעס פון „פּועלי־ציון", „פאַראייניקטע" און מיט דער צייט אויך פון „בונד". פון אָנהויב האָט דאָס נישט געהאַט קיין השפּעה אויף אונדזער טעטיקייט. מיר האָבן געגעבן יעטוועדער פּאַרטיי די מעגלעכקייט זיך באַנוצן מיט דער טריבונע פון „קולטורא" וואָרעם אונדזער אויפריכטיקער באַגער איז געווען וואָס מער צו לערנען און וואָס מער באַרייכערן אונדזער וויסן.

מיטן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע און דער פּראָקלאַמירונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע האָט דאָס פּאַרטייאישע לעבן אין שטאָט אָנגעהויבן ווערן שטורמישער און די צווישנפּאַרטייאישע באַציונגען האָבן זיך פאַרשאַרפט. אַוועק זענען די אידילישע צייטן, ווען די קעגנערישע פּאַרטייען האָבן געקענט בשותפות זיך באַנוצן מיט איין לאָקאַל. די ליידנשאַפטן האָבן זיך פונאַנדערגעשיפּלט און דער סוף איז געווען, אַז די „פאַראייניקטע" האָבן פאַרכאַפּט דעם לאָקאַל פון „קולטורא" און די „פּועלי־ציון" האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין חתונה־לאָקאַל פון דער פאַמיליע זאַקס, וועלכן זיי האָבן „עקספּראָפּריאירט" (אָבער דאָס איז שוין אַ צווייט קאַפּיטל).

✶

מיט דער רייכער און פאַרצווייגטער טעטיקייט פון „קולטורא" האָט אָנגעפירט אַ גרופּע בחורים, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַן אַ שיעור מסירות און ענערגיע און אַ דאַנק זייערע אָרגאַניזיר־פעאַיקייטן האָבן זיי באַוויזן צו שאַפן איינע פון די שענסטע קולטור־אינסטיטוציעס מיט וועלכע אונדזער שטאָט האָט מיט רעכט געקענט שטאָלצירן. אייניקע פון זיי האַלט איך פאַר מיין חוב דאָ צו דערמאָנען.

### מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט

איז געווען פון די ערשטע איניציאַטאָרן פון דער „יוגנט־גרופּע" און מיר האָבן זיך טאַקע צו אים באַצויגן מיט גרויס כבוד, ווי צו דעם וואָס האָט אונדז אָנגעוויזן דעם וועג. גענערט האָט ער זיך פון געבן העברעישע לעקציעס און אַ קליינעם ביכער־האַנדל. אומגעקומען צוזאַמען מיט דער משפּחה אין יאָר 1942 אין טרעבלינקע.

### הערשל קרויזע

האָט געהערט צו די עלטערע חברים און געווען אַן איבערגעגעבענער אַרבעטס־טוער. מיר יוגנטלעכע האָבן אין אים געהאַט אַן אויפריכטיקן און וואַרעמען פריינד. פון פאַך געווען אַ דרוקער. אומגעקומען מיט דער משפּחה פון די היטלעריסטישע הענט.

### דוד גאָלד (קלעי)

געשטאַמט פון אַ חסידיש הויז. געלערנט אין בית המדרש, אָבער גלייכצייטיק פאַרטיפט זיך אין דער משכילישער און מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור. געווען איינער פון אונדזערע ערשטע חברים און שוין דעמאָלט זענען אין אים קענטיק געווען די סימנים פון דעם שפּעטערדיקן ערנסטן און טיפזיניקן שרייבער. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אַלס מיטגליד צום סאָציאַליסטישן ציוניזם, האָט ער באַשלאָסן צו ווערן אַן אַרבעטער און אַריין אַלס לערן־ייִנגל אין געלבאַרדס דרוקעריי. קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט, שטענדיק געווען פאַרנומען. די פינגער שוואַרץ פון דרוקער־פאַרב — אַן אמתער פּראָלעטאַריער. מיר, זיינע נאָענטע פריינד, האָבן געוווּסט וועגן זיין קאַמף מיט די חסידישע עלטערן, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל דערויף נישט באַקלאָגט פאַר קיינעם.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז דוד עולה געווען קיין ארץ־ישראל, **ווו ער האָט געפירט אַן אַקטיוו און שעפעריש לעבן במשך פון יאָרן.**

טעטיקער עסקן אין דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. נפטר געוואָרן אין ישראל אין יאָר 1948.

### יעקב אראנאָוויטש

געשטאַמט פון אַן אינטעליגענטער ציוניסטישער משפחה. געווען איינער פון די אַקטיוויסטע חברים אין אונדזער גרופּע, וועלכער האָט זיך באַמיט צו געבן אַ בירגערלעך־ציוניסטישע באַפאַרבונג. שפּעטער שטודירט מעדיצין אין ווילנע און מיט דער צייט פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר אין ראַדאָמסק. אומגעקומען דורך די דייטשן אין יאָר 1942.

### אברהם קאַמעלגאַרן

איז געווען אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער. אַ ליבער און האַרציקער חבר, שטענדיק גרייט יענעם צו העלפן. שטאַרק פרום אָבער מיט אַ סאָציאַליסטישער אָנשויונג. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען זומער 1942 אין ראַדאָמסקער געטאָ, אַן אַויסגעמאָגערטן און פאַרחושכטן. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט ער אויסגעהויכט די נשמה אין טרעבלינקע, צוזאַמען מיט די איבעריקע ראַדאָמסקער יידן.

### פישל גליקסמאַן

אַ האַרציקער מענטש, אַ פאָלקסקינד אָן פרעטענסיעס. שטענדיק געווען גרייט טון עפּעס פאַר דעם פאַריין און עס איז טאַקע שווער געווען זיך פאָרשטעלן אַן אַקציע אין וועלכער פישל זאָל זיך נישט באַטייליקן מיט לייב און לעבן. די זעלביקע הילפס־באַרייטקייט האָט ער אַרויסגעוויזן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אין באַצוג צו זיינע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקהייט אין לאָס־אַנדזשעלעס.

### משה לעווקאָוויטש

געווען אַ מוזיקער און פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט. זייער פיל אונדז געהאָלפן באַזונדערס ביים דערליידיקן פאַרשידענע ענינים ביי דער עסטרייכישער מאַכט. וויפל מאָל מיר האָבן זיך צו אים געווענדט מיט אונדזער אַ ביטע, איז ער אונדז שטענדיק אַנטקעגנגעקומען. געווען אַ שטענדיקער באַזוכער פון אונדזערע אָוונטן און פון אָנהויב איז דאָס געווען אַ סך.

### א. אַלעבאַרדע

איז אין יאָר 1905 געוואָרן פון אַ בית־מדרש־בחור — אַ רעוואָלוציאָנערער טוער און געבליבן אַלע יאָרן אַן איבערגעגבענער בונדישער טוער. אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, ווו ער איז אַנטלאָפן פון טשענסטאָכאָוו.

### זקן שרייבער

אַן הערלעכער פאָלקסטיפּ. פון פאַך אַ שניידער האָט ער אָבער געאַרבעט אָן געדונגענע אַרבעטער און כסדר געחולמט וועגן דער צוקונפטיקער שיינער וועלט. אין די שפּעטערע יאָרן זיך דערנענטערט צו דער פועלי־ציון (צ.ס.) פאַרטיי, וועלכער ער האָט פאַרטרעטן אין די קהילה פאַרוואַלטונג. אַ ליבהאָבער פון ביכער, האָט ער זיך פאַרשאַפט אַ רייכע ביכער־זאַמלונג, געווידמעט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווען איך האָב אים באַזוכט שפּעטער אין זיין געטאָ־נאָרע אין ראַדאָמסק אין יאָר 1942, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט גאָרנישט באַוויזן מיטצונעמען פון זיין ביכער־זאַמלונג אַ חוץ לייוויקס אַ בריוו, יועלכן ער האָט אונטער אַ האָגל פון קלעפּ אַרויסגעראַטעוועט. אומגעקומען וואַרשיינלעך אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן.

צווישן עלטערן דור האָבן מיר אייגנטלעך נישט געקענט געפינען קיין סך אָנהענגער און פריינד. פאַר דעם הייפל אינטעליגענץ זענען מיר געווען צופיל יידיש און פאַר די חסידיש־באַלעבאַטישע יידן — צו פיל גויים. דאַרפן טאַקע דערמאָנט ווערן די יחידים, וואָס האָבן זיך צו אונדז דערנענטערט און געהאָלפן אונדז אין אונדזער אַרבעט.

✶

צום שלוס איז כדאי צו דערמאָנען דעם „פּוטש״, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין אונדזער פאַריין אָנהויב יאָר 1916.

אַ געוויסן זונטיק קומט צו מיר אַ פאַרסאַפּעטער אַבא ווינער און דערציילט, אַז די בירגערלעך־ציוניסטישע גרופּע מיט יעקב אַראַנאָוויטשן בראש, האָט פאַרכאַפּט די ביבליאָטעק, אַרויסגענומען די ביכער און פאַרשלאָסן דעם לאָקאַל. מיר האָבן גלייך אַלאַרמירט אונדזער „דעמאָקראַטישע גרופּע״ און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויפרייסן דעם לאָקאַל און אויפהענגען אַ נייעם שלאָס. גלייכצייטיק זענען מיר צוגעטרעטן צו שאַפן אַ נייע ביבליאָטעק. אונדזערע פריינד אַלעבאַרדע און זקן שרייבער האָבן אונדז געשאָנקען עטלעכע צענדליק ביכער און מיר אַליין האָבן אויך צונויפגעשאַפן אַביסל אייגענע ביכער און פאַרפולט מיט זיי די פאָליצעס. אונדזער „גענעראַל־שטאַב״ בראש פון וועלכן איך האָב געהאַט דעם כבוד צו שטיין, האָט אַמטירט אינעם טישלער־וואַרשטאַט פון מיינע עלטערן.

דאָנערשטיק איז צו אונדז געקומען יששכר בוגאיסקי, וועלכער האָט געהערט צו די „פּוטשיסטן״ און דערקלערט, אַז ער שטייט ווידער צו צו אונדזער גרופּע.

נאָך קורצע אונטערהאַנדלונגען זענען די „פּוטשיסטן״ צו אונדז צוריקגעקומען צוריקברענגענדיק די ביבליאָטעק. ווידער האָט אַ צייט געהערשט שלום צווישן אונדז.

✶

אַזוי האָבן מיר אַדאַנק דער התלהבות און איבערגעגבנקייט פון אַ קליינער גרופּע יוגנטלעכע אויפגעשטעלט איינע פון די שענסטע קולטור־אינסטיטוציעס מיט וועלכע עס וואָלט זיך געקענט גרויסן יעטוועדע שטאָט. אָבער דאָס וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן מיט אַזויפיל יוגנטלעכן ברען איז שפּעטער צעשטערט געוואָרן צוליב די פונאַנדערפלאַקערטע פאַרטיי־ליידנשאַפטן. די אַלע אָבער, וואָס האָבן אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער „קולטורא״ אין דער תקופה פון איר אויפבלי, האָבן אַרויסגעטראָגן אויפן גאַנצן לעבן די וואַרעמסטע זכרונות. די „קולטורא״ איז געווען די שול, וואָס האָט זיי דערצויגן צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין זייערע שפּעטערדיקע רייפע יאָרן.

**דוד קאַניעצפּאלער**

## ב. אויפשטייג און אונטערגאַנג פון „קולטורא״

אַ לענגערע צייט האָבן מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע, אַרומגעטראָגן זיך מיטן געדאַנק צו גרינדן אַ קולטור־געזעלשאַפט, אָבער רעאַליזירן דעם געדאַנק איז אונדז געלונגען ערשט אין יאָר 1915.

די פייערלעכע דערעפענונג פון דער געזעלשאַפט, וועלכער מיר האָבן אַנאָמען געגעבן „קולטורא״, איז פאָרגעקומען דעם 15־טן אָקטאָבער 1916, און עס האָבן אין איר אָנטייל גענומען פאָרשטייער פון מאַגיסטראַט, קהילה (פישל דאַנסקי און אַדאָלף לעווקאָוויטש), ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (יענקל וויטענבערג, אברהם גראָסבערג, אָדער אברהם ראדע׳ס ווי מען האָט אים גערופן, מענדל פיינזילבער און שלמה קראקאווסקי). עס זענען אויך אָנגעקומען דעלעגאַטן פון די שכנותדיקע שטעט — טשענסטאָכאָוו, פּיעטריקאָוו, בענדין, סאָסנאָוויץ און בעלכאַטאָוו. די אָקופּאַציע־מאַכט האָבן רעפּרעזענטירט — לייטענאַנט שוּבערט (אַן אונגאַרישער ייד וואָס האָט פאַרנומען א


הימן צום אנדענקען דעם ערעפנונג׳סאווענד פונ׳ם יודישען פעראיין „קולטור“ אין נאוואראדאמסק הימן

קולטור, ליכט און שטרעבען,
אצוקינפט פיר אונזער נאציאן.

איהר וועקען און רופען צום לעבען,
אט דאס, איז אונזער פאהן.

בעגייסטערט מיט אמת אהן מורא
הויבען מיר הויך אונזער קול:
עס לעבע אונזער מנורה!
עס לעבע אונזער סימבאל!

עס לעבע די יוגענד, איהר קאמף,
פיר פרייהייט און ליכט איבעראל!
עס לעבע אין אונזער „קולטור“
אונזער פאלקס אידעאל!

א. ז. ראזענבלאט.

NA PAMIĄTKĘ OTWARCIA ŻYD. STOW. „KULTURA“ w NOWORADOWSKU.

d 15 Paźdz. 1916 דעם 15 אקטאבער ביום השלישי לחג האסיף הרע״ז.

Druk. Witenberg, Noworadomsk

ההימנון של האגודה העברית „קולטורה“, שהודפס בצורה זו לקראת יום־הפתיחה של הסניף בראדומסק (15.10.1916). דער הימן פונעם יידישן פאַראיין „קולטורא“, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער פאָרם און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין טאָג פון דערעפענען די נאָוואָ־ראַדאָמסקער אָרגאַניזאַציע (דעם 15־טן אָקטאָבער 1916).

№ 81

dla P. — בעד — פיר

Prezes — יושב ראש — פּרעזעס

Sekretarz — מזכיר — סעקרעטאַר



כרטיס־חבר של אגודת „קולטורה“.
אַ מיטגלידער־לעגיטימאַציע פון דער „קולטורא“.

היוכן אַמט אין דער אַדמיניסטראַציע פון אונדזער שטאָט), אַ דע־לעגאַט פון דער עסטרייכישער ציוויל־פאַרוואַלטונג מיטן נאָמען פאַמעראַנצל און אַ גרופּע אָפיצירן. די גרעסטע איבעראַשונג איז אָבער פאַר אונדז געווען דער מאַסנהאַפטער אָנטייל אין דער פייער־לעכקייט פון דער אַסימילרטער אינטעליגענץ און שטודירנדיקער יוגנט, וועלכע האָבן זיך פון שטענדיק באַצויגן מיט ביטול צו יידיש און געהאַלטן זיך ווייט פון יעטוועדער נאַציאָנאַלער טעטיקייט. מיט רעדעס אויף דער דערעפנונג זענען אַרויסגעטרעטן: דוד קרויזע און מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט — אין יידיש, הערשל קרויזע — אין פּויליש.

גלייך מיט איר אַנטשטיין האָט די „קולטורא“ אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט. זי איז אַריבער פון קליינעם בוידעם־שטיבל ביי אהרן־וואָלף שוואַרץ, ווו עס איז ביז דאַן געפירט געוואָרן אַן אומלעגאַלע קולטור־טעטיקייט, אין אַ גרויסן לאָקאַל אויף סטשאַל־קאווע גאַס (ביי לייב קארפּ׳ן). די צאָל מיטגלידער פון דער געזעל־שאַפט איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג.

## די ערשטע תקופה

איינע פון די ערשטע אויפגאַבעס, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט איז געווען גרינדן אַ ביבליאָטעק. אויף אונדזער רוף צו דער געזעל־שאַפט זענען אַריינגעפלאָסן ביכער־מתנות און געלט־שפּענדונגען מיט אַ ברייטער האַנט. נאָך אַ קורצער צייט האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַ שפּאָר צאָל יידישע, העברעאישע און פּוילישע ביכער. אין לייען־זאַל, ביי דער ביבליאָטעק, האָבן זיך פאַרזאַמלט יעדן אָוונט אַרבעטער און יונגוואַרג פון אַלע קרייזן, פאַרברענגענדיק זייער פרייע צייט אויף לייענען אַ צייטונג, אַ בוך אָדער אויף אַרומריידן אַקטועלע פּראַגעס. דער טאַנץ־זאַל וואָס האָט זיך געפונען אין דער־זעלביקער געביידע וואָס „קולטורא“, האָט אָנגעהויבן פּוסטעווען און די יוגנט האָט זיך מאַסנווייז אַריבערגעטראָגן אין דער „קולטורא“, ווו זי האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלערליי קולטור־אימ־פּרעזעס.

די אָרטיקע שטודירנדיקע יוגנט, סטודענטן פון די וואַרשעווער און לעמבערגער הויכשולן, און די אינטעליגענץ האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו אונדזער טעטיקייט און גערן מיטגעאַרבעט מיט אונדז. באַזונדערס דאַרפן דערמאָנט ווערן: גאבריש ווינער — אַ סטודענט פון דער לעמבערגער פּאָליטעכניקום, היפעק לעווקאָוויטש — אַדאָלף לעווקאָוויטש׳ס אַ זון, העניעק דאנסקי — דעם דאָזאָרס פישל דאַנסקי׳ס זון, פרל׳ שטשאַריינסקי, פרל׳ בעהם — יוסף בעהמ׳ס טאָכטער, פרל׳ וויסאָצקי — לערערין אין דער רעגירונגס־שול, מאַ־דזיע ווינער — בצלאל זייפנזידערס טאָכטער, און קריינדלער חיים, דירעקטאָר פון דער פאָלקס־שולע.

האָבנדיק אַזעלכע כוחות האָבן מיר באַשלאָסן צו גרינדן אָוונט־קורסן. אינעם קאָמיטעט וואָס האָט געזאָלט אָנפירן מיט די קורסן זענען אויסגעוויילט געוואָרן: מרדכי־זעליג ראָזענבלאַט, דוד קרויזע, יענקל אַראַנאָוויטש (שפּעטערדיקער דאָקטאָר־מעדיצין) און לודוויק ווייגבערג. מיט דער צייט זענען צוגעקומען: גאבריש ווינער, היפעק לעווקאָוויטש, פרל׳ בעהם א״אַ. אין דער פייערלעכער דערעפענונג פון די קורסן האָבן אָנטייל גענומען פאָרשטייער פון מאַגיסטראַט (דניאל ראָזענבוים), קהילה (פישל דאנסקי) א״אַ.

די אָוונט־קורסן זענען געפירט געוואָרן אַ לענגערע צייט אינעם שול־לאָקאַל און געניאָסן פון אַ קהילה־סובווענץ.

## דער גלאַנץ־פּעריאָד

אין 1916, נאָך אַ יאָר פרוכטבאַרער טעטיקייט, האָבן מיר באַ־שלאָסן צו שאַפן אַ כאָר, אויסנוצנדיק דעם באַזוך פון מוזיקער מתתיהו בענסמאַן אין אונדזער שטאָט. נאָך אַ קורצער צייט האָט אין דער סטשאַלקאָווער גאַס געקלונגען דאָס האַרמאָנישע געזאַנג פון דעם געמישטן מענער־און פרויען־כאָר. צו יענער צייט איז אויך אַנטשטאַ־נען די דראַמאַטישע סעקציע מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט קובא מיטעלמאַן.

די געזעלשאַפט האָט געפירט איר טעטיקייט מיט גרויס התלה־בות און ברען. יעדן שבת זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן, וועלכע עס האָבן געהאַלטן מרדכי זעליג ראָזענבלאַט, די ברידער דוד און נחמן גאָלד, דער לערער קריינדלער. אויך עסטרייכישע אָפיצירן האָבן פון צייט צו־צייט רעפערירט איבער דייטשער ליטעראַטור, אאַ״וו. אַ גרויסן דערפאָלג האָבן אויך געהאַט די ליטעראַריש־מוזיקאַלישע אָוונטן, אויף וועלכע עס זענען אויפגעטראָטן די דראַמאַטישע סעקציע און דער כאָר. פאַרטאָן אין אונדזער טעטיקייט האָבן מיר פשוט פאַר־געסן, אַז מיר לעבן אין אַ מלחמה־צייט, אַז ביי פאלקיוו דונערן די האַרמאַטן און עס גיסט זיך מענטשלעך בלוט.

## דער אונטערגאַנג

די מלחמה האָט זיך דערנעטערט צו איר סוף. פון שכנותדיקן רוסלאַנד האָבן זיך דערטראָגן די אָפּקלאַנגען פון גרויסן רעוואָ־

לוציאָנערן שטורעם און אין די יידיש־פּוילישע שטעט און שטעטלעך האָט פּלוצים אויפגעוואַכט אַ רוישיק פּאָליטיש לעבן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַרשידענע אַרבעטער־פּאַרטייען, ווי דער „בונד", „פּועלי־ציון", צעירי ציון א"אַ. פּאַרטיי־רעדנער האָבן פאַרפלייצט די שטעט און שטעטלעך, זיי זענען געקומען פון וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע גרעסערע שטעט, כדי צו פירן זייער אַגיטאַציע־אַרבעט. די רעפעראַטן זענען פאַרגעקומען אין לאָקאַל פון „קולטורא". אַ געוויסע צייט האָט די פאַרוואַלטונג זיך באַמיט אָפּצוהיטן די געזעלשאַפט ווי אַן אומפּאַרטייאישן קולטור־צענטער. דאָס איז אָבער אויף לאַנג נישט געלונגען: אויפן אָרט פון האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נישט געצוימטער פּאַרטיי־געראַנגל, וואָס האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון דער „קולטורא".

דוד קרויזע

# מלמדים - לערער - דערציער

## יצחק גראסמאַן

אין מיינע קינדער יאָרן האָט נאָך אין ראַדאָמסק נישט עקזיסטירט קיין פאָלקס־שולן. אַפילו די צוקונפטיקע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן האָבן באַקומען זייער דערציונג אין חדרים. די ערשטע פאָלקס־שול איז געעפנט געוואָרן — איך געדענק נישט גענוי ווען — דאַכט זיך אין יאָר 1903 אָדער גאָר אין יאָר 1905 אין שלמה ראַדעלס הויז און מען האָט זי גערופן „די זשאָנדאָווע שקאָלע". געלערנט האָט מען אין איר נאָר אין דער רוסישער שפּראַך. דער הויפּט־לערער איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען גאָלאָמב. אינדערפרי האָט ער געלערנט אין דער שול און נאָכמיטאָג רוסיש אין די חדרים לויט דער ריי, ווייל פון דער שול אַליין האָט ער נישט געהאַט קיין פּרנסה. אין די חדרים האָט מען דעמאָלט געמוזט לערנען די קינדער רוסיש, אַנדערש האָט מען צוגענומען ביים מלמד די דערלויבעניש צו פירן דאָס חדר. דער לערער גאָלאָמב איז געקומען פון טיף רוסלאַנד. ער האָט געקענט פיין פּויליש און אַפילו יעדן פּרייטיק אין געהיים געלערנט מיט די עלטערע קינדער פּויליש. יידיש האָט ער גערעדט שוואַך. נישט יעטוועדער אין ראַדאָמסק האָט זיך געקענט אַנטשליסן צו שיקן זיין קינד אין דער דאָזיקער רעגירונגס־שול. ערשטנס האָבן דאָרט יינגלעך און מיידלעך געלערנט צוזאַמען און צווייטנס האָט מען דאָרט געלערנט אָן היטלעך און די תלמידים האָבן געמוזט טראָגן אַ ספּעציעלן מונדיר („אוניפאָרם"). איך האָב מיך אויך געהאַט פאַרשריבן אין דער דאָזיקער שול, אָבער ווען מיין באָבע הינדע איז צעגעגאַנגען און אַ קוק געטון ווי די שול זעט אויס, האָט זי חרטה באַקומען און מיך נישט געלאָזט לערנען אין איר, כ'זאָל נישט ווערן קיין „גוי". בעת יעטוועדער „גאַלאַוועקע" ד. ה. ווען מען האָט געפייערט דעם געבורטסטאָג פון קיסר ניקאָלאַי אָדער פון זיינע משפּחה־מיטגלידער, האָט דער לערער גאָלאָמב גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו און צונויפגעזאַמלט די קינדער פון דער רעגירונגס־שול און פון די חדרים און געפירט זיי אין שול אַריין און דער חזן ר' שלמה זאַקס האָט צוזאַמען געזונגען מיטן כאָר דעם רוסישן הימן „באָזשע צאַריאַ כראַני". אַזאַ טאָג איז געווען אַ יום־טוב פאַר די חדרים־קינדער פאַר קליין און גרויס, אָנהויבנדיק פון דרדקי ביז די גמרא־חדרים.

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1893 און שוין אין יאָר 1897, ד. ה. צו פיר יאָר האָב איך אָנגעהויבן לערנען ביים באַוווסטן דרדקי־מלמד, אברהמלע מלמד, אַ ייד מיט אַ ברייטער באָרד. דאָס חדר האָט ער געפירט אויפן הויף פון רב ר' צבי מאיר. אברהמלע מלמד האָט ליב געהאַט די קינדער, אַלע, אָרעם און רייך זענען ביי אים געווען גלייך, און די קינדער האָבן אויך ליב געהאַט זייער רבין. צוזאַמען מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט צוויי באַהעלפערס. נאָכדעם ווי ר' אברהמלע מלמד איז נפטר געוואָרן האָט דאָס מלמדות איבערגענומען זיין זון ר' איטשע־מאיר. ער איז געווען יונג און האָט איינגעפירט פאַרשידענע אויסבעסערונגען אין דער שיטה פון לערנען. מיט אים האָט זיך זייער געשמאַק געלערנט, ווייל ער האָט געוווסט ווי צו געווינען די סימפּאַטיע פון די קינדער. האָבן טאַקע די קינדער געוואָלט לערנען נאָר ביי אים און נישט ביי די צוויי באַהעלפערס וועלכע ר' איטשע מאיר האָט איבערגענומען בירושה פון זיין פאָטער.

דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ. צו פינף יאָר בין איך איבערגעגאַנגען צו יוסף־בער מלמד. דאָס איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ שפּיציק בערדל. ער האָט געלערנט מיט אונדז גמרא און איז געווען אַ שטרענגער, אַפילו אַ שטיקל כעסן. אויסער דער מלמדות האָט ער געהאַט נאָך זייטיקע פּרנסות. ער האָט געקענט שרייבן און ריידן רוסיש (באַלייגט אַפילו אַן עקזאַמען פון דער רוסישער שפּראַך) און געהאַט אַ דערלויבעניש צו לערנען מיט די קינדער אין זיין חדר רוסיש. ער האָט טאַקע צופאַרדינט מיט שרייבן ביטעס צו דער מאַכט, צום נאַטשאַלניק, גובערנאַטאָר און אַפילו צום קייזער און דער קייזערין אַליין. ער האָט זיך באַרימט, אַז ער איז תמיד מצליח, ווייל ער האָט אַ גוטע פעדער און אַ שיינע האַנטשריפט. ווען מען האָט אַרעסטיר'ט זיין טאָכטער, דבורה די פּועלי־ציוניסטקע, אַלס אָנפירערין פון אַ שטרייק אין יאָסל האַמער'ס זאָקן־פאַבריק, איז ער געלאָפן צו דער בוידעמטעס מאַן בעטן אָנשרייבן אַ ביטע צום נאַטשאַלניק: מען זאָל באַפרייען זיין טאָכטער דבורה הצנועה וואָס איז על פּי טעות אַרעסטירט געוואָרן און דאָס קען אַ יידישער טאָכטער שאָדן צום שידוך, אַ חוץ דעם העלפן אים דבורה'ס פאַרדינסטן צו פירן די מלמדות. דער נאַטשאַלניק דאַרף וויסן -- האָט ער געשריבן — אַז ער איז געטריי דעם קייזער און דער קייזערין און בעט אויף דעם לאַנגען לעבן פון דער גאַנצער קייזערלעכער משפּחה. אַ חצי מאה קינדער בעטן אויף דער באַפרייאונג פון דער טאָכטער פון ר' יוסף־בער מלמד וואָס איז אַן עני ואביון און דער קייזער דאַרף אויף אים מרחם זיין כרחם אב על בנים. ר' יוסף־בער האָט אונדז פאָרגעלייענט די ביטע און געוואָלט וויסן ווי מיר האַלטן פון איר. ווען מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער שרייבט זי נישט אַליין, האָט ער געענטפערט, אַז ער וויל נישט אַז „נאַטשאַלסטווע" זאָל דערקענען זיין האַנטשריפט און דעריבער האָט ער דיקטירט דעם תוכן. ער האָט טאַקע באַקומען אַן ענטפער, אַז מען זאָל געבן אַ גאַראַנטיע, אַז דאָס וואָס ער שרייבט איז אמת און דאַן וועט מען די טאָכטער באַפרייען. מיין באָבע הינדע ז"ל האָט געגעבן די גאַראַנטיע און די שוואַרצע דבורה (אַזוי האָט מען זי גערופן) איז באַפרייט געוואָרן. יוסף־בער מלמד האָט געהאַט נאָך אַ פּרנסה. זומערצייט פלעגט ער פאַרבעטן יעדן שבת נאָכמיטאָג די תלמידים צו זיך אַהיים כדי צו לערנען אַ פּרק משניות און זיי מכבד געווען מיט ביר וואָס ער אַליין האָט געמאַכט פון פלוימען־זאַפט. די רביצין האָט זיך אָבער געהייסן באַצאָלן פאַר דעם כיבוד.

אַן אַנדער טיפּ מלמד איז געווען ר' מרדכי יוסף. מען האָט אים

גערופן „פּאָניע" ווייל ווען מען איז אַרויס פון זיין חדר איז אַזוי ווי מען וואָלט געדינט ביי די זעלנער. צוליב יעטוועדער נאַרישקייט וואָס אַ תלמיד האָט זיך פאַרשולדיקט האָט ער אים געהייסן אַרויף אויפן טיש און געגעבן אים מלקות. דעם ערשטן שמיץ האָט געגעבן די רביצין און דערנאָך די איבעריקע תלמידים. אויך ר' מרדכי יוסף האָט נישט געלעבט פון בלויז מלמדות. ער האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן וואַרשעווער קאַפּעלעך און יידישע היטלעך אָבער אָן בענדלעך, ווייל די „אחדות־יינגן" האָבן געטראָגן היטלען מיט איין אָדער צוויי בענדלעך און דעריבער האָט ער אַזאַ סחורה נישט געוואָלט האַלטן. פאַרקויפט די היטעלעך האָט ער בעת די יאָרצייטן פון די ראַדאָמסקער רביים און די תלמידים האָבן אים צוגעהאָלפן. אַזוי האָט ער געלערנט סיי תורה און סיי פאַרקויפן סחורה. ווען מען איז אַוועק פון מרדכי־יוספן איז פאָרט עפּעס פון זיין תורה געבליבן אין קאָפּ.

אַן ענלעכער טיפּ מלמד איז געווען יידל מלמד, מרדכי־יוספס אַ ברודער. ער איז געווען אַ שטרענגער אָבער צוגלייך אויך אַביסל אַ מאָדערנער מלמד. אַ חוץ גמרא, האָט ער אויך געלערנט תנ"ך און עברית. ער האָט אַ גאַנצע וואָך געלערנט בלויז ביז 10 אַזייגער אינדערפרי און שפּעטער האָט ער אַריינגערופן די רביצין אויסגעהערט ווי אַזוי די תלמידים האָבן זיך אויפגעפירט אין שטוב און אין דער גאַס און דערנאָך האָבן די תלמידים דערציילט ווי זיי האָבן זיך אויפגעפירט בין אדם לחברו. יידל מלמד האָט צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל און פאַרפירט אַ משפּט. יעטוועדער תלמיד האָט באַקומען זיין פּסק־דין. ס'האָט זיך גערופן „הרג וחינוך": ווער עס איז אַהיים געקומען מיט אויסגעריסענע אויערן, ווער אַ צוקניפּטער און צעשלאָגענער. די משפּטים האָבן געדויערט ביז דריי נאָכמיטאָג און ווען מען איז סוף כל סוף אַרויס אויף דער פריי אויף אַ גאַנצן שבת איז געוואָרן פריילעך.

ליפּא מלמד איז געווען אַ ייד מיט אַ ברייטער באָרד, אַ שטילער און זעלטן ווען זיך אויפגערעגט. געלעבט האָט ער זייער באַשיידן. מיט איין שטיקל צוקער האָט ער אויסגעטרונקען צען גלעזער קאָכעדיקן טיי. געראויכערט האָט ער אַ לולקע. ווי ער האָט זיך אַליין באַרימט האָט ער געמאַכט אַ שהחיינו אַויף קאַרשן ערשט דעמאָלט ווען אַ טאָפּ קאַרשן האָט געקאָסט נישט מער ווי דריי קאָפּיקעס. מיט איין וואָרט, ער האָט געלעבט אין דחקות. געהאַט האָט ער אַ זון מיטן נאָמען אַברהם, מען האָט אים אָבער גערופן „דער לאַנגער קאָפּ", ער איז געווען אַ חבר פון „פּועלי ציון" און געפירט דעם שטרייק פון די זאָקן־אַרבעטער. ליפּא מלמדס פרוי האָט געהייסן חנה־רבקה, געווען איז זי אַ קליינע מיט אַ קופּקע אויפן קאָפּ און געהאַנדלט אויפן מאַרק מיט טיכלעך. יעטוועדן דאָנערשטיק פלעגט ר' ליפּא אַרויסגיין מיט דער לולקע אין מויל, כדי אַכטונג געבן אַז מען זאָל זיין ווייב נישט באַגנבענען. ווען ער האָט אָבער באַמערקט ווי אַן ערל'טע האָט פאַרבאַהאַלטן אַ געגנבעט טיכל אין בוזעם האָט ער עס דערציילט זיין חנה־רבקהן ערשט ווען די ערל'טע איז אַוועקגעגאַנגען. ווען ער האָט נישט געלערנט — פלעגט ער איינטענען מיט זיין ווייב, — אַז מען דאַרף נישט מבזה זיין אַפילו אַ גוי בפרהסיה. ליפּא האָט ליב געהאַט זיינע תלמידים און מיט זיי געלערנט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. פאַר דעם נאַפּט האָט ער, פאַרשטייט זיך, גענומען געלט. בעת ר' ליפּא איז אַוועק אין בית המדרש צו מנחה ומעריב האָבן דערווייל די תלמידים געמאַכט אַן איבערקערעניש אין חדר. ביי ליפּא'ן האָט מען שוין געלערנט גמרא מיט תוספות און אַ פּשטל. בדרך כלל האָט ער נישט געשמיסן, ער האָט נאָר געסטראַשעט אַז ער וועט ברענגען פון בוידעם דעם קטר מרירי מיט די זיבן שפּיצן און דאָס, איז געווען דער גרעסטער סטראַשונעק. ער איז אויך געווען דער משגיח איבער דעם רבינ'ס ז"ל תפארת שלמה'ס און חסד לאברהמ'ס אוהל, ער האָט אים געעפנט צו זייער יאָרצייט, אַרומגעגאַנגען מיט דער צדקה־פּושקע און פאַרטיילט דאָס געלט צווישן בכבודיקע אָרעמעלייט.

אבא מלמד, אַ זון פון זלמן דעם דאַמען־שניידער, אַן אָפּגעהיטענער ייד, איז געווען אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ קליין בערדל. געווינט האָט ער אין איין צימער, וווּ ער האָט געפירט זיין חדר. ער האָט נאָר געהאַט איינצלנע תלמידים וועלכע ער האָט פאָרבאַרייט צו חיים דוד מלמד (זע ווייטער). אבא איז געווען אַ געהיימער מלמד, ד. ה. ער האָט נישט געהאַט קיין דערלויבעניש אויף פירן אַ חדר. מיט די תלמידים האָט ער געלערנט אַמאָל אין בית המדרש און אַמאָל ביי זיך אין שטוב. זיין ווייב איז געווען קראַקאָווסקי'ס, דעם וואַלד־סוחרס אַ טאָכטער. זי האָט געוואָלט אַז ר' אבא זאָל אויך זיין אַ סוחר אָבער ער האָט געוואָלט זיין דווקא אַ מלמד און דער שווער האָט געמוזט מסכים זיין דערצו. אַזוי ווי דאָס מלמדות האָט נישט געגעבן קיין שטאַרקע פּרנסה האָט דער שווער בלית ברירה געמוזט אונטערשטיצן אבא'ן מיט זיין משפּחה.

חיים דוד מלמד איז געווען אַ ייד פון מיטעלן וווּקס, אַ שניידערס אַ זון. געווען איבערגעבן זיינע תלמידים, געלעבט אין התבודדות און נישט געקוקט אַפילו אויף זיינע אייגענע טעכטער. ביי אים האָבן געלערנט די רייכערע קינדער ווי שטשעראַנסקיס און ראָזענבוימס. נאָכמיטאָג האָט געלערנט רוסיש אין חדר דער לערער גאָלאָמב פון דער רעגירונגס־שול און ער האָט אָפּגעהיטן די „גאָלאָווקעס".

אין יענער צייט, 1905, איז שוין געווען דער קליינער „בונד" וועלכער איז געווען קעגן דעם פייערן די „גאָלאָווקעס". חיים דוד'ס תלמידים זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן אויפהערן לערנען ביי גאָלאָמבן און אויב נישט וועט מען זיי אונטערשניידן די פּיאות און צונעמען די היטלעך.

די „בונדאָווצעס" האָבן טאַקע אונדז אַרגאַניזירט, אַז ווען גאָלאָמב וועט וועלן זינגען מיט אונדז אינעם טאָג פון דער „גאַלאָווקע" „באָזשע צאַריא כראָני" זאָלן אַלע תלמידים פאַרלאָזן דאָס חדר און אים לאָזן אַליין. און אַזוי האָבן מיר טאַקע געטון. איך געדענק אַז דאָס איז געווען דאָנערשטיק, אַ מאַרק־טאָג, זענען מיר אַלע אַרויס אינעם מאַרק און געזען ווי אַלי באַרדא, אברהמטשע זייפענזידער'ס איידעם, טראָגט די רויטע פאָן. אַזוי ווי איך האָב אָנגעפירט מיטן שטרייק ביים חיים דוד'ן האָט ער געבעטן מיין באָבע הינדע ז"ל אַז זי זאָל מיך אַרויסנעמען פון זיין חדר און איבערגעבן גלייכער צו אהרן־הערש מלמד.

חיים דוד'ס ווייב האָט געפירט אַ מסחר מיט די תלמידים, זי האָט זיי פאַרקויפט קאָלאָראַבי און געבראָטענע קאַרטאָפל.

אהרן הערש מלמד איז געווען אַ נידעריקער ייד מיט גרויסע געדיכטע ברעמען. ער האָט געטענעט, אַז אַ ייד דאַרף נישט קוקן נישט אַרויף און נישט אַראָפּ וועט ער נישט נכשל ווערן אין קיין עברות. ר' אהרן הערש האָט זיך געפירט ווי אַ רבי, יעטוועדן טאָג איז ער געגאַנגען זיך טובל זיין, קוים עפּעס וואָס געגעסן און נישט יעדן תלמיד האָט ער אָנגענומען צום לערנען. מען האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ דיין נאָר ער האָט מסרב געווען.

פון אהרן־הערשן איז מען געגאַנגען לערנען אין הענעך־פישל קאָצקערס ישיבה אין קאָפּל'ס בית המדרש. דאָס איז געווען דער לעצטער עטאַפּ פונעם לערנען אין חדרים.

אהרן־הערש האָט געהאַט טעכטער וואָס האָבן פיל מיטגעאַרבעט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אָבער ער האָט דערפון נישט געוווּסט און ווען מען האָט אים דערציילט, אַז זיינע טעכטער האָבן געשעפּטן מיט די „אחדות־יונגן" האָט ער פּשוט נישט געגלויבט.

ר' הענעך־פישל קאָצקער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ קאָזעבערדל, אַ חכם וואָס האָט ליב געהאַט תמיד צו פּשטלען זיך מיט די תלמידים און מיט סתם דורכגייער. זיין ישיבה האָט ער געפירט אין קאָפּלס בית־המדרש. שבת האָט ער געלערנט מיטן עולם אינעם בית־המדרש און איז געווען באַזונדערס באַליבט ביי די בעלי־מלאכה. מען האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס דרך ארץ. ווען עס איז גע־

קומען אַ מגיד האַלטן אַ דרשה אין בית־המדרש, האָט אים קאָפּל שמש נישט דערלויבט רעדן ביז ער האָט נישט באַקומען פּישל־קאָצקערס הסכמה.

גרשון מלמד איז געווען פון דעם טיפּ מלמדים וואָס יוסף־בער. דאָס איז געווען אַ הויכער געלער ייד . זײַן ווײַב האָט מען גערופן טובה די קלאַפּערין. ווען גרשון איז נפטר געוואָרן האָט טובה זיך גענומען צום מלמדות און געגאַנגען איבער די שטובן לערנען מיידלעך שרײַבן און לייענען יידיש ווי אויך דאַווענען.

מיכאל מלמד איז געווען אַ נידעריקער ייד, קוים וואָס ער האָט געלעבט. געווען איז ער אַ דרדקי מלמד, זײַן חדר איז געווען קליין און אָן באַהעלפערס. ער פלעגט זאָגן צו זײַנע תלמידים: „אַז מען לערנט אַליין איז די נשמה ריין".

יעקב־יוסף מלמד אַן אײדעם פון דער ציקאָריע־מאַכערין איז געווען פון דעם טיפּ מלמד וואָס אַבא. געוווינט האָט ער אין אַ קליין שטיבל און גערייכערט אַ סך ציגאַרעטן. זײַנע תלמידים האָט ער געבעטן זיי זאָלן אויפקלײַבן אַוועקגעוואָרפענע מונדשטוקן פון וועלכע ער האָט אַרויסגענומען דעם טאַבאַק פאַר זײַנע ציגאַרעטן. ער איז אויך געווען מוזיקאַליש. זײַנע שילער האָבן אים געבראַכט האָר פון פערדישע ווײַדלען און ער האָט זיי געוויזן ווי אַזוי מען מאַכט פידלען.

זײַן חדר איז געווען אין אַ קליין שטיבל. די תלמידים זענען געזעסן אויפן בעט נעבן וועלכן עס איז געשטאַנען אַ טיש. פון דער צווייטער זײַט איז געשטאַנען אַ צעבראָכענע באַנק, וועלכע איז כסדר אומגעפאַלן און ר' יעקב־יוסף האָט זי געהאַלטן אין איין פאַרריכטן. אַמאָל איז די ציקאָריע־מאַכערין אַרײַנגעקומען אין חדר און געזען ווי דער אײדעם אַרבעט האָט זי אָנגעשריגן אויף די תלמידים אַז צוליב זיי וועט ער נאָך באַקומען אַ לונגען־פעלער, ווײַל ער שוויצט צו פיל און געהייסן זיי אַרויסטראָגן זיך אין בית־המדרש וועט אין שטוב זײַן אַביסל גרוימער. ר' יעקב־יוסף האָט זיך דערשראָקן פאַר זײַן שוויגער, אַריבערגעפירט די תלמידים אין בית־המדרש, און גענומען מיט זיי דאָרט ווײַטער קנעלן.

אויף דער עלטער האָט ר' יעקב־יוסף אַוועקגעוואָרפן דאָס מלמדות. ער האָט באַקומען אַ קליינע ירושה פון זײַן שוויגער די ציקאָריע־מאַכערין און פון דעם זיך געעפנט אַ קאַלך־געוועלבל. דאָס געוועלבל איז אַוועק נישט שלעכט. די דערוואָקסענע זין האָבן מיטגעהאָלפן אין דער פרנסה און פאַרגרעסערט דאָס געשעפט. מיט דער צײַט האָט ער זיך געעפנט אַ צווייט געוועלב מיט קאַלך, אַזוי אַרום אַז מען האָט אים אַפילו געהאַלטן פאַר אַ גביר. ווען ער האָט נאָר געהאַט אַביסל צײַט האָט מען אים געטראָפן זיצן אין לערנען אין ראַדאָמסקער גערער שטיבל.

דער לעלעווער לערער זיינוול גאָלדמאַן איז געווען קאַזיאָנע ראַבינער אין ראַדאָמסק, ער האָט ליב געהאַט ארץ־ישראל און געלערנט תנ"ך, יידיש, לשון־קודש, רוסיש, פּויליש און דײַטש. געהאַט האָט ער אַ גרויסע השפעה אויף זײַנע תלמידים און דערצויגן זיי אין ליבשאַפט צו ציון און אינעם נאַציאָנאַלן גייסט.

בעריש שטאַטלער איז געווען אַ לערער פון העברעאיש און בוכאַלטעריע און אַן איבערגעגעבענער ציוניסט.

# די „בית־יעקב" שולע

## שושנה ווײַנשטאַק

איך בין געווען אַ גאָר קליין מיידל, ווען אין ראַדאָמסק האָט זיך געגרינדעט די ערשטע רעליגיעזע שולע פאַר מיידלעך, אונטערן נאָמען „בית־יעקב". די שולע האָט זיך געפונען אויפן מאַרק, אין הויז פון ה' אייבעשיץ. צו יענער צײַט האָט נאָך ראַדאָמסק קיין אייגענע לערערינס נישט געהאַט. די לערערינס אין דער „בית־יעקב" שולע זענען געווען, מערסטנטייל, אַביטוריענטינס פון „בית־יעקב" סעמינאַר אין קראָקע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט שוין ראַדאָמסק פאַרמאָגט אייגענע לערערינס — די פרייילינס באָטשאַן, פרענק. יודקעוויטש און אַנדערע.

אין דער שולע האָבן מיר געלערנט 20—25 מיידלעך אין אַ גרופּע. (די עלטערע גרופּעס האָט מען גערופן „בנות"). נאָכן ענדיקן די שולע, זענען פון אונדזערע מיידלעך געפאָרן ממשיך זײַן דאָס לערנען אין „בית־יעקב" סעמינאַר אין קראָקע.

אין שולע האָבן מיר געלערנט: תנ"ך, דינים, ברכות, לייענען און שרײַבן יידיש, ווי אויך זינגען לידער. פרייטיק־צונאַכטס און שבת פלעגן מיר גיין דאַווענען. חנוכה און פורים פלעגן מיר אײַנאָרדענען פאַרשידענע אימפּרעזעס און פאַרוויילונגען. די הכנסות פון די אונטערנעמונגען פלעגן מיר שפּענדן אויף וווילטעטיקע צוועקן.

די שולע איז געשטאַנען אויף אַן הויכן ניוואָ און איז געווען באַקאַנט אין גאַנצן פּאָוויאַט. אַ גאָר גרויסע איבערלעבונג איז פאַר אונדז געווען ווען צו אונדז אין שולע איז געקומען אויף אַ באַזוך די פרוי שנירער, די פירערין פון די „בית־יעקב" שולן אין פּוילן. מיר זענען געקומען אין שולע אויסגעפּוצט אין יום־טובדיקע קליידער. די לעקציע אין אונדזער גרופּע האָט זיך געפירט אין דער אָנוועזנהייט פון פרוי שנירער, וואָס האָט אין אונדזערע קינדערישע אויגן זיך געשפּיגלט ווי אַ סימבאָל פון וויסן, צניעות און צידקות. די פרוי שנירער האָט אונדז געשטעלט פאַרשידענע פראַגן פון יידישער געשיכטע און יידישע מנהגים. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זי זיך געווענדעט צו מיר און אַזוי געזאָגט: „קינד מײַנס, דו האָסט אַ פּנים שיין ווי אַן עפּל, צי ווייסטו וואָס פאַר אַ ברכה מען מאַכט אויף פרוכט?" אין דעם מאָמענט איז שוין מײַן פּנים געווען ענלעך מער צו אַ בוראַק ווי צו אַן עפּל, דאָך האָב איך דרייסט און זיכער געזאָגט די פּאַסיקע ברכה. די פרוי שנירער האָט מיר שטאַרק געלויבט און איך בין מיט דעם שטאָלץ געווען לאַנגע וואָכן...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך די „בית־יעקב" שולע געפונען אויף קראַקאָווסקע גאַס נר' 9. איך האָב די שולע באַזוכט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, אין 1939, און לײַדער בין איך איינע אַליין פאַרבליבן פון אַלע מײַנע חבר'טעס־שילערינס. גאַנץ אָפט ווילט זיך מיר מיט עמעצן אַדורכשמועסן און זיך דערמאָנען די גליקלעכע קינדער־יאָרן, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין דער „בית־יעקב" שולע.

# די שלום־עליכם ביבליאָטעק

י. ליבערמאַן

די שלום־עליכם ביבליאָטעק איז דערעפנט געוואָרן דעם ערשטן מאַי 1926 אין קלוב פון פועלי־ציון־צ.ס., וואָס האָט זיך געפונען אין בנימין האַלצבערגס הויז, אויף דער פשעדבאָרסקאַ־גאַס.

די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן אַ דאַנק דער איניציאַטיב פון עטלעכע פאַרטיי־טוער, וועלכע זענען געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „די פיר”.

מען דאַרף באַטאָנען, אַז די שלום־עליכם ביבליאָטעק איז נישט געווען די איינציקע און ניט די ערשטע ביבליאָטעק אין שטאָט, עס האָבן שוין עקזיסטירט פאַר איר אַנדערע ביבליאָטעקן. באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערן די י. ל. פּרץ ביבליאָטעק וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט צוויי יאָר פריער דורך דעם האַנטווערקער־פאַרבאַנד. אין באַזיץ פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק זענען געווען צוויי טויזנט ביכער און צו איר האָבן געהערט הונדערטער לייענער. זי האָט זיך געפונען אין שטאָט־צענטער אויף דער קאַליסקאַ־גאַס.

דאָס גרינדן פון דער שלום־עליכם ביבליאָטעק איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. עס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע צו שאַפן אַ „יש מאַין”, אָן געלט־מיטלען, אָן דעם מינימאַלסטן אינווענטאַר און אָן דער מינדסטער ערפאַרונג ווי אַזוי צו פירן א ביבליאָטעק. דאָס אָרט וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דער ביבליאָטעק האָט זיך נישט געפונען אין שטאָט־צענטער. און דאָך, טראָץ די אַלע שטערונגען, איז באַשלאָסן געוואָרן, צוליב דעצידירנדיקע טעמים, די ביבליאָטעק צו שאַפן.

אונדזער באַוועגונג וואָס איז געווען פאַר אַלעם אַ דערציאונגס־באַוועגונג, פאָדערנדיק פון די מיטגלידער זיי זאָלן פאַרווירקלעכן אירע אידעאַלן, האָט נישט געקענט איבערלאָזן די דערציאונג אין די הענט פון „אומפאַרטייאישע”. מיר האָבן אויך איינגעזען, אַז מיט דער גרינדונג פון דער ביבליאָטעק לייגן מיר אַ גרונדשטיין פאַר אַ קולטור־צענטער, וואָס מיר האָבן געשטרעבט אויפצובויען פאַר דער יוגנט און דערוואַקסענע וועלכע וועלן זיך קאָנצענטרירן אַרום אונדז. אין משך פון דער זעלבער צייט האָבן מיר אויך געגרינדעט אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט, אָוונט־קורסן פאַר דערוואָקסענע, אַ דראַמאַטישן־קרייז און אַ כאָר. דאָך האָבן מיר באַטראַכט דאָס גרינדן פון דער ביבליאָטעק אַלס דעם הויפט־פונקט פון אונדזער קולטור־טעטיקייט.

דאָס אָרגאַניזירן און אויפבויען פון דער ביבליאָטעק איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות, מיט דער טעטיקער בייהילף פון דעם חבר חיים גאָלדבערג ז״ל און אַנדערע. איך בין אויך געווען דער ערשטער ביבליאָטעקאַר.

ווי געזאָגט איז די ביבליאָטעק דערעפנט געוואָרן דעם ערשטן מאַי 1926. אָנגעהויבן האָט זי מיט 500־600 יידישע ביכער, וואָס זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון פאַרשידענע שפענדער. דעם ערשטן שראַנק האָבן אויפגעבויט פרייוויליק די סטאָליאַרעס — פאַרטיי־חברים. אין אָנפאַנג האָט די ביבליאָטעק געציילט עטלעכע צענדליק לייענער. עס פאַרשטייט זיך אַז דער לייען־מאַטעריאַל איז נישט געווען קיין פילפאַרביקער, אַזוי ווי דער שטייגער איז ווען די ביכער ווערן נישט איינגעקויפט נאָר געשענקט.

בעסער איז געווען דער גורל פון דער פוילישער אָפטיילונג. אַ דאַנק דער הילף פון אַ גרופע שילערינס פון דער וויינטרויב־גימנאַזיע: שפרה וויטנבערג, פאָלאַ פאַכטער (ישראל), פעלא שוואַרץ, מאַניאַ אויפמאַן (פאַראייניקטע־שטאַטן), בעלאַ טיגער, לאָלאַ ראַפאַפאָרט (אומגעקומען) און אַנדערע. די דאָזיקע גרופע האָט געהאַט צונויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט ביכער אין דער פוילישער שפראַך פאַר אַן אַנדער ביבליאָטעק, וואָס איז נישט געווען טעטיק און זיי האָבן דעריבער באַוויליקט איבערצוגעבן די ביכער אונדזער ביבליאָטעק. די דאָזיקע ביכער זענען געווען אַ געוואונטשענער לייען־מאַטעריאַל און האָבן געדינט אַלס אַ קערן פון דער פוילישער אָפטיילונג. די מיטגלידערינס פון דער דערמאָנטער גרופע האָבן אונדז אויך מיטגעהאָלפן פירן די פוילישע אָפטיילונג און אַ טייל פון זיי זענען געווען אַ לענגערע צייט ביבליאָטעקאַרינס.

מיטן גרינדן פון דער ביבליאָטעק האָבן מיר באַלד אָנגעהויבן איינצוקויפן ביכער איןביידע שפראַכן. די צאָל לייענער איז בהדרגהדיק געשטיגן און די ביבליאָטעק האָט זיך שנעל אַנטוויקלט. דער מיטגליד־אָפצאָל איז געווען אַ נידעריקער און מיר האָבן געמוזט אָנהויבן מאָביליזירן געלט אויף איינצוקויפן ביכער. די מאָביליזירונג־אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אָרגאַניזירן פאַרשידענע ספעקטאַקלען, וואָס זענען געלונגען אַ דאַנק דער הילף פון אונדזערע לייענער.

מיר האָבן אויך פלאַנירט צו שאַפן אַ העברעאישע אָפטיילונג, אָבער זי איז געשאַפן געוואָרן ערשט מיט צען יאָר שפעטער. מיר האָבן געמאַכט אָנאויפהערלעכע אָנשטרענגונגען אויף איינצוקויפן נייע ביכער אין ביידע שפראַכן. יעדער ניי־דערשינענער בוך איז באַלד איינגעקויפט געוואָרן דורך דער ביבליאָטעק. לייענער האָבן עס געוווסט ווי געהעריק אָפצושאַצן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרבינדונג און פאַרשטענדעניש צווישן דער ביבליאָטעק־לייטונג און די לייענער און עס האָבן זיך געפונען פרייוויליקע וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן געלט. אין משך פון זומער פלעגן מיר איינאָרדנען בלימל־טעג און אין ווינטער האָבן מיר איינגעאָרדנט קולטור־אָוונטן. די הכנסות פון דעם האָבן אונדז דערמעגלעכט צו פאַרגרעסערן די ביבליאָטעק.

אין ווינטער 1931 האָבן מיר איינגעאָרדנט צוזאַמען מיט דעם קרן קימת לישראל אַן ארץ־ישראל אָוונט אונטערן נאָמען „ליל תל־אביב”, וואָס איז זייער געלונגען.

מיט דער צייט איז אונדזער ביבליאָטעק געוואָרן די צענטראַלע ביבליאָטעק אין שטאָט, אַן אינסטיטוציע וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד און אָנערקענונג אונדזער באַוועגונג אין ראַדאָמסק.

ווען איך מאָך היינט (נאָך 35־38 יאָר) אַן איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דער ביבליאָטעק און דערמאָן זיך דאָס מסירות־נפש פון די אַלע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער אַרבעט און האָבן געזען אין דעם אַן עבודת־קודש, איז דאָס ווערט נתפעל צו ווערן און באַוואונדערן. ביז מיין עליה קיין ארץ־ישראל (1933) האָבן געדינט אַלס ביבליאָטעקאַרן: משה־יצחק שיטנבערג (ישראל) און יחזקאל סקורניצקי, וועלכע האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט. (י. סקורניצקי האָט נישט זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און איז אומגעקומען אין גלות, כבוד זיין אָנדענק). אַ קורצע צייט איז געווען געהילפס ביבליאָטעקאַר יחזקאל גראָסמאַן (ישראל).

ווען איך האָב פאַרלאָזט ראַדאָמסק, האָט שוין דאַן די ביבליאָטעק געציילט אַרום 3000 ביכער און אַרום 400 לייענער. נאָך מיין עליה האָט זיך די ביבליאָטעק ווייטער אַנטוויקלט און האָט „איינגעשלונגען” די קלענערע ביבליאָטעקן וואָס האָבן מער נישט געקענט עקזיסטירן. אַזאַ גורל איז געווען באַשערט אויך דער גרויסער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק וואָס האָט צוליב געלט־שוועריקייטן און בעיקר צוליב מאַנגל אין דער נויטווענדיקער געזעלשאַפטלעכער שטיצע מער נישט געקענט עקזיסטירן. עס איז געווען שווער אויפצוהאַלטן

די י. ל. פרץ ביבליאָטעק אַלס אינסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפט פרייוויליק געפירט ווערן. עס איז געווען שווער צו געפינען צווישן די האַנטווערקער פרייוויליקע חברים וואָס זאָלן עס טאָן נאָך אַ לאַנגן און שווערן אַרבעט־טאָג.

אַז די י. ל. פרץ ביבליאָטעק האָט זיך געשלאָסן, האָט אונדזער ביבליאָטעק דאָרט אָפּגעקויפט אַרום 3000 ביכער, און אַזוי אַרום איז די צאָל ביכער ביי אונדז פאַרדאָפּלט געוואָרן און עס זענען אויך צוגעקומען נייע הונדערטער לייענער. עס האָט זיך געניויטיקט צו געפינען אַ נייעם לאָקאַל פאַר דער פאַרגרעסערטער ביבליאָטעק און זי איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין שטאָט־צענטער, אין אַ קליין הייזל אַליין פאַר זיך (אין מאַרק־פלאַץ 5. אין הויף פון חיים געלבאַרד).

דעמאָלט האָבן זיך אויך די פועלי־ציון צ.ס. באַוועגונג און אירע אָפּצווייגונגען שטאַרק פאַנאַנדערגעוואָקסן און פאַרברייטערט געוואָרן. האָלצבערגס הויז איז אינגאַנצן פאַרלאָזט געוואָרן און עס זענען געדונגען געוואָרן עטלעכע קלובן פאַר דער פאַרטיי, פאַר איר יוגנט און פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי אויך פאַר דער ביבליאָטעק.

איך דאַרף זיך צוריקקערן צו אַ פריערדיקער תקופה, כדי צו שילדערן די קולטור־אינסטיטוציעס וואָס מיר האָבן אַנטוויקלט אַרום דער ביבליאָטעק און דערמאָנען דעם ווונדערבאַרן מענטש ישראל בראַמבערג ז״ל, וועלכער האָט געהאַט אַ זייער וויכטיקן חלק אין די אַלע טעטיקייטן.

ישראל בראָמבערג איז געקומען צו אונדז אין שטאָט פון קאָלאָמייע (מזרח גאַליציע) אַלס לערער פון געשיכטע אין דער וויינטרויב־גימנאַזיע. ער איז געווען אַ באַשיידענער פאָלקס־מענטש און אַ געטרייער פריינט פון דער יוגנט. ער איז געווען אַן עקסטרעמער קעגנער פון אסימילאַציע און אויסער דער גימנאַזיע האָט ער גערעדט נאָר יידיש. דערמיט איז ער געווען אַנדערש פון זיינע חברים־לערער וועלכע זענען געווען די טרעגער פון דער פוילישער קולטור און שפראַך צווישן די יידישע שילער.

ישראל בראָמבערג איז נישט געווען קיין ציוניסט. ער האָט זיך צו אונדז דערנענטערט ווייל ער האָט געוואָלט זיין טעטיק צווישן דער יוגנט און האָט טאַקע ביי אונדז געפונען ברייטע מעגלעכקייטן דאָס צו טאָן. די ערשטע פאַרבינדונג מיט אים איז געמאַכט געוואָרן דורך דער ביבליאָטעק אין וועלכער ער איז געווען פאַרשריבן אַלס לייענער.

ישראל בראָמבערג האָט ביי אונדז געפונען אַ ברייטע אַרבעטס־פעלד: ער האָט אָנגעפירט מיט קורסן פאַר היסטאָריע און ליטעראַטור אין „החלוץ״ און „פרייהייט״ און האָט אויך זייער פיל מיטגעווירקט צו פאַרשפרייטן בילדונג צווישן דערוואָקסענע. אין די פרייטיק־צונאַכטן פלעגן מיר איינאָרדענען שמועסן און פאָרלעזונגען אויף ליטעראַריש־היסטאָרישע טעמעס (אַ חוץ די פאָליטישע רעפעראַטן, וואָס די פאַרטיי פלעגט איינאָרדענען), — אָנגעפירט דורך ישראל בראָמבערגן. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו און אונטער זיין לייטונג האָבן מיר אין 1930 דורכגעפירט אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט מיט אַ ריי סטאַבילע און אינטערעסאַנטע פאָרלעזונגען. אין ווינטער 1930 זענען פאָרגעקומען 39 פאָרלעזונגען אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט 4000 צוהערער. די אַלע פאָרלעזונגען זענען פאָרגעקומען אין האָלצבערגס הויז, בלויז דער דערעפענונגס־אָוונט איז פאָרגעקומען אין דעם זאַל פון שטאָט־ראַט.

די פאָלקס־אוניווערסיטעט האָט ממשיך געווען איר טעטיקייט אויך אין ווינטער 1931. מיר האָבן אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר דערוואָקסענע, צווישן זיי אויך גאָר פיל תלמידים. יאָרנלאַנג האָט אויך עקזיסטירט ביי אונדז אַ כאָר אונטער דער אָנפירונג פון לייבל זאַקס (דעם חזן שלמה זאקס זון) און אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט פון־צייט צו־צייט יידישע פיעסן, אונטער די רעזשי פון יעקב וויסליץ.

די העברעאישע אָפּטיילונג אין דער ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן 10 יאָר נאָך איר דערעפנונג, און דאָס אַ דאַנק אונדזער איניציאַטיוו דאָ אין ארץ־־ישראל.

אין 1934 האָט דער מחבר פון די דאָזיקע שורות, צוזאַמען מיט משה שיטה (שיטנבערג) אָנגעהויבן אַן אַקציע פאַר צונויפזאַמלען העברעאישע ביכער מיטן צוועק איבערצושיקן זיי דער שלום־עליכם ביבליאָטעק אין ראַדאָמסק און עפענען דאָרט אַן העברעאישע אָפּטיילונג. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז עס איז אונדז געלונגען צונויפצוזאַמלען עטלעכע הונדערט פאַסיקע ביכער. דעמאָלט איז אָנגעקומען אין לאַנד אונדזער חבר חיים גאָלדבערג ז״ל וועלכער האָט זיך באַזעצט אין חיפה און האָט דאָרט דורכגעפירט די זאַמל־אַקציע. מיר האָבן געמאַכט אַן הסכם מיט דער ברית־עברית עולמית און די אינסטיטוציע האָט איבערגעשיקט קיין ראַדאָמסק די צונויפגעזאַמלטע ביכער מיט אַ צוגאָב ביכער פון איר זייט. די ביבליאָטעק־לייטונג אין ראַדאָמסק איז געווען דאַנקבאַר פאַר דער מתנה און האָט געעפנט אַן העברעאישע אָפּטיילונג א.נ. פון מאיר וואָלקאָוויטש ז״ל, וועלכער איז מיט אַ געוויסער צייט פריער געשטאָרבן.

אין יענער צייט האָט די ביבליאָטעק דערגרייכט איר העכסטן אַנטוויקלונגס־פונקט, די צאָל ביכער איז דערגאַנגען ביז 15.000 און די צאָל לייענער ביז 1000. דער צווייטער דור פון די ביבליאָטעק לייטער האָט פאָרגעזעצט די טעטיקייט מיט דער גרעסטער איבערגעבנקייט און פאַרוואַנדלט די ביבליאָטעק אין אַן אינסטיטוציע וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד אונדזער באַוועגונג.

פלוצים זענען די יידישע הימלען אין פוילן פאַרוואַנדלט געוואָרן און בליץ־שנעלער חורבן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די יידישע שטעט און שטעטלעך. היטלערס־אַרמיי האָט פאַרפלייצט פוילן און אָנגעהויבן דאָס פיזישע פאַרניכטונג פון פוילישן יידנטום און דעם חורבן פון איר קולטור. אין דער ערשטער ריי זענען קאָנפיסקירט געוואָרן אַלע יידישע ביבליאָטעקן און די ביכער זענען איבערגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אַלס רוי־מאַטעריאַל פאַר דער דייטשער פאַפיר־אינדוסטריע.

ווי אַזוי די ביבליאָטעק איז אין דער תקופה פון אומקום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, דערציילט אין זיינע זכרונות טוביה באָזשיקאָווסקי ז״ל, וועלכער איז געוועזן דער ביבליאָטעקאַר ביים אויסברוך פונעם קריג אין 1939. ער און זיין חבר סאַני אקרענט (איצט אַ חבר פון קיבוץ „לוחמי הגיטאות״), האָבן באַשלאָסן איבערצופירן די ביכער אין אַ פאַסיקער באַהעלטעניש. אין גרויס שרעק האָבן זיי איבערגעפירט די ביכער אין מיטן העלן טאָג און ממש אונטער די דייטשע אויגן אַריין אין דער דירה פון אונדזער געטרייען חבר מ. ז. ראָזעבלאַט ז״ל. זיי האָבן אַריבערגעפירט נאָר עטלעכע הונדערט פון די חשובסטע ביכער. די מערהייט ביכער (אַרום 14,000) האָבן זיי באַהאַלטן אויפן בוידעם פון דער ביבליאָטעק.

נאָך דער מלחמה, ווען טוביה איז צוריקגעקומען קיין ראַדאָמסק, האָט ער באַלד נאָכגעפאָרשט וואָס עס איז געשען מיט די ביכער וואָס ער האָט באַהאַלטן. אין דעם קליינעם בנין פון דער ביבליאָטעק האָבן געוווינט פאָליאַקן, וועלכע האָבן גאָרנישט געוווסט פון דער עקזיסטענץ פון אַ בוידעם און פון די ביכער וואָס זענען דאָרט באַהאַלטן. ווען טוביה האָט זיי דערציילט דעם סוד, זענען זיי געוואָרן איבעראַשט און מסכים געווען פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל אים איבערצוגעבן די ביכער. צומאָרגנס האָט טוביה אַריבערגעפירט די ביכער קיין וואַרשע און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די הכשרה־קיבוצים וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט אין פוילן און זענען געווען דאָרשטיק נאָך אַ יידישן אָדער העברעאישן בוך.

# די יידישע ספּאָרט־קלובן

אברהם וואַלדפאָגעל

אין יאָר 1921 איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער יידישער ספּאָרט־קלוב „הכח" וועלכער האָט גענומען אַנטוויקלען דעם ספּאָרט צווישן דער ראַדאָמסקער יידישער יוגנט.

די ערשטע פאַרוואַלטונג פון דער דאָזיקער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע



קבוצת הכדורגל של „מכבי".
די פוטבאָל־מאַנשאַפט פון „מכבי" און עסקנים.
שטייען (פון רעכטס): א. זילבערשטיין, ל. געלבארד, נסים ברין, א. ראָזענבלאַט, ישראל גליקמאַן, מ. מייטליס, מ. ח. גליקסמאַן, י. וינער, י. ציפּלער, א. האזע.
צווייטע שורה: יעקב־שמואל אברך, יוסף זילבערשטיין, ז. סאבאטאָווסקי.
אונטן: נתן זילבערשטיין, יעקב שיטענבערג, משה ביאַליסטאַק.




האגודה הספורטיבית „קראַפט" בשנת 1931.
דער ספּאָרט־קלוב „קראַפט" (שפּעטער „הפועל") אין יאָר 1931, **בעת אַ צוזאַמענטרעף** מיטן חבר לייזעראָוויטש, פון פּיעטריקאָוו **(דער 4־טער פון רעכטס), וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון אַ מאָטאָציקל־רייס אין ארץ־ישראל.**

איז באַשטאַנען פון די חברים: הערשל דיקערמאַן, אנעק וויעלונסקי, מאָטעק פאַצאנאָווסקי, קאָפּעל ביאַליסטאָק, שלמה שאץ, ישראל בונים שמולעוויטש, פולע גראָסבערג, יוסף וויגאצקי און נחמן קאָניעצ־פּאָלסקי.

דער ערשטער פוטבאָל־מעטש צווישן די שפּילער פון „הכח" און דעם פּוילישן ספּאָרט־קלוב „קאָראָנא", וועלכער איז אויך נאָר וואָס געגרינדעט געוואָרן, איז פאָרגעקומען אויף דעם שטאָטישן פּלאַץ נעבן קינאָ. דער דאָזיקער פוטבאָל־פאַרמעסט איז באַגלייט געוואָרן דורך דעם בלאָז־אָרקעסטער פון די שטאָטישע פייערלעשער. געזיגט האָט דעמאָלט דער יידישער ספּאָרט־קלוב.

די אנטיילנעמער אין דעם דאָזיקן פוטבאָל־שפּיל זענען געווען: שלמה ציִנציִנאטוס, נחמן קאָניעצפּאָלסקי, דוד בוגאיסקי, פולע גראָס־בערג, משה פשעראוסקי, ישראל בונים שמולעוויטש, יוסף וויגאצקי, קאָפּל ביאַליסטאַק, הערשל צוקערמאַן און דער קריסטלעכער שפּילער וואצעק וואַלטער. דער דאָזיקער ערשטער נצחון האָט געבראַכט וויַיטערדיקע נצחונות און דעם גאַנצן ערשטן זומער האָט דער יידישער ספּאָרט־קלוב געהאַט די אויבערהאַנט איבערן פּוילישן ספּאָרט־קלוב „קאָראָנא". צום נייעם ספּאָרט סעזאָן האָט אָבער דער „הכח" אָנגעטראָפן אויף אַ נייעם קעגנער, דאָס איז געווען די פּוילישע מאַנשאַפט „טשאַרני" וועלכע האָט פיל איבערגעשטיגן דעם „הכח" און דאָ האָט דער יידישער ספּאָרט־קלוב געליטן אייניקע מפּלות, אָבער דער „הכח" האָט געטרייסט די שפּילער און פאַרשטאַרקט די מאַנשאַפט און אַזוי אַרום געווען פון די ערשטע פוטבאָל־דרוזשינעס אין ראַדאָמסק.

דער ערשטער לאָקאַל פון „הכח" איז געווען אויף דער בזשעז־ניצקא גאַס אין שיקולסקי'ס מיל.

די פאַרוואַלטונג פון „הכח" (יאָר 1925) איז באַשטאַנען: פאָרזיצער — אינז. מ. פּאליוואדא, א. הארעוויץ; אלעזר קאפּלאן, י. מ. קאָנציעפּאָלסקי, אברהם שאץ, י. חאסקילעוויץ, שלמה שאץ, שמעון אָפּמאַן, יעקב וויגאָצקי.

דער צווייטער יידישער ספּאָרט־קלוב אין ראַדאָמסק „מכבי" איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1922 און האָט געטראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַק־טער. די גרינדער זענען געווען: פישל און בערעק ווינער, משה ביאַ־ליסטאַק, שלמה סאבאל, דוד בוגאיסקי, ישראל גליקסמאַן, ישראל ציפּלער און אברהם האזע.

צום ערשטן האָבן זיי געשאַפן די פוטבאָל־מאַנשאַפט, זי איז באַשטאַנען פון די חברים: יעקב שיטנבערג, משה ביאַליסטאָק, פישל און בערעק ווינער, יעקב ווינער, מרדכי מייטליס, ישראל גליקסמאַן, יעקב שמואל אבראך, וואָלף סאבאטובסקי, נתן זילבערשטיין און ניסן ברין.

דאָס ערשטע יאָר האָט „מכבי" זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין גרויסע נצחונות אויפן פוטבאָל־פּלאַץ, דאַקעגן אין יאָר 1924 האָט „מכבי" שוין געשלאָגן דעם „הכח" און אויך אַסך אַנדערע פּוילישע פוטבאָל־מאַנשאַפטן, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט אין שטאָט. אין דאָזיקן יאָר האָט „מכבי" זיך פאַרגרעסערט און געציילט עטלעכע הונדערט חברים, מענער און פרויען. מכבי" איז געוואָרן דער רעפּרעזענטאַטיווער ספּאָרט־קלוב אויף דער יידישער גאַס.

די לייטונג פון „מכבי" איז באַשטאַנען פון פרעזעס ראמעק ראזענבוים, לעאן געלבארד, שלמה האזע, יאנעק כאסקעלעוויטש און לאלעק גליקמאַן.

אַחוץ דער פוטבאָל־סעקציע זענען אויך געווען אַ פּינג־פּאָנג סעקציע, אַן אָפּטיילונג פאַר לייכט־אַטלעטיק א״אַ.

מיט דער צייט זענען אַנטשטאַנען די יידישע אַרבעטער ספאָרט־קלובן: „גוויאזדא", וועלכער איז געווען אָנגעשלאָסן ביי די לינקע פועלי־ציון; „יגלא", וועלכער האָט געהאַט אַ שייכות צו די קאָמוניסטן; און צום סוף איז אַנטשטאַנען דער ספאָרט־קלוב „הפועל", וועלכער האָט געהערט צו „פועלי־ציון צ.ס. אויך דער „הפועל" האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אויף דער יידישער גאַס, ספּעציעל זיינע ציקליסטן־און פינג־פאָנג־סעקציע.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די יידישע ספאָרטלער פון אונדזער שטאָט וועלכע זענען אומגעקומען דורך די דייטשן:

דער לאַנגיעריקער פרעזעס פון „מכבי" — ישראל ציפלער, דער קאַסירער — אברהם הא:ע, אברהם זילבערשטיין, די שפּילער פון דער פוטבאָל־סעקציע: משה ביאליסטאק, נתן זילבערשטיין, ניסן בריל, ישראל גליקסמאַן, מרדכי מייטליס, יעקב ווינער, בערעק ווינער, שלמה סאבאל, שמואל זילבערשטיין, שמעון ליבערמאַן, דוד בוגאיסקי און הערשל שיטענבערג.



קבוצת האופנועים של „הפועל". די ראָווערן־סעקציע פון „הפועל"

## דער ספאָרט־קלוב „הפועל"

די יידישע ספאָרט־אָרגאַניזאַציע „הפועל" איז געשאַפן געוואָרן דורך די חברים פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג. דער ציל איז געווען צוגרייטן די יידישע יוגנט פיזיש און גלייכצייטיק פאַרבינדן זי אידעאיש מיטן ארץ־ישראלדיקן „הפועל".

פון אָנפאַנג — אין יאָר 1929 — איז געשאַפן געוואָרן די ספאָרט־אָרגאַניזאַציע „קראַפט". ס'איז געדונגען געוואָרן אַ קליינער לאָקאַל אין הויז פון א. מ: שפירא אויף בזשעזניצקא 1 אויפן 4־טן שטאָק. דאָרטן האָבן זיך געשאַפן סעקציעס — פון פוטבאָל, ציקליסטן, גימנאַסטיק, פינג־פאָנג און „שאַטקוווקע". די ערשטע גרינדער זענען געווען: הלל ראָזענצווייג, מונדעק פייערמאַן, דוד געריכטער, הערש שיטענבערג, פישל מאשקאוויטש, אברהם וואלדפאגעל, לייזער שפירא א"אַ. אין יאָר 1930 האָט פישל מאשקאוויטש, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט אונדזער ספאָרט־קלוב, געגומען דעם צווייטן פּריז ביי דעם ראָווערן־געיעג אין ראַדאָמסקער קרייז. אין דעם זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַ פאַרמעסט פון פינג־פאָנג־מאַנשאַפטן און אונדזער מאַנשאַפט האָט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. די דאָזיקע מאַנשאַפט איז באַשטאַנען פון די חברים: דוד געריכטער, פאלעק קליינערמאַן, שיטנבערג, רייך, פייערמאַן און שפירא.

מיטן אַנטשטיין פון דעם „הפועל" אין פוילן, איז ביי אונדז אויף אַ פאַרזאַמלונג אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו ענדערן דעם נאָמען „קראַפט" אויף „הפועל".


קבוצת הכדורגל של „הפועל". די פוטבאָל־מאַנשאַפט פון „הפועל"

ווען ס'איז פאָרגעקומען אין פּיאָטרקאָוו אַ ספאָרט־פאַרמעסט פון אַלע „הפועל" קלובן האָט אויך אונדזער קלוב אָנטייל גענומען און אונדזערע חברים האָבן ביי פאַרשידענע שפּילן פאַרנומען אָנגעזעענע ערטער.

צוליב דעם וואָס די צאָל חברים אין אונדזער קלוב האָט געהאַלטן אין איין שטייגן, האָבן מיר געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל אויפן עק מיצקעוויטש־נארוטאוויטש־גאַס. אין נייעם לאָקאַל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ בינע און מיר האָבן געקויפט אַ פּיאַנינע, אַזוי אַרום דערמעגלעכט פאַרשידענע קולטורעלע אונטערנעמונגען. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וועלכער איז אָנגעפירט געוואָרן דורך חיים אראנאוויטש, און אַן אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון נ. אָפּמאַן.




אין יאָר 1934 באַזוכט ראַדאָמסק דער תל־אביבער „הפועל", וועלכער איז דעמאָלט גראָד געווען אויף אַ טורניי אין פוילן. ער שפּילט מיט גרויס דערפאָלג קעגן דער פוטבאָל־רעפּרעזענטאַנץ פון ראַדאָמסק און לאָזט איבער אַ גרויסן רושם אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג. (דאָס דריטע בילד איז דאַן געמאַכט געוואָרן).

אין יאָר 1932 ווערט אָרגאַניזירט אין פוילן אַ טורנײ פון „הפועל״־ציקליסטן קיין ארץ־ישראל, צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער חבר יוסף זילבערשטיין פון ראַדאָמסקער „הפועל״. ער איז אַזוי אַרום אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל און דאָרט פאַרבליבן.

אין וואַרשע זענען אין יענער צייט אָרגאַניזירט געוואָרן קורסן פאַר גימנאַסטיק לערער. פון אונדזער קלוב האָבן אָנטייל גענומען די חברים מונדעק פייערמאַן אין קורס פאַר מענער און מאַניע שפירא — פאַר פרויען. נאָך זייער צוריקקומען האָט זיך אונדזער טעטיקייט נאָך מער פאַרשטאַרקט. אַזוי האָבן מיר געפירט אונדזער אַרבעט ביז דעם יאָר 1938, דעמאָלט איז אונדזער קלוב פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאַכט צוליב אַ מסירה.

אין ראַדאָמסק זענען אויך געווען טעטיק אַנדערע יידישע אַרבעטער־ספּאָרט־קלובן: „גוויאזדא״ פון די לינקע פועלי־ציון; „יוטשענקא״ פון „בונד״, א״אַ.



קבוצת אופנועים של „הפועל״ ואַרשה, בעת שהותם בראַדומסק, בדרכם לסיור בארץ־ישראל (1932).

אַ גרופּע ראָווערייסטן פון וואַרשעווער „הפועל״ בעת זייער דורכפאָר דורך ראַדאָמסק אויף אַ רייס קיין ארץ־ישראל (1932).

# די קינדער־היים א. נ. פון ד״ר מיטלמאַן

**ק. דוד**

די איניציאַטיוו צו שאַפן די קינדער־היים איז געקומען פון צעירי־ציון, וועלכע זענען געווען די הויפּט־טעטיקע אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג. ס׳האָבן מיטגעאַרבעט טוער פון אַנדערע פּאַרטייען וועלכע האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער זאַך, ווי מרדכי זעליג ראָזענבלאַט (פּוע״צ), יוסף גאָסלאַווסקי (פּאַרייניקטע), ד״ר מיטלמאַן, זקן שרייבער, ל. וויינבערג, פּאָרז. (אומפּאַרטייאישע). די שטרעבונג איז געווען צו שאַפן אויך אַ שולע פאַר יידישע קינדער מיט יידיש און העברעאיש אַלס אונטעררריכט־שפּראַכן, ליידער איז דאָס נאָר געבליבן אַ ווונטש. אין אונדזער שטאָט איז קיין יידישע שולן נישט געווען, נישט „תרבות״ און נישט ציש״א. די אורזאַך איז געווען וואָס די געזעלשאַפטלעכע טוער פון אַלע פּאַרטייען האָבן פאַרלאָזט די שטאָט אין די יאָרן 1919—1920 און אַלע פּאַרטייען זענען „שטיל״ געוואָרן. די קינדערהיים איז געגרינדעט געוואָרן אין הויז פון פרוי סאַלציע בעהם אויף דער קאַליסקא גאַס.

נאָכן פּלוצלינגן טויט פון ד״ר מיטלמאַן (געשטאָרבן בעת די טיפוס־עפּידעמיע), האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו רופן די קינדערהיים אויף זיין נאָמען.

מ׳דאַרף באַצייכענען אַז פון אַלע טוער וועלכע האָבן געגרינדעט די קינדערהיים זענען געבליבן אין שטאָט נאָר 2 טעטיקע: יוסף גאָס־לאַווסקי און מרדכי זעליג ראָזנבלאַט. דער ערשטער האָט פיל געטאָן פאַר דער קינדערהיים אין די שפּעטערע יאָרן. מרדכי זעליג האָט געהאַט דאגות פרנסה אַלע יאָרן און ווייניק זיך געקענט ווידמע־נען דער טעטיקייט.

מיר ברענגען דאָ אַן אָפּשריפט פון „אונדזער צייטונג״ (פון 1926 יאָר) וועגן אַ חנוכה־פייערונג וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאָר תרפ״ו—1925 אין דער קינדערהיים א.נ. פון ד״ר מיטלמאַן (געשריבן דורך מרדכי זעליג ראָזענבלאַט ז״ל).

א. צ. נמ. 1.1926/1

**עס קומט באמת אַ דאַנק דער פאַרוואַלטונג פון קינדערהיים, פאַר דעם „חנוכה־געלט״ מיט וועלכן זי האָט אונדז מכבד געווען דעם לעצטן טאָג חנוכה. גראָד איצט, אינעם שווערן געראַנגל פאַרן קיום, אינעם געפילדער פון פרישע האָסעס און בעסעס — זענען מיר איינגעלאַדן געוואָרן אויף חנוכה־פעסט אין דער קינדערהיים. אין דעם גן־עדן פון קינדערישע נשמות, אינעם קדשי־הקדשים פון חלומות און פאַנטאַזיעס — האָבן מיר זיך די**



די פאַרוואַלטונג פון קינדער־היים אין יאָר 1920
זיצן (פון רעכטס): בעלציע צינבערקנאָפּ, ל. וויינבערג (פּרעזעס), חוה גאָלד, רבקה פייערמאַן;
שטייען: מ. ז. ראָזענבלאַט, קזשעפּיצקא, אסתר שיף, זיסמאַן אָפּמאַן.

גאַנצע צוויי שעה געפילט ווי אין אַ נייער וועלט, טאַקע אינעם עולם האמת...

איך זאָג אינעם עולם האמת, וואָרום ווו דען נאָך געוועלטיקט דער אמת׳ער אמת אַזוי האַרציק שיין, ווי דאָ אין דער קינ־דערישער מלוכה? דאָ בליט און שפּראָצט דער „עץ החיים״, וועלכער איז נאָך פון אונדזער „עץ הדעת״ מיט גאָרנישט באַ־פלעקט געוואָרן...

איך וואָלט געראָטן אַלע אונדזערע „זקנים״, אַלע מידע און אַלע אָפּגעשטאַנענע אינעם שווערן לעבנס־קאַמף, צו פאָרבלאָנ־דזשען אַמאָל אין דאָזיקן גן־עדן אויף קאַליסקא 36 און באַטראַכטן דאָס קינדעריש־ברויזנדיקע לעבן פון אונדזערע „משה׳לעך און שלמה׳לעך״, „רחל׳עך און לאה׳לעך״, און אָנזאַפּן זיך מיט האַרציקסטע קינדערישע פאַנטאַזיעס. און איך גלויב, אַז נישט ווילנדיק, מוז מען דאַן מיטגעריסן ווערן פונעם דאָזיקן שטראָם, מוז מען דאַן באַקומען פרישע פליגלען צו שניידן די לופט אינעם לעבנס־קאַמף!...

אָנגעהויבן האָט זיך דער יום־טוב ווי געוויינלעך מיט אָנ־צינדן חנוכה־ליכט, דורך איינעם פון די קינדער, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט מוזיק און געזאַנג פון קינדער־כאָר, וועלכער האָט אויסגעפירט אויף פאַרשידענע דעקלאַמאַציעס א. ד. ג. דאַן שטעלן פאָר די קינדער אינטערעסאַנטע סצענעס פון קינדערישן לעבן. אַ האַרציקן רושם מאַכט דער מאַרש „אין וואַלד אַריין״ — די קינדער שפּאַנען פערד און וואָגן און פאָרן אין וואַלד אַריין; מ׳זעגט אונטער בוימער און מען פירט דאָס האָלץ אַהיים, ווו ס׳איז קאַלט און פינצטער... מען צוזעגט און צוהאַקט אים און באַלד ברענט אַ פייערל, אין שטיבל ווערט וואַרעם און ליכטיק, ס׳ווערט אַ שמחה און דאַביי נעמט מען זיך ביי די הענטלעך און מ׳גייט אַ טענצל פריילעך. דאָס אַלץ קומט פאָר טאַנצנדיק און זינגענדיק, דאַביי שיינען די פּנים׳לעך און עס לייכטן די אויגע־לעך, און אויפן געדאַנק קומען די ווערטער פון ביאַליק: „א מיר זאָלן זיין יידישע קינדער, פאַר אייערע כשר׳ע אויגעלעך״...

אַ ליבלעך קאָמישן איינדרוק מאַכט דאָס בילד פון „קראַנקן קינד״, לעבן וועלכן עס שטייט די מאַמעשי, עס קומט אַריין „מעכעלע דער רופא״, טאַפּט דעם דופק, פאַרשרייבט אַ רפואה, פאַראָרדנט „אַ דיעטע״ און באַרואיקט די מאַמעשי, וועלכע שלאָפט איין דאָס קראַנקע קינד זינגענדיק:

שלאָף מיין פייגעלע,
מאַך צו דאָס אייגעלע,
שלאָף מיין טייער קינד.
דער מלאך דער גוטער
זאָל זיין דיין היטער
שלאָף זשע שלאָף געזונט.

אינטערעסאַנט איז דאָס לעצטע פאַנטאַסטישע בילד פון „די שלאָפנדיקע קינדערלעך״. אָט שלאָפן זיי זייער רואיקן און קינדע־רישן שלאָף, אָבער באַלד קומען אַריין שפּרינגענדיק זייערע הימל־חברים — קליינע מלאכים׳לעך, אין ווייסע קליידעלעך, מיט ווייסע פליגעלעך, און זינגענדיק און טאַנצנדיק בענטשן זיי די שלאָפנדיקע קינדערלעך מיט זייערע הימלישע סודות, און דאַן חלומען די קינדערלעך זיסינקע חלומות. אָבער באַלד דערהערט זיך דאָס קרייען פונעם האָן, וואָס רופט די קינדער צו זייערע פליכטן, צו דער אַרבעט, און דאָס גאָלדענע פעדמל פון זייערע חלומות ווערט איבערגעריסן. אָבער נאָר אויף אַ ווײַלע, ווייל באַלד הויבן זיי אָן פאַנטאַזירן, — פאַרשידנאַרטיק זענען די קינדערשע חלומות און פאַנטאַזיעס. די רייכע קינדער האָבן גאַנץ אַנדערע חלומות, — די דאָזיקע קינדער, אָבער, די קינדער פון אַרבעט און נויט, חלומען גאַנץ אָפּט פון ברויט און קאַרטאָפל, פון אַ וואַרעם קליידעלע און גאַנצע שיכעלעך... קינדער וואָס וואַקסן ווי בלומען אָן רעגן, אָן טוי, אָן זונען־שטראַלן.

פאַר די דאָזיקע קליינינקע עופה׳לעך איז די קינדערהיים אַ וואַרעמער, ליכטיקער גן־עדן. דאָ פילן זיי זיך פריי ווי די פייגע־לעך, דאָ ווערן זיי באַהאַנדלט מיט ליבע און צערטלעכקייט, דאָ האָבן זיי כמעט אַלץ, צו וואָס עס רייסן זיך אַלע קינדערשע הער־צער און נשמות... דאָ איז אַ קינדערישע קעניגרייך, וועלכע ווערט אָנגעפירט מיט מוטערלעכער ליבע און צערטלעכקייט דורך דער „קעניגן״ פרל. וואגא, און „וויצע־קעניגן״ פרל. זשאָרעק.



**הוועד והחניכים של בית־היתומים**
**דער קאָמיטעט און די חניכים פון קינדער־היים**
**פון רעכטס: הערשל קרויזע, י. ש. האזע, יוסף גאסלאווסקי,**
**ל. ווײַנבערג (פּרעזעס).**

# סופרים ואמנים
# שרייבער און קינסטלער

## הירש־דוד נומברג

**א. ש. ספרא**






בין אנשי השם, יוצאי ראדומסק, שנתפרסמו בעולם היהודי לתפוצותיו נמנה הסופר והפובליציסטן הירש דוד נומברג.

ה. ד. נומברג מראשי הדור השני לספרות החדשה, סופר לירי בעל עין חודרת, אסאיסטן ופובליציסטן מזהיר ודמות בולטת בין דבריה של יהדות פולין במשך קרוב לשלוש עשרות השנים של ראשית המאה שלנו, — היה בנה של ראדומסק היהודית, בשר מבשרה ועצם מעצמיה.

ה. ד. נומברג נולד בשנת 1876 בעיירה הקטנה אמשינוב והגיע לעירנו בעודו נער רך. בראדומסק התחנך, בה עבר את ימי נעוריו. כאן נשא אשה ובנה משפחה וכאן עברה עליו הטרגדיה המשפחתית אשר הטביעה לא במעט את חותמה על יצירתו ועל המשך חייו.

כבן עשר היה נומברג בבואו לראדומסק. הוא הובא לעירנו ע"י אמו שנתגרשה מבעלה ונישאה לנגיד הראדומסקאי ר' איצ'לה שטרנפלד.

ראדומסק היהודית, העיר אשר גם בימינו, עד אשר עבר עליה הכורת, רחשה חסידים מכל הגוונים שנהרו אחרי שושלות שונות והצרות קרובות ורחוקות — עיר זו היתה בימיו של נומברג מבצר־עוז של חסידות פולין.

פרט לשושלת הראדומסקאית בית „תפארת שלמה", אשר כיהנה פאר בעיר והיוותה נקודה בולטת בנופה היהודי — פרט לשושלת זו מנתה ראדומסק עשרות בתי תפילה ו„שטיבלך" של חסידים שונים לגווניהם. היו בה חסידי רוספזשע, סטריקוב, ראַדושיץ, גור, אמשי־נאָוו, אלכסנדר וסוכאַצ'וב, ועוד ועוד.

ר' איצל, אביו החורג של הירש־דוד, נמנה על חסידי גור, הזרם החזק והבולט בין חסידי יהדות פולין. כחסיד מובהק ונלהב עשה כמובן כל אשר לאל ידו כדי שבן־חורגו המוכשר ילך בעקבותיו.

דרך חינוכו של נומברג היתה הדרך המקובלת של אותה תקופה. למד בחדר ובישיבת אמסטוב ועד מהרה נתפרסם כעילוי.

בעודו בגיל צעיר התחילו לדבר בו נכבדות. מבין עשירי העיר ולומדיה זכה בעילוי הצעיר ר' מרדכי שפירא, מחסידי גור בעל חנות לחמרי־ברזל ואב לבת יפה.

ר' מרדכי שפירא הבטיח לחתנו מזונות על שולחנו במשך שנים אחדות, ואח"כ כסא רבנות באחת העיירות. בינתיים נתגלה נומברג כבטלן השטוף בקריאה, במשחק השחמט וקלפים וכעבור זמן מה סילק אותו ר' מרדכי שפירא מעל שולחנו ופתח לו חנות לסחורות קולוניאליות. אלא שלא נומברג, שהיה שקוע מרבית הימים בקריאה, ולא אשתו שהיתה רחוקה מלהיות אשת חיל, היו מסוגלים לנהל חנות כזאת... החנות נמסרה אח"כ לשלמה יצחק רבינוביץ שהתפרנס ממנה בכבוד. החנות היתה בביתו של ר' הירשל בנקיר, סמוך לתחנת הרכבת.

הירש־דוד הער והמוכשר, בעל הנפש הלירית והעין החודרת התחיל כנראה, לתהות על סביבו ולא הסתפק בלימוד היבש והעקר.

כאדם מעורב בין הבריות ומקובל עליהם היה לו חוג מכירים רחב. התיידד עם משכילי העיר כר' מנדל פיינזילבר, שלמה קרקובסקי ואברהם רודיס ועוד. בעידודם בא בקשרי מכתבים עם סופרי ווארשה, אשר גילו לו את הערכתם והאיצו בו כי יעבור אליהם.

ההזדמנות לא איחרה לבוא. לפני ראש השנה, בדרכו לרבי לבלות שם את החג בקדושה ולהסתופף בצל הרבי נשאר תקוע בווארשה ובילה שם את ימות־החג בשיחות ובוויכוחים, בחברת ידידיו החד־

שים אשר שמחו עליו כמוצא שלל רב. הסביבה החדשה כה קסמה להירש־דוד, עד כי דחה מיום ליום את שובו הביתה.

עבר החג. אברכי העיר שבו הביתה מאת הרבי ואת הירש דוד לא רואים. בקיצור, אחרי דרישות וחקירות נודעה לחותנו ולאשתו כל האמת. ר׳ מרדכי מיהר לוארשה, להוציאו מהטומאה לתוכה נקלע ר״ל. אולם כאן חיכתה לו הפתעה. הירש דוד סירב לחזור בו. התברר כי האיש נשתנה כולו, נתפקר. איננו מאמין יותר לא ברבי מגור ולא ברבי אחר.

לאחר שידולים, חזר נומברג לראדומסק. ר׳ מרדכי קיווה, כי בהשפעתו יחזור חתנו למוטב. אולם בראותו כי הלה עומד במריו וכי אין לו תקנה, עמד ודרש ממנו כי יתן גט פטורים לבתו.

לפי גרסה אחרת אשר נמסרה ע״י אחד מזקני ראדומסק היתה הסיבה לעזיבת נומברג את ראדומסק פרוזאית יותר: אחרי שנומברג הפסיד את חנותו ואיבד בה את הנדוניה והוא אז כבר אב לשלושה ילדים ומוכרח היה לחזור לבית חותנו, בא באחד הלילות הביתה אחרי משחק הקלפים עד שעה מאוחרת. פרצה קטטה בינו לבין חותנו, אז גירשהו האחרון מן הבית ונומברג ברח לוארשה.

נומברג ואשתו אהבו זה את זו. הם אהבו את שלושת ילדיהם וסירבו להיענות לדרישתו התקיפה של ר׳ מרדכי שפירא. חודשים נמשכה ההאבקות בין הזוג הצעיר לבין האב. בחודשים הללו ננקטו ע״י ר׳ מרדכי ומקורביו כל האמצעים כדי לאלץ את הירש דוד להסכים למתן גט הפיטורים עד שלבסוף נכנע.

בלב שבור נפרד מאשתו וראדומסק עירו. עבר לוארשה, נהפך לסופר מפורסם ולדמות פופולרית ועד לכסא בפרלמנט הפולני הגיע, אולם זכר אשתו האהובה וזכר עיר־נעוריו לא משו ממנו כשם שגירושיו האומללים מאשתו השאירו בנפשו שרטת בל תמחה.



הדמות של אחד מאברכי עירנו הצנועים אשר נהפכה ברבות הימים לאישיות מפורסמת בעולם היהודי חיה בגנזי זכרונותיהם של אנשי עירנו ואם כי הדור אשר חי יחד אתו והכיר את נומברג בימי נעוריו איננו יותר, מי שהלך מאתנו בדרך הטבע ומי שנספה בהרג הגדול, הרי בקרב רבים מאתנו, בני ראדומסק, חיים הזכרונות על הירש דוד נומברג.

רבים מאתנו ראו במו עיניהם את הדף הקדמי של מסכת נדה עליו רשם נומברג את פרשת הש״ס שניתן במתנה ל„שטיבל״ דחסידי גור ע״י אחד מבעלי הבתים החשובים שבעיר.

והמעשה שהיה כך היה:

בערב תשעה באב נכנס ר׳ הרשלה גרוסמן ואתו אחד מבעלי הבתים החשובים בעיר לביתו של ר׳ מנדל ליפשיץ החסיד הגוראי החריף שהיה גר בככר השוק. ר׳ מנדל ישב בסעודה המפסקת ואכל דגים מטוגנים. לאורחים שלא נמנו על חסידי גור נדמה היה כי הנה תפסו את ר׳ מנדל בקלקלתו — באכילת בשר בט׳ ימים הראשונים של אב, דבר שכבר מזמן חשדו. השנים הזדרזו ופירסמו בעיר מה שעיניהם ראו. הדבר עורר סערה. הרוחות נשתלהבו והענין הובא לדין תורה בפני רב העיר.

לאחר שמיעת הדברים הוברר כי לא דובים ולא יער. היתה טעות ראיה והשמיעה היתה שמועת שוא. בפסק הדין הטיל הרב קנס על ר׳ הרשלה גרוסמן וחברו לפיו הוייבו להכניס לשטיבל של חסידי גור ש״ס מלא. הפרשה כולה, מתובלת סממנים ספרותיים, נכתבה ע״י הירש דוד במסכת נדה דווקא, כי האותיות נ.ד.ה. מוכיחים על שם הכותב הירש דוד נומברג...

בזכרון בני ראדומסק חי נומברג כידיד עירנו, איש ראדומסק אשר נקלע לוארשה ונפגש אתו הרגיש את יחס הקרבה וההתענינות שהלה היה מגלה לכל פרט שהיה קשור בראדומסק היהודית.

ש. ניגר המבקר הספרותי הנודע בדברו על יצירותיו של נומברג כותב בין היתר: „לעתים הננו קוראים את דבריו במין רגש משונה של השתתפות בצער, כאילו קראנו מכתב אינטימי עצוב. דמיונו של אדם בודד וגלמוד, כאילו קמו לתחיה זכרונות מימי הנעורים, זכרונות מתוקים, אינטימיים״... כמו שנוגע ביד לא אמונה במיתר מתוח כך מתעוררים למקרא דבריו של נומברג איזו כמיהה נשכחת לעזובה, כאילו נפתח פצע שהגליד, מתעוררים רגשות שכבר מזמן שככו, רגשות אשר פעם הנחילו עצב, סבל רגעי דממה...

הנעימה המיוחדת ביצירתו, נעימת האירוניה המהולה בעצב, הליריזם הרך השזור חוטי פכחון, הסנטימנטליות החבויה מאחורי הציניות — עושים את נומברג לאחד הסופרים המובהקים של יהדות פולין — של דור שלם כמעט, דור חולה אנוש, אשר בניו בקושי התאוששו וחזרו, תוך מכאובים עצומים, לחיי ממש, לעבודה, לתשוקה להיים, למעשים של חיים.

גיבוריו של נומברג — — אותן הנפשות הרכרוכיות „היודעים להשוב, אבל חסרה להם היכולת לרצות״, הפכחים, המפוכחים היורעים הכל מלבד הידיעה כיצד לחיות חיים פשוטים, רגילים, חיי ממש — האין בהם אספקלריה של כל אותם האברכים הסמוכים על שולחנות מרוחקים מחיי הממש הם הם. בני הדור השני, החוסה בצל אבות, רצונות של חותנים עשירים ותקיפים בדעתם ובאמונתם אשר נומברג הצעיר כה היטיב לראותם מסביב לו בראדומסק, בבית המדרש וב„שטיבל״. אכן מעטים הסופרים ביהדות פולין אשר השכילו למסור בהתעמקות פסיכולוגית כזו כפי שעשה זאת נומברג. את נשמתו של דור שלם, דור המשבר ביהדות פולין, דור רך נפש ובעל לבטים עמוקים.

השפעת עיר נעוריו ניכרת ביחוד בסיפוריו מחיי הילדים: „אויגן״, „אלול״, „צווישן טאַטע־מאַמע״, „דאָס מיספארשטענדעניש״ („עיניים״, „אלול״, „בין אבא־אמא״, „אי־ההבנה״). סיפורים אלה חדורים עצב, הד לימים הקשים שעברו עליו בימי ילדותו ונעוריו.

הטרגדיה האיומה שעברה על נומברג, שבהסכימו לגרש את אשתו האהובה, האשה שגם היא אהבה אותו ולא רצתה להתגרש ממנו; ואחרי זה הטרגדיה השניה במות עליו בנו הצעיר, החיים בסביבה הזרה לנפשו, העכירו את רוחו והחלישו את גופו והחישו את קצו והוא רק בן חמישים ואחת שנה...



להלן קטע מתוך „מלון הספרות החדשה — העברית והכללית״ מאת אברהם שאנן, הוצאת „יבנה״, 1959.

שירו הראשון ביידיש של ה. ד. נומברג נדפס ב־1900 ב„דער יוד״, וכן נדפסו רשימותיו הראשונות בעברית ב„הדור״ (בעריכת ד. פרישמן). שירו האידי „עס לויפן, עס יאָגן שוואַרצע וואָלקנס״, זכה לפופולריות רבה.

בשנת 1908 היה בין משתתפי הוועידה האידישיסטית בצ׳ר־נוביץ׳, שם נוסחה ההכרזה בדבר שפת אידיש כלשון לאומית. בשובו לפולין יסד שם יחד עם נ. פרילוצקי את ה„פאלקספארטיי״, שמטעמה נבחר ציר ל„סיים״ הפולני. ב־1924 ביקר בארץ־ישראל ובעקבות ביקורו זה ראה אור ספרו „ארץ־ישראל — איינדרוקן און בילדער״ (1925).

השתתף גם בדברי פובליציסטיקה בעתונים אידיים ועבריים שונים, מאלה שיצאו לאור באירופה ובאמריקה. ביצירותיו הספרותיות בולטת הנטייה אל הריאליזם הפסימיסטי ואל ראיית חיי היהודים בתלישותם. גיבוריו הטיפוסיים חיים מעבר לחיי הממש וגישתו אליהם שזורה נימה סטירית, אפילו סארקסטית.

ספריו הידועים הם: „מען וועקט״ (1905); „אין אַ חסידיש הויז״ (1906); „די משפחה״ (1919/1921); „אין אַ פוילישער ישיבה״ (1921); „געזאַמלטע ווערק״ (1922); „סיפורים״ (בעברית—1911/15);

# ה. ד. נאַמבערג – דער עילוי פון ראַדאָמסק

מ. ג.

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַן הויז, וואָס האָט געהערט צו ר' מרדכי שפּירא. דאָס הויז האָט פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקן עמבלעם אויף דער פראָנט־וואַנט — אַ קאָפּ פון אַ קוימען־קעהער, מיט פאַר־טשערקעס אויפן האַלדז. דאָס איז געווען איינגעמויערט אין מיטן פון הויז, גאָר נאָענט ביים דאַך.

ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערסיע, אַז דער עמבלעם איז געווען אַ קאָנספּיראַציע סימן פאַר די פּוילישע אויפשטענדלער פון יאָר 1863, אַז אין דעם הויז געפינט זיך דער אויפשטענדלער־שטאַב און דאָרט ווערן אָפּגעהאַלטן זייערע קאָנספּיראַטיווע באַראַטונגען.

מרדכי שפּירא איז געווען אַ ייד אַ נגיד, אַ גערער חסיד, אַ מטופל מיט דרייצן קינדער. ער און זיין ווייב חנה האָבן אין דעם הויז געהאַט אַ בשמים־געוועלב און שפּעטער אַן אייזן־געשעפט.



ה. ד. נאַמבערג

ווען די קינדער זענען ביסלעכווייז אונטערגעוואַקסן, האָט ר' מרדכי אָנגעהויבן זוכן אַן איידעם פאַר זיין עלטסטער טאָכטער, מאַשעלע, וועלכע איז דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר. ער איז געפאָרן, ווי זיין שטייגער איז געווען, צוויי מאָל אַ יאָר אויף יום־טוב קיין גער צום רבין. זייענדיק ביים רבין אין גער, האָט ר' מרדכי געבעטן אַ יונגנמאַן אַלס אַן איידעם פאַר זיין עלטסטער טאָכטער. ער איז גרייט געווען אַחוץ נדן צוצונעמען דעם איידעם אויף קעסט, אויף דריי יאָר. נאָך אַ ישוב־הדעת, האָט דער רבי געגעבן אַזאַ עצה: היות ווי אין ראַדאָמסק גופא געפינט זיך אַ ישיבה, זאָל ער זיך ווענדן צום ראש־הישיבה אין זיין נאָמען, און ער וועט שוין לויט זיין מיינונג זיך באַמיען אויסצוגעפינען צווישן זיינע תלמידים אַ פּאַסיקן בחור.

קומענדיק נאָך יום־טוב אַהיים, מיט אַ יחוס־בריוו פון רבין אין קעשענע, האָט זיך ר' מרדכי געווענדעט צום ראַדאָמסקער ראש־הישיבה, ר' מענדל, מיט דער בקשה אויסצוקלייבן פאַר אים אַ בחור פון אַ יחוסדיקער משפחה, דער עיקר אַ לערנער. די תשובה האָט דער ראש־הישיבה צוגעזאָגט צו געבן אין אַ וואָך אַרום. מיט אַ וואָך שפּע־טער האָט דער ראש־הישיבה פאָרגעשלאָגן ר' מרדכין אַ קאַנדידאַט אַלס איידעם — דעם עילוי הערש־דוד נאַמבערג, אַ בחור אַ יתום, געשטאַמט פון אַמשינאָוו.

ר' מרדכי האָט זיך ניט קענגגעשטעלט דעם אויסוואַל, ער האָט אָבער געבעטן דעם ראש־הישיבה צוצושיקן דעם בחור אין נאָענטסטן שבת, נאָך מיטאָג, צום „פאַרהער". אין דער באַשטימטער שעה איז דער בחור, אין דער באַגלייטונג פון ר' מענדלען, געקומען אין שטוב פון ר' מרדכין, וועלכער האָט פאַרבעטן צום „פאַרהער" איינינקע באַקאַנטע גערער חסידים. די צוואַנציק בלאַט גמרא, וואָס דער בחור האָט „געלערנט" פון אויסנווייניק, האָבן געמאַכט אויף די „עקזאַמינאַטאָרן" אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. דער „פאַרהער" איז פאַר־ענדיקט געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער הסכמה, אַז דער בחור האָט אַן „אָפענעם קאָפּ" און איז באמת דער עילוי פון דער ישיבה.

ר' מרדכי האָט מסכים געווען אויפן אויסוואַל, און האָט פאָרגע־שלאָגן ר' מענדלען, דאָס ער זאָל צוויישן געבן דער מוטער פון בחור און אָפּרעדן דעם טערמין פון שרייבן תנאים, כאָטש נישט דער בחור און נישט די כלה האָבן זיך קעגנזייטיק באַקענט. שפּעטער האָט מען זיי נאָר מודיע געווען, אַז „מען האָט" תנאים געשריבן און אַז די חתונה איז באַשטימט געוואָרן אין פיר חדשים אַרום.

צו דער חתונה זענען פאַרבעטן געוואָרן אַלע גערער חסידים פון שטאָט, דער ראש־הישיבה מיט אַלע זיינע תלמידים, און פיל באַקאַנטע און געסט. פאַר דער חופה האָט די מחותנתטע געוויזן איר טאָכטער מאַשעלע דעם חתן אירן, און הערש־דוד האָט צום ערשטן מאָל באַקוקט זיין כלה. די חתונה־פייערלעכקייטן האָבן געדויערט לויטן דעמאָלטיקן שטייגער, 8 טעג און זענען פאָרגעקומען מיט גרויס פּאַראַד. נאָך דער חתונה האָט זיך הערש־דוד ווייטער גענומען צום לערנען און פאַרבראַכט צוזאַמען מיט זיינע חברים אין בית־המדרש ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די צוגעזאָגטע דריי יאָר קעסט האָבן זיך שנעל געענדיקט. ר' מרדכי האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר דעם יונגן פּאָרל, וואָס האָבן שוין דעמאָלט געהאַט צוויי זין — משה און אלי־עזר. ער האָט געדונגען פאַר זיי אַ געוועלב, צוזאַמען מיט אַ דירה, ביי באַנקערן אין הויז (נעבן דער באַן־סטאַציע), און געעפנט דאָרט פאַר זיי אַ שפּייז־געוועלב. הערש־דוד האָט געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען און בלייבן אין שטוב, כדי צו העלפן זיין ווייב באַדינען די קונים. כמעט אַ גאַנצן טאָג האָט מען קיינעם נישט געזען אין געוועלב. ווען ס'האָט זיך שוין יאָ באַוויזן אַ קונה, פלעגט דאָן הערש־דוד איבעררייסן דאָס לערנען און באַדינען דעם קונה מיטן ניגון פון דער גמרה... ספּלעגט גאָר אָפט טרעפן, אַז הערש־דוד האָט פאַרדרייט די יוצרות: אַנשטאָט צו געבן דאָס געפאָדערטע — גיט ער גאָר אַן אַנדערן פּראָדוקט.

הערש־דוד האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרנאַכלעסיקן דאָס לערנען און פון־צייט צו־צייט גענומען פאַרבעטן צו זיך זיינע חברים: ש. י. עפּשטיין (קאַקעסקע) און אברהם־יעקב טיבערג, אויף אַ „זעקס־און־זעכציק". אויסהיטנדיק זיך פאַר זיין פלונתטע מאַשעלע, האָט ער אויך אָנגעהויבן צו לייענען פאַרשידענע נישט־דערלויבטע ביכער, אין דער העברעאישער און יידישער שפּראַך. ווען דאָס דאָזיקע אויפפירונג פון הערש־דודן איז דערגאַנגען צו ר' מרדכין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ויצעקו: ס'טייטש — אַזאַ אפּיקורס! דאָס מוסר־זאָגן און קללות האָבן אָבער נישט געהאָלפן, מען האָט באַשלאָסן צו שליסן דאָס געוועלב.

הערש־דוד פאָרט קיין וואַרשע און כדי זיך צו דערנערן דאָרט גיט ער פּריוואַטע לעקציעס אין דער העברעאישער שפּראַך. די פאַר־דינסטן דערפון זענען אָבער געווען נישטיקע און הערש־דוד האָט זיך געמוזט צוריקקערן קיין ראַדאָמסק. ער איז שוין אָבער דאַן געווען

אינגאַנצן אַן אַנדערער, נישט דער הערש־דוד ווי פריער. ער נעמט זיך אַליין לערנען שפּראַכן און ער באַהערשט זיי אין גאָר אַ קורצער צייט. ביסלעכווייז נעמט ער זיך אויך צום שרייבן לידער, דערציילונגען און סתם מעשיות, וועלכע ער שיקט אין די רעדאַקציעס פֿון העברעישע צייטונגען אין וואַרשע („הזמן", „הבוקר" און שפּעטער „הצפירה"). אַלע דורך־אים צוגעשיקטע מאַטעריאַלן ווערן דורך די רעדאַקציעס אָנערקענט אַלס קינסטלערישע שאַפֿונגען און ווערן געדרוקט אָן אויסבעסערונגען.

נאָך אַ סיכסוך מיט ר׳ מרדכין, וועלכער האָט געפאָדערט פֿון הערש־דודן אַ גט פֿאַר זיין טאָכטער, באַשליסט ער איבערצורייסן מיט ראַדאָמסק און פֿאָרט צום צווייטן מאָל זוכן גליק אין וואַרשע, דאָסמאָל שוין אַ צופֿרידענער, ווייל זיינע לידער און דערציילונגען זענען געדרוקט געווען אין די וואַרשעווער צייטונגען. ער ווענדעט זיך גלייך צום דעמאָלטיקן מנהיג פֿון די יידישע יונגע שרייבער, י. ל. פּרץ ז״ל, וועלכער נעמט אים אויף מיט אָפֿענע אָרעמס און שלאָגט אים פֿאָר אָנהויבן שרייבן אין יידיש.

נאָכן שמועס מיט י. ל. פּרץ ווערט הערש־דוד נאָמבערג אָנגענומען אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער טאָג־צייטונג „היינט".

אין יאָר 1909 האָט דעלעגירט די רעדאַקציע פֿון „היינט" ה. ד. נאָמבערגן קיין אַמעריקע. פֿאַרן אָפּפֿאָרן איז ער געקומען פּלוצלינג קיין ראַדאָמסק, זיך זעען מיט מאַשעלען און מיט די קינדער. ער האָט זיך קוואַרטירט אין די „מעבלירטע צימערן" פֿון ה׳ ווינטער און צומאָרגנס געשיקט אַ שליח צו מאַשעלען איר מודיע זיין, אַז ער איז געקומען פֿון וואַרשע און וויל זיך זעען מיט איר און מיט די קינדער. דער צוזאַמענטרעף איז פֿאָרגעקומען אין דער וווינונג פֿון שלמהלע עפּשטיין אין דער אָנוועזנהייט פֿון עלטסטן זון משה. אַלע דריי זענען געזעסן און געשוויגן. פּלוצלינג איז הערש־דוד אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין פּלאַץ, צוגעגאַנגען צו מאַשעלען און איר פֿאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל מיטפֿאָרן מיט אים קיין אַמעריקע און דאָרט אויפֿסנייַ חתונה האָבן. די דריי קינדער האָבן באַדאַרפֿט איבערבלייבן צייטווייליק אין ראַדאָמסק, ביז ער וועט זיך איינאָרדענען. מאַשעלע האָט אויסגעהערט דעם פֿאָרשלאָג און געבעטן אָפּצולייגן די תשובה אויף מאָרגן.

צומאָרגנס אין אָוונט, בעת דעם צווייטן צוזאַמענטרעף, האָט מאַשעלע דעם פֿאָרשלאָג אָפּגעוואָרפֿן, מיטן מאָטיוו, אַז דער פֿאָטער ר׳ מרדכי איז נישט מסכים צו האַלטן די קינדער ביי זיך אין שטוב. ביי איר אָפּוועזנהייט, און ער וועט אַוודאי איר פֿאַרלייקענען אַלס טאָכטער, אויב זי וועט פֿאָרן מיטן „אפּיקורס" הערש־דוד קיין אַמעריקע.

ביים געזעגענען זיך האָט הערש־דוד געבעטן, אַז זי זאָל מסכים זיין צו מאַכן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע צוזאַמען מיט די קינדער. זי האָט מסכים געווען, אַז די פֿאָטאָגראַפֿיע זאָל געמאַכט ווערן אָן „איר", נאָר „ער" מיט די קינדער. אַזאַ פֿאָטאָגראַפֿיע איז טאַקע געמאַכט געוואָרן, אין דער אַטעליע פֿון ווײנבערג * (אין מאַרק).

נאָך יענער באַגעגעניש האָט זיך הערש־דוד מער אין ראַדאָמסק נישט באַוויזן. ר׳ מרדכי שפּירא האָט אַריינגענומען צו זיך אין הויז זיין טאָכטער מיט די קינדער און באַמיט זיך זיי צו דערציִען אַלס פֿרומע יידן, אין זיין גייסט. ווען די קינדער זענען אויסגעוואַקסן האָבן זיי פֿאַרלאָזן איינציקווייז ראַדאָמסק און זיך איינגעאָרדנט מיט דער מיטהילף פֿון זייער פֿאָטער אין וואַרשע.

בעתן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מאַשעלע געוווינט אין ראַדאָמסק. ווען די דייטשן האָבן געשאַפֿן דאָס געטאָ אין דער שול־גאַס איז מאַשעלע צוזאַמען מיט דער גרויסער משפּחה שפּירא פֿאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ. שפּעטער האָט זי זיך אַרויסגעשלענגלט פֿון געטאָ און געפֿאָרן קיין דאמבראַווע־גורניטשאַ, ווו עס האָט זיך געפֿונען איר זון קלמן וואהלהענדלער, פֿון איר צווייטן מאַן (געווען אַ שוחט אין שטעטל). זי איז אָנגעקומען אַהין בשלום, אָבער בעתן ליקווידירן דאָס דאָרטיקע געטאָ (1943) איז זי אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן פֿון דאמבראָווע־גורניטשאַ.

פֿון אַלע דריי זין פֿון ה. ד. נאָמבערג האָט בלויז דער עלטסטער משה זיך געראַטעוועט. ער געפֿינט זיך איצט מיט זיין משפּחה אין ישראל.

# צוויי לידער

ה. ד. נאמבערג

## אוי־וועה און חא־חא־חא אוי־אוי

א.

אַ שאָטן אין דעם מענטשנס לעבן,
אוי יאָ! עס איז אַזוי.
ער יאָגט דאָס גליק און טרעפֿט דאַנעבען
און יאָגט און פֿאַלט אוי־אוי!
חא־חא ער יאָגט און לויפֿט!
אוי וועה דאָס גליק אַנטלויפֿט!
די צייט
פֿערגעהט:
אַליין
בלייבט שטעהן
דער מענש און זעהט: דער קאָפּ איז גרוי
ער פֿרעגט ערשטוינט: „וואו איז דער ציעל?"
און לאַכט מיט גאַל: „דער סוף פֿון שפּיעל!"
אוי־וועה און חא־הא־חא, אוי־אוי!

ב.

די וועלט איז נאַריש און פֿערדאָרבן,
אוי יאָ! עס איז אַזוי.
זי האָט פֿיעל האָב און גוטס ערוואָרבען
און נויט — נאָך מעהר, אוי־אוי!
חא חא! דאָס געלד בעגליקט!
אוי־וועה! די נויט דערשטיקט!
און שעלט
די וועלט
מיט האַק
און פּאַק
און טראַכט דערביי מיר שטיל אַזוי:
און שלאָגט די וועלט זיך קאָפּ און וואַנד.
בלייבט רוהיג, האַרץ! זיי קלאָר, פֿערשטאַנד!
אוי־וועה און חאַ חאַ, אוי־אוי!

ג.

מיין מיידעל איז אַ ליעד פֿון ליעדער.
אוי יאָ! עס איז אַזוי.
אַ קרוין אַ קאָפּ, געטאָקטע גליעדער
און אויגען צוויי — אוי־אוי!
חא חא זי לאַכט און שטיפֿט!
אוי־וועה זי בייסט מיט גיפֿט!
איהר בליק

*אָפּגעדרוקט אין בוך עמוד 65.

גיט גליק.
זי קושט
דערפרישט,
איהר מילדקייט איז פריהמאָרגען־טהוי.
דאָך שפּיעלט זי יעצט אויף יענעמ׳ס שויס!
זיי רוהיג, האַרץ, און לאַך דיך אויס!
אוי־וועה און חא חאַ חאַ אוי־אוי!

## א וויעג־ליעד

ס׳לויפען, ס׳יאָגען שוואַרצע וואָלקען,
ס׳פייפט און ברומט דער ווינד, —
פון סיביריען שיקט דיין טאַטע
דיר אַ גריס מיין קינד!

נאָר דער ווינד. ער ברענגט אונז גרוסען
פון דעם קאַלטען לאַנד;
דאָרטען שטעהט ער, אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנד.
און ער גראָבט אַלץ טיעפער, טיעפער,
וואַרפט די ערד אַרויס, —
ניט געזאָרגט דאָך! פאַר׳ן שקר
גראָבט ער קברים אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פאַלט ער אויפ׳ן פעלד!
זאָרג ניט קינד מיינס, דיך געבאָרען
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד ווערסטו אויסוואַקסען,
שלאָף זשע, שלאָף אַצינד;
זאַמלען כחות פאַר דער צוקונפט.
זאַמעל כוחות פאַר דער צוקונפט,
זאַמעל, איינציג קינד!

# דוד קלעי (גולד)



כ״ט שבט תרנ״ח (1898) — ח׳ חשון תש״ט (1948)

## זאבה ודבורה

ביום השנה הראשון למותו של בן־עירנו דוד קלעי (ח׳ בחשון תש״ט), הופיע מטעם הוצאת הספרים נ. טברסקי, תל־אביב, קובץ לזכרו, המכיל דברי־זכרון והערכה עליו, וחלק ממאמריו ורשימותיו. וכך נאמר במבוא לקובץ הנדון, על־ידי המלב״ד: אברהם לוינסון.

„במשך 29 שנות־חייו בארץ, לא הפסיק דוד קלעי מכתיבה. מאמריו הרבים, הפזורים על־פני כל עתונות הפועלים. נוגעים כמעט בכל שטחי־החיים בארץ — חברה, כלכלה, התישבות, תרבות וכו׳. אחדים מן המאמרים, שהוכנסו לקובץ, נמצאו בעזבונו בכתב־יד — בחלקם שלמים ומוכנים לדפוס ובחלקם קטועים, כהתחלות או טיוטות למאמרים גדולים יותר, לספרים או לקונטרסים. לקובץ לא נכנסו החוברות והקונטרסים, שכתב דוד קלעי ושראו אור: „העליה השניה״, „האחד במאי״, „איך נוכדה ההסתדרות״, ועוד — וכן מיספר מאמרים גדולים. תקוות המטפלים בעזבון המנוח הוא, כי כל אלה ירוכזו ויופיעו במשך הזמן בספר מיוחד״.

הקובץ מכיל כ־400 עמודים ומתחלק ל־8 מדורים: א. לדמותו (**דברי הערכה עליו**); ב. אישים (**22 רשימות משלו, ביניהן על נ. סוקולוב, נהמן סירקין, א. ד. גורדון, ברל כצנלסון**); ג. תרבותנו — בעיותיה ומוסדותיה (23 מאמרים); ד. ברחבי תנועת־העבודה (**19 מאמרים**); ה. בדרך לעצמאותנו (**14 מאמרים**); ו. בתחום ההתישבות (**8 מאמרים**). ז. איגרות (**למעלה מ־30 מכתבים, ששוגרו על־ידו לאשתו פולה ולבנותיו צלילה וזאבה; וכן למוסדות ולאישים, ביניהם — יצחק בן־צבי, פרופ׳ מרטין בובר, דוד רמז, דוד שמעוני**). ח. ביבליוגרפיה של ספריו, תרגומיו ומאמריו (**כ־200 שמות**).

במדור הראשון של הקובץ הנדון, המוקדש לדמותו, משתתפים (**לפי הסדר**): בתו זאבה (מבית השיטה) ואחותו דבורה כרמלית (גולד); **דבורה לחובר, נחום טברסקי, יוסף שפרינצק, שמואל יבנאלי, שמואל דיין, רחל כצנלסון, א. מ. קולר, שמעון קושניר, אברהם לוינסון, י. ד. בית־הלוי. בצלאל שחר (שוארץ), ב. י. מיכלי, ש. בן־צבי, מיכאל אסף, אברהם ברוידס, ג. קרסל, א. ש. שטיין.**

להלן הננו מביאים את **דבריהן** של **בתו זאבה** ושל **אחותו דבורה**, **מתוך הקובץ**.

**המערכת**

# אבא

אבא נולד בכ"ט בשבט תרנ"ח בשצ'קוצ'ין אשר בפולין. בעודו ילד נשתקעה המשפחה ברדומסק העיר. שם עוברות עליו רוב שנות ילדותו ונערותו; שם גם ראשית עבודתו הציבורית.

ילד ככל ילדי החדר, ולו — אח בכור, אהוב ונערץ. ואחיו זה כבר ידוע בעיר כבחור שקורא בספרים אסורים, ויצא לתרבות רעה... הילד דוד היה כולו נתון להשפעת אחיו האהוב. מפיו שמע ולמד ראשית דברים. בהשפעתו מצא כבר אז, כבן י"ב־י"ג, דרך לספריות רציניות־משכילות ולמד וקרא שם בסתר. כך מצא דרכו אל מנדלי פרנקל, עליו הוא מספר באחד המכתבים (המכתב אל ר' בנימין), ובין השאר הוא כותב: „בהיותי בן י"ג בלעתי בביתו את ,דור דור ודורשיו', אבל אז היו כבר בארוני עשרות ספרים מעולם הספרות החדשה".

בן י"ג — יוצא אבא ללמוד בישיבת הרבי מגור, ומתקבל למחלקה העליונה של הישיבה. הוא בן־בית בספריתו העשירה של ראש הישיבה, אחי הרבי, ואף מבקר בספריתו הביבליופילית של הרבי עצמו. הוא נעשה ספרן הישיבה; באותה תקופה הוא מתחיל לכתוב, אף שולח מפרי עטו לעתון החרדי „הפלס" של הרב מפולטבה. בו בזמן — פעיל באגודה לספרות ולתרבות של צעירי המקום, ומפרסם בעתון היומי „דער מאמענט" על חיי הישיבה והנוער העירוני. בגלל חטא כתיבת מאמר־בקורת — הוצא מן הישיבה.

אבא חוזר לראדומסק בהרגישו צורך רב בהשתלמות וברכישת ידיעות כלליות, התחיל לומד בכוחות עצמו במשך שנה, ועבר בחינות של חמש מחלקות גימנסיה רוסית־פולנית ברדומסק. אותה תקופה ניסה כוחו גם בתרגומים ותירגם מספורי גורקי ועוד לעברית ולאידית.

בהשפעת אחיו נחמן וביחד אתו, צעד את ראשית צעדיו בשדה עבודה תרבותית־חינוכית. בהיותו בן י"ז הריהו נעשה לעסקן פעיל, לספרן ומרצה קבוע בחוגי אגודת „קולטורה" בראדומסק. כעבור שנה — כבר היה ממיסדיה של ההסתדרות הציונית בעיר, מזכירה וספרנה, ואף ממיסדיה ובין ראשי מדריכיה של אגודת „השומר" (שקדם ל„השומר־הצעיר") בעיר.

ב־1918 הוא עובר לוארשה. כאן הוא שומע שעורי פסיכולוגיה וסוציאולוגיה במכון ט. ק. נ. (אוניברסיטה חפשית של גדולי המלומדים הפולנים שלא השתתפו באוניברסיטה הרשמית שמטעם הכובש הגרמני). בוארשה הוא כובש לו מקום בחוגי החברה היהודית ובקרב הנוער הציוני והריהו בין מיסדי צ. צ. בפולין, חבר הועד המרכזי הראשון של צעירי־ציון וחבר המזכירות של מרכזה. הוא עובד במערכת „באפרייאונג" — שבועון המפלגה, ובמשך כחצי שנה במערכת „הצפירה". בזה מתגשם אחד מחלומות ילדותו: פעם סיפר לנו, שעוד בהיותו ילד עבד כבר אחיו נחמן ב„הצפירה" והוא קינא בו מאד, וחלם על עבודה כל־שהיא ב„הצפירה" — ותהא אפילו עבודת־שמש, ובלבד שיזכה להסתובב בחדרים ולהקשיב לשיחת גדולים... אז למד את עבודת הדפוס ובעיקר הסדרות, וראה אותה כעבודה שבה ימצא את פרנסתו בעתיד.

בראשית העליה השלישית, בשנת 1920, חושב חוג החברים הקרובים ברצינות על עליה לארץ. רובם אומרים ועושים. אף אבא בין העולים. — — — לעתים, כשהיינו משוחחים, היה מדבר בצער על גורלו שלא עשהו איש משק פשוט, פועל, עובד עבודת־כפיים ממש, או עובד־דפוס. ואמנם, כנראה שמאז ימי נעוריו הלך וחרש בשדה העסקנות התרבותית, ובו מצא את מקומו — **בשטחיו השונים, בתקופות שונות.**




אגודת „השומר" בשנת 1917.

ובחריש תרבותי המשיך גם בארץ. מיד בימים הראשונים לבואו נכנס לעבוד במערכת ה„קונטרס". נתבקש ונענה. לא עמל־כפיים בחצץ ובכבישים כמרבית בני העליה השלישית החלוצית, אלא ישר למערכת. כתב מאמרים בקונטרס — בפסיבדונים שונים. במשך זמן־מה היה מנהל הוצאת הספרים של אחדות־העבודה.

ב־1921 — ציבור הפועלים הולך לקראת ייסוד הסתדרות העובדים. אבא — אחד ה„חדשים" — היה מהמכינים והפעילים, לא ציר נבחר — אבל מכין ומארגן, עוסק ומטפל למעשה — בין מיסדי ההסתדרות. באחד מיומניו הוא כותב:

„אך זה מלאו ששה חדשים להיותי בארץ, מכ"ו אב ועד כה. במשך הזמן למדתי להכיר הרבה מבני הארץ, וגם הרבה מבני־הגולות אשר בארץ. את הארץ עצמה לא למדתי עוד כמעט קט. מלבד יפו—ת"א, ירושלים ופתח־תקוה ביהודה, וחיפה בשומרון — לא זכיתי עוד לראות שום מקום. מצאתי גם אנשים בעלי נפש ולב. מעבודה ציבורית לא עזבתי ידי. בהכנת ועידת חיפה והתיעצות צ"צ ובה, השתתפתי בפעילות. אחר כך נכנסתי ועודי עומד ברצון לעבודה רבה בסניף אחה"ע ביפו. רגע של אי־רצון לא היה לי עוד במשך הזמן הזה. ארץ־ישראל היא בלי ספק מקום הכרחי וקרקע מוכשר לפיתוח נשמות צעירינו, והיצאת דיבה עליה באה רק מתוך אי־הבנה או אי־אחריות מוחלטת" (כ"ו שבט תרפ"א).

ועוד מאז: „משוט בארץ. במשך שני ימים שלמים — בנס־ציונה, באר־יעקב, צריפין, רחובות, יבנה וראשון־לציון. כתיבת־הארץ — דבר גדול הוא, וחבל על שאינם יודעים אותה. המהלך בדרך שאפקיה שמים וארץ — מן ההכרח שהשכינה תהא שורה עליו. הכל מסביב מאיר, מחמם, מעודד, מלהיב, מ ע ל ה..." (ט"ו אדר תרפ"א).

עם ראשית עבודתו בארץ חש והרגיש ביתר שאת את אשר ידע זה כבר: לציבור הפועלים בארץ יש לתת חומר לימוד, למען ירבה דעת. ציבור הפועלים שלנו חייב לרכוש השכלה חברתית, לקנות ידיעות רחבות. הכרה זו לוותה אותו בכל פעולותיו, במשך כל שנות עבודתו בארץ. היה אומר תמיד: החשוב ביותר — מקורות, יסודות. מתוך ראייה זו העז וניגש לתרגם את „המניפסט הקומוניסטי". אמנם חשש שמא הדבר למעלה מכוחו, אבל הכרת ההכרח בתרגום הספר לעברית המריצתו לכך — **והעבודה נעשתה — והוא אז כבן כ"ד.**

לפני שנים אחדות יצא „המניפסט הקומוניסטי" בהוצאה משוכללת של הקיבוץ המאוחד. אבל עומדת ותעמוד לאבא זכות ראשונות זו, תרגום המניפסט לפני עשרים־ושבע שנים, כשספרות הפועלים העברית היתה כמעט אפסית ואפשרויות ההדפסה היו זעומות. אותה החוברת הירקרקת מילאה בשנים ההן את תפקידה, ובמשך הזמן נתחנכו עליה אלפי פועלים ובני נוער וגיבשו בעזרתה יסודות הכרתם הסוציאליסטית.

בתרפ"ב נוסדה שכונת בורוכוב — שכונת הפועלים הראשונה ליד תל־אביב — ואבא בין ראשוני מיסדיה ומחברי התקנון שלה. מאז כ"ב אלול תרפ"ב, בו הוא מודיע לאחיו בשמחה על לינתו הראשונה בצריף שלו על אדמתו שבשכונת בורוכוב, ועד יומו האחרון, אינו עוזב את השכונה. הוא עסקן פעיל בה כל השנים, אם במישרין בתור יושב־ראש של אספותיה הכלליות ואחד מראשי דבריה, ואם מאחורי הקלעים, בעקבו תמיד אחרי הנעשה ובלוותו בעצות מעשיות כל פעולה ופעולה. בימים הקשים ביותר לשכונה, כאשר נסתמנו סטיות מדרכה הראשונית החלוצית — לא נרתע אבא, ניסה לעמוד בפרץ, למנוע עד כמה שאפשר את הרעה... ויודעים ותיקי שכונת בורוכוב — מה היה קלעי בשביל השכונה ומה היתה בשבילו. על כן עטתה אבל כבד ביום ההוא...

בשנים 1923—1929 היה מנהל הספריה המרכזית של הסתדרות העובדים והוצאת הספרים של ועדת התרבות. מ־1925 ערך והוציא לאור ספריה במדעי החברה שעל שם זאב ברזלי. אף כאן היה נר לרגלו אותו חוק: הקניית יסודות. חומר לימודי ראשוני. מקורות. בשביל ספריה זו הוא מתרגם את החוברת של לסַל „פרוגרמה של פועלים", מחבר את „הראשון למאי", מתרגם את ספרו הגדול של באר „תולדות הסוציאליות והמלחמות החברתיות", שיצא בחמישה חלקים.

בשנים 1927—1929 פעל בתור חבר ועדת התרבות המרכזית של הסתדרות העובדים. אותו זמן חיבר את התקנון הראשון של עובדי ועדת התרבות (שכלל גם אז את המורים והגננות — כיום המרכז לחינוך).

בשנים 1929—1930 הוא עורך ומו"ל את ספרי „חברה", נאמן לקו היסודי שלו: הוצאת ספרי־יסוד במדעי החברה. הוא מתרגם בשביל ספריה זו את „השלטון האנגלי" לדיבליוס, ואת ספרו של באואר „קפיטליזם וסוציאליזם אחרי מלחמת העולם".



ביה"ס התיכון בגבעתיים ע"ש דוד קלעי.

תוך עבודתו בתרגום בכלל, ובעיקר בתרגום ספרו של באר, חידש אבא מלים רבות בלשוננו. לעתים קרובות חסרו לו מלים עבריות למונחים שונים, בשטח הכלכלה בעיקר. כדי שלא להשתמש במדה יתרה במונחים לועזיים, היה רגיל לחדש וליצור מלים — לצרכיו. והמלים האלה — מספרן מגיע בודאי לעשרות רבות. ישנן מלים שבכלל לא נקלטו בשפה המדוברת, או שנוצרו מלים מתאימות יותר במשך הזמן. ישנן כאלה שאין לי בטחון מלא אם אמנם היה אבא הראשון שהשתמש בהן בצורה זו — אם כי יש לי יסוד להניח כך. אבל ישנן רבות אשר ללא ספק הן פרי חידושיו.

ברצוני להזכיר כאן רק מספר מלים מסוג זה: יצור — פרודוקציה; יַצָּר — עֲשֵׂה סחורה; עֲקוּרים — מופקעים מרכושם, מנושלים מאדמתם; תַּעַמְלָן — אגיטאַטור; כַּלְכְּלָן — אֶקונומיסטן, חכם במדע הכלכלה; סַפָּק — קבלן להספקת חמרים; תַּחְבוּרָה — קומוניקאַציה; מַסְפֵּנָה — בית חרושת לאניות; סְדִרְיוּת — רציפות, מהלך דברים כסדרם זה אחר זה; מְוַדֶּה — מקבל את הודוי, מלמד התודות; הֶאֱחִיד — לעשות אחיד; הַפְרָטָה — בנגוד להכללה, שיוך דברים לפרט; הַמְדָּנָה — שיוך דברים ואנשים לרשות המדינה; תַּעֲשְׂיָן — בעל תעשיה; בין־אומית — אינטרנציונלית; בין־אומון — אינטרנציונל (השתמש בהזדמנות אחרת גם בבין־„לאומון").

בשנת 1927 מתחיל אבא לחלום חלום נועז: לאחר הצלחתי בתרגום המניפסט, לאחר הערכה חיובית כללית של עבודתו — החליט לנסות כוחו בתרגום „הקפיטל". שאלות קשות נערמו לפניו: בשביל מי לתרגם? מי יוציא את הספר? מי ישא בהוצאות העבודה? אילו מצאו שאלות אלו את פתרונן, ודאי שהיה „הקפיטל" מופיע כבר בשנים 1927—1929, אלא שאז היה מטופל כבר במשפחה והעיקו עליו דאגות פרנסה; הוא לא יכול להטיל על עצמו את העבודה האחראית הזאת, מבלי להתקשר עם הוצאה רצינית שתסכים לבצע את המפעל. זמן־מה כאילו נצנצה לפניו תקוה להגשימו וכאילו נמצא לו גואל — ואז ישב והתחיל בתרגום ואף הספיק לתרגם חלק לא קטן, אבל במהרה נתבדה. אך הוא לא משך ידו מהרעיון והוסיף לחלום על תרגום „הקפיטל".

כשנודע לו על רצון „ספרית־פועלים" להוציא את הספר — מיהר לבוא עמה בדברים, אבל בגלל סיבות שונות לא הושג הסכם במו"מ והספר יצא בתרגומם של אחרים. הדבר גרם כמובן צער רב לאבא. במשך עשרים שנה ומעלה ראה לעצמו כחובה וכיעוד חייו לתרגם את ספרי מרכס לעברית, וביחוד את „הקפיטל", שהשקיע בתרגומו עמל כביר, מתוך תקוה שיבוא היום וימצא אפשרות להדפיס את הספר — והנה לא זכה. ומאידך גיסא, למרות כאבו הרב — מסופקני אם היו רבים ששמחו כמוהו שמחת־אמת להופעת הספר הזה בלבוש עברי. אנחנו בבית הרגשנו יפה את עירבוב הרגשות, את השמחה המהולה בצער, מדי דברו על הספר...

ב־1930 פורקה ועדת התרבות ואבא עבר לשטח־עבודה חדש. עד כה היה פעיל בתחומי ההסתדרות, ועכשיו עבר לעבוד בתורת עורך בפועל של הוצאת „שטיבל" בתל־אביב. במשך ארבע שנים עבד בהוצאת־ספרים זו.

ב־1931 נזדמנה לו שעת־כושר לממש אחד מחלומותיו: להוציא אנציקלופדיה כללית עברית. נזדווג כאן רצון המעשה של הוצאת „מסדה" לאחת משאיפותיו של אבא וליכלתו — והוא נכנס לעבוד במערכת האנציקלופדיה בתור מרכז העריכה, ולמעשה — העורך של „אנציקלופדיה כללית ,מסדה". בארכיונו הפרטי של אבא שמורים הדפסי הנאומים שהושמעו במסיבות שונות לכבוד הופעת כרכי האנציקלופדיה הכללית והאנציקלופדיה „נעורים". באחד מהם, בנאומו של הסופר יעקובוביץ, שעבד כל הזמן במחיצתו כתוב:

„מר ד. קלעי אינו קורא לעצמו אלא ,מרכז העריכה', מונח שהמציא **בעברית. ואולם אני יכול לגלות לכם סוד מהחדר שקלעי**

# די מגילה פון יסורים

ד״ר שמחה האמפּעל און יששכר מינסקי

### פאַרן שטורעם

נעכטן נאָך האָבן זיך געפירט הייסע ויכוחים. מענטשן האָבן געפּרוּווט איבערצייגן איינער דעם אַנדערן און קודם כל זיך אַליין, אַז טראָץ אַלע סימנים אויף הימל און ערד, וועט די מלחמה דאָך נישט אויסברעכן. עס דיסקוטירן אַלטע און יונגע, אין גאַס און אין שטוב, אין די בתי־מדרשים און שטיבלעך — אַ ים פון ווערטער גיסט זיך פון אַלע זייטן, ווי מען וואָלט וועלן דערטרונקען אין אים דעם אייגענעם אומרו, די וואַקסנדיקע שרעק, וועלכע באַהערשן אַלע חושים און גלידער. דו ווילסט זיך כאַטש אויף אַ רגע באַפרייען פונעם קאָשמאַר, וועלכער רינגלט דיך אַרום, ווערסט זיך פאַר דער נעץ אין וועלכער מען וויל דיך אַריינשטויסן — אָבער אומזיסט. אַוועק די רו און געמיטלעכקייט. אַלע בליקן זיינען פאַרדאגהט, די מענטשן דרייען זיך אַרום ווי אָן קעפּ. די פאַרבאַרייטונגען צו דער מאָביליזאַציע, וועלכע ווערט דערווייל אַדורכגעפירט אומאָפיציעל, נאָמענטלעך, די פאַרטונקלטע פענצטער און די זאַפּאַסן עסנוואַרג, וואָס מען קויפט איין על כל צרה שלא תבוא — ווירקן אומהיימלעך.

אין דרויסן הערשט אַ פּרעכטיקער הערבסט־טאָג, פאַרצירט און באַמאָלט מיט דער גאַנצער רייכקייט און שפע פון דער פּוילישער נאַטור. אָבער אין האַרץ איז די פינצטערקייט אַליין.

אין די גאַסן גראָבט מען גרובנס קעגן לופט־אָנגריפן. עס גראָבן אַלע טיילן פון דער באַפעלקערונג און צווישן איין לאָפּאַטע און דער צווייטער גייט אָן די דיסקוסיע ווייטער. די אַנטי־יידישע העצע, וועלכע האָט זיך געפירט אין פּוילן אין די לעצטע יאָרן, איז ווי אויף אַ רגע איינגעשטילט געוואָרן. הינטער דער שטאָט אָבער זעט מען ווידער די געמאָלטע אין אַלע קאָלירן אויפשריפטן: „אַ טויט די יידן", „היטלער גייט אויף אייך, יידן!" די מיליטער־גרופּעס, וועלכע זיינען אויס פאַרשטענדלעכע טעמים איבערגעפירט געוואָרן מיט דער באַן נאָר ביינאַכט, פאָרן איצט אין אַלע שעהן פון מעת־לעת. דורך די שטאָט ציען פיסגייער־פאָרמאַציעס און עס הילכט אין די אויערן דאָס קלאַפּן פון זייערע באַנאָגלטע שיך. זיי זיינען שוין לאַנג פאַרביי, אָבער אין דער לופט טראָגן זיך נאָך אַלץ דאָס טופּן פון זייערע שריט.

אין חלל טראָגן זיך נאָך די קלאַנגען פון אַ יידישן יישוב וואָס איז פאַרמשפּט אויף חורבן און אומקום. און איצט, אין דער לעצטער נאַכט פון שלום, הויבט זיך אָן זיין צאַנקען צוזאַמען מיט די ליכט, וואָס זיינען פאַרלאָשן געוואָרן אויפן באַפעל פון דער מאַכט. אַ פינצטערע, מוראדיקע נאַכט, וועלכע האָט געטראָגן אין איר שויס טרערן, פּיין, חורבן און טויט.

### די בהלה

פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער אינדערפרי, האָבן די דייטשע באַוואָפנטע כוחות, אָן פריערדיקער קריגס־דערקלערונג, אָנגעהויבן איבערשרייטן די פּוילישע גרענעצן. פון די הימלען האָט גענומען האָגלען מיט טויט און פאַרניכטונג. שוין אין די ערשטע שעה׳ן פון אומגלייכן געראַנגל איז געוואָרן קלאָר, אַז דער שונא וועט נישט אָנטרעפן, יעדנפאַלס אין דער לופט, אויף קיין ערנסטן ווידערשטאַנד און אַז די ציוויל־באַפעלקערונג איז אָנגעוויזן אויף זייער חסד און אומחסד.

די דייטשן האָבן זיך בכלל נישט געגעבן די מי צו באָמבאַרדירן מלחמה־וויכטיקע אָביעקטן, על פי רוב האָבן זיי דאָס אַפילו באַוווּסטזיניק אויסגעמיטן אויס דעם פּשוטן טעם, אַז עס לוינט זיך מער זיי צו באַקומען אומבאַשעדיקטע. דער גאַנצער פאַרניכטונגס־שגעון איז לכתחילה אויסגעגאָסן געוואָרן אויף די קעפּ פון דער ווערלאָזער, אומגליקלעכער באַפעלקערונג. דער שונא האָט זיך נאָך געפּונען אויף די גרענעצן און צוגעגרייט זיך צו זיין רוצחישן שפּרונג, אָבער אין הינטערלאַנד האָבן שוין טויט, פייער און טרערן געפייערט זייער ערשטן בלוטיקן שניט.

דאָס וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט פרייטיק פרימאָרגן און אין משך פון גאַנצן טאָג אין צענדליקער פּוילישע שטעט און שטעטלעך, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונזער שטאָט. האַלב זעקס פאַרטאָג איז די שטאָט צום ערשטן מאָל באָמבאַרדירט געוואָרן. די ערשטע קרבנות זיינען געפאַלן אויפן שטח פון דער מעטאַלורגישער פאַבריק און צופעליקע דורכגייער נעבן דער מיל. די לופט־אָנגריפן האָבן זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל במשך פון דעם פרייטיקדיקן טאָג און כאָטש די שטאָט האָט דעם טאָג פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק געליטן, האָט אָבער די שרעק פאַר דעם וואָס דאַרף אָנקומען, אַרומגעכאַפּט אַלע טיילן פון דער באַפעלקערונג. אין די אָוונט־שעהן, ווען אין שטאָט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פּליטים פון די גרענעץ־געביטן, אָנגעשראָקענע און אָנגעלאָדן מיט פּעקלעך האָב־און־גוטס, האָט די שטאָט ווי אַ ריר געטאָן זיך פונעם אָרט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלהדיק אַנטלויפן פון שטאָט. מען איז געלאָפן ווו די פיס טראָגן, אַבי וואָס ווייטער פון שונא, וועלכער ציט פון מערב. די וועגן וואָס פירן קיין פּשעדבאָזש, קינסק, צו מזרח זיינען פול געוואָרן מיט פּליטים. אַ ים פון מענטשן האָט פאַרפלייצט די פּשעדבאָזשער גאַס. עס ציען אַדורך גאַנצע שטעטלעך און דערפער, מען שלעפּט מיט זיך אַלטע און קראַנקע, מען טראָגט זיי אין בעטלעך אָדער מען פירט זיי אין האַנט־וועגעלעך. עס מישן זיך צונויף די קולות פון קינדערישע יאָמערלעכע געוויינען, דאָס בעקן פון קיען, שעפּסן, דאָס בילן פון הינט. די פּליטים דערציילן מוראדיקע זאַכן. גאַנצע שטעט און שטעטלעך זיינען ווי אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. די איינוווינער וועלכע עס איז געלונגען צו ראַטעווען זיך פון די פלאַמען, זיינען אומרחמנותדיק באַשאָסן געוואָרן פון מאַשין־געווער. במשך פון דער נאַכט האָט מען געבראַכט מאַסן פאַרוווּנדעטע אין שפּיטאָל, וואָס איז גלייך פאַרפולט געוואָרן. ס׳איז פּשוט נישט געבליבן קיין ליידיק אָרט און עס איז אויך נישט געווען ווער עס זאָל זיך מיט די פאַרוווּנדעטע פאַרנעמען. די וואָס האָבן זיי געבראַכט האָבן זיי פּשוט איבערגעלאָזן אויפן שפּיטאָל־הויף, אָדער פאַר דער טיר פון שפּיטאָל און דאָרט האָבן די אומגליקלעכע געוואַרט ביז מען וועט זיך אויף זיי מרחם זיין.

שלאָפלאָז איז פאַרביי די נאַכט אַפילו פאַר די, וועלכע האָבן נאָכנישט גענומען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט. די שטאָט איז פאַרטונקלט, אָבער אין בלאַסן לבנה־ליכט זעט מען פאַר יעדן הויז און אין יעדן הויף גרופּעס מענטשן, וועלכע עס פאַראייניקט זייער הילפלאָזיקייט, נידערגעשלאָגנקייט און טיפער יאוש.

שבת אינדערפרי האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונגען און אַפילו די אָפיציעלע קאָמוניקאַטן פון פראָנט האָבן נישט באַוויזן צו פאַרהוילן דעם קאַטאַסטראָפאַלן צוזאַמענברוך פון גאַנצן פּוילישן פאַרטיידיקונס־סיסטעם. אין שטאָט לאָזן זיך שוין זעען די בולטע סימנים פון דער מפּלה. מען עוואַקואירט די רעגירונגס־ביוראָס, די אַרכיוון ווערן פאַרניכטעט, די אַרעסטאַנטן — אַוועקגעפירט. צעקלאַפּטע מיליטער־אָפּטיילונגען ציען דורך די שטאָט אין דער ריכטונג פון מזרח.

12.30 מיטיג־צייט באַווייזן זיך פאַר דער מאַגיסטראַט־געביידע די לעצטע פאָרשטייער פון דער לאָקאַלער אַדמיניסטראַציע און דער סטאַראָסטע באַפעלט צו פאַרלאָזן די שטאָט, וועלכע וועט באַלד באָמבאַרדירט ווערן דורכן שונא. במשך פון מינוטן האָט זיך די

ידיעה פונאַנדערגעטראָגן אין אַלע ווינקעלעך פון שטאָט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלהדיק אַנטלויפן פון שטאָט, וועלכע איז כמעט אויסגעליידיקט געוואָרן פון אירע איינוווינער. אַ שעה שפּעטער איז ראַדאָמסק שוין געשטאַנען אין פלאַמען. 13 באָמבאַרדירער האָבן זיך גאַנץ רואיק אַראָפּגעלאָזט איבער די דעכער פון די הייזער און במשך פון צען מינוט געזייט מיט פייער און חורבן. עס זיינען פאַר־ניכטעט געוואָרן כמעט אַלע הייזער אין מאַרק, די קראַקאָווער גאַס, טיילן פון דער סטשאַלקאָווסקע־גאַס. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט אַלע הייזער זענען דירעקט געטראָפן געוואָרן, אַ חלק פון זיי איז נאָר טיילוויז צעשטערט געוואָרן. דער רוב איז אונטערגע־צינדן געוואָרן דורך פּוילישע אונטערוועלט־לייט און די אָרעמיקע פּויערים, וועלכע האָבן אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן אין איין אַרויספּירן אויף וועגעלעך דאָס געראַבעוועטע האָב און גוטס. ביים פּאַרטיידיקן זיין הויז פון באַנדיטישע הענט איז יענע נאַכט געפאַלן דער בעקער אהרן קאַלקע. זונטיק פרי איז געלונגען אַ 13־יעריק יינגל רשקה אַרויסצוגראָבן זיך פון אַ באָמבאַרדירט און פאַרשיט הויז אויף סטשאַלקאָווסקע גאַס. פֿון אים איז מען געוויור געוואָרן, אַז אין הויז־קעלער זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן אייניקע משפחות, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי שמואל־לייב וויטענבערג. דאָס קינד איז אַרומגעלאָפן צווישן די ברענענדיקע חורבות און גערופן הילף, אָבער אומזיסט, ווייל ס׳זענען נישט געווען קיין יידן אין שטאָט און דער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג וואָס איז פאַרבליבן, איז געווען פאַרנומען מיט... ראַבירן. ווען מען איז צו־געטראָטן נאָך אייניקע טעג אויסצוגראָבן די פאַרשיטע איז שוין געווען צו שפּעט. עס איז אָבער זיכער, אַז דאָס באָמבאַרדירן האָט געבראַכט צענדליקער יידישע קרבנות, כאָטש זייער גענויע צאָל איז קיינמאָל נישט געלונגען פעסטצושטעלן.

זונטיק דעם 3־טן סעפּטעמבער, 11 אַזייגער פאַרמיטאָג, זיינען די דייטשן אַריין אין שטאָט און זיי האָבן דאָ געפונען גייסטיק און פיזיש צעבראָכענע יידן, אַרומגערינגלטע דורך אַ ים שונאים מיט מעסערס אין די הענט אָדער מיט זעק, גרייט צום ראַבירן. אָט די ווילדע שנאה פון די פּוילישע שכנים און די קאַשמאַרפּולע, אייביק הונגעריקע זעק, האָבן פאַרפאָלגט און געמאַטערט די יידן במשך פון דער גאַנצער צייט פון זייער אומגלייכן און בלוטיקן געראַנגל.

נאָך במשך פון זונטיקדיקן טאָג האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען אין שטאָט די, וועלכע די פיס האָבן ווייט נישט אַוועקגעטראָגן. טרויעריק איז געווען דאָס צוריקקומען. די צוריקקומענדיקע האָבן געפונען בלויז אויסגעברענטע שטיינער און אַש פון זייער האָב־און גוטס וואָס איז געקליבן געוואָרן פון דורות. די אַנדערע, וועמענס הייזער ס׳זיינען געבליבן גאַנץ האָבן זיך אין זיי אַריינגעגנבעט אומבאַ־מערקטערהייט באַהערשט פון פחד פאַרן ערשטן צוזאַמענטרעף מיטן בלוטיקן שונא. גאָר טראַגיש איז געווען די לאַגע פון די, וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט ווייטער צו אַנטלויפן. מענטשן זיינען אומגע־קומען פון צופעליקע קוילן (ווי דער שניידער פלובוברודה), דער סוחר אַדאָלף רודאַל איז דערטרונקען געוואָרן ביים אַנטלויפן. דער גורל פון צענדליקער אַנדערע איז ביז דעם היינטיקן טאָג נישט אויפגעקלערט געוואָרן.

דאָס שנעלע פאַרויסגיין פון די דייטשע אַרמייען האָט אָפּגעשניטן טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אַריבער די נייע סאָוויע־טישע גרענעץ פון זייערע היימען, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צוריקמאַרש, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון פון די אַלע, וועלכע האָבן איט דורכגעמאַכט. אויפן וועג האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס, מען האָט צעממיתט די וואַנדערנדיקע מענטשן, אַריינגעוואָרפן אין די אויפן אָרט געשאַפענע קאָנצענטראַציע־לאַגערס און סתם געפּייניקט ביי יעטוועדער געלעגנהייט. קוים האָבן זיך די

אומגליקלעכע באַוויזן אַרויסראַטעווען פון די הענט פון איין באַנדע פאַרברעכער זיינען זיי גלייך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ צווייטער. באַשפּריצט פון יידיש בלוט זיינען געוואָרן די פּוילישע וועגן.

## דער אָנהויב פון דער דייטשער הערשאַפט אין שטאָט

שוין דעם ערשטן זונטיק האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די פיינטלעכע פאַראָרדנונגען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט וועגן אָפּגעבן געווער, פּאַליציי־שעהן (פון 7 ביז 7) מיט דראָאונגען, אַז ווער עס וועט נישט אונטערוואַרפן זיך די באַפעלן וועט דערשאָסן ווערן.

דעם 4טן סעפּטעמבער האָבן זיך באַוויזן צוויי פּלאַקאַטן — אין דייטש און פּויליש אונטערגעצייכנט דורך מיליטערישן שטאָט־קאָמענדאַנט. לויטן ערשטן באַפעל האָבן יידן געמעגט זיך באַוועגן אין שטאָט פון 8 אַזייגער פרי ביז 7 אָוונט, פּאָליאַקן פון 5 פרי ביז 8 אָוונט. פאַר באַווייזן זיך אין שטאָט אין די פאַרבאָטענע שעהן האָט געדראָט טויט־שטראָף. דער צווייטער באַפעל האָט פאַראָרדנט צו שליסן אַלע יידישע געשעפטן און מאַגאַזינען ביז צו אַ נייער מעלדונג.

איז די אָוונט־שעהן האָבן זיך באַוויזן גרופּעס דייטשע זעלנער באַגלייט דורך פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיי געפירט צו די יידישע געשעפטן. די זעלנער האָבן אויפגעריסן צענדליקער יידישע געשעפטן, אויסגעראַבעוועט זיי און פונאַנדערגעטיילט די פּאָליאַקן יידיש האָב און גוטס. אַ טאָג שפּעטער האָבן זיך באַוויזן די ערשטע דייטשע משפחות, וועלכע זיינען צוגעפאָרן אין דער באַגלייטונג פון פּוילישע שטאָט־באַאַמטע אויפן נייעם וועג און אַרויסגעוואָרפן די יידן פון זייערע וווינונגען. פאַרשטענדלעך אַז מען האָט פאַרוואָרט מיטצו־נעמען זאַכן מיט זיך און נאָך באַגלייט די אומגליקלעכע מיט בלוטיקע קלעפּ.

מיטוואָך, דעם 6טן סעפּטעמבער זיינען אַרעסטירט געוואָרן די פאָלגנדע יידן: די ברידער מינץ, יעקב, אַלעק און ראַמעק ראָזענ־בוים. מען האָט פון זיי פאַרלאַנגט געלט און זיי בלוטיק געשלאָגן.

דינסטיק, דעם 12טן סעפּטעמבער 1939 האָט זיך ספּעציעל איינ־געקריצט אין זכרון פון דער גאַנצער ראַדאָמסקער יידישער באַפעל־קערונג, מיט די בלוטיקע אכזריותדיקע מעשים פון דער דייטשער געסטאַפּאָ אין דער שטאָט, מיט דער הילף פון די פּאָליאַקן.

באַלד אינדערפרי זענען די דייטשע געסטאַפּאָווצעס מיט בייטשן אין די הענט, אין דער באַגלייטונג פון פּאָליאַקן, אַרומגעגאַנגען אין אַלע יידישע הייזער און אַרויסגעשלעפּט די מענער. יונג און אַלט האָבן זיי צוזאַמענגעטריבן אין מאַרק, וווּ זיי האָבן אַלע יידן איינגע־טיילט אין 3 גרופּן: איין גרופּע אַוועקגעטריבן אויף די פּיעטרקאָווער גאַס, צום פּלאַץ פון דער געוועזענער צערקווע, די צווייטע גרופּע אַוועקגעטריבן אויף רעימאַנטאַ גאַס צו דעם אַזוי גערופענעם „באַבע־דזיאַדע״ פּלאַץ, און די דריטע גרופּע איז פאַרבליבן אין מאַרק.

די מאַרק־גרופּע האָט באַקומען אַ בעפעל צו פאַרשיטן די שוץ־גריבער, וואָס זענען נאָך פאַרן אויסברוך פון קריג צוגעגרייט געוואָרן דורך דער גאַנצער ראַדאָמסקער באַפעלקערונג, אויפן פאַל פון לופט אָנגריפן. יעצט אָבער האָבן די פּאָליאַקן געוווּסט צו דערציילן די דייטשן — אַז די דאָזיקע שוץ־גריבער, האָבן די יידן אויסגעגראָבן, בכדי די דייטשע טאַנקן זאָלן נישט קענען אַריינפאָרן אין שטאָט. און אַזוי אַרום פאַראַליזירן דעם זיגערישן דייטשן פאַרמאַרש.

די יידן זענען געוואָרן געצוווּנגען, מיט די בלויזע הענט צו פאַרשיטן די גריבער; און דערביי מערדערלעך געוואָרן געשלאָגן איבער די קעפּ מיט די בייטשן פון די געסטאַפּאָווצעס הענט. זיי



בעת דער „אקציע״ פון „בלוטיקן דינסטיק״ (12.9.1939)

האָבן אויך געזוכט קרבנות וועלכע האָבן נישט געארבעט שנעל. דער ערשטער קרבן איז געווען דער יינגער שטרוזבערג (מאַנעלע שטרוז־בערגס זון). מיטאָג־צייט האָבן די בלוט־דורשטיקע געסטאַפּאָווצעס ארויסגעפירט די גאנצע גרופּע אויפן נייעם וועג ביים שטייער־אַמט, געהייסן אַלעמען זיך אויסלייגן מיטן פּנים צו דער ערד, ארומגערינגעלט זיי פון אלע זייטן מיט א וואַך מאַשין־געווער און מיט בייטשן אין די הענט, און אַליין זענען די געסטאַ־פּאָווצעס געגאַנגען עסן מיטאָג. די גאַנצע גרופּע איז געבליבן אַזוי אויסגעצויגן אויף דער ערד, און ווער עס האָט זיך נאָר אַ ריר געגעבן, איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן. דער גאַנצער נייער וועג, איז פוןביידע זייטן געווען פול מיט פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אויך אויפמערקזאַם געמאַכט די דייטשן וועלכער ייד עס גיט זיך אַ ריר.

אַזוי איז די גרופּע געלעגן אויף דער ערד, ביז די געסטאַפּאָווצעס זענען צוריקגעקומען, אָנגעפרעסענע און אָנגעטרונקענע, און דאַן מיט מערדערלעכע שלעק געטריבן אין געשלאָסענע רייען צו די צווייטע גרופּע וואָס איז געפּייניקט געוואָרן אויף דעם „באָבע־דזיאַדע״ פּלאַץ. דאָס זעלבע איז געשען מיט דער גרופּע וואָס איז געפּייניקט געוואָרן אויף דער צערקווע־פּלאַץ. די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַט נאָך אַ צוגאָב מזל. זייט יאָרן זענען אויף דעם פּלאַץ געשטאַנען צוויי גרויסע אייזערנע קעסלען, אָנגעפּילטע מיט־יעריקן רעגנוואַסער. האָבן די געסטאַפּאָ געכאַפּט קרבנות, זיי אָנגעכאַפּט ביי די פיס און מיטן קאָפּ זיי אַריינגעלאָזן אין וואַסער אַריין. געהאַלטן אין דעם צושטאַנד ביז דער קרבן איז שוין געווען האַלב טויט, דאַן אים אַוועקגעוואָרפן, געכאַפּט אַ צווייטן קרבן, און איבער אים דורכגעפירט די זעלבע רייניקונגס־אַקציע. אויך די גרופּע איז מיט מערדערלעכע שלעק און קלעפּ געטריבן געוואָרן צום „באָבע־דזיאַדע״ פּלאַץ. און דאָ אויפן „באָבע־דזיאַדע״ פּלאַץ, האָט זיך אַלעס אָנגעהויבן פונסניי. און בכדי נאָך בעסער צו ווייזן אונזערע שכנים די פּאָליאַקן, האָבן די דייטשן אַרויסגעפונען די דאָזיקע יידן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן זיך געצירט און געשפּיגלט מיט זייערע בערד, און עס האָט זיך אָנגע־פאַנגען אַ געיעג, ווער עס וועט שנעלער שניידן און רייסן די יידישע בערד.

נאָכדעם האָט יעדער איינער געמוזט אַדורכגיין אַ טבילה אין דעם טייכל ראדומקה. אַלע זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין וואַסער אַריין, אייניקע האָבן זיך געמוזט אויסציען אין דער ברייט פון טייכל, מאַכן אַזאַ מין לעבעדיקע בריק, און די אַנדערע האָבן געמוזט אויף די לעבעדיקע בריק דורכגיין, אַהין און צוריק. און מעשה שטן האָט גאָט צוגעשיקט אונזער גוט באַקאַנטן מאָלער דאמסקי, וואָס פונקט דאַמאָלס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו מאַכן איינע פון זיינע „פיגורן״. און דווקא דאָס, האָט די געסטאַפּאָווצעס געפעלן, און דערפאַר האָבן אַלע באַקומען בייטשן איבער די קעפּ, בכדי נאָכצומאַכן דאמסקיס פיגורן.

צו דעם אַלעם האָבן זיך צוגעקוקט מאַסן פּאָליאַקן. אונזערע נאָענטסטע שכנים מיט וועלכע מען האָט דאָס גאַנצע לעבן פאַרבראַכט אין די בעסטע באַציִונגען. אָנהויבנדיק פון דעם רעיענט פאראדאווסקי, דער אַפּטייקער, דער לערער פון ניעמצעס גימנאַזיע — וואלטשאַק,

דעם אינזשיניער פּעלרולאַ, דער סטודענט מיכאַלעק, דעם גנב גונערא, די גאַסן־פרוי העלקע צעבולקאַ. מאַסן, מאַסן זענען זיי געשטאַנען, און זיך געוויילט פון אונזער פּיין.

און אויב דאָס אַלעס איז נאָך געווען ווייניק פאַר אונזערע שכנים, האָבן זיי אָנגעוויזן ווער עס זענען די רייכע יידן. און מיט זיי האָט זיך די געסטאַפּאָ ספּעציעל פאַרנומען. זיי האָבן געפונען איינעם פון די ברידער־פאַבריקאַנטן מינץ, וואָס צענדליקער יאָרן האָבן לויטער פּאָליאַקן געאַרבעט אין זיין פאַבריק, פון זיי געלעבט און געשיכורט, און איצט האָבן זיי אַלע אויף אים געשפּיגן און געוואָרפן בלאָטע אין פּנים אַריין. און אַז אַלע זענען שוין מיטן צופאַלן פון דער נאַכט געפאַלן פון די פּיס פון מידקייט און פּיין, צעבראָכן פיזיש און מאָראַליש, דאַן, האָבן די געסטאַפּאָ דווקא גענומען, דעם דאָזיקן מינץ, אים באַלאָדן מיט שפּאַדלעס, און אים געטריבן מיט די בייטשן איבער אַלע גאַסן.

ווען עס איז שוין געווען פינצטער, האָבן די מערדערס אָנגעהויבן באַפרייען איין רייע יידן נאָך דער אַנדערע. אָבער, נאָך נישט זייענדיק גאַנץ זאַט פון פייניקונגען, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין אַ שפּאַלער, און יעדער ייד האָט געמוזט פאַר זיי אַלעס אַרויסלייגן צוזאַמען מיט די קעשענעס, און דאַן געמוזט אַדורכלויפן דעם שפּאַלער דייטשן, וואָס האָט געהאַקט ווי אַ האָגל איבער די קעפּ. פון אַלע זייטן האָבן זיי אונטערגעשטעלט די פּיס, און זעלטן ווער איז נישט געפאַלן און געוואָרן צעקאָפּעט פון זייערע גראָבע שטיוול. און אַז מען האָט שוין געהאַט די זכיה אַרויסצוקריגן זיך אין גאַס אַ פאַרבלוטיקטער, אַ צעהאַקטער, איז די גאַנצע רעימאַנטא גאַס געווען באַלייגט מיט פּאָליאַקן, וואָס האָבן ערשט אויפסניי אָנגעהויבן צו שלאָגן פון אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן חלילה געווען אויסגעהונגערט, און נאָך קיין איין מאָל נישט געשלאָגן קיין ייד.

צומאָרגנס נאָך דעם שוואַרצן דינסטאָג, האָט מען שוין אין שטאָט געוווסט, ווער עס האָט פרייוויליק רעזיגנירט פון דעם נייעם ביטערן לעבן, און זיך געוואָרפן אין די אָרעם פונם זיסן טויט. דער ערשטער איז געווען שלמה גליקסמאַן (פראַזוד), דאַן פּנחס פליגעלטויבס איידעם און אַנדערע. און נאָך פריער דער זייגערמאַכער שמעון יורבורסקי.

עטלעכע טעג שפּעטער, האָט מען די יידן דערלויבט צו עפענען זייערע געשעפטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די דייטשן און פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן שטורמען די געשעפטן. די ערשטע האָבן סתם גענומען סחורות אָן געלט און די אַנדערע האָבן פאַר גראָשנס געקויפט סחורות, וועלכע מען האָט שוין שפּעטער נישט געקענט צוריקקויפן. אויף אַזאַ אופן זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן כמעט אַלע יידישע געשעפטן און די סוחרים זיינען אין בעסטן פאַל פאַרבליבן מיט ווערטלאָז פּאַפּיר־געלט.

דאָס כאַפּן יידן אין די גאַסן איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אויסער מיט שווערער אַרבעט איז דאָס כאַפּן געווען פאַרבונדן מיט פאַרשידענע פייניקונגען. זייער אָפט האָבן גרופּעס דייטשע סאָלדאַטן געוואָלט זיך סתם אַביסל לוסטיק מאַכן אויפן חשבון פון די צום טויט־דערשראָקענע יידן. צווישן אַנדערע איז באַפאַלן געוואָרן די דירה פון אַמשינאָווער רבין בעתן זאָגן סליחות. די צעווילדעוועטע סאָלדאַטן האָבן געשלאָגן די מתפּללים, צעריסן די ספרים און טליתים און געטרעטן אויף זיי. דאַן האָט מען די יידן אַרויסגעטריבן צום ספּאָרט־פּלאַץ, ווו מען האָט זיי געצוווּנגען פאַרשיטן און שפּעטער ווייטער אויסגראָבן גרובנס. דאָס אַלץ איז געווען, פאַרשטייט זיך, באַגלייט דורך כלערליי פייניקונגען, ווי שפּרינגען אין די גרובנס, לויפן אַרום דעם ספּאָרט־פּלאַץ און מאַכן פאַרשידענע ספּאָרט־איבונגען, צום גרויסן געלעכטער פון די סאָלדאַטן און ציווילע פאַרזאַמלטע. צווישן אַנדערע האָט אַ סאָלדאַט אָפּגעשוירן אַ האַלבע באָרד ביי לייבקע דונסקי (פון דער מקוה), אַ צווייטן יידן האָט מען פּשוט אונטערגעצונדן די באָרד, אַ דריטן האָט מען געצוווּנגען צו האַלטן אַן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אין דער ריכטונג פון די סאָלדאַטן און אים אין דער פּאָזע פאָטאָגראַפירט.

מיט דעם דערנענטערן זיך פון ראש־השנה און יום־כיפור האָט זיך די לאַגע נאָך מער פאַרערגערט. די כסדרדיקע כאַפּערייען צו צוואַנגס־אַרבעטן און דער פּחד צו באַוועגן זיך אין שטאָט, האָבן אָפּגענומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. אויסער דעם זיינען דאָך הונדערטער פאַמיליעס אָפּגעברענט און באַרויבט געוואָרן. לייכט זיך אַלזאָ פאָרצושטעלן די קאַטאַסטראָפאַלע עקאָנאָמישע לאַגע אין וועלכער די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געפונען שוין אין ערשטן חודש פון דער מלחמה. די צאָל היימען ווו דער הונגער איז געווען אַן אָפטער גאַסט, איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג.

ראש־השנה און יום־כיפור האָט מען, פאַרשטענדלעך, נישט געדאַוונט אין שול און די בתי־מדרשים. אין אייניקע וווינונגען האָבן זיך פאַרזאַמלט די נאָענטסטע שכנים, בכדי צו דאַוונען בציבור. אין דרויסן זיינען געשטאַנען פרויען און קינדער און אַכטונג געגעבן צי עס דערנענטערן זיך נישט ד׳ שונאים, ווייל אויך דאָס פאַרזאַמלען זיך אין גרופּעס איז געווען פאַרבאָטן. טראָץ די דאָזיקע וואַכן, זיינען פיל מנינים באַפאַלן געוואָרן און די מתפּללים האָט מען צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרשלעפּט אויף עפּנטלעכע פּלעצער, ווו זיי האָבן געאַרבעט ביים פאַרשיטן די לופט־שוץ־גרובנס. ביי די אַרבעטן האָבן זיך נאָך מער ווי שטענדיק אָפּגעשפּילט מוראדיקע סצענעס און עס האָבן זיך געהערט די יאָמערלעכע געשרייען פון די געפייניקטע.

דעם 9טן אָקטאָבער האָבן זיך אויף די מויערן פון די הייזער באַוויזן באַקאַנטמאַכונגען, אַז אַלע מענער, יידן אין עלטער פון 15 ביז 60 יאָר מוזן זיך רעיעסטרירן פון מאָרגן אָן אויף דעם פּיה־פּלאַץ. די, וועלכע וועלן זיך נישט רעיעסטרירן דראָט טויט־שטראָף. אויף די באַקאַנטמאַכונגען איז געווען אונטערגעשריבן דער שטאָט־קאָמענדאַנט.

די רעיעסטראַציע איז פאָרגעקומען אויפן פּיה־פּלאַץ ביים ספּאָרט וואַדני און האָט געדויערט פינף טעג. ס׳האָבן זי אַדורכגעפירט פּוילישע שטאָט־באַאַמטע אונטער דער אויפזיכט פון דייטשע זעלנער. דער צוועק פון דער רעיעסטראַציע איז נישט געווען באַקאַנט, און פאַרשטענדלעך, אַז זי האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע באַאומרואיקונג צווישן די יידן. דעם 30סטן אָקטאָבער האָבן זיך באַוויזן נייע באַקאַנטמאַכונגען, אַז יידישע מענער אין עלטער פון 15 ביז 60 יאָר מוזן זיך מאָרגן נאָכאַמאָל רעיעסטרירן אין מאַגיסטראַט. און אויך דאָס מאָל אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף פאַר די וועלכע וועלן נישט קומען זיך רעיעסטרירן.

צומאָרגנס, דעם 31סטן אָקטאָבער האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען פאַר דער מאַגיסטראַט־געביידע פון 8 פרי יונגע און אַלטע, וואַרטנדיק אין לאַנגע רייען פאַרן אַריינגאַנג. די רעיעסטראַציע איז פאָרגעקומען אינעם גרויסן זיצונגס־זאַל פון ראַדאָמסקער שטאָט־ראַט. דער שטאָט־קאָמענדאַנט, רוטער, אין אַ ברוינעם מונדיר מיט אַ שוואַרצן האַקן־קרייץ אויפן רויטן באַנד, האָט געמאָלדן צווישן איין דראָאונג און דער צווייטער, אַז אַלע אַרבעטס־פעאיקע מענער וועלן מוזן טראָגן אַ צייכן אויף דער לינקער ברוסט. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן טיילן די אַזוי גערופענע „לאַטעס”. יעדער האָט געמוזט אויפ־

געבן זיין נאָמען, פאַרנאָמען, דעם אַדרעס און פאַך. עס זיינען געווען דריי מינים „לאַטעס״: פּיאָלעטע, רויטע און געלע. זיי זיינען געווען אויס שטאָף, 12 סענטימעטער די לענג און 4 די ברייט מיט אַ גרויסן J. (יודע) אין גאָלדענער פאַרב אויף די פּיאָלעטע, און שוואַרצער — אויף די רויטע און געלע לאַטעס. די פּיאָלעטע לאַטעס האָבן באַקומען מענטשן באַפרייטע פון צוואַנגס־אַרבעט: דאָקטוירים, דענטיסטן און אַרבעטס־אומפעאיקע. עס האָבן זיי שפּעטער אויך געטראָגן די מיטגלידער פונעם יודנראַט. די רויטע לאַטעס האָבן באַקומען עלטערע און שוואַכע מענער, וועלכע זיינען געווען מחויב צו אַרבעטן בלויז דריי טעג אין וואָך. די באַזיצער פון די געלע לאַטעס זיינען מחויב געווען צו אַרבעטן ביי צוואַנגס־אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך. די ראַדאָסקער זיינען געווען די ערשטע אין גאַנץ פּוילן, ווייל שוין דעם 31סטן אָקטאָבער 1939 האָבן זיי באַקומען די דאָזיקע לאַטעס.

דעם 7טן נאָוועמבער ביינאַכט זיינען אַרעסטירט געוואָרן פינף רייכע יידן: יעקב ראָזענבוים, אלעק ראָזענבוים, שלמה פישמאַן, יצחק שפּירא און יוסף מינץ. זיי זיינען מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן און גלייכצייטיק האָט מען אויף די יידן אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע אין דער הויך פון פופציק טויזנט זלאָטעס, וועלכע האָט באַדאַרפט אַריינגעטראָגן ווערן במשך פון 24 שעה, אַנדערש וועלן די פינף אַרעסטירטע דערשאָסן ווערן. די סומע איז געדעקט געוואָרן און די יידן זיינען אַרויס באַפרייטע.

דעם 9טן נאָוועמבער האָבן זיך געמוזט צושטעלן די באַזיצער פון די געלע לאַטעס 7 אַזייגער פרי פאַר דער שטאָטישער באָד אויף יאָסעלעוויטשאַ גאַס. דאָ האָבן זיי די דייטשע זעלנער און זעלבסטשוצלער (פאָלקס־דייטשן) איינגעטיילט אין די פאָלגנדיקע אַרבעטס־גרופּעס: 1) גאַסן־ריייניקער; 2) ביוראָ־אויפראָמער; 3) באַשעפטיקטע ביים פונאַנדערנעמען די חורבות פון די באָמבאַרדירטע הייזער. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און פאַרבונדן מיט כלערליי דערנידערונגען. די אַרבעטער פלעגן צוריקקומען פון דער אַרבעט הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע און צעשלאָגענע. איין גרופּע אַזאַ איז געשיקט געוואָרן צו שאָסיי־אַרבעט.

דעם 12טן נאָוועמבער איז צום שטאָט־קאָמיסאַר גערופן געוואָרן דער קהילה־פאָרזיצער, משה בערגער, וועלכער האָט באַקומען דעם באַפעל צו אָרגאַניזירן במשך פון 24 שעה אַ יידנראַט און פאָרשטעלן די ליסטע צום באַשטעטיקן אויף דער קהילה־זיצונג, געווידמעט דעם יודנראַט, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן די פאָלגנדיקע פערזאָנען ליסטע: משה בערגער, ד״ר גליקמאַן, מאַטעק בעהם, יהודה־הערש טיגער, עדוואַרד לאַופער, יוסף מינץ, ישראל מינץ, יעקב ראָזענבוים, עליאַש ראָזענבוים, ראָמעק ראָזענבוים, מיכאל שטיינלאַוף, יצחק שפּירא און שמואל שפּירא.

דעם 15טן נאָוועמבער איז דער יודענראַט באַשטעטיקט געוואָרן און אַלס פאָרזיצער איז באַשטימט געוואָרן משה בערגער. די אויפגאַבע פון יודנראַט איז געווען צו שטיין אין קאָנטאַקט מיט דער דייטשער מאַכט און אירע פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען און פאַרשטייט זיך אויספירן אַלע זייערע באַפעלן. נאָך אַ וואָך צייט האָט דער יודנראַט באַקומען אַ באַפעל פונעם קאָמענדאַנט ראָטער איבערצונעמען די יידישע אַרבעטס־גרופּעס. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז געשאַפן געוואָרן ביים יודנראַט אין דער געוועזענער קהילה־געביידע אויף מיצקעוויטש־גאַס 5 אַן אַרבעטס־ביוראָ. עס זיינען אויפסניי קאָמפלעטירט געוואָרן די ליסטעס פון די אַרבעטס־פעאיקע יידן. די דייטשע מאַכט האָט פון טאָג צו טאָג פאַרלאַנגט וואָס מער אַרבעטס־הענט, אַזוי אַז זייער צאָל איז דערגאַנגען ביז דריי טויזנט מענטשן טעגלעך. די אַרבעטער האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט באַקומען פאַר זייער אַרבעט קיין שום באַלוינונג. דער הונגער איז כסדר געוואַקסן און די אַרבעטער האָבן אַלץ שטאַרקער אָנגעהויבן פאַרלאַנגען פון דעם יודנראַט מען זאָל זיי באַצאָלן פאַר דער אַרבייט און העלפן זייערע פאַמיליעס. אויך האָבן זיי געפאָדערט, אַז צו דער אַרבעט זאָלן גענומען ווערן אַלע אַרבעטס־פעאיקע אָן אויסנאַם. זיי האָבן מיט רעכט אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז די גאַנצע לאַסט פאַלט אויף די פּלייצעס פון די אָרעמע פאָלקס־שיכטן, בעת די רייכע קויפן זיך אויס פאַר געלט.

דער דרוק פון דער נאַצישער אַדמיניסטראַציע אויף דער יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער. דאָס אויספּרעסן געלט איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אַ חוץ געלט האָבן די יידן געמוזט זיין שטענדיק גרייט צו דערפילן כלערליי פאָדערונגען, וועלכע זיינען געוואָקסן פון שעה צו שעה. מען האָט זיי געמוזט צושטעלן מעבל, שלאָף־איינריכטונגן, קליידער, וועש, גאַרדינען, פוך־בעטגעוואַנד, טעפּיכער, צירונג, סערוויסן, ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, קלאַווירן, פאַטעפאָנען אדג״ל. ס׳דאַרף אויך צוגעגעבן ווערן, אַז צווישן די אַלע פאָדערונגען איז אויך געווען אַ פאָדערונג, אַז יידן זאָלן איינריכטן און אויסמעבלירן מיט דעם פולן לוקסוס אַ שאַנד־הויז פאַר די דייטשע מיליטער־לייט. דער יודנראַט האָט מיט גרויסע שוועריקייטן צוזאַמענגעשטעלט די געפאָדערטע זאַכן און דאָס איינגעקויפט ביי פּוילישע סוחרים.

אַן אַנדערע צרה איז געווען דער אינזשיניער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די אַרבעטן. געהייסן האָט ער ציפּסער און פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער געאַרבעט אין אַ טשעכישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געבויט דעם אַספאַלט־שאָסיי קראַקע־וואַרשע. דאָס איז געווען אַ סאַדיסט, וואָס האָט מיט אַ באַזונדערער הנאה געפייניקט די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אונטער זיין השגחה. וויפל אַרבעטער דער יודנראַט האָט אים צוגעשטעלט איז אים שטענדיק געווען ווייניק און ער האָט שטענדיק פאַרלאַנגט מער. נישט איין מאָל האָט ער געטראָפן, אַז ער האָט געכאַפּט עטלעכע יידן, באַפוילן זיי אויסצושפּאַנען אַ דורכפאָרנדיקן וואָגן, באַלאָדן מיט בעטאָן־פּליטעס און געצוווּנגען זיי צו שלעפּן די שווערע שטיינער צום אַלגעמיינעם געלעכטער פון די פּוילישע צוקוקער. ציפּסער האָט אָפט באַזוכט די אַרבעטס־ערטער, ווו ער האָט מערדערלעך געשלאָגן און געפייניקט די אַרבעטער.

די שווערע לאַגע פון די אַרבעטנדיקע, זייער פאַרביטערונג קעגן די וועלכע זיי האָבן באַטראַכט ווי די מיטשולדיקע אין זייערע ליידן און פּיין, האָבן צום סוף דערפירט צו אַ ספּאָנטאַנע דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז פאָרגעקומען פאַר די ביוראָ־לאָקאַלן פון יודנראַט. געווען איז דאָס מיטוואָך דעם 6טן דעצעמבער. די הונגעריקע דעמאָנסטראַנטען האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער פאָרזיצער פון יודנראַט זאָל אויפנעמען אַ דעלעגאַציע און פאַרזיכערן אַ גערעכטע אַרבעטס־פאַרטיילונג, וועלכע זאָל אַרומנעמען אַלע אַרבעטס־פעאיקע מענער פון אַלע שיכטן, אָרעם און רייך, זאָל פאַרזיכערט ווערן אַ לוין־מינימום און אונטערשטיצונגען פאַר די הונגעריקע משפּחות. אויך האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז אויף די רייכערע און נישט־אַרבעטנדיקע שיכטן זאָל אַרויפגעלייגט ווערן אַ געלט־אָפּצאָל לטובת די וועמען דער גורל האָט אַריינגעטריבן אין די צוואַנגס־אַרבעטס־גרופּעס. פאַרביטערטע וואָס דער יודנראַט וויל נישט אויפנעמען אַ דעלעגאַציע, האָבן זיך די פאַרזאַמלטע אַריינגעריסן אין לאָקאַל פון יודנראַט און אָנגעהויבן דעמאָלירן די איינריכטונגען.

פון יודנראַט האָט מען טעלעפאָניש צעוויסן געטאָן דער דייטשער מאַכט וועגן פאָרפאַל. נאָך אַ קורצער צייט זיינען אָנגעקומען צענדליקער זשאַנדאַרמען און אַ וואָרף געטאָן זיך וויווילדע חיות אויף די פאַרזאַמלטע פאַר דעם קהילה־בנין. עס האָבן זיך געפונען פאַר־

צווייפלטע יידן, וועלכע האָבן געפּרוווט זיך פאַרטיידיקן, דאָס האָט שוין די נאַציס ביז גאָר אַרויסגעפירט פון די כלים. זיי האָבן זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט שלאָגן און שטעכן מיט די באַגנעטן, נאָר געעפנט אַ שיסעריי. עס זיינען געפאַלן צענדליקער פאַרוווּנדעטע. דאָס מערדערלעכע שלאָגן האָט זיך איבערגעטראָגן אויך אין די אַנדערע גאַסן און געדויערט אַ לאַנגע צייט. וואָכנלאַנג האָט מען געזען אין שטאָט יידן מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ און גלידער.

דעם 20סטן דעצעמבער 1939, זעקס אַזייגער אינדערפרי, האָט זיך באַוויזן אין דער פּוילישער און דייטשער שפּראַך די מעלדונג וועגן שאַפן אַ געטאָ. דאָס געטאָ האָט אַרומגענומען די פאָלגנדיקע גאַסן: די שול־גאַס, ראַלנא, סטאַדולנא, יאַסעלעוויטש, סטשאַל־קאָווסקאַ, פאַביאַן־גאַס, מיצקעוויטש־גאַס. דאָס אַרויסגיין פון געטאָ און שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן, גלייכצייטיק איז אויך פאַרווערט געוואָרן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַריינצוקומען אין יידישן „ווין־באַצירק”.

דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געוווינט אויסער די גרענעצן פון אָנגעצייכנטן געטאָ, איז געגעבן געוואָרן אינעם באַפעל איין טאָג צו פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און איבערגיין אין געטאָ. דעמזעלביקן טאָג אין די פאַרמיטאָג־שעהן שוין, האָבן מאַסן יידן בהלהדיק פאַרלאָזט זייערע דירות און אָנגעהויבן שטראָמען פון נייעם מאַרק אין די געטאָ־גאַסן אַריין. אַ שווערער טרויער איז געווען אויסגעגאָסן אויף די פּנימער פון די יידן. די פּאָליאַקן זיינען אָבער געשטאַנען אין די גאַסן און מיט גרויס הנאה צוגעקוקט זיך צום יידישן חורבן. קיין גוט וואָרט, קיין איין טרייסט־וואָרט איז נישט געפאַלן פון זייערע מיילער. דער טאָג איז געווען אַ ווינטערדיקער, דער שניי וואָס איז דאַן געפאַלן האָט נאָך פאַרגרעסערט די פאַר־צווייפלונג פון די דאַכלאָזע מאַסן. מען האָט געזען הונדערטער יידן, באַהאָנגענע מיט פּעקלעך, ווי זיי שטופּן באַלאָדענע מיט דעם בידנעם האָב און גוטס וועגעלעך אין דער ריכטונג פון געטאָ.

מיטאָג־צייט האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן ס. ס. מענער, זשאַנ־דאַרמען, געסטאַפּאָ־לייט אין דער באַגלייטונג פון פאָלקס־דייטשן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו קאָנטראָלירן צי אַלע יידן האָבן שוין פאַרלאָזט די וווינונגען, און פאַרלאַנגט אָפּצוגעבן די שליסלען פון די דירות, געשעפטן, מאַגאַזינען און וואַרשטאַטן. אַ וווּ נאָר זיי האָבן געטראָפן אַ יידן, האָבן זיי אים מערדערלעך געשלאָגן, אַרויסגעיאָגט פון שטוב און נישט דערלויבט אים גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך. די יידן וועלכע האָבן געפּרוווט אַריבערצופירן מעבל, בעטגעוואַנט זיינען ביים אַריינגאַנג אין געטאָ באַפאַלן געוואָרן דורך דער דייטשער מיליץ, וועלכע האָט זיי אַלץ צוגערויבט. טויזנטער יידן זיינען אין די ערשטע נאַכט געלעגן אין דער קעלט אין דרויסן. ס'איז נאָכנישט געווען קיין אָרט פאַר די אַלע אַרויסגעטריבענע, ווייל די פּוילישע איינוווינער פון איצטיקן געטאָ האָבן באַקומען דריי טעג צייט צו פאַרלאָזן זייערע דירות. די אַלטע, קראַנקע און קינדער האָט מען דערווייל אַריינגענומען אין די בתי־מדרשים און אין די שולן. נאָכ־דעם ווי די פּוילישע איינוווינער האָבן פאַרלאָזט דעם „יידישן ווין־באַצירק” האָט דער יידנראַט איבערגענומען די דירות און פונאַנ־דערגעטיילט די דרך אגב אינגאַנצן דעמאָלירטע דירות. אָבער נאָכדעם האָבן די יידן געוווינט צוזאַמענגעפּרעסט צו עטלעכע משפּ־חות אין אַ דירה. טייל האָבן ווייטער געמוזט וווינען אויף בוידעמס, אין קעלערס און שטאַלן, ווייל די צאָל פּאָליאַקן וואָס האָבן פריער געוווינט אין צוגעטיילטן געטאָ, איז געווען אָן אַ פאַרגלייך קלענער ווי די צאָל יידן, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט די דייטשע מאַכט אַוועקגעשטעלט ביי אַלע געטאָ־אַריינגענג ווייסע שילדן מיט רויטע אויפשריפטן אין דייטש און פּויליש מיט דעם פאָלגנדיקן אינהאַלט: „דאָ איז דאָס געטאָ. אַריער איז דער אַריינגאַנג שטרענג פאַרבאָטן. יידן איז דאָס אַרויסגיין פון געטאָ אָן דערלויבעניש פון שטאָט־קאָמענדאַנט שטרענג־פאַרבאָטן”. אייניקע מיטגלידער פונעם יודנראַט האָבן באַקומען דער־לויבעניש אַרויסצוגיין פון געטאָ, אָבער אויך זיי איז פאַרווערט געוואָרן צו איבערטרעטן די פאָלגנדיקע צוויי גאַסן: די קאָשציושקאַ־אַליי און אַ טייל נאַרוטאָוויטש־גאַס פון מאַגיסטראַט ביז צום אָנהייב פון דער קאָשציושקאַ־אַליי.

## 1940

די מלחמה־ווינטערס, און באַזונדערס דער ערשטער, האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון פון די וועלכע האָבן זיי איבערגעלעבט און וועלכע דער גורל האָט איבערגעלאָזן ביים לעבן.

דער ווינטער 1940 האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שווערע פרעסט, געוואַלטיקע שניי־שטורעמס וואָס האָבן זיך געלאָזט ביטער פילן דורך די דערשלאָגענע און אויסגעמאַטערטע יידן אין שטאָט. אויך דאָס וווינונגס־פּראָבלעם אין דער שווערער ווינטערצייט, דער הערשנדיקער הונגער, וועלכער איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג, און דער מאַנגל פון הייצמאַטעריאַלן, האָט ביז גאָר פאַרשאַרפט די לאַגע. אַלץ עפּטער האָט מען געזען אויף די גאַסן מענטשן, וועלכע די נויט און די קעלט האָבן געצוווּנגען אויסצושטרעקן די האַנט און בעטן רחמנות.

### די פאָלקס־קוך

אָנהויב יאַנואַר 1940 איז געעפנט געוואָרן אין די פּאַרטער־צימערס פון קהילה־בנין די פון לאַנג פּלאַנירטע פאָלקס־קוך. אָנגע־פירט מיט איר האָט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַ־נען פון אַברהם־שלמה האַמפּעל, יוסף מינץ, הענריק פּאַנסקי און עליאַש ראָזענבוים. אַלס פרייוויליקער קוכער האָט זיך געמאָלדן גאָלדבערג, דער אַמאָליקער אייגנטימער פון דער באַקאַנטער צוקערניע אויפן נייעם וועג, און לייטער פון דער קוך וואָלף שפּירא. אַ סך פרויען און מיידלעך האָבן צוגעהאָלפן ביים קאָכן, סערווירן און פאַרטיילן דאָס עסן. אינעם גרויסן זאַל האָט מען אַוועקגעשטעלט לאַנגע טישן און בענק. אינדערפרי האָט מען פאַרטיילט פרישטיק — קאַווע און אַ פּערטל קילאָ ברויט — צוערשט די אַרבעטער־גרופּעס און דאַן נויטבאַדערפטיקע. צו מיטאָג האָט מען געקאָכט — קאַרטאָפל און קאַשע־זופּעס. די פּראָדוקטן האָט דער קאָמיטעט איינגעקויפט ביי פּאָליאַקן מיט דער שריפטלעכער דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט.

### די אָרדנונגס־פּאָליציי

לויט דער פאַראָרדנונג פון דער מאַכט איז געגרינדעט געוואָרן, אַזוי ווי אין די אַנדערע שטעט אין פּוילן, אַ יידישע אָרדנונגס־פּאָליציי. די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער פּאָליציי זיינען געווען: א) היטן די אָרדנונג אין געטאָ און זיינע אַרויסגענג; ב) פאַרטיילן די אַרבעטער און באַגלייטן זיי צווישן די פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער. אַחוץ די דאָזיקע אויפגאַבעס האָט זי דער יידנראַט אויסגענוצט אויך אויף איינמאָנען שטייערן, וועלכע זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די רייכערע טיילן פון דער באַפעלקע־רונג.

דער ערשטער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז געווען נתן ווינער און זיין פאַרטרעטער חיים מאַרקאָוויטש. צו דער פּאָליציי האָבן צווישן אַנדערע געהערט: שלמה ראָזענבוים, דוד בוגייסקי, גוואָזדזש, קזשע־פּיצקי, יוסף אהרן צוקערמאַן א״אַ.




צוויי שומרים פון דער אָרדנונגס־דינסט ביים געטאָ־טויער: יוסף סאָבאָל און וועלעק קוגעל.

## דער „יודן־איינזאַץ"

כדי אויסצונוצן די יידישע אַרבעטס־כוחות איז ביים אַלגעמיינעם אַרבעטס־אַמט געשאַפן געוואָרן אַ יידישע אָפּטיילונג, דער א. ג. „יודן־איינזאַץ". ס'איז אויפסניי אַדורכגעפירט געוואָרן אַ גענויע רעיעסטראַציע פון די יידישע אַרבעטס־כוחות, יעדער אַרבעטער האָט געהאַט זיין קאַרטע אין דער קאַרטאָטעקע, אַזוי אַז די דייטשן האָבן געהאַט אַ גענויען קאָנטראָל איבער יעטוועדן אַרבעטס־פעאיקן ייד.

## גזירות און פאַרפאָלגונגען

אין פעברואַר 1940 האָט זיך צווישן אַנדערע אַנטי־יידישע פאַראָרדנונגען אויך באַוויזן דער באַפעל, לויט וועלכן יידן איז פאַרבאָטן צו פאָרן מיט דער באַן.

דער גרויזאַמער ווינטער פון 1940, די שניי־שטורעמס, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין פאַרשיטן די וועגן און שאָסייען, האָבן מיט זיך געבראַכט נייע צרות פאַר די אויסגעמאַטערטע יידן. עס איז זעלטן אַדורך אַ נאַכט אַז די דייטשן זאָלן נישט אַדורכפירן אָבלאַוועס און שלעפּן יידן פון די היימען צום רייניקן די וועגן פון שניי.

אין ווייַנאַכט דאָס יאָר איז צווישן אַנדערע אויך באַפאַלן געוואָרן דאָס הויז פון אַמשינאָווער רבי. דער רבי, וועלכער איז געזעסן ביי אַ נאַכט־לעמפל און געלערנט, איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן. דער זעלבסטשוצלער נעלנער האָט געריסן די האָר פון רבינס באָרד און שפּעטער זי אונטערגעצונדן מיט זאַפּאַלקעס. די כוליגאַנעס האָבן פולשטענדיק דעמאָלירט די דירה, צעבראָכן דאָס מעבל, צעריסן די ספרים און געטרעטן אויף זיי, און צום סוף נאָך געפּאָדערט פון די געכאַפּטע יידן צוויי טויזנט זלאָטעס אויסקויף־געלט פאַרן רבין. די יידן האָבן פאַרשטענדלעך גיך צונויפגעזאַמלט די געפאָדערטע סומע, כדי צו ראַטעווען דעם רבין פון די פייניקערס הענט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט די זעגמאַשין ביי וועלכער נעלנער האָט געאַרבעט אָפּגעהאַקט אים עטלעכע פינגער. די יידן האָבן געזען אין דעם גאָט'ס שטראָף.

אין מערץ 1940 איז אָנגעקומען אין שטאָט אַן אָפּטיילונג דייטשע זעלנער פון א.ג. „טאָטן־קאַמף־טרופּן", וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אכזריות אַנטקעגן די יידן. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג איז געשטאַנען דער קאָמענדאַנט פּיכטנער, אַ בלוטדורשטיקע בעסטיע, וועלכער האָט געהאַט איין „באַשעפטיקונג" — מערדערלעך שלאָגן יידן. ער האָט עס געטון ביי יעטוועדער געלעגנהייט, בעת זיינע שפּאַצירן אין גאַס און אויך ביי זיך אין שטוב, ווו ער האָט גערופן צו זיך די קרבנות. נאָך יעטוועדער אַזאַ „וויזיט" ביי דעם רוצח פלעגן די יידן צור קקומען מיט צעבראָכענע ביינער און אָפענע ווונדן.

## די טיפוס־עפּידעמיע און די ערשטע סאַניטאַר־פאַראָרדנונג אין געטאָ

שוין אין ווינטער 1940 איז אויסגעבראָכן אין שטאָט אַ טיפוס־עפּידעמיע. פאַלן פון דער קראַנקהייט האָבן זיך באַוויזן סיי ביי די פּאָליאַקן אין שטאָט, סיי ביי די יידן אין געטאָ. די הויפּט־סיבות פון דער עפּידעמיע — בפרט ביי די יידן — זיינען געווען די ענגשאַפט, שלעכטע וווינונגס־באַדינגונגען און די אונטערדערנערונג.

דאָס פונאַנדערשפּרייטן זיך פון דער עפּידעמיע האָט באַאומרואיקט די דייטשע מאַכט, וועלכע האָט מורא באַקומען, אַז די קרענק קאָן זיך אַריבערטראָגן אויף די זעלנער, און דעריבער האָבן זיי אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט דער קראַנקהייט.

דער רוצח פּיכטנער האָט גערופן צו זיך (דעם איינציקן דאָקטאָר ביז סוף 1940 אין געטאָ) ד״ר האמפעל. שפּעטער איז ד״ר האַמפעל גערופן געוואָרן צום דייטשן אַמטס־אַרצט ד״ר יאָאַכים האָפּמאַן. צווישן די ביידע דאָקטוירים האָט זיך אַנטוויקלט אַ געשפּרעך ווי אַזוי צו באַקעמפן די עפּידעמיע. דער נאַצישער דאָקטאָר האָט פאַרשטייט זיך, קודם כל באַשולדיקט די יידן גופא אין פאַרשפּרייטן די מגיפה. ד״ר האַמפעל האָט אָפּגעווענדעט די טענה אָנווייזנדיק אויפן פאַקט, אַז אויך צווישן די פּאָליאַקן אין שטאָט זיינען פאַראַן טיפוס־פאַלן און אַ חוץ דעם האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די ספּעציפישע באַדינגונגען אין וועלכע די יידן געפונען זיך — ענגשאַפט און אונטערדערנערונג וועלכע שוואַכן אָפּ זייער ווידערשטאַנדס־קראַפט. דער דייטשער דאָקטאָר האָט באַפוילן אַדורכפירן אַן אַנטלויזונגס־אַקציע און דער יידנראַט האָט טאַקע צומאָרגנס נאָך דעם געשפּרעך צוגעטרעטן צו דער דאָזיקער אַקציע.

צו דער דיספּאָזיציע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז צוגעטיילט געוואָרן אַ טייל פונעם אַלגעמיינעם באָד־אַנשטאַלט אויף דער יאָסעלעוויטש־גאַס. דאָס געטאָ איז איינגעטיילט געוואָרן אין רעווירן און די יידישע פּאָליציי האָט אַכטונג געגעבן, אַז די אַקציע זאָל אַרומנעמען די גאַנצע באַפעלקערונג.

אַרייקומענדיק אין באָד, האָט יעדער באַקומען אַ שטיקל זייף, אַוועקגעגעבן די מלבושים אַ סאַניטאַר, וועלכער האָט זיי אַריינגעהאָנגען אינעם עלעקטרישן דעסינזעקטאָר. נאָכן אויסבאָדן זיך האָט יעדער באַקומען זיינע דעזינפעצירטע מלבושים, צוזאַמען מיט אַ באַשטעטיקונג, און נאָר מיט אַזאַ באַשטעטיקונג האָט מען געקענט באַקומען די ברויט־קאַרטע.

די אַקציע האָט געדויערט דריי וואָכן און ווי עס איז געווען פאָרויסצוזען, האָט זי נישט געהאַט קיין גרויסע פּעולה, ווייל די לעבנס־באַדינגונגען זיינען דאָך געבליבן אָן אַן ענדערונג.

אָנהויב אַפּריל 1940 האָט דער יודנראַט באַקומען אינף־מאַטעריאַלן קעגן בויך־טיפוס און דעזינטעריע און במשך פון צוויי וואָכן איז די באַפעלקערונג צוויי מאָל געאימפּט געוואָרן. די אימפונג

איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין דער קהילה־אַמבולאַטאָריע, און מיטגעהאָלפן דעם דאָקטאָר אין דער אַרבעט האָבן נחמיה מינסקי און שלמה וויעזשביצקי.

טרויעריק איז אַדורך דער ערשטער פסח אונטער דעם דייטשן יאָך. ווי עס איז געווען פאָרויסצוזען איז נישט דערלויבט געוואָרן דאָס באַקן מצות. דער רעליגיעזער טייל פון דער באַפעלקערונג, וועלכער האָט זיך נישט געוואָלט מתיר זיין עסן חמץ, האָט טאַקע געהונגערט.

דער יודנראַט און דער באַאַמטן־אַפּאַראַט מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט האָבן זיך אַרויסגעוויזן מיט דער צייט פאַר נישט גענוגנט. דאָס געטאָ איז סוף כל סוף געווען אַן אָפּגעזונדערטע אדמיניסטראַטיווע איינהייט מיט פונאַנדערגעצווייגטע טעטיקייטס־געביטן, מיט וועלכע די פאַרמלחמהדיקע קהילה האָט קיינמאָל נישט געהאַט צו טון. מיט דער צייט האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אַז עס פאָדערט זיך פולשטענדיקע רעאָרגאַניזאַציע סיי פון ראַט און סיי פון באַאַמטן־אַפּאַראַט.

אין חודש מאי 1940 האָט דער פאָרזיצער פון יודנראַט בערגער פאָרגעלייגט אויף אַ זיצונג פונעם ראַט דעם פאָלגענדיקן צוזאַמענשטעל: 1) משה בערגער — פאָרזיצער; 2) עדוואַרד לאופער — סעקרעטאַר; 3) יהודה־הערש טיגער און פאַנסקי — וויצע־פאָרזיצער; 4) הלל זאמבעק — קאַסירער.

מיטגלידער: מאטעק בעהם; אינזש. סאמועל בערנשטיין; וויקטאָר גוטשטאַט; דענטיסט גליקמאַן; אברהם האַמפעל; משה וויינרייך; יעקב וויטענברג; הערש זיידמאַן; לייב זנאַמיראָווסקי; אַדוואָקאַט מאנעלה; יוסף מינץ; ישראל מינץ; הענריק פאַנסקי; יהודה קאָפּל; סטאַניסלאַוו קירשענבוים; לעאָפּאָלד קליינער; דוד ראדאל; אַלעק ראָזענבוים; ראָמעק ראָזענבוים; יצחק שפּירא; יעקב שפּירא און שמואל שפּירא.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן זעקס אָפּטיילונגען: 1) שטייער־אַמט; 2) אַרבעטס־אַמט; 3) פּאָליציי־אָפּטיילונג; 4) סאַניטאַר־אָפּטיילונג; 5) אַפּראָוויזאַציע־אַמט; 6) פּאָסט־אַמט.

דער שטייער־אַמט האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו באַשטייערן די פאַרמעגלעכע יידן און אויפמאָנען די נויטיקע געלטער אויף אויסהאַלטן די קוך, דעם באַאַמטן־אַפּאַראַט, די אַמבולאַטאָריע און דער עיקר כדי צו דעקן די וואַקסנדיקע פון טאָג צו טאָג פאָדערונגען פון די דייטשע הערשער.

אין שפּיץ פון שטייער־אַמט איז געשטאַנען לייב זנאַמיראָווסקי און זיינע מיטגלידער זיינען געווען: מאָטעק בעהם, משה וויינרייך, טיגער, יוסף מינץ און סטאַניסלאַוו קירשענבוים.

דער אַרבעטס־אַמט האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע פירן די רעיעסטראַציע פון אַרבעטער און בעלי־מלאכה, פאַרטיילן זיי אין גרופּעס און שיקן זיי אויף די געפאָדערטע אַרבעטס־פּלעצער. דער לייטער איז געווען נתן ווינער.

דער פּאָליציי־אַמט האָט געדאַרפט אָפּהיטן די אָרדנונג אין געטאָ, נישט אַרויסלאָזן יידן פון געטאָ אָן שריפטלעכע דערלויבענישן, עסקאָרטירן די אַרבעטס־גרופּעס צו די אַרבעטס־פּלעצער און אין טייל פאַלן איינקאַסירן די שטייערן. אין שפּיץ פון די פּערציק פּאָליציאַנטן איז געשטאַנען חיים מאַרקאָוויטש.

די סאַניטאַרע־אָפּטיילונג האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר דעם געזונטצושטאַנד אין געטאָ, פאַרבעסערן די סאַניטאַרע באַדינגונגען און באַקעמפן די עפּידעמיע דורך אימפן די באַפעלקערונג. אין שפּיץ פון דער אָפּטיילונג איז געשטאַנען ד״ר שמחה האמפעל און אים געהאָלפן אין דער אַרבעט האָבן סאַניטאַרן ווי אויך אַ מיטגליד פונעם ראַט — יעקב וויטענבערג.

דער אַפּראָוויזאַציע־אַמט האָט פאַרשאַפן לעבנס־מיטל פאַר דער קוך און פאַר דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט באַקומען מאָנאַטלעכע צוטיילונגען אויף קאַרטן. דער פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג איז געווען: יוזעף פאַנסקי. די מיטגלידער — הענריק פאַנסקי, אברהם האמפעל, הערש־לייב זיידמאַן, ישראל מינץ, יהודה קאפל און יעקב שפּירא.

פּאָסט־אָפּטיילונג האָט פאַרמיטלט צווישן דעם אָפּגעזונדערטן געטאָ און דער אויסערלעכער וועלט. די לייטערין איז געווען אַנדזשא קראוזע און די בריוו־טרעגער — יצחק טיגער און ישראל־אהרן קופּערשטאָך. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צוצוגיין יעדן טאָג צו דער הויפּט־פּאָסט כדי איבערצוגעבן און אָפּנעמען בריוו און פּעקלעך פאַר די געטאָ־איינוווינער. טעלעפאָנירן און טעלעגראַפירן איז געווען דער יידישער באַפעלקערונג פאַרבאָטן.

### פיר הונדערט יידישע פליטים

סוף מאי 1940 האָט דער יודנראַט באַקומען אַ ידיעה, אַז בקרוב וועט מען ברענגען אין געטאָ אַריין יידן פון דער פרעמד. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאָרבאַרייטונגען אין דער שול און אין די בתי מדרשים. נאָך עטלעכע טעג זיינען באמת אָנגעקומען אין אַ פאַרפלאָמבירטן לאַסט־צוג די עוואַקויאירטע יידן פון אזארקאוו און זדונסקא וואָליאַ, וועלכע זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן קיין לאָדזש און פון דאָרט צוזאַמען מיט לאָדזשער יידן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ לאַסט־צוג און אַוועקגעפירט נאָך ראַדאָמסק. אָן עסן און טרינקען, אָן מעגלעכקייט אַרויסצוגיין כדי צו דערליידיקן זייערע נאַטירלעכע באַדערפנישן, זיינען זיי עטלעכע טעג געפאָרן פון לאָדזש קיין ראַדאָמסק, ווו זיי זיינען אָנגעקומען האַלב־לעבעדיקע, פאַרחלשטע און אויסגעמאַטערטע.

די יידישע באַאַמטע פונעם יודנראַט, וועלכע זיינען געקומען אויפנעמען די אָנגעקומענע, האָבן געמוזט אַ סך פון זיי אַרויסטראָגן פון צוג ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין כוח אַליין זיך צו באַוועגן. די קראַנקע און שוואַכע זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין פורן און דראָזשקעס און די שטאַרקערע זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אונטער אַ שטאַרקער דייטשער וואַך אין געטאָ.

דער יודנראַט האָט צוגעגרייט פאַר די אָנגעקומענע וווינערטער: דעם רבינ'ס בית המדרש (באַראַק א'); קאָפּל'ס בית המדרש (באַראַק ב') און די שול (ג). אין די דאָזיקע דריי ערטער זיינען צוגעגרייט געוואָרן פּריטשעס מיט פריש שטרוי. די פרויען־קאָמיטעטן האָבן צונויפגעזאַמלט פיל זאַכן פאַר די פליטים. מיט זייער אָנקומען זיינען די פליטים אַריינגענומען געוואָרן אין בנין פון יודנראַט, וווּ עס איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר זיי הייס עסן. אין אַמבולאַטאָריע האָבן די קראַנקע און שוואַכע באַקומען ערשטע הילף, צומאָרגנס זיינען זיי אויך געפירט געוואָרן אין באָד־אַנשטאַלט און נאָכן באָדן, אַנטלויזן און רעיעסטרירן זיינען זיי אָפּגעפירט געוואָרן אין די באַראַקן.

אין יוני איז ווידער אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אימפונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג קעגן בויך־טיפוס, פּאַראַ־טיפוס און דעזינטעריע. אין דער דאָזיקער אַקציע האָט מיטגעהאָלפן די דיפּלאָמירטע קראַנקן־שוועסטער פון לאָדזש, פרוי אַראָנזאָן.

אין יוני* 1940 איז אַרויס אַ באַפעל אין גאַנצן גענעראַל־גובערנאַמענט, אַז יידן מוזן ענדערן די ביז איצטיקע אָפּצייכנס, די אָרעם־בענדער. פון איצט האָבן יידן פון 12 יאָר אָן געמוזט טראָגן אויפן לינקן אָרעם אַ ווייסן באַנד פון צען צענטימעטער די ברייט מיט אַ בלויען מגן־דוד אין דער גרויס פון 8 צ״מ. פאַר נישט טראָגן דעם באַנד האָבן געדראָט שאַרפע שטראָפן. דער יידנראַט האָט גלייך באַשטעלט שטאָף און געלאָזט דרוקן די מגן־דוד'ס אין

* דער באַפעל פאַרן גאַנצן גענעראַל־גובערנאַמענט איז דערשינען דעם 15טן דעצעמבער 1939. מעגלעך דאָס אין ראַדאָמסק ערשט אין יוני 1940.

פאַנסקי׳ס דרוקעריי. די אַרבעטער־גרופּעס האָבן באַקומען די בענדער בחינם און די רעשט פון דער באַפעלקערונג האָט געמוזט צאָלן 50 גראָשן פאַר אַ באַנד.

דעם 13טן יולי זיינען ביינאַכט פאַרפאָרן צוויי אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־לייט צום לאָקאַל פון יודנראַט און באַפוילן די דיזשורירנדיקע פּאָליציי רופן גלייך אַלע מיטגלידער פונעם יודנראַט. נאָך אַ קורצער צייט ווען אַלע מיטגלידער פון יודנראַט האָבן זיך געפונען אין דער קהילה געביידע, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט זיי געמאָלדן, אַז זיי זיינען געקומען אַרעסטירן 40 יידן באַשולדיקטע אין קאָמוניזם. די נעמען און די אַדרעסן פון די באַשולדיקטע האָבן זיי באַקומען, ווי זיי האָבן דערקלערט, פון מאַגיסטראַט.

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן גענומען מיט זיך די מיטגלידער פון יודנראַט כדי צו אַרעסטירן די 40 יידן. פאַרטאָג האָט מען געבראַכט אין יודנראַט 34 מענער און 6 פרויען. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין אַ ריי און אַ געסטאַפּאָ־מאַן האָט פאָרגעלייענט אַ פּראָטאָקאָל אַז זיי זיינען קאָמוניסטן און פאַרלאַנגט פון זיי אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל.

ווען די אַרעסטירטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן, האָט מען זיי שלאָגנדיק אַריינגעשטופּט אין לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט. צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען: איטשע מיליאַנער, הערשל וויטענבערג, ראַמעק ראָזענבוים, אינזש. גבריאל ווינער, לובא ראָזענבוים, גאָלדשטיין (אויפן אָרט פון זיין ברודער וואָס איז אַנטלאָפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד), פרוי קאַלקא (פון דער הײם טרוסקאַלסקי, אַנשטאָט איר מאַן), מ. בוגייסקי, קזשעפּיצקי, קאָזשיוואָדע יהודה (אַנשטאָט זיין ברודער), פייפקופּף, קאָהן מיט פרוי (פון דער הײם פּזשעפּיורקע), ש. ראָזענצווייג, האָזע גיטל, זקן גאָלדבערג. צווישן אַנדערע איז די געסטאַפּאָ אַריין אין חנן בירנצווייגס דירה און אַזוי ווי זיי האָבן נישט געפונען דעם געזוכטן, האָבן זיי מערדערלעך צעשלאָגן דעם אַלטן פאָטער, וועלכער איז נאָך עטלעכע טעג געשטאָרבן. די אַרעסטירטע — ווי מען האָט זיך נאָכדעם דערוווּסט — זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן נאָך אוישוויץ און דאָרט זיינען אַלע אומגעקומען.

אַ זונטיק אינדערפרי איז אָנגעקומען אין געטאָ אַ גרופּע דייטשע רעפּאָרטערן פון „שטירמער“ און פון אַנדערע דייטשע זשורנאַלן, באַגלייט פון זעלנער און האָבן אָנגעהויבן צו פאָטאָגראַפירן דאָס געטאָ. מען האָט געצוווּנגען די יידן אַוועקזעצן זיך אַרום טישן און שפּילן קאָרטן. אויף די טישן האָבן די דייטשן אַוועקגעלייט קופּעס געלט. צווישן אַנדערע האָט מען פאָטאָגראַפירט אַ ייד וועלכער וויל, כביכול, אַרומנעמען אַ פרוי. זיי האָבן אַראַנזשירט פאַרשידענע סצענעס מיט דער כוונה צו באַשמוצן און דערנידריקן דעם ייד אין די אויגן פון די צוקוקער. זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז די סצענעס זיינען אַראַנזשירט געוואָרן אונטער אַ האָגל פון קלעפּ און מכות רצח. אין אַ צייט אַרום האָבן זיך באַוויזן אין די דייטשע אילוסטרירטע צייטונגען בילדער פון ראַדאָמסקער געטאָ וווּ יידן זיינען פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי ראַסן־שענדער, גנבים, קאָרטן־שפּילער און אונטערוועלט־מענטשן.

סוף 1940 האָט זיך פאַרשאַרפט און שטאַרק פאַרערגערט דער געזונטהייטס־מצב אין געטאָ. די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון די הונגערנדיקע און כמעט דאַכלאָזע מענטשן איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שוואַכער. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן אין גרעסערע צאָלן פאַלן פון פלעק־טיפוס און אַנדערע עפּידעמישע קראַנקהייטן. דערביי האָבן געפעלט די עלעמענטאַרסטע מיטלען צו באַקעמפן די עפּידעמיע. דער איינציקער יידישער דאָקטער אין געטאָ, האָט זיך אומצייליקע מאָל געווענדט צום יודנראַט מינדלעך און שריפטלעך בעטנדיק הילף. ער האָט געפאָדערט אַראָפּברענגען מעדיצינישע קרעפטן ווי אויך מעדיקאַמענטן, ווייל אַנדערש מוז זיך די לאַגע פאַרערגערן. נאָך באַמיהונגען האָט דער יודנראַט באַקומען אַ דערלויבעניש אַראָפּברענגען אין געטאָ נאָך אַ דאָקטאָר. עס איז געקומען פון וואַרשעווער געטאָ ד״ר מיעטשיסלאַוו זאַקס, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה פּראַקטיצירט אין טורעק ביי קאַליש. ד״ר זאַקס איז געווען אַן אַסימילירטער ייד אָן סענטימענט און מיטגעפיל פאַר די ליידן פון זיינע מיטברידער. און נאָך אַ דריטער דאָקטאָר איז געקומען. דאָס איז געווען דער פאַר מלחמהדיקער ראַדאָמסקער תושב ד״ר הערש רוזשעוויטש, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון ראַטן־פאַרבאַנד.

דאָס פאַרשפּרייטן זיך פון די עפּידעמישע קראַנקהייטן האָט געצוווּנגען די דייטשן צו פאָדערן פון יודנראַט צו עפענען אַ יידיש־עפּידעמיש שפּיטאָל. דער יידנראַט וועלכער האָט נישט געהאַט די נויטיקע מיטלען דערצו האָט זיך געוואָנדען צו דער דייטשער מאַכט. נאָכן באַקומען די געהעריקע דערלויבעניש איז אַרויסגעפאָרן לעאָפּאָלד קליינער קיין טשענסטאָכאָוו כדי אַדורכצופירן אַ הילפס־אַקציע פאַרן ראַדאָמסקער שפּיטאָל ווי אויך צו באַקומען אינסטרומענטן און מעדיקאַמענטן. די אַקציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג.

דער יודנראַט האָט דאַן באַשלאָסן צו עפענען דאָס שפּיטאָל אין בלומשטיינס הויז, וווּ עס האָט זיך פאַר דער מלחמה געפונען די יידישע פאָלקס־שול אונטער דער לייטונג פון חיים קריינדלער. די איינוווינער פונעם הויז האָט מען אַריבערגעפירט אין אַנדערע דירות און דער לאָקאַל איז געוואָרן גרינטלעך רעסטאַווירט.

די דאָקטוירים האָבן באַשלאָסן פאַרטיילן צווישן זיך די אַרבעט אויף דעם פאָלגנדיקן אופן:

1) ד״ר זאַקס — לייטער פון דעם עפּידעמישן שפּיטאָל; 2) ד״ר רוזשעוויטש צוזאַמען מיט ד״ר האמפעל — לייטערס פון דער סאַניטאַר־קאָמיסיע; 3) ד״ר האמפעל — לייטער פון דער אַמבולאַטאָריע. גלייכצייטיק איז געגרינדעט געוואָרן אַ קורס פאַר אויסשולן אַ שפּיטאָל־פּערסאָנאַל. עס האָבן זיך פאַרשריבן 40 פּערזאָן.

דער קורס איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אויף פאָלגענדיקע קלאַסן:

1) ד״ר פורט־שפּיגעל — אַלגעמיינע היגיענע און טראַכאָמע און אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

2) ד״ר רוזשעוויטש — לונגען־טובערקולאָז, פרויען־קראַנקהייטן און ערשטע מעדיצינישע הילף.

3) ד״ר זאַקס — אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

4) ד״ר האַמפעל — אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון קערפּער, ערשטע כירורגישע הילף.

5) דענטיסט ד״ר גליקמאַן — מויל־קראַנקהייטן און היגיענע.

6) דענטיסטין סעטסעמסקאַ־גיל — צאָן־קראַנקהייטן.

דאָס שפּיטאָל איז געעפנט געוואָרן צום טערמין און די אַדמיניסטראַטיווע לייטער זיינען געווען לעאָפּאָלד קליינער און די גימנאַזיע־לערערין פרוי ראָזענבלאַט. די הונדערט בעטלעך מיט וועלכע דאָס שפּיטאָל האָט דיספּאָנירט זיינען שנעל פאַרפולט געוואָרן. גלייכצייטיק איז אויך אַריבערגעטראָגן געוואָרן די אַמבולאַטאָריע פון דער קהילה געביידע אין שכנות פון שפּיטאָל.

זאָל דאָ באַזונדער דערמאָנט ווערן די וואַרעמע און ברייטהאַרציקע באַציאונג פון דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג אין דער אַקציע לטובת דעם שפּיטאָל אויף דער סטשאַלקאָווסקע 23.

## דאָס יאָר 1941

דער חודש יאַנואַר 1941 איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון דער שווערער טיפוס־עפּידעמיע. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע קרבנות און באַזונדערס שווער זיינען געטראָפן געוואָרן די באַראַקן — די שול און די בתי־מדרשים. צווישן די צענדליקער קרבנות

פון דער מגיפה אין יאַנואַר 1941 זיינען געווען די איבערגעגעבענע עסקנים אַדוו. מאַנעלא, יוזעף פאַנסקי׳ס איידעם און הערשל קראוזע. דאַמאָלס איז אויך געשטאָרבן אויף פלעק־טיפוס דער דענטיסט גליקמאַן.

די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער באַקעמפונג פון דער עפידעמיע האָבן אונטערגענומען ווייטערדיקע שריט כדי צו באַהערשן די לאַגע. דאָס געטאָ איז איינגעטיילט געוואָרן אין זעקס ראַיאָנען: איבער יעטוועדער ראַיאָן איז באַשטימט געוואָרן אַ דאָקטאָר און אַ סאַניטאַר וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען איבערשיקן אין שפּיטאָל אַלע פאַרדעכטיקטע אין פלעק־טיפוס, קאָנטראָלירן די ריינקייט, אַדורכפירן די דעזינפעקציע פון די דירות און מלבושים, פאַרטיילן פריש שטרוי און דאָס אַלטע פאַרברענען, שיקן די מענטשן אין באַד־אַנשטאַלט אדג״ל.

יעטוועדעס הויז ווו עס איז געווען אַ פאַל פון טיפוס־קראַנקהייט איז אויף אַ געוויסע צייט אָפּגעשלאָסן געוואָרן און זיינע איינוווינער זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט עסן. נאָך דער קווואַראַנטאַנע איז עס ווידער געעפנט געוואָרן. דאָס צימער ווו עס איז געלעגן דער קראַנקער איז גרונטלעך דעזינפעצירט געוואָרן (מען האָט פאַרקלעפט די פענצטער און טירן, אריינגעשטעלט אין מיטן צימער א בעקן מיט שוועבל און עס אונטערגעצונדן מיט ספירט, און אזוי ברענענדיק איז עס געשטאַנען 48 שעה. ערשט נאָכדעם איז די דירה איבערגעגעבן געוואָרן די איינוווינער).

די ראַיאָנען זיינען איינגעטיילט געוואָרן אויפן פאָלגנדיקן אופן: ערשטער ראַיאָן — שול־גאַס פון 1—23 און פון 2—20 — ד״ר רוזשעוויטש; צווייטער ראַיאָן: שול־גאַס פון 23 ביז 57 און פון 22 ביז 58 — ד״ר זאַקס; דריטער ראַיאָן: לינקע זייט סטזשאַלקאָווסקע (1—29), פאביאני־גאַס (1—23 און 2—24) — ד״ר פורט־שפיגל; פערטער ראַיאָן: סטאדאלנע 1—25 און 2—44 און א טייל פון ראלנא — ד״ר ש. האמפעל; פינפטער ראיאן: וואָנוואָזאָוואַ — מיצקעוויטשא (1—25 און 2—24) — די דענטיסטן סעצעמסקא־גיל; זעקסטער ראַיאָן — יאָסעלעוויטש־גאָס מיט די באַראַקן אָ, בע, צע — דענטיסט מאַרקאָוויטש.

עס איז נישט פאַרביי קיין טאָג אַז די ראַיאָנען זאָלן נישט באַזוכט ווערן און קאָנטראָלירט ווערן.

צו יענער צייט איז פאַרווערט געוואָרן דער יידישער באַפעלקערונג צו באָדן זיך אין שטאָטישן באָד־אַנשטאַלט. דער יידנראַט האָט דעריבער אָנגעהויבן רעסטאַורירן די אַלטע מקוה, די אַזוי גערופענע „לייבקע דונסקיס מקוה״, און צופאַסן זי צו די נייע פאָדערונגען. אין דער רעסטאַורירטער מקוה איז אינסטאַלירט געוואָרן אַ דעזינפעקציע־אַפּאַראַט.

## די ענדערונגען אין יודנראַט

אין די קרייזן פונעם יודנראַט איז שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט, אַז די באַציאונגען צווישן זיינע מיטגלידער זיינען אָנגעשטרענגטע. קודם כול האָבן זיך פאַרשאַרפט די באַציאונגען צווישן דעם פרעזעס בערגער און די מיטגלידער וויקטאָר גוטשטאַט און זיין שוואָגער שמואל שפירא. אין שטאָט זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן ענדערונגען אין דער אָנפירערשאַפט פונעם יודנראַט, וועלכע זענען טאַקע פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין חודש מאַי איז גוטשטאַט אָפיציעל נאָמינירט געוואָרן פאָרזיצער פון יודנראַט. בערגער, וועלכער האָט מורא געהאַט מען זאָל אים נישט אַרעסטירן איז אַנטלאָפן פון דער שטאָט. (ער איז אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו).

## דאָס פאַרקלענערן פון געטאָ

סוף יוני איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט וועגן פאַרקלענערן דאָס געטאָ. לויט דעם דאָזיקן באַפעל האָבן גלייך געמוזט פאַרלאָזן זייערע דירות די יידישע איינוווינער פון די הייזער נאָך דעם שפיטאָל אויף סטזשאַלקאָווסקע 23, פון נומער 56 אויף דער לימאַנאָווסקי־גאַס און פון קליינעם קלויסטער אויף דער קראַקאָווער גאַס. די מענטשן זיינען פאַרטיילט געוואָרן אין די באַראַקן, אין שול, בתי־מדרשים און פריוואַטע וווינונגען.

## באַברעס

צווישן די אומצייליקע צרות וואָס האָבן געטראָפן די אַרבעטער־גרופּעס אין געטאָ זיינען געווען די אַרבעטן ביים רעגולירן דעם טייך וואַרטאַ נעבן די אַ. ג. באַברעס. די באַדינגונגען אין וועלכע די אַרבעטער האָבן געפירט זייער אַרבעט האָבן געמוזט פירן צו די טרויעריקסטע פאָלגן. זיי האָבן געאַרבעט שטייענדיק אַ גאַנצן טאָג אין וואַסער אָן גומענע שטיוול און נישט געשיצט פון דער ברענענדיקער זון. זיינען דאָ געווען טאַקע פיל פאַלן פון לונגען־און געלענקן־אַנטצינדונגען, זון־שלאַגן און פאַלן פון דערטרינקונגען. צווישן אנדערע זענען דאַמאלס אומגעקומען: קלוזינסקי, זאנדבערג, שטיצקי (דער זון פון שמחה שטיצקי). אַלע באַמיאונגען אַרויסצובאַקומען פאַר די אַרבעטענדיקע גומענע שטיוול זיינען געבליבן אָן דערפאָלג.

## די פלאַשאווער טראַגעדיע

אין אויגוסט האָט דער יודנראַט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן 200 יידישע אַרבעטער פאַרן פלאַשאווער לאַגער (נעבן קראַקע). עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום באַמיאונגען אָפּצורופן די גזירה מיט געלט אדג״ל. די 200 יונגעלייט, וועלכע דער יודנראַט האָט צוגעשטעלט זיינען אוועקגעפירט געוואָרן, און א לענגערע צייט איז נישט געווען פון זיי קיין ידיעה. ערשט נאָך עטלעכע וואָכן זיינען אָנגעקומען די ערשטע הילפס־רופן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן זיינען די יינגעלייט נאָך עטלעכע טעג פאָרן אין פאַרמאַכטע פראַכט־וואַגאָנעס אָנגעקומען אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע אין פלאַשאווער לאַגער. דער רעזשים וואָס דאָרט האָט געהערשט איז געווען אַ רעזשים פון די באַקאַנטע קאָנצענטראַציע־לאַגערס: הונגער, שווערע אַרבעט, מערדערלעכע קלעפּ, באַראַקן אָן די עלעמענטאַרסטע סאַניטאַר־באַדינגונגען. און פאַרשטענדלעך דער שטענדיקער באַגלייטער פון די אויבנאויסגערעכנטע מכות — אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. סוף נאָוועמבער איז אַ קליינער טייל פון די אומגליקלעכע צוריקגעקומען אַהיים. זיי האָבן שרעקלעך אויסגעזען. די אויגן פול שרעק און די מיילער פאַרשלאָסן אויס מורא. ערשט נאָך אַ געוויסער צייט איז מען פון זיי איינציקווייז געוווויר געוואָרן פרטים. דער לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט דורך עלעקטרישע שטאַכל־דראָטן. מען האָט זיי געפירט גרופּנווייז צו שווערע אַרבעטן אין קוילן־און שטיינער־גראָבנס און צו פאַרשידענע רעגולאַציע־אַרבעטן. פינף אַזייגער אינדערפרי האָט מען זיי אַרויסגעיאָגט פון די באַראַקן און געיאָגט קילאָמעטערווייז צו דער אַרבעט. די וועלכע האָבן זיך אויפן וועג אָפּגעשטעלט פון מידקייט אָדער וועלכער עס איז אַנדערער סיבה זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. דאָס עסן וואָס זיי האָבן באַקומען איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל ברויט אינדערפרי און אין אָוונט און אַ ביסל וואַסערדיקע זופּ מיטאָג־צייט. די גאַנצע צייט זיינען זיי געשלאָפן אויף די פאָדלאָגעס. פאַר אַרויסגיין ביינאַכט כדי צו דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן איז מען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

## דער פאַל קליינערמאַן

אין נאָוועמבער 1941 איז אַוועק אין אַ דאָרף בכדי איינצוקויפן אַ ביסל מעל, אַ יונגער בחור מיטן נאָמען קליינערמאַן. די סטזשאַלקאָווער פּאָליאַקן האָבן אים געמסרט און אַרויסגעגעבן אין די דייטשע הענט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום באַמיאונגען און די רשימה פון די יידישע קרבנות איז געמערט געוואָרן מיט נאָך אַ נאָמען.

## קאָנפיסקאַציע פון פוטערס

דעם 15טן דעצעמבער 1941 האָט די דייטשע מאַכט פאַרעפנטלעכט דעם באַקאַנטן באַפעל לויט וועלכן יידן זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן אָפּצוגעבן ביז דעם 25סטן דעצעמבער ד. י. אַלע פוטערס אונטער דער דראָונג, אַז ביי וועמען מען וועט נאָך דעם טערמין געפונען אַ פוטער וועט ער דערשאָסן ווערן. די פוטערס זיינען צונויפגעזאמעלט געוואָרן אין בנין פון יודנראַט און פון דאָ אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אויטאָס.

## דאָס יאָר 1942

דער ווינטער 1941/1942 איז געווען איינער פון די שווערסטע און אַכזריותדיקסטע. די שרעקלעכע קעלטן, פרעסט און שניי־זאַוויערוכעס האָבן אומגעהויער פאַרגרעסערט די שטערבלעכקייט צווישן די אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע יידן.

אָנהויב יאַנואַר האָבן די דייטשן אַדורכגעפירט אָן אויפהער רעוויזיעס אין די יידישע הייזער אונטערן חשד, אַז די יידן האָבן אויסבאַהאַלטן פוטערס, וועלכע זיי האָבן לויטן באַפעל פון 15טן דעצעמבער 1941 געדאַרפט אָפּגעבן דער דייטשער מאַכט. צווישן אַנדערע איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַזאַ רעוויזיע אין דער דירה פון דער פאַמיליע ראָזענבלום פון ווינעלגאמלין אויף לימאַנאָווסקי־גאַס 20 אין בערל אָלייניק'ס הויז. די רעוויזיע האָט אַדורכגעפירט דער פאָלקס־דייטש, און אונטערוועלט־מענטש שמאלץ. בעת דער רעוויזיע האָט ער געפונען איינגעמויערט אין אויוון צוויי פרויען־פוטערס. ער האָט גלייך אַרעסטירט יצחק ראזענבלום מיט די פרוי און קינדער, זיינע עלטערן און די קרובים שיליט מיט די פרויען. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום השתדלותן. נאָך אייניקע טעג האָט מען אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם אַלע אַרעסטירטע און זיי דערשאָסן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז די משפחה געפאַלן אַ קרבן פון אַ מסירה. דער טראַגישער פאַל האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף די געטאָ־איינוווינער און דאָס געטאָ האָט אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקענט פון אים אָפּטרייסלען.

## דאָס יתומים־הויז

אין יאַנואַר 1942 איז רעאַליזירט געוואָרן אַ פּלאַן מיט וועלכן מען האָט זיך שוין אַרומגעטראָגן פון יאָר 1941. אַ גרופּע עסקנים מיט דראַ ראזענבוים אין שפּיץ האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ יתומים־היים. די צאָל יתומים אין געטאָ איז כסדר געוואָקסן און דאָס גרינדן אַ היים פאַר זיי איז געוואָרן אַ ברענענדיקע נויטווענדיקייט. די פאָרבאַרייטונגען האָבן גענומען אַ געוויסע צייט און אין יאַנואַר 1942 איז פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פון דעם יתומים־היים.

די יתומים־היים האָט זיך געפונען אינעם הויז, וואָס דער ראַדאָמסקער נדבן, ר' מענדל לאכמאַן האָט אויפגעבויט פאַר דער מלחמה פאַר אַ „הכנסת־אורחים". די יידישע אַרבעטער האָבן רעמאָנטירט דאָס הויז אָן צו פאָדערן אַ באַלוינונג און שפּעטער איז עס אויסמעבלירט געוואָרן מיט פיל מסירות און האַרציקייט.

די דערעפנונג האָט איבערגעלאָזן אַ טיפן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע און ספּעציעל דער אַרטיסטישער טייל, וועלכער איז עטלעכע וואָכן צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם אַמאַטאָרן־קרייז. דער דאָזיקער אַמאַטאָרן־קרייז האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע איינצואָרדנען פון צייט צו צייט פאָרשטעלונגען און די ריינע הכנסה איבערוויַיזן דעם יתומים־הויז.

צו דעם אַמאַטאָרן־קרייז, וועלכער האָט זיך זייער פּאָפּולער און באַליבט געמאַכט אינעם געטאָ האָבן געהערט: אקרענט, חיים אַראָנאָוויטש, משה כהן, דוד־מאיר קאָרנבערג, יאַדזשיא אַבערמאַן, העניא אייזען־בילטשאק, בער און ישראל האמפעל, אַלעק מאַרקאָוויטש, יששכר וויטענבערג, אירענאַ קליינער. רעזשיסירט די פאָרשטעלונגען האָבן כהן, אקרענט און קאָרנבערג. די דעקאָראַציעס האָבן צוגעגרייט מאַרקאָוויטש און אייזען. קאָנפעראַנסיע איז געווען חיים מ. אַראָנאָוויטש.

דער ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט פון אַמאַטאָרן־קרייז איז אַדורך מיט אַן אומגעהויערן מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג. דער צווייטער פּראָגראַם איז צווישן אַנדערע באַשטאַנען פון יידישע פאָלקס־לידער, בילדער פון געטאָ־לעבן און בילדער פון יידישן לעבן אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע פאָרשטעלונגען האָבן אַריינגעבראַכט אַ צייטווייליקע אויפמונטערונג אינעם טרויעריקן געטאָ־לעבן.

אין דער יתומים־היים האָבן געפונען זייער היים 60 יתומים אין עלטער פון 3—6 יאָר און עס איז אַלץ געטון געוואָרן, אַז זיי זאָלן זיך פילן גוט און פאַרגעסן אין דער טרויעריקערווירקלעכקייט. די פאַרוואַלטערין פון דער היים איז געווען פרוי דאָראַ ראָזענבוים און זי האָט געהאַט צו הילף אַ פרויען־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַלץ אין וואָס די קינדער האָבן זיך גענויטיקט. די לערערינס פאנסקא, טענענבוים און פרל. וויטענבערג האָבן געלערנט די קינדער יידיש, פויליש און רעכנונגען.

## אַ שליח פון וואַרשעווער געטאָ

יולי 1942 איז אַריינגעקומען אין לאָקאַל פון ראַדאָמסקער יודנראַט א יונגערמן פון אַ יאָר 30, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט אלס אַ שליח פון דער וואַרשעווער יידישער אונטערגרונט־באַוועגונג. ער האָט דערציילט, אַז אין וואַרשע האָבן די דייטשן צוזאַמענגעטריבן צענדליקער טויזנטער יידן, פאַרלאַנגט פון זיי מיטצונעמען מיט זיך די נויטווענדיקע זאַכן און דערציילט אַז מען שיקט זיי צו אַרבעטן אין די אָקופּירטע רוסישע געביטן. מען האָט אַריינגעטריבן צו הונדערט מאַן אין פאַרפלאָמבירטע וואַגאָנעס און פאַרשיקט. דאָס איז געווען די ערשטע פאַרניכטונגס־אַקציע פון וואַרשעווער יידנטום. (געמיינט זיכער די אַקציע פון 22סטן יולי 1942).

נאָך די צוגן זיינען נאָכגעפאָרן פּאָליאַקן און יידן מיט אַן „אַרישן" אויסזען און צוריקקומענדיק איבערגעגעבן די אַלאַרמירנדיקע ידיעה, אַז די וואַרשעווער יידן זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, אין דעם טרויעריק באַרימטן פאַרניכטונגס־לאַגער מיט זיינע גאַז־קאַמערס. דער שליח האָט צוגעגעבן, אַז די שונאים לאָזן לעת עתה צו רו די וואָס אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן, די אַ. ג. שאָפּן, ווו מען אַרבעט פאַר דער דייטשער מאַכט. ער האָט גערופן די מיט וועלכע ער איז געקומען אין קאָנטאַקט צו גרינדן אַרבעטס־וואַרשטאַטן און צוגרייטן פאַכמענער אויף פאַכקורסן און גלייכצייטיק אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַ פאַרניכטונגס־אַקציע.

לייכט זיך פאָרצושטעלן די שטימונגען און די גרויסע דערשיטערונג וואָס די דאָזיקע ידיעות האָבן אַרויסגערופן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און עס זיינען געעפנט געוואָרן פאַרשידענע פאַכקורסן, אויף וועלכע עס האָבן זיך קוואַליפיצירט הונדערטער מענער און פרויען. די פּאַניק, וועלכע עס האָט אַרויסגערופן די ידיעה פון וואַרשעווער שליח, האָט זיך פאַרשטאַרקט נאָך מער, נאָכדעם ווי דער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט פאַרעפנטלעכט אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע מענער און פרויען מוזן זיין באַשעפטיקט אין פאַבריקן, פאַרשידענע אונטערנעמונגען אָדער אין דער לאַנדווירטשאַפט און יעדער פון זיי מוז האָבן אַן אַרבעטס־קאַרטע. גלייכצייטיק האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז די וועלכע וועלן אַזאַ קאַרטע נישט האָבן וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פון שטאָט.




פראגמענטן פון טעאטער־פארשטעלונגען אין געטא (אין 1942):

1. „משהלע״
2. „א נאַכט אין פּאַריס״
3. „נעם זי צו״
4. „גוט מאָרגן פּיווקע יאָסע״
5. „אין גאָרטן שטייט א ברונעם״
6. אויפן וועג קיין ארץ־ישראל״.

די אַרטיסטין איז האניא בילטשאק. אין די מענער־ראָלן זענען אויפגעטראָטן: י. גליקסמאַן און יששכר וויטנבערג.

טייל ייִדן האָבן באַקומען אַרבעט אין פאַרשידענע פאַבריקן אין שטאָט. אַנדערע ווייטער האָבן אָנגעהויבן זוכן אַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט, ד. ה. ביי פּריצים און רייכע פּויערים.

אָנהויב אויגוסט 1942 האָבן די דייטשן געשאַפן אַן אַרבעטס־לאַגער אין גידזיעל (גידלע). דאָס איז געווען דער ערשטער ייִדישער אַרבעטס־לאַגער אין ראַדאָמסקער געגנט. אינעם לאַגער האָבן זיך געפונען 800 ייִדן — 400 פון טשענסטאָכאָוו און 400 פון ראַדאָמסק. זיי האָבן געאַרבעט פאַר דער דייטשער וואַסער־ווירטשאַפט־געזעלשאַפט, וועלכע האָט געבויט אַ קאַנאַל פון גידזעל קיין טשענסטאָכאָוו בכדי צו באַוואַסערן די גאַנצע געגנט.

דער לאַגער האָט זיך געפונען פיר קילאָמעטער הינטער גידזיעל. עס זיינען דאָ אויפגעשטעלט געוואָרן פיר הילצערנע באַראַקעס, אַרומגעצוימטע מיט שטעכלדראָט. דער רעזשים איז געווען דאָ ענלעך צום רעזשים אין די לאַגערס, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט די נאַצישע מענטשן־חיות. פינף אַזייגער אינדערפרי האָט מען די אַרבעטער אַרויסגעיאָגט פון די באַראַקן און אונטער אַ האָגל פון מערדערלעכע קלעפּ זיי אויסגעשטעלט צום מאָרגן־אַפּעל, וועלכער האָט געדויערט ביז צום אָנקומען פונעם וואַסער־אינזשיניער און ס. ס.־מאַן. נאָכן אַפּעל האָבן די אַרבעטער באַקומען אַ שטיקל ליימיק ברויט און אַביסל ציקאָריע־וואַסער. דאַן האָט מען זיי פונאַנדערגעטיילט אין קליינע גרופּעס און געטריבן אונטער דער אויפזיכט פון פּוילישע פאַך־אַרבעטער צו דער אַרבייט, וועלכע איז געווען זייער אַ שווערע. שטייענדיק אין וואַסער ביז צו די קני, האָבן זיי געמוזט גראָבן טיפע קאַנאַלן. דערביי האָט מען זיי נישט דערלויבט אָפּרוען זיך און פאַר די מינדעסטע זאַך מערדערלעך געשלאָגן. דאָס מיטאָג וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ליטער וואַסערדיקע זופּ און אַ שטיקל שוואַרץ ברויט האָבן זיי באַקומען בעת דער אַרבעט. זעקס אָוונט האָט מען זיי געטריבן אַהיים און ווידער געגעבן אַ שטיקל ליימיק ברויט און אַ ביסל וואַסער. די נאַכט האָט דעם אויסגעמאַטערטן אַרבעטער נישט געגעבן קיין אָפּרו, ווייל די ענגשאַפט, שמוץ און דעמפּיקייט אין די באַראַקן האָבן נישט דערלויבט שלאָפן. דאָס אַרויסגיין אויסער די גרענעצן פון לאַגער האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף. נאָך דער אַרבעט האָבן קראַנקע אַרבעטער זיך געקענט מעלדן ביים לאַגער־דאָקטאָר — ביז סוף אויגוסט (?) איז עס געווען דער טשענסטאָכאָווער דאָקטאָר און נאָך זיין אָפּרופן, דער ראַדאָמסקער דאָקטאָר שמחה האַמפּעל און דער דענטיסט יעקב מאַרקאָוויטש, וועלכע זיינען דאָרט געווען ביז צום אויפלייזן פונעם לאַגער, ערב דער ליקווידאַציע פון ראַדאָמסקער געטאָ.

סוף סעפּטעמבער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַריינטרייבן אין געטאָ די ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער ווי אמסטאָוו, פּלאַוונע, גידזיעל, קאַמינסק, קאָדרעמב, מאַסלאָוויטש, סטזשאַלקאָוו, קלומניץ אַ״אַ. דאָס אָנקומען פון די ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך האָט פאַרשטאַרקט די אַלע נישט באַשטעטיקטע קלאַנגען, אַז בקרוב וועט אויך ראַדאָמסק איבערלעבן אַ גרויזאַמע אַקציע. מען האָט אַפילו געוווּסט, אַז זי וועט פאָרקומען דעם 9טן אָקטאָבער. די ידיעות האָבן אַרויסגערופן אַן אומגעהויערע בהלה אין געטאָ און אַ טייל ייִדן האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ, אַרומגעלאָפן ווי משוגע און נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך. אַ טייל האָבן אָנגעהויבן בויען בונקערס אונטער דער ערד, מאַכן באַהעלטענישן אויף די בוידעמס, קעלערס אדג״ל. אַנדערע ווידער האָבן געזוכט זיך צו ראַטעווען ביי באַקאַנטע פּאָליאַקן, אָוועקגעבנדיק זיי דאָס גאַנצע געלט און צירונג וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. אַנדערע ווייטער, באַזונדער יוגנטלעכע, האָבן אָנגעהויבן פאַרשאַפן זיך, פאַרשטייט זיך פאַר שווערע געלטער, „אַרישע" דאָקומענטן און געגרייט זיך אַריבערגיין אויף דער אַ. ג. אַרישער זייט. מען האָט זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך עס איז, צו ענדערן דאָס אויסערלעכע אויסזען, די קליידונג, די באַוועגונגען און שפּראַך, כדי זיך ענלעכער צו מאַכן צו דעם גליקלעכן „אַרישן טיפּ". אַ טייל פון דער יוגנט האָט באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם שונא.ליידער איז דאָס געווען אוממעגלעך צו רעאַליזירן צוליבן מאַנגל אין געווער. אַ דראַמאַטישן פאַרלויף האָבן געהאַט די לעצטע ימים נוראים אין געטאָ. די יאָמערלעכע געוויינען און תפילות זיינען געגאַנגען אונטערן הימל און דער איינציקער ווּנטש, וועלכער האָט זיך געהערט פון אַלעמענס ליפּן איז געווען: מיר זאָלן נאָר בלייבן לעבן!

## ערב דער אַקציע — די ליקווידאַציע פון גידזיעלער לאַגער

דינסטיק דעם 6טן אָקטאָבער האָט מען אַרויסגעפירט פון גידזיעלער אַרבעטס־לאַגער די טשענסטאָכאָווער ייִדן און זיי געטריבן צופוס נאָך טשענסטאָכאָוו צו דער אַקציע. מיטוואָך דעם 7טן אָקטאָבער אינדערפרי האָט דער בוי־אינזשיניער וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די לאַגער־אַרבעטן, געמאָלדן אַז מאָרגן דאָנערשטיק וועלן די ראַדאָמסקער אומקערן זיך אין זייער געטאָ, וווּ זיי וועלן אַדורך אַ סעלעקציע און דאַן אומקערן זיך צו דער אַרבעט. קיין זאַכן איז נישט דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען מיט זיך. דעם מיטוואָך האָט מען נאָך די ייִדן געטריבן צו דער אַרבעט. דאָנערשטיק, דעם 8טן אָקטאָבער האָט מען אַרויסגעיאָגט אַלע פון די באַראַקן, אויסגעשטעלט זיי אין פירן און אונטער עסקאָרט פון די דייטשע זשאַנדאַרמען געטריבן צופוס קיין ראַדאָמסק. 11 אַזייגער זיינען די 400 ייִדישע אַרבעטער אָנגעקומען אויפן פּי־פּלאַץ הינטערן „ספּאָרט וואַדני" און דאָרט האָבן זיי געוואַרט ביז פינף אַזייגער אָוונט, ביז דער זשאַנדאַרמעריע־שעף קעמפּעניק איז אָנגעקומען און דאַן זיינען זיי אַלע אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ אַריין.

דאָנערשטיק, דעם 8טן אָקטאָבער, איז שוין קלאָר געוואָרן אַפילו די וועלכע האָבן די גאַנצע צייט זיך גענאַרט, אַז די גרויזאַמע ידיעות זיינען איבערגעטריבן, אַז דער אכזריותדיקער מאַסן־טויט, וועלכן די דייטשן האָבן אַ נאָמען געגעבן „אַקציע" דערנענטערט זיך מיט שנעלע טריט. דאָס געטאָ איז שוין געווען הערמעטיש אָפּגעשלאָסן, פון אַלע זייטן זיינען געשטאַנען וואַכן פון זשאַנדאַרמעריע, אוקראַינער, ליטווינער און דער פּוילישער פּאָליציי. אין דער לעצטער ממש מינוט איז נאָך געלונגען הונדערטער ייִדן פאַר גרויסע געלט־סומעס אַרויסגנבענען זיך פון געטאָ און זוכן שוץ ביי פּאָליאַקן. הונדערטער ראַדאָמסקער ייִדן זיינען אָנגעקומען קיין פּשעדבאָזש האָפנדיק דאָרט איבערצוּוואַרטן די אַקציע אין ראַדאָמסק. ביינאַכט איז דאָס געטאָ באַלויכטן געוואָרן מיט שיינוואַרפערס, כדי די דייטשן זאָלן קענען זען וואָס דאָרט טוט זיך. די לעצטע נאַכט אין געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַכנאַכט. ווי צום טויט פאַרמשפּטע האָבן זיי געזוכט טרייסט און ראַט איינער ביים צווייטן. דער איידעלער מו״צ טוביה־בוקי האָט טרעפנדיק ביינאַכט דעם ד״ר האַמפּעל אים דערמאָנט, ווי ער האָט אים געהיילט בעת זיין טיפוס־קרענק. „צי וואָלט נישט גלייכער געווען — האָט דער מו״צ געפרעגט — ווען ער לאָזט אים דעמאָלט שטאַרבן, וואָלט ער כאָטש געקומען צו קבר ישראל?" מענטשן האָבן זיך געזעגנט, געוויינט און געקושט און די האַרצרייסנדיקע געשרייען האָבן זיך געטראָגן ווייט איבער די גרענעצן פון באַוואַכטן געטאָ. יעדע דירה מיט אירע צרות, יעדעס הויז מיט זיינע דערשיטערנדיקע סצענעס, יעדע גאַס אַ ים פון ליידן — היינט נאָך אַ ים פון טרערן, מאָרגן — אַ ים פון בלוט.

פרייטיק, פינף אינדערפרי, האָט דער יודנראַט באַקומען! טעלעפאָניש אַ באַפעל צו זיין גרייט. זעקס אַזייגער וועט זיך אָנהויבן די אַקציע.

## די אַקציע

פרייטיק, דעם 9טן אָקטאָבער, זעקס אַזייגער אינדערפרי זיינען די דייטשע זשאַנדאַרמען אַריינגעפאָרן אויף אויטאָס אין געטאָ און אָנגעהויבן צו שיסן אין דער לופט. נאָך זיי זענען אָנגעקומען אָפּטיילינגען פון דער אוקראַינער און פּוילישער פּאָליציי, וועלכע האָט אַרומגעשטעלט דאָס געטאָ און נישט אַריינגעלאָזט קיינעם אינעווייניק. די יידישע געהילפס־פּאָליציי האָט באַקומען אַ באַפעל אַרויסטרייבן מיט כוח אַלע יידן פון די דירות און צופירן זיי צו דעם פּלאַץ נעבן דער קהילה אויף דער מיצקעוויטשאַ־גאַס. די יידן איז דערלויבט געווען מיטצונעמען מיט זיך געלט, צירונג, אַביסל עסנוואַרג און מלבושים.

ווען דאָס אַרויסטרייבן פון די יידן האָט זיך פאַרצויגן, האָבן די זשאַנדאַרמען אַליין אָנגעהויבן יאָגן די יידן פון די דירות. עס האָבן זיך געהערט אָן אַ אויפהער שאָסן אין געטאָ, דאָס האָט מען געשאָסן די יעניקע וואָס האָבן נישט געוואָלט אַרויס אָדער צוליב דעם וואָס זיי זיינען געווען קראַנק און שוואַך אָדער ווייל זיי האָבן פּשוט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. די זשאַנדאַרמען זיינען אַריין אין יידישן עפּידעמישן שפּיטאָל, אַרויסגעטריבן די קראַנקע און די וועלכע זיינען נישט בכוח געווען אויפהויבן זיך פון די בעטן האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט. זיי האָבן דערמאָרדעט קינדער מיט די הענט, אַרויסגעוואָרפן זיי דורך די פענצטער און אַפילו צעטראָטן מיט די באַנאַגלטע שטיוול. די פאַרצווייפלטע מאַמעס וועלכע האָבן געוואָלט אָפּראַטעווען זייערע קינדער האָבן זיי אויפן אָרט דערשאָסן. אין די גאַסן זיינען געלאָפן הונדערטער פאַרבלוטיקטע יידן. טויזנטער יידן זיינען געטריבן געוואָרן אין דער ריכטונג פונעם זאַמל־פּלאַץ. נישט געבליבן כמעט קיין הויז אָדער הויף ווו עס זיינען נישט געלעגן קיין צענדליקער דערשאָסענע יידן.

ניין אַזייגער אינדערפרי זיינען שוין אַלע יידן צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויפן פּלאַץ. זיי האָבן מיטגעשלעפּט מיט זיך פּעקלעך, רענצלעך און זעקלעך אויף די פּלייצעס. די קינדער האָבן געוויינט פון הונגער, דורשט און קעלט. אין דער בהלה האָבן קינדער פאַרלוירן זייערע עלטערן און אַרומגעלאָפן מיט אַ ווילד געוויין. פיל פון זיי האָבן שוין אין דעם מאָמענט נישט געהאַט קיין טאַטן אָדער מאַמען. צען אַזייגער זיינען אָנגעקומען עטלעכע ס. ס. אָפיצירן און באַפוילן גוטשטאַטן אַרויסשיקן צען יידישע פּאָליציאַנטן אויפן יידישן בית הקברות כדי אויסצוגראָבן אַ גרויס מאַסן־קבר פאַר די דערשאָסענע יידן. אינצווישנצייט האָבן די דייטשן געבראַכט יעדע עטלעכע מינוט צעבלוטיקטע יידן, וועלכע זיי האָבן געפונען אין די פאַרשידענע בונקערס און באַהאַלטענישן. אַ גרויסן טייל פון די געפונענע האָבן זיי אויפן אָרט דערשאָסן.

צוועלף אַזייגער האָבן די דייטשן באַפוילן די יידן אויסשטעלן זיך אין הונדערט שורות צו פינף אין דער ברייט. צווישן די אויסגעשטעלטע זיינען אַדורכגעגאַנגען די אָפיצירן און מיט שפּאָט אויפגענומען די „דעפּילאַדע" פון די שוואַכע, פאַרפּייניקטע, הילפסלאָזע און צום טויט פאַרמשפּטע יידן. נאָכדעם איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די אַרבעטס־גרופּעס זאָלן זיך אַוועקשטעלן רעכטס, די האַנטווערקער לינקס און פאַר זיי די מיטגלידער פון יודנראַט און זייערע פאַמיליעס. אין דעם מאָמענט זיינען פאַר די אויגן פון די צונויפגעטריבענע אויף דער מיצקעוויטש גאַס אַדורכגעפאָרן הונדערטער פויערישע פורן אין דער ריכטונג פון פּשעדבאָזש. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זיינען זיי געפאָרן קיין פּשעדבאָזש צו דער ליקווידאַציע פון דאָרטיקן געטאָ. איינס אַזייגער האָט פּלוצעם אָנגעהויבן שטאַרק צו רעגנען. דער ספּאָרט־פּלאַץ האָט זיך גיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסע קאַלוזשע. יעצט, נאָכדעם ווי זיי האָבן צוגע־



דער פאַרבויטער „אומשלאַגס־פּלאַץ" אויף מיצקעוויטש־גאַס, ווו ס׳איז פאָרגעקומען די „אַקציע"

רויבט ביי די יידן דאָס לעצטע ביסל צירונג און געלט האָבן זיי באַפוילן אַלע יידן זיך אַוועקזעצן. דעמאָלט איז אָנגעקומען דער הויפּטשטורמפירער פויכט און שעף פון דער ראַדאָמסקער זשאַנדאַרמעריע קעמפּעניק. זיי האָבן צוגערופן גוטשטאַטן און אים געגעבן ווייטערדיקע באַפעלן.

### די סעלעקציע אויפן ספּאָרט־פּלאַץ

צוויי אַזייגער איז אָנגעקומען דער זשאַנדאַרמעריע־שעף קעמפּעניק און איבערגעגבן דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי חיים מאַרקאָוויטש אַ ליסטע פון 350 יידן, וועלכע עס איז דערלויבט געוואָרן צו בלייבן אין שטאָט. ביי אַ טויט שטילקייט האָט מאַרקאָוויטש איבערגעלייענט די 350 נעמען לויטן אלף־בית. יעדן איינעם האָט ער אַרויסגערופן און געוואַרט ביז ער איז צוגעקומען און אַוועקגעשטעלט זיך אין דער זייט. צווישן די 350 זיינען געווען די מיטגלידער פון יודנראַט: וויקטאָר גוטשטאַט, נתן ווינער, משה וויינרייך, יהודה הערש טיגער, הענריק פאַנסקי, יוזעף פאַנסקי, אַלעק ראָזענבוים, יעקב שפּירא און שמואל שפּירא. די דאָקטוירים: ד״ר זאַקס, פורטשפּיגל, רוזשעוויטש און האַמפּעל. די דענטיסטן: יעקב מאַרקאָוויטש און קורכין־בערקענשטאַט; די סאַניטאַרן: וואָלף אָפּמאַן, אקרענט, אַראָנאָוויטש און טייכנער. די פּערציק יידישע פּאָליציסטן מיט זייערע פרויען, און קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין פערשידענע פאַכן.

די גרופּע איבערגעבליבענע איז געוואָרן איזאָלירט פון די איבעריקע יידן און די וועלכע האָבן געפּרוווט אַריבערגיין צו איר זיינען מערדערלעך צעשלאָגן און צוריקגעטריבן געוואָרן. דריי אַזייגער נאָכמיטאָג האָבן די זשאַנדאַרמען צוריקגעפירט די 350 געבליבענע יידן אינעם הויז פון קהילה און אין בוכמאַנס הויז און עס אָפּגעשלאָסן. אַלע זיינען אַרויף אויפן ערשטן שטאָק און אַראָפּגעקוקט צו דעם נישט ווייטן פּלאַץ, געזעגנענדיק זיך מיט די אויגן מיט זייערע קרובים און פריינט, וועלכע גייען צום טויט.

שטייענדיק ביי די פענצטער האָבן די יידן געזען ווי מען האָט אַוועקגעפירט אין גרופּעס פון 500 צום באַנהויף. יעדע גרופּע איז געווען אַרומגערינגלט דורך זשאַנדאַרמען באַוואָפנטע מיט מאַשינ־

געווער. אין דער זעלבער צייט זיינען אָנגעקומען פון פשעדבאָזש אייניקע הונדערט פורן וועלכע האָבן געבראַכט די פשעדבאָזשער יידן און צווישן זיי ראַדאָמסקער יידן נאָכדעם ווי זייער קהילה איז ליקווידירט געוואָרן במשך פון עטלעכע שעה און אָפּגעפירט דירעקט צום באַנהויף.

הינטער יעטוועדער גרופּע פון די 500 איז נאָכגעפאָרן אַ וואָגן, און יעטוועדער וואָס איז אָפּגעשטאַנען אָדער פּרובירט צו אַנטלויפן איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן און זייער קערפּער איז אַריינגע־וואָרפן געוואָרן אינעם וואָגן. די פּוילישע באַפעלקערונג איז מאַסנ־ווייז געשטאַנען אין גאַס און זייער פרייד אַז די דייטשן מאַכן די שטאָט יידנריין איז געווען נישט צו באַשרייבן. די יידן האָט מען געפירט דורך דער קאָשטשושקאַ־אַליי, ריימאַנט גאַס ביז צו דער פּראַכט־סטאַציע. די פשעדבאזשער יידן וואָס זענען שוין אַהערגע־בראַכט געוואָרן מערדערלעך צעשלאָגן, האָט מען אויף דער סטאַציע אויפסניי געשלאָגן און איבערגעדרייט זיי מיט די פורן. צענדליקער געהרגעטע זיינען געפאַלן און די סטאַציע איז געווען רויט און פייכט פון דעם שטראָמענדיקן יידישן בלוט.

ערשט 10 אַזייגער ביינאַכט איז צו דער ראַמפּע אָנגעקומען דער


BEKANNTMACHUNG

über das Betreten des ehemaligen jüdischen Wohnviertels in Radomsko.

Der gesamten Bevölkerung ist bis auf Widerruf das Betreten des ehemaligen jüdischen Wohnviertels

strengstens verboten.

Sämtliche Passierscheine, welche zur Zeit das Betreten des früheren jüdischen Wohnviertels erlauben, verlieren mit sofortiger Wirkung ihre Gültigkeit. Nur in allerdringlichsten Fällen kann bei mir ein neuer Passierschein beantragt werden.

Ich habe Anordnung erteilt, dass das ehemalige jüdische Wohnviertel bis auf Weiteres durch die Polizei gesperrt ist. Die Polizei hat ausdrückliche Anweisung, gegen jeden, welcher unbefugterweise das jüdische Wohnviertel zu betreten versucht, mit der Schusswaffe vorzugehen.

Radomsko, den 9. Oktober 1942.

gez. DRIESSEN
Kreishauptmann

OBWIESZCZENIE

dotyczy wstępu do b. żydowskiej dzielnicy mieszkaniowej w Radomsku.

Aż do odwołania

wzbroniony jest najsurowiej

ludności całej wstęp do b. żydowskiej dzielnicy mieszkaniowej.

Przepustki wszelkie, zezwalające obecnie na wstęp do b. żydowskiej dzielnicy mieszkaniowej, tracą ważność swą ze skutkiem natychmiastowym. Jedynie w wypadkach najkonieczniejszych można wnieść u mnie podanie o przepustkę nową.

Wydałem zarządzenie, by Policja aż do odwołania zamknęła b. żydowską dzielnicę mieszkaniową. Policja otrzymała rozkaz wyraźny wystąpienia z bronią palną przeciw każdemu, ktoby nieupoważniony próbował wstąpić do b. żydowskiej dzielnicy mieszkaniowej.

Radomsko, dnia 9 października 1942.

podp. DRIESSEN
Starosta Powiatowy

די באַקאַנטמאַכונג פון 9־טן אָקטאָבער 1942, וואָס האָט פולשטענדיק פאַרבאָטן דעם אַריינגאַנג אין געוועזענעם געטאָ (פון דער „אַרישער" זייט), אונטער דראָאונג פון שיסן אויפן אָרט.

לאַסט־צוג. די וואַגאָנעס זיינען געווען אויסגעשיט מיט קאַלך. די זשאַנדאַרמען האָבן גלייך אָנגעהויבן אַריינצוטרייבן אונטער אַ האָגל פון מערדערלעכע קלעפּ, צו הונדערט יידן און נאָך מער אין איין פי־וואַגאָן. די טירן זיינען גלייך פאַרקלאַפּט און פאַרפּלאָמבירט געוואָרן. שרעקלעך זיינען געווען די געשרייען און די געוויינען פון די פאַרמאַכטע. ערשט 8 אַזייגער שבת אינדערפרי איז דער צוג אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון וואַרשע. ווו מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט — קיין טרעבלינקע.

נאָר אַ טייל יידן זיינען פאַרשיקט געוואָרן מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון 9טן אָקטאָבער. די עטלעכע טויזנט איבערגעבליבענע זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין די שול און בתי־מדרשים און געוואָרן שטאַרק באַוואַכט דורך זשאַנדאַרמען. נאָך לאַנגע אינטער־ווענצן האָט מען דערלויבט אַריינצוגעבן זיי עסן און טרינקען.

ביינאַכט איז געלונגען דער יידישער פּאָליציי צו ראַטעווען אַ צוויי צענדליק יידן, אַדאַנק דעם וואָס מען האָט זיי איבערגעטון אין פּאָליציי־מונדירן, אָדער איבערגעקויפט די וואַכן מיט געלט און צירונג. די לאַגע פון די צוזאַמענגעטריבענע אין דער שול און אין די בתי־מדרשים איז געווען אַ האַרצרייסנדע. זיי זענען געלעגן איי־נער אויפן צווייטן, דערלעדיקט זייערע מענטשלעכע באַדערפענישן אויפן אָרט און אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן זיי זיך געפונען פון 9טן ביז מאָנטיק דעם 12טן אָקטאָבער, ווען דער צוג איז צוריקגע־קומען פון טרעבלינקע — דאָס אָרט פון מאַסן־פאַרניכטונג פון פּוי־לישן יידנטום.

### דער צווייטער טראַנספּאָרט — 12 אָקטאָבער 1942

נאָכדעם ווי דער צוג איז אָנגעקומען זיינען די יידן געוואָרן אַרויסגעטריבן פון דער שול און די בתי־מדרשים און פון דאָרט געוואָרן אַוועקגעפירט דירעקט צום צוג. די זעלבע סצענע פון פריי־טיק האָט זיך איבערגעחזרט, און אַזוי האָבן די דייטשן אויך די יידן אָנגעפּאַקט אין די וואַגאָנען.

אין דער זעלבער צייט, ווען די טויזנטער יידן זענען געטריבן געוואָרן צום צוג, האָבן די דייטשן געמאַכט אַ סעלעקציע צווישן די 350 יידן, וואָס זיי אַליין האָבן פרייטיק איבערגעלאָזט. זיי האָבן אַרויסגעיאָגט אויפן פלאַץ אַלע 350 און פון זיי אַרויסגענומען 29 מאַן, וועלכע זיי האָבן גלייך אַוועקגעפירט צום צוג, צום טראַנספּאָרט. צווישן די אַרויסגענומענע זענען געווען: משהלע טאקאַרזש, קאַשטאַן, אלעזר בוכמן, ווינער, וויינרייך, מענדל גליקסמאַן, פעלא וויגאָדסקא מיט אַ קינד אויף דער האנט, פרוי דומבראוווער (די שוואַרצע באלציע), פרוי ווילהעלם (פון דער היים קרויזע), יצחק שפירא מיט זיין פרוי (די עלטערן פון שמואל שפירא) א. אַ.

דאָס קינד וועלכעס פעלא וויגאָדסקאַ האָט געטראָגן, איז געווען אַ 3 יעריק מיידעלע, די טאָכטער פון דוד בוגיסקי, דער תבואה־הענדלער פון סטשאַלקאָווסקע גאַס וועלכע אַ פּאָליאַק האָט עטוואָס פריער געהאַט געבראַכט. איבערגעגעבן עס אַ זשאַנדאַרם, און דער זשאַנדאַרם האָט עס געוואָרפן פעלאַן.

דעם 13טן אָקטאָבער האָט די זשאַנדאַרמעריע געברענגט צו שלעפן אַ ייד וועלכן די פּאָליאַקן האָבן געכאַפּט און איבערגעגעבן די דייטשן. זיין נאָמען איז געווען פעדערמאַן. ער איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן און דאַן דערשאָסן. זיין קערפער איז געלעגן 2 טעג פאַר דעם קהילה בנין אַלס וואָרנונג פאַר אַנדערע.

## דאָס לעבן אין קליינעם געטאָ

די איבערגעבליבענע 321 יידן האָבן זיך אויפן באַפעל פון די דייטשן אַריינגעצויגן אין די הייזער אויף דער מיצקעוויטש־גאַס 3, 5, 7, 9, וועלכע זיינען אַרומגעצוימט געוואָרן מיט דראָטן. קיינער האָט נישט געטאָרט פון זיי אַרויסגיין. גלייכצייטיק האָבן די דייטשן געמאָלדן, אַז אויב זיי וועלן געפינען בעת דער קאָנטראָל פערזאָנען איבער די 321 וועלן זיי דערשאָסן ווערן. אינצווישן איז געלונגען אַ פופציק יידן אַריינצוגנבענען זיך אין געטאָ און מען האָט זיי פאַרשטעקט אין בונקערס. כמעט יעטוועדן פרימאָרגן זיינען די הייזער געוואָרן באַפאַלן און די יידן אַרויסגעפירט און געציילט. בעת אַזאַ קאָנטראָל אין דער אָנוועזנהייט פון מערדער פויכט, וועלכער האָט אַדורכגעפירט די פאַרניכטונג פון די יידן אין ראַדאָמער דיסטריקט, איז אַנטדעקט געוואָרן אַ בונקער און אַלע געפונענע זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אין דער זעלבער צייט איז אויך אַנטדעקט געוואָרן דער בונקער אין וועלכן עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די משפחה פון יענקל אָפּמאַן — דעם צוקערבעקערס פון דער ריימאַנט־גאַס און זייער זון, דוד מאיר קורנבערג. זיי האָט געמסרט אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט זיך אָנגעשיכורט. מען האָט די געכאַפּטע אַרויסגעפירט אויפן בית עולם, ווו זיי האָבן זיך אַליין געמוזט אויסגראָבן אַ קבר און דאַן זיינען זיי אַלע דערשאָסן געוואָרן.

סוף אָקטאָבער זיינען ווידער אַלע אַרויסגעיאָגט געוואָרן אויפן פּלאַץ — דאָס מאָל איז די דייטשן געלונגען צו אַנטדעקן אַ צאָל בונקערס און די געכאַפּטע זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ זייט און אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אַ לאַסט־אויטאָ אין דער ריכטונג פון טשענסטאָכאָוו. צווישן די אַוועקגעפירטע האָט זיך געפונען חיים ראַפּאָפּאָרט׳ס אייניקל, דער אומגליקלעכער זיידע האָט זיך געוואָרפן אויף די זשאַנדאַרמעריע און געוואָלט ראַטעווען זיין קינד. ער איז אָבער מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן און אַוועקגעפאַלן אין חלשות. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, זיינען די אַלע אין אויטאָ דערשאָסן געוואָרן. די איבעריקע געכאַפּטע זיינען אין עטלעכע טעג אַרום אָפּגעפירט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו. און פון די 321 זיינען 175 אָפּגעטיילט געוואָרן, אויפגעלאָדן געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט קיין סקאַרזשיסקא־קאַמיענגא ביי ראַדאָם צו שווערע אַרבעטן אין די אַמוניציע־פאַבריקן.

## דאָס קליינע געטאָ

סוף אָקטאָבער האָבן די איבערגעבליבענע יידן באַקומען אַ באַפעל אַריבערציען זיך אין נייעם קליינעם געטאָ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער לימאַנאָווסקי־גאַס און אַרומגענומען די הייזער נומער 10, 12, 14, 16, 18, און 20. (פון קאַנטורס הויז ביז בערל אוליניקס הויז). אייניקע ידיעות פון די פאַרשיקטע קיין טרעבלינקע יידן, האָבן זיך אַדורכגעריסן אין געטאָ. דאָס זיינען געווען בריוו, וועלכע זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך פון די וואַגאָנעס און די פּאָליאַקן וועלכע האָבן זיי געפונען האָבן זיי געבראַכט אין געטאָ.

מיר ברענגען דאָ דעם תוכן פון אַ בריוו, וועלכן עס האָט געשריבן בעלא יוסטמאַן, די שנור פון ר׳ מענדל יוסטמאַן פון קאַמינסק, צו איר מאַן דוד:

„מיין טייערער דוד! ס׳איז פאַרטאָג און איך פאָר אין ענגן פי־וואַגאָן אין דער ריכטונג פון טרעבלינקע — איך פאָר צו אַ זיכערן טויט. דו, דוד, זע זיך צו ראַטעווען, ווייל איך בין שוין אין שונא׳ס הענט — כ׳בין שוין פאַרלוירן. פאַרגעס מיך און לעב ווייטער גליקלעך! דער גורל האָט אַזוי געוואָלט. זיי געזונט טייערער מאַן און גרוס הערצלעך דיין שוועסטער און שוואָגער״.

דער דערמאָנטער אינעם בריוו דוד יוסטמאַן, האָט שוין דעם בריוו נישט געזען. ער איז פאַרשיקט געוואָרן מיט דער ערשטער אַקציע קיין טרעבלינקע.

אין די ערשטע טעג האָט געהערשט אינעם קליינעם געטאָ אַ הונגער. די דייטשע מאַכט האָט נישט דערלויבט אַריינצופירן צו די יידן קיין שום לעבנס־מיטלען. נאָך לאַנגע אינטערווענצן האָט מען דערלויבט די יידן, אונטער אַ וואַך פון דייטשע זשאַנדאַרמען, אַדורכצוזוכן די פאַרלאָזטע דורך די פאַרשיקטע יידן וווינונגען און צונויפזאַמלען דאָרט דאָס איבערגעבליבענע עסנוואַרג און הייץ־מאַטעריאַל. דאָס האָלץ וואָס איז געפונען געוואָרן איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די אַלגעמיינע קוך, ווו מען האָט געקאָכט עסן פאַר די איבערגעבליבענע יידן. ביי דער געלעגנהייט האָבן די יידן געמוזט אַרויסטראָגן פון די יידישע וווינונגען מעבל און איינריכטונגען פאַר די דייטשע מערדער. ביי די דאָזיקע שווערע אַרבעטן האָבן די דייטשן אַכזריותדיק געשלאָגן, און מאיר גערשאָנאָוויטש וועלכער האָט אויפגעהויבן אַן אַראָפּגעפאַלן העמד איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן דורך קעמפעניק אַליין.

## די טראַגעדיע פון די בונקערס

נאָך דער ליקווידאַציע פון ראַדאָמסקער יידנטום איז אויסער די פאַרבליבענע יידן אינעם קליינעם געטאָ אויף לימאַנאָווסקי גאַס, פאַרבליבן נאָך אַ צאָל יידן אין באַהעלטענישן און בונקערס. מאַנכע פון זיי ווי דער בונקער אין דער מעסערלעך־פאַבריק „אוניטאַס״ (לימאַנאָווסקי־גאַס 46) זיינען אַנטדעקט געוואָרן שוין אין די ערשטע טעג און אַלע זיינע איינוווינער אין דער צאָל פון פערציק פערזאָן זיינען אָפּגעפירט געוואָרן קיין פּיאָטריקאָוו טריבונאַלסק, ווו ס׳איז דאַמאָלס פאָרגעקומען די אַקציע. אויף לימאַנאָווסקי 42 זיינען אַנטדעקט געוואָרן דורך דעם פאָלקס־דייטש קוניצני צוויי יידן איטשע פישמאַן און זילבערשאַץ. זיי זיינען איבערגעגעבן דער דייטשער מאַכט און זיי זיינען דעם זעלביקן טאָג דערשאָסן געוואָרן אויפן בית הקברות.

יעדן טאָג זיינען אַנטדעקט געוואָרן נייע בונקערס און באַהעלטענישן און עס זיינען געפאַלן נייע קרבנות. מען האָט חושד געווען אַז דאָס איז די אַרבעט פון אַ מיטגליד פון יודנראַט און פון קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליצײ, וועלכע האָבן זיך גענוי אָריענטירט ווו די יידן באַהאַלטן זיך אויס. הונדערטער יידן פון די בונקערס זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט אָדער אַוועקגעפירט געוואָרן

# ANORDNUNG

Auf Befehl des SS- und Polizeiführers im Distrikt Radom wird ab sofort in der Stadt Radomsko ein jüdischer Wohnbezirk gebildet.

Der Wohnbezirk ist durch Schilder gekennzeichnet und wird begrenzt:

a) Von der Radomerstrasse, rechte Strassenseite, die geraden Nummern- Hausnr. 6 - Nr. 20,
b) von der Fabianistrasse, rechte Strassenseite- Hausnr. 2 - 18 - ebenfalls die geraden Nummern, (ausgenommen Hausnr. 10),
c) von Hausnr. 18 in der Fabianistrasse durch den Hof bis zum Ring (3. Maiplatz) und der Radomerstrasse. Ausgenommen sind die Häuser Nr. 2 und 4 in der Radomerstrasse.

**Verboten ist:**

1) Das Betreten des jüdischen Wohnbezirkes durch Nichtjuden.
2) Das Verlassen des jüdischen Wohnbezirkes durch Juden.
3) Das Halten und Aufstellen von Fahrzeugen auf den obenbezeichneten Strassen, soweit sie im jüdischen Wohnbezirk liegen.

**Ausnahmen:**

Ausnahmen von diesen Verboten bedürfen der schriftlichen Erlaubnis des Gendarmeriezugführers.

**Strafbestimmungen:**

Zuwiderhandlungen gegen diese Anordnung werden nach der Verordnung über Aufenthaltsbeschränkungen im Generalgouvernement vom 13. September 1940 (VBlGG. I S. 288 und § 4 b der dritten Verordnung vom 15. Oktober 1941 VBlGG. I Nr. 99 S. 505), bezüglich des Halteverbotes nach den § 4 und 44 der Strassenverkehrsordnung vom 17. 5. 1941 — (VBl GG. I Nr. 56 S. 349) bestraft.

Radomsko, den 14. November 1942.

DER KREISHAUPTMANN
Im Auftrage
Kempenich
Bez. Obltn. der Gendarmerie
und Gendarmeriezugführer

# ZARZĄDZENIE

Na rozkaz Dowódcy SS i Policji Dystryktu Radom w mieście Radomsku tworzy się żydowską dzielnicę mieszkalną.

Dzielnica ta oznaczona jest przez tablicę i ograniczona jest:

a) przez prawą stronę ulicy Radomskiej, numery parzyste 6 — 20,
b) przez prawą stronę ulicy Fabianiego, numery domów 2 — 18, również numery parzyste (za wyjątkiem nr. 10),
c) przez numer 18 ul. Fabianiego przez podwórze do Rynku (Pl. 3-go Maja) i ulicę Radomską. Wyłączone są numery 2 i 4 ulicy Radomskiej.

**Zakazane jest:**

1) Wchodzenie nieżydom do dzielnicy żydowskiej.
2) Opuszczanie żydom dzielnicy żydowskiej.
3) Zatrzymywanie i ustawianie pojazdów na wymienionych ulicach, o ile leżą w dzielnicy żydowskiej.

**Wyjątki:**

Wyjątki z tych zakazów wymagają pisemnego zezwolenia kierownika żandarmerii.

**Postanowienia karne:**

Nieprzestrzeganie tego zarządzenia karane będzie według rozporządzenia o ograniczeniu pobytu w Generał. Gubernatorstwie z dn. 13 Września 1940 r. (Dz. Rozp. GG. I str. 288) i § 4 b trzeciego rozporządzenia z dn. 15 paźdz. 1941 r. (Dz. Rozp. GG. I, nr. 99, str. 505), a co do zakazu zatrzymywania według §§ 4 i 44 regulaminu o ruchu kołowym z dn. 17 Maja 1941 r. (Dz. Rozp. GG. nr. 56, str. 349).

Radomsko, dnia 14 listopada 1942 r.

STAROSTA POWIATOWY
na zl.
Kempenich
Obw. Por. Żand. i Mer. Żand.

ו'י פאַראָרדענונג פון 14־טן נאָוועמבער 1942 וועגן אָפּגרענעצן דעם קליינעם געטאָ.

קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרט מיט די טראַנספּאָרטן קיין טרעב־לינקע.

**דאָס פאַרנאַרן די יידן**

אין נאָוועמבער האָבן די דייטשן צו וויסן געטון, אַז עס ווערן אָרגאַניזירט פיר זאַמל־ערטער פאַר יידן. צווישן זיי איז אויך געווען ראַדאָמסק. די דייטשן האָבן גוט געוווּסט, אַז עס געפונען זיך הונדערטער און אפשר טויזנטער יידן אין וועלדער, בונקערס, ביי פּאָליאַקן און אויף אַרישע פּאַפּירן אַא״וו. בכדי אַרייַנצונאַרן צוריק די יידן אין זייערע הענט, האָבן די דייטשן לעגאַליזירט די פיר וווינערטער פאַר די יידן. און עס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַ מאַסן־וואַנדערונג פון די אויסבאַהאַלטענע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער צוריק אין געטאָ אַריין. אַ גרויסע צאָל פון זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַ טייוולאָנישער פּלאַן צו פאַרנאַרן די יידן און אויפצוזאַמלען זיי אויף איין אָרט. זיי האָבן זיך אָבער געפונען אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין ברירה ווי אומצוקערן זיך אין געטאָ.

עס זיינען אָנגעקומען יידן פון דער לאָדזשער געגנט, הונדערטער יידן פון זשורעק (זשאַרקי), פון טשענסטאָכאָווער געגנט, אַזוי אַז די צאָל יידן אין קליינעם געטאָ איז אויף אַמאָל דערגאַנגען ביז 4500 נפשות. דאָס לעבן אין געטאָ האָט אָנגעהויבן זיך צו נאָרמאַליזירן, פאַרשטייט זיך אין דער מאָס וואָס די דייטשן זיינען געווען אין דעם פאַראינטערעסירט.

עס זיינען אויך באַקאַנט שוידערלעכע פאַלן, ווען פּאָליאַקן האָבן געמאָרדעט יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט שוין קיין געלט אויסצוקויפן זיך פון זייערע הענט. מיט אַ שוסטער־האַמער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן די מיידלעך וויטענבערג (הערשל וויטענבערג׳ס יינגסטע שוועסטער) און זשוכאָווסקי פון בעלכאטאוו. עס זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אין די דייטשע הענט דינה און יששכר וויטענבערג, די קינדער פון ציוניסטישן עסקן יעקב וויטענבערג. זיי זיינען אויסגעגעבן געוואָרן צוזאַמען מיט מלך פאַרקטאָרס צוויי קינדער און יחיאל פריימאַנס זון. אַלע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם און דאָרט דערשאָסן געוואָרן. דורכן זשאַנדאַרם פורלעי איז אויך אומגעקומען פרל׳ רוזשקע בוגייסקי, די טאָכטער פון אידל בוגייסקי.

צווישן די אַרויסגעגעבענע אין די דייטשע הענט האָט זיך אויך געפונען שמואל לייב וואַקסמאַן (געפינט זיך מיט דער גאַנצער משפחה אין ישראל). זיין פרוי, וועלכע האָט זיך מגייר געווען נאָך פאַר דער מלחמה, האָט זיך באַמיט מיט אַלע וועגן אַרויסצוראַטעווען איר מאַן מיטן זון (כאָטש אָפיציעל האָט זי געמוזט אים גטן) ליידער, האָבן דאָס אָרט ווו וואַקסמאַן איז געווען אויסבאַהאַלטן אַנטדעקט פּאָליאַקן און אים איבערגעגעבן די דייטשע הענט, וועלכע האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין תפיסה. דאָרט האָט זיך צו אים גענומען דער מאַסן־מערדער שמאלץ, אַ פאַרמלחמהדיקער הויזוועכטער אין יידישע הייזער, וועלכער האָט אויף זיין געוויסן

הונדערטער יידן. ער האָט אים געשלאָגן יעטוועדן טאָג, גערייצט אויף אים אַ בולדאָג־הונט, וועלכער האָט געריסן פון זיין קרבן שטיקער פלייש. אין איינער אַ נאַכט, איז די תפיסה אויפגעריסן געוואָרן דורך פּאָליאַקן פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" (א. ק.), וועלכע האָבן באַפרייט אַלע זייערע מיטגלידער און מיט זיי איז אויך אַרויס שמואל לייב וואַקסמאַן און קעסעלמאַן (וועלכער איז צוריקגעלאָפן אין בונקער אַריין). די באַפרייטע זיינען אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף פורמאַנקעס, וועלכע זיינען שנעל אַוועק פון שטאָט. אין אַ טיפן וואַלד, האָבן די א. ק. מיטגלידער אים אויסגעפּאָרשט און זעענדיק פאַר זיך אַ ייד, אים גוט צעשלאָגן און אַראָפּגעוואָרפן פון וואָגן.

די לאַגע אין וועלכע וואַקסמאַן איז פאַרבליבן איז געווען ביז גאָר אַ טראַגישע. אַן אויסגעהונגערטער און פול ווונדן, האָט ער זיך געפונען סוף סוף אַ באַהעלטעניש. נאָך לאַנג, לאַנג נאָך דער מלחמה האָט ער געמוזט היילן זיינע ווונדן פון יענער צייט.

זאָל דאָ אויך דערציילט ווערן די שוידערלעכע מאַרטירערגעשיכטע פון דער משפחה מאַרקזין פון קאַמינסק. נאָכן אָפּוואַלגערן זיך אַ לאַנגע צייט ביי פאַרשידענע פויערים אין די וועלדער, האָבן זיי באַשלאָסן אויסצובויען זיך אַ בונקער אין די שטיינגרובנס צווישן קאַמינסק און קוציעזאָווע. זייערס אַ באַקאַנטער פּאָליאַק, מאַריאַן סעצעמסקי פון קאַמינסק, האָט באַקומען זייער גאַנץ פאַרמעגן און זיך מחייב געווען צו ברענגען זיי עסן. ביז אַפּריל 1943 האָט ער געהאַלטן וואָרט און שפּעטער אויפגעהערט צו קומען. נאָך צען טעג בערך איז ער געקומען פלוצים מיט אַ צווייטן פּאָליאַק, יוזעף גאלאנסקי, געבראַכט זיי אַביסל עסן און שפּעטער פאַרמויערט די איינציקע עפענונג פון בונקער וואָס האָט דערפירט לופט. די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטיקן און פון די 12 בונקער תושבים זיינען 10 געשטאָרבן ביז עס איז געלונגען יעקב און גאָלדע מארקזין נאָך טעג פון רייסן מיט צעבלוטיקטע הענט די שטיינער אַרויסבאַקומען זיך פון פאַרמויערטן בונקער. זיי האָבן באַשלאָסן איבערגעבן זיך אין די הענט פון דייטשן. ביים פאַרהער האָבן זיי אַלץ דערציילט. דעם מערדער סעצעמסקי איז געלונגען צו אַנטלויפן. דער צווייטער מערדער איז געוואָרן דערשאָסן צוזאַמען מיט זיין פרוי. די צוויי מארקוזינס האָט מען געבראַכט קיין ראַדאָמסק און אויפן בית הקברות דערשאָסן.

אין יוני 1943, איז דאָס הויז ווו ס׳האָבן געוווינט די לעצטע 40 יידן, אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די דייטשן, די יידן זיינען פאַרלאָדן געוואָרן אויף אַ מיליטערישן לאַסט־אויטאָ און אָפּגעפירט געוואָרן אין פיאַנקער לאַגער, נישט ווייט פון ראַדאָם.

ראַדאָמסק איז געוואָרן יידנריין. אַ טייל פון די פערציק יידן איז געלונגען איבערצולעבן די מלחמה און זיי געפינען זיך אין ישראל.

# די לעצטע יידן אין ראדאמסק

אברהם בוכמאן און יהודה וואקסמאן

פרייטיק דעם 26־סטן אָקטאָבער 1942 נאָך דער לעצטער סעלעקציע זייט דער ערשטער אַלגעמיינע „אַקציע", זענען פאַרבליבן אין ראַדאָמסק בערך 150 „לעגאַלע" יידן און בערך נאָכאַמאָל אַזוי פיל אומלעגאַלע.

2 טעג שפּעטער ד. ה. דעם 28־סטן אָקטאָבער, איז אין דער דייטשער פּרעסע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ פאַראָרדענונג אַרויסגעגעבן דורך דעם „דיסטריקט־לייטער ראַדאָם" לויט וועלכער די שטאָט ווערט אָנערקענט אַלס איינע פון די פיר יידן־שטעט אין ראַדאָמער דיסטריקט. די פיר יידן־שטעט זענען: ראַדאָמסק, אויאזד, סאַנדאָמיערזש (צוזמיר) און שידלאָוויעץ. צוזאַמען מיט דער דאָזיקער פאַראָרדענונג איז געקומען אַ צווייטע: אַלע יידן וועלכע לעבן נאָך אויסבאַהאַלטן, פאַר וואָס עס דראָט טויט־שטראָף, קענען זיך באַזעצן אין איינע פון די פיר אויבנדערמאָנטע שטעט, במשך פון פערצן טעג. דערביי איז פאַרזיכערט געוואָרן, אַז טויט־שטראָף איז אָפּגעשאַפט געוואָרן — פאַר די — וועלכע וועלן זיך געפונען אין די פיר זאַמלפונקטן. (יודן־שטעט). די צייט פון צוזאַמענקלויבן זיך איז 14 טעג.

לויט דער פאַראָרדענונג, זענען גלייך באַפרייט געוואָרן אַלע אַרעסטירטע יידן ביי אונדז אין שטאָט, בערך 50 מאַן, וועלכע האָבן געזאָלט געשיקט ווערן נאָך טשענסטאָכאָוו, און פון דאָרט, קיין טרעבלינקע. די באַפרייטע פון אַרעסט האָט מען באַזעצט אין פייערמאַנס הויז, מאַרק 19. און דאָס זענען געווען די ערשטע איינוווינער פון דער צווייטער געטאָ.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די דייטשן גענומען צוזאַמענקלויבן פון אַלע אַרומיקע ערטער און שטעט די יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי די פריערדיקע „אַקציעס". גלייכצייטיק האָט אויפגעהערט די ברוטאַלע באַהאַנדלונג מצד די דייטשן. עס האָבן זיך טאַקע צוזאַמענגעקליבן אין דער ראַדאָמסקער „יידן־שטאָט" בערך 3.000 יידן פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. אַזוי אַרום האָבן די דייטשן אויסגעפירט זייער טייוואָלאָנישן פּלאַן צו קאָנצענטרירן די רעשטלעך יידן פון דער גאַנצער סביבה אין דער שטאָט ראַדאָמסק, כדי מיט איין קלאַפּ אַלע צוזאַמען צו פאַרניכטן.

פאַר די אַלע יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער ראַדאָמסקער „יידן־שטאָט" האָבן די דייטשן אָפּגעגעבן אַ טייל פון דעם ערשטן געטאָ. דאָס צווייטע געטאָ האָט פאַרנומען דעם דרייעק: עק מאַרק — סטשאַלקאָווסקא ביז עק סטשאַלקאָווסקאָ — פּאַביאַניא, דערנאָך פּאַביאַניא ביז עק פּשעדבאָרסקא ביי בערל אָלייניקס הויז און לענגאויס די פּשעדבאָרסקא צום מאַרק צו, ביז שפּיראָס הויז, מאַרק נמ. 19. (די ווייטערדיקע הייזער אין מאַרק ביז דער סטשאַלקאָווסקא זענען חרוב געוואָרן — ווי באַקאַנט — בעת דער באָמבאַרדירונג אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה). מיטן אָנקומען פון נאָך יידן, האָבן די דייטשן פאַרגרעסערט דאָס געטאָ און צוגעגעבן עטלעכע הייזער פון דער צווייטער זייט פּשעדבאָרסקא. פון פּשעדבאָרסקא 1 ביי דער קירך ביז צום רבינס בית המדרש, אַריינגערעכנט לייבקעס מקווה, קהל׳ס בית המדרש און די שול, האָבן די דייטשן פאַרנומען פאַר זייער געברויך. דאָס געטאָ האָט זיך געשלאָסן ביי דער סטריגע.

טראָץ דעם פאַרגרעסערן פון געטאָ, איז די ענגשאַפט געווען שרעקלעך. מענטשן זענען ממש געלעגן איינער אויף דעם אַנדערן. דורכשניטלעך האָבן געוווינט אין איין צימער 15 ביז 20 מענטשן, אַלע קעלערס און אַלע בוידעמס, זענען געווען באַוווינט. דער הונגער איז געווען גרויס. לייז און ווערים האָבן די מענטשן געגעסן לעבעדיקערהייט. די קראַנקהייטן האָבן זיך געמערט און קיין מעדיצינישע

הילף איז בכלל שוין נישט געווען. דריי, פיר נפשות זענען געשטאָרבן יעדן טאָג. די מתים האָט מען אַרויפגעלייגט אויף אַ וואָגן און צוויי יידן מיט אַ דייטשער באַגלייטונג האָבן זיי אַרויסגעפירט אויפן בית־הקברות און זיי דאָרטן באַגראָבן. נישט מען האָט געמאַכט אַ סימן אויפן קבר און נישט מען האָט פערשריבן דעם נאָמען פון נפטר.

באַוועגן זיך איז געווען דערלויבט אינעם געטאָ גופא. די קיך, דער „יודנראַט", די פּאָליציי און אַלע אַנדערע געטאָ־אַנשטאַלטן האָבן זיך געפונען אין אָטשעקאָווסקיס הויז. אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ צו דער אַרבעט איז מען דורכן אייזערנעם טויער פון אַטשעקאָווסקיס הויז. כדי צוצוקומען צום צענטער פון געטאָ, ד. ה. צו אַטשעקאָווסקיס הויז, האָט מען געמוזט גיין דורך די הייף און וועלכע מען האָט געמאַכט ספּעציעלע דורכגענג צו דעם צוועק.





איבן: דער אַלטער בית־עלמין פון געשטאָרבענע...
אונטן: די נייע קברים פון דערמאָרדעטע...

## דאס לעבן אין צווייטן געטא

אַ טייל פון די געטאָ־איינוווינער האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק פון „טהאנעט־מונדוס". אַ צווייטער טייל אין דער „טרויהענדלער שטעלטע פון יאָהאַן וויינערט" — אַ פאָלקס־דייטש פון ראַדאָמסק, דאָרט איז געווען אַמאָל די טישלעריי פון אַברהם בוכמאַן און נאָך אַ גרופּע ביים סאָרטירן דאָס איבערגעבליבענע פאַרמעגן פון די צום־טויט אַרויסגעפירטע יידן, אָבער דער גרעסטער טייל געטאָ־איינוווי־נער האָט נישט געאַרבעט. פאַר די אַלע אַרבעטן איז נישט געצאָלט געוואָרן, נאָר דער יודנראַט האָט אויף זיין חשבון געשפּייזט די אַרבעטער מיט וואַסערדיקע זופּ און אַ מינימום ברויט. דער זאַמל־פּונקט צו דער אַרבעט, איז געווען אין שול־געסל.

מיר אין געטאָ האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס אַזעלכעס האָט באַוויגן די דייטשן, זיי זאָלן אָפּשטעלן אויף אַ געוויסע צייט דאָס מאָרדן יידן. מען האָט עס פאַרשידן אויסגעטייטשט. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ענגלאַנד מיט אַמעריקע אינטערווענירן דורכן רויטן קרייץ. אַנדערע ווידער, אַז זיי דאַרפן די יידן צו דער אַרבעט. אַ טייל גאָר, אַז די דייטשן ווערן צוריק מענטשן. ס'זענען אָבער געווען אַ סך וועלכע האָבן געזאָגט, מען זאָל די דייטשן ניט גלויבן, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ מיטל צוזאַמענצוקלויבן די יידן. טענהן אַנדערע ווידער, אַז דאָס געזעץ פון די פיר יידן־שטעט אין ראַ־דאָמער דיסטריקט געפינט זיך אין אַמט־בלאַט („דזיענניק אוסטאַוו") פון גענעראַל־גוווערנעמענט און זיי וועלן קיין געזעץ נישט ברעכן. מיטן אַריינלערנען אַהין און אַהער וועגן דייטשע געזעצלעכקייט זענען אַריבער עטלעכע וואָכן.

אין אַ געוויסן טאָג, עטלעכע טעג פאַר דער קריסטלעכע ווייַ־נאַכטן, קומען די דייטשן און זאָגן — וועלכער ייד ס'האָט קרובים אין אויסלאַנד זאָל זיך פאַררעגיסטרירן און ער וועט קענען געטוישט ווערן. די שמחה אין געטאָ איז געווען גרויס. יאָ גלויבנדיק די דייטשן אָדער נישט האָבן זיך כמעט אַלע יידן פאַררעגיסטרירט. יעדער ייד וועלכער האָט זיך רעגיסטרירט האָט נאָך געמוזט איינ־צאָלן צען זלאָטעס.

ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז דער צוועק פון דער רעגיסטראַציע געווען, פעסטצושטעלן די צאָל יידן פון געטאָ. אָבער אין דער צייט פון דער רעגיסטראַציע ווען די יידן האָבן פון אונטער די ערד אויסגעזוכט קרובים אין אויסלאַנד, האָבן מיר ווידער נישט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט דאָ פאָר. מיר האָבן דאָס פאַרבונדן מיט די מפּלות פון די דייטשן אין אַפריקע, אָדער דאָס שטיין בלייבן אין רוסלאַנד ביי סטאַלינגראַד, מאָסקווע און לענינגראַד. אַ גרויסער טייל האָט אָבער נישט געגלויבט די דייטשן און מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן ווידערשטאַנד און געווער. אייניקע האָבן בכלל נישט געקאָנט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און האָבן זיך ווידער גענומען צו האַנדלען מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, און אַזוי זענען אַדורך נאָך אַ צוויי וואָכן מיט דערוואַרטונג.

די לעצטע טעג האָט זיך אָבער אָנגעהויבן פילן אַ שפּאַנונג. די דייטשן זענען ווידער געוואָרן ברוטאַל. ס'זענען ווידער פאָרגעקומען עטלעכע מאָרדן. אין עק פון פאביאַני־דלוגא האָט אַ דייטשער פּאַטראָל אונטער דער אָנפירונג פון זשאַנדאַרם פורלעי דערשאָסן זעליג ווילהעלמס אַ זון און אויך ד"ר קירכאוונעס אַ שוועסטער. ווער עס האָט נאָר געהאַט ווו, האָט גענומען אַנטלויפן פון געטאָ, אַנדערע ווידער האָבן זיך געשאַפן באַהעלטענישן ביי קריסטן. די שרעק איז געווען גרויס.

אַזוי האָבן מיר דורכגעלעבט די קריסטלעכע חגאות פון יאָר 1942/43 ביז דעם דריטן יאַנואַר 1943, דאָס איז דער קריסטלעכער יום־טוב — דריי־קעניגן.

אין דעם טאָג איז געקומען אַ טרויעריקע ידיעה, אַז דורך דער „יודן־קאָמאַנדא" פון דער געסטאַפּאָ זענען באַשטעלט געוואָרן 50

וואַגאָנען. מיר האָבן שוין געוווּסט פון דער פּראַקטיק וואָס דאָס באַדייט, כאָטש פון אָנפאַנג האָט מען נישט געוואָלט גלויבן, אַז עס דערנענטערט זיך דער שרעקלעכער סוף. ווער עס האָט אָבער נאָר געהאַט ווו איז איצט אַנטלאָפן פון געטאָ. עס זענען אויך געלאָפן מענטשן אָן אַ ציל. צווישן אַנדערע איז אויך אַנטלאָפן דער „יודנ־עלטסטער" פון געטאָ — גוטשטאט. זיין פאַרטרעטער יוזעף פאַנסקי איז שוין געהאַט אַנטלאָפן מיט עטלעכע טעג צוריק. פון גאַנצן יודנ־ראַט איז נאָר פאַרבליבן שמואל שפּירא אַלס פאָרשטייער פון די יידן.

אין דער זעלבער נאַכט זענעןביידע זייטן פון געטאָ אַרומ־גערינגלט געוואָרן דורך די דייטשע זשאַנדאַמעריע, פּוילישע פּאָליציי און אוקראַאינער, צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען די גאַנצע יידישע פּאָליציי מיטן קאָמענדאַנט בראש פאַרשפּאַרט אין ראַדאָמסקער אַרעסט.

אויפן דריטן טאָג פון אַרומשטעלן דעם געטאָ, דאָס איז מיטוואָך דעם 6־טן יאַנואַר 1943, האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן אַלע יידן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. די יונגערע, צווישן זיי די גאַנצע יידישע פּאָליציי, האָבן זיי געשיקט אין דעם אַרבעטס־לאַגער סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענגא, און די איבעריקע אין די וואַגאָנען אַריין קיין טרעבלינקע (עס איז פאַראַן אַ סברה, אַז דער טראַנספּאָרט איז געגאַנגען קיין מיידאַנעק). ניין־און־צוואַנציק מענטשן האָבן זיי איבערגעלאָזט כדי אויסצופּערטיקן דאָס הויז פון דער זשאַנדערמעריע און אויך צו רוימען די הייזער נאָך די יידן.

פון דעם פאַרשרייבן זיך צום פאָרן קיין אויסלאַנד, וואָס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן, האָבן די דייטשן געוווּסט וויפל יידן עס דאַרפן זיין. לויט זייער חשבון האָט זיי געפעלט אַן ערך אַכט הונדערט יידן, זיי האָבן זיך געוויצלט, אַז די אַנטלאָפענע וועלן זיך נאָך קומען בעטן, אַז מען זאָל זיי דערשיסן. ליידער איז עס אַזוי געווען. צוליב די גרויסע פרעסט, וועלכע האָבן דעמאָלס געהערשט, האָט דער גרעס־טער טייל פון די אַנטלאָפענע נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטון און זיי זענען איינציקווייז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רוצחים.

די ראַדאָמסקער תפיסה האָט זיך אָנגעפילט מיט געכאַפּטע יידן — מענער, פרויען און קינדער. יעדן טאָג האָבן די רוצחים אַרויסגעפירט די געכאַפּטע יידן אויף דעם בית הקברות און דאָרטן זיי אויסגעשאָסן. אין דער זעלבער וואָך, פרייטיק דעם 8־טן יאַנואַר 1943, זענען אויס־געשאָסן געוואָרן בערך דריי הונדערט יידן, דערינטער פיר און אַכציק קינדער. דריי טעג האָבן אָנגעהאַלטן די מאַסן־דערשיסונגען. צוזאַמען זענען דערשאָסן געוואָרן בערך זעקס הונדערט יידן. די קברים האָבן געגראָבן פּאָליאַקן, און ווי זיי האָבן דערציילט, האָבן די יידן געמוזט זיך אויסטון ביז צו די אונטערוועש און זיך שטעלן מיטן פּנים צום גרוב ביים ראַנד פון קבר. די דייטשן האָבן מיט אַ מאַשין־געווער אויף זיי געשאָסן אין די ריקנס. האַלב־און גאַנץ־דערשאָסענע זענען די מענטשן אַריינגעפאַלן אין די גריבער אַריין. די זעלבע קריסטן האָבן שפּעטער דערציילט, אַז שעהן־לאַנג האָט זיך די ערד אויף דעם מאַסן קבר באַוויגן פון די קערפּער וועלכע זענען נישט דערשאָסן געוואָרן צום טויט.

אַזוי אַרום זענען אַנטשטאַנען דריי מאַסן־קברים, וועלכע מען האָט שפּעטער נאָך דער מלחמה דערקענט דורך דעם וואָס די ערד אויף זיי האָט זיך געהאַט אַראָפּגעזעצט.

מיט די דריי מאַסן־קברים האָט זיך פאַרענדיקט די געשיכטע פון הונדערטער יאָרן יידישער יישוב אין ראַדאָמסק.

### ווי אזוי זענען פארבליבן די לעצטע ניין־און־צוואנציק יידן אין ראדאמסק

כדי מיר זאָלן פאַרשטיין ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז ביי דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פון די יידן אין ראַדאָמסק, זענען דאָך נאָך געבליבן ניין־און־צוואַנציק יידן אין דער שטאָט, מוזן מיר זיך צוריקקערן צו דער געשיכטע פון געטאָ.

נאָך אין יאָר 1942 האָט די דייטשע זשאַנדערמעריע אין ראַדאָמסק באַשלאָסן צו טוישן איר קוואַרטיר וועלכע איז געווען אין דער „אָכראַנקע", אויף אַ נייע. צו דער נייער קוואַרטיר האָבן זיי אויס־געקליבן כאַסקעלעוויטשס הויז אויף פּיאָטרקאָווסקא גאַס, נישט ווייט פון פּאַנסקיס דרוקעריי. אָבער כדי זיי זאָלן קענען אין דעם הויז וווינען, האָבן זיי נאַטירלעך דאָס הויז געמוזט איבערבויען. צו דעם צוועק האָבן זיי גענומען יידישע פאַכמענער פון געטאָ. פאַרשטענד־לעך אָן אַ גראָשן לוין פאַר זייער אַרבעט. אויסער די פאַכמענער, האָבן די זשאַנדאַרן גענומען פון געטאָ צו דער שוואַרצער אַרבעט אויך אַנדערע יידן. די אַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע איז פאָרגעקומען אונטער דער אויפזיכט פון דעם זשאַנדאַר פורלעי. יעדן פרימאָרגן איז פורלעי געקומען צום זאַמלפּונקט — ביי דער שול — גענומען די פאַכמענער און אַ געוויסע צאָל אַנדערע יידן צו דער שוואַרצער אַר־בעט, און אַליין זיי אַוועקגעפירט צו דער אַרבעט אין דער זשאַנדער־מעריע. אין אָוונט האָט ער די גרופּע צוריקגעבראַכט אין געטאָ אַריין. אַזוי האָט זיך געפירט עטלעכע וואָכן, ביז עס איז געקומען מאָנטיק דער 4־טער יאַנואַר 1943, אין דער נאַכט איז דאָס געטאָ אַרומגע־שטעלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע דייטשע כוחות און מען האָט שוין קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. דעם זעלבן מאָנטיק האָבן די דייטשן איבערגעשיקט אַלע יידן פון דער צווייטער זייט פּשעדבאָרסקי (דאָס קליינטשיקע געטאָ — ווי מ׳ר האָבן דאָס גערופן), דורך אָטשע־קנאַווסקיס טויער. ס׳זענען געקומען אין געטאָ אַריין בערך 100 יידן פון טשענסטאָכאָוו. אויף צומאָרגנס האָט מען ביי בערל אָליינִיק אין הויז — אין דער קיך פון דער וווינונג אין וועלכער ס׳האָט אַמאָל געוווינט דער שניידער קליינמאַן — געפונען 4 ייִנגלעך און 2 מיידלעך אויפגעהאָנגענע. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זענען די אויפגעהאָנגענע געווען פון דעם טשענסטאָכאָווער טראַנס־פּאָרט.

די אַלע יידן וועלכע זענען יעדן טאָג אַרויסגעגאַנגען צו דער אַר־בעט פון געטאָ, האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעדרייט ביי אָטשע־קאָווסקיס טויער מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט דאָך קומען עפּעס אַ ישועה, מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען וואָס עס דערוואַרט אונז.

אויף צומאָרגנס דינסטיק, זענען מיר ווייטער געקומען צו אָטשע־קאָווסקיס טויער און געוואָלט גיין צו דער אַרבעט, מען האָט אונז אָבער נישט אַרויסגעלאָזט. אַרום צען אַ זייגער קומט צו גיין פורלעי אין געטאָ אַריין, זוכט אויס די פאַכמענער, נעמט אַ גרופּע יידן צו שוואַרצע אַרבעט און פירט די גאַנצע גרופּע צו דער אַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע. דאָס איז געווען דעם טאָג די איינציקע גרופּע יידן, וועלכע איז אַרויס פון געטאָ צו דער אַרבעט. פאַרנאַכט איז אָנגעקומען צו דער אַרבעט דער אויבערלייטענאַנט קעמפּעניק, ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די אַרבעטער און זיך גענוי איינגע־קוקט אויף יעדן איינעם און צו יעדנס אַרבעט. ער האָט אויך צעטיילט עטלעכע ציגאַרעטן — מיר האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם באַדייט דערפון וואָס אַזאַ רוצח ווי קעמפּעניק פאַרטיילט ציגאַרעטן צווישן יידן. דאָס האָט אונז טאַקע געשראָקן — דערנאָך האָט קעמ־פּעניק באַפוילן דעם מייסטער פון דער גרופּע, אברהם בוכמאַן צו מאַכן אַ רשימה פון 10 טישלער. מיר זענען אָבער געווען דרייצן טישלער, האָט בוכמאַן געמאַכט אַ רשימה פון 13 טישלער. צווישנ־צייט זענען אַנטלאָפן פון די דרייצן טישלער צוויי, אברהם מיי־כעראָווסקי און משה שמולעוויטש, און ס׳זענען געבליבן עלף. די רשימה פון די עלף טישלער האָט פורלעי צוגענומען. דעם טאָג זענען פון דער גרופּע אַרבעטער אַנטלאָפן 20 מענטשן. אין אָוונט האָט פורלעי די איבעריקע צוריקגעפירט אין געטאָ אַריין.

צומאָרגנס אינדערפרי ד. ה. מיטוואָך דעם 6־טן יאַנואַר 1943. האָט זיך איבערגעחזרט די טרויעריקע געשיכטע פון 9־טן אָקטאָבער

1942. די יידישע פּאָליציי, וועלכע מען האָט שוין געהאַט אַרויסגעלאָזט פון אַרעסט, איז אַרומגעגאַנגען אין דעם גאַנצן געטאָ און געשריגן „אַלע יידן זאָלן אַרויסגיין״. מיר האָבן גענומען די רוקזעק אויף די פּלייצעס און זענען אַרויס אויפן הויף. אינסטינקטיוו זענען מיר ווייטער אָנגעקומען צו אָטשעקאָווסקיס טויער און געוואַרט. פּלוצלינג אַרום 9 אַ זייגער קומט אָן דער אויבערלייטנאַנט קעמפּעניק, און דורכן אייזערנעם טויער פון אָטשעקאָווסקיס הויז שרייט ער אַריין: „בוכמאַן מיט זיינע לויטע ראוס״. דאָס טויער האָט זיך געעפנט און דער געדראַנג צום אַרויסגיין פון טויער איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך, אַלע וואָס זענען געשטאַנען ביים טויער, האָבן זיך געריסן צום אַרויסגיין, אַלע האָבן געפילט, — אַז דאָס איז דער מאָמענט וואָס מען קען זיך אפשר נאָך ראַטעווען דאָס לעבן. אַ סך האָבן זיך דורכגעריסן און אַלע האָבן די דייטשן אויסגעשטעלט אין דרייען, דאַמאָלט האָט קעמפּעניק אַליין אויסגעקליבן צווישן די אַלע וואָס זענען געשטאַנען — 28 מענטשן — 26 מענער און 2 פרויען, די דאָזיקע וועלכע ער האָט געזען אַ טאָג פריער ביי דער אַרבעט אין דער זשאַנדערמעריע. פורלעי דאַקעגן האָט קאָנטראָלירט, אויב די מענטשן שטימען מיט דער רשימה וועלכע ער האָט געהאַט. די איבעריקע האָט די זשאַנדאַרמעריע מיט די באַגנעטן צוריקגעשטופּט דורכן טויער אין געטאָ אַריין.

מיר זענען אַלזאָ געבליבן אַ גרופּע פון 28 מענטשן אויסער דעם געטאָ. פורלעי מיט נאָך אַ זאָנדערדינסט — פרידריך — וועלכער איז געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז צו די פיס, האָט אונז אַוועקגעפירט. מיר האָבן נישט געוווסט וווהין מען פירט אונז. דער וועג אונזערער איז געווען צום אומשלאַג־פּלאַץ, פון דער פּשעדבאָרסקא גאַס — פון אָטשעקאָווסקיס הויז האָבן זיי אונז געפירט דורך דעם שול־געסל, אָבער נישט אויף רעכטס צו מיצקעוויטשאַ, צום אומשלאַג־פּלאַץ, נאָר גלייך דורכן קינאָ אַרויס אויף פּיאָטרקאָווסקאַ. איצט האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מיר גייען צו דער זשאַנדאַרמעריע. מיר האָבן געזען ווי דער וועג צום אומשלאַג־פּלאַץ איז געווען שטאַרק באַוואַכט. ביידע זייטן פון וועג זענען געווען באַשטעלט מיט דייטשע זשאַנדערמעריע, געסטאַפּאָ, אוקראַינער, פּוילישע פּאָליציי און זאָנדערדינסט (דאָס זענען געווען פּאָלקס־דייטשן) זיי זענען געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז צו די פיס און געשטאַנען זייער געדיכט, כמעט איינער נעבן דעם צווייטן. דורכמאַכנדיק דעם שווידערלעכן וועג זענען מיר אָנגעקומען אין דעם הויז פון דער זשאַנדאַרמעריע.

די 26 מענער וועלכע זענען אַרויס פון געטאָ זענען געווען די פאָלגנדיקע (+ 2 פרויען צו פירן דיווירטשאַפט):

| | |
|---|---|
| טישלער | בלעכער |
| 1. אברהם בוכמאַן | 16. לייביש ראָזענצווייג |
| 2. חיים שמולעוויטש | 17. אהרן ראָזענצווייג |
| 3. משה אופמאַן | ראַדיאָ־טעכניקער |
| 4. משה טרוסקולאַסקי | 18. אברהם רובין |
| 5. יחזקאל סלאַביאַק | מאָהלער |
| 6. מאיר כץ | 19. בצלאל האַרטמאַן |
| 7. יהודה וואַקסמאַן | 20. מעניעק האַרטמאַן |
| 8. ישראל וואַקסמאַן | 21. יאָסל קרויזע |
| 9. אברהם ווילהעלם | 22. גרשון אייזן |
| 10. לעמק ווילהעלם | עלעקטריקער |
| 11. יעקל גאָלדבערג | 23. יעקל ווינער |
| 12. נתן שקלאַרטשיק | 24. יוחנן פאַקטער |
| שלאָסער | פּאָליציאַנטן |
| 13. פישל פּאַריזש | 25. שמואל שפּירא |
| 14. יחיאל ריקמאַן | 26. לייביש אפּשטיין |
| 15. שלמה גאָטליב | |

אַרבעטן האָט מען אונז דעם טאָג נישט געהייסן. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי משוגעים, נישט גערעדט איינער צום אַנדערן, יעדער מיט זיין ביטער האַרץ, יעדער מיט זיינע ביטערע געדאַנקען. די מחשבות זענען געווען אין געטאָ. וואָס טוט זיך יעצט דאָרט? קיין ידיעה פון געטאָ האָבן מיר נישט געהאַט. אָפּגעזונדערט געווען פון אַלע יידן. אַרום 11 אַ זייגער האָט אַ באַוואָפנטער זשאַנדאַר געבראַנגט צו אונז צופירן אַ ייד. אין די ערשטע מינוטן האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס איז אַ משוגענער, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך דער ייד אָנגעהויבן צו באַרואיקן, און ער האָט אונז דערציילט פאָלגענדיקס: שטייענדיק אויפן אומשלאַג־פּלאַץ מיט אַלע יידן צוזאַמען, האָבן די דייטשן זיך געפרעגט ווער ס׳איז אַ דאָקטער. ער, מיינענדיק, אַז מען דאַרף וועמען דערטיילן הילף האָט אויפגעהויבן די האַנט, דאַמאָלס האָבן די דייטשן אים אַוועקגענומען פון זיין פרוי און טאָכטער און געבראַכט אַהער. דאָס איז געווען ד״ר וואַרהאַפט פון לאָדזש. אַזוי אַרום האָבן מיר באַקומען די ערשטע ידיעה פון דאָרט... מיר זענען שוין איצט געווען 29 יידן.

דערנאָך האָט אַ זשאַנדאַר גענומען מאיר קאַץ, משה טרוסקאָלאַסקי און יחזקאל סלאַביאַק אויף דער באַן־סטאַציע זיי זאָלן פאַרציִען מיט שטעכל־דראָט די פענצטער פון די וואַגאָנען ווו מען דאַרף איינלאָדענען די יידן. ווען זיי זענען צוריקגעקומען האָבן זיי דערציילט ווי אַזוי עס זעט אויס דער טויטן־מאַרש פון די יידן. דער דאָזיקער טויטן־מאַרש האָט זיך געצויגן פון אומשלאַג־פּלאַץ אויף דער מיצקעוויטשאַ דורך דעם נייעם וועג צו דער באַן־סטאַציע. דער גאַנצער וועג איז געווען פאַרזייט מיט דערהרגעטע יידן. יעטוועדער ייד וואָס פאַלט אַנידער הויבט זיך שוין מער נישט אויף, די דייטשן דערשיסן אים, יעדער דייטש פון דער וואַך וואָס גייט פאַרביי אַ ליגענדיקן ייד טרעט אים אַרויף אויפן קאָפּ.

אַרום 2 אַ זייגער איז געקומען דער זשאַנדערמעריע־מייסטער דעהן און האָט מיטגענומען מיט זיך די צוויי פרויען וועלכע קעמפּעניק האָט איבערגעלאָזט צו פירן די ווירטשאַפט ביי אונז און האָט זיי אַוועקגעפירט אויף דער באַן־סטאַציע, דאָרט האָט ער זיי אַריינגעפּאַקט אין די אָנגעשטופּטע וואַגאָנען מיט די יידן, און פון דאָרט אַרויסגענומען צוויי פרויען וועלכע ער האָט געזוכט, און זיי געבראַכט צו אונז. די צוויי געטוישטע פרויען זענען געווען: פרוי ענזלאַוויטש (פון זשארקי) און זאשיא דאומאַן פון בידגאָשטש. דער מייסטער דעהן האָט דערנאָך דערקלערט, אַז די ערשטע צוויי פרויען זענען אים נישט געווען סימפּאַטיש, דערפאַר האָט ער די אַנדערע צוויי אַרויסגענומען פון די וואַגאָנען. אונדז דאַקעגן האָט עס שטאַרק וויי געטון, ווייל מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָ אין אַ קאָמבינאַציע מיטן מענטשלעכן לעבן.

דעם גאַנצן טאָג זענען מיר געווען אין הויז פון דער זשאַנדערמעריע אונטער אַ שטאַרקע וואַך. פאַרנאַכט האָט אונז פורלעי מיטן זאָנדערדינסט פרידריך אַוועקגעפירט אין אונזער נייער קוואַרטיר וועלכע איז געווען אויף פּשעדבאָרסקי גאַס נר. 1, ביים קאָשטשאָל. מיר האָבן פאַרנומען דעם לעצטן איינגאַנג פון הויז. דער איינגאַנג איז געווען שטאַרק באַוואַכט.

אין דעם זעלבן הויז נאָר אין ערשטן איינגאַנג, האָבן די דייטשן אַריינגעזעצט צייטווייליק אַ גרופּע פון 240 יונגערע יידן, דערינטער די גאַנצע יידישע פּאָליציי וועלכע זענען אויסגעקליבן געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ כדי זיי צומאָרגנס שיקן אין דעם אַרבעטס־לאַגער סקאַרזשיסקאַ־קאַמיענאַ. די וואַך האָט נישט דערלויבט, אַז איין גרופּע זאָל זיך זען מיט די אַנדערע און דער קאָנטאַקט צווישן די גרופּן איז דעריבער פאָרגעקומען דורכן בוידעם פון דעם זעלבן הויז.

צומאָרגנס דאָנערשטיק אין דער פרי האָט דער אָבערלויטענאַנט קעמפעניק צוקאָפּטירט צו אונדז נאָך דריי יידן פון דער גרופּע וועלכע האָט געזאָלט גיין קיין סקאַרזשיסק. די דריי יידן זענען געווען, אהרן גרינבערג אַ ראַדאָמסקער און צוויי ברידער זשוכאָווסקי פון בעלכאַטאוו. מיר זענען שוין איצט געווען אַ גרופּע פון 32 יידן. די איבעריקע האָבן די דייטשן אויפגעזעצט אויף אויטאָס גרייט אַוועק־צושיקן. פון איין אויטאָ איז אַרונטערגעאַנגען דער שניידער דוד פּאַליוואַ, פּיכטענצווייגס אַן איידעם, דער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט אין געטאָ געאַרבעט שניידעריי פאַר דער זשאַנדערמעריע און איז געווען פּערזענלעך באַפריינדעט מיט קעמפעניקן, ער האָט עפּעס געזאָגט צו קעמפעניקן וואָס מיר האָבן נישט געהערט, פאַר דעם האָט דער אויבערלייטענאַנט קעמפעניק אים גלייך געהייסן דערשיסן. נאָך דעם איז די גרופּע אַוועק קיין סקאַרזשיסק.

ווי דערמאָנט איז אונזער גרופּע וועלכע האָט שוין געציילט 32 מאַן, איינקוואַרטירט אויף פּשעדבאָרסקע 1. פאַרשטייט זיך אונטער אַ שטאַרקע שמירה ביי טאָג און ביי נאַכט. מיר האָבן פאַרנומען דעם לעצטן איינגאַנג פון דער הויז. אין פאָרטער האָבן מיר געהאַט די מאַגאַזינען פון די זאַכן און פּראָדוקטן וועלכע מיר האָבן אַהערגע־בראַכט פון געטאָ. אויפן ערשטן שטאָק איז געווען די קוך און די וווינונגען און אויך דאָס זעלבע אויפן צווייטן שטאָק. אין אַ שטיבל אויפן דריטן שטאָק האָבן אויך געוווינט צוויי יידן, דאָס זענען געווען יחיאל ריקמאַן און שלמה גאָטליב.

נאָך אַלע צרות און נאָך דעם ווי מיר זענען שוין געווען „איינ־געאָרדנט" האָבן מיר געמוזט צוטרעטן צו אונזער צוואַנגס־אַרבעט.

ווי דערמאָנט האָבן מיר געאַרבעט ביים אויספּערטיקן דאָס הויז פון דער זשאַדערמעריע. עס איז זיך גאָר נישט שווער פאָרצושטעלן מיט וואָס פאַר אַ געמיט מיר האָבן געקענט אַרבעטן אין דער צייט וואָס מיר האָבן געוווּסט, אַז אונזערע ברידער און שוועסטער, חברים און באַקאַנטע, ווערן יעדן טאָג דערשאָסן אויפן בית־הקברות דורך די דייטשן. מיר האָבן זיך מיט ביטערניש צוגעהערט, וועמען מען האָט היינט געכאַפּט, ווער עס איז היינט דערשאָסן געוואָרן און ווער עס וועט מאָרגן דערשאָסן ווערן. די גרויזאַמע ידיעות האָבן אונז געבערענגט די פּויל־שע פּאָליציי און אויך די פּאָלקס־דייטשע זעלבסט־שוץ וועלכע האָט אונז באַוואַכט. מיר האָבן אויך געוווּסט פון דער זעלבער וואַך, אַז די תפיסה איז פול מיט געכאַפּטע יידן, מיר האָבן דעריבער זיך באַמיט צו ראַטעווען אַביסל יידן. מיר האָבן געהאַלטן אין איין פּאָדערן מער אַרבעטס־הענט און אַדאַנק די באַמיִונגען איז אונז געלונגען צו באַקומען פון דער תפיסה די ערשטע 12 מענער, זיי זענען געווען: משה כלאָפּסקי, אָבנר גאַרפינקל, סענדער זילבערשטיין — פון דזיאַלאשיץ — משה כלאפּסקיס אַ שוואָגער, פאַנטאַפּעל — אַ טשענסטאָכאָווער, ראָטמענש — דער פאָטער, ראָט־מענש — דער זון, קאַניא — אַ לאָדזשער, שפּירא — אַ קינסקער, און נאָך 3 קינסקער וועלכע זענען באַלד אַנטלאָפן. דערנאָך איז אונז ווידער געלונגען אַרויסצובאַקומען נאָך 4 יידן, דריי פרויען און איין מאַן, זיי זענען געווען: פעלא ביאַליסטאַק פון דער היים דאַווידאָ־וויטש, פאַלא דודקעוויטש פון דער היים רובינאָוויטש מיט איר מאַן אייזיק, סערקא ניסענבוים אַ קינסקערין. אַביסל שפּעטער האָט די זשאַנדערמעריע באַפרייט פון דער תפיסה שמואל דזיענצאַרסקי פון ראַדאָמסק, אַ שניידער. די גרופּע האָט שוין געציילט 49 יידן.

די ערשטע צייט זענען די 12 מענער, וועלכע מען האָט אַרויס־גענומען פון דער תפיסה, אָפּגעזונדערט געוואָרן פון אונז דורך דער זשאַנדערמעריע, נאַטירלעך אַז אַלע צוזאַמען האָבן מיר געוווינט אין דעם זעלבן הויז, נאָר די 12 מענער האָבן פאַרנומען איין צימער אין פאַרטער און מען האָט זיי גערופן די „סעפּאַרירטע גרופּע" צוליב דעם ווייל די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז נאָר צייטווייליק האָבן זיי באַפרייט די דאָזיקע גרופּע און. שפּעטער וועלן זיי דערשאָסן ווערן. די מענער זענען צוגעטיילט געוואָרן צום סאָרטירן די „טשוכעס" ד. ה. דאָס איבערגעבליבענע פאַרמעגן פון די אַרויסגע־פירטע יידן. די פרויען זענען צוגעטיילט געוואָרן צום רייניקן דאָס הויז פון דער זשאַנדערמעריע.

אין צווישנצייט איז פון אונזער גרופּע אַנטלאָפן דער געוועזע־נער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, שמואליק שפּירא. מיר זענען דורך דעם געבליבן אָן מיטלען צום לעבן, ווייל ער האָט געהאַלטן די בשותפותדיקע קאַסע. נאָך זיין אַנטלויפן האָבן די דייטשן פאַרשטאַרקט די שמירה איבער אונז און דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג ווי אַזוי ער איז אָנטלאָפן. אַזוי ווי דער עלעקטריקער יעקל ווינער האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מיט שמואליקן צוזאַמען, האָבן די דייטשן אים חושד געווען, אַז ער ווייסט ווו אַהין שפּירא איז אַנטלאָפן. באַזוכנדיק אים האָבן די דייטשן געפונען געלט און ווערט־זאַכן. צוויי טעג שפּעטער האָבן די דייטשן יעקל ווינער דערשאָסן.

נאָך דעם ווי ווינער איז דערשאָסן געוואָרן איז פון אונזער גרופּע אַנטלאָפן יוחנן פאַקטער דער זון פון מלך פאָקטער און גרשון אייזן.

מיט אַ צייט שפּעטער, זענען אַנטלאָפן נאָך 4 מענער פון דער „סעפּעראַטע גרופּע", אַלע קינסקער. איינעם פון זיי — שפּירא — האָבן די דייטשן אויפן וועג געכאַפּט. מיט דעם וואָס זיי האָבן דעם דאָזיקן שפּירא געכאַפּט, האָט זיך דער כעס זייערער געשטילט, צומאָרגנס ווען מען האָט אונז געפירט צו דער אַרבעט האָט מען געזען ווי פורלעי פירט שפּיראַן צום דערשיסן. פאַרבייגייענדיק, האָט שפּירא צו אונז געשריגן: „זייט געזונט חברים, נעמט נקמה!" נאָכן דערשיסן האָט אונז פורלעי דערציילט, אַז ער האָט אים ספּעציעל געגעבן אַ שאָס אין בויך, כדי דער טויט זאָל ניט שנעל קומען, „ווייל ער איז געווען אַ פרעכער יודע און האָט אויסגעריסן".

עס פאַרשטייט זיך, אַז צוליב די אַלע געשעענישן האָבן מיר דורכגעלעבט די טעג מיט גרויס שרעק, מורא האָבנדיק, אַז די דייטשן זאָלן אונז נישט ליקווידירן פאַר כעס. ס'וואָלט טאַקע אַזוי געווען ווען זיי וואָלטן אונז נישט געמוזט האָבן צו דער אַרבעט, זיי האָבן זיך טאַקע אַזוי אויסגעדרוקט.

נאָך די אַלע פאַקטן האָט אונזער גרופּע געציילט 41 יידן און דאָס לעבן האָט זיך ביז אַ געוויסע גרענעץ צייטווייליק נאָרמירט.

### דאס לעבן פוו די לעצטע פארבליבענע

קאָס' הויז אויף פּשעדבאָרסקי 1, דאָרטן ווי מיר האָבן געוווינט, איז געשטאַנען ווי אַן אינזל צווישן חורבות. אַלע יידישע הייזער פון אַרום און אַרום זענען געווען צעשמעטערט און צענומען דורך די דייטשן. דאָס האָלץ פון די הייזער האָבן זיי פאַרנוצט פאַר זיך. אין דעם הויז ווו מיר האָבן געוווינט איז נאָר אַ טייל פאַרנומען געווען דורך אונז. די וווינונגס־באַדינגונגען זענען נישט געווען קיין ספּעציעלע שלעכטע. מיר האָבן אַ סך אַכטונג געגעבן אויף דעם סאַניטאַרן מצב. אונזער דאָקטער וואַרהאַפט איז די ערשטע צייט קראַנק געוואָרן אויף אַ פלעק־טיפוס, מיר האָבן אים איזאָלירט אין דעם דאַך־שטיבל ווו עס האָט אַ מאָל געוווינט אַ יידישע משפחה — פעדערמאַן, און אָן רפואות איז דער דאָקטער אַרויס פון דער קרענק און נאָר טאַקע אַ דאַנק אונזער זאָרגן פאַר גוטע סאַניטאַרע באַדינגונגען האָט זיך קיינער פון אונז נישט אָנגעשטעקט פון דעם דאָקטערס קרענק. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן דעם פאַל מיט דעם דאָקטער האָבן די דייטשן נישט געטאָרט וויסן.

געשפּייזט האָבן מיר זיך, אין דער ערשטער צייט, פון די פּראָ־דוקטן וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דעם צווייטן געטאָ און אויך פון דעם, וואָס ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט באַר־געלט ביז צו דעם אַנטלויפן פון שמואליק שפּירא. פון דעם געבליבענעם מעל, האָט פאַר אונז

געבאַקן ברויט דער פּוילישער בעקער יאַוואָרסקי. יעדן צווייטן טאָג זענען מיר געגאַנגען אונטער אַ וואַך אָפּנעמען דאָס ברויט. געקאָכט פֿאַר אונז האָבן די צוויי פֿרויען דאָומאַן און ענזלוויטש. שפּעטער האָבן די דייטשן אונז צוגעשטעלט אַ טייל פֿון אונזערע לעבנסמיטלען. אָבער דעם גרעסטן טייל שפּייז האָבן מיר זיך געמוזט אַליין פֿאַרשאַפֿן. צו דעם צוועק האָבן מיר אויסגענוצט דאָס, וואָס מיר האָבן געאַרבעט ביים סאָרטירן די „טשוכעס". מיר האָבן אַ טייל פֿון זיי אַראָפּגעגנבעט און פֿאַרקויפֿט די פּאָליאַקן, אַזוי אַרום האָבן מיר פֿאַר דעם באַקומענעם געלט געקענט קויפֿן שפּייז. מער ווי עסן האָבן מיר ליידער נישט באַדאָרפֿן.

מיר זענען געווען איינגעטיילט אין דריי אַרבעטס־גרופּן. איין גרופּע וועלכע איז באַשטאַנען פֿון פֿאַכלייט איז געגאַנגען צו דער אַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע אויסצופּוצן זייער הויז. די ערשטע צייט זענען מיר געגאַנגען באַוואַכט דורך פּורלעי און דערנאָך דורך בראַנדן מיט צוויי דייטשע זעלבסשוצן. די צווייטע גרופּע וועלכע איז באַשטאַנען פֿון די „סעפּאַרירטע" אַרויסגענומענע פֿון דער תּפֿיסה, איז געגאַנגען צו דער אַרבעט אין דער שול און אין דעם בית־המדרש אַריין צום סאָרטירן די „טשוכעס". די אויססאָרטירטע „טשוכעס" זענען געוואָרן צעטיילט טיילווייז פֿאַר די פֿאָלקס־דייטשן, פּוילישע פּאָליציי און די בעסטע האָבן די דייטשן פֿאַר זיך גענומען. דאָס איבעריקע איז געוואָרן אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. די דריטע גרופּע וועלכע איז באַשטאַנען פֿון צוויי פֿרויען מיטן דאָקטער און אַן עלטערן ייִד, רוטמענש — צוהילף די פֿרויען, איז געבליבן אין הויז צו פֿירן די ווירטשאַפֿט און צו האַלטן דאָס הויז אין אָרדענונג.

די אַרבעט פֿון די פֿאַכלייט איז באַשטאַנען פֿון טישלעריי, מאַלעריי, בלעכעריי, שלאָסעריי, וואַסער־לייטונג און גערטנעריי. די הויפּט אויפֿגאַבע פֿון די פֿאַכמענער איז געווען אויסצופּוצן דאָס הויז פֿון דער זשאַנדערמעריע. דערנאָך ווען דאָס הויז איז שוין געווען פֿאַרטיק און די זשאַנדאַרמעריע האָט עס שוין באַוווינט, — וואָס שענער און באַקוועמער צו מאַכן זייער לעבן אין דעם הויז.

מיט דער צייט האָט די אַרבעט זיך גענומען ענדיקן, דאָס הויז איז געוואָרן פֿאַרטיק און די זשאַנדערמעריע האָט שוין אַלץ דאָרטן געהאַט, די אַרבעט ביי די „טשוכעס" האָט זיך אויך געענדיקט, האָט די גרופּע פֿאַכלייט גענומען אַרבעטן פֿאַר דעם פּערזענלעכן געברויך פֿון דער זשאַנדערמעריע. פֿאַר דער גרופּע וועלכע האָט געאַרבעט ביי די „טשוכעס" האָבן מיר זיך באַמיט, אַז זיי זאָלן באַקומען אַנדערע אַרבעט ווייל ווען זיי אַרבעטן נישט וואָלטן זיי געוואָרן ליקווידירט. פֿאַר דער דאָזיקער גרופּע טאַקע איז געפֿונען געוואָרן אַרבעט אין דער פֿאַבריק פֿון „טהאַנעט־מונדוס". אַגב, פֿאַר זייער אַרבעט וועלכע איז געוואָרן באַצאָלט האָבן מיר געהאַט אויף שפּייז.

ביים סוף יאַנואַר 1943 ביי דער אַרבעט פֿונם זשאַנדאַרמעריע הויז, נישט וויסנדיק וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען, האָבן מיר די לעצטע עטלעכע צענדליק יידן פֿון ראַדאָמסק געוואָלט, לויט אונזערע מעגלעכקייטן, פֿאַראייביקן די געשעענישן פֿון ראַדאָמסק. מיר האָבן געוואָלט, אַז די צוקונפֿט זאָל וויסן פֿון אונזער שקלאַפֿן־אַרבעט און עס זאָל בלייבן אַ זכר, כאָטש פֿון די לעצטע יידן אין ראַדאָמסק. לויט אַ פֿאָרשלאַג פֿון איינעם פֿון אונזער גרופּע האָבן מיר אָנגעשריבן אַ מגילה פֿון אונזערע צרות. דאָרטן זענען געווען פֿאַרשריבן איינצלהייטן און דאַטעס וועגן דעם חורבן פֿונעם יידישן ישוב אין דער שטאָט, די נעמען פֿון דעם יודנראַט און אויך די נעמען פֿון אַלע רוצחישע דייטשן אין דער שטאָט. גאַנץ באַזונדער איז געווען אָנגעשריבן די נעמען פֿון די אַלע יידן וועלכע זענען אומגעקומען דורך די רוצחישע דייטשן אין די לעצטע טעג. די מגילה איז געווען אָנגעשריבן אויף אַ דיקט און אונטערגעשריבן דורך אַלע אָנוועזנדיקע. די דאָזיקע דיקט איז מיט דער אָנגעשריבענער זייט צוגעקלאַפּט געוואָרן צו דער וואַנט אַלס אַ טאַפּעט. ליידער איז שפּעטער דאָס הויז פֿאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דער מגילה.

ווען דאָס זשאַנדערמעריע־הויז איז פֿאַרטיק געוואָרן און זיי האָבן פֿאַרנומען זייער נייעם קוואַרטיר איז אונז אויסגעקומען צו דערלעבן אַ קליינע נקמה אין דעם זשאַנדערמעריע־שעף קעמפּעניק. דער דאָזיקער רוצח און מאַסן־מערדער וועלכער האָט דורכגעפֿירט אַלע אַקציעס אין ראַדאָמסק האָט שפּעטער, ווען ער האָט שוין נישט געהאַט וועמען צו פֿאַרטיליקן, איבערגעטראָגן זיין גאַנצע ענערגיע אין אויספּערטיקן די נייע קוואַרטיר. גענוי דעם טאָג ווען די זשאַנדערמעריע איז אַריין אין דער נייער קוואַרטיר האָט דער מערדער קעמפּנדיק פֿאַרלאָזט ראַדאָמסק און אויף זיין אָרט איז געקומען דער אויבער־לויטענאַנט האָוער. טאַקע אַ דאַנק דעם טויש האָבן מיר אַ געוויסע צייט אַביסל פֿרייער אָפּגעאָטעמט.

דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן גענאָסן אַ דאַנק דעם נייעם אויבערלייטענאַנט איז געווען, דאָס אַראָפּנעמען די וואַך פֿון אונזער וווינאָרט. מיר האָבן שוין געקענט אַ ביסל אַראָפּגיין אויפֿן הויף נאָך דער אַרבעט. נאַטירלעך האָבן מיר נישט געטאָרט פֿאַרלאָזן דעם הויף דאָרטן וווּ מיר זענען איינגעקוואַרטירט, ווייל די זשאַנדאַרמעריע איז גאַנץ אָפֿט געקומען קאָנטראָלירן, צי מיר געפֿינען זיך אויפֿן אָרט, אָבער דאָך האָבן מיר זיך געפֿילט אַ ביסל פֿרייער. דאָס האָט אונז צוגעגעבן מוט, אַז אויף פּסח האָבן מיר אויף אַ זייער פּרימיטיוון אופֿן און מיט אויסערגעוויינלעכער פֿאָרזיכטיקייט אָנגעבאַקן עטלעכע סימבאָלישע מצות כּדי יוצא צו זיין דעם סדר פּסח. מיר האָבן אָפּגעריכט דעם סדר מיט דעם איינציקן ווונטש צו דערלעבן די דייטשע מפּלה.

עס האָט זיך אויך אַמאָל געמאַכט, אַז זשאַנדאַרן האָבן געברענגט פֿאַר אברהם רובין, ראַדיאָ־אַפּאַראַטן צו פֿאַרריכטן, ער איז געווען אַ פֿאַכמאַן פֿון די זאַכן. מיר האָבן דורך דעם געהאַט די מעגלעכקייט אויפֿצוכאַפּן די פּוילישע ראַדיאָ־סטאַציע „פּריי־פּוילן" און אַזוי אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן די גרויסע מפּלות וואָס די דייטשן האָבן געליטן ביי סטאַלינגראַד. דאָס האָט אונז געגעבן מוט און אויסדויער אויסצוהאַלטן די שווערע באַדינגונגען און די שרעקלעכע נערוועאישע אויפֿטרייסלונגען. פֿאַרשטייט זיך, אַז כּדי צו הערן די ידיעות האָבן מיר ריזיקירט מיטן לעבן פֿון דער גאַנצער גרופּע. די דאָזיקע ידיעות האָבן מיר געהערט תּמיד טיף אין דער נאַכט מיט שטאַרקע פֿאָרזיכטיקייט פֿון אונזער זייט. אין זיינער צייט האָבן מיר אויך געהערט וועגן דעם העלדישן אויפֿשטאַנד אין דעם וואַרשעווער געטאָ.

צווישן דער צייט איז דורך דער פּוילישער אונטערגרונט־באַוועגונג אין ראַדאָמסק, דערשאָסן געוואָרן אין מיטן העלן טאָג דער שעף צוזאַמען מיטן וויצע־שעף פֿון דער געסטאַפּאָ. די דייטשן זענען געוואָרן דערשיטערט פֿון דעם פֿאַל. כּדי צו האָבן אַ כּפּרה־הינדל, האָבן די דייטשן געוואָלט אַרויפֿוואַרפֿן די שולד אויף אונז און אונזער גאַנצע גרופּע אויפֿהענגען אין מיטן מאַרק. על פּי נס זענען מיר ניצול געוואָרן. דער נייער אויבערלייטענאַנט האוער האָט דערנאָך צו אונז געזאָגט אַז דאָס האָבן מיר אים צו פֿאַרדאַנקען.

עס איז אָנגעקומען אין דער שטאָט אַריין אַ נייער געסטאַפּאָ־שעף. די געסטאַפּאָ האָט אונז דעמאָלט אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן. דער נייער געסטאַפּאָ־שעף האָט פֿאַר יעדן פּרייז געוואָלט אונז ליקווידירן. פּונקט אין דער זעלבער צייט האָט פּאַסירט, אַז אַ דייטשער באַוואָפֿנטער וואַכמייסטער האָט געפֿירט אַ פּוילישן פּאַרטיזאַנער צו דער אויספֿאָרשונג און דער פּאַרטיזאַנער איז אַנטלאָפֿן, צום שלימזל איז אַברהם רובין צופֿעליק פֿאַרבייגעגאַנגען אין יענער געגנט און די דייטשן האָבן אים חושד געווען אין פֿאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער. די געסטאַפּאָ האָט אים אַרעסטירט

און נאָך צוויי טאָג אויספאָרשן האָט זי אים באַפרייט — די זשאַנדערמעריע האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן ראַדיאָ־מעכאַניקער. דאָס איז געווען נאָך דעם וואַרשאַווער געטאָ־אויפשטאַנד און די דייטשן האָבן אין יעטוועדן ייד געזען אַ פּאַרטיזאַנער.

צוליב די אַקציעס פון דער פּוילישער אונטערערד־באַוועגונג איז די „פּאָליציי־שעה" פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג געקירצט געוואָרן מיט צוויי שעה. אויב ביז איצט האָבן די פּאָליאַקן געמעגט זיך פריי באַוועגן ביז 11 אין אָוונט איז פון איצט אָן נאָר ביז 9. די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט באַשווערט דאָס באַוועגן זיך פון די באַהאַלטענע יידן, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט אַרויסגיין אין גאַס אַריין. פריער האָבן די באַהאַלטענע יידן אַמאָל פאַרשטעלטערהייט און אין דער פינצטערניש געקאָנט גיין אין דער גאַס אַריין עפּעס דערליידיקן אָבער יעצט ווען 8 אָוונט איז נאָך געווען גוט ליכטיק זענען די באַהאַלטענע יידן ביסלעכווייז אַריינגעפאַלן אין דייטשע רוצחישע הענט. די ערשטע יידישע קרבנות פון דעם נייעם געזעץ זענען געווען: דימאַנט צוזאַמען מיט ראָזנהאַלץ אַ טאָכטער, וועלכע ס'איז געלונגען צו קומען קיין ראַדאָמסק פון דער וואַרשעווער געטאָ. זיי זענען געוואָרן אַנטדעקט אַריינגייענדיק צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק. אין צוויי טעג שפּעטער זענען זיי נאָך פייניקונגען דערשאָסן געוואָרן. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויפגעהאָנגען ישראל בנימין פישמאַן נאָכדעם ווי דער פּאָליאַק אויף דער סטאָדאָלנע גאַס ביי וועלכן ער איז געווען אויסבאַהאַלטן, האָט אים אַרויסגעטריבן. פישמאַנ'ס טאָכטער מיט איר מאַן איציק רובינשטיין האָט מען נאָך מיט אַ צייט פריער אַרויסגעפירט אויף דעם בית הקברות און דאָרטן אוישוויץ.

פאַרבמאַן, דער אייגנטימער פון אַ טאַרטאַק, צוזאַמען מיט זיין טאָכטער זענען אַנדעקט געוואָרן ביי אַ פּאָליאַק און אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן, דעם פּאָליאַק האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט קיין אויסשוויץ.

כענציגסקי מיט זיין פרוי און גרייצער זענען אַנטדעקט געוואָרן אויף דער סטשאַלקאָווסקי גאַס דורך אַ מסירה פון אַ פּאָלאַק און דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

פישעלע העפּטלער מיט זיין פרוי האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אַ לאַנגע צייט אין די פעלדער און זענען געוואָרן אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז דערזעענדיק אויפן שאָסיי אַ זשאַנדערמעריע־פּאַטראָל זענען זיי צו און דערקלערט אַז זיי האָבן שוין נישט מער קיין כוחות זיך צו פּלאָגן און זיי זענען שוין אַפילו גרייט צו דעם, אַז מען זאָל זיי דערשיסן. זעלבסטפאַרשטענלעך, אַז די דייטשן האָבן זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און זיי אויפן אָרט דערשאָסן.

עמנואל רובין מיט זיין פרוי זענען אַליין געקומען אין קאָמיסאַריאַט אַריין זיך איבערצוגעבן אין דייטשע הענט. יעקב שפּירא מיט זיין טאָכטער זענען אויך דאַן דערשאָסן געוואָרן. רולניצקין האָט מען געכאַפּט אין גזשעבינער וואַלד און ער מיט זיין העלדישער האַלטונג האָט געראַטעוועט אונזער גרופּע פון אַ זיכערן טויט. כדי דאָס צו פאַרשטיין דאַרפן מיר דערציילן די געשיכטע פון דעם בונקער וועלכער האָט זיך געפונען אין דעם גזשעבינער וואַלד.

צווישן דער ערשטער און צווייטער אַקציע האָט אַ יונגער פּאָלאַק מיטן נאָמען זענעק זשלוכאָווסקי, משה אפּמאַנ'ס אַ באַקאַנטער, וועלכער איז אַליין געווען אַן ענדעק און אַ גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט, פאָרגעשלאָגן משה אָפּמאַנען פּאָלגענדיקן פּלאַן: ער איז גרייט צו נעמען אַ גרופּע יונגע יידן אויסבאַהאַלטן זיי אין וואַלד בתנאי, אַז ווען ס'וועט קומען די צייט זאָל ער אין דער שפּיץ פון דער דאָזיקער גרופּע באַפאַלן די דייטשן. פאַרשטענדלעך, אַז די גרופּע דאַרף אויך זיין באַוואָפנט. ער אַליין איז טאַקע גרייט אויב מען וועט אים געבן געלט איינצושאַפן דאָס געווער. מיר דאַרפן פעסטשטעלן, אַז ער האָט דאָ נישט געהאַט קיין שום מאַטעריעלע כוונות פאַר זיך כאָטש ער איז געווען אַן אָרעמער. ער איז אויך געווען אַ גלויביקער קריסט. נאָענט פאַר דער לעצטער אַקציע האָט זיך אַזאַ גרופּע געשאַפן. יעדן טאָג נאָכמיטאָג האָט זענעק גענומען עטלעכע פון דער גרופּע און דורך פאַרשידענע וועגן זיי אַרויסגעפירט אין גזשעבינער וואַלד אַריין. אין פאַרלויף פון דער נאַכט האָט ער מיט זיי צוזאַמען, בלויז ביי דער שיין פון דער לבנה, געגראָבן באַהעלטעניש. עס איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ גרוב פון עטלעכע מעטער די טיף און אינעווייניק זענען געמאַכט געוואָרן פּריטשן פון ביימער אויף צו שלאָפן. די גרוב איז פאַרדעקט געוואָרן מיט ערד און ביימער און ס'איז בלויז געמאַכט געוואָרן אַ קליינע פאַרמאַסקירטע עפענונג פאַר אַן אַריינגאַנג. די דאָזיקע באַהעלטעניש איז געמאַכט געוואָרן אין אַ יונגן געדיכטן וואַלד. זענעק איז געווען אַ וואַלד־מענטש, האָט ער אויך פאָרויס געזען, אַז ווינטער זאָל יעטוועדער וואָס גייט אַרויס פון בונקער טראָגן מיט זיך אַ בעזעם כדי צו פאַרווישן נאָך זיך די שפּורן אויפן שניי. עס איז באַשטימט געוואָרן דער טאָג ווען די גרופּע דאַרף פאַרלאָזן דאָס געטאָ און אַריבער אין וואַלד, דעמאָלס האָט דער בונקער באַדאַרפט שוין זיין אין גאַנצן פערטיק. אָבער די צווייטע אַקציע איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאָר טעג פריער איידער די גרופּע האָט באַדאַרפט פאַרלאָזן דאָס געטאָ און דער גרעסטער טייל חברים פון דער אָרגאַניזירטער גרופּע האָט זיך שוין נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען פון דעם אַרומגעשטעלטן געטאָ, אַחוץ דעם איז דער בונקער נאָך נישט געווען פאַרטיק. אין וואַלד אַריין איז געלונגען אַריינצוקומען נאָר אַ קליינע צאָל מענטשן, דאָס זענען געווען: רולניצקי, אַלטער גאַנצאַרסקי, קריבוס און רחלע סטופּניצקי (שיינדעלע די בעקערנס אייניקל). אונטער די צייט האָבן פרעמדע מענטשן, אַזעלכע וואָס האָבן נישט געהערט צו דער אָרגאַניזירטער גרופּע, זיך דערוווּסט וועגן דעם בונקער און זיין אינציאַטאָר און זיי האָבן זיך געוואָנדן צו זענעקן ער זאָל זיי ראַטעווען. זענעק, ווילנדיק ראַטעווען יידן און מיינענדיק דערביי, אַז ביי אַן אָרגאַניזירטער גרופּע יונגע מענטשן וועט נישט אויסמאַכן, אַז עס וועלן אויך זיין אַביסל עלטערע, האָט זיי אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין. דאָס זענען געווען: פרוי לאַנדנער מיט אַ טאָכטער, די אלמנה פון משה קאלקא, איר זון יוסף קאלקא מיט זיין פרוי און צוויי קינדער און בערל גווודזש. דערנאָך איז צוגעקומען שמואל לייב וואַקסמאַן, יאַדזיאַ בוכמאַן מיט אַ דריי־יעריק קינד און פעלאַ שמולעוויטש. צום סוף איז צוגעקומען, גנאַט. זענעק האָט זיי אויך טיילווייז באַזאָרגט מיט עסן. אויך אונזער גרופּע וועלכע איז געזעסן אין ראַדאָמסק, כאָטש אונטער אַ וואָך, האָט זיי געשטיצט לויט אונזערע מעגלעכקייטן. מיר האָבן אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט זענעקן און אויך אַ סך מאָל האָבן זיך די בונקער זיצערס אַריינגעגנבעט צו אונדז אין דער קוואַרטיר.

פרילינגס־צייט 1943 האָט פּאַסירט, אַז זענעק האָט צוויי טעג נישט צוגעשטעלט דעם בונקער קיין עסן, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דריי מאָן זאָלן גיין אין דאָרף אַריין שאַפן עפּעס צו עסן. געגאַנגען זענען: רולניצקי, קריבוס און גנאַט. שוין מיט אַ צייט צוריק האָבן די פּאָלאַקן אין דאָרף געשמועסט צווישן זיך, אַז אין וואַלד געפינען זיך יידן. ווען די דריי זענען אַריין אין דאָרף און די פּאָלאַקן האָבן אין זיי דערקענט יידן, האָבן זיי זיך גענומען יאָגן נאָך די דאָזיקע דריי. גנאַטן און קריבוסן איז געלונגען צו אַנטלויפן, דאַקעגן רולניצקין האָבן די פּאָלאַקן געכאַפּט און אים איבערגעגעבן די דייטשן אין די הענט אַריין. טראָץ דעם וואָס די דייטשן האָבן אים שרעקלעך געפייניקט אַזוי ווי זיי זענען געווען פעיק צו פייניקן, האָט רולניצקי גאָרנישט אויסגעגעבן, נישט ווו דער בונקער געפינט זיך, נישט די נעמען פון די וואָס באַהאַלטן זיך אויס און אויך נישט די וועלכע האָבן דערטיילט הילף די אויסבאַהאַלטענע. ווען חס וחלילה, ווי שוין דערמאָנט, רולניצקי וואָלט זיך צוזאַמענגעבראָכן און וואָלט

עפּעס אויסגעגעבן, וואָלט אַ גרויסער טייל פון אונזער גרופּע געליטן, און ליידן ביי די דייטשן ווייסן מיר דאָך איז געווען טויט.

די דייטשן האָבן רולניצקין אַרויסגעפירט אויפן בית הקברות און דאָרטן דערשאָסן.

צוזאַמען מיט רולניצקין איז אויך דערשאָסן געוואָרן אַ פּרוי.

דאָס לעבן פון אונזער גרופּע האָט זיך ווייטער געשלעפּט אין שרעק פאַר יעדן מאָרגנדיקן טאָג. פון איין זייט האָט די געסטאַפּאָ געפּאָדערט אונז צו ליקווידירן און פון דער צווייטער זייט האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצופעלן פאַר אונז אַרבעט. כדי אָבער אונז דאָך צו באַשעפטיקן, ווייל עס איז געווען זייער באַקוועם פאַר דער זשאַנדערמעריע צו האַלטן 40 אומזיסטע שקלאַפן, האָבן זיי פאַר אונז אויסגעפונען אַרבעט. פינף טישלער זענען געגאַנגען אַרבעטן אין דער שטאָטישער טישלעריי, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער שטאָטישער באָד. זעקס יידן זענען געגאַנגען אויף אַ געוויסע צייט לאַדענען ציגל אויף דער באַן־סטאַציע און אַ גרופּע פון די „סעפּאַרירטע" זענען געגאַנגען אַרבעטן אין דער פאַבריק פון „טהאָנעט־מונדוס". פאַר די אַלע אַרבעטן האָבן די דייטשן געצאָלט אַ מינימום און פאַר דעם געלט האָבן מיר זיך ווי עס איז געשפּייזט. דאָס עסן איז שוין דעמאָלס פאַר אונז געווען אַ פּראָבלעם. די „טשוכעס" האָבן זיך שוין געענדיקט, וואָס צו פאַרקויפן איז שוין נישט געווען, מיר האָבן זיך געשפּייזט נאָר פון דעם וואָס מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט פון די דייטשן, אָבער דאָס זענען געווען הונגער פּאָרציעס.

אַזוי ווי די זשאַנדאַרמעריע האָט שוין געוווינט אין זייער הויז האָבן מיר באַקומען צו דער אַרבעט דעם קעלער פון דעם דאָזיקן הויז. מיר האָבן דאָרטן אַריינגעשטעלט טישלער־וואַרשטאַטן און געאַרבעט פאַר דעם פּערזענלעכן געברויך פון די זשאַנדאַרן.

אין חודש מאַי האָט אויסגעפעלט האָלץ צו דער אַרבעט. האָבן די דייטשן זיך דערמאָנט, אַז אויף דעם יידישן בית הקברות געפונען זיך נאָך עטלעכע ביימער. זיי האָבן גענומען עטלעכע אַרבעטער פון אונזער גרופּע און געהייסן אונטערזעגן די דאָזיקע ביימער, וועלכע האָבן דאָרטן געוואָקסן לאַנגע יאָרן. פון די ביימער האָבן מיר שפּעטער געמאַכט לאָדנס צו זייערע פענצטער און אַ פאַרקאַן פאַר דעם גאָרטן אויף זייער הויף.

אין דעם זעלבן חודש מאַי האָבן מיר איין מאָל ביינאַכט געהערט אַ געשריי פון אַ זשאַנדאַר „שטעהן בלייבן", נאָכדעם צוויי רעוואָלווער שאָסן אויף דעם הויף ווו מיר זענען געווען איינקוואַרטירט און שטאַרק קלאַפּן אין אונזער טויער מיט די געשרייען פון דעם זשאַנדאַר פורלעי „אויפמאַכן". די שרעק איז געווען גרויס. מיר האָבן אויפגעמאַכט דאָס טויער און פורלעי האָט באַפוילן אַריינצונעמען אַ קערפּער פון אַ ייד וועלכן ער האָט דערשאָסן. לויט זיינע ווערטער — פאָרן וועלן זיך אַריינבאַקומען צו אונז. צומאָרגנס אין דער פרי האָבן מיר דערקענט אין דער דערשאָסענער: רוזשקע בוגאַיסקי די טאָכטער פון יידל בוגאַיסקי. מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז די דערשאָסענע איז געוועזן אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסטין וואָס איר טאָכטער איז געווען פורלעיס ליבהאָבערן. די מוטער וועלנדיק פּטור ווערן פון רוזשקען האָט זי אויסגעגעבן פאַר דעם דייטש. פורלעי איז געווען גרייט צו טאָן אַ טובה דער מוטער פון זיין לובאָווניצע און באַזייטיקן פון דאָרט רוזשקען, דערביי זאָל קיינער נישט וויסן, אַז דאָ איז ביז איצט געווען אויסבאַהאַלטן אַ ייד. רוזשקען האָט ער צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי צוקאָפּטירן צו אונזער גרופּע און פירנדיק זי ביינאַכט צו אונז האָט ער זי אויפן וועג דערשאָסן דערקלערנדיק דערביי, אַז דאָס האָט ער זיך אויף איר אָנגעטראָפן ווען זי האָט זיך געוואָלט אַריינגנבענען צו אונז. אַזוי אַרום האָט ער זיך געקויפט אַ מצווה פאַר זיין פאָטערלאַנד, — דערשאָסן אַ ייד — און גלייכצייטיק געראַטעוועט דעם גוטן נאָמען פון אַ קריסטין.

אין אַ געוויסן טאָג אין יוני זענען צו אונז דערגאַנגען ידיעות וועגן 2 יידישע מיידלעך (איינע פון זיי מאַניע וויטענבערג) וואָס זענען פאַרגוואַלטיקט געוואָרן, צעשטאָכן און צעשניטן דורך צוויי פּאָלאַקן. דער פאַל איז געווען אַזאַ ברוטאַלער, אַז אַפילו די פּאָלאַקן האָבן דאָס געטאָדלט... די געשיכטע איז געווען אַזעלכע:

אין די אויבנדערמאָנטע מיידלעך האָבן זיך פאַרליבט צוויי יונגע פּאָלאַקן. די ליבע האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין געטאָ. די ערשטע צייט האָבן די מיידלעך זיי אָפּגעשטויסן, אָבער ווען עס האָט זיך דערנענטערט די אויסראָטונגס־אַקציע און די צוויי יונגע שקצים זענען געקומען אין געטאָ אַריין אַרויסצוראַטעווען די מיידלעך, האָבן זיי נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און געגאַנגען מיט זיי. דער פּלאַן איז געווען, אַז שפּעטער וועלן זיי פאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט צוזאַמען מיט די קריסטן אַלס זייערע פרויען. דערווייל האָבן די יונגע קריסטן געדונגען אַ שטוב און די צוויי מיידלעך דאָרטן אויסבאַהאַלטן. וועגן דעם האָבן זיך דערוווּסט צוויי אַנדערע פּאָלאַקן וועלכע האָבן געוואָלט אויסנוצן דעם פאַל און די מיידלעך פאַרגעוואַלטיקן. פאַרשטייט זיך, אַז די צוויי „חתנים" האָבן צו דעם נישט דערלאָזט.

אין אַ געוויסן טאָג ווען די צוויי אַפּוטרופּסים פון די מיידלעך זענען געווען ביי דער אַרבעט האָבן זיך די אַנדערע צוויי פּאָלאַקן אַריינגעריסן אין דעם צימער ווו די מיידלעך זענען געווען אויסבאַהאַלטן, און דאָרט די מיידלעך פאַרגעוואַלטיקט, צעשטאָכן און צעשניטן. נאָך דער נידערטרעכטיקער רציחה האָבן זיי געעפנט דאָס פענצטער צוזאַמענגערופן די פּאָלאַקן פון דער אומגעגנט און אויסגעשריען: „זעט מענטשן — פּאָליאַקן באַהאַלטן אויס יידן". עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע צוויי רוצחים האָבן באַקומען זייער שטראָף. נאָך דער מלחמה זענען זיי מיט דער הילף פון יידן אויסגעפונען געוואָרן און דורך דער פּוילישער מאַכט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

אין דעם זעלבן חודש יוני זענען מיר אויפגעטרייסלט געוואָרן פון נאָך אַ פאַל. אַרבעטנדיק אין דעם קעלער פון דער זשאַנדערמעריע האָבן מיר אין אַ געוויסן טאָג געזען ווי די זשאַנדערמעריע ברענגט צופירן אַ גרופּע יונגע יידישע בחורים און מיידלעך און פאַרשפּאַרט זיי אין דער צעלע וואָס איז געווען אינעם קעלער. די דאָזיקע יונגע יידישע קינדער זענען געוועזן: מלך פּאַקטאָרס צוויי קינדער — אַ שוועסטער מיט אַ ברודער (דער זעלבער פאַקטאָר וועלכער איז מיט 5 חדשים צוריק אַנטלאָפן פון אונזער גרופּע צוזאַמען מיט גרשון אייזן, נאָך דעם ווען די דייטשן האָבן דערשאָסן יעקל ווינער) — יששכר און דינה וויטענבערג די קינדער פון יעקל וויטענבערג און פריימאַן. זיי זענען שפּעטער אַרויסגעפירט געוואָרן אינעם וואַלד אונטער קאַמינסק און דאָרט דערשאָסן געוואָרן. אויך ביי דעם פאַל איז מיט אונז געשען אַ נס וואָס מיר האָבן נישט געליטן.

די געשיכטע מיט דער דאָזיקער גרופּע יונגע בחורים און מיידלעך שטעלט זיך פאָר אַזוי:

וועלנדיק זיך ראַטעווען דאָס לעבן, האָבן זיי געגעבן געלט אַ קריסטין, אַז זי זאָל קויפן אַ הייזל אויפן קאָוואַלאָוויעץ אויף איר נאָמען. דאָס דאָזיקע הייזל איז אַוועקגעשענקט געוואָרן דער קריסטין מיט דעם באַדינג, אַז די גרופּע זאָל זיך דערווייל דאָרטן אויסבאַהאַלטן און אַזוי אַרום איבערלעבן דעם קריג. געלעבט האָבן זיי פון דעם וואָס זיי האָבן אויספאַרקויפט דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט. דורך די צייט זענען זיי געשטיצט געוואָרן דורך העלאַ וואַקסמאַן. זיי האָבן אויך אויסגעגראָבן אַ טונעל אונטער די ערד אויף אַ פאַל אויב מען וועט זיי באַפאַלן זאָלן זיי האָבן דורך ווו צו אַנטלויפן. דער אַריינגאַנג אין טונעל איז געווען דורך אַ שופלאָד פון אַ שאַנק וועלכע איז געשטאַנען אינעם צימער. איין מאָל האָבן דורכגייענדיקע

פֿאָלאַקן באַמערקט, אַז פֿון דעם הייזל גייט אַרויס אַ רויך. זייענדיק זיכער, אַז אין דעם הייזל וווינט קיינער נישט האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ באַהאַלטן זיך אויס יידן, זיי האָבן דעריבער געמאָלדן וועגן דעם דער זשאַנדערמעריע. ביינאַכט איז דאָס הייזל אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער זשאַנדערמעריע. די קינדער האָבן נאָך באַוויזן צו אַנטלויפֿן דורכן טונעל אָבער באָרוועס און אין די בלויזע העמדער. זיי זענען געלאָפֿן דורך פֿעלדער און וועלדער מיטן צוועק זיך אַריינצובאַקומען אין דעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. העלאַ וואַקסמאַן, דערווייסנדיק זיך וועגן דעם איבערפֿאַל פֿון די דייטשן, האָט גלייכצייטיק אויך געוווּסט ווו די אַנטלאָפֿענע דאַרפֿן זיך אָפּשטעלן, זי האָט גלייך גענומען געלט און קליידער און געפֿאָרן אין יענער ריכטונג, אָבער ליידער האָט זי זיי שוין נישט געפֿונען אויף דעם פֿריער אָפּגעשטימטן אָרט, די זשאַנדערמעריע האָט די קינדער געכאַפּט אין וואַלד. ביי דער אויספֿאָרשונג האָט די זשאַנדערמעריע צוגעזאָגט די קינדער, אַז מען וועט זיי שענקען דאָס לעבן אויב זיי וועלן אויסזאָגן ווער עס האָט זיי געשטיצט די גאַנצע צייט. די קינדער האָבן זיך געהאַלטן און קיינעם נישט אויסגעגעבן אָבער ווען מען האָט זיי גענומען שווער פּייניקן האָבן זיי די דאָזיקע פּייניקונגען נישט געקאָנט אויסהאַלטן, זיי האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן און אויסגעגעבן העלאַ וואַקסמאַן. צוליב דעם איז העלאַ וואַקסמאַן אַנטלאָפֿן פֿון ראַדאָמסק, איבערגעלאָזט די דירה מיט אַלעם און אויך איר מאַן שמואל לייב וואַקסמאַן וועלכער איז געווען אויסבאַהאַלטן אונטער אַ טאָפּלטער וואַנט אין דער דאָזיקער דירה. זי האָט באַוויזן מיטצונעמען בלויז איר קינד. גלייכצייטיק האָבן דערפֿון געליטן אַ סך יידן וועלכע זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און ביי קריסטן און געשטיצט געוואָרן דורך העלאַ וואַקסמאַן, ווייל ביז איצט האָט העלאַ וואַקסמאַן געמעגט וווינען אויסער דער געטאָ און האָט דעריבער געהאַט די מעגלעכקייט צו העלפֿן הילפֿלאָזע יידן. מיט איר אַנטלויפֿן איז דער קאָנטאַקט מיט די נויטבאַדערפֿטיקע איבערגעריסן געוואָרן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן האָבן זייער צוזאָג נישט געהאַלטן און די קינדער נישט געלאָזט לעבן. זיי האָבן אַרויסגעפֿירט די גרופּע יונגע בחורים און מיידלעך אין אַ וואַלד אונטער קאַמינסק און דאָרט דערשאָסן. מיר האָבן צוגעקוקט ווי די זשאַנדאַרן האָבן פֿאַרגעברייט דעם אויטאָ מיט די לאָפּאַטעס און אַרויפֿגעזעצט די קינדער. די צוויי מיידלעך האָבן זיך צעקושט...

מען טאָר אויך נישט אַריבערגיין נישט צו דערציילן וועגן דעם העלדישן האַלטן זיך פֿון אַ גרופּע יונגעלייט, וואָס האָט אויך פּאַסירט אין דעם זעלבן חודש.

די דאָזיקע גרופּע יונגעלייט איז באַשטאַנען פֿון סאַנע גראָסמאַן מיט זיין ברודער יעקב־הערש, קאָניעצפּאָלסקי, בלאַגער און חיים בעסער. די גרופּע איז געווען אויסבאַהאַלטן אויף דער סטאָדאָלנע גאַס אין אַ בונקער וועלכער איז געווען אין דעם שייער, ביי אַ פּאָלאַק וועלכער איז גראָד געווען אַ אַמאַטאָר־זייגערמאַכער. סאַנע גראָסמאַן און קאָניעצפּאָלסקי זענען פֿון פֿאַך געווען זייגערמאַכער. אין דער שטאָט האָט געוווינט אַ פּאָלאַק אַ זייגערמאַכער מיטן נאָמען ראַטקע. איין מאָל איז צו דעם ראַטקע געקומען אַ פּוילישער פּאָליציאַנט מיט אַ זייגער צו פֿאַרריכטן. ראַטקע האָט דעם זייגער נישט געקענט פֿאַרריכטן און דער פּאָליציאַנט זוכנדיק ווער ס׳זאָל אים פֿאַרריכטן דעם זייגער האָט געפֿונען דעם זעלבן פּאָלאַק ביי וועלכן סאַנע גראָסמאַן מיט דער איבעריקער גרופּע זענען געווען אויסבאַהאַלטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויך דער האָט דעם זייגער נישט געקענט פֿאַרריכטן, ער איז דאָך געווען נאָר אַ אַמאַטאָר נישט קיין פּראָפֿעסיאָנעלער זייגערמאַכער אָבער סאַנע גראָסמאַן וועלכער איז געווען אַ גוטער פֿאַכמאַן האָט דעם זייגער יאָ פֿאַרראָכטן. דער פּוילישער פּאָליציאַנט האָט זעלבסטפֿאַרשטענדלעך נישט געוווּסט, אַז דעם זייגער האָט גאָר פֿאַרראָכטן אַ ייד. ער איז אַוועק מיט דעם זייגער צו דעם ערשטן פּוילישן זייגערמאַכער און אים געפֿרעגט היתכן פֿאַר וואָס האָט יענער געקענט פֿאַרריכטן דעם זייגער און דו נישט. ראַטקע וועלכער האָט געוווּסט די פּאַכקענטעניש פֿון דעם בעל הבית פֿון דער אויסבאַהאַלטענער גרופּע האָט חושד געווען, אַז ביי אים זענען אויסבאַהאַלטן יידן. אין אַ שיינעם העלן טאָג האָט די זשאַנדערמעריע אַרומגערינגלט דאָס הויז אין וועלכן סאַנע גראָסמאַן מיט זיין גרופּע זענען געווען אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן אַדורכגעפֿירט אַ רעוויזיע און גאָר נישט געפֿונען, אָבער זיי האָבן דערפֿון נאָך נישט רעזיגנירט. אין אַ צייט אַרום זענען זיי ווייטער געקומען און נאָך אַ מאָל אַדורכגעפֿירט אַ רעוויזיע און דאָס מאָל האָבן זיי ליידער דעם בונקער אַנטדעקט. די גרופּע יידן האָט פֿון דעם בונקער נישט געוואָלט אַרויסגיין. דאָס גאַנצע געלט מיט די ווערט־זאַכן האָבן זיי פֿאַרניכטעט. די דייטשן האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין אינעם בונקער, זיי האָבן געמיינט, אַז די יידן האָבן געווער, זיי האָבן דעריבער גענומען דראָען, אַז זיי וועלן פֿאַרשיטן דעם בונקער און די יידן וועלן אין אים באַגראָבן ווערן לעבעדיקערהייט. נאָך אַ לענגערע צייט האָבן די יידן פֿאַרלוירן דאָס קאַלטבלוטיקייט און האָבן גענומען אַרויסגיין. זייענדיק שוין אין דרויסן האָט סאַנע גראָסמאַן גענומען זידלען די דייטשן, אַז זייער בלוט וועט זיך נאָך גיסן אין די רינשטאָקן און היטלערס מפּלה וועט קומען גאָר אין קורצן. איין זשאַנדאַר האָט אים גענומען שלאָגן אָבער סאַנע מיט זיין ברודער און אויך קאָניעצפּאָלסקי האָבן זיך געוואָרפֿן אויף די זשאַנדאַרן און זיי גוט צעשלאָגן. די דייטשן האָבן אויפֿן אָרט דערשאָסן סאַנע גראָסמאַן, זיין ברודער יעקב־הערש און קאָניעצפּאָלסקין. בעסערן און בלאַגערן איז נאָר געלונגען צייטווייליק צו אַנטלויפֿן. בעסער איז אין עטלעכע טעג שפּעטער געכאַפּט געוואָרן און מען האָט אים דערשאָסן. בלאַגער דאַקעגן האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַנדערע פּאָלאַקן נאָך מער ווי אַ יאָר צייט, ביז נאָך סוכות 1944 דאַמאָלס איז ער געכאַפּט געוואָרן און דערשאָסן.

די אַלע פֿאַקטן האָט בלאַגער איבערגעגעבן יידן מיט וועלכע ער איז געווען שפּעטער אויסבאַהאַלטן ביי אַנדערע פּאָלאַקן.

טראָץ די אַלע געשעענישן און פּאַסירונגען האָט אונזער גרופּע ווייטער געפֿירט איר לעבן. מיר האָבן אין דער צייט געציילט 41 מענטשן. האַלב אַכט אין דער פֿרי איז געקומען נאָך אונז דער זשאַנדאַר בראַנד און געפֿירט צו דער אַרבעט. דאָרט האָט ער געוואַכט איבער אונז ביז 12 אַזייגער ביי טאָג, דערנאָך אונז געפֿירט אַ „היים״ עסן מיטאָג. איינס אַ זייגער ווידער אונז צוריקגעפֿירט צו דער אַרבעט און 5 אַזייגער אָוונט אונז צוריקגעפֿירט אַ „היים״. די אָוונטן האָבן מיר פֿאַרבראַכט מיט עסן נאַכט־עסן, אַרומוואַשן זיך, ריין מאַכן די צימערן און קלערן, קלערן, קלערן...

טיילמאָל האָבן מיר זיך אַלע צוזאַמענגענומען אין איין צימער און דאַמאָלס אויף ס׳ניי אַלע צוזאַמען קלערן, קלערן, קלערן...

די אַרבעט האָט זיך געענדיקט און אַחוץ די אויסערע אַרבעטן האָבן מיר כמעט נישט געהאַט וואָס צו טאָן. מיר האָבן געפֿילט, אַז מיט יעדן טאָג ווערן מיר אַלץ מער איבעריקער. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ וויל אונדז ליקווידירן, דעריבער האָבן מיר געלעבט אין גרויס שרעק און נישט געוווּסט וואָס דער מאָרגן קען ברענגען.

סוף חודש יוני האָבן מיר ווידער איבערגעלעבט אַ נס. לייביש עפּשטיין פֿון אונזער גרופּע איז אַנטלאָפֿן. נאָך זיין אַנטלויפֿן האָט די געסטאַפּאָ וועלכע האָט די גאַנצע צייט געזוכט אַ געלעגנהייט אונז צו ליקווידירן אויסגענוצט די געלעגנהייט און דורכגעפֿירט א גענויע רעוויזיע אין אונזער קוואַרטיר. אַזאַ גענויע אונטערזוכונג איז דורך די גאַנצע 6 חדשים נישט פֿאָרגעקומען. דער געסטאַפּאָ שעף האָט אָנגעכאַפּט אברהם רובינען ביי די האָר און אים דורכ־

געשאָסן דאָס אויער. רובין האָט לאַנגע חדשים נישט געהערט אויף דעם דאָזיקן אויער. דערנאָך האָט ער אַרויסגערופן פון דער אַרבעט דעם מייסטער פון דער גרופּע אברהם בוכמאַן און ביי דער אויספאָרשונג אים מערדערלעך צעשלאָגן, ביז ער איז געפאַלן אין חלשות. פון די דאָזיקע קלעפּ ליידט נאָך אברהם בוכמאַן ביזן היינטיקן טאָג. דער געסטאַפּאָ־שעף האָט געפאָדערט פון בוכמאַנען, אַז ער זאָל אים זאָגן ווו אַהין איז געלאָפן עפּשטיין און ווו עס געפונען זיך אויסבאַהאַלטענע יידן. ער האָט צוגעגעבן, אויב עס וועט זיך געפינען איין אויסבאַהאַלטענער ייד וועט די גאַנצע גרופּע דערשאָסן ווערן. בוכמאַנען האָט אַרויסגעראַטעוועט פון דעם געסטאַפּאָ־שעף'ס הענט דער אויבערלייטענאַנט האוער. מען קען זיך פאָרשטעלן אונזער שרעק אין דער צייט ווען מיר ווייסן, אַז פּונקט אין דער זעלבער צייט איז ביי אונז געווען אויסבאַהאַלטן משה יחיאל ריקמאַנ'ס 12 יעריקער זון. מיט צוויי טעג פריער איז די פרוי פון דעם זעלבן אברהם בוכמאַן און די פרוי פון חיים שמולעוויטש אַרויסגעגאַנגען פון דעם זעלבן באַהעלטעניש דאָרטן זענען זיי געווען 2 חדשים אויסבאַהאַלטן. עס האָט פּאַסירט ממש אַ נס, אַז די געסטאַפּאָ האָט דאָס קינד נישט געפונען. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער זעלבער זון פון ריקמאַנען איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּאַלאַקן ביי וועלכע ער איז געווען אויסבאַהאַלטן.

דער פאַרדאַכט ביי דער געסטאַפּאָ איז אַנטשטאַנען דערפאַר, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז מיר דערטיילן הילף די אויסבאַהאַלטענע יידן וועלכע ווענדן זיך צו אונז. און דאָך האָבן זיי דורך דער גאַנצער צייט קיין איין מאָל אונז געקענט כאַפּן דערביי. אויסער דעם האָבן זיי אונז אויך חושד געווען, אַז מיר האָבן קאָנטאַקטן מיט די יידן פון וואַרשעווער געטאָ.

אַזוי האָבן מיר מיט שרעק און מיט נסים, איבערגעלעבט אַ תקופה פון 6 מיט אַ האַלבן חודש צייט, ביז דעם 21סטן יולי 1943.

דעם טאָג האָט זיך פאַר אונז איבערגעחזרט די טרויעריקע טעג פון 9טן אָקטאָבער 1942 — די ערשטע אַקציע און פון דעם 6טן יאַנואַר 1943 די צווייטע אַקציע.

אונזער הויז איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע זשאַנדאַרמעריע. זיי האָבן אונז אַלע לעצטע 40 יידן צוזאַמענגענומען און מודיע געווען, אַז מיר ווערן איבערגעשיקט אין דעם אַרבעטס־לאַגער פּיאָנקי. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיי נישט געגלויבט, אָבער וואָס האָבן מיר געקאָנט טון?

גלייכצייטיק האָבן זיי געבראַנגט די לעצטע 32 יידן פון זשאַרקי און צוזאַמען מיט אונז האָבן זיי אַלע אָנגעלאָדן אויף צוויי לאַסט־אויטאָס און אונטער אַ שטאַרקע באַוואָפנטע וואַך וועלכע איז באַשטאַנען פון די פּיאָנקער ווערקשוץ, אונז טאַקע אַוועקגעשיקט אין פּיאָנקער אַרבעטס־לאַגער.

פּיאָנקי געפינט זיך 23 קילאָמעטער פון ראַדאָם און דאָרטן איז אַ פאַבריק ווו מען האָט אויסגעאַרבעט פּולווער און אויפרייס־מאַטעריאַלן.

און ראַדאָמסק איז אין דעם טאָג געוואָרן אין דערווירקלעכקייט יידנריין.

# אינעם געטא און אויפן „האסאג"

## זאב סאבאטאווסקי

### דער נס אויפן טאָפּיש

דאָס טייכל טאָפּיש, צו וועלכן די יוגנט פלעגט אָפט גיין שפּאַצירן מיטן זאַקשעווער וועג, אין די שבת־דיקע נאָכמיטאָגן, און ווו זי האָט פאַרבראַכט אַזוי פיל אָנגענעמע צייט, איז אין יאָר 1941, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקום־פורעניות.

אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו רעגולירן דעם גאַנג פונעם טייכל, אַז עס זאָל פליסן צוזאַמען מיט די וואַסערן פון די באָברעס אין טייך וואַרטאַ. דער יודנראַט האָט געמוזט צושטעלן צו די דאָזיקע אַרבעטן 300 מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אַ פּויזנער פּאָליאַק, אַ צורר־יהודים.

די אַרבעטער זענען אַרויס אויפן טייכל אין שיפלעך. אין אַ שיפל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר זעקס מאַן, האָט מען אַריינגעפּאַקט 12 מאַן. האָט טאַקע געטראָפן, אַז אַזאַ שיפל האָט זיך איבערגעקערט און עס זענען דערטרונקען געוואָרן פיר יינגלעך, פון וועלכע דער עלטסטער איז אַלט געווען קוים 14 יאָר. זייערע נעמען זענען געווען: קאַלוזשינסקי, זאַנדבערג, גורקעוויטש און נאָר דריי פון די קרבנות איז געלונגען גלייך אָפּצוגעפינען אין טייך, נאָר דעם פערטן האָט מען טראָץ אַלע זוכענישן נישט באַוויזן צו געפינען.

די דייטשן האָבן מורא געהאַט, אַז צוליב דעם פערטן טויטן־קערפּער, זאָל נישט אויסברעכן קיין מגיפה צווישן מיליטער. זיי האָבן זיך געווענדעט צו דעם יודנראַט ער זאָל קומען צוהילף. די יידן האָבן באַקומען פּאַסיר־שיינען צוצוגיין צום טאָפּיש, וואָס איז געווען אויסער דעם געטאָ. עס איז אויך אַרויס דער מורה־הוראה און אַלע האָבן געזאָגט תפילות. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט דער מורה־הוראה אַריינגעשטעלט אַ ליכט אין אַ חלה און געלאָזט עס אויפן וואַסער. נאָכדעם ווי די חלה מיטן ליכט איז אָפּגעשוווּמען אַ שטיקל וועג, איז זי פּלוצים שטיין געבליבן אויף איין אָרט. די דייטשע סאָפּערן זענען דאָרט צוגעפאָרן און גענומען זוכן אין וואַסער. נאָך עטלעכע מינוטן האָבן זיי אַרויסגעצויגן דעם פערטן קרבן. די דייטשן זענען געווען דערשטוינט פון דעם וואָס איז געשען מיט דעם מורה־הוראה'ס כוח...

### טויט־עקזעקוציע פאַר אַ פוטער

אָנהויב פרילינג 1942 זענען קיין ראַדאָמסק אָנגעקומען אַ סך יידן, פּליטים פון פּוילישע שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין דייטשן רייך. די דאָזיקע פּליטים האָבן זיך מיט דער צייט איינגעבירגערט ביי אונדז אין שטאָט און מיטגעמאַכט זייערע שפּעטערדיקע ליידן. צווישן די דאָזיקע פּליטים האָט זיך געפונען אַ משפּחה פון שטעטל דזיאַלאָשין, מיטן נאָמען טיל. ווי אַ סך משפּחות אין יענער צייט, האָט אויך די משפּחה זיך פאַרנומען מיט שמוגלען פאַרשידענע זאַכן כדי זיך צו דערנערן. ליידער האָט ניט געפעלט אין שטאָט קיין מוסרים, וואָס האָבן דערטראָגן אין „געסטאַפּאָ" ווער מיט וואָס עס פאַרנעמט זיך. די „געסטאַפּאָ" פלעגט מאַכן רעוויזיעס ביי די געמסר'טע, קאָנפיסקירן די סחורות אָדער שפּייז־מיטלען, און על־פּי־רוב האָט מען זיך געקענט אויסקויפן מיט

אַ סומע געלט. די מסירה אויף דער פֿאַמיליע טיל האָט זיך אָבער פֿאַרענדיקט אַ סך טראַגישער.

ווען צוויי „געסטאַפּאָ״־לייט זענען געקומען מאַכן די רעוויזיע אין הויז פֿון דער פֿאַמיליע טיל, האָבן זיי דאָרט געפֿונען אויך אַ פּוטער, וואָס איז פֿאַרווערט געווען צו האַלטן. (בעת די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָבן די יידן געמוזט אָפּגעבן זייערע פּוטערס פֿאַר דער אַרמיי, אונטער דראָונג פֿון טויט־שטראָף). די צוויי „געסטאַפּאָ״־לייט זענען געווען באַקאַנט אין ראַדאָמסק: איינער איז געווען דער פֿאָלקס־דייטש שמאַלץ, אַ הויז־וועכטער ביי אַ יידישן בעל־הבית פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה; דער צווייטער — אַן אַלטער אונטערוועלט־מענטש, סטאַשעק וויסאָמיק, וואָס פֿלעגט יעדן דאָנערשטיק, אינעם מאַרק־טאָג וואַרפֿן קאָרטן אויפֿן מאַרק און אויסנאַרן ביי די תמימותדיקע פּויערן געלט. (בעת דער היטלעריסטישער מאַכט איז ער געוואָרן שעף פֿון דער געהיים־פּאָליציי). טראָץ אַלע תחנונים, האָבן זיי דאָס מאָל נישט געוואָלט נעמען קיין געלט, כאָטש מען האָט זיי פֿאָרגעלייגט גרויסע סומעס. זיי האָבן מיטגענומען אַלע וואָס זענען געווען אין שטוב ווי אויך די אַלטע מאַמע מיט אירע צוויי געהייראַטע טעכטער און איידעמס. דער פֿאָטער מיט דער ייִנגסטער טאָכטער, ווי אויך צוויי אייניקלעך (פֿון דריי און פֿיר יאָר) זענען צופֿעליק געזעסן אין גאַס און דעריבער זענען זיי נישט אַרעסטירט געוואָרן.

טראָץ אַלע לויפֿענישן, באַמיאונגען און פּראָטעקציעס, איז נישט געלונגען צו באַפֿרייען די אַרעסטירטע. נאָך אַ קורצער צייט איז אין געטאָ באַקאַנט געוואָרן, אַז מען האָט די צוויי איידעמס אַרויסגעפֿירט אין וואַלד און זיי דערשאָסן. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען געזען דורך די שול־גאַס דורכפֿירן אַ דראָזשקע מיט 5 פֿרויען. — די דריי אַרעסטירטע פֿון דער פֿאַמיליע טיל און נאָך 2 אַנדערע, וועלכע מען האָט געכאַפּט אויסערן געטאָ, אָן אַ דערלויבעניש. די אַלע 5 פֿרויען זענען אַוועקגעפֿירט געוואָרן אויפֿן בית־הקברות, און דאָרט דערשאָסן געוואָרן.

דער איינציקער ייִד, וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט די עקזעקוציע אויפֿן בית־הקברות, איז געווען דער לאַנגיעריקער שומר פֿון בית־הקברות, וואָס האָט זיך צוגעוווינט צו מתים און האָט קיין פּחד נישט געהאַט. דאָס מאָל, אָבער, איז ער אַ דערשיטערטער דערשינען אין יודנראַט, אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערלעכן געוויין און זיך גע־טרייסלט פֿון שרעק .ער האָט דורכאויס געפֿאָדערט מען זאָל אים באַפֿרייען פֿון זיין פֿונקציע, ווייל דאָס יאָמערן פֿון די 5 דערמאָרדעטע פֿרויען טראָגט זיך, סיי־טאָג סיי־נאַכט איבערן בית־הקברות...

## דער לעצטער ייִד וואָס איז געשטאָרבן אין געטאָ

יום־כּיפּור תש״ב (1942) דער יידישער ישוב איז שוין דאַן געווען איינגעשרומפּן אין דעם איינגעשלאָסענעם קליינעם געטאָ, און דאָס באַווייזן זיך פֿון אַ ייִד אין גאַס, האָט געשמעקט מיט טויט. דאָך האָבן אין טאָג פֿון יום־כּיפּור זיך צונויפֿגעזאַמלט אייניקע מנינים יידן, געפּייניקטע, און פֿון זייערע געבראָכענע הערצער האָבן זיך געריסן תּפֿילות, באַגלייט מיט אַ יאָמערלעכן געוויין. אין אַ ים פֿון טרערן האָט זיך געוויקט דער בעל־תּפֿילה, דער גוט־באַקאַנטער גידזעלער שוחט.

ווי אַ דונער האָט זיך פּלוצלינג אַריינגעריסן די טרויעריקע ידיעה, אַז טשענסטאָכאָוו איז אַרומגערינגלט פֿון די מערדער און אַז די אַקציע האָט זיך שוין דאָרט אָנגעהויבן. אַ פּאַניקע האָט באַהערשט די מתפּללים — אַ טייל איז זיך צעלאָפֿן, און אַ טייל איז געבליבן באַקלאָגן דעם פֿרישן אומגליק, וואָס דערנענטערט זיך צו אונדזער שטאָט. אַלע האָבן דערפֿילט, אַז דער מעסער פֿון מלאך־המוות דערנענטערט זיך צום אייגענעם האַלדז. ווי אַן אונטערגעשניטענער בוים האָט זיך דער בעל־תּפֿילה אַרונטערגעלאָזט אויף דער ערד און געפֿאַלן אין חלשות. עס איז געוואָרן אַ טומל: יידן לויפֿן אים ראַטעווען, ווען ער האָט, נאָך עטלעכע מינוטן, געעפֿנט די אויגן, זענען זיינע ערשטע ווערטער געווען: „צו־וואָס האָט איר מיך אויפֿגעוועקט, איך זאָל שטאַרבן פֿון די דייטשע הענט; ס׳איז דאָך מיר שוין אַזוי גוט געווען״...

מיט צען טעג שפּעטער, אַ טאָג נאָך שמיני־עצרת, ווען דער גלאָק פֿון טויט האָט אויסגעקלונגען זיין שחיטה־קלאַנג איבער אונדזער שטאָט, האָט די האַנט פֿון גורל פֿאַרמיידן פֿונעם שוחט אַ מיתה־משונה.

מיט 6 וואָכן שפּעטער, ווען אינעם קליינעם געטאָ זענען געבליבן בלויז 6 הייזער (אין דער שול־גאַס), מיט אַ גאָר קליינער צאָל יידן, האָט ווידער דער טויט זיך פֿאַרבייגעטראָגן נעבן שוחט און נישט פֿאַרשניטן זיין לעבן. דער שוחט איז דאַן געווען פֿאַרשטעקט אין אַ פֿאַרלאָזט הויז און דאָרט אַריינגעטאָן אין לערנען תּורה. אין אַ געוויסן פֿינצטערן אָוונט איז דאָרט פֿאַרביי־געגאַנגען דער באַוווּסטער מאַסן־מערדער קערבער, מיטן רעוואָלווער אין האַנט און באַגלייט פֿון אַ ווילדן הונט. ער האָט דערהערט ווי פֿון הויז טראָגן זיך די כאַראַקטעריסטישע טענער פֿון אַ לערנענדיקן ייִד און באַפֿוילן עפֿענען די טירן פֿון הויז. איך בין צופֿעליק אויך פֿאַרביי־געגאַנגען דאָרט, מיט מיינע צוויי יידישע שכנים, און מיר זענען אַריין די ערשטע אין הויז. דער מערדער איז שטיין געבליבן ביי דער טיר, האָט אויסגעגלאָצט זיינע מיט־בלוט־באַגאָסענע אויגן, אַריינגעשניטן זיין בליק אין דעם פּנים פֿון אַלטן שוחט, און איז געבליבן שטיין ווי פֿאַרגליווערט. ער האָט דערזען פֿאַר זיך אַן אַלטן צעבראָכענעם יידן, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און מידע אויסגעלאָשענע אויגן, וועמענס ליפּן ס׳האָבן געשעפּטשעט אַ הייליקע תּפֿילה צו גאָט. מעגלעך, אַז אין אָנבליק פֿון דער דאָזיקער ספּעציפֿישער אַנטפּלעקונג פֿון אַ יחיד, האָט אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ ביים בלוטדורשטיקן מאַסן־מערדער. דער דאָזיקער האָט אַ פּאָר מינוטן געשוויגן און שפּעטער אַ ברום געטאָן: „אויפֿשטעלן — מאַרש״. דער אַלטער שוחט האָט זיך לאַנגזאַם אויפֿגעשטעלט, דערנאָך צוגעלייגט זיין בלאַסע, אויסגעדאַרטע האַנט צום האַרצן, זיך אויסגעקלאַפּט 3 מאָל אויפֿן האַרץ און מיט אַ הויכן קול געזאָגט: „ברוך דיין אמת״. ער איז אַוועק צוזאַמען מיט זיין פֿאַנגער, אָבער געבליבן ווידער ביים לעבן.

מיט 3 טעג שפּעטער, זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז ראַדאָמסק איז איינגעשלאָסן געוואָרן צווישן 3—4 שטעט אין פּוילן, ווו יידן וועלן קענען בלייבן וווינען. עס איז פֿאַרגרעסערט געוואָרן דער געטאָ, ווייל מען האָט געבראַכט צו אונדז געכאַפּטע יידן אין די וועלדער און פֿון די תּפֿיסות, און מיט זיי האָט זיך אויך באַוויזן דער שוחט. ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט לערנען, אין דעם זעלבן צימער וואָס האָט אַמאָל געהערט צו זיין טאָכטער. ווען איך האָב אים געפֿרעגט, ווי אַזוי איז ער ניצול געוואָרן דעם לעצטן מאָל, האָט ער מיר אַזוי געענטפֿערט: „דאָס לעבן איז אין די הענט פֿון רבונו־של־עולם, און נאָר ער באַשטימט ווען דאָס לעבן אַוועקצונעמען״.

דער שוחט האָט געלעבט די גאַנצע צייט אויף דעם ברויט, וואָס ער האָט זיך פֿון פֿריער צוגעגרייט. דעם 2־טן יאַנואַר 1943 האָט ער אומגעקערט זיין כּשרע נשמה צו גאָט — זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. ער איז געווען דער לעצטער ראַדאָמסקער ייִד, וועלכער איז געשטאָרבן אויף זיין בעט, און געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל אויף דעם ראַדאָמסקער בית־הקברות.

מיט 3 טעג שפּעטער, דעם 6־טן יאַנואַר 1943, איז פֿאָרגעקומען די לעצטע פֿאַרניכטונג־אַקציע, ביי וועלכער עס זענען דערשאָסן געוואָרן אויפֿן אָרט הונדערטער מענטשן. זיי און די איבעריקע, וואָס זענען דאַן דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, האָבן שוין דעם זכות פֿונעם שוחט נישט געהאַט...

### ראַדאָמסקער קרבנות אין טשענסטאָכאָוו

דעם 23־טן סעפּטעמבער 1943, בעת דאָס דייטשע פייער האָט געבושעוועט ביים ליקווידירן די רעשטלעך יידן אין טשענסטאָכאָ־ווער געטאָ, האָט אויך אונדזער שטאָט בייגעטראָגן איר חלק אויף דעם דאָרטיקן היטלעריסטישן מזבח. ס'זענען דאָרט דאַן דער־שאָסן געוואָרן די פֿאָלגנדיקע ראַדאָמסקער תושבים: אבא ווינער, משה בערגער, אברהם קזשעפּיצקי און פרוי, טעלמאַנס טאָכטער, אייגל באַרקאָווישציק, שמואל ליפשיץ, אליעזר הויפּטמאַן און פרוי.

דאָס מאָל האָט די דייטשע פּאַרניכטונגס־מאַשין נישט געקלאַפּט מיט דער זעלבער פּינקטלעכקייט, ווי זי פלעגט קלאַפּן ביי פֿרי־ערדיקע אַקציעס, ווען אויף דעם קליינעם געטאָ־מערקל פלעגן קאָנ־צענטרירט ווערן טויזנטער יידן און דער דעגענעראַט מיט זיינע בלוט־דאָרשטיקע זשאַנדאַרן האָבן דורכגעפירט די סעלעקציעס. בעת יענע סעלעקציעס פלעגט מען אויסקלייבן, מערסטנטייל, יונגע מענער און געלאַדנט זיי אויף פֿון־פּאַרויס צוגעגרייטע אויטאָס, וואָס האָבן זיי געפירט אויפן בית־עולם צום דערשיסן. בעת אַזאַ אַקציע האָבן זיך געפונען אויף איין אויטאָ מיינע דריי ברידער: חיים, מרדכי און הארצקע סאבאטאווסקי.

חיים איז געקומען אין טשענסטאָכאָוו מיט אַ גרופּע, וואָס איז אַנטלאָפן פון סקאַרזשיסקער לאַגער און ער האָט דעריבער געביטן דעם פאַמיליע־נאָמען אויף שמוליעוויטש (די פאַמיליע פון אונדזער מוטער ע"ה). צו־יענער־צייט האָבן די דייטשן דווקא געזוכט מענטשן מיטן פאַמיליע־נאָמען שמוליעוויטש, צוליב אַ טראַנספּאָרט געווער וואָס איז אַריינגעשמוגלט געוואָרן אין טשענסטאָכאָווער געטאָ אויף דעם פאַמיליע־נאָמען (אַלע שמוליעוויטשעס זענען דעריבער דער־שאָסן געוואָרן). חיים איז אַרעסטירט געוואָרן מיט אַ טאָג פריער איידער די אויבנדערמאָנטע אַקציע און איז געבראַכט געוואָרן צום מערקל דירעקט פון אַרעסט.

דעם זעלבן טאָג האָט דער צווייטער ברודער מרדכי, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע, געגאַנגען אינטערווענירן מען זאָל באַפרייען חיים'ען פון אַרעסט. מרדכי איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן, געבראַכט געוואָרן צום מערקל און פאַרלאַדנט געוואָרן אויף דעם זעלבן אויטאָ אויף וועלכן ס'האָט זיך שוין געפונען חיים און נאָך צוויי ראַדאָמסקער: ישראל האזע און יחזקאל עלפערט.

דער יינגסטער ברודער, הארצקע, איז פאַרלאַדנט געוואָרן אויף דעם זעלבן אויטאָ, ווייל ער האָט געוווינט אויף דער נאַדזשעטשנע־גאַס נר. 88, דאָרט ווו מען האָט צוגעגרייט האַנט־גראַנאַטן צום געטאָ־אויפשטאַנד.

בעת דער אויטאָ, מיט די פאַרלאַדענע 45 מענטשן, האָט זיך געפונען אויפן וועג צום בית־עולם, האָט מיין ברודער חיים געשלאָגן דעם זשאַנדאַרם און אים אַרויסגעשליידערט פון אויטאָ. עס איז באַלד געוואָרן אַ פּאַניקע, אַלע האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען פון אויטאָ אין פעלד אַריין, וואָס איז געווען הויך באַדעקט מיט תבואה. עס איז געוואָרן אַ געשיסעריי און עס זענען געפאַלן טויטע איינער נאָכן צווייטן. דאָך האָבן זיך עטלעכע פאַרשטעקט אין דעם קאָרן. זיי זענען אין איינעם געלאָפן, און ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דעם ערשטן זשאַנדאַר, האָבן זיך אַלע אויף אים געוואָרפן, מיט די הענט דערוואָרגן און צוגענומען ביי אים דאָס מאַשין־געווער. נאָכן אַפּלויפן אַ האַלבע־שעה האָבן זיי באַגעגנט אַ צווייטן זשאַנדאַר, האָבן אים דערשאָסן און צוגענומען אויך זיין האַנט־אָטאָמאַט. מיט צוויי כלים האָבן זיי זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג צום וואַלד.

פיר פון די חברה, אויסשליסלעך טשענסטאָכאָווער, זענען ביי נאַכט צוריקגעגאַנגען אין שטאָט. איינער פון זיי, חיים כאַצקיעלע־וויטש, איז געוואָרן דערקענט דורך אַ זשאַנדאַר און אויפן אָרט דער־שאָסן געוואָרן. צוויי פון זיי איז געלונגען זיך אַריינצוקריגן אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ גאַריבאַלדי גאַס נר. 28 און שפּעטער זענען זיי גע־קומען אויף דעם „האסאג“ ווו איך בין געווען.

מיט דער הילף פון אריה גרינשפּאַן (געפינט זיך אין ישראל), איז מיר דאַן געלונגען צו באַקומען די אויבנבאַשריבענע אינפאָר־מאַציע — פון גרינעם פורמאַן, וועלכער איז געווען אַן עדות פון דער בלוטיקער דראַמע. מיט אַכט מאַנאַטן שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט אַ ראַדאָמסקער באַקאַנטן שייגעץ, וואָס האָט אויך געאַרבעט אויפן „האסאג“, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מיינע ברידער לעבן און געפינען זיך אין וואַלד, ווו זיי קעמפן קעגן דעם מערדערישן דייטשן שונא. דעם 20־טן יאַנואַר 1945 ווען איך בין נאָך דער באַפרייאונג געקומען אין ראַדאָמסק, האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז מיינע ברידער זענען געווען פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אָנטייל גע־נומען אין דער אַקציע פון איבערקערן צוגן מיט דייטשן אויף דער ליניע פּיעטרקאָוו־ראַדאָמסק. מיינע ברידער זענען אומגעקומען פון די הענט פון זייערע פוילישע חברים־פּאַרטיזאַנער, אין די קאָנסקער וועלדער.

### אויפן „האסאג“

אַ ספּעציעלן קאַפּיטל אין דער בלוטיקער מאַרטיראָלאָגיע, שטעלט מיט זיך פאָר דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטס־לאַגער „האסאג“, דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסער טייל ראַדאָמסקער יידן. ביי די ערשטע סעלעקציעס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון דעם לאַגער פיל ראַדאָמסקער יידישע לעבנס, צווישן זיי: זיסמאַן עפּשטיין און פרוי, חיים שמוליעוויטש און טאָכטער, ליפּא אפמאַן, ווי אויך רעגינא גאָלדבערג און אירע קינדער, עלפערט, מאכיל האָלצבערג און קינד, לעהמאַנס פרוי, צדוק קאָניעצפּאָלער א"אַ. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין טויט־פאַלן פון ראַדאָמסקער צוליב די שווערע וווינונג־באַדינגונגען און הונגער־נויט, וואָס האָבן געהערשט אין לאַגער. דער ערשטער הונגער־קרבן, וואָס האָט ניט געקענט איבערטראָגן די שווערע אַרבעט אונטער שטענדיקע קלעפּ, איז געווען שמואל פייער־מאַן. נאָך צוויי טעג זוכן, האָט מען אים געפונען אַ דערטרונקענעם אין דעם וואַסער־גרוב פון לאַגער. דאַן איז אויך געשטאָרבן יעקב לעהמאַנס טאָכטער, פאַליע, נאָך איר — די פריילן סטאַראַווינסקי. עס איז דערשאָסן געוואָרן פייבל האזע.

אַנטלאָפן פון לאַגער און שפּעטער אומגעקומען דורך פּאָליאַקן זענען: מרדכי ווינטרויב, הערשל הערצבערג, יוקל פּזשעראָווסקי, יואל שווערשעווסקי און יעקב לעהמאַן.

צוליב דעם נישט געלונגענעם אַקט פון מאַניעק פלאַווענער, האָבן באַצאָלט מיטן לעבן אַ סך מענטשן. מאַניעק האָט אַריינגעברענגט געווער אין געטאָ פאַר די יידישע אויפשטענדלער, אויף אַ פאַמיליע־נאָמען שמוליעוויטש. ווי ס'איז שוין אויבן באַטאָנט געוואָרן, האָט דער דאָזיקער אַקט געקאָסט דאָס לעבן פון אַלע שמוליעוויטשעס, בתוכם אויך דאָס לעבן פון זייער שוואָגער ישראל־בונים שמוליע־וויטש. מאניעק און זיינע פיר שוועסטער זענען אַרעסטירט געוואָרן אין לאַגער דורך דער „געסטאַפּאָ“ און זענען נאָך שווערע פייני־קונגען דערשאָסן געוואָרן דעם 24.1.1943 אויפן טשענסטאָכאָווער בית־הקברות.

צווישן די ראַדאָמסקער, וועלכע זענען געווען אויפן „האסאג“ ביז די לעצטע אויסזידלונגען, האָבן זיך געפונען: אליהו, רושקע און רחל עפּשטיין; שלמה קראַקאָווסקי און טאָכטער; יעקב און דניאל שפּירא; גוטע און שפרה אייכנער; דוד גוריכטער; מיכאל ראָזענבערג; משה ראָזענבערג, שרה און טעמא האפמאַן, וואָלף האָפמאַן, פייערמאַן, משה שווארץ, דוד קאָניעצפּאָלער און פרוי, די שוועסטער קאָניעצפּאָלער, יצחק און טוביה קאלקא, יידל

בערגער און שוועסטער, מאַניע האָפּמאַן, פֿראַניע שמוליעוויטש, אַריה גרינשפּאַן, יוחנן און חיה־רחל פֿאַקטאָר, שמחה פֿאַקטאָר, יידל קעסעלמאַן און פֿרוי, צעלאַ קעסעלמאַן, קלמן קאָרנפעלד, דאָראַ טעלמאַן, קזשעפּיצקי, מענדל אַליבאַרדאַ, אברהם גליקסמאַן, משה גליקסמאַן, גליקסמאַן־פּראַלניק, יעקב ווייסבערג, חיה־רחל פּעלמאַן, קרויזע, רושקע האַמפּעל און שוועסטער, חיים־יוסף שקלאַרטשיק און שוועסטער, יעקב און יוסף וויגאַצקי, חיים און לאַטקע שמוליעוויטש, גענייע שאַץ און טאָכטער העלאַ, אַ זון פֿון חיים שמוליעוויטש, בונים שטראַסבערג, שלמה דיאַמענט, גאַצעק זיידמאַן, שרה פּישלעוויטש, חיה פּישלעוויטש, מיכאל גאַנשעראַוויטש, מיכאל שטינלאָוף, ברידער פּזשעדבאָרסקי, קליינערמאַנס טאָכטער, שמעון האָפּמאַן, חיים עקיבא און אַלעק מאַרקאָוויטש, חיים אַראַנאָוויטש, דוד יאַקובאָוויטש, קונא קופּיטלאָווסקי און פֿרוי, מענדל האַזאַ און פֿרוי, העלאַ און אהרן ביאַליסטאָק, מיעדוויעד, מאַנעטאַ, שרה עלפּערט, רובינאָוויטש, משה שוויאַטלאָווסקי, גיטאַ ראַבינאָוויטש, מאיר־דוד גאָלדבערג, פֿרוי און 2 זין, איטאַ אייזען און קינדער, חנה און גיטאַ לידקעוויטש, פּייגל בלאַגער, שרה אַרבאַך, סלאַביאַק, צוקערמאַן, משה רובינשטיין, שלמה פּישמאַן, יעקב לאַנדאַ, יוליעק גאַנשעראַוויטש און ברודער, זאב־וואָלף סאַבאַטאָווסקי און יחיאל גאָלדבערג.

אין דעם „האָסאַג" האָבן נישט געפֿעלט קיין טערער און קיין שיקאַנעס, פֿון דער דייטשער זייט און זייערע צוהעלפֿער. אַ געוויסע פֿאַרלייכטערונג האָבן די ראַדאָמסקער געפֿילט, ווייל זיי האָבן איינער דעם צווייטן נישט פֿאַרגעסן און געהאָלפֿן. מיר קענען שטאָלץ זיין מיט שימעק האָפּמאַן, וועלכער האָט מיט שווערער מי, צוזאַמען מיט דאָראַ טעלמאַן, געשאַפֿן אַ קוך ספּעציעל פֿאַר קראַנקע, פֿון וועלכער ס'האָבן אויך געגעסן פֿיל ראַדאָמסקער. אַ גרויסער טייל פֿון די ווירטשאַפֿטלעכע פּלאַצוווּקעס איז געלעגן אין ראַדאָמסקער הענט. אין אינערן־דינסט, אין דער קוך, אין די פֿייער־סטראַזש, אין דער אַפּראָוויזאַציע איבעראַל זענען געווען פֿאַרטראָטן ראַדאָמסקער. האָט וועמער געקענט קויפֿן אַ ברויט, אַ הערינג, אַ ציבילקעלע, אַ ביסל צוקער, אַ קאַרטאָפֿל־פּלעצל, אַ טעפּל שוואַרצע קאַווע, אַ שטיקל זייף — האָט מען דאָס געקריגן ביי די ראַדאָמסקער. האָט וועמער געהאַט צו פֿאַרקויפֿן אַ פּאָר הויזן, אַן אַנצוג, אַ העמד, אַ פּאָר שיך, — איז ער אויך געגאַנגען צו די ראַדאָמסקער.

טראָץ אַלע אויסגערעכנטע מעלות, האָט דאָך אַ גרויסער טייל ראַדאָמסקער שווער געאַרבעט און געהונגערט. די וועלכע האָבן זיך נישט געשעמט מיט זייער הונגער און האָבן וועגן דעם דערציילט, פֿאַר באַקאַנטע, האָבן שוין די בני־עיר פֿאַר זיי געזאָרגט.

פֿיל האָט געהאָלפֿן מענדל אַלעבערדאַ, וואָס האָט געאַרבעט אין דער קוך. אויב מען האָט אים געזאָגט, אַז אַ ראַדאָמסקער הונגערט, האָט ער לאַנג נישט געקלערט נאָר אַ זאָג געגעבן: „זאָל ער נאָר קומען מיט אַ גרויסן טאָפּ, וועט ער שוין נישט הונגערן"...

דער דאָזיקער שטריך פֿון קעגנזייטיקער לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכער יידישער הילפֿס־גרייטקייט, איז געווען דער איינציקער ליכט־שטראַל אין דער גערדיכטער פֿינצטערניש וואָס האָט אויסגעפֿילט דעם גאַנצן אַרום. אין די גרויליקסטע טעג פֿון אומקום, אין געווירבל פֿון פּיינ־לעכן האַס, ווען מענטש צו מענטש איז געווען חיה, ווען עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן יעדער פֿונק פֿון מענטשלעכקייט, ווען יעדער איינער אויב ער האָט נאָך געהאַט כוח און מוט צו טראַכטן האָט געטראַכט נאָר ווי אַזוי זיך זעלבסט גרינגער מאַכן דעם הונגער און פּיין — אין אָט דעם גיהנום און קאָשמאַר פֿלעגט זיך פּלוצלינג אָנ־צינדן אַ פֿייערל פֿון מענטשלעכן געפֿיל ווען מען האָט געטראָפֿן אַ לאַנדסמאַן און געווען ביכולת אים מיט עפּעס וואָס צו העלפֿן. אין אַנבליק פֿון דער אַבסאָלוטער קאָלעקטיווער אחריות פֿאַרן טויט, וואָס דער בלוטיקער שונא האָט אַרויפֿגעלייגט אויף די יידן, האָט זיך ביי די יידן גופֿא אין געוויסע מאָמענטן געשטאַרקט דאָס געפֿיל פֿון קאָלעקטיווער אחריות פֿאַרן נישטיקן לעבן, דאָס געפֿיל פֿון יידישער קעגנזייטיקער הילף וואָס האָט בולט כאַראַקטעריזירט דעם פֿאַר־מלחמהדיקן יידישן לעבן אין גאַנץ פּוילן.



די דריי ברידער פֿון זאב סאַבאַטאָווסקי (פֿון לינקס: חיים, מרדכי און הערצקע), וועלכע זענען געווען אין טשענסטאָכאָווער געטאָ, שפּעטער געקעמפֿט אַלס פּאַרטיזאַנער אין דער אומגעגנט פֿון פּיעטרקאָוו—ראַדאָמסק און געפֿאַלן פֿון די הענט פֿון זייערע פּוילישע חברים־פּאַרטיזאַנער אין די קאָנסקער וועלדער.

# די „אריערין"

## האלינא פאריזש

די אויטאָרין פון דעם ליד, אַ טאָכטער פון שמואל פּאַריזש, האָט מיטגעמאַכט אַ טייל פון דער אומקום־תקופה אין ראַדאָמסק און טשענסטאָכאָוו, אַלס „אַריערין" אויף דער פּוילישער זייט א. ג. העלענא סאמבאָרסקא. אַלס אַזאַ איז זי שפּעטער מאָביליזירט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און האָט מיטגעמאַכט אַ געוויסע צייט אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין מינכען (1943). נאָך דער מלחמה האָט זי עמיגרירט קיין אַרגענטינע, פון דאָרט האָט זי אונדז צוגעשיקט דעם ליד און די צוויי בילדער וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ. דאָס ליד איז אין אַ פרייער יידישער איבערזעצונג פון פּוילישן אָריגינאַל. (רעד).



כ׳האָב נישט איינמאָל דעם טויט אין די אויגן געקוקט
כ׳האָב אים אַפילו מיט באַוווּסטזיין געזוכט;
אין טאָג ווען מען האָט דעם געטאָ צעשטערט
האָב איך מיינע טריט אַהינצו געקערט.

כ׳בין געגאַנגען דורך וואַלד עלנט ווי אַ שטיין
געקומען אין שטאָט און געבליבן אַליין;
געטראָפן דאָרט מענטשן פרעמדע נישט מיינע
נישט יידן נישט ברידער נישט דיינע נישט זיינע.

איך בין מיט פּאָליאַקן געשטאַנען צוזאַמען
געהערט ווי אין געטאָ די קוילן דאָרט פלאַמען;
דאָס האַרץ האָט געוויינט און דאָס פּנים געלאַכט
אַזוי ווי אַן „אַריערין" האָט דאַן לאַכן באַדאַרפט...

פּלוצלינג מיר דוכט זיך איך זע דאָרט מיין טאַטן
דאָס האַרץ הייבט אָן קלאַפּן ווי גרויסע האַרמאַטן;
איך זע מיינע נאָענטסטע זיי רופן זיי בעטן
זיי ווינקען און שעפּטשען איך זאָל נישט אָפּטרעטן.

אַן אמתע אַרישע האַנט האָט צוריק מיך געצויגן;
„דו ביסט נאָך יידיש־גאָלד אַהין דאָרט געפלויגן
ניטאָ וואָס צו זוכן אין געווירבל פון טויט".
כ׳בין ווידער אַן „אַריערין" פון פּיין און פון נויט.

צו שפּילן די ראָל פון אַן „אַריערין" געניי צום טאַקט
ווען דאָס האַרץ אָן אויפהער אויס מורא קלאַפּט.
זיי פריילעך פּאַיאַץ, ווען טרערן דיך שטיקן
מ׳דאַרף שפּאַסן און לאַכן דעם פּיין צו דערדריקן.

אין איין גוף האָבן נשמות געפּלאָנטערט זיך צוויי
די ערשטע מיט בענקשאַפט דורך צער און וויי;
די צווייטע באַשפּיגן אָבער אַ קאַלטע ווי אייז
צו רעטן דאָס לעבן פאַר יעטוועדן פּרייז.

כ׳האָב ליגנס געזאָגט און גלייכצייטיק געלאַכט
איין נשמה האָט דערביי געוויינט און געטראַכט;
די צווייטע האָט געזאָגט — דו נאַרישע מויד
האָסט שוין געזען דעם שפּאָט פונעם טויט?..

Sammel-Lager VIII a. d. Schenkendorfstr. München-Nord

**Lagerausweis Nr.** 89

Name: Samborska Wohnort: München 13

Vorname: Helena Straße: Schenkendorfstr.

geb. am: 27. 6. 27. Firma: Siemens

Nationalität: Polen

Sammel-Lager VIII a. d. Schenkendorfstr. München-Nord

München, den 27. 6. 1943

Lagerführer

eim Ausscheiden aus der Lagergemeinschaft abzugeben.

# נוקמים ונוטרים



## גרינשפאן הרשל

### הירייה בצירות הגרמנית בפאריס

מאת: ד"ר מארק דבורז'צקי

כבר בשנת 1938 חש העולם באימת היטלר. חוזה מינכן היה סימן בולט, שאירופה אין לה כוח ואומץ להילחם בהיטלר. ואחרי ה„אנשלוס" של אוסטריה (מארס 1938), ירד גל של גזירות על היהודים: החרמות המוניות (26 באפריל 1938), הדבקת כינוי לכל יהודי „ישראל" או „שרה" (18 באוגוסט 1938), החתמת תעודות־הזיהוי של היהודים באות „י" — „יהודי" (7 באוקטובר 1938).

ביום בו גזרה ממשלת היטלר את החתמת תעודות־הזיהוי הוציאה ממשלת פולין הוראה, שאזרחים פולניים ממוצא יהודי הגרים בחוץ־לארץ יותר מ־5 שנים, מאבדים אוטומאטית את אזרחותם הפולנית. הגזירה פגעה ב־20.000 יהודים. מיד ציוותה הממשלה הנאצית על גירושם של היהודים חסרי־האזרחות, אולם ממשלת פולין הודיעה, שלא תרשה כניסתם לגבולותיה.

הגירוש הפתאומי של יהודי פולין אלה מגרמניה בוצע באכזריות נאצית טיפוסית. רוב המוגלים הוכנסו לקרונות־משא, בצפיפות מחניקה, והותר להם לקחת עמם חפציהם האישיים רק במידה שיכלו לשאת בידיהם. הם הורדו בתחנת־הגבול זבונשין, בקטע המפורז שבין גרמניה ופולין.

באותם הימים הפך השם זבונשין לשם בלהות. על מלאכת ההגלייה ניצח רינהארד היידריך, שהיה אחר כך מפקדו האכזרי של מיבצע חיסול יהדות אירופה („הפתרון הסופי"). בזבונשין התגוללו היהודים שבועות (בימי הקור של אוקטובר), זקנים, ילדים וחולים, ללא קורת גג. שם נתגלתה לעולם תמונת־האימים של ה„דיפורטציה".

לזבונשין הוגלתה גם משפחת גרינשפאן, שישבה בהאנובר. בנם בן ה־17, הרשל, שהתגורר בפאריס, החליט לנקום בנאצים ולירות בשגריר הנאצי בצרפת ולעורר את מצפונה של אירופה. ב־7 בנובמבר בא לשגרירות וביקש שיחה עם השגריר. הוא הוכנס לחדרו של היועץ הראשון אֶרנסט פום ראַט. שם נפלה הירייה שפגעה בו קשה. אחרי יומיים מת מפצעיו.

שנה שנה נהגו היטלר ואנשיו לערוך חגיגות לכבוד ה„פוטש" במינכן, בשנת 1923. הפעם, במלאת 15 שנה ל„פוטש", נערכו ברחבי גרמניה פרעות ביהודים בסיסמא: „נקמה על הריגתו של ארנסט פום ראַט!" הפרעות שניצח עליהן היידריך, כונו במסימכים הנאציים בשם „ליל הגביש" („קריסטאל־נאכט"). אותו ליל נחרבו כ־7500 חנויות של יהודים, הוצתו בתי כנסת רבים ונשדד רכוש יהודי. עשרות נהרגו, ועשרות נפצעו קשה. באותם הימים גורשו מגרמניה למחנה הריכוז בוכנואלד יותר מ־10.000 יהודים. שם סבלו עינויים קשים. לא ידוע, אם נשאר אחד מהם בחיים.

העם הגרמני כולו היה עד לפרעות „ליל הגביש", אולם אף גרמני אחד לא יצא בדברי מחאה. „ליל הגביש" היה נקודת־מיפנה בתולדות יהדות גרמניה, ואילו המנהיגים הנאציים ניכחו, שלא צפוי להם שום עונש על מעשי הזוועה ביהודים.

ואכן, בועידת ראשי הנאצים שנערכה סמוך ל„ליל הגביש", ב־12 בנובמבר, בברלין, שם נפלו החלטות חמורות וגורליות בנוגע לעתידם של יהודי גרמניה.

ימי יריתו של הרשל גרינשפאַן, ו„ליל הגביש" נכנסו להיסטוריה כקריאת אזעקה והזהרה לצפוי ליהדות אירופה ולעמי אירופה, אם יתעצם השלטון הנאַצי. קריאת־העזרה לא נפלה על אזניים קשובות. אירופה נתגלגלה אלי תהום. ורק זיק אור אחד שרד: יריתו של הרשל גרינשפאַן, שהיתה אחר כך בגיטאות, ביערות ובארצות הכיבוש סמל לקריאת נקם בנאצים.

## נוקם כבוד עמו

מקום מיוחד במינו בשורת הלוחמים בחיה הנאצית תופס הרשל גינשפאַן, אותו צעיר יהודי בן ה־17, אשר בראשית נובמבר 1938 נכנס לבנין הצירות הגרמנית בפאריס והמית בירית־אקדח את יועץ הצירות, הבארון פון־ראט, כאות־מחאה וכנקמה נגד רדיפות היהודים.

אפיזודה טראגית זו, הרעישה בשעתו את העולם. הגרמנים ניצלוה למטרות נקם ביהודי ארצם — ערכו בהם פוגרומים, שרפו בתי־כנסת והטילו על יהודי גרמניה קנס קיבוצי בסך מיליארד מארק. אך יחד עם זאת שימש מעשהו של הרשל גרינשפן הפגנה נגד אדישותו של העולם, לתעלולי הדמים של שליטי גרמניה ביהודיה ונגד השלמה עם המשטר הנאצי.

הרשל גרינשפאַן נולד לאביו זונדל מראדומסק, אשר היגר ממנה בצעירותו ונשתקע בגרמניה.

משפחת גרינשפן היתה משפחה מושרשת בראדומסק והיתה ידועה בכינויה „הקוזקים", סימן לעוז רוח ואומץ־לב. אביו של הרשל, זונדל גרינשפן היה מראשי המיסדים של ההגנה העצמית בראדומסק בשנת 1906 והצטיין באומץ־לבו, דבר אשר מנע מאת הפורעים שהתקבצו אז בעיר מלבצע אַת זוממם.

הרשל הצעיר נתחנך בגרמניה. הוריו ניהלו חיים שקטים והתפרנסו בכבוד עד הגיעו של היטלר לשלטון. מאז התחילו הצרות. יום יום וגזרותיו עד אשר לבסוף נושלו היהודים מפרנסותיהם והרגישו את עצמם במצוק.

לכשגמר הרשל הצעיר את חוק לימודיו, רצה ללמוד מקצוע על מנת לעלות לארץ־ישראל, אולם, דרך הלימוד היתה חסומה בפניו ובלית ברירה יצא לפאריס, בה התגורר דודו. בפאריס למד הרשל מקצוע וכאשר רצה, כעבור שנה, לחזור לגרמניה, סירב הקונסול הגרמני להעניק לו ויזה באמרו: „יהודים אינם רצויים בגרמניה".

בינתיים הוחמר מצב ה„זרים" בצרפת. את הפאספורט הפולני איבד הרשל וחדש לא קיבל. באין לו ניירות וללא אפשרות לחזור הביתה נאלץ להסתתר מפני המשטרה.

במצב נפשי זה הגיע אליו מכתב מהוריו, בו הודיעו לו, כי ב־28 באוקטובר 1938 הוצאו בחמש לפנות בוקר ממיטותיהם ע"י אנשי הגיסטפו, הועמסו על הרכבת, לתוך קרנות המיועדים לבהמות, ובלי להרשות להם לקחת דבר מביתם, בלי בגדים חמים, דברי אוכל, בלי כסף הובאו לגבול הפולני ובחשכת הלילה „הושלכו" אל מעבר לגבול. במכתבם לבנם תיארו הוריו של הרשל את העינויים אשר סבלו ואת מצבם בעיירת הגבול זבונשין בה הם נמצאים.

המכתב הרתיח את הרשל הצעיר והרגיש, בדמיונו חי את כל אשר עבר על המגורשים והחליט לקחת נקם ולעורר את העולם ע"י הפגנת מחאה.

בבית מסחר לכלי נשק בפאריס קנה אקדח ועשרים כדורים והחל מתאמן בקליעה.

בשביעי לנובמבר 1938, ב־9 בבוקר פנה לשומר הצירות הגרמנית כי יכניסוהו אל הציר. „יש לי ידיעה סודית בשביל הציר", אמר. הוא דיבר גרמנית רהוטה והשומר בחשבו כי לפניו אחד המרגלים הגרמנים אשר שרצו אז בפריס לא חשד בו והניחו להיכנס. הציר עצמו, נעדר אותה שעה מהעיר, ובמקומו קיבל אותו סגנו, הברון פון־ראט.

הברון הזמין את הרשל להשמיע את דברו. הרשל הזדקף, הציג את עצמו ואמר: „שמי הרשל גרינשפן, באתי לנקום את נקמת דם אחי המומתים והנענים בגרמניה". תוך כדי דברו שלף אקדח וירה בבארון שלושה כדורי מות.

בבהלה שקמה נמלט הרשל מבנין הצירות, אולם ברצונו להפגין בפני העולם את המניע למעשהו, הסגיר עצמו באותו יום למשטרה.

מעשהו של הצעיר היהודי הסעיר את כל העולם, ועורר רגשות אהדה בחוגים הנאורים. הסתדרות הסופרים הליברלים בארה"ב העבירה אליו המחאה על סך 40 אלף דולאר, אולם הרשל סירב לקבלה וביקש להעביר את הסכום למחנה הפליטים היהודים בזבונשין. יחס השלטונות הצרפתיים היה אוהד. הוא קיבל מכתבי־עידוד רבים. שני הפרקליטים המפורסמים בצרפת טורז ודיז'פרה התנדבו להגן עליו חינם אין כסף.

המשפט התקיים בנובמבר 1939 (שלושה חדשים אחרי שפרצה המלחמה בין גרמניה וצרפת) והסתיים בהחלטת חבר המושבעים, כי גרינשפן חף מפשע. לפי הצעת שר המשפטים הצרפתי, אשר הסביר, כי שחרורו של גרינשפן עלול להציף בגל פוגרומים חדש את יהודי גרמניה ופולין הכבושה, הוחלט להשאירו בכלא כמשוחרר תחת הגנת המשטרה.

כעבור חדשים, משפלשו הגרמנים לצרפת הועבר הרשל לטולוז ושם שוחרר. במשך זמן רב הסתובב הרשל בצרפת גלמוד ועריריר, ללא תעודות, ללא כסף וללא מחסה. רק בשנת 1941 הצליח להתקשר עם המחתרת הצרפתית ולהתקבל בה כחבר נכבד. נמסרו לו תפקידים נכבדים והשתתף בפעולות נועזות. כתוצאה מהלשנה נתפס הרשל יחד עם קבוצת אנשי מחתרת צרפתיים ע"י הגרמנים אשר הצליחו לגלות את זהותו. מיד העבירוהו באוירון מיוחד לגרמניה למרכז הגיסטאפו.

על גורלו של הרשל גרינשפן ועל סופו המר נודע מפי פליטים, תושבי פאריס. לדבריהם הועבר הרשל ע"י הגיסטאפו למחנה הריכוז בזקסנהויזן, שלושה שבועות הוחזק שם כשהגרמנים מתעללים בו ונוקמים בו על מעשהו.

על מותו ישנן עדויות שונות. לדברי הגב' וייל־גודשו, עורכת־דין, אחת מסנגוריו של הרשל, הוצב גרינשפן למשפט מהיר בפני בית דין גרמני וראשו הותז בגרזן. אולם ישנה עדות אחרת אשר נמסרה ע"י עד ראיה להוריו השכולים. העד הזה סיפר כי הרשל פנה אליו ואמר: „מרגיש אני כי מחר בבוקר יובילו אותי לתאי הגאזים. אם תזכה לצאת מכאן השתדל נא למסור להורי כי זכרתים עד הרגע האחרון, ואמור לכל צעירי היהודים כי יגיבו בגאוה על כל פגיעה והשפלה. זה יזקוף את קומתם".

---

5, Avenue Paul-Vaillant-Couturier
FRESNES
(Seine)

le 21 2 1939

Ich glaube,
das du schon weißt, was für
einen Ackt der Verzweiflung
ich getan habe. Ich hoffe aber,
das Frankreich einsehen wird
warum ich dieses getan habe,
und mich nicht wie ein Ver-
brecher behandeln wird. Mir
geht es sonst sehr gut. Wie geht
es dir? Schreib mir mal etwas
vom Leben aus Palestina, weil
mich das sehr interessiert.

קטע מאחד המכתבים שכתב הרשל גרינשפן מבית־הכלא ב־9 בי"ן אל דנדנו אריה גלברד.

„...אני מאמין, כי כבר ברור לך מהו מעשה היאוש שביצעתי. מקווה אני, כי צרפת תתחשב בנימוק למה עשיתי זאת, ולא תתייחס ולא תטפל בי כאילו הייתי רוצח. בדרך כלל „הולך לי" טוב. כיצד „הולך" לך? כתוב לי פעם משהו על החיים בפלסטינה, כי זה מעניין אותי מאוד"...

ממכתביו של הרשל מבית כלאו ואף מהתעודות עליו שנתגלו בארכיוני הגיסטאפו הננו רואים לפנינו טיפוס בלתי רגיל, דמות מופלאה באומץ לבה ברגישותה לכבוד יהודי ובמסירותה לעמה, דמות היודעת את אשר לפניה.

באחד ממכתביו לידידיו אשר נמצא בארכיוני הגיסטאפו הננו קוראים: „בלילות אני חולם על הגיטו, על נשים יהודיות וילדים יהודים הבורחים על נפשם מפני אנשי ס. ס. מזויינים בשוטים הרודפים אחריהם.

המכתבים להוריו הם מלאים רגש. באחד מהם הוא כותב:

מ... לא יכולתי לנהוג אחרת. כיהודי הייתי מוכרח לעשות את אשר עשיתי. אני חושב שהעולם הנאור לא יראני כפושע אלא כיהודי גאה שהגיב כיאות על מעשי הפשע שהעם הגרמני המיט על עמו..."

כזה היה הרשל גרינשפן, גיבור יהודי, אשר רגישותו לסבלם של בני עמו, ואהבתו להוריו, הציבו אותו לעמו והעלוהו בשורת דמויות הנוקמים, והוא נרשם בתולדות האומה לכבוד יהדות ראדומסק, עיר מוצאו.

**א. ש.**

## דער נוקם פון יידישן כבוד

הערשל גרינשפּאַן איז דער נאָמען פון אַ נייעם העלד אין דער יידישער געשיכטע. אויב אַפילו זיין טאַט האָט אַרויסגערופן פיל קריטיק, באַוווּנדער איך דעם הערצאישן קעמפער פאַר יידישע רעכט, און איך בין שטאָלץ מיט אים אַלס לאַנדסמאַן.

ער איז געבאָרן געוואָרן אין האַנאָווער, דייטשלאַנד, מיט 17 יאָר צוריק. זיין פאָטער, זונדל גרינשפּאַן, איז אַ זון פון יאַנקל גרינשפּאַן, וועלכער איז געווען אַ נאָוואָ־ראַדאָמסקער איינוווינער (די משפחה האָט געטראָגן דעם צונאָמען „קאַזאַקן"). זונדל איז אין די יונגע יאָרן מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם שטראָם פון עמיגראַציע, און איז געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן די ליבע היים־סביבה, די משפחה, חברים און פריינד, און אויסוואַנדערן אין דער ווייטער וועלט, צו זוכן אַן עקזיסטענץ־מעגלעכקייט. אַ סך פון זיינע חברים איז געלונגען אַריבערצוקומען קיין אַמעריקע, אָבער אים האָט דער גורל פאַרוואָרפן אין האַנאָווער. דאָרט איז הערשל גרינשפּאַן אויף דער וועלט געקומען. די עלטערן האָבן אים געגעבן אַ גוטע יידישע דערציונג און אים איינגעפלאַנצט ליבע צו זיינע קרובים, לאַנדסלייט און צו כּוילישע יידן בכלל, וועלכע גרופּירן זיך דאָרט אין אַ באַזונדערן שטאָט־טייל.

עס איז געווען אין דער צייט פון דער ווײַמאַרער רעפּובליק. הערשל האָט זיך נאָך אַלס קינד, צוגעקוקט צו די פּאָליטישע קאַמפן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער שטאָט אין וועלכער דער גענעראַל פעלד־מאַרשאַל הינדענבורג האָט באַשלאָסן נאָך דער מלחמה אויסצולעבן זיינע לעצטע יאָרן. הערשל האָט געזען ווי עס הויבט זיך אָן אַ נייע רעאַקציע, ווי הינדענבורג איז געוואָרן דער נאָכפאָלגער פון סאָציאַליסט עבערט, און איז אַוועקגעפאָרן זיך באַזעצן אין בערלין אַלס זייער פּרעזידענט אין דייטשלאַנד. ווען הערשל איז נאָך געגאַנגען אין שולע, האָבן זיך שוין אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירן שטורם־טרופּן. היטלערס ברוין־העמדלדיקע אַרמיי האָט שוין מאַרשירט איבער די גאַסן און געזונגען אַנטיסעמיטישע מאָרד־לידער, מיט דעם רעפריין: „ווען יודן בלוט פון מעסער שפּריצט". זיי האָבן געטראָגן שילדן אויף וועלכע עס איז געווען געשריבן מיט גרויסע אותיות „יודע פאַרעקע". מער ווי איין מאָל האָט זיך זיין יונגע האַנט צוזאַמענגעבײַלט אין אַ פויסט און ער פלעגט זיך צעוויינען, ניט קענענדיק פאַרטראָגן די ווילדע צעלאָזנקייט פון די היטלעריסטן.

זיינע עלטערן האָבן געפירט אַ שטיל לעבן. דער פאָטער, אַ שניידער, האָט זיך כלל נישט באַשעפטיקט מיט פּאָליטיק, איז געווען צופרידן וואָס ער האָט געקאָנט ערנערן דורך זיין מלאכה זיין משפחה און נישט דאַרפן אָנקומען צו צדקה. און אַזוי האָט זיך די גרינשפּאַן פאַמיליע געלעבט ביז עס האָט זיך צעבושעוועט דער היטלער־רעזשים. יעדער טאָג האָט נייע גזרה געבראַכט, און מיט יעדן נייעם דעקרעט זענען אונטערגעגאַנגען הונדערטער יידישע פּרנסות. דאָס אַרויסשטויסונג פון יידן פון אַלע זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס האָט געבראַכט צו דעם, אַז הערשל האָט דערזען, אַז פאַר אים איז מער קיין צוקונפט אין דייטשלאַנד נישט מעגלעך. ער האָט דעריבער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און עמיגרירט קיין פּאַריז, וווּ עס האָט שוין זיך געפונען אַ קאָלאָניע פון כּוילישע יידן. דאָ האָט ער געהאָפט זיך צו דערשלאָגן צו אַ ציל.

דעם 28טן אָקטאָבער, 1938, פינף אַ זייגער פאַרטאָג, זענען די מלאכי־חבלה פון דער „געסטאַפּאָ" באַפאַלן די וווינונגען פון די פּוילישע יידן אין דייטשלאַנד. מען האָט זיי פון די בעט אַרויסגעשלעפּט, פון לאַנד אַרויסגעשיקט, נישט דערלויבנדיק זיי מיטצונעמען מיט זיך קיין וואַרעמע קליידער, קיין וועש, קיין עסנוואַרג, און קיין געלט אויך ניט. מען האָט אַוועקגעריסן מענער פון זייערע פרויען, קינדער פון זייערע עלטערן. מען האָט זיי געפירט ווי שווערע פאַרברעכער אין דער באַגלייטונג פון פּאָליציי איבער די גאַסן פון האַנאָווער ביז דער באַן־סטאַציע. נישט רעכענענדיק זיך מיט משפחה־אָנגעהעריקייט, האָט מען אָנגעלאָדן די יידן אין וואַגאָנעס ווי בהמות און זיי אַוועקגעשיקט אין פאַרשידענע פּוילישע גרענעץ־שטעט. געווויסע באַנען זענען געגאַנגען טעג נאָכאַנאַנד ביז זיי האָבן אַ גרענעץ דערגרייכט, און מענטשן זענען געשטאָרבן פון הונגער, דורשט און מורא. עטלעכע באַנען זענען יאָ אָנגעקומען אין פּוילן גופא, און די רייזנדע האָבן געקענט פאָרן צו זייערע היים־שטעט. אָבער דער גרעסטער אומגליק האָט געטראָפן די וואָס זענען אָנגעקומען צו דער גרענעץ־שטאָט זבאָנשין. דאָ האָט די פּוילישע רעגירונג זיך ענטזאָגט אַריינצולאָזן אירע אייגענע בירגער, כאָטש זיי האָבן אַלע געהאַט גילטיקע פּאַספּאָרטן. אַ ספּעציעל בינטל צרות איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון אָט דעם גרענעץ־שטעטל זבאָנשין.

צווישן די קרבנות וואָס זענען פון די היטלעריסטן פאַרשלעפּט געוואָרן קיין זבאָנשין געפינען זיך אויך די עלטערן פון הערשל גרינשפּאַן. זיי האָבן אין אַ בריוו צו אים געשילדערט די עינויים קשים וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט זינט מען האָט זיי פון דייטשלאַנד אַרויסגעטריבן. לעזענדיק די ווערטער פון זיינע עלטערן, האָט ער אין פאַנטאַזיע איבערגעלעבט זייער גאַנצע טראַגעדיע. זיין בלוט איז אויפגעקאָכט געוואָרן. ער האָט די צרות וואָס האָבן געטראָפן נישט נאָר זיינע עלטערן, נאָר אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע אין האַנאָווער, נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט די וועלט געוואָלט אויפציטערן מיט אַ געוואַלדיקן פּראָטעסט. און דער שאָס וואָס האָט געטראָפן דעם סעקרעטאַר פון דער דייטשער אַמבאַסאַדע פאָנראַט, איז אַ צאָרנדיקער פּראָטעסט קעגן דער נאַצישער בעסטיאַליטעט. ער האָט אַזוי געוואָלט דעמאָנסטרירן דעם ווייטאָג וואָס זיין יונגע נשמה האָט געשפּירט צוליבן היטלערישן גיהינום. זיין ווייטאָג האָט געלאָזט אויפרודערן אַלע מענטשלעכע הערצער, וואָס האָבן פאַרשוויגן די היטלעריסטישע אכזריות.

מיר ראַדאָמסקער זענען נאָענט צו אים — ער איז אונדזער לאַנדסמאַן. זיין שאָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונג פון דער יידישער יוגנט, וואָס קאָן נישט שווייגן בעת דער שונא רודפט בעסטיאַליש יידישע לעבנס און האָב־און־גוטס. מיט כבוד וועלן מיר שטענדיק דערמאָנען דעם נאָמען פון הערשל גרינשפּאַן.

**משה שוואַרץ**



# רייגעווירץ מאניעק

נולד בראַדומסק; חבר „פרייהייט", פעל ב„החלוץ" בקראקוב; בימי הכיבוש עבר לוואַרשה. חבר פלוגה לוחמת של „דרור". בסתיו 1942 יצא עם פלוגת פאַרטיזאַנים ליערות הרובײשוב, שם נפל. בן 27 היה בנפלו.

(מתוך „ספר הפרטיזנים היהודים", כרך ב,' יד ללוחמים, 770).

## דער אויפשטענדלער פון ראדאמסק

מאניעק רייגעווירץ איז געבוירן אין ראַדאָמסק, אַ בן־יחיד אין אַ פאַרמעגלעכער משפחה. ווען ער איז אַלט געווען 12 יאָר איז די מוטער מיט אים אַריבערגעפאָרן קיין לאָדזש. דאָרטן איז ער אַרײנגעטראָטן אין דער קינדער־אָרגאַניזאַציע „פרייער סקויט", די יונגע שיכט פון דער פועלי־ציוניסטישער (צ. ס.) יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט". מאניעק איז געווען אַ באַוועגלעכער, הויכגעוויקסיקער און מאָגערער בחור, מיט אַ שײנער טשופּרינע און פונעם שמאָלן פּנים האָבן ארויסגעקוקט לעבעדיקע אויגן מיט אַ שטאַרקן אויסדרוק, פון ווילנסקראַפט. ווי אַ בן־יחיד איז ער געווען זייער געצערטלט און דעריבער עמפינדלעך, אָבער ער האָט זיך גאָר גיך אײנגעלעבט אין דער נײער סביבה און זיך צוגעוווינט צו דעם קאָלעקטיוון און דיסציפּלינירטן לעבנסשטייגער. ער איז געוואָרן אַקטיוו אין דער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע און אויסגעפירט פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן. געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער יוגנט, געוווסט צו געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט איר, און זי צוציען צו דער באַוועגונג. אַלס אָנפירער אין „פרייען סקויט" און דערנאָך אין „פרייהייט" האָט ער געווידמעט דעם גרעסטן טייל פון זיין צייט און פון זיין ענערגיע די קינדער פון דער יידישער אָרעמקייט, פונעם לאָדזשער באַלוט, די קינדער, וועלכע האָבן נישט געוווסט פון קיין קינדהייט, פון לעבנספרייד, וועלכע פלעגן שטיין אין די גאַסן־ווינקלען ביי נאַכט און טרייסלענדיק זיך פון קעלט אויסרופן מיט מידע און הייזעריקע שטימען וועגן זייערע „סחורות". אָט די קינדער האָט ער דערצויגן און אַריינגענומען אין דער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע. די השפעה פון דער נייער סביבה פלעגט זיך באַלד לאָזן דערקענען. אין די שבתים און ימים־טובים פלעגט ער געוויינלעך אַרויסלאָזן זיך מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע אויף שפּאַצירן אין די הינטערשטאָטישע וועלדער און פלעגט מיט זיי פאַרברענגען די אָפּרו־שעהן אויף שמועסן וועגן גורל פון דער יידיש־פּראָליטאַרישער יוגנט אין גלות און איר ראָל אין דער אויפלעבונג פון פאָלק, אינעם אויפבוי פון ארץ־ישראל און קאַמף פאַר דער וועלט־באַפרייאונג. אין די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן, ווען די אַנטיסעמיטישע כוואַליע האָט פאַרפלייצט די פוילישע שטעט און אָנפאַלן אויף יידן אין מיטן העלן טאָג זענען געוואָרן אַ „נאָרמאַלע" דערשיינונג, פלעגט ער אָפט אַרויסטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען און זיצונגען פון „פרייהייט" און אויפפאָדערן, מען זאָל געבן די חברים אַ מיליטערישע אויסבילדונג און צוגרייטן יעדעס ייִנגל און יעדעס מיידל צום ווידערשטאַנד. אין 1938 האָט ער פאַרלאָזט זיין מוטער און זיין גוטן פּאָסטן אין דער לאָדזשער דעפּאָזיטן־באַנק, און איז מיט אַ גאַנצער גרופּע אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער, וועלכע האָבן גלייכצייטיק אויך געהערט צום החלוץ, אַוועקגעפאָרן אין קיבוץ. דאָרט האָט ער פאַרפולקאָמט זיינע ידיעות, ער האָט געלערנט זיך העברעאיש און יידישע געשיכטע און פאַרטיפט זיינע קענטעניש אין די פּראָבלעמען פון דער באַוועגונג. ער האָט ווייטער אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער אָרטיקער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע, געווען אַ מיטגליד פון ראַיאָן־ראַט, אָנטייל גענומען אינעם לאַנד־סעמינאַר און אין דער פאַרייניקונגס־קאָנפערענץ פון „פרייהייט" און „החלוץ הצעיר". אַ קורצע צייט נאָכדעם איז ער געשיקט געוואָרן אין נאָמען פון דער באַוועגונג צו אַרבעטן אין קראָקעווער „דרור".

בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז ער אַריבער קיין וואַרשע און האָט זיך געפונען אין קיבוץ אויף דזשעלנע־גאַס 34. ער האָט געאַרבעט אינעם אונטערערד פון דער באַוועגונג, ווו ער האָט דערפילט צענטראַלע אויפגאַבן און אויסגעפירט וויכטיקע שליחותן. ער האָט אָרגאַניזירט די יוגנט און זי כסדר געמוטיקט און געמונטערט צו מעשים. ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַ קאַמף־אָפּטיילונג פון „דרור". אין די שווערע צייטן אין וואַרשעווער געטאָ האָט ער דערוויזן זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, זיין ווילנס־כוח און זיין גייסטיקע קראַפט. ער איז געפאַלן צוזאַמען מיט דער גרופּע פאַרטיזאַנער וועלכע איז געשיקט געוואָרן פון וואַרשע אין די הראָביעשאָווער וועלדער, אין האַרבסט 1942 אַלט זייענדיק 27 יאָר. זיין נאָמען געפינט זיך אין דער ליסטע פון געפאַלענע וואַרשעווער געטאָקעמפער. אין יענער גרופּע איז אויך געפאַלן זיין חברטע פעסיע פּומאַנאָוויטש.

**מלך נײשטאַדט**

(פון „חורבן און אויפשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע")

---

אל־נא תאמר: „הנה דרכי האחרונה,
את אור היום הסתירו שמי־הענגה".
זה יום נכספנו לו עוד יעל ויבוא,
ומצעדנו עוד ירעים: „אנחנו פה!"

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלײַענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבײנקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: מיר זיינען דאָ!
(„פאַרטיזאַנער־ליד" פון הירש גליק)

ההן זכורים לי: יוליק פשרובסקי, לנקוביץ, קשפיצקי, סטאשאק רוזנבלאט ואחרים. נפגשנו גם עם ד״ר רוזנביץ, שהחליט לחזור לראדומסק, באמרו: „לכם מוטב אולי להישאר פה, אולם בשבילי לא כאן המקום״. כן נפגשנו עם יחזקאל כהן, שבזמן השלטון הפולני הורשע בעוון קומוניזם ונכלא לכמה שנים. עם כניסת הסובייטים לביאליסטוק, שוחרר יחזקאל כהן מבית־הסוהר והתחיל לעבוד.

קשה היה לנו להשיג עבודה בשביל כל חברי הקבוצה הראדומ־סקאית בביאליסטוק. לכן החליט חלק של אנשי ראדומסק לצאת לחפש עבודה בעיירה קטנה סביסלוץ׳. כשבאנו לסביסלוץ׳ התברר לנו, כי גם כאן תנאי־הדיור הם קשים וגם העבודה אינה מצויה. הגברים לא בחלו בשום עבודה קשה: חטבו עצים, קירצפו את הקרח ליד בארות־המים וכיו״ב. בקושי רב נתקבלו כמה מהגברים לעיבוד עורות, שם היתה העבודה יציבה יותר. עבדו שם: אשר כץ, שמואל רוזנשטיין ומשה פשרובסקי. למרות שהעבודה בבית־החרושת היתה קשה, הצטיינו אנשינו בפריון ובתפוקה. אשר ושמואל השיגו שיא בפריון־העבודה (2½ מכסות במקום אחת) והנהלת בית־החרושת היתה מאוד מרוצה מהם.

לאחר שעשינו את חודשי החורף (1940) באכסניות מקריות (גם בבית־הכנסת), הצלחנו עם בוא האביב לסדר לחלק מאנשינו דיור־קבע, אצל משפחות יהודיות. דאגנו קודם־כל לסידורם של הזוגות: אשר כץ ואשתו חנה; משה גוטמן ואשתו גוצ׳יה (ואחותו שרה); שמואל רוזנשטיין ואשתו רוז׳יה; משה פשרובסקי ואשתו ברוניה. עם הרווקים נמנו: ליפמן, ברז׳יקובסקי (אחיה של חנה), מאיר גולדשטיין ואחיו הצעיר, אשר שנקר ועוד כמה בחורים.

בגלל המחסור בעבודה והתנאים הקשים, החלטנו לחיות בצוותא ויסדנו קולקטיב. כל הרווחים הוכנסו לקופה משותפת, וזו דאגה לכך ששום ראדומסקאי לא יסבול חרפת־רעב. דאגנו לצרכיו האישיים ההכרחיים של כל אחד ואחד, והיה לכולנו סיפוק רב מגילויים של אחווה ורעות בתוכנו. הרצון המשותף להמשיך, גבר על כל הקשיים והתלאות. בתוך הימים האפורים של אותם הזמנים, מצאנו נחמה־פורתא ברגשי האחריות והעזרה ההדדית, שפעמו בלבותינו. חסרי חמימות־משפחתית, יצרנו כאן לעצמנו משפחה מלוכדת, שכל חבריה היו מוכנים בכל עת ובכל שעה לעזור אחד לרעהו. רק תודות ליחסים אלה, שנוצרו בקולקטיב הראדומסקאי שלנו, אפשר היה לשאת את נטל ההפרדה וההבדידות מבני־המשפחה היקרים ביותר (אמי, שתי אחיותי ושני אחי הצעירים נשארו בראדומסק, ואילו אחי הגדול שמעון יעקובוביץ היה אותה שעה בלבוב, שם גוייס לאחר־מכן, ביוני 1941, לצבא הסובייטי, ומאז נעלמו עקבותיו).

שניים מאנשי הקולקטיב שלנו (אחד בשם פישלביץ), הגיעו לסביסלוץ׳ מהצבא הפולני, שפורק מנשקו ברוסיה־הלבנה. הם החליטו לחזור לראדומסק (פישלביץ בכדי להביא את אשתו וילדיו) ועזבו אותנו בחודש ינואר, או בתחילת פברואר של שנת 1940. מאוחר יותר (במאי וביולי 1940) קיבלתי מכתבים מהבית, בהם כתבה לי אחותי אדז׳יה שהשניים הגיעו לראדומסק, וכן כתבה לי על המתרחש בעיר ובמשפחה (המפרנסים של המשפחה היו 2 אחי הצעירים, מוניאק והניאק, שקיבלו כל אחד שכר של 6 זל׳ לשבוע ולחם אחד).

### על נהר הוולגה שבמחוז ארכנגאלסק

אחרי המפקד של הפליטים, שנערך ע״י הסובייטים, באופן פתאומי, באביב של שנת 1941 — נאסרו גם אנשי הקבוצה שלנו והובלו הרחק לתוך תחומי רוסיה, יחד עם אלפי אנשים אחרים כמונו. אחרי נסיעה ארוכה למדי, ברכבת ובספינה, הגענו לירכתי הצפון של המדינה הסובייטית רחבת־הידיים — למחוז ארכנגלסק, על הנהר ולוגדה, שם נקבע מקום־מושבנו. היינו שם כ־100 משפחות, מהן 4 משפחות מראדומסק: אשר כץ ואשתו חנה; אני ובעלי שמואל; משה גוטמן ואשתו גוצ׳יה ואחותו שרה; משה פשרובסקי ואשתו ברוניה.

אסור היה לנו לעזוב את המקום. עבדנו בחטיבת־עצים ביערות ובהורדת הקליפות מהגזעים. היינו מוכרחים למלא את המכסה היומית, אחרת אי־אפשר היה להתקיים. הגברים היו עובדים בנסירת־העצים ובקטיעת־הענפים, ואילו הנשים היו שורפות את הענפים. היתה זו עבודה קשה מאוד, ביחוד בחורף, ולא פעם חשבנו בלבנו: האם נזכה להשתחרר מכאן ולראות את קרובי משפחותינו?.. הנחמה היחידה היו בשבילי המכתבים שקיבלתי מהבית. אמי ע״ה כתבה, שנשמור על עצמנו שלא להתקרר... אחותי כתבה: שכולם בראדומסק היו רוצים להיות שם — יחד אתנו... (את המכתב האחרון מהבית קיבלתי ב־22.2.1941).

כל אנשי ראדומסק, גרנו בצריף אחד והגברים שלנו עבדו כולם בקבוצה אחת. אחרי גמר יום־העבודה היינו יוצאים יחד ללקט גרגירים או פטריות שצמחו ביערות בשפע, ושעליהם היתה עיקר תזונתנו. גם כשנשלחנו לעבוד בריחוק ממקום־מגורינו, השתדלנו להיות תמיד יחד. העבודות שמחוץ לתחום־מגורינו היו קשורות בהשטת מעבורות של בולי־עץ לאורך הנהר וולוגדה, בכיוון לנמל ארכנגיאלסק. עבודות אלו היו מבוצעות בעונות האביב והקיץ, הקצרות שם מאוד, ואז היו עובדים כל שעות־היממה, במשמרות רצופות. באחת המשמרות האלה, בלילה, כשעבדנו בטעינת עצים על מגררות, נשמט מוט־עץ מידי אחד הפועלים שבקבוצתנו והנחית מכה עזה בזרועו השמאלית של בעלי שמואל. הרופא, פליט מווארשה (בשם מצקביץ׳), טיפל בשמואל וקבע, שכתוצאה מהמכה זועזעה אצלו מערכת העצבים. שמואל הועבר לעבודה קלה יותר, אולם מחוסר תרופות במקום התרושש מצבו הבריאותי מיום־ליום, והוא התהלך חולי ומר־נפש.

### קציר־המוות באסיה־התיכונה

אחרי שיחרורנו מוולוגדה התפזרנו לכיוונים שונים. המשפחות כץ ורוזנשטיין הגיעו לאסיה־התיכונה, למחוז סאמרקנד. גרנו בקול־



קברו של שמואל רוזנשטיין ז״ל, שנפטר ב־7 בפברואר 1942 באוזב־קיסטאן והובא לקבורה בבית־עלמין של יהודי בוכרה, בעיירה הטירצ׳י (ליד סאמרקנד).

# בפתיחת המאוזוליאום בטרבלינקי

הניק זילברשטיין

## מתוך מכתב שנתקבל בראשית שנת 1965 מראדומסק

...ב־10 במאי 1964, הייתי נוכח בפתיחת המזואיליאום בטרבלינקי. קשה לי לכתוב על מה שעיני ראו ועוד יותר קשה לי למסור את ההרגשה שאנחנו, היהודים האחרונים בראדומסק, חשנו במעמד מזעזע זה.

נוראה ומזעזעת היא התמונה של המון מאות האבנים הפשוטות, המשמשות כמצבות על הקהילות היהודיות שהושמדו. זוהי תמונה בלתי־נשכחת. כל אבן היא זכר לעיר, וכולן ביחד — הן בית־הקברות הגדול ביותר בעולם, בית־הקברות של היהדות הפולנית.

כשאנחנו, קומץ היהודים האחרון בראדומסק, עמדנו ליד המצבה של עירנו, ניגש אלינו אחד השרידים המעטים מעיר־המות טרבלינקי — היהודי גולאשבסקי. הוא סיפר לנו על מלחמת־הגבורה והמוות של קבוצת קצבים יהודים מראדומסק, שהוא ראה אותה במו עיניו.

באוגוסט שנת 1942 הגיעה לטרבלינקי, בין שאר המגורשים, קבוצת קצבים מראדומסק. ביצאם מקרונות ובראותם שהם מובלים למות, הם התנפלו על שומריהם האוקראינים ואנשי הס.ס. למעלה ממחצית השעה ארך קרב בלתי שווה זה והוא נסתיים במותם של הלוחמים היהודים, אך יחד אתם מצאו את מותם אחדים מהרוצחים.

בקשר לסיפור זה, נזכר אני, כי סמוך לפני גירושם של יהודי ראדומסק, שלח מנהל משרד־העבודה בגיטו ראדומסק, הגרמני קון, קצבים יהודים להובלת בהמות, כביכול, בשביל הצבא הגרמני. איש מהם לא חזר.

גורלם — מלחמתם הנואשת ומותם — הוחוורו לי רק עתה.

אני כותב זאת, על־מנת שזכרם יונצח בספרנו על ראדומסק. הם ראויים לכך שבצד הקדושים והגיבורים של העם היהודי לא יעדרו גם לוחמים אלמונים אלה, מבני־עירנו.




מניצולי ראדאָמסק ליד המצבה „ראדומסקו" בעת פתיחת המאוזוליאום במחנה־ההשמדה טרבלינקי.

אָפּגעראַטעוועטע לאַנדסלייט ביי דער מצבה „ראדאָמסקא" אין פאַר־ניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע, בעת דער דערעפענונג פונעם מאוזאלעאום און בית־הקברות (מאי 1964).

פון לינקס: שלמה בן יחזקאל בעסער און פרוי, צווישן זיי — העניעק זילבערשטיין; פרוי זשאַלאָדנזש (פון פזשעדבורזש), די אלמנה נאָך שמחה רובינאָוויטש און איר איצטיקער מאַן (אַ פּאָליאַק), פרוי יאַנעצקאַ.

(המשך מעמוד 393)

חוז ועבדנו שם בשדות, בכל מיני עבודות. גם שמואל עוד עבד זמן מסויים, עד שחלה בדיזנטריה. הכנסנו אותו לבית־חולים, אך מצבו לא הוטב. לפי בקשתו לקחתי אותו חזרה הביתה ואחרי כמה ימים נפטר. הבאנו אותו לקבורה בבית־העלמין היהודי (הבוכארי), בעיירה הטירצ׳י.

כעבור כמה חודשים חלה גם אשר כץ בדיזנטריה ומת אף־הוא מאפיסת כוחות. נשארנו שתי נשים בודדות־מסכנות והמשכנו לעבוד יחד בקולחוז (בקטיפת כותנה). לאחר־מכן עזבנו את הקולחוז, בו רעבנו ממש ללחם, ועברנו לעיירה הטירצ׳י, שם עבדנו בכל מיני עבודות. שתינו חלינו בקדחת קשה, אך למזלנו יצאנו מכך בשלום.

בשנת 1946 חזרתי לפולין ונסעתי מיד לבקר בעיר־הולדתי ראדומסק. במקום שעמד פעם ביתנו, מצאתי מגרש ריק. מכל משפחתי הענפה פגשתי אז רק את דודי אברהם וילהלם, שהיה בכמה מחנות־ריכוז (ביניהם באושוויץ). הוא סיפר לי, שעוד לפני ההריגה הראשונה בראדומסק, תפסו הנאצים שני נערים, בני 16, שלחו אותם לאושביץ, שרפו שם את גוויותיהם והחזירו בקופסאות את אפרם להוריהם בראדומסק. אחד הנערים היה הבן הצעיר ממשפחת פישמן (בפינת רחוב מיצקביץ׳), ואילו הנער השני — היה אחי הצעיר הניק יעקובוביץ׳.

מפי דודי הנ״ל, נודעו לי הפרטים על גורלם של שאר בני־משפחתי. בעת ה„אקציה" הראשונה נלקחו לטרבלינקה: אמי שיינדלה יעקובוביץ׳, אחותי אדז׳יה ובעלה ישעיה מרקוביץ׳, ואחי מוניאק. אחותי השניה, שהיתה נשואה לאברהם פרלשטיין, הסתתרה אחרי מות בעלה, בהיותה בחודש השישי להריונה. פולני מלשין גילה ל„גסטאפו" את מקום־מחבואה, היא הוצאה משם עם עוד אנשים שהיו איתה וכולם נורו ע״י הגרמנים בבית־הקברות העירוני.

זהו סיפורה של ניצולה אחת, שיד־הגורל טילטלה בתקופת המלחמה־השואה הרחק מחיק־משפחתה בראדומסק והביאה לאחר־מכן לחיק־מולדתה בישראל.

## בעת דער דערעפנונג פון דעם טרעבלינקער מאַוזאָלעאום

(פון אַ בריוו וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן אָנפאַנג 1965 פון ראַדאָמסק, פון לאַנדסמאַן העניעק זילבערשטיין)

...דעם 10־טן מאַי 1964 בין איך געווען ביי דער דערעפנונג פון דעם מאַוזאָלעאום אין טרעבלינקי. עס איז מיר שווער צו באַשרייבן וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און גאָך שווערער איבערצוגעבן וואָס מיר, די לעצטע יידן אין ראַדאָמסק, האָבן געפילט אין דעם דאָזיקן דערשיטערלעכן מאָמענט.

גרויזאַם און שוידערלעך איז דאָס בילד פון די מאַסע פון הונדערטער פשוטע שטיינער, וועלכע דינען אַלס מצבות פון די פאַרטיליקטע יידישע קהילות. דאָס איז אַן אומפאַרגעסלעך בילד: יעדער שטיין איז אַ שטאָט, און אַלע צוזאַמען — דאָס גרעסטע בית־הקברות אין דער וועלט, דאָס בית־הקברות פון פוילישן יידנטום.

ווען מיר, די לעצטע יידן אין ראַדאָמסק, זיינען געשטאַנען ביי דער מצבה פון אונזער שטאָט, איז צו אונז צוגעגאַנגען איינער פון די געציילטע איבערגעבליבענע פון דער טויטנשטאָט טרעבלינקי — דער ייד גולאשעווסקי. ער האָט אונז דערציילט די געשיכטע פון דעם העראָאישן קאַמף און אומקום פון אַ גרופּע יידישע ראַדאָמסקער קצבים, וועלכע ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען.

אין אויגוסט 1942 איז אָנגעקומען קיין טרעבלינקי, צוזאַמען מיט פאַרשיקטע פון אַנדערע שטעט, אַ גרופּע יידישע קצבים פון ראַדאָמסק. אַרויסגייענדיק פון די וואַגאָנען און זעענדיק אַז מען פירט זיי צום טויט, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף די אוקראַינער און ס. ס. לייט. מער ווי אַ האַלבע שעה האָט געדויערט דער אָנגלייכער קאַמף, און ער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אומקום פון די יידישע קעמפער, אָבער צוזאַמען מיט זיי האָבן אויך אייניקע רוצחים זייער טויט געפינען.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער געשיכטע, דערמאָן איך אויך זיך, אַז אַ קורצע צייט פאַר דער פאַרשיקונג פון די ראַדאָמסקער יידן, האָט דער דייטשער לייטער פון יידישן אַרבייטס־אַמט אין ראַדאָמסקער געטאָ — קון, פאַרשיקט יידישע קצבים צום טרייבן כביכול בהמות פאַרן דייטשן מיליטער. פון די פאַרשיקטע איז קיינער נישט צוריקגעקומען.

זייער גורל, — זייער העלדישער קאַמף און אומקום, — איז מיר ערשט יעצט קלאָר געוואָרן.

איך שרייב דאָס, כדי איר זאָלט די דאָזיקע געשיכטע פאַראייביקן אין אונזער ראַדאָמסקער בוך. זיי האָבן עס זיך פאַרדינט, אַז ביים דערמאָנען די מאַרטירער און העלדן פון יידישן פאָלק זאָלן אויך נישט פעלן די אומבאַקאַנטע קעמפער פון ראַדאָמסק.

# צעזייט און צעשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע

רעד. קאָם.

די אַלגעמיינע פּליטים־כוואַליע, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער אייראָפּע נאָכן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט מיטגעריסן מיט זיך אָדער געבראַכט צו דער אַנטפּלעקונג פון צענדליקער ראַדאָמסקער יידן, געראַטעוועטע פון אומקום אויף פאַרשידענע אופנים.

אין די יאָרן 1945/46 האָבן זיך אויסגעפורעמט ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט־גרופּעס איבער גאַנץ אייראָפּע: אין עסטרייך (ווין, זאַלצבורג, לינץ); איטאַליע (רוים, מילאַנא); פראַנקרייך (פּאַריז); בעלגיע און שוועדן (דאָרט האָבן זיך אַנטפּלעקט מערערע קראַנקע לאַנדסלייט אין די שפּיטאָלן און רעקאַנוואַלעסצענץ־הייזער פון שטאָקהאָלם, הוסקוואַווונא, בורלאַנגע, באַראַס, פאַלאון, סטראַטענבאַ־אַספּעוואַדע א״אַ).

### דער קאָמיטעט אין לאַנדסבערג

די גרעסטע קאָנצענטראַציע פון ראַדאָמסקער לאַנדסלייט, נאָך דער מלחמה, איז געווען אין דייטשלאַנד: אין די „די־פּי־קעמפּס" (פּליטים־לאַגערן) פון לאַנדסבערג, ווײַדען, מינכען, פעלדאַפינג, טירקהיים, מינדעלהיים, באַד־רייזענהאַל, זיסענהיים, נוי־אולם; ווי אויך אין שפּיטאָלן און סאַנאַטאָריומס, ווי גאַוטינג א״אַ. אין לאַנדסבערג (בייערן) — דער ערשטער צענטער פון די שארית־הפליטה (אין די יאָרן 1945/46) — האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ „נאָווא־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט־קאָמיטעט", וואָס האָט אַרומגענומען נאָר ראַדאָמסקער פּליטים. אין באַשטאַנד פון דעם קאָמיטעט זענען געווען: פאָרזיצער — יעקב שוואַרצהאַוער; וויצע־פאָרזיצער — אברהם אפּמאַן; סעקרעטאַר — יצחק קאַרפּ; סעקר.־פאַרטרעטער — אשר דיקערמאַן; קאַסירער — יוסף קירשענצווייג; רעוויזיאָנס־קאָמיטעט — משה מלינקעוויטש, אברהם בוכמאַן, אייזעל פּשיראָווסקי; פאַרטרעטער אין קאָמיטעט — עליאש עפּשטיין און עליאש וויגאָדזקי.

דער ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד אין ישראל, האָט אין יאַנואַר 1946 אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דעם לאַנדסבערגער לאַנדסמאַנשאַפט־קאָמיטעט. דער ערשטער בריוו פונעם לאַנדסבערגער קאָמיטעט צו די לאַנדסלייט אין ישראל דאַטירט זיך פון 20־טן מאַרס 1946 און לייענט זיך אַזוי:




אַן אזכרה אין לאַנדסבערג (דייטשלאַנד, 1946) געווידמעט דעם אָנדענק פון ראַדאָמסקער קדושים.

פון רעכטס: סעני אקרענט, טוביה קאלקא, ברײַנדל קאַלקא, אברהם אָפּמאַן, יצחק וואַרגאַן.

אל כבוד אחים יקרים מעיר ראדומסק! מיר, די 168 ראַדאָמסקער, כמעט די אַלע וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד און וואָס זענען געבליבן פון אונדזער שטאָט, האָבן שוין פיל מאָל געוואָלט מיט אייך זיך פאַרבינדן. די אַמעריקאַנער ראַדאָמסקער יידן האָבן אונדז געשריבן, אַז אין ארץ־ישראל איז פאַראַן אַ ראַדאָמסקער קאָמיטעט און צוגעזאָגט אונדז צו שיקן אייער אַדרעס. ערשט נעכטן האָבן מיר באַקומען פון אייך דעם ערשטן בריוו פון 28־טן יאַנואַר ד.י. און באַלד גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע לאַנדסלייט און באַשלאָסן זיך ווענדן צו אייך מיט אַן הייסער בקשה און אַ וויי־געשריי: העלפט אונדז, אחים יקרים!

מיר דאַרפן נישט אייער מאַטעריעלע הילף. מיר זענען שוין צוגעווינט צו עסן ווינציקער, דאָס האָט אונדז שוין די טרויעריקע מלחמה אויסגעלערנט. דאָס וואָס מיר דאַרפן פון אייך, איז גייסטיקע הילף. מיר זענען שוין מער ווי אַ יאָר באַפרייט, אָבער נאָך ווייט נישט פריי. רייסט אונדז אַרויס פון די רוצחישע הענט. נעמט אונדז אַוועק פון דער פאַרשאָלטענער ערד. מיר האָבן זיך שוין גענוג אַרומגעוואַלגערט אויף דער דאָזיקער ערד, נע־ונד צווישן מערדער, קאַצעטן און וועלדער. עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז מיר זאָלן ווערן צוריק כאָטש שטיקלעך מענטשן, ווייל קיין פולע מענטשן וועלן מיר שוין קיינמאָל נישט זיין. מיר האָבן דער וועלט אַזוי פיל געגעבן — אַזוי פיל בלוט, און וואָס האָט די וועלט אונדז געגעבן? די וועלט איז געבליבן צו אונדז אַזוי שטום ווי פריער.

מיר ווייסן, אַז איר קענט אונדז נישט פיל העלפן. דאָך דאַרפט איר געדענקען, אַז מיר וואַרטן דאָ אויף אייערע בריוו, אויף אַייערס אַ גוט־וואָרט, און אַז עניי־עירך קודמים... העלפט אונדז ווי אַמשנעלסטן, אַז מיר זאָלן קענען האָבן די זכייה מקיים צו זיין דעם פסוק „טוב למות בעד ארצנו". מיר ווילן זיך שוין נישט שלאָגן פאַר פרעמדע לענדער. מיר ווילן נישט לעבן אויף אַ בית־הקברות. זעט, אַז מיר זאָלן וואָס גיכער קומען צו אייך אַ היים.

האַלט אָן מיט אונדז קאָרעספּאָנדענץ. שיקט אונדז ביכער צום לייענען (יידישע). גיט צו וויסן וועגן אונדזער אַלע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. מיר האָפן אַז איר וועט אונדז נישט פאַרגעסן, איר וועט אונדז גוט פאַרשטיין און ווי אַמשנעלסטן העלפן. מיר דאַנקען אייך פאָרויס און ווינטשן פיל גליק אין אייער אַרבעט. מיט פיל ברכות".

צו דעם בריוו איז געווען בייגעלייגט אַ רשימה פון 168 ראַדאָמסקער לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך צו־יענער־צייט געפונען אין מערב־דייטשלאַנד. דער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד אין ישראל האָט צעוויסן געגעבן אַלע זיינע מיטגלידער די נעמען פון די אָפּגעראַטעוועטע און דעם אינהאַלט פון זייער בריוו. עס איז אויך צושטאַנדגעקומען אַ ספּעציעלע באַראַטונג פון אַקטיווע מיטגלידער, וועגן דער ווענדונג פון דעם „נאַווע־ראַדאָמסקער־קאָמיטעט" אין לאַנדסבערג. דער קאָמיטעט פון די ראַדאָמסקער אין ישראל, האָט געענטפערט אויף דער ווענדונג (דעם 9־טן אַפּריל 1946) מיט אַ ברייטערער אויפקלערונג, אין וועלכער ס'איז געזאָגט געוואָרן:

ס'איז אונדז זייער שווער צו ענטפערן אויף אייער וויי־געשריי. מיר וואָלטן געוואָלט, אַז אונדזער ענטפער זאָל זיין מיט מעשים, אָבער לײדער איז אונדזער האַנט צו קורץ. מיר פאַרזיכערן אייך אָבער, אַז מיר יידן אין ארץ־ישראל וועלן נישט רוען ביז איר אַלע וועט זיין מיט אונדז צוזאַמען. זאָרגט נישט — איר וועט זיין ביי אונדז נוצלעכע מענטשן און מיר וועלן נאָך צוזאַמען לעבן און בויען.

מיר וועלן אייך שיקן ביכער צום לייענען. שרייבט אונדז אין וואָס איר נויטיקט זיך. אפשר דאַרפט איר הילף פאַר קינדער? מיר וועלן פאַר אייך טאָן אַלץ וואָס ס'איז נאָר מעגלעך".

דער קאָנטאַקט מיט די ראַדאָמסקער אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער, איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אין משך פון דער גאַנצער צייט, נאָך דער עטאַבלירונג פון דער מדינת־ישראל (1948) איז דער גרעסטער טייל פון זיי געקומען קיין ישראל.

## קאָנטאַקטן מיט ראדאמסק

מיטן מאָמענט ווען די שטאָט ראַדאָמסק איז באַפרייט געוואָרן פון די דייטשיש־נאַצישע אָקופּאַנטן (19 יאַנואַר 1945), האָבן די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין דער גאַנצער וועלט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען כדי אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט זייער היימאַטשטאָט. די קליינע צאָל געראַטעוועטע פון בונקערס, וועלדער און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווי אויך די גרעסערע צאָל פון „ביעזשענצעס" און פאַרשיקטע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די מלחמה אין סאָוויעט־רוסלאַנד — ווער נאָר פון דיביידע קאַטעגאָריעס ס'האָט געהאַט די מעגלעכקייט דערצו, האָט גלייך נאָך דער באַפרייונג געצויגן צוריק אין דער אַלטער היים. אין חודש מאי 1945 האָט שוין אין ראַדאָמסק עקזיסטירט אַ קאָמיטעט פון די צוריקגעקערטע, וואָס האָט געזאָרגט פאַר זייער מאַטעריעלער און סאָציאַלער רעסטאַווּרירונג.

צווישן די ערשטע ידיעות וועגן געציילטע לעבעדיקע יידן אין ראַדאָמסק, אין די ערשטע חדשים נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה, איז פאַרשפּרייט געוואָרן די ידיעה וועגן דערמאָרדן צוויי יידן, דורך אָרטיקע פּאָליאַקן (דעם 16־טן אויגוסט 1945). די דערמאָרדעטע זענען געווען: יעקב צוקערמאַן, אַן אָפיציר פון דער פּוילישער זיכערהייט־פּאָליציי, און יוסף קראַוזע, וואָס האָט מיט 6 וואָכן פריער זיך צוריקגעקערט אַ היים (אין צייט פון קריג האָט ער דורכגעמאַכט די שרעקלעכסטע טויט־לאַגערן פון אוישוויץ, בוכענוואַלד, מאַטהאַוזען און גראָסראָזען).

אמת, די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען פון נייעם נאָכמלחמהדיקן פּוילן, האָבן איינגעאָרדנט אַן אימפּאָזאַנטע לוויה די צוויי אומשולדיקע יידישע קרבנות. ביים אָפענעם קבר האָבן פאָרשטייער פון דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקייט געהאַלטן רעדעס וועגן ברידערקייט, גלייכהייט און פרייהייט פאַר די יידן אין דעמאָקראַטישן פּוילן, און האָבן געטאַדלט דעם נידערטרעכטיקן מאָרד. דער פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט האָט אָבער ביים אָפענעם קבר געזאָגט דאָס פאָלגענדיקע:

מיר גלויבן אין די גוטע אינטענציעס פון דער נייער פּוילישער מאַכט און אין דער אויפריכטיקייט פון אירע אָפיציעלע פאָרשטייער, מיר ווייסן אָבער, צום באַדויערן, אַז אין די ברייטע שיכטן פון דעם פאָלק ברענט נאָך די שנאה צו יידן. ס'איז דעריבער גאַנץ קלאָר ווי אַזוי ס'וועלן זיך אויספורמען די באַציונגען אין דאָזיקן לאַנד — די יידן וועלן פאַרלאָזן פּוילן. די יידן מוזן פאַרלאָזן פּוילן, ווייל אַרום זיי זענען פאַרבליבן בלויז קברים און יעדעס שטיקל ערד אינעם דאָזיקן לאַנד איז דורכגעזאַפּט מיטן בלוט פון יידישע קדושים. פאַר די לעבעדיקע יידן איז דאָס לאַנד דער גרעסטער בית־הקברות אין דער געשיכטע פונעם יידנטום, און אויף אַ בית־הקברות קען מען נישט לעבן. דאָס פאַרבליבענע הייפל פּוילישע יידן וויל ווייטער לעבן, צו להכעיס אַלע זייערע שונאים.

דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט די מצרישע פּרעהס, דאָס רוימישע אימפּעריום, די שפּאַנישע אינקוויזיציע, דאָס צאַרישע רוסלאַנד, דאָס היטלעריסטישע דייטשלאַנד. גענוג יידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן פאַר פרעמדע אינטערעסן. מיר סאָלידאַריזירן זיך איצט פולשטענדיק מיטן רוף פון פּראָמינענטן יידיש־דייטשישן שריפטשטעלער טאָמאַס מאַן, וועלכער האָט מיט אַ פּאָר טעג פריער זיך געווענדעט צו די דייטשישע יידן אויף דער גאָרער וועלט און זיי געוואָרנט זיך נישט צוריקקערן קיין דייטשלאַנד — נישט העלפן צוריקבויען דאָס

לאַנד, וואָס האָט געבראַכט צו דער פאַרניכטונג פונעם יידישן פאָלק אין אייראָפּע. זאָל די קללה פון פאָלק ישראל פאַרפאָלגן דייטשלאַנד עד סוף כל הדורות. און זאָלן אויך די פוילישע יידן־מערדער וויסן, אַז די קללה פון די צופעליק געראַטעוועטע יידן אין פוילן וועט אויך זיי באַגלייטן און דערגרייכן.

אַ גענויער באַריכט וועגן דעם מאָרד פון די צוויי יידן אין ראַדאָמסק און וועגן פארלויף פון זייער לוויה — איז באַקומען געוואָרן אין לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד אין ישראל און גאָר אַ קורצער צייט נאָכדעם ווי דאָס איז געשעען. אין צווישנצייט האָט זיך די צאָל צוריקגעקערטע יידן אין ראַדאָמסק פאַרגרעסערט, אין רעזולטאַט פון דער רעפּאַטריאַציע פון פוילישע בירגער, וואָס האָבן אין צייט פון דער מלחמה זיך אויפגעהאַלטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אין משך פון יאָר 1945 האָבן קיין ראַדאָמסק זיך צוריקגעקערט בערך 300 לאַנדסלייט, וועלכע האָבן בהדרגהדיק פאַרלאָזן די שטאָט מיט דער אַלגעמיינער פליטים־כוואַליע, וואָס האָט דאַן געצויגן קיין מערב־אייראָפּע. אין יאָר 1945 זענען אין דאָרטיקן יידישן קאָמיטעט געווען טעטיק: אברהם אָפּמאַן, לאה פאנסקא, יששכר מינסקי, א. בוכמאַן, א. ליכטענשטיין, ניסן נעסט, בנימין נייקראן, יעקב פישמאַן, אברהם סטודניבערג.

אין יאָר 1946 האָט די צאָל לאַנדסלייט אין ראַדאָמסק זיך פאַרקלענערט אויף קנאַפּע 50 משפחות, צווישן זיי בלויז 5—7 קינדער, געבוירענע אין רוסלאַנד אין די מלחמה־יאָרן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט שפּעטער פאַרלאָזן ראַדאָמסק און זיך דערשלאָגן קיין ישראל.

אין יאָר 1947 אין נאָוועמבער האָט דויד קאַניעצפּאָלער, אויפן ווונטש פון די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע — אָרגאַניזירט צו דער 5־טער יאָרצייט פון דער פאַרניכטונג פון די ראַדאָמסקער יידן דורך די נאַציס, אַ יזכור־פייערונג אויפן ראַדאָמסקער בית־הקברות. עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען פון פאַרשיידענע שטעט אין פוילן, ביז 50 ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. אין ראַדאָמסק גופא האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אַ 2 אָדער 3 יידישע משפחות. קיין סידור האָט זיך ביי אונדז נישט געפונען.






אויבן: קלאָפּסידרעס אין די גאַסן פון ראַדאָמסק נאָך די דערמאָרדעטע יעקב צוקערמאַן און יוסף קראוזע. אונטן: די לוויה.



די לוויה פון פאָליאַ סטראַווינסקי (פון ראַדאָמסק), וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך פוילישע כוליגאַנעס באַנדיטן אין יאָר 1945 (נאָך דער מלחמה), אין לאָדזש, בעת זי האָט זיך דאָרט געפונען אַלס דעלעגאַטין צו אַ ציוניסטישער קאָנפערענץ.

# דער ערשטער חודש פון נאַציסטישער הערשאַפט

**ישעיהו פייערמאַן**

אויפן שוועל פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אין פוילן די אַנטיסעמיטישע קאַמפאַניע קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. אין די גרויסע שטעט האָבן זיך געמערט די אָנפאַלן אויף יידישע סטודענטן און אויף סתם־יידן. דער סאַנאַציע־רעזשים האָט ארויסגעשיקט יידן פון די גרענעץ־פונקטן, אַלס נישט־זיכערער עלעמענט. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן געפאָדערט, אַז די יידישע בעלי־מלאכות זאָלן זיך אויסווייזן מיט אַרבעטס־דיפלאָמען. אויף די יידישע סוחרים האָט מען אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן און סטימולירט אַ פוילישע קאָנקורענץ. ספּעציעל־געשולטע פיקעטן־באַנדעס האָבן באַשווערט דאָס לעבן פון יידישן קרעמער.

די אַלע דאָזיקע שיקאַנעס האָבן נישט אויסגעמיטן אונדזער ליבע היים־שטאָט — ראַדאָמסק. דאָס לעבן ביי אונדז אין שטאָט איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. די פיקעטן־באַנדעס פלעגן יעדן טאָג פיקעטירן די יידישע געשעפטן און נישט דערלאָזן קיין פוילישע קונים. איבערהויפט אין דעם מאַרק־טאָג (דאָנערשטיק), פלעגן שטיין לעבן יעדן געשעפט 2 פיקעטניקעס, מיט גראָבע שטעקנס און נישט צוגעלאָזן די פויערן אַריינגיין צו אַ יידישן קרעמער. די יידישע מאַרק־שטייער פלעגן די פיקעטניקעס ממש שלאָגן און אַוועקנעמען מיט כוח זייער ביסל סחורה. ביינאַכט פלעגן כוליגאַנעס פאַרטשעפען יעדן יידן און אים גוט אָנשלאָגן. אין איינעם אַזאַ אָנפאַל, איז געפאַלן אַ קרבן מיין פרויס אַ קוזין, אַברהם באָום, וועלכער האָט געוווינט ביי בוגייסקען אין הויז, אויף בזשעזניצקע גאַס. אַ כוליגאַן האָט אים קאַלט־בלוטיק אַריינגעהאַקט אַ מעסער אין קאַרק, דורכגעשניטן אים די אַרטעריע פון האַלדז און דערהרגעט אויפן אָרט. דעם מערדער האָט גאָרנישט פאַסירט, ער איז אַרומגעגאַנגען פראַנק־און־פריי ווי אַ העלד, ביי דעם פאַרדאָרבענעם סאַנאַציע־רעזשים.

### ביים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה

דעם 1־טן סעפטעמבער 1939, פרייטיק פאַרטאָג (6 אַזייגער פרי), האָט אונדז אויפגעוועקט אַ שטאַרקער אויפרייס. אין ערשטן מאָמענט האָבן מיר געקלערט, אַז עס האָט אויפגעריסן דער קעסל אין דער פאַבריק „מעטאַלורגיע”. איך האָב דאַן געוווינט אין מאַרק נו׳ 3, ביי ליטמאַנאָוויטשן, אין דעם לעצטן הויז וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן גאָרטן פון קלאַשטאָר. איך בין אַרויס אויפן באַלקאָן און געזען פון צפון־זייט פון דער „מעטאַלורגיע” אַ שטאַרקן רויך. אַלע שכנים זענען אַרויס פון די הייזער, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס ס׳האָט פאַסירט. שפעטער איז אונדז אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז אַ דייטשער עראָפלאַן האָט געוואָרפן אַ באָמבע און געטראָפן אין דער „מעטאַלורגיע”־פאַבריק (8 מענטשן זענען דערהרגעט געוואָרן און העכער צוואַנציק פאַרוווּנדעט). אין דער זעלבער צייט איז נאָך אַ באָמבע געפאַלן אויף דלוגע־גאַס, אונטערן משוגעים־הויז.

עס זענען געווען אויך יידישע קרבנות, און עס איז געוואָרן טרויעריק אויף דער יידישער גאַס. מען האָט אָנגעהויבן זוכן עצות איינער ביים צווייטן, און די וואָס האָבן געהאַט אַ ביסל געלט ביי זיך, האָבן גלייך פאַרלאָזן די שטאָט, וואָס ווייטער פון דער גרענעץ (ראַדאָמסק האָט זיך געפונען נישט־ווייט פון דער גרענעץ־שטעטל בזשעזשניצע), אָבער די מערהייט האָט זיך נישט געקענט דערצו דעצידירן. איך בין דאַן געווען פון די יעניקע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה, און אַזוי אַרום האָב איך דעצידירט צו בלייבן אויפן פלאַץ, צוזאַמען מיט מיין פרוי און 2 יאָריקן קינד (דאָס זעלבע האָט אויך באַשלאָסן מיין שכן עזל פשערובסקי, וואָס איז געווען אין דער זעלבער לאַגע ווי איך. בכדי צו באַרויקן די נערוון, האָב איך אָנגעהויבן צו בויען אַ באַהעלטעניש פון לופט־אַטאַקן, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן: וואַסער, עלעקטרע, בעטן צום שלאָפן, סאַניטאַרע איינריכטונגען אד״ג. דאָרט איז געווען פלאַץ פאַר 20 משפחות, און מיר האָט מען אויסגעקליבן אַלס קאָמענדאַנט. אַ סך אַלטע־לייט און קראַנקע פון אונדזער הויף האָבן זיך אַריבערגעטראָגן צו באַקאַנטע און צו משפחה, אין אַנדערע הייזער.

ביינאַכט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער סטאַראָסטע און אַלע אַנדערע מלוכהשע אָנגעשטעלטע האָבן זיך עוואַקואירט פון שטאָט. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך געצויגן אויך פון די אַרומיקע דערפער די פוילישע אָסאַדניקעס, וועלכע האָבן געטריבן סטאַדעס פון זייער לעבעדיקן אינווענטאַר. די פאָליציי האָט געשריען, אַז יידן מאַכן אַ פאַניק, און אַליין זענען זיי אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז. אויפן פאַרטאָג האָט זיך עוואַקואירט דער פאָליציי־קאָמיסאַריאַט, און די שטאָט איז געבליבן הפקר.

די איינוווינער פון אונדזער באַהעלטעניש („סכראָן”), האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון שטאָט ביז ס׳וועט אַריבערגיין דער ערשטער שטורם. איך און עזל פשערובסקי, מיט אונדזערע משפחות, זענען אַרויס דורך נייקראַנס הינטערשטן טויער, מיט דער כוונה, צו גיין קיין קאַמינסק, ווו מיר האָבן געהאַט אַ זומער־וווינונג. ווען מיר זענען דערגאַנגען ביזן סטראַזשאַצקן גאָרטן, ביים קינאָ, האָבן מיר באַגעגנט חיים־מענדל אַהראָנאָוויטש מיט זיין ערשטער פרוי בעלא, פון דער היים גראָסמאַן (זי איז געווען אין 9־טן מאָנאַט). פלוצלינג האָבן מיר באַמערקט אַ גרויסן לאַסט־וואָגן מיט מענטשן וואָס האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, און חיים־מענדל האָט אויפגעהאַלטן די פערד. אונדזערע דריי משפחות (מיט די קינדער) האָבן אָנגעהויבן אַרויפקלעטערן אויפן וואָגן, אָבער מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס און אַ גרופע באָמבאַרדיר־עראָפלאַנען האָבן דורכגעפלויגן איבער אונדזערע קעפ. די פערד האָבן זיך צעטראָגן בעת עזל פשערובסקעס פרוי מיט אונדזערע 3 קינדער זענען שוין געווען אויפן וואָגן. מיר האָבן נאָכגעשריען, אַז זיי זאָלן אויף אונדז וואַרטן ביי קאַמינסק, אין סטראַווינסקיס וואַלד און זאַלבע־דריט (איך, מיין פרוי און עזל, מיט די 2 פוסטע קינדער־וועגעלעך), האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אויפן וועג האָבן אונדז די באָמבאַרדיר־עראָפלאַנען באַשאָסן פון מאַשין־געווער. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף איבערגעלאָזטע אויף־הפקר בעטגעוואַנט, וואַליזעס, פעקלעך — פון די יידן, וואָס זענען געלאָפן פאַר אונדז ראַטעווען זייער לעבן. אַ סך פון זיי זענען צום וואַלד נישט דערגאַנגען, ווייל זיי זענען געפאַלן טויט אויפן וועג. דאָס דאָזיקע טרויעריקע בילד איז געוואָרן פאַר אונדז נאָך טרויעריקער, ווען מיר זענען אָנגעקומען אין וואַלד און נישט געטראָפן דאָרט פשערובסקיס פרוי מיט אונדזערע קינדער. דאַקעגן האָבן מיר זיך דאָרט אָנגעשטויסן אויף 2 באַקאַנטע פוילישע „העלדן”: אַרלינסקי, דער קאָמענדאַנט פון פאָליציי, און דער וויצע־סטאַראָסטע — איינער מיט אַ ביקס און דער צווייטער מיט אַ רעוואָלווער האָבן געשאָסן צו די דייטשע באָמבאַרדיר־עראָפלאַנען...

מיין זומער־ווינונג אין קאַמינסק איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ מקום־מקלט פאַר 10 ראַדאָמסקער משפּחות. מיר זענען געלאָפן ווייטער, כּדי צו געפינען פשערובסקעס פרוי מיט די קינדער. אין משך פון 5 טעג האָבן מיר דורכגעגנישטערט 10 אַרומיקע דערפער, און געטראָפן אויף דעם וועג צענדליקער „ביעזשענצעס" פון ראַדאָמסק, צווישן זיי אַ סך אַלטע און קראַנקע פרויען. דאָרט איז צב״ש געווען אַברהמעלע שענקערס פרוי, וואָס איז יאָרן־לאַנג געלעגן מיט געשוואָלענע פיס, און איצט האָט איר דער אימפּעט געיאָגט זיך צו ראַטעווען.

## דער צוריקקער אין שטאָט

נישט האָבנדיק געפונען די קינדער, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צוריקקערן אין שטאָט, אין וועלכער ס'האָבן שוין געבאַלעבאַטעוועט די דייטשן. מיר זענען אַריין אין שטאָט דורך דער סטזשאלקאָווסקע־גאַס, פון רעכטן זייט צמענטאַזש. די גאַנצע געגנט, וואָס איז געווען באַווינט כּמעט 99% דורך יידן, האָבן די פּוילישע כוליגאַנעס פאַרברענט און צעראַבירט. מיר זענען געגאַנגען דורך די דלוגע־גאַס, דורך אייכנערס הויז. דאַן אַרויף אויף פשעדבאָרסקי גאַס, זיך אַריינגעגנבעט אין רבס הויז און געקומען צוריק דורך נייקראַנס הינטערשטן טויער אין מיין הויף. מיר זענען געווען די ערשטע וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין דעם הויף און געטראָפן אַלץ חרוב, ווייל אַ באָמבע איז געפאַלן 4 מעטער פון הויז.

כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז אברהם גראָסמאַנס שווער, אייזיק קליינערמאַן, אַ ייד פון איבער 90 יאָר, איז געלעגן לאַנגע יאָרן קראַנק אין בעט און כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַוודאי נישט געקענט אַנטלויפן. כ'בין אַריין זען וואָס הערט זיך דאָרט און טאַקע אים געטראָפן ליגנדיק אַ טויטן אויף דער ערד, 2 מעטער פון בעט (ווייזט אויס, אַז ער האָט געפּרוווט זיך צו ראַטעווען). שפּעטער האָבן מיר אים קובר געווען אויפן בית־הקברות.

מיר האָבן נאָך אַלץ נישט געוווּסט ווו זענען אונדזערע פאַרלאָרענע קינדער. ערשט אויפן 8־טן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַנדערע צוריקגעקערטע אין שטאָט, פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די גאַנצע גרופּע מיט וועלכער די פרוי פשערובסקי און די קינדער זענען געווען אויפן וואָגן, געפינען זיך אין אַ דאָרף ביי אַ פּויער. מיט 2 טעג שפּעטער זענען זיי אַלע געקומען צוריק אין שטאָט.

## דער „שוואַרצער דינסטיק"

די דייטשן האָבן געמאַכט אָפּטע אַבלאַוועס אויף מענער און געכאַפּט זיי צו צוואַנגס־אַרבעט. מען האָט אָנגעפאַנגען ווידער צו קלערן ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. בעת די אַבלאַוועס האָבן די דייטשן געזוכט אין אַלע פלעצער און ביי דער געלעגנהייט אויך געראַבירט. מיין פרוי האָט אָנגעפאַנגען צו בויען אַ דאָפּלטע וואַנט אויפן בוידעם (ברעטער דערצו האָבן מיר גענומען פון די צעשטערטע הייזער). מיר האָבן פאַרהאַנגען די וואַנט מיט אַלטע זאַכן, ס'זאָל זיין שווער צו דערקענען אַז דאָרט געפינט זיך נאָך אַ צימער. בעת דעם „שוואַרצן דינסטיק" האָבן עטלעכע שכנים גענאָסן פון דער באַהעלטעניש.

יענעם דינסטיק, ביז 9 אַזייגער פרי, זענען שוין פאָרגעקומען 6 אַבלאַוועס אין אונדזער הויז. אין גערער „שטיבל", וואָס איז געווען אין נייקראַנס הויף, אַ 30 מעטער פון מיין הויז, האָבן זיך די מענטשן דערוווּסט פון אונדזער באַהעלטעניש („בונקער") — זיי זענען אַריבער צו אונדז מיטנעמענדיק אַ 10 ספרי־תורות. (אַ גאַנצער מנין חסידים זענען אַריבער). די ס.ס.־לייט זענען עטלעכע מאָל געווען אויפן בוידעם, אָבער זיי האָבן אונדז נישט אַנטדעקט. די חסידים האָבן געזאָגט תהילים און די אַנדערע האָבן געריסן די האָר פון קאָפּ. ביי יעדן באַזוך האָבן די דייטשן מיט די ביקסן־קאָלבעס דעמאָלירט דעם בוידעם. מיינע נערוון האָבן דאָס נישט געקענט אויסהאַלטן און כ'האָב זיך דעצידירט אַרונטערצוגיין צו דער אַרבעט.

כ'האָב גענומען אַ רידל אין האַנט און זיך צוגעשלאָגן צו אַ גרופּע אַרבעטנדיקע אין די גאַסן. מיר האָבן געדאַרפט פאַרשיטן אין מאַרק די לופט־שוץ־גריבער, וואָס די פּאָליאַקן האָבן געהייסן גראָבן. ס'האָבן דאָרט געאַרבעט אַן ערך 100 יידן, צום טאַקט פון די דייטשע געשרייען: האָפּ, האָפּ. ווער ס'האָט קיין רידל נישט געהאַט האָט געמוזט שפּרינגען צום טאַקט האַלטנדיק זיך ביים האַלדז. ווער ס'האָט נישט געקענט אַרבעטן לויטן טאַקט, פלעגט באַקומען געשלאָגן איבערן קאָפּ. די דייטשן האָבן געשאָטן ערד אין פּנים און מען האָט נישט געטאָרט זיך איינבייגן אָדער אומדרייען. דער טאַקט האָט געיאָגט, טרערן און בלוט האָבן זיך געגאָסן אַזוי ווי וואַסער.

## פרייע „מיטאָג־שטונדע"

אַרום 12 אַזייגער האָט געהייסן „מיטאָג־שטונדע". מען האָט זיך פאָרמירט אין רייען, צו 6 מאַן, און מאַרשירט ביז צו דער בריק. דאָרט האָט דער ס.ס.־אָפיצער אונדז פאַרזאָגט מיר זאָלן זיך רואיק פאַרהאַלטן, אַוועקלייגן זיך אויף דער ערד, נישט קוקן און נישט הויבן דעם קאָפּ. מיר זענען געלעגן כּמעט איינער אויפן אַנדערן, און אויב עמעצנס פּיס האָבן אַרויסגעשטעקט פון דער ריי, האָבן די דייטשן אויסגעגלייכט די שורה מיט שמיץ פון די שפּיצריטן. זיי האָבן געשלאָגן מכּת־רצח, אַרויסגענומען פון די רייען יידן מיט בערד און אויסגעריסן די בערד צוזאַמען מיטן פלייש. זיי האָבן די גאַנצע צייט געשאָסן פון אַ מאַשין־געווער אין דער לופט און געדראָט, אַז זיי וועלן אונדז אַלעמען אויסשיסן. די דאָזיקע „מיטאָג־שטונדע" האָט געדויערט ביז 1 אַזייגער, און מען האָט אונדז געטריבן צוריק צו דער אַרבעט — צום „באָבע־דזיאַדע"־גאָרטן, ווו מיר האָבן ווידער געדאַרפט פאַרשיטן די לופט־שוץ־גריבער, אונטער דעם זעלבן אַקאָמפּאַנאַמענט: האָפּ, האָפּ.

די יידן, וואָס מען האָט געכאַפּט ביי די אַבלאַוועס, האָבן די דייטשן געבראַכט צו אונדז דורכן טייכל ראַדאָמקע. מען פלעגט זיי צופירן גרופּנווייז צום ברעג פון טייכל, ביז צו די שפּיציקע שטיינער, און דאַן אַריינשטויסן זיי פון דער הויך אין וואַסער אַריין. זיי פלעגן קומען צו אונדז נאַסע, פאַרשמירטע מיט בלאָטע, צעקאַלעטשעטע פון די שטיינער און איינגאַנצן פאַרבלוטיקטע. עטלעכע פון זיי האָבן די דייטשן געהייסן אַריינגיין אין די באָמבע־גריבער, זיך אַראָפּלאָזן ביז צום האַלדז כּדי זיי צו באַגראָבן לעבעדיקערהייט. די דאָזיקע האָט מען געהייסן זינגען „התקווה" און בלויז על־פּי־נס האָט מען זיי צוריק אַרויסגעצויגן פון די גריבער (איינער פון די באַגראָבענע איז געווען מיין פעטער יששכר מאַרטענפעלד).

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געאַרבעט, אָן עסן און אָן אַ לעק וואַסער. 5 אַזייגער נ״מ, פאַרן אָפּלאָזן פון דער אַרבעט, האָט מען אַלעמען באַזוכט און אַרויסגעלאָזן אויף דער קאַליסקע־גאַס. דאָרט איז געשטאַנען אַ לאַנגער שפּאַלער פון פאָלקס־דייטשן, מיט זייערע פאַמיליעס, און סתם פּוילישע כוליגאַנעס און אַנטיסעמיטן. זיי פלעגן אונדז ווידער שלאָגן, אונטערשטעלן אַ פוס מען זאָל פאַלן, און אָנטאָן פאַרשידענע צרות. די זעלבע סצענעס האָבן זיך איבערגעחזרט אויף אַלע איבעריקע אַרבעט־פּלעצער (ביי „מעטאַלורגיע", אויפן מאַרק, ביים סטראַזשאַצקן גאָרטן אאַ״וו). אין סטראַזשאַצקן גאָרטן האָט אַ ס.ס.־מאַן געשיקט פריימאַנס אַ זון (פון האָלץ־סקלאַד) ברענגען אַ פלאַש לעמאָנאַד. נאָכדעם ווי דער דייטש האָט אַ העלפט אויסגעטרונקען, האָט ער דאָס איבעריקע געגעבן דעם יידן צו טרינקען, אָבער ווען דער לעצטער האָט דאָס פלעשל גענומען צום מויל, האָט דער דייטש אַ קאָפּע־געטאָן מיטן פוס אין פלעשל און אויסגעהאַקט דעם יידן אַלע ציין.

### דריי קרבנות אין א מאַנטיק

אַ געוויסן מאָנטיק, האָט מען צווישן אַנדערע געכאַפּט אויך מיין שוואָגער חיים־אהרן גאָסלאַוויסקי (אַ קאַמאַשן־שטעפּער), צוזאַמען מיט בערלינערן און דאָמבראָווערן, און זיי געבראַכט אַרבעטן אין דער „מעטאַלורגיע״. ביים ענדע דער אַרבעט האָט מען אַלע אַרבעטער רעווידירט און ביי יעדן איינעם געפרעגט: ווו ער האָט געאַרבעט דעם לעצטן שבת. די 3 אויבנדערמאָנטע האָבן געענטפערט, אַז זיי האָבן שבת אויך געאַרבעט אין דער „מעטאַלורגיע״. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט, אַז די ס.ס.־לייט האָבן פאַרזאָגט די אַלע יעניקע וואָס האָבן טאַקע שבת געאַרבעט אין דער „מעטאַלורגיע״, אַז זיי זאָלן פרייוויליק זיך צושטעלן מאָנטיק צוריק צו דער אַרבעט, אַנדערש וועלן זיי באַקומען טויט־שטראָף. היות ווי די 3 דערמאָנטע זענען געוואָרן געכאַפּט מאָנטיק ביי אַן אָבלאַווע, האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין קאַמינסקער וואַלד און דאָרט דערשאָסן.

דאָס אַלץ וואָס כ׳האָב אויבן דערציילט, איז פאָרגעקומען אינעם ערשטן חודש פון דער שוידערלעכער אומקום־תקופה (פון 1־טן סעפּטעמבער ביז 1־טן אָקטאָבער 1939), בלויז איין חודש פון דער נאַציסטישער הערשאַפט אין ראַדאָמסק.

# אין קאשמאר פון די בונקערס

## אברהם גליקסמאן

דאָס וואָרט „בונקער״ איז געווען זייער פּאָפּולער אין געטאָ. בדרך־כלל שטעלט מען זיך פאָר, ווען מען זאָגט „בונקער״, אַ פאַרשטעקט־פּלאַץ פון אייזן־בעטאָן מיט טורעמס איבערן שטח, פון וועלכע עס קוקן אַרויס מאַשין־געווער. אָבער די געטאָ־בונקערס זענען געווען פּשוטע באַהעלטענישן וועלכע האָבן געדינט די פאַרפאָלגטע זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַן עת־צרה פאַר די דייטשן.

שוין אין דער ערשטער תקופה פון דער מלחמה האָבן זיך אין ס׳רוב דירות אין געטאָ געפונען א״ג בונקערס. דאָס זענען געווען פּרימיטיווע באַהעלטענישן, ווי למשל, אַ פאַרמאַסקירטע שאַנק, אַ קעמערל אָדער אַן אַריינגאַנג אין אַ קעלער, וועלכער איז געווען פאַרשטעלט דורך אַ קאַסטן. דאָ האָט מען זיך אויסבאַהאַלטן בעת מען האָט געכאַפּט צו דער אַרבעט („לאַפּאַנקעס״ זענען פאָרגעקומען על־פּי רוב ביינאַכט). מען האָט דעמאָלסט געגומען מענטשן אויפצורוימען דעם שניי פון די וועגן אין ווינטער אָדער צו פאַרשידענע אַנדערע צוואַנגס־אַרבעטן. ווען עס האָט זיך נישט געמאָלדן די געהעריקע צאָל מענטשן, וועלכע דער אַרבעטס־אַמט האָט באַשטימט, האָט מען צוקאָמפּלעטירט דורך כאַפּן צופעליקע מענטשן. די הויפּטראָל האָבן אָבער די בונקערס געשפּילט בעת די „אַקציעס״.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן דערגיין קיין ראַדאָמסק די ידיעות וועגן אַקציעס אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, האָט זיך אויך דאָ אָנגעהויבן די בהלה פון אַרבעטס־קאַרטן מיט סטעמפּלען. אָבער אין געטאָ איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „גוט פאַרשטעקט איז בעסער ווי גודעקט״, וואָס עס האָט געהייסן, אַז אַ גוט באַהעלטעניש איז זיכערער ווי די אַלע דייטשע הבטחות. מען דאַרף זיך בעת דער אַקציע אויסבאַהאַלטן און שפּעטער אַרויס און זיך אויסמישן מיט די פאַרבליבענע אין געטאָ. קודם כל האָט מען באַהאַלטן זקנים און קינדער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום שאַנסן אַרויסצודרייען זיך פון די אַקציעס. מען האָט אָנגעהויבן בויען „בונקערס״ און זיי זענען געבויט געוואָרן בשותפות פון גאַנצע משפחות אָדער גרופּעס שכנים. אין די דאָזיקע בונקערס האָט מען געדאַרפט פאַרזיכערן דעם צופלוס פון לופט, אָנזאַמלען שפּייז און וואַסער און ווי מעגלעך אידעאַל פאַרמאַסקירן. די בונקערס האָט מען געבויט על־פּי־רוב אין קעלערס אָדער אויף בוידעמס, מען האָט אָפּגעטיילט אַ חלק פון קעלער אָדער בוידעם און מען האָט אויסגעבויט אַ ווענטל וואָס איז געווען אין גאַנצן ענלעך צו די אַרומיקע ווענט. שפּעטער האָט מען פאַרטראַכט אַ גוט־פאַרמאַסקירטן אַריינגאַנג און פאַרזאָרגט זיך מיט נויטיקע זאַכן און שפּייז פאַר די באַהאַלטענע, אויף עטלעכע טעג. אַ גרויסער מכשול אין די קעלערס איז געווען דער מאַנגל אין לופט, וואָס איז געווען אַ סיבה פון אַ סך דורכפאַלן.

געווען אַ סך בונקערס וואָס זענען געוואָרן זייער שכלדיק אַראַנזשירט: איינער אַזאַ בונקער איז געווען אין גאָרטן פון די מינשקעוויטשעס אויף דער סטזשאַלקאָווסקע־גאַס; ער האָט זיך געפונען טיף אין דער ערד און צו אים האָט געפירט אַ גוט־פאַרמאַסקירטער אַריינגאַנג פון די קוסטעס. דער בונקער איז געווען פאַרזאָרגט מיט לופט און שפּייז און אין אים האָבן זיך געפונען אַ סך מענטשן בעת דער ערשטער אַקציע. אין הויז אויף מיצקעוויטשאַ 3 (דאָס צווייטע הויז פון דער קהילה, אין וועלכן איך האָב געוווינט, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דריי בונקערס: איינער אין קעלער, דורך די משפחות פישמאַן און זאַמבעק; און צוויי אויפן בוידעם (איינער דורך אונדז און דער צווייטער דורכן פאָטאָגראַפיסט ווילהעלם).

פאַר די אַקציעס האָט זיך יעדער בונקער אויסגעזוכט אַ פאַרטרויאונגס־מאַן על־פּי־רוב פון צווישן די פּאָליציי־לייט. די פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען געווען זיכער אַז זיי וועלן פאַרבלייבן נאָך דער אַקציע, האָבן זיך געדאַרפט קאָנטאַקטירן מיט די באַזונדערע בונקערס נאָכן סוף פון דער אַקציע און אינפאָרמירן זיי וועגן מצב אינדרויסן. בלויז אַ קליינע צאָל מענטשן האָט בכלל פאַרלאָזן דאָס געטאָ כדי אויסצובאַהאַלטן זיך ביי קריסטן.

עטלעכע טעג פאַר דער לעצטער אַקציע בין איך געוואָרן קאָשאַרירט צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרבעטער פון זנאַמיראָווסקיס טאַרטאַק אין פּייערמאַנס הויז אויף דער פּשעדבאַרסקע־גאַס. אַ טייל פון מיין משפחה האָט זיך דאַן געפונען אויסערן געטאָ, בלויז דער טאַטע איז פאַרבליבן אין געטאָ און באַשלאָסן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקער, וועלכן מיר האָבן צוגעגרייט.

ערב דער אַקציע האָב איך מיך אַריינבאַקומען אויף דער מיצקעוויטשער גאַס, כדי זיך געזעגענען מיטן טאַטן און משפּיע זיין אויף אים ער זאָל ווי אַמגיכסטן אַריין אין בונקער. דער טאַטע האָט מיך צוגערעדט אַז איך זאָל זיך מיט אים אויסבאַהאַלטן, אָבער מיין חשבון איז געווען אַ פּשוטער: עמיצער מוז פאַרבלייבן אין דרויסן כדי צו העלפן די באַהאַלטענע.

עס האָט זיך דערנענטערט די לעצטע נאַכט פאַר דער אַקציע און דאָס געטאָ איז געוואָרן הערמעטיש אַרומגעשטעלט דורך ס.ס.־לייט און אוקראַינער. איך האָב זיך געפונען צווישן אַ גרויסע גרופּע טאַרטאַק־אַרבעטער, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין פּייערמאַנס הויז, אויף דער פּשעדבאַרסקע. דער ערשטער קרבן אין דעם הויז איז געווען פרוי לאַכמאַן, וועלכע איז געשטאָרבן אין בונקער־קעלער און איז דאָרטן ציטווייליק געקומען צו קבורה. מיר זענען געזעסן אַ גאַנצע נאַכט נישט צומאַכנדיק קיין אויג. באַלד אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע לויט דעם פון־פאָרויס צוגעגרייטן דייטשן פּלאַן.

# ראַדאָמסקער יידן אין סקאַרזשיסקער „האַסאַג״

## משה האַרטמאַן

קיין סקאַרזשיסק (סקאַרזשיסקאָ־קאַמיעננאַ) זענען אָפּגעשיקט געוואָרן צוויי טראַנספּאָרטן פון ראַדאָמסקער יידן. די ערשטע גרופּע וואָס האָט געציילט 150 נפשות, איז געפירט געוואָרן אַהין דעם 29־טן אָקטאָבער 1942 — דריי וואָכן נאָך דער ערשטער „אויסזידלונג״.

די צווייטע און לעצטע גרופּע איז אָפּגעשיקט געוואָרן צוויי טעג נאָך דער צווייטער „אַקציע״ אין ראַדאָמסק — דעם 9טן יאַנואַר 1943. די דאָזיקע גרופּע האָט געציילט 224 יידן און איז באַשטאַנען על־פּי רוב פון די אַרבעטער אויף זנאַמיעראָווסקיס האָלץ־פּלאַץ (טאַרטאַק). דאָס איז געווען דער איינציקער אַרבעטס־פּלאַץ בעת דער ליקווידאַציע פון דער „יידן־שטאָט״ ראַדאָמסק. (אַחוץ דער קליינער גרופּע פון אַן ערך 40 מאַן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע).

אין צווייטן טראַנספּאָרט, וועלכער איז באַשטאַנען פון בלויז מענער, האָבן זיך אויך געפונען מיליץ־לייט פון געטאָ און אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן פון זשארקי.

די טראַנספּאָרטן זענען געווען שטאַרק באַוואַכט דורך דעם ווערקשוץ פון סקאַזשיסקער „האסאג״ — דאָס איז געווען אַ גרויסע דייטשער קאָנצערן פון אַמוניציע־פאַבריקן א.נ. הוגא שניידער געזעלשאַפט אין לייפּציג. נאָכן אָנקומען קיין סקאַרזשיסק זענען אַלע אַדורכגעגאַנגען אַ גענויע רעוויזיע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט באַטנשלאַגער, דער הויפּט־וואַך־פירער פון דער האַסאַגער ווערקשוץ. ער האָט אויפגעפאָדערט אַלעמען אַוועקצוגעבן דאָס געלט, ווערטזאַכן און גאָלד, דראָענדיק דערביי מיט שיסן יעדן איינציקן ביי וועלכע מען וועט עפּעס געפינען נאָך דער רעוויזיע.

דער פּחד צווישן די אָנגעקומענע איז געווען גרויס און די יידן האָבן על־פּי־רוב אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט און צירונג וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. די דייטשע און אוקראַינישע וואַכלייט האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט דעם וואָס מען האָט זיי אָפּגעגעבן פון אייגענעם ווילן, נאָר זיי האָבן נאָך אַדורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע און צוגענומען אַ חוץ געלט — זייגערלעך, אויך מלבושים און וועש. הקיצור, דאָס לעצטע האָב־און־גוטס, וואָס איז נאָך עמעצן פאַרבליבן. בלויז זייער אַ קליינער צאָל יידן איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן אַביסל געלט.

דער „האַסאַג״ האָט פאַרמאָגט אין סקאַרזשיסק דריי פאַבריקן, וועלכע זענען געווען באַצייכנט: ווערק ‚א׳, ווערק ‚בע׳ און ווערק ‚צע׳. אַ גרויסער טייל פון די ראַדאָמסקער האָט געאַרבעט אויפן ווערק ‚א׳, די איבעריקע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויף די ווערק ‚בע׳ און ‚צע׳.

ביי יעדער פון די דריי פאַבריקן איז געווען אַ לאַגער אין וועלכן די יידן האָבן געוווינט. דער לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקער דראָט. אינעווייניק האָט אים געהיט די יידישע מיליץ און פון דרויסן די ווערקשוץ. די ווערקשוץ איז באַשטאַנען פון אוקראַינער, ווייסרוסן און פאָלקס־דייטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן אויך די שמירה אין די פאַבריקס־בנינים.

אַ חוץ די וואַכלייט, געסטאַפּאָ און ס.ס.־לייט, וועלכע זענען געווען די אַפּוטרופּסים פון לאַגער, האָט קיינער נישט געטאָרט אין אים אַריינקומען. די פאַרוואַלטונג פון לאַגער האָט זיך געפונען אין יידישע הענט. אין שפּיץ פון לאַגער אין ווערק „א״ איז פון אָנהויב (סוף 1941) געשטאַנען אַ לעמבערגער ייד מיטן נאָמען זאַלצמאַן, וועלכער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. נאָך אים האָט דעם פּאָסטן פון לאַגער־קאָמענדאַנט פאַרנומען אַ קעלצער ייד מיטן נאָמען אַלבירט.

די אויספיר־מאַכט פון לאַגער איז געלעגן אין די הענט פון דער יידישער מיליץ. בראש פון דער מיליץ אויפן ווערק „א״ איז געשטאַנען טעפּערמאַן פון ראַדאָם און קזשעפּיצקי פון ראַדאָמסק. די עיקר־אויפגאַבע פון דער מיליץ איז געווען צו היטן דעם לאַגער בייטאָג און ביינאַכט ווי אויך פירן די יידן צו דער אַרבעט. אין דער מיליץ און אין דער לאַגער־פאַרוואַלטונג האָבן זיך געפונען מענטשן אומפאַראַנטוואָרטלעכע, וועלכע זענען זיך אַכזריותדיק באַגאַנגען מיט זייערע ברידער.

די וווינונגס־באַדינגונגען אין די לאַגערן זענען געווען זייער שלעכטע. די מענטשן האָבן געוווינט אין האָלץ־באַראַקן מיט פּריטשעס אויף דריי־פיר שטאָק. אויף איין געלעגער זענען געשלאָפן צוויי מענטשן. אויפן ווערק „א״ האָט מען ביז מאַי 1943 געוווינט אין גרויסע־לאַנגע באַראַקן, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון פערד־שטאַלן. אויף די פּריטשעס איז געלעגן בלויז שטרוי און די מענטשן האָבן אַפילו נישט באַקומען קיין קאָלדרעס צוצודעקן זיך.

למען האמת, דאָרט איז אויך געווען אַ געמויערטע געביידע, אָבער אין איר האָבן געוווינט די לייט פון דער מיליץ און פון דער לאַגער־פאַרוואַלטונג, סאַניטאַרן און אַ קליינע גרופּע פאַרמעגלעכע, וועלכע האָבן דערפאַר באַצאָלט.

די סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען געווען שוידערלעכע. די מענטשן האָבן נישט באַקומען קיין וועש איבערצובייטן. נישט בעסער האָט אויסגעזען מיט דער דערנערונג. מען האָט באַקומען 200 גראַם ברויט טעגלעך און אַ שיטערע זופּ. די קיך איז געווען זייער אַ שלעכטע און דאָס עסן האָט נישט אַנטהאַלטן קיין שום פעטסקייטן. אין דער פרי און אין אָוונט האָט מען פאַרטיילט שוואַרצע קאַווע. נישט קיין וווּנדער טאַקע, אַז די מענטשן זענען געווען נישט דערנערט און אָפּגעשוואַכט.

נישט לייכט איז געווען די אַרבעט פון די ראַדאָמסקער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אויפן ווערק „א״. אַן אויסנאַם זענען געווען די, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער טישלעריי און ביי די אויטאָמאַטן. די אַרבעט האָט געדויערט צוועלף שעה טעגלעך און אויף געוויסע אָפּטיילונגען האָט מען אויך געאַרבעט ביי נאַכט.

אין דער פאַבריק זענען די יידן געקומען אין קאָנטאַקט מיט פּאָליאַקן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. דער רוב פון זיי האָט זיך באַצויגן צו יידן פיינטלעך און כדי אויסצופּרעסן געלט האָבן זיי געטריבן די יידן צו דער אַרבעט מיט שטעקנס און געשלאָגן מכות־רצח. די פּאָלאַקן זענען געווען פאָראַרבעטער און געהאַט די השגחה איבער די יידן, אַז זיי זאָלן מאַכן די באַשטימטע נאָרמע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען דער ווערק „צע״. די פאַבריק האָט זיך געפונען דריי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט און מען האָט דאָרט אויסגעאַרבעט פּיקרין און טראָטיל. די מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים פּיקרין זענען געווען געל. דער שטויב האָט זיך איינגעפרעסן אינעם פּנים, אין די האָר און אין די מלבושים פון די אַרבעטער און, פאַרשטייט זיך, שלעכט געווירקט אויפן געזונט. (דאָ האָבן געאַרבעט צוויי זין פון יצחק וואַרגאַן פון ראַדאָמסק). מיט טראָטיל האָט מען אָנגעפילט גראַנאַטן און די אַרבעט איז פאָרגעקומען ביי אַ זייער הויכער טעמפּעראַטור. אויך דער דאָזיקער אויפרייס־מאַטעריאַל האָט שלעכט געווירקט אויפן געזונט. די פּאָליאַקן,

וועלכע האָבן געאַרבעט אויף די אָפּטיילונגען, האָבן באַקומען ספּע־ציעלע פּאַרציעס פון ווורשט און מילך. פאַר די יידן האָט דאָס אַלץ נישט עקזיסטירט.

דער רוב ראַדאָמסקער אויפן ווערק „צע״ האָט געאַרבעט ביים טראַנספּאָרט. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון אויסלאָדן וואַגאָנעס מיט גראַנאַטן, קאַסטנס כעמישע מאַטעריאַלן און זיי צושטעלן צו די פאַבריק־האַליעס. צו דער אָפּטיילונג האָט אויך געהערט דאָס אַוועק־שיקן די פאַרטיקע פּראָדוקציע. באַזונדערס שווער איז געווען דאָס פאַרלאָדן די „קעלבער״, ווי מען האָט גערופן די גראַנאַטן, פון וועלכע יעדער איינער האָט געוווגן 56 קילאָ. די אַרבעטער האָבן געמוזט גוט אַכטונג געבן און זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל ביי אַ שטאַרקן שטויס האָבן די גראַנאַטן געקענט עקספּלאָדירן. די אָפּטיילונג האָט געהאַט אַ סטאַבילע טאָג־און נאַכט־שיכט. אויב די אַרבעט איז נישט פאַרטיק געוואָרן אין די באַשטימטע אַרבעטס־שעהן, האָט מען די מענטשן געהאַלטן לענגער צו 14 און 16 שעה נאָכאַנאַנד.

אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1943 האָט זיך אין די לאַגערס פון ווערק „א״ און ווערק „בע״ פאַרשפּרייט די טיפוס־קראַנקהייט. די עפּידעמיע האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן יונג און אַלט, שוואַכע און פיזיש־שטאַרקע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן און אין שלעכטע סאַניטאַרע באַדינגונגען האָט גורם געווען, אַז די קראַנקהייט זאָל זיך שנעל פאַרשפּרייטן און אומברענ־גען אַ גרויסע צאָל אויסגעמאַטערטע און נישט־דערנערטע מענטשן. די קראַנקע האָט מען איזאָלירט אין אַ ספּעציעלן באַראַק, ווו זיי זענען געווען אונטער דער אויפזיכט פון סאַניטאַרן. אויפן ווערק „א״ האָט די קראַנקע באַזוכט איין מאָל טעגלעך דער לאַגער־דאָקטאָר און זיין אויפגאַבע איז געווען פעסטצושטעלן, צי די קראַנקע זענען נישט פעאיק צו אַרבעטן און צי מען דאַרף זיי דעריבער נאָך האַלטן אין לאַגער. (אויפן ווערק „צע״ האָבן די דאָזיקע מיסיע דערפילט סאַניטאַרן, ווייל ס׳איז דאָרט נישט געווען קיין דאָקטאָר).

טרויעריק איז געווען די לאַגע פון די קראַנקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין נאָענטן וואָס זאָל זיך מיט זיי פאַרנעמען. די סאַניטאַרן האָבן ווייניק געזאָרגט פאַר זיי. אַן אויסנאַם האָבן זיי געמאַכט פאַר די, פון וועלכע זיי האָבן באַקומען געלט. אויפן ווערק „צע״ האָט אַ לענגערע צייט געאַרבעט אַלס סאַניטאַר מלך גאָלד־בערג פון אונדזער שטאָט, וועלכער האָט זיך גוט באַצויגן צו די לאַנדסלייט און עטלעכע פון זיי האָט ער אויך פערזענלעך געהאָלפן אין זייער לאַגע. אויפן ווערק „א״ האָט געאַרבעט אַלס סאַניטאַר חיים־מנדל אַראַנאָוויטש.

די ראַדאָמסקער האָבן בדרך כלל אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ פאַר זייערע חברים און לאַנדסלייט. זיי האָבן געזאָרגט, אַז זייערע באַקאַנטע זאָלן באַקומען צו טרינקען, אַ קאַלטן קאָמפּרעס אויפן קאָפּ, אַ וואַרעמע קאָלדרע, עפּעס וואַרעמעס צום עסן אדג״ל. זיי האָבן אויך אינטערוועניר̇ט ביים דאָקטאָר, ער זאָל באַזוכן דעם קראַנקן אדג״ל. אין די באַדינגונגען איז דאָס געווען זייען פּיל, אָבער נישט גענוג צוריקשטעלן די קראַנקע אויף די פיס.

אַ סך קראַנקע האָבן געליטן פון קאָמפּליקאַציעס נאָכן טיפוס — אַ לונגען־אָדער געהירן־אַנצינדונג, און דעמאָלט איז שוין נישט געווען קיין שום האָפענונג דעם קראַנקן צו דערהאַלטן ביים לעבן. די קראַנקע ווייטער, וועלכע האָבן בשלום אַדורכגעמאַכט דעם קריי־זיס און אָן קאָמפּליקאַציעס, האָט מען תיכף צוריקגעשיקט צו דער אַרבעט. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די מענטשן זענען גע־ווען אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט און לגמרי נישט פעאיק געווען צו קיין שום אַרבעט. זיי האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אויפן ווערק „צע״ האָט מען פאַר די **רעקאָנוואַלעסצענטן** אויסגעזוכט אַ „לייכטע״ אַרבעט — רייניקן דעם פאַבריקס־שטח אָבער אויך דאָס איז געווען איבער זייערע כוחות.

אין די סקאַרזשיסקער לאַגערס זענען פון טיפוס געשטאָרבן הונדערטער מענטשן נאָך מער פון זיי האָבן די דייטשן אויסגע־שאָסן. און אָט זענען די נעמען פון די ראַדאָמסקער, וועלכע זענען געשטאָרבן פון טיפוס:

1) שטיצקי סעוועק בן בעריש, 2) ערליכמאַן יעקל בן דוד, 3) צוקער־מאַן אהרן, 4) אַפּמאַן זיינוול בן שמעון, 5) פאַצאַנאָווסקי, 6) פאַצאַנאָווסקיס זון, 7) פּרעגנטקי, 8) ווידיסלאָווסקי יענקל, 9) פאַגעל־מאַן הערשל, 10) וואַלדפאָגעל אברהם, 11) זיידמאַן נתן, 12) זיידמאַן אבא, 13) אַקרענט מאַקס, 14) ראָזענבאַום אברהם, 15) מינסקי נחמיה בן אברהם, 16) בוגייסקי דוד בן יודל, 17) אברהם וואַקסמאַן, 18) לאַנדוי חיים, 19) דרו־זידזיק הערשל א״אַ.

זומער 1943 איז אויפן ווערק „א״ קראַנק געוואָרן אויף טיפוס מינסקי. מיט אים האָט זיך פאַרנומען זיין עלטערער ברודער נחמיה, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַן אַ שיעור מסירת נפש. אויפ־געוועזן גאַנצע נעכט און נישט אַוועק פון ברודערס בעט, כדי צו ראַטעווען דעם איינציקן און לעצטן וואָס איז אים געבליבן פון זיין גאַנצער משפחה. יששכר מינסקי איז געזונט געוואָרן. נחמיה איז אַוועקגעפאַלן אויף טיפוס און נאָך עטלעכע טעג געשטאָרבן. זיין טויט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די ראַדאָמסקער, וועלכע האָבן אים שטאַרק געשעצט צוליב זיינע אויסערגעוויינלעכע מידות. באַזונדערס איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר יששכר מינסקי, וועלכער האָט פאַרלוירן אַן איבערגעגעבענעם ברודער מיט לייב און לעבן.

די קראַנקע און שוואַכע האָבן די דייטשן באַטראַכט פאַר אַן איבעריקן עלעמענט פון וועלכן זיי קענען שוין נישט האָבן קיין נוצן. זיי האָבן דעריבער אַדורכגעפירט צווישן זיי סעלעקציעס און אַוועקגעשיקט די געפּסלטע אויפן „שיס־שטאַנד״ פון ווערק „צע״. דער פּלאַץ האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד און דאָרט איז געוויינלעך אויסגעפּרוווט געוואָרן די אויסגעאַרבעטע אַמוניציע.

בעת די סעלעקציעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. די דייטשן האָבן בעסטיאַליש געשלאָגן די קרבנות, וועלכע זענען נישט אימשטאַנד געווען גענוג שנעל אַרויפצוקלעטערן אויף די לאַסט־אויטאָס מיט וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט זיי צום עקזעקוציע־פּלאַץ. מענטשן האָבן מיט אַלע כוחות באַמיט זיך אויסצומיידן דעם ביטערן גורל דורך אויסבאַהאַלטן זיך. בעת אַ גרויסער סעלעקציע אויפן ווערק „א״ איז געלונגען דעם יינגסטן זון פון מענדל יוסטמאַן פון קאַמינסק, אויסצובאַהאַלטן זיך אונטער אַ בעט. ליידער איז דער בחור שפּעטער אומגעקומען. אין עטלעכע פאַלן איז די יידן געלונגען אָפּצוראַטעווען זיך אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן און זיי לעבן ביזן היינטיקן טאָג.

פאַר די צום טויט־פאַרמשפּטע האָט מען פריער אויסגעגראָבן אַ גרויסע גרוב, די ווערקשוץ־לייט האָבן זיי געהייסן אויסטון די קליידער און די שיך, און אויסשטעלנדיק זיי אַרום דעם גרוב דערשאָסן.

אין סקאַרזשיסק זענען דערשאָסן געוואָרן די פאָלגנדיקע ראַדאָמסקער:

1) גרונדמאַן מאיר בן אליהו, 2) ליכטענשטיין חיים בן דוד, 3) פישמאַן אברהם־וואָלף, 4) פישמאַן שמואל, 5) ראַפּאַפּאָרט ישעיהו בן חיים, 6) שטיין ישראל בן משה־דוד, 7) וואַלדפאָגעל אברהם, 8) שאַיעוויטש איסר 9) גערייכטער ישראל.

ווייסנדיק וואָס עס דראָט זיי האָבן אַ סך קראַנקע מיט 39 און 40 גראַד היץ געשלעפּט זיך צו דער אַרבעט, אויס מורא צו גיין אין קראַנקן־באַראַק פון וואַנען די דייטשן האָבן אַרויסגעשלעפּט **די קראַנקע צו שיסן.**

די מאַסן־עקזעקוציעס אין די סקאַרזשיסקער לאַגערס האָבן געדויערט זייער אַ לאַנגע צייט. אַן ענדערונג איז ערשט אַריינ־געטרעטן סוף יאָר 1943, בעת די דייטשן האָבן שוין נישט געהאַט פון וואַנען צו ברענגען יידן.

אַ חוץ יידן פון ראַדאָמסק האָבן זיך אין סקאַרזשיסק געפונען יידן פון קעלץ, ראַדאָם, צוזמיר (סאַנדאָמיעזש), סטאַשעוו, אָפּט (אָזשאַראָוו), טשענסטאָכאָוו, פּיעטערקאָוו, שידלאָוויעץ, כמיעלניק, אָסטראָוויעץ און פון סקאַרזשיסק גופא.

נאָכן ליקווידירן די לעצטע רעשטן פון די יידן אין די דער־מאָנטע שטעט, האָט די געסטאַפּאָ אין יוני 1943 געבראַכט אַ טראַנס־פּאָרט 1500 יידן פון מאַידאַנעקער לאַגער. די מענער פון דאָזיקן טראַנספּאָרט האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן און אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען פון זיי אויסגעשטאָרבן עטלעכע הונדערט מאַן און קרוב צו צוויי הונדערט האָט מען אויסגעשאָסן. די פרויען האָבן זיך פאַרהעלטניסמעסיק בעסער געהאַלטן.

דאָס עסן אויפן ווערק „צע״ איז געווען ערגער ווי אין מאַידאַ־נעק און די אַרבעט איז געווען אַ פיל שווערערע. טויזנטער יידן זענען אויסגעשטאָרבן אין די לאַגערס פון הונגער און קעלט. ספּעציעל גרויס איז געווען די שטערבלעכקייט אויפן ווערק „צע״. עס זענען געווען טעג, ווען די צאָל מתים איז דערגאַנגען ביז דרייסיק.

פינף חדשים נאָכדעם ווי עס איז געבראַכט געוואָרן דער מאַי־דאַנעקער טראַנספּאָרט האָט זיך ווידער געלאָזט פילן אַ מאַנגל אין אַרבעטס־הענט. אַזוי ווי צו יענער צייט איז געוואָרן ליקווידירט דער לאַגער אין פּלאַשעוו ביי קראָקע האָט די געסטאַפּאָ געבראַכט פון דאָרט אַלע יידן נאָך סקאַרזשיסק. דאָס איז געווען דער לעצטער טראַנספּאָרט פון יידן, וואָס איז געבראַכט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק. ער האָט געציילט 2200 נפשות.

צו יענער צייט איז אַריינגעטרעטן אַ ווענדונג צום גוטן אינעם שטרענגן רעזשים. די דייטשן האָבן זיך געכאַפּט, אַז די לעצטע רעזערוון יידן זענען שוין אויסגענוצט און מען דאַרף מילדערן די שווערע באַדינגונגען, כדי צו דערהאַלטן דאָס הייפל שקלאַפן ביים לעבן. מען האָט דעריבער אויסגעבויט נייע באַראַקן, איינגעאָרדנט אַ שפּיטאָל אויפן ווערק „צע״, געבראַכט מעדיקאַמענטן און גע־זאָרגט צו פאַרבעסערן די באַשפּייזונג. ספּעציעלע געסטאַפּאָ־קאָ־מיסיעס, וועלכע זענען אַהערגעקומען, האָבן אַדורכגעפירט אינס־פּעקציעס אין די באַראַקן, אין דער קיך און אין די פאַבריק־האַלעס. עס איז דעמאָלט אַפילו געשען אַ פאַל, ווען מען האָט אַ קראַנקן אויף אַן אויג געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ דאָקטאָר אין שטאָט, וועגן וואָס מען האָט פריער נישט געקענט אַפילו חלומען.

אין מערץ 1944 איז אָנגעקומען נאָך סקאַרזשיסק אַ גרויסער טראַנספּאָרט שוכוואַרג פון אַ פאַרניכטונגס־לאַגער אין וועלכן יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן; נאָך פריער זענען אָנגעקומען קליידער פון פּאָניאַטאָוו, נאָכדעם ווי די יידן זענען דאָרטן אויסגעהרגעט געוואָרן. דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט, ווען מען האָט באַטראַכט די קליידער און נישט איינער האָט דערקענט זאַכן פון זיינעם אַ קרוב. די קליידער און די שיך, וועלכע מען האָט די מענטשן פאַר־טיילט זענען זיי שטאַרק צונוץ געקומען, וואָרעם זיי זענען אַרומ־געגאַנגען אָפּגעריסן און אין ווינטער זיך אָפּט אַרומגעפּאַקט מיט פּאַפּירן.

די באַציונגען צווישן די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין סקאַר־זשיסק זענען געווען אין אַלגעמיין זייער גוטע. איך דערמאָן זיך, אַז אָנקומענדיק אויפן ווערק „א״ האָב איך געטראָפן מיינס אַ שכן ישראל שטיין, משה־דוד שטיינס זון (געוווינט אויף דער רעי־מאָנטאַ, די אַמאָליקע קאַליסקאַ, סטאַציע־גאַס). ער האָט זיך מיט מיר האַרציק באַגריסט און מיר אינפאָרמירט וועגן די פאַרהעלט־נישן אין לאַגער. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר מיר וועגן אַ גע־לעגער און ווען איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָב איך ביי אים איבערגעלאָזן מיינע זאַכן וועלכע זענען מיר פאַרבליבן נאָך דער רעוויזיע. דער ביטערער גורל האָט ליידער נישט אויסגעמיטן דעם שטילן און איידעלן ישראל שטיין. ער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מען האָט אים צוזאַמען מיט אַנדערע ראַדאָמ־סקער געשאָסן נאָך דער סעלעקציע פון סוף יאַנואַר 1943.

אַ סך ראַדאָמסקער זענען געווען אין דער מיליץ, צווישן די סאַניטאַרן, פאָראַרבעטער און אויפזעער פון די באַראַקן. די מערהייט פון זיי האָט זיך באַמיט אַרומצוגיין די פאַראָרדנונגען אָדער מיל־דערן זיי. פאַרשטייט זיך, אַז דערצו האָט זיך געפאָדערט אַ סך מוט און שטאַרקער ווילן.

עס זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע, ליידער, וועלכע האָבן געשטרעבט נושא חן זיין אין די אויגן פון די קאָמענדאַנטן און אויסגעפירט זייער אכזריותדיקע באַפעלן. צו אַזעלכע האָט געהערט למשל, דוד בוגייסקי, דער אויפזעער איבער דער ריינקייט אין די באַראַקן אויפן ווערק „צע״. אַ צווייטער בן־עיר אונדזערער האָט להיפך, איינגעשטעלט זיך און דערמעגלעכט די אַרבעטער פון דער נאַכט־שיכט צו שלאָפן אין די באַראַקן בייטאָג, טראָץ די כסדרדיקע קאָמיסיעס, וועלכע זענען געקומען פאָרשן צי די באַראַקן זענען ריין און אין אָרדענונג.

באַזונדערס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן צום גוטן הענריק פּאַנסקי. ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַ פאָראַרבעטער אויף דער האַלע 51, וווּ די אַרבעט איז באַשטאַנען אין סאָרטירן גראַנאַטן און צושטעלן זיי אין די פאַרשידענע האַלעס. פּאַנסקי האָט זיך באַצויגן צו די אַרבעטער זייער מילד און זיי האָבן זיך קיינמאָל אויף אים נישט באַקלאָגט.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט זענען די פאָראַרבעטער אויף די האַלעס געווען בעיקר פּאָליאַקן און זייער באַציונג צו די יידן — באַזונדערס אויף דעם ווערק „צע״ — איז געווען זייער אַ שלעכטע. אַסך יידן האָבן זיי געהאַט אויף זייער געוויסן. די יידן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס מזל צו אַרבעטן ביי פּאַנסקין האָבן לייכ־טער אָפּגעאָטעמט און מען האָט זיי באַטראַכט ווי אַ שיכט אויס־דערוויילטע.

הענריק פּאַנסקי איז געווען אַ געבילדעטער און ערלעכער מענטש. ער האָט געשטאַמט פון אַן אַסימילירטער משפחה. עט־לעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. זיין געפינען זיך אין סקאַרזשיסק איז פאַר יעדן ראַדאָמסקער געווען אַ חידוש. זיין פרוי, קינד, שוועסטער און שוואָגער — יוזעף פּאַנסקי — זענען געווען אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן. ער האָט געהאַט מיט זיי אַ פאַרבינדונג און באַקומען פון זיי געלט. זיי האָבן אים געוואָלט אַרויסציִען פון לאַגער און געשיקט אַפילו איין מאָל צו דעם צוועק אַ פּאָליאַק. ער איז אָבער געווען אַפּאַטיש און נישט געטרויט די פּאָליאַקן.

עס האָט מיט אים אַ מאָל געטראָפן אַ פאַל וואָס האָט זיך גע־קענט ענדיקן זייער טראַגיש פאַר אים און זיין גאַנצער משפחה. פּאַנסקי האָט באַקומען אַ בריוו דורך אַ פּאָלאַק, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק. זייענדיק נייגעריק צו וויסן וואָס זיינע נאָענטסטע מאַכן, האָט ער זיך אָוועקגעזעצט פאַר דער האַלע און געלייענט דעם בריוו. דאָס האָט באַמערקט אַ דייטשער מייסטער, וועלכער האָט צוגענומען דעם בריוו און געפאָרשט פּאַנסקין עטלעכע טעג. דער מייסטער האָט דורכויס געוואָלט אַרויסבאַקומען פּרטים וועגן פּאַנסקיס

משפחה און דעם נאָמען פון קריסט וואָס האָט דעם בריוו געבראַכט*. אים אַליין האָט געדראָט אַ האַרבע שטראָף פאַר שיקן בריוו, וואָס עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אַ חוץ דעם איז געשטאַנען אין קאָן דאָס לעבן פון זיין משפחה, וועלכע מען וואָלט דאָך אויסגעשאָסן אין פאַל ווען מען כאַפּט זיי. עס איז טאַקע געווען אַ גרויס גליק וואָס די אויספאָרשונג איז געוואָרן איבערגעריסן.

צום סוף דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז אונדזערע לאַנדסלייט האָבן אָרגאַניזירט און זיך באַטייליקט אין הילפס־אַקציעס מיטן צוועק ארויסצוהעלפן נויטבאַדערפטיקע וואָס האָבן דערויף פאַרדינט מיט זייער האַלטונג, באַזאָרגט רפואות פאַר קראַנקע אדג״ל.

איידער איך פאַרענדיק די שילדערונג פון סקאַרזשיסקער גיהי־נום וויל איך פריער איבערגעבן עטלעכע פון מיינע פערזענלעכע איבערלעבענישן, וועלכע וואַרפן אַ ליכט אויף דער באַציונג פון די פּאָלאַקן צו יידן.

קיין סקאַרזשיסק בין איך אָנגעקומען אין יאַנואַר 1943 מיטן צווייטן טראַנספּאָרט. פון אָנפאַנג האָב איך געאַרבעט אויפן ווערק „א“. נאָך צוויי חדשים האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון לאַגער קיין טשענסטאָכאָוו. דער טיפוס האָט געבושעוועט אין לאַגער און קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז מען וועט פון דאָרט אַרויס אַמאָל לעבעדיקע. עס זענען שוין פריער געמאַכט געוואָרן פרווון פון אַנטלויפן און צווישן זיי ראַדאָמסקער: אשר דיקערמאַן, טוביה קאַל־קאַ, ראַבינאָוויטש. פאַר אַנטלויפן פון לאַגער האָט, פאַרשטייט זיך, געדראָט טויט. די געכאַפּטע האָט מען דערשאָסן אָן א אויספאָרשונג אין די אויגן פון די לאַגער־יידן. אויפן ווערק „בע“ האָבן די דייטשן דערשאָסן די טאָכטער פון משה בערגער (זלאטא) מיט איר מאַן כענטשיסקי.

איך האָב געאַרבעט מיט אַ פּאָלאַק אויף דער האַלע און ער האָט מיר צוגעזאָגט מיך צו באַגלייטן מיט דער באַן קיין טשענסטאָ־כאָוו פאַר אַ געוויסער סומע געלט. איך בין געווען קוים צוויי שעה אויסער די פאַבריקס־דראָטן, ווען איך האָב מיר טיף אַנטוישט אין מיין באַגלייטער. ער האָט מיר פאַרפירט אין אַ וואַלד און צוזאַמען מיט זיינעם אַ חבר אָנגעפאַלן אויף מיר מיט געווער. זיי האָבן צו־גערויבט ביי מיר אַלץ וואָס כ׳האָב נאָר פאַרמאָגט, נישט איבערלאָ־זנדיק מיר אַפילו מיינע שטיוול. נאָך אַ פאַרצווייפלטן קאַמף איז מיר געלונגען זיך צו באַפרייען פון מיינע רוצחים. איך האָב מיר אָבער אָנגעשטויסן אויף אַנדערע פּאָלאַקן אין שטעטל בזין. און די האָבן מיר אויסגעליפערט אין די הענט פון דער דייטשער זשאַנדאַר־מעריע. איך בין געוואָרן אינטערנירט אין דער סקאַרזשיסקער תפיסה און פון דאָרט האָט מען מיר אַריבערגעשיקט אונטער דער עסקאָרטע פון וואַכפירער זאַנדער און דעם אוקראַינישן ווערקשוץ איוואַניענקא אויפן ווערק „צע“. צוויי מעת־לעת האָט מען מיר געהאַלטן אין צימער פון ווערקשוץ און מיר מכבד געווען מיט פעסטע קלעפּ. נאָכדעם האָט מען מיר געשיקט אין לאַגער אויפן ווערק „צע“ און נאָכן אָפּ־זיצן אַ געוויסע צייט אין דער תפיסה האָט מען מיך באַפרייט.

עס איז געווען אַ ריינער צופאַל, וואָס מען האָט מיך נישט דער־שאָסן. די דייטשן האָבן נישט געוואָלט מיר שיקן אין פאַבריק אַרבעטן אויס מורא, אַז איך זאָל אויפסניי נישט אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט פּאָלאַקן און נאָכאַמאָל פרווון אַנטלויפן. זיי האָבן אָבער נישט פאַר־שטאַנען, אַז די טרויעריקע דערפאַרונג מיט די פּאָליאַקן האָט מיר אָנגעלערנט זיי נישט טרויען.

אין יולי 1944, ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט צו לובלין, האָבן די דייטשן עוואַקואירט אַלע יידן פון סקאַרזשיסק. טייל פון זיי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו אינעם דאָרטיקן „האַ־סאַג“, דער רוב איז אָבער אַוועקגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. די פרויען — אין לייפּציגער „האַסאַג“ די מענער — קיין בוכענוואַלד.

אין דער נאַכט פאַרן אָפּטראַנספּאָרטירן קיין דייטשלאַנד האָבן פון לאַגער אויפן ווערק „צע“ געפּרוּווט אַנטלויפן 245 יידן — מענער און פרויען. דערונטער זענען אויך געווען די לאַגער־קאָמענדאַנטן און אַ סך מיליציאַנטן. די פּאָלאַקן האָבן אָבער אויסגעליפערט כמעט אַלע אין די הענט פון די דייטשן פאַרן פרייז פון אַ פלעשל בראַנפן און אַ קילאָ צוקער פון אַ קאָפּ. צווישן די דערשאָסענע האָט זיך גע־פונען יצחק לאַנדויס טאָכטער — רבקה גוואזדזש. פון דער גאַנצער גרופּע זענען פאַרבליבן קוים 15 מענטשן אין צווישן זיי העניעק זילבערשטיין פון אונדזער שטאָט. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און אויסגעשטאַנען אַ סך צרות פון די א.ק.־לייט.

פאַר דער ליקווידאַציע פון סקאַרזשיסקער לאַגער האָבן די דייטשן אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע און אויסגעשאָסן קראַנקע און עלטערע מענטשן. צווישן די פאַראורטיילטע צום דערשיסן האָט זיך אויך גע־פונען שלמה קראַקאָווסקי, דער סעניאַר צווישן די ראַדאָמסקער. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן בעת דער סעלעקציע און נאָכדעם האָט מען אים געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרט קיין בוכענוואַלד.

צווישן די דערשאָסענע אין סקאַרזשיסק האָט זיך אויך געפונען די דענטיסטין קורכין־בערקענשטאַט. געשטאָרבן דאָרט זענען נאָך:

1. יודל דאַווידאָוויטש, 2. הערש־לייב זיידמאַן, 3. וואַרגאַן בן יצחק 4. אפמאַן בן אלימלך, 5. בוגייסקי פעליקס בן שלמה, 6. יצחק שטשוצקי, ר׳ משה־בנימין לעמאַנס איידעם.

אין אויגוסט 1944 זענען אין בוכענוואַלד דערהרגעט געוואָרן פון די הענט פון יידישע נקמה־נעמער: יוסף קשעפּיצקי, ד״ר זאַקס און דוד בוגייסקי.

פון בוכענוואַלד האָט מען געשיקט אויף אַרבעט קיין שליבען — אַ שטאָט נעבן כעמניץ. בעת אַן אויפרייס וואָס איז דאָרט פאָרגעקו־מען זענען דערהרגעט געוואָרן יוסף בריל און זיין פאָטער (אַ שטריקמאַכער פון מאַרעק). אין שליבען איז אויך געשטאָרבן שלמה ראָזענבאום.

אין דער גרופּע אַוועקגעשיקטע פון שליבען קיין פלאָסענבורג האָט זיך געפונען העניק פאַנסקי. ער איז קראַנק געוואָרן אין שליבען און אונדזערס אַ בן־עיר האָט אים דאָרט געשטיצט און אונטערגעהאַלטן. פאַנסקי איז געשטאָרבן אין פלאָסענבורג.

צווישן די עוואַקואירטע יידן פון בוכענוואַלד אין אַפּריל 1945 האָבן זיך אויך געפונען דער דענטיסט יעקב (קובא) מאַרקאָוויטש, יעקל שפּירא מיט זיין זון דניאל און ווי עס שיינט מיר אויך די ברידער טייכנער־טאַדעק און קובא (דער לעצטער אלי גרונדמאַנס איידעם).

למען האמת מוז איך צוגעבן, אַז אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט פון אונדזערע בני־עיר האָבן איבערגעלעבט סקאַרזשיסק אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן באַקומען געלט און זאַכן פון ראַדאָמסקער פּאָ־לאַקן, וועלכע זיי האָבן עס פריער איבערגעגעבן. עס זענען פאַר־שטייט זיך, פאָרגעקומען געוויסע מיסברויכן און אויך די פאַרמיט־לער זענען נישט תמיד געווען גענוג ערלעך, אָבער דעם פאַקט גופא ענדערט דאָס נישט. אָן דער דאָזיקער הילף וואָלט די רשימה פון די ביים לעבן פאַרבליבענע, וועלכע מיר ברענגען ווייטער, גע־ווען אַ קלענערע.**

און צום סוף, בעת מיר מאכן אַ סך הכל פון לעבן אין סקאַרזשיסק, דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז הגם אייניקע מענטשן פון אונדזער שטאָט האָבן אונדז ניש געבראַכט קיין כבוד, האָבן

* דער דאָזיקער דייטשער מייסטער האָט צוגערויבט ביי צענדליקער יידן געלט, שפּעטער צוגעפירט זיי צו די דראָטן און דערשאָסן.

** אויפן ווערק „א“ האָבן די דייטשן אויפגעהאָנגען אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען נאָוואַק פאַר פאַרקויפן יידן ברויט.

אָבער די ראַדאָמסקער ווי אַ כלל געהאַט אַ גוטן נאָמען. דער רוב האָט נישט פאַרלוירן דעם צלם אלוקים. אין אונדזערע רייען זענען געווען חברים, וועלכע האָבן געפירט אַ ברייטע הילפס־אַקציע און נישט נאָר לגבי די אייגענע פון אונדזער שטאָט. זיי זענען געווען דער אַדרעס פאַר געזעלשאַפטלעכע טוער, שרייבער און אינטעליגענץ, וועלכע האָבן ביי זיי באַקומען הילף און שטיצע.

## רשימה פון ראדמסקער וועלכע האבן איבערגעלעבט דעם סקארזשיסקער לאגער

1) אַראַנאָוויטש חיים מענדל, 2) אורבאך נחמיה, 3) אפמאן וואָלף, (וויטעק), 4) בלאגער מאניא, 5) בלאגער פעלא, 6) בליבאום רוזשקא, 7) גאָלדבערג מלך, 8) גוואזדזש חיים, 9) געריכטער דוד, 10) גליקסמאן ישראל 11) דאָמבראָווער מאיר, 12) דיאמענט לייב, 13) דיאמענט שרה (פון דער היים דאָמבראָווער), 14) הארטמאַן משה, 15) העפטלער סטאשעק, 16) העפטלער שרה (פון דער היים פישעלעוויטש), 17) וואַרגאָן, 18) ווייסבערג יעקב, 19) זיידמאַן גרשון, 20) זיידמאַן רוזשקא (פון דער היים עפשטיין), 21) זילבערשטיין העניעק, 22) טייכנער שלמה, 23) יאקובאָוויטש, 24) לעמקאָוויטש (געריכטערס איידעם), 25) לודקעוויטש, 26) לודקעוויטש אַנדזיא, 27) מאַרקאָוויטש אלכסנדר, 28) מאַרקאָוויטש חיים, 29) מינסקי יששכר, 30) סאבעל רענא, 31) עפשטיין אליהו (עלעק), 32) עפשטיין רחל, 33) פישמאן יעקב, 34) פישמאן שלמה, 35) קאָרנפעלד, 36) קראקאָווסקי שלמה, 37) קאלקא טוביה, 38) רובינאוויטש שמחה, 39) רובינשטיין משה (מאניעק), 40) שוואַרצענבערג נתן, 41) שטראַוסבערג, 42) שמולעוויטש אַנדזשא (חנה), 43) שמולעוויטש יעקב, 44) שמולעוויטש, 45) קירשענצווייג יוסל, 46) קזשעפיצקי העלא, 47) פעלמאן העלא, 48) קראוזע יוסף.

# אויף די ברענענדיקע חורבות

**יששכר מינסקי**

טיפע גריבער, רויטער ליים
כ'האָב אַמאָל געהאַט אַ היים...
פרילינג — פלעגן סעדער בליען,
האַרבסט־צייט — פלעגן פויגלען ציען,
ווינטער — פלעגט דאָרט פאַלן שניי,
איצטער — בליט דאָרט ווינד און וויי.

ס'האָט מיין היים אַ בראָך געטראָפן,
טיר און טויער זיינען אָפן
פאַר די רוצחים, פאַר די שינדער,
די, וואָס קוילן קליינע קינדער,
די ,וואָס הענגען אויף די זקנים,
די, וואָס שאַנעווען ניט קיינעם.

טיפע גריבער, רויטער ליים —
כ'האָב אמאָל געהאט א היים...

(שמואל האלקין)

יאַנואַר 1945. שוין 2 וואָכן ווי איך בין פריי פון די נאַציס. ווען איך אָבער אויך אַמאָל באַפרייט ווערן פון זייער דערדריקנדיקער ירושה? אַ כוח וועלכער לאָזט זיך נישט באַהערשן יאָגט דיר אַ היים. עס העלפן נישט די ברידערלעכע בקשות און עצות פון פריינט און חברים, וועגן אויסרוען זיך, וועגן נישט זיכערקייט אויף די וועגן, כאָטש דו אַליין ווייסט דאָך גוט, אוי ווי גוט, אַז נישט קיין בענקענדיק־הארץ וואַרט אויף דיר און נישט קיין טרער פון צוריק־געפרנעם נעם גליק וועט דיר באַגריסן.

צעשטערט איז דיין היים, חרוב איז דיין וועלט. דיין היים איז איצט מיט דיר, אין דיר, אין דיינע חלומות — דו אַליין. און דאָך גיי איך, כ'גיי און בויג זיך טיף אונטער דער לאַסט פון דער פאַרבליבענער ירושה. כ'גיי אויף די פוילישע שליאַכן, מיט דער צוריקגעווונענער פרייהייט אונטערן האַרץ, און מיט אַ בינטל זכרונות פון דער אין פיין־און אוממענטשלעכע ליידן געלייטערטער היים.

קאַלט איז די פוילישע ערד, טיף פאַרשנייט זענען אירע וועגן, פעלדער און וועלדער. איך שלענגל זיך דורך מיט גרויס מי צווישן דעם פאָרויס־גייענדיקן מיליטער און וואָיענדיקן געוויטער.

ס'לויפט אַ טאַנק נאָך אַ טאַנק. ס'יאָגט איין כוואַליע שניי די אַנדערע, און איין געדאַנק דעם אַנדערן. וואָס באַטראַכסטו מיר אַזוי, סאָלדאַט — איך ווייס נישט, דאָס טריפט נאָר אַזוי דער שניי פון מיין דערוואַרעמטן פנים...

די נאַכט פאַלט צו. פון די אַרומיקע וועלדער הילכן אָפּ שאָסן. דאָרט קעמפן נאָך פאַרביטערטע רוצחישע מאַרודערן פאַר זייער נאַקעטן לעבן, דאָרט דערגרייכט זיי די נקמה־נעמנדיקע האַנט פון גערעכטיקייט. וועט זי, די האַנט, זיין אַזוי לאַנג, כדי אַלעמען צו דערגרייכן ?

ס'איז שוין נאַכט, ווייטער גיין איז אוממעגלעך. ס'איז נישט דאָ קיין כוח און ס'האָט נישט קיין זין. איך בין שוין ביי קלאַמניץ. ביי אַ קרעטשמער געפין איך אַ גאַסטפריינטלעכן ווינקל, אַ הייסן געטראַנק און אַ בינטל שמעקנדיקן שטרוי. נעבן מיר שלאָפן סאַוויעטישע אָפיצערן. מיר שלאָפן נישט לאַנג. זיי וועקט אויף דער באַפעל — מיר דער קאַלטער שווייס און די ביטערע חלומות. ערשט איצט פיל איך מיין מידקייט און דאָך יאָגט עס מיר אַרויס פון סטאָדאָלע.

כ'בין שוין ווידער אויף דעם הויפט־וועג. די נאַכט־שטילקייט האַלט ביים אָפּטרעטן, דאָס פינצטערניש ביים פאַנאַדערפאַלן. ס'באַגלייט מיר נאָר דער שניי, וועלכער מאַכט מיר ענלעך צו דער אַרומיקער וועלט. ס'באַווייזן זיך שוין די ערשטע זון־שטראַלן, וועלכע ברעכן זיך דורך צווישן דער מאַסע פון פאַלנדיקן שניי. זייער אָפּ כאַפּט אויף דיין בליק אַ רויט־טונקעלן פלעק, איינגעגראָבן טיף אין ווייסן פוך. דו ווייסט גאַנץ גוט וואָס דאָס באַדייט, אָבער דו גייסט ווייטער. דאָס איז בלוט פון די, וועלכע זענען געפאַלן כדי אויך מיר זאָלן קענען לעבן. וואָס האָב איך „העני ממעש" אים אין הימל צו זאָגן ? אויב אָבער דאָס בלוט איז פון די, וועלכע האָבן חרוב־געמאַכט אונדזער וועלט — איז אָ גאָט, פאַרוואָס ווייסלען־זיך־נישט פלעקן ווייסע צווישן רויטן שניי ?

מיטאָג־צייט געפין איך זיך שוין אויף די פאָדערגאַסן פון דער שטאָט. אַ פויליש יינגל האָט מיר באַמערקט און מיין יידישקייט פון מיר אַראָפּגעלייענט. ער האָט שנעל זיינע נאָענטע אַרויסגערופן, און אויגן שפּיזיקע, דורכדרינגענדיקע, פאָרשנדיקע, האָבן מיר באַטראַכט פון קאָפּ ביז צו די פיס. אַלץ האָבן די אויגן פאַראַטן, נאָר נישט קיין פריינדשאַפט. כ'קער זיך צום מאַרק און פון דאָרט צום האַרץ פון יידישן ראַדאָמסק — צו דער שול־גאַס.

איבער דער שול טראָגן זיך נאָך שוואַרצע רויך־וואָלקנס. דאָס האָבן די אָפּציענדיקע דייטשן אונטערגעצונדן די שול — דערקלערן מיר די דורכגייענדיקע פּאָליאַקן. כ'האָב געלויבט, אַז צו דעם זענען פּעאיק אויך די פּוילישע אונטערוועלט־יונגען, די זעלבע וואָס האָבן בלויז מיט 5 יאָר צוריק געשענדעט, געפּליגדערט און פֿאַרברענט די שול אין טשענסטאָכאָוו. אַז דאָס וועט זיין דער קבלת־פּנים מיין אָנקומענדיקער פֿרייהייט, האָט נאָר דער שטן אַליין געקענט אויסטראַכטן. דער זעלבער רויך פֿון ברענענדיקן יידישן האָב־און־גוטס איז מיט צוויי יאָר צוריק געווען אונדזער באַגלייטער אין די טויט־לאַגערן — דער זעלבער רויך האָט אונדז איצט מקבל־פּנים געווען. דער ווינט יאָגט דעם רויך אין די אויגן אַריין, אַז דו מוזט זיי פֿאַרמאַכן. מיט די פֿאַרמאַכטע אויגן זעסטו דאָס קליינע געסעלע, איינגעהילט אין הייליקייט פֿון דורות. דאָ האָבן זיי געלעבט און געליטן, געטרוימט און גאָט געלויבט. פֿון דאַנען זענען זיי אין דער וועלט געגאַנגען און דעם צלם־אלוקים קיינמאָל נישט פֿאַרלוירן. דו דערמאָנסט זיך פֿון חומש, וועגן דעם עמוד־הענן און עמוד־האש, וואָס האָבן אַמאָל אין די אַלטע צייטן אונדזערע אָבות דעם וועג געוויזן און פֿון שונא אָפּגעהיט. און עס ווילט זיך אַזוי אַ פֿרעג טאָן — פֿאַרוואָס ?... פֿאַרוואָס האָט רויך און פֿייער יענעם דור פֿאַר שלעכטס געהיטן, און פֿאַרוואָס איז אונדזער דור אין פֿייער און פֿלאַמען געגאַנגען.

כ'עפֿן ווידער די אויגן און זע צווישן די רויך־וואָלקנס, אויף די חורבות פֿון דער שול די עשרת־הדברות — ס'גלאַנצן דאָרט די גאָלדענע אותיות : „לא תרצח". פֿאַר וועמען גלאַנצן זיי ?...

# אַ בריוו צו אַ פריינד אין ארץ־ישראל

**עלקע קריינדלער**

נאָך שווערע לאַנגע 6½ מלחמה־יאָרן וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד, זענען מיר געקומען צוריק אין אונדזער געבורטלאַנד פּוילן.

די יידן האָבן זיך געפֿילט נישט היימלעך. מיר האָבן אָבסערווירט די באַציונג פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג צו אונדז, יידן, איבערגעבליבענע פֿון גרויסן חורבן, געראַטעוועטע מיט נסים, און מיר זענען געקומען צום באַשלוס, אַז אין פּוילן איז מער קיין פּלאַץ פֿאַר אונדז נישטאָ.

צו יענער צייט האָב איך באַזוכט אין ראַדאָמסק. אָנקומענדיק אין שטאָט, האָב איך מיט מיינע אייגענע אויגן דערזען דעם גרויסן חורבן און מיט מיינע אייגענע אויערן אויסגעהערט די אָפּגעראַטעוועטע פֿון גיהינום. זעענדיק און אויסהערנדיק דאָס אַלץ וואָס איז געשען, האָבן מיר מיינע געדאַנקען אַריבערגעטראָגן גאָר ווייט־צוריק אין דער גליקלעכער אַטמאָספֿער פֿון די קינדער־יאָרן.

אַלס אַ קליין מיידעלע, פֿלעג איך שטענדיק מיט אַ געמישטן געפֿיל פֿון פֿרייד און צער דערוואַרטן יעדעס יאָר דעם תשעה־באב אין שול. ביים לייענען „מגילת איכה" פֿלעג איך זיצן אויף אַ קליין בענקעלע, נעבן מיין מוטער ע"ה, און מיט אַן אויפֿגעהאַלטענעם אָטעם אויסהערן די שרעקלעכע געשיכטע פֿון חורבן בית־המקדש, די געשיכטע פֿון הונגער, נויט און טויט, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט מיט 2 טויזנט יאָר צוריק. דאָס קינדערישע האַרץ פֿלעגט מיר צעגיין פֿון ווייטיק, און מיינע טרערן פֿלעגן זיך צוזאַמענגיסן מיט דער מאַמעס טרערן — מיר ביידע האָבן באַקלאָגט דעם גרויסן יידישן חורבן פֿון אַמאָל. אָבער דער דאָזיקער חורבן, ווי טיף ער זאָל נישט זיין איינגעבירגערט אין יידישן פֿאָלקס־באַוווסטזיין, האָט דאָך קיין שום פֿאַרגלייך, אין הינזיכט פֿון צייט און פֿאַרנעם, מיט דעם לעצטן חורבן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אויף אונדזערע אויגן און פֿאַרשניטן אַלץ און אַלעם, וואָס איז געווען ממש אונדזערס — פֿלייש פֿון אונדזער פֿלייש, ביין פֿון אונדזער ביין.

בעת מיין לעצטן באַזוך אין ראַדאָמסק, אויסהערנדיק די דערציילונגען וועגן לעצטן חורבן, בין איך נישט געזעסן נעבן מיין מאַמען אין שול, אַרומגערינגלט דורך הונדערטער לעבעדיקע מענער, פֿרויען און קינדער — געבאָרענע און אויסגעכאָוועטע אויף מיינע אויגן. כ'בין געזעסן אַן איינזאַמע, אַ שווייגנדיקע, אַ צעבראָכענע גייסטיק און פֿיזיש, און אויסגעהערט די טרויעריקע מגילת־היסורים נישט פֿון „איכה" נאָר פֿון לעבעדיקע עדות, וואָס האָבן דאָס אַלץ אַליין איבערגעלעבט. זיי האָבן מיר דערציילט וועגן די „אַקציעס" אין געטאָ, וועגן פֿאַמיליעס וואָס זענען געווען פֿאַרשטעקט ביי קריסטן און מען האָט זיי אַרויסגעגעבן, וועגן יידיש האָב־און־גוטס וואָס איז צערויבט געוואָרן, וועגן געציילטע גוישע שכנים וואָס האָבן יאָ געהאָלפֿן (ספּאַז, דער אַפּטייקער, און אַנדערע).

אין דעם בריוו, וואָס כ'האָב אַרויסגעשיקט פֿון פּוילן (קלאַדזקאַ) אין חודש מאַי 1946, גלייך נאָך מיין באַזוך אין ראַדאָמסק, צום פֿריינד ש. לאַכמאַן אין ישראל (תל־אביב), האָב איך אויך פֿאַרצייכנט די פֿאָלגנדיקע פּרטים, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם גורל פֿון בלויז איין פֿאַמיליע.

די מיטער פֿון ש. לאַכמאַן איז געשטאָרבן אין דער צייט פֿון דער ערשטער „אַקציע". זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס פֿון פֿייערמאַנס קנעפּל־פֿאַבריק, איז דאָרט אויסגעגאַנגען און דאָרט האָבן איר יידן מקבר געווען. דער פֿאָטער איז געווען אינעם טראַנספּאָרט, וואָס איז געשיקט געוואָרן, וואַרשיינלעך, אין לאַגער טרעבלינקע, וווּ טויזנטער ראַדאָמסקער האָבן געפֿונען דעם טויט. די שוועסטער איז געווען צווישן די פֿרויען, וואָס זענען אַריבערגעפֿאָרן קיין באַכניע, ווייל דאָרט זענען מכלומרשט געווען „גוטע דייטשן", און זענען דאָרט אומגעקומען. איר מאַן איז געווען צוזאַמען מיט איר פֿאָטער אינעם טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. גאָר טראַגיש איז אומגעקומען זייער טאָכטער, וועלכע איז געווען אַ לענגערע צייט, צוזאַמען מיט האַניע הערצבערג (פֿון סטשאַלקאַווער־גאַס), אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסטין, נעבן גינטערס גאָרטן. עמעצער האָט אויסגעגעבן די דאָזיקע ביידע מיידלעך, און מען האָט זיי דערשאָסן צוזאַמען מיט דער קריסטין.

איך קען נישט איבערגעבן מיין צער ווען כ'האָב געלייענט דעם טאָג־בוך, וועלכן עס האָט געשריבן מרים כאַשטשעוואַצקי, אַ שוידער גייט אַדורך ווען מען לייענט די ווערטער, וואָס זי האָט געשריבן עטלעכע טעג פֿאַרן טויט : „גאָט, גאָט ווו ביסטו ? מיר האָבן אַזוי פֿיל געוויינט דעם יום־כיפּור און דו שווייגסט און העלפֿסט אונדז נישט. איך וויל לעבן, איך בין בלויז 17 יאָר אַלט — פֿאַרוואָס דאַרף איך שטאַרבן ? ווער האָט געגעבן אַ רעכט מיר צו טויטן"... מיר האָבן דעם דאָזיקן טאָג־בוך איבערגעשיקט קיין לאָדזש, אין דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע.*

כ'בין געקומען פֿון ראַדאָמסק אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז כ'האָב מיך אַוועקגעלייגט שווער קראַנק. מען מוז זיך אָבער שטאַרקן, ווייל מען מוז ווייטער לעבן, כאָטש מען מוז ווידער נעמען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט.

---

* דער טאָג־בוך איז פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם דאָזיקן בוך (רעד.)

# דאס אנטלויפן קיין רוסלאנד

**שמשון גראנעק**

אין מאָנאַט נאָוועמבער 1939 האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די אויסוואַנדערונג פון דער יוגנט אויף דער זייט פון פוילן, וועלכע איז געווען פאַרנומען פון דער רויטער אַרמיי. דעם 20־טן נאָוועמבער בין איך אַוועק פון ראַדאָמסק, צוזאַמען מיט אברהם וואלדפויגל, און מיט דעם זעלבן צוג זענען אַרויסגעפאָרן מער ווי 20 יוגנטלעכע, הויפּטזעכלעך מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין קראָקע אויפן וואָקזאַל, דאָרט האָבן מיר געטראָפן עטלעכע ראַדאָמסקער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער גרענעץ, ווייל די „געסטאַפּאָ" האָט נישט אַדורכגעלאָזט די גרענעץ. נישט קוקנדיק דערויף, זענען מיר דאָך געפאָרן ווייטער.

דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער און דאָס איבערגיין די גרענעץ — נאָך שווערער. ענדלעך זענען מיר אַריבער בשלום די גרענעץ און אָנגעקומען קיין פּשעמישל, פון דאָרט זענען זיך אַלע צעפאָרן. איך בין געבליבן אין פּשעמישל עטלעכע מאָנאַטן, ביז מאַי 1940.

דאַן איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג פון דער סאָוויעטישער מאַכט וועגן אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. אַלע פּליטים האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן פּשעמישל, ווייל פּשעמישל איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט און בלויז תושבים האָבן דאָרט געקענט פאַרבלייבן. די פּליטים וועלכע האָבן זיך נישט צוגעפּאַסט צו דער פאַראָרדענונג, זענען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. איך בין אַוועק קיין לעמבערג, דאָרט האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אַ וואָך צייט, מיט נאָך 3 ראַדאָמסקער: הענעך קליינמאַן, לייבל גראָסמאַן און יעקב שמולעוויטש. אויך פון לעמבערג האָבן מיר געמוזט אויסוואַנדערן און מיר זענען געפאָרן אין אַ קליין שטעטל, נעבן ראָוונע — קאָסטאָפּאָל. אין דעם שטעטל האָבן געוווינט עטלעכע ראַדאָמסקער, און מיר האָבן זיך געווענדעט צו הערמאַן ראדאל („דער פעטער"). ער האָט אונדז זייער פריינדלעך אויפגענומען אין זיין וווינונג און דאָרט איז געווען דער צוזאַמענקונפט פון אַלע ראַדאָמסקער. יעדן אויפדערנאַכט האָבן מיר זיך דאָרט געטראָפן און די פרוי ראדאל האָט אַרויסגעוויזן פיל פריינטשאַפט צו אַלע ראַדאָמסקער.

דעם 22־טן יוני 1941, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד, האָבן מיר זיך אַלע געגרייט ווידער צו וואַנדערן קיין רוסלאַנד. אויפן 5־טן טאָג פון דער מלחמה זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז אין 2 טעג אַרום וועלן די דייטשן זיין אין קאָסטאָפּאָל. אַלע ראַדאָמסקער פּליטים זענען אַוועק פון קאָסטאָפּאָל. בלויז 3 משפחות זענען פאַרבליבן אויפן פּלאַץ: הערמאַן ראדאל און פרוי; די משפחה צוקערמאַן, וועלכע איז באַשטאַנען פון 4 פּערזאָן; ד"ר רובין און זיין פרוי חנה אייכנער.

אין סאַרנע איז דאַן פאַרבליבן אַ ראַדאָמסקער מיידל, פראַניע מאָשקאָוויטש (געווען אַ חברטע אין „גורדוניה"). אין אַ קליין שטעטל נעבן קאָסטאָפּאָל זענען פאַרבליבן: יעקב שמולעוויטש; לייביש ראָזענצווייג מיט זיין פרוי און שוואָגער. קיינער פון די דאָזיקע פאַרבליבענע האָט זיך נישט אָפּגעראַטעוועט. דאַקעגן, די וואָס זענען אַוועק טיף אין רוסלאַנד, זענען כמעט אַלע געבליבן ביים לעבן.

# דורך וועגן און אומוועגן צו א נייעם לעבן

**יצחק קופפער**

ווען ס'איז געפאַלן דער ערשטער דייטשער שאָס אויף אונדזער שטאָט (1.9.1939), איז גלייכצייטיק אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער גזר־דין אויפן יידישן קיבוץ דאָרט, וואָס האָט געציילט דאַן בערך 10.000 נפשות. אין דער ערשטער פאַזע האָבן מיר נאָך נישט פאַרשטאַנען וואָס עס דערוואַרט אונדז, ווייל דאָס לעבן איז געגאַנגען זיין וועג. אָבער שוין אין די ערשטע טעג פון געטאָ האָט מען געקענט זען וואָס עס דערוואַרט אונדז. ליידער, האָט נאָר אַ קליינער טייל פון אונדז באַמערקט דאָס באַצייטנס און באַוויזן צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. צווישן דעם קליינעם טייל גליקלעכע (דעמאָלט אומגליקלעכע) האָב איך זיך געפונען.

אין יענע שווערע טעג, האָב איך געאַרבעט, אַזוי ווי אַלע ראַדאָמסקער יידן, 3 טעג אין דער וואָך, צוואַנגס־אַרבעט ביי די דייטשן. צופעליק האָב איך געאַרבעט אַלס געהילף־שאָפער. דעם געסטאַפּאָאָנפירער איז אָבער ניט געפעלן געוואָרן, וואָס אַ ייד אַרבעט ביי אַזאַ „בכבודיקע" אַרבעט, און זיצט מיט אַן „אַריער" אויף איין געזעס. ער האָט מיר אַרויסגערופן און געפרעגט, צו איך ווייס, אַז איך בין באַגאַנגען אַ פאַרברעכן דערמיט, וואָס איך בין געזעסן צוזאַמען מיט אַן „אַריער" אויף איין געזעס. איך האָב געענטפערט: ערשטנס, ווייס איך נישט אויב דאָס איז אַ פאַרברעכן; צווייטנס, ווער האָט באַגאַנגען דעם פאַרברעכן, איך צי דער „אַריער". מען האָט מיך גלייך אַוועקגעפירט אין דער געסטאַפּאָ און דאָרט האָב איך באַקומען מיין פּסק: 10 שמיץ. אַרויסגייענדיק האָב איך באַשלאָסן, אַז איך פאַרלאָז מיין היים־שטאָט ראַדאָמסק.

פאָרן מיט דער באַן איז פאַר יידן געווען שטרענג פאַרבאָטן. בכלל איז דאָס אַרויספאָרן פון שטאָט געווען זייער שווער, ווייל מען האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין פון געטאָ. דאָך איז מיר געלונגען דעם 1־טן מערץ 1940, אַרויסצופאָרן פון ראַדאָמסק קיין פּיעטרקאָוו, מיט אַן אויטאָ פון אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, און פון דאָרט האָב איך זיך שוין דערשלאָגן ביז וואַרשע. דעם 4־טן מערץ 1940, אין אָוונט, בין איך אָנגעקומען קיין וואַרשע, און דעם זעלבן אָוונט באַוויזן צוצוקריכן צום פּראַגער וואָקזאַל. קומענדיק אַהין האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די באַן קיין שעדלעץ גייט אָפּ 5 אַזייגער אין דער פרי. אויפן גאַס האָט מען געמעגט גיין נאָר ביז 7 אָוונט, ווייל ביינאַכט איז געווען אויסנאַם־צושטאַנד, און אין וואָקזאַל האָט מען יידן נישט דערלויבט צו זיין. אַזוי אַרום האָבן יידן געמוזט שטיין פאַרן וואָקזאַל, אַ גאַנצע נאַכט, אויפן שניי.

צומאָרגנס מיטאָג־צייט בין איך אָנגעקומען קיין שעדלעץ, און דאָרט געטראָפן עטלעכע ראַדאָמסקער, וועלכע זענען געווען אויפן וועג קיין ראַטן־פאַרבאַנד. דאָס זענען געווען: אנקע אייכנער (די טאָכטער פון חיים אייכנער), וועלכע האָט געוואָלט אָנקומען צו איר

מאַן, ד״ר משה רובין; חנה פישלעיוּוטש (די טאָכטער פון נחמן־וואָלף); עדזיע פישמאַן און שלמה פישמאַן; לייבל גראָסמאַן (דער זון פון אַברהם); חיים מינץ, אַ זייגערמאַכער; קאַפּלאָוויטש; און משה בירנבאום (אַ קאַמאַשנמאַכער, וועלכער האָט געוווינט אין מאַרק נר. 19). אַלע צוזאַמען האָבן זיך געלאָזן ווייטער אין וועג אַריין.

דער דאָזיקער וועג איז ניט געווען קיין לייכטער, מ׳האָט געדאַרפט גיין 18 קילאָמעטער אין שניי, און דערנאָך אַריבערגיין דעם בוג (דער דאָזיקער טייך איז געווען די גרענעץ). נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס זענען דערגאַנגען צו אונדז קלאַנגען, אַז דוד סאָבאָל איז געפּרווירן געוואָרן אויף־טויט, גייענדיק דעם זעלבן וועג, האָבן מיר דאָך אַלע באַשלאָסן, אַז מיר גייען. מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, און דעם 7־טן מערץ 1940 זענען מיר אָנגעקומען קיין קאָוועל, דאָרט בין איך געווען 4 וואָכן. איך האָב זיך אויפגעהאַלטן ביי אבא בריסקער (דער מאַן פון פאָלא זאַלצמאַן, דאָס אייניקל פון שמואל־מאיר פייערמאַן). אין מיטן חודש אפּריל 1940 בין איך אָנגעקומען קיין לעמבערג, דאָרט האָב איך געטראָפן אַ סך ראַדאָמסקער, צווישן זיי: די ברידער בראַצקי; לאָלע ראַפּאָפּאָרט (די טאָכטער פון חיים) און איר מאַן פּראָפ. ראָזענצווייג מיט זיין פאַמיליע; דער די־רעקטאָר פון יידישן גימנאַזיום, פּאָלושעק מיט זיין פאַמיליע; אַ טאָכטער פון יעקל־טיימאַכער (פון איר מאַן גנאַט); ציפּורה יודקעוויטש (די טאָכטער פון דעם מלמד שלמה־חיים דוד׳ס); ראובן נייקראַנס צוויי זין; די צוויי ברידער קאַלקע (זין פון בצלאל); צוויי זין מיט אַ טאָכטער פון מרדכי גאָלדבערג; אברהם קאַפּלאַן א״אַ.

מיר זענען געווען אַ גרויסע גרופּע ראַדאָמסקער, וועלכע האָבן געלעבט שווערלעך אָבער פריי, ביז עס איז געקומען דער חודש יוני 1940. אין דעם דאָזיקן חודש איז אַרויס אַ באַפעל פון דער סאָוויעטישער מאַכט, צו אינטערנירן די אַלע געוועזענע פּוילישע בירגער, וואָס באַזיצן נישט קיין סאָוויעטישע פּעסער. דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן שנעל און אָן אָפּהאַלט: די אַלע וואָס האָבן נישט באַזיצט קיין סאָוויעטישע פּעסער, האָט מען אַרעסטירט דעם 13 יוני 1940 אין דער פרי. נאָכן אָפּהאַלטן מיר 4 וואָכן צייט, האָט מען מיר אַוועקגעשיקט קיין קאַרעליע, ביים פינלענדישן אויסגוס.

דער וועג אַהין האָט געדויערט 41 טעג. דער טראַנספּאָרט, אין וועלכן איך בין געפאָרן, האָט געציילט 800 פאַרשיקטע (פון דעם 90% יידן). מען האָט אונדז געפירט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון: 400 גראַם שוואַרץ־ברויט, אַ טיי־לעפעלע בוימל און אַ לעפעלע צוקער — אַ טאָג. מיר זענען געפאָרן איבער צענטראַל־רוסלאַנד ביז צום ווייסן ים, דאָרט האָט מען אונדז געפירט עטלעכע הונדערט קילאָמעטער אין די טייגעס, ווו מיר האָבן געדאַרפט אָנהויבן אַ „ניי לעבן״.

מיר האָבן געזען פאַר אונדזערע אויגן נאָר דריי זאַכן: הימל, וואַלד און אָזשערעס. דער קלימאַט איז דאָרט — דריי חדשים זומער (25 גראַד היץ), אין דעם בלויז 2 חדשים פול־טאָג, און 9 חדשים ווינטער (55 גראַד קעלט). די אַרבעט איז באַשטאַנען — שניידן בוימער; דאָס עסן איז געווען ווינציק און שלעכט; די סאַניטאַרישע באַדינגונגען גאָר שלעכט. אין די ערשטע דריי חדשים זענען געווען ביי אונדז 250 טויט־פאַלן. אַזוי האָבן מיר געלעבט אַ יאָר צייט, ביזן אויסברוך פון דער דייטשיש־רוסישער קריג, ווען מען האָט אונדז עוואַקואירט קיין אוראַל, דאָרט האָבן מיר ווייטער געאַרבעט אין די וועלדער.

אין דעם דאָזיקן אָרט האָבן מיר געאַרבעט 2 יאָר צייט. ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך מיט גענעראַל שיקאָרסקי האָט מען אונדז באַפרייט. איך האָב באַקומען אַרבעט אין אַ רוסישער קריגס־פאַבריק און דאָרט אָפּגעאַרבעט ביז אָקטאָבער 1944. פון דאָרט בין איך געפאָרן קיין מאָסקווע ווו איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן און שפּעטער געפאָרן קיין פּאָלטאַווע, דאָרט בין איך אַריינגעטראָטן אין פּוילישן מיליטער און געוואָרן געשיקט אויפן שלאַכט־פעלד. אין יאַנואַר 1945 בין איך אָנגעקומען קיין לובלין, דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיטן ערשטן ראַדאָמסקער ייד יצחק זאַלצמאַן, דער זעלבער וועמען איך האָב באַגעגנט אין אָנהויב קריג אין קאָוועל (דעמאָלט איז ער געווען מיט זיין פאַמיליע און איצט עלנט אַליין).

יצחק זאַלצמאַן האָט מיר דערציילט וועגן דעם גורל פון זיין פאַמיליע. ביז ווינטער 1943 זענען זיי נאָך אַלע געווען צוזאַמען — די שוועסטער פאָלע מיט איר מאַן, אַבא בריסקער און זייער קינד, ווי אויך די יינגערע שוועסטער. נאָך דער ליקווידאַציע פון דעם קאָוולער געטאָ זענען זיי אַלע געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער אין פאַרלויף פון עטלעכע חדשים. די דייטשן זענען אָבער געקומען אויף זייערע שפּורן, מען האָט זיי אַלעמען אַוועקגעפירט אויף דעם יידישן בית־הקברות. 2 מענער פון דער גרופּע — יצחק זאַלצמאַן און אַ קאָוולער ייד — האָבן באַדאַרפט אויסגראָבן די גרוב. ווען די גרוב איז געווען פאַרטיק, האָט מען אויסגעשטעלט די גאַנצע גרופּע ביים ראַנד פון קבר און אַלעמען אויסגעשאָסן. געבליבן זענען נאָר יצחק זאַלצמאַן און דער אַנדערער ייד, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרשיטן דעם קבר. מיט זיי זענען אויך פאַרבליבן 2 אוקראַאינער, וועלכע האָבן געדאַרפט דערשיסן די צוויי יידן נאָך דעם ווי זיי וועלן פאַרשיטן די גרוב מיט די קרבנות. יצחק זאַלצמאַן מיט זיין חבר האָבן אָבער אויסגענוצט די געלעגנהייט: ווען די 2 אוקראַאינער האָבן זיך דערנענטערט איינער צום אַנדערן, כדי צו פאַרויכערן אַ ציגאַרעט, האָבן די יידן זיך אויף זיי געוואָרפן מיט די לאָפּאַטעס. די אוקראַאינער זענען געבליבן טויט און יצחק זאַלצמאַן מיט זיין חבר זענען אַנטלאָפן.

אין מערץ 1945 האָב איך פאַרלאָזן לובלין און געפאָרן קיין ראַדאָמסק. די שרעק, אַז איך וועל קיינעם פון מיין פאַמיליע נישט טרעפן, האָט מיר נישט געגעבן קיין רו, אָבער ליידער איז עס טאַקע אַזוי געווען. דעם 9טן מערץ 1945, בין איך אָנגעקומען קיין ראַדאָמסק, און אַראָפּגייענדיק פון דער באַן, האָב איך מיר געשטעלט די פראַגע: ווו אַהין גייט מען? דער אַלטער אַדרעס עקזיסטירט שוין נישט מער. מיינע ברידער און שוועסטער, פאַמיליע און קרובים, קיינער איז נישטאָ. די גאַסן, וואָס זענען גאָר נישט לאַנג געווען פול מיט יידיש לעבן עקזיסטירן נישט מער. אַלץ וואָס איז געווען, געהערט צו דער פאַרגאַנגנהייט. איך גיי זוכן קברים פון די מענטשן, וועלכע האָבן אַמאָל עקזיסטירט, אָבער קיין קברים זענען אויך נישטאָ. זיי אַלע זענען לעבעדיקע אַוועק פון דאַנען און אומגעקומען שפּעטער מיטן רויך פון טרעבלינקע.

אין ראַדאָמסק בין איך געווען בלויז עטלעכע טעג און זיך דאָרט אויפגעהאַלטן ביי מיין פריינט יששכר מינסקי, וועלכער איז אויך געבליבן איינער אַליין פון דער גאַנצער משפּחה (ער האָט אַדורכגעמאַכט דעם אַרבעטס־לאַגער אין טשענסטאָכאָוו). פאַרשטייט זיך, אַז אין ראַדאָמסק, ווו יעדער שטיין איז באַפלעקט מיט יידיש בלוט, האָב איך לאַנג נישט געקענט זיין. איך האָב באַשלאָסן ווייטער צו וואַנדערן, געמאַכט עטלעכע רייזעס איבער גאַנץ פּוילן, אפשר וועל איך וועמען געפינען פון מיין משפּחה, אָבער ליידער קיינעם נישט געפונען. איך האָב באַשלאָסן, אַז דער איינציקער אויסוועג איז צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. אויך דער וועג איז נישט געווען אַזוי פּשוט, אָבער איך האָב אים אַדורכגעמאַכט. דעם 8.11.1945 בין איך אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל און אָנגעהויבן פירן אויף אַן אמת אַ נייעם לעבן.

# ווי אזוי כ'בין געבליבן לעבן

רבקה קראקאווסקי

בעת די מלחמה איז אויסגעבראָכן (1939) זענען מיר געווען אין לאָדזש, די גאַנצע פאַמיליע. שפּעטער זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין ראַדאָמסק, און בלויז די מוטער איז נאָך פאַרבליבן אין לאָדזש, דאָרט איז שוין געווען אַ געטאָ, ביז מיר האָבן אַ״ר אויך אַרויסבאַקומען. מען האָט איר אַרויסגעפירט אין דער עגלה פון „חברה־קדישא״, צוזאַמען מיט אַ טויטן, וואָס מען האָט געפירט אויפן בית־הקברות. אַזוי אַרום האָט זי פאַרלאָזן לאָדזשער געטאָ און אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

אָנקומענדיק קיין ראַדאָמסק זענען מיר אַריין אין אונדזער הויז (ריימאָנטא 29). דאָרט זענען מיר געווען בלויז עטלעכע טעג, ווייל מען האָט אונדז אַרויסגעיאָגט אין דעם געטאָ, אויף די פּשעדבאָרסקע גאַס. ווען מיר זענען נאָך געווען אין אונדזער הויז, האָט שוין דער געוועזענער סטרוזש אָנגעטאָן אַלע לאָקאַטאָרן אויסערגעוויינלעכע צרות. ער פלעגט אויפוועקן אַלע איינוווינער גאָר פרי און געשלעפּט צו דער אַרבעט. „איצט — האָט ער געזאָגט — איז געקומען די צייט, אַז איך וועל אייך שיקן צו דער אַרבעט; איך וועל זיין באַלעבאָס און איר וועט רוימען מיסט״.

מיין גאַנצע פאַמיליע איז געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און איך בין געבליבן אין ראַדאָמסק, צוזאַמען מיט מיין מאַן יחזקאל אוקרענט (הערשל אוקרענטס זון), מיט וועלכן כ'האָב חתונה געהאַט מיט עטלעכע מאָנאַטן פריער.

ס'איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יידן טאָרן נישט האָבן קיין פוטערס. צופעליק האָבן די דייטשן געמאַכט אַ רעוויזיע ביי דער פאַמיליע ראָזענבלום, וואָס האָט געוווינט אין הויז פון בערל אפּמאַן (אַלעיניק) און געפונען אַ שטיקל פוטער. האָבן די דייטשן אויפגעזעצט די גאַנצע פאַמיליע ראָזענבלום אויף אַ דראָזשקע און געפירט איר דורך דעם געטאָ צום בית־עולם. מען האָט דאָרט אַלעמען געהייסן זיך אויסטון נאַקעט און זיי האָבן פאַר זיך זעלבסט געמוזט אויסגראָבן קברים, ביי וועלכע מען האָט זיי דערשאָסן.

אין טשענסטאָכאָוו האָט מיין פאָטער געהאַנדלט מיט דראָבנע גאַלאַנטעריי־זאַכן (נאָדלען, גאַרן א.אַ.). מיין עלטסטע שוועסטער סאלא האָט געבראַכט די סחורה פון סאָסנאָוויעץ, איבערגעטאָן אַלס קריסטין, און אַזוי זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן כדי זיך צו דערנערן. פּסח 1940 האָב איך באַזוכט מיינע עלטערן. מיין פאָטער האָט אָפּגעריכטעט דעם סדר אין אַ ווייסן קיטל און די גאַנצע משפּחה איז נאָך געווען צוזאַמען. מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט מען אונדז געמסרט, אַז מיר האַנדלען. אין מיטן סדר־אָפּריכטן איז אַריינגעקומען אַ פאָלקס־דייטש, שאבעלסקי, מיט אַ שוואַרצע שפּיץ־רוט אין האַנט, און געפרעגט מיין פאָטער: „דו ביסט קראקאווסקי?״ ער האָט מיט דער שפּיץ־רוט אַ שמיגע געגעבן מיין פאָטער אין אויג און דער פאָטער האָט מאָמענטאַל אויפגעהערט צו זען. דער פאָלקס־דייטש האָט אים אַרויסגענומען פון שטוב און אויפגעזעצט אויף אַ דראָזשקע. אין דער דראָזשקע איז שוין פון פריער געווען מיין פאָטערס שוואָגער יעקב בערגער, פון לאָדזש. מען האָט ביידע ארומגעפירט איבער די גאַסן, אָפּגעשפּאָט פון זיי און דאַן זיי אַרעסטירט אויף זאוואדזיע, דאָרט איז דער פאָטער געווען אַרעסטירט אַ מאָנאַט. מיין מוטער האָט פאַרקויפט איר צירונג און מיט דעם געלט אַרויסגענומען דעם פאָטער אויף אַ זדראוואטנעם־אורלויב אויף איין וואָך. ער איז געפאָרן קיין וואַרשע צום באַוווסטן אויגן־דאָקטאָר פּינעס — ער האָט געזאָגט, אַז פונעם קלאַפּ איז פאַרברענט דאָס גרין פון אויג און אַז דאָס צווייטע אויג איז אויך אין אַ גרויס געפאַר. נאָך דער באַפרייאונג איז דער פאָלקס־דייטש שאבעלסקי אַרעסטירט געוואָרן און ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אין תּפיסה נאָכן משפּט.

נאָך צוויי מאָנאַט זיין אין טשענסטאָכאָוו, בין איך מיט מיין מאַן צוריקגעפאָרן קיין ראַדאָמסק אין געטאָ און מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען וועט אויסזידלען פון געטאָ. מיין מאַן האָט געהאַט אַ גוטן חבר, אַ קריסט, וולאַדעק, וועלכער האָט צוגעזאָגט אונדז צו באַהאַלטן ביי אים. ערב יום־כיפּור האָב איך געשריבן אַ בריוו צו מיינע עלטערן אין טשענסטאָכאָוו, דורך אַ באַן־אַרבעטער, און צווויסן געטאָן, אַז איך האָב ווו זיך אויסצובאַהאַלטן און געבעטן שיקן צו מיר די ייִנגסטע שוועסטער, רוזשא. דער באַן־אַרבעטער האָט דעם זעלבן אָוונט געבראַכט צו מיר מיין שוועסטער. מיין בעסטע חברטע ריווטשע שיטענבערג (יחיאל־שלמהס טאָכטער), האָט געוווּסט, אַז איך גיי זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט און אויך זי איז גרייט געווען מיטצוגיין. אָבער ווען איך האָב דאָס דערציילט איר מוטער, האָט זי שטאַרק געוויינט און געבעטן, אַז איך זאָל נישט מיטנעמען ריווטשען, ווייל זי האָט געהאַט אין געטאָ אַ סטאַבילן אַרבעט־פּלאַץ און מען האָט געגלויבט אַז אַזעלכע וועט מען נישט אַרויסשיקן.

איך בין אַרויס מיט מיין שוועסטער אַלס קריסטין, און מיין מאַן האָט געדאַרפט קומען אין אָוונט, ווען ס'וועט שוין זיין פינצטער. אָבער אין אָוונט איז דער געטאָ פאַרמאַכט געוואָרן, מען האָט געהערט שיסערייען און מיין מאַן האָט שוין נישט באַוויזן אַרויסצובאַקומען זיך. דער גוי ווו איך מיט מיין שוועסטער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן האָט געוווינט קעגנאיבער דעם יידישן בית־עולם. ביי דעם גוי האָבן מיר געגנעכטיקט 2 נעכט און דאַן זענען מיר געוווירגעוואָרן אַז אין יענער געגנט זוכט מען יידן. דער גוי האָט אונדז אַריבערגעפירט צו זיינע עלטערן, דאָרט איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר אונדז אין סטאָדאַלע אַ באַהעלטעניש ווו מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן, צוזאַמען מיט נאָך אַ פרוי (קאפּלעוויטש) מיט אירע צוויי טעכטער.

די אַלטע מוטער פון אונדזער רעטער האָט אונדז יעדן אָוונט אַריינגעבראַכט הייסע זופּ מיט ברויט. וולאַדעקס פאָטער איז געווען אַ שוסטער און ער האָט געאַרבעט אויך פאַר די דייטשן, אַזוי אַרום אַז מיר האָבן געמוזט זיצן אין סטאָדאָלע אין אַ שטענדיקער שרעק. ווען ס'איז נאָך דערצו געוואָרן זייער קאַלט, האָבן מיר געזען, אַז מיר וועלן לענגער דאָרט נישט קאָנען אויסהאַלטן. אויך וולאַדעק האָט אונדז געזאָגט אַז מיר וועלן מוזן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

אין אָוונט בין איך אַרויס פון באַהעלטעניש און אַוועק צו דעם הויז פון גמינע, דאָרט זענען געווען קאָנצענטרירט די לעצטע פאַרבליבענע „נוצלעכע״ יידן — די יידישע פּאָליציי און דער יודנראַט. ביי דער גמינע איז געווען אַ הויז, ווו ס'האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם עטלעכע צענדליק יידן. ס'איז נישט מעגלעך איבערצוגעבן אין וואָס פאַראַ אוממענטשלעכע באַדינגונגען די דאָזיקע „אומנוצלעכע״ יידן האָבן דאָרט געלעבט. דאָך האָב איך זיך דאָרט פאַרהאַלטן און אין דער צווייטער נאַכט האָט וולאַדעק געבראַכט מיין שוועסטער און די פאַמיליע קאפּלעוויטש. מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז פאָרגעקומען אַן אַקציע און די אַלע וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דעם בוידעם, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַסטאויטאָס און שוין מער זיך נישט צוריקגעקערט.

איך בין געבליבן לעבן אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיך אָנגעגעבן אַלס אַ קראַנקן־שוועסטער ביי אַ יידישן פּאַליציאַנט, וועלכער איז קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס. מיט עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער (יאַנואַר 1943) איז ווייטער אויסגעפירט געוואָרן אַן אַקציע.

מען האָט צוזאַמענגענומען די רעשטלעך יידן אין דער סטשאַלקאַסקע גאַס ווו עס איז געווען אַ טראַנזיט־לאַגער. דאָס איז געווען די לעצטע אַקציע אין ראַדאָמסק.

ביי דער אַקציע האָבן די אוקראַינער אונדז געהיטן. מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען 10 פרויען, באַצאָלט אַן אוקראַינער 1000 זלאָטעס, און ער האָט אונדז צוגעזאָגט אַרויסצולאָזן פון געטאָ. ווען מיר זענען אַרויס, האָט ער אָנגעהויבן שיסן און געהרגעט 8 פרויען. איך בין געלעגן אין שניי אַ גאַנצע נאַכט. נאָך דער באַפרייאונג האָב איך געטראָפן די צווייטע וואָס האָט זיך דאַן געראַטעוועט — רחל אוקרענט, וועלכע געפינט זיך איצט אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע).

ביינאַכט בין איך ווידער אַוועק צו וולאַדעקן. ער האָט שטאַרק מורא געהאַט, ווייל די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער האָט פריער אויסבאַהאַלטן יידן. ער האָט מיר אַרויסגעפירט מיט אַ לאַסט־אויטאָ קיין טשענסטאָכאָוו, דאָרט בין איך אַריין אין געטאָ און געאַרבעט אין „האסאג" ביז דער באַפרייאונג.

ביי אונדזער טאַטע מאַמע זענען מיר געווען 9 קינדער. געבליבן ביים לעבן איז דער פאָטער, איך און צוויי ברידער. די מוטער פערל און די איבעריקע קינדער: סאלא, פראניע, משה, פעלא, מאניע און רוזשע, זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע, ווו אַהין זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ.

# פון קאלטן סיביר צום זוניקן היימלאנד

## יעקב וועגלינסקי

אָט זע איך מיין היימיש שטעטל, ווען מיר זענען געווען תלמידים ביי יוסף ־בער וולאשטשאווסקי מלמד, איטשע־מאיר מלמד, פישל מלמד, יעקל גאנצארסקי מלמד, אָדער געלערנט ביים לעליווער לערער, אין אַנדערע. אָט דערמאָן איך זיך בלומשטיינס גרויסן הויף און די מיטל־שולע, אין שטשאָלקאַווער גאַס, און די וויינטראובס יידישע גימנאַזיום, אין קראָקאָווער גאַס, ווו ס'האָבן געלערנט און זיך געשפּילט אין די פרייע צייטן הונדערטער יידישע פריילעכע קינדער. אָט זע איך אין מיין זכרון די אַלטע קאַשטאַנען־בוימער, ווו מען פלעגט קלויבן קאַשטאַנעס צו באַפּוצן די סוכות, דעם קליינעם פּאַרקל ביים מאַגיסטראַט, דעם וואַסער ספּאָרט־פּאַרק, ווו זומער פלעגט מען זיך לאָזן אויף קליינע לאָדקעס און ווינטער זיך גליטשן אויפן פאַרפראָרענעם אייז. אָט איז דער „זאקשוועק", אָט איז דער וואַלד גופא, און אָט זענען די באברעס ווו מען פלעגט אין די הייסע זומער־טעג זיך באָדן. אָט זענען די פּאַלוואַרקעס, דער פּלאַוונער וואַלד, דער סוכאוויעשער וואַלד, גונטערס־גאַרטן, און „אויפן־בוגיי" ביי אויסטראוויטשן ווו מען פלעגט זיך לערנען פאַרן אויפן ראַווער. אָט איז דער גרויסער וויאַטראַק, ווו יידישע קינדער ווי אויך דערוואַקסענע פלעגן גיין שפּאַצירן און פאַרברענגען די פרייע צייט פון שבתים און יום־טובים. אָט איז די ריימאנטא גאַס, ביי די „באַבע דזשאַדעס", ווו מען פלעגט זיצן זומער ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהן, איינזאַפּן דעם ריח פון בעז און מאַצייקעס. דאָס אַלץ דערוועקט אַ שטאַרקע בענקשאַפט צום היימיש־שטעטל.

ראַדאָמסק איז געווען פול מיט לעבן. די שטאָט האָט פאַרמאָגט ליטעראַרישע קרייזן, ספּאָרט־קלובן, גרויסע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, אָרגאַניזירטע פאָלקס־כאָרן, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וויכטיקע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אאַ"וו אאַ"וו.

די פּאָליטישע פּאַרטייען זענען געווען גוט אָרגאַניזירט, מיט שטאָלצע עסקנים, תמיד גרייט אויף אַלע קאַמפּס־פונקטן, מיט פולער אחריות און איבערגעגעבנקייט צו פאַרטיידיקן די קלענסטע און גרעסטע אַלגעמיינע פאָלקס־אינטערעסן און פּאָליטישע אויפגאַבן.

כבוד דעם אָנדענק פון אַלע געוועזענע פּאַרטיי־קעמפער און געזעלשאַפטלעכע טוער פון אונדזער שטאָט ראַדאָמסק.

### מיטן צעקלאַפּטן פוילישן מיליטער

מיט אַ וואָך פריער, איידער ס'איז אויסגעבראָכן די דייטשע־פוילישע מלחמה (1939), איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מיליטער־מאָביליזאַציע. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז אויפגעטרייסלט געוואָרן און אינסטינקטיוו דערפילט, אַז ס'הויבן זיך אָן טעג פון ליידן און פיינלעכער שפּאַנונג.

ווען איך בין אַריין אין באַן, וואָס האָט מיך באַדאַרפט אָפּפירן קיין פּיעטרקאָוו צו מיין מיליטערישער איינהייט, האָב איך געהערט די ערשטע אויסרופן קעגן יידן, פון אַנטיסעמיטישע הפקר־יונגען. פון פּיעטרקאָוו איז אונדזער איינהייט געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, צוריק דורך ראַדאָמסק. פון טשענסטאָכאָוו זענען מיר געגאַנגען צו פוס ביז גנאשין צו דער גרענעץ־ליניע, דאָרט האָבן מיר צוגעגרייט אָקאָפּעס און פאַרנומען אַ פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע. אַ געוויסן טאָג פאַרן אויסברוך פון קריג, האָב איך געהערט שרעקלעכע געשרייען, אַז נאָענט פון אונדז איז געכאַפּט געוואָרן אַ שפּיאָן, מיט אַ ראָווער. איך בין אַרויס פון די אָקאָפּעס און גלייך דערקענט דעם „שפּיאָן" — דאָס איז געווען אַ בחור פון ראַדאָמסק, מיטן נאָמען קעסעלמאַן, וואָס איז געקומען באַזוכן זיין ברודער אידל קעסעלמאַן. איך האָב אים אַרויסגענומען פון די סאָלדאַטסקע הענט, געהייסן פאַרלאָזן דעם גרענעץ־פּאַס און נישט רעדן צו מיר קיין וואָרט.

אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע ביי גנאשין זענען געווען, דער גרעסטער טייל, יוגנטלעכע פון ראַדאָמסק. פרייטיק דעם 1.9.39, געגנוי 5 מינוט צו פיר פאַרטאָג, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע דייטשע אויסשפּיר־עראָפּלאַנען. שפּעטער זענען אָנגעקומען באָמבאַרדירעראָפּלאַנען, וואָס זענען געפלויגן אויף טשענסטאָכאָוו, און מיר האָבן געהערט פון ווייט די שטאַרקע באָמבאַרדירונג פון דער שטאָט. צומאָרגנס, שבת פאַרנאַכט, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל איינצופּאַקן די זאַכן און זיין גרייט צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן דורך טשענסטאָכאָוו, מיט וועג אויף אָלשטין, בעת די גאַנצע לופט אַרום איז שוין געווען פאַרסמט פון באָמבע־אויפרייסן און אַלע וועגן זענען געווען באַלויכטן פון גרויסע פלאַמען. אויף די וועגן זענען געווען אויך גרויסע פאַרשטאָפּונגען פון דער ציווילער באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַרלאָזן די פאַרניכטעטע היימען און געוואָלט זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אויס מורא פאַר די אָנקומענדיקע נאַציסטישע מערדער. אונדזערע שטעטלשע יידן האָבן זיך געלאָזט מערקן אויף אַלע וועגן. (אין דעם גרויסן אָלשטינער וואַלד, למשל, האָב איך געטראָפן אלתר גאנצארסקי און אַנדערע).

אַ געוויסן טאָג האָט זיך באַוויזן אין אונדזער איינהייט אַ הויכער פוילישער אָפיצער און אויסגערופן, אַז מיר זענען פריי — יעדער איינער זאָל זיך ראַטעווען. איך קוק זיך אַרום: פון אַלע זייטן שטראָמען די נאַצי־חיות מיט זייערע ווילדע טאַנקן. מיר האָבן

קיין אויסוועג אויף צוריק, און פאָרויס — אַ גרויסע בריק דורך וועלכער מיר מוזן זיך פּרוּוון אַדורכצורייסן. אַרויפקומענדיק אויף דער בריק, האָבן די זעלנער גענומען פאַלן ווי פליגן, ווייל דער גאַנצער פייער איז געווען קאָנצענטרירט אין דער ריכטונג צו אונדז. מיר איז געלונגען אַדורכצורייסן זיך און כ׳האָב זיך דערשלאָגן ביז צו אַ נאָענטן וואַלד. מיט מיר זענען דאָרט געווען: פישל גראשקע, משה פייערמאַן און נאָך פיל ראַדאָמסקער.

די דייטשן האָבן שפּעטער באַשאָסן דעם וואַלד און געמאַכט דאָרט אַ בלוט־באָד. מיר האָבן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און געגאַנגען ביז דזיאַלאשין, און דערנאָך קיין קאָניעצפּאָל, אָבער אויך דאָרטן זענען שוין געווען די דייטשן. ווען כ׳בין געקומען קיין יענדזשעיאָוו האָב איך דאָרט געטראָפן יאמע ראָזענשטיין און בעריש גאָטליב. מיר האָבן קוים באַוויזן זיך צו באַגריסן און ווידער אַ פרישע באָמבאַרדירונג. איך געדענק יאמע ראָזענשטיינס געשריי: „פלינק אַרויס פון שטאָט, נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן, די ערד ברענט אונטער אונדזערע פיס”. מיר זענען אַריין אין אַ וואַלד און געגאַנגען דורך די בערג פון זלאטע־גורא, אויף קעלץ, סוכעדניאָוו, סקאַרזשיסק, ראַדאָם, און דערגאַנגען נאָענט פון די גרויסע פּאָטאָצקעס וועלדער. אָבער אויך דאָ האָט אונדז באַגעגנט אַ פייער. דאָס האַרץ וויינט פון שרעק, דער גאַנצער קערפּער איז פאַרגליווערט, מיר ווייסן נישט וואָס צו טאָן ווייל וואָס ווייטער אַלץ ערגער איז די לאַגע. איך באַשליס צו גיין ווייטער מיטן וואַלד, ווייל קיין צווייטער אויסוועג איז נישטאָ. די ביימער זענען די איינציקע רעטונג פאַר מיר, און אַזוי האָב איך געלאָפן פון בוים צו בוים ביז ס׳איז שטאַרק פינצטער געוואָרן. די מערדערישע אַרטילעריע האָט געשפּילט מיט די ווילדסטע און העכסטע קאַליבער־טענער, אָבער איך האָב שוין מער קיין אַכט נישט געלייגט אויף דעם.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מיליטער־גרופּע פון פּאָליאַקן. ס׳ווערט מיר ביסלעכווייז לייכטער אויפן האַרצן. דאָס איז געווען דעם 16־טן טאָג פון דער פויליש־דייטשער מלחמה, ווען דער דייטשער ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז דריי דיוויזיעס פון פוילישן מיליטער זענען אַרומגערינגלט אין די גרויסע פּאָטאָצקער וועלדער. אויף צומאָרגנס איז אין דער דאָזיקער פוילישער איינהייט אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע ביקסן דאַרפן צעבראָכן ווערן, אַלע אַרטילעריע־וועגנער דאַרפן צעשרויפט ווערן און די פערד דאַרפן אויסגעשפּאַנט ווערן און געלאָזט פריי. מיר זענען געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, און כ׳האָב ווידער באַדאַרפט זוכן אַ וועג, אויף אייגענער האַנט, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען.

די פוילישע אָפיצירן האָבן אויפגעעפנט קאַסטנס מיט געלט און מאַפּעס, און פאַרטיילט צווישן די זעלנער. בלויז איינצלנע האָבן גענומען, ווייל אַ געפיל פון פיין און שרעק האָט אַלעמען באַהערשט. איך בין געווען פון די איינצלנע, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט ביי דעם, און אַזוי אַרום האָט איינער פון די אָפיצירן געוואָרפן אויף מיר אַן אויג. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און אַזוי געזאָגט: „איך זע אַז דו ביסט אַ כוואַט, אַ יונג מיט ביינער און טויגסט זיך אויס; מיר וועלן אָרגאַניזירן אַ גרעסערע גרופּע זעלנער און זיך פּרוּוון ראַטעווען”. איך גיב אים מיין הסכמה און אונטערשטרייך, אַז די גרופּע דאַרף זיין פון דריי העכסטנס פיר מענטשן, ווייל וואָס מער מענטשן אַלץ מער זאָרגן און שוועריקייטן. דער אָפיציר האָט זיך דערויף אָנגעכאַפּט און האָט אויסגעקליבן אַ באַקאַנטן פעיקן שייגעץ, וואָס זאָל זאָרגן פאַרן עסן. מיר האָבן זיך געגעבן די הענט, דאָס מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען און נישט פאַרראַטן איינער דעם צווייטן. איך האָב גענומען די מאַפּעס מיטן קאָמפּאַס, די לאַרנעטע און רעוואָלווער, און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין מיטן וואַלד, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט דורך טויזנטער מערדער און שווערע טאַנקן פון אַלע זייטן.

אַ גאַנצן־טאָג זענען מיר געלעגן אין אַ טאָרף־זומפּ, ביז עס איז שטאַרק פינצטער געוואָרן. אין אָוונט האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דעם טייך ווייסלע, אָבער די בריק איז שוין געווען אויפגעריסן. מיר באַמערקן פונדערווייטנס אַ קליין שיפעלע און רופן דעם גוי צו זיך, אָבער ער דערקלערט אונדז, אַז דאָס אַריבערפאָרן קאָסט 5 זלאָטעס אַ מאַן. איך האָב אַרויסגענומען דאָס געלט, באַצאָלט פאַר אַלע דריי און געזאָגט צום אָפיציר (אַן אַדוואָקאַט פון קאַטאָוויץ): „דו זעסט, אַפילו אין צייט פון קריג ברענגט דאָס געלט אַ נוצן; דו האָסט נישט געוואָלט נעמען מיט זיך קיין געלט, דאָרט אין פּאָטאָצקעס וועלדער, בעת איר האָט צעלאָזן די אַרמיי”... האָבנדיק ביי זיך גענוג געלט, האָבן מיר זיך טאַקע גאָר גיך דערשלאָגן קיין דעמבלין און דערנאָך קיין לובלין. מיר האָבן אַ סך טעג און נעכט כמעט נישט געגעסן און נישט געשלאָפן, אַבי זיך אַרויסצוקריגן פון דער דייטשער אַרומרינגלונג און אָנקומען וואָס גיכער אין יענע געביטן, וואָס זענען געווען פריי פון היטלעריסטישן מיליטער.

## אַ צוזאַמענשטויס מיט אוקראַינער־כוליגאַנעס

פון לובלין זענען מיר אַריין אין די וועלדער, מיטן וועג צו פּיאסקי, און אָנגעקומען אַהין אין טאָג פון יום־כיפור, בעת אַ שטאַרקער באָמבאַרדירונג (יידן זענען אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן אָנגעטאָן אין די קיטלען און טליתים). אויף דעם ווייטערדיקן וועג האָבן מיר געטראָפן, אין די וועלדער: משה פייערמאַן; משה וואָלף; פ. קליינערמאַן (פיאַלעק), דעם געוועזענעם גוטן פוטבאָל־שפּילער; מאציעק ראדאל, אַ זון פון דוד ראדאל. שפּעטער האָב איך אין כעלם געטראָפן כאַלטשע גאסלאווסקי, מיט טוכמייערן. מיר אַלע זענען געווען הונגעריק און געזוכט עפּעס צום עסן. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן זיך פּרוּוון דורכרייסן צוריק אַהיים, אָבער איך האָב באַשלאָסן זיך אַריבערצוקריגן אויפן צווייטן זייט פון טייך בוג.

די בריק אויפן בוג איז שוין געווען אויפגעריסן, כ׳בין אַריבער בשלום דאָס וואַסער און אָנגעקומען קיין לובאָמיל. די דייטשע מערדער זענען שוין דאָ געווען און זיך צוריקגעצויגן און אַלע האָבן געוואָרט אויף דעם אַריינמאַרש פון די רוסן. דערווייל זענען די הערשער אין שטאָט געווען די אוקראַינער, זיי האָבן געמאָרדעט יידן אין די גאַסן און געשאָסן פראַנק־און־פריי אויך אויף די פּאָליאַקן. איך בלייב שטיין איינזאַם אין מיטן גאַס און טראַכט וועגן מיין טרויעריקן גורל.

פלוצלינג באַווייזט זיך אַ פויליש־יינגל און זאָגט: „קום, איך וועל דיר ווייזן ווו די דייטשן האָבן באַהאַלטן געווער, וואָס זיי האָבן צוגענומען פון אונדזערע זעלנער” (ער האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ „אונדזעריקן” פוילישן זעלנער). כ׳בין געגאַנגען מיט דעם יינגל אין מאַרק אַריין, צו אַן אַפּטייק, ווו עס איז טאַקע געלעגן אַ באַרג מיט געווער. כ׳האָב מיר גענומען אַ ביקס און אַ פולן טאָרניסטער מיט קוילן און אַרויס אין גאַס. כ׳האָב גענומען אויסרופן אויפן קול: „זעלנער, פוילישע בירגער, אַלט ווי יונג, גייט נעמען געווער אין די הענט און קעמפט קעגן די ווילדע היידאמאַקעס, אויב נישט וועל איך שיסן יעדן דעזערטיר”. מיין נישט־יידישער אויסזען און קלאָרע פוילישע שפּראַך האָט געווירקט — ס׳איז געוואָרן אַ גרויס גערודער, ממש אַ בהלה נאָך געווער. מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַשיסן די אוקראַאינישע כוליגאַנעס, און דער קאַמף מיט זיי איז אָנגעגאַנגען פון 6 ביז 8 שעה אונטער מיין קאָמאַנדע. איך האָב די אוקראַינער באַצאָלט פאַר אַלע מיינע פריערדיקע שמערצן און ליידן, און די שטאָט איז אַריבער אין אונדזערע הענט.

בעתן קאַמף, ביי דער באַן־סטאַציע, האָב איך באַמערקט פונדערווייטנס וואָלף בירנצווייג, ווי ער שטייט ביי אַ וואַנט, די הענט אין דער הויך, און נעבן אים עטלעכע פוילישע זעלנער גרייט צום שיסן. זעענדיק דאָס טראַגישע בילד האָב איך אַ געשריי געטאָן מיט דער גאַנצער ענערגיע: סטאָפּ! דערנאָך בין איך צוגעגאַנגען מיט

מיינע מיטקעמפער און אים באַפרייט. ער האָט זיך אָריענטירט אין דער לאַגע און זיך נישט געווענדעט צו מיר ווי צו אַ חבר, אָבער שפּעטער ווען עס איז פינצטער געוואָרן, האָבן מיר זיך שטאַרק געקושט און געוויינט פאַר גרויס פרייד. ווען כ׳דערמאָן זיך יענעם טאָג אין לובאָמיל, מיט העכער 20 יאָר צוריק, פאַרשטיי איך נישט עד־היום, פון וואַנען ס׳האָט זיך צו מיר גענומען אַזוי פיל מוט און אַזאַ ענערגיע, נאָך אַזוי פיל ליידן און הונגער־נויט.

מיר זענען געפאָרן צוריק צום בוג, אַרויסגענומען דאָס גאַנצע געווער וואָס דאָס פּוילישע מיליטער האָט פאַרלאָזן און באַגראָבן עס אין וואַלד, נישט ווייט פונעם בריק. דערנאָך זענען מיר געפאָרן קיין מאַציעיאָוו, דאָרטן האָב איך געטראָפן די ברידער בוגייסקי עזריאל און פייוול, וואָס זענען אַמאָל געווען מיט זייערע עלטערן אין ארץ־ישראל, ווי אויך יאַמעלע אויפמאַן. נאָך אַ קורצן שמועס מיט זיי האָב איך פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אָנגעקומען קיין קאָוועל, דערנאָך ווייטער קיין ראָוונע. דאָרט האָב איך זיך ערשט אָנגעשטויסן אויף רוסישע זעלנער און אויף זייערע רויטע פענער. זיי האָבן אונדז באַגריסט הערצלעך, מיט פיל פרייד, און געזאָגט: „פון איצט אָן זייט איר אַלע פריי. איר אַלע פּוילישע זעלנער וואָס האָבן געקעמפט פאַר אייער מדינה. מיר נעמען אייך צו אונדז אין אונדזער גרויסער סאָציאַליסטישער פאָטערלאַנד, וווּ איר וועט זיין גלייכע בירגער״. מיט די ווערטער האָט מען אונדז פאַרלאָדן אויף וואַגאָנעס און דורך דער פּויליש־סאָוועטישער גרענעץ־סטאַציע שעפּעטאָווקע אַרויסגעשיקט קיין סאָוועט־רוסלאַנד און אינטערנירט אין אַ לאַגער פאַר מיליטעריש־געפאַנגענע.

### ...דאָרט וווּ ס׳איז בלויז 3 חדשים זומער

15 טויזנט פּוילישע מיליטער־לייט זענען דאָרט געווען אינטערנירט, אין שעפּעטאָווקע. יעדע 24 שעה האָבן מיר באַקומען אַ ביסל סופּ מיט ברויט און אַ קליין שטיקל צוקער, און אויף דעם האָט מען געמוזט שטיין אין „אָטשערעד״ פון 4 ביז 5 שעה. געלעגן איז מען אויף אַ הוילער בעטאָן־פּאָדלאָגע, ווען אין דרויסן איז שוין געפאַלן אַ שניי. אַזוי זענען פאַרביי 4 וואָכן, אין הונגער און פולשטענדיקער שמוציקייט, אָן וואַסער זיך צום וואַשן. פון ראַדאָמסק זענען דאָרט געווען: יאַמעלע זיידמאַן, פישל באָרושיקאָווסקי, משה גוטמאַן, דעם „כאַפּערס״ איידעם, וואָלף בירנצווייג און אַנדערע. קיין ראַדיאָ־נייעס האָבן מיר נישט געהערט און זענען געווען אָפּגעריסן פון דער אויסערלעכער וועלט. עטלעכע פּוילישע אָפיצירן האָבן איינגעריכטעט אין געהיימניש אַ קעסטל, און ווער ס׳האָט עפּעס געהערט אין פאַרלויף פון טאָג, פון די רוסן, האָט אָנגעשריבן אַ צעטל און אַריינגעלייגט אין קעסטל. אַזוי איז יעדן אָוונט געוואָרן צונויפגעשטעלט אַ געוויסער קאָמוניקאַט. יעדן טאָג פלעגן מיליטערישע אויטאָס נעמען זעלנער אויף אַרבעט און יעדער איינער פון אונדז האָט זיך געריסן צו דעם מיט פרייד, ווייל אויפן פלאַץ פון דער אַרבעט האָט מען באַקומען אַביסל מער צום עסן, מען האָט געקענט עפּעס קויפן און געוואָר ווערן וואָס הערט זיך אין דער גרויסער וועלט.

אַ געוויסן טאָג האָט מען גענומען ריידן אין לאַגער וועגן אַן אויסטויש פון געפאַנגענע זעלנער מיט די דייטשן. אין געציילטע טעג אַרום האָבן זיך טאַקע באַוויזן רוסישע יידן און אַגיטירט שטאַרק, אַז מיר, פּוילישע יידן זאָלן בלייבן אין רוסלאַנד. זיי האָבן אונדז צוגעזאָגט פון בעסטן און שענסטן: אַרבעט, געלט און אמתדיקע פרייהייט. איך האָב זיי דאַן געגלויבט מיט אַן אויפריכטיקן צוטרוי און באַשלאָסן צו בלייבן אין רוסלאַנד. הגם די בענקשאַפט אַ היים איז ביי מיר געווען זייער גרויס, אָבער אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך געמאַכט אַ קלאָרן חשבון וואָס מיר קען דערוואַרטן אין דער היים, וווּ די נאַציסטישע מערדער געפינען זיך. איך האָב געפּרובירט איינצורעדן מיט די איבעריקע חברים פון ראַדאָמסק, וואָס זענען דאָרט געווען, אַז זיי זאָלן אויך בלייבן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט הערן פון דעם. מיר האָבן זיך שטאַרק געקושט ביים צעשיידן און געווונטשן גליק איינער דעם אַנדערן. איך האָב געבעטן, אַז זיי זאָלן איבערגעבן גרוסן און ווונטשן מיין משפּחה, חברים און פריינט, און געהאָפט אַז ס׳וועט קומען אַ צייט ווען מיר וועלן זיך ווידער טרעפן און דערציילן אין פריידן אַלע אונדזערע שווערע און טראַגישע איבערלעבונגען. אָבער דער גורל האָט געוואָלט און באַשטימט אַנדערש...

נאָך דער באַפרייאונג פון מיליטערישן לאַגער, בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ צוקער־פאַבריק. די פאַרדינסטן און די באַדינגונגען דאָרט זענען געווען זייער נידעריקע. שפּעטער האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט ווער פּריוואַט און ווער אין אַ קאָלעקטיוו און אַזוי האָבן מיר געלעבט בערך 2½ חודש. אין חודש יאַנואַר 1940 בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין קיעוו און דאָרט אויף דער באַן־סטאַציע האָב איך געטראָפן אַ זון מיט אַ טאָכטער פון דער משפּחה בלומשטיין פון סטשאַלקאָווער גאַס. צוריקקומענדיק קיין שעפּעטאָווקע האָב איך געטראָפן אונדזער גאַנצע גרופּע אַרעסטירט און אויך איך בין באַלד אַרעסטירט געוואָרן. ווען כ׳האָב געפרעגט פאַר וואָס? האָט מען מיר אַזוי געענטפערט: „ערשטנס, ביי אונדז פרעגט מען נישט; צווייטנס, אַלע פּאָליאַקן זענען שפּיאָנען און פאַררעטער״. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אונדז אַרויסגעפירט קיין דאָנבאַס, דאָרט וווּ די גרויסע קוילן־גרובן געפינען זיך נאָענט פון אַזאָווישן ים און איינגעקוואַרטירט אונדז אין שטעטל נאָווי־טרויסק, אין אַ מיליטערישן געפאַנגענען־לאַגער. דאָרט האָבן מיר בייטאָג געאַרבעט אין גרויסע שטיינגריבער און ביינאַכט האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין רעוויזיעס און פאַרשונגען און שיקאַנעס פון **יידישע** און נישט־יידישע פּראָוואָקאַטאָרן.

אין חודש מאַי 1940 האָבן מיר פאַרלאָזן נאָווי־טרויסק. מען האָט אונדז געפירט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס, אונטער אַ שטרענגער וואַך, דורך יעלענאָווקע, סטאַלינאָ, זאַפּאַראָזשע, כאַרקאָוו, סמאָלענסק, גאָרקי, קיראָוו — קיין קאָטלאַס, און דאָרט ווידער איינגעקוואַרטירט אין אַ לאַגער. קאָטלאַס איז אַ מדינה פאַר זיך. מיט ספּעציעלע געזעצן, אַ צענטער פון תפיסות און שטראָף־לאַגערן, וואָס ציען זיך ביז צום ווייסן פאַרפראָרענעם ים. די דאָזיקע גאַנצע געגנט ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען „נייער־צפון״ און זי נעמט אַרום אַרכאַנגעלסק און קאָמי סס״ר. דאָרט איז בלויז דריי חדשים זומער און דאַן איז דער הימל באַלויכטן פון דער נאַטור מיט ווייסע און ליכטיקע נעכט. דאַקעגן ווינטער, זענען די הימלען 9 חדשים באַדעקט מיט פינצטערע וואָלקנס, 21 שעה אין מעת לעת (בלויז דריי שעה אין טאָג איז ליכטיק). דער אַרומיקער שטח, הונדערטער קילאָמעטער, איז באַדעקט מיט טייגעס, איבער וועלכע ס׳זענען צעזייט און צעשפּרייט אַרבעטס־לאַגערן פון פאַרשיידענע מינים אַרעסטירטע און פאַרשיקטע, וואָס האָבן זייער שווער געאַרבעט און געלעבט אין גאָר פיינלעכע באַדינגונגען. ס׳איז נישט דאָ דער פּלאַץ צו שילדערן גענוי די דאָרטיקע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר איז דאָרט אויסגעקומען צו אַרבעטן און לעבן צוגלייך מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע פאַרשיקטע, — פון אַלע עלטערס, פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, פון אַלע לענדער...

אַ געוויסן טאָג, ביים צוריקקערן זיך פון דער אַרבעט, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף יעקל אַלפּערד און מיר האָבן זיך ביידע שטאַרק דערפרייט — צוויי איינזאַמע חברים פון דער אַמאָליקער היים. מיר האָבן זיך ביידע געהאַלטן און איינער דעם צווייטן געהאָלפן אין אונדזער געמיינזאַמער נויט, און געהאָפט אַז מיר וועלן נאָך אויסגעלייזט ווערן. די אויסלייזונג איז טאַקע געקומען: אין יאָר 1942 האָט מען אונדז באַפרייט, אויפן סמך פון „שיקאָרסקע־אָפּמאַך״ וועגן שאַפן אין רוסלאַנד אַן אַרמיי פון געוועזענע פּוילישע בירגער, וואָס זאָל קעמפן קעגן די נאַצי־דייטשן.

## איראַן — איראַק — עבר־הירדן — ארץ־ישראל

פון ווייטן און קאַלטן סיביר זענען מיר געפאָרן דורך וויאזשניק, סווערדלאָווסק, קויבישעוו, טשקאַלאָוו — ביז טאצקאיע, ווו ס׳האָט זיך פאָרמירט די ערשטע מיליטערישע פוילישע איינהייט. איך בין געווען פון די ערשטע זעלנער אין דער איינהייט, און שפּעטער זענען אַהין אָנגעקומען וואָלף און נתן וויטענבערג, העניאַק פייערמאַן און ראובן יאַקובאָוויטש (אַלע איצט אין ישראל). נאָכן אויספאָרמירן די פוילישע איינהייט, האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט דורך ארסק, סאמאַרקאַנד, טאַשקענט — קיין אוזבעקיסטאַן. מיר האָבן זיך איינגעקוואַרטירט אין אַ קליין שטעטל יאקאוויאַק, אין דרומדיקן טייל פון מיטל־אזיע, נישט־ווייט פון די פאמירער בערג, נעבן דער סאָוויעטיש־טערקישער גרענעץ.

אַ חוץ אַנדערע פאַרשיידענע צרות, וואָס אונדז איז אויסגעקומען מיטצומאַכן אין דעם דאָזיקן פוילישן מיליטער, האָט זיך אויך אָנגערוקט די „יידישע צרה״. אַ געוויסן טאָג האָט מען זיך דערוווּסט, אַז לויט אַ געהיימען באַפעל וועלן באַפרייט ווערן פון מיליטער אַלע יידן — זיי וועלן פאַרבלייבן אין רוסלאַנד, בעת די פּאָליאַקן וועלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און זיך איבערטראָגן אין אַן אַנדער מדינה, נישט ווייט פון ארץ־ישראל. די דאָזיקע גזירה איז טאַקע אויסגעפירט געוואָרן: טויזנטער יידישע זעלנער זענען באַפרייט געוואָרן, מכלומרשט דורך אַ געזונטהייטס־קאָמיסיע. בלויז אַ קליינע צאָל יידן איז געלונגען אויסצומיידן די גזירה, און איך בתוכם.

פון רוסלאַנד האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין איראַן (פּערסיע) און געבראַכט אין דער שטאָט פּאַכלעווי, דאָרט האָבן אונדז איבערגענומען די מיליטערישע אינסטאַנצן פון דער ענגלישער אַרמיי און איינגעגלידערט אין זייער מיליטער, אַלס אויטאָנאָמישע פוילישע פאָרמאַציע. נאָכן אויסריכטן אונדזער פאָרמאַציע, זענען מיר אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין איראַק, דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט נתן וויטענבערג, דוד טעמער און ראובן יאקובאָוויטש. ס׳איז דאַן געווען פסח־צייט און די יידישע זעלנער האָבן געקראָגן אורלויב, כדי צו פייערן דעם יום־טוב צווישן די דאָרטיקע יידן. ס׳איז ראוי צו אונטערשטרייכן, אַז די איראַקישע יידן פון ראבאט און באַגדאַד האָבן אונדז אויפגענומען מיט גרויס פרייד און האַרציקייט — ס׳האָט זיך געפילט, אַז טראָץ די עטנישע פאַרשידנהייט צווישן זיי און אונדז, עקזיסטירט דאָך איין יידיש פאָלק וואָס טראָגט געמיינזאַם דעם יאָך פון גלות.

פון איראַק זענען מיר דורך עבר־הירדן אָנגעקומען ביז צום בריק בנות־יעקב — דער גרענעץ־פּונקט מיט ארץ־ישראל (אין יאָר 1943). מיין האַרץ האָט שטאַרק גענומען קלאַפּן, ווען כ׳האָב פאַר מיינע אויגן דערזען דעם אויפשריפט „ארץ־ישראל״ און כ׳האָב אין יענעם מאָמענט באַשלאָסן, אַז קודם־כל וועל איך גיין צום כותל־מערבי און אָפּדאַנקען דאָרט די השגחה דערפאַר, וואָס נאָך אַזוי פיל פּיין און ליידן האָב איך זוכה געווען אָנצוקומען אין לאַנד פון מיינע אָבות. כ׳האָב טאַקע דערפילט דעם דאָזיקן באַשלוס, נאָך איידער כ׳האָב אָנגעהויבן אַרומפאָרן איבערן לאַנד, כדי אויפצוזוכן פריינט און באַקאַנטע פון מיין היימאַט־שטעטל ראַדאָמסק.

שטעלנדיק מיינע ערשטע טריט אין ארץ־ישראל, האָב איך ביי די אַלע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט געפונען אַ גאָר פריינדשאַפטלעכע באַציונג און וואַרעמע היים. נאָכדעם ווי איך האָב זיך איינגעאָרדנט, האָב איך ערשט דערפילט דעם טעם פון אמתער פרייהייט, ברידערלעכקייט און גלייכהייט צווישן יידן, אין דעם אייגענעם לאַנד — בפרט, אַז דער ווידער־טעם פון דעם אַלעם האָט מיך אַזוי פאַרפאָלגט במשך אַלע שוידערלעכע יאָרן, וואָס כ׳האָב אַדורכגעמאַכט איידער כ׳בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. ערשט דאָ איז מיר קלאָר געוואָרן, וואָס כ׳האָב אַדורכגעמאַכט אויף מיין לאַנגן מלחמה־וועג פון ראַדאָמסק, דורכן קאַלטן סיביר, ביז כ׳האָב דערגרייכט צו דער וואַרעמקייט פון ארץ־ישראל.

# אין שטאָט פון אונדזער טראַגעדיע

**י. פישמאַן**

אונגעהויער טראַגיש איז געווען מיין באַגעגעניש מיט מיין געבורטס־שטאָט ראַדאָמסק נאָכן צוריקקומען פון רוסלאַנד.

פאַרלאָזנדיק ראַדאָמסק, זענען אין איר געבליבן מיין משפחה, פריינט און באַקאַנטע, און צוריקקומענדיק האָב איך מער קיין איינעם פון זיי נישט געטראָפן. אַלע זענען פאַרטיליקט געוואָרן, זייער האָב און גוטס איז אויסגערויבט און פאַרניכטעט געוואָרן און זייערע היימען זענען פאַרברענט געוואָרן.

טאָג־איין־טאָג־אויס האָב איך געוואַנדערט איבער די חורבות, און האָב זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם שרעקליכן קאָשמאַר וואָס האָט געדריקט אויף מיין געמיט.

איך האָב געפילט אַז איך קען נישט און דאַרף נישט פאַרלאָזן די דאָזיקע פינסטערע „היים״ מיינע. נישט נאָר אַז איך דאַרף פריער אין מיר איינזאַפּן די גאַנצע שוידערלעכע אימה וואָס רינגלט מיך אַרום. נאָר איך מוז אויך פריער זען, דערשנאַפּן און אפשר אויך געפינען וועמען פון מיין משפחה, פון מיינע פריינט, פון מיינע ראַדאָמסקר יידן. נישט וועגן לעבעדיקע יידן האָב איך געחלומט, דאָס האָב איך געוווּסט איז מער נישט מעגלעך. דער שונא האָט שוין געזאָרגט פאַר דעם, אַז עס זאָל מער קיין לעבעדיקער ייד נישט בלייבן. טויטע יידן האָב איך געזוכט, יידן דערמאָרדעטע און באַגראָבענע ערגעץ אין מאַסן־קברים; אָט די יידן האָב איך געזוכט כדי זיי צו ברענגען צו קבר־ישראל.

**דער געדאַנק וועגן די דערמאָרדעטע יידן, באַגראָבענע און פאַרהוילענע קברים האָט מיך נישט נאָכגעלאָזט, און איך האָב אַזוי לאַנג געזוכט ביז איך האָב זיך דערוווּסט, אַז 12 קילאָמעטער פון ראַדאָמסק.**



**עקסהומאַציע פון קדושים נאָך דער מלחמה (1947).**

אין דעם דאָרף לענק, קרושינער גמינע, געפינט זיך אַ יידישער ברודער־קבר.

איך האָב אַלץ געטאָן, אַז די דערמאָרדעטע זאָלן קומען צו קבר ישראל, און אין נאָוועמבער 1948 איז אַדורכגעפירט געוואָרן די עקסהומאַציע פון די פאָלגנדע קרבנות:

1) מאַקס קליינער מיט זיין פרוי און זון; 2) פרוי באריס; 3) ברודער און שוועסטער גוואָזדזש; 4) פישל גרושקא; 5) מיין שוועסטער מאַניע האָניקמאַן מיט איר קינד; 6) אברהם זילבערשטיין; 7) משה זעלקאָוויטש.

דעם זעלבן טאָג איז אויך געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל די דערמאָרדעטע משפחה פאַרבמאַן, (דער פאַרוואַלטער פון טאַר־טאַק), דער פאָטער, מוטער און קינד און זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן יידישן בית־הקברות.

די פּאָר יידן וועלכע האָבן זיך געפונען ביי דעם פרישן קבר, האָבן נישט אויפגעהויבן זייערע אויגן צום הימל — זיי זענען גע־שטאַנען מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ און טיף געזונקענע אויגן צו דער ערד, צו דער דאָזיקער ערד וועלכע האָט איצט אין זיך איינגעטר־ליעט די קערפּערס פון די קדושים וטהורים.

✶

זייענדיק אין ראַדאָמסק איז מיר געלונגען צו אַנטדעקן דעם מערדער פון פרוי קעסעלמאַן און איר טאָכטער. זיי זענען דער־מאָרדעט געוואָרן שוין נאָך דער מלחמה, אין 1945 דורך אַ פּאָלאַק, וועלכער האָט אויך שווער פאַרוווּנדעט דעם ייִנגן קעסעלמאַן (ער געפינט זיך היינט אין אַרגענטינע), וועלכער איז דאָסמאָל לעבן געבליבן מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון אַ טויטן.

דעם מערדער האָב איך צופעליק אַנטדעקט, ווען אַ פּוילישע פרוי האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט, אַז איר מאַן ווערט כסדר פאַרפאָלגט דורך זייערע באַקאַנטע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מאָרד פון די קעסעלמאַנס. נאָך אַן ענערגישע אינטערווענץ פון דער אָרטיקער זיכערהייט־מאַכט, האָט מען געפונען דעם מערדער אין אַ שטאָט פון די באַזיגטע פּוילישע מערב־געביטן, ער האָט דאָרט געדינט אַלס פּאָליציאַנט. מען האָט ביי דעם מערדער געפונען קעסעלמאַנס רע־וואָלווער, וועלכן ער האָט געהאַט באַקומען פון דער ראַדאָמסקער זיכערהייטס־פּאָליציי צו פאַרטיידיקונגס־צוועקן. דער מערדער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד בשעת דער אויספאָרשונג.

עס איז מיר אויך געלונגען צו אַנטדעקן, אַ דאַנק פאַרשידענע באַמיאונגען און מיט דער הילף פון צבי האַזע, וועלכער געפינט זיך היינט אין רמת־גן, די פּוילישע מערדער, וועלכע האָבן דערמאָרדעט די פריילין מאַניע וויטענבערג און צוזאַמען מיט איר אַן אָפּאָטש־נער יידיש מיידל.

צוזאַמען מיט די צוויי מיידלעך איז אויך געווען דער ה׳ האזע, אים איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די מערדער.

דער מערדער פון די 2 מיידלעך איז געבראַכט געוואָרן פאַר דעם קרייז־געריכט און איז פאַרמישפּט געוואָרן אין 1948 צום טויט.







עקסהומאַציע פון קדושים נאָך דער מלחמה (1947).

דאָס ערשטע בילד פון אויבן איז געמאַכט געוואָרן בעתן אויסגראָבן די קערפּערס פון דער פאַמיליע גוייצער, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן אין פרייען פעלד, 30 ק״מ פון ראַדאָמסק. אויפן צווייטן בילד פון אויבן זענען באַצייכנט די לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך מתעסק געווען מיט דער מצווה פון אויפגראָבן די צעשפּרייטע קברים און ברענגען די ביינער צו קבורה אויפן ראַדאָמסקער בית־הקברות. ס׳שטייען (פון לינקס): יעקב פישמאַן, העניעק זילבערשטיין, עליאש מארקאָוויטש, חנוך קליינמאַן, דוד סאָנ־דאמיערסקי, משה רובינשטיין, משה יענעצקי, חיים גוואָזדזש.

אויפן דריטן בילד — די זעלבע פערזאָנען בעתן פאַרשיטן די קברים פון די הרוגים־קדושים.

# א באזוך אין ראדאמסק אין 1960

**משה שווארץ**

א שטימונג פון יאוש און מרה־שחורה האט מיך באהערשט באזוכנדיק אין יוני 1960 מיין היימשטאט ראדאמסק, ווו איך האב זיך געטראפן מיט אירע לעצטע ביסל יידישע איינוווינער.

ס׳איז איבעריק צו זאגן, אז ס׳איז אוממעגלעך איבערצוגעבן די דאזיקע שווערע, דערדריקנדע שטימונג וועלכע האט מיך באגלייט אין מיין באזוך אין דער שטאט און האט מיך נישט אפגעלאזט פון מיין ערשטן טריט אין אירע גאסן.

עס איז נישט נאר דער טרויער און ווייטאק וועלכע איך האב געפילט זייענדיק אויף דעם ראדאמסקער בית־הקברות — דאס זיינען פארשטענדליכע און נארמאלע געפילן; ווען מען פארלאזט דעם בית־עולם און מען פאלט צוריק אריין אין די אפענע ארעמס פון ברויזנדען לעבן, ווערן די דאזיקע געפילן אפגעשטילט און דער צער ווערט שוואכער און ביסלעכווייז פארגעסן.

פארלאזנדיק דעם ראדאמסקער בית־עולם בלייבט נישט דער ווייטיק אונטער זיינע טויערן; ער באגלייט דיך און לאזט דיך נישט נאך ווו די זאלסט זיך נישט קערן און ווענדן. דער ארומיקער לעבן קען דעם טרויער נישט מאכן פארגעסן; פארקערט, ער פארשטארקט אים נאך, און אפילו דאס בינטל איבערגעבליבענע יידן און די איינצלנע חסידי־אומות־העולם וועלכע האבן איינגעשטעלט דאס לעבן פאר זייערע יידישע פריינט — קענען דיר נישט ברענגען קיין טרייסט.

מיין באזוך ביי אונזערע איבערגעבליבענע ברידער אין דער שטאט, האט ביי מיר פארשטארקט מיין הארצווייטאק; איך האב זיך געטראפן מיט מענטשן, וועלכע זיינען נאר כלומרשט לעבעדיקע מענטשן, און קיין דאקטאר האט נישט פעסטגעשטעלט זייער טויט; דאס זענען מענטשן וואס טוען אלע פעולות וואס א לעבעדיקער מענטש טוט, אבער דאס לעבן איז ווייט פון זיי, אוועק פון זיי... ביי זייערע פוילישע שכנים הייסן זיי „די נישט־דערהרגעטע״, און אין זייערע אייגענע אויגן זענען זיי אויך ווי אפגעטויטע.

ווען איך האב זיך געטראפן מיט די סאנדאמירסקיס, בעסערס, זילבערשטיינס און אנדערע, האבן זיי צו מיין ערשטוינונג אנגעהויבן רעדן צו מיר פויליש, און נאר אויף מיין בקשה האבן זיי גערעדט מיט מיר יידיש. זיי האבן מיך צוגעפירט צו א פוילישע פאמיליע, וועלכע האט זיי אפגעראטעוועט. די פאמיליע האט אויף מיר געמאכט א גוטן איינדרוק, אבער מיין בקשה זיי צו פאטאגראפירן האבן זיי אפגעזאגט, טענהדיק, אז זיי מוזן זיך היטן פאר זייערע שכנים, און אז עס איז בעסער און זיכערער, אז קיינער זאל נישט וויסן, אז זיי האבן אפגעראטעוועט יידן פון טויט.

באזוכנדיק, אין באגלייטונג פון די עטלעכע ראדאמסקער יידן, דעם בית־הקברות, בין איך געבליבן שטיין א דערציטערטער ביי דעם גרויסן מאסן־קבר פון דערשאסענע יידן. דער בית־עולם איז ווילד־פארוואקסן און פארווארלאזט. אלע מצבות, אויסער די מארמארנע וועלכע זענען אוועקגעגנבעט געווארן — זיינען פארוואקסן מיט הויך און ווילד גראז און עס איז כמעט אוממעגלעך צו לייענען די נעמען.

א דערשיטערטער בין איך געבליבן שטיין ביי די קברים פון תפארת־שלמה, חסד לאברהם, כנסת יחזקאל און אנדערע צדיקים זצ״ל. מיר האבן דארט ביי זייערע מצבות געזאגט מיט שווערע הערצער קאפיטלעך תהילים און אנגעצונדן ליכט.

נאך יעצט שטייען פאר מיינע אויגן די ברענענדע ליכט אויף די הייליקע קברים, נאך יעצט פיל איך די טרערן וואס האבן געטריפט פון מיינע אויגן און אין מיינע אויערן הילכט נאך דער יתגדל ויתקדש...

**אויפן בית־עלמין אין ראדאמסק אין יאר 1960**

(פאטאגראפירט דורך משה שווארץ ז״ל בעת זיין באזוך)





רעכטס: די איינצלנע פארבליבענע יידן אין ראדאמסק (ה. זילבערשטיין, יוסף בעסער, שרה סאנדאמירסקי, דודזיא סאנדאמירסקי) ביים ברודער־קבר אויפן בית־עלמין.
לינקס: א טייל פונעם בית־עלמין.




די מצבה וואָס אָפגעראַטעוועטע לאַנסדלייט האָבן נאָך דער מלחמה אויפגעשטעלט אויפן ברודער־קבר אין ראַדאָמסק.




די מצבה וואָס ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין ישראל האָבן אויפגעשטעלט אין מרתף־השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים.

חלק אחד־עשר / עלפטער טייל

# התוכן / אינהאלט





**חלק זה הורכב מן החומר שנתקבל מבני־עירנו בישראל ובתפוצות, בעקבות פניה כללית מטעם ועדת הספר, להנציח בחלק מיוחד זה את זכרם של בני־משפחה, קרובים, ידידים ומכרים. כל הציונים והרשימות מובאים כאן לפי סדר הא״ב של שמות המשפחה, תוך שמירה על שפת המקור וללא הכנסת שינויים בתוכן הדברים.**

**דער דאזיקער טייל איז צוזאמענגעשטעלט פונעם מאטעריאל וואס איז דערהאלטן געווארן פון לאנדסלייט אין ישראל און תפוצות, אלס רעזולטאט פון אן אלגעמיינער ווענדונג פון דעם בוך־קאמיטעט, צו פאראייביקן אין דעם ספעציעלן טייל דעם אנדענק פון פאמיליע־מיטגלידער, קרובים, פריינד און באקאנטע. אלע אפשאצונגען און פארצייכנונגען ווערן דא געבראכט לויטן סדר א״ב פון די פאמיליע־נעמען, אפהיטנדיק די שפראך פונעם מקור און אן וועזנטלעכע ענדערונגען פונעם צוגעשטעלטן מאטעריאל.**

**...הנני אני מביא עליכם חרב ואיבדתי במותיכם ...ונתתי את־פגרי בני ישראל לפני גילוליהם וזריתי את עצמותיכם סביבות מזבחותיכם;**
**...כה אמר אדני יהוה לעצמות האלה: הנה אני מביא בכם רוח וחייתם;**
**ונתתי עליכם גידים והעליתי עליכם בשר וקרמתי עליכם עור ונתתי בכם רוח וחייתם וידעתם כי־אני יהוה.**

**(יחזקאל)**

# לזכר העצמות היבשות

**שלמה בהרב**

מתוך דברים שנאמרו בכנס־זכרון לקהילת ראדומסק, ביום כ״ח תשרי תשכ״ו, בבית־הקברות בנחלת־יצחק, ליד מצבת־הזכרון לשואת טרבלינקה

אנו, שרידי בית ראדומסק אשר בישראל, עומדים פה בחרדת קודש, רכוני ראש, אפופי אבל ושכול נוקב תהום, מול השריד הסמלי של תפארת ראדומסק עיר מכורתנו, אשר הושמדה מתחת שמי השם, ומתייחדים עם זכר קדושיה — קרובינו, שהומתו באכזריות במחנות־ההשמדה, ולא הובאו לקבר־ישראל.

עם כל תודעת השואה וההשמדה האופפת כל אחד מאתנו, זה כחצי יובל שנים, בכל זאת, במעמד זה, מול גלעד אפר ועצמות של קדושי מחנה המוות טרבלינקה, המזכיר לנו מחדש את הזוועות ואת סופם המר והנמהר של קרובינו המושמדים — פורצת מלבנו מחדש זעקת אימים: האם אמת הדבר?

האם מקהילת ראדומסק בת רבבת תושביה היהודים, לא נשאר רק חלקיק זעיר של אפר?

האם בהיסטוריה האנושית, היודעת לספר על רצח עמים והשמדות — היתה השמדה כזאת?

והאם גם בהיסטוריה של העם היהודי, העקובה מדם מימי קדם: בתקופות של חורבנות וגלויות אכזריות של אשור, בבל, יוון ומלכות הרשעה רומי, אשר הטביעה בנהר נחלי־דם את עצמאות היהודית, וחורבן בית שני, דרך רציחות המוניות של משא־הצלב בימי הביניים, ושריפות יהודים על קידוש־השם על מוקדי טורקבמדה, ושחיטות המוני יהודים וחורבן הקהילות באוקראינה בשנות ת״ח—ות״ט, — האם בכל אלה יש דמיון לאותה השמדה טוטאלית של ששים מאות רבבות יהודים בדורנו, בתוכם כמיליון ילדים רכים, בלי להשאיר מהם זכר, ואין לנו שיור — רק המצבה הזאת?

כאשר לפני שתי עשרות בשנים, כשהגיעו אלינו בשורות־איוב מעמק־הבכא, אז נוסף לחרון אין־אונים שתקף את כולנו — התחילו גם מחשבות של יאוש לכרסם בלבנו: האם יש תקווה לעם שככה עוללו לו? האם עם ששליש מבניו הושמד יוכל לקום לגאולה?

וכמו הנביא יחזקאל, כאשר ראה את ענות העם בגולה, זעקנו גם אנו: „התחיינה העצמות היבשות האלה״? ו„אבדה תקותנו, נגזרנו לנו״?!

ואז — מול החורבן והכליון — **בא המאורע הכביר בדורנו, הנס הגדול של תקומת ישראל! חלום וערגת דורות, תקווה משיחית של** „אחכה לו בכל יום שיבוא״ — קרמה עור וגידים, קמה מדינת־ישראל!

וכאן, חורבן מול — גאולה, והם קשורים אחד בשני, כי תודעת התקוה הכתה מאז שרשים עמוקים בעם, כי: „מתוך צרה — רווחה; ו„ביום שחרב ביהמ״ק — נולד המשיח!״

ובדורנו, כאשר „כלו כל הקיצין״ ו„נתמלאה הסאה״ של חורבן וצרות ישראל, התעורר מצפון העולם, וגם מצפונו של העם היהודי. בארץ ובתפוצות קם גל של התנדבות ורצון עז לגאולה תקף את העם. מיטב הנוער היהודי נתן את נפשו על „גאולתנו ופדות נפשנו״ ועצמאות ישראל היתה למציאות.

במעמד זה, נמצאים בתוכנו גם אלו אשר הם שרידי שואת ראדומסק, אודים מוצלים מאש החורבן, שראו במו עיניהם את כליון קרוביהם. ואם יש בשפת אנוש נחמה עבורם — היא רק נחמת ציון וירושלים, כדברי ישעיה בן אמוץ: „כאיש אשר אמו תנחמנו — כן אנכי אנחמכם, ובירושלים תנוחמו״.

וברכות עם יחולו על ראש אלו אשר הגו וביצעו את הרעיון הנעלה והקדוש להעלות את אפר הקדושים אל אדמת־ישראל, והגשימו במעשה קדוש זה את דברי הנביא: „כה אמר השם, הנה אני פותח את קברותיכם, והעליתי אתכם מקברותיכם עמי, והבאתי אתכם אל אדמת ישראל״.

התפללנו רק לפני ימים ספורים התפילה הנרגשת: „הושענה! למען קדושים משלכים באש״. וקדושינו אנו בדורנו שהושלכו באש המשרפות, ברגעי חייהם האחרונים, כשידעו שפסה כל תקווה להצלתם — חשו שקרבנם לא יהיה לשוא, שגאולת ישראל בוא תבוא! הם האמינו שמזימת הצורר של: „לכו ונכחידם מעם, ולא יזכר שם ישראל עוד״ — תופר! ולכן ברגע הכנסם לשערי המשרפות פצו בשירת „אני מאמין!״

ודברי צוואתם ברגע עלותם באש — **עלינו לקיים: לשמור מכל משמר על עצמאותנו וקוממיותנו; לעזור לבנינן בכל מאודנו ונפשנו; ועל ידי זה ננציח את זכרם בבחינת: „ונתתי להם בביתי ובחומותי — יד ושם, שם עולם, אשר לא יכרת!״.**

# יוצאי ראדומסק בישראל ובתפוצות מנציחים את זכר קרוביהם

# ראדאמסקער לאנדסלייט אין ישראל און תפוצות פאראייביקן דעם אנדענק פון זייערע קרובים

## ישראל

**אברך יעקב:**
הורים — מרדכי ושרה; אחיות — חנה, רבקה ובעלה האופטמן מאיר וילדיהם; קרובים — האופטמן יעקב, וולפוביץ ביילה, ביברמן הרש־לייב, פרידה וילדיהם.

**אופמן דב:**
הורים — פנחס ורבקה; אחים — לייביש, משה וגיטמה; חותן — אפשטיין לייביש וגוציה.

**אופמן נתן:**
אחים — שמעון ויעקב; אחות — גנדלמן רייזל וילדיה.

**אייזן איטה:**
אם — חוה; אחיות עם משפחותיהן — פקטור ינטל, רוזנבלום פעסע, גנט רבקה, ברין אייגל; אחים — פישל, אברהם־בונים, גרשון, ויוחנן־מנדל.

**אלנברג שמואל:**
הורים — גודל־וולף וחיה־גיטל; אחיות — רבקה־לאה וחוה־רייזל; אחים — משה־פרץ ומרדכי־בר; קרובים — אלנברג יחיאל, גולדה, לייבוש, חוה, לייבל ומרגלית; בעסר שלמה־יצחק, שיינדל, אהרון־לייב וחנה.

**אלפרט יעקב:**
הורים — משה־דוד ורחל; אחים — שלמה־זלמן, שמעון, פנחס ואברהם; קרובים — אופמן חיים, אסתר וילדיהם.

**ארטמן־שמולביץ ינטה:**
הורים — משה ורבקה; אחים — חיים, ישראל־בונים, יעקב, אביגדור ואשתו לאה; קרובים — גליקסמן יצחק, לאה, הרשל, מינה ושרה; שמולביץ חיים, פרל ויעקב; איצקוביץ זלמן וחיה.

**באום ישראל־צדוק:**
הורים — מרדכי ורייזל; אשתו חוה והילדים משה ושלמה; אחים — משה־לייב ושמואל; אחיות — חוה, קלרה, מינדל, בריינדל ורחל.

**בהרב (רבינוביץ) שלמה:**
הורים — הרב ר׳ ישראל־פנחס הכהן ושרה־קריינדל; אחיות — פרידמן פרימט ובעלה חיים־יוסף, בוציא שיינדל־מטיל ובעלה יחזקאל, זנמירובסקי חיה־הינדה ובעלה, פרידמן גיטל ובעלה אברהם ובנם צבי־מאיר; אחים — אברהם־יששכר, כתריאל־נתן (נטע) ואשתו גיטל וילדיהם, צבי־מאיר ואשתו בת־שבע וילדיהם.

**בוים־שייה בלה:**
אב יצחק; אחים — אלחנן ומשה־דב; קרובים — ורוצלבסקי וולף, רצה, פרידה, מרים, מינדל, יהושע, ינטה, יפה וברכה; גרוסמן מלך, מינדל, רחל, אברהם ויעקב; לונרייך מלך, גולדה ורבקה; ליברמן יהושע ואשתו וילדיהם; משפחת זמל וילדיהם; משפחת אילנברג וילדיהם; משפחת מושקוביץ וילדיהם.

**בוכמן אברהם ואופמן ידזיה:**
אחיות — וקסמן רוחמה ובעלה אברהם וילדיהם שרה ולאה, לנדאו מטיל ובעלה חיים וילדיהם יהודה ושרה; הורים — אופמן יוסף ופייגל; אחיות — אסתר, צירל וחיה; אח — דוד.

**בוכמן חיים:**
אם — ברכה; אחיות — שרה, גולדה, קלרה, רייזלה ובריטברג אנדזיה.

**בורז׳יקובסקי שמואל:**
הורים — יעקב והינדה; אחות — חנה; אח — יצחק; קרובים — טוביאש משה, יטה, חנה, פריידל ויעקב; בורז׳יקובסקי יצחק, הינדה, משה, גיטל, איסר, אברהם ושמואל; אופמן יידל, אסתר, אברהם, שמואל, חנה, שמעון, פרימט ויעקב; זילברשטיין חיים־יחזקאל, חנה, עוזר, מנוחה, משה וחוה; שכנים — המשפחות שקלרצ׳יק, ארליך, נוימן וקונובסקי.

**ביאליסטוק שמואל:**
אם — צירל; אחים — קופל ומשה; אחות — רבקה; קרובים — גוסלבסקי יוסף, מלכה, גרשון וסלה; חפר רייזל ובעלה.

**בלאושטין אברהם־משה:**
הורים — וולף־יידל ופייגל־חנה; אחים — דוד, זוסמן, יחזקאל, אלתר ועזריאל; אחות — ביילה.

**בנגלסדורף־גלברד שיינדל:**
אחות — בוגייסקי גיטל ובעלה פייבל; דודה — יעקובוביץ פייגל.

**בס קריינדל:**
אם — הנדל; אחות — שרה; אחים — זליג, הרצקה והרש־יעקב עם שני ילדים.

**בעהם הלנה:**
אחים — וולף ומוטק; אחות — אידה ובעלה ד״ר מרקוביץ שמואל ובתם גיטלר גוסטבה.

**ברוינליך־קראוסקוף מרים:**
הורים — יחזקאל וחוה; אחיות — בריינדל ואלה; קרובים — קראוסקוף הרשל ואשר; צביליגג שמשה, חוה ופלה; גליקסמן שלמה וסלקה; גבוז׳גי ברל ושפרה; קברט יצחק ורבקה.

**ברין־בוגייסקי משה:**
הורים — יעקב ופייגה; אח — וולף; אחות — ויטנברג דורקה ובעלה קובה ובתם שרה; קרובים — בוגייסקי אברהם־הרש, רבקה, שרה, דורקה, מוריץ, בלה, אליעזר וסלק.

**בריסקר־רוזנבלט טולא:**
הורים — יעקב־ראובן ומלציה; אח — ישראל; אחיות — הלה ובלומה.

**ברלינר נחום:**
הורים — צבי ורבקה; אח — חיים; אחות — פולציה.

**ברלינר־וייסברג ברכה:**
הורים — מרדכי וגולדה; אחיות — חנה ואדה; אח — ירו.

**ברנר שלמה:**
אם — אדל; אחים — משה, וולף ויחזקאל; אחיות — נחה ורחל.

**גולד־אנגלרד חוה:**
אחות — זילברברג אסתר.

**גולדברג חיים:**
הורים — שמואל ושרה; אחיות — רחל ופייגל־דבורה ובעלה יהודה קוזיוודה; אח — אברהם־וולף ואשתו רגינה וילדיהם; קרובים — גליקסמן שלמה ושרה; מרגולבסקי יחיאל ואשתו חיה־בריינדל וילדיהם; מכרים — יעקובוביץ הרשל, שרה, חוה, יצחק ויצחק־מאיר; פרנק פייגל; לוריא פייבל; פייפקוף ברל ושרה; רפפורט דוד ומלכה; יעקובוביץ אדל, פנינה, אבוש ומירה; ידידים — אייזן אברהם־בינם, מלכה ושרה; ניימן שמואל ושרה.

**גולדברג יצחק:**
אחים — יחיאל ויוסף; אחות — מירלה; קרובים — זליג ויחזקאל־שמואל.

**גולדברג מרדכי:**
אב — מאיר־דוד; אח — בצלאל.

**גולדברג־פיירמן פולה:**
הורים — יצחק ואסתר; סב וסבתא — שבתאי וברונה; אחות — מרים; קרובים — יוסף, נחה, משיה, פולה, מרים, רבקה, וולף ופולה; רייס יוסף, מלכה, סיני ואברהם; זומבק הלל, חיה, אברהם, פרימה ושפרה; פיירמן גיטלה, דוד, פולה, שרה, אסתר, אשר וישעיהו.

**גולדשטיין־שניצר טובה:**
אחים — דוד ואשתו ביילה וילדיהם; פנחס, ליפמן וטובה; אביגדור, ואשתו מלכה ובנם; אחות — קוטלבסקי רחל ובעלה אביגדור ורבקה; קרובים — פדרמן ישעיהו ואשתו אסתר וילדיהם (טובה, חנה ולאה); אופמן חיים והילדים (לאה, מלכה, יחזקאל, משה ומיכאל).

**גונשורוביץ מיכאל:**
הורים — יצחק־יעקב ובריינדלה; אחות — שיינדלה; אחים — מרדכי ויוסף; קרובים — גונשורוביץ שמעון ולאה וילדיהם; גונשורוביץ חנה, אברהם, סלה, זושיה, העלא, שמואל, היגדה ודויד.

**גיטלר יוסף:**
אב — משה; אחים — דוד, אהרן וליבוש; קרובים — גיטלר יעקב ועמנואל; ליבסקינד טובה; דובלין אסתר; לסקה שרה; ניימן חיה, שמואל, שעיה, משה, דוד, טובה, אסתר ומיכאל.

**גיל־פיירמן נחמה:**
הורים — יעקב־דוד ומרגלית; אחיות — פולה וריבה.

**גליקסמן דוד־לייב:**
הורים — יצחק ומלכה; אחים — הירש־מאיר, מנדל ויעקב; קרובים — גליקסמן ישראל, פייגל, דוד־לייב ויעקב; אופמן יעקב ופריידל וילדיהם; קורנברג דוד־מאיר ושרה־רבקה.

**גליקסמן חיים:**
הורים — מנדל וחנה; אח — יעקב.

**גליקסמן מאיר:**
אחים — שלמה וצרטול, דוד ובריינדל, עמנואל ורבקה וילדיהם.

**גליקסמן שלמה:**
אשה — לאה; אחות — בלה דומברובר ובעלה דוד וילדיהם זיוטה והניה.

**גרוסברג גרשון:**
אחות — פרל גוטמן ובעלה נתן; בני־דודים — גוטמן.

**גרוסמן אברהם־יצחק:**
הורים — יעקב־דוד ופריידל; אחיות — רבקה ואסתר עם בעלה וילדיהם.

**גרוסמן יחזקאל:**
הורים — דוד ורבקה; אח — פנחס; קרובים — יעקב, פייגל, גיטל, משה, חיה, חנה ושפרינצה.

**גרוסמן יצחק:**
אב — אברהם; אחיות — הנדל וייטה; קרובים — גולדברג אברהם, רחל, דוד, הניה, אהרון־מרדכי, יעקב, ספפי, זליג, ברוך, הניג, יצחק, אהרן, פלה ושמואל־יחזקאל; רוז׳נסקי יוסף, קיילה, אהרן, שיינדל, אברהם, מאיר, פלה וזלמן; סלומונוביץ הלה ופינקוס; סובול פרניה ומשה; זיידמן גוציה ויעקב; גרוסמן ישעיהו, דבורה, אברהם־יוסף, שיינדל שבע ויעקב־הרש; דווידוביץ פריידל, משה, שמחה־גדליה, ברכה ונתנאל־יששכר; פסקה יצחק־מאיר; הוניגשטיין טייבל ויעקב.

**גרוסמן ליאון:**
הורים — אברהם ופייגל; אחיות — ביילה, פריינדל, מניה, לאה, גיטל ורחל; אחים — משה ונחום; סבא — קליינרמן אייזיק.

**גרין ישראל:**
אם — איידל; אח — משה־שמואל ואשתו הינדה.

**גרינברג־רוזנבאום מרים־גיטה:**
הורים — אליאש והלה; אח — גבריאל.

**גרינשפן זינדל:**
אם — גיטל; בת — אסתר ביילה ובעלה; בן — הרש־פייבל; אחות — שרה גלברד; אחים — אברהם, יצחק ואשתו חוה וילדיהם; שלמה ואשתו וילדיהם; גיסה — ז׳ולטי ייטה ובעלה שלמה.

**גרנק שמשון:**
אם — אלטה־נכה; אח — הרשל; אחיות — רחל ופרל.

**דודקביץ יוסף:**
הורים — עמנואל והנדל; אחיות — חנה רוזנברג ובעלה אברהם; פייגל לימן ובעלה מנחם; קרובים — דוטקביץ חרה, אהרן ודבורה.

**דווידוביץ יחזקאל:**
הורים — זוקין והנדל; אחיות — אסתר־גיטל, רייזל ולאה; ילדים — רחל־לאה, קופל ומנדל.

**דימנט דב:**
הורים — משה ואסתר; אחים — אברהם וילדיו; שמואל ואשתו משה; אחות — זיסל וילדיה; קרובים — צימברקנוף אברהם; דימנט אברהם; ייחימוביץ שמואל וחנה וילדיהם.

**האזע־קלינר אירנה:**
הורים — מקס־מלך וראלה; אח — אדם.

**הורוביץ־זילברשטיין רושקה:**
אב — זילברשטיין ליטמן; אחים — יחזקאל, שלמה, משה, ישראל ואלי; אחות — הינדה; בעל — אלפרט זלמן והוריו שמואל ורחל; גיס — אלפרט שלום ואשתו נחמה.

**הורנשטיין־קרקובסקי פלה:**
הורים — יחיאל־מאיר ורחל; אחים — שמעון ואשתו רוזיה; טוביה ואשתו רניה; קרובים — מניה, הנוך, פרידה ופישל.

**המפל שמחה, ד״ר:**
הורים — אברהם־שלמה ואסתר־הינדה; אחות — פרלה; קרובים — שלמה־יצחק וזלה וילדיהם; דוד־בריש ולאה אשתו; גרונס, רחל, יצחק, אדלה, יעקב ורבקה; גולדברג יוסף; חותנים — יוסטמן מנדל וטאובה־פייגה; גיסים — שמחה־בונים; דוד ואשתו בלה; יצחק־מאיר ואשתו אסתר ובנם; סבתא — רבינוביץ מלכה; דוד — יחיאל ורבקה וילדיהם; גיסה — אלקה גוטסמן ובעלה נח ובתם מרים.

**המר יצחק:**
אחים — חיים זאב ואשתו מרים וילדיהם; יעקב־מאיר ואשתו דבורה וילדיהם; ירחמיאל אפרים ואשתו רחל־דבורה וילדם; אחות — נחה יעקובוביץ ובעלה מנחם־אהרן וילדיהם.

**הפטלר־פישלביץ שרה:**
אם — ביילה; אחים — אברהם, פייבל, משה, דוד ומאיר; קרובים — הפטלר רחל; ויינטראוב לודביקה; רוטשטיין יעקב ואשתו גוציה וילדיהם; רוזנברג אברהם־שלמה ואשתו יוכבד, מוניעק ואשר; פישלביץ יעקב ואשתו פייגה וילדיהם; שכנים — ברם מכל, פייגל, ישעיהו, יוסף, שמעון והנקה.

**הרברט ירחמיאל:**
הורים — חיה ויצחק; אחים — בריש ואברהם; אחות — רבקה; קרובים — סקורניצקי פנחס, יהושע, גיטל, יחזקאל, צבי, יחזקאל ורבקה; אשתו — אסתר; דיקרמן אשר.

**הרטמן משה:**
הורים — יעקב ופרימט; אחים — שמשון, חיים ואשתו גיטל ובנם מרדכי; קרובים — הרטמן משה, הנדל, אברהם, מנדל, בצלאל, פרידל ומשה; סבתא — גליקסמן רוזה; גליקסמן דוד, ליבה ופייבל.

**הרטמן משה:**
קרובים — גליקסמן יצחק ולאה; בנותיהם — מינה, שרה וחנה; בניהם — הרשל וברוך.

**ויטנברג וולף:**
אם — מינה; אחיות — חנה ומרים.

**ויטנברג שפרה:**
אב — יעקב; אחות — דינה; אח — יששכר ופייגה.

**וילהלם אברהם:**
אשתו — גניה; בנו — לולק; בתו — פלה; אחים — הרשליק ואשתו רוזיה; חנוך ואשתו שפרינצה וילדיהם; קרובים — וילהלם אהרן, יענטלה, פייבל, פייגה ובלומה; מורטקוביץ מרגולה; וולקוביץ משה־וולף, צביה ומיכאל.

**וילונסקי דוד:**
אחים — שמעון, יעקב ואלחנן; אחות — ביילה צביימן ובעלה הרש ובתם ייטה.

**ווינטר פנחס־גרונים :**
הורים — יעקב ורייזל ; אחים — בארו וחיים ; אחיות — נחה, רחל ואסתר ; קרובים — טוביש משה ואשתו ייטה, חנה ויעקב.

**ווינבאום־אייכנר גוטה :**
בנה — חיים־ישראל ; אחים — יעקב ואשתו פלה ; דניאל ואשתו זושיה ; אחיות — מרים ובעלה יעקב וילדיהם ; אנקה רובין ובעלה משה ; הניה קבקוביץ ובעלה צבי וילדיהם.

**ווינטרויב יחיאל :**
אחיות — קמינסקי פייגלה וילדיה ; יצחק ואשתו צפורה, לוי, שרה, נח, רייזל, גרשון, מנדל ופרימה ; ברכה בוגייסקי ובעלה עזריאל, אברהם־משה, יצחק, פייגלה, חנה, רחל, פרידה־גיטל ויעקב־דוד ; קרובים — ורגון חנה, לאה־פייגלה, ירחמיאל ומשה־דוד ; ליברמן גיטל.

**ווינשטוק־בליבוים שושנה :**
הורים — לייזר־חיים ודבורה ; אחיות — שרה־תמר וזלדה ; סבא — דנקוביץ לייב־הרש ; קרובים — דנקוביץ רפאל ואשתו פסיה וילדיהם ; פייגה וילדיה ; יצחק ואשתו אסתר וילדיהם ; שלמה ואשתו רחל וילדיהם ; משה ואשתו רבקה וילדיהם ; אברהם ואשתו רוזה וילדיהם ; רדושיצקי יוסף ואשתו פייגלה וילדיהם ; מרגוליס מנשה ואשתו אסתר ובנם ; רוזנבלט ואשתו אסתר.

**וייסברג יעקב :**
הורים — יצחק וחיה־אסתר ; אח — יוסף ; אחיות — טאובה, הנדל, שרה, רייזל ורחל.

**ולדפוגל אברהם :**
הורים — שמעון וחנה ; אחיות — פערל וחיה־בריינדל ; אחים — שמואל, חיים, לייביש, יוסף ומשה ; קרובים — ולדפוגל הרש ואשתו פרל ; זלקוביץ הרש ואשתו רבקה וילדיהם ; ונגלינסקי עזרה, משה, פסיה, לייב ורבקה ; בורז׳י־קובסקי זיסמן ואשתו שרה וילדיהם ; המבורגר ישעיהו ואשתו גיטל ; מכרים — קליינרמן דוד ואסתר וילדיהם ; ניימן איכה־שלום ואשתו אלטה ; שקלרציק וולף־לייב ; ויטנברג שמואל־לייב ; הניג משה ורבקה ; פריימן משה־דוד ; לוסטיגר חיים ; פישמן שלמה, רבקה ויצחק ; קירשנבוים שלמה, הנקה וניוטה ; רוזזובסקי אברהם.

**ולדפוגל דב :**
אח — אברהם ואשתו חנה ; אחות — קוטלבסקי היינה ובעלה הרש וילדיהם ; קרובים — קאופמן יהודה ואשתו שפרינצה וילדיהם.

**ונגלינסקי יעקב :**
אם — גולדה ; אח — אברהם־יוסף וילדיו ; אחיות — מאטל וילדיה ; רחל וילדיה ; חנה יחימוביץ ובעלה זנבל וילדיהם.

**וקסמן יהודה :**
הורים — מיכאל וגיטל ; אח — מנדל ; אחות — איידל ; קרובים — וקסמן דוד ; דונסקי דבורה וגיטל ; מרקוביץ פסיה והרשל.

**ורשבסקי־וקסמן רחל :**
הורים — משה־מרדכי וחנה־לאה ; אחים — אברהם ושלמה ; קרובים — זליגפלד ליפמן ואשתו פרימט וילדיהם.

**ז׳ולטי אהרן :**
אב — שלמה ; קרובים — רוזנשטיין רחל וזיסל ; חנצ׳ינסקי יעקב ואשתו רחל וילדיהם ; רוז׳נסקי רוזה.

**זוקין־ווינטר אסתר :**
אם — ליבה ; אחים — יעקב־גרונם, שלמה, וולף ; אחות — רייזל.

**זיידנבוטל־סובל רנה :**
הורים — יונה ושרה ; אח — יוסף ; קרובים — סובל נתן, סטפה, פלה, רנה, דוד, משה, ננה, רנה, גוטה, שרה ושלמה ; טיגר הרש, ייטק, שרה, מרק, בלה, וולף, יוסף, מניה וחנה־רייזל ; זיידמן דוד ונתן ; פיפקוף פלה ; בוגייסקי פלק ; גונשו־רוביץ הלה ; שפירא זיסמן ; טננבאום רוזיה ; דומב חנה.

**זיידנוורם־מינץ חיה :**
הורים — יהודה־זלמן ושרה ; אחות — רבקה ; קרובים — קוניצפולסקי הנדל, נחמן, יהודה־מרדכי, אברהם־יוסף, יעקב־דוד, בלומה, רבקה, צפורה, נחמן ואברהם־משה ; רייטברגר שלמה ואשתו יפה וילדיהם ; זיידמן חנה, יהודה־מרדכי, דוד, רחל ויהודה־זיינבל.

**זילברברג רחל :**
בעלה — לייבל ; בתה — חיה.

**זילברשטיין ישראל :**
אם — פרימט ; אחיות — בלומה, אטה, חנה, שרה וייטה ; גיסים — קמלגרן אברהם ; ניעמיעץ לייביש ; חבאט דוד ; פיסרק שלמה ; חברים — רוזנצווייג יחזקאל ; קרז׳פיצקי אברהם ; גרוסמן סנו.

**חילר־נונברג לאה :**
אחים — הרשל ואשתו פרניה ובתם גיטה ; לייב ואשתו הניה ובתם גיטה ; אחיות — פקטור שרה ובעלה מרדכי ובתם גיטה ; קרובים — נונברג אברהם ומלכה וילדיהם ; קורנברג הרשל ואשתו אדלה וילדיהם ; קורנברג פייבל ובניו ; וינטר וולף ואשתו שרה ובתם גיטה.

**חתומי־זיגלמן מרדכי :**
אחות — גרונדמן אסתר ; גיסה — ורשבסקי אוה ; קרובים — ציצורה בריש ואשתו דבורה וילדיהם ; מושקוביץ משה ואשתו מלכה וילדיהם ; מושקוביץ יעקב ופישל ; חברה — דונסקי פלה ; שכנים — הרבי ר׳ אברהם קליש ואשתו ציפה ובתם לאה ; שמולביץ ליבל.

**טוכמאיר משה :**
הורים — צבי ורחל ; אחיות — אדלה, גיטל, פסיה, חיה והניה ; קוקוט פולה ובעלה גרשון וילדיהם ; קוזלובסקי מניה ובעלה אברהם וילדיהם.

אַ דורכפאַל, און די ערשטע פרווון זיינע „ברעכן דאָס אייז" אין שול האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד.

די צייט האָט אָבער געטאָן דאָס איריקע. נישט לאַנג האָט גע־דויערט און מען האָט אָנגעהויבן זעען אין דעם דאָזיקן ניט אָנזעעוו־דיקן, איינגעבויגענעם לערער, אַ טייערן מענטש און גוטן חבר.

ברייט און טיף זענען געווען זיינע קענטעניש — נישט געווען קיין געביט ווו ער זאָל זיך נישט פילן ווי אינדערהיים, נישט געווען קיין טעמע וואָס זאָל אים זיין פרעמד. ער האָט זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ צום צוהערער, ווער עס זאָל נישט זיין, און געפילט אַן אומגעהויערע אחריות פאַרן אַרויסגעזאָגטן וואָרט. דאָס איז געווען זיין נוסח אין דער שול און בעת זיינע צאָלרייכע רעפעראַטן אין דער פאָלקס־אוניווערזיטעט פון דער „שלום־עליכם" ביבליאָטעק, ווו ער איז געווען דער הויפּט־לעקטאָר.

ישראל בראמבערג איז נישט געווען קיין ציוניסט, ער איז אָבער געווען געקניפּט און געבונדן מיט אַלעם וואָס איז געווען שעפעריש אויף דער יידישער גאַס, געפרייט זיך ווי אַ קינד מיט יעטוועדער דערגרייכונג אויפן קולטורעלן געביט און מיט יעטוועדער אַנטפּלע־קונג פון אַ נייעם טאַלאַנט.

די מלחמה האָט אים געטראָפן אין זיין היימשטאָט קאָלאָמיי. ווען דער שטורעם איז פאַרביי, האָבן זיינע ביים־לעבן געבליבענע פריינט און תלמידים געהאָפט, אַז אפשר האָט ער זיך אָפּגעראַטע־וועט. די דאָזיקע האָפענונג איז אָבער ליידער נישט מקויים געוואָרן.

י. מינסקי

## ברגר משה



משה ברגר היה ידוע בעיר כעסקן ציבורי בשטחים שונים. הוא לא היה יליד ראדומסק, לעירנו בא מפיוטרקוב כחתנו של ר' סנדר קמלגרן לבתו איטה, ואחרי שאיטה מתה במגיפת הטיפוס, נתן לו ר' סנדר את בתו הצעירה רחל־לאה.

חמשת האחים קמלגרן היו מוותיקי העיר, והם: ר' סנדר, ר' ישעיהו (שהיה בארץ וחזר לפי בקשת ה„חברה־קדישא" שהיה חבר בה כל ימי חייו), ר' בעריל, ר' שלמה ור' שמואל (שעבר לגור לצ'נסטחוב). האחים הללו יסדו בעיר „לאָמבארד" (בית־משכון) והיו ידועים בכינוי „די מעשענע קעפ" — ראשי הנחושת, הן בגלל ראש־הנחושת שהיה תלוי מעל ה„לאָמבארד" שהיה בבית ר' מרדכי שפירא, והן בגלל פיקחותם המיוחדת.

האחים לבית קמלגרן היו משופעים בבנות ודאגו להשיאן לאברכים בני־טובים. את משה ברגר הביאו איפוא מפיוטרקוב ובבואו לעירנו השתלב בחברה ובעסקנות הציבורית שבה המשיך עד סוף ימיו.

יהדות ראדומסק, שמראשית המאה הנוכחית עמדו בראשה עסקנים מוכשרים ומסורים, נשארה בשלהי שנות העשרים והתחלת השלושים עניה בעסקני־ציבור, ביחוד אצל החוגים האזרחיים בעיר. העסקנים הקודמים הזדקנו, בחלקם נפטרו, ואלה שבאו במקומם לא תמיד העמידו את דאגת הכלל בראש דאגתם וגם עסקו במריבות אישיות.

משה ברגר היה אחד העסקנים הטובים, בעל מרץ ויזמה, ובשאי־פתו לקריירה ציבורית הצליח להגיע תוך זמן קצר לשלב הגבוה ביותר בציבוריות היהודית בראדומסק. העסקנות היתה טבועה בדמו והוא התחיל לארגן את הסוחרים הזעירים (קליינהענדלער) שמאז ומתמיד היו בלתי־מאורגנים מבחינה פוליטית ובלתי יציבים מבחינה כלכלית.

השנים היו שנות ה„באיקאט" — החרם הפולני על המסחר היהודי והדבר פגע בעיקר בסוחרים הזעירים. משה ברגר יסד את האירגון שלהם והקים לידו בנק שמתפקידו היה לעזור לסוחר הזעיר. בבחירות לוועד הקהילה בשנת 1931 ובבחירות לעיריית ראדומסק שהיו אחר כך, הופיע משה ברגר בראש רשימת הקליינהענדלער. הרשימות שלו זכו בהצלחה והוא נבחר לנשיא ועד הקהילה וגם לחבר במועצת העיר (בנשיאות ועד הקהילה החזיק עד הכיבוש הנאצי).

השלטון הנאצי בעיר הטיל עליו לארגן את ה„יודנראט" והוא הועמד בראשו. בגלל סכסוכים שהיו בתוך ה„יודנראט" סילקו הגרמ־נים את מ. ברגר מראשותו באמצע שנת 1941 ובמקומו מינו את גוטשטאט. מ. ברגר נעצר והושב במאסר בצ'נסטחוב, אך קרוביו הצליחו לשחררו תמורת סכום כסף והוא עבר לווארשה.

עם חיסול גיטו ווארשה חזר מ. ברגר לגיטו צ'נסטחוב (שם היו קרובי משפחתו) ועמד בקשר עם אנשי המחתרת שפעלו בגיטו. בשעת חיסול הגיטו מצא מ. ברגר את מותו יחד עם מאות יהודי צ'נסטחוב ונקבר בבית־הקברות היהודי בצ'נסטחוב.

אשתו רחל־לאה הועברה לטרבלינקה, בתו הבכירה זלטה ובעלה יצחק חנצ'ינסקי ניסו להמלט מסקרז'יסקו בעזרת גוי „מציל" שהוציא מהם בערמה את כל רכושם ואחר כך מסר אותם לידי הגיסטאפו שהרגו אותם במקום.

נשארו בחיים בתו דבורה, בעלה טוביה קאלקה ושני בניהם; כמו כן נשארו בחיים בנו יהודה, אשתו ושני ילדים (כולם בארצות־הברית).

ב. י.

## הארטמאן חיים



שוין דער ערשטער בליק האָט געזאָגט, אַז מען האָט קיין טעות נישט געהאַט: עס קוקן פון הינטער די ברילן — שאַרפע, פאָרשנ־דיקע און אומצופרידענע אויגן. **קודם כל אומצופרידענע, אומצופרידן פון זיך און פון דער גאַנצער וועלט.**

איינמאָל זיך איינגעשפּאַנט אינעם שווערן וואָגן פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פאַרן קרן־קיימת. האָט חיים אים געשלעפּט יאָרלאַנג. נישט לייכט געווען מיט אים מיטצושלעפּן, אָבער נאָך שווערער — אָן אים. האָט די הכנסה אַ חודש נישט דערגרייכט די אָנגעצייכנטע הויך, איז שטאַרק און הייליק געווען זיין צאָרן. זענען ווידער די הכנסות געווען מער־ווייניקער אין די גרענעצן וואָס זענען פאַרויסגעזען געוואָרן, איז עס דאָך אוודאי און אוודאי דער בעסטער סימן, אַז עפּעס איז געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט און אַז ביי אַביסל מער ענערגיע און איבערגעבנקייט האָט דער חודש גע־קענט געבן אַ רעקאָרד־הכנסה...

ער האָט פאַרשטאַנען און געוואָלט, אַז אַלע זאָלן עס פאַרשטיין, אַז יעטוועדער דונאַם אויסגעלייזטע ערד איז אַ שריט נאָענטער צו דער יידישער גאולה. ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט באַנייט איר טעטיקייט, איז חיים געוואָרן אַ טעטיקער חבר אין איר. ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעבן די האָפענונג פון עליה, זיינע טרוימען זענען אָבער נישט מקוים געוואָרן. צוזאַמען מיט זיינע טויזנטער און טויזנטער ברידער איז אומגעקומען פון די רוצחישע הענט חיים האַרטמאַן, איינער פון די בויער פון דער יידישער מלוכה אונטער־וועגנס.

ישׂשכר מ.

## וואַקסמאַן מיכאל



געבוירן י״ד סיון תרמ״ז (1887) ביי משה־הירש און לאה וואַקסמאַן — אַן אַלטע און פאַרצווייגטע ראַדאָמסקער אַרבעטער־פאַמיליע. נאָכן חדר האָט ער געלערנט אין דער ראַדאָמסקער ישיבה, גלייכצייטיק אויך געלערנט יידישע בוכהאַלטעריע, און געגרייט זיך אויף אַ בעל־קורא ביי שטאָטלערן, דעם הייסן ציוניסט. פון אים האָט ער זיך טאַקע אָנגעשעפּט מיטן ציוניסטישן גייסט און גע־וואָרן איינער פון די איבערגעגעבנסטע רעליגיעזע ציוניסטן אין יענער צייט. געווען פון די ערשטע „הצפירה״־אַבאָנענטן אין שטאָט. נאָכן ענדיקן די ישיבה און די בוכהאַלטעריע־קורסן ביי שטאָטלערן, איז ער געוואָרן דער געשעפטס־לייטער ביי מינטשעלען אין מאַנו־פאַקטור־געשעפט.

חתונה געהאַט אין יאָר 1913 מיט גיטל, די טאָכטער פון הייסן אַמשינאָווער חסיד — ר׳ אברהם־יצחק פעלדמאַן (דער בענדלמאַ־כער) און געעפנט אַ געשעפט אונטער דער פירמע „20 קאָפּיקעס״. געהאַט פיר קינדער — דריי זין און איין טאָכטער. צוויי זין האָבן איבערגעלעבט דאָס נאַצי־גיהנום און געפינען זיך אין ישראל.

מיכאל וואַקסמאַן האָט געפירט אַ וואַרעמע רעליגיעז־ציוניסטישע שטוב און דערצויגן זיינע קינדער אין דעם דאָזיקן גייסט, לאָזנדיק זיי לערנען אין דער איינציקער העבּרעאישער שול אין ראַדאָמסק פון דוד ערליכמאַן.

אין יאָר 1923 האָט ער שוין געהאַט אַ סערטיפיקאַט אויף עליה נאָר געמוזט רעזיגנירן פון עולה זיין צוליב משפּחה־אָנגעלעגנהייטן. טראָץ אַלע זיינע שפּעטערדיקע באַמיאונגען האָט נישט געקענט מקיים זיין זיין לעבנס־ווונטש — עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

מיכאל וואַקסמאַן איז געווען זייער טעטיק אין ראַדאָמסקער געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט געהאָלפן גרינדן דעם האַנטווערקער פאַראיין און די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, געווען מיטגרינדער פון „מז־רחי״, סעקרעטאַר פון פּאַלעסטינאַ־אַמט און מיטגעאַרבעט פאַר דער גמילות־חסדים קאַסע אין שטאָט.

זיין עיקר־טעטיקייט האָט ער געווידמעט דער האַנטווערקער־באַנק, וואָס ער האָט געגרינדעט צוזאַמען מיט ווייסבערגן אין יאָר 1925. געווען לאַנגע יאָרן אין דער דאָזיקער באַנק קאַסירער און שפּעטער וויצע־דירעקטאָר.

צוליב דער אַרבעט אין דער באַנק, וועלכע האָט אים גענצלעך אַבסאָרבירט, איז ער געווען געצוווּנגען אין יאָר 1928 צו ליקווידירן זיין געשעפט. אין יאָר 1929 איז אויסגעבראָכן אין פּוילן אַ שאַרפער ווירטשאַפטלעכער קריזיס פון וועלכן עס איז געפאַלן אַ קרבן אויך דער האַנטווערקער־באַנק (אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין יאָר 1931). פאַר מיכאל וואַקסמאַן, וועלכער האָט שוין געהאַט ליקווי־דירט אַלע זיינע פּריוואַטע געשעפטן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע תקופה, און אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז צום אויסברוך פון קריג אין יאָר 1939.

שבת, דעם 2טן סעפּטעמבער 1939, ווען די דייטשן האָבן באַמ־באַרדירט די שטאָט, איז מיכאל וואַקסמאַן מיט דער משפּחה — ענלעך ווי אַלע ראַדאָמסקער יידן — אַנטלאָפן פון דער שטאָט. אומ־קערנדיק זיך נאָך אַ געוויסער צייט קיין ראַדאָמסק, האָט ער שוין נישט געפונען קיין דאַך איבערן קאָפּ. שלמה גליקסמאַנס הויז נר. 11 (אין מאַרק) איז צוזאַמען מיט אַ האַלבער שטאָט יידישע הייזער פאַרברענט געוואָרן. מיכאל האָט געוווינט ביי די קרובים און שפּעטער איבערגעגאַנגען מיט אַ גרויסן טייל יידן אין געטאָ.

דעם 9טן אָקטאָבער 1942, בעת דער ערשטער „אויסזידלונג״ אין ראַדאָמסק, איז מיכאל וואַקסמאַן צוזאַמען מיט דער משפּחה געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. נאָך דריי וואָכן האָבן די דייטשן אַנטדעקט דעם בונקער און די דאָרט געפונענע 60 יידן אַוועקגעשיקט צום טראַנספּאָרט קיין טשענסטאָכאָוו.

פאַראַן אַ סברה, אַז מיכאל וואַקסמאַן, איטשעלע „דער קברות־ייד״ און נאָך זעקס יידן זענען נישט אָפּגעפירט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו, נאָר מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דער ראַדאָמסקער תפיסה, געפייניקט אַ גאַנצע נאַכט און צומאָרגנס דערשאָסן אויפן יידישן בית־הקברות.

יהודה וו.

## וויינבערג לודוויק

אויפן שוועל פונעם 20טן יאָרהונדערט האָט זיך אין ראַדאָמסק געפונען אַ פאָטאָגראַפישער אַטעליע פונעם פאָטאָגראַפיסט לודוויק וויינבערג. דער סופיט און צוויי ווענט פונעם אַטעליע זענען געווען פון גלאָז, באַהאַנגען מיט קאָלירטע פאָרהאַנגלעך, וואָס האָבן גע־שאַפן ליכט און שאָטן פאַר די בילדער. אַ חוץ דעם, זענען דאָרט געווען פאַרשידענע דעקאָראַציעס, ווי אַ גאָרטן נעבן אַ וואַסער

אד"ג. פאַרן פאָטאָגראַפירן פלעגט זיך דער פאָטאָגראַפיסט באַהאַלטן הינטער אַ טונקעלער טוך און האָט דאָרט געמאַכט זיין „געהיימע קונסט".

דער פאָטאָגראַף ל. וויינבערג האָט גערעדט נאָר פויליש און דאָס האָט שוין געשאַפן אַ געוויסן דיסטאַנץ צווישן אים און זיינע יידישע קליענטן. אָבער לודוויק וויינבערג האָט באַזיצט אַ נאַטיר־לעכע נייגונג צו עסקנות פאַר דער יידישער געזעלשאַפט. די ראַ־דאָמסקער יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן (אין די יאָרן 1915/16) שאַפנדיק דעם „יוגנט־פאַראיין" (אין דעם דאַך־שטיבל איבער דער סאָדע־וואַסער־פאַבריק פון אהרון־וואָלף שוואַרץ). ווען



מען האָט געדאַרפט אַריבערגיין אין אַ גרעסערן לאָקאַל (אין הויז פון ה' קאַרפ), האָט ער פאַרלאַנגט, אַז דעם קאָנטראַקט זאָל אונ־טערשרייבן אַ בעל־הבית און נישט סתם „יינגלעך". דאַמאָלט איז געפאַלן דער גורל אויפן פאָטאָגראַפיסט לודוויק וויינבערג, און ער איז געוואָרן דער פרעזעס פון „יוגנט־פאַראיין".

דאָס יידישע געזעלשאַפט אין ראַדאָמסק בויט אויס זיינע אינסטיטוציעס און ווען עס אָרגאַניזירט זיך דער יידישער האַנט־ווערקער־פאַראיין, ווערט ל. וויינבערג דער פאָרזיצער פונעם פאַר־איין און העלפט דעם יידישן בעל־מלאכה זיך צו אָרגאַניזירן און שטייגן העכער אין זיין פראָדוקטיוו־שאַפנדיקער פּאָזיציע.

אויך אין ראַדאָמסק איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ געזעלשאַפטלעכע באַנק, געשטיצט פון י.ק.א., אָבער די מלחמה האָט די דאָזיקע באַנק ליקווידירט. ווען עס שאַפט זיך אַ נייע יידישע קאָאָפּעראַטיווע באַנק (נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג), האָט זיך לודוויק וויינבערג געשטעלט אין איר שפּיץ. ער האָט מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן געפירט די אינסטיטוציע אין די שווערסטע עקאָנאָמישע צייטן. זיכער איז עס נישט זיין שולד געווען, וואָס די שטאַרקע אַנטי־יידישע כוואַליע פון דער פּוילישער מאַכט, האָט ערב דעם צווייטן וועלט־קריג רואינירט די דאָזיקע אינסטיטוציע.

לודוויק וויינבערג האָט אין משך פון זיין 20 יאָריקער געזעל־שאַפטלעכער אַקטיווער אַרבעט אין ראַדאָמסק, נישט וויניק געליטן. זיינע חברים האָבן נאַטירלעך אַרויסגעוויזן אַלע מענטשלעכע שוואַכ־קייטן, ווי אָפּאָזיציע, רכילות אד"ג, און זיין פרנסה האָט ער שוין נישט געקענט אָפּהיטן. פון די אַלע אַרומרייסענישן איז אויך דער געזונט זיינער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַזוי אַרום האָט ער דורכגע־מאַכט דאָס אַלץ וואָס געזעלשאַפטלעכע עסקנים דאַרפן זיין גרייט דורכצומאַכן...

ד. ק.

## ואַלדפוגל שמעון

מעטים היו האנשים בעירנו, שהתמסרו לעבודה ציבורית באותו להט, כפי שעשה זאת ר' שמעון ואַלדפוגל (נולד בשנת 1886). מדי שבת בשבתו היה הולך מבית לבית ואוסף מצרכי אוכל בשביל הנצרכים. היה זה בתקופת מלחמת־העולם הראשונה, כשלעירנו הגיעו המוני פליטים בעירום ובחוסר כל (מהמחוזות המזרחיים).

לפי יוזמתו ויוזמת מר שמואל־לייב ויטנברג, ואחרים, נוסדה בשנת 1921 קופת גמ־לות־חסדים, שחילקה הלוואות ללא־ריבית לתקופה של עשרה חודשים. רבים היו שלא האמינו בקיום הקופה, אבל העסקנים לא רפו ידיהם.

הקופה יצאה למרחב רק לאחר שקיבלה סכום הגון מהנדבן הידוע ר' מנדל לחמן, וכמו כן הענקות מה„ג'וינט". ההלוואות שהיו תחילה בסך שלושים זהובים, הגיעו במרוצת הזמן לסכום של מא־תיים זהובים.

שמעון ואַלדפוגל היה הנפש החיה בקופה, וכן היה פעיל באירגון בעלי־המלאכה והסוחרים הזעירים. איש פשוט היה, אבל יהודי טוב ומסור לצרכי־ציבור.

א. וו.

## וולקוביץ יחיאל־מאיר



עם הסתלקותו (בשנת 1935), נעלם מעל פני במת־העיר עסקן־ציבורי במשמעות הנעלה של מושג זה: עתונאי אחראי, אדם תוסס, התגלמות חיה של נושא בעול העבודה השחורה, היום־יומית כפוית־הטובה, למען המדינה היהודית שבדרך.

י.מ. וולקוביץ הגיע לראדומסק מן העיירה קרושין, בשנת 1921, מבית של „חובבי־ציון". לא עברו ימים מרובים והוא הנכרי והבלתי מוכר נעשה פופולרי ואהוד על השכבות הרחבות של יהודי ראדומסק. בקיאותו בניהול־חשבונות סייעה לו בכך, וכן היותו בא־כוח של חברות־ביטוח פתח לפניו את בתיהם של סוחרים ושל האינטליגנציה העובדת.

כבר בימים הראשונים לבואו, נתפס בכל ישותו לפעולה למען הקרן־הקיימת־לישראל. הוא פעל יחד עם אברהם־משה וקסמן, ולאחר שהלז עלה ארצה — נעשה י.מ. וולקוביץ המורשה של הקק"ל ושי־מש בתפקיד זה עד ימיו האחרונים. עבודתו המסורה למען הקרנות נעשתה מתוך רגש אחריות לתנועה הציונית.

החיפושים התמידיים אחרי שיטות־עבודה חדשות ואי־שביעות־רצון מן ההישגים, הניעו אותו לארגן את „הגדוד למען הקק"ל". פעולותיו של הגדוד, שעם חבריו נימנו גם בני־נוער בלתי־מפלגתיים, הביאו לתוצאות בלתי־רגילות והיו לדוגמה ולמופת לרבות מערי פולין.

במקביל לעבודתו למען הקרנות, הקדיש י. מ. וולקוביץ את זמנו ואונו לעבודה האירגונית והפוליטית של התנועה הציונית. יחד עם דוד חשצ'בצקי, קריינדלר והאחים לחמן, יסד את ה„התאחדות", שגילתה פעילות רבה בחוגי העיר.

בבחירות לשלטונות הקהילה, נבחר ל„פרנס" ובתמיכת האיר־גונים המתקדמים והפרו־ציוניים נתמנה סגן־יושב־ראש של הקהילה הראדומסקאית. בתפקידו זה הצטיין, בעיקר, בעמידתו האיתנה נגד השחיתות, שהיתה שכיחה ברבות מקהילות פולין.

הוא גילה הבנה והערכה לגבי דברים שבכתב בכל המערכות הציבוריות והפוליטיות שניהל. החלק הראדומסקאי של השבועון „פיאָטרקאָוו־ראַדאָמסקער צייטונג", שהוא היה עורכו, הצטיין במקו־ריות ובסגנונו הנקי ושימש במה חשובה לשינויים שהונהגו בחיים היהודיים.

באמצע הקרב ובדמי־חייו נפל האיש. הנהלת הספריה ע"ש שלום עליכם בראַדאָמסק, הנציחה את זכרו בפתיחת מדור עברי בספריה שנשא את שמו של י. מ. וולקוביץ. רוב הספרים נאספו בארץ־ישראל ע"י בני־עיר ונשלחו לראדומסק באמצעות ברית עברית עולמית.

כל חייו של י. מ. וולקוביץ היו קודש למען ארץ־ישראל ולענ־ייני־ציבור נשגבים, המאירים את דרכנו מאז ועד עתה.

י. מ.

## ויטנברג ברל

ר' ברל היה מחשובי בעלי־הבתים בעיר, תלמיד־חכם ובר־אורין. בזמנו שימש מוהל יחיד בראדומסק וסביבתה, היה מוחזק כמומחה ב„מקצוער" זה ומספר הנימולים על־ידו הגיע לאלפים. כשהוזמן לברית מילה — ויהי זה בכפר נידח במרחק של כמה מילים מן העיר — היה נענה ברצון רב ושום מכשול לא היה בו כדי לעכב אותו מלהחלץ לקיים מצוה זו, לא חום־הקיץ ולא קור־החורף. גם לעת זקנתו, כשמצב בריאותו לא הרשה לו לעזוב את הבית, היה שש תמיד לקיים את המצוה הזאת שכן נחשבה בעיניו כעבודת־קודש שהיה מקבלה על עצמו מתוך התנדבות, שלא על מנת לקבל פרס.

לימים, התחיל רושם לפניו את כל התינוקות שעברו תחת האזמל שלו, את שמותיהם, שמות ההורים ושם משפחתם, תאריך לידתם וכו', עד שברבות הימים נצטברו הרשימות האלה והיו לכרך עבה מאוד. שלטון העיר (המגיסטראט) הכיר ברשימות הללו כמסמך רשמי לצורך הענינים הנוגעים לחיי היהודים בעיר.

ר' ברל הגיע לזקנה ושיבה, אך שיבתו לא היתה טובה ביותר, שכן חלה במחלת השיתוק בחצי גופו. למרות מחלתו היה ער תמיד לכל המתרחש בחיי העיר, בחיי העם היהודי, ובתנועה הציונית.

ש. ק.

## ויטנברג יעקב

בנו של ר' ברל ויטנברג. כאביו נמנה אף הוא עם האנשים החשובים בעיר. בעל סגולות ומדות טובות היה, שהביא עמו מבית אבא ונוסף לזה ניחן בחן אישי מיוחד שחיבב אותו על כל יודעיו ומכריו. אפילו הגויים שבעיר העריצוהו וכבדוהו מאד, בגלל אדיבותו ונועם הליכותיו. בחוגי הסוחרים — עליהם נמנה — העריכוהו מאד וכל הבאים אתו בקשרי־מסחר היו תמיד מתיחסים אליו ואל מוצא פיו באימון מלא.

היה המדפיס הראשון שבעיר. היות וחלק גדול מבין נותני העבודה שלו היו המפלגות והחברות השונות, נהפך במשך הזמן בית־הדפוס שלו למעין בית־ועד לכל מנהיגי המפלגות והעומדים בראש החברות השונות.

לעתים קרובות קרה, שנותני העבודה „שכחו" לסלק לו את שכר־עבודתו, אבל יעקב ויטנברג היה רגיל לעבור על דברים שכאלה לסדר היום, הוא לא רגז, לא התקצף, לא הגיש איש מהם לערכאות, ואף לא הזמינם לדין־תורה. אם באו לאחר זמן, להזמין עבודות „ציבוריות", היינו, כשעמדו שוב לפני בחירות בעיר או כיוצא בזה, לא השיב אף פעם את פניהם ריקם, אלא קיבל אותם בסבר פנים יפות כאילו לא קרה דבר. עדין־נפש ואציל־רוח היה האיש ונזהר היה, שלא להלבין פני איש ולא להעמיד את הזולת במצב בלתי־נעים.



ר' יעקב היה גם נדבן ומשכיל אל דל. לא היתה בעיר אף חברה של צדקה וחסד שלא היה נמנה עם חבריה ותומכיה. אף כי לא היה מן העשירים הגדולים ביותר, היה חלקו במוסדות העיר גדול מחלקם של רבים שעלו עליו מבחינת מצבם החמרי.

במיטב שנותיו קרהו אסון, בהילקח ממנו רעיתו הנדיבה והאצילה חיה־איידל. אף כי בנה מחדש את ביתו, אך חדוות־החיים שהיתה מלווה אותו תמיד בשנותיו הקודמות, סרה ממנו. בשנים האחרונות שלפני היטלר ימ"ש כשיהדות פולין נתונה היתה במצב פוליטי ירוד ובמצוקה כלכלית, התחיל ר' יעקב לממש ברצינות את שאיפתו התמידית וחלום־חייו, לעלות ארצה, אבל מסיבות שונות, לא קל היה לו להוציא את רעיונו הטוב לפועל ובינתיים הקדימה אותו השואה. הוא ניספה יחד עם שני ילדיו (יששכר ודינה) ורק בתו הבכירה שפרה נשארה לפליטה, בעלותה בשנת 1931 לארץ־ישראל.

ש. ק.

## חשצ'בצקי דוד



בשלהי מלחמת־העולם הראשונה, עת העולם היהודי היה שרוי במבוכה, הן בשל הבשורה על מהפיכה וגאולת־האדם שבעקבותיהן באו הרס ושפיכת־דמים, פרעות והשמדת יהודים, והן בשל בשורת הישועה של העם היהודי והאפשרות להקמת מדינת־יהודים בארץ־ישראל — הגיע לעירנו ראדומסק מורה לעברית, מפליטי אוקראינה — דוד חשצ'בצקי.

הוא נתגלה מהר כאדם בעל מרץ רב ואופי חזק. שונה היה במנהגיו ובתכונותיו: „טיפוס מוזר" היו הבריות אומרים עליו. זמן קצר לאחר בואו הצליח לרכז סביבו את הנוער, שהושפע מהמאורעות האחרונים בעולמנו, על מנת להקנות לו את השפה העברית, וזאת עשה בהתלהבות ומסירות רבה.

במעשיו ופעליו העניק השכלה טובה לבנות ולנערים שבעירנו. הוא השתדל לחבב עליהם ולהחיות בלבם את השפה העברית, וזאת עשה בסבלנות רבה, בהסבירו בחריפות ובעמקות את נושאי שיעוריו המעניינים. הוא השכיל לחבב על תלמידיו את התנ"ך ואת שירי ביאליק, אשר אהב. לא הקפיד על השעות המזומנות, על־פי־רוב הוסיף עליהן והשתדל להקל את הלימוד ע"י השאלת ספרים מספריו. פעמים היה אף מוותר על שכר־לימוד לתלמידים חסרי־יכולת ולמתמידים בלימודים (דבר שהכביד עליו מאד בשל מצבו הכלכלי הקשה). הוראתו נשאה פרי ולא עבר זמן רב ופה ושם נשמעו צלילי שפת העברית.

אם כי היה חופשי בדעותיו, לימד גם בביה"ס „המזרחי". בחגי־גות חג־החנוכה, שכל ילדי ביה"ס השתתפו בהן, השקיע בהכנות ממיטב רוחו והכל עלה יפה. הילדים דיקלמו ושרו משירי־הארץ והדבר הרטיט את לבות ההורים שנוכחו בחגיגות עד שדמעות גיל ואושר נראו בעיניהם.

בפגישות של דוברי עברית היה מעודד להחלפת דעות, קריאת קטעי ספרות יפה ועתונות, והמריץ ליסד חוגים עבריים, ואמנם כך נוסדה ה„פינה העברית".

ד. חשצ׳בצקי לא הסתפק רק בלימודים ולקח חלק גם בחיים הציבוריים והפוליטיים שבעיר. היה חבר פעיל ב„התאחדות" (ערך שם שיעורים לעברית) ואף לימד ב„השומר" וב„החלוץ".

העמיד תלמידים לעשרות, שרבים מהם מתגוררים בישראל. מסיבות חשובות ביותר לא זכה לעלות ארצה, אף שרצונו לכך היה בראש מאוייו. ניספה בשואה עם רעיתו שרה ובתם מרים, זו שהש־אירה אחריה את יומנה מהגיטו, המתפרסם בספר זה.

לאה ט.

## טענצער לייזער

ר׳ לייזער טענצער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אייגנאַרטיקן טיפּ אינעם ראַדאָמסקער ציבור. געווען איז ער פון מיטעלן וווּקס, אַ חסיד, אַן אינהאָבער פון דעם גרויסן און שיינעם האָטעל און רעסטאָראַן אין פּערשטערס הויז. אויב מיטן רעסטאָראַן האָט זיך פאַרנומען זיין פרוי מרים, האָט זיך מיטן האָטעל און פיינעם בופעט פאַרנומען ר׳ לייזער. זיינע געסט זענען געווען פּולישע פּריצים און גוטבאַזיצער, וועלכע האָבן זייערע קאַרעטן געהאַלטן אינעם דער־בייאיקן פּאַרפּאַר־הויז.

ר׳ לייזער טענצער האָט שטענדיק פאַרשאַפט כבוד מיט זיין ערלעכקייט און אַנשטענדיקייט. אין די מיטעלע און עלטערע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען מיט קהלשע ענינים, געווען אַ לענגערע צייט אַ דאָזאָר און מיטגעאַרבעט אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. איבעראַל האָט ער געזוכט דעם „גאָלדענעם מיטן", נישט צופיל עקסטרעם, אַבי עס זאָל הערשן שלום.

פאַר די ימים־נוראים זענען אין האָטעל איינגעשטאַנען פיל רייכע חסידים, וועלכע פלעגן קומען צום רבין אויף יום־טוב. ר׳ לייזער טענצער איז געווען אַ חסיד פונעם בעסטן טיפּ, שטענדיק געווען גרייט צו העלפן מיט וואָס מען האָט נאָר געקענט און באַדאַרפט. אויך זיין פרוי מרים האָט נישט אין איין הויז געהאָלפן מיט אַ וואַרעם געקעכטס, אַ מלבוש און אַנדערע נויטווענדיקע זאַכן.

ד. ק.

## לבקוביץ׳ משה



דמותו ומנהגיו של משה לבקוביץ׳ נחרתו עמוק בלבם של רבים וסיפוריו אודות ד"ר הרצל וחזונו, שסיפרם מתוך הערצה כאילו המדובר היה במלך ישראל, הביאו את כל השומעים לידי התלהבות עצומה לרעיון הציוני וחזו בדמיונם את מדינת־ישראל הקמה לתחיה.

בכל ימות החג וביחוד בליל־פורים היו רבים מצטופפים בצל קורתו, לבלות בחברתו ובחברת אורחיו הנכבדים, ביניהם שטטלר המורה וקופל השמש, שהתבלטו בין המסובים. אחרי הכיבוד הרב והטעים, שהגישה אשתו הנאמנה, וכטוב לבו של משה ביין, היה שר משירי ורשבסקי וגולדפאדן ותוך כדי כך ממלא מצווה חשובה בקרבו לבבות למטרה הנשגבה של שיבת־ציון ובאספו תרומות למען ארץ־ישראל. הוא גם השפיע על כמה מנכבדי עירנו, לשלוח את בניהם ללמוד בגימנסיה „הרצליה" שבתל־אביב.

לשם פרנסתו, היה משה מנגן בחתונות, שנערכו ברוב פאר עד אור־הבוקר, באולם שהשתייך לאלמנתו של החזן שלמה זקס ז"ל, ברחוב פשדבורסקה. הוא היה הכנר הראשי ועימו היו עוד: כנר שני — לייבלה „כלי־זמר"; חליל — יוסף אורבך; אלטובקה — וואלף; חצוצרה — חותנו של משה; בס — משה סקורקא; ושני מנגנים נוספים. שיא ההתרגשות בליל־החתונה היתה הופעתו של משה עצמו כמנגן סולו לפני הכלה והחתן, בראש השולחן, בנגנו „יהי־רצון" (שחיבר לבד), נגינה שהרעידה את לבות כל שומעיה והביאה אותם עדי דמעות.

ש. ק.

*

יאָר 1906, ס׳איז געווען נאָך שבת נחמו. משה לעווקאָוויטש האָט אויף אַ חתונה געשפּילט. ס׳איז געווען מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער ווי ס׳האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן דאָס האַרץ פון אַ שר וגדול בישראל. די קרעכצן וואָס זענען פון פידלערס האַרץ אַרויס, די זיפצן וואָס זיין פידל האָט אַרויסגעגעבן, האָבן מיטגעוויינט אויף דער גרויסער אבידה פון יידישן פאָלק. מ׳האָט דעמאָלט אין ווין נאָר־וואָס געהאָט מקבר געווען דעם גרויסן יידן ד"ר הרצל ז"ל.

מיט זעקס יאָר שפּעטער האָב איך אים ווידער אויף אַ חתונה געהערט שפּילן. איך האָב מיך עראינערט אין זיינע קרעכצן מיט זעקס יאָר צוריק. איך האָב שוין איצט גוט פאַרשטאַנען די יאָמערלע־כע טענער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט פון זיין פידל אַרויסגעריסן. ווען ער האָט איצט געשפּילט „התקווה", און „במקום שם ארזים", איז געווען גאָר לייכט צו מערקן, אַז דאָס שפּילט נישט קיין כלי־זמר פאַרן רובל, נאָר אַ פידלער וואָס רעדט, פאַנטאַזירט און

טרוימט מיט אַ הייס יידיש האַרץ וועגן דער גרויסער צוקונפט פון זיין פאָלק...

אַ דריטן מאָל האָב איך זיך מיט אים צוזאַמענגעטראָפן אין יאָר 1915. ס׳איז געווען אין סאַמן ברען פון דער מלחמה, ווען די גרעסטע אָפּטימיסטן פון ציוניסטישן לאַגער האָבן זיך מתיאש געווען פון זייערע אידעאַלן און געדאַכט האָט זיך, אַז די מלחמה וועט מאַכן אַ תל פון ציוניסטישן טרוים, אַ תל פון דעם אַלעם וואָס איז ביז דעמאָלט דערגרייכט געוואָרן אין ארץ־ישראל. מיט אַזאַ פאַרלאָשענעם אידעאַל, מיט אַזאַ אָפּגעשטאָרבענעם פעסימיזם וועגן ציון, האָב איך מיך צוזאַמענגעטראָפן מיט משה לעווקאָוויטש. און בלויז איינציקע שעה האָבן מיר צווישן זיך גערעדט, ריכטיקער געזאָגט — ער האָט גערעדט, און עס איז געשען אַ ווונדערלעכע זאַך: די אמונה, דאָס גלויבן, וואָס איז געווען ביי מיר אָפּגעשטאָרבן צוויי יאָר, איז אים געלונגען מיט זיינע איבערצייגענדע ווערטער, מיט זיין נאַיוון גלויבן אין דער גרויסער זאַך, צוריק אויפלעבן ביי מיר, צוריק אָנצוצינדן אין מיין האַרץ דעם „נר קודש״ וועגן ציון, וועלכער זאָל שוין קיינמאָל נישט פאַרלאָשן ווערן.

(„אונדזער צייטונג״, 22.1.1926, צום 5טן יאָרצייט נאָך מ. לעווקאָוויטש).

## ד״ר י. מיטעלמאַן



ד״ר י. מיטעלמאַן געהערט צו די געשטאַלטן, וועלכע זענען אין זייערע מעשים און האַנדלונגען אַזוי טיף מענטשלעך, אַז די קלענסטע באַרירונג מיט זיי קריצט זיך איין אין זכרון אויפן גאַנצן לעבן. זיין אויסערלעך־ערנסטער געז׳כט, האָט שטענדיק געלויכטן מיט אַ ליבן שמייכל און איז געווען פאַרענדיקט מיט אַ פיין־געשניצטער קאַנטיקער באָרד. פון־צייט צו־צייט פלעגט ד״ר י. מיטעלמאַן זיך אַריינכאַפּן אין „חדר״ פון ר׳ מיכאל מלמד, וועלכער האָט געשמ׳ט אויך דערפון, אַז ביי אים האָט מען געקענט באַקומען אַ ספּעציעל „מילך־וואַסער״, וואָס האָט געדינט אַלס גוטע רפואה אויף בראַנד־ווונדן. שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט, אַז די רפואה האָט ער צוגעגרייט לויט די פאַרשריפטן פון ד״ר י. מיטעלמאַן...

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ד״ר י. מיטעלמאַן מאָבי־ליזירט געוואָרן, אַלס דאָקטאָר, אין דער צאַריסטישער אַרמיי.

ווען די מלחמה־וואָלקנס האָבן פאַרדעקט דאָס שטעטל, הונגער און נויט האָבן אָנגעהויבן אַלץ מער אַריינדרינגען אין די אָרעמע יידישע הייזער, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן עפּידעמישע קראַנקהייטן, וועלכע האָבן אָוועקגענומען נישט ווייניק קרבנות. דעמאָלט האָט משה פישהאָף, אַן איבערגעגעבענער פריינט און תלמיד פון ד״ר י. מיטעלמאַן, גענומען אויפשטעלן אַ יידישן עפּידע־מיש־שפּיטאָל (אין אַן אַלטער הילצערנער געביידע, אויף עק פּשעדבאָזשער גאַס, אין צוויי קליינע צימערלעך).

ווען ד״ר י. מיטעלמאַן האָט זיך צוריקגעקערט, אין יאָר 1917, פון פראָנט, האָט ער איבערגענומען די לייטונג פונעם דאָזיקן שפּיטאָל און מיט אַ טאָפּלטער ענערגיע גענומען אָרגאַניזירן די מעדיצינישע פאָלקס־הילף פאַר דעם יידישן ראַדאָמסק. שפּעטער איז דאָס שפּיטאָל אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ צווייטן פאַסיקן לאָקאַל און איז געווען טעטיק אונטער ד״ר י. מיטעלמאַנס אָנפירונג.

צו יענער צייט האָט ד״ר י. מיטעלמאַן באַוויליקט די בקשה פון דער אָרגאַניזירטער יוגנט און פלעגט אויפטרעטן יעדן דאָנערשטיק אָוונט אין „אַרבעטער־היים״, מיט לעקציעס אויף מעדיציניש־היגיענישע טעמעס. נישט לאַנג האָט דאָס געדויערט, ווייל ד״ר י. מיטעלמאַן איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און ליידער מער נישט אויפגעשטאַנען פון בעט. דער גרויזאַמער טויט, וועלכן ד״ר י. מיטעלמאַן האָט באַקעמפט ביי אַנדערע, האָט איבערגעריסן דאָס לעבן פון אַ טייערן יידן, אַ ווונדערבאַרן מענטש, וועלכער האָט געטריי געדינט מיט זיין וויסן די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַדאָמסק.

ד. ק.

## מינסקי אברהם

ר׳ אברהמצ׳י מינסקי נמנה עם „חובבי־ציון״ הראשונים ברא־דומסק והיה ממיסדי „המזרחי״ בעיר. חובב־ציון היה בכל לבבו, בכל נפשו ובכל מאודו, ולא רק את ציון ואת ארץ־ישראל אהב וחיבב, כי אם גם, ובעיקר, אהב את ישראל.



כל העיר ידעה, את טוב לבו ונדבת רוחו, הגם שאפשרויותיו היו מצומצמות מאוד. היה פקיד (במגיסטראַט), פקיד יהודי יחיד בימי הרוסים, שניהל את „השולחן היהודי״ בעיריה. תפקידו העיקרי היה, החלפת הפאַספּורטים, שבימים ההם היתה חובה על כל האזרחים להחליפם מדי שנה. ההחלפה היתה קשורה בתשלום מיוחד, שהמח־ליף צריך היה לשלם לקופת העיריה, ותשלומים אלה היוו את המשכורת שלו. לא היה זה מן המקרים הנדירים ביותר, שר׳ אברהמצ׳י ויתר על התשלום לכשידע שאין ידו של המחליף משגת...

ר׳ אברהמצ׳י היה יהודי שומר תורה ומצוות, חרד ואדוק בדתו ודבק במסורת היהודית. עם זאת לא הפלה בין יהודי חרד לבלתי־חרד, כל יהודי ויהודי היה אוהב וחביב עליו ולכולם היה מתיחס בחיבה ובידידות. באותה מידה היו כל בני־העיר מודדין לו וכולם מקטון ועד גדול אהבוהו וכבדוהו. אפילו הנוצרים שבעיר אהבו אותו וגילו כלפיו יחס של כבוד ודרך־ארץ.

כל ימי־חייו חלם את חלומו לעלות לארץ־ישראל ולהתנחל על האדמה כחקלאי, אלא שהמוות המר הקדים אותו (בגיל שישים שנה).

ש. ק.

*

בלויז מיט יאָרן שפּעטער, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ר׳ „אברהמטשע פון מאַגיסטראַט" האָט אויך אַ פאַמיליע־נאָמען. מען האָט דאָס אַבסאָלוט נישט געדאַרפט וויסן, גלייך ווי עס איז נישט נויטיק געווען צו קענען דעם נאָמען פון דער גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען די געביידע פון מאַגיסטראַט. יעדעס קינד אין שטאָט האָט געוווּסט ווו עס איז דער מאַגיסטראַט און אַז דאָרט זיצט אַ טייערער, אַ האַרציקער און גוטמוטיקער ייד ר׳ אַברהמטשע, וואָס פירט אָן מיט דער יידישער מעטריקע־אָפּטייל.

ווען אַ גרופּע יידן זענען געקומען צופאָרן אין יאָר 1914, אַ נאַכט פאַר ערב יום־כיפור, מיט פערד און וואָגן, פון טשענסטאָכאָוו, האָט זיי אויפן פּלאַוונער וועג פאַרהאַלטן אַ דייטשער פּאַטרול און אָפּגעפירט אין מאַגיסטראַט. דער דיזשורירנדיקער דייטשער סאָלדאַט האָט אויפגעוועקט דעם שלאָפנדיקן פּוילישן באַאַמטן ער זאָל דערקענען צי דאָס זענען ראַדאָמסקער. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס דער באַאַמטער האָט אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף אַרויסגעזאָגט איז געווען: „אַברהמטשע ניעמאַ" (אַברהמטשע איז נישטאָ)...

ר׳ אַברהמטשע איז געווען אַ מוסטער פון אַ באַאַמטן. ער האָט געגעבן געוווּסט, ווו מען דאַרף זוכן אין די גראָבע ביכער, ווען דער זיידע אָדער טאַטע איז געבוירן געוואָרן, ווו ער האָט געווױנט אָדער ווען און ווו ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. אין דער הינזיכט איז ער געווען ממש אַ „גייענדיקער אַרכיוו". מען האָט געקענט צו אים אָנקומען צו יעטוועדער צייט און אויב מען האָט אים נישט געפונען אין ביוראָ, האָט ער קיין פּאַראיבל נישט געהאַט אַז מען איז געקומען צו אים אַ היים. ער איז שטענדיק געווען דער גוטער, איידעלער און איבערגעגעבענער ייד, גרייט צו דינען און העלפן יעטוועדערן.

ד. ק.

## נייקרון ראובן — בנו של ר׳ יוסיל



השם ראובל׳ה (שם חיבה לראובן) נייקרון היה ידוע בראדומסק לכל איש, כ„שם־דבר" של עסקן ציבורי, עושר וגדולה גם יחד. אביו המנוח ר׳ יוסיל (יוסף) נייקרון היה בעל יחוס אבות מדורי־דורות, אף שלא השתייך ל„גבירים" שמקרוב באו, אשר בין־יום זרח אורם, הביטו על „עמך" מגבוה וביקשו להטיל צילם על יתר נכבדי העיר, שאינם עשירים כמוהם, כאדם האומר: „אני — ואפסי עוד"! הוא — ר׳ יוסיל נייקרון — היה אוהב שמחה מימיו וכל איש שנפגש בו, בלי הבדל מעמד, עשיר או עני, קיבלו בשמחה ובסבר פנים יפות.

עסקני העיר בצדקה ובגמילות־חסדים העידו על ר׳ יוסיל נייקרון, שכל מה ששייך ל„מתן בסתר" ולסתם גמילות־חסד, בגופו ובממונו, לא היה צורך להזכירו. ר׳ יוסיל היה שייך למקדימים לתת, כדי שגם אחרים ילמדו ממנו ויתנו גם הם.

ר׳ יוסיל נייקרון היה חסידו של הרבי מרדושיץ זצ״ל והתפלל ב„שטיבל" של חסידי רדושיץ בראדומסק. כל איש שהיה זקוק לעצה ולתושיה ידע את הכתובת של ר׳ יוסיל נייקרון והיה בטוח שאת פניו לא ישיב ריקם.

בבוא הרבי מרדושיץ לעיר היה מתאכסן בבית ר׳ יוסיל נייקרון. באותם הימים, שהרבי זצ״ל שהה במחיצתו, היה בית ר׳ יוסיל — בית הרבי: הדלת לא נסגרה, חסידים יוצאים וחסידים באים, כל איש ואשה מרי־נפש היו באים לשפוך שיח לפני הרבי ולבקש עצה, וכל הבאים הרגישו עצמם כבביתם־הם. מהרבי קיבלו ברכה ומרבי יוסיל — גמ״ח ועידוד: ה׳ יתברך יעזור! אל דאגה! יש אלוקים בשמים ומפי הרבי — לאזני הקב״ה. „דמי־קדימה" קיבלו מר׳ יוסיל, כדי שיהיה לברכת הרבי על מה לחול וכשר׳ יוסיל נתן הוא נתן ביד רחבה ביחוד בעת רצון, בשעה שהרבי נמצא בביתו, וזאת לא חלילה כדי לזכות לפרסום ולהתפרסם אלא מתוך שכך צריך להיות. הרבי זצ״ל אמר: שהאדם נוצר להיות לעזר לאחרים, ה׳ נתן לו עושר, כדי לשמש גזברו של הקב״ה — עליו איפוא להיות גזבר נאמן, ואם ח״ו לא — הרי יקח עשרו ממנו וימנה גזבר אחר במקומו. המלה „ונתנו" נקראת ישר והפוך — אתה נותן לַנצרך והקב״ה נותן לך, זהו גלגל חוזר בעולם, היום אתה נותן ומחר, חלילה, עליך לקבל...

ר׳ יוסיל קיים את הנאמר בפרקי אבות: „ויהיו עניים בני־ביתך" (אבות א, ה) ולא רק עניים סתם, אלא כל הזקוק לעצה ולעזרה והוא עני באותה שעה, אפילו נחשב עשיר בעיני אחרים, ידע כי לפני ר׳ יוסיל הוא יכול לגלות לבו ולא יצא ריקם מלפניו.

האנשים הקרובים לביתו ידעו לספר, כמה צנועים היו חייו בביתו, הם לא היו שונים מחיי כל יהודי־העיר הפשוטים ביותר, ולא מתוך קמצנות אלא מתוך כך שהוא ראה עצמו כ„עמך" לכל דבר. ויש לשמור על הרכוש ולחסוך ולא להוציאו לבטלה כי לא תדע מה ילד יום. כן, לעולם־הבא צריך לדאוג!

חתונת בנו חיים־בנימין חלה בעצם ימי מלחמת־העולם הרא־שונה, עת רעמו התותחים והרבה משפחות בעיר רעבו ללחם. אנשים הזוכרים אותם הימים יודעים לספר, כי העניים והרעבים נשמו לרווחה ואכלו לשובע לפני החתונה ואחריה. בתלמוד־תורה, בו למדו ילדים עניים, סידרו סעודה כיד המלך. גם בבית ר׳ יוסיל נערכו השולחנות ביום החתונה, בראש וראשונה לעניי העיר, לכל דכפין, והם השתתפו, ברוב עם, בשמחת הגביר ר׳ יוסיל׳י נייקרון. לאחר הסעודה חולק לכל עני „מתן־בסתר" ומנת־אוכל לבני־הבית, לאשה ולילדים הרעבים בבית.

חלפו הזמנים, שנה רודפת שנה, הדור ההוא חי את חייו והשיב נשמתו ליוצרו, כפקדון שהופקד בידו עד בוא העת, ודור חדש בא לעולם. גם ר׳ יוסיל החזיר נשמתו בשיבה טובה ובמטען של מעשים טובים, שלקח עמו לעולם הבא. ארבעת בניו חילקו ביניהם ירושת אביהם חלק כחלק, אך ראובן ירש גם את חלק העסקנות של אביו, הוא מילא מקום אביו בכל השייך לעסקנות הציבורית. אמנם את מקום ה„שטיבל" מלאה ההסתדרות הציונית, שראובן שימש בה יושב־ראש, הוא גם נבחר לנשיא התאחדות הסוחרים בעיר, ל„ראט־מאן" ול„לאווניק" במועצת־העיר (מאגיסטראט). אבל... נחת לא שבע מעסקנותו זו, כי היה עליו להלחם בשתי חזיתות: א. בשנאת ישראל של חברי־המועצה הנוצרים, מחד, נגדם השתמש בלשונו

החריפה ללא חת; ב. בדעותיהם של אחיו היהודים, מבין הנציגים שנבחרו למועצה ולא הבינו איש את רעהו. כך רכש לו שם מתנגדים מכל צד וגם בעבודתו הציבורית רכש שונאים, לעומת זאת, עלתה הצלחתו בעסקים מעלה מעלה, וכאשר ירבה עשרו כן הוסיפו שנוא אותו, על רכושו ועל דבריו באסיפות. בראותו כך, הסתלק מהעסקנות הציבורית והתמסר לעניינים הקרובים ללבו, וכך חי לו ראובן נייקרון עד פרוץ מלחמת־העולם השניה.

עם הכיבוש הנאצי היה גורלו כגורל אחיו היהודים. הנאצים ימ״ש שדדו רכושו, גרשוהו מדירתו ומביתו וסופו — על מזבח טרבלינקה!

ת.נ.צ.ב.ה. בנימין ימיני

## נייקראַן גוטע



גוטע נייקראַן, די פרוי פון חיים־בנימין נייקראַן, געבוירן אין יאָר 1897, איז געווען אַ טאָכטער פון מאיר דאַנציקער, איינער פון די גרינדער פון דער פאַבריק „לודזיה" אין ארץ־ישראל. טראָץ איר גביריש־אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג און פאַרצווייגטן מש־פּחה־לעבן, האָט גוטע נייקראַן זיך געווידמעט פולשטענדיק דער געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישער טעטיקייט צווישן די ברייטע מאַסן אין שטאָט. זי איז געווען אַקטיוו אין קאָמיטעט פאַרן „קרן־קיימת", אין דער „שלום־עליכם" ביבליאָטעק און אין כמעט אַלע סאָציאַלע פאַראיינען און אינסטיטוציעס.

גוטע נייקראַן האָט אויפגעשטעלט די ציוניסטישע פרויען־אָר־גאַניזאַציע „וויצאָ", אָבער קאַטעגאָריש זיך קעגנגעשטעלט צו זיין דאָרט אַ פּרעזידיום־מיטגלידערין. דער דאָזיקער שטריך פון ענוות, באַשיידנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, האָט שטענדיק באַגלייט איר טעטיקייט און לעבנס־שטייגער. אַ חוץ דער טעטיקייט אין די ראַמען פון פאַריינען און אינסטיטוציעס, האָט זי געטאָן גאָר וויכטיקע אַרבעט אין געהיימעניש און פאַרבאָרגעניש. זי האָט געטיילט צווישן אָרעמעלייט חלה אויף שבת, באַזאָרגט זיי מיט הייל־מיטלען, צוגע־שיקט קליידונג און שוכונג, אונטערגעוואָרפן אַ פּאָר זלאָטעס אא״וו. נאָר איינצלנע אין שטאָט האָבן געוווּסט וועגן אָט די געהיימע קאָנטאַקטן צווישן דער נגידישער פרוי און דער אָרעמקייט...

אין איר פולער פּראַכט האָט גוטע נייקראַן אויפגעשטראַלט אויך אין די פינצטערע טעג פון פאַרניכטונג. געפינענדיק זיך אין פּיעטרקאָווער לאַגער האָט זי ווי אַ מוטער פאַר אירע אייגענע קינדער געזאָרגט פאַר אַלע אומגליקלעכע יידישע יתומים, וועלכע האָבן דאָרט פאַרלאָרן זייערע טאַטע־מאַמע. זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן ביי זיך אַ 5־יאָריק מיידעלע, אלא פּאַזשענסקא, אַ קיילעכ־דיק יתומה׳לע, און ניט איינמאָל פאַרדעקט דאָס מיידעלע מיט איר אייגן קערפּער, ווען מען האָט דורכגעפירט ספּעציעלע קינדער־אַקציעס.

גוטע נייקראַן איז געשטאָרבן פון נויט און הונגער אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער בערגן־בעלזן, אין דער לעצטער נאַכט פאַר דער באַפרייאונג...

ח. ב.

## פּאַליוואָדא י. אינזש׳



דער אינזשיניער פּאַליוואָדא איז געקומען קיין ראַדאָמסק אַלס לערער אין דעם יידישן גימנאַזיום, ביים סוף פונעם ערשטן וועלט־קריג. ער האָט זיך גאָר גיך באַקאַנט מיטן אַלגעמיין־יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן און ספּעציעל זיך פאַראינטערעסירט מיט דער יידי־שער יוגנט, וואָס האָט געלעכצט נאָך וויסן סיי אין דער יידישער און סיי אין דער אַלגעמיינער קולטור.

אינזשיניער פּאַליוואָדא האָט צו דעם זייער פיל מיטגעהאָלפן, מיט זיינע רעפעראַטן און פאַרלעזונגען, וועלכע האָבן שטענדיק אויסגענומען מיט זייער נאַציאָנאַלן און קולטורעלן אינהאַלט. ער איז געווען קלאָר אין דער רייכער גאַלעריע פון יידישע קולטור־שעפער אין מערב־אייראָפּע און די יוגנט האָט זייער פיל געוואָסן פון זיינע ידיעות אויף דעם געביט.

נאָכן ווערן אַ ראַדאָמסקער איידעם, האָט ער זיך איבערגעשיכ־טעט מאַטעריעליש, אָבער ווייטער פיל געלייסטעט פאַרן געזעל־שאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. ער איז געווען פאָרשטייער פון די האַנטווערקער אין שטאָטראַט, אין דער באַנק און אַנדערע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

ד. ק.

## פיינזילבער מנדל

ר׳ מנדל בא לראדומסק מפיוטרקוב, לאחר שנשא אשה מבנות־העיר. התחיל בהוראת העברית לבני־העיר ומשלא הצליח ביותר בשטח זה פנה למסחר. היה מהעומדים בראש אגודת „בית־יעקב" ועזר הרבה להגדלת מספר חבריה. סיסמתו היתה תמיד: לא לבדוק בציציותיו של הרוצה להתקבל כחבר באגודה, אם בעל הכרה הוא אם לא, אלא להשתדל למשוך לאגודה דווקא את אלה שאינם ציונים ומתוך שלא לשמה יבואו לשמה. דעתו זו היתה בניגוד לדעתם של

כמה מהעומדים בראש האגודה, שהעדיפו מיספר קטן של חברים חדורי רוח ציונית ולאומיות מאשר הרבה חברים שאין להם כל ידיעה בציונות ובדרכי היהדות. ר׳ מנדל סבל אישית מחוגי החסי־דים, שהיו רחוקים מהציונות, אעפ״כ לא נשבר מכך גם כאשר הדבר פגע במקור־הפרנסה שלו.



היה גם נסיון מצדו, לעלות לארץ־ישראל על מנת להשתקע בה. לשם כך יסד, עם עוד כמה מהציונים הפעילים בעיר, חברה בשם „התאחזות״, שמטרתה היתה התישבות החברים הרדומסקיים בארץ וגם ביקר בשם החברה בארץ. אולם הנסיון — כנסיונות רבים מסוג זה — לא הצליח ולאחר זמן קצר התפרקה החברה. אעפ״כ הוא השאיר אחריו שורה של צעירים ותלמידים אשר המ־שיכו בדרכו הציונית המיוחדת.

ש. ק.

✶

מענדל פיינזילבער איז געשטאָרבן אין מארס 1930. ער איז געווען איינער פון די ערשטע פיאָנערן, וואָס האָבן צווישן דערנער און שטיינער געבויט אַ וועג פאַר דער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק. ער איז געווען פון די, וואָס „ידם האחת עושה במלאכה והשניה מחזיקה בשלח״, וואָס מיט איין האַנט האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע אַנטוויקלט דעם רעיון־הציוני, און מיט דער אַנדערער האַנט געמוזט אָפּקלאַפּן די פאַרפאַלגונגען פון דער קליקע, וואָס האָט אים גערודפט אָן רחמנות, און האָט אים פאַרשאַפט פערזענלעך ווייטיק און שאָדן. דאָך איז ער געשטאַנען אין קאַמף פאַר דער ציוניסטישער אידעע.

ער האָט אין פאַרלויף פון יאָרן, אין ציוניסטישן „בית־יעקב״, פאַרנומען דעם אַמט פון אַ „בילדונגס־מיניסטער״. אַלס משכיל און תלמיד־חכם, האָט ער פאַרשפּרייט אין יענעם בין־השמשות אויף דער יידישער גאַס, די גייסטיקע תורה פון ציוניזם.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך דערווייטערט פון דער אַקטי־ווער ציוניסטישער אַרבעט. דאָס איז די פערזענלעכע טראַגעדיע פון טויזנטער, פון די ערשטע „חולמים־ולוחמים״, וואָס האָבן זיך דערווייטערט פון אַקטיווער אַרבעט ווען דער ציוניזם איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גאַנצע ריי פון יונגע לייט און תלמידים, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט דעם ציוניסטישן וועג, וואָס ער האָט זיי אָנגעוויזן.

א. צ.

## ראַפּאַפּאָרט בריינדעלע

בריינדעלע ראַפּאַפּאָרט איז געווען פון די אויסדערוויילטע יידישע פרויען, וועלכע האָבן אַ חוץ זייער הויז און משפחה שטענ־דיק זיך פאַרנומען מיט נויטבאַדערפטיקע. זי האָט נישט געוואַרט ביז מען וועט איר אָנווייזן, אַז אָט די פרוי דאַרף געבוירן און מען דאַרף צוגרייטן נישט נאָר פאַר דעם נייגעבוירן קינד, נאָר אויך פאַר דער מוטער און פאַרן שטוב גופא. בריינדעלע האָט זייער גוט גע־ווּסט אין וועלכע בכבודיקע יידישע הייזער קאָכט מען אויף שבת און יום־טוב — נאָר וואַסער... האָט געוווסט און געטראָגן הילף.

בריינדעלע ראַפּאַפּאָרט האָט שטענדיק געהאַט צייט אויסצוהערן די בקשות ביי איר אין שטוב פון אָרעמע הענדלער און בעלי־מלא־כות, וועגן אַ גמילות־חסד. זי האָט אויך געוווסט פון די יעניקע וואָס האָבן ניט געהאַט גענוג מוט קומען צו איר אין שטוב, זי איז געגאַנגען צו זיי און געהאָלפן מיט וואָס מען האָט באַדאַרפט. קיינ־מאָל איז איר די סאָציאַלע אַרבעט נישט געווען צו פיל, שטענדיק מיט אַ באַזונדערן שמייכל האָט זי געפירט די דאָזיקע אַרבעט.

בריינדעלע ראַפּאַפּאָרט האָט צו דעם אַלעם נאָך געהאַט צייט אויף מבקר־חולים־זיין קראַנקע אָדער מנחם־אבל־זיין, באַזונדערס אלמנות. שטענדיק האָט די איידעלע און פרומע פרוי געהאַט אַ פאַסיקן וואָרט פאַר יעדן ליידענדן און די נויטיקע הילף פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. זי האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט כמעט אַ סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין בעסטן זין פון דאָזיקן באַגריף.

ד. ק.

## רוזנבאום דורה



דורה רוזנבאום, לבית הורוביץ, נולדה בשנת 1885 בעיירה טורק, מחוז קליש. בשנת 1903 נישאה ליעקב רוזנבאום, ומשנת 1910 גרה בקביעות בראדומסק.

הייתה ממייסדי הגימנסיה העברית בעיר, פעילה מאוד באירגון הנשים הציוניות ובחיים הציבוריים היהודיים בכלל.

עם פלישת הנאצים, נשארה עם בעלה בראדומסק והייתה עם שאר היהודים בגיטו. היא יסדה בגיטו בית־מחסה ליתומים שהוריהם ניספו קודם לכן. ביום חיסול הגיטו, נשארה עם בעלה בביתה (ברחוב לימנובסקי 35) ולא התיצבה במקום־הריכוז. באותו יום, בשעות הבוקר, ניספו דורה ויוסף רוזנבאום מידי הנאצים ונקברו יחד בקבר־האחים, בבית־העלמין בראדומסק.

ב. נ.

## רוזביץ' ליאון ד"ר

בנו הצעיר של גדול עשירי־העיר, התעשיין ישעיה רוזביץ'. זה האחרון, היה מהמתבוללים המעטים שבעיר, לא התערב במאומה בחיי היהודים והיה רחוק מאוד מן ההווי של הציבור והפרט. אכן, החינוך שליאון הצעיר קיבל, היה רחוק מאוד מלהיות חינוך יהודי, דווקא צעיר זה היה מן הראשונים שנענו לקריאתו של ד"ר הרצל ונעשה ליד ימינו של משה לבקוביץ ז"ל ולעוזרו הראשי בפעולה הציונית, וזה, למורת רוח הוריו וכל בני־משפחתו.

אבל למגינת לב כל הציונים בעיר לא ארכה פעילותו של ליאון רוזביץ' זמן רב. באמצע עבודתו הציונית, נעשה לחתנו של ר' בריש פרשטר, אף הוא מגבירי העיר אבל הוא מאציליו. ר' בריש העביר את חתנו לוורשה בעניני עסק, גם שם המשיך ליאון במשך זמן רב בעבודה פעילה בשדה הציונות.

ד"ר ל. רוזביץ' חזר לראדומסק בשנות השלושים בתור רופא כללי, המשיך בעיר בפרקטיקה שלו עד פרוץ המלחמה, אח"כ ניספה בשואה.

ד. ל.

## שאָץ יוסף

ר' יוסף שאַץ, דער אייגנטימער פון דעם געשעפט מיט שרייב־מאַטעריאַלן, איז געווען אַן „אינסטיטוציע" פאַר זיך. אַ דאַזאַר פון אַלטן שניט, אַן אַנדערער ווי שפּעטערדיקע דאַזאַרעס פון דער קהילה. אמת, אויך צווישן די שפּעטערדיקע דאַזאַרעס זענען געווען טיכטיקע און איבערגעגעבענע מענטשן (דוד בוגייסקי, לייזער טענ־צער, פישל דונסקי א.א.), אָבער קיינער פון זיי איז נישט געווען אַזוי פּאָפּולער און אַזוי פּאָלקסטימלעך ווי ר' יוסף שאַץ.

בעת אַ קאָנפליקט, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן די שילער פון דער רעגירונגס־שול („זשאנדוווקע") און דעם לערער גאָלאַמב, האָבן די שילער באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ „שטרייק" און גיין מיט אַ „דעמאָנסטראַציע" צום געשעפט פון ר' יוסף שאַץ, כדי צו אויפקלערן אים — דעם דאַזאַר — די האַנדלונג פונעם לערער און זוכן ביי אים הילף קעגן דער עוולה. ר' יוסף, מיט זיין שיינער גרויער באָרד, האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט די טענות, באַרואיקט די שילער און געהייסן זיי צוריקגיין אין שול. ער האָט טאַקע דעם ענין מיטן לערער דערליידיקט.

ר' יוסף איז געזעסן אין בית־מדרש נעבן רב, ביי דער מזרח־וואַנט. באַזונדערס פייערלעך האָט ער אויסגעזען בעת די פייערונגען פון די רוסישע „גאַלוווקעס", אַדער ווען ער איז געשטאַנען נעבן „בורמישטש", וועלכער האָט געטראָגן אַ נאַפּאָלעאָנישן הוט מיט גאָלד־פּאַרצירטע קאַנטן. דער בירגערמייסטער האָט רעפּרעזענטירט די שטאַט, און ר' יוסף שאַץ — די אַלגעמיינע יידישע באַפעלקע־רונג.

ר' יוסף האָט אויך דערפילט אין שטאַט אַן אַ צאָל אָפיציעלע פונקציעס. האָט אַ ייד באַקומען געלט דורך דער פּאָסט, האָט די ראַזע „פּאָוויעסטקע" געמוזט דורך אים באַשטעטיקט ווערן. איז אַ זון, אַדער אַ ברודער, געווען אין אויסלאַנד, און נישט געשטעלט זיך צום פּריזיוו, האָט מען באַשטראָפט דעם פאָטער אַדער ברודער מיט אַ קנס פון 300 רובל, וועלכע מען האָט געדאַרפט איינצאָלן אין מאַגיסטראַט. אין אַזאַ פאַל, האָבן ר' יוסף שאַץ אַלס דאַזאַר, און גבריאל גאָלדבערג, אַלס אָפיציעלער יידישער פאַרשטייער אין מאַגיסטראַט, געמוזט אונטערשרייבן, אַז די אויפגעפאָדערטע זענען נישט בכוח צו באַצאָלן די שטראָף. איז געשטאָרבן אַ נאָענטער אין דער משפחה און ר' מענדל פייערמאַן, דער גבאי פון דער „חברה־קדישא", האָט נישט דערליידיקט גלייך די קבורה, איז מען **געלאָפן צום דאַזאַר ר' יוסף שאַץ.**

**זעלטן וועט עס האָט געוווסט, ווו עס האָט זיך געפונען דער** קהילה־לאָקאַל, דערפאַר אָבער האָבן אַלע געקענט ר' יוסף שאַץ'ס געשעפט, און די „ביורקע" אויפן קאַנטואַר, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דער גרויסער רונדיקער „זיגל", דער חותם פון דאַזאַר.

ר' יוסף שאַץ האָט געהערט צו דעם טיפּ עסקנים פון אַלטן דור, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט מיט זייער האַרציקייט און פאָלקסטימלעכקייט אַ שטראַל פון ליכט אין דער גרויער טאָגטעג־לעכקייט.

**ד. ק.**

## שטאטלר בריש

ממפיצי ההשכלה העברית הראשונים בראַדומסק, וכך הלך בדרך אביו, ר' יואל המלמד האלקשי, שהתחיל בזאת. אלא שהאב היה מלמד כשאר המלמדים בעיר והתלמידים ב„חדר" שלו לא נבדלו מאלו שביתר החדרים בעיר, פרט לכך, שהוסיף עליהם את הוראת העברית. ואילו הבן ר' בריש שטטלר פעל במשך תקופה של שנים רבות ביחוד בשדה הפצת השפה העברית ודקדוקה ובמשך שנים רבות היה המורה היחיד בעיר.

את דרכו העצמאית התחיל בהנהלת פנקסים בכבשני־הסיד שבסביבת ראדומסק ורק לאחר מכן פנה להוראה. דור תלמידים גדול של יודעי עברית כהלכה אמנם לא הקים, אבל את מלאכתו עשה באמונה ובמסירות. אי־הצלחתו בשטח זה יש לזקוף על חשבון תושבי־העיר, שלא מצאו שום ענין בלימוד העברית לבניהם בימים ההם.

יהודי צנוע היה ר' בריש, נחבא אל הכלים ולא התבלט יותר על המדה. תלמידיו המעטים והוריהם הוקירו וכיבדו אותו מאד. היה חבר מסור באגודת הציונים הראשונה בעיר ועם היווסד האגודה „בית יעקב" נמנה על חבריה הראשונים. בעבודת האגודה לא יכול כבר לקחת חלק פעיל, מפאת זקנתו, אולם, לעומת זאת, מצא סיפוק בקריאה ב„ספר" בבית־הכנסת ליד „בית יעקב" בשבתות ובחגים. זמן רב שימש ככתב של „המליץ" בראדומסק ושלח ידיעות לעתון זה.

יעקב ז.

## תאומים־פרנקל מנדלי



ר' מנדלי תאומים־פרנקל היה מצאצאי הרבי מחנצ'ין והרבי יהושע משינאבא וחתן בית הרבי מראדומסק לשושלת „תפארת־שלמה", „חסד־לאברהם" ו„כנסת־יחזקאל", זצ"ל.

עם היותו בר אבהן ובר־אורין, היה מעורה בין הבריות, דבריו

נאמרו בנחת ובת־צחוק מעולם לא סרה מעל שפתיו. הוא היה בין העוסקים בצרכי־ציבור באמונה וכולם נשמעו לדעותיו, כי ידע להשפיע על הכל מרוחו הטובה והנעימה.

ר׳ מנדלי היה מראשוני „המזרחי" בעירנו. כשעלה הרעיון ליסד גם בית־ספר „מזרחי", שילמדו בו תורה ותלמוד בעברית ויתנו לחניכים השכלה כללית, עזר בכל לבו ונפשו ליסוד בית־הספר. מן הראוי להעיר, שאם בשביל רוב המיסדים של בית־הספר היה בזה צעד נועז שעורר את חמת ה„אגודה", הרי לגבי ר׳ מנדלי היה בכך מסירות־נפש ממש. הוא היה יו"ר הוועד של ביה"ס ודבר זה עלה לו בדמים (תרתי משמע), כשקופת ביה"ס היתה ריקה, היה משלם מכיסו למורים, שלא יבטלו תלמידיהם מתלמוד תורה.

ביתו היה פתוח לרווחה לכל יהודי, לעצה טובה ולגמילות־חסד לכולם, ללא הבדל של השקפה פוליטית או דתית. עם היות ר׳ מנדלי מעורה ב„חצר" הרבי, לא מנע מבנותיו ומבנו ללמוד עברית ולהשתתף בכל פעולה למען ארץ־ישראל.

ר׳ מנדלי היה תלמיד־חכם במלוא מובן המלה, בעל קומה זקופה, איש יפה־תואר ויפה־נפש להפליא. כל ימיו התגעגע לארץ־ישראל (פעמיים ביקר בה ועשה גם מאמצים להשתקע). כל ימיו הטיף לאהבת ישראל, לבנין הארץ ברוח התורה והעבודה, להתישבות בכפרים, לעבודת אדמה, לשמרה ולהגן עליה בעת הצורך.

כשהתכונן לעליה של ממש, פרצה מלחמת־העולם השניה. בנותיו וחתניו בארץ עשו מאמצים להצילו, שלחו דרישה לו ולמשפחה. אולם, בהגיע המברק המבשר על האפשרות של עליה, היו התושבים בראַדומסק נתונים כבר בתוך המצור ואיחרו את המועד... חבל על דאבדין!

ימיני ב.

# אישי־דת וכלי־קודש

# רעליגיעזע געשטאַלטן און כלי־קודש

## אלפערט העניך (דער מלמד)

ר׳ העניך דער פשעדבאָרזשער מלמד, געדענק איך צוליב צוויי טעמים. דער ערשטער — צוליב זיין שיינער טאָכטער יענטל, וואָס האָט געאַרבעט אין מיין פאָטערס זאָקן־פאַבריק, ווו זי איז געווען די אויפזעערין פונעם געשעפט. זי האָט געהאַט אַ צונאָמען: די „פרינצעסין" — דאָס האָט מען איר אַזוי געקרוינט צוליב איר שיינעם מאַיעסטעטישן אויסזען. די צווייטע סיבה פאַר מיין געדענקען העניך דעם מלמד איז דאָס, וואָס ער איז אין זיין טיפן עלטער געוואָרן מיין שטיף־זיידע.

איך זע אים נאָך איצט קלאָר פאַר מיינע אויגן: אַ הויכע געשטאַלט מיט אַ ביסל־געבויגענער פלייצע, אַ לאַנגע, שיין פאַרקעמטע גרויע באָרד, מיט טאָרבעלעך אונטער זיינע גרויע אויגן. ער איז אַלע מאָל געווען אַ פאַרטראַכטער, אַריינגעטאָן אין אַנדערע וועלטן, די בעסערע, די אייביקע.

העניך דער פשעדבאָרזשער מלמד, ווי מען פלעגט אים רופן, האָט געשטאַמט פונעם שטעטל פזשעדבאָרזש, און אויך פון גרויסן יחוס. ער איז געווען אַ גליד־געשוועסטערקינד פון תפארת־שלמה׳ס רביצין גיטעלע און איז געווען אַ שטענדיקער אַריינגייער אין נאָוואָ־ראַדאָמסקער רבינס הויף. איז אָבער אויף העניכס מזל אויסגעפאַלן צו זיין אַ מלמד: ער האָט געלערנט מיט גמרא־בחורים און גאָר אַ סך פון די ראַדאָמסקער דרדקי־מלמדים פלעגן פרייטיק־צונאַכטס קומען צו אים לערנען די פרשה פון דער וואָך.

אין מיין קינדערישן מוח האָט אויף אייביק זיך איינגעזאַפּט יענע געטלעכע טענער פון דער גמרא. איך בין דעמאָלט געווען אַכט אָדער ניין יאָר אַלט, ווען יענטל פלעגט מיך מיטנעמען צו איר טאַטע־מאַמעס שטוב. ביינאַכט פלעגט זי אויפעפענען די שלאָף־באַנק, וואָס איז געווען דאָס געלעגער פאַר אונדז ביידן, און איך האָב מיך אַ צופרידענע געלייגט שלאָפן. אַ פרעמד בעט מיט פרעמדע הייזער האָבן מיך אַלע מאָל געלאָקט, שוין אין מיינע קינדער־יאָרן האָט אין מיר געזידט וואַנדער־בלוט. האָב איך מיך פאַר עפּעס אָנגעברוגז׳ט, האָט מיך מיין מאַמע קיינמאָל נישט געקענט איבערבעטן מיט אַ צוקערל, טשאָקאָלאַדע אָדער אַפילו אַ לאַלקע... זי פלעגט מיר בלויז דאַרפן צוזאָגן, אַז איך וועל גיין נעכטיקן אין אימיצענס אַ הויז, אָדער פאָרן צו גאַסט צו אַ משפחה, און איך בין גלייך געוואָרן אַ גליקלעכע, אַ צושטראַלטע.

אַנדערע קינדער אין מיינע יאָרן, פלעגט זיך מיין מאַמע באַקלאָגן, טוליען זיך צו דער מאַמעס פאַרטוך, אָבער נישט מיין טאָכטער. אין איר מוז זיצן עפּעס „נישט גוטע", גיב איר אַ „קאָליע", אַ פערד און וואָגן, און היידא!

איינע פון מיינע באַליבסטע שטובן איז דאַמאָלט געווען, אַחוץ מיין מומע חוה׳ס, דעם פזשעדבאָרזשער מלמד׳ס הויז. געדענק איך, ווי באַגינען ווען דורך די לאָדנס פלעגן זיך דורכרייסן פאַסן גרויע ליכט פון אַן אויפגעענדיקן טאָג — פלעגן זיך פון דער לערן־שטוב טראָגן אַזעלכע האַרציקע טענער פון די גמרא־בחורים און איבער אַלץ האָט זיך געהערט דאָס קול פון זייער רבין. פלעג איך מיך דאַמאָלט טיפער איינבורען אין דער פערענע, צורוקן זיך נעענטער צו יענטל׳ס וואַרעמען קערפּער און פאַרוויגט ווערן אין טיפן זיסן שלאָף...

ביי העניך מלמד איז אויך געווען אַ מין אַכסניה פאַר אַלע יידן, וואָס זענען געקומען זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל. אין זיין היים האָבן זיי געגעסן, געטרונקען און געשלאָפן, און ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער איז מקיים די מצווה פון צדקה. דערצו איז זיין גרויסער חלום געווען זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל, און אַז איבער הונדערט יאָר זאָלן זיינע ביינער רוען אין דער הייליקער ערד. ס׳האָט גאָר אָפט געטראָפן, אַז כיטרע שנאָרער האָבן אויסגענוצט זיין גוט יידיש האַרץ, אַבי זיי האָבן אים געזאָגט, אַז זיי זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל, זענען זיי געוואָרן געסט אין זיין פרייער אַכסניה...

געוווינט האָט דער פזשעדבאָרזשער מלמד ביי אצקאָווסקען אויפן הויף און דאָרטן ביי אים איז אויך געווען דאָס ראָספּזשער שטיבל. ווען זיין ווייב איז געשטאָרבן, איז ער געבליבן צעבראָכן און אַליין, בלויז דער חלום נאָך זוכה צו זיין צו באַטרעטן די הייליקע ערד פון ארץ־ישראל האָט אים אויפגעהאַלטן ביים לעבן.

איצט די מעשה, ווי אַזוי ר׳ העניך מלמד איז געוואָרן מיין שטיף זיידע.

מיין זיידע יוחנן, וואָס איז געווען אַ גרויסער למדן, און דער עלטסטער גבאי אין הויף פון ר׳ יחזקאלע ראַדאָמסקער, האָט אויך געהאַט אַ חלום זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. אָבער צוליב זיין שוואַכן געזונט, וואָס איז אים געקומען פון פאַסטן תעניתים אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, האָט ער געמוזט אויפגעבן זיין חלום. אָבער מיין באָבע חיה, וואָס איז געווען אַ שטאַרקע, פעסטגעבויטע אידענע און די הויפּט־פרנסה געבערין, האָט בשום אופן זיך נישט געקענט שיידן

מיטן חלום פון באַטרעטן די ערד פונעם הייליקן לאַנד. זי האָט שטאַרק געפּילנעוועט דעם מאַן אירן, געשמירט זיין שוואַכן גוף מיט זאַלבן, אים געגעבן צו טרינקען פאַרשידענע קרייטיכצער, געקאָכט פאַר אים יאַכעלעך. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן און נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט איז ער נפטר געוואָרן און מיין באָבע איז געבליבן אויף די עלטערע יאָרן אַן אלמנה.

אַ יאָר נאָך מיין זיידנס פּטירה האָט מיין באָבע חתונה געהאַט מיט העניך מלמד. דער הויפּט נדן, וואָס זי האָט אים געגעבן, איז געווען דער צוזאָג, אַז זי וועט מיט אים פאָרן קיין ארץ־ישראל... פיר וואָכן נאָך זייער חתונה האָבן זיי פאַרלאָזט נאָוואָראַדאָמסק (אַ האַלב שטעטל האָט זיי דאַמאָלט באַגלייט צום וואָקזאַל). זיי האָבן אויך פאַנטאַזירט און געמאַכט פּלענער פון אַריבערברענגען קיין ארץ־ישראל זייערע חתונה־געהאַטע קינדער און אייניקלעך.

אָבער, נאָך זעקס חדשים זיין אין ארץ־ישראל, איז העניך מלמד נפטר געוואָרן (1914). מיט אַ יאָר שפּעטער איז אויך מיין באָבע אַוועק דעם אייביקן וועג. אָבער זייער גרויסער חלום צו רוען אין הייליקן לאַנד פון די אָבות, איז דאָך מקוים געוואָרן (זיי רוען אויפן הר הזיתים אין ירושלים). זיינע קינדער האָבן נישט זוכה געווען עולה צו זיין, אָבער זיינע און אירע אייניקלעך געפינען זיך אין ישראל.

שרה האַמער־דזשאַקלין

## גולדמאַן זיינבל

לפני כשבעים שנה לערך גזרה הממשלה הצארית על ילדי ישראל בערי פולניה הקונגרסאית לרכוש להם, נוסף על הלימודים שלמדו ב„חדר", גם „השכלה" חילונית (רוסית וקצת חשבון). לשם זה מינתה מורים „מטעם" והטילה על כל מלמדי התינוקות להעסיק את המורים האלה לפחות שעתיים ביום.

באחד הימים הופיעו גם בראדומסק שני מורים „מטעם" כאלה: האחד היה ר' זיינבל גולדמן (קראו לו המורה הלילובי) והשני היה המורה מפּז'דבורשז'. שני אלה היו שונים זה מזה תכלית שינוי. הפּז'דבורז'י היה חופשי בדעותיו ורחוק מן הדת (בלימודי הקודש היה בור גמור), בחיצוניותו ובלבושו ובכל הליכותיו עשה רושם של לא־יהודי. ואילו ר' זיינבל גולדמן לא היה שונה במאומה מכל אברכי בית־המדרש של הימים ההם, לא בחיצוניותו ולא בלבושו, להפך, הוא „הצטיין" ועלה על האחרים בבטלנותו וברשלנותו. הגיע הדבר עד כדי כך, שמלמדי העיר שהיו כולם יהודים יראים ושלמים, העדיפו בכל זאת את הפרז'דבורשז'י עליו... ואלה שר' זיינבל נפל בגורלם לא היו שמחים בחלקם כלל וכלל...

במשך הזמן בטלה הגזירה והפרז'דבורשז'י עזב את העיר, אבל ר' זיינבל נשאר תושב העיר ומורה לילדים.

היה בן־תורה וירא־שמים. עם הופעת ד"ר הרצל התקרב אל הציונות והיה מחסידיה.

ש. ק.

## גלידמאַן קאַפּל

ער איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס קאַפּל שמש און געווען באַליבט ביי אַלעמען. ער איז געווען באַקאַנט נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ תלמיד־חכם, נאָר ווייל ער איז געווען אַ „פּאָליטיקער" און אַ „סטראַטעגיקער". גאַנץ שטאָט האָט געוווּסט, אַז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט קאַפּל „געפירט די סטראַטעגיע" — אין גרויסן בית־המדרש... אין דרויסן איז דאַן אַוודאי געפּאַלן אַ שניי, דער פראָסט האָט פאַרפרוירן די פענסטער, אָבער אין בית־המדרש איז געווען אַ ליבע וואַרעמקייט: זענען טאָקע יידן געשטאַנען און זיך געוואַרעמט ביים הייסן אויוון און אויסגעהערט קאַפּלס „סטראַטעגיע"... ווען הינדענבורגס אַרמיי האָט אַדורכמאַרשירט ראַדאָמסק, האָט קאַפּל מיט זיכערקייט פּאַרויסגעזאָגט וועלכן פראָנט די דייטשן וועלן אָנגרייפן, און ער האָט אויך טאָקע געטראָפן...

אָבער נישט נאָר אַ „גוטער סטראַטעגיקער" איז קאַפּל געווען, נאָר אויך אַן איבערגעגעבענער „חובב־ציוניק". ווען אין ראַדאָמסק האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אַקציעס פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק פאַר ארץ־ישראל, האָט קאַפּל אַגיטירט מ'זאָל קויפן די אַקציעס. ער האָט אויך אַגיטירט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד קרן־קיימת־לישראל. ערב יום־כיפּור איז אַ דאַנק קאַפּלען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין זיין בית־המדרש, צווישן אַנדערע קערות, אויך אַ קערה פון נאַציאָנאַל־פאָנד (אין אַנדערע בתי־תפילות איז דאָס צו־יענער־צייט געווען געשטערט). מ'האָט געדאַרפט האָבן מוט און אָפּפערוויליקייט צו פּראָפּאַגירן און זיך עסקנען פאַר ארץ־ישראל אין זיינע צייטן, און בלויז געציילטע מענטשן האָבן דאָס געטאָן, קאַפּל שמש איז געווען איינער פון די געציילטע.

יעדן פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב, האָט ער זייענדיק אַרומגערינגלט מיט אַן הייפל „בעלי־חלומות" פאַרגעלייענט פאַר זיי די „הצפירה". דעם טאָג פון דער אוניווערסיטעט עפענונג אין ירושלים, איז ער געקומען אין שול אָנגעטאָן אין זיין שבת־בגד און זיין פּנים האָט געשטראַלט פון פרייד.

קאַפּל גלידמאַן איז נפטר געוואָרן אין פּסח 1929, אין עלטער פון 70 יאָר. אין זיין לוויה, וואָס איז פאָרגעקומען אחרון־של־פּסח, האָבן אָנטיילגענומען עטלעכע טויזנט פּערזאָן, מיטן ראַבינאַט און מיטן אַמשינאָווער רבי בראש.

א. צ.

## וויינטרויב יעקב־דוד

הרב ר' יעקב־דוד וויינטרויב נולד בוורשה בכ' ניסן תר"י, לאביו ר' יצחק־אייזיק יו"ט, בנו של הרב ר' אליהו אב"ד דמזריץ', פולין. בעיר הזאת שימשו בן־אחרי־בן עשרה דורות ברבנות, עד „למעלה בקודש", בעל „מגלה עמוקות" הרמ"א, ועד רש"י ז"ל.

בקטנותו הכירוהו לעילוי. בשנתו השתים־עשרה קיבל סמיכה מגדולי הרבנים בוורשה, וכשהגיע למצוות התחתן עם בת ר' אברהם, סופר מראדומסק. הוא התמסר כולו לתורה ועבודת ה' והיה מתחסד עם קונו ועם הבריות. כל מעשיו היו בצניעות נפלאה, להסתירם ולהצניעם מעין הזולת. בכל זאת בקעו קרני־ההוד ונודע ופורסם ברבים, בעיר ראדומסק ומחוצה לה, כי הנהו איש קדוש ומורם בעם. התחילו לזרום אליו לבקש תורה מפיו ולשאול בעצותיו, והוא השיא עצה ישרה לכל אחד כיד הטובה עליו. בינתים נטפלו אליו מחברת „ביקור חולים" והוא התחיל ללמד שם כל ערב פרק במשנה, ובשבת אחה"צ דרש לפניהם את פרשת השבוע. חסידיו ומעריציו התרבו מיום ליום, נהרו אליו רבים, והוא את כולם קיבל בסבר פנים יפות. כחמישים שנה לימד את הרבים תורה ודעת. בסוף ימיו באו אל ביתו כדי לשמוע תורה מפיו ועמדו בחוץ, כי הבית לא יכול להכיל את כולם.

הוא לא ידע עייפות, היה מתאמץ במרץ רב לכל דבר שבקדושה והירבה להתפלל ולעורר רחמים עבור כל מי שהיה בצרה ומועקה.

תצוין הרגשתו בבואם של הכובשים הגרמנים לראדומסק, במלחמת־העולם הראשונה, כאשר יהודי העיר ראו בתמורה זו דבר המביא הקלה למצב היהודים, שהיה ברע בימי שלטון הרוסים. אז גער בהם וצעק, שלפי דעתו יש להתכנס לבתי־התפילה, לעורר רחמי־שמים, כי עת צרה היא ליעקב כניסת הגרמנים לפולין.

בשנתו האחרונה יעץ לכל אחד לצאת מפולין ואמר: „אם היה

לי כוח, הייתי הולך מבית אל בית והייתי אומר לברוח מכאן, כי כאן לא יהיה טוב". הוא ראה את השחורות לעתיד היהודים במדינה זו. בעצמו התכונן לעלות לארץ־ישראל וכבר סידר תעודות, אולם פטירתו שמה לאל את תכניתו זו. (דברי אבינו ז"ל גרמו לכך, שחמשת הבנים יצאו את פולין בזמן הנכון).

פעם קרה, כאשר רצו לקבל שו"ב חדש בעיר, היו אסיפות רבות ולא יכלו לבוא לידי החלטה. אמר הרה"ק „כנסת־יחזקאל" זצ"ל, שיתנו לו כל הענין בידו, ומסרו לו. שלח הרה"ק זצ"ל לקרוא לר' יעקב וביקש ממנו שיסע לאיזה שו"בים ואת מי שיקבל הוא יהיה השו"ב. אז הביא את השו"ב ר' אברהם־יצחק בוטשן.

נמצא אצלי מכתב מהרב מיכלסון, מוורשה, שלמד אצל אבי־מורי בשנת תרל"ה וקורא לאבא: טהור וצדיק נישגב. אבי לא הירבה לבוא אל כ"ק האדמו"ר בעל „כנסת־יחזקאל", כי כ"ק זצ"ל לא ישב כל הזמן שאבי־מורי זצ"ל היה אצלו. אבא היה בקשרי משפחה בראדומסק. עם המשפחות: וקסמן, שפירא, זילברשטיין, רוזנבלט, אפשטין, ויטנברג ועוד.

אשתו הראשונה, בת ר' אברהם סופר, קראו לה „בובלה" עד שהת־התנה ובפקודת האדמו"ר „תפארת שלמה", ביום החופה, נתנו לה שם פרימיט ונולדו לה שתי בנות: אחת פייגילי, שבעלה היה ר' גרשון קמינסקי; והשניה, רייזל, שבעלה היה ר' חיים וורגון ז"ל. כן היה לה בן אחד, שהיה גר בעיר ראווה. בפעם השניה התחתן ונשא את בתו של ר' משה־צבי ז"ל קמינסקי (מקמינסק) ונולדו לו שתי בנות וחמישה בנים.

בסוף ימיו התפללו בבית אבי והיה ביתו בית ועד לחכמים. כבוד ר' יחזקאל שו"ב פוזננסקי ור' אברהם־יצחק שו"ב בוטשן ור' חנוך רובינשטיין ור' יוסף שו"ב מגידזל, ועוד, כולם באו כל יום לביתו, התפללו שם ועסקו בתורה.

כבוד גדול עשו יהודי ראדומסק במותו. הלוויתו התקיימה ביום ה', שהיה יום־השוק, ובכל זאת התפנו כולם מהעבודה לכבודו, הכניסוהו לביהכ"נ. הוא ניטמן ע"י ה„אהל" של בעל ה„תפארת־שלמה" זצ"ל. בן פ"ד היה במותו.

הוא נולד ביום כ' ניסן תר"י ונפטר ביום כ' ניסן תרפ"ד.
יהי זכרו ברוך.

הרב יחיאל ויינטרויב

## זאקס שלמה

החזן ר' שלמה זאַקס היה אחד החזנים המעולים בפולין והקסים בתפילתו הערבה וקולו הנעים את כל שומעיו. על חבריו למקצוע וידידיו האישיים נמנו החזנים המפורסמים: גרשון סירוטה, הרשמן ובירנבאום מצ'נסטוחוב. ר' שלמה היה מלחין מקורי שניגוניו עשו רושם בל ימחה על השומעים. נוסף לכך היה גם אדם בעל מידות נעלות, חסיד וירא־שמים, בעל־צדקה, עסקן ציבורי וציוני נאמן, מחבריו הנאמנים של ד"ר הרצל.

ר' שלמה נולד בכפר אודמנין בסביבת ראדומסק בשנת 1868 (תרכ"ח) לאביו ר' אברהם. בעודנו צעיר לימים ניכרו בו כשרונות יוצאים מהכלל בנגינה ושירה. כבר בהיותו בן 21 נתקבל לחזן בראדומסק בהמלצת האדמו"ר ר' יחזקאל הכהן רבינוביץ בעל „כנסת יחזקאל" ובמשך עשרים־ושתיים שנה היה עובד בעבודת־הקודש בעיר ובסביבה. הוא היה מחסידי ראדומסק הנלהבים ומבאי ביתו של הרבי ר' יחזקאל. היה יוצא ונכנס אצל רב העיר ר' צבי־מאיר הכהן רבינוביץ וידידות גדולה שררה ביניהם. ר' שלמה חזן היה נערץ על־ידי תושבי ראדומסק וראשיה — ר' צבי בנקיר וישראל רכטרמן.

משקמה התנועה הציונית בראדומסק היה ר' **שלמה אחד מפעיליה החשובים ביותר. ועורר בכך את התנגדותם הנמרצת של הקנאים** לגביו. תחילה ידעו על ציוניותו רק ידידיו הנאמנים ביותר, שהיו מתאספים בביתו כדי לשמוע מפיו על הנעשה בציונות. הוא חתם על השבועון הציוני הראשון „די וועלט", שהופיע בווינה והקריא לידידיו את המאמרים שהתפרסמו שם. בסופו של דבר לא יכול הענין להישאר בגדר סוד ולעיני כל נתגלה, כי בראדומסק נוסדה אגודה ציונית ובראשה עומד לא אחר אלא החזן שלמה זאַקס. נקל לשער את הרעש שידיעה זו הקימה בעיר. החסידים ובראשם הפרנס שץ (בעל בית־מסחר לנייר) הציעו להחרים את החזן. לשיא הגיעה ההתרגזות כשנתפרסם ב„די וועלט" מאמרו של שלמה זאקס, אז קרא שץ תיכף לאסיפה את נכבדי העיר ובה הוחלט לדרוש ממנו שיפסיק בפרסום מאמרים ב„די וועלט" ולהסכים לכך שבשבת אחר הקריאה יכריז השמש כי החזן חזר בתשובה ועזב את האגודה הציונית, אחרת יוכרז עליו חרם. תשובתו היתה נמרצת — הוא לא יסכים לעולם לעזוב את התנועה הציונית ועם זאת „הרגיע" את הנכבדים שהוא עומד לעבור ללובלין והראה להם את חילופי־המכתבים עם קהילת לובלין, שהסכימה לכל תנאיו. בשמעם את הודעתו נפלו הנאספים ברוחם וחזרו מהם מדרישותיהם.

ר' שלמה זאקס המשיך בפעילותו הציונית ביתר מרץ ונסע בגלוי לקונגרסים אם כי לא כציר, כי האגודה בראדומסק היתה קטנה מדי שתיוצג ע"י ציר. בקונגרסים האלה התידד עם ד"ר הרצל ובכל עונת־קיץ לקח חופשה, כדי לנסוע לווינה ולהתראות אתו שם. הידידות בין החזן הראדומסקאי לבין המנהיג הציוני הגדול היתה גדולה מאד ועל כך תעיד העובדה הבאה:

כשתיכנן הרצל את נסיעתו המפורסמת למיניסטר הרוסי פלבה החזיק את הדבר בסוד כמוס. שני אנשים בלבד ידעו על הנסיעה ה'את — נחום סוקולוב ושלמה זאקס. כשיצא הרצל לדרכו מווינה שלח מברק לשלמה זאקס והודיעו, כי בשעה 2 בלילה יעבור האכספרס על פני ראדומסק. זקס כמובן יצא לקבל את פני הרצל ומשנכנס לקרון מצא את ד"ר הרצל ואת סוקולוב והצטרף אליהם בנסיעתם.

כשחזר לאחר כמה ימים לראדומסק וסיפר על נסיעתו עם הרצל לפטרבורג, באו אליו הציונים בטענה על שהעלים מהם קודם לכן את הדבר.

ר' שלמה זאקס יצא בשנת 1911 לברלין, לשם ניתוח, ושם נפטר. האדמו"ר ר' שלמה־חנוך מראדומסק נסע במיוחד להלוויתו בברלין.



אינעם קרייז פון פאַמיליע און גאָר נאָענטע באַקאַנטע פלעגט מען וועגן שלמה זאקס דערציילן דעם קומענדיקן עפּיזאָד:

אויף אַ חתונה ביי גאָר רייכע יידישע אַרענדאַטאָרס אין די גיטער פון קניאַזש לובאָמירסקי האָט זיך באַטייליקט דער קניאַזש און די קניאַגיניע. ווען פון אונטער דער חופה האָט זיך צעטראָגן דער הילכיק־לירישער קול פונעם חזן שלמה זאקס בעתן זינגען די ברכות, האָט די קניאַגיניע נישט געקענט פאַרבאָרגן איר בולטע איבעראַשונג. צו מאָרגנס האָט דעם קניאַזשס אַ קאַרעטע געבראַכט שלמה זאקס אינעם פּריצישן פּאַלאַץ, דאָרט האָט די קניאַגיניע אים געבעטן אויסצופירן אַ ריי אַריעס פון באַקאַנטע אָפּערעס און זי האָט אים אַקאָמפּאַנירט אויף קלאַוויר.

ווען נישט דאָס דרוק פון באַקאַנטע, וואָלט שלמה זאקס צוריק־געשיקט דעם קניאַזשס קאַרעטע און נישט געפאָרן אין פּריצישן פּאַלאַץ... אָבער ווען דער קניאַזש האָט אים נאָך דעם אַריען־קאָנצערט פאָרגעלייגט צו שיקן אויף זיין קאָסטן סטודירן אויפן וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריום, האָט שלמה זאַקס זיך נערוועז אויפגעהויבן און גיך פאַרלאָזן דעם פּריצישן פּאַלאַץ...

רנה זומבק (זאַקס)

# לאכמאן מנדל



ר׳ מנדל זצ״ל, כל מי שבא במחיצתו, הכיר בו כי היה מתלמידיו של אברהם אבינו, כי היה מחונן בשלוש המידות שמנו חכמים בהם: עין טובה, ורוח־נמוכה, ונפש שפלה. את מידת טובו קשה להגדיר. הוא לא היה מאלה המטיבים עם אחרים שהם באים ומבקשים מהם טובה ואינם יכולים להשיב ריקם. לא כן. הוא חיפש יהודים כדי להיטיב עמם, כדי לעזור להם ולתמוך בהם, להעמידם על רגליהם שהתמוטטו, והכל בהסתר. לא למען רכוש לו פרסום, לא למען הנחיל כבוד לעצמו, כי אם מפני שהיתה בו עין טובה, ומה שהיה לו מרכושו לא ראה כקנין פרטי אלא כגבאי של צדקה שהוטל עליו מן השמים והופקד בידו רכוש, למען חלקם לעניים ולכל הזקוק. ולכן כשעזר לאדם עזר לו בעין טובה ומתוך שמחה של מצוה. הוא לא הלך הביתה בשבת מבית הכנסת בלי שיבוא לשולחנו אורח, ואם לא מצא אורח בבית־התפילה של חסידי אלכסנדר וסטרוקוב, שם התפלל — הלך לחפש אורח בבית תפילה אחר.

לא עבר עליו יום שלא יקיים מצוות צדקה לא בלבד לעניים החוזרים על הפתחים, אלא בעיקר לאלה שמטה ידם. והוא עשה זאת ברוח נמוכה בענווה שהנתמך והנעזר לא הרגיש כלל שנעשים לו טובה. כי ר׳ מנדל לא ראה בהטבתו לאחרים, טובה לשני אלא להיפך טובה לעצמו. כי הרי לא את שלו הוא נותן, כך טען תמיד וזה בא לידי ביטוי במכתביו לבניו בארץ, שתמיד היה מודיע להם בשמחה רבה על כל פעולה טובה שעשה לכלל ולפרט והדגיש שאשרו רב שזכה להיות שליח מצווה, שליח נאמן לשולחו ב״ה, כי מידו הכל. והוא בעצמו, למרות שפיזר הרבה מרכושו, היה אדם אמיד, אבל יחד עם זה היה נפש של אדם שלא הלך בגדולות, לא בדירתו, לא בלבושו ולא בשום מותרות. הוא „ביזבז״ את כספו רק למצוות ולמעשים טובים, להרבות תורה וגמילות חסדים. לדברים אלה לא קימץ כספו ונתן ביד רחבה ובנפש חפצה.

הוא היה מאמין אמיתי. האמין בד׳ ובתורתו והיתה לו אמונת־חכמים ללא סיג וגבול. בהם התייעץ גם במילי דעלמא וגם במילי דשמיא.

הוא ראה את העולם הזה כפרוזדור בלבד. וזאת לא היתה אצלו ראייה בעלמא, בכל רמ״ח אבריו היה חש ומרגיש את הפרוזדורות שבעולם הזה והיה כולו קודש להתקין עצמו בפרוזדור בכדי להכנס לטרקלין. ואף על כך הוא כותב לבניו, כשמבשר להם על מצווה זו או אחרת שעלה בידו, בין אם זו כתיבת ספר תורה, אם זה בנין הכנסת־אורחים, אם זה עזרה לישיבות, הוא מדגיש כי הרי בכל זה אין משום טובה לאחרים כי אם לעצמו: התקנה בפרוזדור לשם כניסה לטרקלין.

כשנצטווה לצאת לריפוי למעינות־רחצה בחו״ל, נפרד ממשפחתו כאילו הוא נוסע לקיים את צווי הרופאים, אולם הוא שם פניו לחפץ־חיים זצ״ל וישב שם כמה שבועות כדי „לקנות שלימות״ ומידות טובות מבעל־חפץ־חיים, זצ״ל.

היה אדם חלש וכמה שנים אף סבל יסורים, אולם הוא קיבל הכל באהבה באמונתו העמוקה שיסורין ממרקין. במכתב אחד לבניו הוא מספר בין השאר שאין הוא מודאג ממחלתו, כי עוד לפני הרבה שנים התחיל להכין לו צידה לדרך במצוות ומעשים טובים כפי יכולתו ולמעלה מזה, ומה יש לו לדאוג ממחלתו, אם הגיעה שעתו לעבור לטרקלין יבוא מצויד, אלא בינתים הוא סובל יסורין הרי הם ממרקין עונותיו.

כמה היה מלא שמחה שבשעת המלחמה הראשונה זכה לרכוש אתרוג בהון תועפות בכדי שיוכל לקיים הוא וביתו מצוות נטילת לולב ולזכות בו את הרבים, כמעט את כל תושבי רדומסק שרצו לברך על האתרוג. לא היה גבול לשמחתו, פניו אורו ושבעו נחת, היה בזה שקוי לעצמותיו מבחינה גופנית ורוחנית כאחד.

הוא לא סבל לשמוע לשון־הרע ורכילות ובמידה שהיו עיתותיו בידו היה מקדיש אותם ללמוד בתורה. ולמרות שהיה סוחר גדול ועשיר קבע עתים לתורה, כי אהב לא רק לומדי תורה אלא גם בעצמו למד. והיה תלמיד חכם, חסיד ובעל מידות. הלימוד היה לא רק לשם ידיעה אלא בעיקר לשם עשייה. גדול התלמוד המביא לידי מעשה. והוא הרבה ללמוד ולעיין בספרים בכל שעות הפנאי בכדי לדעת כיצד להתהלך בעולמו של הקדוש־ברוך־הוא, כי בזה שם כל מעייניו; מה יעשה האדם בעולם הזה ויידבק במידותיו של הקב״ה; מה יעשה האדם בפרוזדור כדי שיכנס לטרקלין.

בכל נפשו ובכל מאודו היה מקיים: „הדבק במידותיו״. כולו היה רחום וחנון, טוב ומטיב. ביתו היה פתוח לרווחה, וקול התורה היה נשמע בו.

ועל ידו עמדה רעיתו האצילה פעסיל ע״ה שהיתה דורשת ממנו לשים לב גם לעצמו לבריאותו ולשמור על נפשו. אולם משראתה שכל מצווה הבאה לידו מוסיפה לו בריאות גופא ונהורא מעליא, עמדה לימינו ועזרה לו לקיים כל מצווה שבאה לידו ללא החמצת פנים. רגילה היתה בפיו האימרה החסידית: מצווה הבאה לידך אל תחמיצנה, אל תעשה אותם בפנים חמוצים. הוא קיים את צוו התורה ואל ירע לבבך בתתו לו, הוא נתן בסבר פנים יפות. הוא עודד את המקבל, את הזקוק, ניחם אותו והרבה פעמים גם יעץ כיצד להחלץ מן המיצר.

שמו הטוב הלך לפניו. בית ר׳ מנדל לאכמאן היה מפורסם לא בעירו בלבד כי אם גם בסביבה, כי נודעה ברבים לתהילה מידת טובו של ר׳ מנדל לאכמאן הטוב והמטיב.

הוא נולד ברדומסק לאביו החסיד ר׳ ירחמיאל נכדו של ר׳ ישראל לאכמאן מזאלושין ונכדו של הרב הצדיק ר׳ יעקב אהרן מזאלושין, שהיה אחר כך רב באלכסנדר. אף אשתו פעסיל היתה מגזע חסידים, בתו של החסיד המפורסם ר׳ שמואל רעדליך זצ״ל מטומשוב, תלמיד חכם מופלג מחסידי ראדזין.

ר׳ מנדל לאכמאן וביתו, הליכותיהם בחיים, מידותיהם הטובות ישמשו לעולם כדמות של האדם מישראל השלם. ר׳ מנדל היה האדם הישר והיהודי הכשר.

ש. ז. שרגאי



לפני שמזכירים את ר׳ מנדל לאכמאן צריכים להזכיר את דברי המשנה: „כל שיראת חטאו קודמת לחכמתו, חכמתו מתקיימת וכל שמעשיו מרובה מחכמתו, וכו׳״. דברים אלה יפים לגבי ר׳ מנדל, שכן

לא היה דבר שבצדקה שר׳ מנדל לאכמאן לא לקח חלק בו מתוך מידת נדיבות שירש מאביו ר׳ ירחמיאל ז״ל, לא ניתן לתאר את מידת נדיבותו. כל קשי יום וכל איש דחוק מצא אצלו סעד, בעל גמילת חסד גדול היה. והוא שהעמיד בית הכנסת־אורחים, בנין גדול ומפואר עם חדרים הרבה ושקד על כך שלא יחסר בו דבר. האורחים שבאו בצל קורת בית הכנסת־אורחים, לא יצאו מעולם רעבים והוא שסיפק להם צרכיהם. מדי מוצאי שבת היה מופיע סועד בחברתם ודואג להספקת פחמים למען יחם להם. הקמצנים היו אומרים שבגלל ר׳ מנדל לאכמאן באים אורחים לעיר.

בפולניה היה מנהג המקום שהאורחים באים לביה״כ או לבית החסידים ומשם היו שולחים אותם לבתים שונים שבעיר כדי להתארח שם בשבת. ר׳ מנדל לאכמאן היה מזמין תמיד לביתו אורחים לרוב. אני בתפקידי כגבאי הייתי מתנגח עמו כיון שרציתי לשלוח אורחים גם לבתי יהודים אחריו ואף הבנתי שהדבר עשוי להקשות בבית, שכן אשתו היתה חייבת לטרוח עבור האורחים נוסף על עבודתה כחנוונית. זכורני פעם, כשלא הגיעו לחג הפסח אורחים וקשה היה לו ללכת הביתה בלי אורח, בא אלי והבטיח לי „קידוש״ אם אשיג בשבילו אורח. משהבאתי לו אורח לביתו בליל הסדר, קרנו פניו משמחה, שכן עתה יוכל לומר בלב שלם „כל דכפין ייתי ויאכל״. ירא שמים גדול היה וכל מעשיו היו מחושבים. זכורני שביקשנו פעם את ר׳ מנדל לאכמאן להתפלל מנחה של יו״כ והוא ערך את התפילה בעל פה בלי מחזור, שכן בעל זכרון גדול היה. הוא היה מחסידי וורקו ולאחר פטירת האדמו״ר מאלכסנדר נסע לבעל ה„חפץ חיים״ שנתרשם מספרו ואותו ביקש לבחור לו לרבי ולקיים בכך המשנה: „עשה לך רב״...

הוא בא לרדין וחיכה עד שנתנו לו להכנס. משנשאל למה בא, אמר שבחר לו את בעל ה„חפץ חיים״ לרבי. אמר לו ה„חפץ חיים״: אספר לך סיפור — פעם אמר המלך להכין לו מקום בו יֵשב אחת לשבוע ויקבל את אלה שיבואו אליו בבקשות ויענה להם בחיוב. וככה היה יושב המלך מדי יום ששי בשבוע בבית גדול ורחב והיה פותח דלתותיו לרחוב. פעם שמעו השוטרים רעש ממקום מסויים בבית. רצו לשם ומצאו איש בעל לבוש קרוע נכנס מבעד לארובה. הם חשבו אותו לרוצח וכששמע המלך הרעש באולם שאל לפשר הדבר ואמרו לו אדם חדר לבית מבעד לארובה וחושדים בו שהוא רוצח. אמר המלך להביא את האיש לפניו ושאל אותו לפשר הדבר. אמר האיש כי יש לו בקשה למלך. הסתכל המלך באיש ואמר לו: שוטה שבעולם, הלא אני יושב כל הזמן ומחכה שיבואו, לשם כך הכינותי אולם גדול וכניסה רחבה ולמה זה נכנסת דרך הארובה? — מה אותו אדם אף אתה כך. כתוב „קרוב ה׳ לכל קוראיו״, וקרוב אליך ואתה יכול לדבר אתו ולמה לך שתדלנים?

לא לכלה עניה אחת היה ר׳ מנדל מסלק נדוניה, ואולי בזכות זאת זכו שני בניו להינצל ולבוא לארץ. תשוקתו לארץ היתה לאין גבול ובאחרית ימיו השתדל לבוא ולא עלתה בידו. נספה בשואה הוא ואשתו ובתו ובני־משפחתה.

יהודי שלם היה ר׳ מנדל לאכמאן, עסק בתורה ובעבודה ובגמילת חסדים בכל נפשו ובכל מאודו. רגיל היה לומר „תן לו משלו״. מידותיו היו תרומיות להפליא. זכותו יעמוד לזרעו.

יחיאל ויינטרוב

## רובינשטיין נח

ר׳ נח שוחט נולד בפשדבוז׳ בשנת תקצ״ה (1835) לאביו ר׳ אליקים שו״ב, שנתמנה אח״כ לשו״ב ראשי בעיר לובלין. ר׳ נח נפטר בראדומסק בשנת תר״פ (1920).

לפני שר׳ נח נתמנה על־ידי בעל „תפארת שלמה״ לשו״ב בראדומסק (בשנת תרכ״א) היה בעיר רק שו״ב אחד, ר׳ מיכאל שוחט הידוע. פעם כשר׳ מיכאל הביא לר׳ שלמה את החלף כדי להוכיח, כי חד וחלק הוא, התאונן לפני הרבי על הפרנסה שהיא לקויה. ענה לו הרבי: „אם אתה מתאונן על פרנסה, סימן הוא שיש צורך בראדומסק בשוחט נוסף...״ אמר ועשה: שכר בעל־עגלה ושלח אתו שליח מיוחד לפשדבוז׳ להביא משם את ר׳ נח שנתמנה על־ידי הרבי לשוחט בראדומסק.

ר׳ נח היה חתנו מזווג ראשון של ר׳ יעקלה מווידמה וכידוע היה ר׳ יעקלה מווידמה תלמידו וידידו של הרבי בעל „תפארת שלמה״. ומה שקרה לר׳ נח בזמנו של בעל „תפארת שלמה״, קרה לבנו הניך שוחט בזמנו של בעל „חסד לאברהם״, שמינה אותו לשוחט בעירנו. מינוי זה עורר התנגדות רבה בין חסידי אלכסנדר וכדי למנוע מחלוקת בעיר נסע הרבי אתו לבית המטבחיים ועמד לידו בשעה ששחט שחיטה ראשונה. בעל „חסד לאברהם״ הוא גם שיעץ לר׳ נח שוחט ללמד את בנו הניך שחיטה והבטיח שימנה אותו לשוחט בראדומסק. מה שהבטיח קיים וכל מתנגדיו של השוחט החדש ענו בעל כרחם „אמן״ מפני כבודו של הרבי.

על תמימותו ויושר לבו של ר׳ נח שוחט, ניתן ללמוד ממעשה שהיה.

כידוע, היה עוד ר׳ נח שוחט אצל ר׳ מנדלי מקוצק. אחר פטירתו של ר׳ מנדלי נסע להרי״מ לגור ולר׳ הניך מאלכסנדר ואח״כ לבעל „שפת אמת״. פעם קיבל ר׳ נח טלגרמה מבעל „שפת אמת״: „לבוא תיכף ומיד לגור״, מובן שברכבת הראשונה נסע לשם. כשבא לבית הרבי ראה אותו יושב ליד השולחן וסביבו כמה רבנים ונראה היה שמתנהלת מעין ישיבה. הרבי נתן לר׳ נח שלום ואמר לו: „טוב שבאת, אני מחכה לך. לך לאכסניה זו וזו, שם מחכה שוחט, נסה אותו אם ראוי הוא לשמש בתור שו״ב בוורשה הבירה״.

ר׳ נח הלך כמובן תיכף לאכסניה כמצוות הרבי, שהה שם כמה ששהה ושכחזר לביתו של הרבי מצא אותו יחידי בחדרו. שאל אותו הרבי: „נו, איך נראה בעיניך השוחט, האם ראוי הוא לפי דעתך לאותה אצטלא?״ ענה ר׳ נח: „הבר־נש אינו מוצא חן בעיני״. „למה — שאל הרבי — האם אינו בקי בהלכות שחיטה, או שאינו מומחה לחד וחלק?״ — „לא זאת, הוא יודע פרק בהלכות שחיטה וגם בקי בהשחזת סכין השחיטה״ — ענה ר׳ נח. „אם כן — שאל הרבי — למה אינו מוצא חן בעיניך?״ — „לא אוכל לבטא זאת במלים — ענה ר׳ נח — אולם הוא לא נראה לי כלל״. „והנה — אמר הרבי — הרבנים שאותם ראית יושבים כאן המליצו עליו שהוא אדם כשר וירא שמים. מלבד זאת קיבלתי כמה מכתבי המלצה עליו לטוב״. „רבי — השיב ר׳ נח — אני אמרתי מה שהיה עם לבבי; אינני מתפעל מרבנים, ההוא לא נראה לי כלל וכלל״.

רק אז גילה לו הרבי את כל לבו ואמר: „משום כך שלחתי לקרוא לך, כי כזאת היא גם דעתי, אבל הרבנים כמעט ששכנעו אותי. חשבתי שמא טועה אני, אבל ידעתי שאתה היית בקוצק, לא תעשה שקר בנפשך ותגיד את האמת שבלבבך. יישר כוחך, וסע בשלום הביתה״.

טוביה רובינשטיין

# עסקנים מפלגתיים – פאַרטייאישע טוער

## אורבאַך איטשע



איטשע אורבאַך, דער באַשיידענער היטן־מאַכער, וואָלט זיכער אַדורכגעמאַכט זיין לעבן ווי אַנדערע הונדערטער פאָלקס־מענטשן אין ראַדאָמסק, ווען נישט דער פאַקט, וואָס ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ היים ווו מען האָט גערעדט פּויליש. דער דאָזיקער פאַקט האָט באַווירקט, דאָס איטשע אורבאַך איז לאַנגע יאָרן געווען דער פאַר־שטייער פון די יידישע אַרבעטער אינעם ראַדאָמסקער שטאָט־ראָט.

געווען איז דאָס באַלד נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען אין אומ־אָפּהענגיקן פּוילן זענען פאָרגעקומען די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן צו די אָרטיקע זעלבסט־פאַרוואַלטונגען. לויט דער וואַל־אָר־דינאַציע, האָט אַ קאַנדידאַט אויף אַ ראַטמאַן געמוזט אַלט זיין לכל הפחות 30 יאָר, און אין די רייען פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי אין ראַדאָמסק זענען אַ סך אַזעלכע חברים נישט געווען. איז טאַקע דער גורל געפאַלן אויף דעם סימפּאַטיקער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג איטשע אורבאַך, וועלכער איז שוין געווען עלטער פון 30 יאָר און האָט גוט באַהערשט די פּוילישע שפּראַך. ער האָט גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאָג און צוזאַמען מיט אַנדערע חברים איז ער געוויילט געוואָרן אינעם ערשטן שטאָט־ראָט פון ראַדאָמסק.

יאָרן לאַנג איז אים אויסגעקומען צו קעמפן פאַר די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע רעכט פון יידישן אַרבעטער און נישט לייכט איז געווען דער קאַמף. מען האָט געמוזט שטרייטן נישט נאָר מיט דער אַנטיסעמיטישער פאַרשטייערשאַפט אין שטאָט־ראָט, אַפילו אויך מיט די „חברים" פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי פּ.פּ.ס. און אַנדערע. איטשע אורבאַך האָט זיין שליחות דערפילט מיט גרויס אחריות און איבערגעבענהייט. אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען אויפן פאָרום פונעם שטאָט־ראָט און אין די קאָמיסיעס זענען שטענדיק גע־ווען דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ און סאָ־ציאַלער באַוווסטזיניקייט. איטשע אורבאַך האָט זיך נישט געבויגן אַפילו דעמאָלט ווען די דיקטאַטאָרישע „אָזאָן"־קליקע האָט געהערשט מיט שטאַרקער האַנט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און דער־פאַר האָט ער שטענדיק געהאַט דעם צוטרוי פון דעם יידישן וויילער.

ד. ק.

## איצקאָוויטש חיים

חיים איצקאָוויטש, דער אַרבעטער און פאָלקס־מענטש, איז אין די יאָרן פונעם ערשטן וועלט־קריג געווען אַן אָנגעזעענסטער חבר פונעם „בונד". צוזאַמען מיט זיין חבר ווינער, האָבן זיי געפירט דאַמאָלט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָמסק, אָבער טראָץ די פאַרטייאישע אונטערשיידן, זענען זיי געווען פערזענלעכע פריינט פון די ציוניסטישע אַרבעטער־עסקנים. עס האָט דאַן אַבסאָלוט נישט געשטערט, אַז אין דעם הויז פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי זאָלן די אויבן דערמאָנטע בונדישע חברים געהאַט געפירט פאַר־האַנדלונגען מיט זייערע קעגנער.

אַזוי זענען אַדורך יאָרן. חיים איצקאָוויטש איז שפּעטער אַוועק אין אַנדערע פּאָליטישע וועגן. אין סעפּטעמבער 1942 איז ער אין ראַדאָמסקער געטאָ געלעגן שווער קראַנק און מיט האַלב־אויסגעלאָש־שענע אויגן גערעדט וועגן די אַמאָליקע יאָרן, ווען די יידישע יוגנט האָט געהאָפט אויף אַ שענערער און בעסערע וועלט און אין דער רעכטונג געווידמעט איר גאַנצע ענערגיע...

ד. ק.

## אייזען אברהם־בינם



אברהם־בינם אייזען נולד בשנת 1905, לאם חוה ולאב יצחק, שהיה סוחר זעיר של בדים ודברי־סידקית. האב היה איש חסיד וירא־שמים, חסיד נלהב של „חצר" אלכסנדר, ובהיוולד בנו זה — פרץ ויכוח במשפחה: מה השם יינתן לילד? אבי האם ר' יוחנן, הגבאי הראשון אצל הרבי „כנסת־יחזקאל", עמד על־כך, שהילד יקרא בשם אברהם, על שם הרב הצדיק והגאון ר' אברהם, הנודע בשם „חסד־לאברהם". ואילו אבי הנולד, ר' יצחק, עמד על־כך, שהילד יקרא על שם הרבי מפשיסחה, ר' שמחה־בינם, אף הוא צדיק־גאון נודע, מיוחס ונערץ בעולמם של החסידים. השם שניתן לילד הוא איפוא צירוף של פשרה, על שמותיהם של שני הצדיקים־הגאונים: אברהם־בינם.

רחשי הלב של המשפחה, בהיוולד אברהם־בינם, שייעודו להיות רב צדיק־גאון, — לא נתאמתו. הילד עשה, אמנם, תקופה ארוכה ב„חדר" ואף היה מחובשי ספסל ה„ישיבה", אולם כבר מצעירותו הלך לבו שבי אחרי מכמני העולם הנאור. עוד בהיותו לבוש ב„יופי־

צע״ של משי וחבוש „קאַשקיעט״ של קטיפה לראשו, היה מתחמק בימי־שבתות מ„השטיבל״ (בעת קריאת־התורה) ורץ להשתתף באסיפה של „החלוץ״ ו־צ.ס., חוזר לאחר־מכן לתפילת „מוסף״ לצדו של אביו.

בגיל צעיר הצטרף אברהם־בינם ל„החלוץ״ והיה אחד מ„הר־ביעיה״ שייסדה את „החלוץ״. כן היה ממארגניה הראשונים וממיסדיה של תנועת „צעירי־ציון״ (צ.ס.). תוך תקופה קצרה רכש לעצמו אהדה והוקרה בשורות התנועה ונבחר לשמש בה בתפקיד המזכיר. בתוקף תפקידו זה פעל רבות בכל שטחי החיים הציבוריים בעיר והעלה במידה רבה את הרמה ואת ההישגים של הפעולה הציונית בתוכה, בעיקר למען קרן־קיימת וקרן־היסוד.

במפלגה האמוחדת היה עם הפעילים שעמדו בראש המפלגה מאז היווסדה בשנת 1925 ועד ליומו האחרון, במשך 15 שנה רצופות. בשנת 1931, לאחר שאביו נפטר והוא הטיל על עצמו את כל העול של קיום המשפחה, לא ניתק אברהם־בינם את קשריו עם התנועה והמשיך לשאת גם בעול שלה. בשלהי שנות השלושים נשאר הוא כמעט היחידי מבין הוותיקים לשאת בעול התנועה, מצא שפה משותפת עם הדור הצעיר שהצטרף אליה והוכר על־ידי הצעירים כמנהיג הבלתי־מוכתר של „פועלי־ציון״ (צ.ס.) בראדומסק, זו המפלגה שתפסה באותה תקופה את המקום הראשון בקרב הציבוריות היהודית בעיר.

בשנת 1938 נבחר אברהם־בינם ע״י מפלגתו לשמש נציגה בוועד הקהילה היהודית, ובשנת 1939 נבחר מטעם הרשימה המאוחדת של מפלגתו ושל „פועלי־ציון״ (שמאל) לשמש נציגם במועצה העירונית הכללית. בבחירות אלה למועצה העירונית זכו המפלגות הסוציאליסטיות לנצחון גדול וקיבלו ביחד 2/3 מכלל מספר המנדטים במועצה. אברהם־בינם נועד אז, על־ידי שתי המפלגות הציוניות־סוציאליסטיות הנ״ל, לשמש גם כנציגן בהנהלת העירייה (בהנהגת ה־פ.פ.ס.). אולם השלטונות הפולניים פסלו את הבחירות, בגלל הפחד מפני שלטון סוציאליסטי בעיר, ובינתיים פרצה המלחמה בין פולין לגרמניה.

בשנת 1941 הפעילו השכבות העממיות בעיר לחץ על אברהם־בינם, שיצטרף כחבר במועצה היהודית בגיטו („יודענראַט״). לאחר שידולים רבים הוא נאות לקבל על עצמו תפקיד זה ועשה רבות להקלת המצוקה הכלכלית והדכאון הנפשי, ששררו בגיטו. בעת חיסול הגיטו (1942), ניתנה לו האפשרות להישאר בעיר, הוא ומשפחתו, עם אותה הקבוצה הזעומה שהגרמנים החליטו להשאירה בראדומסק. אולם אברהם־בינם דחה את האפשרות הזאת, בהצהירו: „את מיטב שנותי עשיתי עם כלל יהודי העיר ואני אעשה איתם גם בדרכם האחרונה״.

אברהם־בינם אייזן בחר את הדרך למחנה־המוות טרבלינקה, שם נספה יחד עם אשתו רבקה־מלכה לבית לנדוי (היתה עסקנית פעילה למען קרן־קיימת) ובתם שרה׳לע, שטרם מלאו לה שלוש שנים...

זאב ס. — שמשון ג.

## אלעבארדא אלי

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1880 אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, געלערנט אין דער ישיבה אין לאָדזש און גאָר פרי באקומען היתר־הוראה. צו אים אין בית־מדרש זענען אָבער דערגאַנגען די אַפּיקורסישע געדאַנקען, וואָס עס האָבן געגומען פאַרשפּרייטן די יידישע וועבער און אַנדערע בעלי־מלאכות. איז אלי געזעסן ווייטער ביי דער אָפענער גמרא, און בגנבה אויך אַרייגעקוקט אין די „טרי־פהנע״ ביכלעך, וואָס ער האָט געהאַלטן ביי זיך בסוד. ווען דער סוד



איז אויפגעדעקט געוואָרן האָט מען דעם יונגן וויל־לערנער פאַרטריבן פון בית־מדרש. מ׳האָט אים באַלד חתונה געמאַכט, כדי ער זאָל נישט נאָך מער אַראָפּ פון דרך־הישר. באַזעצט האָט מען אים אין ראַדאָמסק, ווו ער איז אויך באַזאָרגט געוואָרן מיט פרנסה — אַ קאָלאָניאַל־קראָם.

אָבער איין מאָל אַ רעוואָלוציאָנער — שטענדיק אַ רעוואָלוציאָנער. אלי אַלעבאַרדא איז טאַקע אויסערלעך געבליבן אַ ייד, ווי אַלע יידן: אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַ קליין חסידיש היטעלע און אַ לאַנגע, שיינע געלע באָרד; אַ פאַרמעגלעכער באַלעבאַטישער ייד, מיט אַ פרוי, 2 זין און 3 טעכטער — און פאָרט נישט דער זעלבער ווי אַלע.

אין די צאַרישע צייטן האָט ער זיך באַטייליקט אין די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע און געפערלעכסטע אַרבעטן, נישט איין מאָל האָבן זשאַנדאַרמען געמאַכט רעוויזיטן ביי אים. זיין לעצטע אַרבעט אויף דעם געביט איז געווען, דאָס „אָרגאַניזירן די״ גרענעץ״ פאַר די דעלעגאַטן צום 8־טן צוזאַמענפאָר פון „בונד״, וואָס האָט זומער 1914 געזאָלט פאָרקומען אין ווין און איז צוליבן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ניט פאָרגעקומען.

זיין פאַרבינדונג מיטן „בונד״ האָט אַלעבאַרדא דעמאָנסטרירט אָפן. אין דער רעוואָלוציע־צייט אַרום 1905, פלעגט ער אויף גאַנצע טעג פאַרלאָזן זיין געשעפט, פאַרברענגען אויף „דער בערזע״ אָדער מאַרשירן אין דעמאָנסטראַציעס און קעמפן קעגן די דראַגונער און קאָזאַקן. ער האָט אויך ניט געמאַכט קיין סוד פון זיין אַפּיקורסות און געפירט אַ קאָנסעקווענט פריי לעבן.

פונדעסטוועגן האָט מען אים אין די יינגערע יאָרן פון־צייט־צו־צייט געזען שבת אין דער פרי גיין מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם. זיין וועג האָט געפירט אין אַ קאָנספּיראַטיווע דירה, דאָרט האָבן שוין געוואַרט זעלנער פון ראַדאָמסקער גאַרניזאָן. מיט אַ שמייכל אויף זיין פנים האָט ער פון טלית־זעקל אַרויסגענומען פעקלעך רעוואָלוציאָנערע אויפרופן צום מיליטער, וואָס די מיטגלידער פון דער געהיימער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע האָבן פאַרשפּרייט אין די קאַזאַרמעס.

די גאַנצע צייט איז ער געווען אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, געהאָלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן, געווען דערביי באַשיידן ביז גאָר און פלעגט פראָטעסטירן, ווען מ׳האָט אים גערופן „רעב אלי״ („רופט מיך ניט רעב״ — פלעגט ער זיך בייזערן).

די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַלעבאַרדאַ זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט און אָנגעהויבן זייער טעראָר־הערשאַפט, האָט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער זיך געשטעלט אינגאַנצן אין דינסט פון דער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג. אויפן בוידעם פון זיין הויז האָט ער איינגעמויערט אַ גוטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט, כדי די יידישע באַפעלקערונג זאָל קאָנען וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ער

האָט זיך ענערגיש פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן די געהיימע אויפרופן פון אונטערערדישן „בונד".

דאָ איז אָבער געשען אַ מכשול. אַ פּוילישע פרוי, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן צעפירן אויפרופן פון אונטערערדישן „בונד", איז אַרעסטירט געוואָרן. און זי האָט דערביי אַרויסגעגעבן אַ טשענסטאָ־כאָווער טוער. פון דעם טוער, וועמען די „געסטאַפּאָ" האָט שרעקלעך געפּייניקט, איז מען געוואָר געוואָרן, אַז אַלעבאַרדאַ האָט אַ שייכות צו דעם ענין. מ'האָט געפאָדערט פון „יודענראַט", אַז ער זאָל צו־שטעלן אַלעבאַרדאַן, אָבער אַ פריינט האָט אים געלאָזט וויסן, און ער איז אַוועק פון שטאָט. ביים גזעגענען זיך מיט זיין פאַמיליע, זענען זיינע לעצטע ווערטער געווען אַן אָנזאָג, נישט צו טראָגן קיין פאַרדרוס אויף דעם אַרעסטירטן חבר, ווייל מען האָט אים אַרויסגעריסן די נעגל, אָנגעטאָן אַנדערע ווייטאָגן און ער האָט פּשוט נישט גע־קאָנט אויסהאַלטן.

אלי אַלעבאַרדאַ איז אַוועק קיין פּעטריקאָוו קיין סילעוו און לסוף קיין וואַרשע, ווו ער האָט ווידער זיך פאַרבונדן מיט דער אונטער־ערדישער בונדישער באַוועגונג. אין וואַרשעווער געטאָ, ווו ער האָט געלעבט אונטערן נאָמען „אַלפאַ", איז אים געלונגען צו פאַרבלייבן ביזן סוף פון געטאָ־אויפשטאַנד (אין 1943), דאַן דאָרט איז ער אַרויס אויף דער „אַרישער" זייט. אַ דאַנק דער אונטערערדישער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי (פּ.פּ.ס.) האָט ער זיך אויפגעהאַלטן צווישן די פּאָליאַקן ביז סוף זומער 1944 ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער וואַר־שעווער אויפשטאַנד.

בעת דעם דאָזיקן אויפשטאַנד איז פאַרשוואונדן געוואָרן יעדער שפּור פון דעם אייגנאַרטיקן יידישן רעוואָלוציאָנער אַלי אַלעבאַרדאַ, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן זיך געגרייט צו ווערן אַ רב. ער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן אין קאַמף קעגן דעם אוממענטשלעכן נאַצי־שונא.

א. צ.

## גאָלד דוד און נחמן



גאָלד נחמן

בעת ראַדאָמסק איז באַזעצט געוואָרן דורך דער עסטרייכישער אַרמיי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914), האָט די יוגנט ספּאָנ־טאַניש אויפגעלעבט. עס איז ענטשטאַנען אַ באַוועגונג פאַר קול־טורעלער טעטיקייט און די ברידער נחמן און דוד גאָלד זענען געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

נאָך פריער, זיצנדיק ביי דער גמרא אין גערער־שטיבל, זענען די צוויי ברידער גאָלד שוין געווען פאַרכאַפּט פון דער השכלה, און אין געהיימניש געפירט אַ קולטור־טעטיקייט צווישן די שטיבל־זיצער און בית־המדרש־בחורים. שפּעטער זענען די ברידער גאָלד, מיט זייער דינאַמישן כוח, געוואָרן דער לעבעדיקער נערוו אין דער אַרבעט.

מיט דער גרינדונג פון דער ביבליאָטעק און פון דער געזעל־שאַפט „קולטורא", האָט דוד דאָרט פאַרנומען דעם אויבנאַן. אַדאַנק זיין וויסן און אינטענסיווער אַרבעט, האָבן זיך אַרום דער ביבליאָטעק קאָנצענטרירט אַלע קרייזן פון דער יידישער פּראָגרעסיווער באַפעל־קערונג און זיך דאָרט אויסגעלעבט קולטורעל און נאַציאָנאַל.

אין יאָר 1916 האָבן אָנגעהויבן אויפצולעבן אויך אַלע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען און די „קולטורא" איז געוואָרן אַ זאַמלפּונקט פאַר זייער טעטיקייט. דאָס האָט זיך אויסגעווירקט צום שלעכטן אויף דער אָביעקטיווער קולטור־טעטיקייט און די ברידער גאָלד זענען נישט געבליבן גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער דערשיינונג. זיי האָבן גערופן די יוגנט צו די „צעירי־ציון", וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער ציוניסטישער שול „בית־יעקב".

נחמן איז געווען אַ מיטגליד אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „צעירי־ציון" אין וואַרשע.

אין יאָר 1920 האָט ער אָנגעפירט מיט דעם פּאַלעסטינע־אַמט אין קראָקע.

דוד האָט אין יאָר 1917 פאַרלאָזט ראַדאָמסק און געוואָרן דער הויפּט־סעקרעטאַר פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „צעירי־ציון" אין וואַרשע. ער האָט דערפילט די שליחות ביז ער האָט פאַרלאָזט פוילן און עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ביידע ברידער גאָלד האָבן געבראַכט קיין ארץ־ישראל אַ גרויסן „באַגאַזש" פון נאַציאָנאַלן און קולטורעלן וויסן. אָבער דער ביטערער גורל האָט געוואָלט, אַז אַט די דאָזיקע צוויי בליענדע בוימער זאָלן ווערן אין זייערע בעסטע יאָרן פּריצייטיק אונטער־געהאַקט...

דוד קרויזע

## גורפינקל אבנר



אבנר גורפינקל איז געווען אַ ציוניסטישער עסקן, דער פּאָק־טישער אויפלעבער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אונ־דזער שטאָט, אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, אַן אומדערמיד־לעכער „שנאָרער" פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן. נאָכן „חדר" איז ער אַריינגעטרעטן אין „פרייהייט", דאָרט האָט ער באַקומען זיין ציו־ניסטישער דערציונג.

אַבנר גורפינקל איז געווען אין געטאָ אַ שטילער העלד, אַן אָפּפערוויליקער פריינט פון הילפלאָזע און פאַרפלאָגטע. אין די אכזריותדיקע געטאָ־באַדינגונגען איז ער געגאַנגען מיט זיין איי־

געגעם שווערן וועג, קודם כל — וואָס ווייטער פון „יודענראַט". ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן אָפילו מיט דער אומשלדיקסטער קאָמיסיע, פילנדיק אינסטינקטיוו, אַז „עברה גוררת עברה", און אַז דאָס וואָס ווייזט אויס צו זיין היינט אומשולדיק, איז עלול פאַרוואַנדלט צו ווערן דורך די רוצחים אין אַ ווערקצייג פאַר די שווידערלעכסטע צוועקן. זיין דאַזיקע שטעלונג האָט געבראַכט דערצו אַז ער האָט איבערגעריסן די באַציאונגען אין געטאָ.

שטייענדיק מיטן רוקן צו די געטאָ־מושלים, האָט ער זיך אָבער געווענדעט מיטן פנים צו די געדרודפטע און געפּייניקטע. און דאָס דאַזיקע פנים האָט תמיד אויסגעדריקט גלויבן און מוט, כאָטש דאָס האַרץ איז געווען פול מיט אומרו און שרעק. אינעם פינצטערן געטאָ, דאָרט ווו יעטוועדער האָט ביטער געקעמפט פאַר זיין קיום, האָט אבנר קודם כל געזאָרגט פאַר קראַנקע, הילפסלאָזע, זקנים און יתומים, אַוועקגעגעבן זיין אייגן העמד און געטיילט זיך מיטן לעצטן ביסן.

אבנר גורפינקל איז פאַרשיקט געוואָרן מיט די לעצטע ראַ־דאָמסקער יידן קיין פיוואָק און אויך דאָרט פאַרבליבן געטריי זיך און זיינע לײדנס־חברים. שבת־יום־טובדיקס האָט פון אים געשטראַלט אויך אין זיינע לעצטע טעג. ער איז שפּעטער אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און איז דאָרט אומגעקומען.

י. מ.

## גרוסמן מלך



מלך גרוסמן, בנו של הינדה וישראל־יעקב, נסתלק בגיל 77 שנה, ביום כ"א תשרי תשכ"א, בטורונטו שבקנדה.

אדם יקר ודמות מופלאה בבחרותו, עזב את בית־המדרש הישן והתמסר לעבודה אירגונית־ציבורית וציונית־סוציאליסטית. הוא היה ממייסדי „פועלי־ציון" וגם מיוזמי ההגנה היהודית בעירנו. הוא לקח חלק בהגנת ובהצלת יהודים בעירנו ובעיר הקרובה צ'נסטוכוב בשנת 1905.

היה ממייסדי האגודות המקצועיות בעירנו ועמד בראש השבי־תות של התפרים, האופים, החייטים והסנדלרים, ועובדי בית־החרושת לגרביים. היה ממייסדי הספריה הסוציאליסטית הראשונה בעירנו של „פועלי־ציון" והתמסר בהתלהבות למכירת השקל הציוני בזמנים ההם.

בשנת 1911 עזב את עירנו והיגר לטורונטו שבקנדה. בשנת 1958 שלח את בנו, מפעילי „בני ברית" בקנדה, לביקור בישראל. לאחר שהבן חזר, תיכנן מלך עצמו לבוא ולבקר בישראל, אך לא זכה לכך.

יצחק גרוסמן

## האזע יעקב־שמואל



יעקב־שמואל האזע, אַ זון פון שמעון האזע, האָט נאָכן פאַרענ־דיקן די שולע געלערנט גאָלדשמידעריי ביי זיין פאָטער און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס פאַרשטייער אין די מוניציפּאַלע אָרגאַנען. ער איז געווען אַ לאַווניק, דאָס הייסט אַ מיטגליד פון דער שטאָט־פאַרוואַל־טונג (מאַגיסטראַט) דורך מערערע קאַדענצן. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אין משך פון דער צייט פאַרטראַטן מער ווי איין פאַרטיי, האָט ער אָבער שטענדיק מיט מוט פאַרטיידיקט די יידישע אַרבעטער־אינטערעסן און נישט געבויגן זיך פאַר די רעזשימען פון לינקס אָדער רעכטס. אַזוי האָט ער זיך געפירט די גאַנצע צייט צווישן דעם ערשטן און צווייטן וועלט־קריג, ביז די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן חרוב געמאַכט אַלץ וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין יידישן לעבן.

יעקב־שמואל האַזע מיט זיין פאַמיליע האָבן איבערגעלעבט דעם צווייטן וועלט־קריג דורך אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ בונקער. ער איז אַרויס אויף דער פריי צעבראָכן פיזיש און גייסטיק און איז גע־שטאָרבן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער דער באַפרייאונג.

ד. ק.

## הארראָוויטש אדאש

אַדאַש האַראָוויטש איז דערצויגן געוואָרן אין אַן אַסימילאַטאָריש הויז. דער פאָטער איז געווען אַ באַאַמטער ביי דער פירמע פערש־טער, און ער מיט אַ צווייטן ברודער האָבן פון זייערע יונגע יאָרן געפירט אַ פאָטאָגראַפישן אַנשטאַלט. דער דריטער ברודער האָט שטודירט קונסט־מאָלעריי אין רוים, פאַריז און אַנדערע פלעצער.

אַדאַש האַראָוויטש איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער צייט פונעם ערשטן וועלט־קריג, זיך אויסגעלערנט יידיש, און לאַנגע יאָרן געווען דער פאַרשטייער פון די „פאַראייניקטע" אינעם שטאָט־ראָט. ער האָט צוזאַמען מיט אַנ־דערע יידישע אַרבעטער־פאַרשטייער פאַרטיידיקט די רעכט און פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן.

ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין משפחה אין דעם אַלגע־מיינעם יידישן חורבן.

ד. ק.

## ואקסמן אברהם־משה



בין עסקני העיר, שהיו מוכנים לעזור לזולת בלב ונפש, התבלטו ר׳ אברהם־משה ואקסמן ורעיתו. הם היו ערים לכל דבר ציבורי: ר׳ אברהם־משה דאג לגברים, למוסדות־צדקה־וחסד, ואילו אשתו היתה דואגת לנשים, להכנסת־כלה, לאלמנה עניה, ליתומים. כל קשה־יום ידע את הכתובת: „החנות של צורכי כתיבה של ר׳ אברהם־משה". ובחנות הזאת, לא־רק מכרו מחברת בפרוטה, שם יכולת להשיג ביטחון! נכנסת מלא צער, כאילו רק להתייעץ: „מה עושים ר׳ אברהם־משה"? ויצאת מלא ביטחון. לאחר שיחה עם ר׳ אברהם־משה הרגשת, כי הוקל לך במעמסת הלב וידעת כי המצב אינו כה רציני וכה טרגי כמו שחזית אותו לפני שבאת לבקש עצה ותושיה...

ר׳ אברהם־משה ואשתו היו חשוכי־בנים, אולם בני־העיר ראו אותם כאבות של כולם, ביחוד של הסובלים והמדוכאים, כי הם היו כאב־ואם לכל סובל. מן הראוי לציין, שמשפחת וקסמן לא נחשבה בין האמידות, היא התפרנסה מהחנות הקטנה. עיקר עיסוקם היו מעשי־צדקה־וחסד וזה נתן להם את הסיפוק בחייהם יותר מאשר סיפוק בצרכיהם הגשמיים.

ר׳ אברהם־משה היה מעסקני „המזרחי" הראשונים בעירנו, בעל שכל ישר, מתון בדעותיו, מסור ונאמן לתנועתו בכל רמ"ח אבריו. הוא ורעיתו היו לא רק נאה דורשים אלא גם נאה מקיימים בשטח זה: עם האפשרות הראשונה לעלות ארצה, הם מכרו את כל אשר להם ועלו ארצה. בשכונת „נווה־שלום" של ירושלים שכרו חנות קטנה וחדר־מגורים ד׳ על ד׳ ומכרו שם צרכי־כתיבה. גם כאן הפכו „כתובת" לכל עולי ראדומסק, כי כל אחד המשיך לראות את ביתם כביתו. הנכנס רעב — יצא שבע, ורעבים לא חסרו בימים ההם. מי שלא היה לו מקום־לינה, הסתדר איכשהו ב„דירה" של ר׳ אברהם־משה. איש לא אמר: „צר לי המקום אצל ר׳ אברהם־משה", כי הוא ואשתו מעולם לא התאוננו, מכרו מחברת ודיו בפרוטה — ברוך ה׳!

„ואם לא, יש אלוקים בעולם, הוא לא עזבונו וגם לא יעזבונו" — היה אומר ר׳ אברהם־משה. הם לא הלכו בגדולות ולא ביקשו הרבה, משום כך היה להם הכל, ותמיד היו רגילים לומר: „החנות של ראדומסק עלתה גם היא עמנו ארצה; ה׳ לא יעזבנו; ובכלל מה צריך האדם? לחם לאכול ובגד ללבוש, וזה יש לנו ב"ה בשפע! העיקר הביטחון".

אין כל ספק, כי הביטחון האישי שאכן מובטח להם חלקם ב„עולם הבא", ליווה את שניהם בדרכם האחרונה. ר׳ אברהם־משה ורעיתו זכו לשיבה טובה ומנוחתם כבוד בירושלים עיר־הקודש.

ב. ימיני

## טיגער יחיאל

יחיאל טיגער האָט געשטאַמט פון אַ רעליגיעזער משפחה, אָבער געווען ערלעך איבערגעגעבן די פועלי־ציוניסטישע אידעען. אין דער אָרגאַניזאַציע איז ער געווען אַ גרויסער שווייגער, זעלטן אָנטיילגענומען אין די דיסקוסיעס; דאָך האָט מען אים כמעט אַלע מאָל אויסגעוויילט אין די פּאַרטיי־אינסטאַנצן. ער איז געווען שטענדיק גרייט אויסצופירן יעטוועדע אַרבעט, וואָס מען האָט אים אָנפאַרטרויט, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום שטערונגען. צוליב זיין דאָזיקע איבערגעבנהייט איז ער געווען באַליבט אין אַלע אַרבעטער־קרייזן.

בעת די „פועלי־ציון" האָבן געפירט אַ ברייטע ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט, געשאַפן שפּייז־קאָאָפּעראַטיוון, אַ בעקעריי אדג"ל, איז יחיאל טיגער געווען פון די, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן די גרעסטע ענערגיע און איניציאַטיוו. ער איז דאַן געוואָרן אויסגעוויילט פון די לינקע פוע"צ אין ראַדאָמסקער שטאָטראַט און האָט פאַרטיידיקט דאָרט די אַלגעמיינע אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטס־מאַסן.

ד. ק.

## כהן דוד

דוד כהן, אַ בלעכער פון פאַך, איז געווען אַ מיטגליד פון די „פאַראייניקטע" און דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון ד"ר יוסף קרוק. געווען אַ צייט, ווען דוד כהן האָט אַליין, מיט זיין געלט, אויסגעהאַלטן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָמסק. נאָכדעם ווי אַ סך מיטגלידער פון די „פאַראייניקטע" האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, איז דוד כהן געווען כמעט דער איינציקער, וואָס האָט אָנגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיטן צענטער, רעפּרעזענטירנדיק מיט כבוד זיין אָרגאַניזאַציע.

בעת דעם אַריינמאַרש פון דער היטלער־אַרמיי, האָבן אים די דייטשע רוצחים מערדערלעך צעשלאָגן, אויפן וועג קיין טשענסטאָכאָוו, אַזוי אַז ער האָט שוין נישט באַוויזן קומען צו זיך. אין יאָר 1940 האָט ער אויסגעהויכט די נשמה. זיין פרוי און טעכטערל זענען אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו.

ר. ק.

## ליברמן יעקב



יעקב ליברמן נולד בשנת 1910 בבית של שומרי־מסורת ואנשי־עמל. אביו ראובן ליברמן היה מחובבי־ציון וממיסדי „המזרחי" בעיר.

יעקב קיבל חינוך מסורתי ב„חדר", למד בבית־הספר של „המז־

רחי" בשנים המעטות לקיומו ואחר־כך בבית־הספר העממי בהנהלת ת. קריינדלר. לאחר שגמר את בית־הספר נכנס לעבודה לעזרת אביו.

בגיל 15 (בשנת 1925) הצטרף יעקב לקבוצת הנוער של צ. ס. שהתארגנה אז והיה ממייסדי „פרייהייט" בשלהי 1926. הוא גדל עם התנועה והתחנך על ערכיה, ובהיותו בעל כושר ארגוני ומצטיין בשכל בהיר ובתפיסה טובה, ידע לבצע פעולות שונות בהצלחה והיה מסור מאוד לתנועה. הוא גם ידע להופיע בפני הציבור כנואם מוכ־שר, והצטיין בין העסקנים הצעירים שגדלו ב„החלוץ" וב„פרייהייט".

בשנת 1931 עבר יעקב עם בוגרי „פרייהייט" למפלגה המאוחדת של פוע"צ עם צ. ס. וגם כאן המשיך להצטיין במסירותו למפלגה. היה תמיד בין הפעילים, שלא ידעו ליאות למען התנועה. הוא קיבל על עצמו תפקידים אחראיים במפלגה, בספריה ע"ש שלום־עליכם שנוסדה ע"י המפלגה, ב„החלוץ", בקרנות הציוניות, ובמיוחד התמסר לליגה למענארץ־ישראל העובדת. במחצית שנות השלושים, כאשר פעילי המפלגה עלו ארצה, התיצב יעקב בשורה הראשונה למען התנועה ומילא את תפקידיו באחריות ובהצלחה.

בתחילת 1938 עברו ההורים לגור ללודז' ויעקב עבר אתם. למרות קשיי ההסתגלות במקום החדש, ניכנס לפעילות בתנועה בלודז' והתרכז גם שם בעיקר בעבודת הליגה למען א"י העובדת, בה ייצג את המפלגה.

יחד עם ד"ר י. טרטקובר (מ„התאחדות") עמד בלודז' בראש הליגה עד הפלישה הנאצית, אשר שמה קץ לחיי היהודים בפולין. הוא והוריו בגיטו לודז' עברו את כל התלאות שנפלו בחלקם של יהודי המקום תחת ה„שלטון" של רומקובסקי ועוזריו. לפי הידי־עות שנתקבלו, נפטר יעקב ליברמן בשנת 1942 ממחלת טיפוס בגיטו לודז'.

י. ל.

## ניימן שמואל



שמואל ניימן נולד בשנת 1906 במשפחה של מעוטי־יכולת, שעמלה קשה לקיומה. המשפחה התגוררה מחוץ לעיר (באיזור של ה„גויים") ועסקה במכירת תוצרת חקלאית שקנתה בכפרים של הסביבה.

שמואל עצמו התמחה בענף היערות, כי עירנו היתה לפני מלח־מת־העולם הראשונה מרכז לייצוא עצים למערב־אירופה. עסקים אלו היו מקור־פרנסה לעשרות משפחות וגם ענף המנסרות ותעשיית הרהיטים היו מאוד מפותחים בעירנו.

שמואל היה ממייסדי „החלוץ" וצעירי־ציון (צ.ס.) בעירנו, אחר־כך הצטרף למפלגה המאוחדת, שנוסדה בשלהי 1925. הוא היה פעיל בתנועה, חבר בוועד „החלוץ" ובוועד הסניף של המפלגה, וייצג את התנועה בוועד המקומי של קרן־היסוד וקק"ל.

לא פעם נעדר מהעיר לתקופות ממושכות, כאשר נשלח על ידי מעבידיו מזרחה, שם הם כרתו יערות. במשך ההיעדרויות שלו מהבית, לא הפסיק להתעניין בתנועה ועמד עם חבריה בקשרי־מכתבים, לדעת כל מה שנעשה.

במחצית שנות השלושים, לאחר שפעילי התנועה עלו ארצה, היה שמואל אחד מאלה שעברו לשורה הראשונה של פעילות והנהגת העניינים. הוא פעל בהצלחה יחד עם א. ב. אייזן, יעקב ליברמן ואחרים.

בשנת 1938 עבר לגור ללודז', יחד עם אשתו שרה קרקיבסקי, גם היא חברה מסורה לתנועה. גורלם שם היה כגורל כל יהודי לודז' בתקופת השואה.

י. ל.

## פאריז' פישל



בחדרנו, ליד הכניסה מצד ימין, עמדה מטתו של פישל פאַריז'. פישל היה נציגה של תנועת הפועלים בעירייה או בקהילה של עירו ראדומסק, בגלל היותו איש־ציבור מובהק. על אומץ־לבו ויושרו לא היה מוכן לוותר לאיש, כל עוול וקיפוח, כל התנהגות בלתי־נכונה זכו לטיפול שבט לשונו. פישל מסוגל היה לייסר אדם במשך שעות בגלל מלה שנאמרה ללא־צורך ופגעה באדם. לפעמים תקפו השיעול באמצע ההטפה אך למרות המחסור באוויר המשיך לפלוט מלים תוך כדי שיעול, כי יותר מאשר סבל פישל מחמת ההתקפה, סבל הוא על שאינו יכול להמשיך ולסיים את אשר התחיל לומר.

הייתי שכנו למיטה ותמיד לאחר התקפה כזו, הייתי חוזר ומוכיחו על השטות שהוא עושה במסירת לחמו, חצי מכמות הלחם הצר, בעד טבק או סיגריות. הוא הקשיב לי ברצון, אך החיוך שהופיע אז בקצוות פיו רצה לומר: בחור זה רוצה ללמדני בינה, אותי, את פישל פאריז', המסגר המומחה נציג... בכל זאת השתדל להסביר לי בסבלנות, מדוע הוא חייב לנהוג כך. היות ולא יכולתי להסכים לדעתו, עניתי כאשר עניתי, אז פניו לבשו קדרות, עיניו התיזו גיצי־אש ועצם הגרגרת שבלטה אצלו מאוד התנועה בעצבנות. אעפ"י שהאיש כחש וכוחותיו כלו, יתכן שהיה יכול להציל את נפשו אילו לא היה ממשיך לעשן והיה אוכל לפחות את האוכל שקיבל במחנה. אך הוא המשיך בשלו, היה יושב במיטה ומעשן, שום דבר שבעולם לא היה קיים בשבילו באותם הרגעים. באיזה תאווה מגלגל היה את הסיגריה, כל קלסתר פניו השתנה, קימט מצחו, הגביה גבות־השיבה שלו, כיווץ נחיריו ופיו, הידק וגילגל את הסיגריה היטב היטב. כל הפעולה סביב העישון הפכה אצלו לפולחן ותוך כדי שאיבת העשן היה נוהג לעקוב אחרי

סלסולי העשן, איך הוא מתאבך ונע, לאָן הוא נעלם, מי עוד נהנה ממנו. מנסה הייתי לתהות על קנקנו של המעשן, מסתכל בכיוונו ורוצה להבין, אך כשפישל השגיח בי, היה מוציא מסקנה שאני להוט אחרי הסיגריה, לכן שואל הוא: אולי רוצה אתה משיכה, אתן לך בנפש חפצה...

ראיתי בשנות הסבל אנשים תלושים גופנית אך בעלי אופי חזק, עמידתם הנפשית היתה איתנה מאוד. ראיתי כמובן גם מקרים אחרים והפוכים, אעפ״כ לא יכולתי להסביר לעצמי לאיזו קבוצה ניתן לשייך את פישל פאריז׳. הנה הוא נותן 125 גרמים לחם, מחצית ממנתו היומית, בעד טבק והוא מסביר כי „לא על הלחם לבדו יחיה האדם״ ומפרש כי לאדם יש גם נפש, ולזה אני מסכים אף כי איני יכול להסכים כי את הנפש מזינים בסיגריות... והנה כל תנועותיו, כל התנהגותו בזמן העישון, מעידים שאינו מאמין במה שהוא מנסה להסביר לאחרים. אך בלי להתיחס לעישון ולסיגריות ובלי לעשות הכללות, אין ספק, שפישל פאריז׳ היה איש בעל אופי. כל ישותו אמרה כוח סבל ועמידה גאה, מראשו ועד רגליו מתוח היה כקפיץ, כל כולו חיים ותנועה. למרות גילו הגבוה לא פיגר בשום דבר אחרי צעירים ממנו ויכול היה וודאי ללמדם הרבה, אך צריך היה כמו כל אדם לנסות ללמוד. למרות מאמציו להישאר בחיים למרות האופטימיזם הסוער שלו, הרעיב והרעיל את עצמו, פישל נתן לגופו פחות מזון מאשר הנאצים הקציבו לו.

פישל פאריז׳ לא הזניח מאומה. הנה יושב הוא על המיטה ומתקן בגדיו, הכפתור בשפתיים והידיים עובדות. אין לו וודאי טבק, אחרת מה עושה הכפתור בפיו?.. הוא מציע לי כי אתן לו לתקן את שרוול מעילו, נתתי, אך בטרם התחיל בעבודה שמעתי קודם דברי מוסר ואחר כך תיקן ולימד אותי את המלאכה. תענוג היה לראות את האיש בעבודה — הכל כאילו מדוד וגזור, קו לבן מול קו לבן, הכל מדוייק.

פישל פאריז׳ עזר לרבים אך מי עזר לו? קשה להבין איך הצליח איש זה להגיע עד לשחרור, רק הכוחות הרוחניים והנפשיים קיימוהו. פגשתיו לאחר המלחמה בבית־חולים לחולי־ריאה בשלזיה התחתית, שם נפח את נשמתו היפה — — —

מלבד מיליוני האנשים שהושמדו על ידי הנאצים בצורות שונות, היו וישנם עד היום הזה קרבנות נוספים. פישל פאריז׳ נמנה על אלה ש„נותרו בחיים״ כאמור רק בגלל כוח רצונו הגדול. הצליח לראות את השיחרור ולהבהב עוד קצת.

חשוב מאוד שנדע כולנו, כי בארצות השונות חיים ועובדים אנ־שים שהנאצים גזלו מהם חלק משנות חייהם והרסו לתמיד את עולמם.

(מתוך ספרו של אברהם לנצמן „נעורים בדרכים״. 1945—1939).

*

פישל פאריז׳ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1895, אין פּיעטרקאָוו. אין זיינע גאָר יונגע יאָרן האָבן זיך זיינע עלטערן אַריבערגעצויגן קיין ראַדאָמסק און איבערגענומען דאָס שפּייז־געוועלב פון זיין זיידן, וואָלף ווינער.

פישל איז גאָר פרי צוגעשטאַנען צו דער „פועלי־ציון״ באַוועגונג און געטריי איר געדינט ביז צו זיין לעצטן אָטעם. אַלס זון פון אַ גאָר־שטרענג פרומען פאָטער, האָבן זיינע פרייע און רעוואָלוציאָנערע איבערצייגונגען אָפט דערפירט צו שאַרפע קאָנפליקטן אין זיין משפחה. זייענדיק ממש „איבערן האַלדז״ פאַרטאָן אין פאַרטיי־אַרבעט, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו דערגענצן זיין פאַכבילדונג אַלס שלאָסער.

ער האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער צו שאַפן „אינסטיטוציעס״ פון סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ווי אַ גמילות־חסדים־קאַסע, פאַר נישט פאַרמעגלעכע חברים, און אַ „לינת־הצדק״, פאַר נאַכט־דיזשורן ביי קראַנקע חברים, אדג״ל.

שפּעטער, ווען ער האָט חתונה געהאַט און זיין פאַמיליע האָט זיך פאַרגרעסערט, איז אים, נאַטירלעך, נישט געוואָרן לייכטער. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט באַקלאָגט. „מען וועט זיך שוין ווי עס איז אַרויספאַרבעטן״, איז געווען זיינס אַ ווערטל.

אין יאָר 1939, ווי עס האָט זיך נאָר אָנגעפאַנגען דאָס פינסטער־ביטערע גהינום, איז פישלס גאַנצע פאַמיליע אומגעקומען. ער זעלבסט, קראַנק און צעבראָכן, האָט איבערגעלעבט די שוידערלעכע יאָרן. אָנהויב 1946 האָט זיך פישל געפונען אין נידערשלעזיע, אין אַ רע־גירונגס־סאַנאַטאָריום פאַר לונגען־קראַנקע. סוף יאָר 1947 האָט ער פאַרלאָזן דאָס סאַנאַטאָריום, איבערגענומען דעם סעקרעטאַר־אַמט פון די לינקע „פועלי־ציון״ אין ליגניץ און געפּרוווט צוריק אויפבויען אַ פאַמיליע־לעבן. מיט דער האָפנונג, אַז זיין געזונט־צושטאַנד וועט זיך ווי עס איז פאַרבעסערן. סוף יאָר 1948 האָט ער אויסגעהויכט די נשמה.

ד. ק.

## ציפלר אריה



נולד בשנת 1900 לאביו פנחס, שהיה מעסקני ה„חברה קדישא״ בעיר. אריה קיבל חינוך מסורתי ב„חדר״ וגם רכש השכלה כללית בגימנסיה־ערב שנוסדה בשנת 1915 ע״י שלטונות הכיבוש האוסטריים.

הוא ידע עברית והיה מחונן באינטליגנציה טבעית. היה בעל השפעה חינוכית וחילק את ידיעותיו שרכש עם אחרים; בעיקר עם הנוער העובד, שלא היתה לו השכלה מינימלית.

לראשונה הכרתי את אריה באסיפת היסוד של „החלוץ״, שזומנה ע״י החבר ורשטצקי ונתקיימה בבית־הכנסת הציוני „בית־יעקב״. בשנת 1924 (תרפ״ד) הוא היה בין החברים המבוגרים יותר שהשתתפו באסיפה הנ״ל, כי רוב־רובם היו בני 16—17 בלבד.

אריה ידע להופיע בציבור, השתתף בוויכוחים, התלהב מהרעיון ונמנה עם חברי הוועד היוזם. הוא לקח חלק פעיל בפעולות „החלוץ״ עד שעבר לגור ללודז׳ (וגם הצטרף לצ.ס. שנוסדה אחר כך). עיקר פעולתו היה בקרב הנוער — ניהל חוגים, הופיע בהרצאות ועמד בראש הסניף.

עקב מצב כלכלי עבר לגור לעיר לודז׳, שם היה מוגבל בזמן ולא הצטרף ל„החלוץ״, אך כל ימיו שאף לעלות ארצה ולא זכה לזה: הוא נספה בשואת יהודי לודז׳.

היה חבר טוב ומסור לרבים.

י. ל.

אַזוי ווי ר׳ ישעיהלע איז געווען שטאַרק מפורסם אין דער לומדישער וועלט מיט זיין גאונות און חסידות, האָט מען באַלד נאָך דער פטירה פון „חוזה״ (תקע״ה), ווען דער עולם האָט זיך צעטיילט מיט דער „ירושה״, געקרוינט ר׳ ישעיהלען אַלס פּושעדבאָזשער רבי. זיין חבר, ווידער, דער „יוד הקדוש״, איז נאָך נתגלה געוואָרן בעת דער „חוזה״ האָט נאָך געלעבט.

ר׳ משה לעלעווער, ר׳ דודלס אַ זון, ר׳ יאָסעלע ניישטעטישער, ר׳ אהרן קראָקאָווער, דער „תפארת־שלמה״, און נאָך אַנדערע גרויסע לומדים און צדיקים, זענען געוואָרן ר׳ ישעיהלעס חסידים און „יושבים״. דער רבי ר׳ ישעיהלע איז געווען כל ימיו אַ יושב־אוהל, געפירט אַ באַשיידענעם לעבן. היות ווי אַלס שטאָט־רב האָט ער געהאַט קוים בצימצום חיונה פון זיין קהילה, האָט ער אויך געמוזט נעמען פדיונות. אָבער דאָס געלט, וואָס ער האָט געמוזט צונויפנעמען פון די אָרעמע, פון די ביטערע הערצער, וואָס זענען צו אים געקומען, האָט ער פאַרווענדעט אויף דברים שבצדקה. ווער ס׳איז אַריין צום רבין ר׳ ישעיהלע הונגעריק — איז אַרויס זאַט. די שטאָט האָט געהאַט גרויס יראת־הכבוד צו אים. נישט אומזיסט: ער האָט אויף זיין קהילה זיין גאַנץ לעבן מגין געווען.

ב.

מען האָט דערציילט אין שטעטל וועגן אים אַ זייער כאַראַקטעריסטישע מעשה. קיין פּושעדבאָזש זענען געקומען דייטשע טוכמאַכערס (אַזוי גערופענע „סוקיעניקעס״) און האָבן דאָרט, נעבן דער פּיליצע, אויפגעבויט אַ טוך־פאַבריק, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ שפע אין דער שטאָט. דערפון האָבן מייסטנס גענאָסן יידן, וואָרעם נישט־קאָנענדיק קיין אַנדער שפּראַך, ווי דייטש, האָבן די דייטשן זיך געקאָנט פאַרשטענדיקן נאָר מיט די יידן. האָבן זיך טאַקע די בעל־הבתישע טעכטער מיט די דייטשן שטאַרק געחברט, אַרומגעשפּאַצירט מיט זיי פראַנק און פריי איבער די גאַסן. דערביי איז אויך קאַרטאָפל אין פּושעדבאָזש טייער געוואָרן, און דער אָרעמאַן האָט נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן קאַרטאָפלעס. דערוויסנדיק זיך דערפון, האָט ר׳ ישעיהלע אויפגעהויבן אַ שטורעם קעגן די יידישע טעכטער און זייערע עלטערן, מוסרנדיק און שטראָפנדיק זיי מיט האַרבע רייד. די דייטשן, דערהערנדיק אַז דער יידישער רבי שרייט געוואַלד, וואָס די יידישע טעכטער חברן זיך מיט זיי, האָבן צום רבין ר׳ ישעיהלע אַריינגעשיקט „גוטע פריינט״, צוזאָגנדיק אים אַ גרויסע אַפּותיקי, אַבי ער זאָל די יידישע מיידלעך לאָזן צורו... כאָטש ר׳ ישעיהלע איז געווען דעמאָלט אַ גרויסער נצרך, האָט ער, פאַרשטייט זיך מיט גרויס פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג און טאַקע פאַרשאָלטן די פאַבריק, אַז זי זאָל איינגעזונקען ווערן...

מיט אַ מאָל — דערציילט ווייטער די לעגענדע — האָט די אַרבעט אין דער פאַבריק אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ: די בעל־הבתים פון דער פאַבריק האָבן געמוזט אָפּשטעלן די אַרבעט, די אַרבעטער זענען צוליב דעם זיך צעפאָרן איבער דער וועלט, און קאַרטאָפל איז טאַקע אויך באַלד ביליקער געוואָרן... ווען די פּושעדבאָזשער יידן פלעגן דערציילן וועגן דעם דאָזיקן מופת, פלעגן זיי צוגעבן: איר קענט נאָך היינט זען די איינגעפאַלענע, מיט גראָז און מאָך באַוואָקסענע טויערן פון דער טוך־פאַבריק, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעבויט און וואָס דער רבי ר׳ ישעיהלע האָט פאַרשאָלטן.

מען פלעגט אויך דערציילן וועגן דעם דאָזיקן צדיק די פאָלגענדיקע פאַסירונג. ווען ר׳ ישעיהלע איז געווען רבי, האָט די מאַכט גענומען פאָדערן, אַז יעדער ייד זאָל זיך אויסוויילן אַ פאַמיליע־נאָמען. דער וואָס איז געווען דער ממונה איבער די „נעמען״, האָט נאַטירלעך דערביי אויך געזוכט אַ ביין אָפּצולעקן. ווען מען האָט אים קיין געלט נישט געגעבן, האָט ער געגעבן אַ מיאוסן ביי־נאָמען, כדי די פאַמיליע זאָל זיך שעמען דערמיט...

ווען מען האָט געפאָדערט פון רבין ר׳ ישעיהלע, אַז ער זאָל זיך אויסוויילן אַ ביי־נאָמען, האָט ער זיך געהייסן פאַרשרייבן: „וועלט־פרייד״. דער באַאַמטער, וועלכער האָט גוט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון דאָזיקן אויסדרוק, האָט נישט געוואָלט דעם נאָמען פאַרשרייבן, וועלנדיק דערפאַר שוחד, אָבער דער רבי, אַ גרויסער שונא־בצע, האָט קיין געלט נישט געהייסן געבן. דער דאָזיקער באַאַמטער איז דאַן פלוצלינג געפערלעך קראַנק געוואָרן און אַ צווייטער, וואָס האָט אים פאַרטראָטן, האָט דעם רבינס נאָמען „וועלט־פרייד״ פאַרשריבן אָן שום ווידערשטאַנד און אָן באַלוינונג...

ג.

מיטן רבי ר׳ ישעיהלע האָט זיך טאַקע די גאַנצע וועלט געפרייט, ער האָט נישט געהאַט קעגן זיך כמעט קיין מתנגדים, ווי די אַנדערע גוטע יידן אין זיין צייט. מיט זיינע תפילות, זאָגן חסידים, האָט ער מבטל געמאַכט אַ סך גזירות אויף יידן. ווער ס׳האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל זיינע, איז שוין געוואָרן געהאָלפן הן מיט פּרנסה, הן מיט אַנדערע ישועות.

כל־זמן ר׳ ישעיהלע האָט געלעבט, זענען די יידן אין פּושעדבאָזש ממש געשווומען אין כל־טוב — אַזאַ שפע פון פּרנסה איז געווען אין שטעטל — אָבער ער זעלבסט איז געווען אַ שמח־בחלקו. ווען ר׳ יעקל ווידאַמער האָט זיך באַזעצט אויף יענער זייט שטאָט (אין דאָרף ווידאַמע), הינטער דער פּיליצע, און אָנגעהויבן פירן רבישקייט, געבנדיק ברכות און סגולות, האָט זיך ר׳ ישעיהלע דערפון גאַנץ ווייניק געמאַכט... אַדרבה, זאָל נאָך אַ ייד אַ צדיק מגין־זיין אויף דער זינדיקער וועלט... אָבער ווען מען האָט אים צוגעטראָגן, אַז ר׳ יעקעלע ווידאַמער חנפעט זיך צו אים, האָט ר׳ ישעיהלע געענטפערט אויף האַלב־פּויליש און האַלב־העברעיש: „טו יאַק טו, ותם מה הוא אומר״ — ד.ה. דו ווי דו, אָבער ביי זיך וואָס זאָגט ער? (אויפן רבישן שטייגער האָט ער אים געוואָלט אַ שטאָך געבן, אָנרופנדיק אים „תם״).

אין עלטער פון 75 יאָר איז ר׳ ישעיהלע נפטר געוואָרן (ד׳ אלול תקצ״א). ביי זיין קבר שטייט אַן „אוהל״, צו וועלכן דער פרומער עולם פלעגט עולה־רגל־זיין.

ד.

דער רבי ר׳ ישעיהלע האָט געהאַט אַן איינציקן זון, ר׳ עמנואל, וועלכער איז ביי דער פטירה פון זיין פאָטער געווען נאָך יונג און דעריבער האָט ער נישט געוואָלט איבערנעמען דאָס רבנות אין פּושעדבאָזש. האָט דערווייל פאַרטראָטן זיין אָרט ר׳ משהלע לעלעווער, און ערשט נאָך זיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל איז דער רבי ר׳ עמנואל געוואָרן דער ממלא־מקום פון זיין גרויסן פאָטער. אין עלטער פון 63 יאָר איז ר׳ עמנואל נפטר געוואָרן אין וואַרשע (כ״ז שבט תרכ״ה) און איז דאָרט געקומען צו קבורה (זיין „אוהל״ געפינט זיך נישט ווייט פון וואָרקערס „אוהל״).

זיין זון, ר׳ אברהם־משהל וועלטפרייד, דער ממלא־מקום פון ר׳ עמנואלן, איז דורכגעגאַנגען אין זיין לעבן גרויסע נסיונות.

ווען ער האָט (אין יאָר 1872) געוווינט אין שטעטל סולעיאָוו, נעבן פּיעטריקאָוו, האָט מען אויף אים געמאַכט א בלוט־בלבול. ס׳איז גראָד פון שטעטל אַוועקגעקומען אַ שייגעצל, און דאָס איז געווען פאַר פּסח. האָט מען באַשולדיקט דעם „ראַבין״, אַז ביי אים האָט מען ס׳קינד געשאָכטן „אויף בלוט צו מצות״. דער המון איז באַפאַלן צום סדר דעם רבין, מען האָט אַלץ אין זיין שטוב דעמאָלירט און צוגערויבט, געריסן די פּאָדלאָגע און די ווענט. צומאָרגנס האָט מען געפונען דעם שייגעצל אַרומבלאָנדזשען אין שטאָט־וועלדל.

ר׳ אברהם־משהל איז דערנאָך געוואָרן רבי אין פשעדבאָזש, אָבער צוליב געוויסע סיבות האָבן די דאָרטיקע „פני" גערודפט אים און פאַריאָגט פון שטעטל. דאַן האָט זיך ר׳ אברהם־משהל מיט זיין הויף באַזעצט אין ראספשע (דעריבער האָט מען אים אויך גערופן: „ראספשער רבי"). אָבער אויך דאָ האָט ער נישט געהאַט גרויס נחת, כאָטש די שטאָט גופא האָט אים שטאַרק נוהג־כבוד געווען.

צוערשט האָט אים דאָרט געטראָפן אַזאַ מין זאַך: אַ שבת־גויע פלעגט קומען הייצן ביים רבין אין ווינטער אין אויוון. איינמאָל האָט די רביצן איר מכבד געווען על־פי־טעות מיט אַ גלעזל לאיעק (אַ סם, מיט וועלכן מען האָט געפוצט דאָס קופּער) אָנשטאָט מיט בראָנפן, און די גויע איז דערפון געשטאָרבן. די אָרטיקע גויים האָבן זיך באַלד געוואָרפן אויפן רבינס הויז. אָבער דעם רבין איז גע־לונגען מיט פאַרשידענע מיטלען דעם כעס און צאָרן פון דעם המון איינצושטילן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אויסגעקומען דעם אַלטן רבין מיט זיין הויף צו הונגערן. באַנדיטן זענען באַפאַלן מיט גע־ווער זיין וווינונג, זוכנדיק געלט אין דער געפאַנצערטער קאַסע. דער רבי האָט דאַן פאַרלאָזט ראספשע און באַזעצט זיך אין ראַדאָמסק. זיינע פשעדבאזשער שונאים האָבן געהאַט חרטה אויף זייערע אַלטע זינד, מפייס געווען דעם רבין און האָבן אים צוריק גענומען קיין פשעדבאָזש, דאָרט איז ער נפטר געוואָרן כ״ב תרע״ח, אין עלטער פון 78 יאָר. כאָטש ער האָט פאַרזאָגט, אַז מען זאָל אים נישט קובר־זיין אין „אוהל" פון זיין גרויסן זיידן, האָט אָבער אַ בית־דין גע־פסקנט, אַז אים קומט הייליק דאָס אָרט אין „אוהל".

דער רבי ר׳ אברהם־משהל איז געווען אַ גרויסער חכם. א גאַנצע וועלט איז צו אים געפאָרן און אַפילו קריסטן האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן. אַ געוויסער פריץ פון יענער געגנט, טוראבאָווסקי, האָט גאָרנישט געטאָן און באַשלאַסן נישט האַלטנדיק פריער אַן עצה מיטן ראספשער „פּראָראָק". פירנדיק פּראָצעסן וועגן ירושה־מאַיאָנטקעס, האָט דער פריץ — ווי ער האָט שטענדיק באַטאָנט פאַר זיינע קריסטלעכע פריינט — אין זכות פון ראספשער רבין זיי אַלע געוואונען... ווען ער האָט נאָך דער פטירה פון ר׳ אברהם־משהל פאַר־שפּילט אַ פּראָצעס, האָט ער אויסהערנדיק דעם אורטייל, אין גרעס־טער אויפרעגונג אויסגעשריען אין געריכט: „כל־זמן מיין רבי האָט געלעבט האָט קיין שום געריכט נישט געהאַט קיין שליטה איבער מיר" און דערביי האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט. דער דאָזיקער פריץ פלעגט אָפט באַזוכן דעם קבר פון „זיין רבין" און אויסוויינען דאָרט זיין ביטער האַרץ...

„דעם ראספשערס" זין זענען געווען: דער פאביאניצער רבי און דער טאָמאַשאָווער רבי, און דער רבי ישראל׳טשע פון ראַדאָמסק.

**י. פיינקינד**




טחנת־קמח ליד קמינסק.

# קלשצ׳וב

בקלשצ׳וב גרו יהודים מזמנים קדומים. הם עסקו בעיקר בחקלאות ודרך אגב גם במסחר ובמלאכה. בשנת 1897 נמצאו בקלשצ׳וב 512 תושבים ובתוכם 226 יהודים. בשנת 1917 נמצאו שם 375 יהודים. בזמן המלחמה העולמית הראשונה, גורשו היהודים מהעיירה בכוח, על־ידי הצבא הרוסי, והונם נשדד עד היסוד.

(צ.מ.ר.)

# קמינסק

בקמינסק גרו כבר יהודים במאה הי״ח.

מסורת מספרת, כי באותן השנים, באו שני יהודים אחים מגרמניה, וקנו בסביבת קמינסק יערות והתישבו שם. הם הביאו מלמד לילדיהם, ולאט לאט גדל הישוב. ומפני שהיהודים האלה נקראו בשם קמינסק, נקרא גם הישוב על שמם. עד היום נשארו יהודים רבים יוצאי עיירה זו בשם קמינסקי.

את מתיהם קברו יהודי קמינסק בבית העלמין ברוזפשא או בסולמירזיץ. בית העלמין בקמינסק הוא מתקופה מאוחרת. המצבה העתיקה ביותר היא משנת תקצ״א (1831). פנקס ה„חברה קדישא" התחיל משנת תר״ה (1845).

בעיירה קמינסק כיהן כרב הרב ר׳ חיים מוולברום, מתלמידי ה„חוזה" מלובלין ורבי מאיר מאפטא. הוא חיבר ספר בחסידות בשם „זכרון חיים". היה מפורסם כ„בעל מופת". חסידי קוצק התנגדו לר׳ חיים והוכרח לעזוב את קמינסק ולעבור לוולברום. רב מפורסם בקמינסק היה ר׳ ישראל שטיגליץ, תלמיד חכם ופיקח, מחשובי הרבנים בסביבה, מחסידי ראדומסק. בגלל פקחותו היו באים להשפט אצלו בעניני מסחר מסובכים. ר׳ ישראל כיהן ברבנות למעלה מארבעים וחמש שנה.

שלושה בתי כנסת היו בקמינסק וכולם נשרפו בזה אחר זה. בשנת 1856 (תרט״ו) נמצאו בקמינסק 689 נוצרים, 531 יהודים; בשנת 1897 — 1064 נוצרים, 787 יהודים; בשנת 1917 הגיע מספר היהודים ל־1143. האוכלוסיה היהודית עסקה בעיקר במלאכה: חייטות, סנדלרות ומסחר זעיר. הרב האחרון היה ר׳ ראובן רבינוביץ מידלינסקי.

(צ.מ.ר.)

## עיירתי קמינסק

עיירתי הקטנטונת, שאף את שמך המדויק לא אדע. בשמות רבים כינו אותך: קמינסק, וויציחוב, קלטנה גומוניצה. על מה באו לך שמות רבים אלה לא אדע עד היום...

בקמינסק היו מספר קטן של משפחות יהודיות מתוך מספר כולל של 400 משפחה. אך איש מהבאים לקמינסק לא שיער שהיהודים בה מהווים רק אחוז קטן ואף אנו ילדי המקום הרגשנו עצמנו בטוחים כאילו היתה העיירה יהודית טהורה. לאנטישמים לעגנו והיינו מלאי בטחון בכוחנו ובמעמדנו.

אף כי לא רבים היו בני המעמד המבוסס מבחינה כלכלית שלטו היהודים בענפי הכלכלה של העיירה, שהיתה מוקפת כפרים נוצריים רבים. המנסרה הגדולה של הורי העסיקה מאות פועלים נוצריים, ואלה, בשל היותם עובדים אצל בעלים יהודיים, הרכינו

ראשם גם בפני יהודים אחרים. היה בעיירה גם בית חרושת גדול לרהיטים, ששמו נודע בפולין כולה והוא וויציחוב (מכאן אחד השמות של העיירה), שאף הוא העסיק מאות פועלים. מבין כל הפועלים שעבדו בוויציחוב אינני זוכרת אף פועל יהודי אחד, כי פועל תעשיה יהודי פשוט לא היה בנמצא. היהודים עסקו, כאמור, בתעשיה כבעלים, כפקידים, כסוחרים, כבעלי מלאכה וכמלמדי דרדקי.

היו בעירנו יהודים שפרנסתם היתה בשפע רק בחדשי הקיץ, עת התקבצו ובאו ליערות קמינסק מאות נופשים. אז הפכו רבים מהתושבים היהודים לבעלי פנסיונים ומלונים, וסתם משכירי דירות ובימות החמה צברו סכומי כסף למחיתם.

לעומת הבדלי המעמדות שהיו בקמינסק לא היתה בה מלחמת מעמדות. היתה אחוה יהודית גדולה. עשירים וקבצנים התפללו באותן ה„שטיבלעך”, ילדיהם למדו באותו ה„חדר”, וחתונה או לוויה בעיירה אם היתה אצל עשיר או עני, כינסה את כל היהודים שהיו שותפים לצער ולשמחה.

מי מבני קמינסק לא יזכור את חג „שמחת־תורה” בעיירה? יהודים היו שותים לרוב ורוקדים בחוצות העיירה כשהם חובקים בעוז את ספרי התורה לגופם, לבושים קפוטת משי וכומתת שערות הקרויה „שטריימל” חבושה לראשם. בהתלהבות היו רוקדים כשהם דבקים בתורה ושוכחים כדי־כך את תלאות השנה ואת פגעי החורף המתקרב, שלרבים היה קשה מבחינה חמרית.

הנוער היהודי בקמינסק, ביחוד הבנות, למדו בבתי ספר תיכוניים בראדומסק הסמוכה או בצ׳נסטוחוב המרוחקת יותר. בין קמינסק וראדומסק היתה מהלכת רכבת מיוחדת בת שני קרונות להסעת התלמידים לגימנסיה עם בוקר והחזרתם לביתם בשעות הצהרים. בקרונות אלה היוו הגויים רוב מוחלט ולכן היתה האוירה אנטישמית מובהקת.

כך חיו יהודי קמינסק על הנוער שבו, בלי מסגרת ארגונית ובלי לדעת על ההתעוררות הגדולה שבאה עקב הצהרת בלפור וראשית העליה השלישית לארץ־ישראל. מבני משפחות העשירים למדו הבנות בגימנסיות והבנים בישיבות ולעומתם למדו בני עניים מלאכה או מסחר והמשיכו לעסוק במקצועות בהם עסקו הוריהם.

*

בראשית שנות העשרים, קם בחור אחד אברהם אנקר ז״ל, בן להורים אמידים בעלי אחוזה בסביבה, שהתגוררו בקמינסק, והביא לאחוזתם (לאנקבה) קבוצת־הכשרה מ„החלוץ”.

אנשי הקבוצה התגוררו בבית קטן שהיה שייך למשפחת אנקר ועבדו בעבודות שונות שהיהודים במחוזנו לא הורגלו בהן — כרתו עצים ביער, עבדו במנסרה ובשדות של משפחת אנקר הציונית.

קרבת לאנקבה לקמינסק הביאה מדי פעם את החלוצים לעיירה והדבר הביא למפנה בהלך המחשבה של בני הנוער. השיר העברי בשפתי הבחורים בעלי החולצות השחורות והבנות בעלות הפנים השזופות עוררו תסיסה בקרבנו.

חברי ההכשרה ניסו, בעזרת חברים מפועלי ציון ימין מבלחטוב, להקים סניף פועלי ציון צ. ס. אך הדבר לא נתקבל על לב הנוער המקומי, כיון שהיה כרוך במלחמת מעמדות. בני קמינסק לא ראו באותם ימים אפשרות להצטרף למפלגה שחרטה על דגלה מלחמת מעמדות, כיון שהמציאות היהודית בגולה לא היתה רקע מתאים לסיסמא זו ואף לא היה במי להילחם. הדאגה היסודית חייבת היתה להיות נתונה לפרודוקטיביזציה של ההמונים של אותם היהודים שהיו סוחרים ורוכלים בכורח המציאות המרה של חיי הגולה, שלא נתנה להם להיאחז בצורת חיים אחרת, טובה הימנה. הרגשנו אז שמתפקידה של מפלגה ציונית הוא לפקוח את עיניהם של בני העיירה לראות את הכיעור של חייהם ולעורר בלבם את השאיפה לברוח מצורת חיים זו ולחתור לקראת התחדשות במולדת הנבנית. אף על פי כן נתנה התסיסה שהביאה עמה קבוצת ההכשרה את פריה ובהש־פעת חברים מראדומסק, וולקוביץ וחשצבצקי, קמה מפלגה ציונית בשם „התאחדות” ובני העיירה הצטרפו אליה בלב שלם, שכן ראו בה אפשרות לאגד את הנוער מבני העשירים ומבני דלת העם כאחד. במקום ה„התאחדות” ועם ייסודה (בפולין הקונגרסאית) של תנועת „גורדוניה” — הצליחו שתי תנועות אלו להקיף כמעט את כל הנוער פרט לאחד או שניים שנתפסו לרעיון הקומוניסטי, ומעטים אחרים שמפאת היותם אדוקים בדתם, אירגנו סניף של „צעירי מזרחי”.

בינתים קרה אסון כשמיסדה של קבוצת ההכשרה בסביבה א. אנקר נרצח בידי גויים בני בליעל. לא אזכור עוד אם היה זה בכוונת שוד או רצח לשם רצח. מעשה הרצח הביא בלב הנוער את הרצון להקים מצבה חיה לנרצח ולשם־כך נשכר חדר להקמת ספריה על שמו. החדר והספריה שבו ליכדו את כל בני הנוער; שם התאספו חברי „התאחדות”, „גורדוניה” ו„צעירי מזרחי” ונערכו הרצאות על נושאים שונים. הוקם גדוד קק״ל שהצטיין בפעולתו ונוסדו שיעורי ערב לעברית, שהרוח החיה בהם היה בחור עדין־נפש וחריף מחשבה מיכאל וינטרויב. מיכאל היה משכיל במובן הטוב של המלה; הוא היה המרכז והמפעיל של כל הפעולות בעיירה. חבר „צעירי מזרחי” היה אך טיפל בנאמנות בחברי „גורדוניה” ו„התאחדות” והיה מורשה של הקק״ל. הוא גם נתן שעורים בעברית בהתנדבות, למרות שמצבו החמרי היה קשה ושימש כפקיד במנסרה, שכן מוטלת היתה עליו פרנסת אם זקנה מוכת נפש. בשל מצב בריאותו לא זכה לקבל „סרטיפיקט” והלך יחד עם כל בני העיירה לטרבלינקי. מיכאל היה אידיאליסט במובן הנעלה של המלה. חתום היה על עתון עברי ובקיא בכל הנעשה בארץ־ישראל כאילו היה אחד מאזרחיה. באהבה רבה לימד אותנו את השפה העברית והשעורים שלו בתולדות הציונות היו לשם דבר. מדי שבת, אחר הצהרים, היה מתאסף הנוער לשמוע שעור בהיסטוריה העברית, בתולדות הציונות, והנואם ברוב אהבתו את הארץ היה מלהיב את שומעיו, בני־הנוער.

כך היה לראש המדברים והעושים בכל מפעלי הנוער. כאילו היה זה היום אזכור עוד את נאומו של מיכאל ביום פתיחת האוני־ברסיטה בירושלים. הבאנו את כל יהודי העיירה ואפילו את האדר־קים שבהם לידי כך שידליקו נרות על אדני החלונות כנהוג בימי חנוכה כאות לחג ולנס.

התלהבות עצומה אחזה אז בכולנו וביתר עוז חדרה בנו ההכרה על ההכרח שבעליה לארץ. אילולא המצב האומלל שרק אחד מכל 100 מועמדים זכה לקבל סרטיפיקט היו רוב בני קמינסק נמצאים כיום הזה אתנו כאן. חוסר התקוה לעליה הביא את הנוער ליאוש ולאט לאט התחילו לבנות את חייהם בגולה. עד אשר בא ההרג הגדול והעיירה על יהודיה כולם נמחתה מעל פני האדמה.

*

בני עיירתנו הצטיינו מכל יתר בוגרי המחוז בעבודתם למען הקרן הגואלת — הקרן הקיימת לישראל; הקופסה הכחולה היתה אזרח כבוד ברוב רובם של בתי התושבים. מארגנים היינו ימי סרט ועצרות־עם כולם קודש למטרה זו. נהוג היה בפולין בימים ההם להטיל מכסה מסויימת שאותה יש לאסוף מדי שנה. אנו בני קמינסק, עברנו על המכסה פי כמה וכמה. אולם לא רק לרעיון הקהק״ל היינו מסורים. כל מפעל ציוני מצא בנו מבצעים נאמנים.

לא חסרו בקמינסק גם יהודים שונאי ציון. אין כוונתי דווקא לאותם שנים שלושה קומוניסטים שהיו בינינו, אלא לחסידי גור. אלה הפריעו לנו לא במעט; וביחוד אזכור את היהודי הקנאי ר׳ אהרן, אשר מדי התקרבו למועדון הציוני עבר למדרכה השניה, באומרו שיהודי שומר מצוות אינו עובר ליד „טומאה” (הכינוי לכנסיה נוצרית). בני הנוער ידעו ללחום בתופעות מסוג זה והדבר לא הפריע בעדם מלהשיג מטרותיהם.

בנות העיירה אף הן הצטיינו בכל שטחי הפעולה. ידיעות הגיעו אליהן על תנועת הפועלות בארץ ישראל וספרה של עדה

פישמן, כעת מימון, היכה גלים. הרגשנו כי לגבינו המהפכה היא כפולה ומכופלת. שחרור האדם היהודי ושחרור האשה שדורות על גבי דורות היה מעמדה בבחינת „כבוד בת מלך פנימה" וכך הן זנקו ועמדו בראש כל הפעולות.

עולה בזכרוני מקרה אופייני לאותה תקופה. היה זה בימי הבחירות לסיים הפולני; היהודים מכל הזרמים הופיעו בבלוק לאומי שבו השתתפו כל המפלגות היהודיות, החל מ„אגודת ישראל", אני בשם ה„התאחדות". אף כי לא היה זה לפי רוחו של אבי ז"ל, לשבת עם נשים באסיפות, גאה לבו על שבתו לבה היה נתון לעניני עמה. היה זה בחול המועד פסח, ואבי לקחני שאלך לס־עוד עמו אצל ידידו מ„אגודת ישראל". בשעת הארוחה התפתחה שיחה על הדור הצעיר ועל הקושיות שהוא מקשה בהן בשעת קריאת ה„הגדה". אחדים מהמסובים סיפרו על הכלימה שגורמים להם בניהם בעת שהם מקשים את הקושיות. פתח אבי ואמר: לא רק בנים מקשים. הרי לפניכם בתי זו היושבת לפניכם אף היא „מקשה" לא במעט בשעת קריאת ההגדה בליל הסדר. קפץ הדיין שנוכח באותה ארוחה ושאל: הייתכן. רב מנדל, שבתך למדה טפלות, שהרי כתוב בפירוש שכל המלמד את בתו תורה כמלמדה „טפלות". ולעולם לא אשכח את תשובתו של אבא: „הרי כתוב „טפלות" ואם לימדתיה „טפלות" הרי מוטב שלמדה משלא למדה. הלוואי ירבו כמותה בגולה ולא היו יוצאות בנות רבות לשמד ולתרבות רעה שכן רק הקשר עם לימודי היהדות והשפה העברית שמרו על הדור מהתבוללות".

בקיץ 1937 ביקרתי בבית הורי בקמינסק, לאחר שמונה שנות חיי עבודה בארץ. מצאתי בה אותה שאיפה ציונית מפעמת בלב בני הנוער הבוגרים. המצב החמרי אצל רוב בני העיירה קשה היה. האנטישמיות הרימה ראש וגם היהודים העשירים התדלדלו ומוצא אין. שערי ארץ ישראל נעולים היו. ועדת פיל הכינה אז את תכנית החלוקה ותקוה קלושה התעוררה בלב בני העיר שמא יוחלט על חלוקת הארץ ותקום מדינה קטנטונת אך יהודית. בקנאה ובהע־רצה הסתכלו בכל הבא מן הארץ. לקבלת פני יצאו כל בני העיירה, זקן, נער וטף לא היה כל ספק בלבי שלא התכוונו לחלוק לי כבוד אישי. היה זה ביטוי של ערגה וגעגועים לארץ השמש, לארץ תקוות אבות ובנים.

לא זכו בני קמינסק היקרים להגשים חלומם ולא זכה מיכאל שהחדיר בלבות שני דורות ערגה לארץ ישראל — לחזות בקום מדינת ישראל. בודדים בלבד הגיעו לארץ לפני השואה ומעטים אחרים הגיעו אליה לאחר תלאות רבות שעברו עליהם בימי הצורר האיום. רובם הושמדו במשרפות טרבלינקי, אליהן הובאו יחד עם בני ראדומסק הסמוכה.

יהי זכרם הטהור של יהודי קמינסק, וכן זכרם היקר של משפחתי, חברותי, צרורים בצרור החיים של מדינת ישראל.

**פסיה ישורון (יוסטמן)**

## רוזפשא

רוזפשא — עיירה קטנה בסביבת ראדומסק — פיוטרקוב מנתה בתקופה האחרונה 955 תושבים ורובם יהודים (593). היתה זו קהילה עתיקה וגדולה בשנים מפיוטרקוב הגדולה. בסביבה ידוע הפתגם: „רוזפשא עתיקה מפיוטרקוב". רוזפשא נחשבה עד שנת 1875 לעיר, אולם מאז נחשבה למקום ישוב (osada). העיר נזכרה כבר בתעודות עתיקות החל משנת 1065 ואז נחשבה ל„כפר ממלכתי". משום זה יכלו היהודים, כבני חסותם של מלכי פולין, לגור ברוזפשא בלי מפריע ומבלי לשלם ל„פריצים" הפיאודלים שום תשלום.

כנראה גרו היהודים ברוזפשא עוד לפני מלחמת השוודים— הפולנים (1655). ליהודים היה כאן בית קברות מיוחד, שנמצא על יד היער בדרך לפיוטרקוב. היהודים שגרו בפיוטרקוב קברו את מתיהם בבית הקברות ברוזפשא. ויש אומרים שגם אפרו של הקדוש ר' מתתיהו קלהרי, שנשרף בפיוטרקוב על קידוש השם, על גידוף הדת הנוצרית, נאסף על ידי אמו ונקבר ברוזפשא.

בבית הקברות האחרון המצבה העתיקה ביותר היתה משנת 1769 (תקכ"ט).

בשנת 1782 (תקמ"ב) נוסדה „חברה קדישא" ברוזפשא, כפי שנזכר בפנקס החברה שנשרף בשריפה בשנת תרפ"ח.

בית הכנסת האחרון הוקם בשנת 1898 — תרנ"ח, על מקום בית הכנסת הישן שנשרף בשנת 1884—תרמ"ד. בבית הכנסת נמצא לוח כסף על ספר תורה משנת 1714—תע"ד.

הרבנות ברוזפשא עברה בזמן האחרון בירושה מאב לבן. החל מר' אלעזר מלונטשיץ, בנו ר' יחיאל מיכל (מת 1831—תקצ"א), חתנו ר' אליה זיסקינד מחמלניק (חמלניצקי) ואחריו בנו ר' יעקב יצחק (מת 1913). רבה האחרון של רוזפשא היה ר' שמואל דוידוביץ חתן קודמו.

בפנקס „חברה קדישא" ברוזפשא נרשם, שלפני הרב ר' יעקב יצחק חמלניצקי, כיהן כרב ר' חיים מנחם לאנדו מנשלסק, אולם בגלל הלשנה נגדו שהשתתף במרד 1863 לטובת הפולנים, הוגלה הרב על ידי השלטונות הרוסיים. מטעם זה נאסר על המלשין וצאצאיו להת־קבל כחברים ב„חברא קדישא".

במאה ה־18 היו חברי אגודת האומנים ברוזפשא ברובם יהודים. לפי ידיעה סטטיסטית משנת 1829 מנתה רוזפשא 204 יהודים, 210 נוצרים, ביחד 414 תושבים בגיל שלמעלה מארבע עשרה.

בשנת 1834 מנתה האוכלוסיה 376 תושבים וביניהם 186 יהודים. לפי משלוח ידם: 1 סוחר, 4 אופים, 9 בעלי מלאכה (סנדלרים, חייטים, כובענים, פרוונים ועוד), 3 מוזגים, 1 עושה אוכפים, 4 מעבדי עורות, 3 רוכלים, 1 מנגן, 2 נפחים, 1 קצב.

יהודי רוזפשא עסקו גם בחקלאות ועיבדו את שדותיהם שהיו להם בירושה משנים קדמוניות.

בשנת 1856 גרו בעיר 247 יהודים, 166 נוצרים; בשנת 1897 — יהודים — 557 ונוצרים — 344.

בשנת 1917 הגיעה האוכלוסיה היהודית ל־930, אולם בימי מדינת פולין שוב ירד מספר היהודים בעיירה ל־70 משפחות.

בסביבת רוזפשא נמצאו הישובים: גורזקוביץ, ניחציץ, פרזני־ביצה, רנטשנא ועוד. פרזניביצה היתה אחוזת יהודי בשם זלמן אברמזון שישב במקום יהודים, במחצית הראשונה של המאה הי"ט. אחרי מכירת האחוזה וחלוקתה נשארו במקום שתים עשרה משפחות יהודיות.

בשנת 1917 נמצאו בגורזקוביץ 961 יהודים. בניחציץ וניסקי 215 יהודים, בפרזניביצה 139 יהודים וברנטשנא 35 יהודים.

בשנת 1927 היה תקציב הקהילה היהודית ברוזפשא 5,531 זהובים פולניים, שנגבו מ־175 משלמי מס, מהם היו ברוזפשא 65 משלמים, בגורזקוביץ 76, ברנטשנא 15, במסלוביץ 5 ועוד. בשנת 1928 הגיע התקציב ל־18 אלף זהובים. בשנת 1928 נשרפו בתי היהודים כולם *.

**(צ.מ.ר.)**

* החומר לרשימה זו על רוזפשא לוקט מתוך ה„סלובניק הגיאוגרפי" של פולין וכן מתוך ספרו של מ. פיינקינד (בפולנית) „תולדות יהודי פיוטרקוב והסביבה". אחד מנכבדי רוזפשא היה החסיד ר' גרשון לנדו, נכדו של ר' יצחק הלוי לנדו אב"ד בקראקא, המוזכר ב„אהל שלמה" הנ"ל.

# שצ'ולקוב־פודשווירק

בכפר שצ'ולקוב שעל־יד פלאוונא גרו יהודים אחדים. הכפר נתפרסם באגדה אחת, המסופרת בפי כל יהודי הסביבה והנה המעשה:

לפני שנתגלה ר' משה מלילוב, בנו של ר' דוד מלילוב, היה מלמד תינוקות בכפר שצ'ולקוב. הוא היה צנוע בהליכותיו ואף אחד לא ידע שר' משה הוא בנו של ר' דוד וחתן ה„יהודי הקדוש" בפשיסחה. ר' משה ישב על התורה והעבודה וחי חיי צמצום. פעם אחת בא ר' דוד'ל לבקר אצל בנו. ר' דוד יצא בלילה מלילוב וביום ששי בבוקר השכם, הגיע לכפר פודשווירק הקרוב לפלאוונא. הימים היו ימי חורף והקור גדול. ומכיון שבשצ'ולקוב לא היתה מקוה, שיבר ר' דוד'ל את מכסה־הקרח שעל הנהר הסמוך וטבל בנהר לכבוד שבת. באותו רגע עבר בקרבת הנהר הכפרי ר' יעקב מפודשווירק והנה ראה לתמהונו, שיהודי יוצא מהנהר כשהוא קופא מקור. ר' יעקב ירד מיד מהעגלה, הלביש במהירות את ר' דוד'ל בפרוותו החמה, העלהו על העגלה, הביאו לביתו והושיבו ליד התנור להתחמם. שאל ר' יעקב את ר' דוד: למי באת לשבת? — לבני ר' משה המלמד — ענה ר' דוד'ל. ובמה הנך מתפרנס? שאל ר' דוד'ל את ר' יעקב. האחרון התחיל לספר לו על פרנסתו הדלה, מהמחלבה, ועל עבודתו המפרכת. ר' דוד'ל חשב ואמר לו: — ר' יעקב הגיע כבר הזמן שתקנה את האחוזה בפודשווירק ותהיה ל„בעל אחוזה" של הכפר. ר' יעקב פרץ בצחוק בשמעו את דברי ר' דוד'ל וחשבו לבלתי שפוי בדעתו. אולם ר' דוד'ל עמד על דעתו: הגיע הזמן שתהיה לבעל־אחוזה ומה' לא יפלא דבר.

הכפר פודשווירק היה שייך אז לבעל־אחוזה, אציל־פולני, שגר בקראקא ורק לעתים רחוקות בא לבקר באחוזתו. באותה שבת בא לכפר ה„פריץ" ודרש דין וחשבון ממנהל האחוזה. מהדו"ח נודע ל„פריץ" שכל נכסיו מתבזבזים והולכים לטמיון בשעת העדרו מהכפר. והנה באותו ליל שבת שמע ר' יעקב דפיקות בדלת בחצות הלילה. ר' יעקב התעורר בבהלה, ומה התפלא לראות את שליחו של הפריץ עומד על סף ביתו ומצווה אותו לבוא לארמון האציל, כי דבר דחוף אליו מאת ה„פריץ". ר' יעקב חשב בלבו כי בודאי עומדים לגרשו מהכפר ולקפח את פרנסתו. בפיק ברכים מיהר ר' יעקב לבית הפריץ.

כשעמד ר' יעקב לפני הפריץ, הציע לו האחרון לקנות את האחוזה, כי נמאסו עליו ההוצאות המרובות והבזבוז הרב, שנוהגים באי־כוחו באחוזתו. ר' יעקב הסביר לפריץ, שאין לו כסף כדי קנית אחוזה גדולה כזאת. הפריץ אמר לו, שהוא מוכן למכור לו את האחוזה בתשלומין והגביל לו זמן לבוא אליו ביום שני הבא, לקראקא, כדי לגמור את המכירה. ר' יעקב נזכר עכשיו בדברי הצדיק ר' דוד'ל מלילוב ומיד במוצאי שבת רתם את העגלה ונסע לשצ'ולקוב לשאול בעצת ר' דוד'ל.

ר' דוד'ל ישב אז בסעודת מלוה מלכה ושר „זרענו וכספנו ירבה כחול" ו„אל תירא עבדי יעקב". ר' יעקב סיפר לר' דוד'ל על ה„שגעון" של הפריץ, שהתעקש דווקא למכור לו את אחוזת פודשווירק. ר' דוד'ל זירז את ר' יעקב ואמר לו שיסכים לכל התנאים של הפריץ וברכהו בעושר ובכל טוב.

ביום שני נסע ר' יעקב לקראקא, קנה את האחוזה בתשלומין של אלף זהובים לשנה עד שנת מותו של הפריץ. אולם אחרי שנים אחדות מת הפריץ ואחוזת פודשווירק נשארה בידי ר' יעקב וצאצאיו.

צאצאי ר' יעקב מפודשווירק היו: ר' אליהו מפודשווירק, משפחת ר' יוסף רוזנבוים, משפחת ר' בעריש פישמאן, — כולם חסידים ואנשי מעשה, עשירים ובני תורה. „פריצים" יהודים — שעסקו בתורה ובעבודה ובגמילת חסדים.

**צ. מ. רבינוביץ**

# ר' דודל לעלעווער

### א.

איידער ר' משהל לעלעווער, ר' דודל לעלעווערס אַ זון, איז עולה לגדולה געוואָרן אויף דעם פּאָטערס אָרט, איז ער געווען אין דאָרף שטשולקאָוו. נעבן פּלאָוונע, אַ דרדקי־מלמד. קיינער האָט אין דאָרף נישט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער אָרימער מלמד איז אַ זון פון ר' דודל לעלעווער און אַן איידעם פון „יוד הקדוש", פון פשיסכע — אַזאַ עניו איז געווען ר' משהל. געזעסן איז ער זיך אין דאָרף על התורה ועל העבודה, אָפּגעטאָן פון כל תאוות שבעולם, און דאָרט געהונגערט צוזאַמען מיט זיין ווייב און קינדערלעך.

האָט זיך איינמאָל ר' דודל לעלעווער פאַרגלוסט צו זעען, וואָס זיין זון מאַכט, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב פאַרטאָג, אין אַ ווינטער־פרייטיק, ווען דער פראָסט האָט געקנאַקט, און הענדום־פענ־דום געלאָפן קיין שטשולקאָוו. דער וועג צו דעם דאָזיקן דאָרף האָט געפירט דורך פּאָדשווירק, און ווען ער איז אָנגעקומען אַהין, האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. דערזעענדיק נעבן פּאָדשווירק אַ טייך, האָט ר' דודל אויפגעהאַקט אַ שטיק אייז און זיך געטובלט לכבוד שבת, מחמת ער וואָלט שוין נישט באַוויזן זיך צו טובלען אין שטשולקאָוו, אַ מהלך רב פון פּאָדשווירק. גראָד אין דער צייט ווען ר' דודל האָט זיך געטובלט, איז פאַרבייגעפאָרן מיט זיין פערד־און־וועגעלע דער פּאָדשווירקער „שווייגער" (מילך פּאַכטער) ר' יענקל, פירנדיק זיך אַהיים אַ ביסל האָלץ פון אַ דערבייאיק וועלדל. דערזעענדיק, ווי אַן אַלט יידל, מיט אַ גרייז־גרויער באָרד, קריכט נאַקעט אַרויס פון דעם פאַרפרוירענעם טייך, ציטערנדיק פאַר קעלט, איז „דער שווייגער" אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין וועגעלע, אויף־גיך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן זיין ד'ובליאַנען־פעלץ און איינגעהילט אין אים דאָס פאַרציטערטע יידל. אַראָפּוואַרפנדיק דאָס האָלץ פון וואָגן, האָט ער אים אויך וואַ־רעם אַרומגעגעבט מיט שטרוי און היי און געיאָגט די שקאַפּע, כדי וואָס גיכער ברענגען דעם פאַרחלשטן קיין פּאָדשווירק.

אין שטוב ביי זיך האָט „דער שווייגער" דערוואַרעמט ר' דודל לעלעווערן מיט וואַרעמפּלעשער און הייסן טיי. ווען ער איז געקו־מען צו זיך, האָט ר' דודל אויסגעפרעגט ביים אַרענדאַר ווי ס'גייט אים מיט פּרנסה אאַ"וו. „דער שווייגער" האָט זיך פאַר ר' דודלען שטאַרק מתנצל געווען, אַז פּרנסה האָט ער פּיל־ווייניק, אָבער ער מוז זייער שווער האָרעווען, און האָט נישט קיין טאָג און קיין נאַכט. ער מוז, אַזוי ווי גאָט גיט דעם טאָג, פאָרן מיט די קאַנען מילך אין שטאָט אַריין. און ער קאָן אויך נישט נאָכקומען דאָס אַלץ וואָס דער פּריץ פאָדערט פון אים.

האָט ר' דודל שווער אָפּגעזיפצט און ווי כלאחר־יד צום אַרענדאַר אַזוי געזאָגט: ס'וואָלט שוין די העכסטע צייט געווען, אַז דו זאָלסט זיך דאָס גוט קויפן און ווערן אויס שווייגער. ר' יענקל, הערנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָט זיך שטאַרק צולאַכט, אָבער געטראַכט האָט ער זיך: הלוואי פון זיין מויל אין גאָטס אויערן...

ר' דוד'ל האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דעם אַרענדאַר און זיינע בני־בית און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין, צו זיין זון קיין שטשולקאָוו. פאַר ליכט צינדן האָט ער נאָך באַוויזן אַריינצוקומען צו זיין זון אין שטוב אַריין.

### ב.

פּאָדשווירק האָט דעמאָלט געהערט צו אַ גרויסן פּריץ, וועלכער האָט געוווינט אין קראָקע און אין גוט זיינעם האָט ער געהאַט זיצן אַן אַדמיניסטראַטאָר. דער פּריץ פלעגט באַזוכן זיין גוט פון־צייט צו־צייט, כדי אַ קוק טאָן, וואָס מען הערט דאָרט און אָפּרעכנען זיך מיט זיין אַדמיניסטראַטאָר.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז אין דעם זעלבן פרייטאָג־צונאַכט, ווען ר׳ דודל לעלעווער האָט זיך געפונען ביי זיין זון ר׳ משהלע אין שטשולקאָוו, איז גראָד געקומען דער פריץ אין זיין גוט אַריין אין פאַדשוויערק. קאָנטראָלירנדיק דעם צושטאַנד, איז ער געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט צוליב דער שלעכטער ווירטשאַפט פון דעם אַדמיניסטראַטאָר, און באַלד אין דער פרי האָט ער געהייסן צו זיך רופן דעם יידישן פאַכטער ר׳ יענקל. אַריינקומענדיק צום פריץ, אין־דרייען געבראָכן, מיט דעם היטל אין דער האַנט, האָט דער „יאשניע פאַן" אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך שאַפן געלט און ביי אים אָפּקויפן דאָס גוט. ר׳ יענקל האָט געטענהט, אַז ער האָט נישט אַזוי פיל געלט, וואָס דאָס גוט ברויכט צו קאָסטן, האָט אים דער פריץ באַרואיקט, אַז ער זאָל זיך נישט שטאַרק קימערן, ווייל ער וועט אים צולייגן אויף ראַטעס. דער פריץ האָט אים געהייסן קומען גלייך מאָנטיק קיין קראָקע, ווו מען וועט מאַכן דעם פאַרקויפס־אַקט.

פאַרלאָזנדיק דעם פריץ, האָט זיך ר׳ יענקל דערמאָנט אָן די רייד, וואָס דער אַלטיטשקער האָט אים געזאָגט ערשט פרייטיק, ביים פאַרלאָזן זיין הויז. ווי נאָר ער האָט דערזען מוצאי־שבת די ערשטע דריי שטערן אויפן הימל, האָט ער געמאַכט הבדלה און זיך געלאָזט מיט זיין פערד און וועגעלע קיין שטשולקאָוו, דאָרט האָט ער זיך ערשט דערוווּסט, אַז „דער אַלטיטשקער" וועלכן ער האָט געטראָפן ביים טייך זיך טובלען איז דער גרויסער צדיק ר׳ דודל לעלעווער.

ג.

אַריינקומענדיק צו ר׳ דודל, האָט ר׳ יענקל אים געטראָפן, ווי ער האָט געזונגען „זרעינו וכספנו ירבה כחול". ווי נאָר ר׳ דודל האָט געענדיקט דעם זמר, האָט ער צוגערופן צו זיך דעם פאַדשוויערקער אַרענדאַר און אים געפרעגט: נו, ווי האַלטסטו מיטן פריץ ?... איז ר׳ יענקל געוואָרן שטארק צעטומלט, זעענדיק אַז דער רבי ווייסט שוין אַלץ.

דער פאַכטער האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה און צום סוף צוגעגעבן: פון וואַנען נעמט מען דערויף געלט, הייליקער רבי, איך בין דאָך אַן אָרעמער אַרענדאַר ? האָט ר׳ דודל דערויף אים נישט געענטפערט און ווייטער זיך בנעימות געזונגען און צוגעבאָמקעט מיט די הענט די זמירות פון דער „פולער וואָך". ווען ער האָט געהאַלטן ביי „אל תירא עבדי יעקב", האָט ער אַזאָג געטאָן: — ווייסט יענקל, פאָר קיין קראָקע, קויף מיט מזל דאָס גוט פון פריץ, זאָרג גאָרנישט, גאָט וועט העלפן, האָסט דאָך אַ יידן געראַטעוועט פון טויט !...

מאָנטיק ביים באַגינען איז פאַרפאָרן דער פריץ מיט זיין קאַרעטע, איינגעשפּאַנט אין 4 צוג־פערד, צו ר׳ יענקלס הויז און מיטגענומען אים קיין קראָקע. דער פריץ האָט אַוועקגעגעבן דאָס גוט פאַדשוויערק צום אויסצאָלן אין ראַטעס, כתוב וחתום לויט אַלע כללים פון געזעץ, ביי אַ נאָטאר. די קרובים פון פריץ האָבן געמאַכט אַ בהלה און באַשולדיקט דעם ייד, אַז ער האָט אויסגענאַרט דאָס גוט און האָבן פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס. איז ר׳ יענקל ווידער געלאָפן צו ר׳ דודל לעלעווער, און ער האָט אים מבטיח געווען אַז דער פּראָצעס וועט בטל ווערן. ר׳ יענקל האָט טאַקע אין אַלע אינסטאנצען געוווּנען און איז געוואָרן א גרויסער גביר און אויך אַ גרויסער מכניס־אורח.

**מ. פיינקינד**

(פונעם בוך „גוטע יידן אין פוילן")

---

## גידזעל (גידלע)

צוגאָב־באַשרייבונג צום מאַטעריאַל אויף די זייטן 486—487.

דאָס שטעטעלע גידזעל געפינט זיך בערך 12 ק״מ פון ראַדאָמסק. דאָרט זענען ס׳רוב געווען יידן — פּראָסטע, האָרעפּאַשנע, שטילע מענטשן. גידזעל איז פון שטענדיק אָן געווען אַ מקור פון שנירס און איידעמס פאַרן יידישן ראַדאָמסק און אַן הייליק אָרט פאַר די קריסטן פון דער גאַנצער סביבה. אין די צייטן פון הייליקן „יאצעק", זענען זיך פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט צוזאַמענגעפאָרן די קריסטן אויף „אַטפּוסט" אין גידזעל. די פּויערן פלעגן, לויט זייער שטייגער, זיך גוט אָנשיכורן, האַקן יידישע שויבן און ראַבירן קלייטן. דאָך האָבן דאָרט יידן געלעבט, געהאָט פּרנסה, חתונה געמאַכט קינדער.

ווען די קריג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט דאָס שטעטעלע אויך באַקומען אַן אַנדער פּנים. דער טייך ווארטא, וואָס האָט הונדערטער יאָרן רואיק געשטראָמט מערב־זייט פון שטעטל, האָט פּלוצים אָנגעהויבן שטעכן די דייטשע אויגן. מען האָט אָנגעהויבן רעגולירן דאָס וואַסער מיט יידישן שווייס און בלוט. דאָס גאַנצע שטעטעלע אין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסע אַרבעטס־קאַזאַרמע. פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך האָט מען אויך צוזאַמענגעטריבן יידן צו דעם צוועק, זיי אַריינגעפּאַקט אין קאַלטע שמוציקע סטאָדאָלעס, און געניצט אַלס „אַרבעטס־קראַפט".

די ערשטע קרבנות פון דעם שטעטל, פאַר וועלן העלפן די געפאַלענע יידן, זענען געווען: לייביש טייכנער, העלא געלדבאַרט און נפתלי אורבאַך. זיי האָט מען נאָך אין יאָר 1941 אַוועקגעשיקט אין אוישוויץ, פון וואַנען זיי זענען נישט צוריקגעקומען.

אונטער שטענדיקן טעראָר האָבן די גידזעלער יידן געלעבט ביז דעם 9טן אָקטאָבער 1942, ווען זיי זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען אין ראַדאָמסקער געטאָ. שפּעטער, זענען זיי צוזאַמען מיט אַלע ראַדאָמסקער יידן געוואָרן אַוועקגעשיקט אין די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע.

---

...שמעו־זאת הזקנים והאזינו כל יושבי הארץ, ההיתה זאת בימיכם ואם בימי אבותיכם; עליה לבניכם ספרו ובניכם לבניהם ובניהם לדור אחר.

...והיה אחרי־כן אשפוך את־רוחי על־כל־בשר ונבאו בניכם ובנותיכם, זקניכם חלומות יחלמון, בחוריכם חזיונות יראו; ...ונתתי מופתים בשמים ובארץ דם ואש ותמרות־עשן; השמש יהפך לחשך והירח לדם לפני בוא יום יהוה הגדול והנורא; והיה כל אשר־יקרא בשם יהוה ימלט כי בהר־ציון ובירושלים תהיה פליטה כאשר אמר יהוה ובשרידים אשר יהוה קורא.

(יואל, א׳—ג׳)

חלק שלושה־עשר / דרייצנטער טייל

# התוכן/אינהאלט



✶

די ענגלישע אָפּשניטן אין דער ערשטער אָפּהאַנדלונג, זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך האַרי רודניצקי פון ניו־יאָרק, בעת זיין באַזוך אין ישראל אין חודש מאי 1967.

# די נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייטי אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע

דוד קאָניעצפּאָלער



דוד קאָניעצפּאָלער

## ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

ביים סוף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט האָט דאָס יידישע ראַדאָמסק געציילט ביז 8 טויזנט נפשות. אַ דאַנק די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען וווּ עס זענען געווען באַשעפטיקט אייניקע טויזנט פּוילישע אַרבעטער, האָבן די יידישע קרעמער און בעלי־מלאכות געקאָנט ווי עס איז אַרויסברענגען זייער פּרנסה, ווי אויך די וועלכע האָבן באַדינט די טויזנטער צוגערייזטע חסידים צום רבין, אין משך פונעם יאָר און באַזונדער אויף די ימים־נוראים. עס זענען אויך געווען אייניקע גרעסערע הורט־געשעפטן, וואָס האָבן באַדינט די אַרומיקע קלענערע דערפער און שטעטלעך.

מיטן וואַקסן פון דעם נאַטירלעכן נאָכוווּקס, האָבן די א״ד פּרנסות נישט געקאָנט סטייען פאַר אַלעמען און מאַנכע האָבן געזוכט די הילף אין אויסוואַנדערונג. שוין צום סוף פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָט אַ קליינע גרופּע נאָוואָ־ראַדאָמסקער יידן זיך געפונען אינעם גרויסן ניו־יאָרק אָפּגעפרעמט, מיט אַ גרויסן בענקשאַפט־געפיל צו דער אַלטער היים־שטאָט.

דעם 6־טן פעברואַר 1898 איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון אָט דער גרופּע לאַנדסלייט אין דער וווינונג פון שלמה זילבערשאַץ, מיט דער באַטייליקונג פון: מרדכי גרויסבערג, יעקב־יוסף ליטמאַן, יעקב בורשטיין, ניימאַן אייכנער, סעם ליטמאַן, משה ניישטאַדט, היימאַן ראַטשטיין, ה. פיין, מ. בעסער, אייב קורץ, מאָריץ גראַנעק, סעם טיעל, מ. ווינער, י. צימבערג, חיים וויאַטראָווסקי און סעם קורץ. עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן: גרינדן אַ פאַראיין א.ב. „נאָוואָ־ראַדאָמסקער קראַנקן אונטערשטיצונג־פאַראיין״; יעדער ראַדאָמסקער לאַנדסמאַן (און פון דער סביבה) קען זיך אָנשליסן אין פאַראיין לויט 1 דאָלאַר איינטריט־אָפּצאָל. שוין ביי דער צווייטער פאַרזאַמלונג זענען צוגעקומען לאַנדסלייט און דאָסגלייכן ביי אַלע ווייטערדיקע פאַרזאַמלונגען.

די ערשטע וועלכע האָבן זיך געווענדעט צום פאַראיין נאָך שטיצע איז געווען די שול „חתם סופר״ פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און זי באַקומט די פאַרלאַנגטע צוויי דאָלאַר אונטערשטיצונג.

ביי דער דריטער פאַרזאַמלונג (דעם 27־טן פעברואַר 1898) ווערט באַשלאָסן צו אַנגאַזשירן אַ דאָקטאָר פאַרן פאַראיין, צו דערטיילן מעדיצינישע הילף די מיטגלידער.

צוליב דער קליינער צאָל נאָוואָ־ראַדאָמסקער אין ניו־יאָרק, ווערט באַשלאָסן צוצונעמען מיטגלידער אויך פון אַנדערע שטעט אין פּוילן. דעם 12־טן מאַי 1901 האָט געציילט דער פאַראיין 46 מיטגלידער.

נאָך די ערשטע דריי יאָר עקזיסטענץ פונעם פאַראיין, איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוברייטערן די טעטיקייט אין פאַרשידענע ריכטונגען. מען שליסט זיך אָן — לויט אַ יערלעכן אָפּצאָל — צום „פאַראייניקטן עסטרייכישן היברו טשאַרטי אַסאָסיאיישן״, וועלכע האַלט אויף אַ מעדיצינישן צענטער פאַר אָרעמע יידישע קראַנקע (אַלס דעלעגאַט דאָרט איז געווײלט געוואָרן ד״ר סענדעלמאַן).

אין די יאָרן 1902—1905 צעוואַקסט זיך דער פאַראיין לויט דער צאָל מיטגלידער און ברייטערט אויס זיין טעטיקייט אין דער ריכטונג פון באַקענען זיך מיט אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן און זייערע אינסטיטוציעס. מען שטיצט פאַרשידענע פריינטלעכע אָרגאַניזאַציעס און מען פירט אַדורך דערפאָלגרייכע טעאַטער־בענעפיטן וואָס טראָגן אַריין באַדייטנדיקע געלט־מיטלען. פיל מיטגלידער פונעם פאַראיין ווערן שוין אַמעריקאַנער בירגער און דאָס האָט געהאַט גאָר אַ בולטע ווירקונג אויפן פאַראיין אין אַלגעמיין.




דער עמבלעם פון די סאָסייטי

די הילפס־אַרבעט צווישן די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער ווערט שטאַרק אויסגעברייטערט. דער פאַראיין באַמיט זיך צו דערגרייכן מיט זיין הילף צו יעדן נויטבאַדערפטיקן מיטגליד און אין יעדער פאָרם. בכלל שטעלט מיט זיך פאָר די מיטגלידערשאַפט ווי איין פריינטלעכע משפחה: קומט פאָר ביי וועמען אַ שמחה — פרייען זיך אַלע, און ווען חלילה אַן אומגליק — באַטייליקן זיך אַלע אין דעם טרויער. אין דעם גרויסן אַנטוויקלטן ניו־יאָרק, שטעלט מיט זיך פאָר די לאַנדסמאַנשאַפט ממש אַן אינזל פון היימישע באַקאַנטע פריינט, וועלכע זאָרגן קעגנזייטיק פאַר די נויטיקע באַדערפענישן אין יעדן אָרט און פאַל.

די געשעענישן אין דער אַלטער היים, אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע בכלל און אין פּוילן בפרט, האָבן נאַטירלעך אַ גאָר שטאַרקן איינפלוס אויפן פאַראיין. די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט גאָר שטאַרק באַווירקט די עמיגראַציע קיין אַמעריקע אויך פון נאָוואָ־ראַדאָמסק. ווען ס׳זענען אָנגעקומען דאַן גרויסע גרופּעס יידן, געפינען זיי שוין אַן אַדרעס וווּ זיך צו ווענדן. לויט די דעמאָלדיקע מעגלעכקייטן ווערט אַלץ געטאָן צו פאַרלייכטערן זיי דאָס איינאָרדענען זיך.

## פון די ערשטע ראַדאָמסקער עמיגראַנטן אין ניו־יאָרק


אהרן גליקסמאַן (1904)


שלמה (סאַל) גרינבערג (1905)


וואָלף דיקערמאַן (1906)

אין רוסלאַנד ברעכן אויס די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון יאָר 1905 און זייער אונטערדריקונג ווערט באַגלייט מיט אַ שטראָם פון יידן־פּאָגראָמען. דער פאַראיין וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זיין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער אויפפאַסונג אויפן אַלגעמיינעם לעבן, באַשליסט אויף אַ זיצונג פון 21־טן נאָוועמבער 1905 צו שטיצן דעם רעליעף פאָנד און העלפן די קרבנות פון די רוסישע פּאָגראָמען מיט אַ סומע פון 40 דאָלאַר (15 דאָלאַר פון דעם פאַראיינס קאַסע און 25 דאָלאַר פון אַ ספּעציעלער מיטגלידער־באַשטייערונג).

דעם 1־טן מאַי 1906 ווערט געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע מיט דער אויפגאַבע אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פאַר אַ קראַנקן־בענעפיט. צו דער צייט פאַרמאָגט דער פאַראיין 578 דאָלאַר און עס ווערט פּראָיעקטירט צו שאַפן אַ הילפס־פאָנד פאַר נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער. אין אַ קורצער צייט שפּעטער ווערט באַשלאָסן אַז אין אויגוסט 1906 זאָל דער קראַנקן־בענעפיט אָנפאַנגען צו פונקציאָנירן און צו דעם צוועק ווערט יעדער מיטגליד באַשטייערט מיט 1 דאָלאַר.

עס שאַפן זיך ביי פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן (ווי לאָדזשער און אַנדערע) ספּעציעלע הילפס־קאָמיטעטן צו שטיצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פּוילן. דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער פאַראיין שטיצט די אַלע קאָמיטעטן מיט באַדייטנדיקע געלט־מיטלען און בכלל העלפט דער פאַראיין יעדע אינסטיטוציע וועלכע ווענדעט זיך נאָך מאַטעריעלע הילף.

דעם 3־טן סעפּטעמבער 1907 שליסט זיך אָן דער פאַראיין מיט אַ יערלעכער באַשטייערונג צו דער „היברו אימיגראַנט סאָסייטי".

דעם 18־טן יאַנואַר 1908 באַשליסט דער פאַראיין צו קויפן אַ סעמעטרי (אַ פּלאַץ פאַר אַ בית־עלמין) און אַ ספּעציעלע קאָמיסיע ווערט געשאַפן דעם פּראָיעקט צו רעאַליזירן. דעם 3־טן מערץ 1908 קומט פאָר דער ערשטער טויט־פאַל, ס'איז געשטאָרבן די פרוי פון ברודער מאַקס ווינער, און דער פאַראיין באַטייליקט זיך אין אָפּגעבן איר דעם לעצטן כבוד מיט 2 קרענץ און אַ געהעריקע דעלעגאַציע צו דער לוויה.

דעם 22־טן יולי 1908 ווערט באַשלאָסן אויף אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג פון פרויען מיטגלידערינס, צו שאַפן אַ פרויען־פאַראיין. שוין דעם 18־טן אויגוסט 1908 ערשיינט אויף אַ פאַרזאַמלונג די ערשטע דעלעגאַציע פון דעם ניי־געשאַפענעם פרויען־פאַראיין, וועלכער פאַרשפּרעכט צו העלפן דעם מענער־פאַראיין אין זיין טעטיקייט.

דעם 4־טן אויגוסט 1908 ווערט באַשלאָסן, אַז דער פאַראיין שליסט זיך אָן אין דעם ניי־געגרינדעטן „פאַרבאַנד פון די רוסיש־פּוילישן יידן", מיט אַ יערלעכן אָפּצאָל פון 10 דאָלאַר (די ברידער מ. גראָסבערג און ד. זיסקינד ווערן געוויילט אַלס דעלעגאַטן צום פאַרבאַנד).

דעם 2־טן נאָוועמבער 1909 ווערט באַשלאָסן צו שטיצן דעם „ריטייל פרייגודס קלורקס יוניון" מיט אַ געלט־אַקציע פאַר זייער שטרייק. אויך דער אַפּיל פון רעווערענד צבי־הירש מאַסליאַנסקי צו שטיצן דעם „דענווער סאַנאַטאָריום" ווערט פּאָזיטיוו אויפגענומען: ס'ווערט באַשלאָסן זיך צו באַשטייערן מיט 10 דאָלאַר און זיך אָנצושליסן אין דעם סאַנאַטאָריום מיט אַ יערלעכע באַשטייערונג.

אין יאָר 1910 ווערט אויסגעברייטערט די הילפס־טעטיקייט צווישן די מיטגלידער. הילף ווערט געגעבן פון 10, 15, 25 און אין גאָר באַזונדערע פאַלן אַפילו 100 דאָלאַר. אין דער צייט קומט פאָר אַ גרויסער שטרייק פון די קלאָוד־מאַכער, די שטרייקנדיקע מיטגלידער פונעם פאַראיין ווערן באַפרייט פון מיטגליד־בייטראָג.

אין יאָר 1914 איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער „ליי־פאָנד" וועלכער גיט דאָס רעכט יעדן מיטגליד צו באַקומען אַ הלוואה. די וויכטיקייט פון דעם „ליי־פאָנד" באַשטייט אין דעם, וואָס דער מיטגליד דאַרף זיך נישט ווענדן נאָך שטיצע נאָר באַקומט אַ הלוואָה וועלכע ער צאָלט צוריק לויט זיינע מעגלעכקייטן.

### אויפן שוועל פון 20־יאָריקן יובל

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן און אַ וואַנט פון פייער און בלוט איז געשטאַנען צווישן דעם פאַראיין און די היימשטאָט נאָוואָ־ראַדאָמסק, האָט יעדער לאַנדסמאַן געציטערט וועגן דעם גורל פון זיינע נאָענטע. שוין אין נאָוועמבער 1914 האָט דער ראַדאָמסקער פאַראיין גערופן אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג ביי וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן אַ רעליעף־קאָמיסיע פאַר די יידן אין ראַדאָמסק. אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה איז יעדע פאַרבינדונג מיט פּוילן בכלל און ראַדאָמסק בפרט געווען אָפּגעשניטן און די קאָמיסיע האָט מיט דער צייט רעדוצירט איר טעטיקייט. ערשט אין מערץ 1916 באַשליסט אַ גרופּע חברים (סעם שמערלינג און הערי גליקסמאַן אין דער שפּיץ) איבערצושיקן קיין ראַדאָמסק 200 דאָלאַר. דער אָנפירענדיקער דאָזאָר פון דער קהילה אין ראַדאָמסק ה' פישל דונסקי האָט דערהאַלטן די סומע.

מיט דער אַקציע האָט דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער פאַראיין אין ניו־יאָרק אָפּגעשלאָסן אַ געהויבן קאַפּיטל אין זיין טעטיקייט פון אינערלעכער אָרגאַניזירונג, געגנזייטיקער הילפס־אַרבעט פאַר עמיגראַנטן זיך צו „אַקלימאַטיזירן" אין דער ספּעציפישער צר־יענער־צייט לאַגע אין אַמעריקע. דער ראַדאָמסקער ייד איז געווען געוווינט צו זען זיך אַלס מיטגליד פון זיין שטאָטישער אָרגאַניזירטער קהילה, וועלכע האָט געהאַט געשאַפן — בעסערע אָדער ערגערע — נויטיקע אַנשטאַלטן ווי שולן, בתי־מדרשים, בתי־קברות אד"ג. אָבער אין דער נייער היים, אין דעם-גרויסן שמעלץ־טאָפּ וואָס הייסט ניו־יאָרק, האָט דער פאַראיין דאָס געמוזט אַליין אויפסניי שאַפן און אָרגאַניזירן. דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער פאַראיין האָט זיך באַמיט מיט אַלע זיינע בעסטע כוונות צו

שאַפן און עפענען אַ נייעם קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון זיין ווייטערדיקער אַרבעט.

אין יאָר 1917 קומען אָן די ערשטע ידיעות וועגן פאַרוווּנדעטע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי: די ברידער פּוירס, גראַסבערג און אברהם זאַבערמאַן, שפּעטער — סעם גאָלד און מאַקס גאָלדבערג. אַ קאָמיסיע פון די חברים ב. ביאַליק, סעם שמערלינג און מ. גאָלדבערג האָט זיך שריפטלעך פאַרבונדן מיט די פאַרוווּנדעטע און זיי באַזאָרגט מיט אַלעם נויטיקן. אַ חוץ דעם ספּעציעלן „סאָלדאַטן־פאָנד" פאַר דעם צוועק ווערט אויך געשאַפן אַ פאָנד פון 500 דאָלאַר פאַר שפּעטערדיקער שטיצע פון די ראַדאָמסקער פאַרוווּנדעטע ברידער נאָכן אומקערן זיך פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

דער פאַראיין באַשטייערט זיך (אין דער זעלבער צייט) מיט 50 דאָלאַר פאַר דעם „יידישן וועלפאַר פאָנד" און קויפט פאַר 400 דאָלאַר „ליבערטי באָנדס".

דעם 7־טן דעצעמבער 1918 באַשליסט דער פאַראיין — אויף דער ווענדונג פון „פּיפּלס רעליעף קאָמיסיע" — צו שטיצן די אַלגעמיינע יידישע מלחמה־קרבנות און באַשטימט פאַר דעם צוועק 100 דאָלאַר.

אין אַפּריל 1919 פייערט די ראַדאָמסקער „ליידיס סאָסייטי" איר 10־יאָריקן יובילעאום. צו יענער צייט קומען אָן פון פּוילן די ידיעות וועגן פּאָגראָמען אין פאַרשידענע שטעט, אין די ערשטע האָניק־חדשים פון איר אומאָפּהענגיקייט. אונטער דער אָנפירונג פון אַ ספּעציעל געשאַפענער קאָמיסיע, נעמט אָנטייל דער גאַנצער פאַראיין אין אַ ריזיקער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע פונעם אַמעריקאַנער יידנטום (דעם 21־טן מאַי 1919) און באַשטייערט זיך מיט אַ געהעריקן געלט־בייטראָג.

אין יאָר 1919 שטאַרבט דער פאַרדינסטפולער טשערמאַן פון דער סעמעטרי־קאָמיסיע מענדל בעסער ז"ל און אויף זיין אָרט ווערט געוויילט דער ברודער אַהרון גליקסמאַן. צו דער צייט האָט דער פאַראיין אייגענע צוויי סעמעטריס: „מאַונט סיני סעמעטרי" מיט 8 פּלאַטס און „מאַונט חברון סעמעטרי" מיט 16 פּלאַטס.

דעם 21־סטן דעצעמבער 1919 פייערט דער פאַראיין זיין 20־יאָריקן יובל מיט אַ שיינעם באַנקעט. די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פאַרן באַנקעט איז געלייטעט געוואָרן פון טשערמאַן חיים־משה גראָסבערג, ווייס־טשערמאַן וו. וויאַטראַפּסקי און סעקרעטאַר ר. קרייצבערג. אַ גאַנצע רייע דעלעגאַציעס פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן באַגריסן דעם פאַראיין און ס'ווערט אונטערגעשטראָכן די אָנגעשטרענגטע טעטיקייט פון די פאַרדינסטפולע חברים אין משך פון זיין עקזיסטענץ, ספּעציעל פון ברודער אהרון גליקסמאַן.

## אַלזייטיקע פינאַנסיעלע שטיצע און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט

מיט דעם 20־יאָריקן יובל פון ראַדאָמסקער פאַראיין אין ניו־יאָרק, ווערן געענדערט זיין סטרוקטור, זיינע אויפגאַבן און צילן. דאָס לעבן אַליין, בעסער געזאָגט, דער ביטערער גורל האָט דאָס דיקטירט, אַז יידן וואָס האָבן פאַרלאָזט ראַדאָמסק און זיך איינגעאָרדנט אין דער גרויסער פרייער אַמעריקע זאָלן נעמען אויף זיך די לאַסט צו העלפן זייערע איבערגעבליבענע אין ראַדאָמסק עלטערן, ברידער, שוועסטער און בכלל דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג.

דעם 17־טן פעברואַר 1920 שלאָגן פאָר די חברים אהרון און פיליפּ גליקסמאַן, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַן אייגענער „רעליעף פאָנד". דעם 21־טן פעברואַר 1920 איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־מיטינג פאַר דעם צוועק פון ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וועגן וועלכן מיר לייענען אין „אַלמאַנאַך" דאָס פאָלגנדיקע:

„דער דאָזיקער מיטינג וועט זיכער פאַרבלייבן היסטאָריש אין דער געשיכטע פון אונדזער רעליעף־טעטיקייט. אין זאַל האָט זיך געפילט



דער אָרגאַניזיר קאָמיטעט אין יאָר 1916. ערשטע ריי — שטייען (פון רעכטס): מ. זילבערמאַן, גאָלד, מ. גאָלדבערג, א. ז. זאָבערמאַן, ס. שלאַמקאָוויטש; צווייטע ריי: ל. ווייסקאָפּף, מ. גאָלדמאַן, ב. שלאַמקאָוויטש, א. באַנאַס, טש. וויאַטראַפּסקי, טש. באָרנשטיין, פ. גליקסמאַן; זיצן: י. באָרנשטיין, ש. שמערלינג, חיים־משה גראָסבערג, אַנטיגנאַס, מ. בעסער, פּייוולאָוויטש, ה. גליקסמאַן.

אַ געדריקטע שטימונג, יעדער איינער האָט זיך געפילט שולדיק פאַר גאָרנישט טאָן פאַר אונדזער געבוירן־שטאָט. די רעדנער וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן אויף דעם מיטינג, האָבן מער באַשולדיקט ווי געוועקט רחמנות. יעדן איינעם האָט באַהערשט דער פאַרלאַנג גוט־צו־מאַכן דאָס וואָס עס איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן ביז היינט".

אויף דעם מיטינג איז געשאַפן געוואָרן אַ סומע פון 132 דאָלאַר און ס'איז געוויילט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון פיליפּ בראַכמאַן און מאָריס שוואַרץ אַלס סעקרעטאַר. דער קאָמיטעט האָט געזאָלט אונטערנעמען אַ גרויסע הילפס־אַקציע, לײַדער איז די אַנטוישונג געווען זייער גרויס ווען אַלע רופן פון דעם קאָמיטעט זענען געווען ווי אַ „קול קורא במדבר". שפּעטער, מיטן צושטיין פון אַ יונגער גרופּע אַקטיוויסטן, האָט געשטיגן די טיכטיקייט און איבערגעגעבנהייט פאַרן רעליעף־קאָמיטעט. די גרופּע איז באַשטאַנען פון פּאול רובין, מאָריס שוואַרץ, מאַקס שאַפּירא און איזי האַבער. די ערשטע זאַמלונג האָט באַטראָפן 150 דאָלאַר, סאל גרינבערג האָט דערלייגט 50 דאָלאַר און דעם 12־טן מערץ 1920 ווערט איבערגעשיקט קיין ראַדאָמסק 200 דאָלאַר. דעם 4־טן אַפּריל 1920 ווערט אויף אַ ספּעציעלער רעליעף־פאַרזאַמלונג געשאַפן נאָך אַ סומע פון 300 דאָלאַר, וואָס ווערט גלייך איבערגעשיקט קיין ראַדאָמסק. דעם זעלבן חודש ווערן ווידער געזאַמלט 700 דאָלאַר און גלייך איבערגעשיקט קיין ראַדאָמסק.

דעם 19־טן יוני 1920 קומען פאָר וואַלן צום רעליעף־קאָמיטעט און עס ווערן דאַן געוויילט: חיים משה גראָסבערג, פּאול רובין און מאָריס שוואַרץ

דעם 4־טן פעברואַר 1921 ווערן געשיקט 300 דאָלאַר קיין ראַדאָמסק אויף פּסח.

אין משך פון די אויבן דערמאָנטע חדשים איז אויך געשאַפן געוואָרן ביי דעם פאַראיין אַ קרעדיט־קאַסע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן דעם 16־טן אַפּריל 1921 אין אַרויסגעבן הלוואות פאַר מיטגלידער.

דעם 4־טן יוני 1921 באַשליסט דער רעליעף־קאָמיטעט צו גרינדן אַ גמילות־חסד־קאַסע אין ראַדאָמסק און דער ברודער סאָל גרינבערג פאַרפּליכטעט זיך צו פאַרטאָפּלען יעדע געזאַמלטע סומע אויף דעם צוועק.

אין יאָר 1920 איז געגרינדעט געוואָרן דער ציוניסטישער אויפ־בוי פאָנד „קרן היסוד". די חברים הערי פישמאַן, פ. גליקסמאַן און א. פּיוולאָוויטש ווערן דעלעגירט צו רעפּרעזענטירן דעם ראַדאָמס־קער פאַראיין אויף אַ קאָנפערענץ פון קרן היסוד, גערופן דורך דער פעדעראַציע פון די פּוילישע יידן אין אַמעריקע. דער פאַראיין נעמט אַ גאַר טיכטיקן אָנטייל אין דער קרן־היסוד אַקציע (די ראַדאָמסקער סאָסייטי האָט בייגעשטייערט אין דער צייט פאַרן קרן־היסוד 1243 דאָלאַר) און דערמיט געשטאַרקט דעם נאַציאָנאַל־ציוניסטישן באַ־וווסטזיין פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

סוף יאַנואַר 1921 באַשליסט דער פאַראיין צו שטיצן די טע־טיקייט פון קאָמפּאָזיטאָר בענסמאַן, וועלכער איז געווען פריער דער דיריגענט און מוזיקאַלישער לייטער פון „הזמיר" אין ראַדאָמסק.

דעם 21 יאַנואַר 1922 ווערט באַשלאָסן צו שיקן 100 דאָלאַר פאַרן קינדערהיים אויפן נאָמען פון ד"ר מיטלמאַן אין ראַדאָמסק. גלייכצייטיק ווערט באַשלאָסן צו שטיצן דעם „היאַס" קאַמפּיין מיט 100 דאָלאַר, געטריי דעם פּרינציפּ פון פאַראיין אָנטיילצונעמען מיט ראָט און טאָט אין יעדע געזעלשאַפטלעכע אַקציע פונעם אַמעריקאַ־נער יידנטום. אין מערץ 1922 ווערט באַשלאָסן צו שטיצן דעם „5 מיליאָן דאָלאַר קאַמפּיין" פונעם „היאַס" מיט נאָך 200 דאָלאַר. אין דער זעלבער צייט ווערט יעדער מיטגליד פונעם פאַראיין באַשטייַ־ערט מיט 3 דאָלאַר פאַר דער גמילות־חסד־קאַסע אין ראַדאָמסק. דעם 16 סעפּטעמבער 1922 ווערט באַשלאָסן צו שיקן פאַרן גמילות־חסד אין ראַדאָמסק נאָך 300 דאָלאַר, נאָכדעם ווי דער דערהאַלטענער באַ־ריכט פון דאָרט ווערט באַשאָנקען מיט צוטרוי. דעם זעלבן מאָנאַט ווערט באַשטימט פאַרן „פּיפּלס רעליעף" 50 דאָלאַר.

די סאָסייטי פירט אָן אַ פאַרצווייגטע און ענערגישע אינערלעכע טעטיקייט אַ חוץ דער קרעדיט־קאַסע סעמעטרי און אַנדערע הילפס־אַקציעס, סיי פאַרן יחיד און כלל. גאַר אָפט ווערן איינגעאָרדנט טע־אַטער־בענעפיטן, געזעלשאַפטלעכע פאַרווייַלונגס־אונטערנעמונגען וואָס ברענגען באַדייטנדיקע איינקונפטן. דאָס דערמעגלעכט דעם פאַראיין צו נעמען אָנטייל מיט ברייטער מאַטעריעלער אונטערשטי־צונג אין פאַרשידענע נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָ־פּישע אַקציעס פון די אַמעריקאַנער יידישע אינסטיטוציעס, באַזונדער מיט אַ ברייטער אונטערשטיצונג פאַר ראַדאָמסק.

דעם 17־טן פעברואַר 1923 ווערט באַשטעטיקט אַרויסצושיקן קיין ראַדאָמסק 200 דאָלאַר „מעות חיטים" אויף פּסח און אויך שיקן מיטן חבר פלאַקאָוויטש, וועלכער פאָרט אויף אַ באַזוך קיין ראַדאָמסק, נאָך 300 דאָלאַר. דעם 25־טן מערץ 1923 אויף אַ קבלת־פּנים פאַרזאַמלונג נאָך זיין צוריקקומען פון ראַדאָמסק, באַריכטעט דער חבר פלאַקאַ־וויטש וועגן מצב: ער שילדערט דעם טרויעריקן מצב פון די יידן אין ראַדאָמסק און אַפּעלירט צו פאַרשטאַרקן די הילפס־אַרבעט פאַר אונדזערע ברידער דאָרט. עס ווערן גלייך געשיקט 100 דאָלאַר אויף מלבושים פאַר דער קינדער־היים און ס'ווערט באַשלאָסן אונטערצו־נעמען אַ ברייטע הילפס־טעטיקייט פאַר ווייטערדיקער געלט־שטיצע אויף דעם געביט.

זינט דער אַנטשטייאונג פון „רעליעף" (מערץ 1920) ביז מערץ 1924 איז קיין ראַדאָמסק געשיקט געוואָרן אַ סומע פון 2300 דאָלאַר, אַ חוץ פּריוואַטע שטיצע וואָס איז געמוטיקט געוואָרן דורך דעם פאַראיין.

## דער 30־טער און 40־טער יובילעאום

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ גאַר באַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער יוגנט אין ראַדאָמסק זיך געלאָזט אויף עמי־גראַציע, וועגן קיין ארץ־ישראל און ווער קיין אַמעריקע. די לעצטע זענען פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן אין ניו־יאָרק דורך דעם פאַראיין און זענען דאָרט געוואָרן מיט דער צייט איבערגעגעבענע עסקנים.

אין יאָר 1921 קומט יחזקאל רודניצקי. זינט 1926 איז ער איי־נער פון די אַקטיווסטע סאָסייטי מיטגלידער, שפּעטער דער פּרע־זידענט פון פאַראיין.

אין יאָר 1921 קומט שלמה עפּשטיין. ער ווערט באַלד אַן אַק־טיווער און טרייער טוער פאַרן ראַדאָמסקער „רעליעף" אין ניו־יאָרק.

### עמיגראַנטן פון די 20־קער יאָרן





שלמה עפּשטיין (1921) יחזקאל רודניצקי





יחזקאל פּאַצאַנאָווסקי (1923) דוד לעפּקאָוויטש



פישל גליקסמאַן (1924)



פיניע קאַלקע (1925)

אין יאָר 1923 קומט יחזקאל פּאַצאַנאָווסקי. ער איז איינער פון די שפּעטערדיקע פּראָמינענטע און איבערגעגעבענע עסקנים פונעם פאַראיין, לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר איינשליסלעך די תקופה פון דער טראַגישער אויסראָטונג פון אונדזער פאָלק.

אין יאָר 1923 קומט דוד לעפּקאָוויטש. ער איז איינער פון די שפּעטערדיקע אַקטיווסטע טוער און פּרעזידענט פון דער סאָסייטי.

אין יאָר 1924 קומט פישל גליקסמאַן. זיין שטילע און צניעות־דיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין ראַדאָמסק האָט ער איבערגעטראָגן קיין אַמעריקע און דער „רעליעף" האָט אין אים געהאַט אַ געטרייען חבר.

אין 1925 ווערט פאָרגעשטעלט אין פאַראיין דער ראַדאָמסקער געזעלשאַפטלעכער עסקן פּיניע קאַלקע, וועלכער ווערט איינער פון די איבערגעגעבנסטע חברים אין דעם ראַדאָמסקער פאַראיין אין ניו־יאָרק.

אין יאָר 1925 באַשליסט דער פאַראיין צו אָרגאַניזירן פאַר די מיטגלידער מעדיצינישע און שפּיטאָל־הילף, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ שווערער פּראָבלעם אין די פאַראייניקטע־שטאַטן בכלל און פאַר פרישע אימיגראַנטן בפרט.

דעם 20־סטן אָקטאָבער 1925 שטאַרבט איינער פון די איבערגעגעבענע ברידער, געוועזענער פּרעזידינט, חיים־משה גראָסבערג.

דעם 6־טן פעברואַר 1926 ווערט דרינגענד געשיקט קיין ראַדאָמסק 1000 דאָלאַר, אין דעם 200 דאָלאַר אויף מצות פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

דעם 20־סטן מערץ 1926 אָרדנט איין דער פאַראיין אַ פייערלעכן קבלת־פּנים פאַרן שריפטשטעלער ה. ד. נאָמבערג, וועלכער שילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די יידן אין פּוילן בכלל און אין ראַדאָמסק בפרט. אויפן אָרט ווערט געזאַמלט אַ סומע פון 370 דאָלאַר וואָס ווערט גלייך איבערגעשיקט קיין ראַדאָמסק. סוף 1927 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ טרויער־פאַרזאַמלונג נאָכן פּלוצימדיקן טויט פון שריפטשטעלער ה. ד. נאָמבערג ז"ל.

אין דעצעמבער 1924 פייערט דער פאַראיין זיין זילבערנעם 25־יאָריקן יובילעאום. אונטער דער אָנפירונג פון ברודער הערי ב. איסראַעל פייערט דער פאַראיין אין דעצעמבער 1929 זיין 30־יאָריקן יובילעאום.

אין יאָר 1930 ווערט אויפגעלעזט די פאַרוואַלטונג און עס ווערט באַשלאָסן אַז די סאָסייטי וועט אויך אָנפירן מיט דער רעליעף אַרבעט. דער ברודער פיליפּ פלאַקאָוויטש איז דאַן געווען דער פּרעזידענט פון פאַראיין.

דעם 18־טן יולי 1931 ווערט באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאָנד פון 1000 דאָלאַר, וואָס זאָל דערמעגלעכן אַנטקעגנצוקומען די גרויסע צאָל ביטעס צו שטיצן מיטגלידער אין נויט אָדער קראַנקהייט.

אין סעפּטעמבער 1931 גיט איבער פּנחס קאַלקע אַ באַריכט פון זיין רייזע קיין ראַדאָמסק און ארץ־ישראל און שילדערט די טעטיקייט און שווערן קאַמף פון די יידן אין פּוילן בכלל און אין ראַדאָמסק בפרט.

אין די יאָרן 1931—1933 איז די טעטיקייט סיי פון רעליעף און סיי פון דער סאָסייטי געווען זייער אָפּגעשטאַנען. דער ברודער הערי פישמאַן נעמט איבער (צום ערשטן מאָל) דעם פּריזידענט־אַמט און פאַרשפּרעכט אויפצולעבן די טעטיקייט. ער זאָגט אויך צו ווידער צו אַקטיוויזירן די פרויען סעקציע.

אין אַפּריל 1933 נעמט דער פאַראיין אָנטייל אין דער גרויסער פּראָטעסט־אַקציע קעגן היטלעריזם און שליסט זיך אָן אין דער בויקאָט־אַקציע קעגן דייטשע סחורות.

אין יאָר 1934 ווערט געגרינדעט אַ „ראַדאָמסקער הילפס־פאַראיין" צו שטיצן די פּאָליטישע אַרעסטירטע און קרבנות פון פּוילישן פאַשיזם, העלפן די אַרעסטירטע מיט אַדוואָקאַטן און געלט מיטלען.


פה. פלאַקאָוויטש


הערי פישמאַן

אין יאָר 1936 ווערט געשיקט קיין ראַדאָמסק אַ באַגריסונג צו דער 25־יאָריקער פייערונג פון לינת־הצדק, מיט אַ מתנה פון 50 דאָלאַר.

דעם 15־טן פעברואַר 1936 שיקט דער פאַראיין אַ פּראָטעסט־טעלעגראַמע צום פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע, קעגן די רדיפות פון דער פּוילישער מאַכט לגבי די פּוילישע יידן. שפּעטער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פּראָטעסט־קאָנפערענץ דורך דעם ראַדאָמסקער פאַראיין אין ניו־יאָרק (דעם 5־טן אַפּריל 1936), ביי דער אָנוועזנהייט פון 400 דעלעגאַטן פון 180 פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס (פון דער קאָנפערענץ האָט זיך שפּעטער געשאַפן דער יידישער אַלגעמיינער פאָלקס קאָמיטעט קעגן די רדיפות אויף יידן אין פּוילן).

דער 40־יאָריקער יובילעאום פון פאַראיין איז פאָרגעקומען אין יאָר 1939, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ברודער יחזקאל רודניצקי. אויף דער פייערלעכער אַקאַדעמיע זענען באַצייכנט געוואָרן די באַזונדערע פאַרדינסטן פון די ברידער: משה־חיים גראָסבערג, פיליפּ לאגער, אַברהם האָבער, סאול גרינבערג, הערי סעדלעצקי, מענדל גאָלדמאַן, משה לעווקאָוויטש, אהרון גליקסמאַן, מאָריס שוואַרץ, פישל גליקסמאַן, יחזקאל פּאצאנאָווסקי, פּיניע קאַלקע, יחזקאל רודניצקי, לעאָן עלענבערג, דוד לעפּקאָוויטש, קאַרל עלענבערג און פיל אַנדערע.

אין דעם ספּעציעלן „אַלמאַנאַך" אַרויסגעגעבן צום 40־יאָריקן יובילעאום ווערט געזאָגט: „מיר שליסן אונדזערע 40 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט ווי אַ פאַראייניקטע משפּחה. מיר עפענען אַ ניי קאַפּיטל אין לעבן פון אונדזער אָרגאַניזאַציע מיט דעם באַוווסטזיין, אַז מיר זענען אַ טייל פון דעם גרויסן דינאַמישן כוח פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס שטייט אין דעם איצטיקן מאָמענט גרייט צו פאַרטיידיקן און באַשיצן אונדזערע ברידער און שוועסטער וואָס ווערן פאַרפאָלגט אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט".

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 40־יאָריקן יובילעאום האָט געשריבן ד"ר ש. מאַרגאָשעס אינעם „טאָג": „פערציק יאָר איז אַ לאַנגע צייט אין לעבן פון יעדע אָרגאַניזאַציע, בפרט אין לעבן פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע דאָ אין לאַנד. איר האָט געהאָלפן אַלע נאַציאָנאַלע יידישע אינסטיטוציעס אָן פאַרטייאישקייט און אָן צופיל פּאַבליסיטי. געשטאַרקט זאָלן ווערן אייערע הענט".

הלל ראָגאָף פון „פאָרווערטס" שרייבט: „די נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייטי געהערט צו יענער גרופּע יידישע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן פאַרבונדן דאָס יידישע אַמעריקע מיט דעם יידישן לעבן אין אַנדערע לענדער, ספּעציעל מיט דעם גרויסן יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע. איך ווייס דאָס איר זייט אימער צווישן די ערשטע זיך אָפּצורופן אויף אַלע וויכטיקע יידישע אונטערנעמונגען דאָ אין לאַנד און אויך אין אַנדערע לענדער. איר זייט פאַרבונדן מיט אַזעלכע רעליעף אַרגאַניזאַציעס ווי דער „אָרט", „הדסה", פּוילישער פאַרבאַנד און אַזוי ווייטער. אין דער היינטיקער צייט איז די אַרבעט



# MEMORIAL PAGE

IN LOVING MEMORY OF OUR SONS

WHO HAVE MADE THE SUPREME SACRIFICE



PAUL DICKMAN

JOSEPH HERTZBERG

ALEX HEIMAN



ALVIN NIRENBERG



BENJ. RUBIN



MANNY SHAPIRO



יזכור־עמוד צום אָנדענק פון די 6 געפאַלענע ראַדאָמסקער זין

וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אין הייליקן קאַמף קעגן דייטשישן שונא בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

(פונעם גאָלדענעם־יובילײ זשורנאַל 1899—1949)

די וויכטיקסטע וואָס אָרגאַניזירטע יידן דאָ אין לאַנד קאָנען טאָן. איך גראַטולירן אייך פאַר אייער שיינער פאַרגאַנגענהייט און ווינטש אייך נאָך אַ שענערע צוקונפט״.

## בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה

דאָס יידישע ראַדאָמסק האָט אין די ערשטע טעג פונעם קריג דערפילט אויף זיך די פינצטערע און טראַגישע סיטואַציע פון מאָרד, רויב און פאַרפאָלגונגען. די ראַדאָמסקער סאָסייטי אין ניו־יאָרק איז גלייך צוגעטרעטן צו אַן אָרגאַניזירטער הילפס־אַקציע, אין דער ערשטער ריי, פון שיקן שפייז־פעקלעך קיין ראַדאָמסק, פאַר משפחות און יחידים וועמענס אַדרעסן ס׳האָבן זיך געפונען אין „רעליעף״. עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס שיקן שפייז־פעקלעך אין די ראַמען פון אַן אַלגעמיין יידישער הילפס־אַקציע, פאַר סתם יידן וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון פוילן קיין רוסלאַנד. שפּעטער, האָט דער ראַדאָמסקער פאַראיין אין ניו־יאָרק צוגעטרעטן צו שאַפן אַ „צען־טויזנט־דאָלאַר־פאָנד״ פאַר די ראַדאָמסקער יידן וועלכע וועלן בלייבן לעבן נאָכן קריג. אויף דעם צוועק איז דעם 27־טן פעברואַר 1943, אויף אַ באַנקעט ביים חבר שעדלעצקי, געזאַמלט געוואָרן 2500 דאָלאַר (סאול גרינבערג, שעדלעצקי און אַנדערע האָבן זיך באַשטייערט מיט גרעסערע סומען אייף דעם צוועק).

78 קינדער פון ראַדאָמסקער לאַנדסלייט האָבן זיך רעגיסטרירט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי צום קאַמף מיט היטלער־דייטשלאַנד. פון זיי זענען געפאַלן 6 קרבנות אין קאַמף קעגן דעם פינצטערן נאַצישן שונא: 1. פאַול דיקמאַן; 2. אַלעקס היימאַן; 3. בענז׳ רובין; 4. יוסף הערצבערג; 5. עלווין נירענבערג; 6. מאַני שאַפּיראָ.

אין לויף פון דער לאַנגער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער ראַדאָמסקער „רעליעף״ געשטיצט אַלע מיטגלידער אָדער קינדער פון מיטגלידער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, מיט אַלעם וואָס עס איז געווען נויטיק. אין דער שפּיץ מיט סאול גרינבערג האָט די סאָסייטי צו דעם צוועק געשאַפן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט מיטן אָנטייל פון: הערי איסראַעל, וויטראָפּסקי, דוד לעפקאָוויטש, רודניצקי, קאַלקע, פּאַצאַנאָווסקי, סיעדלעצקי, היימאַן און אַנדערע. ס׳איז באַשטימט געוואָרן צו פאַרטיילן יעדן צוריקגעקומענעם ראַדאָמסקער סאָלדאַט 25 דאָלאַר און סאול גרינבערג האָט צו די 25 דאָלאַר דערלייגט זיינע 25 דאָלאַר.

## פאַר דער שארית־הפליטה

אין יאָר 1945, באַלד נאָך דער נאַצישער מפּלה, האָט דער פאַראיין געלאָזט וויסן סיי אין די אַמעריקאַנער און סיי אין אַלע אַנדערע צייטונגען, אַז אַלע אָפּגעראַטעוועטע לאַנדסלייט זאָלן זיך גלייך ווענדן און מען וועט זיי שטיצן מיט אַלעם וואָס עס איז נאָר מעגלעך. טויזנטער פעקלעך מיט שפּייז און באַקליידונג האָבן געשטראָמט אין די פאַרשידענע דייטשע לאַגערן אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. אויך אין פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע און אין אַלע שטעט פון פוילן ווו עס האָבן זיך נאָר געפונען ראַדאָמסקער, האָט דערגרייכט די הילף. פאַר דער צושטערטער קהילה אין ראַדאָמסק האָט מען געשיקט פאַר די דאָרט איבערגעבליבענע איינצלנע יידן אַ סומע פון 800 דאָלאַר.

ראַדאָמסקער יידן האָבן זיך נאָך דער מלחמה גרופּירט אין דייטשלאַנד אין די לאַגערן: לאַנדסבערג, ווידן פעלדאפינג, זיסלהיים. אויך אין עסטרייך, פראַנקרייך, איטאַליע און שוועדן האָבן זיך קאָנצענטרירט ראַדאָמסקער פּליטים. טויזנטער דאַנק־בריוו פון די אויסגערעכנטע לאַגערן און פון שוועדן, בעלגיע, סאָוויעטן־פאַרבאַנד, כינע און ציפּערן זענען באַקומען געוואָרן פאַר דערהאַלטענע שפּייז און קליידונג־פעקלעך, געלט און מעדיקאַמענטן, אין איינצלנע פאַלן אויך מאַשינען און רייזע־הוצאות, וואָס דער פאַראיין האָט געשיקט. אייניקע צענדליק־טויזנטער דאָלאַר איז אין דער צייט אויף דעם צוועק אויסגעגעבן געוואָרן אַ דאַנק די אומבאַשרייבלעכע אָנשטרענגונג פון די איבערגעגעבענע עסקנים אין דער סאָסייטי און רעליעף: מ. ש. עפּשטיין, פּאַצאַנאָווסקי, רודניצקי, קאַלקע, ד. לעפקאָוויטש און אַנדערע. זיי האָבן נאָך דער שווערער אַרבעט זיך געווידמעט נישט נאָר די געלט־זאַמלונגען, נאָר אַליין געפּאַקט די שפּייז און קליידונג־פעקלעך, געענטפערט אויף טויזנטער בריוו אד״ג.

בעת אַ געזעגענונגס־באַנקעט לכבוד דעם אומערמידלעכן רעליעף־טוער און פּרעזידענט הערי רודניצקי פאַר זיין רייזע קיין ישראל (אין יאָר 1952), איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע סומע פון 1500 דאָלאַר פאַר בויען אַ פאָלקס־הויז אין ישראל א.נ. פון די ראַדאָמסקער קדושים. בעת דעם באַנקעט פאַר האַרי רודניצקי אין ישראל, איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן אין ישראל אַ גמילות־חסד־קאַסע און ה. רודניצקי האָט דעם באַשלוס געבראַכט צו דיסקוסיע, נאָך זיין צוריקקער, פאַר דער סאָסייטי־פאַרוואַלטונג. די סאָסייטי האָט גלייך איבערגעשיקט קיין ישראל פאַר דעם צוועק די סומע פון 1500 דאָלאַר (אין דעם 300 דאָלאַר אַ שפּענדונג פון האַרי רודניצקי, וועלכער האָט צעטיילט די סומע נויטבאַדערפטיקע.

אין דער זעלבער צייט האָט די סאָסייטי געשטיצט די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער הילפס־אינסטיטוציעס ווי: „ראַשן וואָר רעליעף״; „רעד־קראָס״; „בריטיש וואָר רעליעף״; „יונייטיד וואָר רעליעף״; יונייטיד דזשואיזש אַפּיל״; „רויטער מגן דוד״; „הסתדרות קאַמפּיין״ און אַנדערע פאָנדן (אויף די אַלע אונטערשטיצונגען האָט דער פאַראיין אויסגעגעבן צען טויזנט דאָלאַר).

דער ברודער יחזקאל רודניצקי האָט באַזוכט ישראל אין דער צייט ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אַהין ראַדאָמסקער אָפּגעראַטעוועטע לאַנדסלייט. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן די דאָרטיקע גמילות־חסדים קאַסע שטאַרק אויסצוברייטערן און פאַר דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן (לויט דער איניציאַטיוו פון די ברידער רודניצקי, פּאַצאַנאָווסקי און עפּשטיין) אַ סומע פון 2672 דאָלאַר. ליידער איז דער איבערגעגעבענער ברודער שלמה עפּשטיין אין דער צייט געשטאָרבן און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן די גמילות־חסדים־קאַסע אין תל־אביב אָנצורופן אויף זיין נאָמען.

## דער 50־יאָריקער יובילעאום

אַ חוץ דער גיגאַנטישער הילפס־אַרבעט פאַר דער שארית־הפליטה, איז די סאָסייטי אָנגעגאַנגען מיט איר נאָרמאַלער אָרטיקער אַרבעט אויף אַלע געביטן פון קולטורעלער, סאָציאַלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דער באַגאַבטער ראַדאָמסקער שריפטשטעלערין שרה האַמער־דזשאקלין האָט די סאָסייטי מיטגעהאָלפן אַרויסצוגעבן אירע ביכער „לעבנס און געשטאַלטן״ (1946) און „שטאַמען און צווייגן״ (1954).

סוף יאַנואַר 1949 איז געפייערט געוואָרן דער 50־יאָריקער יובל פון דער סאָסייטי. אונטער דער רעדאַקציע פון פריינט פּיניע קאַלקע איז דאַן דערשינען אַ שיינער זשורנאַל אין יידיש־ענגליש, ווו דער רעדאַקטאָר שרייבט:

„מיר האָבן אַוועקגעגעבן 50 יאָר פון שווערער מי און אַרבעט צו פאַרשענערן דאָס אַלגעמיינע יידישע פאָלקס־לעבן: געשאַפן טויזנטער דאָלאַר פאַרן קרן־היסוד; געהאָלפן מיט גרויסער הילף אונדזערע אַלע יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס; געהאָלפן אַלע יאָרן אונדזער געבוירן־שטאָט מיט אַלע אירע נויטבאַדערפטיקע אינסטיטוציעס; איבערגעגעבן זיך מיט לייב און לעבן צו העלפן די שארית־הפליטה פון דעם גרעסטן יידישן וועלט־



די עקזעקוטיווע פון רעליף — הילפס־קאָמיטעט אין יאָר 1949 :
שטייען פון רעכטס — ה. רודניצקי, ס. שוואַרץ, ה. איסראַעל, מ. שאפירא
זיצן פון רעכטס — פ. קאלקע, ד. לעפקאָוויטש, ש. עפשטיין, ה. סעדלעצקי, י. פאצאנאווסקי



די אַקטיווע טוערינס פון דער פרויען־סעקציע ביי דער ניו־יאָרקער סאָסייטי.
(די סעקציע האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1934 ; די אויפנאַמע איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1949)
שטייען פון לינקס—ה.ב. איסראַעל (אָרגאַניזאַטאָר); שרה ה. דזשאקלין, ל. שאפירא, מ. צימבערג, וו. קנאָפף, ר. אָבערמאַן, ר. שפירא, ה. רודניצקי (אָרגאַניזאַטאָר)
זיצן פון לינקס — ה. וויטראָפסקי, ל. לאגער, ד. קראוס, ס. רודניצקי, ג. קאסאי.

חורבן; געשטאַנען מיט גלייכע אין דעם גרויסן וועלט־געראַנגל כדי אָנצוהאַלטן מיט אַלע כוחות אונדזערע געראַכטע יידישע קאַמפּס־פּאָזיציעס. ווי אַזוי קאָן מען פאַרשווייגן אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט ווי אַ 50־יאָריקן יובליי און נישט דערמאָנען האַרציקע, טייערע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייער צייט, געלט און געזונט פאַרן קיום פון יידישן פאָלק. אַ סאָסייטי מיט אַזאַ רייכער טראַדיציע און אַזעלכע איבערגעגעבענע פּאַטריאָטן ווי ברודער סאָל גרינבערג, וואָס זיין גייסט און נשמה זענען אַדורכגעדרונגען מיט די טיפעליידן פון די אָרעמע, נויטליידנדיקע מענטשן. זאָלן אויך דערמאָנט ווערן: די ליבע פאַמיליעס שעדלעצקי, וועלכע האָבן זיך אַזוי באַליבט געמאַכט צוליב זייערע האַרציקע מעשים טובים פאַרן ראַדאָמסקער „רעליעף״; דער חשובער מאַקס דיקער־מאַן; די ברידער משה לעווקאָוויטש, אהרון גליקסמאַן, הערי פּיש־מאַן, קלמן ראטשטיין, פּישל גליקסמאַן און אַנדערע טייערע ברי־דער וואָס זייערע מעשים טובים זענען געווען דער גייסטיקער כוח אויף פאַרן גרויסן זיג פון ישראל״.

אין אַ צווייטן אָרט אין דעם דערמאָנטן זשורנאַל לייענען מיר:

„זאָלן מיר היינט מיט אונדזער פייערונג דעמאָנסטרירן אונדזער גרויסע פרייד פאַר דעם גליק וואָס עס איז אונדז אַלעמען באַשערט געווען צו דערלעבן דאָס ווידערגעבורט פון אונדזער יידישער מדינה, נאָך צוויי טויזנט יאָר פאַרשקלאַ־פונג, פּיין און פאַרפאָלגונגען. זאָל דער גרויסער פריידיקער מאָמענט שטאַרקן אונדזערע הענט און אונדז אַלעמען דער־מוטיקן צו ווייטערדיקער נויטיקער הילפס־אַרבעט פאַר אונ־דזערע לאַנדסלייט צו היילן די שווערע ווונדן פון אונדזער שוידערלעכער פאָלקס־טראַגעדיע״.

די סאָסייטי איז געווען פון די ערשטע אַמעריקאַנער לאַנדס־מאַנשאַפטן, וואָס האָבן וואַרם אונטערשטיצט יעדע אַקציע פאַר ישראל. מיט דער הילף פון אַקטיווע איבערגעגעבענע חברים אין ישראל איז געלונגען אויפצובויען צוויי הייזער אין חולון פאַר אונדזערע נייע עולים אין ישראל (15 טויזנט דאָלאַר האָט מען אויף דעם צוועק איבערגעשיקט).ליידער האָט די אַקציע סיי דער סאָסייטי און סיי די חברים אין ישראל פאַרשאַפט נישט ווייניק פאַרדרוס, ווייל מען האָט נישט געקענט באַפרידיקן אַלע פאָדערונגען מיט די 8 וווינונגען וואָס מען האָט אויפגעבויט.



**דער אַראַנזשיר־קאָמיטעט צום 50־יאָריקן יובילעאום (1949)**

זיצן פון לינקס — י. פּאצאנאווסקי, ד. לעפקאָוויטש, ה. סעדלעצקי, ה. ב. איסראַעל, ס. שוואַרץ, י. קאַסאָי, פּ. קאַלקע;
צווייטע שורה פון לינקס — י. וויטראָפּסקי, ה. הובערמאַן, פּ. קנאָפּף, אַל. היימאַן, ג׳. א. צימבערג, א. האַבער, ש. עפּשטיין, מ. סעלקאָוויטש;
אויבן פון לינקס — ה. וויטראָפּסקי, מ. שאַפּירא, ה. רודניצקי, א. קראוס.



מען טרינקט „לחיים” אין הויז פון י. פאצאנאווסקי (ניו־יאָרק)
לכבוד דאָס לייגן דעם גרונדשטיין פאַר די 2 הייזער אין ישראל (נאָוועמבער 1951)



בעתן בויען איינע פון די 2 הייזער אין חולון א. נ. פון סאָל גרינבערג ז"ל

### *HARRY RUDNITSKY, RELIEF CHAIRMAN*

Harry Rudnitsky donated many years and much health and energy to his beloved organization. Great is his register of activities in the Society and relief activities. He is always ready to help the needy and welcomes all with a warm heart and a ready hand. With his strength of character and untering devotion he supports the nowo Radomsko Society and their activities.

### *DAVID LEFKOWITZ, President*

He is the experienced president of the unceasing Society and relief committee. Unbounded were his effort in the relief activities of our society, activities on the behalf of the surviving victims of World War II and a belief of perpetuating the memory of the deceased. His devoted colleague is Vice President Harry Israel, who is always there by his side participating in the hard work of the society.

נאָך די שווערע, אָנגעשטרענגטע יאָרן פון אַרבעט האָט זיך געלאָזט מערקן אין דער סאָסייטי אַ געוויסע מידקייט און נאַטירלעכער שטילשטאַנד. דאָך האָבן די וועטעראַנען, ווי יחזקאל פּאַצאַנאָווסקי, יחזקאל רודניצקי, דוד לעפקאָוויטש, לעאָן עלענבערג און אַנדערע וואַרם אויפגענומען דעם רוף פון די ראַדאָמסקער אין ישראל, וועגן העלפן אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך צום אָנדענק פון דער ראַדאָמסקער יידישער קהילה.

י ח ז ק א ל ר ו ד נ י צ ק י. אַ סך יאָרן און געזונט האָט ער געווידמעט זיין באַליבטע אָרגאַניזאַציע און גרויס איז זיין רעיעסטער פון אַקטיוויטעט אין דער סאָסייטי און אין רעליעף.

ד ו ד ל ע פ ק אָ ו ו י ט ש. ער איז דער פיל־יאָריקער פּרעזידענט פון דער אומערמידלעכער אַרבעט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער סאָסייטי און רעליעף. אומבאַגרענעצט זענען זיינע אָנשטרענגונגען אין דער גרויסער הילפס־אַקציע פאַר אונדזער סאָסייטי און רעליעף, פאַר די שווער־געליטענע לאַנדסלייט פון דעם היטלער־חורבן וועלכע זענען געבליבן לעבן און פאַר דער פאַראייביקונג פון אונדזערע קדושים.

ה ע ר ש ל ע פ ש ט י י ן. זיין געזעלשאַפטלעך־סאָציאַליסטישע פאַרגאַנגענהייט אין ראַדאָמסק, האָט אים נישט געלאָזט רוען ביז ער האָט אין יאָר 1944 אָרגאַניזירט אַ לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציע אין זיין וווין־שטאָט לאָס־אַנדזשעלעס. זייער אַקטיוו און קאָליִרפול איז זיין טעטיקייט, שטענדיק דער ערשטער צו לייסטן זעלבסט און באַגייסטערן אַנדערע צו דעם צוועק. אַ באַזונדערער שטריך אין זיין טעטיקייט איז די אַרבעט פאַר ארץ־ישראל, אַקטיוו אין געווערקשאַפטס־קאַמפּיין אדג"ל.

דער שרייבער פון ד שורות האָט אין משך פון לאַנגע וואָכן זיך באקענט מיטן אַרכיוו פון די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און איז באמת געווען איבעראַשט פונעם אַלזייטיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן און גייסטיקן כוח וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן דאָרט זיינע יוגנט־פריינט פון נאָוואָ־ראַדאָמסק. ווי אַ גאָלדענער שנור ציט זיך זייער טעטיקייט באַגלייט מיטן שטאַרקן ווילן צו העלפן די פאַרבליבענע יידן אין ראַדאָמסק. אַליין נישט פריי פון נויטווענדיקער הילף אין דעם רייכן ניו־יאָרק פאַר זייערע חברים, סיי מאַטעריעלע סיי סאָציאַלע, האָט אויף זיי תמיד געלעגן דער חוב צו העלפן די פאַרבליבענע יידן אין ראַדאָמסק אויפצובויען דאָרט זייערע אינסטיטוציעס, וועלכע זאָלן מיטהעלפן אין די דאָרטיקע באַדערפענישן.

באַזונדערס האָט זיך אַרויסגעוויזן די גרייטקייט און איבערגעגעבנהייט צו העלפן אין דער צייט פון אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע, בעת אַרבעטס־מענטשן האָבן זיך דערהויבן צו אימפּאָזאַנטע מעשים אין אָט דער צייט. נישט נאָר וואָס עס זענען געזאַמלט געוואָרן פיל צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן, נאָר זיי האָבן אַליין געפּאַקט און געשיקט הילפס־פּאַקעטן באַגלייט מיט די וואַרעמסטע געפילן און ברכות אין אַלע פלעצער וווּ נאָר עס האָט זיך געפונען אַ לעבנס־געבליבענער ראדאָמסקער לאַנדסמאַן.

זאָל אויך אונטערגעשטראָכן ווערן די פּאָזיטיווע טעטיקייט אינעם אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן יידישן לעבן אין אַמעריקע. די וואַרעמע אָפּרופן פון דער דאָרטיקער פּרעסע וועגן אָט דער טעטיקייט איז דער בעסטער באַווייז, אַז אונדזערע לאַנדסלייט דאָרט האָבן מיט זייער באַשיידענער הילף נישט ווייניק בייגעשטייערט אויך דערצו.



בעת דער פייערונג פונעם 60־יאָריקן יובילעאום פון דער סאָסייטי (1958)

נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייטי און נאָוואָראַדאָמסקער רעליף אָרגאַניזאַציע

# אַ יזכור אָוונט

## געווידמעט פאַר די אומגעקומענע קדושים פון אונזער הײמשטאָט נאָוואָראַדאָמסק.



וועדטע לאַנדסלייט און פריינד :

עס איז שוין געוואָרען פינף יאָהר ווי די היטלער מערדער האָבען אומגעבראַכט אויף אַזאַ שרעקליכען מערדעריליכען אופן אונזערע טייערסטע און ליבסטע יידעס און באָבעס, אונזערע פאָטערס און מוטערס, אונזערע שוועסטער און ברידער, אונזערע קאָזינס און קאָזינעס, און ווייטערע פאַמיליעס, נאָענטע חברים און חברות, שכנים און גוטע פריינד.

ווי קאָן מען פאַרגעסען דעם גרויסען חורבן פון אונזערע צאַרטע, ליבע נשמות פון יונג און אַלט, וואָס זענען געווען מיט אונז דורך טויזענדער פעדים פאַרבונדען.

דאריבער דארפען מיר מיט אַלע אונזערע לאַנדסמאַנשאַפטליכע כוחות זעהען אָנצוהאַלטען דעם אייביגען סענטימענט, אַז מיר זאָלען אונזערע טייערסטע קדושים קיינמאָל ניט פאַרגעסען. 18 טויזענט ראַדאָמסקער נפשות זענען דורך די היטלער באַנדעס דערמאָרדעט געוואָרען דורך פאַרשידענע טויטען.

דאריבער איז באַשלאָסען געוואָרען צו ווידמענען אַ ספעציעלען גייסטרייכען מעמאָריאַל אָוונט לכבוד די געפאַלענע קדושים. עס איז אונזער מענשליכער חוב צו אטענדען דעם טרויער אָוונט, וואָס איז פאַרופען פון אַלע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט וואָס זענען צעוואָרפען אין דער וועלט, פאַר דעם זעלבען טאָג,

**שבת אָוונט, דעם 18טען אָקטאָבער, 8 אַזייגער,**

**אין יאָרקוויל טעמפעל, 157 איסט 86טע סטריט, ניו יאָרק.**

מיר וועלען האָבען מיט זיך דעם עריסט געקומענעם לאַנדסמאַן, דר. וויינאפעל, און ער וועט זיך טיילען מיט זיינע איבערלעבונגען, ווי אזוי ער האָט געראַטעוועט אונזערע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט פון אַ זיכערען אומקום.

מיר וועלען אויך אָפּגעבען אַ טייל פון דעם אָוונט די ערשטע חשוב'ע געראַטעוועטע לאַנדסלייט וואָס זענען שוין אין אמעריקע, און לכבוד זיי וועלען געגעבען ווערען רעפרעשמענטס.

מיר אַפּעלירען צו יעדען פון אונזערע לאַנדסלייט און פריינד ניט צו פאַרפעהלען דעם וויכטיגען ערנסטען אונטערנעמונג. אַ וויכטיגער פּראָגראַם פאַר אַזאַ אָוונט איז צוגעגרייט.

אַ באוואוסטער חזן וועט מאַכען די אל מלא רחמים און אונזער לאַנדספּרוי טיינסקי וועט פאָרלעזען דעקלאַמאַציעס.

אַ נייע ליסטע פון געראַטעוועטע וועט געלעזען ווערען.

**פאַול גרינבערג, עהרן טשערמאַן — פ. קאלקא, טשערמאַן**

**דייוו לעפּקאָוויץ, פרעז. פון סאָסייטי — יחזקאל פּאַזאַנאָווסקי, סעקרעטער**

**הערי סיעדלעצקי, וויים טשערמאַן און קעשיר**

פאָטאָקאָפּיע פון אַן אויפרוף צום 5־טן יאָרטאָג נאָך דער ליקווידאַציע פון ראַדאָמסקער געטאָ (1946)

## יחזקאל פאצאנאוווסקי ז״ל



יחזקאל פאצאנאווסקי — דער בן־יחיד ביי זיינע עלטערן — יצחק און פייגעלע — פון זיי האָט ער געירשנט שטילקייט און איידלקייט און שטענדיק גרייטקייט צו העלפן דעם צווייטן.

אַ קינד פון יענעם דור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אידיאַלע שטריכן פונעם געזעלשאַפטלעכן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן ,אַ דור וועלכן עס איז פרעמד געווען דאָס עגאָיסטישע און במילא אַכזריותדיקע אויפפאַסונג פונעם לעבן. דערפאַר האָט זיין האַרץ אַזוי געבלוטיקט ווען ער האָט צוגעזען וויפל ברוטאַליטעט עס ווערט באַגאַנגען קעגן דעם מין מענטש בכלל און לגבי זיין יידיש פאָלק בפרט.

באַלד נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען יחזקאל פאצאנאווסקי באַקענט זיך מיט די פּראָבלעמען פון דעם אַרבעטער־ציוניזם, באַשליסט ער צו פאַרלאָזן זיין טאַטע־מאַמע מיט פאַמיליע און אויס־געצערטלטע היים, און פאָרט קיין ארץ־ישראל. קיין שום אַרבעט איז אים דאָ נישט געווען שווער, נישט באַקלאָגט זיך קיינמאָל אויף די נישט־לייכטע לעבנס־באַדינגונגען אין ארץ־ישראל. פּערזענלעכע סיבות האָבן אים געשטויסן צו פאָרן צייטווייליק נאָך אַמעריקע (ניו־יאָרק) און יחזקאל פאצאנאווסקי פאַרבלייבט אין אַמעריקע, בויט דאָרט זיין פאַמיליע און ווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע און קולטור און וויסן דער אָרגאַניזאַציע פון די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין אַלע אירע טעטיקייטס־געביטן.

העכער 20 יאָר איז ער געשטאַנען אַלס אַקטיווער טוער ביי דער גרויסער און פאַרצווייגטער סאָסייטי־און רעליעף־טעטיקייט, — אַלס סעקרעטאַר איז ער געווען דער לעבעדיקער נערוו פון דער אַרבעט, אָרגאַניזירט נישט נאָר די ברייטע טעטיקייט פונעם פאַרבאַנד אין אַמעריקע נאָר באַזונדער די הילפס־אַרבעט פאַר זיין געבוירן־שטאָט ראַדאָמסק. אין פעריאָד פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אַ גרויסע לאַסט געלעגן אויף אים: טאָג און נאַכט — אין בוכשטעב־לעכן זין — האָט ער אָפּגעגעבן פאַר דער הייליקער הילפס־אַרבעט. אַלס סעקרעטאַר האָט ער נישט נאָר געלעזן די הונדערטער בריוו פון אונדזערע פליטים און גלייך געגעבן אַלעמען תשובה, נאָר צוזאַמען מיט אַנדערע טוער געפּאַקט טויזנטער פּעקלעך שפּייז און קליידונג און פאַנאַנדערגעשיקט אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט.

אַ גאָר שטאַרקן אָנטייל האָט יחזקאל פאַצאַנאָווסקי גענומען אין דער צוגרייטונגס־אַרבעט וואָס די לאַנדסלייט אין ישראל האָבן אונטערגענומען אַרויסצוגעבן דעם יזכור־בוך. ער איז געקומען זען מיט די אייגענע אויגן די לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט וועלכע זענען עולה געווען קיין מדינת ישראל, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך איינגע־אָרדנט. ער האָט אין יאָר 1961 צוזאַמען מיט זיין פרוי באַזוכט ישראל און זיך באַקענט מיט די אַלע פּראָבלעמען און באַזונדערס מיט די צוגרייטונגען פאַרן ספר־הזכרון.

קומענדיק צוריק אַהיים, האָט ער זיין אַרבעט פאָרגעזעצט מיט מער ענערגיע, נישט געקוקט אויפן אָפּגעשוואַכטן געזונט, ביז דאָס גוטע האַרץ פון דעם דאָזיקן זעלטן־טייערן מענטש האָט אין סעפּטעמ־בער 1963 זיך אָפּגעשטעלט אויף אייביק.

### *HARRY PAZANOWSKY, Blessed Memory*

Harry Pazanowsky, the only son of his parents, Isaac and Figele, inherited their sedateness, gentile nature, and constant readiness to help others.

He was a child of that generation which exemplified the ideals of a socially orientated and cultural life, a generation which was estranged from an egocientic and inhumane outlook on life. For that reason, his heart bled as he witnessed brutality against mankind in general and the Jewish nation in particular.

Immediately following world war I when Harry Pazanowsky became acquainted with the problems of Workers Zionism he decided to Leave his parents and family and the security of his home, and went to the land of Israel. There was no task that was too difficult for him; not did he ever complain of the difficult living conditions in Israel. However, personal considerations caused him to go to New York, U.S.A. and so Harry Pazanowsky remained in America. He reased his family there and dedicated all of his physical and spiritual resources to the Noworadomsker Society.

For over twenty years he remained active in the numerous branches of society and relief work; as secretary he was the nerve center of this work.

Harry Pazanowsky donated tremendous aid towards the completion of the Yizkor Book, a work which was started by Radomsko compatriots in Israel. He witnessed with his own eyes the way of life of the survivors that settled in Israel, as in 1961 he and his wife visited Israel and became acquainted with the warious problems that confronted the Radomsko survivors, especially problems concerning the preparation of the Yizkor Book.

After his return home, he continued his work with even more vim and vigor, disregarding his overworked heart, until in Sept. 1963, it ceased forever.

## שלמה (סאַל) גרינבערג ז״ל

דאָ איז דער פּלאַץ פאַר אַ ספּעציעלער דערמאָנונג פון סאָל גרינבערג ז״ל, דער פאָלקס־מענטש וואָס זיין איינציקער ציל אין לעבן איז געווען צו העלפן נויטליידנדיקע מענטשן. פיל מאָל האָט ער געהאָלפן מיט דער זעלבער גרייטקייט סיי יידן און סיי נישט־יידן, אָבער זיין איבערגעגעבנהייט צו זיין געבוירן־שטאָט ראַדאָמסק האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. נישט קיין מיליאָנען האָט ער פאַרמאָגט, נאָר אַ באַזונדער וואַרעם האַרץ וואָס האָט קיינמאָל זיך



שלמה (סאַל) גרינבערג לייענט די באַשטעטיקונג פון ק.ק.ל. וועגן פלאַנצן אויף זיין נאָמען 18 (ח״י) ביימער דורכן ראַדאָמסקער אירגון אין ישראל.

נישט גערעכנט מיט דעם וואָס יענער גיט נאָר שטענדיק געווען גרייט צו שפּענדן נאָך מערער.

אין יאָר 1958 איז זיין אַרכיוו איבערגעפירט געוואָרן קיין ישראל און געפינט זיך אין אַ ספּעציעלן צימער וואָס טראָגט זיין נאָמען (דער צימער איז אַ טייל פון דער וווינונג אויף חולדה 9 אין תל־אביב, וואָס דינט דעם אירגון יוצאי ראַדאָמסק). די וווינונג איז געקויפט געוואָרן פאַר 6000 דאָלאַר וואָס די סאָסייטי האָט איבערגעשיקט און איז מעבלירט געוואָרן מיט אַן עקסטראַ־סומע וואָס איז געשיקט געוואָרן פון די 1000 דאָלאַר וואָס דער פאַר־שטאָרבענער סאָל גרינבערג ז״ל האָט איבערגעלאָזט אין זיין צוואה.

עס ליגט פאַר אונדז זיין באַגריסונג צום 40־יאָריקן יובילעאום (1939) פון דער ראַדאָמסקער סאָסייטי אין וועלכער ער זאָגט:

„אין דעם איצטיקן מאָמענט שיק איך מיין האַרציקן גרוס צו מיינע אָרעמע ברידער און שוועסטער אין מיין געבוירן־שטאָט ראַדאָמסק. עס איז מיין ווונטש און האָב דערויף רע־זערווירט 1000 דאָלאַר, וואָס וועלן פאַרטיילט ווערן: 400 דאָלאַר פאַרן לינת־הצדק, 400 דאָלאַר פאַרן גמילות־חסד און 200 דאָלאַר פאַרן הכנסת־אורחים אין ראַדאָמסק״.

אַזוי ווי קיין ראַדאָמסק האָט מען שוין דאַן נישט געקענט שיקן דאָס געלט, איז די סומע געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1945 גיט ער די ערשטע 5000 דאָלאַר אויף צו בויען וווינונגען פאַר דער ראַדאָמסקער שארית־הפליטה אין ישראל.

וועגן זיין צדקה טעטיקייט אין ניו־יאָרק האָט ער זיך איינמאָל אַזוי אויסגעדריקט: „די יידן און יידענעס וועלכע קומען צו מיר אין שטוב, אָדער זעצן זיך נעבן מיר אין פּאַרק, וואָלטן זיכער געווען אומגליקלעך ווען זיי וואָלטן געדאַרפט דורכגיין די „שרייבעכצן״ פון אָרגאַניזירטע סאָציאַלע אינסטיטוציעס. איך קאָנקוריר נישט מיט די הילפס־אָרגאַניזאַציעס ווו איך בין אַ מיטגליד (אין העכער 40 פון זיי), אָבער מיינע פריינט וועלכע קומען צו מיר ווייסן אַן אַנ־דערן וועג און איך דאַנק גאָט וואָס זייער וועג פירט דירעקט צו מיר... געלט? וואָס דאַרף איך עס? גאָט גיט מיר עס אַנצוהאַלטן אַ ווײַלע כדי אָפּגעבן עס צו אַנדערע... איך פרעג נישט צופיל דעם באַדערפטיקן. ווען אַזאַ איינער קומט צו מיר און בעט הילף איז נאָך קיינער חלילה נישט אַוועק מיט קיין ליידיקע הענט. און אַזוי פיל נחת ווי איך האָב פון דעם קען מען נישט קויפן פאַר קיין מיליאָנען דאָלאַרן״.

מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט האָט ער געשטיצט די אַקציעס פאַר ארץ־ישראל, אַלס סטאַבילער שפּענדער פאַרן קרן־היסוד, קרן קימת לישראל און אַנדערע מגביות. ער איז אויך געווען אַ טרייער און איבערגעגעבענער, פריינט פון די „געווערקשאַפטס קאַמפּיינען פאַר דער הסתדרות״ (ביי איינעם אַזאַ קאַמפּיין האָט ער געגעבן אַן אַנטיק־געגענשטאַנד וואָס איז אויסגעפלעט געוואָרן פאַר צען טויזנט דאָלאַר). זיין רייכער אַרכיוו פון פאַרשידענע דאָקומענטן, אַדרעסן און דאַנק־בריוו (אפילו פון פּרעזידענט רוזוועלט) פאַרלאַנגט אַ ספּעציעלן שטודיום, וואָס זאָל אַרויסברענגען די פּערזענלעכקייט פון אָט דעם גרויסן יידן.

דעם 25טן יאַנואַר 1952 האָט ער אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה.

זיין טאָכטער און איידעם (אַלטמאַן) זעצן פאָר ווייטער די הילפס־אַרבעט פון סאָל (שלמה) גרינבערג ז״ל, אָנהאַלטנדיק די טראַדיציע פון זייער ליבן פאָטער.

## מאַקס שאַפּירא ז״ל



מאַקס שאַפּיראָ, דער זון פון מענדל און מאשעלע, איז געבוירן אין ראַדאָמסק (נאָוועמבער 1892). געקומען נאָך אַמעריקע אין 1913, געװאָרן אַ מיטגליד אין די סאָסייטי אין יאָר 1921.

מאַקס שאפּירא האָט געהערט צו די אייגנאַרטיקע יידישע עסקנים וועלכע קענען נישט רוען אויב נישט צו העלפן אַ צווייטן חבר און פריינט. זיין הייליקע לעבנס־אויפגאַבע איז געווען אויסצוזוכן די אַלע וועלכע נויטיקן זיך אין הילף, אָבער זענען נישט אומשטאַנד אַליין זיך צו ווענדן וועגן אָט דער הילף. נישט האָבנדיק אַליין די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן ווענדעט ער זיך צו חברים און פריינד וועלכע גיבן אים די מיטלען ער זאָל קאָנען אויספירן זיין אידעע. אַזוי האָט דער גרויסער נדבן ברודער שלמה גרינבערג גערן געדעקט אַלע פאַרלאַנגען פון מאטעלע שאפּירא צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט און אַנדערע.

אין די יאָרן 1925—1930 האָט שאַפּיראָ דורכגעמאַכט אַ שווערע קראַנקהייט. אַז ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער איבערגענומען די מיסיע צו זיין דער האָספּיטאַלער פון די ראַדאָמסקער סאָסייטי און דאָס האָט אים געגעבן די געלעגנהייט מקיים צו זיין די מצווה פון ביקור חולים, צו ברענגען מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף די קראַנקע פריינד און חברים.

אין יאָר 1951 האָט דער טויט איבערגעריסן דאָס לעבן פון אַ באַזונדער פיין פילנדיקן מענטשן און ברודער — מאַקס שאַפּיראָ ז״ל.

✶

Max Shapiro, Blessed Memory Born in 1892 to a well-to-do family in Radomsk, he decided to leave his home and his native land the Reactionary Poland to the open world the free world of all opportunities in the U.S. America, arrived 1913, become a member 1921 in the Radomsker society. He become active in all of our charitable, cultural and Relief activities in the Later years he become a helping hand to our beloved Sal Greenberg, which managed and carried out all his charitable transactions, Max Shapiro than become sick and in 1951 his delicate heart ceased forever.

## *SAL GREENBERG, Blessed Memory*

This is the proper place for a special remembrance of Sal Greenberg, of blessed memory, a common man whose only goal in life was to help needy people. Many were the times in which he helped both jew and Gentile alike. Yet, his devotion to his native town Radomsk was one word. He did not possess millions, only an especially warm heart which never took into consideration that which others were giving but was always ready to give even more.

In 1958 his archives were transported to Israel and are now found in a special room which bears his name. This room is part of an apartment on 9 Chuldah Street in Tel-Aviv which is used by the "Irgun Yotzei Radomsk". The apartment was bought for $6000 and was furnished with funds taken from the $1,000 sum which Sol Greenberg left the Society in his will.

We have possession of a written copy of his greeting on the occasion of the Society's 40 year Jubilee (1939) in which he says:

> "At this moment, I send a heartfelt greeting to my poor brothers and sisters in my home-town Radomsk. It is my wish to donate $1,000 to the following causes. $400 to be given to "Linat Hatzedek", $400 to "G'milat Chesed", and $200 to "Hachnasat Orchim B'Radomsk."

Since at that time it was already impossible to send the money to Radomsk, the sum was sent to Israel.

In 1945, he gave the first $5,000 towards the cause of building houses in Israel for refugees of Radomsk.

Of his charitable activities in New York, he expressed himself as follows: "The Jewish men and women who come to my home or set next to me in the park would surely be miserable if they had to go through the formal red-tape of social organizations. I am not trying to compete with the charity organizations (over 40 of which I belong to) but the friends which have come to me know of another way and I thank God that their path leads directly to me... Money? what do, I need it for? God gives it to me so that I may keep it a short while and then pass it on others.. I don't ask many questions of the one in need. When one such a person comes to me begging for help, he never goes away empty-handed. And millions of dollars can't buy the gratitude I have gained in this way".

He supported all charities involving Israel with a special fondness, including Keren Kayemet and Keren Hayisod. He was also a true and devoted friend of Workers Campaigns for Histadrut. (In one such campaign he donated an antique which was auctioned for $10,000).

On January 25, 1952 his dear soul departed.

His daughter and son-in-law, Mr. and Mrs. George Altman, perpetuate the charitable work of Sal Greenberg, of blessed memory, in keeping the tradition of their dear, beloved father.

## שלמה עפּשטיין ז״ל

שלמה עפּשטיין איז געקומען פון ראַדאָמסק קיין אַמעריקע דעם 16־מאי 1921, ער האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין דער ראַדאָמסקער סאָסייטי און גאָר גיך זיך באַקאַנט געמאַכט מיט זיין אַקטיווער אַרבעט לטובת די אָרעמע ברידער און שוועסטער פון אונדזער היימשטאָט. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געווידמעט דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס איז פאַר אים געווען ממש אַן הייליקייט און דערפאַר טאַקע האָט ער זיך דערוואָרבן דעם נאָמען פון אַ טייערן און איבערגעגעבענעם ברודער־מעמבער אין דער סאָסייטי.



ער האָט געזאָרגט פאַר די ערשטע מיטלען אויפצושטעלן אין ראַדאָמסק אַ גמילות־חסדים־קאַסע, וואָס האָט צוגעטיילט אָנפּראָצענטיקע הלוואות געדריקטע סוחרים, אָרעמע בעלי־מלאכות און סתם נויט־באַדערפטיקע. ער האָט געזאָרגט פאַר צוטיילן מצות אויף פּסח, פאַר געבן מעדיצינישע הילף אָרעמע קימפּעטאָרינס און קראַנקע, און זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף אַלע ווענדונגען פון יחידים. און ס׳דאַרף אונטערשטרייכט ווערן, אַז ביים זאַמלען דאָס געלט פאַר די א״ד צוועקן, און ער האָט געזאַמלט און איבערגעשיקט קיין ראַדאָמסק טויזנטער דאָלאַרן, האָט שלמה עפּשטיין זייער שווער געאַרבעט און אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער אַרבעט זיין האַרץ און נשמה.

אין פּעריאָד פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך דעם, אין משך פון 10 יאָר, איז ער געווען דער טשערמאַן פון רעליעף. אין דעם פּעריאָד האָט ער פאַרדאָפּלט און פאַרדרייפאַכיקט זיינע אָנשטרענגונגען פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט־אַרבעט, געזאַמלט און געטראָגן הילף יעדן ראַדאָמסקער יידן וואָס האָט געוויזן אַ שפּור פון לעבן בעת דער מלחמה און שפּעטער — די אַלע אָפּגעראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום, ווו נאָר זיי האָבן זיך געפונען.

נאָך דעם ווי ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז אין ראַדאָמסק זיינען שוין מער קיין יידן נישטאָ און אַז דער גרעסטער טייל פון די אָפּגעראַטעוועטע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין ישראל, האָט שלמה עפּשטיין קאָנצענטרירט זיין טעטיקייט אַרום די נויטן און באַדערפענישן פון די ראַדאָמסקער עולים אין ישראל. אויך דער דאָזיקער לעצטער קאַפּיטל פון זיין טעטיקייט פאַרן ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד אין ישראל, איז פול מיט זאָרג, פריינדשאַפט, איבערגעבנקייט און אַ סך מעשים טובים אויף אַלע געביטן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך דעם אירגון אין ישראל.

אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אומדערמידלעכער לאַנדסמאַנשאַפט־אַרבעט אין און אויסער אַמעריקע, איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער ראַדאָמסקער סאָסייטי, ווייס־פּרעזידענט און טשערמאַן פון די רעליעף־פאָנדן. נאָך זיין טויט, האָבן די דאָזיקע ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט־אינסטיטוציעס אין אַמעריקע באַשלאָסן צו פאַראייביקן זיין נאָמען דורך גרינדן ביי דער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין ישראל אַ ליי־קאַסע א.נ. פון שלמה עפּשטיין ז״ל.

ער איז געשטאָרבן דעם 7־טן מאַי 1952.

## *SAM EPSTEIN, Blessed Memory*

Sam Epstein came to America from Radomsk on May 16, 1921. He immediately became a member of the Radomsko Society, and soon became well known for his activities in the interests of the poor brothers and sisters in his home town. He dedicated his entire life to this noble work, a work which became sacred to him. And thus, he earned for himself the reputation of a dear and devoted brother and member of the Society.

He was active in establishing a free Loan Association in Rodomsk, an organization which gave loans at no interest to pressured businessmen, poor tradesmen, and needy people in general. He was concerned with the problem of providing Passover matzot and medical aid to poor new mothers and to the sick; he responded warmly to any needy individuals who turned to him. And, it must be stressed that in the act of collecting funds for the abovementioned causes (funds which amounted to thousands of dollars), Sam Epstein worked hard and with heart and soul.

During the period of World War II and for ten years thereafter he had the position of Relief Chairman. At this time he doubled and trippled his efforts in the Societys work. He collected funds and brought aid to any Jew of Radomsk who survived the agony of Hitler's world, no matter where such a jew was to be bound.

After it became evident that no more jews were to be found in Radomsk and that the greater part of the survivors had settled in Israel, Sam Epstein concentrated his activities upon the needs and wants of the Radomsko community in Israel. This last chapter in the story of his activities in behalf of the Radomsko jews in Israel is full of concern, friendship, dedications and many charitable deeds in all aspects of the social work which was carried on by the Israeli "Irgun".

Radomsko in recognition of his untireng efforts in behalf of his hometown both in America and abroad, he was noted President of the society and Chairman of the Relief. After his death, the various Rodomsko Institutions in America decided to immortalize his name by the establishment in Israel of the Sam Epstein free Loan Association.

## משה (מאָריס) שוואַרץ ז״ל

געבוירן אין אַ פאַרמעגלעך בעל־הבית׳שער משפּחה אין ראַ־דאָמסק, באַקומען אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג און גלייכצייטיק אין זיינע יונגע יאָרן איינגעזאַפּט די גרויסע פרייהייטס־אידעאַלן



וואָס האָבן אין יענער צייט מיטגעריסן די יידישע יוגנט. ער האָט געגלויבט, מיט פיל פיל אַנדערע, דאָס יענע גרויסע פרייהייט־באַוועגונגען וועלן פאַרטרייבן דאָס שלעכטס פון דער מענטשהייט בכלל און פון אונדזער יידיש־פאָלק בפרט.

קומענדיק קיין אַמעריקע נאָך פאַרן ערשטן וועלט־קריג, אינעם לאַנד פון גרויסע פרייהייטס־מעגלעכקייטן, האָט ער זיין וויסן, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע פעאיקייטן געווידמעט קודם־כל זיינע לאַנדסלייט, אין דעם ברייטן שטח פון זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער, קולטורעלער, געזעלשאַפטלעכער און סאָציאַלער טעטיקייט. נאָך דער פינצטערער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק, האָט ער זיך אויסגעצייכנט ביים אָרגאַניזירן די גרויסע הילפס־אַקציע וואָס די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן אונטערגענומען לטובת די ביים־לעבן געבליבענע ברידער זייערע.

זיינע טיף־מענטשלעכע און פרייהייט־געפילן, האָבן אים אין די 30־קער יאָרן באַוויגן צו זיין איינער פון די גרינדער פון דער הילפס־אַרבעט פאַר פּאָליטיש־געליטענע אין רעאַקציאָנערן פּוילן (דער „פּאַטראָנאַט״).

סימבאָליש איז געווען זיין לעצטע רייזע אין 1962, אין דער באַגלייטונג פון זיין בעסטן פריינט־חברה — זיין פרוי. ער האָט דאַן באַזוכט מדינת ישראל, געזען דעם וווּנדערבאַרן נאַציאָנאַלן אויפשטייג, און שפּעטער באַזוכט אייראָפּע, געווען אין פּוילן און אין ראַדאָמסק. ער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן וואָס עס איז געוואָרן פון די אַמאָליקע גרויסע פרייהייט־לאָזונגען אין וועלכע ער האָט אַזוי טיף געגלויבט. זיין הייס־יידיש האַרץ האָט כנראה נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם ווייטיק פון דער פּערזענלעכער און נאַציאָנאַלער טראַגעדיע. גאָר קורץ נאָכן צוריקקער קיין אַמעריקע, האָט דאָס איידל־האַרץ פון משה (מאָריס) שוואַרץ אויפגעהערט קלאַפּן. ער איז געשטאָרבן אין מיאַמי פלאָרידא דעם 15.10.1963.

כבוד זיין אָנדענק!

## *MORRIS SCHWARTZ, Blessed Memory*

Born to a well-to-do, prominent family in Radomsk, Morris Schwartz received a traditional jewish upbringing At the same time he became imbued with the ideals of freedom which were so attractive to the Jewish youth of his era. He was not alone in his belief that freedom were so attractive to the Jewish youth of his era. He eradicate many of the evils of humanity in general and the Jewish nation in particular.

Before World War I., On arrived in America, the land of freedom and opportunity. He at once directed all of his cultural and intellectual, intelligence first and foremost to his compatriots. After our nations tragedy, he excelled in the organization of the relief activities that american compatriots of Radomsk undertook for the benefit of their surviving brothers.

His deep appreciation of freedom and humanism inspired him to be one of the founders of the social welfare work for the oppressed in politically reactionary Poland, during the 1930's.

His last trip to Israel in 1962 was symbolic. He then visited the land of Israel and saw the wonderful national establishment. He later visited with his dear wife Bella which wer so pacient to him in his work Europe and was in Poland and Radonsk. He witnessed with his own eyes what became of the once great declarations of freedom in which he had so strongly believed. His passionately Jewish heart could apparently not withstand the pain of this personal and national tragedy. Shortly after his Return to America, the delicate heart of Morris Schwartz ceased forever.

## פּיניע קאַלקע ז״ל



פּ י נ י ע  ק אַ ל ק ע. אַ טייערער מענטש, אַ טייערע נשמה, אַ באַשיידענער אַרבעטער. געווען שטענדיק גרייט צו דינען יעדן חבר, יעדן נאָענטן, יעדן אַרבעטס־מענטש. שטענדיק געחלומט וועגן אַ שיינער, ליכטיקער און בעסערער צוקונפט. ער האָט פון־צייט צו־צייט געמאַכט רייזעס, איינגעזאַפּט די דונקעלע בילדער פון דער אַלטער היים אין פּוילן און די העלע אויפגייענדיקע זונען־שטראַלן פון דעם נייעם יידישן לעבן אין מדינת ישראל.

ער איז אַוועק פון ראַדאָמסק קיין אַמעריקע אין יאָר 1925. אָבער דער מוראדיקער אימפּעט פון אַמעריקאַנער לעבן, באַזונדער אין דער ריזן־שטאָט ניו־יאָרק, דער שווערער געראַנגל צו „מאַכן אַ לעבן", די יאָגעניש אין שאַפּ און דער „האַרי־אַפּ" — דאָס אַלץ האָט נישט געהאַט קיין שליטה אויף דעם געטרייען קינד פון נאָוואָ־ראַדאָמסק, דעם איבערגעגעבענעם לאַנדסמאַן און געזעל־שאַפטלעכן טוער.

פּיניע קאַלקע פלעגט ווערן אָנגעצונדן פאַר רעליעף־אַרבעט, אויפנעמען איר. מיט באַגייסטערונג און באַגייסטערן אַנדערע צו דער אַרבעט. מיט דעם כוח איז „דער טרוימער פון נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט" יאָרן־לאַנג געווען דער רעליעף־טשערמאַן. אַ דאַנק אים, האָבן די פּסח־קאָנצערטן פון רעליעף זיך קונה שם געווען מיט זייער גרויסן דערפאָלג, אַזוי אויך די יזכור־אָוונטן, אָדער די אָוונטן פאַר מדינת ישראל.

פּיניע קאַלקע האָט פיל געלייסטעט מיט זיין געזעלשאַפטלעכן אימפּעט פאַר פאַרשידענע סאָציאַלע און אַלגעמיין־יידישע אינסטי־טוציעס און פאַראַנשטאַלטונגען. אויך דערביי האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן און קיינמאָל נישט פאַרווישט, אַז ער שטאַמט פון אַן האָרעפּאַשנער פאַמיליע פון ראַדאָמסק און אַז ער אַליין געהערט תמיד צו דער מאַסע פון האַרעפּאַשניקעס און בעלי־מלאכות. אַזוי אַרום האָט ער אין אַמעריקע פאָרגעזעצט זיין וועג פון געזעלשאַפט־לעכער און קולטורעלער טעטיקייט, מיט וועלכן ער איז שוין גע־גאַנגען אין די יונגסטע יאָרן זיינע אין זיין היימשטאָט ראַדאָמסק.

פּיניע קאַלקע איז געווען דער מיטרעדאַקטאָר פון „נאָוואָ־ראַדאָמסקער אַלמאָנאַך" צוזאַמען מיט משה שוואַרץ — דער הויפּט־רעדאַקטאָר.

אין אָנהויב 1956 האָט ער געהאַט די זכיה צו זיין ווידער אין ישראל און זיין פרייד האָט גאָר קיין סוף נישט געהאַט, ווען ער האָט באַגעגנט זיין משפּחה, אַלטע און נייע פריינד.

ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין חודש אָקטאָבער 1956 אין ניו־יאָרק.

כבוד זיין אָנדענק!

*PINCHAS KALKA, Blessed Memory*

A dear man, a beloved soul, and modest worker, he was always eager in the service of a friend. He Forever dreamed of a brighter and better tomorrow. From time to time he took trips and thus he was able to contrast the bleak pictures of the old home in Poland with the bright rays of the emerging Jewish life in Israel.

Pinchas Kalka was the symbol of the cultural work in the Radomsko Society. We took pride in him and proudly recognized his work as a victory for our society. He never pushed himself to the foreground, but quietly inspired others to do work so that they might take the credit. For this he was loved by all his modesty, his humility, and his warm smile.

Shortly before his death in 1956, he once more had the opportunity to be in Israel. His joy was endless when he met his family and old friends as well as new. He died on October 2, 1956 in New York, several weeks after his return from Israel.

---

## איזי אלפּערט ז״ל

מיר באַדויערן דעם פאַרלוסט פון אונזער מעמבער איזי אלפּערט, מיר האָבן פאַרלוירן אַ מענטשן וואָס האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן צו אונזערע זאַמלונגען מיט באַדייטנדע געלד סומעס. אַ פאַרוואַלטונג מיטגליד פון אלפּערט און מייערס.

✶

We regret the Loss of our member Isidor Alpert which has donated big sums of money to all of our appiels an Executive member of Alpert and Meyers

מיינע זאָרגן דערלויבן מיר נישט צו טאָן וואָס נישט איז אויף דעם געביט אָדער אַנדערן. דאָך בין איך גרייט זיך אַנצושליסן אינעם פאַרבאַנד אויב אַנדערע אונדזערע לאַנדסלייט וועלכע זענען נישט אַזוי באַשעפטיקט וועלן אַזאַ פאַרבאַנד אָרגאַניזירן. ס'איז כדאי אויסצוזוכן פּאַסיקע מענטשן וועלכע האָבן די מעגלעכקייט צו ווידמען צייט און ענערגיע פאַר דעם און זיין איבערגעגעבן דער דאָזיקער אַרבעט".

אין תל־אביב, ווי אין חיפה, ווו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ גרעסערע צאָל ראַדאָמסקער לאַנדסלייט, איז געוואָרן אַקטועל דאָס שאַפן פון אַן אָרגאַניזאַציע פון אַלע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין לאַנד. אין יוני 1939 — סיון תרצ"ט, ווערט דורך אַ גרופּע חברים פאַרעפנטלעכט דער פאָלגענדער אויפרוף:

מיר גיבן צו וויסן אַלע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל, אַז אַן איניציאַטיוו־גרופּע אין תל־אביב האָט אויף איר לעצטער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין אַ פאַרבאַנד פאַר די פאָלגענדיקע אויפגאַבן:

א. געמיינזאַמע הילף אין אַלע הינזיכטן, וואָס איז זייער נויטיק אין לאַנד בכלל און אין דעם איצטיקן מצב בפרט. אין דעם געביט וועט די אַרבעט זיין אומבאַגרענעצט און אונדזער ציל איז, אַז זי זאָל געפירט ווערן מיט געמיינזאַמע כחות דורך איין קרייז און איין צענטער, אָן קיין שום פּאָליטישע טענדענצן.

ב. פלעגן חברישע און אינטימע באַציאונגען צווישן אונדזערע לאַנדסלייט אינעם טאָגטעגלעכן לעבן.

ג. שאַפן אַ גמילות־חסדים קאַסע פאַר קאָנסטרוקטיווע הילף אין פאַל פון נויט.

ד. אָנקניפּן קאָנטאַקט מיט פינאַנציעלע־פאָנדן פון אונדזערע לאַנדסלייט אין חוץ־לארץ, וואָס זייער טעטיקייט איז אין גייסט פון אונדזערע אויפגאַבן.

מיר האָבן אויסגעוויילט אַ צייטווייליקן קאָמיטעט וואָס וועט אָרגאַניזירן די אַרבעט ביז דער קומענדיקער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. מיר ווענדן זיך צו אַלע אונדזער׳ע לאַנדסלייט און רופן אייך זיך רעיעסטרירן אַלס מיטגלידער פונעם פאַרבאַנד און זיך פאַרפליכטן צו צאָלן אַ חודשלעכן מיטגליד־אָפּצאָל, אָדער לויט די מעגלעכקייטן. מיר האָפן אַז די אַלע וועלן זיך אָפּרופן אויף אונדזער ווענדונג און העלפן אויפשטעלן אונדזער פאַרבאַנד.

איר ווערט געבעטן זיך ווענדן ווי אַמגיכסטן אין אונדזער רעיעסטראַציע־ביוראָ לויטן אַדרעס: „החץ", רח' זבולון 31, תל־אביב, אין די שעהן 7—8 אָוונט".

דעם אויפרוף האָבן געחתמעט: חיים גראָסמאַן, שלמה וואָקסמאַן, שמואל לאַכמאַן, יהושע קאַלקא, יוסף קאַמעלגאַרן, דוד קראָוזע, שלמה קראַקאָווסקי, משה־יצחק שיטנבערג.

דער ציטירטער אויפרוף ווייזט אָן אויף דעם ווילן פון די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל זיך ענגער צוזאַמענצולעבן און זיך קעגנזייטיק אַרויסהעלפן אין יעדער הינזיכט. אין אָנבליק פון דער שפּעטערדיקער פאָלקס־טראַגעדיע, איז עס געווען ממש אַ נביאיש פאַרגעפיל צו אָרגאַניזירן זיך כדי זיין גרייט צו דער אַקציע פאַר די ראַדאָמסקער ברידער אינעם צווייטן וועלט־קריג און פאַר די אָפּגעראַטעוועטע פון אומקום.

## הילף פאַר די פליטים און אָפּגעראַטעוועטע

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־קריג, און באַלד זענען אָנגעקומען די פינצטערע ידיעות פונעם פוילישן יידנטום בכלל און פון אונדזערע ברידער אין ראַדאָמסק בפרט. דער נאָרמאַלער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט בכיים אָנהויב אַבסאָלוט נישט געקענט אויפנעמען די טראַגישע געשעענישן, די פינצטערע ליידן פון די יידן, די רוצחישע מעשים פון דייטשע־היטלעריסטישע באַנ־דעס. פון־צייט צו־צייט, האָבן זיך אַדורכגעשלאָגן די ידיעות, אָבער די גרויסע וועלט האָט נישט געגלויבט, אָדער נישט געוואָלט גלויבן.

ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות פון ראַדאָמסקער, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען אין רוסלאַנד. די ראַדאָמסקער אין ישראל האָבן גלייך אָרגאַניזירט אַ הילפס־אַקציע צו שיקן שפּייז־פּעקלעך און מלבושים קיין רוסלאַנד פאַר זייערע לאַנדסלייט (כמעט אויף יעדן אַדרעס פון אַ ראַדאָמסקער, וואָס איז מעגלעך געווען צו באַקומען). די טעטיקייט איז אויך קאָאָרדינירט געוואָרן מיט די לאַנדסלייט אין אַמעריקע און נישט איינער פון די ראַדאָמסקער אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט זיך אין די שווערסטע מלחמה־יאָרן גע־קוויקט מיט דער דאָזיקער הילף.

אין די שפּעטערדיקע מלחמה־יאָרן זענען שוין די שוידערלעכע בשורות געווען קלאָר. עס איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל דער ראַ־דאָמסקער לאַנדסמאַן מ. זאַנדבערג פון עגיפּטן און געבראַכט פרטים וועגן דעם אומקום. שפּעטער איז צוריקגעקומען יעקב קורץ וועלכער האָט באַזוכט פּיעטרקאָוו ערב דער וועלט־מלחמה און איז דאָרט געבליבן שטעקן, האָט דאָך זיך אַרויסגעריסן און צוריקגע־קומען אין לאַנד אין דער מלחמה־צייט. ער האָט דערציילט וועגן דעם גרויסן חורבן פון פוילישן יידנטום, ספּעציעל וועגן פּיעטרקאָוו און ראַדאָמסק, און אויך וועגן דעם שפּעטער פאַרעפנטלעכט אַ בוך א"נ „ספר עדות".

צוגלייך מיט דעם אומגעהויער גרויסן צער און טיפן ווייַ־טיק פון יעדן ראַדאָמסקער באַזונדער, איז דאָך אָבער גלייך קלאָר געוואָרן די גרויסע אחריות וואָס עס ליגט אויף דעם קליינעם ראַדאָמסקער קיבוץ אין ארץ־ישראל אין אַזאַ מאָמענט. טראָץ דעם, וואָס די יידישע באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל האָט זיך אין יענער צייט געפונען אין אַן אָנגעשטרענגטער פּאָליטישער לאַגע, האָט דאָס נישט אָפּגעהאַלטן פון צוטרעטן צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם פאַר דער הילפס־אַקציע וואָס עס דאַרף אונטערגענומען ווערן פאַר די אַלע וועלכע וועלן זיך ראַטעווען פון דעם היטלעריסטישן גהינום.

אין יאָר 1944 שאַפט זיך אין תל־אביב אַ צייטווייליקע פאַר־וואַלטונג פונעם אירגון עולי ראדומסק בישראל, מיט די פאָלגענדע חברים: שלמה וואָקסמאַן (פאָרזיצער), מ. חתומי (סעקרעטאַר), יהושע קאַלקא, דוד מאַרגאַלעווסקי, לאה בירנבוים־טעלמאַן, דוד קרויזע און משה שיטנבערג. גלייך ווערט געשאַפן אַ הילפס־פאָנד פאַר די ראַדאָמסקער לעבנגעבליבענע אין אייראָפּע און עס אָרגאַ־ניזירט זיך אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון ראַדאָמסקער אין חיפה. די גרופּע ראַדאָמסקער אין חיפה האָט צוגלייך מיט די לאַנדסלייט אין תל־אביב געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו אָרגאַניזירן הילף פאַר די ברידער פון ראַדאָמסק ווי נאָר די אויסראָטונג אין אייראָפּעישן גהינום וועט זיך אָפּשטעלן.

סוף יאָר 1945, הויבן אָן אָנצוקומען אין לאַנד איינציקע פון די אָפּגעראַטעוועטע ראַדאָמסקער, ווי זאב סאַבאַטאָווסקי, יצחק קופּער־שטאָך און אַנדערע, וועלכע שילדערן די אויסראָטונג פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער.

די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט אין לאַנד, מאַכט כלערליי שוועריִ־קייטן און שטערט די רעשטלעך פונעם פוילישן יידנטום אַריינצוקומען קיין ארץ־ישראל, זיי ווערן פאַרשיקט קיין קאַפּריסין, ווידער אין פינצטערע לאַגערס. דורך פאַרשידענע וועגן איבערהויפּט דורך אונדזער לאַנדסמאַן דוד קלעי, וועלכער איז געווען דעלעגירט דורך דער הסתדרות הכללית קיין קאַפּריסין, איז געלונגען דעם אירגון אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט די ראַדאָמסקער פליטים דאָרט.

נישט קליין איז געווען די הילפס־אַקציע וואָס איז דאַמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די ראַדאָמסקער אין ארץ־ישראל. שפּייז און מלבושים איז געשיקט געוואָרן סיי אין די לאַגערן פון קאַפּריסין

און סיי אין דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער ווו עס האָבן זיך געפרנען ראַדאָמסקער. אויך מעדיצינישע הילף ווערט אָרגאַניזירט פאַר די געליטענע, דורך צוזאַמענאַרבעט מיט אונדזערע ברידער אין אַמעריקע. די טעטיקייט דאַמאָלט איז געווען אַ פיבערהאַפטע:ביים חבר שלמה וואַקסמאַן האָט זיך געפונען אַ לאַגער פון פראָדוקטן און מלבושים; אַלע חברים זענען געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער אַקטיווער אַרבעט. אַ גאַנצע רייע ראַדאָמסקער פרויען האָבן געאַרבעט זייער אינטענסיוו ביי זאַמלען, פּאַקן און איבערשיקן די הילף־פּאַקעטן אומעטום ווו ס'איז געלונגען צו באַקומען אַ ידיעה פון אַ געראַטעוועטן ראַדאָמסקער ייד.

דער אירגון איז אין דער צייט געווען זייער אַקטיוו און צוגעצויגן צו דער אַרבעט אַלץ מער לאַנסדלייט. דער אירגון ווענדעט זיך דאַן צו די ראַדאָמסקער וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער ארץ־ישראל־בריגאַדע, זיי זאָלן זיך פאַראינטערעסירן אומעטום אין אייראָפּע, ווו זיי וועלן נאָר האָבן אַ מעגלעכקייט, מיט אָפּגעראַטעוועטע לאַנדסלייט און העלפן זיי. אין די ד.פּ.־לאַגערן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, קאַפריסין, פראַנקרייך און בעלגיע, ווי אויך אין אַנדערע לענדער, האָבן זיך טאַקע אָפּגעפונען אונדזערע געראַטעוועטע ברידער און שוועסטער. דער אירגון ווענדעט זיך דאַן אויך קיין פּוילן, צו די צענטראַלע יידישע אינסטיטוציעס, צו באַקומען אינפאָרמאַציע וועגן אונדזערע לאַנדסלייט. אין רעזולטאַט דערפון איז דעם 20סטן יוני 1945 דערהאַלטן געוואָרן פון פּראָפעסאָר יוסף סאַק פון וואַרשע אַ טעלעגראַפישע מיטטיילונג פאַר יהודה ליבערמאַן און חיים גאָלדבערג מיט אַ רשימה פון 127 ראַדאָמסקער יידן, וועלכע זענען געבליבן לעבן און האָבן זיך געפונען צייטווייליק אין ראַדאָמסק. דער אירגון האָט זיך באַמיט צו פאַרבינדן מיט אַלע לעבנסגעבליבענע לאַנדסלייט און אַזוי איז אין דער צייטונג „לקרוב ולרחוק" פון 27סטן נאָוועמבער 1945 פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורכן אירגון אַ רשימה פון איבער 300 אָפּגעראַטעוועטע ראַדאָמסקער יידן.

דער זון פון שלמה ראַבינאָוויטש — יחזקאל ראַבינאָוויטש האָט באַזוכט אין יאָר 1946 אין ראַדאָמסק, און אין בריוו פון דאָרט געשילדערט דעם טרויעריקן אויסזען פון די 70 יידן וועלכע ער האָט געפונען, אַלע כמעט האַלב־טויטע, צעבראָכענע גייסטיק און פיזיש. אַ שרעקלעכן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט די „שול־גאַס" און באַזונדער דער גרויסער ברודער־קבר אויפן בית־הקברות. דער איינדרוק איז געווען אַזוי שוידערלעך אַז ער איז ממש אַנטלאָפן פון שטאָט.

## פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון ישראל

ארץ־ישראל איז אין דער צייט אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ שווערן קאַמף מיט דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט און מיט די אַראַבישע טעראָריסטן. די ראַדאָמסקער יוגנט אין ארץ־ישראל נעמט זייער אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער א"י־בריגאַדע, אין דער „הגנה", אצ"ל, לח"י און שפּעטער אין צה"ל. גאָר באַדייטנדיק איז געווען זייער ביישטייער אין דער באַפרייאונגס־מלחמה פאַר מדינת־ישראל. צוזאַמען מיט אַנדערע טייערע קעמפער וועלכע זענען געפאַלן פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון ישראל. אונדזערע ראַדאָמסקער בחורים רוהען אויף די מיליטערישע בתי־קברות איבערן גאַנצן לאַנד. זייער אָנדענק איז געווידמעט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אין דעם טייל בוך. כבוד זייער אָנדענק!

## מאַטעריעלע און גייסטיקע אַבסאָרבציע

מיט דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל, עפענען זיך ברייטע טויערן, פאַר אַלע על־פּי־נס ניצול־געוואָרענע פון אומקום און אויסראָטונג. דער ראַדאָמסקער אירגון מאָביליזירט זיך צו לייזן די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון זיינע לאַנדסלייט עולים. זיי האָבן זיך גענויטיקט אין אַ וואַרעמע ברודערלעכע האַנט, אַ וואַרעם וואָרט, ווי אויך אין קאָנסטרוקטיווע הילף ביים איינאָרדענען זיך אין לאַנד.

אַ געוויסע גרופּע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין תל־אביב און חיפה האָבן געשאַפן גלייך אַ גרעסערע סומע געלט פאַר אַ גמילות־חסדים קאַסע, צו קאָנען העלפן די עולים וועלכע האָבן באַדאַרפט אָנהייבן אַ ניי לעבן, סיי די וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון מערדערישן דייטשן היטלעריזם, סיי די וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד.

צענדליקער בריוו פון יענער צייט, זאָגן עדות וועגן דער גיגאַנטישער הילף וואָס עס איז דעמאָלט געגעבן געוואָרן ווען די לאַנדסלייט זענען געקומען אין לאַנד. די עסקנים פונעם אירגון, וועלכע האָבן געהאַט גוטע פאַרבינדונגען אין לאַנד, ווי גאָלדבערג חיים און אַנדערע אין חיפה, ש. וואַקסמאַן, די ברידער קאלקא, ווינצענטאָווסקי און אַנדערע אין תל־אביב, האָבן זיך באַמיט דורך פאַרשידענע אינטערווענצן צו פאַרלייכטערן די קליטה פון זייערע לאַנדסלייט.

## גמ"ח־קאַסעס אין תל־אביב און חיפה

די סומע געלט אין די גמילות־חסדים קאַסעס סיי אין חיפה און סיי אין תל־אביב, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט גענוגנד. אין יאָר 1951 האָט באַזוכט ישראל דער דאַמאָלדיקער פּרעזידענט פון דעם ראַדאָמסקער הילפס־פאַראיין אין אַמעריקע — יחזקאל רודניצקי און ער האָט באַלד נאָך זיין צוריקקער אין אַמעריקע איבערגעוויזן אַ גרעסערע סומע וואָס האָט דערמעגלעכט כמעט יעדן ראַדאָמסקער עולה צו באַקומען אַ הלוואה.

די גמ"ח קאַסע איז שפּעטער אָנגערופן געוואָרן אויפן נאָמען פונעם פאַרשטאָרבענעם לאַנדסמאַן אין אַמעריקע שלמה עפּשטיין ז"ל, וועלכער איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט אין ישראל.

אין די יאָרן 1953/54, ווען די נייע לאַנדסלייט האָבן זיך שוין צו ביסלעך איינגעאָרדנט און די ביטעס אויף הלוואות זענען שוין נישט געפלאָסן גאָר אָפט, איז די טעטיקייט פון דער גמ"ח קאַסע געוואָרן שוואַכער. אין יאָר 1955 איז די גמ"ח קאַסע רעאָרגאַניזירט געוואָרן און עס איז געוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג פון די פאָלגענדע חברים: יוסף לעהמאַן, דב וואַלדפאָגל, אַברהם וואַלדפאָגל און דוד קרויזע.

ביים איבערנעמען די גמילות־חסדים קאַסע דורך דער נייער פאַרוואַלטונג, איז דער בילאַנס געווען פאָלגענדער:

| | | |
|---|---|---|
| מזומן | — | 146.70 ל"י |
| דעפּאָזיטן אין באַנק | — | 1,697.00 ל"י |
| הלוואות | — | 1,252.00 ל"י |
| ס"ה | — | 3,095.71 ל"י |

אונדזער גמ"ח קאַסע אין תל־אביב האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט דער צענטראַלער גמ"ח קאַסע פון דער הסתדרות („משען"), וואָס האָט פאַרטאָפּלט די סומע פאַר די הלוואות און דערמעגלעכט צו פאַרטיילן הלוואות פאַר ראַדאָמסקער נישט נאָר אין די שטעט נאָר איבערן גאַנצן לאַנד (דאָס זעלבע האָט אויך געמאַכט די גמ"ח קאַסע אין חיפה).

עס זענען געווען פאַלן ווען די בקשות זענען געווען גרעסער ווי די מעגלעכקייטן, דאַן האָבן אייניקע חברים געגעבן פּערזענלעכע התחיבותן צו קענען אַרויסהעלפן לאַנדסלייט מיט קאָנסטרוקטיווע הילף. במשך די יאָרן 1956—1960 זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 170 הלוואות אויף אַן אַלגעמיינער סומע פון 35,000 ל"י (נאָר אין תל־אביב).

## אַ שיכון פאַר ראַדאָמסקער נייע עולים

די קאָנסטרוקטיווע הילף פון די גמ״ח קאַסעס האָט ווייט נישט אויסגעשעפּט די קליטה־פּראָבלעמען פון די עולים בכלל און פון די ראַדאָמסקער בפרט. די עליה האָט געשטראָמט מאַסנווייז, די סוכנות און די רעגירונג האָבן געמוזט זאָרגן פאַר אַ צייטווייליקן דאַך איבערן קאָפּ. עס זענען דאַן אַנטשטאַנען אין לאַנד די א״ג מעברות אין וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען ראַדאָמסקער לאַנדסלייט און דאַן איז אויפגעשווומען דער פּלאַן פון דער סאָסייטי אין ניו־יאָרק וועגן אויפבויען אייניקע וווינונגען פאַר אָט די ראַדאָמסקער עולים. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו פאַרבינדן מיט דער בוי־געזעלשאַפט „שיכון״ פון דער הסתדרות העובדים הכללית וועגן אויפבויען 2 הייזער אין חולון, אַלס שיכון פאַר ראַדאָמסקער עולים פון די מעברות.

די לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן באמת געמאַכט גרויסע פּינאַנציעלע אָנשטרענגונגען פאַר דעם צוועק און די לאַנדסלייט אין ישראל (סיי אין תל־אביב, סיי אין חיפה) האָבן געלייסטעט נישט ווייניק צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק. ענדלעך איז דער זונטאָג פונעם 11טן נאָוועמבער 1951 באַשטימט געוואָרן אַלס טערמין צו לייגן דעם גרונטשטיין פון 2 הייזער אַלס „שיכון יוצאי ראַדומסק״.

די באַגייסטערונג ביי די חברים אין ישראל איז געווען זייער גרויס. די פאַרוואַלטונג פון אירגון האָט פאַרעפנטלעכט אַ פייערלעכן אויפרוף אין וועלכן עס ווערט צווישן אַנדערע געזאָגט: „ליבע חברים! זונטאָג דעם 11 נאָוועמבער 1951, 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג, וועט באַצייכנט ווערן אונדזער יום־טוב. אין דעם טאָג וועט פייערלעך געלייגט ווערן דער גרונטשטיין פאַר די הייזער פון „שיכון יוצאי ראַדומסק״ און ס׳וועלן זיין אַנוועזנד פאָרשטייער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון לאַנד, ווי אויך אַ דעלעגאַט פון אונדזערע ברידער אין אַמעריקע דער חבר ב. קוגעל און פרוי״.

ביי דער אַנוועזנהייט פונעם ראש־העיר פון חולון ד״ר ד. קוגעל, פאָרזיצער פון התאחדות עולי פולין אינז׳ א. רייס, פאָרשטייער פון דער סוכנות, חברת „שיכון״ און פיל אַנדערע געסט און ביי דער באַטייליקונג פון עטלעכע הונדערט לאַנדסלייט, האָט חיים גאָלדבערג ז״ל געעפנט די פייערונג.

חיים גאָלדבערג האָט געמאַכט אַן איבערבליק איבער דער אַלגעמיינער טעטיקייט פון אירגון און זיינע פאַרבינדונגען מיט ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין גאָר דער וועלט. ער האָט געשילדערט דאָס יידיש לעבן און קעגנזייטיקע הילף אין אַמאָליקן ראַדאָמסק, ווען איינער האָט אַרויסגעהאָלפן דעם צווייטן אין אַ נויט אָדער עת צרה, און דערמאָנט דעם גרויסן אומגליק פון חורבן און אומקום וואָס האָט אָפּגעווישט אויף אייביק די שטאָט און איר יידישע באַפעלקערונג. ער האָט אויך דערמאָנט אונדזערע טייערע ראַדאָמסקער בחורים וועלכע זענען געפאַלן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה פאַר מדינת־ישראל און די ראַדאָמסקער קעמפער און אויפשטענדלער וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם דייטשן באַרבאַריזם, פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד, נקמה גענומען פאַרן פאַרגאָסענעם אומשולדיקן יידישן בלוט.

חיים גאָלדבערג האָט פאַרענדיקט זיין רעדע * מיט די פאָלגענדע ווערטער: „די 2 בנינים וואָס מיר לייגן פאַר זיי דאָ דעם גרונטשטיין, וועלן פאַרלייכטערן די אַבסאָרבציע פון אונדזערע אָפּגעראַטעוועטע ברידער ניי־געקומענע קיין ישראל. זאָל דער דאָזיקער אויפטו, וואָס מיר הייבן דאָ אָן רעאַליזירן, דינען אַלס אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט און ברידערלעכקייט וואָס הערשן צווישן אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט — 2 טייערע

* גרעסערע אויסצוגן פון דער דאָזיקער רעדע, געהאַלטן אין העברעיש, ווערן געבראַכט אינעם העברעישן טעקסט פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג (רעד).

אייגנשאַפטן וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט אונדזער פאַרשניטענע קהילה ראַדאָמסק וואָס לעבט אין אונדזערע הערצער״.

נאָך אַ גאַנצע ריי באַגריסונגען פון די פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער געגעבענער צערעמאָניע, האָט דער סעקרעטאַר מ. חתומי פאַרגעלייענט די פייערלעכע מגילה פאַרפאַסט פאַר דעם צוועק. די אַלגעמיינע שטימונג איז געווען זייער אַ געהויבענע און די פייערונג האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסן רושם אויף אַלע אַנוועזנדע. ס׳איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז די ראַדאָמסקער אין ישראל און אַמעריקע זענען געווען די ערשטע וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום שוועריקייטן ביים שאַפן אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר די שווער־געליטענע ראַדאָמסקער ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן זוכה געווען נאָך אַזעלכע טראַגישע איבערלעבונגען צו קומען קיין ארץ־ישראל און בויען דאָ אויפסניי זייער היים.

## חנוכת הבית אין חולון און דאָס ענטהילונג אַ מצבה אין מרתף־השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים

אין עטלעכע חודשים זענען די 2 הייזער פאַרטיק געוואָרן. דעם 6.7.52 איז פאָרגעקומען אַ חנוכת הבית צערעמאָניאַל אין דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט פון ישראל און די געסט הערשל עפּשטיין און אדי אויפמאַן און זייערע פרויען פון אַמעריקע.

די הייזער האָבן אַרומגענומען 8 דירות צו צוויי צימערן מיט אַ קוך און אַ גרויסער האָל. היות די צאָל ראַדאָמסקער וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין דירות, איז געווען גענוג גרויס, האָט דער אירגון צוגעטיילט 3 איינזאַמע בחורים צו די 3 קינדערלאָזע משפחות וואָס האָבן פאַרנומען וווינונגען, אַזוי אַרום, זענען אין די 8 וווינונגען באַזעצט געוואָרן 8 משפחות און 3 איינזאַמע בחורים. ליידער האָבן די הייזער פאַרשאַפט נישט ווייניק בייז־בלוט און פאַרדרוס, ווייל דער פּלאַן פון בויען נאָך הייזער און אַרויסנעמען אַהין די „סובלאָקאַטאָרן״ איז ליידער נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז די טעטיקייט פון אירגון איז כמעט פאַראַליזירט געוואָרן, און צו די לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועלכע האָבן באמת געמאַכט די גרעסטע פינאַנציעלע אָנשטרענגונגען ביים בויען די הייזער, זענען דערגאַנגען פאַרשידענע נישט־אָנגענעמע ידיעות. ליידער האָט זיך אין דעם פאַל אַרויסגעוויזן, אַז דאָס פּראַקטישע לעבן איז טיילמאָל זייער אַכזריותדיק פאַר עסקנים וועלכע אָפּפערן זייער צייט, געזונט



דער לאַנדסמאַן פון אַמעריקע ב. קוגעל שרייבט אונטער די פייערלעכע מגילה

און געלט כדי בייהילפיק זיין דעם נאָענטן. טראָץ דעם אַלעם, איז דאָך געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע זאַך, וואָס האָט אָנגערעגט אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן צו רעאַליזירן ענלעכע פּלענער פון שיכונים פאַר נייע עולים.

די עסקנים צווישן די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין תל־אביב און חיפה האָבן טראָץ דעם אַלעם פאָרגעזעצט זייער אַרבעט אין דער גמ״ח־קאַסע, ביים שיכון און ביי דער אָרגאַניזירונג פון די יערלעכע אזכרות נאָך די אומגעקומענע קדושים פון ראַדאָמסק. דער אירגון האָט אויך אַיינגעמויערט אַ מצבה צום אָנדענק פון די קדושים אין דער פאָרם פון אַ מאַרמאָר־טאָפל אין „מרתף־השואה״ אויפן הר־ציון אין ירושלים. די פייערלעכע ענטהילונג פון דער מצבה איז פאָרגעקומען דעם 11.10.55 ביי אַ גרויסער צאָל אָנוועזנדע לאַנדסלייט. פון־צייט צו־צייט ווערן די יערלעכע אזכרות איינגעאָרדנט אין ירושלים אויפן הר־ציון ביי אָט דער מצבה.

## די אויסגאַבע פון יזכור־בוך

די שווערע אַרבעט פון די ראַדאָמסקער עסקנים אין ישראל אין משך פון 25 יאָר (זייט דעם יאָר 1939) האָט נישט אָפּגעשוואַכט די איניציאַטיוו ביי אייניקע חברים צו טראַכטן און פּלאַנירן די פאַראַנטוואָרטלעכע אונטערנעמונג פון אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך צום אָנדענק פון דער קהילה ראַדאָמסק. דער חבר חיים גאָלדבערג ז״ל אין חיפה, אָפּגעבנדיק זיך אַ חשבון וועגן דער קאָלאָסאַל־שווערער אויפגאַבע אַרויסצוגעבן אַזאַ ספר, האָט שוין מיט יאָרן צוריק אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן (דאָקומענטן, בילדער אד״ג) און אָנגערעגט אויך אַנדערע חברים, אַז זיי זאָלן מיטהעלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט.

די לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן אין אָנהויב אַרויסגעוויזן צו דעם גלייכגילטיקייט, אָבער נאָך די באַזוכן אין לאַנד פון די חברים רודניצקי און פיניע קאַלקע, וועלכע האָבן זיך באַקאַנט דאָ מיט די שוין־צונויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, האָבן זיי צוגעזאָגט מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען בעיקר פינאַנציעלע אַז דער ספר זאָל קאָנען דערשיינען. ליידער איז חבר פ. קאַלקע קורץ נאָכן באַזוך אין ישראל פּלוצלינג געשטאָרבן און די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט זענען ווידער געוואָרן פּאַסיוו (אויך דער דורכפאַל מיט די הייזער אין חולון האָט געווירקט נעגאַטיוו). אינצווישן איז אין אַמעריקע געשטאָרבן סאָל גרינבערג, איינער פון די פּראָמינענטע דאָרטיקע יידישע פּערזענלעכקייטן און איבערגעגעבענער ראַדאָמסקער לאַנדסמאַן, פון די אָנגעזעענסטע נדבנים און געזעלשאַפטלעכע עסקנים. ער האָט איבערגעלאָזט אין זיין צוואה אַ געוויסע סומע פאַר אַ „בית־זכרון״ אין תל־אביב צום אָנדענק פון די געפאַלענע, אומגעקומענע און פאַרטיליקטע ראַדאָמסקער יידן. אין דעם הויז האָט געזאָלט זיין אַצימער א״נ פון דעם פאַרשטאָרבענעם נדבן, אין וועלכן ס׳זאָל ווערן געזאַמלט אַלע מאַטעריאַלן וועגן זיין געזעלשאַפטלעך און פילאַנטראָפּישע טעטיקייט. דער פאָרשלאָג האָט אַרויסגערופן אין ישראל אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט ביי די אַקטיווע טוער פאַרן ספר־זכרון, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט אַז דאָס געלט זאָל פאַרווענדעט ווערן קודם כל פאַרן ספר און שפּעטער זאָל מען קויפן אַ לאָקאַל פאַרן אירגון. זייער פאַרלאַנג איז אָבער געבליבן אין דער מינדערהייט און דאַן איז געקויפט געוואָרן אַ לאָקאַל אויף רחוב חולדה 9 אין תל־אָביב, אין איינקלאַנג מיט דער צוואה.

אין דעם אייגענעם לאָקאַל ווערן איינגעאָרדנט יאָר־יערלעך די פאַרזאַמלונגען און אזכרות פון אירגון, דאָרט קומען אויך פאָר די אויפנאַמעס פאַר די געסט־לאַנדסלייט, וועלכע קומען קיין ישראל, דאָרט פירט זיך די אַרבעט פון דער גמ״ח־קאַסע און פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע פאָראַנשטאַלטונגען. דער לאָקאַל איז אַ וויכטיקע דערגרייכונג כאָטש אין זיינער צייט האָט דאָס פינאַנציעל שלעכט זיך אויסגעווירקט אויף דער טעטיקייט פאַרן ספר, וואָס האָט זיך כמעט אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.

דאַן שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון אירגון דער עסקן יהודה ליבערמאַן (אין יאָר 1958). אין זיין באַריכט פון יאָר 1961 צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אירגון, לייענען מיר צווישן אַנדערן: „נאָך דעם ווי איך האָב זיך באַקענט מיט דער לאַגע אין אירגון, בין איך געקומען צום באַשלוס דאָס אַזוי לאַנג ווי עס וועלן נישט רעגולירט ווערן די ענינים פון שיכון אין חולון, וועט ליידער נישט קענען געפירט ווערן קיין שום נאָרמאַלע טעטיקייט פון אירגון. צוזאַמען מיט אַנדערע ועד־חברים איז מיר געלונגען ברענגען צו אַ פאַרשטענדיקונג כמעט מיט אַלע אַיינוווינער און איצט דערפילן זיי אַלע זייערע פינאַנציעלע פאַרפליכטונגען (מיטן אויסנאַם פון אייניגעם). נאָכן רעגולירן דעם שיכון־פּראָבלעם איז די שווערסטע און וויכטיקסטע פראַגע פאַרן אירגון בכלל און פאַר יעדן לאַנדסמאַן בפרט — אַרויסצוגעבן דעם ספר־זכרון. עס איז קלאָר, אַז אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זיך מיט דער פראַגע באַשעפטיקן נאָר אַ 2 אָדער 3 חברים, וועט די זאַך נישט קענען דערפירט ווערן צו אַ פּאָזיטיוון סוף. אַלע לאַנדסלייט דאַרפן נעמען אַן אָנטייל אין דער שאַפונג פון אַ מצבה פאַר דער שטאָט אין וועלכער זיי זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן. אמת, נישט לייכט איז דורכצופירן די געלט־זאַמלונג ביי די חברים לאַנדסלייט, וועלכע זענען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, דאָך האָבן מיר אַלץ געטון. ביז איצט האָבן 150 פון די 350 לאַנדסלייט זייער צושטייער געגעבן און מיר באַמיען זיך צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק. מיר האָבן שוין געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט דער דרוקעריי „אַחדות״ וועגן אַרויסגעבן דעם ספר״.

אַ יאָר נאָך אַ יאָר זענען פאַרביי און די שוועריקייטן ביים רעאַליזירן דעם אַרויסגעבן פון בוך זענען געוואַקסן אָן אויפהער. נאָר אַ קליינע צאָל חברים האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט און וואָס ווייטער איז די צאָל געוואָרן קלענער. אויך די פינאַנציעלע שוועריקייטן זענען געווען גרויס, ערשט נאָכן באַזוך פון סעקרעטאַר פון דעם ניו־יאָרקער פאַראיין פון די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט — חבר יחזקאל פּאַצאַנאָווסקי ז״ל, זענען די פינאַנציעלע לייסטונגען פון די אַמעריקאַנער ברידער עטוואָס געשטיגן. זיי האָבן אויך איבערגעשיקט קיין ישראל זייער אַרכיוו וואָס נעמט אַרום העכער 60 יאָר טעטיקייט פונעם ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין אין אַמעריקע.

נאָך דעם ווערט די אַרבעט פאַרן בוך פאָרגעזעצט מיט מער איניציאַטיוו, יהודה ליבערמאַן האָט געזען אינעם אַרויסגעבן פונעם בוך דעם הויפּט־ציל פון זיין טעטיקייט אין אירגון און אַ דאַנק דעם איז דער ציל דערגרייכט געוואָרן מיט דער הילף פון זיינע נאָענטע מיטאַרבייטער.

ס׳ווערן אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט די אַנדערע אַרבעטן פון אירגון. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2.7.61 זענען אויסגעווילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג די פאָלגענדע חברים: ליבערמאַן יהודה (פאָרז.), האַרטמאַן משה (סעקר.), קאַלקא יהושע (קאַסיר), וואַקסמאַן יהודה (גמ״ח), חיים גאָלדבערג, אברהם וואַלדפויגל, משה שיטנבערג, מרדכי חתומי, יעקב אַלפּערט, פאָלאַ גאָסלאָווסקאַ־פייערמאַן, זאב סאַבאַטאָווסקי.

אין משך פון דער צייט זענען פאָרגעקומען ענדערונגען ביי אונדזערע שטאָטישע אין ישראל. די אַמאָליקע נייע־עולים האָבן זיך פאַרוואָרצלט אין לאַנד, אַזוי ווי אַלע אַנדערע, אַזוי אַרום, איז דער דראַנג אויף דער גמ״ח־קאַסע באַדייטנדיק אַרונטער. בכלל איז די טעטיקייט פון אירגון אָפּגעשוואַכט — די יאָרן האָבן זייער ווירקונג, פיל טוער זענען פיזיש צעבראָכן און קראַנק, קיין עליה פון ראַדאָמסק קומט נישט מער, דער אַלטער דור ווערט ווינציקער.

איצט ווען דער ספר־זכרון איז שוין פאַרענדיקט, דאַרפן פאַרצייכנט ווערן דאָ אונדזערע צוויי עסקנים — חיים גאָלדבערג ז״ל

און יהודה ליבערמאַן יב״ל, וועלכע האָבן דעם גרעסטן חלק אין רעאַליזירן דער דאָזיקער אונטערנעמונג.

חיים גאָלדבערג איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרשטאַנען און אַרויסגעבראַכט די גרויסע וויכטיקייט פון אַזאַ בוך, און האָט דעם געדאַנק פאַרשפּרייט צווישן די חברים פון אירגון. ער האָט דער אַרבעט פאַרן בוך געווידמעט פיל צייט און מי, געזאַמלט מאַטעריאַל (דאָקומענטן, בילדער אאַ״וו) און באַאיינפלוסט אַנדערע לאַנדסלייט זיי זאָלן אים העלפן. אַפילו אין זיינע לעצטע וואָכן, טראָץ דער שווערער קראַנקהייט, האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם בוך און נאָך געמאַכט אָנשטרענגונגען אַז דער ספר־זכרון זאָל זיין רייך אין זיין אינהאַלט און שיין אין זיין פאָרם.

אַ געטרייען שותף אין די דאָזיקע אָנשטרענגונגען האָט חיים גאָלדבערג געפונען אין דעם פאָרזיצער פון אירגון יוצאי ראַדאָמסק, יהודה ליבערמאַן, וועלכער האָט געווידמעט ספּעציעל אין די לעצטע יאָרן (פון 1959) אַלע זיינע כוחות צו שאַפן די נויטיקע געלט־מיטלען, זאַמלען צוגאָב־מאַטעריאַלן און געזאָרגט פאַר אַלע ענינים וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן צונויפשטעלן און אַרויסגעבן דאָס בוך.

✶

לאַנג און קאָמפּליצירט זענען געווען די עליה־וועגן פון די ראַדאָמסקער קיין ארץ־ישראל. זיי ציען זיך פון דער ציון־בענקשאַפט פון אונדזערע עלטערן און פון דער אהבת ארץ־ישראל פון דעם „תפארת־שלמה״ און זיינע תלמידים, דורך דער דריטער און פערטער און חלוצישע עליות. די עליה־וועגן זענען געווען אויסגעפלאַסטערט מיט געוואַלדיקע שוועריקייטן, גרויסע יסורים און איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען און האָבן זיך פאַרענדיקט מיט דער גרויזאַמער טראַגעדיע פון אונדזער שטאָט און פון פוילישן יידנטום בכלל.

אויך די געשיכטע פון אירגון יוצאי ראדומסק בישראל איז אַ געוועב פון איבערגעבנקייט, ברידערלעכע געפילן און קעגנזייטיקע הילף, וואָס זענען געווען די עיקרדיקע צייכנס פון אונדזער שטאָט ראַדאָמסק. ווען דאָס שרעקלעכע אומגליק האָט געטראָפן אונדזער שטאָט, האָבן זיך די דאָזיקע איידעלע אייגנשאַפטן פון אונדזערע עלטערן דערוועקט אין די הערצער פון די ראַדאָמסקער זין און טעכטער אין ישראל. עס זענען דאָ ווידער אַנטפּלעקט געוואָרן אין זייער פולן גלאַנץ די האַרציקייט, דאָס מסירות־נפש, צוזאַמען מיט פּראַקטישער אַקטיוויטעט, ביים אַרויסהעלפן ליידנדיקע לאַנדסלייט־ברידער. אַ דאַנק די דאָזיקע אייגנשאַפטן איז דעם אירגון יוצאי ראַדומסק געלונגען דורכצופירן זיין חשובע און פרוכטבאַרע טעטיקייט, איינשליסלעך דאָס אַרויסגעבן דעם דאָזיקן בוך.

זאָלן די שורות זיין אַ באַשיידענער אויסדרוק פון טיפער פאַרערונג פאַר די ראַדאָמסקער עולים פון אַלע דורות און פון אַלע עליות און דינען אַלס עדות פון זייער מוט, איבערגעבנקייט, אויסדויער און שאַפונגס־קראַפט, וואָס האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין מדינת־ישראל.

## ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין ישראל



...פון דער דריטער עליה



י. פאַצאַנאָווסקי פון ניו־יאָרק צווישן לאַנדסלייט אין חיפה (1961)



...ביי שווערער אַרבעט פון ציגל־מאַכן



...בעת דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן שיכון אין חולון

# יוצאי ראדומסק שנפטרו בישראל

אהרונוביץ מרים
אופמן חיים
אלבוים יעקב־יהודה
אלברט יצחק
אלפרט חנוך־הניך
אנגלארד חנה
ארביסמן שלום־מאיר

בארי איסר
בוז'יקובסקי טוביהו
בוכמן אליעזר
בוכמן אריה
בוכמן חיה
בוכמן שלמה
בורנשטיין הרב אברהם־בנציון
ביאליסטוק אהרן
בירנבוים אברהם
בירנבוים גרונה
בירנבוים שלמה
בירנצווייג מנדל
בלצ'אק מאיר

גולד (קלעי) דוד
גולד חוה
גולד יעקב
גולד נחמן
גולדברג חיים
גולדברג פנחס
גולדברג שלמה
גיטלר הניה־טובה
גיטלר חיים
גליקסמן דבורה
גליקסמן חיים־יצחק
גרוסמן חיים
גרוסמן רבקה
גרינשפן רבקה

דאבנר שרה
דימנט נתן

האזה יוסף
האמר־אלפרט חיה
הולצברג משה־אהרן

ויטנברג אברהם
ויטנברג וואלף
ויטנברג נתן
וינטרויב נח
ויצנטובסקי (גלברד) בלה
ויצנטובסקי ישראל
ויצנטובסקי רחל
וקסמן אברהם־משה
וקסמן פייגה
ורשבסקי ברכה
ורשבסקי (שרביט) מרדכי

זוקין סיירדל
זיידמן חנה
זילבערברג לאה
זלוטניק הניך
זלצמן שלמה
זנדברג משה
זקס אהרון

טמר טובה

יוסקוביץ גיטל־ביילה
יוסקוביץ (טרון) יחיאל
ימיני (קמלגרן) שושנה
יעקובוביץ אהרן

לדרמן הלל
ליברמן יוכבד
ליברמן משה
ליהמן משה
לנדאו יחיאל
לנדאו רבקה

מינסקי מאיר

נונברג אסתר
נונברג דוד

סופר יעקב
סופר רחל
סטרובינסקי יחיאל

פישלביץ משה־לייב
פשרובסקי זאב
פשרובסקי ישראל

צערטה אברהם

קויפמן טובה
קירש משה
קלקה חנוך
קלקה שרה
קניגסברג גיטל
קנינגסברג לייביש
קניגסברג נעטל
קראוזה דוד
קריינדלר אלקה
קרפ לייב־יואל
קרפ שאול
קרפקה טובה
קרפקה יששכר
קרקובסקי דבורה
קרקובסקי שלמה

רבינוביץ ישעיה־אליעזר
רובינשטיין טוביהו
רובינשטיין שרה
רוזנבלט יצחק־שמואל
רוזנצווייג (פדרמן) טוניה
רוזנשטיין ברל
רפופורט רפאל

שטיבל שמואל
שניצר תמר
שפירא נח

# לזכר הנפטרים בישראל
# געשטאָרבענע אין ישראל

## באַזשיקאָווסקי טוביה

דער נאָמען טוביה באַזשיקאָווסקי איז שוין אויסגעקריצט מיט בולטע אותיות אויפן בכבודיקן לוח פון די באַוווּסטע געטאָ־קעמפער און אויפשטענדלער אין פּוילן, וואָס האָבן אין דער גרויזאַמער אומקום־תקופה פאַרטיידיקט דעם כבוד פון יידישן פאָלק און נקמה גענומען פונעם נאַציסטישן שונא פאַר דאָס פאַרגאָסענע אומשולדיקע יידישע בלוט. זיין נאָמען וועט אויף אייביק בלייבן איינגעקריצט אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטיש־חלוצישער באַוועגונג אין פּוילן און ישראל און אין די הערצער פון זיינע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן אים פּערזענלעך געקענט אָדער וואָס וועלן סטודירן און לייענען זיינע ביכער־זכרונות וועגן דער אומקום־תקופה און די אָפּהאַנדלונגען־אָפּשאַצונגען פון אַנדערע וועגן זיין פּערזענלעכקייט און העלדישקייט *.



טוביה באַזשיקאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין ראַדאָמסק אין יאָר 1914, אַלס דער פינפטער זון אין אַ שניידער־משפחה פון דורי־דורות. נאָך עטלעכע יאָרן „חדר"־לערנען האָט אים דער טאַטע אַוועקגעזעצט ביים שניידער־טיש און אַזוי אַרום איז דער יינגל אַריין אין זיינע פריסטע יאָרן אין דער אַטמאָספער פון עול פרנסה און נויטווענדיקייט זיך דורכשניידן מיט אייגענע כוחות זיין וועג אין לעבן.

צו 15 יאָר איז שוין טוביה געווען אַן אַקטיווער חבר ביים גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־יוגנט און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ער שוין אָנגעפירט מיט אַ גאַנצער גרופּע אין דער אָרגאַניזאַציע. מיט 2 יאָר שפּעטער האָט די אָרגאַניזאַציע אַרויפגעלייגט אויף אים די אויפגאַבע דורכצוברעכן די אַנטי־ציוניסטישע איינשטעלונג וואָס האָט געהערשט דאַן אין דעם נאָדל־פאַראיין פון די יידישע שניידער־אַרבעטער אין שטאָט און ער האָט די אויפגאַבע דערפילט — ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויצע־פאָרזיצער פונעם פאַראיין און דאָרט אָפן אַגיטירט פאַרן געדאַנק פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

גאָר גיך איז טוביה באַקאַנט געוואָרן אין שטאָט אַלס אַקטיווער עסקן אין אַ ריי אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן און אַלס קולטור־טוער וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע כחות (ווי אַן אויטאָדידאַקט) זיך דערוואָרבן וויסן און זעלבסט־בילדונג אין פאַרשידענע שטחים. ער איז געווען פון די אָנפירנדיקע חברים אין „פרייהייט" די יוגנט־באַוועגונג פון פּועלי־ציון צ. ס., פון די אַקטיוווסטע חברים אין „החלוץ" און אין דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, פון די בולטע רעדנער אויף ציוניסטישע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און באַליבסטע פרעליגענטן בעת אינערלעכע פאַרטייאישע סעמינאַרן (וועגן יידישע ליטעראַטור און געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג). ער איז געווען אַן אַקטיווער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער פאָלקס־אוניווערסיטעט און דער ביבליאָטעק א. נ. פון שלום־עליכם, און איר לעצטער ביבליאָטעקאַר. בעת די דייטשן האָבן אָקופּירט ראַדאָמסק, האָט ער מיט נאָך עטלעכע חברים אַריבערגעטראָגן די ביבליאָטעק אין אַ באַהעלטעניש און גלייך נאָך דער מלחמה האָט ער די ביבליאָטעק אַריבערגעפירט קיין וואַרשע צו דער דיספּאָזיציע פון ציוניסטישע פליטים־אינסטיטוציעס.

נאָכדעם ווי ער האָט אויסבאַהאַלטן די ביבליאָטעק (פרילינג 1940) איז ער גערופן געוואָרן דורך די צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון „החלוץ" און „דרור" (פרייהייט) קיין וואַרשע, זיך אָנצושליסן אין דער אָרגאַניזירונג פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. זיין עיקר־דיקע אַרבעט איז געווען: אָרגאַניזירן סעמינאַרן, אַרויסגעבן פלוגבלעטלעך און דורכפירן קולטורעל־דערציערישע פאַראַנשטאַלטונגען צווישן אונטערערדישע יוגנט־גרופּעס. אין אָנהייב יאָר 1942 האָט ער אָנגעפירט מיט אַ ציוניסטיש־חלוצישער אונטערערדישער הכשרה־גרופּע הינטער וואַרשע און גלייך נאָכדעם האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע און זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין געטאָ. אין שליחות פון דער דאָזיקער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט ער עטלעכע מאָל באַזוכט ראַדאָמסק און געפּרוווט דאָרט אָרגאַניזירן אַ גרופּע יוגנטלעכע וועלכע זאָלן זיין גרייט צו קעמפן קעגן די דייטשן.

טוביה באַזשיקאָווסקי האָט אָנטיילגענומען אין וואַרשעווער געטאָ אין דער ערשטער קאַמפס־אַקציע קעגן די דייטשן, אין יאַנואַר 1943. בעת דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד (אַפּריל 1943) האָט ער געקעמפט אין די רייען פון דער גרופּע וואָס האָט זיך פאַרפעסטיקט אין דעם צענטראַלן ראַיאָן פון געטאָ און איז מיט די רעשטלעך פון דער דאָזיקער גרופּע אַרויס פון געטאָ דורך דער אונטערערדישער קאַנאַליזאַציע. בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן אין

* אין דעם 9־טן טייל פון דעם בוך („אומקום און נקמה") ווערן געבראַכט אין העברעיש עטלעכע קאַפּיטלעך פון זיינע נישט פאַרעפנטלעכטע זכרונות און ווייטער (אין דעם אָפּטייל „נוקמים ונוטרים") אייניקע אויסצוגן פון אָפּהאַנדלונגען־אָפּשאַצונגען וועגן זיין פּערזענלעכקייט, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ישראל נאָך זיין טויט (געשריבן פון: משה בסוק, חייקה פ., נחמן בלומענטאַל, חיים גאָלדבערג, יצחק טאַבענקין, מלך ראַוויטש, צביה לובעטקין, מ. ניישטאַט).

אויגוסט 1944, האָט טוביה געקעמפּט אין די רייען פון דער יידישער איינהייט וואָס האָט נאָכן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד זיך אַנ־געשלאָסן אין דער פוילישער פּאַרטיזאַנער־אַרמיי — „אַרמיאַ לו־דאָוואַ". לויט אַ באַשלוס פונעם פּרעזידענט פון דער נייער פוילישער פאָלקס־רעפּובליק, האָט טוביה באָזשיקאָווסקי באַקומען דעם 19־טן אַפּריל 1948 די מיליטערישע אויסצייכענונג „גרונוואַלד" פאַר זיין אָנטייל אין קאַמף פון דער פוילישער פּאַרטיזאַנער־אַרמיי.

באַלד נאָך דער באַפרייאונג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָט ער באַנייט זיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע טעטיקייט צווישן דער שארית־הפליטה אין פוילן און גערופן די אָפּגעראַטעוועטע יידן פאַרלאָזן דאָס פאַרשאָלטענע אייראָפּע און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1949 האָט ער אַליין עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך באַלד אָנגעשלאָסן אינעם ניי־געשאַפענעם קיבוץ פון אָפּגעראַטעוועטע געטאָ־קעמפער (קיבוץ לוחמי הגיטאות) אין גליל. אין קיבוץ האָט ער געטאָן פאַרשיידענע פיזישע אַרבעטן און אין דער פרייער צייט זיך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט, בעיקר מיט פאַרשרייבן און באַאַרבעטן זיינע וויכטיקע שוידערלעכע זכרונות, זיי זאָלן דינען אַלס עדות פאַר די קומענדיקע דורות. ער איז געווען פון די גרינדער פון דאָקומענטאַציע־צענטער א. נ. פון באַוווסטן געטאָ־פּאָעט יצחק כצנלסון, וואָס איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אין קיבוץ לוחמי־הגיטאות און אין דעם צענטער געפינט זיך די פולע זאַמלונג פון טוביהס אַרויסגעגעבענע שריפטן * ווי אויך זיינע נישט פאַרעפנטלעכטע מאַנוסקריפּטן.

דער ערשטער קבר וואָס איז געגראָבן געוואָרן אין דעם ניי־געשאַפענעם קיבוץ לוחמי הגיטאות, איז געווען אַ פרישער קבר פאַרן העלדישן געטאָ־קעמפער טוביה באָזשיקאָווסקי, וועלכער איז נישט באַזיגט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער, האָט נקמה גענומען פון זיי און אָפּגעגעבן זיין גוף דער הייליקער ערד פון מדינת־ישראל.

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד וואָס אַזוי פריצייטיק.

**ל. ל.**

## בורנשטיין הרב אברהם בן־ציון

הרב ר' אברהם בן־ציון בורנשטיין נולד להוריו הרב שבתאי בורנשטיין שליט"א והרבנית חיה־פייגא לבית ליטמנוביץ בראדומסק, ביום ח' שבט תרע"ט. הוא בא לארץ־ישראל עם הוריו במרחשון תרפ"ה, קיבל חינוך דתי־תורני שלם ב„חדרים" ובישיבות שבירו־שלים.

הצטיין ביראת־שמים אמתית, לב טוב לבריות, למדנות מעמיקה בתורה שבכתב ובעל־פה וידיעה גדולה במדע הכללי. כמה שנים היה רבה של ביה"כ „משכן מאיר" שבשיכון הוותיקים בנתניה, בשנותיו האחרונות היה רבה של בנימינה. ביתו היה פתוח לרווחה לכל דורשיו.

הגיגי רעיונותיו שהשמיע ברבים, העלה בכתב והדפיסם בחייו. ספריו „רסיסי טל" (על התורה) הופיעו בתל־אביב, תשכ"א.

נפטר בביה"ח „בילינסון" בגיל 44 שנה, ב' ר"ח אלול תשכ"ג, ולמחרתו הובא למנוחת עולמים בהר המנוחות בירושלים, מחלקת החסידים.

אחרי פטירתו הדפיסה אלמנתו הרבנית אסתר בורנשטיין וילדיה ספר שלישי שהשאיר בכתב־ידו: „רסיסי טל" (על „תנובות השנה").

יהא זכרו ברוך.

**אביו השכול**

---

* אין דריי דערשינענע ביכער שפּיגלען זיך אָפּ די זכרונות פון טוביה באָזשיקאָווסקי וועגן דער אומקום־תקופה: „בליצן אין יאַנואַר" (1941־1942); „צווישן פאַלנדיקע ווענט" (1943־1944); „פרילינג אין יאַנואַר" (1945).

## גולד ר' יעקב מרדכי



אבי נולד בשנת 1867; עלה ארצה בשנת 1926; נפטר בשנת 1946 (בחודש ניסן).

ר' יעקב־מרדכי גולד היה אחד הלמדנים המופלגים בין חסידי גור ב„שטיבל" הרדומסקאי. בחכמתו ושנינותו היה מפורסם, וכן בכל הליכותיו בין איש לרעהו התבטא בעדינות ואצילות־רוח.

בנעוריו היה תלמידו של הרב המפורסם מאַמסטוב (ע"י צ'נסטר־כוב) ובהיותו בן 16 קיבל ממנו היתר־הוראה וסמיכה.

זכרו שמור בתוכנו לנצח.

**דבורה**

## גולדברג חיים



קצרו שנותיו. הוא נפטר בגיל 59. מחלתו האנושה הוציאה אותו ממעגלי החיים הפעילים כשנה—שנתיים קודם פטירתו. בכל זאת, היתה יריעת־חייו ארוכה וססגונית מאין כמוה. במותו הותיר אחריו שפע של מעשים ברוכים ומעגלים־מעגלים של מתאבלים בקרב חוגים שונים זה מזה — במרכז־הקואופרציה וברחבי התנועה הקואו־פרטיבית בארץ, ב„מגן" ופעיליו, בין חבריו בקואופרטיב „אות", בין חבריו למפלגה, ועל הכל — בקרב בני עירו ראַדומסק, הנושאים את זכרו בחיבה ומבכים את מותו ביגון עמוק.

★

חיים גולדברג נולד בשנת 1906 בראדומסק, לאביו שמואל ואמי

שרה־רבקה. הוריו היו אנשים צנועים, שומרי מסורת, אשר העניקו לילדיהם חינוך דתי, הלכות נימוסין ודרך־ארץ ואהבת־הבריות. מהריו, שהיו מכניסי־אורחים וגומלי־חסדים, ירש אחת מתכונותיו הבולטות של רגישות לצרת הזולת והחובה הנפשית להגיש עזרה לנצרך.

ימי ילדותו ונעוריו עברו עליו ב„בית האולפנה" של העיירה היהודית הפולנית — ב„חדר". אך כבר בגיל צעיר התעניין בבעיות חברה והתבלט בחושו הציבורי ובפעלתנותו, אשר שימשו לו קו מנחה כל שנות חייו.

משחר נעוריו הוא כולו — תורה ועבודה ועיסוק בצרכי־ציבור, כולו תסיסה, מרץ ונאמנות עד כלות הנפש. בהיותו בן 17 הצטרף לתנועה הציונית והיה ממייסדי „החלוץ" בעיר. גל ההתעוררות הציבורית, שפקד בשנות העשרים את יהדות פולין, מצא בראדומסק קרקע פוריה. במשך הזמן הפכה ראדומסק לאחד המרכזים התוססים של פעילות ציבורית ותרבותית, בייחוד בשדה הציונות על שלוחותיה. וניתן לומר ללא הגזמה, כי חלק רב מאד בפעילות זו יש לייחס לחיים הצעיר, שאמונתו הנלהבת ופעלתנותו היתירה הפכוהו עד מהרה למוקד עיקרי לכל הפעולה הציונית־סוציאליסטית בעיר.

בד בבד עם פעילותו ב„פרייהייט", „החלוץ", מפלגת פ"צ (צ.ס.) הליגה למען א"י העובדת, „העובד", קק"ל וקרן־היסוד וכו', עשה רבות בענייני האיגוד המקצועי, במוסדות החינוך והתרבות, בארגונים משקיים־כלכליים וכו'. לכולם נתן מחילו ומזמנו ואין פלא כי תשומת־לב המוסדות המרכזיים בבירה הופנתה לעֶלם התוסס מראדומסק והם הועידו לו תפקידים היאים לו.

בשלהי שנת 1933 הוא נקרא ע"י מרכז מפלגתו (פ"צ—צ.ס.) לווארשה והוטל עליו התפקיד של מזכיר סניף המפלגה בעיר־הבירה. היה זה תפקיד רב־אחריות, כי התנועה היתה אז בעליה מתמדת, שהביאה עמה בעיות ארגוניות ואחרות, ולא קל היה אפילו לעסקן בוגר ומנוסה להתגבר עליהן. והנה נתברר שבן־ראדומסק הצעיר הצליח לעמוד יפה־יפה בתפקידו — בנאמנותו לרעיון, מסירותו לתפקיד, והעיקר, גישתו האנושית לחבר הבודד. בכל אלה רכש לו עד מהרה הערכת חברי צמרת המפלגה ושל חברים מן השורה כאחד, כי הוא ידע לחדור לסתרי התורות הפוליטיות ונבכי היחסים הבין־מפלגתיים בויחוב היהודי של אותה התקופה.

במשך כל אותה התקופה של פעילות, כולל השליחות שלו כציר לקונגרס הציוני ולכנס העולמי של הנוער הסוציאליסטי בווינה, שמר חיים בלבו את היעוד המוטל על אדם יהודי — העליה והעבודה בארץ־ישראל. בסוף שנת 1935 נטש את כהונתו המכובדת בווארשה הבירה ועלה ארצה.

טבעי הדבר, שעם בואו ארצה, הוצעו לו תפקידים מתאימים לכשרונותיו ולנסיונו בניהול סניף המפלגה פ"צ (צ.ס.) הגדול ביותר ברחבי הגולה. אך לא איש כחיים יעשה שקר בנפשו ויסטה מהדרך שהטיף לאחרים — ההגשמה העצמית. במשך 3 שנים עבד כסולל כבישים בסביבות חיפה וכפועל בביח"ר „פניציה", ובשנת 1938 נתקבל כחבר לדפוס הקואופרטיבי „אות" בחיפה.

כ־26 שנים עשה ב„אות" והטביע את חותמו עליו בנטייתו הטבעית לחיי שיתוף, בנאמנותו לקואופרטיב ומסירותו לחברים. מרצו הבלתי נלאה, וכשרונותיו המשקיים, עשוהו מיד עם כניסתו לקואופרטיב, לאחד החברים הקובעים בתוכו. לא־תמיד בא לו הדבר בדרך הקלה; כי בהיותו נאמן לעקרונות לחם עליהם, אם ביחס לקבלת חברים או בענינים עקרוניים אחרים. אך השפעתו בקואופרטיב היתה רבה מאד, ואכן לא אחת היה „נביא בעירו" וזאת בכוח כנותו וגישתו האנושית.

מיד עם כניסתו לקואופרטיב „אות" התחילה פעילותו בתנועת הקואופרציה היצרנית־שירותית למוסדותיה; בעיקר בוועדת הקוארפרציה בחיפה. כחבר הקואופרטיב הקדיש הרבה ממחשבתו לבעיית העזרה ההדדית, לדאגה לחבר הקואופרטיב המזדקן והנכה, לאלמנות ולשאירים, והיה מיוזמי הפעולות השונות בשטח זה. בפעילותו זו הבין, כי הקואופרטיב הבודד לא יוכל לשאת לבדו בעומס ויש להקים למטרה זו מוסד משותף לתנועה כולה. כך הצטרף לאותה קבוצה קטנה של חברים, בהדרכתו של פרופ' מ. בננסון, שיזמו הקמת קרן פנסיה של הקואופרציה היצרנית־שירותית „מגן" ומיום ייסודה היה אחד מחבריה הפעילים והמסורים ביותר. בכוח השפעתו ואמונתו ביעודה של הקרן ובעמל ללא ליאות הצליח להחדיר את רעיון קרן הפנסיה לכל חברי הקואופרטיבים והביא להצטרפותם של מרבית הקואופרטיבים לקרן.

פרשה בפני עצמה מהווה פעילותו למען בני־עירו, בפעילות הזאת לא היה בשבילו דבר גדול מדי ולא קטן מדי, הוא התמסר באותה מידה ובאותה סערת־הנפש לכל מפעליו החברתיים והכלליים של אירגון יוצאי ראדומסק בישראל: בעזרתו לעולה החדש והוותיק, בייסוד קופות גמ"ח בתל־אביב וחיפה, בהקמת 2 בתי־מגורים בחולון עבור עולים חדשים, בטיפול בהוצאת ספר־הזכרון לקהילה שנחרבה.

גם ביתו הפרטי הפך בית־ועד הומה, כתובת לכל נזקק ונצרך, וכל פעילותו בשטח זה היא מסכת מפוארת משובצת גילויים אנושיים זוהרים, שהם חבויים בלב רבים ברגשי תודה.

קטע נוסף בתולדותיו היא פעילותו המסורה ב„הגנה". הוא, שדבק בתורות פציפיסטיות, בחל מטבעו בכל אלימות והתרחק מטכסים צבאיים, הצטרף ל„הגנה" מיד עם בואו ארצה. מתוך הבנת ההכרח בקיום כוח־מגן יהודי, התגבר על נטיות־לבו ומילא כחבר מן השורה אחרי כל הציוויים והפקודות מפי הממונים עליו, ובכל עת שנדרש לכך.



חיים גולדברג ניחן בהרבה סגולות, אך הסגולה הבולטת ביותר היתה הרצון לעזור לזולת. שאיפתו היתה להטיב ולהקל ולא היתה זאת שאיפה נאצלת גרידא, הנשארת בגדר רצון ערטילאי ואינה מתגשמת במעשים, — אצלו השאיפה להטיב נתגלגלה תמיד במעשה טוב.

הלהיטות הנפשית להושיט יד לכל נצרך ולהקל על מצוקת הזולת, הפכה אותו לבעל אמצאות ותושיה בעוז נפש וחשפה בו תכונות של איש המעלות במובן העמוק ביותר.

גם כאשר למסתכל מן הצד נראה היה לפעמים כאיש ביצוע מובהק, מעין „ביצועיסט"־פעלתן רב־מרץ, היה זה למעשה „ביצועיזם" מיוחד במינו, שמניעיו היו רגשיים. אהבת האדם, שהוא הקרין על סביבותיו, הקנתה לו את ההשפעה הרבה, שזכה לה בכל החוגים וגמלה לו אהבה והוקרה מצד כל אלה שבאו עמו במגע.

משפקדה אותו המחלה האכזרית וריתקה אותו למיטתו, ובלבו ההששות המכרסמים את הנפש והדאגה לעתיד משפחתו, חששות ודאגות כבדים מנשוא, התופסים את האדם כולו ואינם מניחים לו להתפנות לדאגות הזולת, — גם אז נתגלה חיים גולדברג בכל גודל רוחו. על אף מצבו הנפשי ויסוריו הגדולים לא נסתגר בפינת יסוריו ולא שקע בחמלה עצמית. כמקודם, גילה ענין, סקרנות ודאגה לענייניהם של אחרים, כמקודם לא נח ולא שקט ולא פסק להגיש עזרה לכל דורש ולהיטיב לפונה אליו. ניכר היה בעליל, כי עשייתו למען אחרים, על אף חולשתו הפיסית ועל אף היגע הכרוך בדבר, היתה סם־חיזוק לנפשו הדוויה.

נוגע עד הלב היה המאבק שניהל עם מחלתו תוך מעקב רצוף אחרי העבודה להוצאת ספר ראדומסק. הוא האיש שייזם את רעיון הוצאת הספר לזכר קדושי עירו ובמשך שנים ליקט מכל קצווי העולם את החומר הרב למען כתיבתו — היה מלא חרדה לגורל הספר בתקופה האחרונה. כשהכוחות הפיסיים הלכו ואזלו אצלו, מצא עדוד ונחמה בעובדה שנמצא האיש אשר מגשים את הרעיון שלו ואילו נתנו לו עוד שנתיים של חיים היה גורם לו הדבר שמחה רבה, כי היה זוכה לראות את הגשמת הרעיון במלואו.

בשכבו על ערש־דוי שיתף חיים את עצמו בכל העניינים של הוצאת הספר, קרא הגהות, תיקן וניסח, ובימיו האחרונים ממש זכה לראות במו־עיניו חלק מודפס של הספר וזה גרם לו התרוממות־נפש והיה עבורו כסם־מרפא במכאוביו הקשים שהתנסה בהם.

חבל, חבל מאד שלא זכה לראות את התגשמות רעיונו במלואו.

**אריה שינטל**

***

חיים גאָלדבערג האָט געלעבט און געווירקט אין דער עפּאָכע וואָס איז געווען גאָר רייך אין שאַפנדיקע כוחות אין דער יידישער געזעלשאַפט — די עפּאָכע פון אונזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, אין דער פאָרם פון ציוניזם. חיים גאָלדבערג, מיט זיין טיפן גלויבן, אומגעהויערער איבערגעבנקייט און שטאַרקן אחריות־געפיל, איז געווען דער אידעאַלער פאָרשטייער פון אָט דער עפּאָכע אין יידישן ראַדאָמסק.

חיים גאָלדבערג איז געבוירן געוואָרן אין אַ פאַמיליע פון אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. פון זיין זיידן ר׳ מרדכי סקאלקע און פאָטער, ביידע לייטנדיקע מיטגלידער פון דער חברה־קדישא, האָט ער געירשנט די ליבע צום יידישן ארבעטס־און פאָלקס־מענטש און די ליבע האָט אים דערפירט צום געדאַנק פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. אין זיין געבוירן־שטאָט ראַדאָמסק, האָט חיים גאָלדבערג געשאַפן און אָנגעפירט פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון דער יוגנט אינעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן גייסט, געווען אַקטיוו אין קולטור־און ספּאָרט־פאַראיינען, אין ק.ק.ל. און קרן־היסוד אד״ג. שפּעטער — אין מרכז פון זיין פאַרטיי אין וואַרשע, איז חיים גאָלדבערג געווען דער נישט־געוויילטער אָבער פאַקטישער פאַרטרעטער פון די אַלע פאַרטיי־חברים, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין ראַט אָדער הילף, ווייל ער איז שטענדיק געווען גרייט יעדן באַהילפיק צו זיין.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיט זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל (ענדע 1935) זענען חיים גאָלדבערגן פאָרגעשלאָגן געוואָרן פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער וואָס האָבן אַנטשפּראָכן זיינע פעהיקייטן, פאַרדינסטן און אַדמיניסטראַטיווע דערפאַרונג. אָבער נישט אַזאַ מענטש ווי חיים גאָלדבערג האָט געזאָלט אָפּלייקענען און פאַרלאָזן דעם וועג פון חלוצישער פיזישער אַרבעט וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן געפּריידיקט און געהאַלטן פאַר ריכטיק. די ערשטע 3 יאָר האָט ער טאַקע געאַרבעט אַלס איינפאַכער אַרבעטער ביים שאָסיי־בוי אין דער געגנט פון חיפה און אַ קורצע צייט אַלס אַרבעטער אין דעד גלאָז־פאַבריק „פעניציא״.

אין יאָר 1938 איז ער אַריינגעטראָטן אַלס מיטגליד אין דעם דרוקער־קאָאָפּעראַטיוו „אות״ אין חיפה, אין וועלכן ער איז געווען טעטיק אין פאַרלויף פון 26 יאָר. אין פאַרלויף פון דער צייט האָט ער גרינדלעך סטודירט די געשיכטע און יסודות פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין ישראל, זיך איינגעלעבט אין איר אידעאישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם און געוואָרן איינער פון אירע פּראָמינענטסטע עסקנים און אַקטיווסטע בויער. זיין ספּעציעלע זאָרג פאַר דער סאָציאַלער זיכערקייט און צוקונפט פון די מיטגלידער אין די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען און זייערע משפחות, האָט אים געבראַכט אין דער ערשטער ריי פון די איניציאַטאָרן, גרינדער און הויפּט־אָנפירער פונעם ספּעציעלן קאָאָפּעראַטיוון פּענסיע־פאָנד „מגן״, אין וועלכן ער איז געווען טעטיק ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

אַ באַזונדערער קאַפּיטל איז זיין לעבן אין ישראל, איז זיין טיפע מענטשן־ליבשאַפט, וואָס האָט אים געשאַפן אַ גאָר גרויסן קרייז פון פריינד צווישן אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, קולטור־שעפער און געזעלשאַפטלעכע עסקנים, פּאָליטיקער און אַקאַדעמיקער, לאַנדסלייט און מיטאַרבעטער. באַזונדער פאַר דעם אַרבעטנדיקן פּשוטן מענטש, פאַר דעם מענטש פון גאַס, איז ער שטענדיק געווען גרייט מיט יעדן ראַט און טאַט, אומעטום איז ער דערפאַר געווען באַליבט און געשעצט.

עס איז געקומען די גרויזאַמע שואה, דאָס אויסראָטן דורך די דייטשע נאַציס דעם אייראָפּעאישן יידנטום און אויך די יידן פון ראַדאָמסק. זיין האַרץ און נשמה, זיין גאַנץ וועזן, האָבן נישט נאָר אויפגעשווידערט פון דעם אַכזריותדיקן אויסראָטונגס־פּראָצעס, נאָר געטריי זיין לעבנס־גאַנג פון אינספּירירן און אָרגאַניזירן, האָט ער — צוזאַמען מיט געוויסע אַנדערע חברים־לאַנדסלייט — זיך גענומען צו דער רעטונגס־אַקציע פאַר די ביים־לעבן געבליבענע יחידים פון זיינע בני־עיר. סיי ווען זיי זענען געווען נאָך אין ראַדאָמסק אָדער אין די ד. פּ.־מחנות, אָדער אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, און שפּעטער ווען זיי זענען שוין אָנגעקומען קיין ישראל, — האָט חיים נישט גערוט און געטאָן אַלץ כדי זיי צו העלפן. צו זיינע פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע פליכטן, האָט ער אויף זיך גענומען — ממש מיט ליבשאַפט — די גאָר נישט־לייכטע אויפגאַבע פון אינטערווענצן ביי אינסטיטוציעס און יחידים לטובת די נייע עולים. אַ חוץ דעם האָט ער מיטגעהאָלפן צו שאַפן די גמילות־חסדים קאַסעס אין ת״א און חיפה, וואָס האָבן טאַקע אַרויסגעהאָלפן זיינע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט ביים איינאָרדנען זיך אין דער נייער היים.

די יידן אין ראַדאָמסק זענען פאַרשניטן געוואָרן, זיי זענען שוין מער נישט פאַראַן, מען דאַרף זיי שטעלן אַ מצבה, מען דאַרף פאַראייביקן אין אַ ספר־זכרון אַלץ וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין יידישן ראַדאָמסק — אַ גיגאַנטישע אויפגאַבע. חיים גאָלדבערג האָט אויף זיך גענומען די הייליקע אַרבעט און אין לויף פון יאָרן אומערמידלעך געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן ראַדאָמסק בכלל און וועגן יידישן ראַדאָמסק בפרט.

עס איז אוממעגלעך צו באַגרייפן די אָנשטרענגונגען, גייסטיקע און פיזישע, וואָס ער האָט געמאַכט ביי זאַמלען אַזאַ קאָלאָסאַלן מאַטעריאַל, אין שריפט און בילד, פאַר אָט דעם ספר־זכרון. אויך דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין גייסטיקער ניוואָ, ער האָט אַלעס אַרומגענומען מיט זיין פילנדיקער נשמה, נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין שיכט פון דער יידישער געזעלשאַפט אין ראַדאָמסק. ער האָט געזוכט יעדן שפּור, יעדע ידיעה וועגן אַמאָליקן ראַדאָמסק און געזאַמלט ממש אַן אוצר פון דאָקומענטאַציע וועגן די גייסטיקע פּערזענלעכקייטן פון דער ראַדאָמסקער רבי׳שער דינאַסטיע, דאָסגלייכן וועגן יעדע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע, אָדער עקאָנאָמישע גרופּע.

אַפילו פאַר די יעניקע וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט אים אויף דעם געביט, איז עס געווען אַן איבעררעשונג צו זעען דעם גרויסן גייסטיקן כוח וואָס האָט באַוועגט דאָס זוכן און זאַמלען דאָקומענטן און צייטונגען, אין אַרכיוון און ביי פּריוואַטע זאַמלער. חיים האָט געוווּסט און פאַרשטאַנען אַז אַלץ דאַרף געזאַמלט און פאַראייביקט ווערן, אַלץ האָט ער סעגרעגירט, פאַר יעדע טעמע געשאַפן אַ געהעריקן אָפּטייל און געזוכט די פאַסיקע מענטשן וועלכע קענען די אָפּטיילן געהעריק באַאַרבעטן.

דער גורל האָט דעם גרויסן און איידעלן מענטש גרויזאַם באַהאַנדלט, ער איז גאָר שווער קראַנק געוואָרן. אָבער אַפילו דאַן האָבן די שווערע פיזישע יסורים אים נישט צוריקגעהאַלטן פאָרצוזעצן זיין הייליקע שליחות ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.

חיים גאָלדבערג, דער גרויסער מענטש און ייד, אויף וועמען עס האָט געלאַסטעט די אחריות צו פאַראייביקן דאָס יידישע לעבן אין זיין געבוירן־שטאָט ראַדאָמסק, האָט ליידער נישט געהאַט די זכיה צו זעען זיין ווערק פאַרטיק. זאָל דאָס בוך דינען אויך אַלס הייליק אָנדענק פאַר זיין טייערע נשמה.

**דוד קאָניעצפּאָלער**

